הערשל מעטאַלאָוויעץ
(הערש לייב בעקערקונץ)

# אַ וועג אין לעבן

(פראַגמענטן פון אַן אויטאָביאָגראַפיע)

צווייטער באַנד

פארלאג י.ל. פרץ ישראל
תל־אביב, תשמ״ב — 1982

**Hershl Metalowiec**
**(Hersh Leib Bekierkunc)**

**A WEG IN LEBN**
**(Fragmentn fun an Autobiografie)**



I.L. Peretz Publishing House
**14, Brener Str., Tel-Aviv, ISRAEL**

י. ל. פרץ־פאַרלאַג
רח׳ ברנר 14, תל־אביב

**Printed in Israel 1982**
נדפס בישראל, תשמ״ב

נסדר בלינו־טור, רח׳ יסוד המעלה 39, ת״א
נדפס בדפוס מ. ערבה, רח׳ לבנדה 36, ת״א



הערשל מעטאַלאָוויעץ און זיין פרוי מינאַ

## ערשטער טייל

# דייטשישע אָקופּאַציע

## אַזוי האָט זיך עס אָנגעהויבן

די נאַכט, ווען דאָס רוסישע מיליטער האָט פאַרלאָזן וואַרשע, איז געווען אַ ליל־שימורים. די דונערן פון דער האַרמאַטן־שיסערייִ האָבן אָפּגעעכאָט איבער דער שטאָט. די באַפעלקערונג האָט געלעבט אין שרעק, וואַרשע זאָל באָמבאַרדירט ווערן. אין מיטן דער נאַכט האָט דאָס רוסישע מיליטער אויפגעריסן די בריקן צווישן וואַרשע און פּראָגע. די שטאָט איז אויפגעטרייסלט געוואָרן פון עטלעכע ריזיק־הילכיקע דעטאָנאַציעס — דער לעצטער אַקט פון דער צאַרישער הערשאַפט אין וואַרשע.

אַרום 9 אַ זייגער אין דער פרי וועקט מיך מיין גאַסטגעבערין, ביי וועלכער כ׳האָב געוווינט אין די לעצטע וואָכן פאַרן אָפּטרעטן פונעם רוסישן מיליטער, און רעדט צו מיר האַסטיק: „די דייטשן זענען דאָ״. אין עטלעכע מינוט שפּעטער בין איך געווען אין גאַס.

אויף די ראָגן פון די גאַסן זענען געשטאַנען ציווילע מענטשן, מיליציאָנערן, מיט ווייסע אַרעמבענדער. די צופרידנקייט פון דער ייִדישער באַפעלקערונג צוליבן פּטור ווערן פון דעם צאַרישן גערזינדל איז געווען אַ בולטע. מענטשן זענען געשטאַנען אין געזעמלעך אויף די גאַסן און היציק דיסקוטירט און זשעסטיקולירט. די ערשטע גרופּע דייטשישע זעלנער, עלטערע שוצלייט, האָב איך באַגעגנט אויף נאַלעווקעס, אַרומגערינגלטע מיט אַ מחנה ייִדן, וועלכע האָבן געקנאַקט אַ וואַרשעווער „יאַך־דאַטש״.

דער לאָקאַל פון דער בונדישער אַרבעטער־קיך אויף קאַרמעליצקע 9 איז געווען געפּראָפּט מיט מענטשן און דאָרט האָט געזשומעט ווי אין אַ בינשטאָק. אין לאָקאַל האָבן זיך געפונען די אַלע מיטגלידער פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין דער לעצטער זיצונג אונטער דער צאַרישער הערשאַפט. געפעלט האָט דער לאָדזשער חבר, וועלכער איז פּלוצעם נעלם געוואָרן.

יאַנעק־יאַנקעלעוויטש האָט מיך אויפגענומען מיט אַ געבייזער: „האָסט זיך שוין, פּרינצל, אויסגעשלאָפן״? באַלד נאָך מיר איז אָנגעקומען סענדער, דער הויפּט־פונקציאָנער פון בונד אין וואַרשע — און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער געוועב, אויף

וועלכער ס׳איז בהדרגה אויסגעהאַפּטן געוואָרן דאָס ספּעקטאַקולערע בילד פון דער מאַסן־באַוועגונג אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס אין וואַרשע. ס׳איז איניציִירט געוואָרן דער ערשטער אָרגאַניזאַציאָנעלער אָנהייב פונעם גרויסן ווערק, וואָס טראָגט דעם נאָמען: די מאַסן־באַוועגונג אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס אין דעם געוועזענעם רוסישן קאָנגרעס־פּוילן.

די געשעענישן, איינע פאַסצינירנדיקער פון דער אַנדערער, האָבן זיך אַנטוויקלט מיט אַ קינאָמאַטאָגראַפישער שנעלקייט.

דאָס אָנקומען פונעם בונדישן הויפּט־פונקציאָנאַר האָט שטיל געמאַכט דעם פאַרזאַמלטן עולם אין קיכלאָקאַל. ער איז אַריין אין פאַרוואַלטונג־צימער און ווי אַ פעלדמאַרשאַל אָנגעהויבן אַ בליץ־אַטאַקע מיט פראַגעס און באַפעלן.

זיין ערשטע פראַגע איז געווען: „די שילדלעך זענען דאָ״? באַקומענדיק אַ פּאָזיטיוון ענטפער, האָט ער אָנגעהויבן צו געבן באַפעלן:

גלייך אָנקלאַפּן די שילדלעך אויף די אָנגעמערקטע וווינונגען;

די פאַראַנטוואָרטלעכע מיטגלידער פון די פאַרוואַלטונגען פון די פאַראיינען זאָלן תיכף זיך מעלדן און כסדר זיך געפינען אין די לאָקאַלן פון זייערע פאַראיינען;

אין די פאַראיין־לאָקאַלן זאָל זיך געפינען וויניקסטנס איין חבר, וואָס באַזיצט די פּוילישע שפּראַך. אין פאַל ווען ס׳וועט זיך יאַווען אַ מיליציאָנער, זאָל ער נישט מאַכן מיט אים קיין גרויסע געשעפטן און שיקן אים לעזאזל. אין ערגסטן פאַל הייסן אים זיך ווענדן צום צענטראַל־ביוראָ פון די פראָפעסיאָנעלע בראַנזשע־פאַראיינען, וועלכער געפינט זיך אין לאָקאַל פון דער קיך. אויב ס׳וועט זיך באַווייזן אַ באַאַמטער פון דער דייטשישער אָקופּאַציע־מאַכט, דערקלערן אים, אַז דער פאַראיין עקזיסטירט זינט 1906. די ביכער, סטאַטוטן, און אַלע אַנדערע פאַראיין־מאַטעריאַלן זענען קאָנפיסקירט געוואָרן דורך דער רוסישער מיליטער־מאַכט עטלעכע וואָכן פאַר זייער פאַרלאָזן וואַרשע און דער רוב מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג זענען אַרעסטירט און אַרויסגעשיקט געוואָרן פון וואַרשע. איצט קומט פאָר אַן איבעררעגיסטראַציע פון די אַלטע מיטגלידער און ס׳ווערן אָנגענומען נייע מיטגלידער;

גלייך זאָלן געמאַכט ווערן פּלאַקאַטלעך, אין פּויליש און אין יידיש, און אָנגעקלאַפּט ווערן איבער די פאַראיין־שילדלעך מיט אַזאַ אינהאַלט: „באַקאַנטמאַכונג. דער פראָפעסיאָנעלער בראַנזשע פאַראיין פון... איז טעטיק. די מיטגלידער פון פאַראיין ווערן אויפגעפאָדערט זיך איבערצורעגיסטרירן, נייע מיטגלידער ווערן אָנגענומען״;

ס׳זאָל גלייך געמאַכט ווערן אַ בלעכן שילדל, אין רוסיש און פּויליש, מיט אַזאַ אינהאַלט: „צענטראַל־ביוראָ און אינפאָרמאַציע־ביוראָ פון די פראָפעסיאָנעלע בראַנזשע־פאַראיינען״ און אויך אַ שילדל, אין פּויליש און אין יידיש: „יידישע אַרבעטער־קיך נומער 1״. ביידע שילדלעך זאָלן תיכף אָנגעקלאַפּט ווערן פאַרן טויער פון דער קיך.

אַ רייע אַנדערע באַפעלן און פאַראָרדענונגען געדענק איך נישט. סענדערס באַפעלן און פאַראָרדענונגען זענען אַן דיסקוסיעס פּינקטלעך אויסגעפירט געוואָרן.

די טוערס פון די פריִער עקזיסטירנדיקע אונטערערדישע פּראָפעסיאָנעלע פאַר־אייניגן האָבן גענומען די שילדלעך און זיך געלאָזט צו די פון פריִער צוגעגרייטע לאָקאַלן אָנצוהייבן אַ רעגיסטראַציע פון מיטגלידער.

מיטאָגצייט האָט מען די קאָנסומענטן פון דער בונדישער קיך מיטגעטיילט וועגן דער עקסיסטענץ פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן, און אַז אין די פאַראיין־לאָקאַלן, נישט אויף די בערזעס, וועלן די קאָנסומענטן פון דער בונדישער אַרבעטער־קיך קריגן זייערע ברויט־ און מיטאָג־קופּאָנען. אין פאַרלויף פונעם טאָג האָבן זיך אין די פריש־געעפנטע לאָקאַלן רעגיסטרירט אַ רייע אַרבעטער ווי מיטגלידער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן.

פאַר נאַכט פונעם ערשטן טאָג פון דער דייטשישער אָקופּאַציע פון וואַרשע, איז אין דער אַרבעטער־קיך אויף קאַרמעליצקע 9 אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ זיצונג פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד: די ערשטע זיצונג אונטער דער דייטשישער אָקופּאַציע־מאַכט, די ערשטע זיצונג פון אַ האַלבלעגאַלן כאַראַקטער, און די ערשטע זיצונג אין דער בונדישער אַרבעטער־קיך, וואָס איז פון דעמאָלט אָן געוואָרן דער פּערמאַנענטער זיצפּלאַץ פאַר די זיצונגען פון דער דאָזיקער אינסטאַנץ ביז מיין פאַרלאָזן דעם בונד.

די טאָג־אָרדענונג איז באַשטאַנען פון אַ קאָמבינירטן פּונקט: באַריכטן און ווייטערדיקע טעטיקייט. באַטייליקט האָבן זיך: יאַנעק־יאַנקעלעוויטש, יוסף באַסאַק, סעמיאָן, משה סטאָליאַר, אסתר די שניידערין, הערשל מעטאַלאָוויטש, און דער הויפּט־פונקציאָנער פונעם בונד אין וואַרשע, וועלכער האָט די זיצונג געעפנט מיט אַ לענגערער רעדע, אַ מין עקספּאָזע, און געפירט דעם פאָרזיץ.

ביים אָנהייב פון זיין רעדע האָט דער פאָרזיצער דערקלערט, אַז דער נאָמען „סענדער" מיט וועלכן ער האָט זיך ביז איצט באַנוצט, עקזיסטירט נישט מער, אָוועק מיטן ווינט, און פון היינט אָן איז זיין נאָמען וויקטאָר. שפּעטער איז צוגעקומען דער פאַמיליע־נאָמען שולמאַן. פון דעמאָלט אָן איז דער פירנדיקער בונדישער טוער באַקאַנט געווען ווי וויקטאָר שולמאַן.

אין זיין עקספּאָזע האָט וויקטאָר שולמאַן באַרירט די וויכטיקסטע מאָמענטן און געשעענישן פון דער וועלטלאַגע, פון דער אינטערנאַציאָנאַלער און לאָקאַלער אַר־בעטער־באַוועגונג, און די מאָטיוון פון זיין מיסטעריעזן באַפעל אויף דער לעצטער זיצונג פונעם פּאַרטיי־קאָמיטעט וועגן די שילדלעך און די אַנדערע פאַראָרדענונגען.

געזאָגט האָט וויקטאָר שולמאַן אָט וואָס:

„וואָס מיר האָבן היינט געטאָן, האָט געהאַט פאַר אַ ציל, אַז שוין אין די ערשטע שעהען נאָכן אַריינקום פונעם דייטשישן מיליטער זאָל די דייטשישע אָקופּאַציע־מאַכט

שטייט פאַר אַ פאַקט פון אַן עקסיסטענץ פון לעגאַלע פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. לויטן אינטערנאַציאָנאַלן געזעץ מוז אַן אָקופּאַציע־מאַכט אָנערקענען און סאַנקציאָנירן די פון פריִער עקסיסטירנדיקע אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס און ס׳איז נישט נייטיק קיין ספּעציעלע דערלויבענישן פאַר זייער נאָרמאַלער טעטיקייט. די פראַגע איז צי דאָס שפּיצל, וואָס מיר האָבן היינט אָפּגעטאָן, וועט האָבן אַ רעאַלע באַדייטונג״.

וויקטאָר שולמאַן האָט פאַרגעלייגט, אַז וועגן דעם איפּטו פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט זאָל מען צו וויסן געבן די לאָקאַלע טוערס פון די אַנדערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, דער „פּוילישער קאָמיטעט״ וועט לאָזן וויסן די צענטראַלע טוערס פון די דאָזיקע פּאַרטייען, זיי זאָלן וואָס שנעלער נאָכטאָן דעם בונדישן בייַשפּיל, כּדי די פון בונד געשאַפענע פאַראיינען זאָלן נישט זיין עפּעס אַן אויסנאַם, נאָר אַ טייל פון אַ פריִער לעגאַל־עקסיסטירנדיקער נעץ פון פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען.

אין זיין עקספּאָזע האָט וויקטאָר שולמאַן זיך אָפּגעשטעלט אויפן כאַראַקטער פון די געשאַפענע פאַראיינען און פון די, וואָס וועלן געשאַפן ווערן. ער האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן פּאַרטייִשע פאַראיינען און פאַרן פּרינציפּ פון אומפּאַרטייִשקייט. די השפּעה פון בונד דאַרף קומען דורך דעם, וואָס בונדיסטן ווי פּראָפ. טוערס וועלן געווינען דעם צוטרוי פון די מיטגלידער און שטיין בראָש פון די אָנפירונגען, און דורך אַ פּערזענלעך־פּאַרטייִשן קאָנטאַקט צווישן די טוערס פון די פאַראיינען מיט דער פּאַרטיי־אָנפירונג וועט דורכגעפירט ווערן דער פּאַרטיי־איינפלוס און די פּאַרטיי־שטעלונג.

וויקטאָר שולמאַן האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן פאַכפאַראיינען און פאַר גרויסע צענטראַליזירטע פאַראיינען, וועלכע זאָלן אַריינגעמען פאַרשיידענע פאַכן פונעם געגעבענעם אינדוסטריע־צווייג און אָנרופן די צענטראַליזירטע פאַראיינען „בראַנזשע־פאַראיינען״. ער האָט פאַרלאַנגט, אַז אין די פאַראיינען, וואָס זענען געקומען צום לעבן און אין די, וואָס וועלן געשאַפן ווערן, זאָלן וואָס שנעלער עטאַבלירט ווערן צייטווייליקע אָבער פּאַקטישע אָנפירונגען פון מענטשן, וועלכע זענען פעיִק צו זיין די בויערס פון אַ געגעבענעם פאַראיין און צו ווערן די פירערס פונעם פאַראיין.

וויקטאָר שולמאַן האָט פאַרגעלייגט, אַז די שוין עקסיסטירניקע פאַראיינען זאָלן דעלעגירן צו צוויי חברים און ס׳זאָל געשאַפן ווערן אַ צענטראַל־ביוראָ פון די פראָפעסיאָנעלע בראַנזשע־פאַראיינען, וואָס זאָל ווערן די אָנפיר־אינסטאַנץ פון די עקסיסטירנדיקע און פון די שפּעטער געשאַפענע פאַראיינען. עס זאָל וואָס שנעלער גערופן ווערן אַ קאָנפערענץ פון טוערס פון די פאַראיינען און פאַכן, אַן ענלעכע ווי די, וואָס איז פאַרגעקומען ביים אָנהייב פון דער מלחמה, אויף וועלכער ס׳איז געשאַפן געוואָרן די בונדישע ווירטשאַפט־אַקציע.

ער האָט אויך פאַרגעלייגט, אַז די זיצונגען פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט

זאָלן זיין פּערמאַנענטע, וויניקסטנס אַ שעה יעדן טאָג, נאָכעמזאַגען זאָל איבערגע־געבן ווערן די פולמאַכט אַנצופירן און צו רעאָרגאַניזירן די בונדישע ווירטשאַפט־אַקציע, כדי די מיטגלידער פונעם פּאַרטיי־קאָמיטעט זאָלן האָבן מער צייט פאַר די טעטיקייטן, וואָס די נייע באַדינגונגען האָבן געבערענגט און וועלן מיט זיך ברענגען.

וויקטאָר שולמאַנס עקספּאָזע האָט אַרויסגערופן אַ לעבהאַפטע דעבאַטע. געוויסע קאָמיטעט־מיטגלידער האָבן אויסגעדריקט זייער צווייפל, צי די האַנדלונג פון שול־מאַנען, צו שטעלן די דייטשישע אָקופּאַציע־מאַכט פאַר פאַקטן, איז געווען אַ ריכ־טיקע. אין פאַל, אויב די רוסישע אַרמיי זאָל צוריק פאַרנעמען וואַרשע, קענען די קאָנסעקווענצן פון שולמאַנס אויפטו זיין זייער ביטערע. אַ מיינונג איז אויך געווען, אַז מיטן היינטיקן שריט האָט דער בונד אַרויסגעוויזן אַ טענדענץ זיך צו אידענטי־פיצירן מיט די טעאָריעס און איינשטעלונגען פון די מענשעוויקעס־ליקווידאַטאָרן, וועלכע האָבן געפּריידיקט מערוועדטיקייט און פּריאָריטעט פון אַ לעגאַל־עקסיס־טירנדיקער אַרבעטער־אינסטיטוציע איבער די אונטערערדישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און פּאָליטישע פּאַרטייען.

אַגב־אורחא, איז כדאי צו פאַרצייכענען, אַז די אַנדערע סאָציאַליסטישע פּאַר־טייען: ביידע פליגלען פון ס.ד.ק.פּ.ל. און פּ.פּ.ס.־לעוויצע, האָבן זיך נישט געקוואָ־פּעט שנעל נאָכצוטאָן דעם ביישפּיל פונעם בונד. אין זייער האַנדלונג האָבן, צווישן אַנדערע, די פּריִער דערמאָנטע מאָטיוון געשפּילט אַ ראָלע, און, לײדער, האָבן זיי פאַרשפּעטיקט מיטן אָנהייבן זייער אַקציע צו אָרגאַניזירן די לעגאַלע פּראָפ. באַוועג־גונג אויף דער פּוילישער אַרבעטער־גאַס, און צוליב דעם אַ סך פאַרלוירן אויפן חשבון פון דער פּ.פּ.ס.־רעוואָלוציאָנערער פראַקציע („פראַקעס"), בעת דער בונד איז צוליב זיין טאַקטיק גלייך געוואָרן דער העגעמאָן פון דער פּראָפ. באַוועגונג אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס אין וואַרשע.

פון די באַריכטן, וואָס זענען אָפּגעגעבן געוואָרן פון די ערשטע שריט צו שאַפן די לעגאַלע פּראָפפאַראיינען, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עטאַבלירט זענען געוואָרן 6 פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן: נאָדל, לעדער, מעטאַל, בוי, בעקער און דרוקער; אַז אין צוויי פאַראיינען, לעדער און מעטאַל, איז די לאַגע אַ באַפרידיקנדיקע. ביי לעדער האָבן זיך געשטעלט צו דער אַרבעט אַ רייע פעיִקע מענטשן: יוסף באָסאַק, שאַיע קאָמאַשן־מאַכער (ישעיה זאַמבראָווסקי), יחיאל ניימאַן, דער קליינער יצחקל שוסטער און אַנדערע. די אַנאַרכיסטן זענען געווען צעטיילט צווישן זיך. אייניקע האָבן זיך פאַרשריבן פאַר מיטגלידער און דערקלערט, אַז זיי וועלן אָרגאַניזירן דעם פאַראיין. אַנדערע, אויך מרדכי שוסטער, האָבן זיך געהאַלטן רעזערווירט. ביי די בעקערס און ביי די דרוקערס איז די לאַגע געווען נישט קיין שלעכטע, אָבער נישט קיין צופרידנשטעלנדיקע. נישט פּויגלדיק איז אויך געווען ביי נאָדל און ביי בוי. יאַנעק־יאַנקעלעוויטש האָט אויף זיך גענומען צו זיין דער אַפּוטרופּוס פון די צוויי פאַראיינען. נאָך דעם זעלבן אָוונט איז ער מיט מיר אַוועק צו מרדכי שניידער (מרדכי

פיגמאַן), וועלכער האָט נישט לאַנג געהאַט זיך אומגעקערט פון אַ לענגערן אויפ־האַלט אין טורמע, דערונטער אויך אין דער קאַטאָרגע־טורמע אין אָריאָל, ווו ער איז געזעסן צוזאַמען מיט וולאַדימיר מעדעם, דזשערזשינסקי, אונשליכט, פריסטאָר (דער שפּעטערדיקער פּרעמיער־מיניסטער פון פּוילן) און אַנדערע שפּעטער באַ־קאַנטע קאָמוניסטישע און פּ.פּ.ס.ישע פירערס און טוערס. מרדכי שניידער איז צוגע־צויגן געוואָרן צו דער אַרבעט און איז לאַנגע יאָרן געווען דער נאָמינעלער פירער פונעם גרויסן נאָדל־פאַראיין אין וואַרשע.

אין מיטן דער זיצונג פונעם וואַרשעווער פאַרטיי־קאָמיטעט איז אַריינגעקומען אָווראַמל שטריקער. ער איז געקומען דירעקט פון שפּיטאָל און דערוויסנדיק זיך אין קיך, אַז ס׳קומט פאָר אַ זיצונג, האָט ער נישט געפרעגט קיין שאלות, איז אַריינ־געקומען און זיך אַוועקגעזעצט, ווי דאָס בענקל וואָלט געוואָרט אויף אים, אָדער ווי ער וואָלט קיין מאָל נישט געווען אָפּוועזנדיק פון דער געגעבענער אינסטאַנץ. עטלעכע מינוט שפּעטער האָט ער אַקטיוו זיך באַטייליקט אין די דעבאַטעס. אָן אַ פאָרמעלער קאָאָפּטאַציע איז אָווראַמל שטריקער געוואָרן אַ מיטגליד פונעם וואַרשע־ווער פאַרטיי־קאָמיטעט און אָנגעהויבן שפּילן איינע פון די ערשטע פידלען. זיין רעדנער־טאַלאַנט, זיינע אָרגאַניזאַציאָנעלע־פעיִקייטן, פּאָליטישע און געזעלשאַפט־לעכע דערפאַרונג, רעוואָלוציאָנערער טעמפּעראַמענט און וואַרעמע חברישע באַציִונג צו אַרבעטער, איז געווען אַ ברכה פאַר דער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע פונעם בונד און פאַר דער אָרגאַניזירונג פון די יידישע אַרבעטער אין וואַרשע.

צום באַדויערן האָט זיך אָווראַמל שטריקער אין וואַרשע נישט לאַנג אויפגע־האַלטן. עטלעכע וואָכן שפּעטער האָט ער צוליב זיין געזונט־צושטאַנד געמוזט זיך אומקערן אין שטעטל לאָשיץ. ערב דער אַנטשטייונג פון דער פּוילישער מלוכה איז אָווראַמל שטריקער אַרויסגערופן געוואָרן קיין וואַרשע איבערצונעמען אַ פירנדיקן פּאָסטן, אויפן וועג זיך אָפּגעשטעלט אין שעדלעץ, אַרויסגעטראָטן אויף אַ מיטינג, געקריגן אַ בלוטשטורץ און געשטאָרבן. מיט זיין טויט האָט די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין פּוילן פאַרלוירן איינעם פון די טאַלאַנטפולסטע און קאָלירפולסטע רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישע אַרבעטער־טוערס.

די אַקציע צו אָרגאַניזירן די לעגאַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס אין וואַרשע האָט אָנגענומען אַ ברייטן פאַרנעם. מיט יעדן טאָג זענען צוגעצויגן געוואָרן פרישע מענטשן צו דער אַרבעט. מענטשן זענען געקומען און געגאַנגען, געקריגן אינסטרוקציעס און געבראַכט אינפאָרמאַציעס, און ס׳זענען געמאַכט געוואָרן פיבערהאַפטע צוגרייטונגען צו אַ קאָנפערענץ פון פאָר־שטייערס פון פאַראיינען און פאַכן.

די בונדישע אַרבעטער־קיך אויף קאַרמעליצקע 9 איז געוואָרן די הויפּט־קוואַרטיר פונעם בונדישן אַקטיוו מיט וויקטאָר שולמאַן ווי שטאַבשעף.

## דעמאָנסטראַציעס קעגן דער ייִדישער גמינע

אין איינעם פון די סאַמע ערשטע טעג פון דער דייטשישער אָקופּאַציע פון וואַרשע, זומער 1915, האָבן מאַסן ייִדישע אַרבעטער און אָרעמע פאָלקסמענטשן זיך פאַרזאַמלט אויף גזשיבאָווסקע־גאַס פאַר דער געביידע פון דער ייִדישער גמינע און פאַרלאַנגט הילף. אויף צו מאָרגנס האָט זיך די דעמאָנסטראַציע איבערגעחזרט מיט אַ פיל גרעסערער באַטייליקונג. דאָס זענען געווען טיפּיש־סטיכישע דעמאָנ־סטראַציעס, פון קיינעם נישט אָרגאַניזירט און פון קיינעם נישט אָנגעפירט.

געווען איז עס אין אַ פּאַרמיטאָג. אין דער בונדישער אַרבעטער־קיך זענען אַרבעטער געקומען און מיטגעטיילט, וואָס ס'קומט פאָר פאַרן בנין פון דער ייִדישער גמינע. צום גליק זענען אינעם קיכלאָקאַל אָנוועזנדיק געווען די וויכטיקסטע צו יענער צייט פירנדיקע בונדישע טוערס און אויך וויקטאָר שולמאַן. אַוורעמל שטריקער, דערהערנדיק די ידיעה האָט אַ געשריי געטאָן: „חברים, וואָס זיצן מיר דאָ, ווען אַרבעטער דעמאָנסטרירן?... קומט, חברה"! צוזאַמען מיט אים זענען אַוועק אויך די אַנדערע בונדישע טוערס, באַגלייט פון עטלעכע צענדליגג אַרבעטער־קאָנסומענטן.

ווען מיר זענען אָנגעקומען אויף גזשיבאָווסקע, איז די גאַס געווען געפּאַקט מיט הונדערטער מענטשן. אויף אימפּראָוויזירטע טריבונעס זענען געשטאַנען און גערעדט דער אַנאַרכיסט מרדכי שוסטער און דער מיר דעמאָלט נאָך אומבאַקאַנטער אַוורעמל פּשישוע־בייגער (אַברהם ראַטשפּאַן).

אַוורעמל שטריקער האָט מיט די עלנבויגנס זיך דורכגעשלאָגן אַ וועג, אַרויפ־געכאַפּט זיך אויף אַ מיסטקאַסטן און אָנגעהויבן רעדן. דערזעענדיק אַוורעמל שטרי־קער האָט אַברהם ראַטשפּאַן אויפגעהערט צו רעדן און ביסלעכווייז האָט אַוורעמל שטריקערס קלאַנגפולע שטים פאַרהילכט דאָס מאַטאָווע קול פון מרדכי שוסטער, וואָס איז געווען מער צוגעפּאַסט פאַר אַ געשלאָסענער פאַרזאַמלונג אָדער פאַר אַ היימישער דיסקוסיע, ווי פאַר אַן עפנטלעכן גאַסן־מיטינג. דער עולם האָט זיין אויפ־מערקזאַמקייט געווענדט צו די רייד פון אַוורעמל שטריקער.

פאַרענדיקט האָט אַוורעמל שטריקער זיין רעדע מיט פאָלגנדיקע ווערטער:

„דער בונד, דער וואַרשעווער קאָמיטעט פון בונד, איז גרייט צו נעמען אויף זיך די אויפגאַבע צו פירן אייער קאַמף ביז צו אַ זיג. זענט איר איינשטימיק, אַז דער בונד זאָל זיין אייער פירער און וועגווייזער?!" אַ וואַלד מיט הענט האָט זיך אַ הייב געטאָן — און דער בונד איז געוואָרן דער אָנפירער פון אַן אַקציע קעגן דער ייִדישער גמינע פאַר הילף פאַר דער מלחמה־געליטענער ייִדישע אַרבעטערשאַפט אין וואַרשע.

אַוורעמל שטריקערס רעדע איז אין יעדן פּרט געווען אַ גלענצנדיקע. די פאָרעם, דער אינהאַלט און די שפּראַך זענען געווען צוגעפּאַסט צו דער געגעבענער שטימונג

און צום געגעבענעם עולם. גערעדט האָט ער נאַטירלעך, אָבער נישט ווולגאַר, וועגן די סיבות, וואָס האָבן די מאַסן באַוויגן צו דעמאָנסטרירן און צו פאָדערן הילף. ער האָט גערעדט נישט אויף אַן אופן, וואָס רייצט די נידעריקע און פרימיטיווע אינ־סטינקטן, נישט אינעם נוסח און סטיל פונעם לאָדזשער בונדישן טוער פּראַים לאַזער, וועמענס רעדנער־באַגאַזש אויף פאַרזאַמלונגען איז באַשטאַנען פון אַזאַ לשון: „פּעטע יאַכעלעך, געפילטע מעגעלעך, גענדזענע פופיקלעך, געבראָטענע קאַטשקעלעך און זיסע צימעסלעך עסט די בורזשואַזיע, אָבער קאַפּפּלייש עסט דער פּראָלע־טאַריאַט״. אַורעמל שטריקערס רעדן האָט געהערט צו דער קאַטעגאָריע, וואָס דער־היבט דעם צוהערער, באַגייסטערט און סטימולירט צו באַוווסטזיניקע טאַטן.

דאָס איז געווען די ערשטע יידישע מיטינג־רעדע, וואָס כ׳האָב אין מיין לעבן געהערט, און דעם גוטן טעם פון דער רעדע פיל איך נאָך איצט בעת כ׳שרייב די שורות. מיט אַ צייט שפּעטער איז מיר אַ סך מאָל אויסגעקומען אין בערלין צו הערן רעדן דעם בערלינער אַרבעטער־טריבון פּאַול האָפּמאַן, און דער נוסח און סטיל פון האָפּמאַנס רעדן איז געווען אַן ענלעכער ווי פון אַורעמל שטריקערס רעדע פאַר דער דעמאָנסטרירנדיקער מאַסע פאַר דער געביידע פון דער יידישער גמינע. און כ׳פלעג זיך שפּאַסיק פרעגן: ווער ביי וועמען האָט גענומען דעם סטיל און נוסח פון די רעדעס אויף עפנטלעכע מאַסן־מיטינגען: אַורעמל שטריקער ביי פּאַול האָפּ־מאַן אָדער פּאַול האָפּמאַן ביי אַורעמל שטריקער. כ׳בין זיך מודה, אַז די דערמאָנטע רעדע פון אַורעמל שטריקער און די רעדעס פון פּאַול האָפּמאַן האָבן געהאַט אַן אומדירעקטע השפּעה אויף מיינע שפּעטערדיקע אַרויסטרעטונגען אויף מאַסן־מיטינ־גען און פאַרזאַמלונגען.

נאָכן באַקומען דעם מאַנדאַט פון דעם דעמאָנסטרירנדיקן עולם זענען אַורעמל שטריקער און אַנדערע מיטגלידער פונעם פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד, אין דער באַגלייטונג פון אַ גרעסערער צאָל דעמאָנסטראַנטן, אַריין אין לאָקאַל פון דער גמינע. אין לאָקאַל האָט זיך נישט געפונען קיינער פון די דאַזאָרעס. אַורעמל האָט די גמינע־באַאַמטע איבערגעגעבן אַ פאַראָרדענונג, אַז אויף מאָרגן 10 אַ זייגער אין דער פרי זאָלן די דאַזאָרעס זיך געפינען אין דער גמינע. אין קעגנפאַל וועלן זיי פון זייערע וווינונגען געבראַכט ווערן אויף טאַטשקעס.

די דראָונג געבראַכט צו ווערן אויף אַ טאַטשקע פאַרלאַנגט אַ שטיקל פּירוש:

שוין פון די פריסטע יאָרן פון די אַרבעטער־קאַמפן אין פוילן איז איינע פון די קאַמפסמיטלען געווען דאָס אַרויספירן אַ פאַרהאַסטן מייסטער, אינזשעניר אָדער פאַבריקאַנט אויף אַ טאַטשקע מיט אַ זאַק איבערן קאָפּ. דאָס איז געווען אַן אויסערסט דראַסטישער קאַמפסמיטל און פאַרמאָגט די העכסטע מאָס פון פאַראַכטונג. איינער, וואָס איז אַרויסגעפירט געוואָרן אויף אַ טאַטשקע, איז אַפילו אין די קרייזן פונעם באַזיצנדיקן קלאַס באַטראַכט געוואָרן ווי אַ מענטש אָן געוויסן, ווי אַ שטיק נבלה, צו וועלכן מען דאַרף זיך באַציִען מיט פאַראַכטונג. נישט איין פאַל איז געווען, אַז

איינער, וואָס איז אַרויסגעפירט געוואָרן אויף אַ טאַטשקע, איז פון חרפה באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.

פון מיינע יונגע יאָרן געדענק איך אַ פאַל — דאָס איז שוין געווען אין די יאָרן נאָך דער פאַרשפּילטער רעוואָלוציע פון 1905 — ווען אַ מייסטער פון נאָרבלינס מעטאַל־פאַבריק איז אַרויסגעפירט געוואָרן אויף אַ טאַטשקע מיט אַ זאַק איבערן קאָפּ און דערנאָך איז ער באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. ווען כ׳בין אין 1962 געווען אין ישׂראל האָב איך פאַרבעטן אויף אַ באַגעגעניש אַ באַקאַנטן, אַן אַלטן קאָמוניסט און אַ געוועזענעם טוער צווישן די לעדער־אַרבעטער אין וואַרשע. געקומען איז ער צו דער באַגעגעניש אַ באַצירטער מיט מעדאַלן, וואָס ער האָט באַקומען אין פּוילן. די געמיינזאַמע באַקאַנטע, געקומענע פאַר אים און נאָך אים פון פּוילן קיין ישׂראל, האָבן מיר אויסגערעדט מיין פאַרבעטן דעם דערמאָנטן באַקאַנטן צו זיך אין האָטעל אויף „אַ טרינק און אַ שמועס״. „דו ווייסט נישט — האָבן זיי צו מיר געטענהט — די אַרבעטער פון דער פאַבריק, ווו ער איז געווען אַ פאַרוואַלטער, האָבן אים דאָך אַרויסגעפירט אויף אַ טאַטשקע״.

דאָס דראָען מיט ברענגען צו פירן די דאָזיקע אויף טאַטשקעס האָט געמיינט, אַז די דעמאָנסטרירנדיקע און די בונדישע אָנפירערשאַפט זענען גרייט אָנצוווענדן די מאַקסימאַלסטע קאַמפסמיטלען ביים צווינגען די דאָזיקע פון דער יידישער גמינע צו פאַרהאַנדלען דעם ענין הילף פאַר די, וואָס זענען געבליבן אָן מיטלען צום לעבן.

נאָכן פאַרלאָזן דעם גמינע־לאָקאַל האָט אַוורעמל שטריקער אָפּגעגעבן די פאַר־זאַמלטע אַ באַריכט און גערופן די דעמאָנסטראַנטן זיך צו פאַרזאַמלען אויף צו מאָרגנס 10 אַ זייגער אין דער פרי.

אויף דער זיצונג פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד, וואָס איז פאָרגעקומען אין דעם זעלבן פאַרנאַכט, איז באַהאַנדלט געוואָרן דער פאַרלויף פון די צווייטאָגיקע דעמאָנסטראַציעס, די פאָדערונגען, וואָס דאַרפן אַרויסגעשטעלט ווערן, און ווי ווייט ס׳קענען זיין די פשרות. ס׳איז אויך אויסגעלאָגירט געוואָרן די טאַקטיק פאַרן קומענדיקן טאָג.

צו דער דערמאָנטער זיצונג איז אויך נאָכעמזאָן איינגעלאַדן געוואָרן. זיין הילף איז אין דעם פאַל געווען מער ווי נייטיק. די שטימונג פון די קאָמיטעט־מיטגלידער איז געווען אַ האָפערדיקע. דער פאַקט, וואָס די דעמאָנסטראַנטן האָבן אָן רעזער־וואַציעס און מיט ענטוזיאַזם איבערגעגעבן דעם בונד די אָנפירערשאַפט פון זייער קאַמף, און דער פאַקט, וואָס זינט דער פאַרשפּילטער רעוואָלוציע פון 1905, איז דער בונד אַרויסגעטראָטן אין דער געזעלשאַפטלעכער עפנטלעכקייט ווי „בונד״ און נישט אונטער קיין פּסעוודאָנים — האָט ביי די קאָמיטעט־מיטגלידער און ביי וויקטאָר שולמאַנען אַרויסגערופן געפילן פון העכסטער פרייד.

אָבער אויך אַ געפיל פון באַאומרויקונג: אין יעדנס געמיט האָט געגרייזשעט

אַ געוויסע מורא פאַר דעם קומענדיקן. צי וועט זיך, און ווי אַזוי וועט זיך, איינגעבן די אונטערנעמונג, וואָס בונד האָט אויף זיך גענומען דורכצופירן. געשטעלט האָט זיך אויך די פראַגע, וואָס וועט געשען מיט די יעניקע, וועלכע זענען נישט קיין אַרבעטער. בונד קען דאָך נישט נעמען אויף זיך די ראָלע פון אַלעמענס פאַרזאָרגער. ער קען דאָך רעדן און האַנדלען נאָר אין נאָמען פון די יידישע אַרבעטער און זייערע אינטערעסן קען ער פאַרטרעטן.

צו מאָרגנס אין דער פרי איז דער בונדישער אַקטיוו מיט וויקטאָר שולמאַנען בראָש אַוועק צו דער יידישער גמינע. די גזשיבאָווסקע־גאַס איז שוין געווען געפּאַקט מיט הונדערטער דעמאָנסטראַנטן. די בונדישע פירערשאַפט איז אויפגענומען געוואָרן מיט אַן אויסערגעוויינלעכן ענטוזיאַזם.

אַווראַמל שטריקער האָט געפונען זיין נעכטיק מיסטקעסטל און געדעדט צו די פאַרזאַמלטע וועגן די קומענדיקע פאַרהאַנדלונגען מיט דער גמינע. ער האָט פאַר־געלייגט די פאָדערונגען און אַ צעטל פון אַ דריי צענדליגג מיטגלידער פונעם אַקציע־קאָמיטעט, וועלכער דאַרף רעפּרעזענטירן די דעמאָנסטרירנדיקע מאַסע און רעדן אין איר נאָמען. ער האָט פאַרגעלייגט דורך אַן אַפּשטימונג צו אַקצעפּטירן די פאָדערונגען און דעם צוזאַמענשטעל פונעם אַקציע־קאָמיטעט. מיט גרויס בייפאַל האָבן די פאַרזאַמלטע דאָס אַקצעפּטירט.

דער אַריינגאַנג אין דער גמינע־געבידע איז געווען פאַרבלאָקירט דורך אַ גרעסערער גרופּע „בירגער־מיליץ״ מיט אַן עלטסטן „פּזשעדאָוניק״ בראָש. צווישן די מיליציאַנטן האָבן זיך אויך געפונען אַ צאָל יידן. נאָכעמזאָן האָט דעם פּזשעדאָוו־ניק אויפגעקלערט די סיבות פון דער דעמאָנסטראַציע און די ראָלע וואָס די פאַר־שטייערשאַפט האָט דורכצופירן מיט די דאָזאָרעס פון דער גמינע און געפרעגט אים, צי די מיליץ קלייבט זיך צו שפּילן די ראָלע פון דער געוועזענער צאַרישער פּאָליציי און זשאַנדאַרמעריע. ער האָט געוואָרנט, אַז אויב די מיליץ וועט נישט גלייך אָפּטרעטן און מאַכן פריי דעם אַריינגאַנג, נעמט בונד אַראָפּ פון זיך יעדע פאַראַנטוואָרטלעכקייט און די קאָנסעקווענצן פאַר אים און פאַר די מיליציאַנטן קענען זיין גאַנץ פּאַסקודנע. דער פּזשעדאָוניק האָט אָפּגעגעבן אַ מיליטערישן סאַלוט, געהייסן די מיליציאַנטן מאַכן אַ שפּאַלער, און דער אַקציע־קאָמיטעט און אַ צאָל דעמאָנסטראַנטן האָבן אַריינ־מאַרשירט אין לאָקאַל פון דער גמינע, ווי דורך אַ טריומף־טויער.

אין דער גמינע זענען קיין דאָזאָרעס נישט געווען. די דעלעגאַציע איז אויפגע־נומען געוואָרן דורך איינעם פון די ברידער קעמפּנער, אַ באַרימטער עקאָנאָמיסט, איינער פון די זיילן פון דער עקסטרעמער אַסימילאַציע און אַ מיטאַרבעטער פון דעם אַסימילאַטאָרישן אָרגאַן אין פּויליש „איזראַעליטאַ״. אין געזעלשאַפטלעכע ענינים איז קעמפּנער באַקאַנט געווען ווי אַ ליבעראַל. נאָך אַ קורצן שמועס האָט קעמפּנער געשיקט שליחים צו די דאָזאָרעס, און אין גיכן זענען עטלעכע פון זיי אָנגעקומען. די פאַרהאַנדלונגען מיט די דאָזאָרעס און מיט קעמפּנערן זענען געווען לאַנגע

און שווערע. מ׳האָט געדאַרפט אויספרעסן אויך אַ רייע פאָרמעלע און יורידישע אַספּעקטן. דער אָפיציעלער בריוו, וואָס די גמינע האָט געהאַט געשיקט צו דער בונדישער אַרבעטער־קיך פאַר פסח 1915, וועגן דער פסחדיקער באַשפּייזונג פון די קיך־קאָנסומענטן, האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע און לייכטער געמאַכט דאָס באַזײ־טיקן די פאָרמעלע שוועריקייטן. דער רעזולטאַט פון די פאַרהאַנדלונגען איז געווען, אַז די גמינע האָט זיך מתחייב געווען צו אַסיגנירן פאַר דער בונדישער ווירטשאַפט־אַקציע אַ באַדייטנדיקע חודשלעכע סובסידיע און קעמפנער זאָל האָבן די פינאַנציעלע קאָנטראָל איבער דער פאַרווענדונג פון די גמינע־געלטער.

אין דער גאַנצער צייט פון די פאַרהאַנדלונגען איז דער עולם דעמאָנסטראַנטן געבליבן אויפן פּלאַץ. יוסף באַסאַק האָט אָנגעפירט מיטן אַרויסשיקן רעדנערס, וועלכע האָבן די דעמאָנסטראַנטן געהאַלטן אינפאָרמירט וועגן גאַנג פון די פאַר־האַנדלונגען. ווען די פאַרהאַנדלונגען זענען געווען פאַרענדיקט, האָט אַוורעמל שטרי־קער געהאַלטן אַ רעדע וועגן אָפּגעהאַלטענעם זיג און גערופן די אַרבעטער צו רעגיסטרירן זיך אין די לאָקאַלן פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראײנען.

דער ענטוזיאַזם פון די דעמאָנסטראַנטן איז געווען אַ גרויסער. נאָך גרעסער איז געווען די פרייד פונעם בונדישן פּאַרטיי־אַקטיוו און ביי די מיטגלידער פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד.

דער אָפּגעהאַלטענער נצחון האָט געבראַכט מיט זיך וויכטיקע רעזולטאַטן און אימפּליקאַציעס: די לאָקאַלן פון די שוין עקסיסטירנדיקע פאַראײנען זענען באַלאַ־גערט געוואָרן פון אַפּליקאַנטן פאַר מיטגלידער און אַ שטויס געטאָן די שאַפונג פון אַ רייע פּראָפעסיאָנעלע פאַראײנען: טעקסטיל, באַשפּייזונג, האָלץ, לעדער־גאַלאַנ־טעריע, פּאַפּיר. דער פּראָפעסיאָנעלער פאַראײן איז געוואָרן אַ שם־דבר, געוואָרן אַ מאַסן־אָרגאַניזאַציע. דאָס צענטראַל־ביוראָ פון די פּראָפעסיאָנעלע בראַנזשע־פאַראײנען האָט געקריגן דאָס מאָראַלישע און פּאָליטישע רעכט צו רעדן אין נאָמען פון טויזנטער ייִדישע אַרבעטער.

הגם די אַבסאָלוטע מערהייט פון דער מיטגלידערשאַפט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראײנען איז לכתחילה נישט געקומען צוליב דירעקטע פּראָפּאַראײנישע סיבות און אינטערעסן, נאָר צוליב שטיצע, און ווי געוויסע ציניקער האָבן זיך אויסגעדריקט, צוליבן „קרופּניק״, און שפּעטער, ווען די פּראָפעסיאָנעלע פאַראײנען האָבן זיך פאַר־פעסטיקט און זענען בהדרגה איבערגעגאַנגען צו מער דירעקטער פּראָפ. טעטיקייט, זענען פון די ערשטע פאַרשריבענע מיטגלידער זייער אַ סך אַרויסגעפאַלן — איז דאָס מאַסנווייזע פאַרשרייבן זיך פאַר מיטגלידער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראײנען ווי אַ רעזולטאַט פון דער געוווּנענער אַקציע קעגן דער גמינע, געווען דער יסוד פון דער מאַסן־באַזע פאַר דער פּראָפ. באַוועגונג אויף דער ייִדישער אַרבעטער־גאַס אין וואַרשע.

אַ דאַנק דער באַקומענער גמינע־סובסידיע האָט די בונדישע ווירטשאַפט־אַקציע געקריגן שוווּנג און פאַרנעם. דער ברויטפאַרטייל איז פילפאַכיק פאַרגרעסערט געוואָרן. ממש איבער נאַכט איז געשאַפן געוואָרן נאָך אַ קיך אויף דזשעלנע 33, וואָס איז שפּעטער איבערגענומען געוואָרן דורכן דרוקער־פאַראיין און דערנאָך — ווידער פון בונד. אַ קיך און אַ ברויטפאַרטייל איז געשאַפן געוואָרן אין דער פאַרשטאָט פּראַגע. אויך איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ צאָל קראָמען פון אַ קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוון כאַראַקטער און אַ קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי.

דער גרויסמייסטער פון דער רעאָרגאַניזירטער בונדישער ווירטשאַפט־אַקציע, דער, וועלכער האָט פאַראייניקט פאַנטאַזיע מיט ווירקלעכקייט, אידעיש־קאָאָפּעראַטיווע איינשטעלונג אויף אַ פּראַקטישן יסוד, און געשאַפן ווירטשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן געדינט ווי אַ מוסטער פאַר אַנדערע סאָציאַליסטישע פאַרטייען, פאַר ס.ד.ק.פּ.ל. און פּ.פּ.ס.־לעוויצע — איז געווען וולאַדיסלאַוו נאַכעמזאָן. צום אומגליק און צום גרויסן וויטיק, איז נאַכעמזאָן, דער מענטש מיטן שטאָלענעם ווילן, קלוגן קאָפּ, אומאויסשעפּלעכער ענערגיע און ממש גאָניאַלע אָרגאַניזאַציאָנעלע פעיִקייטן, געווען אַ פּראָוואָקאַטאָר, איינער פון די גרעסטע און העסלעכסטע פּראָוואָקאַטאָרן אין דער געשיכטע פון בונד.

די אומרויִקייט, וואָס האָט באַהערשט דעם אָנפירנדיקן בונדישן פאַרטיי־אַקטיוו צוליב דעם נישט־אַרבעטער־עלעמענט אין די דעמאָנסטראַציעס קעגן דער גמינע, האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר באַרעכטיקט.

דער דאָזיקער עלעמענט האָט געהאַט טענות, אַז בונד האָט אים פאַרראַטן. די אויפקלערונג מצד בונד, אַז אויף די דעמאָנסטראַציעס האָט דער בונדישער וואָרטזאָגער אָוורעמל שטריקער קלאָר און דייטלעך דערקלערט, אַז בונד פאַרטרעט און וועט פאַרטרעטן נאָר און אויסשליסלעך די אַרבעטער, און נישט קיין שום אַנדערע גרופּעס און שיכטן פון דער באַפעלקערונג, האָט נישט געהאַט קיין פּעולה. די פאַרצווייפלטע אָרעמע מענטשן, ס'רוב קליינהענדלערס, וועלכע זענען מצד דעם בונד געשיקט געוואָרן צו דער גמינע און די גמינע האָט זיי געשיקט צום בונד, האָבן אין זייער פאַרצווייפלונג אויסגעלאָזט זייער צער און צאָרן קעגן בונד, באַשולדיקט בונד אין פאַרראַט און באַשאַנקען דעם בונדישן אַקטיוו מיט די זידל־עפּיטעטן: פאַררעטערס, זשוליקעס אד״גל.

קיין נחת האָט דער בונדישער אַקטיוו און די בונדישע אָרגאַניזאַציע פון וואַרשע פון די אַנטי־בונדישע אַרויסטרעטונגען פונעם נישט־אַרבעטער־עלעמענט נישט געהאַט, און פאַרן בונדישן פאַרטיי־אַקטיוו האָט זיך געשטעלט דאָס פּראָבלעם: פאַרטיי—קלאַס—פאָלק, אַ פּראָבלעם, וואָס האָט געקריגן זיין ערשטע און ערנסטע באַהאַנדלונג מיט אַ צייט שפּעטער, ווען אויפן טאָג־אָרדענונג פון דער וואַרשעווער בונדישער פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע האָט זיך קאָנקרעט געשטעלט די לייזונג פון ענינים פון אַ נאַציאָנאַל־יידישן כאַראַקטער.

# אַ טראַגעדיע

**אַ פּאָגראָם...**

אַ רעוואָלט פון די פּרויען־קאָנסומענטן אין דער בונדישער אַרבעטער־קיך אויף קאַרמעליצקע 9, וואָס האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ פּאָגראָם לויט אַלע פּאָגראָם־כּללים: אַ פּרוּוו צו ממיתן די קיך־פאַרוואַלטערין, צעשלאָגן די קיך־אַנגעשטעלטע, אויסהאַקן שויבן, דעמאָלירן מעבל און קיך־איינריכטונגען, אויסגיסן אויף דער פּאָד־לאָגע די נישט דערקאָכטע געקעכצן פון די טעפּ, צעפּלינדערן דאָס ברויט פון ברויט־פּאַרטייל און די רויע פּראָדוקטן פון שפּייזקאַמער — אַ פּאָגראָם מיט אַלע קלי־פּערלעך.

דאָס אומגליק איז געשען אין אַ שבת אין דער פרי, אין די ערשטע טעג פון דער דייטשישער אָקופּאַציע, זומער 1915 — אין די יום־טוב־טעג פון די בונדישע פּאַרטיי־נצחונות.

ווען כ׳בין אָנגעקומען אין קיכלאָקאַל, ווי תּמיד דורך דער הינטערשטער קיכ־טיר, איז דאָס פּאָגראָמירן די קיך אָנגעגאַנגען אין פולן טעמפּאָ. אַ שוידערלעך בילד האָט זיך פאַר מיינע אויגן אַנטפּלעקט: פּרויען־געזיכטער, צעקרימטע פון כּעס, פינקלדיקע אויגן פון האַס, הענט האָבן געפּלינדערט און צעשטערט, אַ געפּילדער פון היסטעריזירטע פרויען, אַ ספּאַזמאַטיש געוויין פון צוויי יונגע מיטאַרבעטערינס: פון דער מיטלוווקסיקער, ברייטפּלייציקער און פיזיש קרעפּקער באַלבינאַ און פון דער קליינער, פיליגראַן־צאַרטער יוסטינקע, וועלכע זענען אין קיכלאָקאַל פאַר־בליבן די איינציקע פון גאַנצן פּערסאָנאַל.

דאָס געזעענע בילד, וואָס דער קאָשמאַרסטער חלום וואָלט נישט געקענט אויס־טראַכטן, האָט מיך ווי פאַראַליזירט. און ווי מיט הונדערט האַמערס געקלאַפּט אומ־ריטמיש, אומהיימלעך און אומאויפהערלעך אין מיין קאָפּ מיט אַן אייך־און־איינציק וואָרט: שרעקלעך. ווען כ׳בין געקומען צו זיך, האָב איך זיך מיט אימפּעט אַ לאָז געטאָן אין דעם פרויען־געדרענג און געשריגן: „וואָס טוט איר, וואָס טוט איר!?‟ אַ היסטעריזירטע פרוי האָט צו מיר אַ בריל געטאָן: „דאַרמאַיאַדניק, מ׳עט אייך באַלד אַראָפּטראָגן אין אַ שוואַרץ ליילעך‟. אַ צווייטע האָט מיט איר עלנבויגן מיך מיט קראַפט אַ שטויס געטאָן אין דער ברוסט און כ׳בין געפאַלן אין דעם שמאָלן קאָרידאָרל, וואָס האָט געפירט פון דער קיכטיר צו די אינערלעכע צימערן. אַ פאַר־וויטיקטער פונעם געזעענעם בילד האָב איך זיך אַוועקגעזעצט אויף דער ערד אין אַ ווינקל פון קאָרידאָר, פאַרשטעלט דאָס פּנים מיט די הענט און געוויינט: געוויינט מיט אַ געוויין פון אַ הילפלאָזן מענטשן, וועלכער שטייט צוקאַפּנס און קוקט זיך צו, ווי זיינס אַ נאָענטער גייט אויס אין יסורים און ער קען אים מיט גאָרנישט העלפן.

ווי לאַנג כ׳בין אַזוי געזעסן — ווייס איך נישט. צו מיר זענען דערגאַנגען ווערטער. אויף אַ באַנק איז געשטאַנען אַברהם ראָטשפאַן און גערעדט, געשריגן אויף

די העכסטע טענער, און נישט די פרויען־פּאָגראַמירערס, און נישט מיך, האָבן זיינע ווערטער געריִרט.

פּלוצעם זענען צו מיר דערגאַנגען שטילע קלאַנגען פון אַ פרויען־שטים, וועלכע האָבן זיך פאַרמירט אין ווערטער, געררעדטע אין פּויליש, און מיט יעדער סעקונדע ממש ווי פון אַ כּישוף באַהערשט די צעבונטעוועטע פרויען. דאָס בילד האָט זיך געביטן ווי ביי אַ סצענישער פאַרשטעלונג: פרויען האָבן געלאָזט זייערע קוישלעך און בהלהדיק אַנטלאָפן. אַנדערע האָבן מיט ציטערדיקע הענט אַרויסגעלייגט פון זייערע טאַרבעס און קוישלעך די צעפּלינדערטע פּראָדוקטן, די געזיכטער האָבן זיך באַדעקט מיט פלעקן פון חרפּה, אויגן האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן פון בושה, און ס׳איז אויסגעבראָכן אַ געיאָמער פון עטלעכע צענדליגע פרויען, וואָס האָט דאָס האַרץ צעריסן. טייל פרויען זענען געוואָרן היסטעריש, געקלאַפּט זיך מיט די הענט אין די הערצער און געריסן שטיקער פון די געזיכטער — אַ בילד, וואָס די פאַנטאַזיע פון אַ געניאַלן מאָלער וואָלט נישט אומשטאַנד געווען צו ברענגען אויפן לייוונט.

די רעדנערין מיט דער צויבער־שטים, וואָס האָט געצוימט די צעבונטעוועטע פרויען און זיי צוריק פאַרוואַנדלט אין ליידנדיקע האַרציקע מאַמעס און שוועסטער, איז געווען זאָשקאַ אונשליכט. זי איז גראַד אַנגעקומען אין אַן אָפּיציעלער שליחות, האָט געטראָפן דעם פּאָגראָם־צושטאַנד, אַוועקגעשטעלט זיך אויף אַ באַנק און גערעדט ווערטער, וואָס זענען איר געקומען פון האַרץ אין מויל אַריין.

געפונען האָט מען מיך אַ פאַרחלשטן. ווען כ׳בין געקומען צו זיך, בין איך געווען אין פאַרוואַלטונג־צימער. לעבן מיר איז געשטאַנען דער פעלדשער ראָזענבאַום און די ערשטע ווערטער, וואָס כ׳האָב דערהערט, זענען געווען: „ס׳וועט אים גאָרנישט זיין, לאָזט אים אַ ביסל זיך אָפּרוען״.

מיט יעדער מינוט איז דער קיכלאָקאַל געוואָרן פולער. דער חורבן איז געווען, ווי נאָך אַ פּאָגראָם. די שטימונג פון די אַנוועזנדיקע — אַ געדריקטע און אַן איכהדיקע. נאָכעמזאָן איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט זיך אָריענטירט אין דער סיטואַציע און מיט זיין כאַראַקטעריסטישן אויטאָריטעט־סטיל אַ באַפעל געגעבן: „אַרויסהענגען אַ צעטל, אַז צוליב טעכנישע סיבות איז די קיך נישט טעטיק״. ער האָט אָרגאַניזירט אַ בריגאַדע צו ברענגען דעם לאָקאַל צוריק אין אָרדענונג.

צוויי טעג שפּעטער האָט די בונדישע אַרבעטער־קיך אויף קאַרמעליצקע 9 ווידער נאָרמאַל פונקציאָנירט.

פאַר וואָס איז דאָס געשען? ווי אַזוי איז דאָס געשען?

די דאָזיקע פראַגעס זענען נישט אַראָפּ פון די ליפּן פון די, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות מיט דער בונדישער ווירטשאַפט־אַקציע.

סטיכישע פאָלקס־אויסבראָכן, אין אַ גרעסערן, צי אין אַ קלענערן פאַרנעם, פאַלן נישט אַראָפּ פונעם הימל. זיי זענען אַ פּועל־יוצא פון אַן אָנגעזאַמלטער אומצופרידנ־

קייט. דער אויסבראָך איז גאַנץ אָפט אַ רעזולטאַט פון אַ צופעליקער קלייניקייט, וואָס צינדט אונטער, ווי אַ ברענענדיק שוועבעלע, אַן אָפענעם פולווערפאַס.

די בונדישעווירטשאַפט־אַקציע, מיט איר היסטאָרישער פונקציע, און טראָץ דער איבערגעגעבנקייט פון אירע פירערס און טוערס, האָט פאַרמאָגט אין זיך שטאָף פאַר אומצופרידנקייטן. די קאָנסומענטן זענען געווען צו הונגעריק, אַז די הילף, וואָס זיי האָבן געקריגן פון די בונדישע הילף־אינסטיטוציעס זאָל די און זייערע פאַמיליעס קענען באַפרידיקן. דער רוב מנין פון די קאָנסומענטן זענען דאָך נישט באַשטאַנען פונעם סאָציאַליסטישן אַרבעטער־אַוואַנגאַרד, נאָר פון פשוטע אַרבעטער און פון זייערע פרויען. רייבונגען און צוזאַמענשטויסן צווישן די קאָנסומענטן מיט דער אָנפירערשאַפט און מיטן קיך־פּערסאָנאַל האָבן נישט געפעלט.

איך אַליין, ווי דער פאַרוואַלטער פונעם ברויטפּאַרטייל, בין נישט איין מאָל געווען אַן אָביעקט פאַר און פון אומצופרידנקייט, נישט איין מאָל אַפילו פון שאַרפע ווערטער־צוזאַמענשטויסן. די אָנפירערשאַפט ווי אַ גאַנצע, און יעדער פון די טוערס באַזונדער, האָט זיך אָבער באַמיט צו ווירקן באַרויִקנדיק, צו דערקלערן, צו געבן צו פאַרשטיין און צו מינימיזירן די קאָנפליקטן און אָנצוהאַלטן די מאַקסימאַלסטע חברשאַפט און פריינדשאַפט.

די דאָזיקע טאַקטיק, אַ נאַטירלעכע פאַר אַ פּראָלעטאַריש־סאָציאַליסטישער אינ־סטיטוציע, האָט געבערענגט געהעריקע רעזולטאַטן. פון מיין אייגענער דערפאַרונג האָב איך געוווּסט פון נישט איין פאַל, אַז נאָך אַ צווישנרייד, און אַפילו נאָך אַ מחלוקה, זענען אַרבעטער־קאָנסומענטן, באַזונדערס פרויען־קאָנסומענטן, געקומען און זיך פאַרענטפערט, און נישט איין מאָל אַפילו זיך געוויצלט און געקיבעצט וועגן דעם פאַרגאַנגענעם צוזאַמענשטויס. כ׳קען מיט דער פולער אַחריות פעסטשטעלן, אַז טראָץ די פאַרשיידענע פאַלן פון קריגערייען און צוזאַמענשטויסן האָט דער פּער־סאָנאַל, דער אָנפירנדיקער ווי דער טעכנישער, געניאָסן מצד די קאָנסומענטן אַ געהעריקן רעספּעקט און אַפילו ליבע. אַן אויסנאַם זענען געווען דריי מענטשן: יוסף באַסאַק, נאַכעמזאָן און די קיך־פאַרוואַלטערין.

יוסף באַסאַק איז געווען דער הויפּט־פאַרוואַלטער פון דער בונדישער ווירט־שאַפט־אַקציע. קיין דירעקטע קאָנפליקטן מיט די קאָנסומענטן האָט יוסף באַסאַק נישט געהאַט, אָבער געמורמלט האָט מען, אַפילו אין די פאַרטיי־קרייזן, אַז ער איז בלאַט מיט די צושטעלערס פון די פּראָדוקטן און קריגט אין יד אַריין. אַזוי איז עס אָנגעגאַנגען די אַלע יאָרן, וואָס ער האָט פאַרנומען דעם אַמט פון אַ ווירטשאַפטלער אין די בונדישע אינסטיטוציעס, אָבער קיינער האָט קיין מאָל נישט געבראַכט קעגן אים וועלכע ס׳איז קאָנקרעטע באַווייזן. ווען כ׳פלעג מיט יוסף באַסאַקן אין אונדזערע פּריוואַטע שמועסן באַרירן דעם ענין פון די מורמלערייען, איז זיין ענטפער געווען: „אויב דו וואָלסט פאַרנומען אַזאַ אַמט און געהאַט צו טאָן מיט די יידישע סוחרים, מיט מזומן און קרעדיט, וואָלט מען דיך צען מאָל מער חושד געווען״.

צרות זענען געווען צוליב נאָכעמזאָגען. לויט זיין כאַראַקטער, אויף וויפל איך האָב אים געקענט, איז נאָכעמזאָן געווען אַ טיפּישער טשינאָווניק, היפּער־העפלעך און מיט די פיינסטע מאַניערן לגבי נאַטשאַלסטווע, לגבי יעדן, וואָס איז איין טשין העכער פון אים, מעג יענער אויף אַנדערע געביטן זיין נידעריקער, אויב דער טשין זיינער איז אַ העכערער און איז פאַרמעל בכוח צו געבן באַפעלן. אַזאַ איז זיין באַציִונג געווען לגבי דעם העכערן בונדישן פּאַרטיי־אַקטיוו. אָבער אַ האַרטע לאַפּע האָט ער געהאַט אין באַצוג צום המון. אין פאַל פון אַ שטרייט מיט אים מצד עמעצן פון פּערסאָנאַל, בפרט פון אַ קאָנסומענט, איז זיין ענטפער פאַרמעל געווען אַ העפלעכער, אָבער ווי אַ קלאַפּ מיט אַ גראָבן שטעקן, אָדער ווי אַ זעץ פון אַ צעשמעטערנדיקן האַמער. דאָס פּערסאָנאַל און די קאָנסומענטן האָבן נאָכעמזאָגען פיינט געהאַט און גערופן „בולדאָג", אָבער רעספּעקטפול אָפּגעשאַצט זיין טעטיקייט לטובת די הילף־אינסטיטוציעס.

גרעסערע צרות זענען געווען מיט דער קיך־פאַרוואַלטערין, אַ פּאָפּאָלאַשו־מיידל פון באַלעבאַטישע עלטערן, מיט אַ קנאַפּן באַגאַזש פון וויסן. אָן תורה און אָן חכמה, האָט זי איר פּויליש רעדן און אירע נישטיקע קענטענישן פון דער פּוילישער ליטע־ראַטור געטראָגן ווי אַ פאָן פון העכערקייט און איידלקייט. זי איז נישט געווען קיין איבעריקע קראַסאַוויצע: אַ צעבראָכענע פיגור, אַ געהויקערטע פּלייצע און מיט בלויז אַ שיין פּנימל, האָט זי זיך באַטראַכט ווי די ווענוס פון צוואַנציקסטן יאָר־הונדערט. אַ לאַ־יוצלח אויף איר פּאָסטן, האָט זי זיך צום קיך־פּערסאָנאַל, דעם באַצאָלטן און אויך פרייוויליקן, באַצויגן ווי אַן אויפגעקומענע גבירטע, וואָס פּאַראַדירט אין איר רייכער היים מיט איר בינטל שליסלען. צו די קאָנסומענטן, באַזונדערס צו די פרויען־קאָנסומענטן, האָט זי זיך באַצויגן מיט אָן אָפּענעם אומווילן, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט פאַראַכטונג. דאָס פּערסאָנאַל האָט זי פיינט געהאַט און גערופן „דאָס משולחת", אָדער „די בייזע קאָץ". די פרויען־קאָנסומענטן האָבן זי פּשוט נישט געקענט אָנקוקן און זי גערופן „די פּאַסקודע". זי האָט אָבער געהאַט אַ גרויסן צד אין דער שיסל — יאַנעקן.

יאַנעק־יאַנקעלעוויטש האָט זי ערגעץ געפונען און אין איר זיך פאַרליאַפּעט איבער די אויערן. ער האָט זי געברענגט אין קיך און אויף געוואַלד געוואָלט פון איר מאַכן אַן „עמעצער". ער האָט זי פאַרסירט ווי אַ קיך־פאַרוואַלטערין און מיט־גענומען אויף זיצונגען פון אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט ווי אַ פאַרטרעטער פון די בונדישע ווירטשאַפט־אינסטיטוציעס. אַלע שפּעטערדיקע דערווידערונגען פון יאַנעקס נאָענטע חברים און פריינד וועגן דעם מיידלס נישט צוגעפּאַסטקייט פאַר אַ קיך־פאַרוואַלטערין, אַז זי איז נישט קיין געזעלשאַפטלעכער טיפּ, אַז איר גייסטי־קער באַגאַזש און פּערזענלעכע פעיִקייטן איז נול פּלוס נול, און דיסקוואַליפיצירן זי צו פאַרנעמען וועלכן ס'איז פּאָסטן אין אַן אַרבעטער־אינסטיטוציע, זענען געפאַלן אויף יאַנעקס טויבע אויערן.

ווי ס׳האָבן איבערגעגעבן די אַנוועזנדיקע, האָט זיך דער בונט פון די פּרויען־קאָנסומענטן אָנגעהויבן צוליב אַ צופעליקייט. די קיך־פאַרוואַלטערין האָט אומגערן אַ שטויס געטאָן אַ פרוי־קאָנסומענטין. די פרוי איז געפאַלן און צעבראָכן עפּעס פון אירע כלים. מיט אַ מאָל האָט זיך דערהערט אַ געשריי: „די פאַסקודנע שלאָגט זיך שוין אויכעט!״ — און די פרויען זענען זי באַפאַלן און אָנגעהויבן שלאָגן. ווען מען האָט זי אַרויסגעראַטעוועט און פאַרשטעקט ביי אַ שכן אין דער וווינונג, זענען די היסטעריזירטע פרויען באַפאַלן די אַנוועזנדיקע אין קיך, גוט צעשלאָגן דעם פאַרוואַלטער פונעם ברויט־פּאַרטייל, דעם קליינעם אַלעקסאַנדער און זיינע געהילפן, נישט געזשאַלעוועט קיין קלעפּ דעם פרויען־פּערסאָנאַל און פאַריאָגט זיי פון קיכלאָקאַל, און נאָר צוויי מיטאַרבעטערינס פון דער קיך, באַלבינאַ און די קליינע יוסטינקע, זענען צעשלאָגענע פאַרבליבן אויף זייערע קיכפּאָסטנס.

ווען דער ענין פון די געשעענישן אין דער קיך איז אויפגענומען געוואָרן אויף אַ זיצונג פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד, צו וועלכער אויך נאָכעמזאָן איז פאַרבעטן געוואָרן, האָט דער ענין באַגעגנט אַ סך קאָמפּליקאַציעס. אַלע האָבן געוווּסט און פאַרשטאַנען די טיפערע סיבה פונעם בונט, און דער לאָגישער אויספיר האָט געדאַרפט זיין דאָס באַזייטיקן די קיך־פאַרוואַלטערין. דאָס וואָלט אָבער אין די געגעבענע באַדינגונגען געמיינט געבן יאַנעק־יאַנקעלעוויטשן אַ צעשמעטערנדיקן קלאַפּ, פּאָליטיש און פערזענלעך, און מעגלעך פאַרלירן דעם וויכטיקסטן און פעיִקסטן פּאַרטיי־טוער. חוץ דעם, איז דער העכערער בונדישער פּאַרטיישטאַב געווען צווישן זיך געקניפּט און געבונדן און פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ מין קלאַן. אַ שאַרפע האַנדלונג קעגן איינעם פון די וויכטיקסטע מיטגלידער פונעם קלאַן וואָלט דערשיטערט די פעסטקייט פון דער דאָזיקער גרופּע. חוץ מזה, איז געקומען די האַרטע שטעלונג פון נאָכעמזאָנען, וועלכער איז אַרויסגעטראָטן קעגן וועלכער ס׳איז ענדערונג, וואָס וואָלט לויט זיין מיינונג געמיינט צו באַרעכטיקן דעם בונט. נאָכעמזאָן האָט אַ סטראַשע געטאָן, אַז ער איז נישט גרייט ווייטער מיטצואַרבעטן אונטער דער מורא פאַר סטראַשונקעס און גוואַלדטאָטן.

וויקטאָר שולמאַן איז געפאַלן אויף דער המצאה צו געבן דעם ענין אַ גאַנץ אַנדערע ווענדונג: דאָס געשעענע איז געווען אַ צופאַל, שולדיק זענען די שונאים פון בונד, וועלכע קענען ניט פאַרטראָגן די בונדישע נצחונות און זיי האָבן אָנגערייצט די פרויען־קאָנסומענטן. ס׳וועלן אַריבערגיין עטלעכע טעג, אַלץ וועט צוריק אַריין אין דער קאָליי, און דאָס געשעענע וועט פאַרגעסן ווערן. און כאָטש מ׳האָט געוווּסט, אַז וויקטאָר שולמאַנס שטעלונג הינקט אויףביידע פיס, אַז קיין שום שונאים פון בונד האָבן מיטן רעוואָלט און פּאָגראָם נישט געהאַט קיין שייכות, איז שולמאַנס שטעלונג אויפגענומען געוואָרן ווי אַן אויסוועג פון דער סיטואַציע.

דער איינציקער, וואָס האָט אָנגענומען דעם אָקס ביי די הערנער, קלאָר און אָן באַפּרצונג אַנאַליזירט דעם תּוך און די סיבות, די אָביעקטיווע און די סוביעקטיווע,

און אָנגערופן די זאַךביים נאָמען: רעוואָלט און פּאָגראָם, איז געווען אוורעמל שטריקער.

אוורעמל שטריקער האָט געפאָדערט די באַזייטיקונג פון נאָכעמזאָגנען און פון דער קיך־פאַרוואַלטערין. אויב אין אַ סאָציאַליסטישער אַרבעטער־אינסטיטוציע, האָט ער אַרגומענטירט, קען אַ טוער דערגיין צו דער לאַגע, מ׳זאָל אים אָפן פּיינט האָבן און רופן מיט נישט קיין פּאָסיקע נעמען, קען ער נישט פאַרנעמען קיין אָרט אין אַזאַ אינסטיטוציע, ווי נוצלעך און ווי פעיִק אַזאַ איינער זאָל נישט זיין.

וואָלט אוורעמל שטריקער נישט געווען קיין עקשן און מסכים געווען צו שפּאַלטן זיין פאָרשלאָג און לאָזן שטימען וועגן יעדן איינעם פון די צוויי באַזונדער, וואָלט אפשר געווען אַ מערהייט פאַר באַזייטיקן די קיך־פאַרוואַלטערין. אָבער צו באַזייטיקן נאָכעמזאָגנען, וועלכער איז פאַרבונדן געווען מיט דער בונדישער ווירטשאַפט־אַקציע פון איר אָנטשטיין, פאַרוועגדט אַ סך צייט און ענערגיע, ווי געהעריק פאַרטראָטן דעם בונד אין אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט, און שפּילט די וויכטיקסטע ראָלע אין דער ווירטשאַפט־אַקציע נאָכן נצחון איבער דער גמינע — אויף דעם האָט קיינער, אַ חוץ אוורעמל שטריקער, נישט געקענט מסכים זיין. זיין פאָרשלאָג איז דורכגעפאַלן מיט אַלע שטימען קעגן זיין אייגענער.

דער בונט פון די פּרויען־קאָנסומענטן האָט הילכיק אָפּגעעכאָט אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס אין וואַרשע און היפש פאַרשאָטנט די פאַרדינטע בונדישע דערפאָלגן פון די ערשטע טעג אונטער דער דייטשישער אָקופּאַציע־מאַכט.

די אָפיציעלע שטעלונג פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד וועגן דעם רעוואָלט און פּאָגראָם פון די פּרויען־קאָנסומענטן אין דער בונדישער אַרבעטער־קיך איז נישט געווען אין הסכם מיט דער ווירקלעכקייט. יעדער איינער, וואָס האָט געהאָט אַ געזעלשאַפטלעכע שייכות מיטן „צופאַל", האָט געוווּסט, אַז דאָס געשעענע איז אַ טראַגעדיע: אַ טראַגעדיע פאַרן בונד ווי אַ פּאַרטיי, און אַ פּערזענלעכע טראַגעדיע פאַר יעדן איינעם פון העכערן בונדישן פּאַרטיי־אַקטיוו. די פּאַרטיי־טראַגעדיע איז פאַרקאָמופלאַזשירט געוואָרן מיט ווערטער און מיט אַ נישט ריכטיקער שטעלונג, און די פּערזענלעכע טראַגעדיע האָט מען געשטיקט אין זיך, ווי אין אַ משפּחה, ווו מען טראָגט נישט אַרויס פון די ענגע דלת־אמות אַ פאַמיליע־טראַגעדיע, מיט וועלכער מ׳דאַרף זיך שעמען. אַ וווּנד איז פאַרבליבן ביי יעדן איינעם פונעם ענגן קרייז פון די דעמאָלטדיקע פאַראַנטוואָרטלעכע בונדישע טוערס, אַ וווּנד, וואָס האָט זיך קיין מאָל נישט פאַרהיילט.

---

קרוב 50 יאָר איז פאַרביי זינט כ׳האָב בייגעוווינט דעם רעוואָלט און פּאָגראָם פון די פּרויען־קאָנסומענטן אין דער בונדישער אַרבעטער־קיך אויף קאַרמעליצקע 9 אין וואַרשע. אין אַלע די יאָרן האָב איך געטראָגן אין זיך דעם גרויל פון דער

צעשטערונג און פון די געזעענע בילדער. אויך איצט, בשעת כ׳שרייב די שורות, שטייען מיר פאַר די אויגן די בילדער ווי לעבעדיק, און אויך איצט פיל איך די לאַסט פון דער טראַגעדיע.

דער רעוואָלט און פאָגראָם פון די פרויען־קאָנסומענטן אין דער בונדישער אַרבעטער־קיך, זומער 1915, וואָס איך האָב בייגעוווינט, האָט מיר אין די יאָרן פון מיין פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט אָפט מאָל געדינט ווי אַ וואָרענונג און ווי אַ קאָמפּאַס אין מיינע באַציִונגען און האַנדלונגען מיט מענטשן, וועלכע געפינען זיך אין אויסנאַמלעכע אומשטענדן, וועלכע קענען זיי דערפירן צו דעספּעראַטע נישט־ריכטיקע האַנדלונגען.

און כאָטש צעשיידט מיטן בונד פון פּוילן בין איך שוין אַ קימאַ־לן פון איבער 40 יאָר, און אין משך פון דער צייט האָב איך מיטן בונד געפירט שווערע און אומצאָ־ליקע קאַמפן, און אויך איצט געפין איך זיך מיט די עפּיגאָנען פון בונד אין אַן אַנטגאַניסטישן צושטאַנד הן אין באַצוג צו די פּראָבלעמען פון וועלט און הן לגבי די ענינים פון יידישן פאָלקסלעבן — האָט די ווונד צוליבן בונט פון די פרויען־קאָנסומענטן אין דער בונדישער אַרבעטער־קיך קיין מאָל זיך נישט פאַרהיילט.

איך האָב געפילט און איך פיל נאָך היינט, אַז ווי אַ מיטגליד פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד, און ווי אַן אַקטיווער טוער פון דער בונדישער ווירט־שאַפט־אַקציע, וואָס כ׳בין בשעתו געווען, בין איך אָביעקטיוו אַ מיטשולדיקער פון דער טראַגישער געשעעניש, וואָס אַוורעמל שטריקער האָט טרעפלעך באַצייכנט מיטן נאָמען: רעוואָלט און פּאָגראָם, און וואָס האָט אין דעם דעמאָלטדיקן העכערן בונדישן פּאַרטייקרייז באַקומען די באַצייכענונג: די טראַגעדיע.

## גרינדונג, אויפבוי און סטאַביליזאַציע פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען

דאָס שפּיצל מיט די שילדלעך, לאָקאַלן און פּיקטיווע פאַרוואַלטונג־מיטגלידער, וואָס דער הויפּט־פונקציאָנאַר פון בונד אין וואַרשע, וויקטאָר שולמאַן, האָט פאַר־טראַכט, האָט געבראַכט די געוווּנטשענע רעזולטאַטן.

דעם ביישפּיל פון בונד האָבן נאָכגעטאָן, הגם מיט אַ געוויסער פאַרשפּעטיקונג, די אַנדערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען: ס.ד.ק.פּ.ל. און פּ.פּ.ס.־לעוויצע. אויך פּ.פּ.ס.־רעוואָלוציאָנערע פראַקציע (פראַקעס) האָבן ענלעכס געטאָן, און אַזוי אויך די רע־אַקציאָנערע גרופּירונגען אין דער פּוילישער אַרבעטער־סביבה: די קריסטלעכע דעמאָקראַטן (כ.ד.), און די נאַציאָנאַלע אַרבעטער־פּאַרטיי (נ.פּ.ר.), און אין פאַרלויף

פון אַ 3–2 חדשים האָבן אין וואַרשע פונקציאָנירט צענדליגער פּראָפעסיאָנעלע פאַראײניגען מיט אַ גרויסער צאָל מיטגלידער.

ווען די דײַטשישע אָקופּאַציע־מאַכט האָט זיך געכאַפּט, אַז מ׳האָט זי געפירט אין באָד אַרײַן, אַז אונטערן צאַרישן רעזשים האָבן נישט עקסיסטירט די פונקציאָנירנדיקע פאַראײניגן, איז זי — צוליב פאַרשײדענע סיבות — נישט בכוח געווען אָנצונעמען דראַסטישע מיטלען — צו דעלעגאַליזירן די פאַראײניגן. ערשט מיט אַ צײַט שפּעטער האָבן די דײַטשישע אָקופּאַנטן אָנגעהויבן רודפן די פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראײניגן, אַרעסטירט אַ צאָל פירערס און טוערס, פאַרשפּאַרט זײ אין תּפיסות און אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן — אָבער די פאַראײניגן נישט דעלעגאַליזירט. די לעגאַלע פּראָפ. באַוועגונג איז זינט דעם ערשטן טאָג פון דער דײַטשישער אָקופּאַציע, זומער 1915, געוואָרן אַ פאַקט, און בהדרגה זיך פאַרוואַנדלט אין אַ גרויסן סאָציאַליסטיש־פּראָלעטאַרישן כּוח.

די פון בונד אויף שנעל געשאַפענע פּראָפפאַראײניגן זענען געווען בלויז לאָזע אָרגאַניזמען. מ׳האָט זײ געדאַרפט אָנפילן מיט אַן אָרגאַניזאַציאָנעלן לעבן: אָרגאַניזירן די פאַכן, רופן פאַך־פאַרזאַמלונגען, אויסוויילן געהעריקע פאַראײן־פאַרוואַלטונגען און אויסוויילן די פאַך־ און פאַראײן־באַאַמטע.

דאָס איז געווען אַ קאָלאָסאַלע אונטערנעמונג, וואָס האָט געפאָדערט אַ סך מי, אָנשטרענג און אײנפאַלערישקייט. די דאָזיקע ממש גיגאַנטישע אַרבעט האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ דעלעגאַטן־פאַרזאַמלונג פון פאַראײניגן און פאַכן, איניציִירט און אָרגאַניזירט דורכן וואַרשעווער פּאַרטײ־קאָמיטעט פון בונד.

די דעלעגאַטן־פאַרזאַמלונג איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין די ערשטע 10–8 טעג נאָכן אָקופּירן וואַרשע דורך די דײַטשן, אין גרויסן לאָקאַל פון דער ייִדישער גמינע אויף גזשיבאָווסקע 26. די רעכט צו באַנוצן דעם דאָזיקן לאָקאַל האָט דער בונד געקריגן נאָכן נצחון איבער דער גמינע. אין דעם גמינע־לאָקאַל זענען שפּעטער פאַרגעקומען כּמעט אַלע אַלגעמײנע פאַראײן־פאַרזאַמלונגען, אויף וועלכע ס׳זענען דערוויילט געוואָרן די פאַראײן־פאַרוואַלטונגען.

געצײלט האָט די דעלעגאַטן־פאַרזאַמלונג עטלעכע הונדערט באַטײליקטע. מ׳האָט קײנעם נישט געפרעגט אויף קײן דעלעגאַטן־לעגיטימאַציע, ס׳האָט נישט עקזיסטירט קײן מאַנדאַטן־קאָמיסיע. אויב ס׳האָט ווער בײַ דער טיר דערקלערט, אַז ער איז אַ דעלעגאַט, איז ער אַרײַנגעלאָזט געוואָרן. חוץ דעם בונד איז אויף דער דעלעגאַטן־פאַרזאַמלונג געווען פאַרטראַטן דער ייִדישער סעקטאָר פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע און פּועלי־ציון. די פאַרשטײערשאַפט פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע איז דאָס מאָל נישט געווען קײן רעפּרעזענטאַטיווע. ס׳איז נישט געווען קײן אײנער פון די פּני, און די רעדנערס זענען געווען די טוערס פון די פאַכן „קינדער־קאָנפעקציע״, פון קירזשנערס און אַנדערע. דאָקעגן איז פּועלי־ציון געווען פאַרטראַטן מיט זײער גאַנצן שטאַב.

געעפנט די פאַרזאַמלונג האָט אַווערמל שטריקער, און ווי פאָרזיצער איז דער־

ווילט געוואָרן יאַנעק־יאַנקעלעוויטש. וויקטאָר שולמאַן האָט געהאַלטן אַ רעפעראַט וועגן דער אינטערנאַציאָנאַלער לאַגע און וועגן די צילן און אויפגאַבעס פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, און פאָרגעלייגט אַ פּראָיעקט פון אַ סטאַטוס: קלאַסן־כאַראַקטער, אומפּאַרטייִשקייט, בראַנזשע־פאַראיינען, אָנגעהעריקייט אָן אונטערשייד פון געשלעכט, רעליגיע און נאַציאָנאַליטעט, נאַציאָנאַל־קולטורעלע סעקציעס.

מצד פּ.פּ.ס.־לעוויצע איז אַרויסגערוקט געוואָרן דער שטאַנדפּונקט וועגן אָר־גאַניזירן אַלגעמיינע פאַראיינען, געמיינזאַמע פון יידישע און פּוילישע אַרבעטער. די רעדנערס פון בונד אין דער דיסקוסיע האָבן מיט דעם צד געהאַט אַ גרינגן שליטוועג: דער סטאַטוס רעדט דאָך וועגן דער אינטערנאַציאָנאַלקייט פון די פאַראיינען. דער צד פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע איז בכלל געווען דעזאָריענטירט אין דעם גאַנצן ענין פון שאַפן די פאַראיינען.

אַ שווערער קאַמף איז דאָס מאָל געווען מיט פּועלי־ציון. זיי האָבן אַרויסגערוקט און פאַרטיידיקט אַ שטעלונג, וואָס איז געווען דיאַמעטראַל־קעגנזעצלעך צו דער בונדישער: פאַכפאַראיינען און ספּעציפיש־יידישע פאַראיינען. זייער הויפּטרעדנער איז געווען אַ מיידל מיטן נאָמען פאַלאַ בער.

דער אַרויסטריט פון פאַלאַ בער האָט געמאַכט אַ רושם. אַ פּראַכטפול שיין מיידל, מיט אַ מעלאָדיש־קרעפטיקער שטים און מיט אַן אויסערגעוויינלעכן רעדנער־טאַלאַנט, האָט זי די פאַרזאַמלונג גענומען מיט שטורעם. פאַרטיידיקט האָט זי אָבער אַ שלעכט־באַשיצטע פּאָזיציע. די בונדישע רעדנערס איז נישט שווער געווען צו צעקלאַפּן אירע איינשטעלונגען און אַרגומענטן. די פּועלי־ציוניסטישע פאָרשלאָגן זענען אָפּגעוואָרפן געוואָרן מיט אַלע שטימען קעגן אַ דריי צענדלינג, וועלכע האָבן געשטימט מיט דער פּועלי־ציוניסטישער שטעלונג. צווישן די, וועלכע האָבן גע־שטימט פאַרן פּועלי־ציוניסטישן פאָרשלאָג פון פאַכפאַראיינען זענען אויך געווען די עטלעכע אַנאַרכיסטיש געשטימטע דעלעגאַטן. נאָך דער אָפּשטימונג האָט פאַלאַ בער דערקלערט, אַז פּועלי־ציון וואַרפן זיך נישט אונטער די באַשלוסן פון דער דעלעגאַטן־פאַרזאַמלונג. זיי וועלן שאַפן פאַכפאַראיינען לויט זייער איינשטעלונג. די פּועלי־ציון־גרופּע האָט פאַרלאָזן די דעלעגאַטן־פאַרזאַמלונג אונטער אַ פּיפּעריי און אַ האָגל פון פיינטלעכע אויסרופן און נישט אָפּעטיטלעכע עפּיטעטן.

פאַלאַ בערס אַרויסטריט אויף דער דעלעגאַטן־פאַרזאַמלונג איז געווען ווי דאָס באַווייזן זיך פון אַ העל־לייכטנדיקן קאָמעט אויפן האָריזאָנט פונעם יידיש־געזעל־שאַפטלעכן לעבן. די פירנדיקע טוערס פון בונד האָבן באַגריפן, אַז דאָס דאָזיקע מיידל מיט איר שיינקייט, אינטעליגענץ און רעדנער־טאַלאַנט וועט זיין איינע פון די שטאַרקסטע קעגנערס אויף דער עפנטלעכער אַרבעטער־אַרענע. און ווען ס׳זענען באַהאַנדלט געוואָרן די ריכטליניעס פון קאַמף קעגן פּועלי־ציון אויפן געביט פון דער פּראָפ. באַוועגונג, איז די פּערזאָן פון פאַלאַ בער געווען אַן ערנסטער אָביעקט.

איינע פון די קאַמפּמיטלען, וואָס דער בונד האָט באַשלאָסן אָנצווענדן, איז

געווען צו נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל אין וועלכע פּועלי־ציוניסטישע פאַך־פאַרזאַמלונגען, שיקן אַנטשפּרעכנדיקע רעדנערס און אָנגעמען אַלע מעגלעכסטע מיטלען, אַז אויף אַזעלכע פאַרזאַמלונגען זאָל אָנגענומען ווערן די שטעלונג פון בונד — וועגן בראַנזשע־פאַראיינען. און הגם איך האָב פיינט געהאַט דעם ציוניזם און די ציוניסטישע עקספּאַנענטן אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס מיט דער עקסטרעמסטער בונדישער ציונאָפאָביע, פלעג איך טאָן אַל דאָס מעגלעכסטע זיך צו באַגעגענען מיט פאַלאַ בער אויף דער קאַמף־אַרענע, צו פירן מיט איר געפעכטן אויף די פּועלי־ציוניסטישע פאַך־פאַרזאַמלונגען. קיין אידיליע צווישן מיר און פאַלאַ בער האָט אויף די פאַרזאַמלונגען נישט געהערשט. איך פלעג אָבער נאָך אַ געווונענעם צי אַ פאַרשפּילטן ווערטער־דועל אַוועקגיין אַן אויפגעהייטערטער, אַ צופרידענער סיי פון די קלעפּ, וואָס איך פלעג פון איר קריגן און סיי פון די קלעפּ, וואָס איך פלעג איר דערלאַנגען. טראָץ דער אידעיִש־פּאָליטישער קעגנערשאַפט און דעם אונטערשיד פון עלטער: 18 ער, 25 — זי, אַ חילוק פון 7–8 יאָר, וואָס שפּילט אַ גאָר גרויסע ראָלע צווישן די געשלעכטער פון דעם עלטער, זענען מיר געוואָרן האַרציקע פערזענלעכע פריינד — צו יענער צייט דער ערשטער און איינ־ציקער פּועלי־ציוניסט צווישן מיינע פערזענלעכע פריינד.

צום אומגליק פאַר די פּועלי־ציון, פאַרן יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן, און צו מיין פערזענלעכן ווייטיק, האָט די קאָסע פונעם מלאך־המוות פאַרשניטן דאָס לעבן פונעם דאַזיקן פראַכטפולן מיידל. אין דער ערשטער וועלט־מלחמה איז פאַלאַ בער קראַנק געוואָרן אויף טיפוס און יונג און פריצייטיק געשטאָרבן. דער טויט האָט אַוועקגערויבט פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אַ גרויסן כּוח און די יידישע אַרבעטער־סביבה אין פוילן האָט פאַרלוירן איינע פון די גרויסאַרטיקסטע פרויען־טיפּן און פיגורן.

איך קלייב זיך נישט צו שרייבן די געשיכטע פון דער אַנטשטייונג און אַנט־וויקלונג פון דער פּראָפ. באַוועגונג אין דער יידישער אַרבעטער־סביבה אין וואַרשע. איך וויל בלויז פאַרצייכענען אַ רייע פאַקטן און עפּיזאָדן, מיט וועלכע כ'בין פער־זענלעך געווען פאַרבונדן, אָדער געווען נאָענט באַקאַנט.

אַקטיוו בין איך געווען ביים שאַפן און אָרגאַניזאַציאָנעל סטאַביליזירן עטלעכע פון די יאָרנלאַנג־עקזיסטירנדיקע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס אין וואַרשע.

דער ערשטער פאַראיין — חוץ דעם מעטאַל־פאַראיין — וואָס כ'האָב געהאָלפן גרינדן, איז געווען דער פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין פון די קאָפּעליוש־מאַכערס.

אין איינעם אַ טאָג האָבן אין דער בונדישער אַרבעטער־קיך זיך אָריינגעשטעלט דריי אומבאַקאַנטע מענטשן, איין מאַן און צוויי פרויען, און פאַרלאַנגט מ'זאָל זיי פאַרבינדן מיט אַ מיטגליד פונעם פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד, מיט וועמען זיי ווילן

רעדן וועגן אַ וויכטיקן ענין. אין קיכלאַקאַל האָט זיך דאַן, חוץ מיר, קיינער נישט געפונען און איך בין פאַרגעשטעלט געוואָרן פאַר די אומבאַקאַנטע געסט. איינע פון די צוויי פרויען האָט אויף מיר שאַרף אַ קוק געטאָן, און ווי זי האָט מיר מיט אַ צייט שפּעטער דערציילט, איז איר ערשטער אימפּולס געווען צו געבן אַ פרעג: „אַזאַ יינגל — און אַ מיטגליד פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד"? אָבער אַנשטאָט אַזאַ פראַגע האָט זי געזאָגט: „מיר ווילן דער בונד זאָל אונדז העלפן שאַפן אַ פאַראיין פון קאָפּעליוש־מאַכערס".

די דריי געסט זענען געווען: יודל, אַ הינקענדיקער, וועלכער איז באַקאַנט גע־וואָרן אונטערן נאָמען „דער לאָמער יודל" דאָס מיידל וואָס האָט געמאַכט די ווענ־דונג, האָט זיך פאָרגעשטעלט ווי סאָניע טשעמעלינסקאַ, נישט קיין יפת־תואר, אָבער מיט אַ פּנים און אויגן, וואָס האָבן עדות געזאָגט, אַז דאָס מיידל פאַרמאָגט כאַראַקטער. די דריטע, אַ זייער שיינע ברונעטקע, איז דורך די אַנדערע צוויי גערופן געוואָרן דבורהלע.

אויסהערנדיק די ווענדונג, האָב איך די דריי געסט פאַרגעלייגט זיי זאָלן זיך זען מיט מרדכי שניידער. סאָניע טשעמעלינסקאַס ענטפער איז געווען: מיט די מענטשן פונעם נאָדל־פאַראיין האָבן מיר שוין גערעדט און זיי האָבן אונדז געראָטן זיך דירעקט צו פאַרבינדן מיטן פאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד. ס'קען קיין רייד נישט זיין וועגן ווערן אַ טייל פון אַן אַנדער פאַראיין. די קאָפּעליוש־מאַכערס ווילן האָבן זייער אייגענעם פראָפעסיאָנעלן פאַראיין. אין דער גאַנצער וועלט זענען די קאָ־פּעליוש־מאַכערס אָרגאַניזירט אין זעלבשטענדיקע פאַראיינען און עס עקזיסטירט אַ וועלט־צענטראַלע פון די קאָפּעליוש־מאַכערס־פאַראיינען, און אַפילו אין די שווער־סטע באַדינגונגען פונעם צאַרישן רעזשים האָט דער באַוווסטזיניקער עלעמענט פון די ייִדישע קאָפּעליוש־מאַכערס אָנגעהאַלטן אַ פאַרבינדונג מיט דער וועלט־צענ־טראַלע.

די רייד און דער אופן פון סאָניע טשעמעלינסקאַס רעדן האָבן נישט פאַרפעלט צו האָבן זייער ווירקונג. כ'האָב די דעלעגאַציע צוגעזאָגט זייער ענין אויפצונעמען אויף אַ זיצונג פונעם פאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד און פאַרגעלייגט זיי זאָלן מיט מיר שטיין אין אַ כסדרדיקער פאַרבינדונג.

דער ענין קאָפּעליוש־מאַכערס האָט אויף דער זיצונג פונעם וואַרשעווער פּאַר־טיי־קאָמיטעט פון בונד אַרויסגערופן אַ לאַנגע און אַ הייסע דיסקוסיע. נאָכגעבן דעם פאַרלאַנג פון דער דעלעגאַציע האָט געמיינט ברעכן דעם פּרינציפּ פון בראַנזשע־פאַראיינען (היינט וואָלט מען געזאָגט: אינדוסטריעלע פאַראיינען). אַ טייל קאָמיטעט־מיטגלידער האָבן געהאַלטן, אַז מען טאָר דעם דאָזיקן פּרינציפּ נישט ברעכן אונטער קיין שום אומשטענדן. די מערהייט האָט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר העלפן שאַפן אַ סעפּאַראַטן קאָפּעליוש־מאַכערס־פאַראיין. איך בין באַאויפטראַגט געוואָרן זיך צו פאַר־נעמען מיט העלפן אָרגאַניזירן דעם דאָזיקן פאַראיין.

מיט די דריי חברים און מיט די אַנדערע, וועלכע זיי האָבן צוגעצויגן, איז געווען אַ פאַרגעניגן צו אַרבעטן. דער לאָמער יודל האָט פאַרמאָגט אַ ים מיט ענערגיע און דער גראַדער שׂכל פון סאָניע טשעמעלינסקאַ האָט אַ סך מיטגעהאָלפן אין דער אַרבעט און אַן אויפמערקזאַמקייט צו איר פערזאָן. די איינציקע ערנסטע מיינונג־פאַרשיידנקייט צווישן מיר און די איניציאַטאָרן און שפּעטער מיט דער פאַרוואַלטונג פון פאַראיין איז געווען זייער קעגנערשאַפט אַריינצונעמען אין באַשטאַנד פון פאַר־איין דאָס פאַך פון היטן־פוצערקעס. נישט איך און נישט די אינטערווענצן פונעם צענטראַל־ביוראָ פון די פראָפעסיאָנעלע בראַנזשע־פאַראיינען און פונעם פאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד האָבן נישט געהאַט קיין ווירקונג; די אָנפירונג איז געבליבן פאַרעקשנט. די מיטגלידערשאַפט פון קאַפעליוש־מאַכערס־פאַראיין איז באַשטאַנען פון די מענער קאַפעליוש־מאַכערס און פון די פרויען שטרויניייערינס. עטלעכע יאָר שפּעטער האָט דער קאַפעליוש־מאַכערס־פאַראיין זיך פאַראייניקט מיטן נאָדל־פאַראיין.

זאָל ביי דער געלעגנהייט פאַרצייכנט ווערן דער גורל פון די דריי פּיאָנערן פונעם קאַפעליוש־מאַכערס־פאַראיין.

דער לאָמער יודל האָט מיט זיינע פעיִקייטן זיך אַרויסגעוויזן צו זיין באַגרע־נעצט צו אַ גוטן פאַכטוער. כּל־זמן דער קאַפעליוש־מאַכערס־פאַראיין האָט עקזיס־טירט איז ער געווען די צענטראַלע פאַראיין־פיגור, אָבער נאָך דער פאַראייניקונג מיטן נאָדל־פאַראיין האָט ער אין דעם דאָזיקן פאַראיין געשפּילט אַ קנאַפּע ראָלע. צו קיין פּאָליטישער קאַריערע אין בונד, צו וועלכער ער האָט געלעכצט מיט אַלע זיינע כּוחות, איז ער קיין מאָל נישט דערגאַנגען. בשעת די קאַמפן אין בונד צווישן לינקס און רעכטס האָט ער געהערט צו דער אַ״ג לינקער פראַקציע, און נאָך דער שפּאַלטונג איז ער געבליבן אין בונד.

דער לאָמער יודל, דער פּיאָנער פון קאַפעליוש־מאַכערס־פאַראיין, איז אומגע־בראַכט געוואָרן דורך די נאַציס.

דבורהלע איז געווען אַ בונדיסטין נאָך אין די יאָרן פון 1905, געלעבט אַ צייט אין פּאַריז. אירע פעיִקייטן ווי אַ געזעלשאַפטלעכע טוערין זענען וואַרשיינלעך נאָך דער רעוואָלוציע פון 1905 פאַרגליווערט געוואָרן און איר טעטיקייט אין דער ערש־טער פאַראיין־פאַרוואַלטונג איז געווען אַ מינימאַלע. נאָך דער פאַרענדיקונג פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זי פאַרלאָזט פּוילן און זיך באַזעצט אין די פאַראייניקטע שטאַטן. בעת כ׳שרייב די שורות, געפינט זי זיך אין ניו־יאָרק.

סאָניע טשעמעלינסקאַ האָט געמאַכט אַ בונדישע פאַרטיי־קאַריערע. זי איז געווען די איינציקע בונדיסטין, וואָס איז אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה דורך דער דייטשישער אָקופּאַציע־מאַכט פאַרשיקט געוואָרן אין אַ קאָנצענ־טראַציע־לאַגער. די באַציִונג פון די דייטשישע מיליטער־ און פּאָליציי־באַאַמטע לגבי איר האָט געדינט ווי אַ מאַטעריאַל פאַר אַן אינטערפּעלאַציע מצד די אָפּאָ־

זיציאָנעלע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין דייטשישן רייכסטאַג וועגן און קעגן דער באַ־האַנדלונג פון דער דייטשישער מיליטערישער און פּאָליציייִשער מאַכט לגבי די אַרעסטירטע סאָציאַליסטישע פירערס און טוערס פון פּוילן, און באַזונדערס לגבי סאָניען.

אין פאַרלויף פון עטלעכע יאָר איז סאָניע טשעמעלינסקאַ געווען די איינציקע פרוי אינעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד. איר שטערן איז פאַרלאָשן געוואָרן מיטן אָנקומען קיין וואַרשע פון שׂרה שוועבער און פון דינה בלאָנד. סאָניע טשעמעלינסקאַ האָט נישט פאַרמאָגט זייער וויסן, פעיִקייטן און פּאָליטיש־געזעל־שאַפטלעכער דערפאַרונג, און איז דורך אַ שׂרה שוועבער און אַ דינה בלאַנד לייכט דיסטאַנסירט געוואָרן. דאָס טויער צום וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד האָט זיך פאַר איר אויף תּמיד פאַרהאַקט.

נישט זייענדיק קיין נאַר, האָט סאָניע טשעמעלינסקאַ געמאַכט אַ גוטע מינע צום בייזן שפּיל. זי איז געוואָרן אַ לערערין אין די בונדישע פאָלקסשולן און געגאַסן פון איר מאַנס, עמנואל נאָוואָגרודסקיס, פּאַרטיי־קאַריערע.

פון אונדזערע ערשטע באַגעגענישן ביז דער שפּאַלטונג פון בונד זענען די פּערזענלעכע באַציִונגען צווישן מיר און סאָניע טשעמעלינסקאַ געווען האַרציק־פריינדלעכע, און זינט דער שפּאַלטונג פון בונד — רעזערווירט־קאָרעקטע.

סאָניע טשעמעלינסקאַ—נאָוואָגרודסקאַ, פּיאָנער פונעם קאַפּעליוש־מאַכערס־פאַראיין און אין משך פון אַ צייט — מיטגליד פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד, האָט געטיילט דעם גורל פון די וואַרשעווער ייִדן: זי איז אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס.

אַקטיוו בין איך אויך געווען ביים גרינדן, אויפבויען און סטאַביליזירן דעם דערנערונג־פאַראיין.

נאָך פאַרן אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אונטערן צאַרישן רע־זשים, זענען אין דער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע פון בונד געווען מיטגלידער צוויי אַרבעטער, באַשעפטיקטע ביי צוקערלעך און שאָקאָלאַד.ביידע האָבן געהאַט דעם זעלבן נאָמען: פישל. איינעם האָט מען גערופן „דער קליינער פישעלע", דעם צווייטן — „דער גרויסער פישל".

אין איינעם אַ טאָג ווענדט זיך צו מיר דער קליינער פישעלע איך זאָל אָנוועק־שטעלן אויפן טאָג־אָרדענונג פונעם פּאַרטיי־קאָמיטעט דעם ענין וועגן העלפן שאַפן אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די צוקערלעך־ און שאָקאָלאַד־אַרבעטער.

דער ענין האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין קאָמפּליצירט. ס'איז נישט געווען דער געהעריקער פאַראיין, אין וועלכן דאָס געגעבענע פאַך האָט געקענט אַריינגיין ווי אַ באַשטאַנדטייל. ס'איז אויפגעקומען אַ פּלאַן צו פאַרוואַנדלען דעם בעקער־פאַראיין אין אַ באַשפּייזונג־פאַראיין. די בעקערס האָבן זיך אָבער קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט

צו אָפּילירן מיט אַנדערע פֿאַכן און אַפֿילו נישט געוואָלט אַריינגעמען ווי פֿאַראיין־מיטגלידער די בעקערס, וואָס האָבן געאַרבעט ביי צוקער־געבעקס. דער קאָמיטעט פֿון בונד האָט דעריבער באַשלאָסן צו שאַפֿן אַ פּראָפֿעסיאָנעלן פֿאַראיין פֿון די צוויי פֿאַכן: פֿון די לעקעך־בעקערס און פֿון די צוקערלעך און שאָקאָלאַד־אַרבעטער, און דעם פֿאַראיין אַ נאָמען געגעבן „דערנערונג־פֿאַראיין". איך בין באַשטימט געוואָרן מיטצוהעלפֿן אין דער שאַפֿונג פֿון דעם דאָזיקן פֿאַראיין.

ווער עס זענען געווען צווישן די פֿיאָנערן פֿונעם דערנערונג־פֿאַראיין מצד די לעקעך־בעקערס — געדענק איך נישט. געבליבן זענען אין זכרון דריי טוערס פֿונעם צד פֿון די צוקערלעך־ און שאָקאָלאַד־אַרבעטער, און צווישן זיי — אַ ייִד מיט אַ שוואַרצער באָרד און אין טראַדיציאָנעלער הלבשה.

די צוזאַמענאַרבעט מיט די פֿיאָנערן פֿון דערנערונג־פֿאַראיין, סיי בעת זיין אַנטשטיין און סיי בעת זיין אָרגאַניזאַציאָנעלער סטאַביליזאַציע, איז געווען אַ חברישע און אַ האַרמאָנישע.

דער דערנערונג־פֿאַראיין האָט עקזיסטירט זינט אויגוסט 1915 ביז דער נאַצי־שער אָקופּאַציע פֿון וואַרשע אין סעפּטעמבער 1939.

דער גורל פֿון די דריי פֿיאָנערן פֿון דערנערונג־פֿאַראיין איז מיר אומבאַקאַנט. זינט דער שפּאַלטונג פֿון בונד אין האַרבסט 1921 האָב איך מיט די דערמאָנטע חברים נישט געהאַט קיין שום קאָנטאַקט.

געווען בין איך אויך אַקטיוו ביים שאַפֿן דעם לעדער־גאַלאַנטעריע־פֿאַראיין.

דער פּלאַן צו פֿאַרוואַנדלען די פֿאַכן פֿון לעדער־גאַלאַנטעריע: דאַמען־בייטלען, הענטשקעס, פּאַסקעס, שעלקעס, און ענלעכע פֿאַכן ווי אַ באַשטאַנדטייל פֿונעם לעדער־פֿאַראיין, האָט געמוזט אויפֿגעגעבן ווערן צוליב דער אָפּאָזיציע פֿון די טוערס פֿון לעדער־גאַלאַנטעריע־פֿאַכן, וועלכע האָבן זיך און זייערע פֿאַכן באַטראַכט פֿאַר אײדעלע און נישט געוואָלט זיך געפֿינען אין איין געזעלשאַפֿט מיט די געגריוועטע שוסטערס, וואַלקערס, גאַרבערס.

חוץ דעם איז די סטראַטעגיע פֿון וויקטאָר שולמאַן געווען, אַז אונטער דער בונ־דישער השפּעה זאָל זיך געפֿינען אַ וואָס גרעסערע צאָל פֿאַראיינען, נישט קיין פּיק־ציעס, חלילה, נאָר געהעריק סעלעקטירן און צופּאַסן די פֿאַכן אין בראַנזשע־פֿאַראיי־נען און געבן די פֿאַראיינען פּאַסיקע נעמען. די נעמען: לעדער־גאַלאַנטעריע, האָלץ־גאַלאַנטעריע, דערנערונג, פּאַפּיר, זענען געווען נעמען פֿון פֿאַראיינען, וואָס זענען באַשטאַנען פֿון עטלעכע ענלעכע פֿאַכן און געקענט פֿאַרצייכנט ווערן ווי „בראַנזשע־פֿאַראיינען".

לכתחילה איז די פֿונקציע צו העלפֿן שאַפֿן דעם לעדער־גאַלאַנטעריע־פֿאַראיין איבערגעגעבן געוואָרן דעם קאָמיטעט־מיטגליד סעמיאָן. ער האָט אָבער באַוויזן גאַנץ שנעל צו צעקריגן זיך מיט די גרינדערס פֿון לעדער־גאַלאַנטעריע־פֿאַראיין אויף

אַן אופן, װאָס האָט געדראָט מיט אַ סקאַנדאַל, און דער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד איז געצװוּנגען געװען צו באַזײַטיקן סעמיאָנען פון דער דאָזיקער אַרבעט, און מיך באַשטימט איבערצונעמען די פונקציע פון העלפן אָרגאַניזירן דעם דאָזיקן פאַראײן.

פון די פּיאָנערן פון לעדער־גאַלאַנטעריע־פאַראײן געדענקט זיך: קושניר, לעאָן האַלאַנד און דער קלײנער משהלע.

קושניר, אַ הענטשקע־מאַכער פון פאַך, איז געװען אַ פּאַרטײ־מיטגליד נאָך פון די צײַטן פון צאַרישן רעזשים און האָט אַקטיװ מיטגעאַרבעט אין דער בונדישער װירטשאַפט־אַקציע. ער איז געװען אַ טיפּ פון אַ דיסציפּלינירטן פּאַרטײ־האָרעפּאַש־ניק, מיט דער קװאַליטעט פון אַ טוער אין אַ פאַך־קאָמיסיע. װי אַן אויספירער, איז קושניר געװען אַ גוטער מאַטעריאַל פאַר צוזאַמענאַרבעט, אָבער לגמרי אומפּעיִק פאַר דער ראָלע פון אַ פאַראײן־פירער.

לעאָן האַלאַנד, פון פאַך אַ דאַמען־בײַטל־מאַכער, איז געװען אַן אַרבעטער מיט בילדונג פון עטלעכע קלאַסן מיטלשול (גימנאַזיע) — אַ פענאָמען צװישן די ייִדישע אַרבעטער צו יענער צײַט אין װאַרשע, אַ יחיד במינו צװישן דער גרויסער צאָל פּיאָנערן פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראײנען. ס'זענען געװען אַ באַדײַטנדיקע צאָל אַרבעטער־אינטעליגענטן, אַנדערש געזאָגט: אינטעליגענטע אַרבעטער, אָבער אַן אַרבעטער־טוער מיט אַ נאָרמאַלער שולבילדונג פון עטלעכע קלאַסן מיטלשול איז אין יענער צײַט נישט געװען בנימצא אינעם ייִדישן אַרבעטער־אַקטיװ אין װאַרשע. געװען איז לעאָן האַלאַנד אַ באַלעזענער בחור אין דער פּױלישער און אין דער רוסי־שער שפּראַך, אָבער אומפּעיִק געװען זיך טײלן מיט זײַן װיסן מיט װעמען עס איז, מיט אַ יחיד אָדער מיט אַ גרופּע. ער איז אויך נישט געװען קײן טיפּ פון קײן אָרגאַ־ניזאַטאָר, אָבער אַן אויסגעצײכנטער קאַנצעלאַריע־מענטש.

דער קלײנער משהלע, אויך אַ דאַמען־בײַטל־מאַכער פון פאַך, איז געװען אַ גוטער קענער פון דער ייִדישער ליטעראַטור, אָבער אַ טיפּישער שלימזל אין אָרגאַ־ניזאַציאָנעלע ענינים. מיט אַ צײַט שפּעטער האָבן זיך משהלעס פעיִקײטן אַנטפּלעקט אויפן געביט פון ביבליאָטעק־װעזן, װי אַ ביבליאָטעקאַר. ער איז געװען דער ערש־טער ביבליאָטעקאַר פון דער גראָסער־ביבליאָטעק אין װאַרשע.

די פּיאָנערן־גרופּע פונעם לעדער־גאַלאַנטעריע־פאַראײן איז נישט געװען דער־װאַקסן צו די אויפגאַבעס װאָס זענען פאַר זײ געשטאַנען און כ'האָב ממש די כּוחות אָװעקגעלײגט ביז ס'איז געלונגען דעם דאָזיקן פאַראײן צו שטעלן אויף אײגענע פיס.

דער לעדער־גאַלאַנטעריע־פאַראײן איז לאַנגע יאָרן געװען דער שװאַכסטער רינג אין דער קײט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראײנען, װאָס האָבן זיך געפונען אונטער דער השפּעה פון בונד. יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק איז אין דעם פאַראײן פאָרגעקומען אַ קריזיס. דאָס צענטראַל־ביוראָ פון די פּראָפעסיאָנעלע בראַנזשע־פאַראײנען און דער װאַרשעװער קאָמיטעט פון בונד האָט כּסדר געדאַרפט אונטער־שטעלן אַ פּלײצע צו ראַטעװען דעם פאַראײן פון אונטערגאַנג. אין 1920—1921

איז אָנגעקומען געוואָרן אַ באַשלוס צו פֿאַראייניקן דעם לעדער־גאַלאַנטעריע־פֿאַראיין מיטן לעדער־פֿאַראיין, און ס׳האָט שוין געהאַלטן דערביי, אַז אָט־אָט זאָל די פֿאַראייניקונג צו שטאַנד קומען. די סיבות און מאָטיוון, וואָס האָבן ממש אין דער לעצטער מינוט, צעשטערט די פֿאַראייניקונג, געהערן צו אַ וויכטיק און נישט קיין קאַפּיטל אין דער געשיכטע פֿון בונד אין פּוילן, וועגן וועלכן ס׳וועט מיר נאָך אויסקומען צו דערציילן אין יענעם טייל זכרונות, וואָס זענען פֿאַרבונדן מיט מיין טעטיקייט אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג.

דער גורל פֿון די דריי פּיאָנערן פֿונעם לעדער־גאַלאַנטעריע־פֿאַראיין איז אויף וויפֿל ס׳איז מיר באַקאַנט, אַזאַ: קושניר איז אומגעקומען פֿון אַ יאַפּאַנישער באָמבע אין שאַנכאַי, כינע, ווו ער האָט זיך געפֿונען ווי אַ פּליט אין דער צייט פֿון דער לעצטער וועלט־מלחמה; לעאָן האָלאַנד איז געשטאָרבן אין פּאַריז אין די יאָרן 1960—1962; משהלע איז אומגעקומען דורך די נאַצישע רוצחים.

מיין צושטייער אין דער אַקציע פֿון שאַפֿן, אויפֿבוי און סטאַביליזאַציע פֿון דער פּראָפֿ. באַוועגונג אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס אין וואַרשע זומער 1915 איז, אין פֿאַרגלייך מיטן צושטייער פֿון די אַנדערע מיטגלידער פֿונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פֿון בונד, געווען דער קלענסטער. אויף מיין חלק איז אויסגעפֿאַלן — חוץ דער מעטאַל־פֿאַראיך, וועגן וועלכן איך וועל שרייבן באַזונדער — דריי צאָלמעסיק קליינע און נישט קיין וויכטיקע אָרגאַניזאַציעס. די אַנדערע מיטגלידער פֿונעם בונדישן פּאַרטיי־קאָמיטעט זענען באַשעפֿטיקט געווען ביים שאַפֿן און אויפֿבוי פֿון די גרויסע און פּראָמינענטע פֿאַראיינען.

נישט לייכט איז געווען דער געבורט און די אָרגאַניזאַציאָנעלע באַפֿעסטיקונג פֿון די דורכן בונד אויף שנעל געשאַפֿענע פּראָפֿ. אָרגאַניזאַציעס. דער פּראָצעס פֿון שאַפֿן און אויפֿבוי איז פֿאַרבונדן געווען מיט אַ סך שוועריקייטן, קאָמפּליצירטע סיטואַציעס און מיט שווערע פּראָבלעמען. ווי אַן אילוסטראַציע איז גענוג צו דערמאָנען בלויז עטלעכע פֿאַקטן:

אין לעדער־פֿאַראיין איז אַנטשטאַנען אַ סעצעסיע פֿון אַנאַרכיסטן, אָנגעפֿירט פֿון מרדכי שוסטער, פֿאַר אַ סעפּאַראַטן־פֿאַראיין פֿון געגריוועטע שוסטערס. צום גליק זענען די אַנאַרכיסטן נישט געווען אייניק צווישן זיך וועגן שאַפֿן אַ סעפּאַראַטן פֿאַראיין און ס׳איז געלונגען צו באַזייטיקן די דאָזיקע געפֿאַר. אַ קלוגער טאַקטישער צוג מצד יוסף באַסאַק האָט דערפֿירט דערצו, אַז די צוויי סעקציעס ביי די געגריוועטע שוסטערס, „גרויסע״ און „קליינע״, זאָלן זיך פֿאַראייניקן און האָבן איין פֿאַך־קאָמיסיע. ס׳איז עלימינירט געוואָרן די יאָרן־לאַנגע אָרגאַניזאַציאָנעלע העגעמאָניע פֿון די אַנאַרכיסטן ביי די געגריוועטע שוסטערס און דער בונד האָט באַקומען די השפּעה אינעם דאָזיקן גרויסן און וויכטיקן פֿאַך.

אינעם נאָדל־פֿאַראיין זענען געווען צרות צוליבן מאַנגל פֿון אַ פֿירנדיקן אַקטיוו.

יאַנעק־יאַנקעלעוויטש האָט געמוזט באַנוצן די הילף פון אַ רייע חברים, נישט קיין נאָדל־אַרבעטער, ביים אויפבוי פונעם נאָדל־פאַראיין.

אינעם בויפאַראיין איז די לאַגע געווען אַן אומדערטרעגלעכע. משה סטאָליאַר האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין אַבסאָלוט אומטויגלעך פאַר די נייע אויפגאַבעס. אויף דער סצענע האָט באַוויזן אַן אַנדער משה, דער „ווייסער משה" — אַ טיפּ, וואָס ווערט אין דער פוילישער שפּראַך באַצייכנט מיטן נאָמען „וואַרכאָל" (איך האָב נישט קיין פּאַסיק יידיש וואָרט פאַר דעם דאָזיקן פּוילישן טערמין).

דער „ווייסער משה", אַ בונדיסט און אַ געוועזענער טוער ביי די בוי־סטאָליאַרעס אין 1905, און נאָך דער פאַרשפּילטער רעוואָלוציע — עטלעכע יאָר אין דער שווייץ, איז געקומען מיט פּרעטענסיעס פון אַ גדול און פון אַ גוואַלדאָוונעם פירער און האָט זיך באַטראַכט פאַר דעם קייסער פונעם פאַראיין, נישט געוואָלט זיך רעכענען מיט קיין באַשלוסן, דירעקטיוון און אָנווייזונגען, אָפּגעוואָרפן מיט דער נאַרישער חוצפּה פון אַ קרעטין יעדן זאַכלעכן פאָרשלאָג, וואָס האָט געהאַט פאַר אַ ציל אָרגאַניזאַציאָנעל צו פאַרפעסטיקן דעם פאַראיין. ער פלעגט שרייען צו יאַנעק־יאַנקעלעוויטשן און צו אַנדערע פאַרטיי־טוערס: „יינגלעך וועלן קומען מיך לערנען וואָס צו טאָן אין אַ פאַראיין? מיך, וואָס איז געשלאָפן מיט ווערא זאַסוליטש, מיט קאָלאָנטאַי? געטרונקען יעדן טאָג טיי מיט פּלעכאַנאָוון און אים אָנגעוויזן וועגן וואָס און ווי אַזוי צו שרייבן? וואָס האָט געגעבן שאַכמאַט לענינען, טראָצקין, לונאַטשאַרסקין ביים שפּילן מיט זיי שאָך — מיך זאָלן סמאַרקאַטשעס לערנען?!" דער דאָזיקער פּראַ־אדם האָט מיט זיינע ווילדע און משונהדיקע שטיק פאַראַליזירט דעם אויפבוי פונעם בויפאַראיין.

צו קענען שפּילן זיין וואַרכאָלסקע ראָלע האָט זיך דעם „ווייסן משהן" איינגעגעבן אַ געוויסע צייט צוליב עטלעכע סיבות: ער האָט פאַזירט פאַר דעם אמתן בונדיסט און געהאַט צו הילף עטלעכע בויסטאָליאַרעס, וועלכע האָבן געהאַט פּרעטענסיעס צום אַלטן משהן, פאַר באַוועלן זיי ביים פאַרטיילן הילף אין די בונדישע הילף־אינסטיטוציעס.

ערשט נאָך דעם, ווי דער וואַרשעווער פאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד מיט וויקטאָר שולמאַנען בראָש האָט זיך ענערגיש אַ נעם געטאָן צום דאָזיקן פאַרשוין, געשפּאָלטן די רייען פון זיינע אָנהענגערס און געשאַפן אַן אַקטיוו פון אַ גרופּע מענטשן, צווישן וועלכע ס'האָט זיך געפונען דער שטובן־מאָלער פישער (שפּעטער אַ באַקאַנטער און גוטער טוער פונעם בויפאַראיין און פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי פון פוילן אונטערן נאָמען פּאַווין) איז דער „ווייסער משה" באַזייטיקט געוואָרן פון יעדער מין אָנפירונג אין בויפאַראיין און דער בויפאַראיין האָט אָנגעהויבן נאָרמאַל זיך צו אַנטוויקלען און איז אויסגעוואַקסן צו איינער פון די סאָלידסטע פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס.

ממש טראַגיש איז געווען די סיטואַציע אינעם דרוקער־פאַראיין.

דער דרוקער־פאַראיין איז געווען איינער פון די 6 פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, וואָס זענען עטאַבלירט געוואָרן באַלד אינעם ערשטן טאָג פונעם אַריינקומען פון דייטשישן מיליטער קיין וואַרשע. די איניציאַטאָרן און גרינדערס זענען געווען יאַנעק־יאַנקעלעוויטש און דוד הענדלער. ס'איז געווען באַטירלעך, אַז יאַנעק, אַליין אַ דרוקער פון פאַך, זאָל מצד דעם פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד זיין דער יעניקער, וואָס האָט די פּאַרטיי־אויפזיכט איבער דער אַנטוויקלונג פונעם דאָזיקן פאַראיין.

ווען דער דרוקער־פאַראיין האָט זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזאַציאָנעל אויפצובויען, האָט זיך געלאָזט מערקן, אַז די פּועלי־ציון האָבן אַן איינפלוס צווישן די דרוקער־אַרבעטער און אַז ס'דראָט פון דער זייט אַ געוויסע געפאַר פאַר דער בונדישער השפעה אינעם דאָזיקן פאַראיין. קיינער האָט זיך אָבער נישט פאַרגעשטעלט, אַז די לאַגע איז אַ געפערלעכע, און אַז די צרות וועלן קומען בעיקר פון אַן „אייגענעם", פון אַן אַלטן בונדיסט. מיט אומגעדולד און מיט אַ געוויסער נערוועזקייט האָבן די מיטגלידער פונעם קאָמיטעט פון בונד דערוואַרט די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון די דרוקערס. כּמעט אַלע קאָמיטעט־מיטגלידער, מיט וויקטאָר שולמאַן בראָש, זענען געווען אָנוועזנדיק אויף דער פאַרזאַמלונג. געקומען איז אויך דער שטאָב פון פּועלי־ציון מיט ישׂראל רייכמאַן, יצחק לעוו און פאַלאַ בער בראָש.

אין וואָס פאַר אַ לאָקאַל די פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען — געדענקט זיך נישט. דוכט זיך, אַז אויך די דרוקער־פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען אין לאָקאַל פון דער יידישער גמינע. געעפנט די פאַרזאַמלונג האָט יאַנעק־יאַנקעלעוויטש און פאָרגע־לייגט אַ טאָג־אָרדענונג און צו וויילן אַ פאָרזיצער. ווי קאַנדידאַטן פאַר פאָרזיצער זענען אָנגערופן געוואָרן: יאַנעק־יאַנקעלעוויטש און קאַזאַקעוויטש.

נאָך איידער יאַנעק האָט באַוויזן צו שטעלן צו אָפּשטימונג די פאָרגעלייגטע קאַנדידאַטן, האָט דער דרוקער־אַרבעטער ליטוואַק, אַ זעצער אין דער טאָגצייטונג „היינט", אַן אַלטער בונדיסט, גענומען אַ וואָרט צו דער טאָג־אָרדענונג און געהאַלטן אַ העצרעדע קעגן די, וועלכע ווילן דעם פאַראיין פאַרטייזירן. ער האָט קלאָר געזאָגט, אַז ער מיינט דערמיט קודם־כּל דעם בונד און אַריינגעטראָגן אַ פאָרמעלן פאָרשלאָג, אַז ווער ס'איז נישט קיין דרוקער־אַרבעטער, זאָל פאַרלאָזן די פאַר־זאַמלונג.

ליטוואַקס פאָרשלאָג האָט אַרויסגערופן אַ הייסע און ביטערע דיסקוסיע. מצד דעם בונד און מצד פּועלי־ציון איז מען אַרויסגעטראָטן קעגן ליטוואַקס פאָרשלאָג. ליטוואַק איז אָבער געקומען צוגעגרייט מיט אַן אָרגאַניזירטער צאַלמעסיק־גרויסער גרופּע „אומפּאַרטייאישע" און אַ ריזיקע מערהייט האָט געשטימט פאַרן פאָרשלאָג. די פּאַרטייִשטאָבן פון בונד און פּועלי־ציון האָבן פאַרלאָזט די פאַרזאַמלונג.

פונעם באַריכט, וואָס יאַנעק־יאַנקעלעוויטש האָט אָפּגעגעבן אויפן פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד און פון די ידיעות, וואָס זענען געקומען פון אָנטיילנעמערס אין דער פאַרזאַמלונג האָט זיך באַקומען אַזאַ מין בילד:

ליטוואַק מיט זיין גרופּע האָבן געקעמפט פאַר „אמתער אומפּאַרטייִשקייט״. ער איז אַרויסגעטראָטן קעגען דער קאַנדידאַטור פון יאַנעק־יאַנקעלעוויטש ווי פאַר־זיצער פון דער פאַרזאַמלונג, באַגרינדנדיק זיך מיטן אַרגומענט, אַז יאַנעק איז נישט קיין דרוקער, נאָר אַ געוועזענער דרוקער, וועלכע איז שוין זינט יאָרן נישט באַ־שעפטיקט אין פאַך. דער רעזולטאַט איז געווען אַז יאַנעק־יאַנקעלעוויטש איז דורכ־געפאַלן ווי אַ פאַרזיצער אויף דער פאַרזאַמלונג און ווי אַ מיטגליד פון דער פאַר־וואַלטונג. פאַר פאַרזיצער איז דערוויילט געוואָרן אַ פּועלי־ציוניסט און די מערהייט פון דער דערווילטער פאַרוואַלטונג איז באַשטאַנען פון פּועלי־ציוניסטן.

משמעות, אַז ליטוואַק האָט זיך נישט געריכט אויף אַזאַ פּאַרטייִשן אויסגאַנג, אָדער דאָס בונדישע געוויסן האָט זיך אין אים אויפגעוועקט, און ווען ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן אָנשלוס פונעם דרוקער־פאַראיין אין צענטראַל־ביוראָ פון די פּראָ־פעסיאָנעלע בראַנזשע־פאַראיינען, האָט ליטוואַק, ווי אַ לייב, געקעמפט פאַר אַ תּיכּפדיקן אָנשלוס, און אַז דער דרוקער־פאַראיין זאָל נישט קענען פאַרלאָזן דאָס צענטראַל־ביוראָ לויט אַ באַשלוס פון דער פאַרוואַלטונג, נאָר לויט אַ באַשלוס פון אַ ספּעציעלער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג, אָדער פון אַ פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער ס׳וועט געווילט אַ פאַרוואַלטונג. ליטוואַקס פאָרשלאַג האָט געקריגן — ווי מען האָט דערציילט — אַן 80 פּראָצענט שטימען, און ווי פאַרשטייערס פונעם דרוקער־פאַראיין צום צענטראַל־ביוראָ פון די פּראָפעסיאָנעלע בראַנזשע־פאַראיינען זענען אויף דער פאַרזאַמלונג אויסגעווילט געוואָרן דער פּועלי־ציוניסט קאַזאַקעוויטש און ליטוואַק.

די דרוקער־פאַרזאַמלונג האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם אין דער בונדישער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע. דאָס אויסווילן אַ פּועלי־ציוניסטישע מערהייט אין דער פאַרוואַלטונג פונעם דרוקער־פאַראיין — פון אַ פאַך, וואָס איז זינט יאָרן געווען אַ דאָמענע פון בונדישן איינפלוס — האָט דעם בונדישן פּאַרטיי־אַקטיוו געטראָפן ווי אַ דונער אין מיטן העלן טאָג. דער כּעס אויפן פּאַרטיי־קאָמיטעט, וואָס האָט דערלאָזן צו אַזאַ געשעעניש, איז געווען אָן לשער. וואָלטן אין די טעג פאָרגעקומען וואַלן פון אַ פּאַרטיי־קאָמיטעט, וואָלט מסתּמא קיינער פון די קאָמיטעט־מיטגלידער, חוץ אַוורעמל שטריקער, נישט אויסגעווילט געוואָרן.

אויך אויפן פּאַרטיי־קאָמיטעט האָבן זיך געהערט שאַרפע ווערטער פון קריטיק, באַזונדערס אויפן אַדרעס פון יאַנעק־יאַנקעלעוויטש. די שטימונג ביי די קאָמיטעט־מיטגלידער איז געווען אַ דעפּרימירטע. יאַנעק־יאַנקעלעוויטש האָט זיך געפונען אין אַזאַ צושטאַנד, אַז זיינע נאָענטע חברים האָבן מורא געהאַט, ער זאָל נישט קריגן קיין נערוון־צוזאַמענבראָך. אָן אויסנאַם זענען געווען וויקטאָר שולמאַן און יוסף באָסאַק, וועלכע האָבן רויִקער אויפגענומען די מפּלה פון בונד אויף דער דרוקער־פאַרזאַמלונג.

יוסף באָסאַק האָט זיין אָפּשאַצונג פאָרמולירט אויף אַ פּשוטן אופן: „מ׳האָט

האַלץ — פאַלן שפּענער״. אין שולחן־ערוך שטייט נישט געשריבן, אַז יעדע אַקציע מוז זיין אַ הונדערט־פּראָצענטיקער דערפאָלג. ביז איצט זענען מיר געגאַנגען פון איין דערפאָלג צו אַ צווייטן, און מיר האָבן געמיינט, אַז דאָס קומט אונדז מן השמים. די דרוקער־פאַרזאַמלונג האָט אונדז געלערנט, אַז מ׳דאַרף תּמיד זיין פּאַרזיכטיק און נישט זיין אין פאָרויס זיכער מיט אַ נצחון. ס׳דאַרף אויך זיין אַ לערע פאַרן פּאַרטיי־קאָמיטעט, אַז ביים איבערגעבן אַ חבר אַן אויפגאַבע זאָל מען נישט זאָגן, ווי ביז איצט: זאָל ער זיך שלאָגן קאָפּ אין קישן! נאָר האָבן אַן אויג און אַ קאָנטראָל. יעדער חבר דאַרף ביי זיך אָפּמאַכן, אַז אין פאַל ס׳גייט אים נישט, ווי ער וויל אָדער ווי ער האָט פּלאַנירט, זאָל ער קומען צום קאָמיטעט און זאָגן אויפריכטיק, ווי ס׳זעט אויס און זיך נישט שעמען צו פאַרלאַנגען הילף.

וויקטאָר שולמאַן האָט דעם פּאַרטיי־דורכפאַל ביי די דרוקערס באַטראַכט אַנאַ־ליטיש. אויסגעפאָרשט יעדן פּרט אינעם פאַרלויף פון דער פאַרזאַמלונג, און באַזונ־דערס די אָפּשטימונג וועגן אַנשלוס אין צענטראַל־ביוראָ, און געמאַכט דעם אויספיר, אַז די פּאַרטיי־מפּלה איז אַ טעכנישע און נישט קיין אידעיִש־פּאָליטישע; אין דער צוקונפט האָט דאָס צענטראַל־ביוראָ די בעסטע מעגלעכקייטן צו פאַרריכטן דעם שאָדן און צוגרייטן אַ פּועלי־ציוניסטישע מפּלה. אַנאַליזירנדיק די האַנדלונגען פון די צוויי אַלטע בונדיסטן, פון „ווייסן משה״ און פון ליטוואַקן, איז וויקטאָר שולמאַנס אויספיר געווען, אַז דער „ווייסער משה״ האָט געהאַנדלט ווי אַ פּסיכאָפּאַט און מ׳האָט אים געמוזט אָן רחמנות באַזייטיקן, דאַקעגן ליטוואַקן דאַרף מען זיך באַמיִען פּאַרטייִש צוריק צו געווינען.

די צוקונפט האָט געוויזן, אַז די אָפּשאַצונג און דער אויספיר פון וויקטאָר שולמאַן איז געווען אַ ריכטיקע. ווען כ׳בין זומער 1918 צוריקגעקומען פון דייטש־לאַנד קיין וואַרשע, איז דער דרוקער־פאַראיין געווען פולשטענדיק באַהערשט דורכן בונד און יאַנעק־יאַנקעלעוויטש איז געווען אַ מיטגליד פון דער פאַראיין־פאַרוואַל־טונג. קיין פּועלי־ציוניסט האָט מער נישט פיגורירט ווי אַ פאַרטרעטער פונעם דרוקער־פאַראיין אין צענטראַל־ביוראָ פון די פּראָפעסיאָנעלע בראַנזשע־פאַראיינען — און ליטוואַק איז געווען אַ מיטגליד פונעם וואַרשעווער קאָמיטעט פון בונד.

וועלכע ס׳זענען געווען די סיבות און מאָטיוון פון ליטוואַקס אַנטי־בונדישער און אַנטי־יאַנעק אַרויסטריט אויף דער ערשטער פאַרזאַמלונג פון די דרוקערס, האָב איך קיין מאָל זיך נישט דערוווּסט. ביי יאַנעק־יאַנקעלעוויטשן איז די ער־שטע דרוקער־פאַרזאַמלונג געבליבן אַ נישט פאַרהיילטע וווּנד. ער האָט ליטוואַקן קיין מאָל נישט מוחל געווען זיין האַנדלונג אויף דער דערמאָנטער פאַרזאַמלונג, און טראָץ דעם, וואָס ביידע זענען געווען מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג פונעם דרוקער־פאַראיין, פון צענטראַל ביוראָ פון די פּראָפעסיאָנעלע בראַנזשע־פאַראיינען און פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד, האָט יאַנעק־יאַנקעלעוויטש קיין מאָל נישט אויס־גערעדט אַ וואָרט צו ליטוואַקן. ער האָט געשטימט פאַר אַ ליטוואַק־פאָרשלאָג, אויב

ער האָט אים געהאַלטן פאַר ריכטיק, אָבער נישט געשטיצט אָדער קאָמענטירט. און אין פאַל אויב יאַנעק איז מיט ליטוואַקס אַ פאָרשלאָג נישט מסכּים געווען, פלעגט ער שטימען קעגן, אָבער נישט גערעדט אָדער דיסקוטירט דעם פאָרשלאָג.

אָבער חוץ שוועריקייטן, צרות און קאָמפּליצירטע סיטואַציעס, איז בשעת דער אַקציע פון שאַפן, אויפבויען און סטאַביליזירן די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין זומער 1915, געווען אויך אַ סך פרייד, פּאַרטייִשער נחת און פערזענלעכע סאַטיס־פאַקציע.

געוויסע פאַראיינען האָבן לייכט דורכגעמאַכט זייער געבורט, אויפבוי און סטאַ־ביליזאַציע. און איינע פון זיי איז געווען דער טעקסטיל־פאַראיין.

פאַר די פּיאָנערן פונעם טעקסטיל־פאַראיין דאַרפן באַטראַכט ווערן אַוורעמל שטריקער און צוויי שמוקלער־אַרבעטער. איינער, אַ טיפּ פון אַ סקאַנדינאַוויער: בלאָנד, הויך און שיין, דער צווייטער איז געווען אַ בלינדער.

באַזונדערס אַקטיוו איז געווען דער בלינדער, וועלכער האָט אַרויסגעוויזן ממש אַן אָרגאַניזאַציאָנעלע געניאַלקייט אין זיין אומגליקלעכן צושטאַנד. מ׳האָט וועגן דעם בלינדן זייער אַ סך גערעדט צווישן בונדישן פּאַרטיי־אַקטיוו און אויף די זיצונגען פונעם בונדישן פּאַרטיי־קאָמיטעט, און גערעדט האָט מען וועגן זיין טעטי־קייט מיט די העכסטע סופּערלאַטיוון. וואָס איך געדענק וועגן די צוויי שמוקלער־אַרבעטער, פּיאָנערן פון טעקסטיל־פאַראיין, איז אָט וואָס:

דער „סקאַנדינאַוויער”, ווי איך רוף אים איצט, איז געווען איינער פון די צוויי ערשטע פאַרטרעטערס פונעם טעקסטיל־פאַראיין אין צענטראַל־ביוראָ פון די פּראָ־פעסיאָנעלע בראַנזשע־פאַראיינען. (דער צווייטער איז געווען אַוורעמל שטריקער). בעת דעם קאַמף צווישן לינקס און רעכטס אין בונד, איז ער געווען פון די סאַמע רעכטסטע, איינער פון די געציילטע פון דער בונדישער גרופּע ביים טעקסטיל־פאַראיין, וואָס איז נאָך דער שפּאַלטונג פאַרבליבן מיטן בונד. זינט מיין צוריקקומען פון תּפיסה זומער 1927, האָב איך אים מער נישט באַגעגנט.

דעם בלינדן פלעג איך פאָרן אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אָפט זען אין איינעם פון די גרויסע הייף אויף נאַלעווקעס ביים פלעכטן קאָלירטע שטריק־לעך, אַ מאָל אַליין און אַ מאָל מיט נאָך איינעם, איינער פלעגט אַנטקעגנגיין דעם אַנדערן, באַגעגענען זיך און אָפּטרעטן, הין און צוריק, ווי אין אַן אויסדרעסירטן ריטמישן טאַנץ.

בעת דער בונדישער ווירטשאַפט־אַקציע איז דער בלינדער געווען אַ קאָנסומענט פונעם ברויטפאַרטייל. זיין פאַמיליע האָט אַרויסגענומען מיטאָגן, און ער אַליין פלעגט עסן אין קיכלאָקאַל. ווען מ׳האָט אים געפרעגט, פאַר וואָס ער עסט נישט זיין מיטאָג ביי זיך אין דער היים, אַז יעדער פלאַץ, וואָס ווערט נישט גייטיק פאַרנומען אין לאָקאַל, באַעוולט דורך דעם אַן אַנדערער אַרבעטער־קאָנסומענט, איז זיין ענטפער געווען: „כ׳האָב ליב צו זיין צווישן מענטשן און הערן מענטשן רעדן. איך זע נישט

די מענטשן, איך פיל זיי אָבער. איך האָב ליב צו הערן מענטשלעכע שטימען און צו פילן דעם מענטשלעכן ריח. אין שטוב בין איך אַ בלינדער, און דאָ פיל איך זיך ווי אַ נאָרמאַלער מענטש״.

צום באַדויערן געדענק איך נישט די נעמען פון די צוויי שמוקלער־אַרבעטער. באַזונדערס באַדויער איך וואָס דער זכּרון פאַרראָט מיך און געדענקט נישט דעם נאָמען פון דעם בלינדן שמוקלער־אַרבעטער. עפּעס מוז זיין נישט אין אָרדענונג מיט מיין זכּרון. איך געדענק אויסגעצייכנט די פיזיאָנאָמיעס פון מענטשן און די סיטו־אַציעס, אָבער זעלטענער נעמען און דאַטעס.

ליידער געדענק איך אויך נישט ווען און ביי וועלכע אומשטענדן דער אייגנ־אַרטיקער בלינדער אַרבעטס־מענטש, פּיאָנער פון טעקסטיל־פאַראיין און מיטגליד פון דער בונדישער פּאַרטיי־גרופּע ביים טעקסטיל־פאַראיין איז פאַרשווּנדן פון דער קאָלירפולער ייִדישער אַרבעטער־גאַס פון וואַרשע.

און איך טראַכט: אַך! וואָס פאַר אַ ווונדערלעכער עקזעמפּלאַר דער בלינדער שמוקלער־אַרבעטער איז פאַר אַ טיפּ פון אַן אַרבעטער־העלד אין אַ נאָוועלע, און צי וועט זיך אַ מאָל געפינען אַ היסטאָריקער פונעם ייִדישן אַרבעטער־לעבן אין פּוילן, וועלכער וועט דעם דאָזיקן אָריגינאַל אין דער ייִדישער אַרבעטער־סביבה אין וואַרשע שטעלן אַ שריפטלעכע מצבה?

אפשר...

---

די אַרבעט פון שאַפן, אויפבויען און סטאַביליזירן די פּראָפעסיאָנעלע פאַר־איינען אויף דער ייִדישער אַרבעטער־גאַס אין וואַרשע אין זומער 1915, איז געוואָרן פאַרענדיקט אין אַן ערך 2 חדשים.

עס זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן צענדליגער פאַך־פאַרזאַמלונגען, אויף וועלכע ס׳זענען אויסגעוויילט געוואָרן פאַך־קאָמיסיעס אין באַשטאַנד פון 5–9 מיטגלידער. ס׳זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַלגעמיינע פאַראיין־פאַרזאַמלונגען, פאַרוואַלטונגען זענען דערוויילט געוואָרן. עס זענען פאָרגעקומען קאָנסטיטויִרונג־זיצונגען, אויף וועלכע ס׳זענען אויסגעוויילט געוואָרן די פאַראיין־באַאַמטע. די בראַנזשע־פאַראיי־נען: נאָדל, לעדער, מעטאַל, טעקסטיל, בוי, דערנערונג, לעדער־גאַלאַנטעריע, האָלץ־גאַלאַנטעריע, פּאַפּיר, און 3 גרויסע, וויכטיקע און חשובע פאַכפאַראייִנען: בעקערס, דרוקערס און קאָפּעליוש־מאַכערס, האָבן פונקציאָנירט און אָפּערירט מיט הונדער־טער מיטגלידער און מיט אַ צאָלרייכן אַקטיוו. די פּראָפ. באַוועגונג אויף דער ייִדישער אַרבעטער־גאַס אין וואַרשע איז געוואָרן אַ פאַקט — אַ לעגאַל־עפנטלעכע אָרגאַני־זאַציע און אַ פאַקטאָר אין פּאָליטישן און אין געזעלשאַפטלעכן לעבן.

אַוודאי האָט נאָך געדויערט אַ לענגערע צייט ביז די אינערלעכע אָרגאַניזאַציע פון די פּראָפּפאַראייִנען האָבן זיך פאַרהאַרטעוועט און פאַרפעסטיקט, זיי זענען אָבער באַלד פעיִק געווען צו פירן די אַרבעט און דערפילן זייערע אויפגאַבעס.

און די דאָזיקע, ממש ציקלאָפּישע אונטערנעמונג איז פּלאַנירט, איניציִרט און אָנגעפירט געוואָרן דורכן וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד, און דער שטאַב אַרכיטעקטן, אינזשענירן און אויספירער פון דער דאָזיקער קאָלאָסאַלער אונטער־נעמונג איז באַשטאַנען פון... 5 פּערזאָן: וויקטאָר שולמאַן, יאַנעק־יאַנקעלעוויטש, אַוורעמל שטריקער, יוסף באָסאַק און הערשל מעטאַלאָוויעץ.

דאָס קען קלינגען אומגלייבלעך, פאַנטאַסטיש און גוזמאדיק. אָבער דאָס וועט נישט ענדערן דעם היסטאָריש־אומבאַשטרייטלעכן פאַקט, אַז נישט מער ווי 5 מענטשן זענען געווען די יעניקע, וועלכע האָבן אונטערגענומען די גיגאַנטישע אַרבעט און אין אַ קורצער צייט זי אַדורכגעפירט.

לאָמיר דערציילן עפּעס וועגן דעם צושטאַנד פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמי־טעט פון בונד בשעת דער צוגרייטונג און אין דעם פּראָצעס פון שאַפן און פאַר־פעסטיקן די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן.

פון די 9 מיטגלידער פונעם וואַרשעווער בונדישן פּאַרטיי־קאָמיטעט, אויסגע־וויילטע אויף אַן אונטערערדישער קאָנפערענץ אין פעברואַר 1915, אונטערן צאַרישן מיליטערישן קריגסרעזשים, זענען אין טאָג פון דער דייטשישער אָקופּאַציע פון וואַרשע פאַרבליבן 6 מיטגלידער. צוויי חברים — אַ לאָדזשער חבר און שמוליק האַלבערשטאַט — זענען פאַרשוווּנדן. בנימין וואַלקער איז אַוועק אין ביאַליסטאָקער געגנט און זיך אומגעקערט און פאַרנומען זיין אָרט אין קאָמיטעט אַ צייט נאָך דעם, ווי די אַקציע פון שאַפן די פּראָפפאַראיינען איז שוין געווען פאַרענדיקט. צוגעקומען איז אַוורעמל שטריקער, און צוזאַמען מיטן הויפּט־פונקציאָנאַר, וויקטאָר שולמאַן, איז דער קאָמיטעט באַשטאַנען פון 8 פּערזאָן.

אסתּר די שניידערין און משה סטאָליאַר האָבן אין די געענדערטע אומשטענדן זיך געפילט ווי אַ פליג אין אַ טאָפּ האָניק. זיי זענען אַבסאָלוט אומפעיִק געווען צו וועלכער ס'איז אַרבעט און אַרומגעדרייט זיך ווי לעבעדיקע מתים. סעמיאָן האָט ביי די ערשטע שריט געמאַכט אַזעלכע בולבעס, אַז מ'האָט אים געמוזט אין גאַנצן באַזייטיקן פון דער פאַראיין־אַקציע. ביז היינט איז מיר נישט פאַרשטענדלעך דאָס אומגליק מיט סעמיאָנען: אַ מענטש אַ באַזאַכטער, אַן אינטעליגענטער און אַ גאַנץ פעיִקער — האָט ער אָפּגעטאָן איין נאַרישקייט גרעסער ווי די צווייטע, און פון יעדער אַרבעט, וואָס אים איז צוגעטיילט געוואָרן, אָפילו פון אַז אויפגאַבע, ווי פירן פאַרהאַנדלונגען מיט אַ גרופּע קולטורניקעס, וועלכע האָבן פאַרמאָגט אַן אייגענע היפּשע ביבליאָטעק, האָט מען אים געמוזט באַזייטיקן. געבליבן זענען בלויז 4 קאָמיטעט־מיטגלידער און וויקטאָר שולמאַן, וועלכע האָבן אויף זייערע פּלייצעס אויסגעטראָגן די לאַסט פון גרינדן, אויפבויען און סטאַביליזירן די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען.

„אומבאַגרייפלעך" — וועט ווער זאָגן אָדער טראַכטן. זיכער איז אַזאַ אַרבעט, אָפּגעטאָן פון 5 מענטשן אין אַזאַ קורצער צייט, שווער צו באַגרייפן. איך אַליין האָב

זיך נישט איין מאָל געוווּנדערט און זיך אַליין געפרעגט: ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך געווען. און אויב מען וועט נאָך צוגעבן, אַז אַחוץ דאָס זיין אַנגאַזשירט אין דער אַקציע מיטן שאַפן די לעגאַלע פּראָפ.־באַוועגונג, האָבן די דערמאָנטע חברים אין דער זעלבער צייט אויך דערליידיקט אַנדערע פּאַרטיי־אַרבעטן און געווען אַקטיוו ביים שאַפן פאַרשיידענע אַנדערע פּאַרטייִיש־געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, וועט דער וווּנדער ווערן נאָך פיל גרעסער. זעט אויס, אַז אין אויסעראָרדנטלעכע היס־טאָרישע אומשטענדן ווערן מענטשן, וועלכע די געשיכטע האָט אַוועקגעשטעלט פאַר גרויסע היסטאָריש־פאַראַנטוואָרטלעכע אויפגאַבעס, שטאַרק געענדערט; זייער ענער־גיע, ווילנקראַפט און אייגנטימלעכע פעיִקייטן ווערן מולטיפּליצירט פילפאַכיק.

און ס׳איז נישט קיין צופאַל די רייע, אין וועלכער כ׳האָב אויסגעשטעלט די 5 מיטגלידער פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט, די בויערס פון דער פּראָפ.־באַוועגונג אויף דער יִידישער אַרבעטער־גאַס אין וואַרשע. די רייע שטימט מיט דער קוואַליטאַטיווער און קוואַנטיטאַטיווער ראָלע פון יעדער פון די 5 פּערזאָן.

דעם אויבנאָן קומט אָן שום ספק וויקטאָר שולמאַנען. ער איז געווען דער מוח און דאָס האַרץ פון דער גיגאַנטישער אונטערנעמונג, דער שטאַבשעף און דער סאָל־דאַט, דער טעאָרעטיקער און דער שוואַרץ־אַרבעטער. וויקטאָר שולמאַן איז געווען פאַרזיצער פון כּמעט אַלע אַלגעמיינע פאַראיין־פאַרזאַמלונגען און גלייכצייטיק איז ער געווען גרייט און געקומען צו הילף ווען זיין הילף איז נייטיק געווען אַפילו אויף אַן איינפאַכער פאַך־פאַרזאַמלונג.

יאַנעק־יאַנקעלעוויטש איז געווען דער צענטראַלער נערוו — אַרבעטזאַם ווי אַן אייזל, אויסדויערדיק ווי אַ מדבר־קעמל, מיט אַ קלוגן לויטערן קאָפּ און אַ שנעלער אָריענטאַציע. רויִק און גאַלאַנט, ווי אַן אויסגעשולטער דיפּלאָמאַט, מיט אַ בלאַסן שמייכל אויפן מאָגערן פּנים, האָט ער שטיל און בנעימות פאַראַרבעט פאַר צען. צו יאַנעקן איז מען געקומען מיט ידיעות, אינפאָרמאַציעס, פרעגן אַן עצה, הערן זיינס אַ מיינונג, און יעדער איינער איז פון אים אַוועקגעגאַנגען אַ באַרויִקטער און אַ צופרידענער.

אַווּרעמל שטריקער איז געווען דער דינאַמאָ. מיט זיין טעמפּעראַמענט און רירעוודיקייט האָט ער אָנגעשטעקט, סטימולירט און געטריבן צו מעשׂים. אָפּט מאָל שרייענדיק און זידלענדיק, אָבער שטענדיק גוטברודעריש, האָבן די, וועלכע האָבן מיט אים מיטגעאַרבעט, געדרן דערפילט זיינע פאַראָרדענונגען און באַפעלן.

יוסף באָסאַק איז געווען ווי פויעריש זעטיק־שוואַרץ ברויט: פשוט, קלאָר, אַן דער מינדסטער פראַזעאָלאָגיע, באַזאַכט און אויסגערעכנט. מיט אַ שטאַרקן חוש פאַר פּראַקטישקייט, פלעגט זיינס אַ מיינונג, דירעקטיוו און באַפעל זיין פאַרשטענד־לעך און אָנרעגנדיק. די, וועלכע האָבן מיט אים מיטגעאַרבעט, האָבן אין אים געזען אַ קאָמאַנדיר, וואָס ווייסט ווען און ווי אַזוי צו געבן באַפעלן, און ווען און ווי אַזוי זיין מחנה צו פאַרוואַנדלען אין בראַווע און דערפאָלגרייכע שלאַכטלייט.

דער פינפטער, הערשל מעטאַלאָוויעץ, דער ייִנגסטער אין יאָרן און אין געזעל־שאַפטלעכער טעטיקייט, האָט משמעות אַריינגעפּאַסט זיך אין דער סיטואַציע. וואָס איך וויל וועגן זיך זאָגן איז אָט וואָס: אין דער צייט פון דער פאַראיין־אַקציע בין איך אויסגעוואַקסן און אַ שפּרונג געטאָן אין מיין פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכער אַנטוויק־לונג אויף מיילן פאָרויס. אין אַן אַנדער צייט און ביי אַנדערע אומשטענדן וואָלט אַוודאי געדאַרפט דויערן אַ סך לענגער, כּדי צו דערגרייכן דעם מעמד און ניוואָ.

פון וואַנען האָבן די פינף בונדישע טוערס גענומען די פיזישע כּוחות דורכצו־פירן אַזאַ גראַנדיעזע אַרבעט אין אַזאַ קורצער צייט? קיין גיבורים זענען זיי דאָך נישט געווען: אַווראַמל שטריקער איז געווען אַ חולה־מסוכּן, יאַנעק־יאַנקעלעוויטש איז געווען אַ פיזיש־שוואַכער מענטש מיט אַ כראָנישן הוסט, וויקטאָר שולמאַן און איך זענען אויך קיין העלדן נישט געווען. דער איינציקער פיזיש־געזונטער איז געווען יוסף באָסאַק. טאָ פון וואַנען האָט זיך גענומען דער פיזישער כּוח צו אַרבעטן אָן אויפהער פון 8 אַ זייגער אין דער פרי ביז 1–2 אַ זייגער ביי נאַכט? אָפּצוהאַלטן יעדן טאָג פאַרזאַמלונגען, זיצונגען און אָנצאָליקע שמועסן? און אַזוי יעדן טאָג, זיבן טעג אַ וואָך?

דאָס איז אַ פראַגע, אויף וועלכער איך קען קיין ענטפער נישט געבן. וואָס איך בין מחויב צו דערציילן איז נעמלעך: אַ מלאך, אין געשטאַלט פון אַ מיידל מיטן נאָמען אסתּר, אַ פרייוויליקע מיטאַרבעטערין פון דער בונדישער אַרבעטער־קיך פון דעם ערשטן טאָג פון איר גרינדונג, האָט זיך אָפּיעקעוועט איבער אונדז און געטאָן אַל דאָס מעגלעכע, מיר זאָלן פיזיש נישט צוזאַמענברעכן. אָנגעלאָדן מיט אַ נאַש, אַ ביס, אַ טרונק געצוקערטע טיי, אַ ביסל מילך — האָט מען אסתּרן תּמיד געהאַט לעבן זיך. זי האָט געוווּסט ווו און ווי לאַנג עמעצער פון די 5 געפינט זיך, און אַליין געבררענגט, אָדער געשיקט ווּעמען, מיט עפּעס איבערצוכאַפּן דאָס האַרץ. נישט איין מאָל האָט אסתּר אַנשטאָט אַ דאַנק, געקריגן אַ ריטש הינטערן אויער פון היציקן אַווראַמל שטריקער אָדער פון דעם זייער „טאַקטפולן" הערשל מעטאַ־לאָוויעץ, פאַר וואָס מען שטערט אים אין מיטן דער אַרבעט. אסתּר האָט פון דעם אַפּראָנט זיך נישט געמאַכט וויסנדיק, אַ מאָל, פון פאַרדרוס, האָט אַ בלישטשע געטאָן אַ טרער אין אירע אויגן, אָבער מיט עקשנות האָט זי דערפילט איר ראָלע פון אַ סאַמאַריטאַנקע אויפן שלאַכטפעלד.

און דאָס דאָזיקע האַרציקע און אַחריותדיקע מיידל, די שפּעטערדיקע פרוי פונעם דרוקער־אַרבעטער און בונדישן טוער שקלאַר, איז אין אירע בעסטע און גליקלעכסטע יאָרן פון אַן אומהיילבאַרער קרענק צוגעשמידט געוואָרן צום בעט אויף לאַנגע יאָרן.

און ס'וועט נישט זיין קיין האָר איבערגעטריבן, קיין שמץ פון גוזמא און פון גאווה, ווען כ'וועל מאַכן די קאַטעגאָרישע באַהויפּטונג, אַז אַ דאַנק דער איניציאַטיוו, פּלאַנירונג און אָנפירונג דורכן וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד און אַ דאַנק

דעם דורכפירן דאָס שאַפן, דעם אויפבוי און די סטאַביליזאַציע פון דער פּראָפ.־באַוועגונג אויף דער ייִדישער אַרבעטער־גאַס אין וואַרשע אין זומער 1915, דורך די דעמאָלטדיקע 5 מיטגלידער פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד — איך חזר איבער די נעמען לזכּרון : וויקטאָר שולמאַן, יאַנעק־יאַנקעלעוויטש, אַווערעמל שטריקער, יוסף באַסאַק און הערשל מעטאַלאָוויעץ — איז געשאַפן געוואָרן אַ ווערק פון אַ היסטאָרישן פּאַרנעם און באַטייט, איז געלייגט געוואָרן דער יסוד פון דער מאַסן־באַוועגונג פונעם ייִדישן אַרבעטער־קלאַס נישט נאָר פון וואַרשע, נאָר אויך פון גאַנץ פּוילן — אַ מאַסן־באַוועגונג פונעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט אין פּוילן, וועמענס פּאָליטישער העגעמאָן ס׳איז געווען דער בונד ביז האַרבסט 1921, און נאָך דער פּאַראייניקונג פונעם קאָמבונד מיט דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פּוילן — פּאַרוואַנדלט די קאָמ. באַוועגונג אין דעם שטאַרקסטן פּאָליטישן כּוח אין דער ייִדי־שער אַרבעטער־סביבה אויף דער פּוילישער ערד.

## דער ייִדישער מעטאַל־אַרבעטער־פּאַראיין

דערציילן וועגן דער אַנטשטייונג און דעם אויפבוי פון דער פּראָפ. באַוועגונג אויף דער ייִדישער גאַס אין וואַרשע, אין זומער 1915, און נישט דערציילן עפּעס פון די פאַקטן און עפּיזאָדן פון דער אַנטוויקלונג פון ייִדישן מעטאַל־אַרבעטער־פּאַראיין — דאָס געבוירן־פּלאַץ פון מיין פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעך לעבן, דעם וויכטיקסטן אָפּשניט פון מיין טעטיקייט ביים גרינדן די פּראָפעסיאָנעלע פּאַראיינען — וואָלט געמיינט באַדן זיך אין אַ ים און די פיס נישט נאַס געמאַכט, אָדער פּראַווען אַ שׂימחה און טאַטע־מאַמע פאַרשטעקן אין אַ ווינקל, מ׳זאָל זיי נישט זען.

דאָס שאַפן דעם ייִדישן מעטאַל־אַרבעטער־פּאַראיין איז פּאָרגעקומען אין פרי־מאָרגן פונעם ערשטן טאָג נאָכן אַריינקום פון די דייטשן קיין וואַרשע.

אין לאָקאַל פון דער בונדישער אַרבעטער־קיך האָבן זיך געפונען אַ צאָל מעטאַל־אַרבעטער. כ׳האָב גענומען דאָס שילדל מיטן אויפשריפט : „פּראָפעסיאָנעלער בראַנ־זשע־פּאַראיין פון מעטאַל־אַרבעטער", מיטגערופן דריי פּאַרטיי־מיטגלידער, די צוויי בראָנזאָווניקעס מיט די זעלבע נעמען: הענעך, גערופן הענעך פּראַגער,ביידע איינוווינערס פון דער פאָרשטאָט פּראַגע, אָדער הענעך בראָנזאָווניק. און כּדי אונ־טערצושיידן איינעם פון אַנדערן, איז איינער גערופן געוואָרן „דער בלאָנדער", און דער צווייטער „דער שוואַרצער" ; און דעם גיסער לייזערל, מיין פּאַך־קאָלעגע און מיטגליד פון דער פּאַרוואַלטונג פונעם אומלעגאַלן פּראָפעסיאָנעלן פּאַראיין פון מעטאַל־טאָקערס און גיסערס — און כ׳בין מיט זיי אַוועק אין דעם פון פריִער צוגעגרייטן לאָקאַל אויף נאַוואָליפּיע 52. עטלעכע באַקאַנטע מעטאַל־אַרבעטער האָב

איך געשיקט רופן די חברים לייבוש טוכמאַכער, זיין שוואָגער גוטמאַן און דעם גיסער יאַנקל פּאָוואָנזקער, וועלכע האָבן געדאַרפט פיגורירן ווי די איבערגעבליבענע מיטגלידער פון אַ לאַנג עקזיסטירנדיקן פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון מעטאַל־אַרבע־טער — זיי זאָלן גלייך קומען אין לאָקאַל פון פאַראיין.

דער לאָקאַל אויף נאָוואָליפּיע 52 האָט געהערט צו אַ מעטאַל־אַרבעטער און איז געשטעלט געוואָרן צו מיין דיספּאָזיציע נאָך איידער די דייטשן זענען אַריין קיין וואַרשע. דאָס איז געווען אַ פאַרהעלטנישמעסיקער גוטער לאָקאַל — אַ ליידיק צימער מיט אַ באַזונדערן אַריינגאַנג פון די שטיגן. אויך די דריי פיגוראַנטן ווי מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג זענען געווען קוואַליפיצירט פאַר זייער אויפגאַבע. לייבוש טוכמאַכער איז אין די יאָרן 1905–6 געווען דער פאָרזיצער פון אַן עקזיסטירנדיקן לעגאַלן בונדישן פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון יידישע מעטאַל־אַרבעטער אין וואַרשע. טוכמאַכער און גוטמאַן, מעכאַניקערס פון דער גרויסער קנאָפּפאַבריק פון דער פירמע אַרענדאַזש, זענען געווען דערוויילטע פאַבריק־דעלעגאַטן צו דער אַרבעט־אינספּעק־ציע, וואָס די צאַרישע רוסישע מאַכט האָט אין 1912 געהאָט בדעה צו שאַפן. דער גיסער יאַנקל פּאָוואָנזקער, אַ מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג פונעם אומלעגאַלן פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די מעטאַל־טאָקערס און גיסערס, איז געווען אַן אַלטער דערפאַרענער אַרבעטער־טוער.

אינעם צוגעגרייטן לאָקאַל האָבן זיך פאַרזאַמלט 7 מעטאַל־אַרבעטער: 2 מעכאַ־ניקערס — לייבוש טוכמאַכער און גוטמאַן, 2 בראָנזאָווניקעס — ביידע הענעך פּראַגערס. 2 גיסערס — יאַנקל פּאָוואָנזקער און לייזערל, און אַ מעטאַל־טאָקער, הערשל מעטאַלאָוויץ. אָט די 7 חברים זענען געוואָרן דער אָרגאַניזאַציאָנעלער באַזיס פונעם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די יידישע מעטאַל־אַרבעטער אין וואַרשע און פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע אין יידישן מעטאַל־פאַראיין.

אין פאַרלויף פונעם ערשטן טאָג האָבן אין לאָקאַל פון מעטאַל־פאַראיין זיך רעגיסטרירט אַ 25 מעטאַל־אַרבעטער פאַר מיטגלידער פונעם פאַראיין. הענעך פּראַגער (דער בלאָנדער) האָט איבערגענומען די פונקציע פון אַ סעקרעטאַר, און ביז אַרום פּסח 1921, איז ער געווען דער סעקרעטאַר פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די יידישע מעטאַל־אַרבעטער אין וואַרשע (זיין פאַמיליע־נאָמען געדענק איך נישט. אויב ער לעבט, דאַרף ער זיך געפינען ערגעץ אין די דרום־אַמעריקאַנער לענדער).

אויף צו מאָרגנס האָב איך אויף אַ באַראָטונג פון די 7 חברים פון דער איניציאַ־טיוו־גרופּע אָפּגעגעבן אַ באַריכט פון דער זיצונג פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט און פאָרגעלייגט זיך צו קאָנסטיטוּירן ווי אַ צייטווייליקע פאַרוואַלטונג, אויסצוקלייבן די נייטיקע באַאַמטע: פאָרזיצער, סעקרעטאַר און קאַסירער, און אויס־צוויילן צוויי חברים ווי פאַרטרעטערס פונעם פאַראיין אין צענטראַל־ביוראָ פון די פּראָפעסיאָנעלע בראַנזשע־פאַראיינען.

דער סעקרעטאַר און קאַסירער, הענעך פּראַגער און גוטמאַן, זענען דערוויילט געוואָרן אַן דיסקוסיעס, אַזוי אויך די צוויי פּאַרטרעטערס אין צענטראַל־ביוראָ — גוטמאַן און הערשל מעטאַלאָוויעץ. אַ פּלוגתא איז געווען וועגן פאָרזיצער. די איינשטימיקע מיינונג איז געווען, אַז לייבוש טוכמאַכער זאָל איבערנעמען דעם אַמט: אַן אינטעליגענטער מענטש, אַן אַרבעטער פון אַ גרויסער פאַבריק, מיט דערפאַרונג ווי אַ פאָרזיצער פון אַ פאַראיין אין די יאָרן 1905–6, האָט ער געהאַט אַלע קוואַליפיקאַציעס צו פאַרנעמען דעם אַמט פון אַ פאַראיין־פאָרזיצער. לייבוש טוכמאַכער האָט זיך אָבער קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט אָנצונעמען דעם דאָזיקן אַמט. זיינע מאָטיוון זענען געווען: „איך בין נישט מער פעיִק צו קיין אָפּעראַטיווער אַרבעט, כ׳בין אַן אָפּגעשטאַנענער פיש. כ׳האָב מסכּים געווען צו שפּילן די ראָל פון אַ פיגוראַנט און וועל ווייטער דינען דער באַוועגונג אויף אַ פּאַסיוון אופן".

און אַזוי איז טאַקע געשען. לייבוש טוכמאַכער האָט לאַנגע יאָרן פיגורירט ווי דער פאָרמעלער פאָרזיצער, געווען אַ מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג פונעם מעטאַל־פאַראיין און פון דער בונדישער פּאַרטיי־גרופּע, געזאָגט זיינס אַ מיינונג אויף אַ זיצונג, אָבער ער האָט נישט געטאָן קיין סך קאָנקרעטע פאַראיין־ אָדער פּאַרטיי־אַרבעט.

אויף דער דערמאָנטער באַראַטונג בין איך אויסגעוויילט געוואָרן ווי פאַראיין־פאָרזיצער און אָנפירער פון דער פּאַרטיי־גרופּע, און אומפאָרמעל פאַרנומען דעם אַמט פון פאַראיין־פאָרזיצער און אויך פאָרמעל געוואָרן אָנפירער פון דער בונדישער פּאַרטיי־גרופּע אין ייִדישן מעטאַל־פאַראיין ביז מיין אַרויסטריט פון בונד. איך האָב פּרעזידירט אויף אַלע זיצונגען פון דער פאַראיין־פאַרוואַלטונג און פון דער פּאַרטיי־גרופּע, און אויף אַלע פאַראיין־פאַרזאַמלונגען, אויף וועלכע כ׳בין געווען אַנוועזנדיק — אויך אויף דער לעצטער זיצונג פון דער פאַראיין־פאַרוואַלטונג און פון דער בונדישער פּאַרטיי־גרופּע, אויף וועלכער ס׳איז פאָרגעקומען די שפּאַלטונג צווישן בונד און קאָמבונד.

זינט דעם אָנהייב פון שאַפן דעם לעגאַלן יסוד פון ייִדישן מעטאַל־פאַראיין און פון די אַנדערע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אויף דער ייִדישער אַרבעטער־גאַס אין וואַרשע הייבט זיך אָן אַ נייער און אַ וויכטיקער עטאַפּ פון מיין בונדישער, פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט — דער אָנהייב פון מיין קאַריערע ווי אַן עפנטלעכער רעדנער.

דאָס געבן אַן אָרגאַניזאַציאָנעלן תּיקון דעם ייִדישן מעטאַל־פאַראיין אין וואַרשע איז פאַרהעלטנישמעסיק געווען נישט קיין שווערע אויפגאַבע. די פאַרזאַמלונגען און דאָס אויסוויילן די פאַך־קאָמיסיעס פון די מעטאַל־טאָקערס און גיסערס (מאַשאַנזשניקעס) און די בראָנזאָווניקעס איז דורכגעגאַנגען אָן שוועריקייטן, אַזוי אויך אַ פאַרזאַמלונג פון די אַרבעטער אין אַרענדאַזשס גרויסער קנאָפּפאַבריק. די דריי פאַכן

זענען געוואָרן די אָרגאַניזאַציאָנעלע באַזע פונעם ייִדישן מעטאַל־פאַראיין.

אַ פּראָבלעם איז געווען מיט די בלעכערס. דאָס נישט פאַראייניקן דאָס בלעכער־פאַך ווי אַ באַשטאַנדטייל וואָלט לכתּחילה צעקריפּלט די אָרגאַניזאַציאָנעלע פיזיאָ־נאָמיע פונעם מעטאַל־פאַראיין.

דאָס בלעכערפאַך איז געווען פון די סאַמע עלטסטע צווישן די ייִדישע מעטאַל־פאַכן אין וואַרשע, און געהאַט הינטער זיך אַ גלענצנדיקע טראַדיציע פון קאַמף און אָרגאַניזאַציע. נאָך אין 18טן יאָרהונדערט האָבן די וואַרשעווער בלעכערס געפירט אַ פיזישן קאַמף מיטן פוילישן צעך פאַר רעכט אויף אַרבעט. זיי האָבן פאַרמאָגט אין פאַרשיידענע פעריאָדן שולן צום דאַוונען, וואָס האָבן אין זייער צייט געדינט נישט בלויז ווי בתּי־תּפילות, נאָר אויך ווי פאַך־אָרגאַניזאַציעס, פאַראייניגן פאַר קעגנזייטיקער הילף און פאַר קלובן. אין פאַרלויף פון עטלעכע הונדערט יאָר האָט פּלאַץ גזשיבאָווסקע (דער גזשיבאָוו) געדינט ווי אַ פּאַכבערזע, ווו די בלעכער־אַרבעטער זענען יעדן פרימאָרגן זיך צונויפגעקומען פאַרן גיין צו דער אַרבעט און האָט אויך געדינט פאַר זייער אַרבעט־פאַרמיטלונג.

אונטער וואָס פאַר אַ פּאָליטישער השפּעה דאָס בלעכערפאַך האָט זיך געפונען אין די רעוואָלוציע־יאָרן פון 1905, ווייס איך נישט. פאַרן אויסבראָך פון דער ערש־טער וועלט־מלחמה האָב איך קיין בלעכער־אַרבעטער אויף דער בונדישער פּאַרטיי־בערזע נישט באַגעגנט. צווישן די קאָנסומענטן פונעם ברויטפּאַרטייל און פון דער בונדישער אַרבעטער־קיך געדענק איך נישט קיין איינציקן בלעכער־אַרבעטער. קיין דירעקטן קאָנטאַקט מיטן בלעכערפאַך האָבן די פירנדיקע טוערס פון בונד נישט געהאַט. די פּראָוויזאָרישע פאַרוואַלטונג פון מעטאַל־פאַראיין האָט באַשלאָסן אָנצונעמען אַלע מעגלעכסטע מיטלען אויף צו געווינען דאָס בלעכערפאַך ווי אַ טייל פונעם געשאַפענעם מעטאַל־פאַראיין.

אין איינעם אַ פרימאָרגן זענען לייבוש טוכמאַכער, הענעך בראָנזאָווניק און איך אַוועק אויף דער בלעכער־בערזע אויפן גזשיבאָוו און האָבן דערציילט די בלעכער־אַרבעטער וועגן דעם געשאַפענעם מעטאַל־פאַראיין. מיר האָבן אַגיטירט, אַז דאָס בלעכערפאַך זאָל זיך אָנשליסן אין פאַראיין און באַשטימט אַ דאַטע פאַר אַ פאַר־זאַמלונג אינעם לאָקאַל פון דער בונדישער אַרבעטער־קיך.

די בלעכער־אַרבעטער האָבן די פאַראיין־דעלעגאַציע אויפגענומען מיט אַן אייזיקער קאַלטקייט. מיר זענען געווען זיכער אַז די בלעכער־אַרבעטער וועלן נישט קומען צו דער באַשטימטער פאַרזאַמלונג.

צו דער איבערראַשונג פון די פאַראיין־טוערס זענען צו דער באַשטימטער צייט געקומען אַ גרויסע צאָל, אַ 150 בלעכער־אַרבעטער. איך האָב געעפנט די פאַרזאַמ־לונג מיט אַ רעדע וועגן די צילן און אויפגאַבעס פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, וועגן דעם געשאַפענעם מעטאַל־פאַראיין און גערופן די בלעכער־אַרבעטער אָנצו־שליסן זייער פאַך ווי אַ סעקציע פונעם מעטאַל־פאַראיין.

אין דער גאַנצער צייט פון מיין רעדן האָב איך געפילט, אַז מיינע ווערטער שלאָגן זיך אָפּ ווי אַרבעס אין אַ וואַנט. כ׳האָב געהאַט פאַר זיך אַ שטומען ספינקס, ס׳איז נישט געפאַלן קיין איין אַפּלאָדיסמענט, די בלעכער־אַרבעטער האָבן קיין פּיפּס פון זייער מויל נישט אַרויסגעלאָזט, און ווען כ׳האָב פאַרגעלייגט צו ווילן אַ פאָר־זיצער, האָבן די בלעכער־אַרבעטער געענטפערט מיט אַ פאַרגליווערט שווייגן.

כ׳האָב אַלאַרמירט די בונדישע טוערס, וועלכע האָבן זיך געפונען אין קיכלאָקאַל און פאַרלאַנגט הילף. צו הילף זענען מיר געקומען צוויי פון די סאַמע גדולים: וויקטאָר שולמאַן און אַוורעמל שטריקער. אַוורעמל האָט געהאַלטן אַ פלאַמיקע רעדע, אָבער זיינע הייסע ווערטער האָבן זיך אָנגעשלאָגן אין אַן אייזבאַרג: דאָס זעלבע איז געשען מיט די אינטעליגענטישע רייד פון וויקטאָר שולמאַן.

מיט אַ מאָל האָט דאָס אייז אָנגעהויבן קראַכן, געשען איז אָט וואָס: וויקטאָר שולמאַן האָט פאַרלוירן זיין געוויינלעכע רויִקייט, אָוועקגעלייגט אין אַ זייט זיין אינטעליגענטישקייט און אָנגעהויבן רעדן אַ שפּראַך, וואָס כ׳האָב פון אים קיין מאָל נישט געהערט:

„וואָס מיינט איר מיט זיך, יחסנים? איר קומט אויף אייערס אַ פאַרזאַמלונג און זיצט ווי די גולמס! אייערע זיידעס האָבן זיך געשלאָגן מיט די גויִם אויפן ווידאָק און אויפן גזשיבאָוו, אייערע טאַטעס און ברידער זענען געגאַנגען אויף קאַטאָרגע און אויף סיביר, און איר זיצט אויף אייער פאַרזאַמלונג מיט אָנגעבלאָזענע הינטנס און מאַכט אונטער זיך! כאַפּט אייך דער וואַטעמאַכער! טראָגט אייך אָפּ פון דאַנען און זאָל מען מער אייערע פּנימער נישט אָנקוקן אין דער אַרבעטער־מחנה! זאָלן די מעטאַל־אַרבעטער און די בוי־אַרבעטער אייך אָנטאָן אַ שעמהיטל פון אַן אָפּטריניקן! גייט, גייט!״ — האָט וויקטאָר שולמאַן געשריגן אויף די העכסטע טענער און זיך אַוועקגעזעצט אַ באַגאָסענער מיט שוויס.

אינעם צימער פון דער פאַרזאַמלונג איז שטיל געוועזן ווי אין אַן אויער. אַ ווילע שפּעטער האָט זיך פון זיין בענקל אויפגעהויבן אַ מיטלוווקסיקער, מאָגערער בלעכער־אַרבעטער מיט אַ טונקל אָליוו פּנים, אַ „טערק״, ווי מ׳האָט אַזאַ ס׳גאַל מענטש גערופן צו יענער צייט אין וואַרשע. מיט פולע פאַמעלעכע טריט האָט ער זיך דערנענטערט צום רעדנער־טישל און אָנגעהויבן רעדן. די ווערטער פון זיין רעדע האָבן זיך נישט געקלעפּט איינע צו די אַנדערע, די זשעסטיקולאַציעס זיינע זענען געווען משונהדיקע. בונדישע און פאַראיין־טוערס האָבן געקוועטשט מיט די פּלייצעס. די בלעכער־אַרבעטער האָבן אָבער אויפגעלעבט — ס׳האָט גערעדט צו זיי איינער פון זייעריקע. און ווען דער רעדנער האָט געענדיקט מיט אַ פּאָר קלאָרערע ווערטער און גערופן זיינע פאַך־קאָלעגן צו באַשליסן אַז דאָס בלעכערפאַך ווערט אַ טייל פונעם מעטאַל־פאַראיין, האָט מען געקענט פאַרטויבט ווערן פון די יובל־געשרייען.

דער רעדנער, וואָס האָט אַריינגעפירט דאָס בלעכערפאַך אין יידישן מעטאַל־

פּאַראיין איז געווען יצחק צינאַ. צינאַ איז געוואָרן אַ וויכטיקער טוער פון זיין פאַך און פון מעטאַל־פאַראיין, אַ מיטגליד פון דער פאַראיין־פאַרוואַלטונג זינט דער ערשטער דערוויילטער פאַרוואַלטונג זומער 1915, ביז — אויב איך בין זיך נישט טועה — דאָס אָקופּירן וואַרשע דורך די נאַציס. אין פאַרלויף פון זיין פאַך־ און פאַראיין־טעטיקייט האָט זיך יצחק צינאַ היפּשלעך אויסגעמענטשלט. זיין רעדן איז געוואָרן סקלאַדנער און זיין האַלטונג — מער געזעלשאַפטלעך ציוויליזירט.

אין די צוואַנציקער יאָרן איז דאָס בלעכערפאַך באַהערשט געוואָרן דורך די קאָמוניסטן. אַ נייער דור איז אויפגעקומען, און אַ נייער דור פאַקטוערס, מיט מער וויסן, אינטעליגענץ און פעיקייטן האָט איבערגענומען די פירונג פונעם פאַך. יצחק צינאַ האָט פאַרלוירן די השפעה אויפן בלעכערפאַך.

אָבער צום שבח פונעם בלעכער־אַרבעטער יצחק צינאַ דאַרף געזאָגט ווערן, אַז ער איז געווען דער, וואָס האָט אַריינגעפירט דאָס בלעכערפאַך אין באַשטאַנד פונעם מעטאַל־פאַראיין און דערמיט אָרגאַניזאַציאָנעל פאַרפעסטיקט דעם יידישן מעטאַל־פאַראיין אין וואַרשע.

גרויסע שוועריקייטן זענען געווען ביים אָרגאַניזירן און אַריינפירן אין באַשטאַנד פונעם מעטאַל־פאַראיין דאָס פאַך פון זייגער־מאַכערס.

פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה איז וואַרשע געווען דאָס אָרט, ווו ס׳זענען אויסגעפאַרטיקט געוואָרן פאַרשיידענע סאָרטן זייגערס פאַרן גרויסן רוסישן מאַרק און אַפילו פאַר די אַזיאַטישע שטחים אויסער די גרענעצן פון דער דעמאָלטדיקער רוסישער אימפּעריע.

דער מיסחר און די פּראָדוקציע פון זייגערס איז געלעגן אין יידישע הענט. די גראַניטשנע־גאַס איז געווען דער צענטער פונעם מיסחר מיט זייגערס. באַשעפטיקט זענען אין דער זייגער־פּראָדוקציע געווען עטלעכע מינים אַרבעטער. אַ קליינע צאָל האָט געאַרבעט אין די יוּוועליר־געשעפטן ביים פאַרריכטן קאַליע געוואָרענע זייגערס; אַ באַדייטנדיקע צאָל זענען געווען היים־אַרבעטער, וועלכע האָבן אַרויסגענומען אַרבעט ביי די סוחרים; די מיינסטע פון די אַרבעטער זענען געווען באַשעפטיקט אין וואַרשטאַטן, און אין טייל — אַפילו צו עטלעכע צענדלינג אַרבעטער. די אַרבעט אין די וואַרשטאַטן איז שוין געווען אַ מאָדערנערע לויטן סיסטעם פון אַרבעט־צעטיילונג.

די סוחרים און פאַבריקאַנטן זענען אין זייער רוב געווען חסידישע יידן, מיינסטנס גערער חסידים און טייל פון זיי — אויך באַקאַנטע אָרטאָדאָקסישע כּלל־טוערס. אויך די אַרבעטער זענען אין זייער מערהייט געווען חסידישע יידן. אין זייגערמאַכער־וואַרשטאַט אויף גזשיבאָווסקע־גאַס, אין וועלכן ס׳האָבן געאַרבעט אַ 40 אַרבעטער און געהערט צום סוחר פייערשטיין פון גראַניטשנע־גאַס, האָט מען מנחה־מעריב געדאַוונט בציבור, און ווי מ׳האָט דערציילט, האָט מען וויגטערצייט יעדן טאָג אויך

געלערנט בציבור אַ פּרק משניות. די מער וועלטלעכע און די קורץ־געקליידטע זענען געווען ציוניסטן, און אַ סך פון זיי — פּאַנאַטישע העברעיִסטן. מיט ליכט האָט מען דאָרט געדאַרפט זוכן אַ סאָציאַליסט אָדער בונדיסט. איינער פון די דאָזיקע אויסנאַמען איז געווען דער בונדיסט און בונדישער טוער אַברהמל זייגער־מאַכער. ער איז אָבער נאָכן אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה ערגעץ נעלם געוואָרן און מער האָב איך פון אים נישט געהערט.

ווי אַזוי און ווער ס'האָט זיך מיט די זייגער־מאַכערס פאַרבונדן — געדענק איך נישט. אין איינעם אַ טאָג איז אין לאָקאַל פון דער בונדישער אַרבעטער־קיך פאַרגעקומען אַ גוט באַזוכטע פאַרזאַמלונג פון זייגער־מאַכערס. דער פאָרזיצער און דער רעדנער אויף דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג איז געווען וויקטאָר שולמאַן. אויף דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען אַ שווערער און אַ ביטערער פּרינציפּיעלער קאַמף צווישן בונד און די וואָרטזאָגערס פון די זייגער־מאַכערס.

צוויי באַדינגונגען האָבן די וואָרטזאָגערס פון די זייגער־מאַכערס אַרויסגע־שטעלט ווי אַ תּנאי פאַר זייער אָנגעהעריקייט צום מעטאַל־פאַראיין: באַזייטיקן פון סטאַטוס דעם פּונקט וועגן דעם קלאַסן־כאַראַקטער פון פאַראיין, און אַריינעמען אַלע זייגער־מאַכערס. אויך די היים־אַרבעטער, ווי פאַראיין־מיטגלידער.

דער אינטעלעקטועלער ניווֹאָ פון די פאַרזאַמלטע זייגער־מאַכערס איז געווען אַ גאָר הויכער. מ'האָט געדאַרפט פירן אַ פּרינציפּיעלן קאַמף מיט מענטשן, וועלכע האָבן געוווּסט וואָס זיי ווילן און געוואָלט וואָס זיי וויסן.

ביים באַהאַנדלען דאָס פּראָבלעם זייגער־מאַכערס האָט דער וואַרשעווער פּאַר־טיי־קאָמיטעט פון בונד געהאַט זיך צו רעכענען מיט עטלעכע אַספּעקטן: צי לוינט בכלל דער אָנשטרענג צו געווינען דעם דאָזיקן עלעמענט? צי מיטן אַריינעמען זייגער־מאַכערס אין מעטאַל־פאַראיין, וועט נישט געשאַפן ווערן אַ ציוניסטישע פּאָ־זיציע אין די פון בונד געשאַפענע פּראָפפאַראיינען? און צי קען מען אַריינעמען אין אַ פאַראיין אַרבעטער, וואָס אַרבעטן אין דער היים, כאַלופּניקעס? דאָס ענדערן דעם קלאַסן־כאַראַקטער פון די פאַראיינען איז אַפילו נישט געשטעלט געוואָרן צו אַ דיסקוסיע.

געווען איז אַ מערהייט און אַ מינדערהייט. די מינדערהייט, צווישן זיי אויך איך, האָבן געהאַלטן, אַז מ'דאַרף די זייגער־מאַכערס שיקן לעזאזל, און פּטור אַן עסק. די מערהייט, מיט וויקטאָר שולמאַן בראש. האָבן געהאַלטן, אַז ביים גרינדן און סטאַביליזירן די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען טאָר מען נישט מוותר זיין אויף קיין שום גרופּע אַרבעטער. וואָס שייך די היים־אַרבעטער, דאַרף מען די זייגער־מאַכערס אַריינעמען אין פאַראיין, ווייל זיי זענען נישט קיין כאַלופּניקעס, זיי האַלטן נישט קיין מענטשן און אַפילו נישט קיין לערן־ייִנגלעך. וויקטאָר שולמאַן איז באַפולמעכטיקט געוואָרן צו פירן די פאַרהאַנדלונגען מיט די זייגער־מאַכערס.

נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען און נאָך דריי פאַך־פאַרזאַמלונגען איז מען גע־

קומען צו אַן אויסגלייך. די זייגער־מאַכערס האָבן אָנערקענט דעם פּרינציפּ פון קלאַסנקאַמף און בונד איז איינגעגאַנגען אויף אַ רייע קאָנצעסיעס: אַריינגעמען די היים־אַרבעטער ווי מיטגלידער פון פאַראיין, די זייגער־מאַכערס קריגן אַ געהעריקע פאָרשטייערשאַפט אין דער פאַראיין־פאַרוואַלטונג. אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון מעטאַל־פאַראיין זענען דריי זייגער־מאַכערס אַריין אין דער פאַרוואַלטונג פון פאַראיין און איינער פון די דריי איז דערוויילט געוואָרן ווי פאַראיין־קאַסירער.

פאַר וואָס איז געלונגען צו געווינען דאָס זייגער־מאַכער־פאַך ווי אַ באַשטאַנדטייל פונעם מעטאַל־פאַראיין? אַוודאי האָט מען עס אין אַ גרויסער מאָס געהאַט צו פאַרדאַנקען די דיפּלאָמאַטישע פאַרהאַנדלונג־פעיִקייטן פון וויקטאָר שולמאַן און די קאָנצעסיעס, וואָס דער בונד האָט דורכן מעטאַל־פאַראיין געמאַכט די זייגער־מאַכערס. געווען איז אָבער נאָך אַ פאַקטאָר, און אפשר דער סאַמע וויכטיקסטער — דער גערער רבי.

ווי מיר זענען שפּעטער געוואָר געוואָרן, זענען עטלעכע זייגער־מאַכערס אַוועקגעפאָרן צום גערער רבין און אים דערציילט די געשיכטע מיטן פאַראיין, אַז אַלע יִידישע אַרבעטער שאַפן איצט פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און די זייגער־מאַכערס קענען נישט זיין קיין פּורשים מן הציבור. זיי האָבן אים אויך דערציילט וועגן די קריוודעס, וואָס זיי האָבן אויסצושטיין פון די פאַבריקאַנטן. ווי מיטגלידער פון אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין, קענען זיי דערוואַרטן שטיצע אין אַ נויט, ווי עס געניסן אַנדערע אַרבעטער. קיין אַגודת ישׂראל און קיין פּועלי אַגודת ישׂראל האָט נאָך דעמאָלט נישט עקסיסטירט. וועגן שאַפן אייגענע פּראָפפאַראיינען האָט מען נאָך אין די קלעריקאַלע קרייזן נישט געטראַכט. דער גערער רבי האָט געראָטן זיינע חסידים־זייגער־מאַכערס זיך אָנצושליסן אין מעטאַל־פאַראיין, אָבער נישט לאָזן זיך פאַרפירן פון די אַפּיקורסים.

אין שייכות מיט די פאַרזאַמלונגען פון די זייגער־מאַכערס, איז כּדאי צו דערציילן אַ קוריאָז.

אויף איינער פון די פאַרזאַמלונגען איז אַרויסגעטראָטן אַ יונגער בחור: אַ לאַנגער, אַ דאַרער, אין יִדיש־טראַדיציאָנעלער קליידונג, מיט אַ קאָלנער פון אייגענעם העמד און אָן אַ שניפּסל. זיין רעדע איז געווען ווי פון אַ רעליגיעזן ציוניסט און פון אַן אויסגעשפּראָכענעם העברעיִסט. גערעדט האָט ער טאָלקאָוואַטע און אין אַ פּראַכטפולער ליטעראַרישער שפּראַך. זיצנדיק לעבן מיר האָט וויקטאָר שולמאַן צו מיר אַ זאָג געטאָן אין אַ לייכטן טאָן: „חבר הערשל מעטאַלאָוויעץ, מ׳דאַרף דעם בחור אָפּשמדן אויף אַ בונדאָוויעץ און איר וועט אויפהערן צו זיין אַ בונדיש בן־זקונימל״, און זאָגנדיק ווייטער שוין אין אַן ערנסטן טאָן: „דער בחור געפעלט מיר. מ׳זעט, אַז ער איז אַן אינטעליגענטער און אַ פעיִקער יאַט. זעט אין מעטאַל־פאַראיין צו האַלטן אויף אים אַן אויג. ער וועט אונדז צו נוץ קומען״. דער נאָמען פונעם יונגן רעדנער איז געווען — גוטגעשטאַלט, שפּעטער אַ באַקאַנטער יִדישער דיכטער

און בונדישער טוער, דער לעצטער, פאַרן אויסבראָך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, סעקרעטאַר פונעם בונדישן האַנדלס־אָנגעשטעלטע־פאַראיין אין וואַרשע.

אין מיטן דער אַרבעט פון אָרגאַניזירן די מעטאַל־אַרבעטער ווי מיטגלידער פונעם מעטאַל־פאַראיין בין איך אַרעסטירט געוואָרן דורך דער אָ״ג בירגער־מיליץ בעת מיינס אַ רעדע אויפן הויף פון אַראָנאָוויטשס בעטן־פאַבריק.

אין אַראָנאָוויטשס פאַבריק פון מעטאַלענע בעטן אויף סמאָטשע־גאַס זענען געווען באַשעפטיקט אַ 100 אַרבעטער. מיט געציילטע אויסנאַמען זענען דאָס געווען יידישע אַרבעטער. די דאָזיקע פאַבריק האָט זיך גערעכנט פאַר איינער פון די וויכטיקסטע מעטאַל־פאַבריקן אין יידישן וואַרשע. דאָס געווינען די אַרבעטער פון דער פאַבריק ווי מיטגלידער פון פאַראיין וואָלט געווען אַ גרויס געווינס פאַרן אָרגאַניזאַציאָנעלן פאַרפעסטיקן און פאַרן פרעסטיזש פונעם מעטאַל־פאַראיין.

לייבוש טוכמאַכער און גוטמאַן זענען געווען באַקאַנט מיט אַן אַרבעטער פון יענער פאַבריק, לערנער, וועלכער איז געווען דער פאַבריק־דעלעגאַט צו דער אַרבעט־אינספּעקציע, וואָס די צאַרישע רעגירונג־מאַכט האָט פלאַנירט אין 1912 אין וואַרשע, און דער דערמאָנטער אַרבעטער האָט געהאַט אַ השפּעה צווישן זיינע פאַבריק־קאָלעגן. לערנער האָט מסכּים געווען צוצוהעלפן מאַסנוויז אַריינצופירן די אַרבעטער פון דער פאַבריק ווי מיטגלידער פונעם מעטאַל־פאַראיין. ס'איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ פאַבריק־פאַרזאַמלונג אויפן הויף פון דער פאַבריק, אויף וועלכער איך בין אַרויסגעטראָטן מיט אַ רעדע.

בעת מיין רעדן זענען ווי די מחבלים אַריין אין הויף אַ צוויי צענדלינג „בירגער־מיליציאַנטן״, איבערגעריסן די פאַרזאַמלונג, מיך אַרעסטירט און אָפּגעפירט אין דעם נאָענטסטן פּאָליציי־רעוויר אויף ניי־קאַרמעליצקע 6.

פון אַראָנאָוויטשס פאַבריק ביזן פּאָליציי־צערקל האָבן מיך, ווי אין אַ פּראָצעסיע, באַגלייט די אַרבעטער פון דער פאַבריק, צו וועלכער ס'זענען צוגעשטאַנען אַ גרעסערע צאָל פאַרבייגייענדיקע אַרבעטער. אויף דער גאַס, פאַרן פּאָליציי־צערקל, איז געשטאַנען אַ גרויסע מאַסע אַרבעטער און נייגעריק געוואַרט אויף דעם, וואָס ס'וועט מיט מיר געשען.

נאָך אַ וואַרטן פון אַ 15 מינוט בין איך אַריינגעפירט געוואָרן צום געהילף־קאָמיסאַר. דאָס פּנים פון דעם דאָזיקן „דיגניטאַר״ האָט אויסגעזען, ווי אַלע וואַרשעווער שבתדיקע קוגלען וואָלטן זיך געמאַכט פּלאַץ אויף זיין פּרצוף. אויף זיין ערשטער פראַגע אין פּויליש ווי איך הייס, האָב איך אים אין אַ חוצפּהדיקן טאָן געענטפערט אין מיין דעמאָלטדיקן „קלאַסישן פּויליש״ „ניע גאַדאַטש פּאָלסקי, גאַדאַטש זשידאָווסקי״ (אין אַ צעקריפּלטן פּויליש האָט דאָס געמיינט: נישט רעדן צו מיר קיין פּויליש, נאָר יידיש) דער פאַרשוין האָט זיך אָנגעהויבן אויפרעגן און וואָס מער ער האָט זיך אויפגערעגט, אַלץ העזהדיקער האָב איך איבערגעחזרט די

צוויי ווערטער: „גאַדאַטש זשידאָווסקי". ער האָט אויפגעהויבן דאָס בייטששטעקל, וואָס איז געלעגן אויף זיין שרייבטיש מיט דער כּוונה עס צו באַנוצן. מיט באַנומענע קולות האָב איך אָנגעהויבן שרייען אין פּויליש און אין יידיש: „ביטש, ביטש! מ׳שלאָגט, מ׳שלאָגט"!

און ווי אין אַ קינאָמאַטאָגראַפיש בילד קומען די רעטערס אָן פּונקט אין דעם קריטישסטן מאָמענט, אַזוי איז אויך געשען אין דעם פאַל. וולאַדיסלאַוו נאַכעמזאָן און גרשון זיבערט זענען אַריין אין צימער ווען דער קאָמיסאַר איז געשטאַנען מיט זיין בייטששטעקל אין האַנט און איך האָב געשריגן „מ׳שלאָגט". די גאַב, וואָס דער געהילף־קאָמיסאַר האָט געקריגן פון די צוויי חברים, איז אים אַריין אין דער זיבעטער ריפּ. נאָך זיינעם אַ פילמאַליקן אַנטשולדיקן זיך, בין איך באַפרייט געוואָרן.

אויף דער גאַס האָט דער פאַרזאַמלטער עולם מיך אויפגענומען מיט אַ „הוראַ". כ׳האָב זיך געווענדט צו די אַרבעטער פון אַראָנאָוויטשס פאַבריק זיי זאָלן מיט מיר צוריקגיין צום פאַבריקהויף און ענדיקן די פאַרזאַמלונג. נאַכעמזאָן און זיבערט זענען מיט מיר מיטגעגאַנגען. דער הויף האָט זיך אָנגעפילט מיט אַ גרויסער צאָל פאַרזאַמלטע אַחוץ די פאַבריק־אַרבעטער. כ׳האָב געענדיקט מיין רעדע און נאָך מיר האָט גערעדט גרשון זיבערט — דאָס איז געווען די ערשטע זיבערט־רעדע, וואָס כ׳האָב געהערט, און זי האָט מיר פאַרשמעקט מיט איר שפּראַך, עלעגאַנץ און פּשוט־קייט. גרשון זיבערט איז געוואָרן איינער פון מיינע ליבלינג־רעדנער, כ׳האָב ליב געקריגן זיין יידיש און פּויליש רעדן.

מיין אַרעסט. דער ערשטער אַרעסט פון אַ בונדיסט אונטער דער דייטשישער אָקופּאַציע פון וואַרשע, האָט אַרויסגערופן אַן אויפרודערונג אין דעם פּאַרטייישן און פאַראיין־אַקטיוו. מיין עקשנותדיק פאָדערן, מ׳זאָל צו מיר רעדן יידיש, האָט אַרויסגערופן אָנערקענונג ביי אַ טייל פון בונדישן אַקטיוו און איך בין געוואָרן דער העלד פון טאָג.

מיטן אָנשליסן זיך פון די אַרבעטער פון אַראָנאָוויטשס פאַבריק איז כּמעט פאַרענדיקט געוואָרן דער אָרגאַניזאַציאָנעלער אויפבוי פונעם מעטאַל־פאַראיין, און מיטן ווערן מיטגלידער פון די עטלעכע פּוילישע אַרבעטער איז מקוים געוואָרן די מיצווה פון אינטערנאַציאָנאַליזם אין די דורכן בונד געשאַפענע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען.

די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פונעם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די יידישע מעטאַל־אַרבעטער איז פאָרגעקומען אינעם לאָקאַל פון דער יידישער גמינע. געעפנט די פאַרזאַמלונג האָב איך מיט אַ באַמבאַסטישער רעדע. וויקטאָר שולמאַן איז דער־וויילט געוואָרן ווי פאַרזיצער און אויך געווען דער רעפערענט.

די פאַרזאַמלונג איז געווען אַ גוט באַזוכטע. אַ באַדייטנדיקע צאָל רעדנערס האָבן זיך באַטייליקט אין דער דיסקוסיע. צווישן די רעדנערס איז אויך געווען

אַ יונגער בחור. זיין אויסערלעכע פיגור און זיין אופן פון רעדן האָבן נישט אַרויס־גערופן קיין באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט. מיר איז גראָד זיין קורצע זאַכלעכע רעדע געפעלן. כ׳האָב פאַרלאָזט דאָס פּרעזידיום און געכאַפּט אַ שמועס מיטן רעדנער. פון זיינע רייד בין איך געוואָר געוואָרן, אַז ער איז אַ געוועזענער שילער פון דער האַנטווערקער־שולע, און אַ צייט האָט ער געאַרבעט ביי ריצענבערגן אין פאַבריק ווי אַ מעטאַל־טאָקער. אויף מיין פראַגע, צי ער איז גרייט אָנצונעמען אַן אַמט פון אַ מיטגליד אין דער פאַרוואַלטונג, איז זיין ענטפער געווען אַ לאַקאָנישער: „אויב מ׳וועט מיך אויסוויילן, וועל איך אָננעמען״.

די ליסטע פון קאַנדידאַטן פאַר דער פאַרוואַלטונג איז געווען פון פאַרויס צוגע־גרייט. ווען כ׳האָב זיך געווענדט צו די חברים פון דער אָקערשט געשאַפענער בונ־דישער פאַרטיי־גרופּע ביים מעטאַל־פאַראיין מיט אַ פאָרשלאָג אַריינצושטעלן דעם יונגן אַרבעטער אין צעטל פון די קאַנדידאַטן ווי אַ מיטגליד פון דער קינפטיקער פאַרוואַלטונג. האָט מיין פאָרשלאָג זיך אָנגעטראָפן אויף אַ שטאַרקער אָפּאָזיציע: וויניק וואָס מיר מוזן האָבן אין דער פאַרוואַלטונג דריי אויסגעשפּראָכענע רעאַקציאָ־נערן, דאַרפן מיר נאָך האָבן אַ יידישן לעוויצאָוויעץ פאַר אַ צולאָג — האָבן די מיט־גלידער פון דער בונדישער פאַרטיי גרופּע דערווידערט. אַ דאַנק מיין עקשנות, אַ ביסל תקיפות און דאָס וואָס וויקטאָר שולמאַן האָט זיך ענדלעך געשטעלט אויף מיין זייט, איז דער יונגער חבר אַריינגעשטעלט געוואָרן אין דער רשימה פון די קאַנדידאַטן און דערוויילט געוואָרן ווי אַ מיטגליד פון דער ערשטער פאַרוואַלטונג פונעם יידישן מעטאַל־פאַראיין.

דער נאָמען פונעם יונגן חבר איז געווען הענריק זאַטאַרסקי — דער שפּעטער באַקאַנטער פירנדיקער טוער פונעם יידישן סעקטאָר פון פ.פ.ס.־לעוויצע, דערנאָך פון ס.ד.ק.פ.ל., און גאָר באַזונדערס פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי פון פוילן „סטאַך״—זאַטאַרסקי.

זינט זיין דערוויילט ווערן אין דער ערשטער פאַרוואַלטונג פונעם יידישן מעטאַל־פאַראיין ביז צום אויסבראָך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט מיך מיט זאַטאַר־סקין פאַרבונדן אַן אינטימע פערזענלעכע פריינדשאַפט, וואָס האָט אויסגעהאַלטן כּלערליי שטורעמס, צווישן־פאַרטייאישע קאַמפן און אינערלעך־קאָמוניסטישע שטריי־טן. אין די אַלע יאָרן וואָס מיר האָבן זיך געקענט, און אויך איצט, בעת איך שרייב די שורות, האָב איך געהאַט אַ געפיל פון סאַטיספאַקציע, וואָס איך בין געווען דער גורם, וועלכער האָט דעם אויסערסט קלוגן, באַגאַבטן און זייער פעיקן פירנדיקן סאָציאַליסטישן טוער געגעבן די מעגלעכקייט צו מאַכן זיין דעביוט אין עפנטלעכן געזעלשאַפטלעכן לעבן — און געהאָלפן אים ווערן אַ מיטגליד פון דער ערשטער פאַרוואַלטונג פונעם יידישן מעטאַל־פאַראיין אין וואַרשע.

דער צוזאַמענשטעל פון דער ערשטער דערוויילטער פאַרוואַלטונג פונעם יידישן מעטאַל־פאַראיין אין וואַרשע איז געווען:

ליבוש טוכמאַכער און גוטמאַן — מעכאַניקערס פון אַרענדאַזשס קנאָפּפאַבריק;
יהושע ריכטער (דער קליינער שיעלע) און לייזער (דער קליינער לייזערל) — גיסערס פון מעש און בראָנדז;
הערש לייב בעקערקונץ (הערשל מעטאַלאָוויעץ) און הענריק („סטאַך") זאַטאַר־סקי — מעטאַל־טאָקערס;
הענעך בראַנזאָווניק (דער בלאָנדער) — אַ בראָנזאָווניק;
יצחק צינאַ — אַ בלעכער;
לערנער — אַן אַרבעטער אין אַראָנאָוויטשס בעטן־פאַבריק;
דריי זייגער־מאַכערס.

אויף דער קאָנסטיטוירונג־זיצונג זענען דערוויילט געוואָרן: פאָרזיצער — הערשל מעטאַלאָוויעץ (צוליב זיין יונגן עלטער האָט ליבוש טוכמאַכער פיגורירט ווי אָפיציעלער פאָרזיצער), סעקרעטאַר — הענעך בראָנזאָווניק, קאַסירער — אַ זייגער־מאַכער, אַ גערער חסיד.

דער פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין פון די ייִדישע מעטאַל־אַרבעטער אין וואַרשע האָט פון זיין געבוירן געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין דער פּראָפ.־באַוועגונג אויף דער ייִדישער אַרבעטער־גאַס אין וואַרשע.

## דאָס צענטראַל־ביוראָ

די סטאַבילקייט און דאָס נאָרמאַלע פונקציאָנירן פונעם צענטראַל־ביוראָ און פון זיין עקזעקוטיוו — דאָס אינפאָרמאַציאָנס־ביוראָ, איז געווען דער קלימאַקס פונעם פּראָצעס פון שאַפן, אויפבויען און סטאַביליזירן די פּראָפ.־באַוועגונג אויף דער ייִדישער אַרבעטער־גאַס אין וואַרשע, זומער 1915.

שוין אין די ערשטע טעג פון דער אַקציע צו שאַפן די לעגאַלע פּראָפ. אָרגאַ־ניזאַציעס איז אויך עטאַבלירט געוואָרן דאָס צענטראַל־ביוראָ. געווען איז עס אָבער אַ פיקציע, נישט מער ווי אַ נאָמען. אַלע ענינים זענען באַטראַכט און דערליידיקט געוואָרן דורכן וואַרשעווער פאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד. ערשט מיטן גאַנג פונעם אויפבוי פון די באַזונדערע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און דאָס אויסוויילן די פאָר־טרעטערס צום צענטראַל־ביוראָ דורך די דערוויילטע פאַרוואַלטונגען, און פון טייל פאַראיינען — אויך אויף די אַלגעמיינע פאַראיין־פאַרזאַמלונגען, האָבן זיך איינגע־שטעלט די נאָרמאַלע פונקציעס און די נאָרמאַלע אַרבעטן פונעם צענטראַל־ביוראָ ווי אַן אָנפירנדיקער אָרגאַן פון דער פּראָפ.־באַוועגונג אויף דער ייִדישער אַרבעטער־גאַס. דער קאָמיטעט פונעם בונד האָט זיך פאַרנומען בלויז מיט אַזעלכע פּראָפ.

ענינים, וואָס האָבן געהאַט אַ פּרינציפּיעלן כאַראַקטער, אָדער אָנגערירט די אינ־טערעסן פונעם בונד ווי אַ פּאַרטיי.

פאַרזיצער פונעם צענטראַל־ביוראָ איז געוואָרן וויקטאָר שולמאַן. די סעקרע־טאַרן: אַוורעמל שטריקער און יאַנעק־יאַנקעלעוויטש. קאַסירער איז געווען גוטמאַן, איינער פון די צוויי פאַרטרעטערס פונעם מעטאַל־פאַראיין.

די עקזעקוטיווו, אָדער פּרעזידיום, איז אָנגערופן געוואָרן „אינפאָרמאַציאָנס־ביוראָ", און דער דאָזיקער טשודאַטשנער דייטשמערישער נאָמען, וואָס איז נישט געווען צוגעפּאַסט צו די פונקציעס און אויפגאַבעס פון אַן עקזעקוטיווע אָדער פּרע־זידיום, האָט אָנגעהאַלטן אין משך פון אַ רייע יאָרן.

געווען וועלכע ס'זענען געווען די ערשטע רעפּרעזענטאַנטן פון די באַזונדערע פאַראיינען אינעם צענטראַל־ביוראָ, געדענקט זיך נישט. ס'געדענקט זיך אָבער גאַנץ גענוי דער צוזאַמענשטעל פונעם אינפאָרמאַציאָנס־ביוראָ: וויקטאָר שולמאַן, יאַנעק־יאַנקעלעוויטש, אַוורעמל שטריקער, יוסף באַסאַק, מרדכי פייגמאַן (מרדכי שניידער), הערשל מעטאַלאָוויטש, עליע (אליהו) פילאָסאָף, און דער ווייסער משה פונעם בוי־פאַראיין, איידער מ'האָט אים באַזייטיקט פון אַלע אַמטן אין בויפאַראיין.

עטלעכע וואָכן נאָכן נאָרמאַלן פונקציאָנירן פונעם צענטראַל־ביוראָ, איז אויף איינער פון די זיצונגען געקומען וויקטאָר שולמאַן אין באַגלייט פון אַן אומבאַקאַנטן חבר. דער גאַסט האָט זיך אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקל פון צימער און זיך צוגעהערט צום פאַרלויף פון דער זיצונג. פאַרן סוף פון דער זיצונג האָט וויקטאָר שולמאַן געמאַכט אַ דערקלערונג, אַז ער איז געצוווּנגען צו רעזיגנירן פון אַמט ווי פאַרזיצער פונעם צענטראַל־ביוראָ צוליב אַנדערע פליכטן — און אין וואַרעמע ווערטער האָט ער רעקאָמענדירט דעם גאַסט ווי אַ פאַרזיצער. נאָך אַ קורצער דעבאַטע איז דער חבר איינשטימיק אויסגעוויילט געוואָרן. דער נאָמען פונעם נייעם פאַרזיצער איז געווען דוד מייער. מיטן דאָזיקן אַמט הייבט דוד מייער אָן זיין קאַריערע ווי אַן עפנטלעכער בונדישער פּאַרטיי־טוער און אָנפירנדיקער טוער אויפן געביט פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג.

וויקטאָר שולמאַן פלעגט ווייטער אָפט קומען צו די זיצונגען פונעם צענטראַל־ביוראָ און געלעגנהייטלעך זיך אויך אַרויסזאָגן וועגן ענינים, וואָס האָבן אים אינטע־רעסירט. אויף איינער פון די זיצונגען האָבן וויקטאָר שולמאַן און דוד מייער מיט־געבראַכט אַ גאַסט. דער גאַסט האָט געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט צוליב זיין אויסערלעכער ענלעכקייט צום נישט לאַנג פאַרשטאָרבענעם י. ל. פּרץ. קיינער האָט אים פריער נישט געקענט. דער איינציקער, וועלכער האָט אים וואָרשיינלעך יאָ געקענט, איז געווען יאַנעק־יאַנקעלעוויטש. פאַרשטאַנען האָט מען, אַז דער גאַסט שטעלט מיט זיך פאָר אַ וויכטיקע בונדיש־פאַרטייִשע שישקע. אין גאַנג פון דער זיצונג האָט דוד מייער פאָרגעשטעלט דעם גאַסט מיטן נאָמען יוזעף, און ווי איינעם פון די עלטסטע פירערס פון בונד, דערביי האָט ער דערקלערט, אַז חבר יוזעף

שטעלט זיך צו דער אַרבעט אויף אַלע געביטן פונעם בונדישן און יידיש־געזעל־שאַפטלעכן לעבן. פון דעמאָלט אָן איז יוזעף געוואָרן אַ שטענדיקער אַנטיילנעמער אין די זיצונגען פונעם צענטראַל־ביוראָ און פון אינפאָרמאַציאָנס־ביוראָ — „אַ מי־ניסטער אָן אַ פּאָרטפעל".

צו יענער צייט האָב איך געשוואָנגערט און געקינדלט מיט פּאָרשלאָגן און פּראָיעקטן. אויב מײַנס אַ פּאָרשלאָג אָדער אַ פּראָיעקט איז דורכגעפאַלן, האָב איך גלײַך געהאַט אַ צווייטן, אַ דריטן, אַ צוגאָב, אָן אויסבעסערונג. איך האָב פּשוט געקרענקט אויף פּאָרשלאָגאָמאַניע און פּראָיעקטאָמאַניע.

אויף איינער פון די זיצונגען פונעם צענטראַל־ביוראָ האָט דויד מייער אויף אַ גאָרנישט־העפלעכן אופן מיר אָפּגעווישט די נאָז מיט נישט קיין זײַדן טיכל: „הערט, חבר הערשל מעטאַלאָוויעץ, איר מיינט מסתמא, אַז אַלע פּאָרשלאָגן און פּראָיעקטן געפינען זיך אויסשליסלעך אין אייער רשות. אויך אַנדערע זענען נישט אָרעמער פון איך אין פּאָרשלאָגן און אין פּראָיעקטן. אַ פּאָרשלאָג אָדער אַ פּראָיעקט האָט אַ ווערט נאָר דעמאָלט ווען מען קען אים רעאַליזירן. ווען עמעצער מאַכט אַ פּאָרשלאָג אָדער לייגט פּאָר אַ פּראָיעקט, דאַרף ער זײַן זיכער, אַז ער איז מעגלעך צום רעאַליזירן. און אָנווײַזן דעם אופן און די מיטלען, ווי אַזוי ער קען פאַרווירק־לעכט ווערן אין לעבן. אַנדערש זענען דאָס פּוסטע רייד און אַ שעדלעכע געזעלשאַפט־לעכע אַרבעט". די פּאָרשלאָגאָמאַניע און די פּראָיעקטאָמאַניע איז אויסגעהיילט געוואָרן, און פון דעמאָלט אָן, אויב איך פלעג מאַכן אַ פּאָרשלאָג אָדער אַריינטראָגן אַ פּראָיעקט, האָב איך געהאַט די מינימאַלע זיכערקייט, אַז כ'האָב אויך די מיטלען דעם פּאָרשלאָג אָדער פּראָיעקט צו רעאַליזירן.

איינע פון די אויפגאַבעס פונעם צענטראַל־ביוראָ איז געווען צו האַלטן אָן אויג אויף די קעגנערס פון בונד אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס און צו רעאַגירן אויף זייערע עווענטועלע שריט אויפן פּראָפ. געביט.

דער יידישער סעקטאָר פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע, וואָס איז פאַרן אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען דער צווייט־גרעסטער כּוח אויף דער יידישער אַר־בעטער־גאַס אין וואַרשע, איז ווי אַ זעלבשטענדיקער כּוח כּמעט אָפּגעווישט געוואָרן אויפן פּראָפ. געביט. ס'געדענקט זיך מיר נישט קיין איין פאַראיין פון יידישע אַרבעטער, וואָס זאָל האָבן געשאַפן געוואָרן דורכן יידישן סעקטאָר פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע. די סעקציע „קליינע" ביי די געגריוועטע שוסטערס און די שטובן־מאָלערס זענען געוואָרן אָרגאַנישע טיילן פון לעדער־ און פון בויפאַראיין און באַהערשט געוואָרן פונעם בונד. די „קינדער־קאָנפעקציע" און די קירזשנערס זענען געוואָרן באַשטאַנדטיילן פונעם נאָדל־פאַראיין, איינהאַלטנדיק זייער פּאָליטישן אויסזען. ערשט אין 1918, נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, האָט דער יידישער עלע־מענט פון ס.ד.ק.פּ.ל., דער יורש פונעם יידישן סעקטאָר פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע ווידער

אָנגעהויבן ווערן אַ געוויסער כּוח אויפֿן פּראָפֿ. געביט אויף דער ייִדישער אַרבעטער־גאַס אין וואַרשע. דאָס קאַפּיטל געהערט שוין אָבער צום פּעריאָד פֿון קאָמוניזם אין דער ייִדישער סביבה אין פּוילן.

פֿאַר מײַן געצוווּנגענעם פֿאַרלאָזן וואַרשע, סוף דעצעמבער 1915, געדענק איך נישט, אַז ס.ס. זאָל האָבן געשאַפֿן וועלכן עס איז פֿאַראיין. ערשט נאָך מײַן צוריק־קומען פֿון דײַטשלאַנד, זומער 1918. האָב איך אין וואַרשע געטראָפֿן אַ נישט צאָל־רײַכן, אָבער אַ סאָלידן פֿאַראיין פֿון פֿליישער־אַרבעטער, און נאָך עטלעכע „פֿאַר־אײַנדלעך" און „סטעמפּעלעך־פֿאַראיינען", ווי מ'האָט אין דער בונדישער פּאַרטיי און אין די פֿאַראיין־קרײַזן גערופֿן די שפּליטערס פֿון די בראַנזשע־פֿאַראיינען, וואָס האָבן געציילט העכסטנס צו עטלעכע צענדליגנ מיטגלידער.

אַנדערש איז געווען די לאַגע מיט פּועלי־ציון. פּועלי־ציון האָבן זינט יאָרן פֿאַרמאָגט דעם גרויסן קעלנער־פֿאַראיין, וואָס האָט געקענט דינען ווי אַ באַזע און אַ צוצי פֿאַר אַנדערע פֿאַראיינען אָדער פֿאַכן. און דער עיקר: פּועלי־ציון זענען געווען אַן אידעאָלאָגישער קעגנער.

דער ציוניזם ווי אַ באַוועגונג אין ייִדישן פֿאָלקסלעבן איז געווען אַ פֿאַקט. דער בונדיזם און דער ציוניזם האָבן זיך געפֿונען אויף דיאַמעטראַל־קעגנזעצלעכע אידעאָלאָגישע פּאָלוסן. דער קאַמף בונד–פּועלי־ציון איז אידעאָלאָגיש און פּאָליטיש מצד ביידע צדדים געפֿירט געוואָרן אויף דער ליניע פֿאַר אָדער קעגן ציוניזם. פּועלי־ציון זענען דורכן בונד באַטראַכט געוואָרן ווי אַן אַגענטור פֿונעם בורזשואַז־רעאַקציאָנערן ציוניזם אין דער ייִדישער אַרבעטער־סביבה. דאָס באַקומען פֿון פּועלי־ציון אַן אָנשפּאַר אין דער ייִדישער אַרבעטער־סביבה, בפֿרט אויפֿן פּראָפֿ. געביט, האָט פֿאַרן בונד געמיינט נישט נאָר דאָס פֿאַרלירן אַ פּאָזיציע לגבי אַ קעגנער, נאָר צו אַ בלוטיקן שׂונא. און די קאַמפּמעטאָדן קעגן אַ שׂונא זענען דאָך אין זייער אימפּעראַטיוו שאַרפֿע, און נישט תּמיד איבערקלייבעריש אין די מיטלען. דאָס צענטראַל־ביוראָ און דאָס אינפֿאָרמאַציאָנס־ביוראָ האָבן דעריבער מיט אַ פֿאַרגרעסער־גלאָז געקוקט אין דער ריכטונג פֿון פּועלי־ציון און אָנגענומען אַלע מעגלעכסטע מיטלען נישט צו דערלאָזן פּ.צ. באַקומען אַן אָנשפּאַר אויפֿן פּראָפֿ. געביט. די קאַמפּמיטלען זענען געווען:

1. בויען גרויסע צענטראַליזירטע פֿאַראיינען און דערמיט פֿאַרזיכערן דעם בונד די אידעאָלאָגישע און פּאַרטיי־פּאָליטישע השפּעה. אין פֿאַל ווען אין די בראַנ־זשע־פֿאַראיינען וועלן זיך געפֿינען גרעסערע צי קלענערע גרופּעס פּועלי־ציוניסטיש־געשטימטע אַרבעטער, וועט זיי דער בונד קענען דורך כּלערליי פּרעסיעס און איינ־פֿלוסן ניוועלירן און עלימינירן. אגב, די קאָנצעסיעס, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן אין ייִדישן מעטאַל־פֿאַראיין די רעליגיעזע און ציוניסטיש־געשטימטע זייגער־מאַכערס איז אויך געווען באַדינגט פֿונעם ווילן נישט צו דערלאָזן, אַז פּועלי־ציון זאָל באַקומען אַן אָרגאַניזאַציאָנעלן אָנשפּאַר אַפֿילו צווישן די אַרבעטער־עלעמענטן, וועלכע קענען צו זיי גראַוויטירן.

2. פירן אַ קאַמף אויפֿן שׂונאס טעריטאָריע דורך באַזוכן די פֿאַרזאַמלונגען פֿון די פּאַכן, וואָס פּועלי־ציון וועלן אָרגאַניזירן און דאָרט אַגיטירן קעגן פּאַכפּאַראייִנען און קעגן ציוניזם.

3. אַריינגעמען אַפֿילו אַ מינדערהייט פֿון אַ געוויס פּאַך אין געהעריקן בראַנזשע־פֿאַראיין, און דערמיט צונעמען ביי פּועלי־ציון די מעגלעכקייט צו רעדן און צו האַנדלען אין נאָמען פֿונעם געגעבענעם פּאַך.

אויף מיר איז אויסגעפֿאַלן דער גרעסטער חלק פֿונעם קאַמף אויף די פּועלי־ציוניסטישע פּאַך־פֿאַרזאַמלונגען. די סיבה איז געווען אַ צווייערלייִקע: ערשטנס, האָב איך זיך פּשוט געריסן צו זיין דער בונדישער שליח, ווייל כ׳האָב ליב געהאַט צו פֿירן דעם קאַמף מיט פּאָלאַ בער; צווייטנס, זענען די אַנדערע בונדישע טוערס, פֿאַרנומען איבערן קאָפּ מיט אַרבעט, צופֿרידן געווען, אַז דאָס אַרומרייסן זיך מיט פּועלי־ציוניסטן ווערט אַרויפֿגעלייגט אויף אַן אַנדערנס פּלייצעס.

איינע פֿון די פּועלי־ציוניסטישע פּראָפֿ. פֿאַרזאַמלונגען איז מיר געבליבן איינגעקריצט אין זכּרון.

דאָס פּאַך פֿון קינסטלעכע בלומען און בלעטער איז בשעתו באַשטאַנען פֿון עטלעכע הונדערט ייִדישע אַרבעטער, כּמעט אַלע — פֿרויען, אַרבעטערינס. צו דער פֿאַרזאַמלונג פֿונעם דאָזיקן פּאַך, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין אַ זאַל אויף דלוגע־גאַס, בין איך געגאַנגען אין באַגלייט פֿון איינעם פֿון די מיטגלידער פֿון דער בונדישער גראָסער־גרופּע אין דער סטאַוואָזשישעניע, עזריאל וואַלאַך (אַ פּלימעניק פֿון דעם שפּעטער באַרימטן סאָוועטישן דיפּלאָמאַט ליטווינאָוו). דער קאַמף צווישן מיר און פּאָלאַ בער האָט זיך אָנגעהויבן נאָך פֿאַרן עפֿענען די פֿאַרזאַמלונג, ביים וויילן אַ פֿאָרזיצער. צו דער איבערראַשונג פֿון די אַראַנזשירערס פֿון דער פֿאַרזאַמלונג, איז וואַלאַך דערוויילט געוואָרן ווי דער פֿאָרזיצער. דער קעגנזייטיקער ווערטער־דועל צווישן מיר און פּאָלאַ בער איז געווען אַ מערדערלעכער. איך האָב גערופֿן די פֿאַרזאַמלטע פֿרויען־אַרבעטערינס, אין אַ צאָל פֿון אַ 50—60, זיך אָנצושליסן אינעם נאָדל־פֿאַראיין. מיין שלאָג־אַרגומענט איז געווען, אַז פּועלי־ציון און פּאָלאַ בער ווילן נישט דערלאָזן, די אַרבעטער־מיידלעך פֿון בלומען־ און בלעטער־פּאַך זאָלן זיך געפֿינען אין דער סביבה פֿון מענער־אַרבעטער... בשעת פּאָלאַ בער האָט גערעדט קעגן מיר, האָט וואַלאַך פֿאַרלאָזט זיין פֿאָרזיצער־פּלאַץ, צוגעלאָפֿן צו פּאָלאַ בער מיט געביילטע פֿויסטן, זי געשלאָגן און געשלעפּט ביי די האָר. די פֿאַרזאַמלונג איז אַראָפּגעריסן געוואָרן און בונד האָט פֿאַרשפּילט דאָס פּאַך.

אָט די גרויליקע סצענע שטייט מיר לעבעדיק פֿאַר די אויגן. איך זע דעם מיטלוווקסיקן, מיטליאָריקן, באַבייכלטן עזריאל וואַלאַך, וועלכער האָט זיך אָקערשט געשטעלט „אַרבעטן צווישן די מאַסן״, ווי ער לויפֿט אַ צעהיצטער מיט געביילטע פֿויסטן צו פּאָלאַ בער: אַ פֿרוי, אַ געזעלשאַפֿטלעכע טוערין, אַ שיינע און אַן אויסערגעוויינלעך פֿעיִקע, באַפֿאַלט זי פֿון הינטן אַרום און שלאָגט זי מיט די פֿויסטן. די

דיקע צעפּ, געפלאָכטן ווי אַ בייגל אויף פּאָלאַ בערס קאָפּ, צעשיטן זיך, און וואָלאַך דרייט אַרום די לאַנגע צעשאָטענע האָר אַרום זיינע פינגער און שלעפּט זי ביי די האָר.

איך זיץ און טראַכט פאַרשיידענע מחשבות: ווי איז אַזאַ אָפּשוילעכער טאַט מעגלעך געווען? ווי האָט אַזעלכעס געקענט טאָן אַזאַ שטייגער מענטש, ווי ס'איז געווען עזריאל וואָלאַך — אַ פּראָפעסיאָנעלער אינטעליגענט, אַ לאַנגיאָריקער מיט־גליד פון דער סטאָוואַזשישעניע, וואָס איז באַקאַנט געווען פון אירע פיינע מאַניערן און העפלעכער באַציִונג צו אַ קעגנער, אַ מענטש בטבע אַ געלאַסענער, אַ גוט־מוטיקער און פון אַ גוטן כאַראַקטער — ווי אַזוי האָט אַזעלכעס געקענט געשען?

און נאָך עפּעס טראַכט איך אין שייכות מיט דער שרעקלעכער געשיכטע: וועט מען מיר אַזאַ מעשׂה גלייבן? וועט מען נישט זאָגן, אַז דאָס איז אויסגעטראַכט? און ס'רעדט אין מיר אַ נישט דערהערט קול: ליידער, דאָס איז אַ מעשׂה שהיה, איינע פון די נישט שיינע עפּיזאָדן במשך פון דער בונדישער, באמת העראָישער, אַקציע ביים גרינדן און אויפבוי פון דער לעגאַלער פּראָפ. באַוועגונג אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס אין וואַרשע, זומער—האַרבסט 1915.

דער קאַמף פונעם בונד קעגן פּועלי־ציון האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַן אויסער־געוויינלעכן דערפאָלג. חוץ דעם קעלנער־פאַראיין האָט די פּועלי־ציון אין וואַרשע זיך נישט איינגעגעבן צו שאַפן קיין איין וויכטיקע פּראָפ. פּאָזיציע. ערשט נאָך מיין צוריקקום פון דייטשלאַנד, זומער 1918, האָב איך געטראָפן אַ צאָלרייכן און גוט־פונקציאָנירנדיקן פאַראיין פון האַנדלס־אָנגעשטעלטע, וואָס האָט זיך געפונען אונטער דער השפּעה פון פּועלי־ציון.

אַ וויכטיקע אויפגאַבע פאַרן צענטראַל־ביוראָ און פאַרן אינפאָרמאַציאָנס־ביוראָ איז געווען צו האָבן אַן אויג אויף דער אַנטוויקלונג פון דער פּראָפ. באַוועגונג אויף דער פּוילישער אַרבעטער־גאַס.

קיין דירעקטן שייכות מיט דער דאָזיקער אויפגאַבע האָב איך נישט געהאַט. נישט די פּוילישע שפּראַך און נישט מיין דעמאָלטדיקע פּאַרטיי־פּאָזיציע האָט מיך פּרע־דיסטינירט פאַר דער ראָלע צו שטיין אין אַ דירעקטן קאָנטאַקט מיט די בויערס, פירערס און טוערס פון די פּוילישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען.

פון די ידיעות פון חברים און פון די אָפיציעלע באַריכטן אויף זיצונגען פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד, פון צענטראַל־ביוראָ און אינפאָרמאַציאָנס־ביוראָ, האָב איך געוווּסט, אַז צו פריילעך איז נישט אויפן געביט פון דער פּוילישער פּראָפ. באַוועגונג, אַז די דריי סאָציאַליסטישע פּאַרטייען: ביידע פליגלען פון ס.ד.ק.פּ.ל. און פּ.פּ.ס.־לעוויצע רייסן זיך אַרום ווי די קעץ צווישן זיך, אַז ס.ד.ק.פּ.ל.־ראָזלאַמאָווצעס באַמיִען זיך מיט אַלע כּשרע און נישט־כּשרע מיטלען צו באַהערשן די וואַל־פאַרזאַמלונגען און צו פאַרכאַפּן די פאַרוואַלטונגען פון די פאַראיינען, און אַז זאָשקאַ אונשליכט איז דער שטאַבשעף פון די ראָזלאַמאָווצעס און פירט אָן סיי

מיטן פּאַרטיזאַנען־קאַמף און סײַ מיט די אָפענע שלאַכטן אויף די וואַל־פאַרזאַמלונגען.

בײַגעווען בין איך אויף איין וואַל־פאַרזאַמלונג, אויף דער פאַרזאַמלונג פון די פּוילישע מעטאַל־אַרבעטער. צוזאַמען מיט הענריק זאַטאַרסקין זענען מיר אַוועק צו דער דערמאָנטער פאַרזאַמלונג, און דאָס, וואָס כ׳האָב בײַגעוווינט, האָט איבער־געשטיגן אַלע מיר באַקאַנטע ידיעות און אינפאָרמאַציעס.

בײַ די פּוילישע מעטאַל־אַרבעטער אין וואַרשע זענען די כּוחות־פאַרהעלטענישן צווישן ס.ד.ק.פּ.ל. פון בײדע ריכטונגען און פּ.פּ.ס.־לעוויצע געווען אומגעפער גלייך אויף גלייך. ס׳איז אָפּגעמאַכט געוואָרן, אַז דער צוזאַמענשטעל פון דער פאַרוואַל־טונג זאָל זײַן אַ פּאַריטעטער. זאַשקאַ אונשליכט, וועלכע האָט זיך געפונען אויף דער פאַרזאַמלונג, האָט דעם אָפּמאַך נישט געהאַלטן, און דורך פאַרשיידענע מאַ־נעוורעס, שפּיצלעך און מאַכינאַציעס האָבן אירע אַדיוטאַנטן — קריגער, וויטשיק און אַנדערע ראַזלאַמאָווצעס — מיט אַ נישטיקער מערהייט מאַיאָריזירט פּ.פּ.ס.־לעוויצע און אויסגעקליבן אַ פאַרוואַלטונג פון אייגענע מענטשן, געבנדיק פּ.פּ.ס.־לעוויצע בלויז צוויי פאַרטרעטערס אין דער פאַרוואַלטונג. דער אַלטער פּאַשטאַ, איינער פון די סימפּאַטישסטע פיגורן צווישן די פּוילישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־טוערס אין וואַרשע, וועלכער איז געווען אַקטיוו ביים שאַפן דעם אָפּמאַך, איז נאָך דער פאַרזאַמלונג שיר נישט צוזאַמענגעבראָכן געוואָרן. ער האָט געוויינט מיט ביטערע טרערן, רעזיגנירט פון דער פאַרוואַלטונג און געשווירן, אַז מיט די ראַז־לאַמאָווצעס וועט ער מער בײַ איין טיש נישט זיצן.

די סצענעס, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אינעם לויף פון דער מעטאַל־פאַר־זאַמלונג לאָז איך איבער פאַרן אָביעקטיוון היסטאָריקער פון דער אַנטשטייונג פון דער לעגאַלער פּראָפ. באַוועגונג אויף דער פּוילישער אַרבעטער־גאַס נאָכן אָקופּירן וואַרשע דורך די דײַטשן, זומער 1915.

לאָמיך נישט געשטראָפט זײַן פאַר די רייד. ווען כ׳האָב אין 1928—1929 מיטגע־מאַכט די פראַקציאָנעלע קאַמפן צווישן דער מערהייט און מינדערהייט אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פּוילן, און געוווסט, אַז דער קערן פון דער מינדערהייט־פראַקציע באַשטייט פון די אַמאָליקע ראַזלאַמאָווצעס, און דאָס — נאָך אַן די קאַמיענסקי־קאָמסקיס און קראַסניס, און די געוועזענע ראַזלאַמאָווצעס געפינען זיך אין מעזאַליאַנס מיט די געוועזענע לינקע פּועלי־ציון — האָב איך זיך נישט געוווּ־דערט, פאַר וואָס די מינדערהייט־פראַקציע באַנוצט זיך מיט די „געהעריקע מעטאָדן" און „קאַמפמיטלען", און איך וווּנדער זיך נישט, וואָס דער אָפּיעקון פון דער מינ־דערהייט־פראַקציע אין דער אַמאָליקער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פּוילן איז געווען דער מורה־מורנו סטאַלין בכבודו ובעצמו.

דאָס פּראָבלעם פון אַ פאַראייניקטער פּראָפ. באַוועגונג, פון איינהייטלעכע פּראָ־פעסיאָנעלע פאַראיינען פון פּוילישע און יידישע אַרבעטער, האָט זיך פאַר דער אָרגאַ־

ניזירטער יידישער אַרבעטערשאַפט, פאַרן וואַרשעווער קאָמיטעט פון בונד און פאַרן צענטראַל־ביוראָ פון די פּראָפעסיאָנעלע בראַנזשע־פאַראייניגן געשטעלט ווי אַ קאַרדינאַל פּראָבלעם פון סאַמע אָנהייב פון דער אַנטשטייונג פון דער לעגאַלער פּראָפ. באַוועגונג אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס.

פאַר קיינעם פון די דעמאָלטדיקע טוערס פון בונד איז נישט געווען דער מינדסטער ספק, אַז אַלץ דאַרף געטאָן ווערן, כּדי די פּראָפ. באַוועגונג זאָל זיין אַן איינהייטלעכע. דער איינציקער באַדינג, וואָס בונד האָט געשטעלט פאַר דער פאַראייניקונג איז געווען דאָס שאַפן אין די איינהייטלעכע פאַראיינען נאַציאָנאַל־קולטורעלע סעקציעס, וועלכע זאָלן באַדינען די יידישע אַרבעטער אויפן געביט פון קולטור און פּראָפ. דערציִונג. בונד איז צו יענער צייט גרייט געווען צו מאַכן הנחות אַפילו לגבי דער דאָזיקער פאָדערונג.

און אויב איינעם ערשטן פּעריאָד פון דער אַנטשטייונג פון די לעגאַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין וואַרשע איז די פאַראייניקונג נישט צושטאַנדגעקומען, און ס'איז אַפילו נישט געווען קיין ערנסטער פּרווו, וואָס זאָל פירן צו אַ פאַראייניקונג, זענען אין דעם שולדיק געווען בעיקר די אַנדערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען: ביידע ריכטונגען פון ס.ד.ק.פּ.ל. און פּ.פּ.ס.־לעוויצע.

גאַר באַזונדערס איז דאָס געווען די שולד פון ס.ד.ק.פּ.ל.־ראָזלאָמאָווצעס, וועלכע האָבן מיט זייער הוראַ־רעוואָלוציאָניזם, היפּער־אינטערנאַציאָנאַליזם און עקסטרעמער ניהיליסטישער באַציִונג צו די נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען, בפרט צו די יידישע נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען, געפּאָרט מיט גיריקייט צו פאַרכאַפּן די אָנפירונג פון דער פּראָפ. באַוועגונג, מיט דער אַראָגאַנטער באַציִונג צום בונד און זייער ביטול צו די געשאַפענע יידישע פּראָפ. פאַראיינען — פאַרשפּאַרט יעדן וועג, וואָס האָט געקענט פירן צו אַ פאַראייניקונג פון די יידישע און פּוילישע פּראָפ. אָרגאַניזאַציעס.

דאָס פּראָבלעם איינהייטלעכע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָבן די אַנדערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען נישט געקענט איגנאָרירן. ס'זענען פאַרגעקומען אַ רייע פאַרזאַמלונגען מיט אַ גרויסער צאָל באַטייליקטע טוערס פון די פּוילישע און יידישע פאַראיינען, אויף וועלכע ס'איז אַ סך גערעדט געוואָרן אויף דער טעמע „פאַראייניקונג", אָבער נישט אויף קיין תּכליתדיקן אופן. דאַקעגן האָבן די צוזאַמענקונפטן געדינט פאַר אַ פּלאַץ, ווו מ'האָט קעגנזייטיק געוואַשן די ברודיקע וועש.

צו די צוזאַמענקומען זענען געקומען אויך די קאַרפּנקעפּ פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וועלכע זענען שוין דערמאָנט געוואָרן ביי אַנדערע געלעגנהייטן און ס'האָבן זיך באַוויזן אויך נייע מענטשן, מיט וועלכע מ'האָט זיך פריִער נישט באַגעגנט. צווישן די נייע מענטשן זענען געווען פיגורן פון אַן ערשטקלאַסיקן קאַליבער, ווי פּיאָטר־פּיאַטראָווסקי (זאַלבערג, אַן אייִדעם פון דעם באַרימטן טשענסטאָכאָווער חזן בירענבוים), אַ פּראַכטפולער מאַנספּאַרשוין אין די צוואַנציקער, מיט אַ סך וויסן, אַ פּאָליטיקער פון אַ הויכן קאַליבער, מיט אַ שאַרפער פעדער און

נאָך אַ שאַרפערער צונג, און אין דער צייט פון דער עקזיסטענץ פון וואַרשעווער אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַט, 1918—1919 — דער בעסטער רעדנער אויפן פאָרום פונעם וואַרשעווער אַרבעטער־ראַט. שפּעטער איז ער געווען סאָוועטישער אַמבאַ־סאַדאָר אין עסטאָניע.

פון אַ הויכן קאַליבער־טוער איז אויך געווען דער רויטער (אָדער געלער) אַנדזשעי, וועלכער האָט אויך געהאַט דעם נישט שיינעם פּאַרטיי־פּסעוודאָנים „פּענ־טאַק". אויב כ׳מאַך נישט קיין טעות, איז זיין פאַמיליע־נאָמען געווען פּאַסכאַלסקי. ביז היינט ווייס איך נישט, צי דער רויטער אַנדזשעי איז געווען פון יידישן אָדער פון פּוילישן אָפּשטאַם. געווען איז אַנדזשעי אַן ערשטקלאַסיקער אָרגאַניזאַטאָר און אַ מענטש מיט שטאָלענע נערוון. ער האָט זיך באַרימט געמאַכט ווי דער פירער פונעם גענעראַל־שטרייק פון די שטאָטישע אָנגעשטעלטע אין וואַרשע אין 1917. פאַר זיין קאָפּ האָט די דייטשישע אָקופּאַציע־מאַכט באַשטימט אַ הויכן פּרייז.

נאָכן גרינדונג־צוזאַמענפאָר פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פּוילן איז דער רויטער אַנדזשעי אַוועק פון דער באַוועגונג. ער האָט געהאַנדלט אויף דער בערזע אין דאַנציק און איז געוואָרן אַן עושר. בשעת די פראַקציאָנעלע קאַמפן אין ק.פ.פ. אין די יאָרן 1927—1929, האָט אַנדזשעי געשטיצט מיט גרויסע געלט־סומעס די מינדערהייט־פראַקציע.

אין סוף צוואַנציקער און אין אָנהייב דרייסיקער יאָרן האָב איך זיך אין דאַנציק־צאָפּאָט עטלעכע מאָל באַגעגנט מיטן רויטן אַנדזשעי. מיין איינדרוק איז געווען, אַז ער איז פאַרבונדן מיט אַ „געוויסער" סאָוועטישער אַגענטור. אויב מיין השערה איז אַ ריכטיקע — און איך גלייב אַז זי איז אַ ריכטיקע — האָט די געגעבענע אינסטיטוציע געהאַט אין רויטן אַנדזשעי איינעם פון די פעיִקסטע און טיכטיקסטע מיטאַרבעטער.

אַ זייער באַגאַבטער און פעיִקער איז געווען צוקערוואַר: אַן אינזשעניר, אַ נאָר וואָס געקומענער פון אַן אוניווערסיטעט פון בעלגיע; אַ נידעריק־וווקסיקער, אַ שוואַרצער, אַ טיפּישער ציגיינער, אַ נערוועזער; אַ היפּער־היפּער עקסטרעמער אַסימילאַטאָר, מיט אַ מויל און פעדער, וואָס האָט געטריפט מיט גאַל און גיפט. צוקערוואַרן האָב איך אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג פון פּוילן, אין לאַנד און אין אויסלאַנד, מער נישט באַגעגנט. ווו ער איז אַהינגעקומען — ווייס איך נישט.

מצד דעם בונד האָבן זיך אין די פאַראיין־צוזאַמענקונפטן אויך באַטייליקט עטלעכע נייע מענטשן (חוץ דוד מייער און יוזעף): גרשון זיבערט, זדזשיסלאַוו (זיגמונד) מושקאַט, נאַטאַן שאַפּראַן, וועלכע זענען געווען די וואָרטזאָגערס פון בונד אין דער פּוילישער שפּראַך.

נאָך מיין צוריקקום קיין וואַרשע, זומער 1918, איז דאָס פּראָבלעם „פאַראייני־קונג" נישט געווען קיין אַקטועלער ענין. דער אַרעסט פון די בונדישע פירערס און

טוערס און די אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד האָט פאַרן בונד געשטעלט אַנדערע אַקטועלע אויפגאַבעס און פּאָליטישע צילן. ערשט אינעם אומאָפּהענגיקן פּוילן איז דאָס פּראָבלעם „פאַראייניקונג" ווידער געוואָרן אַקטועל.

אין 1919 האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד פאַררופן אַ צאַלמעסיק גרויסע באַראַטונג, אויף וועלכער ס׳איז באַהאַנדלט געוואָרן דאָס פּראָבלעם פון פאַראייניקונג. אין דער באַראַטונג האָבן אָנטיילגענומען די מיטגלידער פונעם צענטראַל־קאָמיטעט, די מיטגלידער פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט און אַ צאָל אַקטיווע טוערס פון די פאַראיינען. בשעת כ׳שרייב די שורות, מיי 1964, געפינען זיך נאָך צווישן די לעבעדיקע די פאָלגנדיקע אָנטיילנעמערס פון דער באַראַטונג: דוד מייער, עמנואל נאָוואָגרודסקי, שרה שוועבער, אַברהם שמויש, מנחם ראָזענבוים און זלמן ווילאַנד.

פאָרזיצער פון דער דערמאָנטער באַראַטונג איז געווען יוזעף, דער רעפערענט — דוד מייער. די דיסקוסיע האָט זיך געדרייט אַרום צוויי פּראָיעקטן: דעם אַלטן שטאַנדפּונקט פון בונד: איינהייטלעכע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען מיט נאַציאָנאַל־קולטורעלע סעקציעס, און פון אַברהם שמויש: ראַיאָנע פאַראיינען.

אַברהם שמויש איז נאָר וואָס געהאַט צוריקגעקומען פון אַ באַזוך אין סאָוועטנלאַנד, ווו דער ברודער זיינער, אַן אַלטער בונדיסט, איז אַריבער צו די באָלשעוויקעס און פאַרנומען אַן אָנגעזען אָרט אין דער סאָוועטישער אַדמיניסטראַציע. זיין פּראָיעקט איז געבויט געווען אויפן מוסטער פונעם מאָסקווער מעטאַל־פאַראיין. זיין שטאַנדפּונקט פון ראַיאָנע פאַראיינען האָט געמיינט, אַז יעדער קוואַרטאַל פון וואַרשע און אין אַנדערע גרעסערע שטעט האָט אַן אָפּטיילונג פון אַלגעמיינעם פאַראיין, פירט זיין טעטיקייט ווי אַ זעלבשטענדיקע אָרגאַניזאַציע מיט אַן אייגענער זעלבשטענדיקער פאַרוואַלטונג. אינעם יידישן קוואַרטאַל פון וואַרשע און אין אַנדערע שטעט, ווו די מערהייט וועט זיין אַ יידישע, וועט די פאַרוואַלטונג קענען פירן איר טעטיקייט אין דער יידישער שפּראַך.

דעם אַלטן בונדישן שטאַנדפּונקט האָט מיט אַ סך וועררווע פאַרטיידיקט וולאַדימיר מעדעם. פאַר מעדעמען זענען באַזונדערע נאַציאָנאַל־סעפּעראַטע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען געווען אַ ווילדע און משונהדיקע זאַך. למען האמת, דאַרף מען צוגעבן, אַז אויף דער באַראַטונג איז מעדעם אַפילו גרייט געווען צו מאַכן געוויסע קאָנצעסיעס פון דער אַלט־בונדישער פּאָזיציע לטובת דער פאַראייניקונג.

געפונען האָבן זיך אויף דער באַראַטונג אויך חברים, וואָס האָבן געהאַלטן פאַר נישט צוועקמעסיק וועלכע ס׳איז פאָרעם פון אַ פאַראייניקונג, אָבער אין די פּאָליטישע פאַרהעלטענישן פון יענער צייט האָבן זיי נישט געהאַט קיין מוט עפנטלעך צו פאַרטיידיקן זייער פּאָזיציע.

די דעבאַטעס האָבן זיך געפירט אויסשליסלעך אַרום די אויבנדערמאָנטע שטאַנדפּונקטן פון מעדעמען און פון שמוישן, וואָס זייער געמיינזאַמער תוך איז געווען, אַז

די פּאַראײנען דאַרפֿן אויפֿהערן צו זײן נאַציאָנאַל־סעפּעראַטע. נאָר דאַרפֿן אַרײַנ־נעמען אַלע אַרבעטער, אָן חילוק פֿון נאַציע.

אין גאַנג פֿון דער הײסער דיסקוסיע האָט זיך דערהערט אַ צווישנרוף פֿון יוזעפֿן: „און וואָס וועט זײַן מיטן בונד״? דער פֿאַקט פֿון אַ צווישנרוף מצד דעם שטענדיק רויִקן יוזעף איז אַן און פֿאַר זיך געווען אַ סענסאַציע. אין זײַן וואָרט פֿאָרמולירט יוזעף קלאָר און בולט זײַן צווישנרוף: אין בײדע פֿאָרמען פֿון דער פּראָפֿ. אָרגאַניזאַציע וועט דער בונד זיך געפֿינען אין אַ מינדערהײט. יעדע אײנער־לעכע קאָמבינאַציע פֿון די קעגנערס, אַפֿילו אין די פּאַראײנען אין דעם ייִדישן קוואַרטאַל, צו וועלכע עס וועלן אויך געהערן אַ צאָל נישט־ייִדישע אַרבעטער, באַדראָט די אָרגאַניזאַציאָנעלע השפּעה פֿון בונד. יוזעף האָט זיך אַרויסגעזאָגט פֿאַר סעפּעראַטע זעלבשטענדיקע ייִדישע פּראָפֿעסיאָנעלע פּאַראײנען. די איבעררעשונג אויף דער באַראַטונג איז אַ גרויסע: יוזעף פֿאַרטײדיקט אַ שטעלונג פֿון פּועלי־ציון, קעגן וועלכער מ׳האָט אַזוי שטאַרק געקעמפֿט אויף די פּראָפֿ. פֿאַרזאַמלונגען, קאָנפֿע־רענצן און צוזאַמענפֿאָרן פֿון די ייִדישע פּראָפֿעסיאָנעלע פּאַראײנען. אָבער יוזעפֿן אַרן נישט די אַטאַקעס קעגן אים און קעגן זײַן שטאַנדפּונקט; מען זעט מער נישט דעם שטענדיק פּשרהדיקן יוזעף, נאָר אַן אײַנגעשפּאַרטן און שטאַרקן עקשן — דעם היטער פֿון די געשעפֿטלעכע און אָרגאַניזאַציאָנעלע אינטערעסן פֿון דער בונדישער פּאַרטײ.

אין די צוואַנציקער יאָרן, נאָך דער שפּאַלטונג פֿון בונד, איז די שטעלונג וועגן ספּעציפֿישע ייִדישע פּראָפֿעסיאָנעלע פּאַראײנען, וואָס יוזעף האָט מיט האַק־און־פּאַק איבערגענומען פֿון די פּועלי־ציון, געוואָרן די פּלאַטפֿאָרמע פֿון דער אַזוי גערופֿע־נער פֿאַראײניקונג צווישן דער צענטראַל־קאָמיסיע פֿון די פּראָפֿעסיאָנעלע פּאַראײ־נען, וואָס האָט זיך געפֿונען אין די הענט פֿון פּ.פּ.ס., מיטן צענטראַלראַט פֿון די ייִדישע פּראָפֿ. פּאַראײנען, וואָס האָט זיך געפֿונען אין די הענט פֿון בונד.

און ס׳האָט זיך פֿאַרענדיקט די פּרשה „פֿאַראײניקונג״, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן ווי אַ טראַגעדיע און פֿאַרענדיקט ווי אַ פֿאַרס.

דאָס צענטראַל־ביוראָ פֿון די פּראָפֿעסיאָנעלע בראַנזשע־פּאַראײנען האָט אַ רײַע יאָרן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אינעם ייִדישן אַרבעטער־לעבן אין וואַרשע און געוואָרן אַ מוסטער פֿאַר אַ צענטראַליזירטער אָנפֿירונג פֿון דער פּראָפֿ. באַוועגונג אין אַנדערע שטעט.

זינט דעם געבורט אין זומער 1915, ביז האַרבסט 1921, בין איך געווען אַ מיט־גליד פֿון צענטראַל־ביוראָ און פֿון דער עקזעקוטיוו און כ׳האָב זיך באַטײליקט אין זײערע זיצונגען, באַראַטונגען און קאָנפֿערענצן.

צום לעצטן מאָל בין איך געווײלט געוואָרן ווי אַ מיטגליד פֿון צענטראַל־ביוראָ נאָך דער שפּאַלטונג פֿון בונד אין האַרבסט 1921, ווי אײנער פֿון די צוויי פּאַרטײ־

טערס פון מעטאַל־פאַראיין: איסר גאָלדבערג און איך. אין 1922 איז מיין אָנטייל אין צענטראַל־ביוראָ שוין געווען אַ גאָמינעלער. נאָך מיין באַפרייונג פון תּפיסה, זומער 1927, האָב איך זיך בלויז ספּאָראַדיש באַטייליקט אין עטלעכע באַראַטונגען און קאָנפערענצן, אויף וועלכע כ׳האָב פאַרטראָטן די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון פּוילן.

פאַר מיר, פאַר מיין פּאָליטישער אַון געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג, איז דאָס צענטראַל־ביוראָ און דאָס אינפאָרמאַציאָנס־ביוראָ פון די פּראָפעסיאָנעלע בראַנזשע־פאַראיינען בשעתו געווען אַ העכערער קלאַס פון דער עלעמענטאַר־שולע פון בונד. און ווי פּעדאַגאָגן שטעלן פעסט, שפּילט אַ גוטע עלעמענטאַר־שולע אַ גרויסע ראָלע אין דער דערציִונג און אַנטוויקלונג פון אַ מענטשן.

## מעדעם — פּריי

ווי אַ בליץ האָט אין בונדישן אַקטיוו זיך דורכגעטראָגן די ידיעה, אַז וולאַדימיר מעדעם איז באַפרייט געוואָרן פון תּפיסה און געפינט זיך אין וואַרשע.

מיטן אויסנאַם פון וויקטאָר שולמאַן און פון מרדכי פייגמאַן האָט קיינער פונעם פּאַרטיי־אַקטיוו מעדעמען נישט געקענט פּערזענלעך, אָבער יעדער בונדיסט האָט געוווּסט וועגן מעדעמס ראָלע אין בונד ווי אַ פּאַרטיי־פירער און טעאָרעטיקער פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע און געקענט די לעגענדע־מעדעם: אַ זון פון אַ רוסישן מיליטערישן גענעראַל און — אַ פירער פון בונד.

איך האָב גראָד געהאַט שוין געזען מעדעמען, געזען אים אין דער מאָקאָטאָווער תּפיסה. געשען איז עס אויף אַזאַ אופן:

אַ שניידער־מיידל, אַ בונדיסטין (איך געדענק נישט איר נאָמען, זי געפינט זיך אין פּאַריז), איז ווינטער 1914–15 געקומען פון לאָדזש קיין וואַרשע און זיך פאַרנומען מיטן באַזאָרגן הילף דעם אַרעסטירטן לאָדזשער בונדישן פּאַרטיי־פונקציאָנאַר שוואַרצמאַן, וועלכער איז איבערגעפירט געוואָרן אין דער מאָקאָטאָווער תּפיסה. די חברטע איז געוואָרן טעטיק אין דער בונדישער אַרבעטער־קיך. איין מאָל רופט זי זיך אָן צו מיר: „איר זענט אַ בעלן צו באַזוכן די מאָקאָטאָווער תּפיסה״? געווען בין איך אַ בעלן אויף אַלצדינג, וואָס ס׳איז געווען פאַר מיר ניי און כ׳האָב געגעבן מיין הסכּמה.

אין איינעם אַ קאַלטן ווינטערטאָג בין איך מיט דער חברטע אַוועק צו דער מאָקאָטאָווער תּפיסה. זי האָט באַזאָרגט די דערלויבענישן זיך צו זען מיט שוואַרצמאַנען און מיר אָנגעוויזן אויף איינער פון די פרויען, וואָס זענען געשטאַנען אין דער לאַנגער רייע, אַז דאָס איז מעדעמס פרוי. צום גליק זענען ביי די וויזיטקעס, ביי וועלכע ס׳קומען פאַר די זעונגען, געשטאַנען איינער לעבן אַנדערן מעדעם און

שוואַרצמאַן. דער קאָנטראַסט צווישן די צוויי מענטשן איז געווען אַ גרויסער. שוואַרצ־מאַן, אַ טונקעלער, אַ צאַפּלדיקער, ווי ער וואָלט באַשטאַנען פון איין שטיק נערוו, האָט אויף מיר געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ פּריקאַזשטשיק פון אַ קליין געשעפט. מעדעם, אַ מיטלוווקסיקער, אַ העלער, מיט אַ פּנים פון אַ טיפּישן רוס, אַ רויקער, מיט אַ מילדן שמייכל אויפן פּנים, האָט פאַרכאַפּט מיט עפּעס אַזעלכעס, וואָס מ׳רופט: פּערזענלעכקייט. ווען כ׳בין צוריקגעקומען פון מיין וויזיט אין דער מאָקאָטאָווער תּפיסה, האָב איך פאַר מיינע נאָענטע חברים אָפּגעשילדערט מעדעמען אויף מיין דעמאָלטדיקן ענטוזיאַסטישן אופן.

נאָך וויקטאָר שולמאַנס אָפּיציעלן באַריכט וועגן וולאַדימיר מעדעמס באַפרייונג, האָט דער וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד איינשטימיק באַשלאָסן, אַז אַ דעלעגאַציע אין פולן באַשטאַנד פון פּאַרטיי־קאָמיטעט זאָל מיט בלומען גיין מעדעמען באַגריסן און אַז דער עלטסטער חבר, משה סטאָליאַר, זאָל זיין דער באַגריסער, און דער יינגסטער, הערשל מעטאַלאָוויטש, זאָל זיין דער בלומען־טרעגער. מ׳האָט מיט דעם אַלטן משהן איינגעקנעלט די ברכה פון ברוכים־הבאים.

אין איינעם אַ נאָכמיטאָג זענען מיר אָוועק אויף זשוראַוויע־גאַס. ביים אַריינגאַנג אין דער וווינונג האָט אָורעמל שטריקער אַ נעם געטאָן פון מיר דעם בוקעט בלומען, אָוועקגערוקט דעם אַלטן משהן אין אַ זייט, מיט פלאַמיקע ווערטער באַגריסט מע־דעמען, און געמאַכט אַ דערקלערונג אין נאָמען פונעם פּאַרטיי־קאָמיטעט, אַז חבר מעדעם איז דערוויילט געוואָרן פאַר אַן ערן־מיטגליד, און דער קאָמיטעט האָפט, אַז חבר מעדעם וועט רעגולער באַזוכן די זיצונגען פונעם אַקטיוו און מיטאַרבעטן מיטן וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד. הגם אָורעמל שטריקערס אַרויסטריט איז געווען אַן אוזורפּאַטאָרישער און זיין דערקלערונג איז נישט געווען קיין אויטאָ־ריזירטער, איז קיינעם נישט איינגעפאַלן אָורעמלען צו דעזאַוווירן. אַדרבא, מען איז געווען זייער צופרידן סיי פון דער דרשה און סיי פון דער דערקלערונג.

מעדעם האָט די דעלעגאַציע אויפגענומען מיט גרויס צופרידנקייט און מיט יעדן איינעם וואַרעם זיך באַגריסט. באַזונדערס צופרידן איז ער געווען, וואָס צווישן די מיטגלידער פונעם פּאַרטיי־קאָמיטעט געפינט זיך אַזאַ שטייגער ייד, אַ סטאָליאַר־אַרבעטער, וועלכער זעט אויס מיט זיין טראַדיציאָנעלער קליידונג און גרויסער און ברייטער באָרד, ווי אַ תּלמיד־חכם.

ווען ס׳איז געקומען די רייע צו מיר, האָט מיך מעדעם געפרעגט, ווי אַלט איך בין, ווי לאַנג כ׳בין שוין אין בונד און ווי לאַנג כ׳בין אַ מיטגליד פונעם פּאַרטיי־קאָמיטעט. מיין ענטפער איז געווען: 18 יאָר אַלט, אין בונד — עפּעס מען ווי אַ יאָר, און אין פּאַרטיי־קאָמיטעט — זינט פעברואַר. מעדעם האָט אויפגענומען מיין ענטפער מיט פאַרוווּנדערונג, אָבער זיך מיט גאָרנישט אָנגערופן.

וולאַדימיר מעדעם האָט משמעות די פאַרבעטונג צום פּאַרטיי־קאָמיטעט גע־נומען זייער ערנסט. אין עטלעכע טעג שפּעטער איז מעדעם געקומען צו אַ זיצונג.

און פון דעמאָלט אָן ביז מיין פאַרלאָזן וואַרשע, סוף דעצעמבער 1915, האָט ער זיך באַטייליקט אין אַלע זיצונגען פונעם וואַרשעווער פאַרטיי־קאָמיטעט, סיידן אַ קראַנ־קייט האָט אים געשטערט.

וולאַדימיר מעדעמס פאַרנעמען אַן אָרט אין פאַרטיי־קאָמיטעט האָט דעם וואַר־שעווער פאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד געגעבן אַן אַנדער פּנים, סיי כּלפּי פּנים און סיי כּלפּי חוץ. מעדעמס וויסן און פּאָליטישע דערפאַרונג און זיין ערנסטע באַציִונג אַפילו צו די קלענסטע ענינים, האָט סטימולירט, געצוואונגען יעדן איינעם זיך צו פאַרטראַכטן, ערנסטער צו באַהאַנדלען די ענינים פון טאָג־אָרדענונג און אַפילו טיפ־זיניקער און שאַרפזיניקער צו שפּאַסן. וולאַדימיר מעדעם האָט אָנגעהויבן לייגן אַ שטעמפּל אויף די זיצונגען און באַראַטונגען, אין וועלכע ער האָט זיך באַטייליקט.

אַוורעמל שטריקער און איך זענען געוואָרן אָפטע באַזוכערס אין דער באַשיי־דענער איינצימערדיקער וווינונג פון די מעדעמס אויף זשוראַוויע־גאַס. מיט נייגער האָב איך אָבסערווירט די פאַרשידענע מענטשן, בעיקר — געקומענע פון דייטש־לאַנד, וועלכע האָבן אָפּגעשטאַט וויזיטן ביי די מעדעמס. מיט אָפענע אויערן האָב איך זיך צוגעהערט צו די געשפּרעכן.

ס׳געדענקט זיך גענוי דער אינצידענט צווישן מעדעמען און דעם דייטשישן רייכסטאַג־אָפּגעאָרדנטן (דעפּוטאַט פון דייטשישן פאַרלאַמענט) ד״ר דאַווידזאָן פון כעמניץ — מאַגדעבורג.

ד״ר דאַווידזאָן איז געווען אַ קליינער, אַ געפּאַקטער, אַ געלער מיט אַן אומ־סימפּאַטיש פּנים, אַ גאַר רעכטער שיידעמאַנער. גערעדט האָבן זיי וועגן דער מלחמה און וועגן דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. מעדעם האָט שטאַרק אָפּאָנירט דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער מלחמה־פּאָליטיק.

דאָס מאָל האָב איך זיך אַריינגעמישט אין געשפּרעך און אויף מיין וואַרשעווער יאַך־דייטש געלערנט אַ לעקציע סאָציאַליזם און רעוואָלוציאָניזם דעם דייטשישן רייכסטאַג־אָפּגעאָרדנטן. דאַווידזאָן איז בייז געוואָרן. זיין מיט פּיעגעס באַשאָטן פּנים איז געוואָרן צונטער־רויט, זיין היפּשע געלע טשופּרינע איז געוואָרן איין שטיק פייער. מיט זיין גאַנצן כּוח האָט ער אַ זעץ געטאָן מיט דער פויסט אין טיש און אַ געשריי געטאָן: „שייסבובע, אונטערן טיש אַרונטער, דיין פּרעכן פּיסק זאָלסטו האַלטן!״

וולאַדימיר מעדעם האָט קוים איינגעהאַלטן זיין כּעס און מיט אַ געצווימטער רויִקייט, אָבער מיט אַ פולער אונטערשטרייכונג פון זיינע ווערטער, אָנגעזאָפּטע מיט איראָניע, אַ זאָג געטאָן צו דאַווידזאָנען:

„רעגט אייך נישט אויף, גענאָסע דאָקטאָר דאַווידזאָן. אַזעלכע „שייסבובעס״ זענען אונטערן צאַרישן רעזשים יונג אַלט געוואָרן. ביי אונדז, יידישע סאָציאַליסטן, קענט איר טרעפן יונגע חברה, וועלכע וועלן זיך פאַרמעסטן אין סאָציאַליסטיש וויסן

מיט אַ סך פון אייערע טוערס, אָפּגערעדט פון רעוואָלוציאָנערע טאַטן. איר זעט דעם דאָזיקן 18־יאָריקן „שייסבובע"? ער האָט שוין הינטער זיך טורמעס און איז אַ מיטגליד פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד. איך זע נישט, פאַר וואָס איר האָט זיך געדאַרפט אַזוי אויפרעגן. מיין יינגערער חבר האָט אייך דאָך נישט פּערזענלעך באַליידיקט. ער האָט אַרויסגעבראַנגט אַ שטאַנדפּונקט. ווען אַפילו דער שטאַנדפּונקט איז אייך נישט צום האַרצן, האָט איר נישט געהאַט קיין רעכט אים פּערזענלעך צו באַליידיקן. וואָלט איר נישט געווען מיין גאַסט, וואָלט איך אויף אייער באַליידיקן דעם יינגערן חבר געדאַרפט אַנדערש רעאַגירן".

דאָס ביסל שׂכל, וואָס כ'האָב פאַרמאָגט, האָט דיקטירט וואָס שנעלער צו פאַר־לאָזן דאָס צימער. כ'האָב זיך געזעגנט מיט די מעדעמס און פאַרלאָזט זייער וווינונג.

ווען כ'האָב זיך ווידער מיט מעדעמען באַגעגנט, האָט ער מיך באַגריסט מיט אַ שמייכל און געזאָגט צו מיר: „נאָך אייער אַוועקגיין האָב איך ערשט דאַווידזאָנען געגעבן דעם ריכטיקן חלק".

וולאַדימיר מעדעם איז זומער 1915 געווען דער ערשטער און דער איינציקער, פאַר וועמען ס'זענען אויפגעפּראַלט געוואָרן די טויערן און ער איז מיט פּאַראַד אַריינגעפירט געוואָרן ווי אַ מיטגליד פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד.

## פּאַסאַזשירן אויפן בונדישן וואָגן

דאָס אַרויסקומען פון בונדס פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט פון טיפן אונטערערד אויף דער עטוואָס פרייערער לופט, האָט באַוויזן אַ צאָל מענטשן צו קריגן חשק אַרויפצוכאַפּן זיך און בפרהסיא צו פאָרן אויפן בונדישן וואָגן.

דער ערשטער האָט זיך געיאָוועט אַ פאַרשוין באַקאַנט אונטערן נאָמען הענעך זאַמאָשטשער, אַנדערש גערופן — הענעך בראָנזאָוניק. ער איז נישט געקומען אַליין, ער האָט געשיקט אַ שליח מיט אַ בריוו, אין וועלכן ער האָט פאַרלאַנגט אַ חשוב אָרט אין בונדישן עקיפּאַזש.

הענעך זאַמאָשטשער איז געווען אַ לאַנגיאָריקער בונדישער פּאַרטיי־פונקציאָנאַר אין וואַרשע. אין 1913 איז ער אָפּגעשטעלט געוואָרן אין יעדער פאַרבינדונג מיטן בונד צוליב שווערע חשדים פון פּראָוואָקאַציע. אויף דער ערשטער זיצונג פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד, אינעם ערשטן טאָג פון דער דייטשישער אָקופּאַציע פון וואַרשע, האָט וולאַדיסלאַוו נאָכעמזאָן געבראַנגט אַ בריוו פון הענעך זאַמאָשטשער, אין וועלכן ער האָט פאַרלאַנגט, מ'זאָל אים רעסטאַווּרירן אין זיינע רעכט און פליכטן. יאַנעק־יאַנקעלעוויטש איז שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן צולאָזן

הענעך זאַמאָשטשער צו וועלכער ס׳איז אַרבעט. באַשלאָסן איז געוואָרן אויסצוטיילן אַ קאָמיסיע פון דריי חברים: וויקטאָר שולמאַן, יוסף באַסאַק און יאַנעק־יאַנקעלע־וויטש, וועלכע זאָלן מיט דעם ענין זיך פאַרנעמען.

אויף מיר האָט הענעך זאַמאָשטשערס בריוו געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. ווען ס׳איז פאַרגעלייגט געוואָרן מיין קאַנדידאַטור אין דער קאָמיסיע, ווי דער איינציקער וועלכער האָט הענעכן פון פריִער נישט געקענט, האָב איך זיך אָפּגעזאָגט אַריינצוגיין אין דער קאָמיסיע מיטן מאָטיוו, אַז איך בין באַאיינדרוקט פונעם בריוו און כ׳וועל נישט בכּוח זיין אָביעקטיוו צו האַנדלען. איך בין אויך אַרויסגעטראָטן קעגן יאַנעק־יאַנקעלעוויטשן ווי אַ מיטגליד פון דער קאָמיסיע, מחמת ער וועט זיין אַ געשווירענער קטיגור.

אויף צו מאָרגנס האָט זיך געיאָוועט אַן אַנדער פּאַסאַזשיר. זיין נאָמען איז געווען אַלעקסאַנדער. אויב כ׳מאַך נישט קיין טעות, איז זיין פאַמיליע־נאָמען געווען היינס־דאָרף. אַ קליינער, אַ דאַרער, מיט אַ לענגלעך פּנים, שפּיציק בערדל און אַ האַרטן מעלאַניק אויפן קליינעם קעפּל — האָט ער געמאַכט אַ קאָמישן איינדרוק. די עלטערע חברים האָבן זיך אָבער צו אים באַצויגן מיט רעספּעקט.

אַלעקסאַנדער, אָדער „דער קליינער אַלעקסאַנדער״ ווי מ׳האָט אים שפּעטער גערופן אין די בונדישע פּאַרטיי־קרייזן, אַן אַלטער טוער פון בונד, איז פון פּאַך געווען אַ לערער. אויך ער איז געווען אָפּגעשטעלט פון וועלכער ס׳איז פּאַרטיי־אַרבעט צוליב אַ חשד פון פּראָוואָקאַציע. זיין ענין האָט נישט אַרויסגערופן קיין מיינונג־פאַרשידנהייט. ער איז איבערגעגעבן געוואָרן צו דער דיספּאָזיציע פון נאָכעמזאָגנען און פאַרנומען מיין אָרט ווי פאַרוואַלטער פונעם ברויטפּאַרטייל אין דער בונדישער אַרבעטער־קיך.

געיאָוועט האָט זיך אַבֿרהמל פּשישוּע־בייגער (אַבֿרהם ראָטשפּאַן). געהאַט האָט ער הינטער זיך אַ פאַרגאַנגענהייט פון איינעם פון די בעסטע און אינטעליגענטסטע אַרבעטער־טוערס אין די רעוואָלוציע־יאָרן פון 1905. אַבֿרהם ראָטשפּאַן איז אָבער געשטאַנען אונטער אַ חשד פון ברעכן אַ שטרייק ביי די וואַלקערס אין די לעצטע יאָרן פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, און אַז צוליב אים זענען עטלעכע מיטגלידער פונעם שטרייק־קאָמיטעט געוואָרן אַרעסטירט און פאַרשיקט קיין סיביר.

דער פּאַרטיי־קאָמיטעט האָט באַשלאָסן — דערווייל גאָרנישט צו באַשליסן.

אַבֿרהם ראָטשפּאַן האָט דעם פּאַרטיי־באַשלוס אויפגענומען רויִק, און דער־קלערט, אַז ער איז צו יעדער צייט גרייט זיך צו שטעלן צו דער פּאַרטיי־דיספּאָזיציע.

איך ווייס נישט, ווי אַזוי און ווער ס׳האָט איינגעאָרדנט אין זאַל פון דער ביבליאָטעק ביי דער טלאָמאַצקער סינאַגאָגע אַבֿרהם ראָטשפּאַנס אַ רעפעראַט אויף אַן איבסען־טעמע. די מיטגלידער פונעם פּאַרטיי־קאָמיטעט זענען אים געגאַנגען הערן. דאָס איז געווען דער ערשטער עפנטלעכער רעפעראַט אויף אַ ליטעראַרישער טעמע נאָכן אַריינקום פון די דייטשן קיין וואַרשע, געהאַלטן דורך אַ בונדיסט. איבסען

איז בשעתו געווען שטאַרק פּאָפּולער אין די ייִדישע ראַדיקאַלע קרייזן, און ס׳איז אויך געווען טשיקאַווע צו זען ווי אַן אַרבעטער, אַ פּשישווע־בייגער (אַ וואַלקער), וועט זיך ספּראַווען מיט אַזאַ טעמע.

גערעדט האָט אַברהם ראָטשפּאַן איבער 2 שעה. די אָפּשאַצונגען וועגן זיין רעפעראַט זענען געווען דיאַמעטראַל־קעגנזעצלעכע. אייניקע האָבן אים געלויבט אין הימל אַריין, אַנדערע האָבן נישט געהאַט קיין איין גוט וואָרט און געמאַכט פון אים און פון זיין רעפעראַט חוכא־וטלולא.

און אַזאַ איז געווען אַברהם ראָטשפּאַנס מזל אין די אַלע יאָרן, וואָס איך האָב אים געקענט. ער און זיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט, איז אָדער געלויבט געוואָרן מיט אַלע לויבענישן, אָדער געמאַכט געוואָרן כּעפרא־דאַרעא. ער האָט געהאַט אָנ־הענגערס און פריינד, וואָס זענען גרייט געווען פאַר אים צו גיין אין פייער, און קעגנערס און שונאים, וואָס וואָלטן קאַפּאַבל געווען אים צו דערטרינקען אין אַ לעפל קאַלט וואַסער.

געקומען איז דער דרוקער לעוויט: אַן אינטעליגענטער, אַ רויִקער, אַ רעפּרע־זענטאַטיווער און מיט אַ היפּשער געשיכטע הינטער זיך. ער איז געווען אַ דירעקטער אָנטיילנעמער אינעם אַטענטאַט, וואָס הירש לעקערט האָט אויסגעפירט איבערן ווילנער גובערנאַטאָר פאָן וואַל. נאָכן אַטענטאַט איז ער זיך צעגאַנגען מיטן בונד און אַוועק צו „איסקראַ״. אין די לעצטע יאָרן פאַרן אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז לעוויט צוריקגעקומען צום בונד און נאָכן אַריינקום פון די דייטשן קיין וואַרשע — זיך געווענדט צום פּאַרטיי־קאָמיטעט און פאַרלאַנגט פּאַרטיי־אַרבעט. לעוויט איז איבערגעשיקט געוואָרן צום ווירטשאַפט־אַפּאַראַט, אין וועלכן ער איז געווען טעטיק עטלעכע יאָר.

געיאַוועט האָט זיך אַן עלטערער שניצער־אַרבעטער (זיין נאָמען אָדער פאַמיליע־נאָמען קען איך זיך בשום אופן נישט דערמאָנען) מיט אַ גרויסן יחוס פון דער פאַרגאַנגענהייט.

דאָס שניצערפאַך איז געווען איינע פון די צאָלרייך־באַשעפטיקטע ביי ייִדן, פון די ערשטע ייִדישע פאַכן אין וואַרשע, וואָס האָט נאָך אין פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט אַריינגעשריבן הערלעכע בלעטלעך אין דער געשיכטע פונעם קאַמף פאַר סאָציאַליזם און אַרויסגעגעבן פון זיך אַ צאָל אינטעליגענטע אַרבעטער־פירערס און טוערס. גענוג צו דערמאָנען בלויז דעם נאָמען יעקב מילך. דאָס שניצערפאַך איז אָבער אין די יאָרן 1914–1907 פולשטענדיק אונטערגעגאַנגען.

דער דערמאָנטער שניצער־אַרבעטער איז געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע פירערס פונעם שניצערפאַך און אַ מיטגליד פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד אין די רעוואָלוציע־יאָרן פון 1905. אויך דער חבר איז איבערגעשיקט געוואָרן צום ווירטשאַפט־אַפּאַראַט.

אין 1918, נאָך מיין צוריקקום פון דייטשלאַנד, האָב איך דעם דערמאָנטן חבר

געטראָפן ווי דעם פאַרוואַלטער פון דער בונדישער קאָאָפּעראַטיווער קראָם אויף טוואַרדע־גאַס און ווי אַן אַקטיוון טוער פון האַלץ־גאַלאַנטעריע־פאַראיין. צו קיין בונדישע פאַרטיי־קאַריערע איז ער קיין מאָל מער נישט דערגאַנגען.

געיאַוועט האָבן זיך דריי מיטגלידער פון דער גראָסער־גרופּע אין דער סטאַוואַזשישעניע : עזריאל וואַלאַך, גרשון זיבערט און מאיר (חיים) וואַסער.

עזריאל וואַלאַך איז צוגעטיילט געוואָרן צו דער אַרבעט ביים העלפן דעם אויפבוי פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. ווי אַזוי ער האָט מיט זיין אויפגאַבע זיך געספּראַוועט, איז דערציילט געוואָרן אין פאַריקן קאַפּיטל. וואַלאַך איז באַזייטיקט געוואָרן פון צו האָבן וועלכע ס׳איז מגע־ומשא מיט אַרבעטער, איבערגעגעבן געוואָרן צו דער דיספּאָזיציע פון נאָכעמזאָנען און געוואָרן דער בוכהאַלטער פון די בונדישע ווירטשאַפט־אינסטיטוציעס.

גרשון זיבערטס באַווייזן זיך אין דער בונדישער אַרבעטער־קיך האָט אַרויסגערופן אַ פוראָר. ער איז געווען אַ בילד־שיינער ברונעטער יונגער מאַנספּאַרשוין, ספּאָרטיוו, אַן עסטעט און אַ ליבהאָבער פון בלומען. עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי אַ יונגער פּרינץ פון אַ וויטן לאַנד וואָלט פּלוצעם געקומען צו גאַסט. די פרויען האָבן אים ממש אויפגעגעסן מיט די אויגן. בשעת זיין עטלעכע וואָכעדיקן אויפהאַלט אין בערלין אין 1917, נאָך זיין באַפרייונג פונעם האָוועלבערגער קאָנצענטראַציע־לאַגער, האָבן אים די נאָענטע פריינד געראָטן נישט אָפּט זיך צו באַווייזן ביי טאָג אויף די בערלינער גאַסן, די סעקסועל־אויסגעהונגערטע דייטשקעס זאָלן אים נישט באַפאַלן און פאַרגוואַלדיקן אין מיטן גאַס. ווען כ׳האָב זיך מיט זיבערטן געטראָפן אין האַרבסט 1927 אויף פּשעיאַזד אין וואַרשע, נאָך מיין צוריקקום פון תּפיסה און זיין צוריקקום נאָך עטלעכע יאָר פאַרברענגען אין אַמעריקע, און געכאַפּט אַ שמועס מיט אים אין אַ שכנותדיקער צוקערניע, אַ שמועס צווישן צוויי מענטשן פון פאַרשיידענע פּלאַנעטן : ער, אַ גאָר־גאָר רעכטער סאָציאַל־דעמאָקראַט, און איך — אַ קאָמוניסט — האָב איך, קוקנדיק אויף זיין צעליאַפּעטער פיגור, אָנגעבלאָזענעם בויך, אויף זיינע טאָרבעס אונטער די אויגן און פעטן גוידער, געפילט, ווי אַ וואַנדאַל וואָלט פאַרשמירט אַ פּראַכטפול בילד, וואָס האָט אַ מאָל אַרויסגערופן אַנטציקונג.

דער באַריכט, וואָס יאַנעק האָט אָפּגעגעבן וועגן זיין שמועס מיט זיבערטן, איז געווען כולו לויב, און ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן זיבערטן צו האַלטן נאָענט צום פאַרטיי־קאָמיטעט און זיך צו באַנוצן מיט זיינע פעיִקייטן.

מאיר (חיים) וואַסער איז געקומען פאַרנעמען אַן אָרט אין בונדישן עקיפּאַזש מיט אַ רענצל אָנגעפילט מיט זכיותן פון אַ געוועזענעם טוער און אַ מיטגליד פונעם וואַרשעווער פאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד אין די רעוואָלוציע־יאָרן פון 1905. דער באַריכט און אָפּשאַץ פון אַורעמל שטריקער וועגן זיין שמועס מיט וואַסערן איז געווען אַ קורצער : „אַ טעמפּער מוח״. דער פאַרטיי־קאָמיטעט האָט וואַסערן גע־

שיקט אין ווירטשאַפט־אַפּאַראַט. וואָסער האָט דעם פּאַרטיי־באַשלוס אויפגענומען מיט אַן אָנגעדראָלענער און צאָרנדיקער מינע, און אַ בייזער אָפּגעטראָגן זיך פונעם לאָקאַל פון דער בונדישער אַרבעטער־קיך.

די אויסגערעכנטע, און אַנדערע נישט אויסגערעכנטע פּאָסאַזשירן, זענען געקומען מיט דער פולער זיכערקייט, אַז די טויערן וועלן פאַר זיי ברייט געעפנט ווערן און מיט פּאַראַד וועלן זיי אַריינגעפירט ווערן אין היכל פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד. די מיטגלידער פונעם פּאַרטיי־קאָמיטעט האָבן אָבער נישט געהאַט קיין חשק וועמען עס איז אַריינצולאָזן: ווו זענען זיי געווען אין די פריערדיקע יאָרן, אין די שווערע יאָרן פונעם צאַרישן טעראָר־רעזשים? זיי האָבן זיך פאַרשטעקט אין די מויזן־לעכער און די נאָז נישט אַרויסגערוקט, און איצט קומען זיי צום גרייטן, אָדער זיי האָבן געמוזט באַזייטיקט ווערן פון פּאַרטיי־אַרבעט צוליב חשדים פון פּראָוואָקאַציע. די קאָמיטעט־מיטגלידער האָבן געטענהט, אַז זיי זענען נישט חולה צו וואַרטן ביז אַ נאָרמאַלער שטאָטישער פּאַרטיי־קאָנפערענץ. דעמאָלט וועלן מיר זען.

די איינציקע צוויי חברים — חוץ וולאַדימיר מעדעם — וועלכע זענען געוואָרן מיטגלידער פונעם פּאַרטיי־קאָמיטעט, זענען געווען די דערמאָנטע אין פּאַריקן קאַפּיטל: דוד מייער און יוזעף. דוד מייער איז געוואָרן פּאָרזיצער פונעם צענטראַל־ביוראָ פון די פּראָפעסיאָנעלע בראַנזשע־פּאַראייניקן אויפן אָרט פון וויקטאָר שולמאַן, און צוליב זיין אַמט האָט מען אים געמוזט קאָאָפּטירן צום פּאַרטיי־קאָמיטעט; יוזעף איז געקומען עקס־אָפיציאָ, ווי אַ מיטגליד פונעם פּוילישן קאָמיטעט.

פון די אויבן דערמאָנטע זענען שפּעטער בלויז צוויי חברים געווילט געוואָרן ווי מיטגלידער פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד: גרשון זיבערט און מאיר וואָסער. זיבערט — אין עטלעכע קאַדענצן, וואָסער — פּערמאַנענט, פון זיין ערשטער אויסוויילונג האַרבסט 1915, ביז מיין אַרויסטריט פון בונד. מיט דער פּערזאָן פון מאיר וואָסער, דעם „טעמפּן מוח", וועט מיר אויסקומען אָפט זיך צו באַגעגענען אין מיינע זכרונות.

נישט בלויז יחידים מיט פּרעטענסיעס אויף מנהיגים האָבן זיך אַרויפגעכאַפּט אויפן בונדישן וואָגן. ס'זענען געקומען אויך גרופּעס, וועלכע האָבן געהאַט דעם ווילן דעם כּסדר אָנגעלאָדענעם וואָגן מיט פּראָפּ. פּאַראייניקן און ווירטשאַפט־אינסטיטוציעס אונטערצושטופּן ביי זיין גיין באַרג־אַרויף.

אין איינעם אַ נאָכמיטאָג, אין די ערשטע 3–2 וואָכן נאָכן אָקופּירן וואַרשע דורך די דייטשן, האָט זיך אין דער בונדישער אַרבעטער־קיך אויף קאַרמעליצקע 9 באַוויזן אַ גרופּע פון פריער אומבאַקאַנטע פּאַניענקעלעך. זיי זענען געקומען מיט אַ פאַרלאַנג, אַז דער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד זאָל זיי צוטיילן געהעריקע אַרבעט. די גרופּע אינטעליגענטע מיידלעך זענען געווען טעטיק אין בונדישן רויטן קרייז. היות ווי

די דאָזיקע טעטיקייט איז פּאַרלויפיק געווען נישט נייטיק, האָבן זיי פאַרטראַכט אַ פּלאַן צו גרינדן אַ קינדערהיים.

צווישן די געקומענע האָבן זיך געפונעןביידע שוועסטער גלאָזער: מאַניע, די שפּעטערדיקע פרוי פון מאיר וואַסער און איר יינגערע שוועסטער, בעלאַ, אַ לערערין (באַגאַנגען זעלבסטמאָרד נאָך דעם ווי איר בחור, בערענשטאַק, איז אין 1918 דערהרגעט געוואָרן דורך יונגע פּוילישע אָפיצירן, זיינע אוניווערסיטעט־קאָלעגן, אין שטעטל לאַפּי, ביים אַריבערגיין די פּויליש־סאָוועטישע גרענעץ); ראַטנער, אַ שוועסטער פון דעם שפּעטער באַקאַנטן יוגנט־טוער יוזעק ראַטנער, און אַנדערע. געווען זענען אויך צווישן דער גרופּע צוויי מיידלעך פון דער גרופּע פּאַניעַנקעלעך פון ערשטן לאָקאַל פון דער בונדישער אַרבעטער־קיך אין שטאַבזיבס הויף: די לערערין סאַבינאַ און עווא פּאָמעראַנץ, און אויך די פּאַני סאָפיאַ (סאָפיאַ מושקאַט).

יאַנעק־יאַנקעלעוויטש האָט זיך מיט דער דאָזיקער גרופּע מתעסק געווען, אָפּ־געהאַלטן מיט זיי אַ באַראַטונג און אויף דער דאָזיקער באַראַטונג איז געלייגט געוואָרן דער גרונטשטיין פונעם בונדישן שולוועזן.

געקומען זענען עטלעכע שילערס פון דער האַנטווערקער־שולע אויף סטאַווקע מיט אַ ווענדונג צו שאַפן אין זייער שולע אַ בונדישן קרייז, און דער קרייז זאָל געפירט ווערן אין דער יידישער שפּראַך.

דאָס קומען און די ווענדונג פון די האַנטווערקער־שילערס איז פאַר די דעמאָלט־דיקע בונדישע טוערס געווען אַ סורפּריז און אַ סענסאַציע. צו די צוויי יידישע האַנטווערקער־שולעס אין וואַרשע (וואָס די יידישע גמינע האָט אויסגעהאַלטן), אויף די גאַסן גזשיבאָווסקע און סטאַווקע, האָט דער בונד קיין מאָל נישט געהאַט קיין צוטריט. דאָס איז געווען אַ נישט־צוטריטלעכע פעסטונג פון פּ.פּ.ס., און נאָך דער שפּאַלטונג פון דער פּ.פּ.ס. אין 1906 — פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע. צווישן די שילערס האָט געהערשט דער הייליקער גייסט פון מיכאל האַלפּערן, איינער פון דער ערשטער גרופּע פאַרמישפּטע טוערס און אָנהענגערס פון דער ערשטער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין פּוילן „פּראָלעטאַריאַט”, וועלכער איז נאָך זיין צוריקקום פון קאַטאָרגע און סיביר, געווען, ביז זיין טויט, דער דירעקטאָר פון די האַנטווערקער־שולעס ביי דער וואַרשעווער יידישער גמינע.

די ווענדונג פון די שילערס איז דורכן וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס ערנסט. די פראַגע, ווער ס'זאָל ווערן דער אָנפירער פון דער גרופּע, איז לאַנג און אַלזייטיק באַטראַכט געוואָרן. די קאַנדידאַטן פאַר דעם אַמט זענען געווען: גרשון זיבערט, לעוויט דער דרוקער, און אַברהם ראַטשפּאַן. איך געדענק נישט די סיבות פאַר וואָס די ערשטע צוויי חברים זענען נישט באַשטימט געוואָרן און אַברהם ראַטשפּאַן האָט יאָ געקריגן די אויפגאַבע צו זיין דער אָנפירער פון דעם געשאַפענעם קרייז.

צום ערשטן צוזאַמענקום פון דעם האַנטווערקער־שילערקרייז זענען מצד דעם קאָמיטעט פון בונד דעלעגירט געוואָרן וויקטאָר שולמאַן און איך. שולמאַן איז געווען דער רעפערענט, און איך — דער באַגריסער.

דער הויפּט־איניציאַטאָר און דער פּראָמינענטסטער פונעם האַנטווערקער־שילערקרייז איז געווען זימונד קוראַפּאַטווע — אַ פּעיִקער, אינטעליגענטער, איידע־לער און באַזאַכטער בחור. מיט ז׳גמונד קוראַפּאַטווע האָב איך זיך צום לעצטן מאָל באַגעגנט אין 1918 אין מאַגדעבורג, נאָך מיין אַנטלויפן פונעם קאָנצענטראַציע־לאַגער אַלט־גראַבאָוו. קיין פּוילן איז קוראַפּאַטווע מער נישט צוריקגעקומען. ער האָט עמיגרירט קיין בעלגיע און איז טעטיק געווען אין דער בונדישער גרופּע און אין דער בעלגישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, אין דער צייט פון דער לעצטער וועלט־מלחמה אין אונטערערד אין בעלגיע. אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס.

געקומען איז אַ גרופּע „קולטורניקעס” און פאַרלאַנגט אַ פאַרבינדונג מיטן בונד. פאַר וואָס מ׳האָט זיי גערופן „קולטורניקעס” — ווייס איך נישט אָדער ס׳געדענקט זיך נישט. פאַרמאָגט האָט די גרופּע אַ גרויסע געהיימע ביבליאָטעק, וועלכע האָט אָפּערירט אין די לעצטע יאָרן פון צאַרישן רעזשים. די גרופּע איז געקומען מיט אַ פּראָיעקט צו עפענען אַ פאָלקס־ביבליאָטעק.

צו דער דאָזיקער גרופּע האָבן געהערט: די ברידער לעהמאַן, דער שפּעטער באַקאַנט געוואָרענער פאָלקלאָר־זאַמלער שמואל לעהמאַן און זיין יינגערער ברודער, וועלכער איז אַ ריי יאָרן געווען דער קאָרעקטאָר פון די בונדישע „לעבנס־פראַגן”; משהלע, דער שפּעטערדיקער לאַנג־יאָריקער ביבליאָטעקאַר פון דער גראָסער־ביבליאָטעק; די פאַמיליע האָלאַנד, ברידער און שוועסטער; קאָן, אַן אַנגע־שטעלטער אין שימינס בוכהאַנדלונג; דער שוין פון מיר געלעגנהייטלעך דערמאָנטער געלער אַנאַרכיסט, דער אוכאַזשאַר פון פאָלאַ בער, און אַנדערע.

די אויפגאַבע צו פאַרהאַנדלען מיט דער דאָזיקער גרופּע האָט דער וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד איבערגעגעבן סעמיאָנען. סעמיאָן מיט דער גרופּע האָבן צווישן זיך נישט געקענט אויסקומען און דער שידוך האָט געהאַלטן ביים אָפּגעלאָזן ווערן. יאַנעק־יאַנקעלעוויטש האָט איבערגענומען די ראָלע פונעם שדכן. די פאַר־האַנדלונגען זענען געווען שווערע און פאַרצויגענע. סוף כּל סוף איז מען געקומען צו אַן אויסגלייך: די געשאַפענע ביבליאָטעק וועט זיין אַ זעלבשטענדיקע אינסטי־טוציע מיט אַן אייגענער פאַרוואַלטונג, לויז אַפילירט מיט דער בונדישער קולטור־טעטיקייט, און וועט טראָגן דעם נאָמען פונעם יונג פאַרשטאָרבענעם פירער פון בונד גראָסער.

ווי לאַנג ס׳האָט אָנגעהאַלטן די „זעלבשטענדיקייט” — איז מיר שווער צו זאָגן. אַ פאַקט איז, אַז די ביכער פון דער געהיימער ביבליאָטעק פון דער גרופּע „קולטור־ניקעס” און די מענטשן פון דער גרופּע זענען געוואָרן דער פונדאַמענט פון דער גראָסער־ביבליאָטעק.

געקומען איז אַ גרופּע יונגע אינטעליגענטן און פאַרלאַנגט אַ פאַרבינדונג מיטן בונד.

די גרופּע איז נאָר וואָס באַפרייט געוואָרן פון דער לאָמזשער טורמע. די מיט־גלידער פון דער גרופּע זענען אַרעסטירט געוואָרן אין 1912 אויף אַ קאָנפערענץ פון דער סאָציאַליסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „צוקונפט", וועלכע איז דעמאָלט געווען אַן אַלפּאַרטייִשע יוגנט־אָרגאַניזאַציע. די אַרעסטירטע שילערס־דעלעגאַטן זענען געווען אַסימילאַטאָריש געשטימט און געהערט צו ס.ד.ק.פּ.ל. אָדער סימפּאַטיזירט מיט איר. אַן אויסנאַם איז געווען דער עלטערער שפּינאַק, וועלכער איז געווען אַ בונדיסט. די אַרבעטער־דעלעגאַטן זענען געווען בונדיסטן אָדער בונדיש געשטימט. אין טורמע, אין פּאַוויאַק און שפּעטער אין לאָמזשע, האָבן די אַסימילאַטאָריש־געשטימטע יוגנטלעכע אינטעליגענטן זיך באַגעגנט מיטן בונדישן וועטעראַן שאַ־פּירא, גערופן „דער זיידע". אונטער זיין איינפלוס און אונטערן איינפלוס פון שפּינאַקן זענען זיי געוואָרן בונדיש געשטימט. נאָכן קומען צוריק קיין וואַרשע האָבן די אַרבעטער זוסמאַן און קאַץ אַליין געפונען דעם וועג און געוואָרן טעטיק אין בוי־פאַראיין, און די אינטעליגענטן יוזשעק ראַטנער, נאַטאַן שאַפּראַן, מאַקס קאַפּעלמאַן, דאַדיע און אַנדערע האָבן געמאַכט אַן אָפּיציעלע ווענדונג וועגן זייער פאַרבינדונג מיטן בונד. די דאָזיקע גרופּע איז אין וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד אָנגע־רופן געוואָרן מיטן נאָמען „די לאָמזשער גרופּע", אָדער קירצער — „די לאָמזשער".

דער וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד האָט די „לאָמזשער" אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס און אויסגעטיילט די חברים וויקטאָר שולמאַן, יאַנעק־יאַנקעלע־וויטש און אַווראַמל שטריקער אָנצופירן די פאַרהאַנדלונגען מיט דער דאָזיקער גרופּע און אַריינצופירן די יונגע חברה אין די רייען פון בונד.

דעם ערשטן אַוואַנס, וואָס די גרופּע האָט געגעבן דער בונדישער באַוועגונג, איז געווען אַ רעפעראַט פון נאַטאַן שאַפּראַן פאַרן העכערן פּאַרטיי־אַקטיוו אויף דער טעמע: „די אַרבעטער־באַוועגונג אין ענגלאַנד". קיין צו גרויסן איינדרוק האָט שאַפּראַן מיט זיין רעפעראַט נישט געמאַכט. נישט זיין ייִדיש און נישט דער אינהאַלט האָבן נישט אַנטשפּראָכן דעם ניווא פון די צוהערערס. די לאָמזשער גרופּע האָט אָבער געשפּילט, מ'קען זאָגן, אַ היסטאָרישע ראָלע אין בונד. זי איז געווען אַקטיווביים אויפבוי פון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „צוקונפט", וועלכע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסער, אויסשליסלעך בונדישער אָרגאַניזאַציע און אָנגעהאַלטן אַ דאָמינירנדיקע פּאָזיציע אינעם ייִדישן יוגנטלעכן אַרבעטער־לעבן ביז דער שפּאַלטונג פון בונד. בעת דער שפּאַלטונג פון „צוקונפט" זענען מיט „קאָמצוקונפט" אין וואַרשע אַוועק מער ווי 90 פּראָצענט מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע.

כדאי איז צו פאַרנאָטירן דעם גורל פון די מיטגלידער פון דער „לאָמזשער גרופּע" נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד:

זוסמאַן איז געווען איינער פון די ערשטע בונדיסטן אין וואַרשע, וואָס האָבן

האַרבסט 1918 פֿאַרלאָזט דעם בונד און אַריבער צו די קאָמוניסטן; דאָדיע איז אַוועק אין ראַטן־פֿאַרבאַנד און אומגעקומען בעת די קאַמפֿן אין אוקראַינע; יוזשעק ראַטנער, דער פֿעיִקסטער אין דער גרופּע, איז אַרום 1920–21 אין גאַנצן אַוועק פֿון דער באַוועגונג צו זיין פּריוואַטן לעבן, אין פּוילן און אין דרום־אַמעריקע; מאַקס קאַפּעל־מאַן איז ערגעץ נעלם געוואָרן, ווי מיר דוכט זיך, איז ער אַוועק קיין בראַזיל; קאַץ האָט בכלל קיין שום ראָלע נישט געשפּילט. דער איינציקער, וואָס איז געבליבן מיטן בונד און אין בונד געשפּילט אַ געוויסע ראָלע, איז געווען נאַטאַן שאַפּראַן. נאַטאַן שאַפּראַן איז געשטאָרבן אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן.

כּדאַי איז אויך צו פֿאַרצייכענען דעם גורל פֿון די ביידע אַפּאָסטאָלן, דער „זיידע״ שאַפּיראָ און שפּינאַק, וועלכע האָבן אָפּגעשמדט די ראַטנערס און די שאַפּראַנס אויפֿן בונדישן גלויבן. ביידע זענען זיי נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אַריבער צו די באָלשעוויקעס.

דעם „זיידן״ האָב איך באַגעגנט ווינטער 1921 אין מינסק אויף דער ליקווי־דאַציע־קאָנפֿערענץ פֿונעם קאָמבונד אין רוסלאַנד, אַ פּיזיש צעבראָכענער פֿון יאָרן־לאַנגן פֿאַרברענגען אין די תּפֿיסות, אָבער אַ גייסטיקער פֿעלדז. ער האָט געשפּרודלט מיט וויסן און מיט חכמה, און ס'איז פֿאַר מיר קלאָר געוואָרן זיין גייסטיקע היפּנאָ־טישע קראַפֿט אויף יונגע סאָציאַליסטן.

שפּינאַק, וועלכער איז שפּעטער באַקאַנט געוואָרן אונטערן נאָמען יוזעפֿאָוויטש, איז אַריין אין דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי מיט דער גרופּע לאַזאָווסקי־מאַנויִלסקי און געשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָלע אינעם סאָוועטישן מלוכה־אַפּאַראַט, אינעם אַפּאַראַט פֿון די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראיינען אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד און אין די אַפּאַראַטן פֿון פּראָפֿינטערן און קאָמינטערן.

שפּינאַק־יוזעפֿאָוויטש איז געווען דער סעקרעטאַר פֿון דער צייטווייליקער פּוילישער רעגירונג, וואָס איז עטאַבלירט געוואָרן אין 1920 אין ביאַליסטאָק אינעם צוזאַמענשטעל פֿון פֿעליקס דזשערזשינסקי, פֿעליקס קאָן, מאַרכלעווסקי־קאַרסקי, יעזשי יוליאַן לעשטשינסקי־לענסקי און סעווער־פּרוכניאַק. אַ רייע יאָרן איז ער געווען סעקרעטאַר פֿון דער צענטראַלע פֿון די לינקע לעדער־פֿאַראיינען ביים פּראָ־פֿינטערן, אין די סוף צוואַנציקער און אָנהייב דרייסיקער יאָרן — דער פֿאַרטרעטער פֿון קאָמינטערן און פּראָפֿינטערן אין קאַנאַדע און אין צפֿון־אַמעריקע. ער האָט געאַרבעט אַ צייט אין סעקרעטאַריאַט פֿונעם פּראָפֿינטערן. אין דער צייט פֿון דער אַנטיהיטלערישער מלחמה און נאָך איר, איז ער געווען אַ מיטגליד פֿונעם ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט.

געווען איז שפּינאַק־יוזעפֿאָוויטש אַ מענטש פֿון גרויס וויסן און אַן אויסגעצייכנטער אָרגאַניזאַטאָר. טראָץ זיין לעבן אין דער ספֿערע פֿון די סאָוועטישע הע־כערע קרייזן, האָט ער קיין מאָל נישט פֿאַרלוירן דאָס געפֿיל פֿאַר חברשאַפֿט און פֿריינדשאַפֿט און דאָס געפֿיל פֿון אַחריות פֿאַרן ייִדישן פֿאָלקסטום.

און ס'קלינגען נאָך אין מיינע אויערן זיינע ווערטער ווי אַ קרעדאָ, געזאָגטע צו מיר אין 1928 אין מאָסקווע בשעת אַ מסיבה ביי געמיינזאַמע פריינד: „איך בין געזעצלעך פאַרהייראַט צו דריי פרויען: די סאָוועטישע מלוכה, דאָס פאָלק פון וועמען כ'שטאַם און צו מיין פרוי, און כ'וועל זיך נישט שיידן מיט קיין איינער פון די דריי געזעצלעך־פאַרהייראַטע פרויען".

שפינאַק־יוזעפאָוויטש האָט געטיילט דעם גורל פון זיינע חברים פונעם ייִדישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט — ער איז אומגעבראַכט געוואָרן דורך סטאַלינען.

טראַכטנדיק וועגן די פּאַסאַזשירן, וועלכע זענען אַרויף אויפן בונדישן וואָגן, זומער 1915, נאָכן אָקופּירן וואַרשע דורך די דייטשן, קען איך זיך נישט באַפרייען פון זלידנע מחשבות און נישט מאַכן אַ פאַרגלייך פון „מיין בונד", פון בונד, צו וועלכן איך האָב געהערט, מיטן בונד פון נאָך דער שפּאַלטונג, מיטן בונד פון האַרבסט 1921.

דערווייל וויל איך בלויז פאַרצייכענען, אַז די אַלע, וואָס זענען געקומען צום בונד זומער 1915 — פון וולאַדימיר מעדעם ביז זיגמונד קוראָפּאַטווע, דעם שילער פון דער האַנטווערקער־שולע, פון יוזעפּן ביז דעם קליינעם אַלעקסאַנדער, פון דוד מייער ביז דעם מיר באַקאַנטן פשוטן פּאַך־קאָמיסיאָנט, פון גרשון זיבערט ביז מאָניע גלאַזער — הן די יחידים, וואָס זענען געקומען מיט פּרעטענסיעס אויף פירערשאַפט, הן די, וואָס זענען געקומען אין גרופּעס, איינשליסלעך די גרויסע צאָל פון בונדיש־פּאַרטייִשן און בונדיש־פּראָפעסיאָנעלן אַקטיוו — זענען געקומען מיט לויטערע הערצער און מיט ריינע הענט, געקומען געבן דעם בונד און נישט — פּראָפּיטירן פון בונד. זיי האָבן נישט באַטראַכט דעם בונד, ווי אַ קרעטשמע, ווו מ'כאַפּט זיך אַריין אויף אַ טרונק בראָנפן, און נישט ווי אַ מקום־מקלט, צו וועלכן מען אַנטלויפט באין־ברירה, נייערט ווי אַ מקום קדוש, אין וועלכן ס'ווערט געפּראַוועט אַ הייליקע עבודה.

דאָס זענען נישט קיין מליצה־ווערטער. אַ פאַקט איז, אַז אין דעם דערמאָנטן צייטאָפּשניט איז נישט געווען קיין איין פאַל, מ'זאָל וועלכן ס'איז בונדישן טוער פאַרוואַרפן קאַריעריזם אָדער וועלכן ס'איז נישט עטישער טאַט. ביים איינציקן טוער, אַברהם ראָטשטאַן, קעגן וועמען בנימין וואַלקער האָט געמאַכט פאַרוווּרפן פון אַ רעוואָלוציאָנער־עטישן כאַראַקטער, האָט זיך עס געהאַנדלט וועגן אַ פאַרגאַנגענעם ענין, און למען האמת דאַרף מען צוגעבן, אַז דער קאַמף מצד בנימין וואַלקער איז געווען מער אַן עמאָציאָנעלער, נישט באַזירט אויף פאַקטן און עדות.

דער סאָציאַליסטישער אידעאַליזם און דער הויכער עטישער ניוואָ מצד דעם בונדישן אַקטיוו איז געווען אַ הויכער און אַ לויבווערטיקער.

# דאָס שוואַנענליד פון אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט

זינט ערב פסח 1915 האָט בונד נישט געהאַט קיין שום געמיינזאַמס מיטן אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט. דער בונד איז נישט אַרויסגעטראָטן און נישט אויסגעשלאָסן געוואָרן פונעם קאָמיטעט, און יורידיש נאָך אַלץ געווען זייער אַ באַשטאַנדטייל. אין דער אמתן אָבער האָט בונד מיטן אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט נישט געהאַט קיין מגע־ומשא.

קיין שלום־בית איז מער צווישן די איבעריקע פּאַרטנערן אויך נישט געווען. די ס.ד.ק.פּ.ל.־ראַזלאַמאָווצעס, מיט זאַשקאַ אונשליכט בראש, האָבן געטאָן וואָס זיי האָבן געוואָלט, און די איבעריקע צוויי פּאַרטנערן האָבן דעם אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט מער נישט באַטראַכט פאַר קיין איינהייטלעכע אָרגאַניזאַציע.

וואָס ס'האָט באַוויגן די ראַזלאַמאָווצעס צו רופן אַ קאָנפערענץ פון די עקזיס־טירנדיקע אַרבעטער־ווירטשאַפט־אינסטיטוציעס — ווייס איך נישט, אָדער ס'גע־דענקט זיך פשוט נישט. ווען די בונדישע ווירטשאַפט־אינסטיטוציעס האָבן באַקומען אַ פאָרמעלע פאַרבעטונג צו באַטייליקן זיך אין דער גערופענער קאָנפערענץ, האָט דער ענין אַרויסגערופן אַ שאַרפע מיינונג־פאַרשיידנקייט אויפן וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד. נאָך לאַנגע דעבאַטעס איז באַשלאָסן געוואָרן אין דער קאָנפע־רענץ זיך צו באַטייליקן.

פאַרגעקומען איז די פאַרזאַמלונג פון די פאַרוואַלטונגען און טוערס פון די קיכן און אַנדערע ווירטשאַפט־אינסטיטוציעס אַן ערך 3—4 וואָכן נאָכן אַריינקומען פון די דייטשן קיין וואַרשע. לכתחילה האָט די פאַרזאַמלונג געזאָלט פאָרקומען אין לאָקאַל פון אַן אַרבעטער־קיך, וואָס האָט זיך געפונען אונטערן איינפלוס פון ס.ד.ק.פּ.ל.־ראַזלאַמאָווצעס, אויף ראָג ווראָניע און פאַנסקע. דער לאָקאַל איז אָבער געווען צו קליין אַריינצונעמען די גרויסע צאָל אָנטיילנעמערס, און די פאַרזאַמלונג איז אַריבער־געטראָגן געוואָרן אין קינאָזאַל „בייקאַ", וואָס האָט זיך געפונען אויף ראָג זשעלאַזנע און גזשיבאָווסקע.

שוין פון דער ערשטער מינוט האָט די פאַרזאַמלונג אָנגענומען אַ שטורמישן כאַראַקטער. יעדע פון די פּאָליטישע גרופּירונגען האָט פאָרסירט אירס אַ מענטשן ווי פאָרזיצער. ענדלעך איז פאַר פאָרזיצער דערוויילט געוואָרן דער אָנפירנדיקער טוער פון ס.ד.ק.פּ.ל.־זאַזשאָנדאָווצעס — טוטאַיעוויטש (ריבאַצקי).

ס'האָבן אויף דער פאַרזאַמלונג נישט געפעלט קיין קריגערייען, קעגנזייטיקע פאָרוואורפן און באַשולדיקונגען. די גרעסטע פאָרציעס האָט אַריינגעכאַפּט דער בונד. קעגן בונד זענען אַרויסגעטראָטן אַלע דריי אַנדערע גרופּירונגען, וועלכע זענען צוזאַמען מיטן בונד געווען פאַרטראָטן אינעם אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט.

איינע פון די שאַרפסטע און ביטערסטע רעדעס קעגן בונד האָט געהאַלטן יאַנעק

צווייגעל, דעמאָלט אַן אָנגעזעענער טוער פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע. די צאָלרייכע בונדישע דעלעגאַציע האָט נאַטירלעך נישט געשוויגן און רעאַגירט סיי אין זייערע רעדעס, באַזונדערס אין דער מייסטערהאַפטער רעדע פון גרשון זיבערט, און סיי דורך העפ־טיקע צווישנרופן. אין אַלגעמיין זענען די אַרויסטריטן פון די רעדנערס געווען אין די ראַמען פון פּראַלעטאַרישן פּאַרלאַמענטאַריזם. טוטאַיעוויטש־ריבאַצקי האָט געפירט די פאַרזאַמלונג מיט אַ זיכערער האַנט, מיט אַ סך שׂכל און פּאָליטישן טאַקט, וואָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם דאָזיקן באמת גרויסן און באַליבטן זון פונעם פּוילישן אַרבעטער־קלאַס.

אין גאַנג פון דער פאַרזאַמלונג האָט זיך אויף דער טריבונע אַוועקגעשטעלט רעדן אַ טוער פון די קיכן, וואָס האָבן זיך געפונען אונטער דער השפּעה פון די ראַזלאַמאָווצעס. אין אָנהייב האָט די בונדישע דעלעגאַציע נישט געלייגט קיין אַכט אויף זיין רעדע. ער איז קיינעם פון די טוערס פון בונד נישט געווען באַקאַנט. די רעדע זיינע איז אָבער געווען פון אַזאַ נישט דערלאָזלעכן כאַראַקטער, אַז ער האָט אַרויסגעבראַכט פון געדולד די בונדישע אָנטיילנעמערס, וועלכע האָבן אים כּסדר איבערגעריסן מיט צווישנרופן. ווען דער רעדנער האָט זיך דערלויבט צו באַנוצן מיט „דוואַ־גראָשע"־עפּיטעטן קעגן יידישע אַרבעטער און קעגן יידישן פאָלק, איז די בונדישע דעלעגאַציע אויפגעשפּרונגען פון זייערע ערטער און געפּאָ־דערט צוצונעמען ביים רעדנער דאָס וואָרט. איך האָב אַ שליידער געטאָן צום רעדנער דאָס בענקל, אויף וועלכן כ'בין געזעסן און אים באַשעדיקט.

אין זאַל איז אויסגעבראָכן אַ שרעקלעכער טומל. פויסטן האָבן זיך געביילט און בענקלעך האָבן זיך געהויבן. ס'האָט אויסגעזען, אַז אַ געשלעג איז אומפאַרמייד־לעך. אַ צאָל פּוילישע דעלעגאַטן, שאָקירט פונעם רעדנערס אַנטי־יידישע אַרויס־טרעטונג, האָבן אַרומגערינגלט די בונדישע דעלעגאַציע מיטן ציל זי צו באַשיצן. ווי אַזוי ס'האָט זיך איינגעגעבן דעם כּבֿד־פּה, דעם שטאַמלדיקן קרישטאָף וורובּ־לעווסקי (איינער פון די ווונדערלעכסטע סאָציאַליסטישע שרייבער, צו יענער צייט — איינער פון די אָנגעזעענסטע פירערס פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע און שפּעטער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פּוילן) אָפּצוהאַלטן די פאַרזאַמלטע פון אַ קעגנזייטיקן געשלעג — קען איך ביז היינט נישט פאַרשטיין.

אין גאַנצן באַרויִקט איז אָבער דער פאַרזאַמלטער עולם נישט געווען. עטלעכע האָבן געפּאָדערט, מ'זאָל מיך, דעם בענקל־וואַרפער, באַזייטיקן פון דער פאַר־זאַמלונג. אַנדערע האָבן געשריגן, אַז מען דאַרף די גאַנצע בונדישע דעלעגאַציע באַזייטיקן. די בונדיסטן האָבן געפּאָדערט צו באַזייטיקן דעם רעדנער פון דער פאַר־זאַמלונג און פון יעדער מין פּראָלעטאַריש־געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. פון פאַר־שיידענע זייטן זענען אויך געמאַכט געוואָרן שווערע פאַרווורפן דעם פאַרזיצער פאַר זיין דערלאָזן צו אַזאַ סיטואַציע. נאָך אַ סך מי איז דעם פאַרזיצער געלונגען איינצו־שטילן די פאַרזאַמלטע, ממשיך צו זיין די פאַרזאַמלונג און צו האַלטן איינע פון די

פיינסטע פּראָלעטאַריש־אינטערנאַציאָנאַליסטישע רעדעס, וואָס כ׳האָב אין מיין לעבן געהערט.

קיין פאָרוואורפן פאַר מיין האַנדלונג אויף דער דערמאָנטער פאַרזאַמלונג האָב איך פון קיינעם נישט געקריגן, נישט פון מיינע חברים און נישט פונעם פאַרזיצער. אַדרבא, ער האָט מיך נאָך געגומען אין שוץ.

אַגב, ריבאַצקי (שטשעפּאַן), מיט וועמען איך בין באַקאַנט געווען זינט דעם אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, און בימי קאָמבונד — נאָענט מיט אים מיטגעאַרבעט אין ענינים פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, האָט גוט געדענקט דעם דערמאָנטן אינצידענט און גאַנץ אָפט אויף זיין חכמהדיקן אופן מיך געקיבעצט אויפן חשבון פון מיין טעמפּעראַמענט.

צו קיין טאָלק איז מען אויף דער פאַרזאַמלונג נישט געקומען. ווען דער פאַר־זיצער האָט זיך אָפּגעזאָגט, צוליב פאָרמאַליסטישע פּראָצעדור־טעמים, צו שטעלן צו אָפּשטימונג דעם פאָרשלאָג פון בונד, צו באַזייטיקן פון דער פאַרזאַמלונג דעם רעדנער, וואָס האָט באַליידיקט די יידישע אַרבעטער און דאָס יידישע פאָלק — האָט די בונדישע דעלעגאַציע פאַרלאָזט די קאָנפערענץ אונטער אַ האַגל פון פיינט־לעכע אויסרופן מצד איין טייל, און ביי אַ געדריקטער שטימונג פונעם רוב פאַר־זאַמלטע דעלעגאַטן.

נאָך דעם, ווי די בונדישע דעלעגאַטן האָבן פאַרלאָזט די פאַרזאַמלונג, האָבן זיך אָנגעהויבן רייסערייען צווישן די דריי פאַרטנערס, און עס איז דערגאַנגען צו דעם, אַז די ס.ד.ק.פּ.ל.־זאַזשאָנדאָווצעס מיטן פאַרזיצער ריבאַצקי בראָש זאָלן פאַר־לאָזן די קאָנפערענץ. נאָך די זאַזשאָנדאָווצעס האָט אויך פּ.פּ.ס.־לעוויצע פאַרלאָזט די פאַרזאַמלונג. דער אַרבעטער־זוירטשאַפט־קאָמיטעט איז פולשטענדיק זיך צעפאַלן.

אין די בונדישע פירנדיקע קרייזן האָט מען די דערמאָנטע קאָנפערענץ פון די פאַרוואַלטונגען און טוערס פון די אַרבעטער־ווירטשאַפט־אינסטיטוציעס באַצייכנט ווי דאָס שוואַנענליד פונעם אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט.

## אַ קריזיס

די העלסטע זוניקסטע טעג זענען אויסגעשטעלט אויף דער געפאַר באַפאַלן צו ווערן פון אַ קאַלטן אייזיקן האָגל; דאָס איז נאָך מער גילטיק אין פּאָליטישן לעבן. פּאָליטישע באַוועגונגען, פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס, זענען גאַנץ אָפט אַ קרבן פון שווערע קריזיסן אין זייערע ליכטיקע טעג, אין דער צייט פון זייער גרעסטע דערפאָלגן.

אין די ערשטע וואָכן נאָכן אָקופּירן וואַרשע דורך די דייטשן איז דער בונד

געגאַנגען פון איין דערפאָלג צום צווייטן, אָבער אין די טעג פון זיינע גרויסע נצחונות האָט ער דורכגעמאַכט צוויי שווערע קריזיסן: דער רעוואָלט און דער פּאָגראָם פון די פּרויען־קאָנסומענטן אין דער בונדישער אַרבעטער־קיך, און די געפאַר צו פאַרלירן די העגעמאָניע אין דיווירטשאַפט־אינסטיטוציעס אויף אַ קאָנפערענץ פון די פּראָפעסיאָנעלע בראַנזשע־פאַראיינען.

נאָכן נצחון איבער דער יידישער גמינע, האָט די טעטיקייט פון בונד אויפן ווירטשאַפט־געביט שטאַרק זיך אויסגעברייטערט. ס׳איז נייטיק געווען צו רעאָרגאַ־ניזירן די אָנפירונג פון דער ווירטשאַפט־אַקציע און אַריינציען פרישע קאַדרען.

אויף אַ זיצונג פונעם וואַרשעווער פאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד איז באַשלאָסן געוואָרן צו רופן אַ קאָנפערענץ פון פאָרשטייערס פון די געשאַפענע פאַראיינען, אויף וועלכער ס׳זאָלן באַהאַנדלט ווערן אויסשליסלעך ענינים פון דער טעטיקייט פון דער וואַרשעווער יידישער אַרבעטערשאַפט אויפן ווירטשאַפט־געביט. היות די אינערלעכע אָרגאַניזאַציע פון די פראַפּ. פאַראיינען איז נאָך געווען אין אַ פּליסיקן צושטאַנד און מען האָט נישט געקענט פאַרויסזען דעם צוזאַמענשטעל, פאַרלויף און אויסגאַנג פון דער קאָנפערענץ אין דער היינזיכט פון אַ בונדישער פאַרטיי־קאָנטראָל, איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז אַלע ביז איצטיקע מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג זאָלן ווידער אַריין אין באַשטאַנד פון דער רעאָרגאַניזירטער אָנפירונג.

די קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען אַן ערך 2 חדשים נאָכן אָקופּירן וואַרשע דורך די דייטשן. פון אָנהייב איז אַלץ געגאַנגען כשורה. ווי פאָרזיצער איז דערוויילט געוואָרן יאַנעק־יאַנקעלעוויטש; וויקטאָר שולמאַן האָט געהאַלטן אַ רעפעראַט מעניני־דיומא און וועגן דער געשיכטע פון דער בונדישער ווירטשאַפט־אַקציע; יוסף באַסאַק און נאָכעמזאַן האָבן אָפּגעגעבן די טעטיקייט־באַריכטן. די דיסקוסיע איז אָבער געווען אַ שטורמישע. די טעטיקייט פון דער אָפּטרעטנדיקער פאַרוואַלטונג איז צעפּאַלמעסט געוואָרן אויף פּיץ־פּיצלעך און די געשיכטע פון רעוואָלט און פּאָגראָם פון די פּרויען־קאָנסומענטן האָט פיגורירט ווי דער הויפּט־מאַטעריאַל. צווישן די אַטאַקירערס האָבן זיך געפונען אַ רייע בונדיסטן מיט סטאַזש.

מיט שווערע באַשולדיקונגען זענען צווישן אַנדערע אַרויסגעטראָטן חנינא קראַמאַרסקי, וועלכער איז דאַן געווען דער סעקרעטאַר פונעם לעדער־פאַראיין נאָך יחיאל ניימאַנס אָפּפאָר צו זיינע עלטערן אויף דער פּראָווינץ, דער דרוקער ליטוואַק, אַן אַלטער בונדיסט און איינער פון די צוויי פאָרטרעטערס פון דרוקער־פאַראיין אין צענטראַל־ביוראָ פון די פּראָפעסיאָנעלע בראַנזשע־פאַראיינען, און אַ רייע אַנ־דערע, ענלעכע צו זיי.

די גיפטיקסטע רעדע האָט געהאַלטן איינער פון די דעלעגאַטן פונעם טעקסטיל־פאַראיין, אַ פּנים־חדשות אויף אַן עפנטלעכן אַרבעטער־פאָרום, מיטן נאָמען אַבע פלוג. ס׳האָט אויסגעזען, אַז אַן אומצוטרוי־פאָרשלאָג קעגן דער אַלטער פאַרוואַלטונג, במילא קעגן וואַרשעווער קאָמיטעט פון בונד, איז אומפאַרמיידלעך.

די, וועלכע האָבן געקענט און געדאַרפט פאַרטיידיקן די אָפּטרעטנדיקע פאַר־וואַלטונג, זענען געווען געפּענטעט. אַן אַרויסטריט פון יאַנעק־יאַנקעלעוויטש וואָלט אים געשטעלט אין אַ לאַגע צו מוזן פאַרטיידיקן די קיך־פאַרוואַלטערין, וועלכע איז שוין באַקאַנט געווען ווי זיין צוקונפטיקע פרוי. יוסף באָסאַקן איז נישט געווען באַקוועם צו שפּילן די ראָלע פון אַ פאַרטיידיקער, ווייל דער חשד אין זיין נישט־ערלעכקייט ווי ווירטשאַפט־פאַרוואַלטער האָט באַקומען אַן אויסדרוק אין אַ טייל פון די רעדעס. נאָכעמזאָן איז געווען אַן אָביעקט פון קריטיק. זיין רעדע האָט נישט פאַרמאָגט די עלאָקווענץ פון זיין פּויליש רעדן און איז נישט גינסטיק אויפגענומען געוואָרן. די רעדע פון דוד מייער, וועלכער איז שוין דאַן געווען דער פאַרזיצער פון צענטראַל־ביוראָ פון די פּראָפעסיאָנעלע בראַנזשע־פאַראיינען אויפן אָרט פון וויקטאָר שולמאַן, איז פאַרהוקעט געוואָרן מיט צווישנרופן: „איר זענט געווען אַ קאָנסומענט אָדער אַ טוער ? !"

די שטימונג ביי דעם אָנפירנדיקן בונדישן פאַרטייקרייז, איינשליסלעך וויקטאָר שולמאַן, איז געווען אַ דערשלאָגענע. נישט צוגעפּגערעדטערהייט האָבן די מיט־גלידער פונעם בונדישן פאַרטיי־קאָמיטעט באַטראַכט די לאַגע אויף דער קאָנפערענץ פאַר אַ מער ערנסטערע און טראַגישערע, ווי דער בונט פון די פרויען־קאָנסומענטן. די געפאַר צו פאַרלירן די פאַרטייִשע קאָנטראָל איבער דער אָרגאַניזאַציע פון די ווירטשאַפטלעכע הילף־אינסטיטוציעס אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס אין וואַר־שע — איז געווען אַ רעאַלע.

איך געדענק נישט, צי ס'האָט מיך ווער באַוויגן, צי דער נאָר האָט מיך אַ שטופּ געטאָן צו נעמען אַ צווייט מאָל אַ וואָרט אין דער דיסקוסיע. רעדן פאַר אַן עולם האָב איך זיך שוין געהאַט היפּשלעך אויסגעלערנט. גענומען אַ צווייט מאָל אַ וואָרט אין דער דיסקוסיע, האָב איך געשפּילט די ראָלע פון אַן „אַדוואָקאַטוס דיאַבאָלי" — פאַרטיידיקנדיק נישט בלויז די טעטיקייט פון דער אַלטער פאַרוואַל־טונג, נאָר אויך די טעטיקייט פון דער קיך־פאַרוואַלטערין, וועמען כ'האָב געזעל־שאַפטלעך פיינט געהאַט און פערזענלעך נישט ליב געהאַט.

אָנגעגריפן האָב איך די אַטאַקירערס זייער שאַרף, און באַזונדערס — אַבע פלוגן, וועלכער האָט נישט געפּאַקט און נישט געמאָזלט אין דער ווירטשאַפט־אַקציע, נישט געווען אַפילו קיין קאָנסומענט און קיינער פונעם בונדישן אַקטיוו האָט אים רעכט נישט געקענט. זיין אַראָגאַנטער טאָן און כריפּעדיק קול האָט מיך דענערווירט און כ'האָב אַבע פלוגן נישט געזשאַלעוועט קיין פאַלעמישע בוכצעס.

מיין רעדע איז אויפגענומען געוואָרן פיינטלעך. צווישנרופן זענען געפאַלן ווי אַ האָגל. כ'האָב געפילט, אַז כ'מעג זיך געזעגענען מיטן מאַנדאַט צו דער קומענדיקער פאַרוואַלטונג פון די ווירטשאַפט־אינסטיטוציעס, און אַז דאָס פאַרלירן דעם מאַנדאַט וועט מעגלעך מיטשלעפּן מיינע אַנדערע פּאָזיציעס אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. גלייכצייטיק האָב איך געטראַכט, אַז מיין מפּלה איז נישט בלויז אַ פערזענלעכע, אַז

אין קאָן שטייט דער פּאַרטיי־איינפלוס און קאָנטראָל. איך האָב אונטער אַ האָגל פון פײַנטלעכע צווישנרופן אָנגעגריפן די אַטאַקירערס פון דער אָפּטרעטנדיקער פּאַרוואַלטונג מיט דער פּוריע פון אַ יונגן אָקס. ס׳איז אַנטשטאַנען אַ געפּילדער און אַ כאַאָס. דער פּאַרזיצער איז נישט בכּוח צו באַהערשן די קאָנפערענץ און ס׳האָט געדראָט די קאָנפערענץ זאָל אויפגעריסן ווערן.

די הילף איז געקומען אומדערוואַרט און פון אַ כּמעט אומבאַקאַנטן מענטשן: פון די לעצטע רייען פונעם פּאַרזאַמלונג־צימער האָט זיך דערהערט אַ שנײַדיקער אויסרוף: „וואָס טוט זיך מיט אײַך, חברים!?" אויף אַ באַנק איז געשטאַנען אַ ייִד אין ייִדיש־טראַדיציאָנעלער קליידונג, מיט אַ שוואַרץ בערדל, מיט העוויות און זשעסטיקולאַציעס פון אַ חסיד, און גערעדט: „וואָס טשעפּעט איר זיך צו דעם חבר און צו די חברים פון דער פּאַרוואַלטונג? איר זענט געלעגן נעכט אין די בעקערײַען און געבערענגט דאָס ביסל ברויט צום פּאַרטיילן די הונגעריקע אַרבעטער און זייערע פאַמיליעס? איר האָט פאַרבראַכט נעכט אין דער קיך, מ׳זאָל די קיך נישט באַגנבֿענען? ווער פון אײַך איז געווען אַזוי אויסגעשטעלט יעדע מינוט אַרעס־טירט צו ווערן פון דער רוסישער אָכראַנע, ווי ס׳זענען געווען די ביז איצטיקע חברים פון דער פּאַרוואַלטונג? שעמען מעגט איר אײַך! די חברים, וואָס האָבן געשאַפן די הילף־אינסטיטוציעס און זענען טעטיק געווען ביז איצט, וואָלט מען געדאַרפט טראָגן אויף די הענט, און איר זידלט זיי? אַ סוף זאָל עס נעמען! שטעלט אַ צוטרוי־רעזאָלוציע צום אָפּשטימען און לאָמיר זען ווער ס׳וועט האָבן דעם מוט צו שטימען קעגן".

דער ייִד איז געווען אַן אַרבעטער ביי צוקערלעך אָדער שאָקאָלאַד, איינער פון די דעלעגאַטן פונעם אָקערשט־געשאַפענעם דערנערונג־פאַראיין און איינער פון די גרינדערס פונעם דאָזיקן פאַראיין. זיין רעדע איז געווען ווי אַ רעגן אין אַן אָנגע־היצטן און דושנעם טאָג.

נאָכן דערמאָנטן אַרבעטערס אַרויסטריט איז די דיסקוסיע אַוועק אויף גאָר אַן אַנדערן דרך. די צוטרוי־רעזאָלוציע איז איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן, קיינער האָט נישט געשטימט קעגן. דער מאָדוס צו ציילן אָפּגעהאַלטענע שטימען איז נאָך דעמאָלט נישט פּראַקטיצירט געוואָרן.

די ליסטע מיט נעמען, וואָס דער וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד האָט געהאַט צוגעגרייט, איז מיט געוויסע מאָדיפיקאַציעס אָנגענומען געוואָרן. די ליסטע איז פאַרגרעסערט געוואָרן פון 27 ביז 33. אַרויסגעפאַלן זענען פון דער אָריגינעלער ליסטע: אסתּר די שנײַדערין, בנימין וואַלקער און דער אַנאַרכיסט מרדכי שוסטער, אויף זיין אָרט איז אַרייַן דער אַנאַרכיסט און געגריוועטער שוסטער אשר דזשאָבאַק. אין באַשטאַנד פון דער פּאַרוואַלטונג זענען אַרייַן די הויפּטקרי־טיקערס און אויך אַבע פלוג.

פאַר דערוויילן די קריטיקערס אין דער רעאָרגאַניזירטער פּאַרוואַלטונג איז

אַרויסגעטראָטן וויקטאָר שולמאַן. זיין פאָרשלאָג האָט ער מאָטיווירט אויף אַזאַ אופן: אַדרבא, זאָלן די קריטיקערס אַריינגייען אין דער פאַרוואַלטונג, אַליין מאַכן די אַרבעט בעסער, וויניקסטנס צוהעלפן, אַז די וויטערדיקע טעטיקייט פון דער אָנפירונג פון דערווירטשאַפט־אַקציע זאָל זיין טיכטיקער און מיט אַ גרעסערן דערפאָלג. וויקטאָר שולמאַנס סטראַטעגיע האָט צעשלאָגן די מעגלעכקייט פון אַ באַזונדערער ליסטע און געזיכערט די וויטערדיקע העגעמאָניע פון בונד אויפן ווירטשאַפט־געביט אויף דער וואַרשעווער יידישער אַרבעטער־גאַס. דער רעזולטאַט פון וויקטאָר שולמאַנס סטראַטעגיע איז אויך געווען דער, אַז די הויפּטקריטיקערס זענען שפּעטער געווען באַקאַנטע בונדישע טוערס.

דאָס געשעפענסט, וואָס האָט געהויערט איבער דער קאָנפערענץ און באַדראָט די העגעמאָניע פון בונד אין די פון אים געשאַפענע ווירטשאַפט־אינסטיטוציעס, איז פאַרשוווּנדן, און פאַרביי איז דער קריזיס אינעם פּאָליטישן לעבן פון בונד אין די סאַמע האָניקטעג פון די בונדישע דערפאָלגן.

## יידישע ענינים

אויפן וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד זענען אין די חדשים זינט דעם אָקופּירן וואַרשע דורך די דייטשן ביז מיין געזעגענען פאַרלאָזן וואַרשע, באַהאַנדלט געוואָרן אַ רייע ענינים פון יידישן לעבן.

אין זכרון זענען געבליבן דריי פון די ענינים: וולאַדימיר מעדעמס עפּנטלעכער אַרויסטריט, די יידישע קולטור־באַראַטונג, און די פּעטיציע פאַר שולעס אין דער יידישער שפּראַך.

וולאַדימיר מעדעמס ערשטער עפנטלעכער אַרויסטריט אין דער יידישער שפּראַך, האָט געפאָדערט אַ סך מי, צייט און אָנשטרענג. ס׳איז פאַרשטאַנען געוואָרן, אַז דער דערפאָלג אָדער מיסדערפאָלג פון מעדעמס אַרויסטריט וועט נישט בלייבן אָן אַ ווירקונג אין דער יידישער סביבה. דאָס פּראָבלעם איז געווען, אויף וואָס פאַר אַן עולם מ׳קען זיך ריכטן, און ווי גרויס ס׳וועט זיין די צאָל צוהערערס. באַשלאָסן איז געוואָרן צו נעמען דעם זאַל פון קאַמינסקי־טעאַטער אויף אַבאַזשנע־גאַס, וואָס האָט אַריינגענומען אַ 12 הונדערט באַזוכערס.

די מעלדונג וועגן וולאַדימיר מעדעמס רעפעראַט אויף דער טעמע „די צוקונפט פון יידן און אַסימילאַציע" האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן אינטערעס אין אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג. דאָס טעאַטער איז געווען איבערגעפּאַקט, מ׳איז נישט געזעסן אויף קיין באַזונדערע פּלעצער, נאָר צונויפגעדריקט ווי סאַרדינען אין אַ שאַכטל. יעדעס פּיצל פּלאַץ אין טעאַטער איז געווען געפּראָפּט. געשאַצט האָט מען

די צאָל צוהערערס אויף 2000, און טראָץ דער זומערדיקער היץ און דער ענגשאַפט האָט אין דער גאַנצע צייט פון מעדעמס אַנדערטהאַלבן־שעהדיקער רעדע געהערשט אַ שטילקייט, אַז מ׳האָט געקענט הערן דאָס זשומען פון אַ פליג.

אָנוועזנדיק זענען געווען די קאַרפּנקעפּ פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט. די יידישע ליטעראַטור און זשורנאַליסטיק איז געווען כמעט אין פולן צוזאַמענשטעל; די ציוניסטישע באַוועגונג — מיט ד״ר הינדעס, אַדוואָקאַט אַלשוואַנגער, אינזשעניר קלומעל; דער פּועלי־ציוניסטישער שטאַב אין זיין פולן באַשטאַנד; אַזוי אויך דער יידישער סעקרעטאַר פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע בראָש מיט זייער הויפּט־אָנפירער, אַ פּאָליאַק, גזשעך קאָוואַלסקי; אַ גרויסע צאָל לערערס, צווישן זיי גילינסקי און פּינעס, און אַ באַדייטנדיקע גרופּע אַסימילירטע אינטעליגענץ מיטן באַרימטן אַדוואָקאַט בערענסאָן און די ברידער קעמפּנער.

די אָוואַציעס, וואָס זענען מעדעמען געמאַכט געוואָרן בעת זיין אַרויסקומען אויף דער בינע און נאָכן סוף פונעם רעפעראַט, האָבן צעלייגט די ווענט פון טעאַטער. וולאַדימיר מעדעם גופא האָט זיך אָבער נישט געפילט איבעריק באַקוועם מיט זיין ערשטן עפנטלעכן אַרויסטריט אין דער יידישער שפּראַך. געווען איז דאָס נאָך אַ יידיש אין מויל פון אַ „גוי״. ס׳האָט אים געפעלט זיין שפּעטער באַקאַנטע רייכע אידיאָמאַטיק, אָפט מאָל — ווערטער, און ער האָט געמוזט זיך ווענדן צום פאַר־זיצער וויקטאָר שולמאַן מיט דער פראַגע „קאַק סקאַזאַט פּאָ יעווריעיסקי ?״, רעדוצירט שפּעטער צו דער פראַגע „קאַק סקאַזאַט ?״, און געבליבן ביים פראַגעוואָרט „קאַק ?״, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ געמיטלעכן שמייכל ביי די צוהערערס.

דעם אינהאַלט פון וולאַדימיר מעדעמס רעפעראַט איז מיר שווער צו רעסטאַוו־רירן. ס׳געדענקט זיך, אַז מעדעם האָט זיך באַמיט צו געבן זיינע רייד אַ מאַטער־יאַליסטישן אונטערשלאַק, און איינער פון די אַרגומענטן קעגן אַסימילאַציע איז גע־ווען, אַז עס הייבט זיך אָן צו אַנטוויקלען אַ שיכט יידישע לערערס, וועלכע וועלן זיין מאַטעריעל פאַראינטערעסירט אין דער יידישער שפּראַך און ווערן אַ באַריערע קעגן אַסימילאַציע.

וועגן מעדעמען ווי אַ פּערזאָן און אויך וועגן דעם רעפעראַט ווי אַ רעפעראַט איז נישט געווען קיין מיינונג־פאַרשידנקייט. אַלע האָבן אָנערקענט, אַז מ׳האָט צו טאָן מיט אַ פּערזענלעכקייט, מיט אַ מענטש, וואָס קען און ווייס ווי אַזוי צו קאָנ־סטרוירן אַ רעפעראַט, ווי אַזוי צו רעדן און צו האַלטן געשפּאַנט די צוהערערס.

אַ ליידנשאַפטלעכע דיסקוסיע האָט אַרויסגערופן דער אינהאַלט פון רעפעראַט. אַלע אָן אויסנאַם ריכטונגען אינעם יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן האָבן אויף פאַר־שיידענע אופנים, צוליב פאַרשיידענע מאָטיוון, און מיט פאַרשיידענע אַרגומענטן דערווידערט און קריטיקירט דעם אינהאַלט און די אַרגומענטאַציע פון מעדעמס רעפעראַט. פאַר די ציוניסטן איז דאָס געווען אַ צו גרויסע אַפּאָלאָגיע פון דער יידישער שפּראַך; דער יידישיסטיש־נאַציאָנאַליסטישער טייל האָט געמאַכט דעם

פאַרוווּרף צוליבן קנאַפּן יידישן אינהאַלט; פאַר די אַסימילאַטאָריש־געשטימטע איז דאָס געווען נאַציאָנאַליזם, און פאַרן יידישן סעקטאָר פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע איז דאָס געווען נאַציאָנאַליזם און אַ מאַנגל פון פּראָלעטאַריש־סאָציאַליסטישע עלעמענטן.

די לעצטע צוויי פאַרוווּרפן: נאַציאָנאַליזם און אַ מאַנגל פון סאָציאַליסטישע עלעמענטן האָט אויך געהאַט אַן אָפּגאַנג אינעם בונדישן פּאַרטיי־אַקטיוו און געקומען צום אויסדרוק אויך אויפן וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד.

אויפן בונדישן פּאַרטיי־קאָמיטעט האָבן זיך אויסגעטיילט דריי צדדים. פּאַרטיי־דיקערס פון מעדעמס רעפעראַט: וויקטאָר שולמאַן, סעמיאַן, יוסף באַסאַק און איך; קעגנערס, מיטן מאָטיוו, אַז דער אינהאַלט פונעם רעפעראַט איז געווען צו נאַציאָ־נאַליסטיש: יוזעף און דוד מייער, און קריטיקערס מיטן אַרגומענט פון מאַנגל פון פּראָלעטאַריש־סאָציאַליסטישע עלעמענטן: יאַנעק־יאַנקעלעוויטש, משה סטאָליאַר, אסתּר די שניידערין און בנימין וואַלקער.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן, אַז מיין אָפּשאַצונג פון מעדעמס דערמאָנטן רעפעראַט איז געווען אַ פעלערהאַפטע, אַז דער רעפעראַט איז אין יעדער היגזיכט געווען דער שוואַכסטער פון די אומצאָליקע עפנטלעכע אַרויס־טרעטונגען פון וולאַדימיר מעדעם, וועלכע זענען מיר געווען באַקאַנט.

אין דער יידישער סביבה האָט וולאַדימיר מעדעמס ערשטער עפנטלעכער אַרויסטריט אין דער יידישער שפּראַך — טראָץ דער פאַרשיידנאַרטיקער קריטיק — געמאַכט אַ גרויסן רושם. דער דאָזיקער אַרויסטריט איז געווען די וויזיט־קאַרטע פון בונד צו דער אַלגעמיינער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט, און אינעם יידישן געזעל־שאַפטלעכן לעבן האָט מען זיך אָנגעהויבן רעכענען מיטן בונד, ווי מיט אַ וויכטיקן צד.

דער בונד האָט געקריגן אַן איינלאַדונג אָנטייל צו נעמען אין אַ באַראַטונג וועגן יידישע קולטור־ענינים אין די געענדערטע באַדינגונגען פון דער דייטשישער אָקו־פּאַציע.

ווער ס׳זענען געווען די איניציאַטאָרן און די אינזשענירן פון דער באַראַטונג — געדענקט זיך נישט. וואַרשיינלעך איז עס געקומען מצד די ציוניסטן.

דער ענין האָט אויפן וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד אַרויסגערופן אַ היציקע דעבאַטע און צעטיילט די קאָמיטעט־מיטגלידער אין צוויי גלייכע גרופּעס פון אָנהענגערס און קעגנערס. די אָנהענגערס: וולאַדימיר מעדעם, וויקטאָר שולמאַן, סעמיאַן, יוסף באַסאַק און הערשל מעטאַלאָוויעץ; די קעגנערס: יוזעף, דוד מייער, יאַנעק־יאַנקעלעוויטש, משה סטאָליאַר און אסתּר די שניידערין; דער עלפטער קאָ־מיטעט־מיטגליד, בנימין וואַלקער, האָט זיך געוואַקלט צווישן די צדדים.

מורא האָבנדיק, אַז זיין שטאַנדפּונקט פאַר אַ פּרינציפּיעלן אָנטייל אין אַזאַ אָנפירונג וועט בעת אַן אָפּשטימונג דורכפאַלן, און אַז יוסף באַסאַק און איך וועלן אפשר שטימען מיט די קעגנערס, האָט וולאַדימיר מעדעם געמאַכט אַ פשרה־פאַר־

שלאַג: בונד באַטייליקט זיך אין דער באַראַטונג ווי אַן אָבסערוואַטאָר; די בונדישע דעלעגאַציע האָט דאָס רעכט אויפן אָרט צו באַשליסן, צי זי זאָל מאַכן וועלכע ס׳איז דערקלערונג אָדער באַטייליקן זיך אין די דעבאַטעס; די דעלעגאַציע זאָל זיין אַ גרעסערע און באַשטיין פון מיטגלידער פונעם „פּוילישן קאָמיטעט״, שטאָטישן פּאַרטיי־קאָמיטעט און פון פּאַרטייִישן און פּראָפּפּאַראַיינישן אַקטיוו. מעדעמס פּאָר־שלאַג איז מיט אַ באַדייטנדיקער מערהייט אָנגענומען געוואָרן.

פון די אָנטיילנעמערס אין דער קולטור־באַראַטונג געדענקען זיך פּאָלגנדיקע מענטשן: ד״ר הינדעס, אינזשעניר קלומעל, אַדוואָקאַט אַלשוואַנגער, העשל פאַרב־שטיין — מצד די ציוניסטן; מצד די פּועלי־ציון: ישׂראל רייכמאַן (ישׂראל וועשער), יצחק לעוו, שקלאַר, פּאָלאַ בער; פון די ס.ס.: מייזלער (אָדער מייזנער); די לערערס פינעס, גילינסקי; די שרייבערס נאָמבערג, נח פּרילוצקי, הלל צייטלין, סטופּניצקי, ב. יאושזאָן. די בונדישע דעלעגאַציע איז באַשטאַנען פון וולאַדימיר מעדעם, יוזעף, דוד מייער, גרשון זיבערט, נאָכעמזאָן, וואָלאַך, יאַנעק־יאַנקעלעוויטש, יוסף באַסאַק, מרדכי פייגמאַן, יחיאל ניימאַן, חנינא קראַמאַרסקי, לעוויט און הערשל מעטאַ־לאָוויעץ.

געעפנט די באַראַטונג האָט אַדוואָקאַט אַלשוואַנגער מיט אַ לענגערער רעדע וועגן די צילן און אויפגאַבעס פון דער אַלייִדישער קולטור־באַראַטונג און מיט אַ דערקלערונג, אַז די איניציאַטאָרן זענען בכיוון נישט געקומען מיט קיין צוגעגריי־טער טאָג־אָרדענונג. נאָך די וואַלן פון אַ פּאַרזיצער וועלן די באַטייליקטע אין דער באַראַטונג מאַכן פאָרשלאָגן פאַר אַ טאָג־אָרדענונג.

תּיכּף נאָך אַלשוואַנגערס דערעפענונג־רעדע און נאָך פאַרן אויסוויילן אַ פאַר־זיצער, האָט דוד מייער געמאַכט אַ דערקלערונג, אַז בונד באַטייליקט זיך בלויז ווי אַן אָבסערוואַטאָר, וועט זיך נישט באַטייליקן נישט אין די וואַלן פון אַ פאַרזיצער, נישט אין באַשטימען די טאָג־אָרדענונג, און לאָזט זיך איבער פרייע הענט יאָ אָדער נישט צו באַטייליקן זיך אין דער דעבאַטע.

פון די צוויי קאַנדידאַטן, אַלשוואַנגער און פּרילוצקי, איז אַלשוואַנגער אויסגע־ווײלט געוואָרן פאַר פאַרזיצער. די טאָג־אָרדענונג איז געווען אַן אָנגעשוואָלענע און די דעבאַטע — אַ כאַאָטישע. די בונדישע דעלעגאַציע האָט מיט אַ געוויסער שאָדנפרייד זיך צוגעהערט און צוגעקוקט צום גאַנג פון דער דעבאַטע.

אין גאַנג פון דער דיסקוסיע האָט גרשון זיבערט געמאַכט אַ דערקלערונג וועגן דער בונדישער שטעלונג צו די ענינים פון ייִדישער שפּראַך און קולטור. די שרייבערס, פּועלי־ציון און ס.ס. האָבן זיך אָנגעהויבן דערנענטערן צו דער בונדי־שער פּאָזיציע און ס׳האָט אויסגעזען, אַז זיי וועלן קענען קומען צו אַ געוויסן אויס־גלייך פאַר אַ געמיינזאַמער פּלאַטפאָרמע. אַלשוואַנגער האָט אָנגעהויבן מאַניפּולירן ווי אַ פאַרזיצער נישט צו דערלאָזן צו קיין פאַראייניקטער רעזאָלוציע פון די דער־מאָנטע גרופּעס.

מיט אַ מאָל האָט זיך וולאַדימיר מעדעם אויפגעשטעלט אין זיין גאַנצער הייך, מיט אַ שאַרפער שטים פאַרלאַנגט אַ וואָרט צו דער געשעפט־אָרדענונג און געלערנט אַ פרשה פאַרלאַמענטאַריזם דעם פאָרזיצער — אַז ס׳איז אים פינצטער געוואָרן אין די אויגן. מעדעמס אַרויסטריט האָט עלעקטריזירט די פאַרזאַמלטע, אַלשוואַנגער האָט זיך בלייך פאַרענטפערט, אָבער ווייטער ממשיך געווען מיט זיינע קונצן. דאַן האָט מעדעם געמאַכט אַ דערקלערונג, אַז אויב דער פאָרזיצער וועט נישט תיכּף באַזייטיקט ווערן, פאַרלאָזט דער בונד די באַראַטונג צוליב טעמים פון געזעלשאַפט־לעכער עטיק. אַ רייע דעלעגאַטן האָבן דערקלערט, אַז זיי סאָלידאַריזירן זיך מיט מעדעמען, און דער סוף איז געווען, אַז אַלשוואַנגער האָט פאַרלאָזט זיין פּלאַץ און העשל פאַרבשטיין האָט איבערגענומען דעם פאָרזיץ. דער רעזולטאַט פון דער באַראַטונג איז געווען, אַז די בירגערלעכע ציוניסטן האָבן די באַראַטונג אַראָפּגעריסן איידער ס׳זענען געשטעלט געוואָרן די רעזאָלוציעס צום אָפּשטימען.

נאָך דער דערמאָנטער באַראַטונג האָט נאָמבערג געשריבן, אַז די יידישע אַרבעטער זענען דורכן מויל פון וולאַדימיר מעדעם רעדעוודיק געוואָרן, אַז מעדעם שטעלט מיט זיך פאָר אַ פּערזענלעכקייט פון אַ קאַליבער, וואָס קיין אַנדערן אַזאַ פאַרמאָגט נישט די איצטיקע יידישע געזעלשאַפטלעכקייט, אַז זינט דעם טויט פון י. ל. פּרץ האָט די יידישע געזעלשאַפט ווידער באַקומען אַ פיגור פון אַן אומגעהויער עטישן הויך, מיט וועלכן מען וועט זיך מוזן רעכענען.

דער פאַרלויף פון דער יידישער קולטור־באַראַטונג איז געווען אַ מאַטעריאַל פאַר אַ הייסער דיסקוסיע אויפן וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד. וולאַדימיר מעדעם האָט אויף אַ שאַרפן אופן קריטיקירט די האַנדלונג פונעם פּאַרטיי־קאָמיטעט, און באַזונדערס שטאַרק אַנגעגריפן יוזעפן, פאַרוואַרפנדיק אים, אַז ער האַלט זיך ביי די פּאָלעס פון אַ פאַרגאַנגענער צייט. ער האָט געמאַכט דעם אויספיר, אַז אויב דער וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד וואָלט געווען באַשלאָסן אַקטיוו זיך צו באַטייליקן אין דער באַראַטונג, וואָלט די ערשטע יידישע קולטור־באַראַטונג אין די געענדערטע פּאָליטישע באַדינגונגען געהאַט אַן אַנדער פּנים. די מערהייט וואָלט זיך געווען געשטעלט אויף דער בונדישער פּאָזיציע, אָדער זייער נאָענט צו איר, אין יידישע קולטור־ענינים. דער בונד וואָלט געקענט ווערן דער אידעאָלאָגישער טאָנגעבער אויפן קולטור־פראָנט אין דער יידישער סביבה.

קיין באַשלוסן פון אַ פּרינציפּיעלן כאַראַקטער זענען אין שייכות מיט דער יידישער קולטור־באַראַטונג נישט אָנגענומען געוואָרן. זיי האָבן זיך קאָנצענטרירט אַרום דעם ענין פּעטיציע.

דער פּעטיציע־פּראָיעקט איז געווען דאָס שאַרפסטע און קאָנטראָווערסיאַלסטע פּראָבלעם, וואָס די יידישע אַרבעטערשאַפט אין וואַרשע האָט געהאַט צו לייזן זינט דעם אָקופּירן וואַרשע דורך די דייטשן.

באַשטאַנען איז דער פּעטיציע־פּראָיעקט אין אַט וואָס: ווענדן זיך צו דער דייטשישער אָקופּאַציע־מאַכט זי זאָל דערלאָזן עפענען יידישע שולעס מיט דער יידישער אונטערריכט־שפּראַך. די ווענדונג זאָל געמאַכט ווערן אין נאָמען פון די טויזנטער יידן, וועלכע וועלן זיך אונטערשרייבן אויפן טעקסט פון דער פּעטיציע.

ווער ס׳האָט דערפונדן דעם פּעטיציע־פּראָיעקט, וולאַדימיר מעדעם, נח פּריי־לוצקי, נאָמבערג, אָדער עמעצער אַנדערש — בין איך נישט אומשטאַנד צו זאָגן. וולאַדימיר מעדעם איז געווען דער קעמפער פאַרן דאָזיקן פּראָיעקט אין דער יידישער אַרבעטער־סביבה און דעם קאַמף זיינעם האָט ער דערפירט צו אַ נצחון.

ווען דער פּעטיציע־פּראָיעקט איז באַהאַנדלט געוואָרן אויפן וואַרשעווער פאַר־טיי־קאָמיטעט פון בונד, האָט ער אַרויסגערופן אַ ליידנשאַפטלעכע דיסקוסיע. די דיסקוסיע האָט אַרומגענומען אַ ברייטע גאַמע פון פּראָבלעמען:

צי איז די פּעטיציע נישט קיין אָנערקענונג, אַז די אָקופּאַציע־מאַכט איז די לעגאַלע רעגירונג און זי, און נאָר זי, האָט דאָס רעכט צו באַשטימען און צו רעגו־לירן דאָס פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע לעבן?

צי איז אַ פּעטיציע אַ ריכטיקע פאָרעם פון אַ פאָדערונג, וואָס איז מסוגל צו ברענגען אַ פּאָזיטיוון רעזולטאַט אין די באַדינגונגען פון דער דייטשישער מילי־טערישער אָקופּאַציע?

אין פאַל ווען די אָקופּאַציע־מאַכט וועט אָפּוואַרפן די פּעטיציע אָדער נישט ענטפערן אויף דער ווענדונג — וועלכע זענען די וויטערדיקע שריט? וואָס פאַר אַ מיטלען קענען אָנגענומען ווערן צו צווינגען די מאַכט זי זאָל די פּעטיציע באַ־פרידיקן?

צי איז דער קאַמף פאַר אַ שולע אין דער יידישער אונטערריכט־שפּראַך אַזאַ עניין, וואָס בינדט נאַציאָנאַל די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג?

ווי אַזוי וועט מען דאַרפן האַנדלען, אויב די ציוניסטן וועלן זיך ווענדן מיט אַ צווייטער פּעטיציע פאַר העברעיִש ווי די אונטערריכט־שפּראַך און ס׳וועט זיי געלונ־גען צו ווערבירן אַ גרויסע און אפשר נאָך אַ גרעסערע צאָל אונטערשריפטן?

וועגן וואָס פאַר אַ שולע וועט זיך האַנדלען אין דער פּעטיציע? די חדרים פירן דאָך זייערע לימודים אין דער יידישער שפּראַך.

צי איז דער קאַמף פאַר אַ וועלטלעכער שולע אין דער יידישער אונטערריכט־שפּראַך אַן אויסשליסלעך יידישער עניין, אָדער אַן עניין, וואָס גייט אויך אָן דער פּוילישער פּראָגרעסיווער געזעלשאַפטלעכקייט? אויב יאָ, פאַר וואָס פירן די קאַמ־פּאַניע ווי אַ יידישע אָן דעם אָנטייל פונעם נאָענטסטן פאַרבינדעטן — דעם סאָציאַ־ליסטיש געשטימטן טייל פונעם פּוילישן אַרבעטער־קלאַס?

צי איז דער קאַמף אין דער פאָרעם פון אַ פּעטיציע אַ רעוואָלוציאָנער־סאָציאַ־ליסטיש קאַמפּמיטל?

צי איז אַ געמיינזאַמער קאַמף מיט די יידישע בירגערלעכע עלעמענטן נישט

קיין פּאָליטיק פון „גיין אַ שטיקל וועג צוזאַמען" — אַ יידישע ווערסיע פון דער בורגפרידן־פּאָליטיק?

דאָס זענען געווען פּראָבלעמען, וואָס יעדע איינע פון זיי איז אָנגעלאָדן געווען מיט פּאָליטישן דינאַמיט.

די חילוקי־דעות וועגן די אויסגערעכנטע און נישט־אויסגערעכנטע פּראָבלעמען, די אַרגומענטן, ווער ס'האָט דעם אָדער יענעם אַרגומענט באַנוצט און ווי אַזוי ער האָט אים באַנוצט — וואָלטן געקאָנט דינען ווי אַ מאַטעריאַל פאַר אַ פּרק געשיכטע. דאָ וועל איך נאָר פאַרצייכענען עטלעכע פּרטים פון אַ מעמואַרן־כאַראַקטער.

אין גאַנג פון דער דיסקוסיע וועגן פּעטיציע־פּראָיעקט, האָבן אויפן וואַרשע־ווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד זיך פאָרמירט צוויי גרופּעס: אָנהענגערס און קעגנערס. די אָנהענגערס זענען באַשטאַנען פון די אינטעליגענטן וולאַדימיר מעדעם, וויקטאָר שולמאַן און סעמיאַן, און פון די אַרבעטער יוסף באַסאַק און הערשל מעטאַ־לאָוויעץ. די קעגנערס — פון די אינטעליגענטן יוזעף און דוד מייער, און פון די אַרבעטער יאַנעק־יאַנקעלעוויטש, אסתר די שניידערין און בנימין וואַלקער. משה סטאָליאַר האָט זיך געוואַקלט. היות אַזאַ ענין קען נישט דעצידירט ווערן מיט אַ קליינער מערהייט, איז באַשלאָסן געוואָרן צו רופן אַ גרעסערע פּאַרטיי־באַראַטונג פון העכערן פּאַרטיי־אַקטיוו און די „שטרוי"־אָפּשטימונג אויף דער באַראַטונג זאָל דינען פאַר אַן אַנטשיידענער אָפּשטימונג אויפן פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד.

דער הויכער ניוואָ פון דער דיסקוסיע אויף דער באַראַטונג האָט מיך ממש געפּלעפט. צום ערשטן מאָל האָב איך זיך געפונען אויף אַ בונדישער פּאַרטיי־מסיבה, וואָס איז געשטאַנען העכער פון מיינע דעמאָלדיקע גייסטיקע און פּאָליטישע קוואַ־ליטעטן. דער גוטער טעם פון דער באַראַטונג ליגט מיר נאָך אין מויל. דער רעזול־טאַט פון דער באַראַטונג איז געווען, אַז אַ ריזיקע מערהייט האָט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר מעדעמס שטאַנדפּונקט.

די צעטיילונג פון די שטימען פון די באַטייליקטע אין דער באַראַטונג איז געווען אַן אויסגערייסנדיקע. כּמעט אַלע אינטעליגענטן, צווישן זיי: זדזשיסלאַוו מושקאַט, גרשון זיבערט, וולאַדיסלאַוו נאַכעמזאַן, יוזעק ראַטנער, נאַטאַן שאַפּראַן, מאיר וואַסער און אַנדערע זענען געווען מיטן קעגנערישן צד. בלויז צוויי פון די אינטעליגענטן, מיכעלזאָן און דער לערער גווישטאַדט, און כּמעט אַלע אַרבעטער, צווישן זיי: מרדכי פייגמאַן, חנינא קראַמאַרסקי, יחיאל ניימאַן, הענעך בראַנזאַוויק, לייבוש טוכמאַכער, לעוויט, אַבע פּלוג, ליטוואַק און אַ רייע אַנדערע זענען געווען מיט מעדעמס צד. דער רעזולטאַט פון דער באַראַטונג איז געווען, אַז אויף אַ זיצונג פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט האָבן צוויי קאָמיטעט־מיטגלידער, משה סטאָ־ליאַר און בנימין וואַלקער, זיך אָפּגעהאַלטן פון שטימען און מעדעמס שטעלונג האָט געזיגט מיט 5 קעגן 4 שטימען,ביי 2 אָפּגעהאַלטענע.

אַ פּראָבלעם איז שפּעטער געווען ווער ס'זאָל מצד בונד אַרויסטרעטן אויפן

מיטינג, וואָס ווערט גערופֿן אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פּעטיציע־קאַמפּאַניע. אַז מעדעם וועט זיין דער הויפּטרעדנער — איז קיין פֿראַגע נישט געווען. געהאַנדלט האָט זיך וועגן אַ צווייטן רעדנער, אַן אַרבעטער. אַוורעמל שטריקער איז שוין דעמאָלט אין וואַרשע נישט געווען. צווישן די מיטגלידער פֿונעם פּאַרטיי־קאָמיטעט בין איך שוין דעמאָלט געווען פֿאַררעכנט פֿאַרן בעסטן מאַסן־רעדנער. מיין עלטער האָט אָבער נישט געפּאַסט צו אַזאַ מין אַרויסטריט. נאָך לאַנגע וויכּוחים איז באַשלאָסן געוואָרן אַברהם ראַטשפּאַן זאָל זיין דער צווייטער בונדישער רעדנער.

ווי אַזוי ס'זענען געמאַכט געוואָרן די וויטערדיקע צוגרייטונגען, דער פֿאַרלויף פֿון מאַסן־מיטינג, אויף וועלכן ס'האָבן גערעדט מעדעם, פּרילוצקי, אַברהם ראַט־שפּאַן און אַנדערע, ווי אַזוי ס'איז צוגעגאַנגען די פּעטיציע־קאַמפּאַניע בכלל און מיט וועלכע רעזולטאַטן — איז נישט פֿאַר מיר צו שרייבן. אין דער צייט פֿון דער פּעטיציע־קאַמפּאַניע בין איך אַרעסטירט און אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין דייטשלאַנד.

בעת מיין געפֿינען זיך אין דייטשלאַנד, פֿון סוף דעצעמבער 1915 ביז זומער 1918, ווען דער פּראָצעס פֿון מיין פּאָליטישער אַנטוויקלונג איז געגאַנגען מיט אַ שטאַרקערן טעמפּאָ, און האָט זיך אָנגעטראָפֿן מיט פּראָבלעמען, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות מיט דער פּעטיציע־אַקציע — בין איך געקומען צום אויספֿיר, אַז מיין פּאַרנומענע שטעלונג, דאָס זיין איינער פֿון מעדעמס הויפּט־אַדיוטאַנטן און פּאַר־טיזאַנער פֿון דער פּעטיציע־אַקציע, איז אין די דעמאָלטדיקע באַדינגונגען געווען אַ גרויסער פּאָליטישער פֿעלער. אַז די נעגאַטיווע שטעלונג צו אַזאַ מין אַקציע, וואָס ס'האָבן פֿאַרנומען יאַנעק־יאַנקעלעוויטש אויפֿן וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פֿון בונד און מאיר וואַסער אויף דער דערמאָנטער באַראַטונג, איז געווען אַ ריכטיקע.

איך זאָג: יאַנעק־יאַנקעלעוויטש און מאיר וואַסער, מחמת זייער שטעלונג איז מאָטיווירט געווען מיט אַרגומענטן פֿון אַ רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישן כאַראַקטער אַנטשפּרעכנדיק צו יענער צייט און נישט געהאַט קיין שמץ אַסימילאַטאָריזם, מיט וואָס ס'זענען געווען אָנגעשטעקט די אַרגומענטן פֿון די קעגנערס אַלאַ יוזעף, דוד מייער, מושקאַט און אַנדערע, און נישט מיט קיין שמץ פֿונעם ראַכיטישן צוגאַנג צום דעמאָלט צאַפּלדיקן פּראָבלעם פֿון פּוילנס מלוכישער אומאָפּהענגיקייט (וועגן דעם וועט מיר נאָך אויסקומען צו שרייבן), מיט וועלכע ס'זענען געווען אָנגעשטעקט די אַרגומענטן פֿון גרשון זיבערט און יוזעק ראַטנער.

אין דער געשיכטע פֿון מיין פּאָליטישער טעטיקייט דאַרף מיין שטעלונג צו דער פּעטיציע־אַקציע אין 1915 געשטעלט ווערן אויף דער דעביט־קאָנטע.

# די קזשיוויצקי־קאָנפערענצן

נאָכן אַריינקום פון די דייטשן קיין וואַרשע איז פּראָפעסאָר לודוויג קזשיוויצקי אַרויסגעטראָטן מיט זיינעם אַ פּראָיעקט וועגן אַן אַרבעט־אינספּעקציע. כּדי צו רעאַליזירן זיין פּראָיעקט, האָט קזשיוויצקי גערופן קאָנפערענצן מיט דער באַטייליקונג פון אַלע אָן אויסנאַם גרופּירונגען, וואָס זענען בשעתו געווען טעטיק צווישן די אַרבעטער אין וואַרשע — פּוילישע און יידישע.

די קאָנפערענצן פלעגן פאָרקומען אין די זאַלן פונעם וואַרשעווער מאַגיסטראַט, מיינסטנס — אינעם גרויסן קאָנפערענץ־זאַל. באַטייליקט האָט זיך דאָס שמן־זית פון דער אַרבעטערשאַפט אין וואַרשע, די פּני און דער אַקטיוו.

אויף די דערמאָנטע קאָנפערענצן זענען דירעקט און מיינסטנס אומדירעקט באַהאַנדלט געוואָרן די אַקטועלע פּראָבלעמען פון יענער צייט, בעיקר דאָס פּראָבלעם פון דער מלחמה און די אַקציע פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי — רעוואָלוציאָנערע פראַקציע און זייערע שותּפים צו מאָביליזירן אַרבעטער אין די פּילסודסקי־לעגיאָנען.

די קזשיוויצקי־קאָנפערענצן זענען בשעתו געווען אַ שם־דבר אויף דער אַרבעטער־גאַס אין וואַרשע. מען האָט זיי גערופן דער „קליינער אַרבעטער־פּאַרלאַמענט". דאָס באַטייליקן זיך פון אַן אַקטיוויסט אין די קאָנפערענצן איז באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ גרויסער געזעלשאַפטלעכער און פּאַרטיי־זכיה.

אויף די קזשיוויצקי־קאָנפערענצן האָבן זיך געשאַפן צוויי לאַגערן: דער סאָציאַליסטישער אַנטי־מלחמה־לאַגער: ביידע סעקטאָרן פון ס.ד.ק.פּ.ל., פּ.פּ.ס.־לעוויצע און בונד, וועלכע האָבן געבילדעט אַ פּאָליטיש־טעכנישן בלאָק אונטערן נאָמען „סאָציאַליסטישע פאַראייניקונג" און איז אויך געשטיצט געוואָרן פון פּועלי־ציון און ס.ס. דער צווייטער לאַגער איז באַשטאַנען פון פּ.פּ.ס.־פראַקציע, פון דער נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פּאַרטיי (נ.פּ.ר.) און פון די קריסטלעכע דעמאָקראַטן (כאַדעקעס). דער דאָזיקער לאַגער האָט זיך גערופן „קאָנצענטראַציע פאַר פּאָזיטיווער אַרבעט".

די רעפּרעזענטאַנטן פונעם סאָציאַליסטישן בלאָק זענען געווען זאַשקאָ און־שליכט, טאָטאַיעוויטש־ריבאַצקי, גזשעד־קאָוואַלסקי און גרשון זיבערט. דער פּאַקטישער פירער פונעם סאָציאַליסטישן בלאָק און די וויכטיקסטע פיגור אויפן פאָרום פון די קאָנפערענצן איז געווען זאָשקאָ אונשליכט. די „קאָנצענטראַציע" איז אָנגעפירט געוואָרן פון איינעם מיטן נאָמען באָומגאַרטען, אַ זייער פעיִקער יונגער פראַקישער טוער, און פון אַן אַלטן דערפאַרענעם טוער, אַן אַרבעטער אין די שטאָטישע אַנשטאַלטן — זיין נאָמען האָב איך ליידער פאַרגעסן.

די ביידע לאַגערן זענען זיך שאַרף פונאַנדערגעגאַנגען און ביטער באַקעמפט. די „זיעדנאָטשעניע" איז געווען קעגן קזשיוויצקי־פּראָיעקט און איז אַרויסגעטראָטן סיי קעגן פּראָיעקט און סיי קעגן קזשיוויצקין פערזענלעך, ווי דעם אויטאָר פונעם

פּראָיעקט. די „קאָנצענטראַציע", מיט די פּראַקעס בראָש, זענען געווען פּאַרן פּראָיעקט.

די סיבות און די מאָטיוון פון דער קעגנערשאַפט מצד דער „זיעדנאָטשעניע" געדענק איך נישט גענוי. וואַרשיינלעך האָט זיך עס געהאַנדלט וועגן דער קאָנטראָל, וואָס די דייטשישע אָקופּאַציע־מאַכט האָט געוואָלט האָבן איבער דער אַרבעט־אינ־ספּעקציע, און, ווי מיר דוכט זיך אויך, וועגן אַ פּאָליטישער סאַנקציע פאַר דער דייטשישער אָקופּאַציע־מאַכט, מיט וועמען די פּראַקעס זענען דעמאָלט געווען ענג פאַרבונדן.

צו איינער פון די קזשיוויצקי־קאָנפערענצן אין נאָוועמבער 1915 האָט זיך דער סאָציאַליסטישער לאַגער ספּעציעל געגרייט. פון די רעדנערס אויף דער געגעבענער קאָנפערענץ זענען מיר געבליבן אין זכרון די רעדעס פון זאָשקאָ אונשליכט און פון גרשון זיבערט. באַזונדערס געדענק איך די רעדע פון זיבערטן, וואָס איז געהאַלטן געוואָרן אין דעם אייגנאַרטיקן זיבערט־סטיל — מיט אַ טרערעלע. זיבערט האָט פאַרגעוואָרפן פּראָפעסאָר לודוויג קזשיוויצקין, אַז מיט זיין אַקציע האָט קזשיוויצקי אַ תּל געמאַכט צו זיין גלאָריע ביי דער פּראָגרעסיווער יוגנט און צווישן דער סאָ־ציאַליסטישער אינטעליגענץ.

גערעדט האָט אויך אַ כאַדעקישער רעדנער. דאָס מאָל איז דער רעדנער פון די כאַדעקעס גראָד נישט געווען קיין גלח. די רעדע פונעם כאַדעק איז געווען ווי אַ פּאַמעניצע שמוץ אויף סאָציאַליסטן און ייִדן. צו מיין שטוינונג האָט קיינער פון די סאָציאַליסטישע אָנטיילנעמערס נישט רעאַגירט אויף דער רעדע פונעם כאַדעק. ווען איך האָב אַ פרעג געטאָן די פירנדיקע בונדיסטן הלמאַי זיי שווייגן, האָב איך פון יאַנעק־יאַנקעלעוויטשן געקריגן אַ בייזן ענטפער: „נעם איין אַ שטומעניש און ליג איינגעלייגט".

אַ לענגערע ווילע האָב איך מיט ציינקריצעניש זיך צוגעהערט צו דער כולי־גאַנישער רעדע פונעם כאַדעק. מיין געדולד האָט משמעות געפּלאַצט, און איך האָב אָנגעהויבן שליידערן צום רעדנער וואָס ס'איז מיר נאָר געקומען אונטער דער האַנט. די לעבן מיר זיצנדיקע בונדיסטן האָבן מיך מיט כּוח אַרויסגעשלעפּט פון זאַל, באַ־האָגלט מיט פאַרוואורפן און שטעכווערטער, און ווי אַ געשלאָגן הינטל — איבערגעלאָזט אין קאָרידאָר. ווען איך בין צוריק אַריין אין זאַל איז די קאָנפערענץ געווען אַראָפּ־געריסן.

אין מיין דעמאָלטדיקער פּאָליטישער אומדערפאַרנקייט האָב איך נישט באַגריפן, אַז עס איז פאַראַן אַ סיטואַציע ווען מען מוז קענען אויסהערן די גרעסטע און די געמיינסטע באַליידיקונגען און שווייגן, כּדי דורכן שווייגן דערגרייכן אַ געוויסן ציל, אָדער נישט צו דערלאָזן דעם שונא דערגרייכן זיינס אַ ציל; אַז די רעדע פון דעם כאַדעק איז געווען אַ פּלאַנירטע, מיטן ציל אַראָפּצורייסן די קאָנפערענץ און דורך דעם שטערן דעם סאָציאַליסטישן אַנטי־מלחמה־לאַגער — דורכצופירן די פּלענער,

וואָס ער האָט זיך געשטעלט אויף דער געגעבענער קאָנפערענץ, און אַז מיט מיין האַנדלונג בין איך געווען אַ ווערקצייג אין די הענט פונעם אַנטיסאָציאַליסטישן לאַגער.

מיין האַנדלונג איז מיר נישט אָפּגעגאַנגען גלאַטיק. אַראָפּגייענדיק פון דער קאָנפערענץ האָבן זאַשקאַ אונשליכט און אַ רייע אַנדערע דעלעגאַטן מיך אויסגעשייגעצט מיט די האַרבסטע ווערטער. אויף אַ זיצונג פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד איז ביים שטענדיקן פּונקט אויפן טאָג־אָרדענונג „פאַרשיידנס", געווען אַן אונטערפּונקט: „הערשל". די רעדנערס האָבן פאַראורטיילט מיך אויפפירונג אויף דער קאָנפערענץ און אָנגעוויזן אויפן שאָדן, וואָס איך האָב מיט מיין האַנדלונג געבראַנגט דעם סאָציאַליסטישן לאַגער. יוזעף האָט מיר טאַטיש אָנגעדרייט די אויערן און מיך געמוסרט: „פע, ס׳איז נישט שיין פאַר אַ בונדיסט, בפרט פאַר אַ מיטגליד פונעם קאָמיטעט פון בונד, ער זאָל זיך אַזוי אויפפירן". שולמאַן האָט מיט אַ פינגער געטיקעט יאַנעקן: „איר זעט, דאָס זענען אייערע יונגע באָלסעוויקעס". צום מיינסטן האָט זיך געהיצט דוד מייער, וועלכער האָט נאָך רעכט נישט געהאַט אָנגעוואַרעמט דאָס בענקל פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד, אין וועמענס באַשטאַנד ער איז צוקאָאָפּטירט געוואָרן. אָבער קיינער פון די רעדנערס האָט נישט געמאַכט קיין קאָנקרעטן פאָרשלאָג, ווי אַזוי צו האַנדלען לגבי מיר. ערשט צום סוף פון דער דיסקוסיע האָט בנימין וואַלקער אַריינגעטראָגן אַ פאָרשלאָג מיך צו טאַדלען, און פאַר נישט דיסציפּלינירטקייט — אויסשליסן פונעם פּאַרטיי־קאָמיטעט.

אין דער גאַנצער צייט פון דער דיסקוסיע האָב איך אָבסערווירט די האַלטונג פון וולאַדימיר מעדעם. איך האָב געוווּסט, אַז פון זיין שטעלונג איז אין אַ גרויסער מאָס אָפּהענגיק דער אויסגאַנג פון דער דיסקוסיע, און כ׳האָב מורא געהאַט, אַז זיין אורטייל וועט זיין אַ האַרבער. מעדעם האָט זיך אין דער דיסקוסיע נישט באַטייליקט. ערשט נאָך דעם ווען ער האָט געהערט דעם פאָרשלאָג פונעם לאָמען בנימין, האָט ער פאַרלאַנגט אַ וואָרט.

צו מיין איבעררעשונג האָט וולאַדימיר מעדעם געמאַכט אַ פראָנטאַלע אַטאַקע קעגן דער בונדישער דעלעגאַציע און קעגן דעם גאַנצן סאָציאַליסטישן בלאָק פאַר דערלאָזן דעם כאַדעק כוליגאַנעווען. דער אינהאַלט פון מעדעמס רעדע איז געווען אומגעפער פאָלגנדיקער: דער געווינטשטער געווינס פון דעם סאָציאַליסטישן לאַגער וואָלט געווען מינדערוויכטיק אין פאַרגלייך מיט דעם שאָדן פון דער רעדע, וואָס דער כאַדעק האָט געהאַלטן. אין קיין פאַל טאָרן נישט טאָלערירט ווערן קיין אַנטי־סאָציאַליסטישע און אַנטי־יידישע העצעס אויף אַרבעטער־פאָרומס. חבר הערשלס רעאַקציע איז געווען אַ נאַטירלעכע און אַ גייטיקע, און וואָלט זיין רעאַקציע געווען אַ מער ציוויליזירטע, וואָלט זי מסתמא געבראַכט די געוווּנטשענע רעזולטאַטן. ער האָט פאָרגעלייגט אַריבערצוגיין איבער דעם גאַנצן ענין צום טאָג־אָרדענונג.

ווען איך מאַך איצט מײַנע חשבונות און צי אונטער סך־הכּלען פון די פּאַר־שיידענע פעריאָדן, עטאַפּן און דערשיינונגען, וואָס איך בין אַדורכגעגאַנגען און מיט וועלכע איך האָב זיך באַגעגנט אין די 50 יאָר פון מײַן פּאָליטישן און געזעלשאַפט־לעכן לעבן, מאַך איך, נאַטירלעך, אויך דעם חשבון פון דער ראָלע וואָס די היפּער־טראָפּיע פון טעמפּעראַמענט האָט געשפּילט אין מײַן לעבן, און דער סך־הכּל איז בערך אַ פּאָלגנדיקער:

פון מײַן פריסטער יוגנט האָב איך געהאַט אַ ווידערווילן צו געמיינקייט, ניבול־פּה און פּערזענלעכע קריגערייען. אין עלטער פון דרײַצן יאָר בין איך אַוועק פון מײַן ערשטן לערן־מייסטער, מענדל לאַטאָוויטש, בײַ וועמען איך האָב צום ערשטן מאָל אין מײַן לעבן רעגלמעסיק געגעסן אַ זאַטן מיטאָג און אויך געקריגן יעדע וואָך אַ שיינע פּאָר גילדן טאַשנגעלט, בלויז דערפאַר, ווײַל ער האָט זיך ברוטאַל באַצויגן צו זײַן פרוי און זיך מוֹיל מבֿזה געווען מיט ניבול־פּה.

אין מײַן לאַנגיאָריקן פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן קען איך זיך נישט דערמאָנען קיין איין פאַל, איך זאָל אין מײַנס אַ רעדע זיך דערלויבן צו באַנוצן מיט זידלערייען און מיאוסע רייד.

אמת, אין פּאָליטישן געפעכט בין איך קיין צדיק נישט געווען. אויף דער טריבונע, אין דער פּאָלעמיק, אין מײַנע האַנדלונגען, בין איך תּמיד געווען קלאָר און אויסגעשפּראָכן, אין מײַן אַרגומענטאַציע — אָפט מאָל שאַרף, אפשר צו שאַרף, טייל מאָל אַפילו אַראָגאַנט און גיפטיק. אין אַ נויטפאַל האָב איך זיך אַפילו באַנוצט מיט דעמאַגאָגיע און פּאַמפלעט. אין דיסקוסיעס האָב איך געקענט אַ זאָג טאָן וועגן מעדעמען, אָדער דירעקט צו אים: „דער אינטערעס פון אַ הייפל אינטעליגענץ גייט אײַך מער אָן ווי דער לעבנס־אינטערעס פון דער ייִדישער אַרבעטערשאַפט; אויב איר וועט זײַן אַ שטער פאַר דער רעוואָלוציע אין פּוילן, וועלן די ייִדישע אַרבעטער, און איך מיט זיי, זיך נישט וואַקלען אַרויסצוטרעטן קעגן אײַך אַפילו מיט געווער; די גרעסטע טובֿה, וואָס איר קענט טאָן דער ייִדישער אַרבעטערשאַפט, איז פאַר־שטעקן אײַער גלענצנדיקע פעדער אין טינטער פון פּאָליטיק און זי פון דאָרט מער נישט אַרויסנעמען, אויס דאַנקבאַרקייט וועלן אײַך די ייִדישע אַרבעטער שענקען די טייערסטע פעץ און איר וועט מיט איר שרײַבן וועגן ענינים פון קולטור און ליטע־ראַטור". ענלעכע אַזעלכע שאַרפע און נאָך שאַרפערע אַרײַנזאָגעכצער האָבן בײַ מיר נישט געפעלט לגבי אַנדערע חבֿרים, בפרט קעגן קעגנערס און שונאים, אָבער קיין מאָל בין איך נישט געווען ווולגאַר, קיין מאָל האָב איך זיך נישט באַנוצט קעגן אַן אָפּאָנענט, קעגנער און אַפילו אַ שונא מיט מאָטיוון, אַרגומענטן און באַווײַזן פון אַ פּערזענלעכן כאַראַקטער.

אויף וויפל איך געדענק, זענען אין מײַן פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער קאַריערע געווען בלויז צוויי פאַלן, ווען מײַן טעמפּעראַמענט איז אַוועק אויף קרומע וועגן און כ'האָב יאָרן לאַנג באַדויערט מײַן נישט ריכטיקע האַנדלונג: איין מאָל

קעגן וולאַדימיר מעדעם, און אַ צווייט מאָל — קעגן דעם פּועלי־ציוניסטישן פירער ניר־ראַפאַלקעס. בײדע פאַלן זענען געשען אין יאָר 1919.

אויף אַ באַראַטונג פון בונד וועגן דער יידישער שפּראַך און יידישע קולטור־ענינים אין ווינטער 1919 האָב איך אין מיין פּאָלעמיק מיט די „אַסימילאַטאָרן" און אינטעליגענטן אין בונד, אַ זאָג געטאָן צו מעדעמען: „וואָס טויגן די אַלע שיינע רייד, אַז די פּראַקטיק איז אַן אַנדערע. ווי האָט איר געהאַנדלט מיט אייער קינד? האָט איר מיט אייער קינד גערעדט יידיש, כאָטש אין וואָרט יידיש? איר האָט דאָך אייער קינד דערצויגן אויסשליסלעך אין רוסיש" — מעדעמס אײנציק קינד איז שוין נישט געווען צווישן די לעבעדיקע. נאָכן אָפּזאָגן דעם פיזמון האָב איך געפילט, אַז כ'בין באַגאַנגען אַ נבלה, און אַז די עוולה וואָס כ'בין באַגאַנגען קעגן די מעדעמס איז פון אַ קאַטעגאָריע, וואָס מען קען נישט און מ'דאַרף נישט מוחל זיין.

דער פאַל ניר־ראַפאַלקעס איז געווען פאָלגנדיקער:

בעת דער וואַל־קאַמפּאַניע צום וואַרשעווער שטאָטראָט אין האַרבסט 1919 בין איך אַרויסגעטראָטן ווי דער אָפּאָנענט מצד בונד אויף אַ גרויסער וואַל־פאַרזאַמלונג פון פּועלי־ציון מיט ניר־ראַפאַלקעס ווי דער הויפּטרעדנער. בשעת מיין רעדן האָט זיך אין מיר צעהוליעט מיין טיפע שנאה צו דער נישט לאַנג פאַרענדיקטער וועלט־מלחמה און מיין עקסטרעם־בונדישע ציונאָפּאָביע. אַנווייזנדיק דירעקט אויף ראַ־פאַלקעסן, האָב איך צו אים אַ געשריי געטאָן: „וואָשט פריִער אָפּ אייערע הענט פונעם בלוט, וואָס איר און אייערע פּועלי־ציון מיט אייער יידישן לעגיאָן האָבן פאַרגאָסן צוזאַמען מיט די אימפּעריאַליסטן אין דער אימפּעריאַליסטישער וועלט־מלחמה. ווי וואַגן די פּועלי־ציון איינצואָרדענען אַרבעטער־ און פאָלקס־פאַרזאַמ־לונגען, און ווי וואַגט איר, אימפּעריאַליסטישער לאַקיי, אַרויסצוטרעטן פאַר אַרבע־טער און פאָלקסמענטשן?". אין זאַל איז אויסגעבראָכן אַ שרעקלעך געשלעג און די גיכע הילף האָט זיך געמוזט אַריינמישן.

בדרך כלל האָט מיין איבערפלוס פון טעמפּעראַמענט געשפּילט אַ פּאָזיטיווע ראָלע, געווען אַ גוטער סטימולאַטור אין מיינע אַקטיוויטעטן, מיך באַשירעמט אין שווערע טעג — און אַזעלכע האָבן מיר צום באַדויערן נישט געפעלט — פון ייִאוש און אַפּהענטיקייט, באַאיינפלוסט מיין מוט און קוראַזש אין קאַמף פאַר מיינונגען און שטעלונגען, וועלכע כ'האָב געהאַלטן פאַר ריכטיק און פאַר האַנדלונגען, וואָס כ'האָב געהאַלטן פאַר נייטיק, נישט דערלאָזט צו מיין געמיט קיין שמץ ציניזם און ביליקן קאַריעריזם, מיך אָפּגעהיט פון ווערן איינער פון די ניוועלירנדיקע, כאַראַקטערלאָזע און קאָרומפּירטע סוביעקטן, וואָס די סטאַלינישע טעראָר־מאַשין האָט אַזוי ברוטאַל פאַרמירט אויך אין פּוילן, און כ'האָב ווערדיק אָפּגעהיטן מיין רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישן און נאַציאָנאַל־יידישן פּרצוף־פּנים.

אָבער אויך נישט ווייניק שאָדן האָט גורם געווען די היפּערטראָפיע פון מיין טעמפּעראַמענט. מיין היציקייט, געפּאָרט מיט אַ מאַנגל פון טאַקט, איז נישט אין

מאָל געווען די סיבה פון אַ שטורמישער זיצונג און באַראַטונג אין בונד, קאָמבונד און אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג. האָט טאַרמאָזירט די לויפנדיקע אַרבעט, פאַרשאַרפט די עקזיסטירנדיקע קאָנפליקטן, געשאַפן נישט נייטיקע קאָנפליקטן און רייבונגען, פאַרערגערט די קעגנזייטיקע פּאָליטישע און פּערזענלעכע באַציִונגען צווישן מיר מיט די אָנפירנדיקע פּאַרטיי־אָרגאַנען, פּאַרטיי־פירערס און חברים.

ווען איך צי אונטער דעם חשבון און קאָנפראָנטיר די נעגאַטיווע און פּאָזיטיווע רעזולטאַטן פון דער היפּערטראָפיע פון מיין טעמפּעראַמענט, איז ביי מיר נישטאָ דער מינדסטער ספק, אַז אין לעצטן סך־הכּל האָבן אין איר די פּאָזיטיווע עלעמענטן געשפּילט אַ פיל גרעסערע און וויכטיקערע ראָלע אין די 50 יאָר פון מיין פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן.

## פּראָבלעמען, עפּיזאָדן, רכילות און לשון־הרע

די פונאַנדערטיילונג אויף רעכטס און לינקס האָט אין דער וואַרשעווער בונדישער אָרגאַניזאַציע זיך אָנגעהויבן שוין אין די ערשטע טעג פון דער דייטשישער אָקו־פּאַציע, און באַקומען איר בולטסטן אויסדרוק אויפן וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד.

אינעם פעריאָד פונעם צאַרישן מיליטערישן קריגסרעזשים האָבן די פּאָליטישע אונטערשיידן נישט שטאַרק זיך אָנגעזעןן. די באַדינגונגען האָבן נישט דערלויבט קיין לאַנגע זיצונגען און פאַרצווייגטע דיסקוסיעס. מ׳איז געווען קעגן דער מלחמה און מען האָט זיך נישט צו פיל אַריינגעלאָזן אין מעריטאָרישע דיסקוסיעס.

די אַ ביסל פרייערע באַדינגונגען אונטער דער דייטשישער אָקופּאַציע האָבן מעגלעכער געמאַכט צו פּרעציזירן די אייגענע שטעלונג צו אינטערנאַציאָנאַלע, לאָ־קאַלע און יידישע ענינים, צו אידענטיפיצירן אָדער צו דיפערענצירן זיך מיט אַנ־דערע און פון אַנדערע, און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די דיפערענציאַציע אויף רעכטס און לינקס, אויף אַסימילאַטאָריש־ און נאַציאָנאַליסטיש־געשטימטע.

די צעטיילונג אויף לינקס און רעכטס האָט זיך אָנגעהויבן מיטן ערשטן עפנט־לעכן רעפעראַט פון וויקטאָר שולמאַן אויף דער דעלעגאַטן־פאַרזאַמלונג מיטן ציל צו שאַפן די לעגאַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען.

אין וויקטאָר שולמאַנס רעפעראַט האָט זיך געפונען אַ פּאַסוס מיט אַזאַ אינהאַלט:
„די יידישע אָרגאַניזירטע אַרבעטערשאַפט דאַרף נישט זוכן קיין חטאים ביי די אַנדערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. מיר האָבן נישט קיין גענויע ידיעות פאַר וואָס געוויסע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען האָבן געשטימט פאַר די מלחמה־בודזשעטן פון זייערע רעגירונגען. באַזונדערס דאַרף מען זיין פאַרזיכטיק מיטן באַשולדיקן די

דייטשישע און די פראַנצייזישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. פאַר די דייטשישע אַרבעטער מיט זייערע גרויסע פּאָליטישע, פּראָפעסיאָנעלע און אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, פאַר וועמען די דייטשישע רעגירונג גופא האָט איינגעפירט טיילווייזע סאָציאַלע פאַרזי־כערונגען, איז נישט גלייכגילטיק די געפאַר פון פאַרלירן די מלחמה און אַ טייל דייטשלאַנד זאָל זיך געפינען אונטער אַ קאָזאַקישן קנוט. די פראַנצייזישע אַרבעטער געדענקען נאָך גוט די פּרייסישע ברוטאַליטעטן נאָך זייער פאַרשפּילטער מלחמה אין די 70ער יאָרן און די ראָלע פון די פּרייסן ביים אונטערדריקן די פּאַריזער קאָמונע. ערשט נאָכן פאַרענדיקן די מלחמה, אויף אַן אופן ווי די סאָציאַליסטן ווילן — אַן זיגערס און אַן באַזיגטע, וועט מען קענען רעדן וועגן דער שולד פון אונדזערע ברידערלעכע פּאַרטייען".

אויף דער דעלעגאַטן־פאַרזאַמלונג האָט קיינער נישט דערווידערט קעגן שולמאַנס איינשטעלונג, אָבער שוין ביים אַראָפּגיין פון דער פאַרזאַמלונג האָבן זיך אָנגעהויבן הערן שטימען פון קריטיק און אויף אַ זיצונג פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד איז אויסגעבראַכן אַ שטורעם קעגן שולמאַנס פּאַרטיידיקן די סאָציאַליסטישע מלחמה־אונטערשטיצערס.

נאָך אַ לאַנגער און אַ היציקער דיסקוסיע, אין וועלכער ס'האָבן זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט מיט זייער קריטיק אַווראַמל שטריקער און יאַנעק־יאַנקעלעוויטש, האָט זיך דער פּאַרטיי־קאָמיטעט צעטיילט אויף צוויי טיילן: אַרבעטער און אינטעליגענץ. אַלע אָן אויסנאַם אַרבעטער, מיטגלידער פונעם פּאַרטיי־קאָמיטעט, האָבן זיך געפונען אויף לינקס און באַצייכנט געוואָרן פאַר פּראָ־באָלשעוויסטיש; די אינטעליגענץ האָט זיך געפונען אויף רעכטס, פריער וויקטאָר שולמאַן און סעמיאָן און דערנאָך אויך וולאַדימיר מעדעם, יוזעף און דוד מייער.

אַזאַ איז געווען די פּאַרטיילונג אין אַלע ענינים פון דער אינטערנאַציאָנאַלער און לאָקאַלער פּאָליטיק. ביים באַטראַכטן פּאָליטישע ענינים האָט מען נישט איין מאָל געקענט הערן מעדעמס אַן איראָנישע באַמערקונג: „אַזוי, אַזוי, ייִדישע אַרבע־טער, בונדיסטן — און באָלשעוויקעס, טאַקע אמתע באָלשעוויקעס!". דער אַלטער (יוזעף) פלעגט שאָקלען מיטן קאָפּ אויף לינקס און רעכטס, סאַרדאָניש שמייכלען אונטער די דיקע וואָנסעס און עטוואָס צוקן מיט די אַקסלען, אַ סימן פון שטאַרקער אינערלעכער אומצופרידנקייט. וויקטאָר שולמאַן האָט אויף זיין כאַראַקטעריסטישן אופן געטיקעט מיטן ווייזפינגער: „באָלסעוויקעס, נאַסטאַיאַסטע באָלסעוויקעס", און דוד מייער האָט זיך צעשריגן: „ווילדע מענטשן זענט איר, נאָר משוגעים קענען אַזוי האַנדלען"!

אַנדערש איז געווען מיט ייִדישע ענינים, דאָ איז די פּאַרטיילונג שוין געווען אַן אַנדערע: דריי אינטעליגענטן — מעדעם, שולמאַן און סעמיאָן, און דריי אַרבעטער — אַווראַמל שטריקער, יוסף באַסאַק און הערשל מעטאַלאָוויעץ. פון דער אַנדערער זייט, צוויי אינטעליגענטן — יוזעף און דוד מייער, און די אַרבעטער — יאַנעק־

יאַנקעלעוויטש און אסתּר די שניידערין, און אין די מערסטע פֿאַלן — אויך משה סטאָליאַר און בנימין וואָלקער. אין דער היץ פֿון אַ דיסקוסיע האָט גישט איין מאָל געטראָפֿן, אַז איין גרופּע זאָל דער צווייטער פֿאָרוואַרפֿן טענדענצן פֿון אַסימילאַטאָרישקייט אָדער נאַציאָנאַליזם.

און לאָמיך דאָ אַגב־אורחא פֿאַרצייכענען, אַז אין די שפּעטערדיקע יאָרן, נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, זענען אַלע דערמאָנטע אַרבעטער־מיטגלידער פֿונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פֿון בונד געוועזן הייסע און דעצידירטע אָנהענגערס פֿון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע (אַוורעמל שטריקער און יאַנעקיאַנקעלעוויטש זענען פּרי געשטאָרבן, אַורעמל אין 1918, יאַנעק אין 1919, די איבעריקע זענען אַוועק פֿון בונד). און פּונקט אַזוי זענען די דערמאָנטע אינטעליגענטן געווען אויסגעשפּראָכענע קעגנערס פֿון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע.

וואָס שייך מיין נאַציאָנאַליזם האָט מיך די שולע „דייטשלאַנד" היפּש אויסגעניכטערט. איך האָב זיך אויסגעלערנט פֿונאַנדערצוקלייבן צווישן נאַציאָנאַלקייט און נאַציאָנאַליזם, פֿאַרפֿעסטיקט מיין שטעלונג אין דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע בכלל און בנוגע די נאַציאָנאַלע רעכט און באַדערפֿענישן פֿונעם יידישן אַרבעטער־קלאַס און פֿון די יידישע פֿאָלקסמאַסן בפֿרט, ווי אַן אינטעגראַלער טייל פֿון מיין סאָציאַליסטישער וועלט־אָנשויונג, און פֿאַרפֿאַנצערט געוואָרן קעגן נאַציאָנאַליסטישער פֿראַזעאָלאָגיע און היפּערטראָפֿיע פֿון נאַציאָנאַליזם. נאָך מיין צוריקקום פֿון דייטשלאַנד, הגם כ'האָב פֿאַרביסן באַקעמפֿט די אַסימילאַטאָרישע ריכטונגען אין דער יידישער אַרבעטער־סביבה און די אַסימילאַטאָרישע טענדענצן פֿון געוויסע בונדיסטן, איז מיין איינשטעלונג און אַרגומענטאַציע געווען אַ ראַדיקאַל אַנדערע ווי פֿון מעדעם, שולמאַן און זייערע אָנהענגערס.

פֿאַרן בונד האָט זיך געשטעלט דאָס פּראָבלעם פֿון פּוילנס מלוכישער אומאָפּהענגיקייט. לאָמיר גלייך זאָגן, אַז אויפֿן וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פֿון בונד איז בשעתו נישט געווען קיינער, וואָס זאָל פֿאַרנעמען אַ שטעלונג פֿאַר אַ זעלבשטענדיקער אומאָפּהענגיקער פּוילישע מלוכה.

אָנגעהויבן האָט זיך דער ענין מיט אַ בריוו פֿון גרשון זיבערט צום וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פֿון בונד, אין וועלכן ער האָט אויפֿמערקזאַם געמאַכט אויף דער אַקטועלקייט פֿונעם פּראָבלעם פֿון פּוילישער מלוכישער אומאָפּהענגיקייט, און פֿאַרלאַנגט, אַז דער פּאַרטיי־קאָמיטעט זאָל וועגן דעם ענין עפֿענען אַ דיסקוסיע אין דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע.

גרשון זיבערט איז פֿאַרבעטן געוואָרן צו אַ זיצונג פֿונעם פּאַרטיי־קאָמיטעט. זיבערטס רעפֿעראַט איז געווען מער פֿון אַן אינפֿאָרמאַטיוון, ווי פֿון אַ מעריטאָרישן כאַראַקטער. ער האָט אינפֿאָרמירט, אַזביידע ריכטונגען פֿון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פֿון קעניגרייך פּוילן און ליטע האַלטן זיך עקשנותדיק ביי זייער אַלטן שטאַנדפּונקט פֿון „געגנט־אויטאָנאָמיע" און זיי זענען קעגן דעם, אַז די לאָזונג פֿון

אומאָפּהענגיקייט זאָל ווערן אַ סאָציאַליסטישער פּראָגראַם־פּונקט. אין פּ.פּ.ס.־לעוויצע קומען פאַר העפטיקע שטרייטן צווישן דריי גרופּעס. איין גרופּע, מיט גושעך־קאָוואַלסקי בראָש, איז פאַר אַ תּיכּפדיקער פאַראייניקונג מיט ס.ד.ק.פּ.ל.־זאַזשאָנ־דאָווצעס; אַ צווייטע גרופּע, מיט דעם שפּעטער באַקאַנטן פירער פון דעם גרויסן פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די טעקסטיל־אַרבעטער, שטשערקאָווסקי בראָש, איז פאַר אַן אַקטיווער אומאָפּהענגיקייט־פּאָליטיק. דער צענטער וואַקלט זיך און האָט נישט קיין קלאָרע מיינונג. זיבערט האָט זיך אַרויסגעזאָגט, מיט רעזערוואַציעס, פאַר דער לאָזונג פון אַן אומאָפּהענגיק פּוילן. אָבער נישט פאַרגעלייגט קיין תּיכּפדיקע רעוויזיע פונעם אַלטן בונדישן שטאַנדפּונקט, וואָס איז געווען אַן ענלעכער ווי פון ס.ד.ק.פּ.ל., און פאַרגעשלאָגן, אַז דער בונד זאָל זיך מיט דעם ענין אָנהייבן נענטער צו פאַרנעמען און אים אַוועקשטעלן צו פּאַרטיי־דיסקוסיע.

אויפן וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד האָט זיך נישט געפונען קיין איין מיטגליד, וועלכער זאָל שטיצן זיבערטס פּראָיעקט פאַר אַ פּאַרטיי־דיסקוסיע איבער דעם אַלטן פאַרגליווערטן בונדישן שטאַנדפּונקט. אין די רעדעס פון אַ טייל קאָמיטעט־מיטגלידער, דער עיקרשט אין דער רעדע פון מעדעמען, האָט זיך געפילט אַ ווידערווילן צו פּוילנס נאַציאָנאַלע אומאָפּהענגיקייט־אַספּיראַציעס. פאַרן ענגן בונדישן פּאַרטייקרייז איז שפּעטער נישט געווען קיין סוד, אַז וולאַדימיר מעדעם האָט נישט קיין איבעריקע סימפּאַטיעס צו פּאָליאַקן, איז אַ קנאַפּער חסיד פון די אָנגענומענע מיינונגען וועגן די גרויסקייטן פון דער פּוילישער ליטעראַטור, מוזיק און קולטור, אַז מעדעמס באַציִונג צו די פּוילישע נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס און צום פּוילישן פאָלק ווי אַזעלכן, איז געווען ווי פון אַ טיפּישן גרויסרוס.

דאָס פּראָבלעם פון דער אומאָפּהענגיקייט פון פּוילן האָט אומדירעקט געקריגן אַן אויסדרוק אויף דער בונדישער פּאַרטיי־באַראַטונג אין שייכות מיטן פּעטיציע־פּראָיעקט. אַ טייל קעגנערס פון דער פּעטיציע־אַקציע — גרשון זיבערט, זדזשיסלאַוו מושקאַט, וולאַדיסלאַוו נאַכעמזאָן, יוזעק ראַטנער, נאַטאַן שאַפּראַן, די ייִדיש־פּוילישע אינטעליגענץ, האָבן זייער קעגנערשאַפט מאָטיווירט דערמיט, אַז מיט דער פּעטיציע־אַקציע ווערט די דייטשישע אָקופּאַציע־מאַכט אָנערקענט ווי די לעגיטימע מאַכט פון פּוילן, און אויב שוין יאָ ווענדן זיך מיט אַ פּעטיציע לטובֿת דער ייִדישער אונטערדריקט־שפּראַך, דאַרף מען קודם־כּל זיך ווענדן צו אינסטאַנצן פון אַ פּוילישן כאַראַקטער, ווי דער בירגער־קאָמיטעט, דער צייטווייליקער שטאָטראַט.

אויך אויף דער דערמאָנטער באַראַטונג האָט קיינער זיך נישט אַרויסגעזאָגט קלאָר, אַז די פאָדערונג פון אַן אומאָפּהענגיק פּוילן זאָל אַריינגענומען ווערן ווי אַ פּונקט פונעם פּאַרטיי־פּראָגראַם, אָדער ווערן אַן אַקטועלער לאָזונג. דער איינציקער, וואָס איז געווען נענטער צו אַזאַ איינשטעלונג, איז געווען יוזעק ראַטנער. זיין רעדע איז אָבער נישט גינסטיק אויפגענומען געוואָרן פון דער אַבסאָלוטער מערהייט אָנטיילנעמערס פון דער באַראַטונג.

אויף וויפל איך ווייס, איז אין דער צייט פון מיין צוויי און אַ האַלביאָריקער אָפּוועזנדיקייט פון וואַרשע דער ענין פון פוילנס אומאָפּהענגיקייט באַהאַנדלט געוואָרן אויף בונדישע מסיבות, קיין באַשלוסן זענען אָבער נישט אָנגענומען געוואָרן. נאָך מיין צוריקקום קיין וואַרשע זומער 1918 האָב איך דאָס פּראָבלעם געטראָפן אין אַן ענלעכן מצב ווי פאַר מיין פאַרלאָזן וואַרשע.

די אומאָפּהענגיקייט פון פוילן האָט דער בונד אויפגענומען ווי אַ פאַקט, און נישט ווי אַ דירעקטער קעמפער פאַר דער פוילישער מלוכישער זעלבשטענדיקייט.

„די בונדישע דרייפוסיאַדע" — אַזוי האָט מען אין די פירנדיקע בונדישע קרייזן, אַ מאָל אין שפּאָט און אַ מאָל ערנסט, באַצייכנט דעם קאַמף פון בנימין וואַלקער קעגן אַברהם ראַטשפּאַן.

ווי ס'איז שוין דערציילט געוואָרן, איז אַברהם ראַטשפּאַן געשטאַנען אונטער אַ חשד פון אַ נישטגעהעריקער האַנדלונג בעת אַ שטרייק אין זיין פאַך, און דער וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד האָט אויף זיך ווענדונג אים צוצולאָזן צו אַקטיווער פּאַרטיי־אַרבעט באַשלאָסן „פּאַרלויפיק גאָרנישט צו באַשליסן", און שפּע־טער אים באַויפטראָגט אָנצופירן מיט אַ קרייז פון האַנטווערקער־שילערס.

נאָכן צוריקקומען קיין וואַרשע און פאַרנעמען זיין אָרט אין וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד, האָט בנימין וואַלקער געמאַכט אַ וויסטן סקאַנדאַל פאַר צולאָזן ראַטשפּאַנען צו פּאַרטיי־אַרבעט. ער האָט געקלאַפּט מיט זיין הילצערנעם פוס און גראָבן שטעקן און געסטראַשעט, אַז אויב דער פּאַרטיי־קאָמיטעט וועט נישט תיכף אַרויסוואַרפן ראַטשפּאַנען און אים שטעמפּלען פאַר אַ שטרייקברעכער און מסור, וועט ער — דער לאָמער בנימין — אָפּטאָן אַזוינס און אַזעלכעס, וואָס די פּאַרטיי וועט האָבן לאַנג צו געדענקען.

ווען מ'האָט בנימין וואַלקערן אָנגעהויבן שטעלן פראַגעס, האָט ער נישט געגעבן קיין קאָנקרעטן און זאַכלעכן באַווייז פאַר זיין באַשולדיקונג. דער ערשטער, וואָס האָט רעאַגירט אויף דעם לאָמען בנימינס סקאַנדאַל, איז געווען וולאַדימיר מעדעם: „ווי קען מען קומען מיט אַזאַ באַשולדיקונג קעגן אַ מענטש, קעגן אַן אַקטיוויסט, צי קעגן אַ פּשוטן אַרבעטער, אָן איין קאָנקרעטן באַווייז און אָן עדות"? מעדעם האָט פאַרגעלייגט צו פאַרבעטן אַברהם ראַטשפּאַנען אויף אַ זיצונג פון קאָמיטעט און קאָנפראָנטירן דעם אָנקלאָגער מיטן אָנגעקלאָגטן.

אַברהם ראַטשפּאַן האָט זיך צוגעשטעלט צו דער זיצונג. אויפן קרייצפאַרהער האָט ער געגעבן קלאָרע און זאַכלעכע ענטפערס. דער איינדרוק איז געווען, אַז עפּעס איז געשען, אָבער ס'איז נישט פאַראַן קיין גרונט פאַר קיין באַשולדיקונג און פאַראורטייל.

בנימין וואַלקער האָט די זיצונג בויקאָטירט: „איך וועל מיט קיין שטרייק־ברעכער און מסור נישט פירן קיין משפטים" — האָט ער גרויסהאַלטעריש געמאָלדן

וועגן זיין נישט קומען אויף דער זיצונג פונעם פּאַרטיי־קאָמיטעט. ער האָט אָבער נישט באַנוגנט זיך בלויז מיטן נישט קומען. ער איז אַוועק צו דער האַנטווערקער־שילער־גרופּע, אויסגערעדט אויף ראַטשפּאַנען כּל דבר אָסור, און זיי אויפגעפּאָדערט צו באַזייטיקן ראַטשפּאַנען ווי זייער קרייז־אָנפירער.

די יונגע אידעאַליסטיש־געשטימטע בחורים זענען געקומען פּאַרווינטשע צום פּאַרטיי־קאָמיטעט. זיי האָבן ראַטשפּאַנען ליב געקריגן און זענען געווען צופרידן מיט זיין אָנפירונג פונעם קרייז. ווי קענען זיי אָבער — האָבן זיי געטענהט — טאָלערירן, אַז אַזאַ מענטש זאָל זיין זייער מדריך?

דעם לאָמען בנימינס האַנדלונג האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם. מ׳האָט מורא געהאַט, אַז זיין האַנדלונג קען דערפירן צום פאַרלוסט פון דעם שילערקרייז. וויקטאָר שולמאַן און וולאַדימיר מעדעם זענען באַאויפטראָגט געוואָרן אָפּצוהאַלטן אַ באַראַ־טונג מיט די שילערס און אויפצוקלערן זיי דעם ענין פון אַברהם ראַטשפּאַן. צו דער צופרידנקייט פון די האַנטווערקער־שילערס איז ראַטשפּאַן געבליבן ווייטער זייער קרייז־אָנפירער.

בנימין וואַלקער האָט דעם קאַמף נישט אויפגעגעבן. ביי יעדער פּאַסיקער און נישט פּאַסיקער געלעגנהייט האָט ער געקלאַפּט מיטן שטעקן, מיטן הילצערנעם פוס און געשריגן, אַז דער פּאַרטיי־קאָמיטעט טאָלערירט שטרייקברעכערס און מוסרים און פאַרדאַרבט די מוחות פון די יונגע שילערס.

איין מאָל, בעת בנימין וואַלקערס אַ ראַטשפּאַן־סקאַנדאַל, האָט וולאַדימיר מע־דעם — דער תּמיד אַריסטאָקראַטיש־באַהערשטער, וועמענס פאַרהאַלטן זיך אויף די זיצונגען פונעם פּאַרטיי־קאָמיטעט האָט אַרויסגערופן אַלעמענס רעספּעקט — אַ זעץ געטאָן מיט דער פויסט אין טיש מיט אַ קראַפט, וואָס איז ווייט געווען צו זיין פּאַסיק פּאַר זיין פיזישן געזונט־צושטאַנד, און מיט אַ כּעס, וואָס איך האָב קיין מאָל פריִער און קיין מאָל שפּעטער ביי מעדעמען נישט געזען, אַ געשריי געטאָן צו בנימין וואַלקער: „די פּאַרטיי וועט קיינעם נישט דערלויבן צו זיין אַ פּראָקוראָר, ריכטער און עקזעקוטאָר אין איין פּערזאָן. און אויב איר וועט זיך ווייטער דערלויבן צו באַלאַגאַנעווען און נישט שטעלן זיך צו אַ קאָנפראָנטאַציע מיטן חבר ראַטשפּאַן, וועט איר געשטעלט ווערן פּאַר אַ פּאַרטיי־געריכט און טראָגן די קאָנסעקווענצן פונעם דאָזיקן געריכט". מעדעם האָט פּאַרגעלייגט אויסצוטיילן אַ קאָמיסיע, וואָס זאָל מאַכן אַ סוף צו דער — ווי ער האָט דאָס אָנגערופן — בונדישער דרייפוסיאַדע. אויף דער געגעבענער זיצונג איז אַזאַ קאָמיסיע אויסגעטיילט געוואָרן אין באַשטאַנד פון יוזעף, יוסף באַסאַק און הערשל מעטאַלאָוויטש.

לכתחילה זענען די פּאַרטיי־מיטגלידער געווען מיטן בנימין וואַלקער־צד. דער לאָמער בנימינקע איז טאַקי אַ קריפּל, אַ פיזישער און גייסטיקער קריפּל, מיט זיין גייסטיקן ניוואָ, פעיִקייטן און שׂכל דערגרייכט ער טאַקע נישט צו אַברהם ראַטשפּאַנס קנעכל. ער וועט דאָך אָבער נישט מאַכן סתּם קיין בילבול. דערפאַר האָבן זיי קרום

געקוקט אויפן באַשלוס פונעם פּאַרטיי־קאָמיטעט צו באַשטימען ראָטשפּאַנען פאַרן לייטער פונעם שילערקרייז.

די שטימונג פונעם רוב מיטגלידער האָט זיך ראַדיקאַל געביטן ווען זיי זענען געוואָר געוואָרן, אַז דער לאָמער בנימין האָט סאַבאָטירט די זיצונג פונעם פּאַרטיי־קאָמיטעט, אויף וועלכע ער האָט געדאַרפט קאָנפראָנטירט ווערן מיט ראָטשפּאַנען, און אַרויסגערופן אַ צעמישונג אינעם שילערקרייז. און ווען ס'איז צו די פּאַרטיי־מיטגלידער דערגאַנגען די ידיעה וועגן וולאַדימיר מעדעמס שאַרפן אַרויסטריט און פון זיין פאָרשלאָג, אַ די קאָמיסיע זאָל מאַכן אַ סוף צו דער אינערלעך פּאַרטייאישער דרייפוסיאַדע, האָט מעדעמס פּרעסטיזש זיך אַ הייב געטאָן אויף הויכע הייכן. וולאַדימיר מעדעם איז באַצייכנט געוואָרן ווי דער וועכטער פון דער פּאַרטיי־מאָראַל און דער ריטער פאַר ערלעכער און עטישער באַציִונג צווישן פּאַרטיי־חברים.

דער סוף פון דער ראָטשפּאַן־געשיכטע?

איך האָב בייגעוווינט די ערשטע זיצונג פון דער קאָמיסיע, אויף וועלכער ס'איז אויסגעאַרבעט געוואָרן די פּראָצעדור פון איר טעטיקייט. און ס'איז געגעבן געוואָרן בנימין וואַלקערן אַ טערמין פון 3 וואָכן צו ברענגען פאַר דער קאָמיסיע באַווייזן אָדער עדות. מער האָב איך זיך אין דער קאָמיסיע נישט באַטייליקט. כ'בין אַרעסטירט און אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין דייטשלאַנד. וואָס ס'איז געוואָרן מיט דער קאָמיסיע — ווייס איך נישט. איך ווייס בלויז, אַז קיין באַשלוסן אין דעם ענין ראָטשפּאַן זענען קיין מאָל נישט אָנגענומען געוואָרן.

אַברהם ראָטשפּאַן איז אַוועק קיין ראַדאָם. אַליין, צי דירעקט אָדער אומדירעקט דורך דער פּאַרטיי־אָנפירונג — איז מיר נישט באַקאַנט. אין ראַדאָם איז ראָטשפּאַן געווען אַקטיוו ביים אויפבוי פון גרויסע און פאַרצווייגטע בונדישע פּאַרטיי־ און פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס, פון דער בונדישער קולטור־טעטיקייט, און געשאַפן, אָדער געהאָלפן שאַפן, די בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין ראַדאָמער ראַיאָן.

אין די יאָרן 1919—1920 איז מיר אויסגעקומען מיט אַברהם ראָטשפּאַנען נאָענט צוזאַמענצואַרבעטן. הגם מיר האָבן זיך געפונען אויף די עקסטרעמסטע פּאָלוסן אין אַלע פּאָליטישע ענינים, וואָס זענען בשעתו געשטאַנען אויפן סדר־היום פון פּראָלעטאַרישן און אינערלעך־בונדישן פּאַרטיי־לעבן, איז אונדזער צוזאַמענאַרבעט געווען אַ פּראָדוקטיווע, אַ חברישע און אַ פערזענלעך־פריינדלעכע, און נישט איין מאָל האָב איך גענאָסן פון זיין דערפאַרונג און זיינע פּראַקטישע עצות. פון מיין זייט בין איך געווען דערפאַר, אַז אַברהם ראָטשפּאַן זאָל זיין דער ראַדאָמער דעלעגאַט, פון רעכטן צד, אויף דער אויסעראָרדנטלעכער בונדישער פּאַרטיי־קאָנפערענץ, פסח 1919.

דאָס נישט ווערן פאָרמעל רעהאַביליטירט האָט אַברהם ראָטשפּאַנען גורם געווען אַ סך פּאָליטישן שאָדן און פערזענלעכע ליידן. זיינע שונאים, און אַזעלכע האָבן אים קיין מאָל נישט געפעלט, אויך נישט אין ראַדאָם, האָבן אויסגענוצט דעם לאָמען בנימינס באַשולדיקונגען און פאַרמאַכט פאַר אים דעם וועג צו אַ הע־

כערער פּאַרטיי־קאַריערע, צו וועלכער ער איז געווען, לויט זיין אינטעליגענץ, וויסן און פעיקייטן, אַ סך מער פּרעדיסטינירט ווי אַ סך אַנדערע געוויינטלעכע אַרבעטער און פּראָפעסיאָנעלע אינטעליגענטן. סוף כּל סוף איז אַברהם ראָטשפּאַן געצוווּנגען געווען צו פאַרלאָזן פּוילן.

די בונדישע דרייפּוסיאַדע האָט זיך מיאוס אָנגעהויבן און נישט צו שיין פאַר־ענדיקט.

„דער בונד איז מער ווי אַ פּאַרטיי. בונד בינדט און פאַרבינדט די אָרגאַניזירטע יידישע אַרבעטערשאַפט אין אַ משפּחה, אין אַ גרויסער קעגנזייטיק זיך ליבנדיקער און רעספּעקטירנדיקער פאַמיליע".

מיט דער דאָזיקער פּראַזע האָט וולאַדימיר מעדעם זיך אָפּט באַנוצט אין זיינע עפנטלעכע אַרויסטריטן. אָט די ווערטער אין מעדעמס מויל, באַגלייט מיט אַ וויר־טואָזישן זשעסט, האָבן געהאַט זייער עפעקט אויף די צוהערערס. זיי זענען אָבער נישט געווען קיין ווירקלעכקייט. אין דער ווירקלעכקייט זענען די פאַרהעלטענישן אין בונד געווען ווייט פון צו זיין אידיליש. נישט בלויז זענען געווען צעטיילונגען אין פּאָליטישע ענינים, וואָס דאָס איז נאַטירלעך און צוועקמעסיק, נייערט אויך פּערזענלעכע ווידעראַנאַנדן, אַנימאָזיעס און פיינטשאַפטן. מעדעם גופא איז געווען אַ סוביעקט פון פּערזענלעכער דיסהאַרמאָניע מיט אַ טייל פון זיינע לאַנגיאָריקע פּאַרטיי־חברים.

ווי ס'איז געווען אין די פּיאָנערן־יאָרן פון בונד און אין די יאָרן פון דער רעוואָלוציע פון 1905 — איז מיר אומבאַקאַנט. די פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג, אין וועל־כער כ'האָב זיך צום ערשטן מאָל באַטייליקט, איז געווען הימלווייט פון האַרמאָניע, פּאָליטיש און פּערזענלעך. אַ פאַרהעלטענישמעסיקע צוגעבונדנקייט האָט אין דעם אָנפירנדיקן קרייז פון בונד געהערשט אין דער צייט פון צאַרישן מיליטערישן קריגסרעזשים, אָבער זינט דעם בונדס אַרויסקום פון אונטערערד האָבן נישט גע־פעלט קיין פּערזענלעכע אַנימאָזיעס און פיינטשאַפטן.

צווייביישפּילן וועלן דאָס אילוסטרירן:

שוין בשעת די ערשטע באַגעגענישן האָט אַוורעמל שטריקער זיך אָנגעהויבן טשעפּען צו יאַנעק־יאַנקעלעוויטשן. געגעבן אים שפּילקעס, געיאָדעט און אַריינ־געזאָגט.

איין מאָל אין אַ נאָכמיטאָג זענען מיר, אַוורעמל שטריקער און איך, געקומען אין בונדישן קיכלאָקאַל מידע און אויפגערעגט פון אַ שווערער פאַך־פאַרזאַמלונג. אינעם קיכלאָקאַל האָבן געוואַרט פאַרזאַמלונגען, אויף וועלכע עמעצער פון די 5 הויפּטטוערס ביים שאַפן די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן האָבן זיך געמוזט באַטייליקן. וויקטאָר שולמאַן איז אין יענעם טאָג קראַנק געווען, יוסף באַסאַק איז געווען פאַרנומען מיט אַן אייגענער לעדער־פאַרזאַמלונג. יאַנעק־יאַנקעלעוויטש — מיט

דער גרופּע פּרויען־אינטעליגענץ, וועלכע האָבן מיט אים באַהאַנדלט דעם ענין וועגן שאַפן אַ קינדערהיים.

דערוויסנדיק זיך, אַז יאַנעק־יאַנקעלעוויטש געפינט זיך אין אַ צימער מיט אַ גרופּע פּאַניענקעלעך, האָט אַווראַמל שטריקער אָנגעהויבן קלאַפּן אין דער טיר פון צימער אויף אַ העזהדיקן אופן. ווען יאַנעק איז אַרויסגעקומען זען, וואָס ס׳קומט פאָר, איז אים אַווראַמל באַפאַלן מיט געשרייען: „מיר פאַלן פון די פיס און איר ראָמאַנסירט מיט פּאַניענקעס". יאַנעק האָט פאַרקלאַפּט די טיר. זידלענדיק יאַנעקן האָט אַווראַמל שטריקער מיט רוגזה באָמבאַרדירט די טיר מיט זיינע פויסטן. רעאַגירט דערויף האָט יאַנעק־יאַנקעלעוויטש מיט אַן איינגעהאַלטענעם כּעס און אַ זאַג געטאָן צו אַווראַמלען: „פירט זיך אויף אַ ביסל אָנשטענדיקער. ס׳איז נישט לאָשיק". נו, מער האָט מען נישט געדאַרפט. אַווראַמל שטריקער האָט זיך צעבושעוועט און ס׳האָט געקאָסט אַ סך מי דעם צעיושעטן אַווראַמלען צו באַרויִקן.

אַווראַמעל שטריקערס אַוואַנטורע האָט אַרויסגערופן אַ רעאַקציע, און כאָטש מ׳האָט אָפּגעשאַצט אַווראַמל שטריקערס פעיִקייטן און זיין אָרט און ראָלע פון אַ פּאַרטיי־טוער, האָבן זיך כּמעט אַלע מיטגלידער פונעם פּאַרטיי־קאָמיטעט געבונטעוועט קעגן זיין אויפפירונג און געהאַט בדעה אויף אַ פּאַרטייִישן אופן אַ סוף צו מאַכן צו דער דאָזיקער נישט ווערדיקער שפּיל און דעם ענין פון אַווראַמלס אויפפירונג אַוועקשטעלן אויפן טאָג־אָרדענונג פונעם פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד.

יאַנעק־יאַנקעלעוויטש האָט נישט דערלאָזן צו פאַרוואַנדלען אין אַ פּאַרטיי־ענין אַווראַמלס באַציִונג צו אים. זיינע אַרגומענטן זענען געווען: אַווראַמל איז אַ קראַנקער מענטש. טעמפּעראַמענטפול און עמאָציאָנעל. צוליב זיין שטענדיק געהעכערטער טעמפּעראַטור, געפינט ער זיך תּמיד אין אַ פיבערדיקן צושטאַנד און מ׳קען קיין מאָל נישט וויסן וואָס עס קען דערפירן צו אַ בלוטשטורץ און צו אַ פּריצייטיקן טויט. אַווראַמל וועט לאַנג נישט זיין אין וואַרשע, די דאָקטוירים פאָדערן, ער זאָל וואָס שנעלער זיך אומקערן אין זיין שטעטל.

און כּך־הווה. מיר האָבן אַווראַמל שטריקערס אויפפירונג געדולדט ביז מיר האָבן אים באַגלייט צו זיין אָפּפאָר קיין לאָשיץ.

שוין אויף דער ערשטער זיצונג פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד, אויף וועלכער וולאַדימיר מעדעם און יוזעף האָבן זיך באַגעגנט, האָט זיך געמערקט אַן אַנטאַגאָניזם צווישן די צוויי בונדישע גדולים. שפּעטער איז פאַרן אָנפירנדיקן קרייז טוערס פון בונד נישט געווען קיין סוד וועגן דער ממש־פאַראַכטנדיקער באַציִונג, וואָס מעדעם האָט געהאַט צו יוזעפן.

ס׳איז גוט באַקאַנט געווען מעדעמס פּאָליטישע אָפּשאַצונג וועגן יוזעפן: אַ שדכן. וואָס וויל חתונה מאַכן אַ בלינדן מיט אַ לאָמען; אַ סאַרוועער, וואָס כאַפּט אַ נאַש דאָ און אַ נאַש דאָרט, און אַלץ פון יענעמס. אַ פּרינציפּ אַהין, אַ פּרינציפּ אַהער — „אַבי

האַנדעל שעדל״; אַ מענטש קען נישט שרייבן און וויל דווקא שרייבן און נישט אַנדערש, ווי זיין אַ מיטגליד פון אַ רעדאַקציע און זאָגן דעות. נישט איין מאָל, ווען מעדעם פלעגט מוזן דורכלאָזן יוזעפס אַן אַרטיקל אין די „לעבענס־פראַגען״, פלעגט ער סאַרקאַסטיש זיך וויצלען: „אַ גוי נעבעך, מוז שוויצן איבער אַן אַרטיקל, וואָס אַ געוועזענער תּלמיד פון דער ווילנער ראַבינער־שולע סקראָבעט אָן אין אַ שלעכטן ייִדיש״. בשעת דער ערשטער קאָנפערענץ פון בונד אין אומאָפּהענגיקן פּוילן, דעצעמבער 1918, אין היץ פונעם קאַמף צווישן רעכטס און לינקס, בין איך געווען אַ צופעליקער עדות פון אַ קורצן שמועס צווישן מיכאַלעוויטשן און מעדעמען. מיכאַלעוויטש פרעגט מעדעמען: „ווי, מיינט איר, וועט דער ,אַלטער׳ האַנדלען וועגן דעם פאָרשלאָג פון די לינקע״? (ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן דעם פאָרשלאָג פון די לינקע דעלעגאַטן צו רופן אַן אויסעראָרדנטלעכע קאָנפערענץ אויף פּראָפּאָרציאָנעלע יסודות אין פאַרלויף פון 6 חדשים). מעדעמס ענטפער איז געווען אַ קורצער און אַ בייסנדיקער: „איר ווייסט ווי ער וועט האַנדלען? ווי אַלע, אַזוי מיט דער כלה״.

וולאַדימיר מעדעם איז נישט געווען קיין אַוורעמל שטריקער. מעדעם איז געווען אַן אַריסטאָקראַט און אַן איראָפּעער אינעם בעסטן זין פונעם וואָרט. זיין ווידערווילן און נישט־אַכטונג האָט ער מייסטערהאַפט קאַמופלאַזשירט אין דער עפנטלעכקייט. אַ זייטיקן מענטש וואָלט קיין מאָל נישט איינגעפאַלן, אַז צווישן די צוויי מענטשן קומט עפּעס פאָר, אַז מעדעם פאַרטראָגט ממש אָרגאַניש נישט זיין עלטערן חבר. מיר, וואָס האָבן מיט מעדעמען גענטער צוזאַמענגעאַרבעט, האָבן שוין געקענט מעדעמס זשעסט פון אומצופרידנקייט בשעת יוזעף האָט באַהאַנדלט אַן ענין, געוווּסט וואָס מעדעם מיינט און וועמען ער מיינט מיט זיין סאַרקאַסטישער באַמערקונג, איראָנישן זאָג, און דעליקאַטן, אָבער שאַרפשניידיקן וויץ.

למען־האמת דאַרף מען פאַרצייכענען, אַז מיטן אויסנאַם צו יוזעפן, און שפּעטער שוין אויף אַן אָפענעם און גאָרנישט העפלעכן אופן — צו עמנואל נאָוואָגרודסקי, האָט וולאַדימיר מעדעם זיך באַצויגן מיט רעספּעקט צו יעדן איינעם פון די פּאַרטייטוערס, אַפילו צו די שאַרפסטע קעגנערס זיינע, און אַפילו צו אַזעלכע, וועלכע זענען נישט געווען פון קיין צו איידעלן שטאָף געקנאָטן. אַפילו צו מיר, צו איינעם פון זיינע שאַרפסטע אָפּאָנענטן, מיט וועמען ער האָט — צוליב מיין אויסגעשפּראָכענעם פּראָבאָלשעוויזם — מערערע מאָל זיך אָפּגעזאָגט אויפצוטרעטן עפנטלעך אויף איין טריבונע — איז זיין באַציִונג געווען אַ זייער חברישע און אַ פערזענלעך־פריינדלעכע.

יוזעף דאַקעגן האָט מעדעמען אַלע מאָל פאַרשוויגן. די גרונטיקע סיבה פון דער אַנימאָזיע און פיינטשאַפט מצד מעדעמען צו יוזעפן, צו אַן עלטערן פון אים חבר, מיט גרויסע פאַרדינסטן אין דער בונדישער באַוועגונג, אַ מיינונג־חבר אין די קאַרדינאַלע פּאָליטישע ענינים, וואָס זענען געשטאַנען אויפן טאָג־אָרדענונג פונעם פּאָליטישן לעבן, באַזונדערס נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד —

איז פאַר מיר, ווי פאַר אַנדערע חברים פונעם בונדישן פירנדיקן פּאַרטייקרייז, קיין מאָל נישט אויפגעקלערט געוואָרן.

די אידיליע, וואָס וולאַדימיר מעדעם פלעגט אָפּט מאָלן, אַז דער בונד בינדט און פאַרבינדט די אָרגאַניזירטע יידישע אַרבעטערשאַפט אין אַ זיך ליבנדיקער און קעגנזייטיק־רעספּעקטירנדיקער משפּחה — איז געווען ווייט פון צו זיין אַ ווירק־לעכקייט.

אין פאַרלויף פון עטלעכע חדשים האָב איך געלעבט אַן אינטענסיוו און פּיל־זייטיק פּאָליטיש און געזעלשאַפטלעך לעבן. סוף דעצעמבער 1915 האָט די דייטשישע אָקופּאַציע־מאַכט מיך ברוטאַל אָוועקגעריסן אין סאַמע מיט פון אַן אָנגעשטרענגטער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, אַרעסטירט און אַרויסגעשיקט קיין דייטשלאַנד.

ס'האָט זיך פאַרענדיקט אַ גרויסער און אַ וויכטיקער פּעריאָד אין מיין לעבן. כ'בין אַרויסגעריסן געוואָרן פון אַן איינגעפונדעוועטער סביבה, אַוועקגענומען גע־וואָרן פון די וואַרשעווער אָרעמע יידישע קוואַרטאַלן און אַריינגעשלײדערט געוואָרן אין סאַמע מיטן פון אייראָפּע. כ'בין אַריין אין אַ נייער לחלוטין אומבאַקאַנטער סביבה: פרעמדע שפּראַך, מנהגים, געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן.

און דער גורל האָט צו מיר געזאָגט: נעם די רודערס, פיר דיין שיפל אויפן שטורמישן טייך פון דיין נייעם לעבן און דערגרייך דעם ברעג, וואָס איז רייך מיט איר קולטור, געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן און פּאָליטישע קאַמפן. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייער עטאַפּ אין מיין לעבן, וועלכער האָט געלייגט אַ חותם אויף מיין גייסטיקער און פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג. אַן עטאַפּ, וועמענס נאָמען ס'איז — דייטשלאַנד.

## צווייטער טייל

# אין דייטשלאַנד

## אַרעסט און פאַרשיקונג

וואַרשע, לוצקע 8, 19טן דעצעמבער 1915, אַרום 6 אַ זייגער פאַר טאָג. מ׳קלאַפּט אין טיר פון מיינע עלטערנס וווינונג. איך שלאָף מיט אַ געשמאַקן שלאָף פון אַ יונגן מענטש נאָך אַ פאַרגאַנגענעם שווערן און מיפולן טאָג פון געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, אָבער די מאַמע שלאָפט נישט און הערט דאָס קלאַפּן אין טיר — אַ פּאָליציי־ישער קלאַפּ, וואָס איז איר שוין גוט באַקאַנט פון די צאַרישע צייטן, אַן אייגנאַרטיקער קלאַפּ פון פּאָליציאַנטן, זשאַנדאַרמען און געהיים־אַגענטן פון כּלערליי לענדער און מלוכות.

די מאַמע צעגערט מיטן עפענען, זי טראַכט: וואָס ווילן די דייטשן? דאָס אַמאָליקע קלאַפּן אין דער טיר פון די צאַרישע אָכראַנע־זשאַנדאַרמען האָט זי פאַרשטאַנען: איר זון איז דאָך אַ סאָציאַליסט, אַ בונדאָווּשטשיק, ער געהערט צום בונד, ער האָט געוואָלט נישט אַנדערש, ווי מאַכן מיקאָלייקען פאַר אויס קאַפּעליוש־מאַכער, אָבער וואָס האָבן די דייטשן צו איר זון?

דאָס קלאַפּן ווערט שטאַרקער. די מאַמע ווייסט, אַז קיין חכמות וועלן נישט העלפן. זי קריכט אַראָפּ פון איר געלעגער און פרעגט ווער ס׳איז און וואָס מ׳וויל. דער הויזוועכטער ענטפערט: „פּאָליציי״. ווען די מאַמע עפנט די טיר, שטעלן זיך אַריין אַ דייטשישער זשאַנדאַרם מיט אַ הויכן פּיקלהויב אויפן קאָפּ און מיט אַ שווערד ביי דער זייט, אַ געהיים־אַגענט און דער הויזוועכטער. קיין רעווי־זיע ווערט נישט געמאַכט. דער זשאַנדאַרם הייסט דער מאַמען צוגרייטן אַ פּעקל וועש. דער געהיים־אַגענט וועקט מיך אויף אַ גאַרנישט־העפלעכן אופן און הייסט מיך שנעל זיך אָנטאָן. אויף אַלע מיינע פראַגעס קריג איך אײן ענטפער: „איר וועט שוין געוואָר ווערן אויף דעם געהעריקן אָרט״. די מאַמע דערלאַנגט מיר אַ פּעקל וועש און אַ האַלב ברויט. זי באַגלייט מיך צו דער טיר און איר פּנים איז פול מיט טרערן. איך זאָג איר אָן, מ׳זאָל גלייך לאָזן וויסן מיינע חברים וועגן מיין אַרעסט.

פאַרן טויער שטייט דאָס מאָל נישט דאָס געוויינלעכע פּאָליציי־ישע קעטשל, נאָר אַ וואָגן, אין וועלכן הינטשלעגער פאַרשפּאַרן זייערע געכאַפּטע הינט. די הינטערשטע טיר איז געדיכט פאַרקראַטעוועט. אָבער אַ לוקסוס האָבן די אַרעסטירטע מענטשן

אין פאַרגלייך מיט די געכאַפּטע הינט: צוויי הילצערנע בענק ביי די זייטן צום זיצן.

אין וואָגן געפינען זיך שוין עטלעכע מענטשן, אויסשליסלעך פּאָליאַקן. דער וואָגן שטעלט זיך אָפּ אויף נאָך עטלעכע ערטער אין די שכנותדיקע גאַסן. אויך די נייע אחים־לצרה זענען פּאָליאַקן. צוזאַמען זענען מיר 12 מענטשן. ס'איז נישט שווער פאַר מיר צו דערקענען, אַז די אַרעסטירטע זענען נישט קיין טיפּן פון סאָציאַליסטישע טוערס און אויך נישט קיין קרימינעלע טיפּן, אָבער ווער זענען זיי און פאַר וואָס געפינ איך זיך אין זייער געזעלשאַפט?

דער וואָגן שלעפּט זיך פּאַמעלעך. דער וועג פירט נישט אין דער ריכטונג פון קיין איינער פון די וואַרשעווער תּפיסות. יעדער איינער איז פאַרזונקען אין זיינע אייגענע געדאַנקען. ווי געוויינטלעך אין אַזאַ פאַל פרעג איך קיינעם נישט ווער ער איז און פאַר וואָס מ'איז אַרעסטירט. די ערשטע ווערטער, וואָס כ'הער פון די מיטפאָרערס, זענען אַז דער וועג פירט צום ציטאַדעל.

דאָס טויער פון ציטאַדעל האָט זיך צעפּראַלט. דער וואָגן שטעלט זיך נישט אָפּ ביים בנין פון די ציטאַדעל־קאַזעמאַטן, נאָר פאָרט היפּשלעך ווייטער, צו די זעלנער־באַראַקן. אַ מיטליאָריקער פעלדפעבל נעמט אונדז איבער. דער נייער שומר פירט אונדז אין אַ באַראַק, ס'ווערט דורכגעפירט אַ רעגיסטראַציע: נאָמען, פאַמיליע, עלטער, באַשעפטיקונג, וווינאָרט.

אין באַראַק געפינען זיך עטלעכע צענדליגג מענטשן, צווישן זיי אַ צאָל ייִדן. עטלעכע ייִדן האָבן מיך דערקענט, צוגעגאַנגען און באַגריסט. כ'ווער געוואָר, אַז די פאַרהאַלטענע זענען בעל־מלאכות פון פאַרשידענע פאַכן, אַז יעדע דריי טעג ווערט אָפּגעשיקט אַ טראַנספּאָרט אַרבעטער קיין דייטשלאַנד, אָבער ווו און אויף וואָס פאַראַ באַדינגונגען — ווייסט קיינער נישט. טייל פון די פאַרהאַלטענע געפינען זיך שוין אין באַראַק דעם דריטן טאָג. נאָך היינט וועט אָפּגיין אַ טראַנספּאָרט.

פון דער היץ פונעם אייזערנעם אויוון און פון דעם רויך פון די פּאַפּיראָסן איז אין באַראַק דושנע, אַ נעפּל און אַ טשאַד. איך בין אַרויס אויפן אָפענעם פּלאַץ. דאָס וועטער איז פּאַסקודנע. אַ נאַסער שניי פאַלט און פונעם גרויסן אָפענעם שטח אַרום דעם ציטאַדעל און פון דער זייט פון דער ווייסל ווייעט אַ שניידיקער ווינט — און אַזוי פּאַסקודנע איז מיר אויך אויף מיין געמיט. ערשט נעכטן בין איך געווען אַ מענטש — פאַרהאָרעוועט, פאַרשמייעט, געברויזט מיט ענערגיע, גערעדט אויף אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען, געזען אַרומגערינגלט מיט חברים, אַן אָנגעלאָדענער מיט געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, און איצט — אַ פאַרשפּאַרטער, אַ הילפלאָזער, אָן דעם מינדסטן וויסן וועגן מיין ווייטערדיקן גורל.

אויפן אָפּגעצוימטן פּלאַץ איז אַריינגעפאָרן אַ מיליטערישע פעלדקיך. דער עולם האָט זיך אַ לאָז געטאָן נעמען אַ געקאָכטן מאָלצייט. דאָס עסן פון דער מיליטערישער קיך איז גאַנץ געשמאַק.

נאָכן עסן — אַן אַפּעל. כ'וויל בעסער זיין אין דעם שלעכטן וועטער אויפן

אָפּענעם פֿלאַץ איידער אין דושנעם באַראַק. מענטשן רעדן צו מיר, פֿרעגן פֿאַרשיי־
דענע פֿראַגעס, ס׳איז אַנגעמאָזאָליעט אויפֿן האַרץ און די געשפּרעכן קלעפּן זיך נישט.

פֿאַר נאַכט, אויף וועטשערע, באַקומט מען צוויי פּענעצלעך ברויט מיט ערזאַץ־
מאַרמעלאַדע און ערזאַץ־קאַווע. מען באַוויזט נישט אַראָפּצושלינגען דאָס קאַרגע
מאָלצייט, און די פֿאַרהאַלטענע ווערן אָוועקגעפֿירט צו אַ זייטיקן באַנאַפּשטעל און
אַנגעלאָדן אין וואַגאָנען, אין נאָרמאַלע פּאַסאַזשיר־וואַגאָנען, אָבער נישט קיין
באַהייצטע. די וואַגאָנען ווערן אָפּגעשלאָסן. צוויי זעלנער־שומרים אין יעדן וואַגאָן.
דער צוג פֿירט מיך קיין דייטשלאַנד.

אַדיע, וואַרשע, מיין וואַרשע, ווען וועל איך דיך ווידער זען?

צו מאָרגנס אין דער פֿרי איז דער טראַנספּאָרט אָנגעקומען קיין אָסטראַהּ, מיזרח־
דייטשלאַנד, אויפֿן זעלבן אָרט, ווו איך בין געווען מיט עטלעכע יאָר צוריק, ווען
כ׳האָב געפּרוווט פֿאָרן קיין פּאַריז צו מיין שוועסטער. דער געוועזענער קאַראַנטין־
פּונקט פֿאַר עמיגראַנטן איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסן אַרמיי־לאַגער. אַ
שטיק פֿלאַץ מיט אַ צאָל באַראַקן איז רעזערווירט פֿאַר די מאָדערנע שקלאַפֿן, וועלכע
ווערן געכאַפּט און אויף אַ צוואַנג־אופֿן פֿאַרשיקט אין פֿאַרשיידענע ערטער פֿון
דייטשלאַנד: אין פֿאַבריקן, קוילנגרובן און אויף ערדאַרבעט.

נאָך אַ פֿרישער רעגיסטראַציע ווערן מיר אַריינגעלאָזט הינטער אַ פֿאַרצוימונג.
דאָס וועטער איז מילדער ווי אין וואַרשע. אויפֿן אָפּענעם פֿלאַץ געפֿינען זיך עטלעכע
הונדערט ציוויל־געפֿאַנגענע פֿון פֿאַרשיידענע שטעט. עס דערנענטערן זיך צו מיר
דריי אומבאַקאַנטע יונגע יאַטן אין די היטלען פֿון שילערס פֿון די וואַרשעווער
ייִדישע האַנטווערקער־שולעס. זיי באַגריסן זיך מיט מיר און שטעלן זיך פֿאָר:
פֿראָמזאָן, הירשביין, איסער. די ערשטע צוויי זענען מעטאַל־טאָקערס, איסער איז
אַן עלעקטראָ־טעכניק — אַ פֿאַך, אין וועלכן ייִדן זענען אין יענער צייט געווען
ווייניק באַשעפֿטיקט.

די דריי יונגע חברה געפֿינען זיך אין אָסטראָהּ שוין עטלעכע טעג און פֿון זיי
באַקום איך גענויע אינפֿאָרמאַציעס: אָסטראָהּ איז אַ צענטראַלער פּונקט. יעדן טאָג
קומען אָן אַהער טראַנספּאָרטן מיט מענטשן און יעדע עטלעכע טעג גייען פֿון דאַנען
אָפּ טראַנספּאָרטן אין פֿאַרשידענע ערטער, מייסטנס אין די קוילנגרובן. אויפֿן אָרט
געפֿינען זיך אַגענטן פֿון פֿאַרשיידענע שטעט און פֿלעצער, און צווישן די אַגענטן
גייט אָן אַ געראנגל וועגן דער צאָל און קוואַליטעט פֿון זייער לעבעדיקער סחורה.
הײַנט דאַרפֿן אָפּגיין גרעסערע טראַנספּאָרטן קיין שלעזיע צו די קוילנגרובן, קיין
זאַקסן פֿאַר די גרובן און פֿאַר דער אינדוסטריע, און אויך קלענערע טראַנספּאָרטן
צום רורגעביט און קיין וועסטפֿאַליע — פֿאַר דער אינדוסטריע. זיי זענען שוין
באַקאַנט מיט די פֿאַרהעלטענישן און ווייסן, אַז צום בעסטן זענען די אַרבעטס־באַדינ־
גונגען אין מערבֿ־דייטשלאַנד, אין רור און אין וועסטפֿאַליע. זיי האָבן באַוויזן זיך

צו פאַרבינדן מיטן אַגענט פון וועסטפאַליע און מיטן מיליטערישן ממונה און וועלן געשיקט ווערן קיין דאָרטמונד, וועסטפאַליע.

מיט דער יונגער חברה ווער איך שנעל באַפריינדט. ס'קומט צו אונדז צו אַן אומבאַקאַנטער לויטן אויסזען — אַ זייער סימפּאַטישער יונגער־מאַן אין די צוואַנ־ציקער יאָרן און שטעלט זיך פאָר אין פּויליש: בלומענקראַנץ איז זיין נאָמען. אַ געוועזענער סטודענט פון דער טעכנישער וואַועלבערג־שולע, פון פאַך אַן עלעק־טראָ־מעכאַניק פון אַ העכערער קאַטעגאָריע. מיט אים ווערן מיר שנעל היימיש און מיר באַשליסן זיך צו האַלטן צוזאַמען. איסער און בלומענקראַנץ נעמען זיך אונטער, אַז אַלע 5 זאָלן געשיקט ווערן אין איין פּלאַץ. אַ ווײַלע שפּעטער קומען זיי מיט דער פריילעכער בשורה, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג, אַלע 5 פאָרן מיר קיין דאָרטמונד אין דער גרויסער פאַבריק פון דער „אוניאָן לוקסעמבורגישע געזעלשאַפט”. זיי פאַרפעלן מיר נישט צו דערציילן וועגן די שוועריקייטן, וואָס זיי האָבן געהאַט צוליב מיר. אין מיינע פּאַפּירן איז פאַראַן אַן אָנווייז מיך צו שיקן אין די קוילנגרובן, און מיט אַ רויטן בלייער איז פאַרצייכנט: „נישט פאַרלעסלעך”. ס'האָט זיך אָבער איינגעגעבן דעם עסק צו פאַרטושן, זאָגן זיי מיר מיט אַ האַרציק געלעכטער. פאַר־שטאַנען האָב איך, אַז די געשיכטע האָט געמוזט קאָסטן אַ היפּשע מטבע. שפּעטער בין איך געוואָר געוואָרן, אַז געקאָסט האָט עס 50 מאַרק, אַ באַדייטנדיקע סומע אין יענער צייט, בפרט אין די געגעבענע באַדינגונגען, און אַז דאָס געלט פאַר דעם מיליטערישן פעלדפעבל האָט געגעבן בלומענקראַנץ פון זיין טאַש און אַנגעזאָגט איסערן מיר וועגן דעם נישט צו דערציילן.

דאָס מיטאָג אין אַסטראַה איז אָרעם: קאָלריבן (פּאַסטערנאַק) — אַ מאכל, וואָס כ'האָב מער נישט געקענט פאַרטראָגן אין דער גאַנצער צייט פון מיין פאַרברענגען אין דייטשלאַנד. און כאָטש קאָלריבן האָט געהערט צו די דייטשישע נאַציאָנאַלע מאכלים (קאָלריבן מיט שווינענביין איז געווען אַ יום־טובדיק עסן) איז מיר דער ריח פון דעם מאכל געווען אָפּשטויסנדיק און יעדעס מאָל ווען כ'בין געצוווּנגען געווען עסן קאָלריבן פלעג איך פילן, ווי כ'וואָלט געשלונגען ריצנאייל.

נאָכן מיטאָג איז פאָרגעקומען אַן אַפּעל. די אויסגערופענע האָבן זיך געדאַרפט שטעלן אין דער רייע פון דער גרופּע, צו וועלכער זיי זענען צוגעשריבן געוואָרן. איך ווער גערופן זיך צו שטעלן אין דער גרופּע, וואָס דאַרף גיין אין אַן אָרט לעבן מערזערבורג ביי דער זאַלע, אַ געגנט אין זאַקסן, וואָס איז באַקאַנט מיט אירע קוילן־אַרצגרובן און שמעלצערייען. ווי איך האָב זיך געפילט שטייענדיק אין דער רייע פון דער גרופּע, וואָס האָט געדאַרפט פאָרן קיין מערזערבורג — איז נישט שווער זיך פאָרצושטעלן. געווען בין איך זיכער, אַז איסער און בלומענקראַנץ האָבן גאָר־נישט געקענט מאַכן און אויף אַן אומדירעקטן אופן מיך צוגעגרייט צו דער צרה, וואָרנענדיק וועגן דער רויטער באַצייכענונג אויף מיינע פּאַפּירן. שטייענדיק אין מיינע געהאַקטע ווונדן, האָבן זיך צו מיין גרופּע דערנענטערט צוויי מענטשן, אַ

ציווילער און דער גראָבער פעלדפעבל. דער ציווילער האָט זיך אָנגעהויבן קריגן מיטן אָגענט פון זאַקסן. ס׳זענען דערגאַנגען צו מיר די ווערטער: „אַזאַ קוואַליפי־צירטער טאָקער איז נישט פאַר אייך". און דער פעלדפעבל האָט אַ געשריי געטאָן: „בעקערקונץ, אַרויסקומען!" און מיט אַ כּלומרשטן געבייזער מיך מיטגענומען מיט זיך צו דער גרופּע, וואָס האָט געדאַרפט אַפּגעטראַנספּאָרטירט ווערן קיין וועסטפאַליע. איך בין ווידער רעגיסטרירט געוואָרן. געקריגן אַ בלויען צעטל, אַ מין פּאַספּאָרט, און פון דער מינוט אָן בין איך געוואָרן דאָס פּריוואַטע אייגנטום פון דער פאַבריק־דירעקציע פון דער „אוניאָן לוקסעמבורגישע געזעלשאַפט" אין דאָרטמונד.

עטלעכע שעה שפּעטער בין איך מיט מיינע 4 נייע פריינד, און צוזאַמען מיט אונדז — נאָך אַ צוויי צענדלינג מענטשן, אָנגעלאָדן געוואָרן אין אַ פּאַסאַזשיר־וואַגאָן פון אַ שנעלצוג און אַפּטראַנספּאָרטירט געוואָרן קיין מערב־דייטשלאַנד, דאָרטמונד, וועסטפאַליע.

## דאָרטמונד

דאָרטמונד איז אַן אינדוסטריעלע שטאָט, דער צענטער פון דער אינדוסטריעלער פּראָווינץ פון וועסטפאַליע, מיט גרויסע פאַבריקן, שמעלצערייען און אַ וואַסערפּאָרט. די גרעסטע אינדוסטריע־אונטערנעמונג איז די „אוניאָן לוקסעמבורגישע געזעל־שאַפט", וועלכע באַשעפטיקט טויזנטער אַרבעטער — די צווייט־גרעסטע אונטער־נעמונג נאָך די „קרופּ־ווערקע" אין עסן.

אַ מיטלמעסיקע דייטשישע שטאָט. דער קלימאַט אַ מילדער. די באַפעלקערונג בדרך כּלל אַ קאַטוילישע, אַ געמיטלעכע און אַ פריינדלעכע. פאַרמאָגט אַלע אַטרי־בוטן פון אַ גרויסער מאָדערנער שטאָט: אַ נעץ פון עלעקטרישע טראַמווייען, אין שטאָט און אויסער דער שטאָט. אַ רעגולער פונקציאָנירנדיק טעאַטער, אין וועלכן ס׳ווערט געגעבן צוויי מאָל אַ וואָך אָפּערע. אַ סימפאָנישער אָרקעסטער, אַ מוזיי, אַ נעץ פון לייי־ביבליאָטעקן, אַ גרויסע צאָל פאַרוויילונג־פּלעצער, געזאַנג און ספּאָרט־פאַראיינען. אַלע מינים פּאַרטייען, פאַראיינען און געזעלשאַפטן, וואָס עקזיסטירן אין דייטשלאַנד. אַ רחבותדיקער האַנדלס־צענטער און רייך אויסגעשטאַטע קאַפעהייזער, און — אַן אָפּגעצוימטער קוואַרטאַל פון לעגאַלער פּראָסטיטוציע, מיט צוויי טויערן צום אַריינגיין און אַרויסגיין, ביי וועלכע ס׳שטייען צו צוויי שוצלייט אין זייער פולער דייטשיש פּאָליציישער גאַלאַ: מיט גלאַנציקע פּיקלהויבן, אָפּגעפּוצטע שנאַלן פון די לעדערנע פּאַסקעס און אין ווייסע הענטשקעס. גאָטספּאָרכטיקע ווייבער און מענער צעטיילן רעליגיעזע ליטעראַטור, און אינעווייניק, אין קוואַרטאַל ווערן פראַנק און פריי געפּראַוועט די אויסגעלאַסנסטע אָרגיעס. אין די באַרן און אין די קאַפעהייזער

איז די באַדינערינס איינציקע באַקליידונג אַ בלום אין די האָר און באַלעטשיכלעך אויף די פּיס. אַ זויבער ריינע און שיינע שטאָט מיט אַ סך גרינגס, פּאַרקן, סקווערן און בולוואַרן. דער געפּל פון די רויכערנדיקע קוימענס פון די פאַבריקן און שמעל־צערייען דעקט אָפּט מאָל צו מיט אַ פלאַכטע פון קאָפּעטש און סאַדזע די שיינקייטן פון דער שטאָט און שטערט די געמיטלעכקייט און זעלבסטצופרידנקייט פון די איינוווינערס.

דער טראַנספּאָרט פון די צוואַנגס־אַרבעטער איז אָנגעקומען קיין דאָרטמונד אין אַ פרימאָרגן און באַגעגנט געוואָרן פון אַ נעפּל, אַ געדיכטן רויך פון די קוימענס. און פון עטלעכע פּאָליציייער אין זייער פולער אוניפאָרעם. די גרופּע ווערט פונאַנדער־געטיילט אין עטלעכע טיילן. די גרעסטע אין צאָל ווערט דורך פאַבריק־פּאָליציי געפירט איבער די גאַסן ווי פאַרברעכערס צום וווינפּלאַץ פאַר די אַרבעטער פון דער „אוניאָן לוקסעמבורגישע געזעלשאַפט".

דאָס בילד פון דעם אָרט, וואָס דאַרף זיין מיין וווינונג־ און באַשפּייזונג־פּלאַץ האָט מיך ממש פאַרטשמיעלעט. איך בין שוין באַקאַנט געווען מיט די פאַרהעלטענישן אין די תּפיסות, און פאַרנדיק קיין דאָרטמונד האָב איך נישט געהאַט קיין אילוזיעס, אַז ס'דערוואַרט מיך דאָרט אַ מין וואַרשעווער לוקסוס־האָטעל „בריסטאָל", אָבער דאָס, וואָס כ'האָב דערזען, איז געווען קאָשמאַרנער פון אַלע מיינע פאָרשטעלונגען: אַ גרויסער פּלאַץ מיט אַ רייע באַראַקן, צונויפגעקלאַפּטע פון דינע ברעטער, ווי די וואַרשעווער ייִדישע סוכּות. אין יעדן באַראַק — פּלאַץ פאַר אַ דריי הונדערט מענטשן. אין די באַראַקן זענען אויפגעקלאַפּט פון ברעטלעך ערטער צום שלאָפן, צו צוויי און צו דריי איינער איבערן אַנדערן. אויף יעדן שלאָפפּלאַץ — אַ שעניק, אָנגעפּילט מיט הילצערנע סטרוזשקעס, אַ קישעלע מיטן זעלבן מאַטעריאַל און אַ דינע קאָלדרע. פון דער אַנדערער זייט — הילצערנע קעסטלעך אויף זאַכן, יעדעס קעסטל דאַרף באַנוצט ווערן צום וויניקסטנס פון צוויי איינוווינערס. אין מיטן באַראַק — לאַנגע הילצערנע טישן מיט בענק. געשפּייזט ווערט מען אין באַראַק צוויי מאָל אַ טאָג, פרישטיק און אָונטברויט פאַר די וואָס אַרבעטן ביי טאָג, און אָונטברויט און פרישטיק פאַר די וואָס אַרבעטן ביי נאַכט. אַ דריטער קאַלטער מאַלצייט און אַ בלעכל קאַווע ווערט מיטגעגעבן צו דער אַרבעט. די קאָסטן פאַר דער „לאָזשי" נעמט די פאַבריק־דירעקציע אַראָפּ פון די פאַרדינסטן. עטלעכע כּלומרשט אָפּגעצוימטע באַ־ראַקן זענען פאַר די פרויען־אַרבעטערינס. דער טומל אין די באַראַקן איז אָן אומ־געהייערער. די אַרבעטער געפינען זיך אונטער דער קאָנטראָל פון פאַבריק־פּאָליציי, וועלכע האָט אין די באַראַקן אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג, וואָס טראָגט דעם נאָמען „באַוואַכונגס־שטעלע", מיט אַ הויפּטמאַן בראָש. די אַרבעטער טאָרן נישט פאַרלאָזן די באַראַקן אָן אַ דערלויבעניש פון דער פּאָליציי, און די, וואָס קריגן אַ דער־לויבעניש צו באַזוכן די שטאָט, מוזן זיך אומקערן נישט שפּעטער ווי 10 אַ זייגער

אין אָוונט. דער איינציקער חילוק אין די לעבנס־באַדינגונגען פון די צוואַנגס־אַרבע־טער און פון די געפאַנגענע אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, איז דאָס רעכט צו האָבן זייער פאַרדינט געלט ביי זיך און צו טאָן דערמיט וואָס זיי ווילן: צו קויפן אין דער קאַנטינע אָדער בעת זייער דערלויבטע אויסגאַנגען אין שטאָט פון אַ נאָדל ביז אַ פלאַש בראָנפן, און צו קריגן דעם זעלבן לוין פאַר דער אַרבעט, וואָס ס׳קריגן די דייטשישע אַרבעטער.

נאָכן אָנקומען אין פאַבריק־לאַגער, קריגן מיר פרישטיק: אַ וואַסערדיקע גרויפּנ־זופּ. צוויי שטיקלעך ברויט מיט מאַרמעלאַדע און אַ טעפּל קאַווע. איך און איסער קריגן צוויי ערטער אויף אַ דריישטאָקיק בעטל און פאַר די אַנדערע פון מיינע נייע פריינד ווערן צוגעטיילט דריי בעטלעך אין אַן אַנדער באַראַק. אין פאַרלויף פון טאָג ווערן מיר באַקאַנט די באַדינגונגען פון דער אַרבעט. דער אַרבעטסטאָג איז 12 שעה, פון 6 ביז 6. דער סאַמע מינימום שׂכירות איז 40 פעניג און דער מאַקסימום איז 1 מאַרק מיט 10 פעניג אַ שעה. ביי שטיק־אַרבעט קען מען מער פאַרדינען. די אַרבעט־באַדינגונגען און די פאַרדינסטן זענען נישט קיין איינהייטלעכע. יעדע פאַבריק־אָפּטיילונג באַשטימט פאַר זיך די פּרייזן פונעם מינימום און פון דער שטיק־אַרבעט.

אין פאַרלויף פון טאָג האַלטן מיר, דאָס פינפטל, אָפּ אַ באַראַטונג, וואָס ווייטער צו טאָן. ס׳איז קלאָר, אַז דאָס וויכטיקסטע איז דאָס אַרויסקריגן זיך פון די באַראַקן אויף דער פריי.

אויף צו מאָרגנס אַרום 5 פאַר טאָג קריגט יעדער פון דער געקומענער גרופּע אַן אַרבעטספּלאַץ. איך און פראַמזאָן ווערן צוגעטיילט צו דער אָפּטיילונג, וואָס מ׳רופט „די נייע געביידע״, און אויף וויפל איך ווייס שוין, זענען די פאַרדינסטן אין דער נייער געביידע די בעסטע אין דער גאַנצער פאַבריק, און אויך די אַרבעט־באַדינגונגען זענען די בעסטע — גרויסע זאַלן מיט אַ סך פענצטער. די נייע געביידע, צו וועלכער איך בין צוגעטיילט געוואָרן, באַשטייט פון 4 שטאָק. אויפן ערשטן (פּאַרטער), געפינט זיך די שווערע מאַשינעריע: גרויסע און שווערע פּנעוומאַטישע שטאַמסן און גרויסע טאָקאַרניעס. ס׳ווערן פּראָדוצירט גרויסע רעדער, לאַנגע וואַלצן, די רערן פאַר די שווערע האַרמאַטן, די 21ער, די קוילן צו די דאָזיקע האַרמאַטן און ענלעכע אַרבעטן. דער צווייטער שטאָק איז פאַרנומען מיט פּראָדוצירן פאַרשיידענע ווערק־צייג, פון די איינפאַכסטע ביז די פּרעציזסטע, און מיט רעפּאַראַטורן. אויפן דריטן און פערטן שטאָק ווערן פּראָדוצירט פאַרשיידענע טאָקער־אַרבעטן.

פראַמזאָן ווערט צוגעטיילט צום דריטן שטאָק. אַ געוועזענער שילער פון אַ האַנטווערקער־שולע און אַ גוטער בעל־מלאכה מיט פּראַקטיק — ספּראַוועט ער זיך מיט זיין אויפגאַבע, מיט דער אַרבעט און מיטן לייענען און פאַרשטיין די צייכענונגען.

איך ווער צוגעטיילט צום פערטן שטאָק, באַקום אַ דרייפערטלדיקע פּאָציאָנגאָ־ווע טאָקאַרניע, וואָס די דייטשן רופן „שפּינדל־דרייבאַנק״, אַ צייכענונג, עטלעכע שטיקלעך רוי־מאַטעריאַל — און כ׳בלייב שטיין אַ געפּלעפטער, ווייס נישט, וואָס

כ׳האָב צו טאָן. אויף קיין שפּינדל־דרייבאַנק האָב איך פריִער נישט געאַרבעט און די תּורה און די שריפט פון אַ צייכענונג איז מיר לגמרי אומבאַקאַנט. מיין שטיין און גאַרנישט טאָן ציט אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט. אַרום מיין דרייבאַנק פאַרזאַמלען זיך עטלעכע אַרבעטער, דער פאָרמאַן פריטשע, דער מייסטער שניידער, און ס׳קומט אויך צו דער שעף פון דער אָפּטיילונג — דער אינזשעניר ליפּערט, אַ יונגער, הויכער און שיינער בלאָנדער שגץ אין די צוואַנציקער, אַ פאַרוווּנדיקטער אין דער מלחמה — און זיי רעדן צווישן זיך וועגן דעם נייעם „רוסע״. מ׳פרעגט מיך פאַרשיידענע פראַגעס. דער סוף איז, אַז ליפּערט גיט אַ פאַראָרדענונג דעם מייסטער און דעם פאָרמאַן מיך אַריינצופירן אין דער אַרבעט. אין פאַרלויף פון עטלעכע טעג וועל איך הימישער מיט דער דרייבאַנק און כ׳וועל צוגעטיילט צו באַדינען צוויי אַנדערהאַלבן־מעטערדיקע, נייע און מאָדערנע טאָקאַרניעס, ביי וועלכע איך דאַרף אַרבעטן אין ביי טאָג און אין וואָך ביי נאַכט. די אַרבעט איז אויף שטיק, און מיט דער הילף פון מיינע שכנים, פון מייסטער, פון פאָראַרבעטער און פון אינזשעניר וועל איך אויך הימיש מיט דער שפּראַך פון די בלויע צייכענונגען און ספּראַווע זיך נישט שלעכט מיט דער אַרבעט.

דאָס קוריאָזע איז דאָס, וואָס איך ווי אַ פאַכמאַן, די ערגסטע קאַליקע פון דעם פינפטל, וועל דער גרעסטער פאַרדינער. פראַמזאַן און איסער דערגייען צו 90 פעניג אַ שעה, הירשביין צו 70, בלומענקראַנץ, וועלכער ווערט מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער אַריבערגעפירט אין טעכנישן אָפּטייל, קריגט די גרויסע שׂכירות פון 1 מאַרק מיט 40 פעניג אַ שעה — און איך פאַרדין אַרום 2 מאַרק אַ שעה. בעת דער נאַכטאַרבעט גיב איך זיך אַן עצה צו שלאָפן עטלעכע שעה אין איינעם פון די ווינקלען פון דער גרויסער פאַבריק־געביידע. ווי זאָגט אַ פאָלקסווערטל? „דער ערגסטער הונט קריגט דעם בעסטן ביין״.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער זענען מיט אַ פרישער פּאַרטיע אָנגעקומען צוויי באַקאַנטע פון וואַרשע: גוטמאַן, אַ מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג פונעם יידישן מעטאַל־פאַראיין און קאַסירער פון צענטראַל־ביוראָ פון די פּראָפעסיאָנעלע בראַנזשע־פאַראיינען, און מיכאַיל, אַן אַנאַרכיסט, אַ מענטש מיט בילדונג און וויסן, וועלכער איז צוליב אומבאַקאַנטע סיבות, געווען באַשעפטיקט ביי באָסאַקעס. אין זיין „כּתיבה״ (פאַלשער פּאַספּאָרט) איז ער פאַרצייכנט געווען ווי אַ שלאָסער און ווי אַזעלכער — אָפּגעשיקט געוואָרן קיין דאָרטמונד. פון דעם פינפטל איז אַזוי אַרום געוואָרן אַ זיבעטל.

דאָס פּראָבלעם פון אַרויסקריגן זיך פון די באַראַקן און ווערן אַ פרייער אַרבעטער, ווערט מיט יעדן טאָג שאַרפער. אינדיווידועל און בעת דעם צונויפקום פונעם זיבעטל טראַכט מען פאַרשיידענע תּחבולות און פּלענער. די ערשטע געלעגנהייט אַרויסצוקומען מיט אַזאַ פאָדערונג איז געקומען מיטן באַזוך אין די באַראַקן פון

דאָרטמונדער ראַבינער, ד״ר יאַקאָבי (איך גלייב אַז כ׳מאַך נישט קיין טעות מיטן נאָמען) און פון זיין פרוי.

אין דעם קאַנטינע־באַראַק געפינט זיך אַן אָפּגעצוימט שטיקל פּלאַץ, וואָס דינט ווי אַ קירכע. די אַן ערך 2000 צוואַנגס־אַרבעטער, דערונטער אַ 300 פרויען, פון פאַרשיידענע לענדער, ווערן באַדינט פון צוויי גייסטלעכע, אַ קאַטוילישן און אַ פּראָטעסטאַנטישן. וויינאַכט איז דער גאָטעסדינסט געפּראַוועט געוואָרן אויפן אָפּע־נעם פּלאַץ פון די באַראַקן. יידישע אַרבעטער געפינען זיך אַן ערך אַ 100 אין צאָל. די מייניסטע פון זיי זענען גראָד באַשעפטיקט אין דער שמעלצעריי — ביי די אויוונס, פאָרמעס און וואַלצערייען — אַן אַרבעט, אַ געפערלעכע פאַרן געזונט און מייניסטנס אַ שלעכט באַצאָלטע. טייל האָבן שוין באַוויזן קראַנק צו ווערן אויף טובערקולאָז און אַנדערע קראַנקייטן. דעם ראַבינערס באַזוך האָט געהאַט פאַר אַ ציל אויך די יידישע אַרבעטער צו באַזאָרגן מיט רעליגיעזער באַדינונג.

בעת זיין באַזוך האָט דער ראַבינער צונויפגערופן די אָנוועזנדיקע יידישע אַרבע־טער אין איינעם פון די באַראַקן און געהאַלטן פאַר זיי אַ דייטשיש־פּאַטריאָטישע און יידיש־קלעריקאַלע דרשה. ער האָט צוגעזאָגט צו שאַפן אַ ווינקל, וואָס זאָל דינען פאַר אַ שול צום דאַוונען, און צו באַזאָרגן אַלעמען מיט תּפילין, און מיט טליתים פאַר די באַווייבטע.

די חברים פון זיבעטל שטופן מיך צו נעמען אַ וואָרט. מיין רעדע איז אַ היציקע און אַ פאַרביטערטע. דער תּמצית: דער ראַבינער זאָל זיך בעסער פאַרנעמען מיט דער מיצווה פון פּדיון־שבֿוים און זען מ׳זאָל די יידישע אַרבעטער דערלויבן צו וווינען אויף דער פריי, צו באַזאָרגן בעסערע מעדיצינישע הילף די קראַנקע יידישע אַרבעטער, די שוואַכע באַפרייען פון דער געפערלעכער אַרבעט אין די שמעלצערייען — און נישט קומען פּרעדיקן פרומקייט, באַשיידנקייט און געטרייע אַרבעט פאַרן מלחמה־געברויך.

די רעדע מיינע האָט דעם ראַבינער אַרויסגעבראַכט פון די כּלים. זיין ענטפער איז געווען אַ שאַרפער און אַ צאָרנדיקער. ער האָט באַצייכנט מיין רעדע ווי אַ מוסטער פון טיפּישער חוצפּה פון אַן אָסטיידישן יונגלינג און אָפּגעפרעגט מיין רעכט צו רעדן אין נאָמען פון די יידישע אַרבעטער, וועלכע געפינען זיך אין די באַראַקן. אַ צאָרנדיקער האָט ער פאַרלאָזט דעם באַראַק. מען האָט מיר אָנגעהויבן מאַכן פאַר־וווּרפן פאַר מיין שאַרפן און נישט טאַקטפולן אַרויסטריט. אַ ווילדע שפּעטער איז דער ראַבינער מיט זיין פרוי צוריקגעקומען. דעם ראַבינערס פרוי האָט מיט וואַרעמע ווערטער באַרויקט די פאַרזאַמלטע, געבעטן אַז אויב ס׳קען ווער רעדן אַ בעסערן דייטש, זאָל ער פאָרמולירן די פאַרלאַנגען וואָס מיין רעדע האָט אַנטהאַלטן. בלומענ־קראַנץ האָט עס פאָרמולירט אין אַ רייע פּונקטן מיט דעם הויפּטפּונקט: פועלן ביי דער געהעריקער מאַכט, מ׳זאָל אַרויסלאָזן די יידישע אַרבעטער פון די באַראַקן אין פּריוואַטע וווינונגען. נאָך בלומענקראַנצס רעדע האָט דעם ראַבינערס פרוי פאַרגע־

לייגט, אַז דעם קומענדיקן זונטיק זאָלן בלומענקראַנץ, איך און נאָך איינער זי באַזוכן אין איר וווינונג, כּדי גענויער אַרומצורעדן אַלע ענינים. אויב מיר וועלן נישט קענען קומען, וועט זי קומען צו אונדז אין די באַראַקן.

איידער מיר זענען געגאַנגען אָפּשטאַטן אַ וויזיט דעם ראַבינערס פרוי, האָט דאָס זיבעטל זיך באַראָטן, וואָס פאַר אַ סטראַטעגיע מיר זאָלן אָנווענדן און וואָס פאַר אַן אַרגומענטן מיר זאָלן באַנוצן פאַר אונדזער פאַרלאַנג פאַר אַ פרייער וווינונג. נאָך לאַנגע און היציקע דעבאַטעס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז אין אַלע פאַלן און מיט יעדן איינעם, מיט וועמען ס׳וועט אויסקומען צו רעדן און צו פאַרהאַנדלען וועגן אונדזערע ענינים, זאָל די האַלטונג זיין ווי פון ווערדיקע מענטשן, און די אַרגומענטן זאָלן זיין, אַז אין די קאָנטראַקטן מיט דער „אוניאָן לוקסעמבורגישע געזעלשאַפט״, וואָס מיר האָבן נישט לייענענדיק אונטערגעשריבן, שטייט געשריבן, אַז מיר זענען געקומען אַרבעטן לויט פרייען ווילן און דעריבער האַלטן מיר, אַז מיר האָבן דאָס רעכט זיך אויסצוקלייבן אַ וווינונג און צו באַשפּייזן לויט אונדזער ווילן, שטאַנד און מאַטעריעלע מעגלעכקייטן; אַז אין די באַראַקן לעבן מיר ווי הינט אין אַ שטייג. ווי מענטשן, וועלכע דער גורל האָט געבראַכט אין דעם ציוויליזירטן דייטשלאַנד, ווילן מיר זיך נישט אויסלעבן מיט דער פלאַש בראָנפן, אין האַזאַרדשפּילן, אָדער אין רעזערוואַט פאַר פּראָסטיטוציע, נאָר ווילן געניסן פון דער דייטשישער ציוויליזאַציע און קולטור.

דעם קומענדיקן זונטיק זענען גוטמאַן, בלומענקראַנץ און איך אַוועק אין דער וווינונג פון ראַבינער. דעם ראַבינערס פרוי האָט אונדז גוט אויפגענומען און פאַרגעלייגט כּיבוד. מיר האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו געניסן פונעם כּיבוד, מיטן מאָטיוו אַז מיר, ווי מענטשן, געפינען זיך נישט מיט איר אין קיין גלייכער פּאָזיציע: זי איז אַ פרייער מענטש און מיר — פּאַקטישע שקלאַפן. ערשט דאַן ווען מיר וועלן צוריק־קריגן די עלעמענטאַרסטע מענטשלעכע רעכט, דאָס רעכט זיך אויסצוקלויבן אַן אָרט צום שלאָפן און צו עסן לויטן אייגענעם ווילן, וועט קענען זיין אַ רייד וועגן געניסן פון איר פערזענלעכער פריינדשאַפט. די דערקלערונג מיינע האָט אויף דער אידעלער און הויך געבילדעטער פרוי געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. אויסהערנדיק מיין שילדערונג וועגן די באַדינגונגען פונעם לעבן אין די באַראַקן, האָט זי זיך צעוויינט און צוגעזאָגט צו טאָן אַלץ, וואָס ס׳איז מעגלעך אונדזערע ווונטשן זאָלן דערפילט ווערן.

נאָך דער באַגעגעניש מיטן ראַבינער און זיין פרוי האָט דאָס זיבעטל אָנגעהויבן צו זוכן אויך אַנדערע ערטער ווו זיך צו ווענדן נאָך הילף. די אַנדערע ערטער זענען געווען דער מעטאַל־פאַראיין, דער „פאַרשטאַנד״ (אָנפירונג, קאָמיטעט) פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע, די רעדאַקציע פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער טאָגצייטונג, און דער ציוניסטישער יידישער קולטור־פאַראיין.

געשען איז דאָס אַלץ אויף אַזאַ אופן:

געאַרבעט האָב איך אַן אייגן געצייג, דאָס נייטיקע געצייג האָב איך געבאָרגט ביי די שכנים. נאָכן באַקומען די ערשטע שׂכירות האָב איך געבעטן ביי איינעם פון מיינע שכנים, אַן עלטערן דייטשישן אַרבעטער, ער זאָל גיין מיט מיר קויפן דאָס נייטיקע געצייג: אַ שטאָלענעם צאָלשטאָק, צוויי צירקלען, אַן אויסנוויינוקסטן און אַן אינעווייניקסטן, אַ שופלערע און אַ מיקראָמעטער. כ׳האָב אָבער געדאַרפט האָבן אַ דערלויבעניש צו פאַרלאָזן דעם באַראַק אין פאַרלויף פון עטלעכע טעג — אין דער צייט פון נאָכטאַרבעט — צו קאָנען איינקויפן דאָס נייטיקע געצייג. כ׳האָב זיך געווענדט צום מייסטער. ער האָט די ווענדונג איבערגעגעבן צום אינזשעניר און דער אינזשעניר ליפּערט איז מיט מיר אַוועק צום דירעקטאָר פון דער אָפּטיילונג. אויסהערנדיק מיין בקשה און די אונטערשטיצונג פון ליפּערטן, האָט ער געהייסן דער סעקרעטאַרין אָנשרייבן אַ בריוו צו דער וואַכשטעלע. אין דעם בריוו האָט די סעקרעטאַרין געשריבן, אַז דער הויפּטמאַן פון דער וואַכשטעלע זאָל מיר אַרויסגעבן אַ דערלויבעניש אַרויסצוגיין ביי טאָג פון די באַראַקן צו יעדער צייט, וואָס כ׳וועל געפינען פאַר נייטיק. ער האָט אָפּגעשטעמפּלט דעם בריוו און געגעבן דעם דירעקטאָר אונטערצושרייבן. ווען כ׳האָב געבראַכט דעם בריוו צום הויפּטמאַן, האָט ער זיך געוווּנדערט צוליב דער אָריגינעלער ווענדונג, טעלעפאָנירט און באַקומען אַן ענטפער דעם בריוו פּאָזיטיוו צו דערליידיקן. דער הויפּטמאַן האָט מיר געגעבן אַ געהעריקן פּאָליציייִשן פּאַסירשיין און כ׳האָב געקריגן אַ מעגלעכקייט זיך פריי צו באַוועגן אין שטאָט ביז 10 אין אָוונט.

מיט גוטמאַנען בין איך אַוועק אין „געווערקשאַפט־הויז", אַ בנין אין וועלכן ס׳האָבן זיך געפונען די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, די אינסטיטוציעס פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע און די רעדאַקציע פון דער טאָגצייטונג. מיר האָבן זיך דערשלאָגן צום פאָרזיצער פון מעטאַל־פאַראיין, דערציילט, אַז מיר זענען מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג פונעם מעטאַל־פאַראיין און פון צענטראַל־ביוראָ פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין וואַרשע, און פאַרלאַנגט מ׳זאָל אונדז און אויך אַנדערע אַרבעטער אָננעמען פאַר מיטגלידער פון פאַראיין. זיין ענטפער איז געווען, אַז די מלחמה־רעגולאַציעס פאַרווערן אָנצונעמען פאַר מיטגלידער אַרבעטער פון די אָקופּאַציע־געביטן.

ווען מיר האָבן אים דערציילט וועגן די באַדינגונגען פון לעבן אין די באַראַקן און אונדזער פאַרלאַנג צו קריגן דאָס רעכט פון פרייער וווינונג אין שטאָט, איז זיין ענטפער געווען, אַז אַזוי לאַנג ווי די פאַבריק־דירעקציע קומט נאָך דעם אָפּמאַך צו צאָלן די געקומענע דעם זעלבן פּרייז וואָס ס׳קריגן די דייטשישע אַרבעטער, קען דער פאַראיין נישט אונטערנעמען קיין שום אינטערווענץ. ער איז אָבער גרייט צו דערלויבן אַ טייל פון די אַרבעטער אָנוועזנדיק צו זיין אויף די פאַראיין־אימפּרעזעס, פאַרזאַמלונגען און פאַרווייַלונגען, און צום סוף געראָטן מיט אונדזערע ענינים זיך צו ווענדן צום פאַרשטאַנד.

אין ביוראָ פון פאַרשטאַנד האָט אונדז אויפגענומען איינער פון די פאַרשטאַנד־מיטגלידער. מיר האָבן דעם געגאָסע דערציילט, אַז מיר זענען מיטגלידער פונעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישן יידישן אַרבעטער־בונד אין וואַרשע, איבערגעחזרט אונ־דזער שילדערונג וועגן דעם לעבן אין די באַראַקן און אונדזער פאַרלאַנג פון פרייער וווינונג. אויך זיין ענטפער איז געווען, אַז דער פאַרשטאַנד קען אין דעם פאַל גאָרנישט ניט טאָן און געגעבן אונדז, און די וועלכע מיר וועלן רעקאָמענדירן, דאָס רעכט בייצוווינען די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פאַרטיי־פאַרזאַמלונגען.

פון פאַרשטאַנד זענען מיר אַוועק אין דער רעדאַקציע פון דער סאָציאַל־דעמאָ־קראַטישער טאָגצייטונג, די „דאָרטמונדער אַרבעטער־צייטונג". דער רעדאַקטאָר, אַ געוועזענער דרוקער־אַרבעטער, אַ שיידעמאַנער, אַ נאַר וואָס צוריקגעקומענער פון מיליטער־דינסט אין דער מיליטערישער אַדמיניסטראַציע אין איינעם פון די שטעטלעך אין ווייסרוסלאַנד, האָט אונדז אויפמערקזאַם אויסגעהערט, זיך פאַראינ־טערעסירט מיטן פונקט פונעם קאָנטראַקט, אַז מיר זענען געקומען אַרבעטן מיט פרייען ווילן, און צוגעזאָגט, אַז אויב ער וועט קענען, וועט ער אונדז העלפן. עטלעכע טעג שפּעטער האָט זיך אין דער „דאָרטמונדער אַרבעטער־צייטונג" און אין דעם אָרגאַן פון דער קאַטוילישער צענטער־פּאַרטיי באַוויזן אַ נאָטיץ, אין וועלכן ס'איז געפּרעגט געוואָרן דער דירעקציע פון דער „אוניאָן לוקסעמבורגישע געזעלשאַפט" און די פּאָליצייישע באַהערדן, פאַר וואָס זיי זאָלן נישט זיין גרויסמוטיק אין דערלויבן די פרייוויליק־געקומענע אַרבעטער צו וווינען אין נאָרמאַלע באַדינגונגען און געניסן פון דער דייטשישער קולטור און ציוויליזאַציע. אין די נאָטיצן זענען באַנוצט געוואָרן געוויסע פון אונדזערע אַרגומענטן.

האָבנדיק אַ פרייען אַרויסגאַנג אין שטאָט בין איך געוואָר געוואָרן וועגן דער עקסיסטענץ פון אַ ציוניסטישן קולטור־פאַראיין, אין וועלכן די מיטגלידער זענען כמעט אַלע מיזרח־יידן, וועלכע האָבן אַ מאָל זיך געהאַט באַזעצט אין דאָרטמונד, און אַז די אָפיציעלע פירערשאַפט באַשטייט פון דייטשישע יידן מיט אַ רעכטס־אַנוואַלד (אַדוואָקאַט) בראָש, אַ באַשעפטיקטער אין פּאָליציי־פּרעזידיום און ער האָט דעם טיטול „געהיימראַט".

אין איינעם אַ שבת אין אָוונט זענען מיר, אַ גרעסערע גרופּע, אַוועק אין לאָקאַל פון פאַראיין. גוטמאַן און מיכאל, צוויי עלטערע און רעפּרעזענטאַטיווע מענטשן, האָבן פאַרגעלייגט אונדזערע פאַרלאַנגען פאַר די פאַרזאַמלטע. גוטמאַנס און מיכאלס ווענדן זיך ווי יידן צו יידן און מיין שילדערונג פונעם לעבן אין די באַראַקן האָבן נישט פאַרפעלט צו האָבן זייער ווירקונג אויף די אַמאָליקע אָסטיודען. פון אַלע זייטן האָט מען זיך געווענדט צום געהיימראַט, אַז ער זאָל אָנהייבן עפּעס צו טאָן.

די איניציאַטיוו פונעם זיבעטל איז נישט פאַרבליבן קיין סוד. אויך אַ רייע נישט־יידן: פּאָליאַקן, ליטווינער, ווייסרוסן, האָבן זיך אָנגעהויבן ווענדן צום זיבעטל נאָך עצות און נאָך הילף אין פאַרשיידענע ענינים — מ'זאָל אויך אין זיי נישט פאַר־

געסן און זיי העלפֿן אַרויסקריגן זיך פֿון די באַראַקן. דאָס זיבעטל איז געוואָרן אַן אינסטיטוציע.

קורץ און גוט — נאָך עטלעכע וואָכן פֿאַרשיידנאַרטיקע השתּדלותן, האָבן גוטמאַן, בלומענקראַנץ און איך באַקומען אַן איינלאַדונג זיך צו מעלדן אין פּאָליציי־פּרעזידיום. אין דער באַשטימטער צייט האָבן מיר אין דער געבײַדע געטראָפֿן דעם ראַבינערס פֿרוי און דעם געהיימראַט, און זיי זענען אַנוועזנדיק געווען בעתן פֿאַרהער פֿונעם פּאָליציי־פּרעזידענט. בלומענקראַנץ האָט מיט זײַן גוטער דײַטשישער שפּראַך פֿאָרמולירט אונדזערע פֿאַרלאַנגען. דער פּאָליציי־פּרעזידענט האָט זיך אָבער מיט זײַנע פֿראַגן געווענדט דירעקט צו מיר: „איר זענט דער פֿירער פֿון די אָסטיודען און פֿון אײַך וויל איך די ענטפֿערס". איך האָב אויף זײַנע פֿראַגעס געענטפֿערט אין מײַן בעסטן דײַטש, און דאָס, וואָס ער האָט נישט פֿאַרשטאַנען, האָט אים בלומענקראַנץ קלאָרער געמאַכט. באַזונדערס פֿאַראינטערעסירט האָט דעם פּאָליציי־פּרעזידענט מײַנס אַן אַרגומענט, אַז מיטן וווינען אין פּריוואַטע וווינונגען וועלן די פּראָדוקציע־פֿעיִקייטן פֿון די געקומענע אַרבעטער זײַן אַ סך בעסערע; אַז פֿון די באַראַקן קומען די אַרבעטער צו דער אַרבעט מידע, אויפֿגערייצטע און נישט ווי געהעריק באַשפּײַזטע אַפֿילו לויט די אַנגענומענע מלוכישע באַשפּײַזונג־ראַציעס. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז דער פּאָליציי־פּרעזידענט האָט צוגעזאָגט דעם ענין צו באַהאַנדלען און צו געבן אַן ענטפֿער.

אַראָפּגייענדיק פֿונעם פֿאַרהער, האָט די פֿרוי פֿון ראַבינער און דער געהיימראַט אונדז אינסטרויִרט, ווי אַזוי ווײַטער צו האַנדלען, פֿאַרגעלייגט, אַז די אַרבעטער זאָלן זיך ווענדן צו די דירעקטאָרן פֿון די באַזונדערע צעכן, און די דירעקטאָרן זאָלן זיך ווענדן צום פּאָליציי־פּרעזידיום מיט אַ ביטע, אַז זייערע אַרבעטער זאָל דערלויבט ווערן זיך אײַנצואָרדענען אין פּריוואַטע וווינונגען. זייער מאָטיוו איז געווען, אַז אונדזערע פֿאַרלאַנגען קענען אין מיניסטער, אין דער אַדמיניסטראַטיווער הויפּט־קוואַרטיר פֿונעם מערב־פֿראָנט, באַטראַכט ווערן ווי אַן אָרגאַניזירטער אַנטי־מלחמה־אַקט. דאַקעגן אַזאַ מין ווענדונג מצד די פֿאַבריק־דירעקטאָרן און אַ מאָטיווירונג, אַז דאָס וועט זײַן לטובֿת דער פּראָדוקציע, וועט האָבן אַ גוטע פּעולה.

מיר האָבן דעם פּלאַן איבערגעגעבן די ייִדישע און אַ געוויסע צאָל נישט־ייִדישע אַרבעטער. אין פֿאַרלויף פֿון עטלעכע טעג האָט דאָס פּאָליציי־פּרעזידיום דערהאַלטן בקשות פֿון די פֿאַבריק־פֿאַרוואַלטערס צו דערלויבן די באַשעפֿטיקטע אין זייערע צעכן צו דינגען זיך פּריוואַטע וווינונגען. וואַרשײַנלעך זענען די פֿאַבריק־דירעקטאָרן געווען צופֿרידן צו באַקומען פֿון זייערע אַרבעטער אַזעלכע ווענדונגען און נישט געמאַכט קיין שוועריקייטן ביים אָננעמען די ווענדונגען. געווען זענען בלויז איינצלנע פֿאַלן פֿון אַן אָפּזאָג מצד די דירעקטאָרן זיך צו ווענדן צום פּאָליציי־פּרעזידיום לטובֿת געוויסע אַרבעטער.

דער אונטערנעמער פֿון דער קאַנטינע האָט זיך דערוווּסט וועגן אונדזערע

באמיונגען און אַנגעהויבן קלאַפּן טרעװאָגע וועגן דעם אומגליק, וואָס ס׳וועט טרעפן דער באַפעלקערונג אין פאַל ווען די „שפּיץ־בובן״ (גנבים) פון אָסטען וועלן זיך קענען פריי באַוועגן אין שטאָט. זיינע אינטערווענצן ביי דער מאַכט, און זיינס אַ דערקלערונג אין דער פּרעסע וועגן די באַקוועמלעכקייטן אין דעם סעפּאַרירטן ווינ־פּלאַץ און די גוטע באַשפּייזונג, וואָס ער גיט די אים אונטערליגנדיקע אַרבעטער, זענען געקומען צו שפּעט. די הויפּטקוואַרטיר אין מינסטער האָט שוין געהאַט איבער־געשיקט אירס אַ באַשלוס, אַז זי איז נישט קעגן דעם, אַז די „פּרייוויליקע״ געקומענע אַרבעטער פון אָסטען און פון איטאַליע (נישט די פראַנצויזן און בעלגיער) זאָלן מעגן וווינען אין פּריוואַטע דירות. דאָס פּאָליציי־פּרעזידיום אין דאָרטמונד איז באַ־פולמעכטיקט צו האַנדלען אין יעדן באַזונדערן פאַל, ווי זי געפינט פאַר נייטיק.

איך בין אַרויסגערופן געוואָרן אין פּאָליציי־פּרעזידיום. איך דאָס מאָל זענען מיט מיר מיטגעגאַנגען דעם ראַבינערס פרוי און דער געהיימראַט. אַ באַאַמטער האָט מיר דערקלערט, אַז די יעניקע, וועגן וועלכע ס׳האָבן זיך געווענדט אָדער ס׳וועלן זיך ווענדן די פאַבריק־דירעקטאָרן, וועלן נאָכן שאַפן זיך דירות קענען אַרויסגיין פון די באַראַקן, און מיר מיטגעטיילט די פּאָליצייִשע רעגולאַציעס, וואָס וועלן זיין גילטיק: נישט ווייניקער ווי 3 מענטשן אין אַ דירה; פון 11 אין אָוונט ביז 5 פאַר טאָג מוז מען זיך געפינען אין די וווינונגען אָדער אויפן אַרבעטפּלאַץ, אין אויסנאַמפאַלן וועט די פאַבריק־פּאָליציי געבן באַזונדערע דערלויבענישן; יעדע 2 וואָכן זיך מעלדן אין דעם געגעבענעם פּאָליציי־באַצירק; נישט אַרויספאָרן פון דאָרטמונד אָן אַ ספּעציעלער דערלויבעניש — און אַ רייע אַנדערע רעגולאַציעס. אין עטלעכע טעג שפּעטער איז אַן ענלעכע מיטטיילונג געהאַנגען אין די פאַבריק־אָפּטיילונגען און אין די באַראַקן.

די ידיעה, אַז מ׳וועט קענען פאַרלאָזן די באַראַקן און וווינען אין פּריוואַטע דירות, האָט אַרויסגערופן גרויס פרייד. אין פאַרלויף פון עטלעכע וואָכן האָבן עטלעכע הונדערט אַרבעטער פאַרלאָזט די באַראַקן. פון די ייִדישע אַרבעטער זענען, צוליב פאַרשיידענע סיבות, געבליבן אין באַראַקן־לאַגער בלויז עטלעכע אַרבעטער.

דאָס אַריבערגיין אין פּריוואַטע וווינונגען האָט דער שטאָט דאָרטמונד געגעבן אַ סך הכנסה. צענדליגער וווינונגען, וועלכע די מענער האָבן פאַרלאָזן צוליבן מיליטער־דינסט, זענען פאַרדונגען געוואָרן. אַ גרויסע צאָל דייטשישע און אויך עטלעכע ייִדישע פאַמיליעס האָבן פון זייערע וווינונגען געמאַכט „לאָזשי־הייזער״ אויף וווינען און באַשפּייזן.

דער פּרעצעדענס אין דאָרטמונד האָט געהאַט אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג אין וועסט־פאַליע און אין רורגעביט, און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַן עקזאָדוס פון טויזנטער פון די מיט צוואַנג געבראַכטע אַרבעטער פון די באַראַקן אין פּריוואַטע דירות, און מעגלעך געמאַכט, ספּעציעל פאַר די ייִדישע אַרבעטער, צו אַנטוויקלען אַ געזעל־שאַפטלעכע און קולטור־טעטיקייט.

ייִדן זענען געבענטשט מיט הומאָר, מיטן שאַפן אַפאָריזמען, גלייכווערטלעך און שפּאַסן אין אַלע באַדינגונגען פון זייער לעבן. אויך דאָס באַפרייען זיך פון די ייִדישע אַרבעטער פונעם באַראַקן־לאַגער האָט געשאַפן שאַרפע ווערטלעך און געפעפערטע וויצן. מ׳האָט דאָס גערופן אַ צווייטע יציאת־מצרים, אַן אַרויסגייען מעבדות לחירות (וואָס איז אין אַ געוויסער מאָס געווען אמת). דאָס זיבעטל האָט מען גערופן די סנהדרין, מיך האָט מען גערופן יהושע בן נון. אויף מיינס אַ פראַגע פאַר וואָס ס׳קומט מיר אַזאַ נאָמען, איז דער ענטפער געווען: „יהושע בן נון האָט צעשמעטערט די מויערן פון דער פעסטונג יריחו מיט שאַלן פון אַ שופר, און איר האָט געעפנט די טויערן פון די באַראַקן מיט — זידלען דעם ראַבינער״...

## פאַקטן און עפּיזאָדן

די אַקציע, און דער דערפאָלגרייכער אויסגאַנג פון דער אַקציע צו באַפרייען די אַרבעטער פונעם באַראַקן־לאַגער, האָט סטימולירט צו וויטערדיקע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן.

דאָס זיבעטל האָט ווייטער אָנגעהאַלטן זיין צוזאַמענבונד און אַקטיווקייט.

דער ערשטער שריט פאַר דער ווייטערדיקער טעטיקייט איז געווען דאָס צוּ־אייגענען זיך אַ רייך־אויסגעשטאַט קאַפעהויז אויף איינער פון די פּרינציפּיעלע גאַסן ווי אַ רעזידענץ פאַרן זיבעטל. דאָס קאַפעהויז האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ צונויפקום־פּלאַץ פאַר די ייִדישע אַרבעטער און פאַר אַ רייע נישט־ייִדישע אַרבעטער, וועלכע האָבן זיך געקלאַמערט אַרום דעם זיבעטל.

אַ טעטיקייט האָט זיך אויך אַנטוויקלט אַרום דעם ציוניסטישן קולטור־פאַראיין. ווען מיר זענען, נאָך אונדזער פאַרלאָזן די באַראַקן, געקומען צום ערשטן מאָל אין אַ גרויסער צאָל אויף אַ צונויפקום אין דעם פאַראיין, זענען מיר אויפגענומען געוואָרן מיט שׂימחה. די צאָל פון די באַטייליקטע פון די געקומענע אַרבעטער אין די צונויפקומען איז אָבער געווען אַ סך גרעסערע ווי פון די פאַראיין־מיטגלידער, און דאָס האָט פאַרשטערט די שׂימחה פון די פאַראיין־מנהיגים.

דאָס צוזאַמענלעבן האָט לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. מיינע אַנטי־ציוניסטישע און אַנטי־דייטש־ייִדישע פּאַטריאָטישע רעדעס האָבן צעשטערט די פאַרגליווערטע אייני־היט. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ דיפערענציאַציע. טעלעכע האָבן זיך דערקלערט פאַר פּועלי־ציון און געהאַט טענות צו דער דייטש־ייִדישער פירערשאַפט. ס׳האָבן זיך אַנטפּלעקט אייניקע בונדיסטן פון „צו האַוזע״, ביי וועמען ס׳האָבן אויפגעלעבט זייערע בונדישע סענטימענטן. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז פונעם ציוניסטישן פאַראיין זענען אַוועק כמעט אַ העלפט מיטגלידער: די בונדיסטן, די פּועלי־ציון און

די אומפּאַרטייִשע ייִדישיסטן, און צוזאַמען מיט די געקומענע אַרבעטער האָבן זיי געשאַפן דעם „ייִדישן אַרבעטער־קולטור־פּאַראײן״.

די מיטגלידערשאַפט פונעם „ייִדישן אַרבעטער־קולטור־פּאַראײן״ איז געווען אַ גאַנץ אַנזעעוודיקע — איבער אַ הונדערט מיטגלידער. די פאַרוואַלטונג איז געווען אַן אינטעליגענטע און אַ טיכטיקע — דאָס זיבעטל אין פּולן באַשטאַנד און 6 מיט־גלידער פונעם ציוניסטישן פּאַראײן: צוויי פּועלי־ציון, דריי בונדיסטן און איינער אַן אומפּאַרטייִשער ייִדישיסט. פון די פּועלי־ציון געדענקט זיך איינער אַ גאַליציאַנער מיטן נאָמען הערמאַן פּראָפּער, פון די בונדיסטן — שמואל ראַפּאָפּאָרט, אַ געוועזענער טעקסטיל־אַרבעטער אין לאָדזש, איינער פון די לאָדזשער ראשונים פון בונד, און ווי אַ טוער אין לאָדזש באַקאַנט מיטן נאָמען שמואל פּאַפּע. פון אים האָב איך צום ערשטן מאָל געהערט וועגן דער ראָל און טעטיקייט פון די צוויי בונדישע לעגענדאַרע פיגורן: שמאַי קרימקאָפּ און חימל פּראָפעסאָר (מיט דעם לעצטן האָב איך זיך שפּעטער באַגעגנט אין דייטשלאַנד), איסאַק רײַנפעלד, אַן אינזשעניר און לובע ציטריניאַק, אַ ליטוואַטשקע, פאַרענדיקט אין רוסלאַנד אַן אַקושערין־שולע. ראַפּאָ־פּאָרט איז געוואָרן דער פאָרזיצער, הירשביין — דער סעקרעטאַר.

דער ייִדישער קולטור־פּאַראײן האָט געפירט אַ גאַנץ אינטענסיווע טעטיקייט: רעפעראַטן, קעסטל־אָוונטן, באַזוכן די אייגנטימלעכקייטן פון דער שטאָט, און אַ געוויסע קעגנזײַטיקע הילפאַרבעט.

גלײַכצײַטיק מיטן קאַמף אין ציוניסטישן פּאַראײן און דעם שאַפן פון „ייִדישן אַרבעטער־קולטור־פּאַראײן״ איז געשאַפן געוואָרן אַ בונדישע גרופּע. די גרופּע איז באַשטאַנען פון 16 מענטשן — 6 אָרטיקע און 10 פון די געקומענע אַרבעטער. גוטמאַן און איך זענען געווען אַקטיוו ביים שאַפן די בונדישע גרופּע.

מיטן דערשײַנען פון די „לעבענס־פראַגען״ האָט די בונדישע גרופּע געקריגן אַ באַדײַטנדיק פעלד פאַר איר טעטיקייט. דאָס פאַרשפּרייטן די וואָכנשריפט און דאָס זאַמלען פאָנדן האָט צוגענומען אַ סך צײַט און ענערגיע. דער „ייִדישער אַרבע־טער־קולטור־פּאַראײן״ איז געווען די באַזע פאַר דער דאָזיקער אַרבעט. כ׳קען דרייסט פעסטשטעלן, אַז דאָרטמונד האָט דערהאַלטן די גרעסטע צאָל עקזעמפּלאַרן — חוץ בערלין — פון וועלכער ס׳איז אַנדערע שטאָט אין דייטשלאַנד און געשיקט די גרעסטע סומע פאַרן פאָנד אויפצוהאַלטן די וואָכנשריפט. איך בין געוואָרן דער דאָרטמונדער קאָרעספּאָנדענט און געשיקט רעגולערע קאָרעספּאָנדענצן, וואָס זענען געדרוקט געוואָרן אונטערן נאָמען „הערשל״ און אונטער אַנדערע פּסעוודאָנימען. און כאָטש בונדיסטן אין דער פאַרוואַלטונג פונעם „ייִדישן אַרבעטער־קולטור־פּאַראײן״ זענען געווען 5 קעגן 8: 3 פּ.פּ.ס.־לעוויצע, 2 פּועלי־ציון, 2 אומפּאַרטייִשע, און אַן אַנאַרכיסט, און אין דעם זיבעטל — 2 קעגן 5 — האָבן די בונדיסטן געלייגט זייער חותם אויף דער אַרבעט און דער „ייִדישער אַרבעטער־קולטור־פּאַראײן״ איז סיי אין דאָרטמונד און סיי אין וואַרשע באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ בונדישער פלאַצוווקע.

דאָס אַנטשטיין פון „יידישן אַרבעטער־קולטור־פאַראיין" און פון דער בונדישער גרופּע האָט געהאַט אַן אָפּקלאַנג אויסער די גרענעצן פון דאַרטמונד. פון פאַרשיידענע שטעט האָט מען זיך אָנגעהויבן ווענדן וועגן אָנווייזונגען ווי אַזוי צו שאַפן קולטור־פאַראיינען, וועגן איינשטעלן בונדישע פּאַרטיי־גרופּעס, וועגן רעפערענטן. דער „יידישער אַרבעטער־קולטור־פאַראיין" און די בונדישע גרופּע זענען געוואָרן אַ מין צענטער פאַר די שטעט אין וועסטפאַליע און אין רורגעביט.

דער „צענטער" האָט געטאָן דאָס מעגלעכסטע, כּדי די כּלערליי ביטעס צו דער־פילן. ווי משולחים זענען אין די פאַרשיידענע שטעט אָפּט געפאָרן: ראַפּאָפּאָרט, ריינפעלד, לובאַ, איך און דער פּועלי־ציוניסט פּראַפּער. זיי זענען געפאָרן לעגאַל און פריי, איך — לעגאַל, האַלבלעגאַל און אין די מיינסטע פאַלן — אומלעגאַל.

באַזוכט האָב איך אַ רייע שטעט, עטלעכע מאָל אַפילו צו עטלעכע מאָל. צווישן די באַזוכטע שטעט זענען אויך געווען דיסעלדאָרף, עסן, קעלן, און דאָס ווייטע באַכום. איך האָב געהאַלטן רעפעראַטן, איינגעשטעלט בונדישע גרופּעס, „לעבענס פראַגען"־קאָמיסיעס, און נישט איין מאָל געווען אויך אַ בורר און אויסגעגלייכט סיכסוכים. די פּראַכטפולע שטאָט דיסעלדאָרף האָט אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. אַ שטאַרקן איינדרוק האָט אויף מיר אויך געמאַכט דער „דאָם" — די קאַטוילישע קאַטעדרע אין קעלן. דעם טיפסטן, ממש אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק, האָט אויף מיר געמאַכט די רעזידענץ פון די קוילן־גרעבערס אין באַכום. דאָרט האָב איך געזען אַן אַנדער דייטשלאַנד: ברודיקע גאַסן, הילצערנע טראָטוואַרן, חרובע נידעריקע הייזקעס. דער עלנט האָט ממש געריסן די אויגן.

האַרצרייסנדיק איז געווען מיין ערשטע באַגעגעניש מיט דער גרופּע יידישע קוילן־גרעבערס אין זייער וווין־ און אַרבעטפּלאַץ הינטער באַכום. פאַרזאַמלט האָבן זיך אַ דריי צענדלינג יידישע קוילן־גרעבערס, מיינסטנס אָפּשטאַמיקע פון לאָדזש און לאָדזשער געגנט, אַ סך פון זיי — זייער אינטעליגענטע. די אַרבעט אין די קוילן־גרובנס האָט אָבער שוין געהאַט באַוויזן צו לייגן אַ סטיגמע אויף די דאָזיקע מענטשן. די שווערע אַרבעט און דאָס מאָנאָטאָן־לאַנגווייליקע לעבן האָט זיי געזעל־שאַפטלעך דעמאָראַליזירט. אַ סך זענען אַוועק אויפן וועג פון שיכּרות און זנות, האָבן פאַרבראַכט די פרייערע צייט אין די בירהאַלעס, אין די ביליקע וואָדעוויל־טעאַטערלעך און אין די שאַנדהייזער פון באַכום. ווען כ'האָב מיט יאָרן שפּעטער געלייענט די דערציילונגען פונעם ענגלישן שרייבער קראָנין וועגן דעם לעבן פון די ענגלישע קוילן־גרעבערס אין די שטעטלעך פונעם קוילן־גרובן־ראַיאָן האָב איך געהאַט פאַר זיך קאָפּיעס פון די בילדער, וואָס כ'האָב געזען בעת מיין ערשטן באַזוך ביי די יידישע קוילן־גרעבערס הינטער באַכום.

מיין באַזוך, דער רעפעראַט און די דיסקוסיעס האָט די גרופּע יידישע קוילן־גרעבערס אויפגעוועקט פון אַ גייסטיקער לעטאַרגיע. די דערהאַלטענע „לעבענס־פראַגען" און די טעטיקייט לטובת דער וואָרכנשריפט האָט זיי געזעלשאַפטלעך

רעאַקטיוויזירט. דער געשאַפּענער „ייִדישער אַרבעטער־קולטור־פאַראיין״ אין באָכום האָט ווי אַ מאַגנעט צו זיך געצויגן די אַרבעטער פון די קוילן־גרובנס און פון די גיסערייען אין באָכום און פון דער געגנט אַרום באָכום.

בעת מיין שפּעטערדיקער טעטיקייט אין בונד און אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פּוילן האָב איך אין פאַרשיידענע שטעט אין פּוילן זיך באַגעגנט מיט אַ טייל פון די געוועזענע קוילן־גרעבערס אין ראַיאָן פון באָכום און די באַגעגענישן זענען תּמיד געווען פאַרבונדן מיט האַרציקער פרייד.

פון דער טעטיקייט פון „ייִדישן אַרבעטער־קולטור־פאַראיין״ אין דאָרטמונד זענען געבליבן אין זכּרון צוויי עפּיזאָדן: דער ערשטער סדר פּסח 1916 און די קבורה פון בערנאַרד איסער.

ס׳האָט זיך אונטערגערוקט דער פּסח פון 1916. די פּסח־באַשפּייזונג און די סדרים זענען געוואָרן אַן אַקטועלער פּראָבלעם פונעם רוב פון די מיט צוואַנג גע־בראַכטע ייִדישע אַרבעטער אין דאָרטמונד. אין פּריוואַטע שמועסן און אויף פאַרשיי־דענע צוזאַמענקומען האָבן אַרבעטער אויפגעהויבן די פראַגע: וואָס וועט זיין מיט פּסח?

דער ענין פּסח איז באַהאַנדלט געוואָרן אויף אַ זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג פון „ייִדישן אַרבעטער־קולטור־פאַראיין״. איך און פראַמזאָן זענען אַרויסגעטראָטן קעגן דעם, אַז דער פאַראיין זאָל זיך פאַרנעמען מיטן דאָזיקן ענין. אונדזער מאָטיוו איז געווען, אַז דער פאַראיין איז אַ וועלטלעך־סאָציאַליסטישע קולטור־ליטעראַרישע געזעלשאַפט און דאַרף זיך נישט פאַרנעמען מיט קיין רעליגיעזע ענינים פון זיינע מיטגלידער. די קעגן־מאָטיוון זענען געווען, אַז דער פאַראיין איז פּאַקטיש די רע־פּרעזענטאַנץ פון די אַרבעטער אין דאָרטמונד און דאַרף זיך פאַרנעמען מיט אַלע ענינים פון זיינע מיטגלידער; אַז פּסח איז נישט נאָר אַ רעליגיעזער יום־טוב, נאָר אויך אַ יום־טוב פון פרייהייט. מיט 10 קעגן 2, ביי איין אָפּגעהאַלטענעם (הירשביין), איז באַשלאָסן געוואָרן נאָכצוקומען די ווענדונגען פון דער גרויסער צאָל מיטגלידער און זיי צו באַזאָרגן מיט מצות און סדרים, די יעניקע, וועלכע וועלן דאָס פאַרלאַנגען. ס׳איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ קאָמיסיע פון 5, וואָס זאָל זיך פאַרנעמען מיטן ענין פּסח. אויך איך בין אַריין אין דער קאָמיסיע.

ביים צוטרעטן רעאַליזירן דעם באַשלוס פון דער פאַרוואַלטונג, האָט די קאָמיסיע זיך באַגעגנט מיט אַ רייע פאַקטן, וואָס האָבן נישט געקענט איגנאָרירט ווערן: דער געמיינדע־ראַט האָט באַשלאָסן צו באַזאָרגן מיט פּסחדיקע שפּייז די געקומענע אַר־בעטער און וועגן דעם געלאָזט וויסן דורך מעלדונגען אין די פאַרשיידענע פאַבריק־אָפּטיילונגען. ער האָט זיך אויך געווענדט צו דער פאַבריק־דירעקציע וועגן באַפרייען פון אַרבעט אין די סדרים־נעכט די אַרבעטער, וואָס האָבן גראַד געדאַרפט אַרבעטן נאַכטשיכט. בעת דער ציוניסטישער פאַראיין האָט דאַן באַשלאָסן איינצואָרדענען

סדרים פאַר די געקומענע יידישע אַרבעטער. נאָך מיפּולע פאַרהאַנדלונגען איז מען געקומען צו אַן אויסגלייך: דער „יידישער אַרבעטער־קולטור־פאַראיין" אָרדנט איין דעם ערשטן סדר לויט אַלע מזרח־אייראָפּעיִשע טראַדיציעס; די געמיינדע באַזאָרגט מיט מצות און באַשפּייזונג אין די טעג פון פּסח די יעניקע, וועלכע וועלן זיך ווענדן צו דער קאָמיסיע; דער ציוניסטישער פאַראיין אָרדנט איין דעם צווייטן סדר. די קאָמיסיע האָט אויך געהאַט באַשלאָסן, אַז יעדער איינער, וואָס וועט זיך באַטייליקן אין סדר, מוז באַצאָלן דעם טייל פון די קאָסטן, וואָס ס׳מאַכט אויס אויף זיין חלק, די רעגיסטראַציע זאָל פאַרענדיקט ווערן צוויי וואָכן פאַר פּסח, און אַז נאָכן פאַרענדיקן דעם טראַדיציאָנעלן סדר־צערעמאָניאַל, זאָל פאַרקומען אַ המשך פונעם יום־טוב אויף אַ וועלטלעכן אופן: מיט רעדעס וועגן פּסח ווי אַ יום־טוב פון באַפרייונג, מיט געזאַנג, און אויב מעגלעך — אויך מיט טענץ.

צום ערשטן סדר זענען געקומען אַלע יידישע אַרבעטער, וועלכע האָבן זיך דאַן געפונען אין דאָרטמונד, איבער הונדערט אין צאָל, און דער רוב פון די אָרטיקע מיטגלידער פון פאַראיין מיט זייערע פאַמיליעס. געקומען זענען אויך די נאָטאַבלען פון דער יידישער געמיינדע מיטן ראַבינער און זיין פרוי בראָש, און אויך אַ צאָל תּושבים, אַסימילירטע יידן, וועלכע זענען גערן געווען צו זען ווי די אָסטיודען פּראַווען אַ פּסחדיקן סדר. געקומען איז אויך אַ פאַרטרעטער פון דער פאַבריק־דירעקציע און אַ פאַרטרעטער פון פּאָליציי־פּרעזידיום. צוזאַמען האָבן זיך אין דעם ערשטן סדר באַטייליקט אַרום 200 פּערזאָן.

דער טראַדיציאָנעלער צערעמאָניאַל איז דורכגעפירט געוואָרן אויף אַן אימפּאָנירנדיקן אופן. אָפּגעריכט דעם סדר האָט איינער פון די געקומענע פאַבריק־אַרבעטער, אַ רעליגיעזער ייד און אַ גוטער מנגן, מיטן נאָמען שבתי וואָלאָנסקי, אַ געוועזענער מעכאַניק פון שערעשעווסקיס פּאַפּיראָסן־פאַבריק אין גראָדנע. אויך די טעכנישע זייט: לאָקאַל, באַשפּייזונג און בלומען איז דורך די אָרטיקע מיטגלידער פון פאַראיין, מיט שמואל ראַפּאַפּאָרט און לובאַ זאָלאָטניצקאַ בראָש, צוגעגרייט געוואָרן אויפן בעסטן אופן.

נאָכן אָפּזינגען דעם „דיינו", האָט זיך אָנגעהויבן דער וועלטלעכער טייל פונעם אָוונט. ראַפּאַפּאָרט און איך האָבן גערעדט וועגן פּסח ווי דער יום־טוב פון באַפרייונג, און אין מיין רעדע האָב איך אַריינגעשמוגלט אַקטועלע ענינים: די מלחמה, די באַפרייונג פון באַראַקן־לאַגער, און די האָפענונג פאַר אַ פרייער און גערעכטער וועלט. פאָלקסלידער און פרייהייטלידער זענען געזונגען געוואָרן, מען האָט געטאַנצט און זיך משׂמח געווען, און צום סוף האָט דער עולם זיך געלאָזט אין אַ חסידיש ריקודל.

דער סדר האָט אויף די אָנוועזנדיקע געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. באַזונדערס שטאַרק באַאיינדרוקט זענען געווען די דייטשישע יידן. צום ערשטן מאָל זענען זיי געווען אָנוועזנדיק אויף אַן אימפּרעזע פון אָסטיודען. דער צערעמאָניאַל, די מאכלים,

און באַזונדערס די ווערדיקע ציוויליזירטע האַלטונג פון די אָסטיודישע געקומענע אַרבעטער, האָט זיי ממש געפּלעפּט. זיי זענען געקומען זען עפּעס אַ ווילדן ספּעק־טאַקל, און אַוועקגעגאַנגען זענען זיי אונטערן רושם פון ייִדישער און מענטשלעכער גייסטיקער דערהויבנקייט.

אויך אין שטאָט איז דער איינדרוק געווען אַ שטאַרקער. די דירעקציע פון דער „אוניאָן לוקסעמבורגישע געזעלשאַפט" האָט צוגעשיקט צום ייִדישן אַרבעטער־קולטור־פאַראיין אַ דאַנק און אַ לויבבריוו פאַר איינאָרדענען דעם אָוונט פאַר די ייִדישע פאַבריק־אַרבעטער. אין געמיינדע־בלאַט האָט איינער פון די נאָטאַבלען אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל, אין וועלכן די סופּערלאַטיוון, איינער גרעסער פון דעם אַנדערן, האָבן פאַרנומען דעם גרעסטן טייל. אויך די אַרטיקע פּרעסע האָט דעם סדר געווידמעט אַ סך פּלאַץ. איינער פון די שרייבערס האָט זיך פאַרנומען מיט מוסרן די געקומענע נישט־ייִדישע אַרבעטער פאַר זייער אַרט פאַרברענגען אין דער צייט פון אַ קריסטלעכן יום־טוב, און געראָטן זיך לערנען פון די ייִדישע אַרבעטער.

דער פּרעסטיזש פון „ייִדישן אַרבעטער־קולטור־פאַראיין" האָט זיך אַ הייב געטאָן אין אַלע קרייזן פון דער שטאָטישער געזעלשאַפטלעכקייט. אויף די באַגעגע־נישן פונעם פאַראיין האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן פּנימער פון ייִנגערע דייטשישע ייִדן. די אַלטע תּושבים האָבן זיך אָנגעהויבן באַציִען מיט מער רעספּעקט צו זייערע אָסטיודישע ברידער. גוטמאַן, איך, בלומענקראַנץ און אַנדערע זענען פאַרבעטן געוואָרן צו באַזוכן אַ רייע דייטש־ייִדישע תּושבים און נאָטאַבלען. דער ערשטער סדר פון פּסח 1916, איינגעאָרדנט פון „ייִדישן אַרבעטער־קולטור־פאַראיין", איז געווען אַ וויכטיק געשעעניש אין לעבן פון די מיט צוואַנג געבראַכטע ייִדישע אַרבעטער קיין דאָרטמונד, אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין דער קעגנזייטיקער דערקענ־טעניש פון די דאָרטמונדער דייטשישע ייִדן און די מיזרח־ייִדן.

אין יולי 1916 איז דער יונגער בערנאַרד איסער אומגעקומען פון אַן אומגליק־צופאַל ביי דער אַרבעט. ביים פאַרריכטן אַן עלעקטרישן קאַבעל איז ער געטראָפן געוואָרן פון אַ שאָק פון אַ הויכן עלעקטרישן וואָלטאַזש און אויפן אָרט געהרגעט געוואָרן.

אומגליקפאַלן, טויטע און פאַרוווּנדעטע, זענען אין דער ריזיקער פאַבריק פון דער „אוניאָן לוקסעמבורגישע געזעלשאַפט" נישט געווען קיין נייעס. די ידיעה וועגן דעם טויט פון אַן עלעקטריק־אַרבעטער האָט נישט געצויגן קיין באַזונדערע אויפ־מערקזאַמקייט צווישן די אַרבעטער פון מיין אָפּטיילונג. איסער איז צוגענומען גע־וואָרן אין מאָרג, מען האָט געפּאַלמעסט און איבערגעפירט דעם מת אויפן ייִדישן בית־עולם, די ייִדישע געמיינדע זאָל אים מקבר זיין.

קומענדיק פאַר נאַכט פון דער אַרבעט האָט די ווירטין, ביי וועלכער איך האָב געוווינט, מיר איבערגעגעבן אַ פאַרמאַכט בריוול. דאָס בריוול איז געווען פון ראַ־

בינערס פרוי, געשיקט מיט אַ ספּעציעלן שליח. זי האָט מיטגעטיילט אַז ביי נאַכט קומט פאַר די קבורה פון אַ יידישן אַרבעטער מיטן נאָמען בערנאַרד איסער, און אַז די געמיינדע איז באַאויפטראָגט געוואָרן מקבר צו זיין דעם מת אויפן שטילסטן אופן. זי ווייסט, אַז איסער איז מיינער אַ לאַנדסמאַן און אַ פּערזענלעכער פריינד, דעריבער לאָזט זי מיר וויסן וועגן דער קבורה און בעט צו פאַרניכטן דאָס בריוול און קיינעם נישט צו דערציילן וועגן דעם, וואָס זי האָט מיר געלאָזט וויסן.

גוטמאַן און מיכאַיל, מיט וועלכע איך האָב געוווינט אויף איין דירה, און איך האָבן זיך אַ לאָז געטאָן איבער דער שטאָט מיטצוטיילן אַנדערע וועגן דעם טויט און דער קבורה פון בערנאַרד איסער, אָנגעזאָגט אַליין צו קומען און אויך מודיע זיין אַנדערע צו קומען אויפן בית־עולם. דאָס אומגעריכטע באַווייזן זיך פון אַ גרע־סערער צאָל מענטשן אויפן בית־עולם האָט אַרויסגערופן שטוינונג ביי די געמיינדע־מענטשן. דאָס באַווייזן זיך פון עטלעכע צענדלינג אַרבעטער נאָך דער „שפּער־שטונדע" פאַר די געקומענע אַרבעטער, האָט אַרויסגערופן אַ ווילדן צאָרן ביי דער פאַבריק־פּאָליציי, וועלכע האָט אַסיסטירט ביי דער קבורה.

פון טהרה־שטיבל ביז צום קבר האָבן די מיטה געטראָגן די מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג פונעם „יידישן אַרבעטער־קולטור־פאַראיין" און עטלעכע פון זיינע נאָענטע פּערזענלעכע פריינד. דער ראַבינער האָט געמאַכט אַ שטיקל הזכּרה, דער שמש פון שול האָט געזאָגט קדיש, אָבער אַנשטאָט פונאַנדערצוגיין זיך האָבן מיך עטלעכע הענט אַ הייב געטאָן אויף זייערע אַקסלען. פון מיין רעדן האָט אַרויס־געוויינט דער פּערזענלעכער צער און דער וויטיק פון די, וועלכע זענען געקומען צו דער לוויה. נאָך מיין רעדע האָט אַ דונער געטאָן דאָס ליד: „ברידער, מיר האָבן געשלאָסן אויף לעבן און טויט אַ פאַרבאַנד".

די דעמאָנסטראַציע ביי בערנאַרד איסערס קבר האָט געהאַט אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג אין שטאָט און אויך נאָכוויינט.

אין דער „דאָרטמונדער אַרבעטער־צייטונג", האָט זיך באַוויזן אַ נאָטיץ וועגן טויט און קבורה פונעם יונגן בערנאַרד איסער, אין וועלכן ס'איז געווען אַן אָנצו־הערעניש, אַז דער טויט האָט געקענט אויסגעמיטן ווערן ווען די פאַבריק־דירעקציע וואָלט באַזאָרגט די אַרבעטער פון דער קאַטעגאָריע אַרבעט מיט געהעריקע געצייג און מיט די נייטיקע פאַרהיטונג־מיטלען. אין דער בירגערלעכער פּרעסע זענען געמאַכט געוואָרן פאַרוואָרפן די געקומענע אַרבעטער פאַר זייער חוצפּה נישט אויס־צופאָלגן די פּאָליציי־רעגולאַציעס און מאַכן אין מיטן דער נאַכט נישט דערלויבטע דעמאָנסטראַציעס. אויך דער יידישער געמיינדע און דער פּאָליציי זענען געמאַכט געוואָרן פאַרוואָרפן פאַר דערלאָזן נישט דערלויבטע און שאַדנדיקע דעמאָנסטראַציעס.

אַ קורצע צייט נאָך דער קבורה בין איך אַרויסגערופן געוואָרן צום געמיינדע־ראָט. דער ראַבינער האָט מיך באַהאָגלט מיט פאַרוואָרפן פאַר אָרגאַניזירן דעם אָנטייל פון אַ גרויסער צאָל מענטשן און פאַר דער דעמאָנסטראַציע אויפן בית־עולם. ער

האָט נישט פאַרפעלט אַ סטראַשע צו טאָן, אַז דאָס פאַרגעקומענע קען האָבן פאַר מיר און אויך פאַר אַנדערע פאַטאַלע רעזולטאַטן.

דער „ייִדישער אַרבעטער־קולטור־פאַראיין" האָט אויף דער בייזער רעאַקציע פון דער פרעסע און פון דער ייִדישער געמיינדע געענטפערט מיט אַ באַשלוס צו מאַכן אַ זאַמלונג פאַר אַ מצבה, וואָס מען וועט שטעלן צו די שלושים און בעתן אויפדעקן די מצבה — מאַכן אַ דעמאָנסטראַציע מיט קרענץ, לענטעס און רעדעס. ווי רעדנער זאָלן אַרויסטרעטן דאָרטמונדער תּושבים: דער אינזשעניר ריינפעלד, לובאַ ציטריניאַק און דער פּועלי־ציוניסט פּראָפּער.

די געלטזאַמלונג איז אַדורך מיט אַ גרויסן דערפאָלג. אין פאַרלויף פון עטלעכע טעג איז געזאַמלט געוואָרן מער ווי ס'איז נייטיק געווען צו דעקן די קאָסטן פון אַ פאַסיקער מצבה און פון די בלומענקרענץ. צו די שלושים איז אויפגעדעקט געוואָרן די מצבה. זי האָט אָבער נישט געהאַט דעם אויפשריפט, וואָס מיר האָבן געוואָלט געבן. דער טעקסט האָט געמוזט צענזורירט ווערן דורך דער ייִדישער געמיינדע און באַשטעטיקט ווערן דורכן פּאָליציי־פּרעזידיום. ס'זענען פאַרווערט געוואָרן רעדעס און דאָס לייגן לענטעס מיט אויפשריפטן.

אין „ייִדישן אַרבעטער־קולטור־פאַראיין" איז נאָכן אויפדעקן די מצבה אָפּגע־האַלטן געוואָרן אַ הזכּרה־פאַרזאַמלונג. די ריירנדיקסטע פון אַלע רעדעס זענען געווען די פּשוטע ווערטער פון אַ יונג דייטשיש מיידל, אַ שילערין, די טאָכטער פון דער ווירטין פון דער וווינונג ווו איסער, פראַמזאָן און הירשביין האָבן געוווינט.

פון דעם יונגן ברויזנדיקן און פון אַלעמען געליבטן בערנאַרד איסער איז גע־בליבן אַ קליין בערגל ערד מיט אַ מצבה אויפן דאָרטמונדער ייִדישן בית־עולם. צי געפינט זיך נאָך די מצבה אויפן דאָזיקן בית־הקברות? האָבן די נאַצי־יונגען אין דער קריסטאַל־נאַכט און אין די אַנדערע נעכט און טעג פון זייער בעסטיאַלישער ממשלה אין דייטשלאַנד נישט צעשטערט די דאָזיקע מצבה מיט די מצבות פון אַנדערע ייִדן? צי עקסיסטירט נאָך בכלל דער דאָרטמונדער ייִדישער בית־עולם?

אין דאָרטמונדער געווערקשאַפטס־הויז בין איך געוואָרן אַן אָפטער איינגייער. איך האָב אויסגענוצט די רעכט בייצוווינען די אונטערנעמונגען פון די פּראָפעס־יאָנעלע פאַראיינען און די פאַרזאַמלונגען פון דער דאָרטמונדער סאָציאַל־דעמאָקראַ־טישער אָרגאַניזאַציע, — די רעכט וואָס דער פאַרזיצער פונעם מעטאַל־פאַראיין און אַ מיטגליד פון סאָציאַל־דעמאָקראַטישן פאַרשטאַנד האָבן מיר געגעבן בעת מיין ערשטן באַזוך אין געווערקשאַפטס־הויז.

פון אַ באַזונדערן אינטערעס זענען פאַר מיר געווען די דייטשישע געווערק־שאַפטן. געזעלשאַפטלעך, אַ קינד פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, און אַן אַרבעטער פון באַרוף, בין איך נייגעריק געווען צו קענען און פאַרשטיין די סטרוק־טור און דעם מעכאַניזם פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען — די סאַמע וויכטיקסטע

אָרגאַניזאַציע אין טאָגטעגלעכן לעבן פונעם אַרבעטער. איך האָב נישט דורכגעלאָזן קיין געלעגנהייט צו באַזוכן די עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען און אונטערנעמונגען פון די פּראָפּאַראַיינען און נישט געשעמט זיך צו קומען מערערע מאָל אין בנין פון די געווערקשאַפטן, שטעלן די פירנדיקע באַאַמטע פראַגעס און פאַרלאַנגען פון זיי אינפאָרמאַציעס.

אָבער נישט ווייניקער האָט מיך אינטערעסירט דאָס לעבן פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע און כ'האָב נישט דורכגעלאָזט קיין געלעגנהייט צו באַזוכן די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פאַרטיי־פאַרזאַמלונגען.

דער צושטאַנד פון דער דאָרטמונדער אָרגאַניזאַציע איז געווען אַזאַ: ביז מיין פאַרלאָזן דאָרטמונד אין האַרבסט 1916, איז די אָרגאַניזאַציע געווען נאָך אַן איינהייטלעכע. די רעדאַקציע איז געלעגן אין די הענט פון די שיידעמאַנער. דער הויפּט־רעדאַקטאָר, ווי שוין דערמאָנט, אַ געוועזענער דרוקער־אַרבעטער, איז געווען איינער פון די רעכטסטע און אַן אַלטער רעוויזיאָניסט. אין פאָרשטאַנד האָבן די שיידעמאַנער געהאַט אַ מערהייט פון איין שטימע. דער רייכסטאַג־אָפּגעאָרדענטער (דעפּוטאַט, זיין נאָמען ליידער פאַרגעסן. איך געדענק בלויז, אַז ער האָט געהאַט דעם טיטול דאָקטאָר) איז געווען אַן אָפּאָזיציאָנער, אַן „אומאָפּהענגיקער" סאָציאַל־דעמאָקראַט. די מיטגלידערשאַפט איז אין איר מערהייט געווען אָפּאָזיציאָנעל געשטימט. די מערסטע האָבן גראַוויטירט צו די „אומאָפּהענגיקע", איינצלנע האָבן זיך אידענטיפיצירט מיט דער גרופּע „אינטערנאַציאָנאַלע", וועמענס גרינדער ס'זענען געווען ראָזאַ לוקסעמבורג, קאַרל ליבקנעכט, פראַנץ מערינג, קלאַראַ צעטקין, ד"ר לעווי און אַנדערע. פון אָט דער גרופּע איז שפּעטער אַנטשטאַנען דער „ספּאַרטאַקוס־בונד", און נאָך דער רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד — די „קאָמוניסטישע פּאַרטיי דויטשלאַנדס".

מיט אַ סך אינטערעס האָב איך זיך צוגעהערט צו די רעדעס אויף די פּאַרטיי־פאַרזאַמלונגען, צו די פּריוואַטע שמועסן און מחלוקתן צווישן די פּאַרטיי־מיטגלידער און זיך צוגעקוקט צו די מאַכינאַציעס פון אַ טייל רעכטע פירערס מיטן רעדאַקטאָר בראָש.

פון מיינע פאַרבינדונגען מיט דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע אין דאָרטמונד זענען אין מיין זכרון פאַרבליבן צוויי עפּיזאָדן: מיינער אַן אַרויסטריט און אַ געלטזאַמלונג.

אויף איינער פון די פאַרזאַמלונגען האָבן די שיידעמאַנער מיט פוריע אַטאַקירט קאַרל ליבקנעכטן, וועלכער האָט זיך געפונען אין תּפיסה. איך האָב אין אַ לאַנגער רעדע פאַרטיידיקט און געשטיצט ליבקנעכטן און אַטאַקירט זיינע קעגנערס. נישט קיין סך האָבן די צוהערערס פאַרשטאַנען פון מיין רעדע. מיין דייטשישע שפּראַך איז נאָך נישט געווען פאַר קיין עפנטלעכן אַרויסטריט, און דער היציקער אופן פון רעדן און די זשעסטיקולאַציעס האָבן נאָך מער געשטערט צו פאַרשטיין, וואָס כ'האָב געזאָגט. דער רעדאַקטאָר וועלכער, ווי שוין דערציילט, האָט געדינט אין דער

דייטשישער מיליטערישער אַדמיניסטראַציע אין אַ שטעטל אין ווייסרוסלאַנד, און פאַרשטאַנען אַ סך פון די ייִדישלעכע אַקצענטן פון מיין רעדע, האָט דעם אינהאַלט פון מיין רעדע קאָנדענסירט איבערגעגעבן די פאַרזאַמלטע אויף אַ קאָרעקטן אופן. ווען ער האָט פאַרענדיקט, איז דער גרעסטער טייל פון די פאַרזאַמלטע אויפגעשפּרונגען פון די ערטער און מיט די קופּלעס פון ביר אין די הענט אַ דונער געטאָן אַ דרייפאַכיקן „האָך" פאַרן „רוסישן" גענאָסע.

די אָוואַציע איז פאַר מיר געווען אומדערוואַרט, און, וואָס זאָל איך לייקענען? געוואַרעמט מיין געמיט. כ'בין געוואָרן אַ היימישער צווישן די לינק־געשטימטע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי־מיטגלידער. איך בין באַזאָרגט געוואָרן מיט ליטעראַטור פון די „אומאָפּהענגיקע" און געוואָרן אַ סיסטעמאַטישער לייענער פון דער „לייפּציגער פאָלקסצייטונג". די עטלעכע אָנהענגערס פון „אינטערנאַציאָנאַלע" פּלעגן מיך פון צייט צו צייט באַזאָרגן מיט אַן עקזעמפּלאַר פון דעם איינציקן לעגאַלן אָרגאַן פון דעם ראַדיקאַלן טייל פון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, „ברעמענער אַרבעטער־פּאָליטיק", אין וועלכן ס'האָבן אויך מיטגעאַרבעט לענין, קאַרל ראַדעק און אַנדערע באָלשעוויקעס. כ'בין אויך אָפּט פאַרבעטן געוואָרן ווי אַ גאַסט אין די הייזער פון אַ רייע לינק־געשטימטע סאָציאַל־דעמאָקראַטן.

דער צווייטער עפּיזאָד איז פאַרבונדן געווען מיט די „לעבענס־פראַגען".

אין איינעם פון זיינע בריוו האָט וויקטאָר שולמאַן אַלאַרמירט וועגן דעם שווערן פינאַנציעלן צושטאַנד פון די „לעבענס־פראַגען". די בונדישע גרופּע און די פאַרוואַלטונג פון „ייִדישן אַרבעטער־קולטור־פאַראיין" האָבן זיך פאַרנומען מיטן ענין, ווי אַזוי צו שאַפן אַ גרעסערע סומע פאַרן פאָנד פון דער וואָכנשריפט. אויף איינער פון די באַראַטונגען האָב איך פאָרגעלייגט מ'זאָל איינאָרדענען אַ בלימל אויף דער קומענדיקער גרויסער אימפּרעזע פון געווערקשאַפטס־הויז, וואָס ווערט אַראַנזשירט געמיינזאַם פון די געווערקשאַפטן און פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע. מיין פאָרשלאָג איז איינשטימיק אָפּגעוואָרפן געוואָרן ווי אַ נישט רעאַלער.

כ'בין אַוועק צום רעדאַקטאָר פון דער „דאָרטמונדער אַרבעטער־צייטונג", וועלכער האָט שוין געהאַט אַ געוויסע ידיעה וועגן דער עקזיסטענץ פון די „לעבענס־פראַגען", און אים פאָרגעלייגט מיין פּלאַן. צו באַזייטיקן וועלכן ס'איז חשד פון שווינדל, זאָלן די קאַסירערס זיין באַפולמעכטיקטע פּאַרטיי־מיטגלידער און דאָס געזאַמלטע געלט זאָל איבערגעגעבן ווערן דער רעדאַקציע אָדער דעם פאָרשטאַנד, און זיי זאָלן עס איבערשיקן דער רעדאַקציע פון די „לעבענס־פראַגען". נאָך אַן אַלזייטיקן שמועס מיטן רעדאַקטאָר זענען מיר אַוועק צום פאָרשטאַנד איבערגעגעבן דעם ענין. אין עטלעכע טעג שפּעטער האָט דער פאָרשטאַנד געגעבן זיין הסכמה.

די בונדישע גרופּע, די פאַרוואַלטונג, און אַ גרויסע צאָל פון די מיטגלידער פון „ייִדישן אַרבעטער־קולטור־פאַראיין" האָבן מיט אַ סך איפער און ענטוזיאַזם זיך

אַ וואַרף געטאָן אין דער אַרבעט, באַזאָרגט וואָס ס׳איז נייטיק געווען און ס׳איז געזאַמלט געוואָרן אַ באַדייטנדיקע סומע. אויב כ׳מאַך נישט קיין טעות, איז די געזאַמלטע סומע געווען 230 מאַרק. דאָס געלט איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם רעדאַקטאָר, דער רעדאַקטאָר האָט עס צוריקגעגעבן גוטמאַגנען און מיר, מיר זאָלן עס אַליין אָפּשיקן.

אין איינעם פון זיינע בריוו האָט מיר וויקטאָר שולמאַן געשריבן, אַז מע־דעם באַטראַכט די דאָרטמונדער געלטזאַמלונג פאַר דער עפעקטיווסטער פון אַלע באַ־קומענע געלטזאַמלונגען, און ווי אַ פונק פון דער קומענדיקער עכטער אינטערנאַציאָ־נאַלער פּראָלעטאַרישער סאָלידאַריטעט.

און נישט בלויז מיט עולם־הבא האָב איך אין דאָרטמונד געלעבט. אויך פאַר די עולם־הזהדיקע תענוגים בין איך געווען אַ גוטער קאָנסומענט און געשעפּט מיט אַ פולן לעפל פון די פּאַרגעניגנס, וואָס דאָרטמונד האָט בשעתּו געקענט צושטעלן. כ׳האָב אויסגענוצט יעדע געלעגנהייט צו באַזוכן די קולטור־אינסטיטוציעס פון שטאָט: טעאַטער־פאָרשטעלונגען, קאָנצערטן, דעם מוזיי, די געזאַנג־ און שפּיל־אימפּרעזעס פון די פאַרשיידענע געזעלשאַפטן, וואָס האָבן מיינסטנס געטראָגן אַ הוראַ־פּאַטריאָטישן און מיליטערישן כאַראַקטער.

אַ שטאַרקע הנאה האָב איך געהאַט פון זיצן אין די רחבותדיקע און רייך־אויסגעשטאַטע קאַפעהייזער און געמיטלעך שמועסן מיט באַקאַנטע ביי אַ שעלעכל מאָקאַ־קאַווע. נאָך אַ גרעסערע הנאה האָב איך געהאַט צו זיצן אַליין און זיך צוהערן צו דער מוזיק פון די קליינע און זייער גוטע אָרקעסטערס. אויך וואַרשע איז נישט אָרעם געווען מיט אַזעלכע קאַפעהייזער. אין די וואַרשעווער צוקערניעס אויף מאַר־שאַלקאָווסקע, נאָווי־שוויאַט און קראַקעווער פאָרשטאָט בין איך פריִער נישט גע־גאַנגען. קאָטליצקיס צוקערניעביים אייזערנעם טויער, וואָס כ׳פלעג אַ מאָל באַזוכן, האָט נישט געהאַט דעם כאַראַקטער פון די גרויסע פּוילישע צוקערניעס. אין דאָרט־מונד האָב איך דערפילט דעם גוטן טעם און דעם פּערזענלעכן, געזעלשאַפטלעכן און קולטורווערט פון דער דאָזיקער אַל־אייראָפּעיִשער אינסטיטוציע.

גרויס פאַרגעניגן פלעגן מיר פאַרשאַפן די אויספלוגן אויסער דער שטאָט. דאָס פאַרברענגען מיט יונגע חברה אין די וועלדער, דאָס באָדן זיך אין פּראַכטפולע אָזיערעס, דאָס שלאָפן אין ביידלעך, דאָס מאַכן און קאָכן אַליין דאָס עסן און דאָס געמיינזאַמע זינגען אין די נעכט ביי אַ ברענענדיקן שייטער — זענען געווען תענוגים, וואָס כ׳האָב פריִער קיין מאָל אין מיין לעבן נישט געהאַט.

באַזונדערס איינגעקריצט אין מיין זכרון האָט זיך די לאַנדשאַפט פון זאַלינגען און די זעווערדיקייטן פון דער „דעקעל־העלע״.

אין די אַכציקער יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט זענען אין זאַלינגען געלייגט געוואָרן רעלסן פאַר אַן אייזנבאַן. בשעת דער אַרבעט איז אַן אַרבעטער אַראָפּגעפאַלן

אין אַן ערד־עפענונג. ביים ראַטעווען דעם אַרבעטער האָבן די רעטער זיך אָנגע־שטויסן אויף טיפע היילן, און דער פּראָפעסאָר דעקעל האָט אויסגעפאָרשט אַ טייל פון די היילן און זיי געמאַכט צוטריטלעך פאַר באַזוך.

אין די טיפע היילן האָט די נאַטור אויסגעקריצט פון אַ ווייסן מאַטעריאַל געמעלן פון פלאַנצן, חיות, מענטשן און פאַרשיידנאַרטיקע פאַנטאַסטישע געוועבן — פאַר־האַנגען, טעפּעכער, וואָס די מענטשלעכע פאַנטאַזיע קען זיך דאָס גאָרנישט אויס־מאָלן.

צוויי בילדער שטייען מיר איצט, בעת כ׳שרייב די שורות, פאַר די אויגן, און עס דוכט זיך מיר, אַז כ׳קען זיי פיזיש אָנטאַפּן מיט די הענט: אַ פאָרהאַנג און אַ מענטש.

די פאָרהאַנג איבער דעם אַריינגאַנג צו אַ צווייטער הייל איז דין ווי שפּינוועבס און רייך אין פאַנטאַסטישע געמעלן, געוועבט ווי מיט גאָלדענע פעדעם. די פיגור איז די גרויס פון אַ מיטלמעסיקן מענטשן און מיט אַלע קענטיקע מענטשלעכע און מענערישע סימנים. דאָס מלבוש אויף אים איז ווי אַ גריכישער אָדער רוימישער טוניק. דער מענטש שטייט מיט אַן אויסגעשטרעקטן אָרעם ביים אַריינגאַנג פון איין הייל צו אַ צווייטער, ווי ער וואָלט וועלן מיט זיך פאַרשטעלן דעם אַריינגאַנג און נישט דערלאָזן די מענטשלעכע אינטרוזן, וועלכע שטערן זיין רו.

וויפל מאָל כ׳האָב באַזוכט די „דעקעל־העלע״ פלעג איך אַוועקגיין אַ צעשרויפּ־טער פון פאַרגעניגן און פון אַ מיסטעריעזער שרעק.

גוט איז אויך געווען מיט מיין באַשפּייזונג.

זינט די ערשטע חדשים פון מיין לערנצייט ווי אַ בעל־מלאכה ביי מיין ערשטן לערן־מייסטער מענדל לאַטאָוויטש, האָב איך אין דאָרטמונד נאָך דער באַפרייונג פון באַראַקן־לאַגער, פאַרזוכט דעם טעם פון ערשטקלאַסיקער באַשפּייזונג און הנאה געהאַט פון אַ גוטן עס־און־טרונק. קיין גרויסער טרינקער בין איך קיין מאָל נישט געווען, אָבער אַ גלעזל מאַלאַגע האָט געלאַשטשעט דעם גומען און אַ גוטער און שיין סערווירטער מאָלצייט האָט גערייצט דעם אַפּעטיט.

דאָס קריגן פּראָדוקטן אויסער די ראַציעס איז געווען מיין אויפגאַבע. דער שוואַרצער מאַרק איז אין 1916 שוין געווען אין דייטשלאַנד אַן אינסטיטוציע, מיט וועלכער די פּאָליציי האָט זיך שווער אַן עצה געגעבן, און פאַר אַזאַ פאַרשוין ווי איך, איז נישט שווער געווען פאַר גוט געלט צו קריגן די בעסטע פּראָדוקטן, און פאַרדינט האָב איך, ווי געזאָגט, נישט שלעכט. ווי אַ תּירוץ פאַר דער ווירטין פון וואַנען כ׳האָב פאַר איר די כּלערליי פּראָדוקטן, פלעג איך זאָגן, אַז כ׳קריג פּעקלעך פון דער היים, פון פּוילן, און אַז חברים טיילן זיך מיט מיר מיט זייערע דערהאַלטענע פּעקלעך.

אָבער טראָץ די אַלע פאַרגעניגנס, געזעלשאַפטלעכע און פּערזענלעכע, האָט אַ וואָרעם פון בענקשאַפט געגריזשעט דאָס געמיט, אַ כּסדרדיקע נאָסטאַלגיע צו דער מיט צוואַנג־פאַרלאָזענער וואַרשע, אַ בענקשאַפט נאָך דעם פּולבלוטיקן פּאָליטישן

און געזעלשאַפטלעכן וואַרשעווער לעבן און נאָך דער וואַרשעווער בונדישער אַר־בעטער־קיך.

גלייכצייטיק בין איך באַהערשט געוואָרן פון אַ פאַרלאַנג זיך איבערצוטראָגן קיין בערלין.

דער פאַרלאַנג צו פאַרלאָזן דאָרטמונד און צו באַזעצן זיך אין בערלין האָט מיך פאַרכאַפּט כּמעט פונעם טאָג וואָס כ׳בין אַרויס פון באַראַקן־לאַגער און זיך איינ־געאָרדנט אין אַ פּריוואַטער וווינונג. איך האָב געגלייבט און געטרוימט, אַז אין בער־לין דערוואַרטן מיך וויכטיקע געשעענישן, אַז דאָרט וועל איך ערשט קענען אויף אַן אמת צעפירן די הענט אין יעדער הינזיכט. בערלין איז פאַר מיר געוואָרן ממש אַ מאַנקאָליע, פון וועלכער כ׳האָב זיך נישט געקענט באַפרייען. בערלין איז געוואָרן די גרויסע טעמע פון מיינע שמועסן מיט חברים און פריינד. איך אַליין, און אויך מיינע פריינד, האָבן געזוכט מיטלען ווי אַזוי, פריִער איך און דערנאָך זיי, זאָלן קענען זיך אַריבערפּעקלען קיין בערלין אויף אַ לעגאַלן אופן. וואָרעם געוווּסט האָבן מיר, אַז די שטרעקע דאָרטמונד—בערלין איז אוממעגלעך דורכצומאַכן אָן די געהעריקע רייזע־דאָקומענטן.

אין איינעם אַ טאָג בין איך געשטעלט געוואָרן פאַר אַן אַלטערנאַטיוו: דער־שלאָגן זיך קיין בערלין, אָדער דערווייטערן זיך פון יעדער מין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט און צופּאַסן זיך גענוי צו אַלע פּאָליציי־רעגולאַציעס. ביי דעם אַלעמען איז געהאַנגען איבער מיין קאָפּ די געפאַר פאַרשיקט צו ווערן אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער.

די נויט איז תּמיד דער גרעסטער דערפינדער, און אין מיין נויטלאַגע איז אויך געפונען געוואָרן אַ וועג צו דערגרייכן בערלין — צו קומען בשלום צו דער דייטשי־שער מעטראָפּאָליע.

זינט דער קבורה פון בערנאַרד איסער און דער דעמאָנסטראַציע אויפן בית־עולם, איז די געפאַר צו ווערן אַרעסטירט און פאַרשיקט אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער געווען אַן אַקטועלע.

פון פאַרשיידענע זייטן זענען צו מיר דערגאַנגען וואָרענונגען וועגן דער דאָזיקער געפאַר. דעם ראַבינערס פרוי האָט אויף אַן אידעלן אופן מיר געגעבן אָנצוהערן, אַז זי איז מיין מליץ־יושר און טוט אַלץ וואָס זי קען, דער פּאָליציי־פּרעזידענט זאָל נישט אויספירן זיינע דראָונגען מיך צו פאַרשיקן אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער. אויך דער געהיימראַט, דער פאָרזיצער פונעם ציוניסטישן פאַראיין, האָט געהאַלטן פאַר זיין „יִדישן חוב" צו וואָרענען דעם שׂונא פון יודענטום און ציאָניזימוס, דעם מוסטער פון אָסטיודישער כוצפּה, וועגן מיין שלעכטן רעקאָרד אין פּאָליציי־פּרעזידיום. געוווּסט האָב איך אויך וועגן דעם אינטערעסירן זיך פון אַ פּאָליציי־באַאַמטן אין דער „אוניאָן לוקסעמבורגישע געזעלשאַפט", ווו כ׳האָב געאַרבעט, און ביי דער וויר־

טין ווו כ׳האָב געוווינט. די מיינונגען פון אינזשעניר ליפּערט און פון דער ווירטין זענען געווען לטובת מיר, אָבער די געפּאַר פאַרשיקט צו ווערן אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער איז מיט דעם נישט געוואָרן קלענער.

אין איינעם אַ נאָכמיטאָג איז אַ שוצמאַן פון דער פאַבריק־פּאָליציי געקומען אויף מיין אַרבעטפּלאַץ און מיך מיטגענומען מיט זיך. די אַרבעט־קאָלעגן און איך גופא זענען געווען זיכער, אַז כ׳בין קאַפּוט, אַז איך וועל זיך נישט אומקערן. פון דער דערפאַרונג האָבן מיר געוווסט, אַז ווען ס׳קומט אַ שוצמאַן און נעמט עמעצן אַוועק פון דער אַרבעט, איז ער אַ פאַרפאַלענער. ביז מיר האָט זיך עס געהאַנדלט וועגן מענטשן מיט אַ מיליטערישן חטא. די אַרבעט־קאָלעגן האָבן זיך מיט מיר געזעגנט מיט שטומע בליקן, און איך בין געווען זיכער, אַז דער וועג פירט אין אַ לאַגער.

אָפּגעפירט האָט מיך דער שוצמאַן אין דער מיר שוין באַקאַנטער געבײַדע פונעם פּאָליציי־פּרעזידיום. ער האָט מיך איבערגעגעבן אַן אַנדערן באַאַמטן, און יענער האָט מיך אַריינגעפירט אין דער קאַנצעלאַריע פונעם פּאָליציי־פּרעזידענט. אויפן טיש איז געלעגן אַ היפּשלעך אָנגעפּילטע טאָוולענע טעקע. דער שמועס מיט מיר איז געווען אַ קורצער: „איר זעט די טעקע? דאָ זענען פאַרצייכנט געגנוג חטאים, פאַר וועלכע איך דאַרף אייך אָרנטלעך מקיים־פּסק זיין און פאַרשיקן אין שווערסטן לאַגער. איך גיב אייך דעם לעצטן שאַנס. אויב כ׳וועל דערהאַלטן נאָך איין פּאָליציי־ראַפּאָרט וועגן אייער נישט געהעריקער אויפפירונג, איז דער פּסק אַ געחתמעטער און קיין שום שתדלנות פון געערטע דאַמען און אַפילו פון אינזשעניר ליפּערט וועלן אייך נישט העלפן״.

דער גורל איז געווען געחתמעט. פרי׳ער צי שפּעטער וועט מען מיך אַוועקשיקן אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער. מיין פאַרלאָזן דאָרטמונד איז געוואָרן אַ נויטווענדיקייט. דאָס געזיכערטסטע אָרט וואָלט געווען בערלין. אָבער ווי אַזוי קומט מען קיין בערלין?

כ׳האָב זיך געווענדט צום אינזשעניר ליפּערט און אים געבעטן מיך צו טראַנ־ספּאָרטירן אין אַ פאַבריק פון דער פירמע אין אַן אַנדער שטאָט. אַ תירוץ פאַר מיין ביטע האָב איך אָנגעגעבן, אַז כ׳האָב צרות פון אַן אַפּערע מיט אַ פרוי. דער יעקע איז נישט געווען קיין יעקישער יאָלד און ער האָט מיר געזאָגט די אמתע סיבה פון מיין פאַרלאַנג. ער האָט מיר דערציילט וועגן דער ווענדונג, וואָס ער האָט געמאַכט צום פּאָליציי־פּרעזידיום, אַז מ׳זאָל מיך נישט טשעפּען, ווייל כ׳בין נוצלעך פאַר דער פאַבריק, אַז כ׳האָב קיין מאָל נישט פאַרפעלט קיין אַרבעטשיכט אָן אַ געהעריקער באַרעכטיקונג אָדער דערלויבעניש. גלייכצייטיק האָט ער מיר דערקלערט, כ׳זאָל זיך אַרויסשלאָגן פון קאָפּ, אַז ער וועט מיך ווען ס׳איז באַפרייען פון צו אַרבעטן אין זיין אָפּטיילונג. ווען איך בין אָנגעקומען אַרבעטן בין איך נישט ווערט געווען קיין 6 פּעניג אַ שעה. זיי האָבן אַ סך אַרבעט און מי אַוועקגעלייגט צו מאַכן פון מיר אַ שטיקל בעל־מלאכה, און איצט ווען איך קום זיי צו נוץ זאָלן זיי מיך אַרויסלאָזן? נישט ביי ליפּערטן! איך וועל נישט קריגן קיין אַנטלאַסונג! און ער האָט אַ סטראַשע

געטאָן, אַז אויב כ׳וועל פּרווון סאַבאָטאַזשעווען די אַרבעט, וועט ער צוריקציִען זיין ווענדונג לטובת מיר און מיך אויסליפערן דער פּאָליציי.

נאָך פאַרשיידענע זוכענישן זענען מיינע פריינד געפאַלן אויף דער המצאה, אַז קודם־כל זאָל איך זיך אָפּרוקן פון יעדער מין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, אויפהערן צו קומען אין אַן עפנטלעכן קאָנטאַקט מיטן קולטור־פאַראיין און מיטן געווערקשאַפטס־הויז, פאַרברענגען די פרייע צייט בלויז אין דער געזעלשאַפט פון די צוויי פרויען, ביי וועלכע איך וווין, און ווען כ׳וועל פילן, אַז דער שטורעם האָט זיך אַ ביסל איינגעשטילט, באַטייליקן זיך אין אַן אויספלוג, בעטן אַ געשריבענע דערלויבעניש ביים פּאָליציי־פּרעזידיום אַרויסצופאָרן מיט דער עקסקורסיע אויסער דער שטאָט, און אַ געשריבענע דערלויבעניש פון מייסטער שניידער צו פאַרפעלן 2 טעג, אַ שבת און אַ זונטיק, ביי דער אַרבעט.

און כּך־הווה.

נאָך אַ קורצער צייט פון אַ געזעלשאַפטלעך־וועגעטירנדיק לעבן, און איבערגעבנדיק גוטמאַנען מיינע פונקציעס אַרום די „לעבעגס־פראַגען״ און די קאָרעספּאָנדענץ מיטן אויסלענדישן קאָמיטעט פון בונד אין זשענעווע, ווי דער פאַרבינדלער צווישן וואַרשע און זשענעווע (די פּערזאָן, מיט וועלכער כ׳בין געשטאַנען אין אַ קאָרעספּאָנדענץ־פאַרבינדונג אין זשענעווע, איז געווען אַנאַ רובינשטיין, די דעמאָלטדיקע פרוי פון וויקטאָר שולמאַן), האָב איך אויסגענוצט אַן אויספלוג פון אַ גרופּע דייטשישע באַקאַנטע קיין האַנאָווער. איך האָב באַקומען אַ שריפטלעכע דערלויבעניש פונעם פּאָליציי־פּרעזידיום זיך צו באַטייליקן אין דער עקסקורסיע און אַ שריפטלעכע דערלויבעניש פון מייסטער שניידער צו פאַרפעלן אַ שבתדיקן טאָג און צו קומען צו דער אַרבעט מאָנטיק אויף נאָכטשיכט. בלומענקראַנץ און מיכאַיל, מייסטערס צו פּרעפּאַרירן דאָקומענטן און צו פאַלסיפיצירן אונטערשריפטן, האָבן די דאָקומענטן ווי געהעריק באַאַרבעט — צוגעגעבן צו האַנאָווער אַ וויזיט אין בערלין, געענדערט די דאַטע פון צוריקקום קיין דאָרטמונד — און די אָפּעראַציע איז געלונגען.

איך האָב פאַרלאָזט דאָרטמונד אין אַ פרייטיק אָוונט און מיטגענומען אַ רוקזאַק מיט זאַכן. נאָכן פאַרברענגען אין האַנאָווער צוויי טעג האָב איך זיך אַרויסגעגליטשט פון מיינע מיטפאָרערס און אָפּגעצויגן קיין בערלין. כ׳בין בשלום דורכגעגאַנגען די רעוויזיעס אין צוג האַנאָווער—בערלין און דעם אַרויסגאַנג פון דער באַנסטאַציע אויף אַלעקסאַנדער־פּלאַץ. כ׳האָב גענומען אַ דראָשקע און אָפּגעפאָרן אויף דער נישט ווייטער גרענאַדיר־שטראַסע, די מעטראָפּאָליע פון ייִדיש־ייִדישן און אָסטייִדישן בערלין, און געלאַנדט אין אַ „האָטעל דע וואַנץ״. וועמענס אַדרעס בלומענקראַנץ האָט מיר געגעבן פאַר מיין אָפּפאָר.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן די חברים אין דאָרטמונד אָפּגעשיקט מיינע זאַכן אויף אַן אַדרעס פון אַ בערלינער תּושב. מיט מיין הילף זענען שפּעטער גוטמאַן, פראָמזאָן און הירשביין געקומען קיין בערלין.

מיט מיין פאַרלאָזן דאָרטמונד האָט זיך פאַרענדיקט דער ערשטער, און אַ וויכ־טיקער, עטאַפּ פון מיין לעבן אין דייטשלאַנד.

# בערלין

דער ערשטער איינדרוק פון בערלין איז געווען אַן אימפּאָזאַנטער. דאָס ערשטע, וואָס דאָס אויג האָט אויפגעכאַפּט נאָכן אַרויסקומען פון וואָקזאַל אויפן אַלעקסאַנדער־פּלאַץ, איז געווען דאָס גרויסע פּילשטאָקיקע געשעפט פון טיעץ, וואָס האָט פאַרנומען אַ ריזיקן שטח אין קוואַדראַט. וואָס מער כ׳האָב זיך מיט דער שטאָט בערלין באַקאַנט, אַלץ אַ מער אימפּאָנירנדיקן איינדרוק האָט אויף מיר געמאַכט בערלין.

18 יאָר האָב איך געלעבט אין וואַרשע און וואַרשע נישט געקענט. ווייטער פון דער וואָליער ראָגאַטקע בין איך נישט אַוועק. די פאַרחושכטע קוואַרטאַלן פון דער וואַרשעווער פּוילישער אַרבעטערשאַפט און פון דער וואַרשעווער פּוילישער אָרעמ־קייט: די בודעס, פּאָווישליע, גראָכאָוו און אַנדערע האָב איך רעכט נישט געקענט. אַ ביסל בעסער האָב איך געקענט די רייכערע קוואַרטאַלן, אָבער אויך נישט ווייטער ווי ביז צו די לאַזשענקעס. בערלין האָב איך אין די קנאַפּע צוויי יאָר פון מיין לעבן אין דער דאָזיקער שטאָט געקענט אין דער לענג און אין דער ברייט.

איך האָב געקענט דעם פּראַכטפולן טיערגאַרטן און דעם פּאָטסדאַם, די אומ־געהויער לאַנגע און פּראַכטפולע האַנדלסגאַס — די פרידריכשטראַסע, מיט אירע גרויסאַרטיקע געשעפטן, לוקסוס־רעסטאָראַנען און רייך־אויסגעשטאַטע קאַפעהייזער; די אָרעמע געסלעך און קרעמלעך פון דער זייט פונעם צפון־וואָקזאַל, די עלע־גאַנטע שאַרלאָטענבורג מיט איר מאַיעסטאַטישן קורפירסטענדאַם, און דעם חושכדיקן מיזרח־קוואַרטאַל פון אַרום דעם וואַרשעווער טויער; די ווילעס און הייזער פון האַלענזעע, וויסענזעע, וואַנענזעע, ווילמאַרסדאָרף, גרונעוואַלד, און די קאַזאַרמע־הייזער פון נוי־קעלן, פּאַנקאָוו, מאָאַביט; די רייך־אויסגעשטאַטע קאַפעהייזער אין די פאַרשיידענע קוואַרטאַלן פון שטאָט, און די קליינע קאַוויאַרניעלעך אין די קעלערס פון מיזרח און צפון. איך האָב געגעסן ביי אַשינגער און זיך דערלויבט אַ מאָל צו פאַרזוכן דעם טעם פון אַ מאָלצייט אין דעם היפּערלוקסוסדיקן רעסטאָראַן ביים אַדלאָן־האָטעל, באַזוכט די פאַרשטעלונגען און אימפּרעזעס פון שטאָטסטעאַטער, לעסינג־טעאַטער, פאָלקסבינע, שטאַטס־אָפּערע, סימפאָנישע קאָנצערטן, און די בי־ליקע וואָדעוויל־טעאַטערלעך אין צענטער, מיזרח, און אין צפון פון בערלין; באַזוכט די אַרבעטער־בילדונגס־שולע, די הומבאָלט־אַקאַדעמיע, די רייכע יידישע ביבליאָ־טעק אויף אָראַניענבורגער שטראַסע, קונסט־גאַלעריעס און מוזייען, און די ספּעלונ־קעס פון דער גאַנצער און האַלבער אונטערוועלט. כ׳קען דרייסט פעסטשטעלן, אַז

ס׳איז נישט געווען קיין איין טייל פון דער שטאָט בערלין, וואָס כ׳זאָל נישט האָבן געקענט.

און ליב געהאַט האָב איך בערלין, געהאַט רעספּעקט פאַר דער דייטשישער באַפעלקערונג. כ׳בין מחולק געווען מיט די מפונקים און פיינשמעקערס, וועלכע האָבן געהאַלטן, אַז בערלין איז אַן אויפגעקומענע גרויע שטאָט און געררעדט מיט אַ זיפץ וועגן דער שיינקייט פון ווין, דער אָריגינעלקייט פון בודאַפּעשט און דעם רייץ פון פּאַריז; גערעדט ביטערע רייד וועגן די דייטשן — אַז דאָס דייטשישע פאָלק איז כולו עגאָיזם און ווי אַ סטאַדע. פאַר מיר איז בערלין געווען די אויסגעטרוימטע גרויסע אייראָפּעיִשע שטאָט, אין וועלכער כ׳האָב געזען בלויז שיינקייט, אַ קוואַל פון קולטור און ציוויליזאַציע, פון וועלכן מ׳קען שעפּן עמערוויי. כ׳האָב נישט מסכּים געווען מיט דער מיינונג וועגן דייטשישן פאָלק. ס׳איז מיר געפעלן די זויבערקייט, סיסטעמאַטישקייט און פּראַקטישקייט פון דער דייטשישער באַפעלקערונג. די הילף, וואָס כ׳האָב ביי דער אַרבעט געקריגן פון די אַרבעטער און פון די באַאַמטע, פון פּאַראַרבעטער, מייסטערס און אינזשענירן אין דער „אוניאָן לוקסעמבורגישע געזעלשאַפט״ אין דאָרטמונד און פון די אַרבעטער אין די בערלינער פאַבריקן, האָט אָפּגעפרעגט די טעאָריע וועגן דייטשישן עגאָיזם. די היציקע אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען, אויף וועלכע עס איז אַפילו דערגאַנגען צו געשלעגן, האָבן אָפּגעלייקנט די מיינונג, אַז די דייטשן זענען אַ סטאַדע.

מיין גלויבן און מיין טרוים בשעת מיין געפינען זיך אין דאָרטמונד, אַז אין בערלין וועל איך קענען צעפירן די הענט אין אַלע היגזיכטן, האָט זיך אין אַ גרויסער מאָס פאַרווירקלעכט. אין בערלין בין איך גייסטיק און געזעלשאַפטלעך אויסגעוואַקסן.

אָנגעקומען קיין בערלין בין איך אין אַ מאָנטיק אין אַ פאַרמיטאָג־שעה. אין „האָטעל״ אויף גרענאַדיר־שטראָסע האָט מיך אויפגענומען דער אייגנטימער — אַ הויכער דאַרער ייִד, געקליידט חצי גאַליציאַניש און פּאַלאָווינע דייטש. אין אַ טיפּישן גאַליציאַנער ייִדיש־דייטש, האָט ער מיך געפרעגט פון וואַנען איך קום און ווער ס׳האָט מיר געגעבן דעם אַדרעס. מיין ענטפער האָט אים נישט צופרידנגעשטעלט. ער האָט געהייסן זיך ווייזן די דאָקומענטן. „מיט אַזאַ ,אשר־יצר־פּאַפּירל׳ ווילט איר ווינען אין בערלין?״, האָט דער האָטעלשטשיק צו מיר אַ געשריי געטאָן קוקנדיק אויף דעם רייזע־דאָקומענט פון דער דאָרטמונדער פּאָליציי. ער האָט אָבער באַלד אַראָפּגעלאָזט פון טאָן: „אַ ייִד זענט איר, אַ פּאָר גרייצערס האָט איר — וועט שוין רעכט זיין״. ער האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ צימער, ווו ס׳זענען געשטאַנען 4 בעטלעך, אָנגעוויזן אויף אַ נישט פאַרנומען בעטל און געהייסן אַוועקלייגן אין אַ זייט דעם רוקזאַק. „ביי מיר גנבעט מען נישט — האָט ער באַרימעריש אַ כריפּע געטאָן — ס׳עט אייך קאָסטן 4 מאַרק אַ טאָג ,לאָזשע׳. איר קענט עסן אין האָטעל. ביי מיר איז גלאַט כשר. די רוסישע ייִדן, ווען זיי קומען קיין בערלין,

וואַרפֿן זיי אַראָפּ פֿון זיך דעם עול פֿון ייִדישקייט און פֿרעסן טריפֿות. איר קענט אייך עסן ווי איר ווילט, אָבער אין האָטעל אַריין טאָרט איר נישט ברענגען קיין שפּייז. ווער ס׳ברענגט טריפֿות אין האָטעל אַריין, ווערט גלייך אַרויסגעוואָרפֿן. גיט אַהער אַ פּאָר גרייצערס אין אַוואַנס. ביי מיר מוז מען צאָלן פֿאָרויס. נישטאָ קיין קרעדיט״. כ׳האָב אים דערלאַנגט אַ 10־מאַרק־אַסיגנאַציע. דער האָטעלשטשיק האָט אַרויסגענומען אַ גראָבן בייטל, בנעימות אַריינגעלייגט דעם דערהאַלטענעם באַנקנאָט און אָנגעוווּנטשן, אַז מיין קומען קיין בערלין זאָל זיין מיט הצלחה.

כ׳האָב זיך אַ וואָרף געטאָן אויפֿן בעטל און אָפּגעשלאָפֿן עטלעכע שעה. ווען כ׳בין דערנאָך אַריין אין עסזאַל, זענען ביי טישלעך געזעסן אַ צוויי צענדלינג מענטשן און געשמאַק געסראַקעט אין קאָרטן און אין דאָמינע. עטלעכע שפּילערס, וואַרשעווער, האָבן מיך דערקענט. זיי זענען אַוועק פֿון דער שפּיל און אויסגעפֿרעגט פֿון וואַנען כ׳קום און ווי אַזוי כ׳האָב דורכגעמאַכט די רייזע. זיי האָבן פֿאַרזיכערט, אַז אין פֿאַרלויף פֿון עטלעכע טעג וועל איך זיין אַן איינגעמאָלדענער. אויב כ׳דאַרף הילף, וועט מען עס מיר שוין באַזאָרגן: „איר זענט דאָך צווישן אייגענע, וואַרשעווער״ — האָבן מיך מיינע נייע באַקאַנטע געטרייסט. איינער פֿון די שפּילערס האָט אַ וואָרף געטאָן אויפֿן שפּילטיש די קאָרטן, וואָס ער האָט געהאַלטן אין האַנט, און גוטברודעריש מיך פֿאַרבעטן צו גיין מיט אים נעמען עפּעס אין מויל אַריין.

אַראָפּגייענדיק פֿון דער אַכסניה האָט מיין וואַרשעווער לאַנדסמאַן מיך געפֿרעגט צי כ׳וויל אַ ייִדיש אָדער אַ דייטשיש עסן, און לאַכנדיק צוגעגעבן: „אַז מען קומט קיין בערלין דאַרף מען קודם־כּל זיך באַקענען מיט אַשינגערן. קיין פֿרומער ייִד זענט איר דאָך נישט. אין דער בונדישער קיך האָט מען דאָך אויך נישט געגעסן פֿון גערער רבינס שחיטה״ — און ער האָט מיך אַוועקגעפֿירט אויף אַלעקסאַנדער־פּלאַץ אין איינעם פֿון די גרעסערע אַשינגערס פֿאַלקס־רעסטאָראַנען.

אויף מיין פֿראַגע, צי ער ווייסט ווו די דראַגונער שטראָסע געפֿינט זיך, האָט ער מיר געוויזן, אַז די צווייטע פּאַראַלעלע גאַס פֿון דער גרענאַדיר־שטראָסע איז די דראַגונער שטראָסע. „איר מוזט דאָך זיכער מיינען דעם פּרץ־פֿאַראיין — האָט ער מיך צוריקגעפֿרעגט און צוגעגעבן — איצט איז נאָך צו פֿרי דאָרט אַרויפֿצוגיין. מיר׳ן אָפּעסן, ווייזן אייך אַ ביסל בערלין, און אין אָוונט אַרויפֿפֿירן אין פּרץ־פֿאַראיין״.

אין לאָקאַל פֿון י. ל. פּרץ־פֿאַראיין האָט מיך אויפֿגענומען דער סעקרעטאַר, אַלטמאַן. כ׳האָב זיך געפֿרעגט אויף אינזשעניר טשערניאַק. אַלטמאַנס ענטפֿער איז געווען אַן אָפֿיציעלער און אַ קאַלטער: חבר טשערניאַק וועט זיין ערשט שבת אין אָוונט. אויף מיין פֿראַגע צי ער קען מיך פֿאַרבינדן מיט וועמען פֿון טשערניאַקס נאָענטע חברים, האָט מיך אַלטמאַן פֿאַרשעריש אָנגעקוקט מיט זיינע קורצזיכטיקע אויגן פֿון הינטער די דיקע ברילן, אַ שמייכל געטאָן און געפֿרעגט: „זענט איר אַ בונדאָוויעץ?״ ער האָט מיך געהייסן וואַרטן אַ ווײַלע און מיך פֿאַרבונדן מיט אַ מיטלוויקסיקן סימפּאַטישן יונגן־מאַן, וועלכער האָט זיך פֿאָרגעשטעלט ווי טיקאָ־

טשינסקי. איך האָב טיקאָטשינסקין דערציילט פון וואַנען כ׳קום און מיין פּסעוודאָנים. טיקאָטשינסקי און אַלטמאַן זענען מיט מיר אַריין אין אַ באַזונדער צימער, אויסגע־פרעגט פאַדראָבנע וועגן וואַרשע און דאָרטמונד און טעלעפאָנירט טשערניאַקן וועגן מיין קומען. ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און טשערניאַק איז אָנגעקומען אין לאָקאַל פון פּרץ־פאַראיין.

נאָכן באַקענען זיך מיט מיר און באַקומען אַ רייע אינפאָרמאַציעס, האָט טשער־ניאַק געשיקט אַ שליח נאָך די טורקעוויטשעס, זיי זאָלן גלייך אַרויפקומען אין פּרץ־פאַראיין. כ׳בין פאַרגעשטעלט געוואָרן פאַר די טורקעוויטשעס און ס׳איז דער־לידיקט געוואָרן דער ענין פון מיין שנעלן לעגאַליזירן זיך אויף מיין אייגענעם נאָמען.

די טורקעוויטשעס, אַ ברודער און אַ שוועסטער, קורצוויקסיקע, ווי גייענדיקע ברילעס פעטס, זענען געווען סוחרים און אַלטע בערלינער תּושבים, האָבן געהאַט געהעריקע פאַרבינדונגען מיט דער פּאָליציי פון באַצירק, וואָס האָט אַרומגענומען דעם אַסטיודישן קוואַרטאַל פון דער גרענאַדיר, דראַגונער און די שכנותדיקע גאַסן, און אויך געהאַט אַ צוטריט צום פּאָליציי־פּרעזידיום.

געווען זענען די טורקעוויטשעס פּועלי־ציוניסטן און מיטגלידער פון דער פאַר־וואַלטונג פון י. ל. פּרץ־פאַראיין, מענטשן אינטעליגענטע און קלוגע, מיט אַ גוטן נאָמען צווישן די מיטגלידער פון פּרץ־פאַראיין. געוווּסט האָט מען, אַז מ׳קען זיך אויף די טורקעוויטשעס פאַרלאָזן אין אַן עת־צרה, אַז זיי זענען תּמיד גרייט צו טאָן אַ טובה אַ מענטשן אָן אונטערשייד פונעם פּאַרטיי־פּאַספּאָרט.

עטלעכע טעג שפּעטער בין איך מיט טורקעוויטשן אַוועק אין פּאָליציי־באַצירק, איינגעמאָלדן געוואָרן, און באַקומען אַ דאָקומענט פון אַ בערלינער איינוווינער און די נייטיקע באַשפייז־קאַרטן.

אין פאַרלויף פון די ערשטע עטלעכע טעג פון מיין זיין אין בערלין זענען אַלטמאַן און דער וואַרשעווער לאַנדסמאַן געווען מיינע גאַסטגעבערס. זיי האָבן מיך אַרומגעפירט איבער בערלין און מיר געוויזן בערלין און איר פּילזייטיקייט. מאָנטיק, אַ וואָך נאָך מיין קומען קיין בערלין, האָב איך זיך געשטעלט אַרבעטן. אין עטלעכע טעג שפּעטער האָב איך שוין געוווינט אין אַ פּריוואַטער וווינונג אויף לאָטאַרינגען־שטראַסע, לעבן דעם ראָזענטאַלער טויער, אין פאַרמעגלעכן טייל פון צענטער בערלין.

און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אין מיין לעבן אַ נייע פּרשה — בערלין.

# אַ באַגעגעניש

דער לעבנסוועג און דער גורל פונעם „זיבעטל" — פון די 7 מענטשן, וועלכע האָבן געשפּילט אַ ראָלע אין דעם לעבן פון די מיט צוואַנג געבראַכטע יידישע אַרבע־טער פון פאַרשיידענע שטעט פון פּוילן, ליטע און ווייסרוסלאַנד קיין דאָרטמונד, צו אַרבעטן אין דער דייטשישער אינדוסטריע — איז געווען אַ פאַרשיידנאַרטיקער.

בערנאַרד איסער, ווי שוין דערציילט, איז אין 1916 אומגעקומען פון אַן אומגליק־צופאַל ביי דער אַרבעט.

מיכאַיל, דער אַנאַרכיסט, האָט אין דאָרטמונד חתונה געהאַט. זיין ווייטערדיקער גורל איז מיר אומבאַקאַנט.

גוטמאַן, פּראַמזאַן און הירשביין האָב איך געהאָלפן קומען קיין בערלין, און זיי זענען אין בערלין געווען גזעלשאַפטלעך טעטיק אין י. ל. פּרץ־פאַראיין. גוטמאַן — אין דער בונדישער גרופּע, פּראַמזאַן און הירשביין, ווי שטיצערס פון דער בונ־דישער פראַקציע אין פּרץ־פאַראיין.

נאָך דער נאָוועמבער־רעוואָלוציע פון 1918 אין דייטשלאַנד זענען גוטמאַן און הירשביין צוריקגעקומען קיין וואַרשע.

גוטמאַן איז אַוועק אין פּריוואַטן לעבן, האָט געעפנט אַ קליינעם וואַרשטאַט פאַר פּרעציזער מעכאַניק און פולשטענדיק איבערגעריסן מיטן גזעלשאַפטלעכן לעבן, אויסגעמיטן יעדן קאָנטאַקט מיט די בונדיש־פּאַרטייישע און פּראָפפאַראיינישע טוערס, געוויכט פון זיינע אַמאָליקע חברים און פריינד. אויך מיך האָט ער זיך באַמיט אויסצומיידן. אויף מיינער אַ פראַגע בעת אַ צופעליקער באַגעגעניש, וואָס ס'איז מיט אים געשען, האָב איך געקריגן אַ בייזן ענטפער: „כ'האָב דאָס אַלץ אין ת... און איך אַלעמען טיף אין דער אדמה". אַלע מיינע באַמיִונגען זיך צו דערוויסן די סיבות און מאָטיוון פון זיין אָנטלויפן פון גזעלשאַפטלעכן לעבן און פון זיינע אַמאָליקע חברים און פריינד, זענען געבליבן אָן רעזולטאַטן. גוטמאַן איז פאַר מיר געבליבן אַ נישט געלייזט רעטעניש וועגן דער מעטאַמאָרפאָז פון אַן אינטעליגענטן, קלוגן און פעיִקן אַרבעטער־טוער, וואָס טרייסלט זיך פּלוצעם אָפּ פון אַלעם דעם, מיט וועלכן ער איז געווען יאָרן לאַנג פאַרבונדן.

הירשביין — אַ פּלימעניק פון דעם באַרימטן יידישן שרייבער פּרץ הירשביין — האָט צוזאַמען מיט זיין פרוי געאַרבעט אין דער אונטערערדישער טעכניק פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פּוילן. מאָטיוון פון קאָנספּיראַציע האָבן אונדז באַוויגן זיך נישט צו באַגעגענען, אויסצומיידן אַפילו זיך עפנטלעך צו באַגריסן בשעת צופע־ליקע באַגעגענישן. ער האָט פאַרנומען אַ גרויסע וווינונג אויף זאַמענהאָף־גאַס נומער 17, אין דער סאַמע געדיכטעניש פון יידישן קוואַרטאַל. די וווינונג איז געווען פאַרמעגלעך איינגעאָרדנט און ער האָט געהאַט אַ טריקאָטאַזש־וואַרשטאַט, וואָס האָט

אים געדינט צו מאַסקירן זיין אומלעגאַלע טעטיקייט און ער האָט נישט געהאַט קיין פּאָליציייִשע דורכפאַלן. זינט 1938, נאָכן פונאַנדערלאָזן די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון פּוילן, האָבן מיר זיך ווידער אָנגעהויבן באַגעגענען. די מעשׂיות, וואָס ער האָט מיר דערציילט וועגן זיין אונטערערדישער טעטיקייט וואָלטן פאַר אַ בעלע־טריסט געסטייעט אויף אַ פּאָר בענדער פאַסצינירנדיקע דערציילונגען. זיין גורל נאָכן אויסבראָך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז מיר נישט באַקאַנט.

פראַמזאָן האָט זיך קיין פּוילן מער נישט אומגעקערט. נאָך דער רעוואָלוציע איז ער אין דייטשלאַנד געוואָרן אַ פּראָפעסיאָנעלער רעוואָלוציאָנער, אַ פונקציאָנאַר פון דער אַנטשטאַנענער קאָמוניסטישער פּאַרטיי דייטשלאַנדס אין נידער־שלעזיע. שפּעטער זיך באַזעצט אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. אין 1928 פאַרנומען אַן עקזעקוטיוון אַמט אין איינער פון די גרויסע מעטאַל־פאַבריקן אין מאָסקווע און אָנגעהאַלטן אַ פאַרבינדונג מיט דער דייטשישער סעקציע פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, און נישט מיט דער פּוילישער. בשעת מיינע שפּעטערדיקע באַזוכן אין ראַטן־פאַרבאַנד האָב איך נישט געקוואָפּעט צו פאַראינטערעסירן זיך, ווי ס׳לעבט זיך מיין אַלטן חבר און פריינד. די צייטן זענען שוין געווען אַזעלכע, אַז פאַר אַ סאָוועטישן מענטשן און פאַר אַ געקומענעם אַפילו מיט די בעסטע רעקאָמענדאַציעס פון אַ רעוואָלוציאָנער און קאָמוניסט איז געזינטער געווען, וואָס וויניקער צו באַגעגענען זייטיקע מענטשן מחוץ דעם געביט, מיט וועלכן מ׳איז געווען דירעקט פאַרבונדן.

מיט בלומענקראַנצן האָב איך זיך נישט געזען זינט כ׳בין אַוועק פון דאָרטמונד, פון האַרבסט 1916 ביז זומער 1929. באַגעגנט האָב איך זיך מיט אים ביי אייגנאַרטיקע אומשטענדן — אין אַ קאַמער פון דער וואַרשעווער אויספאָרשונג־פּאָליציי: איך ווי אַ פּאָליטישער אַרעסטירטער, בלומענקראַנץ ווי איינער פון די גדולים און יחסנים פון דער אונטערוועלט, אַ רענאָמירטער קאַסע־ברעכער.

וועגן די אומשטענדן פון דער באַגעגעניש איז כּדאַי צו דערציילן:

זומער 1929 האָט די דעפענסיווע אין וואַרשע דורכגעפירט אַרעסטן צווישן די פירנדיקע טוערס פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון ווייסרוסלאַנד. די געהיים־פּאָליציי האָט זיך באַזונדערס געיאָגט נאָכן מיטגליד פונעם ווייסרוסישן פּאַרטיי־סעקרעטאַריאַט, קאַפּלאַן (חיים שוואַרצמאַן), וועלכער איז בשעתו געווען אויך אַ מיטגליד פון דער צענטראַלער אָנפירונג פון דער מערהייט־פראַקציע (די ריכטונג פון וואַרסקי—קאָסטשעוואַ) פון דער קאָמ. פּאַרטיי פון פּוילן. ס׳איז געווען קלאָר, אַז די אַרעסטן קומען פאָר אין ענגער פאַרבינדונג און לויט די אָנווייזונגען פון אַ פּראָוואָקאַטאָר.

צו יענער צייט בין איך — חוץ די נאָרמאַלע פּאַרטיי־פונקציעס — געווען אַ מיטגליד פון דער צענטראַלער אָנפירונג פון דער מערהייט־פראַקציע פון ק.פּ.פּ. און געדאַרפט דרינגנדיק זיך זען מיט קאַפּלאַנען. אונדזערס אַ קורצע באַגעגעניש איז פאָרגעקומען אויף מילע־גאַס. נאָכן צעגיין זיך בין איך פאַרהאַלטן געוואָרן דורך

צווי געהיים־אַגענטן. מ׳האָט מיך אַריינגעזעצט אין אַ פֿאַרמאַכטער דראָשקע און אָפּגעפֿירט אין דער דעפֿענסיווע.

דאָס מאָל איז מיין אַרעסט געווען אַ קורצער, נישט מער ווי 3 טעג. ביי דער אויספֿאָרשונג האָט מיך פּאַגאַזשעלסקי, דער דעמאָלטדיקער שעף פֿון דער וואַר־שעווער פּאָליטישער געהיים־פּאָליציי, אויפֿגענומען מיט אַ שמייכל, געפֿרעגט וואָס פֿאַרוואָס געשעפֿטן כ׳האָב געהאַט מיט חיימען אויף מילע־גאַס. ער האָט לאַכנדיק צוגעגעבן, אַז די „באַלוואַנעס״ (די געהיים־אַגענטן) האָבן פֿאַרטוישט די יוצרות און האָבן אַנשטאָט קאַפּלאַנען מיך פֿאַרהאַלטן.

אַריינקומענדיק בשעת דעם דערמאָנטן אַרעסט אין איינעם פֿון די קאַמערן פֿון דער אויספֿאָרשונג־פּאָליציי, אין וועלכער ס׳זענען אין די טעג פֿאַר דער אויס־פֿאָרשונג געזעסן צוזאַמען פֿאַרשיידענע אַרעסטירטע: קרימינעלע, פּאָליטישע און סתם פֿאַרהאַלטענע — האָב איך אָנגעטראָפֿן דריי פֿאַרהאַלטענע לויט דער פּאָלי־טישער ליניע: צוויי יונגע פּוילישע בחורים, באַשולדיקטע אין קלעפּן אויפֿרופֿן, דעם ליטעראַט דזשעווויעצקי (זיין פֿאַמיליע נאָמען איז געווען ראָזענבוים אָדער אַן ענלעכער נאָמען), דער מחבר פֿון דעם ברייט־פֿאַרשפּרייטן פּוילישן בוך „קוואַש־ניאַצי״, און אַ גרויסע גרופּע גדולים פֿון דער אונטערוועלט. ס׳איז געהאַט פֿאַרגע־קומען אַ וויכטיקע גנבה ביי איינעם פֿון די אַקרעדיטירטע דיפּלאָמאַטן און די קרימינאַל־פּאָליציי האָט געמאַכט אַן אָבלאַווע און פֿאַרהאַלטן אַ גרויסע צאָל פֿון די אָנגעזעענסטע מיטגלידער פֿון דער אונטערוועלט. און ווי ס׳פֿירט זיך אַ פּאָליטישער אַרעסטירטער, וואָס האָט מורא, אַז אין קאַמער קען זיך געפֿינען אַן אַריינגעשיקטער שפּיצעל — האָב איך מיט קיינעם זיך נישט באַגריסט און נישט פֿאַרפֿירט קיין שמועס, נאָר אַוועקגעזעצט זיך אין אַ ווינקל און אָבסערווירט די אַרעסטירטע.

אַ ווײַלע שפּעטער קומט צו מיר צו איינער פֿון די גדולים פֿון דער אונטערוועלט, וועלכער האָט מיך געקענט, און פּרוּווט פֿאַרפֿירן מיט מיר אַ שמועס. געווען איז דאָס אַן עלטערער מענטש: אַ הויכער און ברייטפּלייציקער מגושמדיקער פֿאַרשוין, אַ פֿולשטענדיקער אַנאַלפֿאַבעט, אָבער איינער פֿון די מייסטערס פֿון קאַסע־ברעכער־צעך. וועגן אים פֿלעגן זיינע קאָלעגן פֿאָ פֿאַכו זאָגן, אַז ס׳איז נישטאָ די קאַסע אין דער וועלט, ער זאָל נישט עפֿענען נישט דאַרפֿנדיק זי אויפֿרייסן. ער לייגט בלויז צו דאָס אויער, הערט דאָס קלאַפּן און דעם ריטעם פֿונעם מעכאַניזם — און ווייסט די ציפֿער־קאָמבינאַציע פֿונעם שלאָס. גערופֿן האָט מען אים וואָלאָדיע מוזי־קאַנט אָדער וואָלף פֿויער. געהאַט האָט וואָלאָדיע אַ פֿרוי מיט דערוואַקסענע קינדער. די זין, טעכטער, איידעמס און שנורן זענען אַלע געווען באַשעפֿטיקט אין „פֿאַך״. אַן אויסנאַם איז געווען די יינגסטע טאָכטער, וועלכע האָט פֿאַרלאָזט דאָס הויז פֿון אירע עלטערן און נישט געוואָלט האָבן מיט איר פֿאַמיליע קיין מגע־ומשא. זי האָט געאַרבעט ווי אַ קראַנקן־שוועסטער אין יידישן שפּיטאָל, געגעבן פּריוואַטע לעקציעס, גלייכצייטיק זיך געלערנט אין דער „ווישעכניצע״ און מיט אירע פֿאַרדינסטן געהאָלפֿן

איר בחור, אַן אָפּשטאַמיקער פונעם קליינעם שטעטל יאַנאָוו, אַ פּעזיקער סטודענט פונעם קראָקעווער אוניווערסיטעט. אַלע פּרוּוון פון איר פאָטער איר צו העלפן מיט געלט האָבן נישט געהאַט קיין ווירקונג.

דאָס מיידל, טאָשקע — צוליב כּמה טעמים רוף איך זי נישט אָן ביי איר אמתן נאָמען — אַגב, דאָס ערשטע מאָל אין מיינע זכרונות, וואָס איך רוף נישט אָן אַ מענטשן ביים אמתן נאָמען — האָט געהערט צום ענגן קרייז פון מיינע פּערזענלעכע באַקאַנטע. אַ שיינע, אַ קלוגע, אַן אינטעליגענטע און אַ באַגאַבטע, איז זי געווען מיין מאַמעס ליבלינג, און כאָטש די מאַמע האָט געוווּסט וועגן איר משפּחה־יחוס, פלעגט זי מיט מיר איינטענהן, כ׳זאָל מיט איר חתונה האָבן. די מאַמע מיינע פלעגט וועגן איר זאָגן, אַז ווען אַ גר ווערט אַ ייִד, איז ער פרומער און ערלעכער ווי אַ געבוירענער ייִד. אָדער: אַן אמתער בעל־תּשובה איז ביים רבונו של עולם מער חשוב ווי אַ פרומער ייִד.

טאָשקע איז געווען אַ קאָמוניסטישע סימפּאַטיקערין, זי האָט אָבער זיך אָפּגע־זאָגט צו זיין אַקטיוו. איר תּירוץ איז געווען, אַז זי האָט נישט קיין רעכט צו ריזיקירן מיט זיך כּל זמן איר בחור דאַרף האָבן איר הילף.

דאָס מיידל האָט פיינט געהאַט איר מוטער מיט אַלע שׂינאות פון דער וועלט, אָבער פאַרמאָגט אין איר האַרץ אַ וואַרעם ווינקל פאַר איר פאָטער. דער פאָטער האָט וועגן דעם געוווּסט און דורך אירע גוטע־פריינד, און אויך דורך מיר, פּרובירט ווירקן די טאָכטער זאָל אָננעמען זיין מאַטעריעלע הילף, אָבער אָן דערפאָלג. טרעפנדיק זיך מיט מיר אין קאַמער, האָט דער אַלטער וואָלאָדיע ווידער פּרובירט ווירקן אויף מיר איך זאָל פועלן ביי דער טאָכטער זי זאָל אָננעמען זיין הילף.

אין פאַרלויף פון דער צייט וואָס דער אַלטער וואָלאָדיע האָט גערעדט מיט מיר, אויך פריִער און נאָך דעם, האָב איך געפילט אויף זיך די דורכדרינגענדיקע בליקן פון איינעם פון די אַרעסטירטע קרימינעלע. געווען בין איך זיכער, אַז כ׳האָב פאַר זיך אַן אַריינגעשיקטן געהיים־אַגענט. דאָס כּסדרדיקע דורכשטעכן מיך מיט די בליקן האָט מיך אָנגעהויבן דענערווירן און איך האָב אַ פרעג געטאָן וואָלאָדיען: „ווער איז דאָס דער חברה־מאַן, וואָס קוקט מיר כּסדר נאָך? איז ער אייערס אַ מענטש אָדער אַ ‚מאַפּס׳ ״? (אַ מאָפּס, אַ הונט — אַ געהיים־אַגענט אין גנבישן לשון). וואָלאָדיע האָט זיך צעלאַכט און מיר געענטפערט, אַז דאָס איז איינער פון זייערע בעסטע בעל־מלאכות. ער האָט אים צוגערופן מיט זייערס אַ יאַטישן נאָמען און געזאָגט, וואָס איך טראַכט וועגן אים. געהאַט האָב איך פאַר זיך אַ מענטשן אין די סוף דרייסיקער אָדער אָנהייב פערציקער, זיינע עלעגאַנטע קליידער, צעקנייטשטע פון ליגן אויף דער הילצערנער נאַרע, און דאָס פּנים, באַוואַקסן פון די צוויי טעג נישט ראַזירן זיך, אָבער מיט זייער אַ סימפּאַטיש און עטוואָס קענטלעך פּנים. אין אַ חוזק־טאָן האָט ער זיך פאָרגעשטעלט אין פּויליש: „עדוואַרד בלומענקראַנץ איז מיין נאָמען, אַ געוועזענער סטודענט פון וואַרעלבערגס טעכנישער שולע, אַן עלעקטראָ־

טעכניק פונעם פאַך". כ'האָב תיכף דערקענט זיין קול, און ווי אַ בליץ איז אַדורכ־געלאָפן אין מיין דמיון די באַגריסונג־סצענע אין אָסטראָה און זיין דעמאָלטדיקע הילף און גוטע באַציִונג צו מיר.

און דערציילט האָט מיר בלומענקראַנץ:

נאָך זייענדיק אַ סטודענט אין וואָוועלבערגס טעכנישער הויכשולע, האָט ער שוין געאַרבעט אין „פאַך". אַריינגעצויגן האָט אים אַ באַקאַנטער. ער האָט פאַרלאָזט די שולע און געוואָרן אַ „פּראָפעסיאָנאַל". ביז צום אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט אים אָפּגעגליקט. כאָטש קורנאַטאָווסקי, דער שעף פון דער רוסישער קרימינאַל־פּאָליציי אין וואַרשע, האָט דורך זיינע קאָנפידענטן געוווּסט וועגן זיין אַרבעט און אים עטלעכע מאָל אַרעסטירט, האָט ער אָבער גאָרנישט געקענט טאָן, נישט כאַפּנדיק אים ביי דער האַנט.

די דייטשן האָבן אים פאַרהאַלטן ווי אַ פאַכמאַן, אַן עלעקטראָ־טעכניק. אין דאָרטמונד האָט ער זיך פאַניוכעט מיט חברה און געמאַכט מיט זיי עטלעכע משׂא־ומתּנס אין דאָרטמונד, דיסעלדאָרף און אין קעלן. נאָך מיין פאַרלאָזן דאָרטמונד איז ער אין דיסעלדאָרף אַריינגעפאַלן און געקריגן 3 יאָר טורמע. די רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד האָט אים באַפרייט. ער האָט געוווינט עטלעכע יאָר אין בערלין און געמאַכט גוטע געשעפטן ביי זיין „פאַך", און אויפן שוואַרצן מאַרק. אין 1923 איז ער צוריקגעקומען קיין וואַרשע. „וואָס כ'האָב געטאָן אין די יאָרן ביז היינט — דערציילט מען נישט דעם אייגענעם טאַטן. ביז איצט האָט מען מיך נאָך נישט געפּאַקט ביי קיין אַרבעט. זינט קורנאַטאָווסקיס צוריקקום קיין וואַרשע, לאָזט ער מיך נישט צו רו, און ביי יעדער געלעגנהייט פּעקלט ער מיך איין אויף אַ קורצער אָדער אַ לענגערער צייט. איך האָב אַ פרוי מיט בנים. מעגסט זיך אויף זיי פאַרלאָזן! די בעסטע אין דער שולע, ממש גאונים". — „וואָס וועט פון זיי ווערן?" — האָב איך אים אַ פרעג געטאָן. — „אָדער זיי וועלן איבערשטייגן דעם טאַטן, אָדער ווערן גרויסע וועלט־מנהיגים" — האָט בלומענקראַנץ מיט טאַטישער סאַטיספאַקציע גע־ענטפערט. און פאַרענדיקט האָט בלומענקראַנץ זיין דערציילונג מיטן באַקאַנטן שפּריכ־וואָרט: „אַ באַרג מיט אַ באַרג קומט זיך נישט צונויף, אָבער אַ מענטש מיט אַ מענטש טרעפן זיך".

מער האָב איך זיך מיט בלומענקראַנצן נישט באַגעגנט, אָבער וועגן אים אַ סך געטראַכט. געטראַכט האָב איך וועגן דער ראָלע פון צופאַלן אין מענטשלעכן און אַפילו אין פּאָליטישן און אין געזעלשאַפטלעכן לעבן; אַז דאָס צופעליקע צונויפ־טרעפן זיך מיטן דאָזיקן אינטעליגענטן און סימפּאַטישן יונגן־מאַן אין אָסטראָה און זיין מי מיך צו ברענגען קיין דאָרטמונד אַנשטאָט פאַרשיקט צו ווערן אין אַ העק ערגעץ לעבן מערזעבורג, האָט אומדירעקט געהאַט אַ פּאָזיטיוון איינפלוס אויף מיין לעבן. און געטראַכט האָב איך פון דער איראָניע, וואָס די הילף אין אָסטראָה איז געקומען גראָד פון אַ מענטשן, וואָס איז שוין דעמאָלט געווען הימלווייט פון מיר.

# דער פּרץ־פֿאַראיין

דער י.ל. פּרץ־פֿאַראיין אין בערלין האָט זיך געפֿונען אויף דראַגונער שטראַסע 22, אין צענטער פֿונעם אָסטיודישן קוואַרטאַל. די איבער צוועלף הונדערט מיטגלידער זענען באַשטאַנען פֿונעם שמן־זית פֿון דער ייִדישיסטישער אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך בשעתו געפֿונען אין בערלין און פֿון דעם זעמלמעל פֿון די ייִדישע אַרבעטער, וועלכע מ׳האָט אין דער מלחמה־צייט אין די טויזנטער מיט צוואַנג געבראַכט, אָדער זיי זענען אַליין געקומען, און געווען באַשעפֿטיקט אין דער בערלינער אינדוסטריע.

געווען איז דער י. ל. פּרץ־פֿאַראיין אַ קולטור־געזעלשאַפֿטלעכע אָרגאַניזאַציע אין דעם בעסטן זין פֿונעם וואָרט. אין פֿאַראיין האָט אָפּערירט אַ מין קליינער פֿאָלקס־אוניווערסיטעט, מיט לעקטאָרן, מומחים אויף זייערע געביטן. ער האָט געדינט ווי אַ קלוב, וווּ מ׳האָט נאָך אַ טאָג שווערער אַרבעט אָפּגערוט ביי אַ שאָך, דאַמקע און אין פּערזענלעכע שמועסן. דער פֿאַראיין איז אויך געווען אַן אַדרעס פֿאַר יעדן אינטע־ליגענטערן אַרבעטער, וואָס איז פֿאַרוואָגלט געוואָרן קיין דייטשלאַנד, און געוווּסט האָט מען, אַז אויב מען קומט קיין בערלין, וועט מען באַגעגנט ווערן פֿון אַ פֿריינד־לעכער האַנט, וואָס וועט נישט פֿאַרלאָזן אין אַ נויט.

צווישן די מיטגלידער, טוערס און פֿירערס פֿון י. ל. פּרץ־פֿאַראיין האָבן זיך געפֿונען אַזעלכע פּערזענלעכקייטן, ווי אַהרן סינגאַלאָווסקי, ד״ר זעליגמאַן, זלמן רובאַשאָוו און אַ גרויסע צאָל אינטעליגענץ; בונדיסטן: אינזשעניר טשערניאַק, אינזשעניר נירענבערג, טיקאָטשינסקי, אַלטמאַן, איזידאָר לאַוב, קנאָפּ; פּועלי־ציו־ניסטן: ליפּשיץ, קאָרנפֿעלד, די טורקעוויטשעס; „אומפּאַרטייִשע״: אינזשעניר נחום סינגאַלאָווסקי, דער טעאַטראַל שידלאָווסקי, און אַזעלכע אינטעליגענטע אַרבעטער, ווי די בונדיסטן קרישטאַל, גוטמאַן — פֿון וואַרשע, בינשטאָק, מורנו, שוואַלבע, מנחם זילבערשטיין — פֿון לאָדזש, מאַמעלוק, קירשענבוים — פֿון קוטנע, זאַכאַריאַש — פֿון טאָמאַשאָוו; די פּועלי־ציוניסטן: יהודה לאַנדאַ, די טורנערס און ציטרי־נאָווסקי. ס׳האָט אויך דאָרט זיך געפֿונען אַ גרופּע אינטעליגענטע העברעיִש־געשטימטע זייגער־מאַכערס פֿון וואַרשע.

די פֿאַרזאַמלונגען, רעפֿעראַטן, לעקציעס און דיסקוסיעס זענען אין י. ל. פּרץ־פֿאַראיין געשטאַנען אויף אַ הויכער מדרגה. ס׳איז דאָרט נישט געווען קיין פּלאַץ פֿאַר סתּם פּלוידעריי. יעדער אַרויסטריט האָט געמוזט פֿאַרמאָגן קענטעניש, געוויסנהאַפֿ־טיקייט און אַחריות.

פֿון די פֿאַרשיידנאַרטיקע אַקטיוויטעטן פֿון פּרץ־פֿאַראיין זענען מיר געבליבן איז זכרון:

אַ רעפֿעראַט פֿון זלמן שניאור וועגן דער אייראָפּעיִשער און ייִדישער פּאָעזיע — די ייִדישע און העברעיִשע, און די דיסקוסיע, וואָס האָט זיך פֿאַרצויגן אויף דריי שבת־צונאַכטסן.

אַ רעפעראַט פון אַהרן סינגאַלאָווסקי וועגן דעם נייעם פענאָמען אין דער ייִדישער ליטעראַטור — בערגעלסאָן.

צוויי רעפעראַטן פונעם טעאַטראַל שידלאָווסקי: איינער — „די דריי ליריקער אין דער ייִדישער ליטעראַטור — דוד איינהאָרן, לייבניידוס, און ז. סעגאַלאָוויטש״; און דער צווייטער — אויף אַ טעאַטער־טעמע — „דאָס דייטשישע טעאַטער, די קאַריפייען פון דער דייטשישער און פון דער וועלטבינע״.

אַ רעפעראַט פון זלמן רובאַשאָוו: „אַספּעקטן פון דער ייִדישער געשיכטע און די ייִדישע געשיכטע־שרייבערס״.

מיינער אַ רעפעראַט וועגן דער אַנטשטייונג פון די ייִדישע אַרבעטער־אָרגאַני־זאַציעס אין וואַרשע זומער 1915.

און, יאָ! ס׳דערמאָנט זיך אַ רעפעראַט, ביי וועלכן כ׳בין געזעסן מיט אַן אַראָפּ־געלאָזטן קאָפּ און מיט אַ פאַרווייטיקט האַרץ, האָב געקריצט מיט די ציין צוהערנדיק זיך צו די רייד פון רעפערענט, און — געשוויגן, געשוויגן ווי יורקעס הונט. און אַזוי איז געשען מיט די אַנדערע בונדיסטן, אָנוועזנדיקע בעת דעם רעפעראַט.

געשען איז עס בעת דעם רעפעראַט פון דעם פּועלי־ציוניסט קאָרנפעלד וועגן דעם אויסגאַנג פון די וואַלן צו די שטאָטראַטן אין וואַרשע און אין לאָדזש. די בונדישע מפּלות האָבן קאָרנפעלדן געגעבן די געלעגנהייט צו איזדיעקעווען זיך איבערן בונד אין פּוילן און צו שיטן זאַלץ אויף די אָפענע ווונדן פון די בונדיסטן אין בערלין. איך, דער דעמאָלטדיקער בונדיסט און געשווורענער אַנטי־ציוניסט בין געזעסן, זיך צוגעהערט און געשוויגן, און אַזוי אויך די אַנדערע בונדיסטן, ווייל געוווּסט האָבן מיר, אַז די מפּלות וועגן וועלכע ס׳רעדט קאָרנפעלד, זענען פאַקטן.

און געוווּסט האָב איך אויך, ווער עס זענען די שולדיקע אין דער וואַרשעווער טראַגעדיע, אַז די טאַטעס פונעם בונדישן אומגליק זענען די בונדישע פירערס, מיטגלידער פונעם „פּוילישן קאָמיטעט״ און פונעם וואַרשעווער קאָמיטעט פון בונד: י. פאָרטנאָי (יוזעף), דוד מייער און זייערע אונטערשטיצערס.

נישט אין די מעמואַרן מיינע איז דאָס אָרט זיך צו פאַרנעמען מיטן דערציילן די געשיכטע און מיט אַנאַליזירן די סיבות פון דער מפּלה פון בונד בעת די וואַלן צום שטאָטראַט אין וואַרשע און אין לאָדזש. דאָס לאָז איך איבער פאַר דעם אָביעק־טיוון היסטאָריקער. צוויי מאָמענטן וויל איך פון דעסטוועגן פאַרצייכענען:

1. הגם כ׳האָב דעמאָלט מיט וולאַדימיר מעדעם זיך געפונען אויפן ראַנד פון צוויי קעגנזעצלעכע פּאָליטישע פּאָלוסן, און אויך די אַרגומענטאַציע איבער ייִדישע נאַציאָנאַלע ענינים איז שוין געווען אַ פאַרשיידנאַרטיקע, האָב איך הונדערט פּראָצענט געשטיצט וולאַדימיר מעדעמס ביטערע קריטיק קעגן דעם וואַרשעווער קאָמיטעט פון בונד לגבי די וואַלן צום שטאָטראַט אין וואַרשע — אַ קריטיק קעגן דעם פּסיידאָ־אינטערנאַציאָנאַליזם פון אַ יוזעף און אַ דוד מייער, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיט שווערע פּאָליטישע רעזולטאַטן פאַרן בונד אין פּוילן.

2. בעת די וואַלן אין לאָדזש אין 1917 האָבן די פּועלי־ציון אַרויסגעפּירט אין דער עפנטלעכקייט אַ מענטש, וועלכער האָט שפּעטער געשפּילט אַ אָנגעזעענע ראָלע אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין לאָדזש און אין פּוילן — האַלענדערסקי, איינער פון די פירערס פון די לינקע פּועלי־ציון אין פּוילן.

(האַלענדערסקי איז אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס. וועגן מיינע פאַר־בינדונגען מיט האַלענדערסקין, ווי אַ טוער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פּוילן, וועט מיר נאָך אויסקומען צו דערציילן).

ס׳געדענקט זיך אויך אַ סימפּאָזיום אויף דער טעמע „מיזרח־ און מערב־יידנטום״, מיטן אָנטייל פון ד״ר זלאָטשיסטי און אָסקאַר קאָהן מצד דעם מערב און אַהרן סינגאַלאָווסקי און אינזשעניר טשערניאַק מצד דעם מיזרח, איינגעאָרדנט פון פּרץ־פאַראיין בשותּפות מיטן פאַראיין פון דער יידיש־דייטשישער ציוניסטיש־געשטימטער שטודירנדיקער יוגנט, וועלכע האָט זיך געפונען בשכנות מיטן פּרץ־פאַראיין, אין איין בנין.

ד״ר זלאָטשיסטי איז געווען דער פּאַטראָן פונעם פאַראיין פון דער דייטשיש־יידישער ציוניסטיש־געשטימטער שטודירנדיקער יוגנט, אַ באַאַמטער פון דער דייטשישער רעגירונג אין טערקיי. זיין רעדע איז געווען פון אַ דייטשיש־פּאַטריאָ־טישן כאַראַקטער פּלוס ציוניזם. אָסקאַר קאָהן איז געווען אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט, אַן „אומאָפּהענגיקער״, אַ דעפּוטאַט פון דייטשישן רייכסטאַג (פּאַרלאַמענט) — דער איינציקער צווישן די יידן, מיטגלידער פון רייכסטאַג, מיט ציוניסטישע סימפּאַטיעס. נאָך דער רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד — אַ דעקלאַרירטער ציוניסט. ס׳דערמאָנט זיך מיר, אַז אין דער דיסקוסיע אויפן סימפּאָזיום בין איך אַרויסגעטראָטן קעגן דער ציוניסטישער איינשטעלונג פון ד״ר זלאָטשיסטי. אין דער פּאָלעמיק מיט אָסקאַר קאָהן האָב איך זיך באַנוצט מיט דער אויסגעצייכנטער רעטאָריק פון וולאַדימיר מעדעמס באַרימטן אַרטיקל אין דער „לייפּציגער פאָלקסצייטונג״: „שיידעמאַן, שיידעמאַן, וואָס גייען דיך די יידן אָן״.

דער ציל פונעם סימפּאָזיום איז באַשטאַנען נישט בלויז צו ברענגען צום אויס־דרוק דעם געדאַנקענגאַנג, אָפּשאַצונגען און אויספירונגען איבער יידישע גרונט־פּראָבלעמען מצד די מיזרח־ און מערב־יידן, נאָר אויך ווי אַ פּרווו פון אַ דערנענטע־רונג צווישן די דאָזיקע צוויי טיילן פונעם יידישן פאָלק. קיין פּראַקטישע רעזולטאַטן האָט דער סימפּאָזיום נישט געבראַכט; קיין דערנענטערונג איז נישט צו שטאַנד געקומען אַפילו צווישן די מיטגלידער פונעם פּרץ־פאַראיין און די מיטגלידער פונעם יוגנט־פאַראיין, וועמענס אָרגאַניזאַציעס ס׳האָט אָפּגעטיילט בלויז אַ שטאָק שטיגן. צו אַ פּערזענלעכע פריינדשאַפט צווישן איינצלנע פון די ביידע פאַראיינען איז עס פון דעסטוועגן דאָך געקומען.

באַזונדערס בולט איז אין זכרון פאַרבליבן דער קאָנצערט, וואָס דער פּרץ־פאַראיין האָט זומער 1917 איינגעאָרדנט מיטן אָנטייל פון מנחם קיפּניס.

מנחם קיפּניס איז געווען אַ כאָריסט אין דער וואַרשעווער אָפּערע. עטלעכע יאָר פאַרן אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט ער אָנגעהויבן דרוקן אין „היינט" רעצענזיעס וועגן מוזיק און אויך אַ פּריטיקדיקן פעליעטאָן: אַ שמועס פון אַ ייִד מיט אַן אַנטיסעמיטישן פּריץ ביי אַ „האַלב־שוואַרצער" קאַווע אין סעמאַ־דיניס צוקערניע. קיפּניסעס פעליעטאָנען זענען געווען לעבעדיק געשריבן און געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג ביי די לייענער פון „היינט".

בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה איז קיפּניס געווען דער ערשטער, וואָס האָט אָנגעהויבן געבן קאָנצערטן פון ייִדישע פאָלקסלידער, פריִער אַליין, און שפּעטער, מיט דער זינגערין זעליגפעלד. זיינע קאָנצערטן זענען געוואָרן זייער פּאָפּולער.

דער י. ל. פּרץ־פאַראיין אין בערלין האָט אין דעם זאַל פון דער בערלינער פילהאַרמאָניע איינגעאָרדנט אַ קאָנצערט פון ייִדישע פאָלקסלידער מיטן אָנטייל פון מנחם קיפּניס. ס'איז אָנגעגאַנגען אַ לאַנגע קאָרעספּאָנדענץ צווישן קיפּניסן מיט די ליטעראַרישע ספּעצן פונעם פּרץ־פאַראיין, וואָס יאָ און וואָס נישט צו זינגען. די רעקלאַמע אין דער דייטשישער פּרעסע איז געווען אַ גוט אָרגאַניזירטע. דער עולם אויפן קאָנצערט איז געווען אַ געמישטער, פון אָסטיִדן און פון דייטשישע ייִדן, און אויך אַ באַדייטנדיקע צאָל נישט־ייִדן. קיפּניס האָט נישט פאַרמאָגט קיין גרויסע שטימע. ער האָט זיך געהיטן פון באַנוצן צו הויכע טענער און איבערצוזינגען זיך. זיין זינגען די ייִדישע פאָלקסלידער האָבן פאַרמאָגט אַלע חנען און טעמים.

דער קאָנצערט איז אַדורך מיט אַ ריזיקן דערפאָלג. די דייטשישע פּרעסע: דער „בערלינער טאַגעבלאַט", „די פאָסישע צייטונג" און אַנדערע דייטשישע צייטונגען האָבן וועגן דעם קאָנצערט געשריבן די העכסטע לויבווערטער, סיי וועגן די פאָלקסלידער, וואָס זיי האָבן באַצייכנט ווי אַ קולטור־פענאָמען פון די ייִדן אין אָסטען, און סיי וועגן דעם זינגער. דער פּרץ־פאַראיין איז געוואָרן סאַלאָן־פעיִק אין די אויגן פון די דייטשישע יאַהודים.

נאָך דעם קאָנצערט איז געפּראַוועט געוואָרן אַ סעודה אינעם לאָקאַל פונעם פּרץ־פאַראיין. אין פאַרלויף פון אַ שעה צייט איז דאָרט געווען אַ שפע פון אַל דאָס גוטס, פון געטראַנקען, דעליקאַטעסן, געבעקסן און פרוכטן. די סעודה האָט געדויערט אַ גאַנצע נאַכט ביז אין טאָג אַריין. אַ וועלט מיט לידער זענען געזונגען געוואָרן, פון קיפּניסן און בציבור.

אין מיין לעבן איז מיר אויסגעקומען צו פאַרברענגען נישט אויף איין ליאַמע, אָבער קיין איינע פון זיי האָט זיך נישט אַזוי איינגעקריצט אין מיין זכרון, ווי די פון נאָך קיפּניסעס קאָנצערט זומער 1917 אין בערלין.

וועגן דעם פּרץ־פאַראיין אין בערלין אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה קען מען אָן אַ שמץ פון איבערטרייבן זאָגן: דער י. ל. פּרץ־פאַראיין אין בערלין איז אין איכות און אין כמות געווען אַ פּראַכטפולע אָרגאַניזאַציע — איינע פון די שענסטע אָרגאַניזאַציעס, אין וועלכע כ'האָב זיך ווען עס איז באַטייליקט.

## דער אַנפּאַן־טעריבל פֿונעם פּרץ־פֿאַראיין

באַלד נאָך מײַן קומען קײַן בערלין בין איך אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין דער אַקטיווער טעטיקייט פֿון י. ל. פּרץ־פֿאַראיין און פֿון דער בונדישער גרופּע אַרום דעם דאָזיקן פֿאַראיין. נישט געקוקט אויף מײַן יונגן עלטער, בין איך געוואָרן איינער פֿון די פֿירנדיקע טוערס פֿונעם פֿאַראיין און פֿון דער בונדישער גרופּע, אַן עפּנט־לעכער וואָרטזאָגער פֿון דער בונדישער פּראַקציע, אַ „ספּעץ" פֿון אַנטי־ציוניזם און רעוואָלוציאָנערישקייט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, אָבער אויך אַ קאָנטראָווער־סאַלע פֿיגור אינעם פּרץ־פֿאַראיין און אין דער בונדישער גרופּע. פֿאַר מײַן אַנטי־ציוניזם האָב איך געהאַט די פֿולע אונטערשטיצונג פֿון אַלע בונדיסטן און פֿון אַ באַדייטנדיקן טייל פֿון דער אַ"ג אומפּאַרטייִשער קולטור־גרופּע; פֿאַר מײַן רעוואָ־לוציאָניזם אין דער אַרבעטער־באַוועגונג האָב איך געמוזט פֿירן אַ קאַמף אויף צוויי פֿראָנטן: מיט די פּראָמינענטן פֿונעם פּרץ־פֿאַראיין, און מיט פֿירערס פֿון דער בונדישער גרופּע.

דאָס האָבן קעגן זיך אַזעלכע ריזן ווי רובאַשאָוו, ליפּשיץ, קאָרנפֿעלד אין מײַן קאַמף קעגן ציוניזם, און אַזעלכע דערפֿאַרענע פּאָליטיקערס און פֿאַרהאַרטעוועטע מענשעוויקעס ווי ס'זענען דעמאָלט געווען די סינגאַלאָווסקיס און טשערניאַקס; דאָס האָבן קעגן זיך אַזאַ אָראַטאָרישן גדול ווי אַהרן סינגאַלאָווסקי, און אַזעלכע רעדנערס ווי רובאַשאָוו און ליפּשיץ, האָט מיך געצווווּנגען גוט דורכצולערנען דעם קעגנשטאַנד, וועגן וועלכן ס'איז מיר אויסגעקומען צו רעדן.

אין י. ל. פּרץ־פֿאַראיין האָב איך קיין האָניק נישט געלעקט. נישט איין מאָל בין איך דאָרטן געוואַשן און געצוואָגן געוואָרן אויף הייס און אויף קאַלט. די שמיץ, וואָס איך פֿלעג פֿון צייט צו צייט אַרײַנכאַפּן פֿון סינגאַלאָווסקי, רובאַשאָוו, טשער־ניאַק און זייערס גלײַכן האָבן געמוזט גיין אין קאָפּ אַרײַן. כּדי צו קענען אײַנהאַלטן די פּאָזיציע פֿון אַן אָנפֿירנדיקן טוער אין פּרץ־פֿאַראיין און אין דער בונדישער גרופּע, בין איך געצווווּנגען געווען צו לערנען, צו אַרבעטן איבער זיך און זיך צוצואײַגענען די מעלות פֿון געוויסנהאַפֿטיקייט און אַחריות, צו דערלערנען די תּורה פֿון קאָאָפּערירן מיט מענטשן מיט אַנדערע אידעיִשע אײַנשטעלונגען, פּרינציפּן און אינטערעסן, באַגרײַפֿן, אַז נישט שטענדיק קען מען קריגן וואָס מען וויל, און צו האָבן מוט און קוראַזש צו קעמפֿן פֿאַר שטעלונגען, מיינונגען און שטאַנדפּונקטן.

אין י. ל. פּרץ־פֿאַראיין אין בערלין האָב איך באַקומען די פֿעיִקייט פֿון אַ נישט שלעכטן פּאָלעמיקער, אַ ברייטערע פּראַקטיק פֿון אַ געזעלשאַפֿטלעכן טוער, און — געקרוינט געוואָרן מיטן נאָמען „אַנפּאַן־טעריבל פֿונעם פּרץ־פֿאַראיין".

מײַן ערשטער דעביוט אין י. ל. פּרץ־פֿאַראיין איז פֿאָרגעקומען שוין אין דעם ערשטן שבת־צונאַכטס פֿון מײַן קומען קײַן בערלין.

געקומען אינעם לאָקאַל פונעם פּרץ־פּאַראַיין בין איך אין דער באַגלייטונג פון אינזשעניר טשערניאַק. ווען מיר זענען אָנגעקומען, איז דער לאָקאַל, ווי תּמיד שבת צו נאַכטס, געווען איבערגעפּאַקט. אויפן פּאָדיום איז געשטאַנען קאָרנפעלד, איינער פון די פּועלי־ציוניסטישע גדולים, און רעפערירט וועגן אַ ציוניסטישן ענין. איך האָב זיך באַטייליקט אין דער דיסקוסיע און קאָרנפעלד איז געווען מיין קרבן. מיין רעדע איז דורכן גרעסטן טייל פון די צוהערערס וואַרעם אויפגענומען געוואָרן. נאָך דער דיסקוסיע האָבן מיך אַ סך אַנוועזנדיקע באַגריסט און ס'האָט זיך פאַרזאַמלט אַרום מיר אַן עולם, וואָס האָט קאָמענטירט מיין רעדע.

ס'דערמאָנט זיך מיר אַ קוריאָזע סצענע. איינער פון געזעמל האָט זיך אַרויסגערוקט און צווישן אים און מיר איז פאָרגעקומען אַזאַ דיאַלאָג: פון וואַנען קומט אַ חבר? — פון דער מאַמעס בויך. — כ'מיין, פון וואַנען שטאַמט איר? — פון פרומע חסידישע עלטערן. — אַן קאַטאָוועס, פון וואָס פאַר אַ שטאָט פון פוילן זענט איר? — דאָס האָב איך שוין דערציילט דעם הויפּטמאַן פונעם פּאָליציי־באַצירק. — איר זענט אַ בונדאָוויעץ? — וואָס דען זאָל איך זיין, אַ משומד? — איר קענט, זע איך, נישט נאָר שאַרף פּאָלעמיזירן, נאָר אויך זיך פיין וויצלען. — איך הייס יהודה לאַנדאָ, אַ פּועלי־ציוניסט, נאָט אייך אַ פינפטל און לאָמיר ווערן גוטע־פריינד. און מיר זענען געוואָרן האַרציקע פערזענלעכע פריינד אין דער גאַנצער צייט, וואָס כ'האָב געוווינט אין בערלין. (יהודה לאַנדאָ, אַן אינטעליגענטער און שאַרפזיניקער בחור, איז שפּעטער געוואָרן אַ בונדיסט. געוווינט אין אַמסטערדאַם און אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציִשע רוצחים).

אין דעם געזעמל האָט זיך מיר געוואָרפן אין די אויגן איינער פון די צוהערערס, אויף וועמענס פּנים ס'האָט געריזלט אַ סאַרדאָנישער שמייכל. צום סוף פונעם דיאַלאָג האָט יענער צו מיר אַ זאָג געטאָן: „יונגער־מאַן, אייער דיאַלעקט איז אַ וואַרשעווער". ס'האָט מיך פאַרדראָסן דער איראָנישער „יונגער־מאַן" און כ'האָב אים טראַציק געענטפערט: „אין אייער עלטער וואָלט איר שוין געדאַרפט וויסן ווער ס'איז אַ נביא". אַ ווײַלע איז זיין קלוג פּנים פאַרכמורעט געוואָרן, אָבער גלייך זיך אויסגעלייטערט און צוריקגעקריגן דעם פריִערדיקן שמייכל. ער האָט אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף מיין אַקסל און אַ זאָג געטאָן: „מ'דאַרף אייך האָבן אין פּרץ־פּאַראַיין. איר זענט יונג, אַ פרישׁ פּנים — און חוצפּהדיק. מיר וועלן זיך מסתּמא נישט איין מאָל באַגעגענען".

געווען איז דאָס אַהרן סינגאַלאָווסקי. צום ערשטן מאָל האָב איך געהערט דעם נאָמען און געזען דעם מענטשן. זיין נביאות איז מקוים געוואָרן. שאַרפע ווערטער־דועלן און ביטערע געפעכטן איז מיר אויסגעקומען צו פירן מיט אַהרן סינגאַלאָווסקין אויפן פאָרום פונעם פּרץ־פּאַראַיין וועגן רעכטס און לינקס אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. נישט איין מאָל האָב איך פון אים געקריגן אַריינגעפּיצקעט, אַז אַ רויך איז געגאַנגען — און פון אים אַ סך געלערנט.

צו מאָרגנס, זונטיק נאָך מיטאָג, איז אין פּרץ־פּאַראַיין פאָרגעקומען אַן אַלגע־

מיינע פאַרזאַמלונג פון דער בונדישער פראַקציע. צו דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג האָבן זיך די בונדישע פראַקציע־מיטגלידער געגרייט אַ לאַנגע צייט. די טאָג־אָרדענונג איז באַשטאַנען פון 4 פונקטן: דערעפענונג, באַריכטן און ווייטערדיקע טעטיקייט, רעפעראַט וועגן די פאַרהעלטענישן אין דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וואַלן פון אַ פראַקציע־אָנפירונג (אין בערלין האָט מען די אָנפירונג גערופן „לייטונג").

דער דערוויילטער פאַרזיצער, אינזשעניר טשערניאַק, האָט פאָרגעלייגט אָראָפּ־צונעמען דעם פונקט רעפעראַט, און אַנשטאָט דעם, זאָל איך באַריכטן וועגן דער בונדישער און געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט אין דאָרטמונד און אין די אַרומיקע שטעט פון דאָרטמונד. מיין באַריכט־רעפעראַט און די דיסקוסיעס האָבן פאַרנומען אַ סך צייט. פּאָליטיש האָט פון מיר אַרויסגערעדט די „לייפּציגער פאָלקסצייטונג", וואָס כ'האָב אין פאַרלויף פון אַ רייע חדשים רעגלמעסיק געלייענט. אין דער דיס־קוסיע האָט זיך אויך באַטייליקט איזידאָר לאַוב, און אין זיין רעדע האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אויף די פּאָליטישע אַקצענטן פון מיין באַריכט־רעפעראַט. צום ערשטן מאָל האָב איך געהערט אַן עפנטלעכע רעדע אין נוסח פון „ספּאַרטאַקוס־בונד". לאַובס רעדע האָט אויף מיר געמאַכט אַן איינדרוק און איז געוואָרן אַ סטימול זיך נעענטער צו באַקענען מיט דער ראַדיקאַלער ריכטונג אין דער דייטשישער סאָציאַ־ליסטישער באַוועגונג, וואָס כ'האָב מיט עטלעכע חדשים שפּעטער אַדאָפּטירט. כ'בין געוואָרן אַ מיטגליד און (דער ערשטער) יידיש־יידישער טוער פונעם „ספּאַרטאַקוס־בונד" אין בערלין.

ווען מ'האָט פאָרגעלייגט קאַנדידאַטן צו דער „לייטונג", איז מיין נאָמען אָנגע־רופן געוואָרן פון אַלע זייטן אין זאַל. איך בין דערוויילט געוואָרן ווי אַ מיטגליד פון דער אָנפירונג פון דער בונדישער פראַקציע אין י. ל. פּרץ־פאַראיין, אַגב, דער צווייטער לויט דער צאָל אָפּגעגעבענע שטימען אין געהיימע וואַלן.

לזכּרון איז כּדאַי צו פאַרצייכענען די נעמען און עטוואָס פון די כאַראַקטעריס־טיקעס פון די מענטשן, וואָס זענען דערוויילט געוואָרן אין דער בונדישער פראַקציע־אָנפירונג:

אינזשעניר טשערניאַק, אַ געוועזענער בונדישער פּאַרטיי־פונקציאָנאַר אין די רעוואָלוציע־יאָרן פון 1905. אַן עלעקטראָ־אינזשעניר, באַשעפטיקט געווען אין דער גרויסער פאַבריק פון סימענס און האַלסקי. אַן עקסטרעמער מענשעוויק. אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה — אַן אָנהענגער פונעם רעכטן פליגל פון די „אומאָפּהענגיקע" (קאַרל קאַוטסקי, עדוואַרד בערנשטיין). אין 1922 — אַ דעקלאַ־רירטער קאָמוניסט און אַ מיטאַרבעטער אין די סאָוועטישע האַנדלס־אַגענטורן אין בערלין. שפּעטער אין מאָסקווע — איינער פון די הויפּט־אינזשענירן און דירעקטאָרן פון דער מאָסקווער עלעקטריע־געזעלשאַפט.

טיקאָטשינסקי. אַ קאָוונער. אַ סטודענט פון בערלינער אוניווערסיטעט. גראַווי־טירט צו די באָלשעוויקעס. אַן אָנהענגער פונעם לינקן פליגל פון די „אומאָפּהענגיקע"

(לעדעבור, ערנסט דוימיק, אייכהאָרן, דיטמאַן, האָפּמאַן). נאָך דער רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד — איינער פון די שאַפערס פונעם קאָמבונד אין ליטע. אין 1922 — אַ מיטאַרבעטער אין די סאָוועטישע ווירטשאַפט־אַגענטורן אין בערלין.

איזידאָר לאָוב. אַ גאַליציאַנער. אַ פונקציאָנאַר פונעם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די טאַבאַק־אַרבעטער אין בערלין. איינער פון די שאַפערס פון דער גרופּע „אינ־טערנאַציאָנאַלע" פון „ספּאַרטאַקוס־בונד", און פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי דייטשלאַנדס. נאָך דער רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד — געהילף פון בערלינער פּאָלי־ציי־פּרעזידענט (פּאָליציי־פּרעזידענט איז געווען אייכהאָרן). איינער פון די פּאָרזי־צערס פון דער ערשטער קאָנפערענץ פון ק.פּ.ד. און איינער פון די שאַרפסטע קעגנערס פון דער שטעלונג פון ראָזאַ לוקסעמבורג די ק.פּ.ד. זאָל זיך באַטייליקן אין די וואַלן צו דער דייטשישער קאָנסטיטואַנטע. אין 1921 אַרויסגעטראָטן פון ק.פּ.ד. מיט דער גרופּע פון ד"ר לעווי. לאָוב איז געווען דער פאַרוואַלטער פונעם פאַרלאַג פון ק.פּ.ד., און נאָך זיין אַרויסטריט האָט ער צוגענומען דעם פאַרלאַג — אַ פאַרמעגן פון אַ האַלבן מיליאָן דאָלאַר. לאָוב איז שפּעטער אַוועק קיין בעלגיע און אין די פאַראייניקטע שטאַטן. געשטאָרבן אין ניו־יאָרק.

אַלטמאַן. אַ טשענסטאָכאָווער. אַ געוועזענער ישיבה־בחור און אַן עקסטערן. אַ פעיִקער אָרגאַניזאַטאָר. דערטרונקען געוואָרן אין 1917 שפּילנדיק זיך אין דער אָזערע אין גרינאַו, לעבן בערלין. אַגב, צווישן דער גרופּע, וואָס האָט זיך מיט אַלטמאַנען געשפּילט איז אויך געווען ליזאַ לאָוב, די פרוי פון איזידאָר לאָוב, וועלכע איז טראַגיש אומגעקומען פון אַן אויטאָ־קאַטאַסטראָפע אויפן בית־עולם פונעם אַר־בעטער־רינג אין ניו־יאָרק.

אינזשעניר נירענבערג. אַ לאָדזשער. אַן אַלטער פּראָ־באָלשעוויק און איינער פון די ערשטע בונדיסטן אין בערלין (חוץ לאָוב און איך), וואָס האָט זיך אָן רעזערוון געשטעלט אויף דער זייט פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד.

פעלע נירענבערג. אינזשעניר נירענבערגס פרוי. אַ לאַנגיאָריקע ביבליאָטעקאַרין אין אַ לעגאַלער עקסיסטירנדיקער ביבליאָטעק אין לאָדזש אונטער דעם צאַרישן רעזשים.

בינשטאָק. אַ לאָדזשער. אַ וועבער. אַן אינטעליגענטער און באַלעזענער אַרבע־טער. געשריבן קאָרעספּאָנדענצן פון לאָדזש אין דער בונדישער צייטשריפט „די צייט", וואָס איז אין די יאָרן 1913—14, ביז צום אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, דערשינען אין פּעטערבורג. אַ לינק געשטימטער. נאָכן צוריקקומען קיין לאָדזש — באַשעפטיקט געווען אין איינער פון די לאָדזשער קאָמונאַלע אינסטיטוציעס. אין בונד געהערט צו דער לינקער פראַקציע און שפּעטער צו דער קאָמבונדישער פראַקציע. נאָך דער שפּאַלטונג פון בונד אין האַרבסט 1921 — פאַרבליבן אין בונד.

מורנו. אַ לאָדזשער. אַ האַנדלס־אָנגעשטעלטער. אַ זייער פעיִקער אָרגאַניזאַטאָר. שוין אין די יאָרן פון 1917—18 זיך פאַרנומען מיט האַנדל. נאָך דער רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד געוואָרן אַ גרויסער עושר און אַוועק פון געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

זאַכאַריאַש. זיין באַשעפטיקונג איז מיר אומבאַקאַנט. נאָכן צוריקקומען קיין פּוילן געווען דער פירער פון בונד אין טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק.

אַ גראָדנער. פון פאַך אַ מעכאַניק ביי ציגאַרעטן־מאַשינען. געאַרבעט אין דער פּאַפּיראָסן־פאַבריק פון שערעשעווסקי אין גראָדנע, און אַ רייע יאָרן אין פּאָליאַ־קעוויטשס פאַבריק אין וואַרשע. געקומען קיין בערלין נאָך פאַרן אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און געאַרבעט אין דער גרויסער טאַבאַק־פאַבריק „גאַרבאַטי" אין פּאַנקאָוו. דער דאָזיקער מיטגליד פון דער אָנפירונג פון דער בונדישער פראַקציע איז געווען דער איינציקער שיידעמאַנער צווישן די בונדיסטן אין בערלין. לײדער געדענק איך נישט זיין נאָמען און פאַמיליע. איך געדענק אָבער זייער גוט זיין פיזיאָ־נאָמיע און קול, וואָס איז געווען ווי צוויי טראָפּנס וואַסער ענלעך צו דער פיזיאָנאָמיע און צום קול פון גריגאָרי זינאָוויעוו. ווען כ'האָב אין 1921 צום ערשטן מאָל דערזען זינאָוויעוון און געהערט זיין קול, איז מיין ערשטער אימפּולס געווען צוצולויפן צום רעדנער און אַ פרעג טאָן: „העי, שיידעמאַנער, ווי קומסטו אין קאָמינטערן?"

קנאָפּ. אַ גאַליציאַנער. פון פאַך אַ בוכהאַלטער. אַ מענטש מיט אַן ענציקלאָפּעדיש וויסן און אַן אָנהענגער פון די לינקע „אומאָפּהענגיקע".

2 גאַליציאַנער. זייערע נעמען געדענקען זיך, לײדער, נישט.

הערשל מעטאַלאָוויעץ.

די דערוויילטע עקזעקוטיווע איז באַשטאַנען פון 5 פּערזאָן: טשערניאַק — פאָרזיצער, טיקאָטשינסקי — סעקרעטאַר, לאָוב — קאַסירער, אַלטמאַן און הערשל מעטאַלאָוויעץ — דער „לעבענס־פראַגען"־רעסאָרט.

דער צוזאַמענשטעל פון דער אָנפירונג פון דער בונדישער פראַקציע אין פּרץ־פאַראיין אין בערלין אין די יאָרן 18–1916, האָט מיט זיינע קוואַליטעטן, פּאָליטישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע, דרייסט געקענט קאָנקורירן מיט יעדער לאָקאַלער אָנפירונג פון וועלכער ס'איז פּאָליטישער פּאַרטיי. פאַר מיר איז מיין מיטאַרבעט אין דער אָנפירונג פון דער בונדישער פראַקציע פון פּרץ־פאַראיין געווען אַ גוטע שולע פאַר מיינע וויטערדיקע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן.

עטלעכע עפּיזאָדן אין שייכות מיט מיינע אַקטיוויטעטן אין פּרץ־פאַראיין איז כדאי צו דערציילן.

### די „לעבענס־פראַגען"

איינע פון מיינע ערשטע און וויכטיקסטע טעטיקייטן אין בערלין איז געווען דאָס פאַרשפּרייטן די „לעבענס־פראַגען". זינט כ'האָב אין דאָרטמונד דערהאַלטן דעם ערשטן נומער פון דער וואַרשעווער בונדישער וואָכנשריפט, איז זי געוואָרן מיין אָפּגעציטערט און אָפּגעהיטן קינד. אין בערלין האָט אַלטמאַן ווייטער דערפילט די פונקציע פון פאַרוואַלטער און קאָרעספּאָנדענט. איך האָב זיך פאַרנומען מיט דער פאַרשפּרייטונג.

דאָס פאַרקויפן די „לעבענס־פּראַגען" אין לאָקאַל פונעם פּרץ־פאַראיין איז נישט געווען קיין שווערע אויפגאַבע. פאַרן אַריינגאַנג אין לאָקאַל איז געשטאַנען אַ טישל און יעדן אָוונט האָט אַן אַנדער בונדיסט זיך פאַרנומען מיטן פאַרקויף.

מײַן אויפגאַבע איז געווען צו פאַרשפּרייטן די וואָכנשריפט מחוץ דעם לאָקאַל פונעם פּרץ־פאַראיין. אַ סך מי און צייט האָב איך אָוועקגעלייגט צו דערפילן די אויפגאַבע. אין די שבת־צונאַכטסן און די זונטיקס אין דער פרי פלעג איך באַזוכן יעדע אַכסניה, קאַפעהויז און רעסטאָראַן אויף דער גרענאַדיר־שטראַסע און באַמיט זיך צו פאַרקויפן וואָס אַ גרעסערע צאָל עקזעמפּלאַרן און צו זאַמלען אויפן פאָנד.

די קנאַפע 2 וואָכן, וואָס כ׳האָב געלעבט אין „האָטעל" אויף דער גרענאַדיר־שטראַסע, און דאָס באַקענען זיך מיט די פאַרשיידענע זאַמלפלעצער, ווו ס׳קומען זיך צונויף מיזרח־ייִדישע מענטשן, האָט מיר געגעבן אַ מעגלעכקייט זיך צו באַקענען מיט מיזרח־אייראָפּעיִשע ייִדן, פאַר וועמען די ייִדישע שפּראַך איז געווען די צוגענג־לעכסטע און פאַר אַ סך אַפילו די איינציקע לייענשפּראַך. די פלעצער און די מענטשן זענען געוואָרן דער אָפּזאַצמאַרק פאַר די „לעבענס־פּראַגען".

אין די דאָזיקע פלעצער האָב איך באַקומען דעם נאָמען „קאָמאַרניק". ס׳פלעגט נעמלעך טרעפן, אַז אַריינקומענדיק אין איינעם פון די פלעצער און טרעפנדיק באַקאַנטע וואַרשעווער אַרבעטער שפּילן אין קאָרטן אָדער אין דאָמינע, פלעג איך נעמען אַן עקזעמפּלאַר „לעבענס־פּראַגען", פאַרדעקן די „פּוליע" און דערקלערן: „חברה, ,קוויט', איר האָט אַלע דעם קאָן פאַרשפּילט. דאָס געלט נעם איך צו פאַר די ,לעבענס־פּראַגען'". איך געדענק נישט קיין איין פאַל, מ׳זאָל זיך מיר קעגנשטעלן. נישט איין מאָל איז געשען, אַז איך פלעג אַריינקומען מיטן פּאַק „לעבענס־פּראַגען" אין אַ שפּילפּלאַץ און אַז באַקאַנטע פלעגן מיך דערזען, האָט ווער אַ געשריי געטאָן: „,זעקס' (אַ וואָרענונג־צייכן פון דער אונטערוועלט פאַר אַ פּאָליציי־געפאַר; אין די פאַבריקן — אַז ס׳גייט ווער פון די באַלעבאַטים) — דער ,קאָמאַרניק' גייט".

## די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג

די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג אין י. ל. פּרץ־פאַראיין איז פאָרגעקומען אין דע־צעמבער 1916 אין אַ גרויסן זאַל אויף דער לינינען־שטראַסע, מיט דער באַטייליקונג פון כמעט אַלע מיטגלידער פונעם פאַראיין. לויט די פאַרשיידענע אָפּשטימונגען איז די אָפּשאַצונג געווען, אַז קרוב 1000 פאַראײַן־מיטגלידער האָבן זיך באַטייליקט אין דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג.

אין פּרץ־פאַראיין האָבן שוין עקזיסטירט אָרגאַניזירטע און דיסציפּלינירטע פראַקציעס, און פריערהאַפּט האָבן זיך די צדדים געגרייט צו דער פאַרזאַמלונג.

די גרעסטע אין צאָל איז געווען די בונדישע פראַקציע, וואָס איז באַשטאַנען פון בונדיסטן פון ליטע, פוילן, רוסלאַנד און גאַליציע. געגאַנגען צו דער פאַרזאַמלונג איז די בונדישע פראַקציע אונטערן לאָזונג פון אַ סאָציאַליסטישן כאַראַקטער פונעם

פרץ־פּאַראַיק. די פראַקציע האָט געהאַט אַ השפּעה און איז געשטיצט געוואָרן פון פאַרשיידענע סאָציאַליסטישע עלעמענטן: רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, עסערן, פּ.פּ.ס.־לעוויצע פון קאָנגרעס־פּוילן, פּ.פּ.ס.ד. פון גאַליציע, און אַנאַרכיסטן.

די צווייטע איז צאַל איז געווען די פּועלי־ציון־פראַקציע, וואָס האָט אַרומגענומען אונטער אירע פליגלען אַלע מינים ציוניסטן, און איז געשטיצט געוואָרן פון כּמעט אַלע פּרויען־מיטגלידערינס פון פּאַראַיק, וועלכע זענען אין זייער אַבסאָלוטן רוב באַשטאַנען פון בערלינער מיזרח־יידישע תּושבים. די פּועלי־ציון־פראַקציע איז געגאַנגען מיטן לאָזונג פון גלייכבאַרעכטיקונג פון דער סאָציאַליסטיש־ציוניסטישער ריכטונג אין דער יידישער אַרבעטער־סביבה און אין דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

די דריטע פראַקציע האָט זיך גערופן „אומפּאַרטייאישע קולטור־גרופּע", אָנגעפירט פון אַהרן סינגאַלאָווסקין, און איז געגאַנגען אונטערן לאָזונג פון נישט לאָזן פּאָליטיזירן און פּאַרטייאיזירן דעם פּאַראַיק.

די פאַרזאַמלונג האָט געעפנט אַהרן סינגאַלאָווסקי. מיט אַלע זיינע אָראַטאָרישע פעיִקייטן האָט ער געפּרעסט אויפן פּונקט פון נישט דערלאָזן פּאָליטיזירן און פּאַרטייאיזירן דעם פרץ־פּאַראַיק. אַ געשולטער און אַ דערפאַרענער פּאָליטיקער, און וויסנדיק אַז זיין גרופּע שטעלט מיט זיך פאַר דעם קלענסטן צד — האָט סינגאַלאָווסקי אַריינגעטראָגן אַ פאָרשלאָג, אַז די אָפּשטימונגען זאָלן פאָרקומען לויטן סיסטעם פון פאַר און קעגן, כּדי אויף דעם אופן צו זיין דער יעניקער, וועלכער זאָל דעצידירן וועגן די וויכטיקסטע ענינים. טשערניאַק איז אַרויסגעטראָטן קעגן דעם פאָרשלאָג. די פּועלי־ציון האָבן דעם פאָרשלאָג געשטיצט און ער איז אָנגענומען געוואָרן.

נאָך פאַר דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג האָט די עקזעקוטיווע פון דער בונדישער פראַקציע זיך באַשעפטיקט מיטן צוגרייטן אַ רשימה פון קאַנדידאַטן צו דער פאַרוואַלטונג און אַ קאַנדידאַט פאַר אַ פאָרזיצער אויף דער פאַרזאַמלונג. די צוויי פּאָסיקסטע קאַנדידאַטן פאַר אַ פאָרזיצער, טשערניאַק און לאָוב, האָבן זיך אָפּגעזאָגט אָנצונעמען דעם מאַנדאַט. לאָוב — מיטן מאָטיוו, אַז זיין נאָמען קען זיין אַ שטרויכלונג פאַר דער לעגאַליטעט פון פּאַראַיק; טשערניאַקס מאָטיוו איז געווען, אַז פאַר דער פראַקציע וועט זיין בעסער, אויב ער וועט זיך געפינען אויסערן פּרעזידיום און אויף דער פאַרזאַמלונג קענען אומגעשטערט אָנפירן מיט דער סטראַטעגיע און טאַקטיק פון דער פראַקציע. וועגן די צוויי פאַרבליבענע קאַנדידאַטן, טיקאָטשינסקי און איך, איז די מיינונג געווען, אַז איך בין פּאָסיקער, ווייל כ'בין שוין גוט באַקאַנט פאַר אַ סך מיטגלידער פונעם פּאַראַיק אַ דאַנק מיינע אַרויסטריטן, אַז כ'האָב זיך אַרויסגעוויזן צו זיין גאַנץ געלונגען ווי אַ פאָרזיצער ביים פירן דעם פאָרזיץ פון עטלעכע זיצונגען פון דער עקזעקוטיווע און פון פראַקציע־פאַרזאַמלונגען, און אַז אין די קאַמפן, וואָס שטייען פאַר אויף דער קומענדיקער פאַרזאַמלונג, וועל איך, אויב כ'וועל דערווײלט ווערן פאַר פאָרזיצער, זיין אַ האַרטערער בונדישער פּאַרטייער. איינשטימיק בין איך

געווילט געוואָרן ווי דער קאַנדידאַט פון דער בונדישער פראַקציע פאַרן פאָרזיצער פון דער קומענדיקער פאַראײן־פאַרזאַמלונג.

אויף דער פאַרזאַמלונג זענען ווי קאַנדידאַטן פאַר אַ פאָרזיצער אָנגערופן געוואָרן: אַהרן סינגאַלאָווסקי, זלמן רובאַשאָוו און הערשל מעטאַלאָוויעץ. אַהרן סינגאַלאָווסקי האָט זיך צוריקגעצויגן און פאַרגעלייגט דעם „אומפּאַרטייאיש" נחום סינגאַלאָווסקי (אינזשעניר נחום סינגאַלאָווסקי, אַן עלטערער ברודער פון אַהרן, אומגעקומען אין סאָוועטן־פאַרבאַנד), און געהאַלטן אַ שאַרפע רעדע קעגן די צוויי אַנדערע קאַנדידאַטן. אויך זלמן רובאַשאָוו האָט זיך צוריקגעצויגן און פאָרגעלייגט אויף זיין אָרט די קאַנדידאַטור פון זיין פּאַרטיי־חבר קאָרנפעלד. טשערניאַקס דערקלערונג איז געווען אַז די בונדישע פראַקציע בלייבט ביי איר קאַנדידאַט. אַהרן סינגאַלאָווסקי האָט אויסגענוצט זיין אַמט פון ציטווייליקן פאָרזיצער און ווייטער אַגיטירט קעגן די צוויי פּאַרטיי־קאַנדידאַטן און לטובת נחום סינגאַלאָווסקי. ווען ער איז געצוווּנגען געווען צו מאַכן אַן אָפּשטימונג, פאַר און קעגן, האָט קיינער פון די קאַנדידאַטן נישט באַקומען די נייטיקע צאָל שטימען. אין אַ הייסער אַטמאָספער זענען פאָרגעקומען דריי אָפּשטימונגען, און אַן אַ רעזולטאַט; די פאַרזאַמלונג איז געבליבן שטיין אויף אַ טויטן פונקט. דאַן האָט דער פועלי־ציוניסט ליפשיץ פאָרגעלייגט אַן איבעררייס און אַ קאָמיסיע פון 6 זאָל באַהאַנדלען און לייזן דעם קריזיס. דער פאָרשלאָג איז איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן.

אין דער קאָמיסיע זענען אַריין: אַהרן סינגאַלאָווסקי, ד״ר זעליגמאַן, זלמן רובאַשאָוו, ליפשיץ, טשערניאַק און איזידאָר לאַוב. לאַנג האָט די קאָמיסיע זיך געזוימט אין חדר־מיוחד און איינגעגאַנגען אויף אַ פרעזידיום פון 3 פּערזאָן. אַהרן סינגאַלאָווסקי האָט זיך איינגעשפּאַרט און דווקא געוואָלט, אַז אין פרעזידיום זאָלן זיך נישט געפינען קאָרנפעלד און איך — די פּאַרטיי־קנאים. די פועלי־ציון זענען גרייט געווען צו פאַרבייטן קאָרנפעלדן אויף ליפשיצן. טשערניאַק האָט אָבער קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט מיך צו פאַרבייטן אויף אַן אַנדערן, דערקלערנדיק, אַז קיינער קען נישט דיקטירן די בונדישע פראַקציע וועמען זי זאָל נאָמינירן פאַר אַן עפנטלעכן אַמט. ס׳איז געבליבן, אַז דאָס פרעזידיום באַשטייט פון נחום סינגאַלאָווסקי, קאָרנפעלד און הערשל מעטאַלאָוויעץ. די פּראָצעדור — אַז יעדע שעה זאָל זיך בייטן דער פאָרזיצער און די רייע זאָל זיין לויט אַ גורל. די פאַרזאַמלונג האָט איינשטימיק אָקצעפּטירט דעם באַשלוס פון דער קאָמיסיע.

די רייע לויטן גורל איז געווען: נחום סינגאַלאָווסקי, איך, קאָרנפעלד. נחום סינגאַלאָווסקי האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין אַ נישט איבעריק געלונגענער פאָרזיצער און איך האָב אים געדאַרפט „העלפן". דער סוף איז געווען, אַז איך בין געוואָרן דער פאַקטישער פאָרזיצער פון דער פאַרזאַמלונג. און כ׳וויל נישט זיין צו באַשיידן — נאָך דער פאַרזאַמלונג איז די איינשטימיקע מיינונג געווען, אַז כ׳האָב זיך ווי געהעריק געספּראָוועט מיט דער שווערער אויפגאַבע ווי דער פאָרזיצער פון דער גרויסער

אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון י. ל. פרץ־פאַראיין (משמעות, אַז די לעקציעס און די לערע פון וויקטאָר שולמאַן ווי אַזוי צו פירן אַ פאַרזאַמלונג, האָבן געהאַט אַ פּעולה).

אַהרן סינגאַלאָווסקי האָט נישט מוחל געווען די מפּלה, וואָס ער האָט געליטן אויף דער פאַרזאַמלונג, און קאָנצענטרירט זיין קאַמף אויפן צוזאַמענשטעל פון דער פאַרוואַלטונג. ער האָט געפירט אַ ביטערע אַגיטאַציע קעגן די צוויי פּאַרטיי־רעפּרע־זענטאַנטן אין פּרעזידיום — אַז קאָרנפעלד און איך זאָלן נישט דערווילט ווערן אין דער פאַראיין־פאַרוואַלטונג. ער האָט מאַניפּולירט און אינסטרויִרט זיין גרופּע, ווי אַזוי צו שטימען, כּדי דורכצופירן אַ מערהייט פון זיינע אָנהענגערס.

דער אויסגאַנג פון די וואַלן איז געווען אַן איבעררראַשנדיקער. פון די 15 ערטער אין דער פאַרוואַלטונג האָט דער בונד געקריגן עלף; די פּועלי־ציון — צוויי — ליפּשיץ און טורקעוויטש און די אומפּאַרטיייִשע — אויך צוויי — נחום און אַהרן סינגאַלאָווסקי. אַהרן האָט געקריגן אַ סך ווייניקער שטימען ווי זיין עלטערער ברודער. ס׳זענען דורכגעפאַלן זלמן רובאַשאָוו און קאָרנפעלד, די הויפּט־קאַנדידאַטן פון די פּועלי־ציון. ס׳איז אויך דורכגעפאַלן ד״ר זעליגמאַן, דער צווייטער אויף דער ליסטע פון די „אומפּאַרטיייִשע". איך בין דערווילט געוואָרן מיט אַ ריזיקער צאָל שטימען, דער דריטער אין דער רייע לויט דער צאָל שטימען, אָפּגעגעבענע אין געהיימע וואַלן: טשערניאַק, טורקעוויטש, הערשל מעטאַלאָוויעץ.

די בונדישע פראַקציע האָט דעם רעזולטאַט פון די וואַלן אויפגענומען מיט אַ יובל. אַהרן סינגאַלאָווסקי — מיט ווייטיק און מיט ביטערער אַנטוישונג. די פּועלי־ציון האָבן אויפגעהויבן אַ גוואַלד מיט באַרעכטיקטע פּרעטענסיעס, געסטראַשעט, אַז זייערע מענטשן וועלן נישט אָננעמען די מאַנדאַטן און אַז פּועלי־ציון וועט ציִען די געהעריקע קאָנסעקווענצן.

די סיטואַציע איז געווען אַ נישט אָנגענעמע. די לעגאַליזאַציע פון פאַראיין איז געווען אויפן נאָמען פון דריי בערלינער תּושבים: צוויי פּועלי־ציוניסטן און אַ בונ־דיסט. די בונדישע פראַקציע האָט אויסגענוצט די קאָנפוזיע און אויסגעשפּילט די פּועלי־ציון קעגן סינגאַלאָווסקין, מיט וועמען זי האָט געהאַט חשבונות. נאָך פאַר־צויגענע הינטער־קוליסן־פאַרהאַנדלונגען זענען צו די 15 דערווײלטע מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג צוקאָאָפּטירט געוואָרן נאָך 3 פּועלי־ציון: זלמן רובאַשאָוו, יהודה לאַנדאָ און איינער פון די ברידער טורנער. אויך ד״ר זעליגמאַן איז צוקאָאָפּ־טירט געוואָרן. פון דעמאָלט אָן האָט אַהרן סינגאַלאָווסקי באַמיט זיך נישט איינצורייסן מיט דער בונדישער פראַקציע.

בדרך כּלל, האָט די דערווײלטע פאַרוואַלטונג געאַרבעט האַרמאָניש. דאָס כאַ־ראַקטעריסטישע אין די קעגזייטיקע באַציִונגען אין פּרץ־פאַראיין איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס די אידעיִשע און פּאָליטישע מחלוקתן, און אַפילו ביטערע קאַמפן, ווי למשל אויף דער דערמאָנטער פאַרזאַמלונג, האָבן נישט געהאַט קיין ווירקונג אויף די פּערזענלעכע באַציִונגען. מיר האָבן געלעגנהייטלעך געמיינזאַם פאַרבראַכט אין אַ

קאַפּעהויז ביי אַ שעלעכל קאַווע, און בשעת פּריוואַטע צונויפקומען, פריינדלעך זיך קעגנזייטיק געקיבעצט און געמיטלעך געפירט שמועסן וועגן די פאַרשיידנסטע ענינים.

## אַנטי־ציוניזם

אויף די פאַרומס פון י. ל. פּרץ־פאַראַיין אין בערלין האָב איך גערינטן אויף צוויי רייטפערד: אַנטי־ציוניזם און רעוואָלוציאָניזם אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. ביז דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד איז דאָס הויפּטפערדל געווען אַנטי־ציוניזם, אָבער אויך נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט דאָס אַנטי־ציוניסטישע פערדל גאַלאָפּירט מיט נישט קיין שלעכטן דערפאָלג.

געווען בין איך אַן אַנטי־ציוניסט פון דער עקסטרעמסטער בונדישער מאַרקע. דער מינדסטער פּרט, וואָס האָט געהאַט, אָדער אין מיינע אויגן אויסגעזען צו האָבן, אַ שייכות צום ציוניזם — אידעאָלאָגיע, טעאָריע און פּראַקטיק — האָט ביי מיר אַרויסגערופן אַ רעאַקציע און קאַפּאַבל געווען אַרויסצוציִען פון דער שייד מיין אַנטי־ציוניסטישע שווערד און גיין אין שלאַכט: אַ קאַמף אַן פּאַרדאָן.

דער צאָלרייכער פּועלי־ציוניסטישער פּראַקציע האָבן נישט געפעלט קיין ריטער און קיין קנאים פאַרן ציוניזם. די הויפּט־רעפּרעזענטאַנטן און וואָרטזאָגערס זענען געווען: זלמן רובאַשאָוו, ליפשיץ און קאָרנפעלד. אַלע דריי זענען געווען מלא וגדוש מיט ייִדיש און וועלטלעך וויסן, מיט געזעלשאַפטלעכער דערפאַרונג, און רעדנערס פון אַ הויכן קאַליבער. שטרייטן מיט זיי איז נישט געווען פון די גרינגע זאַכן. מ׳האָט געדאַרפט קענען דעם ענין ציוניזם, באַקאַנט זיין מיט די פאַרשיידענע ריכטונגען אין ציוניזם, און גאַר באַזונדערס מיט יעדן אַקטועלן ענין, וואָס איז באַהאַנדלט געוואָרן אויפן פאָרום פונעם פּרץ־פאַראַיין.

פאַרשיידן זענען געווען נישט נאָר די פיזיאָגנאָמיעס און די באַשעפטיקונגען פון די דריי דערמאָנטע ציוניסטישע פאָרשטייערס, נאָר אויך זייער כאַראַקטער און די מעטאָדן פון זייער רעדן און דיסקוטירן.

זלמן רובאַשאָוו איז געווען אַ טיפּישער אינטעלעקטואַל, וואָס די בייזע נויט האָט אים געצווונגען אויך צו פאַרנעמען זיך מיט פּאָליטיק, און דערצו נאָך — מיט קליין־פּאָליטיק, ווי למשל אין אַ פּרץ־פאַראַיין. ער איז געווען לעקטאָר פון ייִדישער געשיכטע אין פּרץ־פאַראַיין און אַ מיטאַרבעטער פונעם אָפיציעלן ציוניסטישן אָרגאַן אין דער דייטשישער שפּראַך „די יודישע רונדשאַו״. רובאַשאָוו איז באַטראַכט געוואָרן פאַרן אויטאָריטעט אין ציוניסטישע ענינים. זיינע לעקציעס פון ייִדישער געשיכטע און זיינע רעפעראַטן אויף ציוניסטישע טעמעס האָבן אינהאַלט געהאַט אַלע מעלות פון אַקאַדעמיזם, אָבער נישט אין דער פאָרעם. זיין אופן פון רעדן איז געווען ווי פון אַ פּלאַמיקן בעל־דרשן. פון זיין פלאַמפייערדיקן פּאַטאָס, בפרט אין דער ראָלע פון אַ דיסקוטאַנט און פּאָלעמיקער, זענען די צוהע־

רערס, אַפילו די קריטישע צוהערערס, אָפט מאָל פאַרכאַפּט געוואָרן. מ׳האָט מיט רובאַשאָוון געקענט ביטער שטרייטן איבער אידעיִשע און פּאָליטישע פּראָבלעמען, אָבער רעספּעקט פאַר אים האָט מען געמוזט האָבן.

ליפשיץ איז געווען דער אַבסאָלוטער קאָנטראַסט פון רובאַשאָוון: אין אויסזען, קליידונג און אופן פון רעדן. ער איז געווען אַ הויכער באַאַמטער פונעם הילפס־פאַראיין פון די דייטשישע ייִדן, מיט מאַניערן פון אַן אייראָפּעער, אין יעדער האַנד־לונג זיינער האָט ער פּרעזענטירט דייטשישן פּעדאַנטיזם, קאָרעקטקייט און פּינקט־לעכקייט. זיין אופן פון רעפערירן איז געווען אַ געלאַסענער און אַ לאָגישער, אָן אַ שמץ פון מליצה, פול מיט פאַקטן, דאַטעס און ציפערן, ווי ער וואָלט אָפּגעגעבן אַ באַריכט פאַר זיינע דירעקטאָרן. אין דער פּאָלעמיק איז ער געווען שלאָגפאַרטיק, מיט אַ טרעפלעכער באַמערקונג, איראָנישער אינטערפּרעטאַציע פון קעגנערס אַ געדאַנק אָדער מיינונג, און אָפט מאָל אַפילו מיט אַ שניידיקן וויץ.

קאָרנפעלד איז געווען אַ בולטער טיפּ פון אַ קהלישער קליאַמקע. במשך פון לאַנגע יאָרן אַ פונקציאָנאַר אין די פּועלי־ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס אין גאַליציע — איז די פּועלי־ציוניסטישע ריכטונג געווען זיין איינציקער ברויטגעבער. יעדן אַנפאַל אויפן ציוניזם, בפרט אויפן פּועלי־ציוניזם, האָט ער אויפגענומען, ווי מ׳וואָלט אָנגעפאַלן אויף זיין פּריוואַטער אונטערנעמונג. זיינע רעפעראַטן זענען געווען באַמ־באַסטיש און באַלאָדן מיט פראַזן, מיט ציטאַטן פון אויטאָריטאַטיווע קוואַלן און פּערזענלעכקייטן, און פון דער הפטורה. אין דער פּאָלעמיק האָט ער נישט געוואַקלט זיך צו באַנוצן מיט דער ביליקסטער דעמאַגאָגיע.

צו פירן אַ קאַמף קעגן די דערמאָנטע פאַרשטייערס פון ציוניזם אויפן פאָרום פונעם פּרץ־פאַראיין האָט מען געדאַרפט האָבן נישט נאָר די פעיִקייטן פון אַ רעדנער, דאָס נייטיקע וויסן, קענען דעם אָביעקט פון דער טעמע, נאָר אויך באַזיצן די ספּעציפישע מעטאָדן פון קאַמף, וואָס זאָלן אַנטשפּרעכן יעדן פון זיי באַזונדער.

נישט שלעכט באַהאַוונט מיט דער אידעאָלאָגיע, פּאָליטיק און פּראַקטיק פון ציוניזם, און פאַרמאָגנדיק געוויסע פעיִקייטן פון אַ רעדנער, בין איך געווען דער וואָרטזאָגער מצד דעם אַנטי־ציוניסטישן לאַגער, מצד בונד, און מצד באַדייטנדיקע טיילן פון דער אָ״ג אומפּאַרטייִשער קולטור־גרופּע.

אין מיין אַרסענאַל פון אַנטי־ציוניסטישן וואָפן האָט זיך אויך געפונען געווער, וואָס האָט געשטאַמט פון ציוניסטישן לאַגער גופא. די קאַנאָנען זענען געווען: אחד־העם און ד״ר רופּין. דער ערשטער — מיט זיין באַגרינדונג פון אַ מרכז־רוחני, און רופּין — מיט זיין פּאַלעסטינער דעמאָגראַפיע. ווען ס׳האָט זיך געהאַנדלט אין אַקטועלע ענינים, בין איך אַוועק אין דער ייִדישער ביבליאָטעק אויף אָראַניענבור־גער שטראַסע, אין וועלכע כ׳בין געווען אַ שטאַמגאַסט, און מיט דער הילף פון פאַרוואַלטער און ביבליאָטעקאַר ליך, האָב איך ווי געהעריק זיך צוגעגרייט מיטן נייטיקן מאַטעריאַל. באַזונדערס בייהילפיק איז מיר געווען די פּועלי־ציוניסטישע

פּרעסע פון אַמעריקע מיט איר וויכטיקסטן מיטאַרבעטער זאַר, פון וועלכער איך פלעג שעפּן די געהעריקע און נייטיקע ידיעות און אינפאָרמאַציעס, און זאָרן קאָמענטירן אויף מיין שטייגער. נישט איין מאָל איז געשען, אַז אַפילו רובאַשאָוו, וואָס איז צוליב זיין מיטאַרבעט אין דער „רונדשאַו" געווען גוט אינפאָרמירט אין דער לויפנדיקער ציוניסטישער פּאָליטיק און אין דער פּועלי־ציוניסטישער פּראַקטיק, האָט געשטוינט פון די ידיעות און אינפאָרמאַציעס, מיט וועלכע כ'פלעג אָפּערירן, וויסנדיק פון דער פּראַקטיק, אַז די אינפאָרמאַציעס און די ציטאַטן, מיט וועלכע כ'באַניץ זיך, זענען רעיעלע און פּינקטלעכע.

צו יענער צייט, און אויך אַ רייע יאָרן שפּעטער, האָב איך ליב געהאַט זיך צו באַנוצן מיט ציטאַטן. איך פלעג באַטשוועקעווען מיינע רעפעראַטן — אָבער נישט אויף מאַסן־פאַרזאַמלונגען — און פּאָלעמיק מיט ציטאַטן, ווי אַ דאָקומענטאַלער באַווייז, אַז מיין טעזע, געדאַנק, אָדער שטאַנדפּונקט איז נישט קיין אימפּראָוויזירטער אָדער אַ צופעליקער, נאָר באַזירט אויף אַ געהעריקן יסוד און מאַטעריאַל. ערשט פון יאָר 1928 האָב איך פאַרוואָרפן דאָס באַנוצן זיך מיט ציטאַטן ווי אַ „קאָרפּוס דעליקטי". כ'בין פּשוט קראַנק געוואָרן אויף אַן אַנטי־ציטאַטן־אַלערגיע. כ'פלעג זיך באַנוצן און באַניץ זיך מיט אַ באַגרינדונג, מיינונג, שטאַנדפּונקט, פאַר אָדער קעגן, מיט אויטאָריטעטן, ביכער, אַרטיקלען און אָפּהאַנדלונגען, אָבער בלויז ביים איבערגעבן דעם אינהאַלט, געדאַנק און מיינונג און נישט אין ציטירן. מיין ציטאַטאָפאָביע איז אַ רעזולטאַט פון אַ געשעעניש: בעת דעם פערטן קאָנגרעס פון פּראָפינטערן, ערב פרילינג 1928 אין מאָסקווע, האָבן די אָנהענגערס פון דער טראָצקיסטישער און זינאָוויעוו־אָפּאָזיציעס אַריינגעפּירט אין זאַל פון אָפּגעהאַלטענעם קאָנגרעס צוויי אייזלען, באַלאָדן מיט די זעלבע ציטאַטן פון קאַרל מאַרקס, פרידריך ענגעלס, לענין און פון אַנדערע סאָציאַליסטישע אויטאָריטעטן, און די אויספירונגען זענען געווען קאַרדינאַל־קעגנזעצלעכע, דער אַבסאָלוטער היפּוך פון איינע און די זעלבע ציטאַטן.

אין זכּרון איז בולט פאַרבליבן מיין אַנטי־ציוניסטישער אַרויסטריט, דער עפנטלעכער דיספּוט מיט זלמן רובאַשאָוו זומער 1918.

די באַלפור־דעקלאַראַציע רופט אַרויס אַן אויפרודער ביי גרויסע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג, און ענטוזיאַזם און האָפענונג — אין די ציוניסטישע און פּראָ־ציוניסטישע קרייזן.

דער י. ל. פּרץ־פאַראיין אין בערלין אַראַנזשירט אַן עפנטלעכן דיספּוט אויף דער טעמע: „פּאַלעסטינע — אַ יידיש היימלאַנד". פאָרזיצער איז אינזשעניר נחום סינגאַלאָווסקי, די רעפערענטן — זלמן רובאַשאָוו און הערשל מעטאַלאָוויעץ. דער ספּעציעל געדונגענער זאַל אויף אויגוסט־שטראַסע איז געפּאַקט מיט אַ 7–8 הונדערט־קעפּיקן עולם. דער פאַרלויף פון די דעבאַטעס איז אַ שטורעמדיקער. די רעפערענטן, דיסקוטאַנטן און צוהערערס לאָדן אויס זייערע עמאָציעס אין היציקע ווערטער,

אימפּולסיווע זשעסטן און צווישנרופן, אָנגעלאָדענע מיט שאַרפזין, הומאָר, גאַל און סאַרקאַזם. אין זאַל פּילט זיך אַ שפּאַנונג.

איינער פון די דיסקוטאַנטן, יהודה לאַנדאַ, באַמיט זיך מיט זיין הומאָרפולער רעדע צו באַרויִקן די געמיטער און צו אַנטשפּאַנען די שטימונג. ער ווענדט זיך אין אַ שפּאַסיקן טאָן צו די רעפערענטן מיט אַ פראַגע: „ווער פון אייך האָט בעסערע און שנעלערע שאַנסן צו ווערן אַ מלוכה־הויפּט, איר, חבר רובאַשאָוו, טשעמפּיאָן־אַדוואָקאַט פונעם ציוניסטישן צד, ווי פּרעזידענט פון אַ ייִדנשטאַט אין פּאַלעסטינע, אָדער איר, חבר הערשל מעטאַלאָוויעץ, געשווירענער קעגנער און פּראָקוראָר פון אַנטי־ציוניסטישן לאַגער — ווי פּרעזידענט פון אַ סאָוועטיש פּוילן?"

זלמן רובאַשאָוו שטעלט זיך אויף, גיט אַן אימפּעטיקן הייב מיט די אַקסלען, רוקט אַריין די גראָבע פינגער אין די אייבערשטע וועסטל־קעשענעס און ענטפערט אויף זיין טעמפּעראַמענטפול־חסידישן אופן: „קיין נביא בין איך נישט. איך גלייב באמונה שלמה אין דער אויפריכטונג פון אַ ייִדישער מלוכה אין ארץ־ישׂראל".

און איך ענטפער אין אַ קאַטעגאָרישן טאָן: „נישטאָ ביי מיר דער מינדסטער ספק, אַז עמעצער פון מיינע חברים, לינקע בונדיסטן (איך בין צו יענער צייט געווען אַ לינקער פּראָ־באָלשעוויסטישער בונדיסט פון פּוילן און אַ מיטגליד פון דייטשישן „ספּאַרטאַקוס־בונד") וועט זיין אַ וויצע־פּרעזידענט אין אַ סאָוועטיש פּוילן — און דאָס בקרוב. און פּונקט אַזוי איז פאַר מיר נישטאָ דער מינדסטער ספק, אַז פּאַלעסטינע וועט קיין מאָל נישט ווערן קיין ייִדישער שטאַט. די רובאַשאָווס מעגן זיך בעסער לאָזן נייען קבצנסקע פּאָליטישע טאָרבעס אײדער דיגניטאַרסקע פראַקן".

באַוועגט פון מיין צו יענער צייט גוט באַקאַנטער טאַקטלאָזיקייט און עקסטרעמער ציוניפאָביע, האָב איך אויסגעשטרעקט מיין לינקע האַנט און שטאַרכענדיק מיט אַ פינגער אויף דער פּלאַך פון דער דלאָניע אַרויסרופעריש אַ זאָג געטאָן צו זלמן רובאַשאָוון: „ציוניסטישער אַדוואָקאַט, איר זעט די דלאָניע? דאָ וועט פריִער האָר אויסוואַקסן אײדער איר וועט דערלעבן צו זיין אַ דיגניטאַר פון אַ ייִדנשטאַט אין פּאַלעסטינע".

מיין אַנטי־ציוניזם אויפן פאָרום פונעם י. ל. פּרץ־פאַראיין אין בערלין האָט ביי די קעגנערס פון ציוניזם און ביי אַ באַדייטנדיקער צאָל נייטראַלע געהאַט אַ נישקשהדיקן דערפאָלג.

## רעכטס און לינקס אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג

ביזן אויסבראָך פון דער מאַרץ־רעוואָלוציע אין 1917 אין רוסלאַנד, איז אויף די פאָרומס פון י. ל. פּרץ־פאַראיין אין בערלין דאָס פּראָבלעם פון לינקס און רעכטס אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג נישט געוואָרן שאַרף אַוועקגעשטעלט. מיט איינצלנע אויסנאַמען זענען אַלע געווען קעגן די שיידעמאַנער און פאַר די „אום־אָפּהענגיקע". די פּאַרטיילונג אויף רעכטס, צענטער (ד"ר הוגאָ האַזע) און לינקס

צווישן די אומאָפּהענגיקע גופא איז נאָך נישט געווען פאַרשאַרפט. די שטעלונג און די ליטעראַטור פון דעם ראַדיקאַלן פליגל פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון דייטשלאַנד, איז צוליב איר אומלעגאַלקייט און נישט האָבן קיין דירעקטע טוערס אין דער ייִדיש־ייִדישער סביבה, נישט באַקאַנט געווען די מיטגלידער און אַפילו נישט די מייִנסטע פון די טוערס פון פּרץ־פּאַראיין. די ספּאָראַדישע אַרויסטריטן פון איזידאָר לאַוב און פון מיר אין נוסח פון אַ לענין און אַ ראָזאַ לוקסעמבורג האָבן נאָך נישט פאַרמאָגט די שאַרפקייט, טראַציקייט און רעוואָלוציאָנערע דינאַמישקייט. געענדערט האָט זיך דער דאָזיקער מצב נאָכן אויסבראָך פון דער מאַרץ־רעוואָלוציע, און איז אָנגעגליט געוואָרן ערב און נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד.

נאָך דער מאַרץ־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד האָבן די פּאָליטישע געשעענישן אין רוסלאַנד זיך אַנטוויקלט מיט אַ ראַפּידער שנעלקייט. אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין גאָר דער וועלט האָט זיך אַוועקגעשטעלט דאָס פּראָבלעם פון סאָציאַ־לער רעוואָלוציע. פאַרן רעוואָלוציאָנער־געשטימטן טייל פון די רוסלענדער סאָציאַ־ליסטן האָט זיך געשטעלט דאָס קאַרדינאַלע פּראָבלעם פון פאַרוואַנדלען די בורזשואַזע מאַרץ־רעוואָלוציע אין אַ סאָציאַלער, און אין שייכות דערמיט זענען אויפן טאָג־אָרדענונג אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויך אַ רייע אַנדערע פּראָבלעמען: ליבעראַל־בורזשואַזע דעמאָקראַטיע אין דער פאָרעם פון פאַרלאַמענטן דורך אַלגעמיינע וואַלן, אָדער פּראָלעטאַרישע דעמאָקראַטיע; די גאַנצע מאַכט פאַר די אַרבעטער, פּויערים און סאָלדאַטן־ראַטן, קורץ גערופן: סאָוועטן־מאַכט, און דאָס פּראָבלעם פון דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט.

אין דייטשלאַנד האָבן זיך אָנגעהויבן שטאַרקן די ראַדיקאַליזאַציע־שטימונגען צווישן די דייטשישע אַרבעטער, באַזונדערס צווישן די אַרבעטער אין זאַקסן, וואָס איז תּמיד געווען אַ צענטער פון דעם לינקער געשטימטן טייל פונעם דייטשישן אַרבעטער־קלאַס, און גאָר באַזונדערס — אין בערלין.

די דאָזיקע געשעענישן האָבן געהאַט אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג צווישן די מיטגלידער פונעם פּרץ־פּאַראיין. אין די געשפּרעכן צווישן די מיטגלידער פונעם פּרץ־פּאַראיין האָבן אָנגעהויבן דאָמינירן די געשעענישן אין רוסלאַנד און דער ראַדיקאַליזירונג־פּראָצעס צווישן די דייטשישע אַרבעטער, און ס'איז רייף געוואָרן דער פאַרלאַנג, אַז דער פּרץ־פּאַראיין זאָל אויף זיינע פאַרומס אַוועקשטעלן צום באַהאַנדלען די פּאָליטישע געשעענישן פון רוסלאַנד און אין דייטשלאַנד.

דעם ערשטן שאָס האָט געגעבן איזידאָר לאַוב. אויף איינער פון די זיצונגען פונעם עקזעקוטיוו פון דער בונדישער פראַקציע האָט לאַוב פאָרגעלייגט צו פאַרבעטן איינעם פון „ספּאַרטאַקוס־בונד” (צוליב לעגאַליטעט־טעמים האָט מען דעם „ספּאַר־טאַקוס־בונד” גערופן: דער ראַדיקאַלער פליגל פון דער דייטשישער סאָציאַליסטי־שער באַוועגונג) צו האַלטן אַ רעפעראַט פאַר דער פראַקציע. עס זענען אָנגערופן געוואָרן די נעמען פונעם באַרימטן טעאָרעטיקער און היסטאָריקער פון דער דייטשי־

שער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פראַנץ מערינג און פון דעם דאַן נאָך ווייניק באַקאַנטן טוער פון אַ נישט גרויסן פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין (דוכט זיך — פון האָלצפאַראיין פון די מעבל־אַרבעטער) ווילהעלם פיק. זיך פאַרשלאָג האָט אַרויסגערופן אַ היציקע דעבאַטע און מיט דריי שטימען פאַר — לאַוב, נירענבערג און הערשל מעטאַלאָוויטץ — איז דער פאַרשלאָג דורכגעפאַלן.

דאָס איז געווען אַן אמתער שאָס. און דערפירט האָט עס, אַז אין דער עקזעקוטיווע זאָלן זיך פאַרמירן דריי גרופּעס לויט דער רוסישער טערמינאָלאָגיע: באָלשעוויקעס, מענשעוויקעס, און אַ צענטער, און אויפרודערן די פּאָליטישע געמיטער פון די מיטגלידער פון דער בונדישער פראַקציע. פון דער פראַקציע איז געקומען אַ פאָדערונג, אַז די בונדיסטן אין דער פאַרוואַלטונג פונעם פּרץ־פאַראיין זאָלן פאַרשלאָגן אַז די פאַרזאַמלונג פונעם פּרץ־פאַראיין זאָלן זיך פאַרנעמען אויך מיט די פּראָבלעמען, וואָס האָבן זיך געשטעלט אויפן טאָג־אָרדענונג פון דער סאָציאַליסטישער וועלט: די געשעענישן אין רוסלאַנד און אין דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

אַזאַ פאַרשלאָג איז געמאַכט געוואָרן מצד די בונדיסטן אין דער פאַרוואַלטונג פונעם פּרץ־פאַראיין און איז אָנגענומען געוואָרן אָן שוועריקייטן. די לאַגע איז שוין געווען אַזאַ, אַז אַפילו דער טשעמפּיאָן אינעם קאַמף פאַרן נישט לאָזן פּאָליטיזירן דעם פאַראיין, אַהרן סינגאַלאָווסקי, האָט דעם פאַרשלאָג געשטיצט. אויף די צוזאַמענקומען שבת צו נאַכטס און אין די זונטיקס האָבן די טעמעס פון אַ פּאָליטישן כאַראַקטער אָנגעהויבן דאָמינירן איבער די ליטעראַרישע און ציוניסטישע.

דער ערשטער אַרויספאַר איז געווען אַ רעפעראַט פון אַהרן סינגאַלאָווסקי וועגן דער צימערוואַלדער קאָנפערענץ פון די אַנטי־סאָציאַליסטישע אַנטי־מלחמה־פאַרטייען און גרופּעס. דערנאָך זענען געקומען רעפעראַטן פון אינזשעניר טשערניאַק וועגן דעם היסטאָרישן און פּאָליטישן הינטערגרונט פון די באָלשעוויקעס און מענשעוויקעס אין רוסלאַנד, פון לאַובן — וועגן די פאַרהעלטענישן אין דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, פון ליפשיצן — וועגן מלחמה און שלום, פון זלמן רובאַשאָוו — די נאַציאָנאַלע פּערספּעקטיוון פון יידישן פאָלק נאָך דער מלחמה, און מיינס אַ רעפעראַט — פאַר וואָס זענען די באָלשעוויקעס גערעכט.

וואָס מער די געשעענישן אין רוסלאַנד האָבן זיך אַנטוויקלט, אַלץ שאַרפער זענען געוואָרן די וויכּוחים, אַלץ בולטער און גרינטלעכער איז געווען די פאַרטיילונג אויף לינקס און רעכטס, און אָפּגעווישט די פריִערדיקע צעטיילונגען. די דריי הויפּט־אַנטאַגאָניסטן: אַהרן סינגאַלאָווסקי, זלמן רובאַשאָוו און טשערניאַק, האָבן זיך געפונען אין איין גרופּע פון עקסטרעמע מענשעוויקעס. אויף לינקס האָבן זיך אין איין מחנה געפונען בונדיסטן, פּועלי־ציוניסטן און מענטשן פון דער אומפּאַרטייִישער קולטור־גרופּע, וועלכע פלעגן אַרויסטרעטן קעגן זייערע וויכטיקסטע פירערס.

לכתּחילה זענען די לינקע, די „באָלשעוויקעס", ווי מ'האָט זיי גערופן, געווען אַ קליינע גרופּע און האָבן קוים געציילט אַ מנין, אָבער ביסלעכווייז איז די גרופּע

געוואָרן וואָס אַ מאָל צאַלמעסיקער און האָט געוווּנען כּמעט אַלע פּשרה־מאַכערס און נייטראַלע. אין דער עקזעקוטיווע פֿון דער בונדישער פֿראַקציע האָבן די לינקע געקריגן אַ מערהייט.

איינעם פֿון די ערשטע אומפּאַרטייִשע, וואָס איז צוגעשטאַנען צו די לינקע, איז כּדאַי צו דערמאָנען. זיין נאָמען איז געווען אָסאָווסקי (אַן אַפּשטאַמיקער, דוכט זיך, פֿון קוטנע. זיין באַשעפֿטיקונג אין בערלין געדענקט זיך נישט). דאָס איז דער זעלבער אָסאָווסקי, וואָס האָט מיט אַן עפֿנטלעכן אַרויסטריט אין מאָסקווע פֿאַרשריבן זיין נאָמען אין דער געשיכטע פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד. אין 1921 האָט אָסאָווסקי פֿאַרעפֿנטלעכט אַן אַרטיקל אין איינעם פֿון די באָלשעוויסטישע אָרגאַנען, אין וועלכן ער האָט פֿאַרטיידיקט אַ שטאַנדפּונקט וועגן אַ נויטווענדיקייט פֿון צוויי פּאַרטייען: אַן אַרבעטער־ און אַ פּויערים־פּאַרטיי. ער האָט מאָטיווירט זיין שטאַנדפּונקט דערמיט, וואָס די קאָמוניסטישע פּאַרטיי איז די פּאַרטיי פֿונעם אַרבעטער־קלאַס, דאַרף דעריבער די פּויערים געגעבן ווערן דאָס רעכט און די מעגלעכקייט פֿון אַן אייגענער פּאַרטיי. אָסאָווסקיס אַרויסטריט איז געקרוינט געוואָרן מיטן נאָמען „אָסאָווסטשינע”, און אָסאָווסקי איז אויסגעשלאָסן געוואָרן פֿון דער סאָוועטישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. ווען כ'בין אין 1922 געווען אין מאָסקווע און זיך באַגעגנט מיט מיין אַלטן באַקאַנטן פֿונעם פּרץ־פֿאַראיין אין בערלין, האָט מיר אָסאָווסקי דערציילט, אַז זיינע אַפּעלאַציע געפֿינט זיך אין דער קאָנטראָל־קאָמיסיע; אַז פּרעאָבראַזשענסקי האָט אים געזאָגט אַז לענין האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן דעם אויסשלוס מיטן מאָטיוו, אַז אַ קאָמוניסט קען נישט אויסגעשלאָסן ווערן פֿון דער פּאַרטיי פֿאַר אַ מיינונג, וואָס ער זאָגט אַרויס אויף די שפּאַלטן פֿון אַ פּאַרטיי־אָרגאַן. מער האָב איך זיך מיט אָסאָווסקין נישט באַגעגנט. וואָס ס'איז געוואָרן פֿון זיין אַפּעלאַציע און פֿון אים גופֿא — איז מיר אומבאַקאַנט.

די הויפּט־וואָרטזאָגערס פֿון די לינקע אויף די פֿאָרומס פֿונעם פּרץ־פֿאַראיין זענען געווען איזידאָר לאַוב און איך. היות ווי לאַוב איז געווען אַ שוואַכער עפֿנטלעכער רעדנער און נישט אָפֿט געקומען אין לאָקאַל פֿונעם פֿאַראיין, בין איך געוואָרן אַ מין צענטער, אַרום וועלכן ס'האָבן זיך גרופּירט די לינקע. איך האָב אין דער ראָלע געפֿילט אַ סך מער אינערלעכע צופֿרידנקייט צוליב מיין קאַמף פֿאַר רעוואָלוציאָניזם אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און קעגן רעכטס, איידער אין דער ראָלע פֿון אַ געבראָטענעם אַנטי־ציוניסט. אָן אַ שמץ פֿון גאווה קען איך זאָגן, אַז פֿאַר דער ראָלע פֿון איינעם פֿון די וויכטיקסטע וואָרטזאָגערס מצד די לינקע בין איך געווען ווי געהעריק צוגעגרייט.

געווען בין איך נישט שלעכט באַקאַנט מיט די אַקטועלע ענינים און פּראָבלעמען פֿון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, באַזונדערס מיט די רוסישע פּראָבלעמען, מיט די שטעלונגען און מיינונגען פֿון די פֿאַרשיידענע פּאַרטייען, אַלגעמיינע און ייִדישע. די ייִדישע ביבליאָטעק אויף אָראַניענבורגער שטראַסע איז געווען מיין אַקאַדעמיע.

לין, דער ביבליאָטעקאַר און פּאַרוואַלטער, איז געווען מיין פּראָפעסאָר און מיין ביבליאָגראַף.

דורך שווייצאַריע און דורך שוועדן זענען אין דער ביבליאָטעק אָנגעקומען ציי־טונגען און זשורנאַלן אין פאַרשיידענע שפּראַכן, נאַטירלעך, אויך די צייטונגען און זשורנאַלן פון דער נייטראַלער שווייצאַריע גופא. נאָכן אַריינטרעטן פון אַמעריקע אין דער מלחמה זענען דורך שווייצאַריע אויך אָנגעקומען אַמעריקאַנער מאַטעריאַלן. די דאָזיקע מאַטעריאַלן זענען געווען פאַרבאָטן פאַרן עפנטלעכן געברויך. די ביבליאָ־טעק האָט געהאַט דאָס רעכט זיי צו דערהאַלטן בלויז פאַר אַרכיוואַלע צוועקן. לין, מיט וועמען כ׳בין געווען זייער באַפריינדט און כ׳פלעג אַפילו איינגעלאַדן ווערן ווי אַ גאַסט פון זיין פאַמיליע, פלעגט מיר צושטעלן די נייטיקע מאַטעריאַלן אין יידיש און אין דייטש. כ׳בין בשעתו געווען דער איינציקער בונדיסט אין בערלין, צו וועמען עס זענען דערגאַנגען כמעט אַלע נומערן פונעם צענטראַלן אָרגאַן פון בונד, וואָס איז דערשינען אין פּעטראָגראַד.

און ס׳איז נישט קיין חידוש, וואָס מיינס אַן אַרויסטריט פלעגט צוציִען אַ גרויסע צאָל צוהערערס און אויסגעהערט ווערן מיט אויפמערקזאַמקייט. אַפילו די קאַרפּנקעפּ פונעם פּרק־פאַראיין פלעגן מיט אינטערעס זיך צוהערן צו די ידיעות און אינפאָר־מאַציעס, וואָס זענען פאַר זיי געווען אומבאַקאַנט.

שאַרף, ביטער, און אָפט מאָל אויך טאַקטלאָז, זענען געווען מיינע אַרויסטריטן קעגן רעכטס, ספּעציעל קעגן די אַנטי־באָלשעוויקעס אין רוסלאַנד. איך האָב אָנגעגריפן דעם בונד אין רוסלאַנד, „מיין בונד״, מחמת אין בערלין האָב איך זיך נאָך נישט געפילט ווי קיין בונדיסט פון פּוילן, נאָר ווי איינער פונעם „אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער־בונד פון ליטע, פּוילן און רוסלאַנד״. מיט דער גאַנצער שׂינאה האָב איך פיינט געהאַט די אַנטי־באָלשעוויסטישע קרייצצוגלערס אויף די שפּאַלטן פונעם בונדישן צענטראַל־אָרגאַן אין רוסלאַנד, די אומהייליקע טרויקע פון דוד זאַסלאַווסקי, קאַנטאָראָוויטש און שׂרה ברענער.

מיינע אַרויסטריטן פלעגן נישט איין מאָל דערפירן צו אויפברויזן און שטורעמס. מיינס אַן אויסרוף קעגן אַהרן סינגאַלאָווסקי און טשערניאַק: „מתים, אין אייער רו אַריין״. און מיין פראַזע וועגן דעם דערמאָנטן דריילינג: „זאָל פאַר אייך נישט זיין קיין איבעררעשונג, אויב די רעוואָלוציע וועט די זאַסלאַווסקיס, קאַנטאָראָוויטשעס און שׂרה ברענערס אויפהענגען אויף די פּעטראָגראַדער לאַמטערנעס, און די גאַוור־ראָשעס פון דער רעוואָלוציע וועלן פאַרבייגיין און מיט פאַראַכטונג אַ שפּיי טאָן אויף די פּאָליטישע פּגרים״ — האָט צעברויזט און צעשטורעמט די פאַרזאַמלונגען. געווען איז אַ פאַל, ווען אין דער היץ פון אַ דיסקוסיע האָט דער תמיד רויִקער, קאַלטער ליטוואַק, אינזשעניר טשערניאַק, מיר געוואָרפן אַ שווערן אייזערנעם שליסל און געטראָפן אַ נעבן מיר שטייענדיקן צוהערער. אַ פאַרבלוטיקטן האָט מען אים אַוועק־געפירט אין שפּיטאָל.

איך האָב נישט געשוויגט און בין נישט געשוויגט געוואָרן. מיין געפערלעכסטער קעגנער איז געווען אַהרן סינגאַלאָווסקי. מיט זיין פּאָליטישער געשולטקייט, דער־פאַרונג און אויסגעצייכנטן אָראַטאָרישן טאַלאַנט פלעגט ער מיך ממש צעפּאַלמעסן.

אין מיין אָפּוועךקאַמף קעגן סינגאַלאָווסקין האָב איך זיך אויך באַנוצט מיטן אַנטי־אינטעליגענץ־אַרגומענט — אַז די אינטעליגענטן שמעקט נישט די רעוואָלוציע פון די פּלעבעער; זיי וואָלטן געוואָלט, מען זאָל זיי אונטערטראָגן די רעוואָלוציע אויף אַ זיידן קישעלע. נישט האָבנדיק נאָך דעמאָלט געלייענט דאָס בוך פון מאַכוויי קעגן דער אינטעליגענץ, וועגן דער ראָלע פון דער אינטעליגענץ אין רעוואָלוציעס, האָב איך זיך באַנוצט מיט די סאַמע וווּלגאַרסטע פון זיינע אַנטי־אינטעליגענץ־אַרגומענטן.

אויף איינער פון די צוזאַמענקומען, שוין נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, האָב איך מיט אַ באַזונדערער פוריע אַטאַקירט סינגאַלאָווסקין מיטן אַנטי־אינטעליגענץ־אַרגומענט. אַהרן סינגאַלאָווסקיס ענטפער איז פאַר מיר געווען אַן אַנטפּלעקונג. ער האָט אָנגעהויבן זיין רעדע קעגן מיר מיט די ווערטער: „,בעי זשידאָוו אי אינטעליגענטאָוו, ספּאַסאַי ראָסיו׳: — איז געווען דער לאָזונג פון דער שוואַרצער מאה אין רוסלאַנד. ,בעי אינטעליגענטאָוו, ספּאַסאַי רעוואָלוציו׳ — איז דאָס גיפטיקע געווער פון אונדזער אייגענעם יונגן חבר. מ׳קען זיך צוהערן אַ מאָל מיט אַ שמייכל און אַ מאָל מיט כּעס צו אַ משפּחהדיקן ,אָנפאַן־טעריבל׳, מ׳טאָר אָבער נישט פאַרשווייגן און מוחל זיין קיין פּאָגראָם־העצעריי, אַפילו פון אַ מענטשן אין אַ טאָגע פון אַ יונגן רעוואָלוציאָנער". סינגאַלאָווסקיס קלעפּ זענען געגאַנגען אין קאָפּ אַריין און האָבן אַ סך מיטגעהאָלפן מיך אויסצוהיילן פון איינער פון די מחלות, אויף וועלכע ס׳האָבן געליטן אַ סך אַרויפגעאַרבעטע אַרבעטער — אַרבעטער־טוערס אין פּאָליטיש־געזעל־שאַפטלעכן לעבן.

און וואָלט די סאָציאַלע רעוואָלוציע נישט געווען קיין היסטאָרישער אימפּעראַ־טיוו, און דאָס געפיל פאַר טיף גרייכנדיקע סאָציאַלע ענדערונגען וואָלט נישט געוואָרצלט אין די געמיטער פון די סאָציאַליסטיש־געשטימטע אַרבעטער און אינ־טעליגענץ, אַפילו אין די הערצער פון אַ גרויסן טייל פון די מענשעוויסטיש־גע־שטימטע, וואָס ביי אַ סך פון זיי איז עס שפּעטער געקומען צום אויסדרוק אין איבער־גייך אין קאָמוניסטישן לאַגער — וואָלט איך בשעתו אויף די פאַרומס פונעם פּרץ־פאַראיין צעריבן געוואָרן אויף פאַרעך און נישט געקענט זיך ספּראָווען מיט אַזעלכע גדולים ווי אַהרן סינגאַלאָווסקי, זלמן רובאַשאָוו, אינזשעניר טשערניאַק, ליפּשיץ, קאָרנפעלד און ענלעכע צו זיי.

און לאָמיך ווידער אונטערשטרייכן: די פאַרשאַרפטע קאַמפּן אויף די פאַרומס האָבן נישט געהאַט קיין ווירקונג אויף די פערזענלעכע באַציִונגען. אין דעם פּרט איז דער י. ל. פּרץ־פאַראיין אין בערלין געווען אַן אוניקום, אַן אויסנאַם פון די אַלע אָרגאַניזאַציעס, מיט וועלכע כ׳בין שפּעטער געווען פאַרבונדן.

## אַן אינטענסיווּ לעבן

בערלין האָט מיך פֿאַרכאַפּט מיט איר גראַנדיעזקייט. אין מיינע אויגן האָט אַלץ אויסגעזען גרויס, שיין און דערהויבן. אָט איז אַ שטאָט — האָב איך געטראַכט — פֿון כּל־טוב, אַ קוואַל פֿון וויסן, קונסט, און קולטור. און מ׳דאַרף אַריינכאַפּן, און וואָס שנעלער אַריינכאַפּן, וואָס עס לאָזט זיך. קיין בערלינער וועסטו דאָך נישט בלייבן, דיין אָרט איז דאָך אין פּוילן, אין וואַרשע, צווישן די יידישע אַרבעטער. וועגן פּרנסה איז קיין דאגה. קיין געזעלשאַפֿטלעכע אַרבעט וועט מסתּמא נישט פֿעלן — טאָ כאַפּ און געניס, כאַפּ אַריין וואָס עס לאָזט זיך, און וואָס שנעלער! און ס׳איז נישט קיין האָר איבערטריבן ווען איך זאָג, אַז ס׳איז נישט געווען קיין מינוט, זינט כ׳האָב זיך געשטעלט צו דער אַרבעט ביז כ׳בין אַרעסטירט געוואָרן אין יאַנואַר 1918, אַז איך זאָל נישט געניסן פֿון דעם גוטס, וואָס בערלין איז בכּוח געווען צוצוטיילן.

פֿאַרשטאַנען האָב איך, אַז אויב כ׳וויל געניסן פֿון די בערלינער מעגלעכקייטן, מוז איך האָבן וואָס מער פֿרייע צייט, און נישט זיין צו פֿיל פֿאַרשפּאַרט אין די טונקעלע מויערן פֿון די פֿאַבריקן. די באַציִונג צו מיין פּראָפֿעסיע, צו מיין אַרבעט ווי אַ מעטאַל־טאָקער, איז אין בערלין געוואָרן אַ ראַדיקאַל אַנדערע, ווי זי איז געווען אין דאָרטמונד.

אין דאָרטמונד איז מיין אַמביציע געווען צו דערלערנען דאָס פֿאַך, וואָס מער צו פֿאַרדינען. געוווּסט האָב איך, אַז אויב כ׳וועל נישט דערלערנען די מלאכה און ווערן אַ קוואַליפֿיצירטער מעטאַל־טאָקער, וועל איך זיין אַ פֿאַרפֿאַלענער. ביי אַנדערע אַרבעטן וועל איך אַ סך ווייניקער פֿאַרדינען. כ׳האָב דעריבער עקספּלואַטירט די באַציִונג צו מיר מצד די אַרבעטס־קאָלעגן און פֿאַבריק־באַאַמטע און זיך אָנגע־שטרענגט צו דערלערנען די מלאכה. כ׳האָב אויפֿגעהערט צו קוקן אין די צייכענונגען ווי אַ האָן אין בני־אָדם, אויסגעלערנט צו פֿאַרשטיין די תּורה פֿון לייענען די פּאַסעק־לעך, רעדעלעך, פּירקאַנטן און לענגלעכקייטן אויף די בלויע צייכענונג־פּאַפּירן, שניידן אַלע דריי סאָרטן געווינטן: שפּיציקע, פֿלאַכע און לינקע, געהעריק אָפּטאָקן אַ קאָנוס און אַ האַלבראָנד (פֿאַכלייט וועלן וויסן וואָס כ׳מיין), און אויב כ׳בין נישט געוואָרן קיין גוטער בעל־מלאכה פֿאַר פּרעציזער טאָקער־אַרבעט, איז אין דעם, ווי שוין דערציילט, שולדיק געווען מיינער אַן אָרגאַנישער אויגן־פֿעלער.

מיין אַמביציע צו פֿאַרדינען אַ סך געלט איז געווען אַ פּראָדוקט דערפֿון, וואָס זינט אויגוסט דעם 1טן 1914, דעם טאָג פֿונעם אויסבראָך פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָב איך נישט געהאַט מיין אייגנס קיין איין גראָשן און געלעבט אויף קהלס חשבון. כ׳האָב געגעסן אין דער בונדישער אַרבעטער־קיך און געשנאָרעט פּאַפּיראָסן. דערפֿאַר, ווען ס׳איז אונטערגעקומען אַ מעגלעכקייט צו פֿאַרדינען, האָב איך זיך צוגעכאַפּט ווי אַ הונגעריקער צו אַ פֿריש ברויט און געאַרבעט וויפֿל ס׳האָט זיך נאָר געלאָזט, אַבי וואָס מער געלט צו פֿאַרדינען. אַרבעטן פֿון שבת אין אָוונט

ביז זונטיק 2 ביי טאָג, און אַפילו פון שבת 6 אין דער פרי ביז זונטיק 2 נאָך מיטאָג, איז נישט געווען קיין נאָווינע. און ווי אומגלויבלעך דאָס זאָל נישט קלינגען, איז אַ פאַקט, אַז כ׳האָב איין מאָל געאַרבעט פון דאָנערשטיק 6 אין דער פרי ביז זונטיק 2 נאָך מיטאָג. מ׳האָט טאַקע אין די נעכט אַריינגעכאַפּט עטלעכע שעה שלאָף אויף איינעם פון די פּאַפּיר־ און שמאַטע־בערג אין אַ ווינקל פון דער פאַבריק, ס׳איז אָבער פאַרט געווען אַ באַדינונג פון צוויי דרײַבענק אין פאַרלויף פון דריי און אַ האַלבן מעת־לעת.

אין בערלין האָב איך זיך באַמיט וואָס וויניקער צו אַרבעטן. כ׳האָב געאַרבעט אַ 2–3 חדשים — פאַרדינט האָט מען גוט — אָנגעזאַמלט אַ ביסל געלט, און עטלעכע וואָכן בין איך געווען פריי צו טאָן וואָס כ׳וויל. די פרייע צייט האָב איך נישט פאַרטאַכלעוועט, נאָר אויסגענוצט אויף וויפל ס׳איז מעגלעך געווען.

## פאַבריקן

נאָך אין אַ פּרט איז מיין באַציִונג צו דער פראָפעסיע אַנדערש געווען אין בערלין, ווי אין דאָרטמונד — אין מיין באַציִונג צום אַרבעטפּלאַץ. אין דאָרטמונד האָב איך געאַרבעט אין איין פאַבריק און אין איין אָפּטיילונג, און כּמעט די זעלבע פּראָדוציר־טיילן, וועלכע האָבן זיך איבערגעחזרט. אין בערלין האָב איך געאַרבעט אין אַ רייע פאַבריקן און ביי פאַרשיידענע אַרבעטן.

די וויכטיקסטע פון די פאַבריקן זענען געווען: די „אַנהאַלטישע מאַשינען־ווערקע", רויכלין־שטראַסע, שאַרלאָטענבורג, די „אַלגעמיינע עלעקטריציטעט־געזעלשאַפט" (אַ. ע. ג.) אויף לייפּציגער שטראַסע, און די טאַבאַק־פאַבריק „גאַרבאַטי" אין פּאַנקאָוו. יעדע פון די פאַבריקן האָט געהאַט אירע מעלות. אין די „אַנהאַלטישע" האָב איך צום בעסטן פאַרדינט. צום אינטערעסאַנטסטן איז געווען די אַרבעט אין דער אַ. ע. ג. דאָרטן האָבן אָבער נישט געטאָרט אַרבעטן קיין אויסלענדער, און קעגן מיין ווילן בין איך נאָך אַ 2 חדשים אַרבעט אָפּגעזאָגט געוואָרן. די אַרבעט פון אַ מאַשיניסט ביי די ציגאַרעטן־מאַשינען איז גענזעלשאַפטלעך געווען אָנרעגנדיק. וועגן דער דאָזיקער אַרבעט און וועגן דער פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזאַציע פונעם דאָזיקן פאַך איז כּדאי עפּעס צו דערציילן.

די פּראָדוקציע פון ציגאַרעטן האָט ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה און אין די יאָרן פון דער מלחמה דורכגעמאַכט אין דייטשלאַנד אַ טעכנישע רעוואָלוציע. מ׳האָט אָנגעהויבן פּראָדוצירן ציגאַרעטן אָן די לאַנגע און האַרטע מונדשטיקן, די מערסטע — אין גאַנצן אָן מונדשטיקן, און אַנדערע — אויף די עקן פון די ציגאַרעטן אַרויפגעקלעפּטע קורצע מונדשטיקן פון אַ גאָלדפּאַפּיר אָדער אַ סאָרט קאָרעק. די נייע מאַשינען האָבן אַרויסגעשטופּט די אַלטע קליינע פּרימיטיווע מאַשינדלעך און פּראָדוצירט, אָן גוזמא, הונדערט מאָל אַזוי פיל אין אַ שעה. די נייע מאַשינען זענען געווען זייער קאָמפּליצירטע. אַ מעכאַניק אָדער אַ מעטאַל־טאָקער האָט זיי געקענט

באַהערשן. די אַרבעט פונעם מאַשיניסט איז נישט געווען קיין פיזיש שווערע, אָבער אַ פּסיכיש אָנגעשטרענגטע. זיין הויפּטפונקציע איז באַשטאַנען אין נישט דערלאָזן קיין שאָדנס, נישט לאָזן פּלעקן דעם בלויען שטעמפּל, און נישט לאָזן קאַליע ווערן דעם קאָמפּליצירטן קלעפּ־אַפּאַראַט.

דאָס פאַך איז פּראָפעסיאָנעל געווען גוט אָרגאַניזירט. די אַרבעטצייט איז געווען 44 שעה אַ וואָך. דער לוין פאַר אַ שעה אַרבעט איז געווען דער העכסטער אין דער מעטאַל־בראַנזשע. די קעגנזייטיקע באַציִונגען און די הילפגרייטקייט ביי דער אַרבעט מצד די אַרבעט־קאָלעגן — אַן אויסנאַמלעך גוטע און סאָלידאַרישע. יעדע וואָך פלעגט פאָרקומען אַ פאַבריק־פאַרזאַמלונג, און איין מאָל אַ חודש — אַ פאַך־פאַרזאַמלונג. אַפילו מלחמה־צייט, ווען דער מאַנגל פון מאַשיניסטן איז געווען זייער גרויס, און די פּראָדוקציע פון ציגאַרעטן איז באַטראַכט געווען פאַר איינע פון די סאַמע וויכטיקסטע קריגס־פּראָדוקציעס, איז דאָס אָנקומען אַרבעטן ווי אַ מאַשיניסט נישט געווען פון די גרינגע זאַכן. מ׳האָט געמוזט האָבן אַ פּיליאַריקן מיטגליד־סטאַזש פונעם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די מעטאַל־אַרבעטער און אַן אויסגעצייכנטן פאַראיין־רעקאָרד.

אין דער בונדישער פּראַקטיע ביים פּרץ־פאַראיין זענען געווען צוויי חברים, באַשעפטיקטע ווי מאַשיניסטן ביי ציגאַרעטן־מאַשינען: אַ מיטגליד פון דער אָנפירונג, דער שוין דערמאָנטער איינציקער שיידעמאַנער, און אַ וואַרשעווער מיטן נאָמען קרישטאַל (נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, אויב כ׳מאַך נישט קיין טעות, עמיגרירט קיין מעקסיקע), וועלכער פלעגט מכבד זיין די חברים פונעם פּרץ־פאַראיין מיט ציגאַרעטן און אַנדערציילן ניסים־ונפלאות וועגן די אַרבעט־באַדינגונגען און וועגן דער פאַך־אָרגאַניזאַציע.

איך האָב באַשלאָסן צו גיין אַהין אַ צייט אַרבעטן ווי אַ מאַשיניסט. אַ מיטגליד פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די מעטאַל־אַרבעטער בין איך געווען זינט מיין קומען קיין בערלין. דער בערלינער מעטאַל־פאַראיין האָט נישט געמאַכט קיין שוועריקייטן פאַר די געקומענע אַרבעטער פון די אָקופּאַציע־געביטן צו ווערן מיטגלידער, און צוויי רעקאָמענדאַציע־בריוו פון איזידאָר לאָוב און אַלעקסאַנדער שטיין האָבן ברייט געעפנט פאַר מיר די טויערן צו ווערן אַ מאַשיניסט אין דער גרעסטער טאַבאַק־פאַבריק פון „גאַרבאַטי״ אין פאַנקאָוו. אַגב, די אייגנטימערס פון דער פאַבריק זענען געווען צוויי ייִדן, אָפּשטאַמיקע פון בריסק.

און ווירקלעך, די אָרגאַניזאַציע פונעם פאַך איז געווען אַ מוסטערהאַפטע. צום ערשטן מאָל האָב איך זיך באַגעגנט מיט דעם, וואָס מען רופט קאָלאַבאָראַציע צווישן אַרבעט און קאַפּיטאַל אויפן געביט פון אַרבעט. ס׳האָט עקזיסטירט אַ געמיינזאַמע קאָמיסיע, די איינציקע צו יענער צייט אין מעטאַל־פאַראיין, אויף פּאַריטעטע יסודות, פון די אַרבעטער און באַלעבאַטים. דאָס אָנגענומען און אָפּגעזאָגט ווערן פון דער אַרבעט האָט געדאַרפט אַפּראָבירט ווערן פון דער דאָזיקער קאָמיסיע. אַלע סיכסוכים

זענען איבערגעטראָגן געוואָרן צו דער געמיינזאַמער קאָמיסיע. אין פֿאַל פֿון נישט קומען צו קיין אויסגלייך איז דער ענין איבערגעגעבן געוואָרן צו אַן אַרביטער. דאָס קוריאָזע אָדער דאָס פּיקאַנטע איז געווען, וואָס דאָס דאָזיקע פֿאַך איז פּאָליטיש געווען באַהערשט פֿונעם „ספּאַרטאַקוס־בונד" און אויף די פֿאַך־פֿאַרזאַמלונגען זענען אויך באַהאַנדלט געוואָרן פּאָליטישע ענינים, טייל מאָל — מיטן אָנטייל פֿון פּראָ־מינענטע לינקע, ספּאַרטאַקיסטן און לינקע אומאָפּהענגיקע. אויף די פֿאַך־פֿאַרזאַמ־לונגען האָב איך צום ערשטן מאָל געהערט רעדן די ספּאַרטאַקיסטן ד"ר יוליאַן באָרכאַרדט און ווילהעלם פּיק, און דיטמאַן — פֿון די אומאָפּהענגיקע.

נישט אין קאָנטעקסט פֿון אָט די מעמואָרן איז דאָס אָרט גענויער זיך אָפּצו־שטעלן אויף די לערעס און מסקנות, וואָס כ'האָב אין מיין שפּעטערדיקער טעטיקייט אויפֿן געביט פֿון דער פּראָפֿעסיאָנעלער באַוועגונג געלערנט און געמאַכט פֿון מיין דערפֿאַרונג ביי דער פֿאַך־אָרגאַניזאַציע פֿון די מאַשיניסטן אין די ציגאַרעטן־פֿאַבריקן ביים מעטאַל־פֿאַראיין אין בערלין. איך וויל בלויז פֿאַרצייכענען, אַז די דערפֿאַרונג מיט דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע האָט מיך אימונירט סיי פֿון פֿראַנצייזישן סינדי־קאַליסטישן סאָרעליזם און סיי פֿון ראָזאַ לוקסעמבורגס טעאָריע, אַז יעדער שטרייק, אַפֿילו אַ פֿאַרשפּילטער שטרייק, איז אַ רעוואָלוציאָנער געווער פֿאַר די אַרבעטער.

צוליבן מאַנגל פֿון רוי־מאַטעריאַלן האָט זומער 1917 זיך אָנגעהויבן אַ רעדוקציע פֿון די אַרבעטער אין די פֿאַבריקן און ס'איז שווער געוואָרן צו קריגן אַן אַרבעטפּלאַץ. דער פּרינציפּ, אַז די יעניקע, וואָס אַרבעטן לענגער אין פֿאַך אָדער אין פֿאַבריק האָבן פּריאָריטעט פֿון אַרבעט, האָט גורם געווען, זומער 1917, מיין אָפּזאָג פֿון דער אַרבעט ביי „גאַרבאַטי". אַ דאַנק מיין באַקאַנטשאַפֿט מיט אַ מייסטער, בין איך ווידער אָנגענומען געוואָרן אין די „אַנהאַלטישע מאַשינען־ווערקע", אין וועלכער כ'האָב געאַרבעט ביז מיין אַרעסט.

## וויסן און קולטור

דורך צוויי וועגן איז אין בערלין געגאַנגען מיין דעראָבערן עפּעס פֿונעם אוצר פֿון וויסן און קולטור: דורך ז ע ן און ה ע ר ן.

דער הויפּטפֿאַקטאָר איז געווען לייענען. כ'האָב געלייענט אַ סך און אומאויפֿ־הערלעך. ס'איז נישט געווען קיין פֿרייע מינוט כ'זאָל דאָס לייענען פֿאַרנאַכלעסיקן. ווי מיד כ'זאָל נישט האָבן געווען, בין איך נישט געגאַנגען שלאָפֿן, אויב כ'האָב נישט געלייענט ווייניקסטנס אַ צוויי שעה. צו לייענען און וואָס צו לייענען האָט נישט געפֿעלט. געלייענט האָב איך ביכער פֿון אַ וויסנשאַפֿטלעכן און אַ פּאָליטישן כאַראַק־טער, און אויך שיינע ליטעראַטור, אין דייטש און אין יידיש. די טאַשן זענען תּמיד אָנגעפּאַקט געווען מיט צייטונגען און זשורנאַלן, וואָס האָבן מיר געדינט פֿאַר אַ לייכטער לעקטור. ביכער און וויכטיקע אַרטיקלען פֿלעג איך לייענען ביחידות, מיינסטנס אין די נעכט.

צום זעכצן האָבן אויך געדינט די באַזוכן אין פאַרשיידענע מוזייען און קונסט־גאַלעריעס.

נישט קיין קליינע ראָלע האָט געשפּילט דאָס הערן, הערן דאָס לעבעדיקע וואָרט.

צום הערן האָבן געדינט די פאַרומס פונעם פּרץ־פּאַראַיין, אויף וועלכע ס׳איז אָפט געוועזן וואָס צו הערן. אינעם פּרץ־פּאַראַיין בין איך געוועזן אַ באַזוכער פונעם קורס פון עקאָנאָמיע. דעם דאָזיקן קורס האָבן באַזוכט נישט מער ווי אַ 6—8 מענטשן. דער לעקטאָר (לײדער פאַרגעסן זיין נאָמען) איז געווען אַ פּאַראַליזירטער. ס׳איז פּשוט געווען אַ חיבוט הקבר אים צו הערן. אָבער ווען מ׳האָט גובר געווען די שווערקייט און זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צו זיינס אַ לעקציע, איז מען אַוועק אַן אָנגעזעטיקטער מיט וויסן. דער לעקטאָר איז געווען אַן אַנטי־מאַרקסיסט. זיינע אויפקלערונגען וועגן דעם מאַרקסיסטישן צוגאַנג צום אָביעקט פון זיין לעקציע זענען געווען אָביעקטיווע און גלענצנדיקע. אין מיין לערנען די מייסטערס אויפן געביט פון עקאָנאָמיע, ספּעציעל אין די יאָרן פון מיין פאַרברענגען אין די תּפיסות, בין איך אַ דאַנק דעם דערמאָנטן לעקטאָר געווען היפּשלעך צוגעגרייט.

אַ וויכטיקער פּלאַץ פאַר הערן איז געווען די „אַרבעטער־בילדונגס־שולע״.

נאָכן פאַרמאַכן דעם בערלינער „פאָרווערטס״ צוליב אַן אַנטי־מלחמה־אַרטיקל פון אַלעקסאַנדער שטיין, איז די צייטונג אויף אַ מאַרודערישן אופן צוגערויבט געוואָרן דורך די שיידעמאַנער. דער בנין פונעם „פאָרווערטס״ מיט אַלע אינסטי־טוציעס, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען, איינשליסלעך די אַרבעטער־בילדונגס־שולע, זענען געבליבן אין די הענט פון די אומאָפּהענגיקע. צוויי פון די קורסן האָבן מיך באַזונדערס אינטערעסירט: סאָציאָלאָגיע, מיט ערנסט דוימיג ווי לעקטאָר, און סאָניאַ ליבקנעכטס קורס וועגן קונסט. די דאָזיקע קורסן זענען סיי אין אינהאַלט און סיי אין שפּראַך און סטיל געווען אויף דער העכסטער מדרגה.

אין דער הומבאָלדט־אַקאַדעמיע האָט מען געקענט בייוווינען לעקציעס אויף אַלע געביטן פון הומאַניזם און נאַטור־וויסנשאַפט פאַר אַ צוגענגלעכן פּרייז ווי אַ פּרייער צוהערער. אַ גאַנצן קורס און אויך איינצלנע לעקציעס. מיך האָבן אינטע־רעסירט די לעקציעס וועגן פילאָסאָפיע און עטיק. די לעקציעס זענען געווען עקזאַקט אין אינהאַלט און שיר־השירימדיק אין שפּראַך און אין דעם אופן פון רעדן. ליידער געדענק איך נישט דעם נאָמען פונעם לעקטאָר, איך געדענק אָבער זייער גוט זיין פיזיאָגנאָמיע: אַ קליינער און אַ פיזיש־דעפאָרמירטער. אין מיינע אויגן האָט ער אויסגעזען ווי לאַזאַר עפּשטיין, דער סאָציאַליסטישער טריבון אויף די אָוונטן פון „הזמיר״ אין וואַרשע אין די יאָרן פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָב איך אים אויך פאַרגליכן מיטן דורך די פאַשיסטן אומ־געבראַכטן פירער פון די איטאַליענישע קאָמוניסטן גראַמשי, וועמען כ׳האָב געהאַט די זכיה צו באַגעגענען און צו הערן רעדן אויף דער טריבונע פונעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל אין מאָסקווע.

און וואָס צו הערן איז געווען אויך אויף די פילהאַרמאָניע־קאָנצערטן. ווי לאַנג כ׳וועל לעבן, וועל איך מסתמא נישט פאַרגעסן דעם קאָנצערט מיט ניקיש ווי דיריגענט. ווי האָט מיר אַ מאָל אַ באַקאַנטע אין בערלין געזאָגט: נאָך ניקישן זענען אַלע דיריגענטן אויס ווי נישט דערבאַקענע דילעטאַנטן.

וואָס צו הערן און אויך צו זען איז געווען אין די בערלינער טעאַטערס. אָפּגעמאַכט האָב איך ביי זיך, אַז זינט דעם טויט פון אַלעקסאַנדער מאָיסי איז נישט געבוירן געוואָרן קיין אַקטיאָר, וואָס זאָל זיך קענען מיט אים פאַרגלייכן. איך האָב נישט באַגעגנט קיין אַקטריסע, וואָס מ׳זאָל קענען פאַרגלייכן מיט הערמינאַ קערנער אין דער ראָלע פון שעקספּירס ליידי מאַקבעט.

און געווען איז וואָס צו הערן אין די אוידיטאָריעס ווען ס׳האָבן גערעדט די גדולים פון די פאַרשיידענע פאַרטייען, פון לינקס ביז אולטראַ־רעכטס.

צו פאַרצייכענען בלויז:

פיליפּ שיידעמאַן, דעם געוועזענעם דרוקער, וועלכער איז דערגאַנגען צו דער מדרגה פונעם פירער פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פראַקציע אין דייטשישן רייכסטאַג, און אין דער צייט פון דער מלחמה — געוואָרן די פּערסאָניפיקאַציע פונעם סאָציאַל־פּאַטריאָטיזם. אַן אויסגעצייכנטער רעדנער, זיין פּאַטאָס אָבער איז שוין געווען נישט מער ווי קאַלט פייערווערק. די בערלינער אַרבעטער פלעגן אים פאַרהאַגלען מיט צווישנרופן און זידל־עפּיטעטן. אַ שלויער פוקס אויף דער טריבונע, האָט ער ווי אַ שלאַנג זיך געדרייט פרווונדיק פאַרענטפערן זיינע מעשים־טובים.

פרידריך עבערט, דער אַמאָליקער זאָטלער־אַרבעטער, דער בייזער גייסט פון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וועלכער איז דערגאַנגען צום העכסטן אַמט אין דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פאַרטיי, צום אַמט פון אַן אויגוסט בעבעל. די בערלינער אַרבעטער האָבן עבערטן פיינט געהאַט מיט אַלע שׂינאות אין דער וועלט. זיי פלעגן פאַרהוקען זיינע רעדעס מיט געשרייען: „באַנק, פעטער באַנק”. עבערט פלעגט שטיין און זלידנע שמייכלען מיט אַ שמייכל פול מיט ביטול און שׂינאה, שטיין אין אַ פּאָזע, ווי ער וואָלט געהאַט ווערעם פאַר זיך, וועמען דער פוס זיינער קען אומגעשטערט צעטרעטן. נישט ביי איין אַרבעטער האָבן די הענט געסוועןנזשעט און אין פויסטן זיך געביילט. זיי זענען קאַפּאַבל געווען אַרויפצולויפן אויף דער טריבונע, צעטרייבערן זיין טרעלבוך און צעפּלאַסקען זיינע פליישיקע פיסקעס.

די אינטעליגענטן מאַלקענבור און וואָלפגאַנג היינע, די אַפּאָסטאָלן פונעם סאַמע רעכטסטן טייל פון רעוויזיאָניסטישן פליגל פון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, פלעגן פון די טריבונעס, ווי די פאַלשע משיחים, פּרעדיקן דאָס דינען צו דער עבודה־זרה פון „פאַטערלאַנדס־קריג”, וואָס זיין מאַיעסטעט דער קייזער פירט קעגן די דייטשישע שׂונאים לטובת דעם דייטשישן פאָלק, און גערופן די אַרבעטער זיך מקריב צו זיין אויפן מזבח פון מלחמה־מולך.

הערנדיק ד״ר הוגאָ האַזע, דעם הויפּטפירער פון דער אומאָפּהענגיקער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין דייטשלאַנד, האָט מען געהאַט דעם איינדרוק, אַז אַ פּראָפעסאָר פון יוריספּרודענץ שטייט אויף אַן אוניווערסיטעט־קאַטעדרע און האַלט אַ לעקציע, ווי אַזוי מ׳דאַרף פאַרטיידיקן אַ קלִיענט, וועלכער איז באַעוולט געוואָרן פון אַ שטאַרקערן צד. אָפּגערעדט און אָפּגעווישט די הענט: זאָל דער לעבעדיקער קלִיענט זיך שלאָגן קאָפּ אין קישן. ס׳איז נישט זיין דאגה.

הערן קאַרל קאַוטסקין, דעם גלענצנדיקן שרייבער און איינעם פון די גרעסטע סטיליסטן פון דער דייטשישער שפּראַך, איז געווען אַ פיזישע אָפּקומעניש. אין זיינע רעדעס האָט קאַוטסקי גערעדט קעגן דער מלחמה, אָבער וואָס זאָל מען טאָן אָפּצו־שטעלן די מלחמה? שטרייקן? דאָס מיליטער זאָל אויסדרייען די ביקסן קעגן דער אייגענער בורזשואַזיע און מאַכן אַ רעוואָלוציע? חלילה! קעגן אַזעלכע זאַכן האָט קאַוטסקי אין זיינע רעדעס זיך געווערט מיט אַלע זיינע כּוחות.

עדואַרד בערנשטיין איז געווען אַן אויסגעצייכנטער רעפערענט. זיינע רעדעס זענען געווען ווי פון אַ קלאַסישן פּאַציפיסט, ווי דרשות פון אַן עוואַנגעלישן מאָראַל־פּרעדיקער: מ׳טאָר נישט פאַרגיסן קיין בלוט, שלום דאַרף זיין אויף דער וועלט, ברידערלעכקייט זאָל זיין צווישן די פעלקער. אָבער ער האָט נישט געהאַט קיין שום ענטפער אויף די ברענענדיקע אַקטועלע ענינים. ווען מ׳האָט אים צוגעשטופּט צו דער וואַנט, האָט בערנשטיין אויפריכטיק געענטפערט, אַז ער האָט זיך פון זיין רעוויזיאָניזם און רעפאָרמיזם נישט אָפּגעזאָגט.

די אַרויסטריטן פון ערנסט דוימיג, דיטמאַן, אייכהאָרן און לעדעבור, די לינקע פון די אומאָפּהענגיקע, זענען שוין געווען מער אַקטועל און רעוואָלוציאָנער סאָציאַ־ליסטיש. באַזונדערס די רעדעס פון לעדעבורן, וועלכער איז באַליבט געווען צווישן די בערלינער אַרבעטער. אָבער געפילט האָט מען, אַז עפּעס איז נישט דערטראַכט און נישט דערזאָגט אין די רעדעס פון די לינקע אומאָפּהענגיקע.

בחדרי חדרים האָב איך געהערט רעדן פראַנץ מערינג, דעם פּאַטריאַרך פון סאָציאַליזם אין דייטשלאַנד, געהערט אים זאָגן קינות, מיט אַן איכה־ניגון וויינען אויפן וואַלקנבראָך פון פאַרראַט, וואָס האָט געטראָפן די דייטשישע סאָציאַל־דעמאָ־קראַטישע פּאַרטיי, וועמענס לערער, טעאָרעטיקער, און מייסטערהאַפטער געשיכטע־שרייבער פראַנץ מערינג איז געווען אין משך פון צענדלינגער יאָרן. ער פלעגט זינגען דאָס טרויערליד פון „בנים גדלתי ורוממתי״ — קינדער אויפגעהאָדעוועט און זיי האָבן אין מיר בוגד געווען.

און, להבדיל, געהערט האָב איך אויך רעדן דעם גראַף רעווענטעלאָוו, דעם כּוהן־גדול פון די „דייטש־נאַציאָנאַלע״, די רעאַקציאָנערסטע פון די רעאַקציאָנערע פּאַרטייען אין דייטשלאַנד. גראַף רעווענטעלאָוו איז געווען אַ וווּנדערלעכער רעדנער. אין זיינע עפנטלעכע אַרויסטריטן האָט ער פּרעך און חוצפּהדיק גערופן צו אַ מלחמה ביז צום סוף, ביז די שׂונאים וועלן אויף די קני בעטן שלום. ער האָט

ציניש געפאָדערט אַנעקסיעס און קאָנטריבוציעס, אַ דייטשלאַנד פון די פראַנצייזישע וואָגעזן ביז די גרענעצן פונעם אַמאָליקן רוסישן מאָסקוויטן־פירשטנטום. ענגלאַנד טאָר מער נישט זיין קיין ים־מאַכט און קיין קאָלאָניאַלע מאַכט. פאַר דייטשלאַנד מוזן רעזערווירט זיין די מינעראַלע רעסורסן פון פראַנקרייך און דאָס ברויט פון אוקראַינע. דייטשלאַנד, דייטשלאַנד איבער אַלעס! גאָט, שטראָף ענגלאַנד! געגאַנגען בין איך הערן רעוועגטעלאָוון און זיינע אַדיוטאַנטן, האַלטנדיק פונעם כּלל: ווילסטו פירן אַ קאַמף קעגן אַ שׂונא, מוזסטו באַהאַוונט זיין מיטן שׂונאס סטראַטעגיע, טאַקטיק און פּאָליטיק, און מיט וואָס פאַר אַ געווער דער שׂונא אָפּעריִרט.

ערבֿ־פרילינגדיק, פּריש, מונטער און האָפענונגפול זענען געווען די אַרויסטריטן פון יוליאַן באַרכאַרדט, ווילהעלם פּיק און פּאַול האָפמאַן.

ד״ר יוליאַן באַרכאַרדט איז בשעתו דורך אַלעמען אָנערקענט געווען ווי איינער פון די גלענצנדיקסטע טעאָרעטיקערס פון מאַרקסיזם. אַנדערע האָבן אַפילו געהאַלטן, אַז זינט דעם טויט פון פרידריך ענגעלס איז נישט געווען נאָך אַזאַ אויטאָריטעט אויפן געביט פון מאַרקסיזם ווי ס'איז באַרכאַרדט. נאָך ראָזאַ לוקסעמבורג איז יוליאַן באַרכאַרדט געווען דער טעאָרעטישער קאָפּ פונעם „ספּאַרטאַקוס־בונד". צו זיין שריפטלעך און מינדלעך וואָרט האָט מען זיך באַצויגן מיט גרויס רעספּעקט אַפילו אין די קרייזן פון די שיידעמאַנער. באַרכאַרדט איז נישט געווען קיין שיינרעדנער, ער האָט געהערט צום טיפּ רעדנער אַלאַ לענין און אַדאָלף וואַרסקי, וועמענס כּוח עס איז באַשטאַנען אין הסברה. באַרכאַרדס כּוח פון הסברה איז געווען ממש אַ פענאָמענאַלער. הערן רעדן ד״ר יוליאַן באַרכאַרדט, פּונקט ווי לענינען און וואַרסקין, איז געווען אַ גייסטיקע איבערלעבונג.

(נאָך דער נאָוועמבער־רעוואָלוציע פון 1917 אין דייטשלאַנד איז מיט ד״ר יוליאַן באַרכאַרדט עפּעס געשען און ער איז פולשטענדיק פאַרשוווּנדן פון דער עפנטלעכער אַרענע. אין די קנאַפּע פופציק יאָר ווייס איך נישט פון קיין פאַל, ס'זאָל ווען עס איז און ווו עס איז דערמאָנט ווערן דער נאָמען פון ד״ר יוליאַן באַרכאַרדט, נישט מצד רעכטס און נישט מצד לינקס, ווי ער וואָלט קיין מאָל נישט עקסיסטירט. פאַר וואָס דאָס איז אַזוי געשען און וואָס ס'איז מיט באַרכאַרדטן גופא געשען — ווייס איך נישט).

ווילהעלם פּיק איז געווען אַ טיפּישער מיטינג־רעדנער, אָן גרויסע תּורות און אָן גרויסע חכמות און מיט אַ קנאַפּער קאַפּאַציטעט פון גייסטיקע און פּאָליטישע קוואַליטעטן. די בערלינער אַרבעטער האָבן פּיקן תּמיד אויפגענומען ווי אַן אייגענעם, און ווילהעלם פּיק האָט בשלמות דערפילט זיין אויפגאַבע אין די שווערע מלחמה־יאָרן.

דער העלד פון די בערלינער אַרבעטער־אוידיטאָריעס איז געווען פּאַול האָפמאַן. האָפמאַן איז געווען אַ פענאָמענאַלער פאָלקסרעדנער. זיינע רעדעס האָבן פאַרמאָגט אַן אַמאַלגאַמאַט פון קענטעניש, שאַרפער אַנאַליז, פאָלקסהומאָר, פלאַמיקער פּאַטאָס,

אַ זעלטענע פעיִקייט פון איינלעבן זיך אין דער פּסיכאָלאָגיע פון די אַרבעטער און פונעם געמיט־צושטאַנד פון די צוהערערס אויף אַ געגעבענער פאַרזאַמלונג. אין מיין לעבן איז מיר אויסגעקומען צו הערן פּלעריליי מאַסן־רעדנערס אין פאַרשיידענע שפּראַכן, קיין צווייטן פאַול האָפמאַן האָב איך נישט באַגעגנט.

אָבער צום גערנסטן האָב איך אין די אוידיטאָריעס ליב געהאַט צו הערן דאָס פאָלק, די שטימע פון פאָלק, דעם ריטש פון אַ מאַסן־פּראָטעסט און דעם יובל־געשריי פון נצחון. איך שעם זיך נישט מודה צו זיין, אַז די מאַסן־רעאַקציע אויף גרויסע פאַרזאַמלונגען האָבן אויף מיר מער געווירקט און מיך מער באַאיינדרוקט, ווי די בעסטע רעדנערס.

**דער „ספּאַרטאַקוס־בונד"**

כ׳האָב געהאַט דאָס פאַרגעניגן און דעם כבוד צו זיין איבער אַ יאָר צייט אַ מיטגליד פון דער בערלינער „ספּאַרטאַקוס"־אָרגאַניזאַציע און געהאַט די זכיה צו זיין דער ערשטער טוער, גרינדער און לייטער פון אַ ייִדיש־ייִדישער גרופּע פונעם „ספּאַרטאַקוס־בונד" אין בערלין.

מיין אַריינטריט, פרילינג 1917, אין „ספּאַרטאַקוס־בונד", איז נישט געווען קיין צופאַל און אַוודאי נישט קיין טעות. דאָס איז געווען אַ לאָגישער פּועל־יוצא פון מיין פּאָליטישער אָריענטאַציע און פון מיין פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט זינט כ׳בין געוואָרן טעטיק אין דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג אין בונד אין וואַרשע ווי אַ פראַ־באָלשעוויק, און אין דייטשלאַנד — מיט די לינקע פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. נאָך מיין קומען קיין בערלין בין איך געווען אַ מיטגליד פון דער ראַיאָן־אָרגאַניזאַציע פון צענטער בערלין פון די אומאָפּהענגיקע, און די אומאָפּהענגיקע האָבן מיך נישט באַפרידיקט. מיין אַריינטריט אין „ספּאַרטאַקוס־בונד" ערשט פרילינג פון 1917 איז געווען פון אַן אויסשליסלעך טעכנישן כאַראַקטער און נישט פון אַ פּאָליטישן.

מיין קוואַטער איז געווען איזידאָר לאָוב. נאָך מיין אָנהייבן אַרבעטן אין דער טאַבאַק־פאַבריק „גאַרבאַטי" האָט מיר לאָוב מיטגעטיילט, אַז ער האָט אַראַנזשירט מיין אַריינטריט פון אַ מיטגליד אינעם „ספּאַרטאַקוס"־קרייז פון די מאַשיניסטן. אין דעם קרייז האָב איך זיך איינגעבירגערט און איינגעלעבט מיט די חברים און מיטן גרופּן־פירער, אַ געוויסער פריץ.

אין אַ קורצער צייט נאָך מיין אַריינטרעטן אין „ספּאַרטאַקוס־בונד", האָט לאָוב אויף מיר אַרויפגעלייגט אַן אויפגאַבע צו קריגן אויפן שוואַרצן מאַרק דרוק־מאַטעריאַל — פּאַפּיר, טינט, און ענלעכע מאַטעריאַלן — פאַר דער אונטערערדישער טעכניק פונעם „ספּאַרטאַקוס־בונד". צו הילף איז מיר געקומען מיין בונדישער חבר מורני פון לאָדזש, וועלכער איז שוין געווען אַנגאַזשירט אין שוואַרצהאַנדל. — מורני האָט נישט געפרעגט קיין קשיות, פאַרשטאַנען וועגן וואָס עס האַנדלט זיך —

און געהייסן זיך צאָלן געזאָלצענע פּרייזן. די קניות פלעג איך זעלטן מאַכן אויף אייגענער האַנט. זיי זענען פריִער אַפּראָבירט געוואָרן פון לאָובן, פּיקן, אָדער פון דעם דערמאָנטן פּריץ.

אַ צווייטע אויפגאַבע, וואָס לאָוב האָט אויף מיר אַרויפגעלייגט, איז געווען דאָס שאַפן אַ יִדיש־רעדנדיקן קרייז ביים „ספּאַרטאַקוס־בונד״. די אויפגאַבע איז נישט געווען קיין שווערע. אינזשעניר נירענבערג, די דערמאָנטע פראַמזאַן און הירשביין, און איך, זענען געווען דער קערן פון דער אַנטשטאַנענער גרופּע. דערנאָך זענען צוגעקומען עטלעכע בונדיסטן און עטלעכע לינק־געשטימטע פּועלי־ציוניסטן. איינער פון די פּועלי־ציוניסטן איז געווען זייער אַקטיוו ביי די טעכנישע אַרבעטן פון דער גרופּע. וועגן דעם דאָזיקן חבר דערמאָן איך זיך בלויז, אַז זיין פּרנסה איז געווען דער האַנדל מיט משקאות, און אַז זיינע צוויי זין, סטודענטן, האָבן שפּעטער געשפּילט אַ ראָלע אין דער בערלינער אָרגאַניזאַציע פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

דער פאַרבינדלער צווישן דער יִדיש־רעדנדיקער גרופּע מיט דער אָנפירונג פונעם „ספּאַרטאַקוס־בונד״ איז געווען לאָוב, וועלכער פלעגט אויך אָפּגעבן די באַריכטן. פון צייט צו צייט האָבן פאַרשיידענע טוערס אָפּגעשטאַט וויזיטן און געהאַלטן רעפעראַטן. ווער זיי זענען געווען, ווייס איך נישט עד־היום, כ׳האָב זיך מיט זיי שפּעטער קיין מאָל נישט באַגעגנט.

מיין טעטיקייט ביים „ספּאַרטאַקוס־בונד״: אין מאַשיניסטן־קרייז, אין דער יִדיש־רעדנדיקער גרופּע און אין דער טעכניק, האָט פאַרלאַנגט אַ סך צייט, מי און איבערגעגעבנקייט. נאָך מיין אַרעסט האָט טיקאָטשינסקי איבערגענומען די אָנפירונג פון דער יִדיש־רעדנדיקער גרופּע פונעם „ספּאַרטאַקוס־בונד״.

## פּריוואַטע געזעלשאַפט

אין דער הינזיכט פון פּריוואַטער געזעלשאַפט האָב איך אין דייטשלאַנד, באַזונדערס אין בערלין, נישט געהאַט וואָס זיך צו באַקלאָגן. אַדרבא, מיין פּריוואַטע געזעלשאַפט, מיינע באַקאַנטשאַפטן און פערזענלעכע פריינדשאַפטן זענען געווען ברייטע און פאַרצווייגטע. איך האָב פאַרקערט אין פאַרשיידענע קרייזן, מיט יוגנט און מיט עלטערע. און דער קווערשניט פון מיינע באַקאַנטשאַפטן האָט מיר געגעבן אַ מעגלעכקייט זיך נענטער צו באַקענען מיטן סאָציאַלן מצב און מיטן מאַטעריעלן און קולטור־שטייגערישן לעבן פון דער דייטשישער באַפעלקערונג ווי אַזעלכע, פון די דייטש־יִדישע תושבים און פון די מיזרח־יִדישע איינוואַנדערערס. מיט אַ וואַרעם געפיל דערמאָן איך תמיד די באַציִונגען מיטן ראַבינערס פרוי אין דאָרטמונד, די געשפּרעכן אויף כּלערליי טעמעס אין אַ קאַפעהויז, און די זאָרג, וואָס די דאָזיקע דאַמע, דאָס שיינדל פון דער יִדישער געמיינדע אין דאָרטמונד, האָט אַרויסגעוויזן פאַר מיין גייסטיקן און פערזענלעכן לעבן.

און אויב ס׳איז אמת, אַז אַ בחור פון אַ 19—20 יאָר קען זיין פאַרליבט אין אַ פרוי

אַן אַ פּגם און אַן אַ שמץ פון עראָטיק, בין איך געווען אַ מוסטער פון אַזאַ ליבע. און טראָץ דעם, וואָס אין מיינע דעמאָלטדיקע אויגן האָט די דאָזיקע פרוי געגילט ווי אַ קלאַסישע פאַרשטייערין פון דער בורזשואַזער און קלעריקאַלער געזעלשאַפט, אַ געזעלשאַפט וואָס כ׳האָב געהאַסט מיט אַלע מיינע חושים, האָב איך דעם ראַ־בינערס פרוי ליב געהאַט מיט דער ריינסטער מענטשלעכער ליבע און מיט אַ טיפער פאַרערונג.

פאַר וואָס די דאָזיקע הויכגעבילדעטע, אַריסטאָקראַטיש־פאַרנעמע, איראָפּעיִש־ראַפינירטע און איידעלע דייטש־יִדישע דאַמע האָט גראָד מיך אויסגעקליבן ווי איינעם פון אירע פריינד, מיט וועלכן מען פאַרברענגט אין דער עפנטלעכקייט: אין קאָנצערט־ און טעאַטער־זאַלן, אין קאַפע־הייזער, און האָט פאַרבעטן צו גאַסט אין איר הויז, גראָד מיך, אַ בחור אַן עלעמענטאַרע בילדונג און אַן סאַלאָן־מאַניערן — איז מיר נישט באַקאַנט.

ליב איז מיר די דערינערונג פון דער באַקאַנטשאַפט און פון דער פריינדשאַפט מיט אַלעקסאַנדער שטיין.

אַלעקסאַנדער שטיין איז געווען אַן אָפּשטאַמיקער פון רוסלאַנד. פּאָליטיש אַ מענשעוויק. ער האָט שטודירט אין דייטשישע אוניווערסיטעטן, פאַרבירגערט זיך אין דייטשלאַנד און געוואָרן אַ פּראָמינענטער סאָציאַליסטישער שרייבער און זשור־נאַליסט. אין די יאָרן פאַרן אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אַלעק־סאַנדער שטיין געווען אַ מיטגליד פון דער ענגער רעדאַקציע־קאָלעגיע פון בער־לינער „פאָרווערטס״, דער צענטראַל־אָרגאַן פון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָ־קראַטישער פּאַרטיי. ער איז געווען אַקטיוו אין דער שפּאַלטונג פון דער דייטשישער ס. ד. און געוואָרן איינער פון די סאַמע וויכטיקסטע אַדיוטאַנטן פון הוגאָ האַזע, פירער פון דער אומאָפּהענגיקער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין דייטשלאַנד. דער „פאָרווערטס״ איז נאָך דער שפּאַלטונג אַריבער אין די הענט פון די „אומ־אָפּהענגיקע״. אַלעקסאַנדער שטיינס אַן אַנטי־מלחמה־אַרטיקל האָט דער דייטשישער רעגירונג געדינט פאַר אַ פּרעטעקסט צו פאַרמאַכן די צייטונג און איבערגעבן אין די הענט פון די שיידעמאַנערס, און פרידריך שטאַמפּער, איינער פון די סאַמע מיאוסטע קריגס־פּראָפּאַגאַנדיסטן, איז געוואָרן דער הויפּט־רעדאַקטאָר. אין די צוואַנציקער יאָרן איז אַלעקסאַנדער שטיין געווען איינער פון די ערשטע און אייפערדיקסטע קעמפערס פאַר אַ וואָס שנעלערער צוריקפאַראייניקונג פון די „אומאָפּהענגיקע״ מיט די שיידעמאַנער. ווי אַ מענטש איז אַלעקסאַנדער שטיין געווען דער אידעאַלער טיפּ פון אַן אידעלן מענטשן, פון מענטשלעכער נאַיִוויטעט, פון גלייבן אַן פאַרבאַהאַלטן, אַז מענטשן זענען בטבע גוט און ערלעך. כ׳וויס נישט צי כ׳קאָן וועגן שטיינען זאָגן, אַז ער איז געווען אַ שונא פונעם מין געלט. כ׳קען אָבער מיט דער גאַנצער זיכערקייט זאָגן, אַז כּבוד און געלט האָבן אים קיין מאָל נישט אינטערעסירט, אַז וואָס ער האָט געשריבן און געזעלשאַפטלעך געטאָן איז געווען

אָן אַ שמץ פון פערזענלעכן אינטערעס. אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז אַלעקסאַנדער שטיין געקומען קיין אַמעריקע. געשטאָרבן אין ניו־יאָרק.

באַקאַנט האָב איך זיך מיט אַלעקסאַנדער שטיין דורך אַ צופאַל. אינזשעניר טשערניאַק האָט מיך געבעטן כ'זאָל אים טאָן אַ טובה און איבערגעבן שטיינען אַ געלט־סומע, וואָס ער האָט פאַר אים דערהאַלטן פון אויסלאַנד. ווי אַ באַלוינונג פאַר מיין טרחה האָט מיר טשערניאַק איינגעשאַצט אין נדן, אַז כ'וועל זיך באַקענען מיט אַן אינטערעסאַנטן מענטשן: „באַמיט זיך, חבר הערשל, צו האָבן אַ שמועס מיט שטיינען, איר וועט עס זיכער נישט באַדויערן".

בעת דעם דערליידיקן מיין אויפגאַבע האָט זיך אַנטוויקלט אַ שמועס, פריִער פון אַ פאָרמעלן כאַראַקטער און שפּעטער איבער פאַרשיידענע ענינים, אַ שמועס פון היפשע שעהען, און ס'האָט זיך איינגעשטעלט אַ פריינדשאַפט צווישן אַן עלטערן און אַ יינגערן, צווישן אַ ראַפינירטן אינטעליגענט און דעם נישט געשליפענעם מעטאַל־אַרבעטער.

אומפאַרגעסלעך איז פאַר מיר די טובה, וואָס אַלעקסאַנדער שטיין האָט מיר געטאָן, מיטן דערלויבן אַנוועזנדיק צו זיין ווי אַן אָבסערוואַטאָר פון זיינעם אַ קרייז, אויף וועלכן ער האָט געלייענט לעקציעס וועגן סאָציאַל־פּאָליטישער וויסנשאַפט. דער קרייז איז באַשטאַנען פון אינטעלעקטואַלן: לערער, אַדוואָקאַטן, מעדיקערס און אוניווערסיטעטס סטודענטן. די לעקציעס פלעגן פאָרקומען אין די פריוואַטע וווינונגען פון די אָנטיילנעמערס פון קרייז: פון אַ באַשיידענער וווינונג אין צענטער פון בערלין, ביז אַ לוקסוס־ווילע אין גרונעוואַלד.

די פריינדשאַפט צווישן אַלעקסאַנדער שטיין מיט מיר האָט אָנגעהאַלטן אין דער גאַנצער צייט פון מיין לעבן אין בערלין און פאָרגעזעצט געוואָרן בשעת מיינע ספּאָראַדישע באַזוכן אין בערלין אין די יאָרן פון נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. צו מיין באַדויערן האָב איך אין מאָנטרעאָל, קאַנאַדע, אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, איידער איך בין געוואָרן אַ בירגער פון קאַנאַדע, נישט געהאַט די מעגלעכקייטן צו באַזוכן ניו־יאָרק און זיך צו זען מיט אַלעקסאַנדער שטיין אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן.

דער פאַטאַלער גורל, וואָס באַגלייט טויזנטער מענטשן, מענער און פרויען — „וויל איך דיך, ווילסטו מיך נישט, וויל איך דיך נישט, ווילסטו מיך" — האָט אויך מיך נישט אויסגעמיטן. אויך איך האָב אין מיינע בערלינער באַקאַנטשאַפטן און פריינדשאַפטן דורכגעלעבט דעם מיזערנעם פאַל פון אַ דרייעק: פון ליב האָבן אַ מיידל, וואָס האָט מיך נישט געוואָלט, און נישט ליב האָבן דאָס מיידל, וואָס האָט מיך געוואָלט.

צוויי שוועסטער מיטן נאָמען קופּערמאַן (מענטשן מיט די נעמען קופּערמאַן און קופּערבערג וועלן זיך דורכשלענגלען מערערע מאָל אין מיינע זכרונות), טעכטער

פון אַ מיזרח־ייִדישן איינוואַנדערער, זענען געווען מיטגלידער פון י. ל. פּרץ־פאַראיין און אָנהענגערס פון דער פּועלי־ציון־פראַקציע. דער קאָנטראַסט צווישן די צוויי שוועסטער איז געווען אַן אויגן־רייסנדיקער. די עלטערע איז געווען אַ קנאַפּע, זייער אַ קנאַפּע, שיינקייט, אָבער אַ קלוגע מויד מיט אַ סוחרישן קאָפּ אויף די פּלייצעס, האָט געוווּנען דעם שיינעם, קלוגן און אינטעליגענטן געוועזענעם לאָדזשער האַנדלס־אָנגעשטעלטן מורני. זיי האָבן צוזאַמען געמאַכט מסחרים און זי האָט מיט אים חתונה געהאַט. די ייִנגערע, ראָזאַ קופּערמאַן, איז געווען אַ טיפּ פון אַ ייִדיש־אָריענטאַלי־שער שיינקייט — און דאָס איז געווען איר גאַנץ פאַרמעג. און איך האָב זיך אין דעם אַ מיידל, אַ געבוירענע שוין אין בערלין, וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַר „איינע עכטעס דויטשישע פרויליין" פאַרליאַפּעט ביז נאַרישקייט.

אין אָנפאַנג איז די ליבע געגאַנגען כּשורה. אויך די עלטערן זענען פון אַזאַ שידוך געווען צופרידן. דאָס קוריאָזע איז געווען, וואָס איך בין זיי מער געפעלן ווי מיין חבר מורני, וועלכער האָט פאַר ייִדישע סוחריש־קליינבירגערלעכע עלטערן געדאַרפט זיין מער מציאה פון מיר. אָבער וואָס מער מיין ליבע איז געוואַקסן, אַלץ מער האָבן די פּעדעם פון דער ליבע זיך אָנגעהויבן רייסן. וואָס וועט זיין מיט „פּרנסה", האָט דאָס מיידל מיך געהאַלטן אין איין פרעגן. און ווען זי איז פון מיר געוואָר געוואָרן, אַז אין יעדן פאַל, וועל איך צוריקפאָרן קיין פּוילן און זיין טעטיק אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, און אַז כ'האָב אָפּגעוואָרפן אירע עלטערנס אַ פאָרשלאָג צו ווערן אַ שותּף צו זייערע געשעפטן, איז דעם מיידלס ליבע געוואָרן אַ בר־מינן.

דאָס איז געווען אין זייט פונעם דרייַעק — די, וואָס האָט מיך נישט געוואָלט.

צווישן די מיטגלידער פונעם דייטש־ייִדישן ציוניסטישן יוגנט־פאַראיין איז געווען אַ מיידל מיטן נאָמען עלזאַ באַרכאַרדט, אַ פּלימעניצע פונעם שוין דערמאָנטן ד"ר יוליאַן באַרכאַרדט, אַ סטודענטין פון מעדיצינישן פאַקולטעט, אַן אָפּשטאַמיקע פון אַ דורות־לאַנגער מיוחסדיקער רייכער, דייטש־ייִדישע משפּחה. זי איז געווען אַ מיטלוווּקסיקע, אַ שלאַנקע, מיט אַ לענגלעך אַליוו פּנים, מיט עטוואָס פּוך אויף דער אייבערשטער ליפּ און גרויסע פראַכטפולע טונקלבלאָע אויגן — אַ געבילדעטע, אינטעליגענטע, קלוגע, איידעלע און טאַקטפולע, עלטער פון מיר מיט אַ 3–2 יאָר. קיין שיינקייט איז עלזאַ באַרכאַרדט נישט געווען. די מאַמע מיינע וואָלט מסתּמא וועגן איר געזאָגט: „זי איז נישט שיין, אָבער מלא חן".

איין מאָל אין אַ זונטיק־נאָכמיטאָג האָב איך זיך ביים צוגאַנג צום הויז פון פּרץ־פאַראיין און פון ציוניסטישן יוגנט־פאַראיין באַגעגנט מיט עטלעכע מיידלעך פון יוגנט־פאַראיין. כ'האָב די מיידלעך באַגריסט מיט אַ העפלעכן „גוט־טאָג" און מיט אַן איראָנישן „לשנה הבא בירושלים". עלזאַ באַרכאַרדט האָט בייגעוווינט דעם סימ־פּאָזיום וועגן מיזרח־ און מערב־ייִדנטום און מיין אַרויסטריט אויפן דאָזיקן סימ־פּאָזיום, און געפרעגט מיך פאַר וואָס כ'בין אַזאַ שונא פון ציוניזם. אָבער אַנשטאָט

איר צו ענטפערן צו דער זאַך ווי אַ מענטש, האָבן אין מיר זיך צעשפּילט אַלע צולהכעיסן און כ׳האָב איר געענטפערט אין אַ בּיליקן טאָן: דערפאַר, ווייל דער ציוניזם האָט צוגערויבט אַלע שיינע יידישע בערלינער טעכטער, די מיאוסע אויך — דערביי האָב איך זי שאַרף אָנגעקוקט — און אַ סאָציאַליסט האָט נישט מיט וועמען צו פלירטעווען. מיין גראָבּיאַנסקער ענטפער האָט דאָס מיידל ווי פּריטשמיע־לעט. מ׳האָט גוט געזען, אַז זי ראַנגלט זיך מיט די ווערטער, וואָס זי וויל ענטפערן. כ׳האָב געפילט, אַז כ׳בין ווייט אַריבּער די גרענעצן פון טאַקטלאָזיקייט, אַנטשולדיקט זיך און פאַרבעטן די מיידלעך אויף אַ קאַווע, מיר זאָלן קענען ערנסטער דעם ענין באַהאַנדלען.

בקיצור, כ׳האָב זיך מיט עלזאַ באַרכאַרדט באַפריינדט, אָפט מיט איר שפּאַצירט און געפירט מיט איר לאַנגע און ערנסטע שמועסן. צוזאַמען האָבן מיר באַזוכט קאָנצערטן און די קונסט־גאַלעריעס, און כ׳האָב זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צו אירע דערקלערונגען וועגן מוזיק און קונסט, מיט וועלכע זי איז געווען פאַמיליאַר. דאָס מיידל האָט זיך אין מיר פאַרליבּט, פאַרליבּט איבער די אויערן.

די פאַרהעלטענישן פונעם דרייַעק זענען נישט געווען קיין סוד. די קיבּיצערס פונעם פּרץ־פאַראיין האָבן אויף מיין חשבון זיך געלאָזט ווילגיק. די פריינד מיינע זענען באַזאָרגט געווען פון דער בלאָטע, אין וועלכער כ׳בין אַריין. זיי האָבן מיט מיר גערעדט שׂכלדיקע רייד, און מיט לאָגישע אַרגומענטן באַמיט צו ווירקן אויף מיר, כ׳זאָל וואָס שנעלער איבעררייסן די אָפּערע מיט ראָזאַ קופערמאַן. וועגן די פאַר־העלטענישן צווישן מיר און עלזאַ באַרכאַרדט זענען זייערע מיינונגען געווען גע־טיילטע. איניקע האָבן געהאַלטן, אַז אויך מיט איר דאַרף איך פאַרענדיקן די צו נאָענטע באַציִונגען: ס׳איז נישט קיין גלייכע פּאָר. אַנדערע האָבן מיך דערמוטיקט פאַרצוזעצן מיינע באַציִונגען: דאָס מיידל איז אין יעדער הינזיכט ממש אַ גליק פאַר מיין ווייטערדיק לעבן.

די אָפּערע האָט זיך געענדיקט נאָך מיין צוריקקומען פון קאָנצענטראַציע־לאַגער (וועגן אַרעסט און קאָנצענטראַציע־לאַגער — אין קומענדיקן קאַפּיטל). אויף מיין פאַרשלאַג ראָזאַ קופערמאַן זאָל מיט מיר חתונה האָבן און פאָרן מיט מיר קיין פּוילן, האָט דאָס מיידל געענטפערט מיט אַ קאַטעגאָרישן „ניין". עלזאַ באַרכאַרדטס איידעלע סוגעסטיעס וועגן פאַרבינדן זיך מיט מיר האָב איך ברוטאַל צוריקגעוויזן. די געשיכטע האָט אַ שטיקל עפּילאָג.

ראָזאַ קופערמאַן האָט חתונה געהאַט מיט איינעם פון די פיינסטע בחורים פון דער סביבה פון פּרץ־פאַראיין, מיט איינעם פון די ברידער טורנער. אירע עלטערן זענען געשטאָרבן. דער מאַן איז קראַנק געוואָרן אויף שווערן טובּערקולאָז, און זי מיטן מאַן און אַ קינד זענען אויסגעהאַלטן געוואָרן פון דער שוועסטער און שוואָגער.

עלזאַ באַרכאַרדט איז אין בערלין געוואָרן אַ באַוווסטע מעדיצינערין. זי איז

געוואָרן אַ קאָמוניסטין. אין 1922, בעת מיינעם אַ באַזוך אין בערלין, האָבן מיר זיך באַגעגנט און פריינדלעך פאַרבראַכט. אין 1928 בין איך פון מאָסקווע געקומען קיין בערלין מיט אַ צעבראָכענער האַנט. דורך מיין פּאַרטיי־ און פראַקציע־חבר און פערזענלעכן פריינד, דעם מיטגליד פון פּאָליטביוראָ פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פּוילן, קראַיעווסקי (אומגעבראַכט געוואָרן דורך סטאַלינען), בין איך צונויפגעפירט געוואָרן מיט דער דאָקטאָרין באַרכאַרדט. עלזאַ באַרכאַרדטס באַגריסן זיך מיט מיר איז געווען רעזערווירט, אָבער פריינדלעך. ד״ר עלזאַ באַרכאַרדט האָט מיך אָװעקגעפירט אין שאַריטע־שפּיטאָל, איבערגעגעבן אין די הענט פון אַ ספּעציאַליסט אַ פיזיאָטעראַפּעווט — און עלזאַ באַרכאַרדט האָט זיך מיט מיר מער נישט געוואָלט באַגעגענען.

עלזאַ באַרכאַרדט האָט ביז דער צייט פון מיין לעצטער באַגעגעניש מיט איר, זומער 1928, נישט חתונה געהאַט.

און נאָך וועגן אַ בערלינער באַקאַנטשאַפט זאָל דערציילט ווערן — די באַקאַנטשאַפט מיטן „סאַלאָן" פון די ליכטענבוימס.

די עקסיסטענץ פון פּאָליטישע און קינסטלערישע סאַלאָנען אין פּאַריז, ווין, בערלין, און זייער ראָלע אין פּאָליטישן, געזעלשאַפטלעכן און קינסטלערישן לעבן פון זייערע שטעט, לענדער, אַפילו אין אַן אינטערנאַציאָנאַלן פאַרנעם — איז מיר באַקאַנט געווען פון דער ליטעראַטור.

געוווּסט האָב איך אויך וועגן דעם סאַלאָן פון די פּאַרוווּסעס (ד״ר העלפאַנד) אין בערלין אין די יאָרן פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין וועלכן ס'פלעגט זיך צונויפקומען די עליטע פון דער ראַדיקאַלער דייטשישער געזעלשאַפט. זינט דעם אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען דער געוועזענער רוסישער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליסט פּאַרוווּס, וועלכער איז שוין פאַר דער מלחמה געווען אַן עושר, איז געוואָרן אַן אָפענער און אַ געהיימער פּאָליטישער אַגענט פון דער קריגס־פּאָליטיק פון דער קייזערלעכער דייטשישער רעגירונג און פינאַנסירט „די גלאָקע" אין דייטשלאַנד און אַנדערע צייטשריפטן אין די נייטראַלע לענדער פאַר דער דייטשישער קריגס־פּאָליטיק, האָט די ראַדיקאַלע אינטעליגענץ זיך אָפּגעקערט פון פּאַרוווּסן און געמיטן זיין סאַלאָן.

געוווּסט האָב איך טאַקע וועגן דער עקסיסטענץ און ראָלע פון די סאַלאָנען, אָבער ווי דאָס זעט אויס אין דער ווירקלעכקייט, איז פאַר מיר געווען לגמרי פרעמד. ביז אין איינעם אַ טאָג בין איך אַריבערגעטראָטן די שוועל פון אַזאַ סאַלאָן, און כ'האָב זיך צוגעקוקט צו זיין פונקציאָנירן און צו די מענטשן, וואָס האָבן דאָרט פאַרקערט. געווען איז דאָס דער סאַלאָן פון די ליכטענבוימס אינעם רייכן בערלינער קוואַרטאַל וואַנענזעע.

באַקאַנט מיט דעם דאָזיקן סאַלאָן האָב איך זיך אַ דאַנק הענריק (סטאַך) זאַ־

טאַרסקי. נאָך דער באַפרייונג פון האָועלבערגער קאָנצענטראַציע־לאַגער זענען די בונדיסטן דוד מייער און גרשון זיבערט, און אויך העניעק זאַטאַרסקי, וועלכער איז שוין געווען אַ באַקאַנטער טוער פונעם יידישן סעקטאָר פון ס.ד.ק.פּ.ל. אין וואַרשע, געקומען אויף אַ צייט קיין בערלין. זאַטאַרסקי האָט געוווינט מיט מיר אין איין וווינונג. זייענדיק אַ שילער פון אַ האַנטווערקער־שולע איז זאַטאַרסקי געגאַנגען אַרבעטן ווי אַ מעטאַל־טאָקער. צו זיין שלימזל האָט מען אים געגעבן צוויי גרויסע טאָקאַרניעס, אויף וועלכע ס'זענען פּראָדוצירט געוואָרן גרויסע און שווערע זאַכן. ביים צוריכטן אַן אַרבעט האָט ער שווער צעשעדיקט אַ האַנט און איז נישט מער פעיק געווען צו טאָקער־אַרבעט. מיר האָבן געהאַט אַ סך צייט צו שמועסן.

בעת איינעם פון די שמועסן האָט זאַטאַרסקי מיר דערציילט, אַז ער באַזוכט דעם סאַלאָן פון די ליכטענבוימס, אין וועלכן ס'קומט זיך צונויף אַ גרויסע צאָל ראַדיקאַל־געשטימטע אינטעליגענץ פון פאַרשיידענע ריכטונגען: פּאָליטישע טוערס, שרייבערס און קינסטלערס. דאָרט האָט ער באַגעגנט אַלעקסאַנדער שטיין. ער האָט מיר געראָטן כ'זאָל ווערן אַ באַזוכער פונעם סאַלאָן, און שטיין, וועלכער איז דאָרט זייער אָנגעזען, זאָל מיך אַריינפירן.

און דערציילט האָט מיר זאַטאַרסקי וועגן דעם סאַלאָן פון די ליכטענבוימס:

— דער סאַלאָן געפינט זיך אינעם פּאַלאַץ פון די צוויי ברידער ליכטענבוים: אַלבערט און איגנאַץ, אָפּשטאַמיקע פון פוילן, פון אַן אַלטער שטאַרק־אַסימילירטער פאַמיליע. אַלבערט איז געווען פאַרבונדן מיט ס.ד.ק.פּ.ל. די פאַמיליע איז געקומען קיין בערלין אין די ערשטע יאָרן פון איצטיקן יאָרהונדערט און זייער רייך געוואָרן. צווישן די פאַרשיידענע קאָמערציעלע אונטערנעמונגען זייערע געפינט זיך אויך די טאַבאַק־פאַבריק „מאַנילאַ". אַלבערט און די פרוי זיינע, פלאָראַ, האָבן ווייטער אָנגעהאַלטן פאַרבינדונגען מיט ס.ד.ק.פּ.ל. און זייער וווינונג איז געוואָרן אַ צוזאַמענ־קום־אָרט פאַר די פירערס פון דער דאָזיקער פאַרטיי. נאָך דער שפּאַלטונג פון ס.ד.ק.פּ.ל. אין 1912, איז זייער וווינונג געווען אַן אָרט, וווּ די צעקריגטע צדדים פלעגן זיך באַגעגענען אויף אַ נייטראַלן באָדן. מ'האָט דאָרט געקענט טרעפן ראָזאַ לוקסעמבורג, טישקאָ־יאָגיכעס, אַדאָלף וואַרסקי, מאַרכלעווסקי־קאַרסקי פון די זאַשאַנדאָווצעס, און קאַרל ראַדעק, האַנעצקי און אַנדערע פון די ראָזלאָמאָווצעס. נאָכן אויסבראָך פון דער מלחמה האָבן די מיינסטע, וואָס האָבן פאַרלאָזן דעם סאַלאָן פאַרוווּס, זיך איבערגעטראָגן צו די ליכטענבוים. די נשמה פון סאַלאָן איז אַלבערטס פרוי. אין פּאַלאַץ קען מען תמיד באַגעגענען וועמען פון די גדולים מיט אַ ראַדיקאַלן אונטערשלאַק. שבת אין אָוונט קומען פאַר צוזאַמענקומען, וואָס הייבן זיך אָן אַרום 11 אין אָוונט און ענדיקן זיך שפּעט אין דער נאַכט.

דער ענין האָט מיך אַ דריפּע געטאָן, כ'האָב אָבער נישט געהאַט קיין קוראַזש צו רעדן וועגן דעם מיט אַלעקסאַנדער שטיין. זאַטאַרסקי האָט דאָס פאַר מיר דער־לידיקט, און שטיין האָט מיך אַריינגעפירט אינעם ליכטענבוים־סאַלאָן, פאַרגע־

שטעלט פאַר דער באַלעבאָסטע און כ׳בין געוואָרן אַן אָפטער באַזוכער פונעם דאָזיקן סאַלאָן.

אין דעם סאַלאָן האָב איך זיך נישט איבעריק גוט געפילט. ווי זאָגט אַ ווערטל: ווי אַ העלפאַנט אין אַ קראָם פון פּאָרצעליי. דאָס איז נישט געווען קיין מינער־ווערטיקייט־געפיל צוליב מיין מאַנגל פון פאָרמעלער בילדונג. אַדרבא, כ׳האָב זיך געהאַלטן אַפילו אין גרויסן וואָס אַן שולבילדונג בין איך דערגאַנגען צו אַ מדרגה צו קענען זיין איינער פון אַזאַ געזעלשאַפט און נישט מורא האָבן קאָמפּראָמעטירט צו ווערן, אויב מ׳פרעגט מיך וועגן אַן ענין פון אַ געזעלשאַפטלעכן און אַפילו פון אַ קולטור־כאַראַקטער. מיין שלעכט פילן האָט זיך גענומען פון מיין נישט באַזיצן דעם גראַד אייראָפּעיִשע ציוויליזירטקייט, באַנעמונג און מאַניערן פון דער שטייגער־קולטור, מיט וועלכע די אַנדערע האָבן זיך אויסגעצייכנט. און געוווּסט האָב איך, אַז אויב כ׳וועל זיי נאָכאַמען, וועט עס מיך אַוועקשטעלן אין אַ לעכערלעכער לאַגע און כ׳וועל פאַרלירן די רעספּעקטפולע באַציִונג, וואָס כ׳האָב זיך דערוואָרבן. כ׳האָב אויפגעהערט צו באַזוכן דעם סאַלאָן.

מיין אַפּוועזנדיקייט האָט געצויגן אַ געוויסע אויפמערקזאַמקייט, און פלאָראַ ליכטענבוים האָט מיך אויפגעזוכט געוואָר צו ווערן די סיבה פון מיין נישט קומען. כ׳האָב איר דערציילט דעם אמת. זי האָט מיך אָפּגעזידלט גאַרנישט אויף קיין אינטעליגענטן אופן און כ׳האָב ווידער אָנגעהויבן באַזוכן דעם סאַלאָן.

פון די פּילצאָליקע באַזוכערס ביי די ליכטענבוימס וועל איך פאַרצייכענען בלויז דריי מענטשן, וועלכע האָבן אויף מיר געמאַכט אַ באַזונדערן איינדרוק: מאַרכלעווסקי־קאַרסקי, העלמוט פאָן גערלאַך און ראָזאַ לוקסעמבורג.

מאַרכלעווסקי איז געווען איינער פון די ווּיכטיקסטע פירערס פון דער „סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון קעניגרייך פּוילן און ליטע״. ער איז געווען אַ שווייגער, מיט אַ גוט אויער אויפצונעמען געדאַנקען און מיינונגען, וועלכע זענען אין די זאַלן פון סאַלאָן געקומען צום אויסדרוק. אַ מענטש אַן אויסערגעוויינלעך קלוגער, מיט אַ סך וויסן און אינטעליגענץ. געשמועסט האָט מען, אַז טישקאַ־יאָגיכעס און מאַר־כלעווסקי זענען געווען די אָרגאַניזאַטאָרן און זיי זענען די פּאַקטישע אָרגאַניזאַציאָנעלע פירערס פונעם „ספּאַרטאַקוס־בונד״. בשעת דער רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד איז מאַרכלעווסקי געווען דער אָנפירער פון די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן אין מערב־דייטשלאַנד. אין 1919 אָדער 1920 איז מאַרכלעווסקי געקומען קיין פּוילן אינעם ראַנג פון אַן אַמבאַסאַדאָר מיט אַ סוויטע פונעם סאָוועטישן רויטן קרייץ. ביים צוריקקער איז ער מיט דער גאַנצער סוויטע אויף דער גרענעץ פון פּוילן און רוסלאַנד דערהרגעט געוואָרן דורך פּוילישע אָפיצירן.

איך בין דורך מאַרכלעווסקין עטלעכע מאָל פאַרטשעפּעט געוואָרן מיט פראַגעס וועגן דעם יידישן אַרבעטער־לעבן אין פּוילן. מאַרכלעווסקי פלעגט זיך אויפמערק־זאַם צוהערן צו דעם, וואָס כ׳פלעג אים זאָגן און פאַרטיידיקט די אָפיציעלע שטעלונג

פון ס.ד.ק.פּ.ל. צו די ייִדישע פּראָבלעמען. ער איז אָבער נישט געווען קיין ווולגאַרער אַסימילאַטאָר, און ער האָט געגעבן אָנצוהערן, אַז מען דאַרף דורכלופטערן די אַלטע איינשטעלונגען. איין מאָל האָט ער איינגעלאַדן זאַטאָרסקין און מיך צו אַ מין סימפּאָזיום וועגן דער ייִדן־פראַגע אין פּוילן. נאָכן שמועס האָב איך אַ זאָג געטאָן צו זאַטאָרסקין: „מיט אײַערע גויִים וואָלט מען געקענט גיכער דורכקומען, ווי מיט אײַערע ייִדישע זאַשקעס, פּיאַטערס און צוקערוואַרס״.

אַ קאָלירפולע פיגור און אַן אייגנאַרטיקע פּערזענלעכקייט איז געווען העלמוט פאָן גערלאַך.

גערלאַך איז געווען איינער פון די רעפּרעזענטאַטיווסטע פיגורן פונעם שיכט בירגערלעכע ראַדיקאַלע אינטעליגענץ, וואָס האָט געהאָלפן געשטאַלטן די געזעלשאַפטלעכע מיינונג אינעם פאַריקן יאָרהונדערט ביז צום אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווי למשל: בערנע אין דייטשלאַנד. דער יונגער קלעמאַנסאָ אין פראַנקרייך, און העריאָ ווי אַן עפּיגאָן.

אַן אָפּשטאַמיקער פון הויכן אַדעל, האָט גערלאַך געהאַסט די פּרייסישע מיליטער־קאַסטע און די פעאָדאַלע דעגענעראַטן מיט אַלע פײַנטשאַפטן פון זײַן איידל האַרץ און זײַנע אויפריכטיקע ראַדיקאַלע איבערצײַגונגען. אַ זעלטן־פעיִקער פּאָליטישער שרײַבער האָט גערלאַך, ווי מאַקסימיליאַן האַרדען, געריסן פּאַסן פון די קייזערלעך־ווילהעלמישע רעגירונג־פירערס, פון דער קייזערלעכער הויפקליקע, און פון דעם קייזער ווילהעלם גופא.

העלמוט פאָן גערלאַך האָט רעדאַגירט די ראַדיקאַלע וואָכנשריפט „די וועלט אַם מאָנטאַג״. אין דער צײַט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט גערלאַך אויף די שפּאַלטן פון דער „וועלט אַם מאָנטאַג״ געפירט דעם שאַרפסטן קאַמף קעגן דער מלחמה און קעגן די בעטמאַן־האָלוועגס, בילאָווס און לודענדאָרפס, און אויך קעגן דעם רעכטן פליגל פון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. די וואָכנשריפט פלעגט זיך באַווײַזן זונטיק שפּעט בײַ נאַכט, און נישט איין מאָל פלעג איך, און הונדערטער אַזעלכע ווי איך, וואַרטן מיטן אַהיימגיין ביז כ׳האָב געקריגן אַ פרישן נומער „וועלט אַם מאָנטאַג״. אין בערלין פלעגט מען דאַן זאָגן, אַז די מיניסטאָרן, מיט בעטמאַן־האָלוועג בראָש, קענען אין די זונטיקס בײַ נאַכט נישט שלאָפן, פון מורא, אַז גערלאַכס אַן אַרטיקל זאָל נישט צעשטערן זייער פּאָליטיק.

אין סאַלאָן פון די ליכטענבוימס איז העלמוט פאָן גערלאַך, דער עלטערער פאָרנעמער הער, באַטראַכט געוואָרן ווי אַן עלטערער שטאַטסמאַן, צו וועמענס וואָרט מען הערט זיך צו מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט און רעספּעקט, און פון וועמען מען דערוואַרט צו הערן נײַעס פון די הינטערקוליסן־שפּילן אין די רעגירונג־קרײַזן און מיליטער־קליקע.

ראָזאַ לוקסעמבורג:

די פעדער לויפט האַסטיק־האַסטיק איבערן פּאַפּיר און וואַרפט אָן היעראָגליפן

אַנשטאָט אותיות — אַן אויסדרוק פון דער אינערלעכער שפּאַנונג, וועלכע באַהערשט מיך ביים דערמאָנען זיך מיינע צוויי באַגעגענישן מיט ראָזאַ לוקסעמבורג אין פּאַ־לאַצל פון די ליכטענבוימס. איך פיל, ווי דאָס בלוט ריזלט שטאַרקער אין מיינע גלידער און כ׳שפּיר דעם דרעשטש אין מיינע אברים פון יענע מינוטן ווען כ׳פלעג זיך באַגריסן און געזעגענען האַלטנדיק אין מיין דעמאָלטדיקער מאַזאָליער האַנט דאָס צאַרטע הענטל פון ראָזאַ לוקסעמבורג — דעם זשעני פונעם פּרויען־מין אין דער געשיכטע פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, איינע פון די גרויסע, פון די סאַמע גרעסטע סאָציאַליסטישע טעאָרעטיקערס, און אַ פירער פון דער רעוואָלוציאָ־נער־סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין משך פון אַ 40 יאָר — דער אָדלער פון רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם. גלייכצייטיק פיל איך אַן אינערלעכע פרייד, און אַ שטימע, וואָס רעדט אין מיר: יונג געווען און קוראַזש געהאַט, נישט נאָר נישט מסכּים צו זיין מיט ראָזאַ לוקסעמבורג, נאָר אויך אַנטקעגנצושטעלן זיך, צו רעדן מיט איר שאַרפע דיבורים און איר צו מאַכן דעם פאָרוווּרף פון ווולגאַרן אַסימילאַ־טאָריזם, אַז די ייִדישע אַסימילירטע סאָציאַליסטישע אינטעליגענץ פאַרנעמט לגבי ייִדישע נאַציאָנאַלע און פאָלקס־פּראָבלעמען אַ סך אַן ערגערע שטעלונג, ווי זייערע גוייִשע חברים.

פון מיין לעבן אין בערלין 1916—1918. דעמאָלט איז ראָזאַ לוקסעמבורג געזעסן

די באַגעגענישן מיט ראָזאַ לוקסעמבורג זענען נישט פאָרגעקומען אין דער צייט אין דער תּפיסה אין ווראָנקי (אין די יאָרן 1926—27 בין איך געווען אַ תּושב אין דער ווראָנקער תּפיסה) און געשריבן אירע פּאָליטישע און ליטעראַרישע בריוו, וועלכע זענען געוואָרן היסטאָריש־ווערטפולע דאָקומענטן פאַר אַלע מענטשלעכע צייטן. מיינע צוויי באַגעגענישן מיט ראָזאַ לוקסעמבורג זענען פאָרגעקומען אין די ערשטע חדשים פון יאָר 1919 אַ דאַנק אַ צופאַל.

אין וואַרשע האָט זיך אין די ערשטע חדשים פון 1919 געפונען איזאַק גרינבערג פון מלאַווע, וועלכער איז אין בונד, קאָמבונד, און אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פּוילן באַקאַנט געווען אונטערן נאָמען „זשאַן״. זשאַן האָט צו יענער צייט אָנגענומען דעם פּאָסטן פון אַ סעקרעטאַר פונעם ייִדישן ליטעראַטן־פאַראיין אויף טלאָמאַצקע 13. אַבע פלוג, זשאַן און איך זענען דאַן געווען אַ פּעסטע טרויקע פון פּאַרטייִשע פּראַקציאָנעלע און פּערזענלעכע פריינד. אין איינעם אַ ווינטערטאָג זאָגט מיר זשאַן: מוזסט מיט מיר פאָרן קיין בערלין. מיין ייִנגערער 16־יאָריקער ברודער איז אַן אַ גראָשן געלט אַנטלאָפן קיין בערלין ווערן אַן אַקטיאָר און מיר מוזן אים אויפזוכן. דו ביסט מיט בערלין גוט באַקאַנט, האָסט דאָרט פאַרבינדונגען, און דו מוזסט מיט מיר מיטפאָרן. אַ רייזע דורך די דעמאָלט פּליסיקע פּויליש־דייטשישע גרענעצן איז פאַרבונדן געווען מיט אַ סך געפאַרן. נישט מעלדנדיק מיינע באַלעבאַטים — דעם וואַרשעווער קאָמיטעט פון בונד, וועמענס מיטגליד כ׳בין געווען, און נישט דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד, ווו כ׳בין געווען אַ פונקציאָנאַר

— האָב איך זיך געלאָזט אויף דער אַוואַנטורע צו שוואַרצן די גרענעץ. דעם אמת געזאָגט האָט מיר די אַוואַנטורע געשמעקט. כ'בין געווען נייגעריק צו זיין אין בערלין, זען וואָס דאָרט קומט פאָר און באַגעגענען אַלטע באַקאַנטע.

אין בערלין האָב איך אויך אָפּגעשטאַט אַ וויזיט די ליכטענבוימס. אין איינעם פון די קלענערע אויפנעם־צימערן איז געזעסן אַ פרוי און געלייענט אַ זשורנאַל. ס'איז נישט שווער געווען צו דערקענען, אַז דאָס איז ראָזאַ לוקסעמבורג. מיין גאַסט־געבערין האָט פאַרשטאַנען מיין נייגעריקייט און מיך פאָרגעשטעלט.

דער שמועס איז געווען אַ וואַרעמער און אַן אינטערעסאַנטער. ראָזאַ לוקסעמ־בורג האָט מיר געשטעלט אומצאָליקע פראַגן וועגן דער לאַגע אין פוילן. מיינע ענטפערס זענען געווען, אַז אָט־אָט שטייען מיר פאַר אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע, אין וואָס כ'האָב באמת געגלייבט. ראָזאַ לוקסעמבורג איז געווען שטאַרק פאַראינ־טערעסירט צו וויסן וואָס פאַר אַ ס'גאָל מענטשן עס זענען די פירערס פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי, געקומענע פון דער געוועזענער פ.פ.ס.־לעוויצע, און באַזונ־דערס צו באַקומען כאַראַקטעריסטיקעס פון קאָסטשעוואַ, וואַלעצקי און קרוליקאָווסקי. קאָסטשעוואַ און וואַלעצקין האָב איך צו יענער צייט ווייניק געקענט און דערציילט וואָס כ'וויים וועגן די אַנדערע געוועזענע פירערס פון פ.פ.ס.־לעוויצע, וועלכע זענען מיר באַקאַנט געווען.

געמיינט האָט ראָזאַ לוקסעמבורג, אַז כ'בין אַ טוער פון דער קאָמ. פאַרטיי פון פוילן. ווען זי איז אַרויסגעפירט געוואָרן פון טעות, האָט זיך דער שמועס פאַר־ברייטערט וועגן בונד און וועגן די יידן־פּראָבלעמען אין פוילן. אַרום די דאָזיקע ענינים האָט דער שמועס אָנגענומען אַ גאַנץ היציקן כאַראַקטער. געהאַט האָב איך פאַר זיך אַן עקסטרעמען אַסימילאַטאָר. ראָזאַ לוקסעמבורגס גרעניאַלער אַנאַליטישער מוח האָט, ליידער, די יידישע ענינים אויפגענומען מיטן אולטראַ־קאָסמאָפּאָליטישן צוגאַנג פון די בירגערלעכע ראַדיקאַלן פון 19טן יהרהונדערט.

מיין שמועס מיט ראָזאַ לוקסעמבורג איז געפירט געוואָרן אין צוויי פאַרזעצונגען, און טראָץ די שאַרפע מאָמענטן פון מיין פּאָלעמיק, איז איר באַציִונג צו מיר געווען אַ פריינדלעכע. געהאָלפן האָט מיר מיין שטעלונג צו די קאַרדינאַלע פּאָליטישע צייט־ענינים, און דאָס זיין אַ מיטגליד און אַ טוער פונעם „ספּאַרטאַקוס־בונד" אין בערלין אין דער צייט פון דער מלחמה.

ביים געזעגענען זיך האָט ראָזאַ לוקסעמבורג מיך געבעטן מיטצונעמען אַ בריוו פאַר אַדאָלף וואַרסקי. כ'האָב מסכים געווען מיטצונעמען דעם בריוו מיטן באַדינג, אַז אויב כ'וועל זיך געפינען אין אַ געפאַר, זאָל איך מעגן דעם בריוו פאַרניכטן. אויב זי וויל, קען זי מיר זאָגן דעם אינהאַלט פון בריוו, כ'זאָל דאָס קענען איבערגעבן אין פאַל ווען דער בריוו וועט מוזן פאַרניכט ווערן. ראָזאַ לוקסעמבורג האָט מסכים געווען אויף דער פאַרניכטונג פון בריוו אין פאַל פון אַן אַבסאָלוטער נויטווענדיקייט, אָבער זיך אָפּגעזאָגט מיר איבערצוגעבן דעם אינהאַלט. דער בריוו איז בשלום אָנגע־

קומען קיין וואַרשע און כ׳האָב אים איבערגעגעבן סטאַך זאַטאַרסקין, כּדי אים צו־צושטעלן דעם אַדרעסאַט.

נאָך מיין צוריקקומען פון דער זשאַן־אוואַנטורע האָב איך פון יוזעפן אַריינ־געכאַפּט די אמתע און פאַרדינטע פאַרציע פאַרוואורפן. יוזעפן, מעדעמען און שולמאַנען האָב איך דערציילט וועגן מיינע שמועסן מיט ראָזאַ לוקסעמבורג און וועגן דער קנאַפּ־העפלעכער דיסקוסיע מיט איר וועגן בונד און וועגן די יידישע ענינים. ביי יוזעפן האָבן די אויגן אַ בליצל געטאָן פון הנאה. מעדעם האָט געשמייכלט מיט דעם באַקאַנטן מעדעמישן קוים־באַמערקלעכן שמייכל ווען ער איז מיט עפּעס געווען זייער צופרידן. שולמאַן, טיקנדיק מיט אַ פינגער אין מיין זייט, האָט אַ זאָג געטאָן צו מעדעמען: „אַ בונדישע נשמה קען מען נישט אָפּשאַצן״. (מעדעם האָט זיך צו יענער צייט געהאַט שוין עטלעכע מאָל אָפּגעזאָגט אַרויסצוטרעטן מיט מיר אויף אַן עפנטלעכער פּלאַטפאָרמע צוליב מיין אויסגעשפּראָכענעם באָלשעוויזם), און ס׳האָט זיך פאַרפירט אַ לאַנגער שמועס וועגן ראָזאַ לוקסעמבורג, אין וועלכן ס׳איז געקומען צום אויסדרוק אַלעמענס הויכע מיינונג וועגן ראָזאַ לוקסעמבורגס אַלזייטיקער פּערזענלעכקייט.

## טורמע און קאָנצענטראַציע־לאַגער

אַרעסטירט בין איך געוואָרן אין יאַנואַר 1918 בשעת דעם ערשטן גרויסן שטרייק פון די בערלינער אַרבעטער. דער פאָרמעלער מאָטיוו פון מיין אַרעסט איז געווען, אַז איך האָב נישט אויסגעפאָלגט אַ פּאָליציי־באַפעל זיך צוריקצוקערן צו דער אַרבעט אין די „אַנהאַלטישע מאַשינען־ווערקע״, אין וועלכער איך בין געווען באַ־שעפטיקט ווי אַ מעטאַל־טאָקער. פון דער אויספאָרשונג אין פּאָליציי־פּרעזידיום איז פאַר מיר קלאָר געווען, אַז די פּאָליציי איז אינפאָרמירט וועגן מיין פּראָ־באָלשעוויסטישער איינשטעלונג, מיין טעטיקייט אין י. ל. פּרץ־פאַראיין און מיינע אַקטיוויטעטן אין „ספּאַרטאַקוס־בונד״.

אין דער טורמע פון פּאָליציי־פּרעזידיום אויף אַלעקסאַנדער־פּלאַץ האָב איך פאַרבראַכט אַ 10 טעג. די תּפיסה־קאַמערן זענען געווען גרויסע און שוידערלעך שמוציקע, און אָנגעפּראָפּטע מיט אַרעסטאַנטן. דאָרט האָב איך זיך באַגעגנט מיט פאַרשיידענע טיפּן און כאַראַקטערן, דייטשן און אויסלענדער — אַ לעבעדיקער קווערשניט פון דעמאָלטדיקן דייטשלאַנד.

פון פּאָליציי־פּרעזידיום בין איך אַריבערגעפירט געוואָרן אין דער בערלינער תּפיסה פאַר שווערע פאַרברעכערס מיט דעם נאָמען „פּלעצענזע״. דאָרט איז, וואָס אַן אמת, געווען פינקלדיק זויבער, אָבער די באַשפּייזונג איז געווען פון אַזאַ קוואַנ־

טיטעט און קוואַליטעט, אַז נאָך דריי וואָכן פֿאַרברענגגען צווישן די מויערן פֿון דער דאָזיקער תּפֿיסה האָב איך קוים געקענט שלעפּן די פֿיס. דאָס איינציקע פּאָזיטיווע — אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריקן — פֿון מיין געפֿינען זיך אין דער פּלעצענזע־טורמע איז געווען, וואָס איך בין אַריינגעפֿאַלן צווישן דער סמעטענע פֿון דער דייַטשישער פֿאַרברעכער־וועלט און דערלערנט דאָרט אַ סך מנהגים און געוווינשאַפֿטן פֿונעם שטייגער־לעבן צווישן קרימינעלע, וואָס איז מיר שפּעטער גוט צו נוץ געקומען בעת מיינע אַרעסטן און לאַנגע יאָרן פֿאַרברענגגען אין די תּפֿיסות אין פּוילן ווי אַ פּאָליטישער „פֿאַרברעכער".

פֿון דער פּלעצענזע־תּפֿיסה אין בערלין בין איך אַוועקגעפֿירט געוואָרן אין דער מאַגדעבורגער פֿעסטונג. נאָך די בערלינער תּפֿיסות איז די מאַגדעבורגער פֿעסטונג געווען ממש אַן אָפּרואָרט. די קאַמערן זענען געווען אָפֿן און מען האָט געקענט פֿריי אַרומשפּאַצירן אויפֿן הויף. דאָס עסן איז געווען בעסער. ס'איז געווען אויך אַ קאַנטינע, וווּ מ'האָט געקענט קריגן עפּעס צו קויפֿן. צו מיין גליק האָבן חברים און פֿריינד אין בערלין זיך באַצייטנס דערוווּסט וועגן מיין אַרעסט און ווו איך געפֿין זיך, און מיך באַזאָרגט מיט אַ ביסל געלט, וואָס איז מיר אין דער מאַגדעבורגער פֿעסטונג גוט צו נוץ געקומען.

פֿון דער מאַגדעבורגער פֿעסטונג, אין וועלכער כ'האָב זיך געפֿונען אַ צוויי וואָכן, בין איך אַריבערגעפֿירט געוואָרן אין דעם גרויסן קריגס־געפֿאַנגען־לאַגער „אַלט־גראַבאָוו" אין זאַקסן. אַוודאי איז דער דעמאָלטדיקער צוואַנגס־אַרבעטס־לאַגער אין אַלט־גראַבאָוו נישט געווען קיין היטלער־לאַגער, אָבער קיין צרות, הונגער און קראַנקייטן האָבן אויך אין יענעם לאַגער נישט געפֿעלט. מענטשן זענען דאָרט געפֿאַלן ווי די פֿליגן פֿון הונגער און אויסשעפּונג.

דאָס לעבן אין לאַגער מיט די ציוויל־און קריגס־געפֿאַנגענע פֿון פֿאַרשיידענע פֿעלקער און לענדער, איז געווען פֿאַר מיר אַ שולע, פֿון וועלכער איך האָב געקענט לערנען וועגן כאַראַקטערן, אייגנשאַפֿטן און עמאָציעס פֿון מענטשן, און אויך כאַראַקטער־שטריכן פֿון פֿעלקער.

צוויי פּאַסירונגען האָבן מיר אין קאָנצענטראַציע־לאַגער אַלט־גראַבאָוו געשאַפֿן אַ געוויסן פּרעסטיזש: אַ געשלעג און אַ רעדע.

דער באַראַק, אין וועלכן איך האָב זיך געפֿונען, איז באַצייכנט געווען ווי איינער פֿון די באַראַקן פֿאַר רוסישע ציוויל־געפֿאַנגענע. געפֿונען האָבן זיך אין באַראַק אַ 600 מענטשן, צווישן זיי זייער ווייניק ייִדן. די ממשלה האָבן אין באַראַק געהאַט אַ חבֿרה פּוילישע אונטערוועלט־מענטשן, וועלכע האָבן אומברחמנותדיק באַרויבט די באַראַק־איינוווינערס פֿון גרויסע חלקים פֿון זייער טעגלעכער שפּייז און זיי מוראדיק טעראָריזירט.

ס'איז מיר שווער צו זאָגן די סיבה פֿאַר וואָס עטלעכע פֿון דער בלאַטער חבֿרה האָבן זיך איבער מיר ספּעציעל איזדיעקעוועט. מעגלעך דערפֿאַר, וואָס כ'האָב זיך

נישט באַטייליקט אין זייערע שפּילן און אין העלפן איזדיעקעווען זיך איבער אַנדערע, און מעגלעך אויך דערפאַר, וואָס אין מיין פרייער צייט האָב איך געלייענט. וואָס צו לייענען איז נישט געווען. כ׳האָב אין באַראַק געהאַט געפונען אַ גמרא יבמות און זיך אַריינגעטאָן אין לערנען די דאָזיקע מסכתא, ווי ס׳וואָלט געווען מיין טייערסטע לעקטור. אַגב, אין קיין גמרא האָב איך נישט געהאַט אַריינגעקוקט שוין 8–9 יאָר.

איין מאָל אין אַ זונטיק־נאָכמיטאָג האָבן חברה ביי מיר צוגערויבט די גמרא, זיך אַ נעם געטאָן צו מיר און האָבן געמאַכט פון מיר אַ פּילקע, געשליידערט פון איינעם צו צווייטן און יעדער האָט מיך מכבד געווען מיט בוכצעס. כ׳האָב געפילט, אַז כ׳גיי אויס אונטער זייערע הענט, ביי אַ הירזשעריי פון די ביישטייענדיקע. כ׳ווייס נישט, ווי אַזוי ס׳איז געשען, כ׳האָב אַ כאַפּ געטאָן אַ הילצערנע טאַבורעטקע, וואָס איז געווען שווערער פון מיר, און מיט דעם בענקל געשלאָגן אויף רעכטס און לינקס מיט אַזאַ פוריע, אַז עטלעכע זענען געפאַלן פאַרוווּנדיקטע. מיט גרויס מי איז געלונגען צוצונעמען ביי מיר דאָס בענקל און מיך צו באַרויִקן. פון דעמאָלט אָן איז די באַציִונג פון דער באַראַק־„אַדמיניסטראַציע״ צו מיר געווען אַן אַנדערע. מ׳האָט אויפגעהערט מיך צו באַרויבן פון מיין חלק שפּייז. פּלוצעם זענען די באַראַק־איינוווינערס געוואָר געוואָרן, אַז כ׳בין אין פּוילן געווען אַן אַרבעטער־טוער.

דער צווייטער פאַל האָט מיך געמאַכט אַפילו פאַר אַ שטיקל „פּערסאָנאַ גראַטאַ״ אין מיין באַראַק, און מענטשן האָבן זיך אָנגעהויבן גרופּירן אַרום מיר.

געשען איז אָט וואָס: כ׳האָב געהאַלטן אַן אַנטי־מלחמה־רעדע אין איינעם פון די באַראַקן פון די דייטשישע זעלנער.

דער קאָנצענטראַציע־לאַגער אין אַלט־גראַבאָוו האָט זיך גערעכנט פאַר איינעם פון די גרעסטע און שווערסטע לאַגערן. די ציוויל־געפאַנגענע זענען גענוצט געוואָרן פאַר שווערער אַרבעט מחוץ פונעם לאַגער. דאָס קריגן אַן אָרט ביי אַ לייכטערער אַרבעט מיט מענטשלעכע מיליטערישע אויפזעערס איז געווען ביז גאָר לעבנס־וויכטיק און יעדע ענדערונג אין דער אַרבעט אָדער פון די אויפזעערס איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ מעגלעכע פאַרערגערונג.

בשעת אַ פרימאָרגן־אַפּעל איז אָנגעקומען אַ נייע גרופּע מיליטער־לייט און ס׳איז נייטיק געוואָרן צו פאָרמירן אַ בריגאַדע פון אַ 15 מענטשן פאַר אַן אומבאַ־קאַנטער אַרבעט מיט דריי זעלנער ווי אויפזעערס. יעדער האָט זיך באַמיט נישט אַריינצופאַלן אין דער נייער אַרבעט־בריגאַדע. איך בין געווען איינער פון דער ניי־פאָרמירטער גרופּע. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז דאָס איז געווען אַ גליקלעכער טראָף.

די אַרבעט איז באַשטאַנען אין פונאַנדערנעמען די קאַכעלנע אויוונס אין די באַראַקן פון די דייטשישע זעלנער, וועלכע זענען אין די טויזנטער געווען סטאַציאָ־נירט אין די זעלנער־באַראַקן, אַ 2 קילאָמעטער פון געפאַנגען־לאַגער. די אַרבעט איז געווען אַ לייכטע, און די אויפזעערס, עלטערע זעלנער פונעם הימפראַנט —

נישט קיין שלעכטע מענטשן. און דער עיקר, וואָס ביי דער אַרבעט איז מען געווען צווישן מענטשן און ס׳איז עפּעס אַראָפּגעפאַלן צום עסן. ביי געוויסע פון די זעלנער איז געבליבן אַן איבעריקער מיטאָג אָדער אַ מאכל, וואָס האָט אים נישט געשמעקט. מ׳האָט געהערט אַ רובאַשנעם אָדער אַ פריינדלעכן: „העי, רוסע, ווילסטו פרעסן?" און ווו ס׳האָט זיך געלאָזט, האָט מען פשוט געלאָטכנט עפּעס צום קייען.

קומענדיק אין אַ פרימאָרגן אין איינעם פון די באַראַקן האָב איך אויף אַ טיש באַמערקט אַ „לאָקאַל־אַנצייגער", אַ בערלינער רעאַקציאָנערע צייטונג. כ׳בין צו צום טיש און אָנגעהויבן שלינגען די קעפּלעך פון דער צייטונג. אין די מיטלסטע בלעטער האָב איך געפונען אַן אַנדער צייטונג. דאָס קעפּל מיטן נאָמען פון דער צייטונג איז געווען אַראָפּגעריסן. ס׳האָט מיר אָבער נישט גענומען לאַנג צו דערוויסן זיך, אַז כ׳האָב געפונען אַן אוצר — אַ פולן נומער פון דער „ברעמענער אַרבעטער־פּאָליטיק", די איינציקע טאָגצייטונג, וואָס איז געשטאַנען נאָענט צום „ספּאַרטאַקוס־בונד". כ׳האָב זיך געוואָרפן אויף דער צייטונג ווי אַ הונגעריקער אויף אַ טאָפּ־געבראָטנס. אַלע ווענדונגען פון מיין זעלנער־אויפזעער כ׳זאָל זיך נעמען צו דער אַרבעט האָבן נישט געהאַט קיין פּעולה.

מיין גיריק לייענען האָט אַרויסגערופן אַן אויפמערקזאַמקייט ביי די זעלנער, וועלכע זענען געשטאַנען אַרום לאַנגע טישן און גערייניקט זייער געווער, און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ שמועס. דער פאַקט פון געפינען אַן עקזעמפּלאַר פון דער „ברע־מענער אַרבעטער־פּאָליטיק" אין אַ באַראַק פון זעלנער, וועלכע זענען נישט לאַנג געהאַט געקומען פונעם רוסישן פראָנט און געוואָרט אָפּגעשיקט צו ווערן אויפן מערב־פראָנט, האָט מיך קוראַזשירט און כ׳בין אַרויס מיט לשון קעגן דער מלחמה און וועגן דעם וואָס די רוסן האָבן ביי זיך אויפגעטאָן. ווען כ׳האָב דערהערט אַ קול: „דער רוסע האָט רעכט", האָב איך זיך ערשט ברייט צעלאָזט מיט מיין דרשה. געווען בין איך גאַנץ באַוווסטזיניק פון דער געפאַר, וואָס עס דראָט מיך. פאַר מיר איז אָבער שוין געווען בעסער צו געפינען זיך אין אַ טורמע, מיט אַ נאָרמאַלן טורמע־רעזשים, ווי אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער, אין וועלכן ס׳האָט געהערשט בלויז ווילקיר און הפקרות.

אַרום מיר האָט זיך פאַרזאַמלט אַ גרויס געזעמל פון זעלנער. און ס׳האָבן זיך געהערט אויסרופן: „רעדט, רעדט"!, אָדער „הערט, הערט"! מיט אַ מאָל איז שטיל געוואָרן. די זעלנער שטייען אויף אַכטונג. אַ פאַר גרויסע קאָטער־אויגן שפּיזן מיך דורך. איך האָב דערהערט ווי איינער זאָגט צו אַ צווייטן: „דער יונגער רוסע איז געשייט". פאַר מיר איז געשטאַנען אַן אָפיציר. אַ ווײַלע האָבן מיר זיך אָנגעקוקט ווי צוויי הענער, גרייט אַ שפּרונג צו טאָן איינער אויפן אַנדערן. די זעלנער האָבן אַראָפּגעלאָזט די הענט פון דער סאַלוט־פּאָזע און דער אָפיציר האָט צו מיר אַ זאָג געטאָן: „שפּרעכן זי ווייטער". כ׳האָב שוין נישט געהאַט וואָס צו פאַרלירן און ווייטער געדרשנט. מיין הויפּטמאָטיוו איז געווען, אַז דייטשלאַנד מוז די מלחמה

פאַרשפּילן, מיט אַ מאָל האָט זיך דערהערט אַ קוויטש: „לאָז גיין", און מיט אַ פאַרביילטער פויסט האָט דער אָפיציר צו מיר געשריגן: „ווי וואַגן זי אין דער געגענוואַרט דויטשישע זאָלדאַטן זאָ וואָס צו זאָגן"? און אָנגעהויבן מיך סטראַשען מיט אַלע גיהנומס. כ'האָב אים גאַנץ קאַלט געענטפערט: „איר קענט מיר מער נישט טאָן, ווי שיקן אין אַ טורמע פאַר אַנטי־מלחמה־פּראָפּאַגאַנדע. ס'וועט מיר ליבער זיין צו זיצן אין אַ טורמע ווי אַ פּאָליטישער פאַרברעכער איידער זיך צו געפינען אין דעם דרעקישן און שוידערלעכן קאָנצענטראַציע־לאַגער".

דער זעלנער־עולם איז זיך צעגאַנגען אויף זייערע ערטער און איך בין אַוועק צו מיין אַרבעט. ווען דער אָפיציר איז אַוועק פונעם באַראַק האָבן מיך זעלנער אַראָפּגענומען פונעם היכן קאָכעל־איוון און באַשאַנקען מיט מתנות. ס'איז אויסגעזוכט געוואָרן אַ קויבערל און דאָס קויבערל איז פול געוואָרן מיט עסנוואַרג, ציגאַרעטן, ציגאַרן און טאַבאַק. ביז טרערן האָט מיך גערירט די מתנה פון אַ גאָר יונגן סאָלדאַט: ער האָט מיר דערלאַנגט אַ נישט גרויס שטיקל ווורשט, און זיך געהאַלטן אין איין אַנטשולדיקן פאַר וואָס ער קען מיך מיט מער נישט מכבד זיין: „איש האָבע ניש מער". גייענדיק אויף מיטאָג צוריק צום לאַגער־באַראַק האָב איך זיך געטיילט מיט מיין קאָמפּאַניע מיטן דערהאַלטענעם עסנוואַרג און ציגאַרעטן, און אויך מכבד געווען מיט ציגאַרעטן די זעלנער־אויפזעערס.

קומענדיק נאָך מיטאָג צוריק צו דער אַרבעט, האָט אַ פעלדפעבל מיך פאַרהאַלטן און אַריינגעפירט אין דעם אָפיצירס קוואַרטיר. ווען דער פעלדפעבל האָט די קוואַרטיר פאַרלאָזט, האָט דער אָפיציר מיך פריינדלעך באַגריסט, געהייסן זיך זעצן, און דערקלערט, אַז כ'האָב נישט פאַר וואָס זיך צו שרעקן. ער איז אַ רעזערוו־אָפיציר. אַ לערער פון געשיכטע אין אַ הויכשול און אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט. ער האָט מיך מכבד געווען מיט ערזאַץ־קאַווע און מיט אַ שטיקל היימיש געבאַקענעם קוכן. דער אָפיציר האָט מיך געבעטן אויפצוקלערן אים צוויי זאַכן: פאַר וואָס האָבן אין רוסלאַנד די באָלשעוויקעס געמאַכט אַ רעוואָלוציע קעגן די דעמאָקראַטן, און וואָסערע זענען מיינע אַרגומענטן, אַז דייטשלאַנד מוז פאַרלירן די מלחמה.

פון זיין פאַרהאַלטן זיך, איז נישט שווער געווען צו באַמערקן, אַז מיין ענטפער איז פאַר אים אַ צו פּראָסטאַצקער, האָב איך אויף דער צווייטער פראַגע זיך באַמיט צו געבן אַן „אינטעליגענטן" ענטפער מיט אַ היסטאָריאָזאָפישן הינטערשלאַק:

די פעלקער, וועלכע האָבן פאַרביטן הומאַניזם און הומאַניסטישע וויסנשאַפטן אויף מלחמה און מיליטערישער קונסט זענען, פריִער צו שפּעטער, אַראָפּ פון דער סצענע ווי די טרעגערס פון דער מענטשלעכער גייסטיקער קולטור. איך האָב אויסגערעכנט אַ רייע פעלקער פון דער אַלטער געשיכטע. דייטשלאַנד האָט זיך פאַרוואַנדלט פון אַ לאַנד פון געטע און קאַנט אין אַ לאַנד פון קרופּ און סטינעס; אַז זינט דער אַנדערער העלפט פון פאַריקן יאָרהונדערט, פון ביסמאַרקס צייטן, האָט דייטשלאַנד נישט אַרויסגעגעבן קיין פיגור פון אַ היסטאָרישן פאַרנעם און באַטייט.

מאַרקס, היינע און יאַכים זענען די לעצטע פאַרשטייערס פונעם דייטשישן גייסטיקן זשעני. כ׳האָב אָנגערופן די נעמען פון די אַמאָליקע גרויסע דייטשישע גייסטער אויף די פאַרשיידענע געביטן פון דער מענטשלעכער גייסטיקער קולטור און זיי פאַרגליכן מיט די אַזוי־גערופענע גדולים פון קעגנוואַרטיקן דייטשלאַנד, און סאַרקאַסטיש באַמערקט: מיטן אויסנאַם פון פאַן מאַלטקע, דעם העלד פון סודאַן. פאַרענדיקט מיין געשפּרעך האָב איך מיט די ווערטער: ווען אַפילו דייטשלאַנד זאָל געווינען די איצטיקע מלחמה, איז דייטשלאַנדס ראָלע ווי אַ גייסטיקער פאַקטאָר אין מענטשלעכן לעבן אַ פאַרענדיקטע. אָבער פאַר יעדן איז שוין קלאָר, אַז מילי־טעריש האָט דייטשלאַנד פאַרשפּילט.

דער אָפיציר האָט זיך באַמיט אָפּצופרעגן מיינע איינשטעלונגען וועגן דייטש־לאַנד, און ביי דעם זענען מיר געבליבן.

נאָכן פאַרענדיקן די מעריטאָרישע דיסקוסיע, האָט דער אָפיציר מיר געשטעלט פראַגעס פון אַ פּריוואַטן כאַראַקטער. זיין ערשטע פראַגע איז געווען ווי ווייט כ׳בין שוין אַוואַנסירט ווי אַ סטודענט פון אַ הויכשולע. מיין ענטפער, אַז כ׳האָב אַפילו נישט קיין עלעמענטאַרע שולבילדונג, אַז כ׳בין אַן אויטאָדידאַקט, איז פאַר אים געווען אומבאַגרייפלעך און כ׳האָב געמוזט אים דערציילן אַ סך פּרטים וועגן מיין לעבן און מיין דערציִונג.

ביים געזעגענען זיך האָט דער אָפיציר זיך אַנטשולדיקט פאַר וואָס ער קען מיך נישט מכבד זיין מיט אַ געהעריקער פאַרציע שפּייז. ער האָט אָפּגעשניטן אַ העלפט פון אַ גרויסן קוכן, וואָס ער האָט דערהאַלטן פון דער היים, געגעבן מיר די רעשט פון שאַכטל ציגאַרן, וואָס איז געשטאַנען אויפן טיש, און אַ סומע געלט, וואָס איז מיר זייער גוט צו נוץ געקומען בשעת מיין שפּעטערדיקן אַנטלויפן פון לאַגער. ער האָט מיר אָנגעזאָגט, כ׳זאָל נישט איבערחזרן די פרימאָרגנדיקע סצענע, ווייל כ׳קען פון וועמען פון די זעלנער פיזיש אָנגעגריפן ווערן. ער האָט דערציילט, אַז מיט זיין אַריינקומען אין באַראַק האָט ער פאַרמיטן אַ פיזישן אָנגריף אויף מיר מצד עטלעכע זעלנער. צווישן זעלנער זענען פאַראַן פאַרשיידענע מענטשן, און ס׳פעלן נישט אַזעלכע, וועלכע ווילן נישט דולדן קיין אַנטי־מלחמה־רייד.

די געשיכטע פון מיין אַנטי־מלחמה־רעדע אין אַ באַראַק פון דייטשישע זעלנער האָט געהאַט אַן אָפּקלאַנג סיי אין די זעלנער־באַראַקן און סיי אין מיין לאַגער־באַראַק.

אין דער גאַנצער צייט, וואָס מיין בריגאַדע האָט געאַרבעט אין די זעלנער־באַראַקן, האָבן זיך מיטאָגצייט און אָוונטצייט געפונען זעלנער פאַר די טירן פון זייערע באַראַקן און געטיילט שפּייז די דורכגייענדיקע ציוויל־געפאַנגענע.

אין לאַגער־באַראַק האָט די געשיכטע אַרויסגערופן אַ שטאַרקן אויפזען צוליב די גוזמדיקע מעשׂיות, וואָס מיינע אַרבעטס־קאָלעגן האָבן דערציילט וועגן מיין אַרויסטריט, אַז דער אָפיציר האָט מיך געוואָלט אויפן אָרט אַרעסטירן. די חברה

פּוילישע אונטערוועלטניקעס האָבן זיך אָנגעהויבן באַציִען צו מיר מיט רעספּעקט און אַ סך פון די באַראַק־איינוווינערס האָבן אָנגעהויבן מיט מיר זיך באַראַטן וועגן זייערע ענינים.

די ווירקונג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד האָט דערגרייכט אויך דעם לאַגער אין אַלט־גראַבאָוו.

די דיסציפּלין אין לאַגער איז געוואָרן וואָס אַ מאָל אַ לויזערע. ס'פלעגן שוין טרעפן פאַלן, ווען גאַנצע גרופּעס קריגס־געפאַנגענע זאָלן זיך אָפּזאָגן אויסצופירן געוויסע אַרבעטן. מערסטנטייל זענען דאָס געווען ענגלענדער. דאָס אַנטלויפן פון לאַגער, דער עיקר פון פראַנצויזן, איז געוואָרן אַ טאָגטעגלעכע דערשיינונג. דער דייטשישער לאַגער־פּערסאָנאַל, וואָס איז באַשטאַנען פון עלטערע רעזערוויסטן, איז שוין געווען היפּשלעך דעמאָראַליזירט. אויך די סאָלדאַטן, געקומענע פון מיזרח־פראָנט, זענען שוין געווען טויטמיד פון דער מלחמה, און זייער קריגס־מאָראַל — אָפּגעשוואַכט. די אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד און די מיליטערישע מפּלות אויפן מערב־פראָנט האָבן סיסטעמאַטיש און בשלמות דערפילט זייערע רעוואָלוציאָניזירנדיקע אויפגאַבעס.

די רוסישע סעקציע פון עטלעכע טויזנט קריגס־ און ציוויל־געפאַנגענע איז ממש געגאַנגען כאָדאָראָם. די פּראָ־באָלשעוויסטישע שטימונגען זענען געוואַקסן ווי אויף הייוון. אין די באַראַקן פון די קריגס־ און ציווילע־געפאַנגענע האָט מען אָפן געשמועסט און דיסקוטירט וועגן דער אָנקומענדיקער רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד. איך האָב אויסגענוצט יעדע מעגלעכקייט זיך צו געפינען צווישן די רוסן און צוצוהערן זיך צו זייערע וויכּוחים און דיסקוסיעס. כ'האָב זיך געפונען אין אַ מאַסן־סביבה וואָס האָט ממש געאָטעמט מיט די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן אין רוסלאַנד. די שמועסן און דיסקוסיעס פאַר און קעגן דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, פאַר און קעגן אַ רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד, זענען פאַר מיר געווען אַ קוואַל פון אַרגומענטן און זענען מיר שטאַרק בייהילפיק געווען אין מיין שפּעטערדיקן קאַמף אין בונד פון פּוילן.

דעם פערטן מיי 1918 בין איך אַנטלאָפן פון לאַגער, און דורך אומוועגן זיך דערשלאָגן קיין מאַגדעבורג. אין מאַגדעבורג בין איך פון דער דאָרטיקער בונדישער גרופּע, אין וועמענס שפּיץ עס איז געשטאַנען דער לעגענדאַרער לאָדזשער אַרבעטער, חיימל פּראָפעסאָר, באַזאָרגט געוואָרן מיט קליידער, געלט און נייטיקע דאָקומענטן, כּדי צו קענען צוריקפאָרן קיין בערלין.

# צוריק אין בערלין

דאָס פּראָלעטאַרישע בערלין האָב איך געפֿונען אין אַ צערייצטער רעוואָלוציאָנערער שטימונג. אויף די אַרבעטער־פֿאַרזאַמלונגען האָט מען דרייסטער אָנגעהויבן רעדן וועגן דער נייטיקייט פֿון אַ רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד. פֿון די פֿאַרשיידענע געגנטן אין דייטשלאַנד זענען געקומען ידיעות וועגן וווּקס פֿון רעוואָלוציאָנערע שטימונגען. דער קאַמף פֿון „ספּאַרטאַקוס־בונד" און פֿון די אומאָפּהענגיקע קעגן די שיידעמאַנער איז געוואָרן העפֿטיקער און שאַרפֿער.

אין בערלין האָב איך זיך ווידער אַריינגעוואָרפֿן אין פּאָליטיש־געזעלשאַפֿטלעכן לעבן און נישט אויסגעמיטן קיין איין וויכטיקע עפֿנטלעכע פֿאַרזאַמלונג. איך האָב צוגעהאָלפֿן איזידאָר לאָובן אין זיין שווערער און פֿאַראַנטוואָרטלעכער אַרבעט אין דער אונטערערדישער טעכניק פֿונעם „ספּאַרטאַקוס־בונד" און מיט אַ באַזונדערן איפֿער זיך באַטייליקט אין דער טעטיקייט פֿונעם פּרץ־פֿאַראיין.

מיין פּערזענלעכע און מאַטעריעלע לאַגע איז אין בערלין געוואָרן כּסדר שווערער: אָן דאָקומענטן, אָן אַרבעט, וואָס איז שוין נישט געווען מעגלעך צו קריגן צוליב מאַנגל פֿון רוימאַטעריאַלן. די מורא פֿאַר אַ פּרישן און אַן ערנסטן אַרעסט איז געווען אַ ממשותדיקע. איך בין געשטעלט געוואָרן פֿאַרן פּראָבלעם פֿון אַ צוריקקער קיין פּוילן. די פּירערס פֿון י. ל. פּרץ־פֿאַראיין זענען געווען פֿאַר דעם, אַז איך זאָל וואָס שנעלער פֿאַרלאָזן בערלין, אָדער פֿולשטענדיק איבעררייסן מיין פֿאַרבינדונג מיטן פּרץ־פֿאַראיין. די געפֿאַר פֿון אַן איבערפֿאַל דורך דער פּאָליציי אויפֿן י. ל. פּרץ־פֿאַראיין איז געווען אַ רעאַלע, און איך האָב געקענט זיין אַ פּרעטעקסט, אַז דער פֿאַראיין זאָל פֿאַרמאַכט ווערן.

אויף אַ באַראַטונג פֿון דער בונדישער גרופּע אין בערלין איז מען איינשטימיק געקומען צו אַ באַשלוס, אַז ס׳בעסטע וואָלט געווען ווען איך פֿאָר צוריק קיין פּוילן. אויך איך אַליין בין געווען דערפֿאַר, אַז ס׳איז געקומען די צייט זיך צוריקצוקערן קיין וואַרשע. די טורקעוויטשעס האָבן מיך באַזאָרגט מיט נייטיקע דאָקומענטן אויף מיין אייגענעם נאָמען און אַן אָרט אין אַ טראַנספּאָרט פֿון אַרבעטסלאָזע, וועלכע די דייטשישע רעגירונג האָט, צוליב מאַנגל פֿון אַרבעט, צוריקגעשיקט קיין פּוילן אויף אירע הוצאות.

דער געזעגענונג־באַנקעט, וואָס די פֿאַרוואַלטונג פֿונעם פּרץ־פֿאַראיין, בשותּפֿות מיט דער בונדישער גרופּע אין בערלין, האָט איינגעאָרדנט אין אַ זאַל פֿון איינער פֿון די בעסטע קאַפֿעען אין דער געגנט פֿון אַלעקסאַנדער־פּלאַץ — איז געווען פֿאַר מיר אַן איבעררעשונג.

אינעם באַנקעט האָבן אָנטייל גענומען די פּני פֿונעם פּרץ־פֿאַראיין און פֿון דער בונדישער גרופּע. ס׳זענען אויך פֿאַרבעטן געוואָרן עטלעכע פֿון מייע פּערזענלעכע פֿריינד און פֿונעם ציוניסטישן יוגנט־פֿאַרבאַנד, און אויך פֿלאָרא ליכטענבוים. קיין

רעדעס האָבן נאַטירלעך נישט געפעלט. גערעדט האָט מען וועגן מיין געזעלשאַפט־לעכער טעטיקייט, איבערגעגעבנקייט און טעמפּעראַמענט.

דעם אינהאַלט פון מיין געזעגענונג־רעדע, אָדער ווי מען האָט זי גערופן „די עקספּאָזע", אין וועלכער איך האָב געבראַכט צום אויסדרוק מיין שטעלונג צו די קאַרדינאַלע ענינים פון דעם דעמאָלטדיקן פּאָליטישן און יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן — געדענק איך נאָך היינט.

דער תּוכן פון מיין רעדע איז געווען: אַ וועלט אָן עקספּלואַטאַציע און אָן נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג; אַ פּריי, סאָציאַל און נאַציאָנאַל, יידיש פּאָלק ווי אַ באַשטאַנדטייל פון די פעלקער, צווישן וועלכע ס'קומט די יידישע באַפעלקערונג אויס צו לעבן; ס'קען נישט זיין קיין פריי יידיש פּאָלק אין אַ נישט־פרייער וועלט, און ס'קען אויך נישט זיין קיין פרייע פעלקער־געמיינשאַפט, אָדער אַ פריי פּאָלק, אויב די יידישע באַפעלקערונג, וואָס לעבט צוזאַמען מיט דעם געגעבענעם פּאָלק, האָט נישט דערגרייכט זיין פולע נאַציאָנאַלע באַפרייונג. דאָס איז געווען דעמאָלט, און דאָס איז געבליבן, מיין אידעיש־פּאָליטישער און יידישער אני־מאמין עד היום הזה. היינט וואָלט איך צו מיין דאָזיקן אני־מאמין צוגעגעבן: די אַנטשטייונג און די עקסיסטענץ פון מדינת ישראל איז אַן און פאַר זיך אַ יש אין דער סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג פונעם יידישן פּאָלק.

פון יענעם באַנקעט אין בערלין אין יולי 1918 בין איך אַוועק אַן אויפגעהייטערטער. די פּראַכטפולע געזעגענונג־רעדע פון אַהרן סינגאַלאָווסקי איז געבליבן אַן אָראַטאָרישער אַנטיק אין מיין זכרון.

אַגב, בשעת דעם מיטאָג אין אַ רעסטאָראַן אין זשענעווע אין דעצעמבער 1955, וואָס ד"ר אַהרן סינגאַלאָווסקי האָט אַראַנזשירט לכּבוד מיר, און אין וועלכן ס'האָבן אָנטייל גענומען אַ 10—12 פּערזאָן, און צווישן זיי דער איצטיקער פּרעזידענט פון „אָרט", ד"ר ברוידע, האָט סינגאַלאָווסקי דערציילט די אַנווזנדיקע וואָס פאַר אַ תּכשיט איך בין געווען אין פּרץ־פּאַראַיין אין בערלין אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

נאָכן באַנקעט האָט דער פּועלי־ציוניסט ליפשיץ, אין נאָמען פון דער פאַרוואַלטונג פון י. ל. פּרץ־פּאַראַיין, מיר געשענקט אַ מתּנה — אַ זייגער. די טורקע־וויטשעס האָבן מיך געפירט אין פאַרשיידענע געשעפטן און באַקליידט פון קאָפּ ביז די פיס אין נייע און אין גוטע מלבושים. צי זיי האָבן געשפּילט די ראָלע פון מיינס אַ מעצענאַט, אָדער געקריגן געלט דערויף — איז מיר עד היום נישט באַוווסט.

מיט געמישטע געפילן האָב איך זיך געגרייט צו פאַרלאָזן בערלין און צוריקפאָרן קיין וואַרשע.

## בערלין — צום ווידערזען!

מיין אָפּפאָר פון בערלין קיין וואַרשע איז פאָרגעקומען אין אַ מיטוואָך 8 אין דער פרי פונעם מיזרח־וואַקזאַל.

אויפן באַנהאָף בערלין־אָסטען וואַרטן אויפן צוג בערלין–וואַרשע עטלעכע הונדערט רעפּאַטריאַנטן פון פאַרשיידענע געגענטן אין דייטשלאַנד, מענער און פרויען, און עטלעכע צענדלינג פון בערלין גופא. צווישן די צוריקפאָרערס זענען פאַראַן אַלע קאַטעגאָריעס אַרבעטער, פעלד־אַרבעטער און הויך קוואַליפיצירטע בעל־מלאכות. אַן אויסנאַם זענען דערוויל די קוילן־גרעבערס, וואָס אַרבעטן אונטער דער ערד.

אין וואַקזאַל און אויף די פּלאַטפאָרמעס איז אַ געזשום און אַ גערודער. צו די צוריקפאָרערס פון בערלין זענען געקומען מענטשן זיך געזעגענען. אויך צו מיר איז געקומען אַ היפשער עולם. נישט געקוקט, וואָס ס'איז אַן אַרבעטסטאָג, זענען חברים און פריינד געקומען זיך געזעגענען מיט מיר אַנשטאָט צו גיין צו זייערע באַשעפטיקונגען.

דאָס געזעגענען זיך איז האַרציק. עס שטרעקן זיך הענט, מען נעמט זיך אַרום און מען קושט זיך. ווינטשעוואַניעס און מתנות. יהודה לאַנדאָ שמייעט אַרום און קריגט פון ערגעץ אַ שטרוי־געפּלאָכטענעם קויבער און פילט אים אָן מיט די געבראַכטע מתנות. ער זאָרגט זיך אויך צו קריגן פאַר מיר אַ גוטן זיצפּלאַץ אין אַ וואַגאָן. איך וויצל זיך, לאָך מיט יאַשטשערקעס און פייף דאָס לידל: יאַשקע פאָרט אַוועק.

„איינשטייגן!" — הערט זיך אַ רוף.

דאָס געזעגענען ווערט אינטענסיווער, ביי אַ טייל באַמערקט זיך אַ טרער.

עס געזעגנט זיך מיט מיר אינזשעניר טשערניאַק, דער נעסטאָר פון די בונדיסטן אין בערלין. ער דערמאָנט מיך וועגן די אויפגאַבעס וואָס כ'האָב צו דערליידיקן ביי דער צענטראַלער בונדישער פאַרטיי־אָנפירונג. ער בעט מיך איבערצוגעבן אַ גרוס דעם וועטעראַן פון בונד נח (י. פּאָרטנאָי, יוזעף), אונטער וועמענס קאָמאַנדע ער איז געווען טעטיק אין די ערשטע יאָרן פון איצטיקן יאָרהונדערט.

און עס געזעגנט זיך מיט מיר ראָזאַ קופערמאַן, מיין נישט דערגאַנגענע ליבע. זי רעדט צו מיר, ווי זי וואָלט געבעטן ביי אַ טויטן מחילה: „טראַכט נישט שלעכט וועגן מיר, דערמאָן זיך אַ מאָל אין מיר". זי דערלאַנגט אירע און אירע עלטערנס מתנות. מיר צעקושן זיך ווי אין די ערשטע גוטע צייטן פון אונדזער פלאַמיקער ליבע.

מיט צניעותדיקע טריט דערנענטערט זיך עלזאַ באַרכאַרדט מיט אַ בינטל בלו־מען אין האַנט. אויף איר פּנים הויכט אַ שעמעוודיקער שמייכל. אין אירע גרויסע, טונקעלע אויגן שימערט אַ גלאַנץ פון טרויער: „פאַרגעס נישט צו שרייבן, ווי ס'גייט

דיר אין דיין נייעם לעבן. אויב דו וועסט קומען אַ מאָל קיין בערלין, וועסטו תּמיד זיין אַן אַנגעלייגטער גאַסט״. ס׳טוט מיר אַ שניט אין האַרצן פאַר די עוולות, וואָס כ׳בין באַגאַנגען קעגן דעם דאָזיקן צאַרטן און פיינפילנדיקן דייטש־ייִדישן מיידל. מיר געזעגענען זיך האַרציק. זי דערלאַנגט מיר אירע מתּנות, צווישן וועלכע ס׳געפינט זיך אַ טייער לעדערן בייטעלע. כ׳ווייס, אַז אין בייטעלע געפינט זיך אַ סומע געלט. איך נעם צו די מתּנות און זאָג זיך אָפּ צו נעמען דאָס בייטעלע. איר רעאַקציע איז אַ שאַרפֿע: „אַלע מתּנות — אָדער גאָרנישט, און מער זאָלסטו זיך נישט ווייזן פאַר מיינע אויגן״. איך דערקען אַ נייעם שטריך אינעם דאָזיקן מיידל — כאַראַקטער. „איך בין באַזיגט״ — זאָג איך צו איר, און זי ענטפערט מיט אַ צופרידענעם שמייכל.

איך געזעגן זיך מיט פלאָראַ ליכטענבוים אויף אַ ריטערלעכן אופן — מיט אַ קוש אין האַנט. צום ערשטן מאָל געזעגנט זיך הערשל מעטאַלאָוויעץ מיט אַ פרוי פאַ שלאַכעצקי. פלאָראַ ליכטענבוים דערלאַנגט מיר אַ פאַרזיגלטן בריוו מיט דער ביטע אָפּצוגעבן דעם וואַרשעווער שטאָב פון ס.ד.ק.פ.ל. און צווישן אירע מתּנות געפינט זיך אַ טייערער לעדערנער פאָרטפעל פון דער בעסטער אָפּענבאַכער מאַרקע און 300 מאַרק אינעם פאָרטפעל. ס׳געזעגנט זיך מיט מיר „פריץ״, דער גרופּן־לייטער פון „ספּאַרטאַקוס״־קרייז פון די מאַשיניסטן ביי די ציגאַרעט־מאַשינען און דערלאַנגט מיר אַ מתּנה פונעם דאָזיקן קרייז: אַ מעטאַלענעם שאַכטל מיט 1000 ציגאַרעטן „גאָלד סאַבאַ״, ביי וועלכע כ׳בין געווען באַשעפטיקט אין דער טאַבאַק־פאַבריק „גאַרבאַטי״. זיין קומען זיך געזעגענען און די מתּנה פונעם דאָזיקן קרייז איז מיר זייער אָנגענעם.

אין דער לעצטער מינוט קומען אָן אַלעקסאַנדער שטיין און די לאָובס. שטיינס קומען זיך געזעגענען איז ביי מיר זייער חשוב. זיין באַשיידענע מתּנה, אַ קליין פעקל ציגאַרן, איז ביי מיר פון די סאַמע געהויבנסטע.

„איינשטייגען! איינשטייגען!״ — הערט זיך דער רוף פונעם באַן־באַאַמטן, און ער גיט דעם לאָקאָמאָטיוו־מאַשיניסט אַ צייכן צום אָפּפאָר.

אין די לעצטע סעקונדעס ממש קומט מיט זיין פרוי צו לויפן מיין פריינד און חבר, דער וויינהענדלער, פּועלי־ציוניסט און מיטגליד פון דער ייִדיש־רעדנדיקער גרופּע פון „ספּאַרטאַקוס־בונד״, און באַווייזט מיר נאָך צו דערלאַנגען אַ פלאַש פון דעם בעסטן ריינישן מאַלאַגע און אַ פלאַש קאָניאַק.

דער צוג רירט. פּאַמעלעך, הייבן די רעדער זיך אָן צו באַוועגן אויף די שינעס. דער לאָקאָמאָטיוו קרעכצט און סאָפּעט. איך שטיי בײַם פענצטער און טויש זיך אויס מיט האַנטגרוסן און לופטקושן. די באַן גייט אַרויס פון דער טונקעלער באַנהאַלע. דער דרויסן איז אַ טריבער. אַ שווערער וואַרעמער יולי־רעגן פליוכעט און קלאַפּט מיט די טראָפּנס אויף די שויבן פונעם וואַגאָן. כמורנע און אומעטיק איז מיר אויך אויפן געמיט. אַ בענקעניש נאָך בערלין דריקט ווי אַ זמאָרע. אַ בערלין, וויפל פרייד האָסטו מיר פאַרשאַפט! ווען כ׳בין געקומען קיין בערלין האָט מיך די שטאָט אויפ־

געגומען מיט אַ זוניקן האַרבסטטאָג און כ'האָב זיך אין בערלין פאַרליבט פון דעם ערשטן אויגנבליק. דער צוג לויפט שוין שנעל און ריטמיש. בערלין איז שוין היפּש־שלעך הינטער מיר. וועל איך דיך, בערלין, אַ מאָל ווידער זען? — וויינט אין מיר אַ נאָגנדיק געפיל.

מיין אָרט איז ביים פענצטער. צוויי שווערע גרויסע לעדערנע וואַליזעס, מתּנות פון חברים און פריינד, אַ גרויסער רוקזאַק און אַ קויבער שפּייז, נאַשוואַרג, ציגאַ־רעטן און געטראַנקען ליגן זיך ברווח אויף די אייבערשטע פּאָליצעס. איך שפּאַר אָן די עלנבויגנס אויף דעם קליינעם טישעלע ביים פענצטער, כ'מאַך צו די אויגן. דורך דער פּריזמע פון דמיון גייען אַדורך בילדער פון מיינע קנאַפּע דריי יאָר לעבן אין דייטשלאַנד — אין דאָרטמונד און אין בערלין. איך טראַכט וועגן דעם, וואָס דייטשלאַנד, דער עיקר בערלין, האָט מיר געגעבן געזעלשאַפטלעך, קולטורעל און פּערזענלעך.

דער צוג לויפט. די קופּע אין וועלכער איך געפין זיך, האָט אַריינגענומען מער מענטשן וויפל עס זענען געווען נאָרמאַלע זיצפּלעצער. מען מאָסטעט זיך איין. מיינע שכנים, וואָס זיצן לעבן מיר און קעגן איבער מיר, זענען פּוילישע מיידלעך, פון אַ דאָרף אין שעדלעץ־סאָקאָלאָווער געגנט. זיי האָבן געאַרבעט אין אַ אַמוניציע־פאַבריק ערגעץ אין אַ שטאָט אין זאַקסען. ביידע טרויערן אויף דעם פאַרלוסט פון זייער אַרבעטספּלאַץ. זיי האָבן שוין דאָרטן געהאַט דייטשישע „שאַצן". דער עולם אין דער קופּע ווערט היימישער. מ'עסט, מ'טרינקט, מ'איז מכבד איינער דעם אַנדערן. ס'וווּנדערט מיך וואָס אַלע דאָ, הגם זיי זענען פּאָליאַקן, רעדן דייטש, עטלעכע — אַ קאָרעקטן, די מערסטע — אַ צעקאָליעטשעטן דייטש. כ'פרעג מיינע שכנים פאַר וואָס זיי רעדן דייטש און נישט קיין פּויליש. מיין פראַגע בלייבט הענגען און קריגט נישט קיין ענטפער.

די באַן שלעפּט זיך לאַנגזאַם, שטעלט זיך אָפּט אָפּ אויף זייטיקע באַנרעלסן. די טירן זענען אָפּגעשלאָסן. דער צוג מאַכט אַן איינדרוק, ווי ס'וואָלטן אין אים געפאָרן אַ בעסערער קלאַס אַרעסטאַנטן. דאָס וועטער האָט זיך אויסגעלייטערט, אַ וואַרעמע יוליזון שפּאַרט זיך אין וואַגאָן. אין וואַגאָן איז היימלעך: מ'שמועסט, מ'לאַכט, מ'זינגט, און אין מיין קאָפּ זשומען רעיונות ווי אַ טשאַטע בינען. עס עגבערט די פראַגע: און וואָס ווייטער?

נאָך אין בערלין איז פאַר מיר געווען קלאָר, אַז נאָך מיין אומקער קיין וואַרשע, וועל איך ביים בונד אין פּוילן נישט האָבן קיין גרינגן פּאָליטישן שליטוועגס.

די צענטראַלע אָנפירונג פון בונד אין פּוילן איז פּאָליטיש אויסגעשפּראָכן מענשעוויסטיש — קעגן דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע און קעגן דער ניי־פאַרמירטער סאָוועטישער מלוכה. די אַנטי־מלחמה־שטעלונג פונעם בונד אין פּוילן איז באַזירט בעיקר אויף פּאַציפיסטישע און הומאַניסטישע מאָטיוון און נישט אויף סאָציאַל־

רעוואָלוציאָנערע, זי איז ענלעך צו דער שטעלונג, וואָס עס פאַרנעמט דער אידעאָלאָג פון רעוויזיאָניזם אין דייטשלאַנד עדוואַרד בערענשטיין. אין דער קאָנקרעטער קאָנסטעלאַציע פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין אייראָפּע איז די פּאָליטישע פּאָזיציע פון בונד אין פּוילן ענלעך צו דער פּאָזיציע, וואָס עס פאַרנעמען די רעכטע מיט קאַרל קאַוטסקי בראָש אין דער אומאָפּהענגיקער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי פון דייטשלאַנד.

אויף די שפּאַלטן פון די „לעבענס־פראַגען", פּאַכמעניש אַ גוט־רעדאַקטירטע וואָכנשריפט, פירט וולאַדימיר מעדעם אַ קרוציאַטע קעגן אַלעם, וואָס ס'איז פאַר־רעכנט פאַר רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטיש: קעגן די באָלשעוויקעס און קעגן דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. אין זיין קאַמף קעגן די באָלשעוויקעס ווי אַזעלכע און קעגן די באָלשעוויסטישע פירערס איז מעדעמס פעדער נישט איינגעטונקען אין קיין העפלעכן טינט. די איינציקע פון די באָלשעוויסטישע פירערס, וועגן וועלכע מעדעם שרייבט מיט אַ געוויסן דרך־ארץ, זענען לענין און לונאַטשאַרסקי. אַ רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליסט קען די „לעבענס־פראַגען" נישט אַנדערש קוואַליפיצירן, ווי אַן אָרגאַן פון רעפאָרמיזם.

עס איז פאַר מיר נישט קיין שום ספק, אַז אין פּוילן וועל איך זיך מוזן באַטייליקן אין אַ קאַמף קעגן דער פּאָליטישער פּאָזיציע פון בונד, און אַז דער דאָזיקער קאַמף וועט מוזן געפירט ווערן אינעווייניק אין בונד — די מאַסן־פּאַרטיי פונעם ייִדישן אַרבעטער־קלאַס אין פּוילן.

פאַר מיר איז אָבער אויך קלאָר, אַז נישט איך בין די פּערזאָן, וואָס איז מסוגל און באַרופן צו זיין דער, וואָס זאָל ענדערן דאָס פּאָליטישע פּרצוף־פּנים פונעם בונד אין פּוילן; נישט איך פאַרמאָג דעם וויסן, די געזעלשאַפטלעכע פעיִקייטן און פּערזענלעכע וואַלאָרן, וואָס זאָלן מיך פּרעדיסטינירן צו שטיין בראָש פון אַן איבער־קערעניש אין בונד, זיך צו פאַרמעסטן אין אַ פראָנטאַלער שלאַכט מיט מעדעמען און זיינע פּאָליטישע פריינד. אַ שפּילער אין דער קאַפּעליע — יאָ, אָבער נישט קיין דיריגענט.

איך לעב אָבער אין מיין פאַסיע, אַז די ייִדישע אַרבעטער אין פּוילן זאָלן, חלילה, נישט פאַרפעלן צו דערפילן זייערע רעוואָלוציאָנערע פליכטן אין דער קומענדיקער רעוואָלוציע אין פּוילן, וואָס איך האָב געגלייבט, אַז זי מוז בקרוב פאָרקומען, און אַז דער בונד פון פּוילן, מיין פּאַרטיי, זאָל נישט פאַרשפּעטיקן דעם צוג פון דער פּוילישער רעוואָלוציע. דערפאַר בין איך געווען אַנטשלאָסן, אַז נאָך מיין צוריקקומען קיין וואַרשע זאָל איך אַקטיוו זיך באַטייליקן אין אַ קאַמף קעגן דער אָפיציעלער איינשטעלונג פון בונד. איך האָב אַ סך צוטרוי צו די ייִדישע אַרבעטער אין פּוילן, ספּעציעל צו דער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע פון בונד, וואָס איז אַלע מאָל געווען פּראָ־באָלשעוויסטיש. איך גלייב, אַז יאַנעק־יאַנקעלעוויטש און דער דינאַמישער אַורעמל שטריקער — אַלטע פּראָ־באָלשעוויקעס, וועלן נעמען

די איניציאַטיוו פון קאַמף און די ראָלע פון גענעראַלן, און איך וועל זיין אַ טייל פון דער עקיפֿע, וועלכע וועט אַרויסטרעטן אין אַן אָפֿענעם קאַמף קעגן דער שטעלונג פון דער רעכטער פירערשאַפֿט פון בונד.

מיט אַזעלכע און ענלעכע געדאַנקען און געפילן בין איך געווען אָנגעלאָדן אין דער צייט פון מיין צוריקרייזע פון בערלין קיין פוילן.

און ווען איך בין סוף יולי 1918, אין אַ דאַנערשטיק־פרימאָרגן, אָנגעקומען קיין וואַרשע און אין דעם זעלבן טאָג באַגעגנט געוואָרן פון עטלעכע צופֿאַלן, וועלכע האָבן פעסט אָנגעשטעלט מיינע פיס אויפן באָדן פון פּאָליטישן און געזעלשאַפט־לעכן לעבן — האָט עס אין מיר פאַרשטאַרקט דעם גלויבן, אַז מיינע געדאַנקען און געפילן וועלן קריגן די מעגלעכקייט פאַרוואַנדלט צו ווערן אין רעאַלע פאַקטן.

אָקטאָבער 1964, מאָנטרעאַל, קאַנאַדע.

די פעדער האָט פאַרענדיקט איר אַרבעט און פאַרפיקסירט אויף פּאַפּיר דעם צייטאָפּשניט פון מיין לעבן וואָס טראָגט דעם נאָמען: דייטשלאַנד. ס׳איז שוין אַ געשיכטע פון העכער 46 יאָר זינט כ׳האָב פאַרלאָזט בערלין און איך פיל נאָך אין מיין געמיט די חברישע און פריינדשאַפטלעכע מחיהדיקע וואַרעמקייט, וואָס כ׳האָב גענאָסן אין די קנאַפּע דריי יאָר פון מיין לעבן אין דייטשלאַנד.

איך פרעג זיך: מיט וואָס זאָל איך זיך דערקלערן די וואַרעמע אַטמאָספער, וואָס האָט אין דייטשלאַנד, באַזונדערס אין בערלין, אַרומגענומען מיך און מיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט? קיין גרויסער תּלמיד־חכם אין וועלטלעכן און אין יידישן וויסן בין איך דאָך נישט געווען, מיט קיין איבעריקן טאַקט האָב איך זיך נישט אויסגעצייכנט, קיין גרינגער פאַרשוין בין איך אויך קיין מאָל נישט געווען. אין מיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט בין איך תּמיד געווען טראַציק, בפרט מיט נאַטשאַלסטווע. טאָ מיט וואָס דערקלערט זיך די וואַרעמע און אַפילו דרך־ארצדיקע באַציִונג צו מיר אויך מצד מיינע אויסגעשפּראָכענע קעגנערס?

און איך טראַכט: וואָס וואָלט פון מיר געזעלשאַפטלעך געוואָרן, ווען איך האָב נישט די קנאַפּע דריי יאָר דייטשלאַנד און די קנאַפּע צוויי יאָר בערלין? וואָלט איך געקענט דערגרייכן די מדרגה אין בונד, און דער עיקר אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג, צו וועלכער איך בין דערגאַנגען?

וואָס איך וויים איצט אויף זיכער, איז נעמלעך: אַז אָן מיין בערלינער הינטער־גרונט וואָלט איך געווען אַ קנאַפּע מציאה פאַר דער אַרבעטער־באַוועגונג ווי בכלל פאַרן געזעלשאַפטלעכן לעבן, און אַז דאָס, וואָס איך האָב אין דייטשלאַנד, באַזונדערס אין בערלין, געזען, געהערט און אין זיך איינגעזאַפּט, איז געוואָרן אַ רעזערוו, פון וואַנען איך האָב געשעפּט אַ סך יניקה אין מיין פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

## דריטער טייל

# צוריק אין וואַרשע

## צוריק אין וואַרשע

„וואַרשע, וואַרשע, ענדלעך זע איך דיך ווידער" — האָט געזונגען אַ געזאַנג אין מיינע רמח־אברים, ווען כ'האָב ווידער געשטעלט מיינע טריט אויף דער וואַר־שעווער ערד נאָך אַ געצוווּנגענער אָפּוועזנדיקייט פון קנאַפּע דריי יאָר.

מקבל פנים געווען האָט מיך וואַרשע מיט דריי וויכטיקע געשעענישן: אַן אוואַנסירונג פונעם פּראָלעטאַריש־געזעלשאַפטלעכן לעבן, אַ פּאָגראָם איבער דער פירערשאַפט פון די סאָציאַליסטישע אַנטי־מלחמה־פּאַרטייען און אַ רעוואָלוציאָ־נערער אויפברויז אין די רייען פונעם אַרבעטער־קלאַס.

דאָס פּראָלעטאַריש־געזעלשאַפטלעכע לעבן אין פּוילן האָט אין דער צייט ווען איך האָב זיך געפונען אויסער וואַרשע דורכגעמאַכט אַ פילזייטיקע אַנטוויקלונג. אין פאַרלויף פון דער צייט איז געשאַפן געוואָרן אַ נעץ פון ווירטשאַפטלעכע און קולטור־אינסטיטוציעס: קיכן, בעקערייען, קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוון, קולטור־געזעל־שאַפטן און קלובן. די פון פריִער עקסיסטירנדיקע אינסטיטוציעס זענען געוואָרן אויסגעברייטערט און נייע זענען געשאַפן געוואָרן.

די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, וואָס זענען בשעת מיין פאַרלאָזן וואַרשע אָרגאַניזאַציאָנעל געווען נאָך אין אַ נישט פאַרהאַרטעוועטן צושטאַנד, זענען נאָך מיין צוריקקער געווען סטאַביליזירטע און פּערספּעקטיקטע אָרגאַניזאַציעס מיט איי־גענע, טייל אַפילו רחבותדיקע, לאָקאַלן, און האָבן אין די מלחמה־ און אָקופּאַציע־באַדינגונגען געפירט אַן אַקטיווע פּראָפאַראייִנישע און קולטור־טעטיקייט.

ס'איז אויסגעוואַקסן אַ בריגאַדע פון אַרבעטער — אַרבעטער־טוערס און אַ פיינע עקיפּע פון אַ סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ, וועלכע האָבן צוזאַמען פאַרנומען פירנדיקע פּאָסטנס אויף אַלע שטופעס און פּאָזיציעס פון דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג.

אין בונד האָט זיך געפונען אַ צאָלרייכע און אַ פעיִקע חברה טוערס, וועלכע זענען אַרויפגעשווומען אויף דער אויבערפלאַך פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן אין דער צייט ווען ס'איז געשאַפן געוואָרן די לעגאַלע פּראָפבאַוועגונג און די אויס־

געברייטערטע ווירטשאַפט־אַקציע, זיי האָבן אין דער צייט פון מיין אָפּוועזנדיקייט זיך אַנטוויקלט אין גוטע טוערס אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, ווירטשאַפט־אינסטיטוציעס און קולטור־אָרגאַניזאַציעס.

עס איז געשאַפן און פּאַרפעסטיקט געוואָרן אַ פּעריאָדישע סאָציאַליסטישע פּרעסע: אַ לעגאַלע, האַלבלעגאַלע און אַן אונטערערדישע, מיט אַ שטאַב אינטעלי־גענטע און פעיִקע מיטאַרבעטערס. די צייטשריפטן און אַנדערע אויסגאַבעס פון ס.ד.ק.פּ.ל. זענען רעדאַגירט און באַדינט געוואָרן פון אַזעלכע שרייבערישע און זשורנאַליסטישע כּוחות ווי וואַרסקי, קאַמיענסקי, קראַסני, צוקערוואַר, גזשעך־קאָוואַלסקי און אַנדערע. די פּרעסע־אויסגאַבעס פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע זענען באַדינט געוואָרן פון אַזעלכע שרייבערישע און פּאָליטישע פיגורן ווי רעכניעווסקי (גע־שטאָרבן בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה), קאָסטשעווא, ווראָבלעווסקי. די וואָכנ־שריפט פון בונד, די „לעבענס־פראַגען", האָט זיך געפונען אונטער דער רעדאַקציע פונעם טאַלאַנטפולן וולאַדימיר מעדעם, ביי דער נאָענטער מיטאַרבעטערשאַפט פון וויקטאָר שולמאַן, דעם דיכטער דוד איינהאָרן און דעם אויסגעצייכנטן קענער פון עקאָנאָמישע ענינים מאַוריצי אָזשעך.

די סאָציאַליסטישע אַנטי־מלחמה־פּאַרטייען — די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון קעניגרייך פּוילן און ליטע, פּ.פּ.ס.־לעוויצע און בונד, האָבן אין משך פון די קנאַפּע דריי יאָר דורכגעפירט וויכטיקע און גרויסע מאַסן־אַקציעס, וואָס זענען אין זייער רוב געווען אויך אויסגעשפּראָכן פּאָליטיש: קעגן דער מלחמה און קעגן די אָקו־פּאַציע־מאַכטן. געננוג צו דערמאָנען בלויז די וואַל־קאַמפּאַניע צום וואַרשעווער שטאָטראַט אין 1916 און דעם אַלגעמיינעם שטרייק אין די וואַרשעווער עפנטלעכע שטאָטישע אַנשטאַלטן: גאַז, עלעקטריע, וואַסערלייטונג, פון אַלע מינים קאָמוני־קאַציע־מיטלען איינשליסלעך די טראַמווייען, אין 1917 — אַ שטרייק פון אַן אויס־געשפּראָכענעם פּאָליטישן כאַראַקטער, אין וועמענס שפּיץ ס'איז געשטאַנען דער אָנגעזעענער פירנדיקער טוער פון ס.ד.ק.פּ.ל., דער רויטהאָריקער אַנדזשעי. אויב איך מאַך נישט קיין טעות, איז דער דערמאָנטער שטרייק געווען די ערשטע עפנטלעכע אַנטי־מלחמה מאַסן־אַקציע אין די קריגס־פירנדיקע לענדער און אויף די שטחים פון פאַרשיידענע אָקופּאַציעס, מיטן אויסנאַם פון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד.

בשעת מיין צוריקקומען קיין וואַרשע האָט די סאָציאַליסטישע אַרבעטער־באַוועגונג אין פּוילן, די פּויליש און די יידישע, געהיילט די ווונדן פונעם פּאָגראָם, וואָס די דייטשישע אָקופּאַציע־מאַכט האָט אָקערשט געהאַט דורכגעפירט איבער דער פירערשאַפט פון די סאָציאַליסטישע אַנטי־מלחמה־פּאַרטייען און איבער די פירערס און טוערס פון די פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראיינען.

אין וואַרשע האָב איך נישט געטראָפן כּמעט קיינעם פון די פירערס און פירנ־דיקע טוערס פון ס.ד.ק.פּ.ל. און פּ.פּ.ס.־לעוויצע, וועלכע זענען מיר באַקאַנט געווען

זינט דעם אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה פון זייער טעטיקייט אין צווישן־פּאַרטייִשן ראַט און אינעם אַרבעטער־ווירטשאַפט־קאָמיטעט, ווי פון דעם „אַרבעטער־פּאַרלאַמענט”, פון די קאָנפערענצן, וואָס זענען גערופן געוואָרן פון פּראָפעסאָר לודוויק קשיוויצקי.

אויך די פירערס און פירנדיקע טוערס פון בונד זענען געווען אַרעסטירט. בלויז איינצלנע פון זיי האָט זיך איינגעגעבן אויפצוהאַלטן אינעם עסטרייכישן אָקו־פּאַציע־געביט: יחיאל ניימאַן אין לובלין, חנינא קראַמאַרסקי אין ראַדאָם. פון די פירערס און פירנדיקע טוערס פון בונד, מיט וועלכע איך בין פריִער געווען פאַר־בונדן אין מיין בונדישער טעטיקייט, האָבן זיך, אויף וויפל איך געדענק, אויף דער פריי געפונען: וולאַדימיר מעדעם און יאַנעק־יאַנקעלעוויטש. מעדעם איז אויך געווען צווישן די אַרעסטירטע, ער איז אָבער באַפרייט געוואָרן נאָך אַ קורצן אַרעסט. יאַנעקן האָט פּשוט דאָס מזל צוגעשפּילט נישט אַרעסטירט צו ווערן און ער האָט אויף זיינע פּיזיש־שוואַכע פּלייצעס געטראָגן דעם עול פון דער לאָקאַלער וואַרשעווער און צענטראַלער פּאַרטיי־אַרבעט, הגם קיין מיטגליד פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד איז יאַנעק־יאַנקעלעוויטש נישט געווען.

רעפּרעסיעס און רדיפות מצד דער דייטשישער אָקופּאַציע־מאַכט איז פאַר דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג אין פּוילן נישט געווען קיין נאַווינע. אויך פריִער זענען פאָרגעקומען מאַסן־אַרעסטן און פאַרשיקונגען אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן פון האַוועלבערג, אַראַניענבורג און אַנדערע. נישט וויניק שאָדן האָבן אויך די פריִערדיקע רדיפות געבראַכט דעם פּראָלעטאַריש־געזעלשאַפטלעכן לעבן. דאָס מאָל אָבער איז עס געווען אַן אמתער פּאָגראָם, וואָס האָט נישט אויסגעמיטן אַפילו די פּועלי־ציון, וועלכע זענען צו יענער צייט נישט פאַררעכנט געוואָרן פאַר קיין באַשטאַנדטייל פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, אַ פּשיטא פון דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג פון פּוילן.

אָבער אַ גרויסער און אַ פּאָליטיש־טיפער אונטערשייד איז געווען צווישן די פריִערדיקע רדיפות און דעם לעצטן פּאָגראָם. פריִער האָט די דייטשישע אָקופּאַציע־מאַכט אָנגעווענדט רעפּרעסיעס אין דער פולער זיכערקייט פון איר מאַכט. די רדיפות האָבן געזאָלט דינען פאַר אַ באַווייז, אַז די דייטשישע מיליטערישע מאַכט וועט נישט טאָלערירן און נישט דולדן קיין שום ווידערשפּעניקייט. דאָס מאָל איז עס געווען אַן אַקט פון פּחד און פּאַניק.

די אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד און איר רעוואָלוציאָניזירנדיקע וויר־קונג — דער וווּקס פון די אַנטי־מלחמה־שטימונגען אויף די שטחים פון דער דייטשישער און עסטרייכישער אָקופּאַציעס און אין דייטשלאַנד גופא, וואָס איז גע־קומען צום אויסדרוק בעת דעם שטרייק פון די בערלינער אַרבעטער ווינטער 1918, און אין דער ריזיקער פּרוּיען־דעמאָנסטראַציע אין בערלין פרילינג 1918; די שווערע קלעפּ, וואָס די דייטשישע קריגסמאַשין האָט אָנגעהויבן צו באַקומען אויפן מערב־

פראַגט און די אָפענע רעוואָלט־שטימונגען קעגן דער אָקופּאַציע פון פּוילן, וואָס זענען געקומען פון צוויי גאַנץ באַזונדערע זייטן: פון דער אומאָפּהענגיקייט־באַוועגונג און פון דער אַרבעטער־באַוועגונג — דאָס זענען געווען פאַקטאָרן, וואָס האָבן אונטערגעמינעוועט די דייטשישע קריגסמאַשין און אַריינגעוואָרפן די דייטשישע מיליטאַריסטן אין אַ פּאַניק, אין אַ מורא פאַר אַ רעוואָלוציאָנערער אָדער מיליטערישער דיווערסיע אויף איר מיזרח־פראָנט.

דער פּחד, וואָס האָט אַרומגענומען די דייטשישע מיליטאַריסטן, איז געווען אַזוי גרויס, אַז זיי האָבן אַפילו נישט געוואַגט די סאָציאַליסטישע אַרעסטירטע צו פאַרשיקן אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין דייטשלאַנד, נאָר זיי פאַרשפּאַרט אין פּוילן גופא: אין די קאַזעמאַטן פון וואַרשעווער ציטאַדעל און אין דער מאָדלינער פעסטונג.

די האָפענונג, אַז דורך די מאַסן־אַרעסטן וועט זיך איינגעבן צו פּאַראַליזירן די אַנטי־מלחמה־ און אַנטי־אָקופּאַציע־שטימונגען, האָט זיך פאַר די דייטשישע מיליטאַריסטן פאַרענדיקט מיט אַ ביטערער אַנטוישונג. טראָץ דעם חורבן אין די העכערע און גאָר הויכע קאַדרען פון דער סאָציאַליסטישער פירערשאַפט, זענען די אַנטי־מלחמה־ און אַנטי־אָקופּאַציע־שטימונגען אומאויפהערלעך געשטיגן.

אויך דער פּרווו פונעם דייטשישן גענעראַל־שטאַב צו ראַטעווען זיין מערכה דורכן שאַפן דעם אַ״ג רעגענטן־ראַט מיטן גראַף לובאָמירסקי און קאַרדינאַל קאַקאָווסקי ווי רעגענטן, כּדי דורכן שווינדל פון אַ כּלומרשט פּוילישער מלוכישאַפט צו טאָרמאָזירן דעם דראַנג פּטור צו ווערן פון די אָקופּאַנטן — האָט זיך פאַר די דייטשישע מיליטאַריסטן פאַרענדיקט מיט אַ מפּלה.

דער רעוואָלוציאָנערער טייל פון די אַרבעטער און פּויערים האָט דעם קאַמף קעגן די אָקופּאַנטן באַטראַכט ווי נייטיקע פאַרבאַדינגונגען צו דער ענדגילטיקער שלאַכט פאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע אין פּוילן.

דער רעוואָלוציאָנערער טייל פונעם יידישן אַרבעטער־קלאַס האָט מיט די קומענדיקע געשעענישן, מיט דער סאָציאַלער רעוואָלוציע אין פּוילן, פאַרבונדן זיין האָפענונג און גלויבן אויך אַ סוף צו מאַכן צו דער רעכטלאָזיקייט פון די יידישע פאָלקסמאַסן און צו דערגרייכן די נאַציאָנאַלע באַפרייונג פונעם יידישן פאָלק אויף פּוילנס ערד.

נאָך מיין צוריקקומען קיין וואַרשע האָב איך די אַרבעטנדיקע באַפעלקערונג געפונען אין אַ צושטאַנד פון אויפברויז, פון ערב שטורעם. אין יעדן געזעמל פון מענטשן זענען אָנגעגאַנגען היציקע דיסקוסיעס. די לאָזונגען „אומאָפּהענגיקייט פון פּוילן״, „סאָציאַלע רעוואָלוציע״ און ענלעכע, זענען ווי שראַפּנעלן געפלויגן אויף די דעמאָלטדיקע שלאַכטפעלדער. אין די זאַמלפּונקטן, ווו ס׳פלעגן זיך צונויפקומען אַרבעטסמענטשן, האָט געברויזט און געזשומעט. אין די לאָקאַלן פון די

פּראָפעסיאָנעלע פֿאַראיינען,ווירטשאַפט־אינסטיטוציעס און קולטור־אָרגאַניזאַציעס זענען פֿאָרגעקומען אומאויפהערלעכע שאַרפע וויכוחים און היציקע דיסקוסיעס. די אַנטי־מלחמה און אַנטי־אָקופּאַנטן־שטימונג איז געווען אַ שטאַרקער סטימול פֿאַר דער פּאָליטישער און רעוואָלוציאָנערער אַקטיוויזירונג פֿון די מאַסן.

די דאָזיקע שטימונג און דער דאָזיקער סטימול האָבן אויך מיך נישט אויס־געמיטן. באַלד נאָך מיין צוריקקער קיין וואַרשע האָב איך זיך מיט אימפּעט אַריינ־געוואָרפֿן אין די אַקטיוויטעטן פֿונעם פּראָלעטאַריש־געזעלשאַפֿטלעך לעבן.

## די ערשטע דריי טעג אין וואַרשע

מיין ערשטער וויזיט נאָך מיין קומען קיין וואַרשע איז געווען אין דער בונדישער אַרבעטער־קיך. די קיך האָט זיך נישט מער געפֿונען אויפֿן זעלבן פּלאַץ ווו איך האָב זי געלאָזן, אויף קאַרמעליצקע 9, נאָר אין אַן אַנדערן, אַ סך אַ גרעסערן לאָקאַל, אויף פּשעיאַזד 9. דעם דאָזיקן אַדרעס — פּשעיאַזד 9 — וועט מיר אויסקומען אַ סך מאָל צו דערמאָנען אין מיינע זכרונות. אין דעם לאָקאַל זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן די וואָכנטלעכע זיצונגען פֿונעם וואַרשעווער קאָמיטעט פֿון בונד און פֿון אַנדערע בונדישע אינסטאַנצן. אין די ווענט פֿון יענעם לאָקאַל זענען אויסגעפּעכט געוואָרן אַ סך אינערלעכע בונדישע שלאַכטן.

אין קיך האָבן מיך מיט אַ סך פֿרייד אויפֿגענומען עטלעכע אָנגעשטעלטע, וועלכע זענען באַשעפֿטיקט געווען נאָך פֿאַר מיין פֿאַרלאָזן וואַרשע און אויך אַ צאָל באַקאַנטע אַרבעטער־קאָנסומענטן.

באַלבינאַ, איינע פֿון די אָנגעשטעלטע, וואָס איז געווען פֿאַרבונדן מיט דער קיך זינט איר אַנטשטיין אין 1914, פֿריִער ווי אַ פֿרייוויליקע מיטאַרבעטערין און שפּעטער ווי אַן אָנגעשטעלטע, האָט מיך אינפֿאָרמירט וועגן דעם פּאָגראָם, וואָס די דייטשישע אָקופּאַציע־מאַכט האָט אָקערשט דורכגעפֿירט, און וועגן דעם גורל פֿון די חברים, מיט וועלכע איך האָב פֿריִער צוזאַמענגעאַרבעט. וואָס שייך יאַנעק־יאַנקעלעוויטש, קומט ער, צוליב קאָנספּיראַציע, ווייניק אין קיך. באַלבינאַ האָט מיר אָנגעוויזן אויף איינעם, וואָס איז געווען באַשעפֿטיקט אַרום דער קיכווירטשאַפֿט און דערציילט, אַז ער איז אַן אָנגעזעענער טוער און אַ מיטגליד פֿונעם וואַרשעווער קאָמיטעט פֿון בונד, און זי האָט מיך מיט אים צונויפֿגעפֿירט — דאָס איז געווען אַבע פֿלוג.

אַבע פֿלוגן האָב איך געקענט נאָך פֿאַר מיין פֿאַרלאָזן וואַרשע. ער איז געווען איינער פֿון די צענדליגער אַרבעטער־טוערס, וועלכע זענען אַרויפֿגעשוווּמען אויף דער אויבערפֿלאַך פֿונעם געזעלשאַפֿטלעכן לעבן בעת דער אַקציע פֿון אָרגאַניזירן די פּראָפעסיאָנעלע פֿאַראיינען. מיין ערשטע און איינציקע עפּנטלעכע באַגעגעניש

מיט אַבע פלוג איז פאַרגעקומען אויף אַ פאַרזאַמלונג פון דעלעגאַטן פון די פראָ־פעסיאָנעלע פאַראײנען כּדי צו װײלן אַ נײַע אָנפירונג פון דער בונדישער װירט־שאַפט־אַקציע. אויף יענער פאַרזאַמלונג האָב איך זיך מיט אים שטאַרק צעװערטלט און אונדזערע פּערזענלעכע באַציִונגען זענען זינט דער דערמאָנטער פאַרזאַמלונג ביז מײַן פאַרלאָזן װאַרשע, נישט געװען קײן צו פרײַנדלעכע.

דאָס פאַרשטעלן אַבע פלוגן װי אַן אָנגעזעענעם טוער און מיטגליד פונעם װאַרשעװער פּאַרטײ־קאָמיטעט פון בונד איז געװען פאַר מיר אַן איבערראַשונג. הגם אַבע האָט מיך אויפגענומען זײער חבריש, פאַרגעלײגט עסן מיטאָג צוזאַמען און צו כאַפּן אַ שמועס, האָב איך דאָס באַגעגענען אַבע פלוגן װי דעם ערשטן בונדישן פירנדיקן טוער, מיט װעלכן איך דאַרף האָבן דעם ערשטן שמועס נאָך מײַן צוריקקער קײן װאַרשע, אויפגענומען מיט אַ װידערװילן.

מײַן ערשטער שמועס מיט אַבע פלוג איז געװען אַ לאַנגער און אַן אויספירלע־כער. אַבע האָט מיר צוגעזאָגט װי צום שנעלסטן צו פאַרבינדן מיך מיט יאַנעק־יאַנקעלעװיטש.

אין פאַרלויף פונעם שמועס האָט זיך אַרויסגעװיזן, אַז מיר האָבן אַ געמײנזאַמע שפּראַך אין אַלע קאַרדינאַלע ענינים פון דער סאָציאַליסטישער באַװעגונג. מיט צופרידנקײט האָב איך בשעת דעם שמועס קאָנסטאַטירט, אַז אַבע איז אַן אינטעלי־גענטער אַרבעטער און אַ קלוגער מענטש. מיר זענען אײנער צום אַנדערן צוגעזאָטן געװאָרן. פון דעמאָלט אָן זענען מיר, אַבע און איך, געמײנזאַם דורכגעגאַנגען אַלע פּאַזעס און שטופעס פון קאַמף אין בונד, אין געמײנזאַמער אַרבעט אין קאָמבונד, און שפּעטער — אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטײ פון פּוילן, אין ק.פּ.פּ., הן פּאַרטײיִש און הן פּראַקציאָנעל. זינט דעם ערשטן שמועס מיט אַבע זענען מיר אויך געװאָרן די אינטימסטע פּערזענלעכע פרײַנד, אַ פרײַנדשאַפט, װאָס האָט אָנגעהאַלטן ביז צום טאָג פון זײַן טויט.

אַװדאי זענען צװישן אַבען און מיר געװען מײנונג־פאַרשײדנקײטן אין פאַר־שײדענע צײַטן און װעגן פאַרשײדענע ענינים, זײ זענען אָבער נישט מסוגל געװען לויז צו מאַכן אונדזער פּערזענלעכע פרײַנדשאַפט. אַפילו דער פאַטאַלער טעות פון אַבען — דאָס נעמען אויף זיך די איניציאַטיװ פון אַן עפנטלעכער אָפּאָזיציע קעגן דער אָנפירונג פון דער קאָמ. פּאַרטײ פון פּוילן אין דער ערשטער העלפט פון די דרײַסיקער יאָרן, װאָס איך האָב אין די געגעבענע באַדינגונגען באַטראַכט פאַר אַן אומפאַראַנטװאָרטלעכער לײַכטזיניקער אַװאַנטורע — האָט נישט געשטערט אָנצוהאַלטן אונדזערע פּערזענלעכע אינטים־פרײַנדשאַפטלעכע באַציִונגען.

## אין מעטאַל־פאַראײן

אין אָװנט פונעם טאָג פון מײַן קומען קײן װאַרשע בין איך אַװעק אין ייִדישן מעטאַל־אַרבעטער־פאַראײן, װאָס האָט זיך שוין געפונען אין אַ גרויסן לאָקאַל אויף

נאַלעווקעס 34. איך בין אָנגעקומען אין לאָקאַל פונעם מעטאַל־פאַראיין אָן ערך 7 אין אָונט, אָבער דער לאָקאַל איז שוין געווען פול מיט אַרבעטער. אַ באַדייטנדיקע צאָל אַרבעטער האָבן מיך דערקענט און געגעבן אַ הילכיקן ברוך־הבא. דאָס זעלבע האָט זיך איבערגעחזרט אין דער קאַנצעלאַריע פונעם פאַראיין.

אין איינעם פון די פאַראיין־צימערן האָט יענעם אָוונט אָפּגעהאַלטן אַ זיצונג די פאַך־קאָמיסיע פון די מעטאַל־טאָקערס און מעשגיסערס, פון דעם פאַך, אין וועלכן כ׳בין געווען באַשעפטיקט און אָנגעהויבן מיינע ערשטע שריט ווי אַ געזעל־שאַפּטלעכער טוער. ווען די ידיעה פון מיין געפינען זיך אין פאַראיין־לאָקאַל איז צו זיי דערגאַנגען, האָבן זיי איבערגעריסן די זיצונג, מיך האַרציק באַגריסט, און פאַרבעטן אָנטייל צו נעמען אין דער זיצונג פון דער פאַך־קאָמיסיע.

די זיצונג האָט זיך פאַרנומען מיטן דערליידיקן אַ סיכסוך מיט דער פירמע דרייער. דער אייגנטימער און די אַרבעטער זענען געווען אָנווענזנדיק אויף דער זיצונג. הגם אַלע צדדים האָבן נישט געוואָלט דערפירן צו קיין שטרייק, זענען דאָך די אונטערהאַנדלונגען אָנגעגאַנגען זייער שווער. כ׳האָב געבעטן דעם פאַבריקאַנט צו פאַרלאָזן אויף אַ ווײַלע דאָס צימער, כּדי מיר זאָלן זיך קענען צווישן זיך באַראַטן. נאָך זיין פאַרלאָזן דאָס צימער האָב איך געמאַכט אַ פאָרשלאָג ווי אַזוי צו פאַרענדיקן דעם סיכסוך. מיין פאָרשלאָג איז מיט געוויסע מאָדיפיקאַציעס אָנגענומען געוואָרן סיי פון דער פאַך־קאָמיסיע און סיי דורך די אַרבעטער. ווען דער פאַבריקאַנט איז צוריק פאַרבעטן געוואָרן צו פירן ווייטער די פאַרהאַנדלונגען, האָט ער נאָך קווענק־לעניש און עטלעכע קאָנצעסיעס אַקצעפּטירט דעם פאָרגעלייגטן אויסגלייך.

ווען דער סיכסוך איז געווען דערליידיקט, האָבן אייניקע מיטגלידער פון דער פאַך־קאָמיסיע פאָרגעלייגט מיך ווידער איינצוגלידערן ווי אַ מיטגליד פון דער פאַך־קאָמיסיע. דער פאָרשלאָג איז איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן.

פאַרן סוף פון דער זיצונג זענען אַריינגעקומען צוויי אַרבעטער פון דרייערס פאַבריק, און איינער פון זיי, אַן אַלטער אַרבעטער מיטן נאָמען יעקל, וועלכער האָט נאָך געאַרבעט ביי אַ ייִדן פון דעם געגעבענעם פאַבריקאַנט, האָט זיך געווענדט צו מיר מיט אַ דירעקטער פראַגע: „וואָס האָסטו, הערשל, בדעה צו טאָן? רעכנסטו צוריקצוגיין אין פאַך אַרבעטן, אָדער האָסטו אַנדערע פּלענער?״ איך האָב יעקלען געענטפערט, אַז אַוודאי האָב איך בדעה צו אַרבעטן אין פאַך, און איך בין זיכער, אַז די פאַך־קאָמיסיע וועט מיך ווי צום שנעלסטן באַזאָרגן מיט אַרבעט. יעקל האָט דאַן מיטגעטיילט, אַז די אַרבעטער פון דרייערס פאַבריק האָבן באַשלאָסן צו טיילן זיך מיט דער אַרבעט און צו מאַכן הערשלען אַ פּלאַץ אין פאַבריק. אויך דער באַלע־באָס איז מסכּים צו לאָזן הערשלען אַרבעטן און איך קען זיך שטעלן צו דער אַרבעט שוין דעם קומענדיקן דינסטיק אין דער פרי — דינסטיק איז אַ מזלדיקער טאָג. די פאַך־קאָמיסיע האָט די פּראָפּאָזיציע פון די אַרבעטער פון דרייערס פאַבריק אַקצעפּטירט.

דאָס קריגן באַשעפטיקונג אין דער פאַבריק פון איטשע דרייער, איינע פון די עלטסטע און צו יענער צייט — די גרעסטע און וויכטיקסטע אַרבעט־פּלאַצווּוקע אין פאַך, איז פאַר מיר געווען אַן אמתדיק גליק. ערשטנס, האָט דאָס מיר געגעבן אַ מעגלעכקייט פון אַ מאַטעריעלער אויסהאַלטונג; צווייטנס, האָט דאָס מיך פאַרהיט פון דער אומאַנגענעמער סיטואַציע צו זיין אַ קעסטקינד פון די בונדישע ווירטשאַפט־אינסטיטוציעס; און, דער עיקר, געגעבן אַ מעגלעכקייט אַנצוהייבן מיין געזעלשאַפט־לעכע טעטיקייט אין וואַרשע אין דער אַרבעטסטאַגע פון אַן אַרבעטער.

איך האָב נאָך רעכט נישט באַוויזן זיך אָפּצוגעבן אַ חשבון פון דעם, וואָס ס׳איז מיט מיר גאָר וואָס פאָרגעקומען: ווערן אַ מיטגליד פון דער פאַך־קאָמיסיע פון די מעטאַל־טאָקאַרעס און גיסערס פון מעש און בראָנדז, און באַקומען אַ גוטן אַרבעטספּלאַץ — און ווידער איז מיט מיר אין דעם אָוונט עפּעס וויכטיקס געשען: איך בין גערופן געוואָרן צו רעדן אויף אַ פאַרזאַמלונג פון זילבערנע בייטל־אַרבעטער, וואָס איז אין יענעם אָוונט פאָרגעקומען אין לאָקאַל פונעם מעטאַל־פאַראיין.

דאָס פאַך פון זילבערנע בייטלען איז געווען אַ טיפּיש מלחמה־קאָניוקטור־פאַך. פאַר דער מלחמה זענען ביי זילבערנע בייטלען געווען באַשעפטיקט קוים עטלעכע צענדלינג אַרבעטער, נישט קיין אָרגאַניזירטע. אין דער מלחמה־צייט איז די פּראָ־דוקציע אָנגעשוואָלן געוואָרן און ס׳זענען באַשעפטיקט געוואָרן עטלעכע הונדערט אַרבעטער און אין פאַרהעלטעניש־מעסיקע גרעסערע פאַבריקן. די אַרבעט איז געווען מאָדערניזירט און האָט זיך געפירט אין אַ סעקציע־סיסטעם. מיטן אויסנאַם פון אַ געוויסער צאָל פאַכמעניש־קוואַליפיצירטע אַרבעטער האָט מען נישט געדאַרפט האָבן גרויסע קוואַליפיקאַציעס צו אַרבעטן אין דעם דאָזיקן פאַך. די מלחמה־באַדינגונגען האָבן אין פאַך אַריינגעברענגט אַ באַדייטנדיקע צאָל אינטעליגענטע מענטשן. טייל פון זיי האָבן שפּעטער געשפּילט אַ געוויסע ראָלע אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, ווי למשל, לייבל בלאָנק, דער שפּעטערדיקער פאָרזיצער פונעם יידישן מעטאַל־פאַראיין און פונקציאָנאַר פונעם פאַראיין פון די יידישע נאָדל־אַרבעטער, בערקמאַן, וועמענס נאָמען ס׳וועט נאָך אויסקומען צו דערמאָנען אין שייכות מיט זיין ראָלע בעת דער שפּאַלטונג פון בונד, אין האַרבסט 1921, דער אַקטיאָר פונעם מאָסקווער קונסט־טעאַטער, גערטלער. אָבער מיט דער דערנענטערונג פונעם סוף פון דער מלחמה האָט זיך אויך אָנגעהויבן פאַרשנעלערן די ירידה פון דעם דאָזיקן פאַך.

די פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער איך בין פאַרבעטן געוואָרן צו רעדן, איז געווען אַ צאָלרייך באַזוכטע — פון עטלעכע הונדערט אַרבעטער. איך בין געבעטן געוואָרן צו האַלטן מיין רעדע אין אַ טאָן, וואָס זאָל אויפהייטערן די שטימונג פון די אַרבע־טער. די רעדע מיינע איז זייער וואַרעם אויפגענומען געוואָרן.

פאַר מיר איז דער אַרויסטריט אויף דער פאַרזאַמלונג פון די זילבערנע בייטל־אַרבעטער באַלד אינעם ערשטן אָוונט נאָך מיין צוריקקומען פון בערלין קיין וואַרשע,

געווען אַ וויזיט־קאַרטע פאַרן וואַרשעווער ייִדישן אַרבעטער־קלאַס. דער אינהאַלט פון מיין רעדע איז אויך געווען אַן אַנזאַג, אַז איך שטעל זיך צו דער דיספּאָזיציע פון די רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישע עלעמענטן אין דער אַרבעטער־באַוועגונג פון פוילן.

נאָך מיין פאַרענדיקן די רעדע אויף דער דערמאָנטער פאַרזאַמלונג, צו וועלכער ס'האָבן זיך צוגעהערט אויך אַלע אַרבעטער, וואָס האָבן זיך געפונען אין לאָקאַל פון פאַראיין, איינשליסלעך די מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג, בין איך דורכן סעקרעטאַר פונעם מעטאַל־פאַראיין, הענעך בראַנזאָווניק, מיט וועמען כ'בין באַקאַנט געווען נאָך פון די צאַרישע ציַיטן און פון דער געמיינזאַמער אַרבעט ביים גרינדן און אויפבוי פונעם ייִדישן מעטאַל־פאַראיין, אין יאָר 1915, פאַרבעטן געוואָרן צו באַטייליקן זיך אין דער זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג, וועלכע פלעגן נאָרמאַל פאָרקומען יעדן דאָנערשטיק אין אָוונט.

אין גאַנג פון דער זיצונג האָבן עטלעכע מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג פאָרגעלייגט מיך אַריינצונעמען צוריק אין באַשטאַנד פון דער פאַרוואַלטונג. דער דאָזיקער פאָרשלאָג איז אָן דיסקוסיעס אָנגענומען געוואָרן. נאָך דעם איז געקומען אַ צווייטער פאָרשלאָג — מיך אויף ס'ניי צו דעלעגירן ווי איינעם פון די פאַרטרע־טערס פון דער פאַרוואַלטונג פון מעטאַל־פאַראיין צום צענטראַל־ביוראָ פון די פראָ־פעסיאָנעלע בראַנזשע־פאַראיינען — אַ מאַנדאַט, וואָס איך האָב געהאַט אויך פאַר מיין פאַרלאָזן וואַרשע. אויך דער דאָזיקער פאָרשלאָג איז איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן.

ווען איך האָב פאַרלאָזט דעם לאָקאַל פונעם ייִדישן מעטאַל־פאַראיין דעם ערשטן אָוונט נאָך מיין צוריקקער קיין וואַרשע, איז געווען פאַר מיר קלאָר, אַז איך בין אַוועקגעשטעלט געוואָרן מיטביידע פיס אויפן האַרטן באָדן פון פאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן פון די ייִדישע אַרבעטער אין וואַרשע.

## אין אַ שלאָפלאָזער נאַכט

די ערשטע נאַכט נאָך מיין קומען פון בערלין קיין וואַרשע איז געווען פאַר מיר אַ ליל־שימורים — איך בין געלעגן וואַך אויף מיין געלעגער און שעהען־לאַנג געטראַכט און מעדיטירט וועגן פאַרלויף פונעם פאַרגאַנגענעם אָוונט. געדאַנקען פול מיט אָפּטימיזם און געדאַנקען, אָנגעזאַפּטע מיט פּעסימיזם, געפילן פון פרייד און געפילן פון אומרו, האָבן זיך אומאויפהערלעך געקרייצט, ווי אין אַ שאַרפן שווערדן־געפעכט.

דער פאַרגאַנגענער אָוונט — האָבן די אָפּטימיסטישע געדאַנקען אַרגומענטירט מיט מיר — האָט געבערענגט מיט זיך אומצווייפלהאַפטע פאַקטן: אין פאַרלויף פון

עטלעכע אָוונטן־שעהען, תּיכּף נאָך דיין צוריקקער קיין וואַרשע, ביסטו אָוועקגע־שטעלט געוואָרן אויף וויכטיקע און פאַרשיידנאַרטיקע געזעלשאַפטלעכע פּאָזיציעס: פון אַ פאַך־קאָמיסיע ביז צו דער העכסטער אָנפירונג פון דער ייִדישער פּראָפעסיאָ־נעלער באַוועגונג אין וואַרשע. דאָס איינציקע, וואָס ס׳פעלט דיר נאָך, איז דאָס צוריק אַריינגיין אין באַשטאַנד פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד, אָבער אויך דאָס איז פאַר דיר געזיכערט. דער וואַרשעווער קאָמיטעט פון בונד האָט דאָך אַ נישט געשריבן געזעץ, אַז אין פאַל ווען זיינס אַ מיטגליד פאַרלאָזט די שטאָט קעגן זיין ווילן, ווערט ער, נאָך זיין אומקער קיין וואַרשע, אויטאָמאַטיש צוריק אַ מיטגליד פונעם פּאַרטיי־קאָמיטעט ביז אַ קומענדיקער וואַל־קאָנפערענץ פון דער וואַרשעווער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע.

און אָוודאי דאַרפסטו זיין צופרידן פון דיין אַרויסטריט אויף דער פאַרזאַמלונג פון די זילבערנע בייטל־אַרבעטער. דו ביסט אין דיין רעדע געווען אויסגעשפּראָכן. חוץ עטלעכע אַגב־אורחאדיקע באַמערקונגען וועגן פאַך־ענינים, איז דאָך דיין רעדע געווען אַ קרעדאָ פון אַ רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליסט: סאָציאַלע רעוואָלוציע, די גאַנצע מאַכט דעם אַרבעטנדיקן פאָלק, אַרבעטער, פּויערים און סאָלדאַטן־ראַטן, דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, ליזונג פון דער ייִדן־פראַגע דורך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע.

און אָוודאי און אָוודאי דאַרפסטו זיין צופרידן פון פאַרלויף פון דער פאַרזאַמ־לונג. דאָס אָפטע איבעררייסן מיט אַפּלאָדיסמענטן און דער ענטוזיאַזם פון די אַרבעטער ביים ענדיקן דיין רעדע איז געווען דער בעסטער באַוויז פון די שטי־מונגען פון די אַרבעטער. דיין צוטרוי צום רעוואָלוציאָניזם פון די וואַרשעווער ייִדישע אַרבעטער האָט זיך פולשטענדיק באַשטעטיקט.

אַזעלכע און ענלעכע אָפּטימיסטישע געדאַנקען האָבן אַרגומענטירט מיט מיר אין דער ערשטער אָבער שלאָפלאָזער נאַכט נאָך מיין צוריקקער קיין וואַרשע, און צוזאַמען מיט די אַרגומענטן איז געקומען אויך אַ געפיל פון פרייד.

זיי נישט אַזוי האַפּעדיק. וואָס איז די שמחה מיט דיר? וואָס פאַר אַ גדולה האָט דיך באַטראָפן? — האָבן אָנגעהויבן אַרגומענטירן מיט מיר די פּעסימיסטישע געדאַנקען, באַגלייט מיט אַ געפיל פון אומרו.

די געזעלשאַפטלעכע פּאָזיציעס, אויף וועלכע דו ביסט אין דעם פאַרגאַנגענעם אָוונט אָוועקגעשטעלט געוואָרן, האָסטו דאָך נישט אויסגעקעמפט, נאָר געקריגן ווי אַ מתנה. די אַמטן אין די אינסטאַנצן, וואָס דו גייסט פאַרנעמען, האָסטו דאָך נישט דערוואָרבן מיט מי, פלייס און פעיִקייט, נאָר באַקומען בלויז אויפן סמך פון אַ „זכות פון נעכטן". וועלן די חברים און די אַרבעטער, וועלכע האָבן אין דעם פאַרגאַנגענעם אָוונט אָנגעטאָן אויף דיין קאָפּ אַ קרוין פון אַ פירנדיקן טוער, נישט ווערן אין דיר אַנטוישט און דער זכות פון נעכטן וועט פאַר זיי ווערן אַ באַלאַסט, פון וועלכן מען דאַרף וואָס שנעלער פּטור ווערן?

האָסטו גאָרנישט געלערנט פון דעם גורל פון די אַמאָליקע מיטגלידער פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד: סעמיאָן, משה סטאָליאַר, בנימין וואַלקער, אסתּר די שניידערין, וועמענס פּאָליטישער מעמד איז צעשטויבט געוואָרן אויף פּאָרעך, מחמת ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז זיי זענען ווי פירנדיקע טוערס נישט נוצלעך און אַפילו שאָדנדיק אין געענדערטע באַדינגונגען, און ביי דער ערשטער געלעגנהייט, ביי דער ערשטער פּאַרטיי־קאָנפערענץ נאָכן אַריינקום פון די דייטשן קיין וואַרשע, זענען זיי אַרויסגעפאַלן פונעם צוזאַמענשטעל פון פּאַרטיי־קאָמיטעט. און קיינעם איז שפּעטער נישט איינגעפאַלן עמעצן פון זיי אַריינצונעמען אין וועלכער ס׳איז אָנפירנדיקער פּאַרטיי־אינסטאַנץ?

דו ביסט אין וואַרשע נישט געווען אָן ערך דריי יאָר. די פּראָלעטאַרישע גע־זעלשאַפטלעכקייט האָט דורך דער צייט דורכגעמאַכט פאַרשיידענע פּראָצעסן. האָסט נאָך אַפילו קיין שמעק נישט געטאָן ווי די אַרבעטער־באַוועגונג אין וואַרשע זעט אויס, און דאָך זיך נישט געוואָקלט אָנצונעמען דעם אַמט פון אַ פירנדיקן טוער. איז דאָס נישט אַ מאָל צו פיל ריזיקאַליש? אָדער גאָר פּשוטע חוצפּה, פאַר וואָס דו קענסט צו טייער באַצאָלן, און אפשר אויך טיילן דעם גורל פון די אויבן דערמאָנטע אַמאָליקע מיטגלידער פונעם וואַרשעווער קאָמיטעט פון בונד?

און נאָך עפּעס: דאָס באַשטימען דיך אויף די אַמטן, וואָס דו דאַרפסט פאַרנעמען, איז דאָך געקומען נישט פּלאַנירט. נישט דו האָסט זיך געריכט און געגרייט נאָמינירט צו ווערן אין די באַטרעפנדיקע פּראָפּ. אָרגאַנען אין דעם ערשטן אָוונט פון דיין קומען קיין וואַרשע, און נישט די נאָמינירער האָבן מיט עטלעכע שעה פריִער געוווּסט, אַז דו געפינסט זיך בכלל אין וואַרשע. דאָס דערהייבן דיך צו אָנפירנדיקע אַמטן איז דאָך געקומען צופעליק, אַ דאַנק פּשוטע צופאַלן, און צופאַלן זענען נישט פון אַזאַ שטאָנדהאַפטיקן מאַטעריאַל, וואָס זאָל אין שטאַנד זיין צו פאַרטרעטן פּלאַ־נירטע און אָרגאַניזירטע דערגרייכונגען.

איך מיט דיין דערפאָלג אויף דער פאַרזאַמלונג פון די זילבערנע בייטל־אַרבעטער דאַרפסטו זיך נישט צו פיל איבערנעמען.

דיין אַרויסטריט אויף דער דערמאָנטער פאַרזאַמלונג איז דאָך געווען אַ טיפּישע רעדע פון דער קאַטעגאָריע, וואָס מאָלן די פּראַכטפולקייטן פונעם גן־עדן, און נישט קיין אַנאַליז אויפן סמך פון טעאָרעטישן וויסן אָדער פון קאָנקרעטער פּראַקטיק און דערפאַרונג פונעם איצטיקן לעבן און פון די קעגנוואַרטיקע אַקטיוויטעטן פונעם וואַרשעווער אַרבעטער־קלאַס. אַזעלכע רעדעס זענען אָן שום ספק גוט און נייטיק אין אַ יומא־דפּגרא: אויף מיטינגען, בשעת וואַל־קאַמפּאַניעס, אָדער בעת אַ רעוואָ־לוציאָנערער אַקציע; דעמאָלט זענען אַזעלכע רעדעס מסוגל אָנצורעגן, שאַפן שטי־מונג, און אין געוויסע באַדינגונגען — אַפילו פירן צו דירעקטע טאַטן. זיי פאַרפעלן אָבער זייער ווירקונג אין אַלטעגלעכן לעבן. מיט אַזעלכע רעדעס קען מען נישט שפּייזן די אַרבעטער אין זייער טאָגטעגלעכן לעבן און אין טאָגטעגלעכן קאַמף.

דו הייבסט דאָך אָן דיין באַנייטע טעטיקייט קודם־כּל אויפן האַרטן באָדן פון דער פּראָפ. באַוועגונג, צו וועמענס אינסטאַנצן דו ביסט אין דעם פאַרגאַנגענעם אָונט באַשטימט געוואָרן. מיט משיחשע מיראַזש־רעדעס וועסטו אויף דעם געביט ווייט נישט פאַרפאַרן. דיין סוקצעס אויף דער ערשטער אַרבעטער־פאַרזאַמלונג איז דעריבער נישט קיין שום באַווייז פון אַן אמתן דערפאָלג אויפן שווערן וועג פון אַ פאַראַנטוואָרטלעכן אַרבעטער־טוער.

וואָלט נישט בעסער געווען ווען דו הייבסט אָן דיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט פון אונטן אַרויף, בלויז פון דער פאַך־קאָמיסיע, און נישט פון אויבן אַראָפּ, ווי ס'איז די פאַרוואַלטונג פון מעטאַל־פאַראיין, צענטראַל־ביוראָ פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און עווענטועל פונעם וואַרשעווער קאָמיטעט פון בונד?

אַזעלכע און ענלעכע פּעסימיסטישע געדאַנקען האָבן אַרגומענטירט מיט מיר אין דער שלאָפלאָזער נאַכט, באַגלייט מיט אַ געפיל פון אומרו.

וואָס איז דער אויספיר? דאַרפסטו, הייסט עס, זיך אָפּזאָגן פון אַלע אַמטן צו וועלכע דו ביסט באַשטימט געוואָרן? דיינע נאָמינאַציעס זענען דאָך רעאַלע פאַקטן בעת אַלץ איבעריקע איז אין בעסטן פאַל נישט מער ווי היפּאָטעטישע סברות — האָט רעפּליקירט דער אָפּטימיסטישער געדאַנקען־צד.

ניין, נישט קיין אָפּזאָג — איז געקומען אַן ענטפער פון דעם צד שכּנגד. אַמטן אין דער אַרבעטער־באַוועגונג זענען נישט קיין גבאות. דאָס אָננעמען ווי דאָס אָפּזאָגן זיך פון אַמטן האָט איין אויפגאַבע: דינען דעם קאָנקרעטן אָדער פּראָספּעק־טיוון ציל צוליב וועלכע די אַמטן זענען געשאַפן געוואָרן. דו קענסט נישט קומען צו חברים און צו די אַרבעטער און זיי זאָגן אַז דו נעמסט נישט אָן די נאָמינאַציעס.

דער ציל פון מיינע אַרגומענטן — האָט געטענהט דער פּעסימיסטישער צד — איז געווען דיך צו וואָרענען, אַז דו זאָלסט אין דיין אייגנליבע נישט פאַרזען די געפאַרן, וואָס שטייען פאַר דיר. נישט ווערן פאַרשיכּורט פון די ערשטע און באמת וויכטיקע דערפאָלגן, אַ וואָרענונג, אַז דו זאָלסט מיט אַחריות אָנהייבן דיין טעטיקייט און נישט אַנטוישן די יעניקע, וואָס האָבן דיך אַוועקגעשטעלט אויף די הויכע געזעלשאַפטלעכע פּאָזיציעס, די שיכטן, מיט וועלכע ס'וועט דיר אין דיין ווייטער־דיקער אַרבעט אויסקומען צו ווירקן, און די קרייזן, מיט וועלכע דו וועסט זיין פאַרטייִש פאַרבונדן. — — —

דער אינערלעכער געראַנגל וואָלט מסתּמא ווייטער אָנגעגאַנגען, און די קעגנ־זעצלעכע צדדים וואָלטן ווייטער געפירט זייער געפעכט, ווען דער באַרעמהאַרציקער שלאָף וואָלט נישט אַ סוף געמאַכט צו זייערע וויכּוחים.

## אַ באַגעגעניש מיט יאַנעק־יאַנקעלעוויטש

דעם צווייטן טאָג נאָך מיין קומען פון בערלין קיין וואַרשע האָב איך געהאַט אַ באַגעגעניש מיט יאַנעק־יאַנקעלעוויטשן. יאַנעק האָט מיך אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס. ער איז שוין געווען אינפאָרמירט וועגן דעם פאַרלויף פון פאַרגאַנגענעם אָוונט.

אונדזער שמועס האָט געדויערט לאַנגע שעהען. יאַנעק איז געווען נייגעריק צו וויסן וועגן אַלץ, וואָס ס'קומט פאָר אין דייטשלאַנד. יעדער פּרט האָט אים אינטערעסירט. פון זיין זייט האָט יאַנעק מיך אינפאָרמירט וועגן די פאַרהעלטעענישן אין לאַנד, וועגן דער לאַגע פון בונד און וועגן די אינערלעכע פאַרהעלטעענישן פונעם בונדישן פּאַרטיי־לעבן. מיר האָבן נאַטירלעך אויך גערעדט וועגן מיין קומענדיקער בונדישער פּאַרטיי־אַרבעט און וועגן מיין צוריק אַריינגיין אינעם צוזאַמענשטעל פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד.

אין גאַנג פונעם שמועס האָט זיך, צו מיין גרויסער פרייד אַרויסגעוויזן, אַז מיר זענען אייניק אין אַלע וויכטיקע אַקטועלע ענינים און פּראָבלעמען. ווען איך האָב אויף אַ דיסקרעטן אופן אָנגעהויבן צו סוגערירן די אידעע וועגן אַן אָרגאַניזירטע אָפּאָזיציע קעגן די שטעלונגען פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד און קעגן דער פּאָליטישער ליניע פון די „לעבענס־פראַגען", האָט מיר דער פּאָליטיש דערפאַרענער יאַנעק איבערגעשלאָגן די רייד און אַ זאָג געטאָן: „הער אויף, הערשל, צו גיין אַרום און אַרום. לייג אַרויס די קאָרטן אויפן טיש און לאָמיר הערן וואָס דו ווילסט און צו וואָס דו צילסט".

איך האָב יאַנעק־יאַנקעלעוויטשן אויפריכטיק געזאָגט: „איך האָב מורא פאַר אַן איבערחזרונג פון דער געשיכטע פון בונד אין רוסלאַנד. מען מוז באַצייטנס זאָרגן דערפאַר, אַז דער בונד אין פּוילן — די פּאַרטיי פון יידישן פּראָלעטאַריאַט — זאָל זיך געפינען אין די פאָדערשטע רייען פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע אין פּוילן, אין וועלכער מיר ביידע גלייבן אויפריכטיק, אַז זי וועט בקרוב אין פּוילן אויסברעכן. דער צענטראַל־קאָמיטעט און די ‚לעבענס־פראַגען' שטערן און טאָרמאָזירן די פּאָליטישע און רעוואָלוציאָנערע צוגרייטונגען פונעם יידישן אַרבעטער־קלאַס פאַר דער קומענדיקער רעוואָלוציע. ס'איז דעריבער נייטיק אַן אָרגאַניזירטע אָפּאָזיציע, וועמענס אויפגאַבע ס'וועט זיין שנעל און ראַדיקאַל צו ענדערן די געגעבענע איינ־שטעלונגען פון צ.ק.".

יאַנעק־יאַנקעלעוויטש האָט מיך רויק אויסגעהערט און געענטפערט מיט אַ קאַטעגאָרישן „ניין". קיין אָרגאַניזירטע אָפּאָזיציע איז נישט נייטיק. די וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע איז לינק געשטימט. דער צ.ק. האָט נישט קיין צו גרויסן איינפלוס אויפן רוב פון די וואַרשעווער פּאַרטיי־מיטגלידער. ס'טאָר נישט דערלאָזט ווערן קיין שום אינערלעכע פּאַרטיי־אָפּאָזיציע אַזוי לאַנג ווי די מיינסטע פירערס און

פירנדיקע חברים געפינען זיך אין די תּפיסות. וואָס שייך אַן אָרגאַניזירטן קאַמף קעגן די שטעלונגען פון צ.ק. אין אַ לאַנדמאַסשטאַב — קען וועגן דעם קיין רייד נישט זיין אַן דער באַטייליקונג פון די חברים חיים וואַסער, (מאיר) און עמנואל נאָוואָגרודסקי (ראובן), וועלכע געפינען זיך אין דער מאַדלינער פעסטונג. ער, יאַנעק, וועט דעריבער קאַטעגאָריש אַרויסטרעטן קעגן יעדן מין פון אַן אָרגאַניזירטער פּאַרטיי־אָפּאָזיציע אין וואַרשע.

ביים סוף פון מיין שמועס מיט יאַנעק־יאַנקעלעוויטשן איז אין דער דירה, וווּ דער שמועס איז פאָרגעקומען, אַריינגעקומען אַבע פלוג מיט נאָך עטלעכע חברים. יאַנעק האָט זיי איבערגעגעבן דעם אינהאַלט פונעם קעגנזייטיקן שמועס: מיין פּלאַן פון אַן אָרגאַניזירטער אָפּאָזיציע און זיין נעגאַטיוון ענטפער. די חברים זענען מסכּים געווען מיט יאַנעקן און אַבע האָט זיך אַריינגעלאָזט אין אַ וויכּוח מיט מיר און דערווידערט קעגן מיינע פּלענער.

ווען כ׳האָב זיך צוגעהערט צו אַבע פלוגס אופן פון אַרגומענטירן, האָב איך צו מיין איבעררעשונג באַמערקט, אַז אַבע טיילט זיך אויס פון אַלע ביז איצטיקע מיר באַקאַנטע אָנפירנדיקע אַרבעטער־טוערס פון בונד, אַז ער שטעלט מיט זיך פאָר אַ טיפּ פון אַ פּאַרטיי־פּאָליטיקער און דיפּלאָמאַט מיט אַ סך פעיקייט, טאַקט און דיפּלאָמאַטישן חן; אַז אַבע האָט אַ סך ענלעכקייטן צו יוזעפן, דעם אַלטן פירער פון בונד. איך האָב אָנגעהויבן צו באַגרייפן די סיבות פונעם רעספּעקט, וואָס אַבע האָט געוווּנען אין דער וואַרשעווער בונדישער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע.

נישט געקוקט אויף די ערנסטע מיינונג־פאַרשידנקייטן צווישן מיר און יאַנעק־יאַנקעלעוויטשן אַרום דעם ענין אָפּאָזיציע, האָט דאָס לחלוטין נישט געהאַט קיין ווירקונג אויף אונדזערע חברישע און אינטים־פערזענלעכע באַציִונגען. יאַנעק האָט מיר פאַרזיכערט, אַז ער וועט זיך דורכרעדן מיט די מיטגלידער פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט און איך וועל שוין קענען באַטייליקן זיך אין דער קומענדיקער זיצונג פונעם פּאַרטיי־קאָמיטעט.

יאַנעק האָט מיר אויך געגעבן אַ בריוול צו בערענשטיינען, דעם סעקרעטאַר און פאַרוואַלטער פונעם בונדישן פּאַרטייקלוב אויפן נאָמען פון דעם יונג־פאַרשטאַרבענעם בונדישן פירער בראָניסלאַוו גראָסער, אַז ער זאָל מיר אַרויסגעבן אַן איינטריט־קאַרטע אין גראָסער־קלוב.

איך האָב יאַנעקן מיטגעטיילט, אַז כ׳האָב געוויסע דאָקומענטן פאַרן שטאָב פון ס.ד.ק.פּ.ל. און אים געבעטן מיך צו פאַרבינדן מיט וועמען פון די פירערס פון דער דאָזיקער פּאַרטיי. יאַנעק האָט מיר צוגעזאָגט דעם ענין ווי צום שנעלסטן צו דערליידיקן.

נאָכן פאַרענדיקן דעם שמועס האָט יאַנעק זיך מיט מיר באַשטעלט ווידער צו טרעפן זונטיק פאַר מיטאָג אין דער דירה פון אַ געמיינזאַמער באַקאַנטער.

# אויפן דריטן טאָג

דעם ערשטן שבת נאָך מיין קומען קיין וואַרשע האָב איך פאַרבראַכט אינעם יידישן מעטאַל־פאַראיין, באַזוכט אַ רייע זיצונגען פון פאַך־קאָמיסיעס, בייגעווען אויף די פאַרזאַמלונגען, וואָס זענען אין דעם טאָג פאַרגעקומען אין לאָקאַל פון פאַראיין און זיך באַטייליקט אין דער באַראַטונג פון דער בונדישער פאַרטיי־גרופּע אין מעטאַל־פאַראיין. איך האָב זיך צוגעהערט צו די פאַרשיידענע רעדנערס אויף די זיצונגען און פאַרזאַמלונגען, געשטעלט פראַגעס און געזוכט וואָס מער אינ־פאָרמאַציעס, וואָס זאָלן מיר צו נוץ קומען אין מיין וויטערדיקער טעטיקייט.

אין אָוונט בין איך מיט אַבע פלוגן אַוועק אין גראָסער־קלוב. בערענשטיין האָט מיר געגעבן אַ געהעריקע איינטריט־לעגיטימאַציע און מיר, אַבע און איך, זענען דורך אַ זייטיקער טיר אומבאַמערקט אַריין אין גרויסן פאַרזאַמלונג־זאַל פונעם גראָסער־קלוב.

ווען מיר זענען אַריין אין זאַל, האָט ד״ר אַנאַ ברוידע, אַן אַלטע מיר גוט באַקאַנטע בונדישע סימפּאַטיקערין, געהאַלטן אין מיטן רעדן. איר טעמע איז געווען, דוכט זיך, וועגן סאָציאַלער מעדיצין. דער זאַל איז געווען שוואַך באַזעצט. נאָכן רעפעראַט האָב איך גענומען אַ וואָרט און אויסגענוצט געוויסע שפּאַלטן פון ד״ר ברוידעס רעפעראַט און אַריינגעשטופּט דאָרט מיין רעוואָלוציאָנערן באַגאַזש.

אינעם גראָסער־קלוב איז געווען איינגעפירט דער מאָדוס פון אומבאַגרענעצ־טער צייט פאַר דיסקוסיעס. אין פאַל ווען מען איז מיט אַ טעמע נישט פאַרטיק געוואָרן אין איין אָוונט, פלעגט געמאַכט ווערן אַ פאַרזעצונג, ביז די צאָל רעדנערס האָבן זיך אויסגעשעפּט. דאָס איז געווען אַ גוטער איינפיר, דאָס האָט געגעבן די מעגלעכקייט אַז אַ טעמע זאָל אַלזייטיק באַהאַנדלט ווערן.

גערעדט האָב איך אַ 25 מינוט. אַ שמועה איז מסתּמא דערגאַנגען צו די, וואָס האָבן זיך געפונען מחוץ פונעם פאַרזאַמלונג־זאַל, אַז איך געפין זיך צוריק אין וואַרשע און אָפּאָניר דעם רעפערענט. דער זאַל איז אין עטלעכע מינוט ממש איבער־געפּאַקט געוואָרן. ווען איך האָב געענדיקט, איז מיר געמאַכט געוואָרן אַ האַרציקע אָוואַציע. עמעצער פון די צוהערערס האָט געעפנט די פולע באַלייכטונג פון זאַל און צו מיר האָבן זיך געשטרעקט הענט פון באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע חברים. די רעפערענטין, אַ זייער קלוגער מענטש, האָט בחיפזון פאַרענדיקט איר שלוסוואָרט און געגעבן אַ מעגלעכקייט דעם פאַרזאַמלטן עולם זיך מיט מיר צו באַגריסן.

ווען אַבע פלוג און איך, באַגלייט פון אַ גרעסערע גרופּע חברים, האָבן פאַרלאָזן דעם זאַל און מיר זענען אַרויסגעקומען אין קאָרידאָר, איז פון קאַנצעלאַריע־צימער צו אונדז דערגאַנגען דאָס קול פון בערענשטיינען, דעם סעקרעטאַר פונעם גראָסער־קלוב: „דאָס פּעוול האָט צוגעקריגן אַ גרויס מויל״.

איך בין געבליבן שטיין, ווי אַ דובינע וואָלט מיר אַ זעץ געטאָן איבערן קאָפּ.

אָבער האָט זיך שנעל אָריענטירט צו וואָס פאַר אַ סקאַנדאַל ס׳קען דערגיין און מיט כּוח מיך אַראָפּגעשלעפּט פון די שטיגן. אין מיין מוח האָט אַ האַמער אומאויפהערלעך געקלאַפּט די ווערטער „דאָס פּעוול, דאָס פּעוול״...

# אַ דיאַלאָג

זונטיק פאַר מיטאָג, דעם פערטן טאָג פון מיין צוריקקער פון בערלין קיין וואַר־שע, האָב איך געהאַט מיין צווייטע באַגעגעניש מיט יאַנעק־יאַנקעלעוויטשן. דער צונויפטרעף איז שוין געווען פון אַן אַנדער כאַראַקטער. ס׳איז נישט געווען מער דער אינטים־אידילישער שמועס צווישן אַן עלטערן און אַ ייִנגערן חבר, וועלכע האָבן זיך נישט געזען אַ לענגערע צייט, נאָר אַ שאַרפער און הייסער פּאָליטישער דיספּוט.

יאַנעק־יאַנקעלעוויטש איז געווען שוין אינפאָרמירט וועגן פאַרלויף פונעם פריִערדיקן אָוונט. ער האָט אין דעם פרימאָרגן געהאַט אַ רוטינע פּאַרטייִשע געשעפט־באַראַטונג מיט אַ רייע חברים און זיי האָבן אים דערציילט וועגן אַלעם, וואָס ס׳איז אין דעם פאַרגאַנגענעם אָוונט פאָרגעקומען.

דעם צווייטן שמועס האָב איך אָנגעהויבן מיט אַן אַרטילעריע־באַראַזש פון באַשולדיקונגען און פאָרווורפן. כ׳האָב באַשולדיקט דעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד אין נאַכלעסיקייט, אַז נישט דער קאָמיטעט פירט מיט דער באַוועגונג, נאָר די באַוועגונג פירט אים, אַז עפּעס איז פויל אין דער וואַרשעווער פּאַרטיי־אָנפירונג, אויב אַ בערענשטיין, וועלכער האַלט דאָס שמן־זית פון בונד אין וואַרשע, די מיטגלידער פונעם פּאַרטייקלוב, פאַר פּעוול, קען שטיין בראָש פון אַזאַ וויכטיקער פּאַרטיי־אינסטיטוציע, ווי ס׳איז דער גראָסער־קלוב. כ׳האָב אויך יאַנעקן נישט געשאָנעוועט.

יאַנעק־יאַנקעלעוויטש איז די גאַנצע צייט פון מיין רעדן געזעסן רויִק און נישט רעאַגירט אויף מיין שטורמישן אַטאַק. ווען כ׳האָב זיך אַ ביסל באַרויִקט און גע־ענדיקט רעדן, האָט ער מיט ענגלישער פלעגמע אַ זאָג געטאָן: „אַז מען קען נישט אַריבער, מוז מען אַרונטער״.

מיך האָבן זיינע ווערטער אויפגעקאָכט: „וואָס הייסט דאָס? — האָב איך געשריגן — איז שוין דער וואַרשעווער קאָמיטעט פון בונד דערגאַנגען צו אַ מדרגה, אַז יעדער בערענשטיין איז א י ב ע ר אים, און די וואַרשעווער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע מוז זיין א ר ו נ ט ע ר ? !״.

אין מיין טאַקטלאָזיקייט האָב איך געשטורעמט קעגן יאַנעקן:

„דו ווייסט נאָך דערלעבן צו האָבן אַן אויפשטאַנד אין אייגענעם פּאַרטייקלוב.

דו האָסט, זעט אויס, פֿאַרגעסן דעם בונט און פּאָגראָם פֿון די פּרויען־קאָנסומענטן אין דער בונדישער אַרבעטער־קיך, וואָס איז אויסגעבראָכן צוליב דער אויפֿפֿירונג פֿון דער פּאַרוואַלטערין. וויפֿל האַרצווייטיק, בזיון, און טרערן האָט דער פּרויען־בונט געקאָסט יעדן איינעם פֿון אונדז. איך דאַרף דיר נישט דערציילן פֿאַר וואָס און וויפֿל מי ס׳האָט געקאָסט דאָס לאָזן מאַניע מייעראָוויטש ווי פּאַרוואַלטערין, און וואָס פֿאַר אַ פּרייז דער בונד האָט דערפֿאַר שיר נישט באַצאָלט אויף דער גרויסער פֿאַרזאַמלונג פֿון די דעלעגאַטן פֿון די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראיינען. איך קען דיר פֿאַרזיכערן, אַז אויב די מיטגלידער פֿונעם גראָסער־קלוב וועלן בערענשטיינען אָנגעמען ביים קאַרק און אַראָפּשליידערן פֿון אַלע שטיגן, וועל איך קיין קרעכץ נישט געבן און וועל אים נאָך שיקן די ברכה פֿון אַ שיינער ריינער כּפּרה. וואָס דעם בונד וועט אַזאַ געשיכטע קאָסטן — איז שוין אַן אַנדער ענין״.

יאַנעק־יאַנקעלעוויטש האָט מיט כּעס איבערגעשלאָגן מיין רעדן און אַ געשריי געטאָן:

„זעץ זיך אַוועק, צעפּלאָשעטער זשרעבאַק, און הער אויס רויִק און מיט קאָפּ, וואָס איך וועל דיר דערציילן. דאָס, וואָס איך וועל דיר זאָגן, נעם דיר גוט אין קאָפּ אַריין, אין קעגנפֿאַל וועסטו פֿריִער אָדער שפּעטער ברעכן האַלדז־און־נאַקן. פֿאַרגעס וועגן דעם, וואָס ס׳איז געווען מיט דריי יאָר צוריק. ס׳האָבן זיך געביטן די באַדינגונגען, די אַרבעטס־מעטאָדן און די אינערלעכע פּאַרטיי־פֿאַרהעלטענישן. דו וועסט מער נישט קענען שפּילן די ראָלע פֿון אַ בן־זקונימל. נישט די צייט, נישט דאָס געדולד, און נישט די פּאַרטיי־באַדערפֿענישן וועלן דאָס דערלויבן. קיין לערער פֿון דיין גרויס און שניט דאַרף דער וואַרשעווער קאָמיטעט פֿון בונד נישט האָבן. וואָס מיר דאַרפֿן איז טוערס, גוטע טוערס. איך האָב זיך געקליבן צו האָבן מיט דיר אַ שמועס אויף אַ מער רויִקן אופֿן. דיין אַטאַקע קעגן וואַרשעווער קאָמיטעט און קעגן מיר צווינגט מיך שוין איצט מיט דיר גרינטלעך זיך דורכצורעדן.

און איצט הער, הער זיך גוט צו, אָבער גוט!

דער בונד איז אין די לעצטע דריי יאָר שטאַרק אויסגעוואַקסן. זיין ווירקונג צווישן די ייִדישע אַרבעטער גרייכט איבער דער לענג און איבער דער ברייט פֿון די דייטשישע און עסטרייכישע אָקופּאַציעס. אין כּמעט אַלע שטעט און שטעטלעך אין פּוילן געפֿינען זיך בונדישע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס. מיר פֿאַרמאָגן אַ צאָלרייכע און אַ גוט־פֿונקציאָנירנדיקע יוגנט־אָרגאַניזאַציע „צוקונפֿט״. אין דער ייִדישער פּראָפֿ.־באַוועגונג זענען מיר די באַלעבאַטים. אין פֿאַל די ייִדישע פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראיינען וועלן צענטראַליזירט ווערן, וואָס מיר האָבן ביז איצט נאָך נישט באַוויזן צו דערגרייכן, וועט דער בונד זיך געפֿינען בראָש פֿון די צענטראַלעס. מיר האָבן אויסגעבויט אַ נעץ פֿון ווירטשאַפֿט־אינסטיטוציעס, קולטור־פֿאַראיינען און פּאַרטיי־קלובן. די „לעבענס־פֿראַגען״ זענען דער איינציקער פּעריאָדיש־סאָציאַליסטישער אָרגאַן אין ייִדיש מיט אַ באַדייטנדיקן קרייז לייענערס און מיט אַ גרויסער השפּעה

אויך אויסער די ראַמען פון דער פּאַרטיי. אין וואַרשע איז דער בונד דער מושל אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס.

אויך אונדזערע קעגנערס זענען אין די לעצטע עטלעכע יאָרן אויסגעוואַקסן. אָבער אַלע קעגנערס צוזאַמען זענען נאָך נישט דערגאַנגען צו אַ מדרגה, וואָס זאָל ערנסט באַדראָען די העגעמאָניע פון בונד אויף וועלכן ס'איז געביט פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

אויסגעוואַקסן זענען אין אַ געוויסער מאָס די פּועלי־ציון. די פּ. צ. האָבן אַן איינפלוס אין לאָדזש, לאָדזשער ראַיאָן, ראַדאָם, זאַגלעמביע. אין קעלץ און אין קעלצער ראַיאָן האָבן די פּועלי־ציון אונדז דיסטאַנטירט. אין וואַרשע פאַרמאָגן די פּ. צ. דעם קעלנער־פאַראיין, וואָס זיי האָבן געהאַט אונטער זייער השפעה נאָך אין די צאַרישע צייטן, און שפּליטערס פון פאַכן פון די גרויסע איינהייטלעכע בראַנזשע־פאַראיינען. אַריינגעריסן האָבן זיך די פּועלי־ציון אין געביט פון די האַנדלס־אָנגע־שטעלטע און געשאַפן אַ סעפּעראַטן פאַראיין פון געוויסע עלעמענטן פון האַנדלס־אָנגעשטעלטע אין די יידישע גאַסן. זיי האָבן אַ געוויסן דערפאָלג אויף דעם דאָזיקן געביט צוליב דער אַסימילאַטאָרישער פּאָליטיק פון דער ,סטאָוואַזשישעניע׳, וואָס געפינט זיך אונטער דער פּאָליטישער אָנפירונג פון ס.ד.ק.פּ.ל.

דער וווּקס פון די פּועלי־ציון איז פאַרבונדן מיטן וווּקס פונעם ציוניזם בכלל. וועט זיך דעם בונד איינגעבן אָפּצושטעלן די ווירקונג פון ציוניזם, וועט במילא אויך פאַלן דער איינפלוס פון די פּועלי־ציון אַפילו אין די ערטער ווו זיי האָבן געקריגן אַ שטיקל השפעה.

די ס.ס. פאַרמאָגן אין וואַרשע דעם פאַראיין פון די פליישער־אַרבעטער, און נאָך קלענערע שפּליטערס ווי די פּועלי־ציון אין די באַזונדערע פאַכן. אין לאַנד האָבן זיי אַ געוויסן איינפלוס אין טשענסטאָכאָוו. נאָך דער ס.ס. קאָן מען זאָגן רבנן־קדיש.

ס.ד.ק.פּ.ל., וואָס האָט געירשנט דעם יידישן סעקטאָר פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע, איז נומעריש קלענער ווי ס'איז געווען דער יידישער סעקטאָר פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע פאַרן אויסבראָך פון דער מלחמה.

צום באַדויערן האָט זיך דער יידישער ס.ד.ק.פּ.ל.־גרופּע איינגעגעבן צו באַ־הערשן דעם פאַראיין פון די טאַבאַק־אַרבעטער, מיט דער גרויסער טאַבאַק־פאַבריק פון פּאָליאַקעוויטש. אין גאַנג פון דיין ווייטערדיקער אַרבעט וועט דיר נאָך אויס־קומען זיך צו פאַרנעמען מיטן פאַרלוסט פונעם טאַבאַק־פאַראיין און צו מאַכן די געהעריקע אויספירונגען, פאַר וואָס מיר האָבן לעצטנס דעם פאַראיין פאַרלוירן. די לערע פונעם טאַבאַק־פאַראיין וועט דיר גוט צו נוץ קומען.

הגם ס.ד.ק.פּ.ל. איז אין דעם איצטיקן מאָמענט נישט קיין גרויסע געפאַר פאַרן בונד, צוליב איר אַסימילאַטאָרישער איינשטעלונג אין דער יידן־פראַגע, איז זי אָבער אַ פּאָטענציעלע געפאַר. די עסדעקעס שפּילן אויף דער דוטקע פון דער

אָקטאָבער־רעוואָלוציע. רעקלאַמירנדיק זיך — וואָס שייך דער פּוילישער אַרבעטער־גאַס — אויך מיט רעכט — ווי די איינציקע, וואָס טראָגט די פאָן פון סאָציאַלער רעוואָלוציע אין פּוילן, און ווי דער עקספּאָנענט פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד.

אויב דער בונד וועט נישט פעיִק זיין איבערצוציִיגן די ייִדישע אַרבעטער, אַז אין דער ייִדישער סביבה איז אונדזער פּאַרטיי דער איינציקער רעאַלער כּוח, וואָס איז באַרופן און פעיִק צו פאַרווירקלעכן די סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע באַפרייונג פון די ייִדישע אַרבעטער־מאַסן — דאַן איז ווירקלעך פאַראַן די געפאַר פון אַ וואַקסנדיקער השפּעה פון ס.ד.ק.פּ.ל. אין דער ייִדישער אַרבעטער־סביבה. די געפאַר וועט נאָך גרעסער ווערן ווען ס.ד.ק.פּ.ל. וועט זיך פאַראייניקן מיט פּ.פּ.ס.־לעוויצע אין אַן איינהייטלעכער רעוואָלוציאָנערער־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וועגן וואָס ס׳קומען שוין פאָר גאַנץ אינטענסיווע פאַרהאַנדלונגען.

דאָס, וואָס איך האָב דיר איצט, הערשל, דערציילט, איז די ליכטיקע זייט פון אונדזער פּאַרטיי־לעבן. פאַראַן אָבער אויך אַ שאָטנדיקע זייט. און וועגן דעם טאָקע וויל איך בעיקר מיט דיר רעדן".

און יאַנעק־יאַנקעלעוויטש האָט ממשיך געווען:

„די אַנטוויקלונג פון בונד אין די לעצטע דריי יאָר איז פאָרגעקומען אויף אַ נישט גלייכמאָסיקן אופן. אין דער צייט ווען די פּאָליטישע השפּעה פון בונד און דער אָרגאַניזאַציאָנעלער וווּקס אויף די פאַרשיידענע געביטן פונעם ייִדישן אַרבעטער־לעבן איז געגאַנגען מיט אַ ראַשיקן טעמפּאָ, האָט דער וווּקס פון קאַדרען נישט מיטגעמאַכט דעם שווּנג. דער וווּקס פון קאַדרען, קוואַליטאַטיוו און קוואַנטיטאַטיוו, איז אין פּראָפּאָרציע שטאַרק הינטערשטעליק לגבי די אָרגאַניזאַציאָנעלע באַדערפענישן. אויף אַלע שטופעס פון אונדזער באַוועגונג, פון אַן איינפאַכער פאַך־קאָמיסיע ביז צום צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד, פילט זיך דער מאַנגל פון מענטשן — אַ מאַנגל אין צאָל און אין קוואַליטעט.

זיכער איז אַ פאַרגעניגן פעסטצושטעלן, אַז מיר פאַרמאָגן אין וואַרשע אַ צאָל־רייכן שיינעם און אַרבעטס־פעיִקן אַקטיוו. אַ לאָקאַל, אין וועלכן ס׳קענען אַריין אַ צוויי טויזנט מענטשן וועט זיין צו קליין אַריינצונעמען אונדזער וואַרשעווער אַקטיוו פון פּאַרטייערס, סימפּאַטיקערס און אומפּאַרטייִשע שטיצערס פון בונד.

אַוודאי ווערט דאָס האַרץ אָנגעפילט מיט פרייד, ווען מען קוקט זיך צו צום לעבן און צו דער אַרבעט פון אונדזערע פאַרשיידענע אינסטיטוציעס, און ספּעציעל — פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, וואָס שפּרודלען מיט אַקטיווקייט און אין וועלכע ס׳איז אויפגעהאָדעוועט געוואָרן אַ צאָלרייכער אַקטיוו פון עלטערע און ייִנגערע פאַראיין־ און פאַכטוערס, צווישן זיי — אויך אַ צאָל פרויען.

נעם, למשל, דעם נאָדל־פאַראיין. דו געדענקסט דאָך די צרות, וואָס מיר האָבן געהאַט ביים שאַפן דעם דאָזיקן פאַראיין. מרדכי פייגמאַן איז געווען דער איינציקער,

וואָס האָט געהאַט אַ ביסל דערפאַרונג אין פּראָפאַרבעט. ווען דו וועסט היינט אַרויפ־קומען אין נאָדל־פאַראיין, וועסטו טרעפן אַ חברה פון גוטע און פעיִקע טוערס, וועלכע קענען פאַרשטעקן מרדכי שניידערן אין די פּראָפ. טעטיקייטן: מנחם ראָזענ־בוים, ראובן צוקערמאַן, זלמן ווילאַנד, שמעון, און נאָך אַ צאָל אַנדערע זענען אַ געווינס פאַר אַ פּראָפ. אָרגאַניזאַציע. ווי ס׳זעט אויס, קוואַליטאַטיוו און קוואַנטי־טאַטיוו, דער איצטיקער צוזאַמענשטעל פון דער פאַרוואַלטונג און דער אַקטיוו פון דיין אייגענעם מעטאַל־פאַראיין — דאַרף איך דיר שוין נישט דערציילן. און אַזוי איז אין אַלע פאַראיינען און אין די אַנדערע אינסטיטוציעס. די, וועלכע זענען געשטאַנען ביים וויגעלע פונעם אויפבוי פון אונדזער באַוועגונג נאָכן אַריינקום פון די דייטשן קיין וואַרשע, קענען באמת שטאָלץ זיין מיט די רעזולטאַטן.

דאָס ענדערט,ליידער, נישט דעם פאַקט, אַז אַנטשפּרעכנדיק צו די אָרגאַני־זאַציאָנעלע אויפגאַבעס פעלן טוערס. ווו דו וועסט זיך נאָר ווענדן, און אויף וועלכן געביט ס׳וועט דיר אויסקומען צו זיין טעטיק, וועסטו הערן דעם זעלבן געשריי: ס׳פעלן מענטשן צו דער אַרבעט. דאָס איז חל אויף אַן איינפאַכער פאַך־קאָמיסיע, און דאָס איז חל אפילו אויפן צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי.

אָבער גאָר שטאַרק איז דער מאַנגל פון טוערס אין דער דירעקטער פּאַרטיי־אַרבעט און אויפן געביט פון אונדזער קולטור־טעטיקייט. אויף די געביטן האָט די פּאַרטיי צו פאַרצייכענען אַ קנאַפן דערפאָלג אין צוקריגן פרישע טוערס.

נעם ווי אַ ביישפּיל דעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט. דער צוזאַמענשטעל פון קאָמיטעט, סיי פריִער, פאַר די אַרעסטן, און סיי איצט, באַשטייט פון חברים, וועלכע זענען, ווער לענגער ווער קירצער, געווען פאַרבונדן מיט דער בונדישער פּאַרטיי־אַרבעט אין די צייטן פונעם צאַריזם. די איינציקע דריי מיטגלידער פונעם פּאַרטיי־קאָמיטעט, וועלכע מען קען פאַררעכענען פאַר פריש־דערוואָרבענע, אַזעלכע וואָס מיר רופן „מלחמה־בונדיסטן", זענען אַבע פלוג, סאָניע טשעמעלינסקאַ און עמנואל נאָוואָגרודסקי. די ערשטע צוויי וועלן דיר די אויגן אויסדראַפּען, אויב דו וועסט זיי זאָגן אַז זיי זענען מלחמה־בונדיסטן. אַבע און סאָניע דערקלערן, אַז זיי זענען געווען פאַרבונדן מיט דער פּאַרטיי־אַרבעט נאָך לאַנג פאַרן אויסבראָך פון דער מלחמה. דער איינציקער וועגן וועמען מען קען אויף זיכער זאָגן, אַז די פּאַרטיי האָט אים געוווּנען ערשט נאָכן אַריינקום פון די דייטשן קיין וואַרשע, איז עמנואל נאָוואָגרודסקי.

כאָטש דער חבר עמנואל נאָוואָגראָדסקי איז פאַר דער מלחמה געווען אַ רעכטער מענשעוויק און אַן אַנטי־בונדיסט, איז ער היינט אַ גוטער בונדאָוויעץ. ווען עמנואל האָט אָנגעהויבן אַרבעטן ווי סעקרעטאַר ביי די בעקערס, האָבן מיר אים גוט געקוקט אויף די פינגער. אָבער אין פאַרלויף פון זיין אַרבעט איז פאַרשווּנדן יעדער ספק און יעדער חשד. עמנואל נאָוואָגראָדסקי איז אַ גוטער פּאַרטיי־טוער, אַ גוטער מאַסן־רעדנער מיט אַ חוש פאַר פּאָליטישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע ענינים און פאַר פּראַק־

טישער אַרבעט. ער איז אַ געווינס פאַר דער פאַרטיי און פאַרן וואַרשעווער פאַרטיי־קאָמיטעט, און האָט כּשר פאַרדינט זיין אָנפירנדיקע פּאָזיציע אין דער וואַרשעווער פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע.

אַז כ׳האָב דיר שוין, הערשל, דערציילט וועגן אים און וואָס ס׳איז דער חבר עמנואל נאָוואָגראָדסקי, וועל איך דיר לשם אינפאָרמאַציע אויך דערציילן, אַז מעדעם האָט דעם דאָזיקן חבר פיינט, ווי אַ פרומער ייִד האָט פיינט חזיר.

דו געדענקסט מסתמא, אַז צווישן מעדעמען און יוזעפן איז נישט געווען קיין שלום־בית. פאַר וואָס מעדעם האָט געהאַט אַ נישט פריינדלעכע באַציִונג צום ,אַלטן׳, און וואָס ס׳איז צווישן זיי אַ מאָל פאָרגעקומען — וועלן מיר איבערלאָזן פאַר דער געשיכטע. מעדעמס נעגאַטיווע באַציִונג צו יוזעפן ווי פאַרטיי־פירער האָט זיך פילפאַך פאַרשטאַרקט זינט דער וואַל־קאַמפּאַניע צום וואַרשעווער שטאָטראַט. ווי דו ווייסט, איז מעדעם געווען אַ שאַרפער קעגנער פון שליסן אַ בלאָק און גיין אויף איין וואַליסטע מיט פּ.פּ.ס.־לעוויצע. אָבער אין אַלע די יאָרן, וואָס איך האָב געאַרבעט מיט מעדעמען און יוזעפן, איז נישט געווען קיין איין פאַל מעדעם זאָל עפנטלעך יוזעפן פוגע־בכבוד זיין. דאַקעגן איז די באַציִונג פון מעדעמען צו עמנואל נאָוואָגרודסקין אַן אָפן פיינטלעכע און אַן אָפן פאַראַכטנדיקע. קענסט זיך, הערשל, פאַרשטעלן מעדעם זאָל לגבי אַ פאַרטיי־חבר זיך באַנוצן מיט אַזעלכע עפּיטעטן ווי: נפש, דאָס רויטע הענדל, דער זשוליק, דער בונדישער ממזר אדג״ל? אַזעלכע עפּיטעטן זשענירט זיך נישט חבר מעדעם צו באַנוצן אין באַצוג צום חבר עמנואל נאָוואָגרודסקי״.

„איז דאָס אפשר דערפאַר, וואָס דער חבר עמנואל איז אַ לינקער און אַ קעגנער פון חבר מעדעמס איינשטעלונגען צו די אַקטועלע ענינים?״ — האָב איך אַ פרעג געטאָן.

„ניין — איז געקומען אַ קאַטעגאָרישער ענטפער פון יאַנעק־יאַנקעלעוויטשן — די באַציִונג פון מעדעמען צו די לינקע איז אַ חברישע. קיינעם פון אונדז, נישט מאיר וואַסער, נישט יוסף באַסאַק, נישט אַבע פלוג, נישט איך, און נישט קיינער פון די לינק־געשטימטע חברים, קענען זיך נישט באַקלאָגן אויף חבר מעדעמס אַ שלעכטער פאַרטייִישער אָדער פּערזענלעכער באַציִונג. ווען אַווראַמל שטריקער האָט פון זיין שטעטל לאָשיץ זיך געהאַט אָראָפּגעכאַפּט קיין וואַרשע אויף עטלעכע טעג און זיך באַטייליקט אין אַ זיצונג פונעם פאַרטיי־קאָמיטעט, אויף וועלכער ער איז מיט דער גאַנצער פאַרע געפאַרן קעגן דעם מענשעוויזם פון פאַר דער מלחמה און קעגן דער ראָלע פון די מענשעוויקעס און פון רוסישן בונד אין באַצוג צו דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, און ער, אַווראַמל, האָט אין מעדעמס אַנוועזנדיקייט נישט געשאַנעוועט מעדעמס שטעלונגען אין דער פאַרטיי — האָט דאָס גאָרנישט געשטערט, אַז מעדעם זאָל צו זיך פאַרבעטן אַווראַמלען ווי אַ גאַסט און חבריש מיט אים פאַרברענגען און שפּעטער זאָגן וואַרעמע ווערטער אויף

אוורעמלס אַדרעס. די באַציִונגען פון חבר מעדעם צום חבר עמנואל נאָוואָגרודסקי איז אַן אויסנאַמלעכער פאַל״.

„איז די באַציִונג פון חבר מעדעם צום חבר עמנואל נישט קיין פּועל־יוצא פון מעדעמס סענסיטיוויטעט פאַר מאָראַלישע און עטישע אַספּעקטן: פּאַרטייִשע, געזעל־שאַפטלעכע, אָדער פּערזענלעכע?״ — האָב איך געפרעגט.

יאַנעק־יאַנקעלעוויטשעס ענטפער אויף מיין דירעקטער פראַגע איז געווען אַ דיפּלאָמאַטיש־אויסמיידנדיקער:

„אין דער אַרבעט וועסטו זיך טרעפן מיט מעדעמען און מיט עמנואלן און דו וועסט מאַכן דיינע אייגענע אויספירן. צו מיינע פּערזענלעכע בוזעמפריינד געהערט נישט עמנואל. ער איז אָבער, ווי כ׳האָב דיר שוין געזאָגט, אַ גוטער פּאַרטיי־טוער און אַ זייער נוצלעכער מענטש אין דער באַוועגונג, און דאָס באַשטימט מיין באַציִונג צו אים. דער אינטערעס פון דער פּאַרטיי און דער פּאַרנעם און ווערט פון אַ חברס אַרבעט פאַר דער באַוועגונג — דאָס איז די מאָס, מיט וועלכער איך מעסט אַ פּאַרטיי־חבר.

— איך האָב דיר, הערשל, גלייך ביים אָנהייב פון אונדזער שמועס געזאָגט — פריִער מיט כעס און איצטער זאָג איך עס דיר אויף אַ רויִקן אופן: די פּאַרהעלטעניש אין דער פּאַרטיי האָבן זיך געענדערט. מיר זענען נישט מער דאָס פּאַרמלחמהדיקע קלייזל, אין וועלכן חברים זענען געווען צווישן זיך פּערזענלעך געקניפּט און געבונדן. מיר זענען היינט אַ מאַסן־באַוועגונג, און דאָס האָט אַריינגעבראַכט ענדערונגען אויך אין אונדזער אינערלעך פּאַרטיי־לעבן״.

איך האָב יאַנעק־יאַנקעלעוויטשן איבערגעשלאָגן זיין רעדן און אַ שטאָך געטאָן:

„דו רעדסט דאָך שוין באַלד ווי אַ דייטשישער געוועזקשאַפט־באָנץ. און ווי עס זעט אויס פון דיינע רייד, יאַנעק, איז די פיינטלעכע באַציִונג פון חבר מעדעם צו דעם דורך דיר אַזוי געלויבטן חבר עמנואל נאָוואָגרודסקי נישט באַזירט אויף קיין אידעיִשע אָדער פּאָליטישע מאָטיוון. די אמתע סיבות און מאָטיוון פון מעדעמס האַנדלונג וויס איך פאַרלויפיק נישט, וועל איך שוין בעסער שטעלן אויף מעדעמס קאָרט, אַ געפיל האָב איך, אַז מעדעם איז אין זיין אויסנאַמלעכער האַנדלונג לגבי דעם חבר עמנואל נישט אין גאַנצן אומגערעכט״.

יאַנעק־יאַנקעלעוויטש האָט איגנאָרירט מיין שטאָך, אַז ער רעדט שיר נישט ווי אַ דייטשישער געוועזקשאַפט־באָנץ, און אויך נישט רעאַגירט אויף דעם, ווי איך פיל לגבי מעדעמס האַנדלונג אין באַצוג צו דעם פון אים געלויבטן חבר עמנואל — און פאַרגעזעצט זיין רעדן.

„בכּיוון האָב איך דיר, הערשל, גענויער דערציילט וועגן חבר עמנואל נאָוואָ־גרודסקי, פּאַקטיש דער איינציקער געווינס פונעם וואַרשעווער קאָמיטעט אין די לעצטע יאָרן, צוליב צוויי טעמים: ערשטנס, ווען דו וועסט זיך טרעפן מיט עמנואלן ביי וויטערדיקער פּאַרטיי־אַרבעט, זאָל ער נישט זיין פאַר דיר קיין פרעמדער.

צווייטנס, כּדי דורך דעם ענין עמנואל דיר קלאָרער מאַכן ווי שווער ס׳איז די לאַגע און די אַרבעט פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט. מיר ווערן פּשוט דערשטיקט מיט דער פּאַרטיי־אַרבעט צוליבן מאַנגל פון פּאַרלאָזלעכע פּאַרטיי־טוערס.

אויך די לאַגע אינעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי איז נישט קיין צו גוטע. אויך דאָרט איז אַ מאַנגל אין מענטשן, אין כּמות און איכות.

דער אַלגעמיינער ייִדישער אַרבעטער־בונד פון פּוילן, ליטע און רוסלאַנד האָט קיין מאָל נישט געהאַט קיין גרויס מזל צו דער פּויליש־ייִדישער אינטעליגענץ. די דאָזיקע אינטעליגענץ איז ענטוועדער אַסימילאַטאָריש, אָדער נאַציאָנאַליסטיש געשטימט. די אַסימילאַטאָריש־סאָציאַליסטישע עלעמענטן זענען געגאַנגען און גייען נאָך היינט אין די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און פאַרנעמען דאָרט אַ פּראָמינענטן פּלאַץ. אַזוי איז דאָס ביי פּ.פּ.ס.־לעוויצע און נאָך מער ביי ס.ד.ק.פּ.ל., אַפילו ביי די פּראַקעס פאַרנעמט די ייִדיש־פּוילישע אינטעליגענץ אַ גרויס אָרט. דער נאַציאָנאַליסטישער טייל פּילט אויס די רייען פון די כּל המינים ציוניסטישע גרופּירונגען. טראָץ דער גרויסער השפּעה פון י. ל. פּרץ אויף דער ייִדישער יוגנט אין פּוילן, איז דער שיכט ייִדישיסטיש־געשטימטע אינטעליגענץ אַ גאַנץ דינער.

דער העכערער קאָדער פון פירערס און וואָרטזאָגערס פון בונד האָט זיך רעקרו־טירט פון ליטע און ווייסרוסלאַנד מיט אַ צומיש פון אוקראַיִנע, אָבער נישט פון פּוילן. דעם איינציקן פון אַ פאַרנעם פירער פון בונד, וועלכער האָט געשטאַמט פון פּוילן, איז געווען דער יונג־פאַרשטאָרבענער בראָניסלאַוו גראָסער.

אויך די בונדישע אַרבעטער האָבן נישט געהאַט קיין מזל צום צענטראַל־קאָמיטעט פון זייער פּאַרטיי. אַן אַרבעטער האָט זעלטן פאַרנומען אַן אָרט אין צ.ק. אָדער אויף די שפּאַלטן פון די בונדישע אויסגאַבעס.

נאָכן אויסבראָך פון דער מלחמה, ווען ס׳איז געשאַפן געוואָרן דער ,פּוילישער קאָמיטעט׳, האָט זיך איבערגעחזרט די זעלבע געשיכטע. פון די פינף מיטגלידער, וועלכע האָבן צוזאַמענגעשטעלט דעם קאָמיטעט: יוזעף, דער קליינער לאַזאַר עפּ־שטיין, וויקטאָר שולמאַן, ראַניע (ראָזאַ לעוויט) און זדזשיסלאַוו מושקאַט, איז בלויז דער לעצטער אַן אָפּשטאַמיקער פון פּוילן. קיין איין אַרבעטער איז נישט אַריין אין צוזאַמענשטעל פונעם ,פּוילישן קאָמיטעט׳.

ראַניע און לאַזאַר עפּשטיין האָבן פאַרלאָזט וואַרשע ווינטער 1914–1915. נאָך דער באַפרייונג איז מעדעם אַריין אין באַשטאַנד פון ,פּוילישן קאָמיטעט׳. די פּאַרטיי־קאָנפערענץ אין לובלין האָט דעם זעלבן וואַרשעווער צוזאַמענשטעל מיט אַ צוגאָב פון חבר דוד מייער משנה־שם געוואָרן אויף ,צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד אין פּוילן׳.

פאַקטיש פאַרמאָגט אונדזער צ.ק. נישט מער ווי דריי חברים, וואָס זענען ראוי און מסוגל צו פאַרנעמען אַן אָרט אינעם צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד פון פּוילן: מעדעם, יוזעף, און וויקטאָר שולמאַן.

חבר מעדעם איז די איינציקע אויטאָריטעטע פּערזענלעכקייט, וואָס די פּאַרטיי

פאַרמאָגט. מעדעם איז אַן אַלזייטיק געבילדעטער מענטש, אַ געשולטער פּאָליטיקער מיט אַ פעסטן כאַראַקטער, מיט אויסגעשפּראָכענע אָנשויונגען און מיינונגען, ער ווייסט וואָס ער וויל און וויל וואָס ער ווייסט. מען קען זיין דער גרעסטער קעגנער פון מעדעמס מיינונגען און איינשטעלונגען, די אַמאָליקע און איצטיקע, אַלגעמיין־פּאָליטישע אָדער ספּעציפיש־ייִדישע, אָבער דרך־ארץ פאַר מעדעמען מוז מען האָבן. מעדעמס מאָראַלישער איינפלוס אויף דער פּאַרטיי, אויף דער פּאַרטיי ווי אַ גאַנצע און אויף יעדן יחיד, אויפן פּאַרטיי־טוער, ווי אויפן איינפאַכן פּאַרטיי־מיטגליד, איז זייער אַ גרויסער.

מעדעמס פּרעסטיזש גרייכט ווייט אַריבער די ראַמען פון אונדזער פּאַרטיי־לעבן. מיט רעספּעקט באַציט מען זיך צו אים אין די פירנדיקע קרייזן פון אַנדערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און אין אַלע ספערן פון דער ייִדישער געזעלשאַפט.

אין פּוילן איז מעדעם היינט דער גרעסטער אָראַטאָר אין ייִדיש. זיינע רעדעס זענען אַ שם־דבר. געדענקסט מעדעמס ערשטן עפנטלעכן אַרויסטריט מיט דריי יאָר צוריק אין קאַמינסקיס טעאַטער אויף דער טעמע ,די צוקונפט פון ייִדן און אַסי־מילאַציע׳ און זיין בסדרדיקן פּרעגן וויקטאָר שולמאַנען ,קאַק סקאַזאַט פּאַ יעווריים־קי׳? היינט פאַרמאָגט אונדזער מעדעם אַ רייכן און וווּנדערלעכן אוצר פון ייִדישע ווערטער. און נישט איין פּראָפעסיאָנעלער ייִדישער שרייבער מעג גיין זיך לערנען ביי מעדעמען רעדן און שרייבן ייִדיש. מעדעמס העברעיִשע ווערטלעך: אַ פּשיטא, מאי קא משמע לן, קל־וחומר און צענדליגער אַנדערע פינקלען מיט אַלע חנען פון זייער אידיאָמאַטישקייט.

מעדעמס זשורנאַליסטישע פעדער איז אַ וווּנדערלעכע. זיין אַרטיקל ,דאָס איז ציוניזם׳ איז אַ שעדעווער פון קעמפערישן זשורנאַליזם. זיין אַרטיקל אין דער ,לייפּציגער פאָלקסצייטונג׳ דער צענטראַל־אָרגאַן פון דער אומאָפּהענגיקער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין דייטשלאַנד ,שיידעמאַן, שיידעמאַן, וואָס גייען דיך די יודען אַן׳ האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם אין די געזעלשאַפטלעכע ספערן אין דייטש־לאַנד. זיינע אַרבעטן אין די דייטשישע זשורנאַלן האָבן אַ גרויסע ווירקונג אויף די ראַדיקאַלע און פּראָגרעסיווע קרייזן אין דייטשלאַנד.

אויך אין אויסלאַנד איז וולאַדימיר מעדעם די גרויסע פּערזענלעכקייט. ווען דער אַמעריקאַנער ,פאָלקסהילף־קאָמיטעט׳ האָט געשאַפן זיינס אַן עקספּאָזיטור פאַר קינדערהילף אין פּוילן, האָט ער מצד דעם בונד באַשטימט דעם חבר מעדעם. וואָס פאַר אַן אַרויספאָדערונגען ס׳זענען געקומען פון רוסלאַנד נאָך דער מאַרץ־רעוואָלוציע — ווייסטו גאַנץ גוט״.

„און וואָס איז — האָב איך יאַנעק־יאַנקעלעוויטשן איבערגעשלאָגן — מיט מעדעמס מענשעוויזם און אַנטי־סאָוועטיזם? מיט זיין פּאָליטישער ראָלע אין אונדזער פּאַרטיי און בנוגע דער קומענדיקער רעוואָלוציע אין פּוילן? דאָס רעכנסטו אויך פאַר מעלות? מיינסטו נישט, אַז טאַקע דערפאַר, וואָס מעדעם איז אַזאַ שטאַרקער

פּאָליטישער און אינטעלעקטועלער כּוח, וועלכער האָט נישט צו זיך קיין גלייכן אין דער פּאַרטיי, איז נייטיק אַ קאָלעקטיוו אָרגאַניזירטער קאַמף קעגן מעדעמען? אפשר וועסטו איצט צוגעבן, אַז מיין פּראָפּאָזיציע צו שאַפן אַ פּראָ־באָלשעוויסטישע און פּראָ־סאָוועטישע אָפּאָזיציע, וואָס זאָל קלאָר און אָפן זיך שטעלן אויף דער פּלאַט־פאָרמע פון דער גאַנצער מאַכט דעם אַרבעטנדיקן פאָלק דורך אַרבעטער־פּויערים־און סאָלדאַטן־ראַטן און דורך דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, איז אַ נויטווענדי־קייט פאַר אונדזער פּאַרטיי, וואָס איז און דאַרף ווייטער זיין דער פירער פונעם יידישן אַרבעטער־קלאַס אין פּוילן?"

„דו הייבסט, הערשל, ווידער אָן מיט דיין אידעע־פיקס פון אַן אָפּאָזיציע. מיר האָבן שוין וועגן דעם גערעדט און דו ווייסט די מאָטיוון פאַר וואָס איך און אַנדערע חברים זאָגן זיך איצט אַרויס קעגן דיינע פּלענער. ווי אַ צוגאָב וועל איך דיר געבן נאָך אַ מאָטיוו: אַן אָפּאָזיציע שוין איצט וועט מוזן אַריינגעמען אין איר באַגאַזש דעם קאַמף קעגן מעדעמען ווי פּאַרטיי־פירער און ווי הויפּט־רעדאַקטאָר פון די ,לעבנס־פראַגעןֿ. אויף דעם וועלן אונדזערע לינקע פּאַרטיי־מיטגלידער נישט מסכּים זיין.

דער בעסטערביישפּיל פון דער באַציִונג פון אונדזער לינקע חברים צו מעדע־מען איז פאַר מיר דער אַרויסטריט פון אַוורעמל שטריקער אויף דער זיצונג פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט, וועגן וואָס כ'האָב דיר שוין פריִער דערציילט. ווען איך וואָלט געווען אַ מאָלער, וואָלט איך אַוורעמלס אַרויסטריט געמאָלן אויף אַזאַ אופן: אין איין האַנט האַלט אַוורעמל אַ לאַנצעט פון אַן אָולאַנער, דעם שפּיץ געצילט דירעקט אין מעדעמס האַרץ, און די צווייטע האַנט האַלט ער אין אַ שטייפן מילי־טערישן סאַלוט פאַר מעדעמען".

„נישט קיין שלעכטער סוזשעט פאַר אַ מאָלער. מעגסט אים לאָזן פּאַטענטירן" — האָב איך מיט איראָניע אַ זאָג געטאָן צו יאַנעק־יאַנקעלעוויטשן.

„הער אויף בורטשען — האָט יאַנעק פאַרגעזעצט זיין רעדן — אַן מליצה, אין איינפאַכע ווערטער דאַרף מען אַזוי זאָגן: דיסקוטירן, און אַפילו שאַרף דיסקו־טירן, מיט מעדעמען — דאָס יאָ. אָננעמען באַשלוסן פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט, וואָס זענען מעדעמען נישט צום האַרצן — דאָס אויך. אָבער באַזייטיקן און אַפילו רעדוצירן מעדעמס פירנדיקע ראָלע, דערויף וועלן אַפילו די סאַמע לינקסטע חברים איצט נישט מסכּים זיין. וואָס די רעוואָלוציע אין פּוילן וועט דיקטירן — וועלן מיר דעמאָלט זען. פאָרלויפיק איז מעדעם די איינציקע גרויסע פּערזענלעכקייט אין דער פּאַרטיי.

יוזעף איז אַ געבוירענער צ.ק.ניק. זיין אָרט אין צענטראַל־קאָמיטעט פון אונ־דזער פּאַרטיי איז נישט צוליב זיין פּאַרטיי־פאַרגאַנגענהייט, כאָטש דער מאָמענט איז אויך אַ וויכטיקער, נאָר צוליב זיינע אייגנטימלעכע מעלות. יוזעף האָט אַ חוש פאַר פּאָליטישע פּראָבלעמען און גאָר ספּעציעל פאַר פּראַקטישע ענינים. ער איז

אַ גוטער פּאַרטיי־אַדמיניסטראַטאָר, ער ווייסט, ווי אַזוי צו פירן זיך אין אַ שווערער סיטואַציע און ער איז אויסגעצייכנט אין פאַרהאַנדלען מיט פּאַרטייִישע קעגנערס.

איך אַרבעט צוזאַמען מיט יוזעפן אַן ערך דריי יאָר. ס׳איז כמעט נישט געווען קיין טאָג כ׳זאָל זיך מיט אים נישט באַגעגענען ביי דער אַרבעט. איך קען יוזעפס חסרונות בעסער פון מעדעמען. איך קען אָבער אויך זיינע מעלות. דערפאַר בין איך נישט מסכים מיט מעדעמס נעגאַטיווער אָפּשאַצונג פון יוזעפן ווי אַ פּאַרטיי־פירער. קיין שום אָנפירונג פון אַ געזעלשאַפטלעכער באַוועגונג קען זיך נישט באַגיין אָן אַזאַ טיפ פירער און טוער, ווי ס׳איז דער ,אַלטער׳. יוזעף וואָלט פאַרנומען אַן אָרט אין דער צענטראַלער אָנפירונג פון יעדער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין לאַנד.

וועגן וויקטאָר שולמאַן דאַרף איך מיט דיר קיין סך נישט רעדן. פון אַלע אונדזערע פירנדיקע מענטשן ביסטו פערזענלעך צום נאָענטסטן מיט וויקטאָרן. דו קענסט זיינע קוואַליפיקאַציעס. דו ווייסט אויך, אַז ער פאַרמאָגט אַ פיינעם באַגאַזש פון וויסן, ייִדישן און סאָציאַליסטישן. פאַקטיש איז וויקטאָר שולמאַן דער איינציקער מיטגליד פונעם צענטראַל־קאָמיטעט, וואָס באַזיצט אַ גרויס ייִדיש וויסן.

חוץ דעם איז וויקטאָר שולמאַן געבליבן דער זעלבער האַרציקער חבר, וואָס ער איז אַלע מאָל געווען. פון וואַנען ס׳נעמט זיך צום דאָזיקן געבראָטענעם ליטוואַק אַזאַ וואַרעמקייט צו אַלץ און צו אַלעמען — איז אַן ענין, מיט וועלכן נישט מיר וועלן זיך פאַרנעמען. אויב ס׳וועט אַ מאָל זיך יאָווען אַ היסטאָריקער, וועלכער וועט זיך באַשעפטיקן מיט אונדזער בונדישער באַוועגונג און מיט אונדזערע פירערס און טוערס, וועט ער זיך מוזן אָפּשטעלן אויף וויקטאָרן ווי אויף אַן אייגנאַרטיקן טיפּ אין אונדזער היינטצייטיקער בונדישער באַוועגונג.

די צרה מיט שולמאַנען איז אָבער די, וואָס זינט די ,לעבנס־פּראָגען׳ איז געשאַפן געוואָרן, האָט ער זיך פאַרקאָפּעט אין דער טעכנישער רעדאַקציע־אַרבעט און זייער זעלטן קען מען אים אָוועקשלעפּן פון דער דאָזיקער טעטיקייט צו טאָן אַן אַנדער פּאַרטיי־אַרבעט.

דו ווייסט, הערשל, ס׳וואָלט כּדאַי געווען צו מאַכן אַ פאַרגלייך פון דעם, וואָס ס׳איז געמיינזאַם און אין וואָס ס׳באַשטייט דער אונטערשייד צווישן יוזעפן און וויקטאָרן, וואָס וואָלסטו וועגן דעם געזאָגט?"

איך האָב געענטפערט, אַז אויף איין פוס וואָלט איך דאָס אַזוי פאָרמולירט:

„יוזעף איז פעיִק צו געפינען אַן אויסוועג ווען אַ שווערע סיטואַציע איז אַ פאַקט, און ווייניקער פעיִק צו שאַפן די באַדינגונגען, אַז אַזאַ סיטואַציע זאָל נישט צו־שטאַנדקומען. דאַקעגן פאַר וויקטאָרן איז נישט גרינג צו געפינען אַן אויסוועג ווען ער באַגעגנט זיך מיט אַ שווערער סיטואַציע, דערפאַר איז ער אָבער פעיִק צו שאַפן פאַרבאַדינגונגען פאַר אַן אָנקומענדיקער שווערער סיטואַציע. ווי אַ ביישפּיל קען דינען זיך איינפאַל מיט די שילדלעך, וואָס האָט געשפּילט אַזאַ גרויסע ראָלע אין דער אַקציע ביים אָרגאַניזירן די פּראָפ־באַוועגונג נאָכן אַריינקום פון די דייטשן קיין וואַרשע".

יאַנעק־יאַנקעלעוויטש האָט מיר געמאַכט קאָמפּלימענטן פאַר מיין חוש פון אָבסערוואַציע און אַנאַליז, און איז צוריקגעגאַנגען צו זיין באַרירטער טעמע וועגן דער לאַגע פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד:

„ווי שוין געזאָגט זענען די דריי — מעדעם, יוזעף און שולמאַן — ראוי צו פאַרנעמען די פאַראַנטוואָרטלעכע אַמטן פון מיטגלידער פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד פון פוילן. צום באַדויערן קען מען דאָס נישט זאָגן וועגן די אַנדערע מיטגלידער פון צ.ק.

זדזשיסלאַוו מושקאַט איז נישט קיין פּאָליטיקער, נישט קיין שרייבער און נישט קיין אָרגאַניזאַטאָר. אין יידישע ענינים איז ער אַ גוי גמור, ער קען נישט רעדן קיין יידיש און קוים וואָס ער פאַרשטייט די יידישע שפּראַך. צווישן אונדז גערעדט, וויל גאָר מושקאַט נישט קענען דאָס יידישע לשון. ווען מען פאַרגלייכט די באַהאַוונטקייט אין יידישע פּראָבלעמען און די דערפאַרונג פון אַרבעט אין דער יידישער אַרבעטער־סביבה פון אונדזער מושקאַט מיט אַזעלכע גוייִשע־גויים ווי אַגראַדניטשעק (קרוליקאָווסקי) אָדער גזשעך (קאָוואַלסקי), דאַרפן די אמתע גויים קריגן סמיכות אויף רבנות.

פּערזענלעך איז מושקאַט אָן שום ספק איינער פון די סימפּאַטישסטע פיגורן אין אונדזער פּאַרטיי. אַ גלענצנדיקער רעפּרעזענטאַנט פון דער גראָסער־גרופּע אין דער ‚סטאָוואַזשישעניע׳. ער איז בכּוח צו זיין אַ גוטער אַמבאַסאַדאָר פון בונד אין די פאַרשיידענע קרייזן פון דער פּוילישער געזעלשאַפט. ער איז אָבער לחלוטין נישט צוגעפּאַסט צו פאַרנעמען אַן אָרט אינעם צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד, צו זיין אַ פירער פונעם יידישן אַרבעטער־קלאַס.

דוד מייער איז אַ גרויע פיגור מיט קנאַפּע פעיִקייטן און אָן אַ ברעקל איניציאַ־טיוו. זיינע קוואַליפיקאַציעס זענען העכסטנס ווי פון אַ דורכשניטלעכן מיטגליד פון אַ שטאָטישן קאָמיטעט. דוד מייער איז איצט דער סעקרעטאַר פונעם צענטראַל־קאָמיטעט. זיין אַרבעט אין צ.ק. באַשטייט פון רוטינע קאַנצעלאַריע־אַרבעט, וואָס עס קען טאָן יעדעס יינגל אָדער מיידל מיט עלעמענטאַרער בילדונג. כ׳וועל נישט זאָגן, אַז דוד מייער ברענגט שאָדן, אָבער קיין נוצן דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון אונדזער פּאַרטיי ברענגט ער אויך נישט.

אין דער ווירקלעכקייט איז דער צ.ק. מער אַ נאָמען ווי אַ פירנדיקע פּאַרטיי־אינסטאַנץ. ערשטנס, זענען די פּאָליטישע באַדינגונגען פון אַזאַ כאַראַקטער — צוויי אָקופּאַציעס, די דייטשישע און די עסטרייכישע — וואָס מאַכן שווער אַ געהעריקע צענטראַליזירטע פּאַרטיי־אָנפירונג. צווייטנס, צוליב מאַנגל פון מענטשן און פון אַ געהעריקן צוזאַמענשטעל, איז דער צ.ק. נישט אין שטאַנד אָנצופירן מיט אַ צענטראַ־ליזירטער פּאַרטיי־אַרבעט.

פּאַקטיש לעבט יעדע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע איר אייגן לעבן. צום גליק פאַר־מאָגט אונדזער פּאַרטיי אין די גרעסערע פּראָווינץ־צענטערס — לאָדזש, ראַדאָם,

לובלין, וולאָצלאַוועק, שעדלעץ און אין אַנדערע ערטער — גוט־אָרגאַניזירטע און גוט פונקציאָנירנדיקע לאָקאַלע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס. די אָרטיקע קאָמיטעטן גיבן אַכטונג, און ווען נייטיק — אויך הילף, די דערנעבן זיך געפינענדיקע קלענערע אָרגאַניזאַציעס.

די אמתע ראָלע פון אַ צענטראַלער פּאַרטיי־אָנפירונג שפּילט די ,לעבענס־פראַגען׳. דאָס איז פּאַקטיש דער אָרגאַן, וואָס האַלט אונדזער פּאַרטיי געבונדן אין אַן אידעיִשער, פּאָליטישער און אָרגאַניזאַציאָנעלער איינהייט.

דער דאָזיקער צושטאַנד קען נישט בלייבן אויף ווייטער. ס׳רוקן זיך אונטער גרויסע געשעענישן אין לאַנד. דער צ.ק. פון אונדזער פּאַרטיי וועט דעריבער מוזן ווי צום שנעלסטן רעאָרגאַניזירט ווערן אין דער ברייט און ווי וויט מעגלעך — אויך אין דער טיף.

פון וועמען? ווער זענען דאָס די חברים, וועלכע זאָלן מיט זיך פאָרשטעלן אַן אויסגעברייטערטן און אַ גוט־פונקציאָנירנדיקן צ.ק.?

דעם אמת געזאָגט, איז די פראַגע נישט גרינג צו פאַרענטפערן. נישט דער פריִערדיקער ,פוילישער קאָמיטעט׳ און נישט דער אויף דער לובלינער פּאַרטיי־קאָנפערענץ געוויילטער צענטראַל־קאָמיטעט האָבן געהאַט וועלכן ס׳איז דערפאָלג אין די רייען פון דער אינטעליגענץ. אין פאַרלויף פון די לעצטע דריי יאָר האָט די וואַרשעווער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע געוווּנען קוים דריי טוערס פון די דאָזיקע רייען: עמנואל נאָוואָגרודסקי, ש. לאַנדינסקי און דעם דענטיסט יוסף ליפשיץ, וועלכער איז פּאָפּולער אונטער דעם נאָמען יאַשקע ליפשיץ.

ווער און וואָס ס׳איז עמנואל נאָוואָגרודסקי האָב איך דיר שוין דערציילט.

ש. לאַנדינסקי איז אַ געוועזענער פּועלי־ציוניסט, אַ פּאָעט, אַ געוועזענער מיטאַרבעטער אין דער ייִדיש־בירגערלעכער פּרעסע. ער איז נישט קיין טיפּ פון קיין פּאָליטישן טוער. ער האָט זיך נוצלעך געמאַכט אין דער צייטונג און אין אונדזער קולטור־אַרבעט. זיין לידל געווידמעט די ,לעבענס־פראַגען׳:

לעבענס־פראַגען, שווערע פראַגן,
קומען מיר באַשיידן,
לאָמיר, חבר, דרייסטער וואַגן,
קאַמף באַפרייט פון ליידן —

איז געוואָרן אַ שלאַגער אין די פּאַרטיי־רייען און האָט לאַנדינסקין געמאַכט אַ גוטן נאָמען צווישן די פּאַרטיי־מיטגלידער איבערן לאַנד. אָבער זינט דער פּאָעט דוד איינהאָרן איז צוגעצויגן געוואָרן מיטצואַרבעטן אין די ,לעבענס־פראַגען׳, איז די מערכה פון לאַנדינסקין נישט קיין איבעריק גוטע. איינהאָרן ברענגט אים ממש די טריט. ער פאַרשרייט לאַנדינסקין פאַר אַ גראַפאָמאַן און לאָזט אים נישט אַרבעטן. מעדעם איז אין איינהאָרנען פּשוט פאַרליבט סיי ווי אַ פּאָעט און סיי ווי אַ שרייבער

און ער גיט אים נאָך די שמד. לאַנג וועט זיך שוין לאַנדינסקי ביי אונדז נישט האַלטן.

יאַשקע ליפשיץ איז אַ געווינס פאַר דער פּאַרטיי. אַ טיפּישער דערצויגלינג פון דער פּרץ־עפּאָכע, אַן אינטעליגענטער און קלוגער מענטש, האָט ער זיך שנעל אַקלימאַטיזירט אין אונדזער באַוועגונג. יאַשקע טוט זייער אַ גוטע אַרבעט ביי דער יוגנט, איז באַליבט ביי דער יוגנטלעכער חברה פון דער ,צוקונפט׳־אָרגאַניזאַציע און פאַרנעמט אין איר אַן אָנפירנדיק אָרט. פּאַרטייִישע פיינשמעקער וואַרפן פאַר יאַשקע ליפשיצן, אַז ער איז געקומען צום בונד נישט צוליבן בונדס סאָציאַליזם, נאָר צוליב דעם יידיש־נאַציאָנאַלן עלעמענט פון בונד. מיר זענען דאָך נישט קיין משגיחים, וואָס זאָלן זיך פאַרנעמען מיט בודק זיין יעדן איינעם, וועלכער קומט צו אונדזער באַוועגונג, צי ער האָט די אמתע תּכלת אין זיינע ציצית.

מיר פאַרמאָגן, אמת, אַ גרופּע אינטעליגענץ וואָס איז צו אונדז געקומען מיט דער גרופּע יוגנט נאָך זייער באַפרייונג אין 1915 פון דער לאָמזשער תּפיסה, צווישן וועלכע ס׳זענען פאַראַן באַגאַבטע און פעיקע מענטשן. זיי קענען אָבער נישט פאַר־רעכנט ווערן פאַר קיין ספּעציפישן געווינס פון דער פּאַרטיי אין די לעצטע דריי יאָר, ווייל נאָך פריִער, אין תּפיסה, זענען זיי אונטער דער ווירקונג פונעם ,זיידן׳ שאַפּיראָ און פונעם יוגנט־טוער שפינאַק געוואָרן בונדיסטן. אַ דאַנק דער דאָזיקער גרופּע איז אויפגעבויט געוואָרן די יוגנט־אָרגאַניזאַציע ,צוקונפט׳ און זיי זענען דאָרט פאַרטאָן אין דער אַרבעט מיט לייב און לעבן. אין קעגנזאַץ צו דער פּאַרטיי האָט גראָד די ,צוקונפט׳ יאָ געווונען אַ היפּש ביסל יוגנטלעכע אינטעליגענץ: שילערס, סטודענטן, האַנדלס־אָנגעשטעלטע און אויך אַ צאָל אינטעליגענטע יוגנטלעכע אַר־בעטער. די פּאַרטיי וועט נאָך האָבן אַ סך נחת פון אונדזערע יוגנטלעכע חברים, אָבער דאָס איז דערווייל ,צוקונפט׳ — צוקונפט־מוזיק.

אַ ביסל בעסער איז אויף דער פּראָווינץ. די פּראָווינצער אָרגאַניזאַציעס האָבן צוגעקריגן אַ צאָל אינטעליגענטע כּוחות, וועלכע שפּילן אַ ראָלע אין די אָרטיקע פּאַרטיי־טעטיקייטן. אָבער בדרך־כּלל האָבן מיר ביז איצט נישט געהאַט קיין גרויס מזל צו דער יידיש־פּוילישער אינטעליגענץ.

נישט איין מאָל כאַפּט מיך אָן אַ פאַרדראָס און איך פאַרגין פּשוט נישט די אַנדערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, ספּעציעל דער ס.ד.ק.פּ.ל., די שפּע פון אינטע־ליגענץ, בפרט פון יידישער אינטעליגענץ״.

„אָבער ווער זענען דאָס פאָרט דיינע קאַנדידאַטן פאַר נייע מיטגלידער פון צ.ק.?״

„קודם כּל — האָט יאַנעק־יאַנקעלעוויטש ממשיך געווען — וועט מען מוזן אַריינגעמען מענטשן פון דער פּראָווינץ. אין די פּראָווינצער אָרגאַניזאַציעס, ספּע־ציעל אין לאָדזש, געפינען זיך חברים פונעם עלטערן און אויך פונעם יינגערן דור, וועלכע זענען באַרופן צו פאַרנעמען אַן אָרט אין צ.ק. עטלעכע פון זיי וועט מען דאַרפן באַזעצן אין וואַרשע. אויך אַוורעמל שטריקער, אויב דאָס געזונט זיינס וועט נאָר דערלויבן, וועט מען דאַרפן נעמען אין חשבון.

פון די וואַרשעווער חברים זע איך פּאָר יוזשעק ראַטנערן פון דער יוגנט. יוזשעק איז אַן אַלזייטיק פּעיִקער מענטש. מ׳וועט אים מוזן צונעמען פון דער „צוקונפט׳ אַפילו מיט כּוח. מאַניעק אַזשעך, זיבערט און מאיר וואַסער קומען אין חשבון״.

„און, פאַרשטייט זיך, אויך דו״ — האָב איך באַמערקט.

יאַנעק־יאַנקעלעוויטש האָט איגנאָרירט מיין באַמערקונג און ווייטער גערעדט:

„אין חשבון קומען אויך עטלעכע וואַרשעווער חברים: יוסף באַסאַק, עמנואל נאָוואָ־גרודסקי, אַברהם ראַטשפּאַן און הענעך זאַמאָשטשער. צום באַדויערן האָט יעדער פון די אויסגערעכנטע חברים אַ שטיקל סירכא.

יוסף באַסאַק איז אַ גוטער פּאַרטיי־ און פּראָפ. טוער, אַ גוטער אָרגאַניזאַטאָר מיט אַ לאַגישן קאָפּ. אין באַנעמען פּאָליטישע אָדער אָרגאַניזאַציאָנעלע ענינים איז ער זיכער בעסער, ווי ס׳איז אַזאַ אינטעליגענט ווי דוד מייער. יוספס אָרט אינעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט און אין דער אָנפירונג פון דער וואַרשעווער יידישער פּראָפּ. באַוועגונג איז אַ געזיכערטער. אויף אַלע וואַל־פאַרזאַמלונגען, פּאַרטייישע און פּראָפפאַראייניִשע, ווערט ער געווײלט מיט אַ באַדייטנדיקער מערהייט. די צרה איז, וואָס מען איז אים חושד אין נישט זיין ערלעך ווי פאַרוואַלטער אין די ווירט־שאַפט־אינסטיטוציעס. קיין קאָנקרעטע באַשולדיקונגען קעגן יוספן האָט טאַקע נאָך קיינער נישט געמאַכט, אָבער מורמלערייען פון אַזאַ כאַראַקטער איז נישט קיין סמיכה צו פאַרנעמען אַן אָרט אין דער העכסטער אָנפירונג פון אונדזער פּאַרטיי.

עמנואל נאָוואָגרודסקיס קאַנדידאַטור צום צ.ק. וועט באַגעגענען דעם גרעסטן ווידערשטאַנד מצד מעדעמען. אַזאַ סאָרט קאַמף אין דער פּאַרטיי דאַרף פאַר יעדן פּרייז אויסגעמיטן ווערן.

אַברהם ראַטשפּאַן האָט זיך אין ראַדאָם אַרויסגעוויזן צו זיין אַן אויסגעצייכנטער טוער. ער פאַרמאָגט אויך אַ נישקשהדיק וויסן אין געזעלשאַפטלעכע און אין ליטע־ראַרישע ענינים. צי זיין וויסן איז היפּשלעך סימולירט, ווי אַ רייע חברים מיינען, אָדער באַשטייט פון ווירקלעכע קענטעניִשן — איז נישט וויכטיק. די צרה איז, וואָס די באַשולדיקונגען פון בנימין וואַלקער קעגן אים זענען נישט דעפיניטיוו דערליידיקט געוואָרן, און אַ באַלאַסט פון אַזעלכע באַשולדיקונגען, אַפילו ווען ס׳זאָל זיך אַרויסווייזן, אַז זיי זענען אַבסאָלוט נישט באַגרינדעט, איז נישט קיין סגולה צו פאַרנעמען אַן אָרט אין צ.ק. פון דער פּאַרטיי.

די געשיכטע הענעך זאַמאָשטשער איז דיר גוט באַקאַנט. די מלחמה־זאַווערוכע האָט הענעכן פאַרוואָרפן אין זשעלעכאָוו און ער האָט דאָרט געטאָן, נישט אָפיציעל, אַ וווּנדערלעך גוטע אַרבעט. איצט געפינט זיך הענעך אין זיין היימשטאָט זאַמאָשטש און טוט דאָרט, ווידער נישט אָפיציעל, גוטע פּאַרטיי־אַרבעט. ס׳איז שוין אַריבער אַנדערהאַלבן יאָר נאָך דער מאַרץ־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. הונדערטער פּראָוואָ־קאַטאָרן זענען דעמאַסקירט געוואָרן, דערונטער אויך אונדזער אייגענער נאָכעמזאָן.

די עוולה וואָס איז באַגאַנגען געוואָרן קעגן הענעכן, דאָס באַשולדיקן אים אין פּראָוואָקאַציע, איז שוין צייט אַז די פּאַרטיי זאָל זי פאַרריכטן.

נאָך די לעצטע גרויסע אַרעסטן האָב איך גערעדט מיט מעדעמען וועגן אַראָפּ־ברענגען עטלעכע חברים קיין וואַרשע: אַוורעמל שטריקער, הענעך זאַמאָשטשער, אַבֿרהם ראָטשפּאַן און אויך דיך. מעדעמס מיינונג איז געווען, אַז הענעכן קען מען נישט אַריינפירן אין דער פּאַרטיי דורך אַ הינטערטיר. אויף דער נאָענטסטער וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָנפערענץ וועט מען הענעכן דאַרפן איינלאַדן און דאַן וועט אויך זיין דאָס אָרט און די צייט צו רעדן וועגן זיין קאַנדידאַטור צום צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי.*

אַזוי זעט אויס די נישט־גינסטיקע לאַגע פון אונדזער צענטראַל־קאָמיטעט, און אַזוי זע איך די נויטווענדיקייט און די מעגלעכקייט פון זיין רעאָרגאַניזאַציע.

נאָך וועגן איין געביט פון אונדזער בונדישער פּאַרטיי־טעטיקייט, וועגן דעם קולטור־געביט, וועל איך מיט דיר רעדן, און מיר וועלן פאַרענדיקן אונדזער היינטיקן שמועס.

אויפן געביט פון קולטור־אַרבעט האָבן מיר נישט קיין איבעריקע הצלחה. אויף דעם געביט פעלן אונדז באַזונדערס אויס טוערס.

זיכער פירן מיר אַ קולטור־אַרבעט. מיר טוען דאָס דורך דער פּאַרטיי, דורכן גראָסער־קלוב, גראָסער־ביבליאָטעק און דורך די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. בעיקר דורך רעפעראַטן אויף פאַרשיידענע טעמעס און דורך אַרויסטרעטונגען אויף פאַרזאַמלונגען און מיטינגען. דאָס איז אָבער מער אַן אַגיטאַציע־ און פּראָפּאַגאַנדע־טעטיקייט, ווי אַ קולטור־אַרבעט אינעם ריכטיקן זין פונעם וואָרט.

אונדזערע פּראָיעקטן און פּלענער פאַר אַ ברייטער קולטור־טעטיקייט — שולן, קורסן, סעמינאַרן, אַ פאָלקס־אוניווערסיטעט, אַ פּאַרטיי־שולע, אַ טעאַרעטישן און אַ ליטעראַריש־וויסנשאַפטלעכן זשורנאַל, אַ כאָר, אַ טעאַטער־גרופּע אדג״ל — זענען זיסע חלומות, וואָס קענען נישט רעאַליזירט ווערן צוליב מאַנגל פון די נייטיקע טוערס. וואָס מיר האָפן אין קורצן צו רעאַליזירן, איז דאָס פאַרוואַנדלען די ,לעבענס־פראַגען׳ אין אַ טאָגצייטונג.

גראָד האָבן מיר יאָ חברים, וועלכע זענען צוגעפּאַסט זיך צו שטעלן בראָש פון אַ ברייטער קולטור־טעטיקייט: וויקטאָר שולמאַן, ישׂראל ליכטענשטיין און פּאַזנאַנסקי פון לאָדזש, און אין אַ נויט, וואָלט מען אַזאַ אַרבעט געקענט אָנפאַרטרויען אויך יאָשקע ליפשיצן. מ׳קען זיי אָבער נישט אַוועקנעמען פון די פּלעצער, ווו זיי זענען טעטיק, צוליב דער פּשוטער סיבה, וואָס מיר האָבן נישט מיט וועמען זיי צו פאַרבייטן. אַפילו ווען ס׳זאָל זיך אונדז איינגעבן וועמען פון די דערמאָנטע חברים

* סוף 1918 איז אין קיִעוו אַנטדעקט געוואָרן אַ טייל פונעם אַרכיוו פון דער וואַרשעווער אָכראַנע און הענעך זאַמאָשטשער איז דעמאַסקירט געוואָרן ווי אַן עקלהאַפטער פּראָוואָקאַטאָר.

אַוועקצושטעלן אין שפּיץ פון אַזאַ אַרבעט, וועט ער זיין הילפלאָז צוליבן מאַנגל פון אַ צוגעפּאַסטן געהילף־פּערסאָנאַל.

דאָס געביט פון אונדזער קולטור־טעטיקייט איז וויט הינטערשטעליק אין פאַרגלייך מיט וועלכן ס׳איז אַנדער געביט פון אונדזער באַוועגונג״.

און יאַנעק יאַנקעלעוויטש האָט נישט פאַרפעלט מיר אַ שטאָך צו טאָן: „צו לייזן דאָס פּראָבלעם פון אונדזער באַגרענעצטער טעטיקייט אויפן קולטור־געביט וועט אונדז דערוויייל נישט העלפן אַפילו דו מיט דיין געבראַכטן דייטשישן באַגאַזש. אַפּראָפּאָ בערענשטיין.

בערענשטיין איז געווען דער קאַנאָן, די ,גראָבע בערטע׳, מיט וועלכער דו האָסט האָסט היינט אַטאַקירט די פּאַרטיי־אָנפירונג פון וואַרשע און אויך מיך פּערזענלעך. די נאַרישע פּלוידעריי פון בערענשטיינען אויפן חשבון פון די חברים, וועלכע האָבן דיין נעכטיקע דרשה אַזוי וואַרעם אויפגענומען, דאָס אָנרופן זיי ,פּעוול׳, איז געווען די אַמוניציע, מיט וועלכער דו האָסט געשאָסן. און דו מיינסט אַוודאי, אַז דו האָסט אַנטדעקט אַ נייע אַמעריקע און דו ביסט אַ צווייטער קאָלומבוס. טאָ וויסן זאָלסטו, אַז וועגן בערענשטיינען וויסן מיר אַ טאָג לענגער פון דיר.

ליידער איז בערענשטיין נישט קיין אויסנאַם אין דער באַציִונג צו לינקס און במילא צו לינק־געשטימטע חברים. מיכלזאָן, וועמען דו קענסט נאָך איידער דו האָסט פאַרלאָזט וואַרשע, איז אַ סך מער אויסגעשפּראָכן. דער אונטערשייד צווישן די צוויי איז, וואָס בערענשטיין איז נישט קיין קליינער נאַר און נישט קיין גרויסער חכם, און אַן אינטעליגענט פון האָצעפּלאָץ. מיכלזאָן איז אַ פּאָליטיש־געשולטער, קלוגער און גרויסשטאָטישער מיט מאַניערן פון אַ לאַנגיאָריקן מיטגליד פון דער ,סטאָוואָזשישעניע׳, און זיין פיינטלעכע באַציִונג צו לינקס און זיינע גיפטיקע באַמערקונגען אויפן חשבון פון אונדזערע לינקע חברים קען ער איינוויקלען אין וואַטע. בכלל איז אונדזער רעכטער פליגל אין דער פּאַרטיי, אַפילו אין דער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע, אַ גאַנץ גרויסער. ס׳פעלן נישט קיין בערענשטיינס און קיין מיכלזאָנס.

וואָס אייגנטלעך זאָלן מיר מיט די בערענשטיינס און מיכלזאָנס טאָן? באַזייטיקן זיי פון דער פּאַרטיי פאַר נישט טאַקטישער באַציִונג צו לינק־געשטימטע חברים? און די באַציִונג פון אונדזערע לינק־געשטימטע חברים צו די רעכטע איז אַ וווּיל־געפּאַטשקעטער? און אפשר דאַרף מען אויך די לינקע פון דער פּאַרטיי באַזייטיקן פאַר נישט געהעריקער חברישער באַציִונג? אויב מיר זאָלן אויף דעם אופן האַנדלען, פאַר וואָס זאָלן מיר נישט אָנהייבן די פּראָצעדור מיט דיר גופא? דיינע צוויי אַרויס־טריטן, אין מעטאַל־פאַראיין און אין גראָסער־קלוב, זענען, אויף וויפל כ׳בין אינ־פאָרמירט, נישט געווען קיין מוסטער פון טאַקט און נישט געגלאַנצט מיט העפלעכ־קייט צו דער רעכטער זייט פון אונדזער באַוועגונג.

איך האָב דיר, הערשל, שוין אַ סך מאָל געזאָגט און איך חזר איבער נאָך אַ מאָל: מיר זענען נישט מער קיין קליניזל און מיר ווילן נישט זיין קיין סעקטע. אין אַ מאַסן־

באַוועגונג דאַרף מען נישט בלויז האָבן פּרינציפּן און האַנדלען לויט די פּרינציפּן, נאָר אויך קענען מאַנעווורירן — מאַנעווורירן אַפילו אין די אייגענע רייען. דערפאַר שאַץ איך אַזוי הויך יוזעפס מעלות. סיידן, ווען ס'האַנדלט זיך אין אַן ענין פון פאַרראַט, אָדער ווען ס'באַגייט ווער אַן אַקט פון אַנטי־פּראָלעטאַרישער אָדער אַנטי־פּאַרטיייִשער עטיק, דאַן איז נישטאָ קיין אַנדער ברירה ווי אָנצווענדן די נייטיקע און געהעריקע שטראָפמיטלען.

בערענשטיין דערפילט ווי געהעריק זיינע פונקציעס ווי סעקרעטאַר און פאַר־וואַלטער פונעם גראָסער־קלוב. קיין אַנדערן, וועלכער זאָל אים פאַרבייטן, האָבן מיר דערווייל נישט. אַזוי איז אויך מיט אַ מיכלזאָן און אַנדערע פון זייערס גלייכן. אין וואָס פאַר אַ פּאָליטישע באַדינגונגען מיר לעבן, אין וואָסערע אומשטענדן אונדזער פּאַרטיי קומט אויס צו ווירקן און צו אַרבעטן אין די גסיסה־וואָכן פון די דייטשישע און עסטרייכישע אָקופּאַציעס — ווייסטו שוין גאַנץ גוט. טאָ ווי אַנדערש זאָלן מיר אין די געגעבענע אומשטענדן האַנדלען מיט די בערענשטיינס און מיכלזאָנס?

מיר געפינען זיך פאַר גרויסע פּאָליטישע געשעענישן. מיר שטייען אויף דער שוועל פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע אין פּוילן, און ווער ווייסט, וואָס די רעוואָ־לוציע וועט מאַכן מיט די מענטשן פון אַ בערענשטיין־מיכלזאָן שניט, צי אין פייער פון דער רעוואָלוציע וועלן זיי נישט איבערגעשמאָלצן ווערן, און ווער פון די איצטיקע לינקע וועט זיך נישט צוריקציִען אויס פּחד פאַר דער רעוואָלוציע. וויפל מענשע־וויקעס און עסערן האָבן זיך באַטייליקט אין דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע און וויפל פון זיי געפינען זיך איצט ביים וואַרשטאַט פון אויפבוי פון דער סאָוועטישער מלוכה? — זייער צאָל איז אַ לעגיאָן און האַלט אין איין וואַקסן. אַ רעוואָלוציע האָט זיך איר אייגענע לאָגיק, און די אָקטאָבער־רעוואָלוציע איז אַ גוטער לערער.

הערשל, דיין היינטיקער היציקער אַרויסטריט מיט דער באָמבע בערענשטיין האָט דיר נישט אויסגעשטעלט קיין וואָזשנעם פּאָליטישן אַטעסטאַט. אַזאַ אופן פון רעאַקציע קעגן בערענשטיינס פּלוידעריי האָט געפּאַסט פאַר דיר מיט דריי יאָר צוריק, אָבער נישט פאַר דעם הערשל מעטאַלאָוויטש, וואָס איז צוריקגעקומען פון בערלין. פון דעם איצטיקן הערשלען דערוואַרטן מיר פּאָליטישע רייפקייט. און אויב דאָס, וואָס דו האָסט היינט רעפּרעזענטירט איז דאָס וועזנטלעכע וואָס דו שטעלסט מיט זיך פאַר, איז גלייכער זאָלסט שוין נעמען די מאַנאַטקעס און צוריקפאָרן פון וואַנען דו ביסט געקומען. איך קען אָבער מיינע פּאַפּענהיימער. דער ערשטער שמועס מיט דיר האָט אויף מיר איבערגעלאָזט אַן אָנגענעמען איינדרוק. אַ גוטן איינדרוק האָסטו אויך געמאַכט אויף די אַנדערע נאָענטע חברים, מיט וועלכע דו האָסט זיך ביז איצט געטראָפן. דיינע צוויי עפנטלעכע רעדעס האָבן אַ גוטן אָפּקלאַנג. לאָמיר פאַרגעסן דיין היינטיקע אַטאַקע אויף דער וואַרשעווער פּאַרטיי־פירונג און קעגן מיר.

די וואַרשעווער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע לייגט אויף דיר אַ סך האָפענונגען. פאַרזענלעך בין איך איבערצייגט, אַז די האָפענונגען זענען באַרעכטיקטע. פאַר מיר

איז דיין קומען קיין וואַרשע אַ שטיק ישועה. איך בין טויט מיד און וועל דיר נישט זשאַלעווען אַרויפצולייגן אַ שווער פעקל פון פּאַרטיי־אַרבעט אויף דיינע פּלייצעס. דאָס, וואָס מיר ביידע האָבן זיך היינט אַ ביסל צעווערטלט, איז נישט קיין אומגליק. איך קען דאָך דיך פון דיינע ערשטע קינדערשע שריט אויפן באָדן פון פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן. איך האָב צו דיר דעם פולסטן צוטרוי און איך צווייפל נישט, אַז דו וועסט זיין אַ גוטער טוער, אַז דיין קומען קיין וואַרשע איז לטובת אונדזער באַוועגונג".

יאַנעק־יאַנקעלעוויטש האָט זיך אויפגעשטעלט פון זיין זיצפּלאַץ, אָוועקגע־שטעלט זיך אין אַ פּאָזע פון אַ פּרעדיקער און מיט אַ ניגון פון אַ בעל דרשן רעצי־טירט: „הערשל מעטאַלאָוויעץ, גורט אָן דיינע לענדן מיט מוט און קוראַזש, און מיט אַ סך ישוב־הדעת, דער עיקר מיט ישוב־הדעת, און ברענג ישועות ונחמות דיין קלאַס און דיין פּאַרטיי, ווי ס'ווינטשט דיר דיין חבר און פריינד יאַנעק־יאַנקעלע־וויטש".

„אמן!"

אַ געמיינזאַמער הילכיקער „אמן" האָט פּאַרענדיקט יאַנעק־יאַנקעלעוויטשעס עטלעכע שעהדיקע לעקציע־רעדע, אָדער רעדע־לעקציע. אַ האַרציק־קוואַליק גע־לעכטער האָט אָפּגעהילכט אין דער וווינונג, אין וועלכער ס'איז פּאַרגעקומען מיין צווייטע באַגעגעניש און דער דיאַלאָג מיטן דרוקער־אַרבעטער, מיט עטלעכע חדשים שפּעטער פּאַרשטאַרבענעם, פּראַכטפולן יידישן אַרבעטער־פירער און לאַנגיאָריקן אָנפירנדיקן טוער פון בונד אין וואַרשע — מיין עלטערער חבר, לערער און האַרציק־אינטימער פריינד ביזן לעצטן טאָג פון זיין יונגן לעבן — יאַנעק־יאַנקעלעוויטש.

## אַ שטיין אין וועג

די טיפע איבערלעבענישן ביים באַריר אָנגעווייטיקטע אינטים־אינערלעכע פּאַרטיי־ענינים, האָבן יאַנעק־יאַנקעלעוויטשן שטאַרק אויסגעמאַטערט. מיר זענען געזעסן און געשוויגן, יעדער מיט זיינע טראַכטענישן. און וועגן וואָס צו טראַכטן האָט נישט געפעלט.

די ידיעות און אינפאָרמאַציעס, וואָס כ'האָב אָקערשט געקריגן וועגן פּאַרשיי־דענע ענינים און פּראָבלעמען: פונעם אַלגעמיין־פּאָליטישן און פונעם יידישן גע־זעלשאַפטלעכן לעבן, פונעם צושטאַנד אין סאָציאַליסטישן לאַגער אין פּוילן און פון די אַקטיוויטעטן פון דער פּאַרצווייגטער בונדישער באַוועגונג, וואָס אַ סך זענען מיר נישט געווען צום האַרצן. אַ רייע מיינונגען און איינשטעלונגען, ווי זיי זענען געקומען צום אויסדרוק דורך מיין עלטערן חבר — זענען מיר געווען דערווידער.

אַ טייל — אַפילו שאַקירנדיק. דער פאַרדאַכט, אַז יאַנעק־יאַנקעלעוויטש זאָל אין דער צייט פון מיין אַפּוועזנדיקייט האָבן איבערגענומען פון וויקטאָר שולמאַנען אַ היפּשן טייל פון יענעמס פּאָליטישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע תּורות — האָט געפּאָדערט אַן ערנסט און אַ גרינטלעך דורכטראַכטן.

שטאָף צום טראַכטן איז אויך געווען די אַטמאָספער און די באַציִונג פון יאַנעק־יאַנקעלעוויטש צו מיר בשעת דער צווייטער באַגעגעניש. דער דיאַלאָג איז געווען אַ האַרבער און אַ האַרטער, די מיינונגען — קלאָרע, די ווערטער — אַן פּודער און אָן שמינקע, די קעגנדיטיקע פּאָרוואָרפן — ווי דובינעס. ס'האָט געפעלט אַפילו אַ סימן פון פּראָטעקציאָניזם. צום ערשטן מאָל האָט יאַנעק־יאַנקעלעוויטש צו מיר גערעדט וועגן פּאָליטישע און אינערלעך־פּאַרטייִישע ענינים נישט פון דער פּאָזיציע פון אַן עלטערן חבר און לערער, נאָר ווי אַ גלייכער מיט אַ גלייכן און מיט רעספּעקט, און אין געוויסע ענינים אַפילו פאַרלאַנגט פון מיר מער קענטעניש און אַ בעסערע אָריענטאַציע, ווי די, וואָס ער האָט געהאַט: „דו קומסט דאָך עפּעס פון דער גרויסער וועלט און דו דאַרפסט דאָס בעסער וויסן און בעסער קענען פון מיר". די דאָזיקע אַטמאָספער און די געענדערטע באַציִונג צו מיר האָט נאַטירלעך געשמייכלט מיין אייגנליבע, אָבער געפּאָדערט חשבון.

און ס'איז פאַר מיר געווען קלאָר, אַז פון די רעזולטאַטן פון מיין דורכטראַכטן דאָס היפּשע בינטל פּראָבלעמען און ענינים, און פון די פּאָליטישע און פּראַקטישע אויספירן, וואָס איך וועל מאַכן, וועט זיין אָפּהענגיק מיין ווייטערדיקע טעטיקייט פון אַ סאָציאַליסטישן אַרבעטער־טוער אין פּוילן און פון אַ טוער אין בונד.

טראָץ דער פריילעכער פאַרענדיקונג פון מיין שמועס מיט יאַנעק־יאַנקעלע־וויטשן בעת אונדזער צווייטן צונויפטרעף, האָב איך נישט געקענט זיך באַפרייען פונעם געפיל, אַז עפּעס האָט אין דעם שמועס געפעלט, עפּעס איז נישט דערזאָגט געוואָרן, און אַז דאָס נישט דערזאָגטע האָט אַ דירעקטע שייכות מיט מיר און מיט מיין ווייטערדיקער בונדישער פּאַרטיי־אַרבעט. דער פאַקט, וואָס אין פאַרלויף פונעם שמועס, אין וועלכן ס'זענען באַרירט געוואָרן אַן אַ שיעור ענינים, האָט יאַנעק נישט דערמאָנט וועגן מיין צוריק אַריינגיין אינעם באַשטאַנד פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט, איז געווען פאַר מיר זייער אויפפאַלנדיק. וואָס מער כ'האָב וועגן דעם געטראַכט, אַלץ זיכערער בין איך געוואָרן, אַז מיין אינסטינקט נאַרט מיך נישט. איך האָב באַשלאָסן פאַר יעדן פּרייז געוואָר צו ווערן וועגן וואָס ס'האַנדלט זיך.

בשעת מיר האָבן קאָנסומירט דעם מיטאָג, מיט וועלכן די באַלעבאָסטע פון דער וווינונג, אין וועלכער ס'איז פאָרגעקומען מיין צווייטער צונויפטרעף מיט יאַנעק־יאַנקעלעוויטשן, האָט אונדז מכבד געווען, האָב איך אין אַ לייכטן טאָן אַ זאָג געטאָן צו מיין מיטעסער: „יאַנעק, פאַרזיכטיק, אַ שטיק לעקציע איז דיר געבליבן שטעקן אין גרגרת. שפּיי עס אויס, דו קענסט נאָך, חלילה, דערשטיקט ווערן. וואָס

איז דאָס אַזעלכעס, וואָס דו קענסט נישט, אָדער ווילסט מיר נישט זאָגן? איך וויל דיך נישט האַלטן פאַר קיין פּחדן. שיס, אַפילו מיט דום־דום־קוילן".

יאַנעק־יאַנקעלעוויטש האָט מיך שאַרף אָנגעקוקט און בייז אַ בורטשע געטאָן: „ביסט קליגער ווי פּרימער". אַ ווײַלע שפּעטער, שוין אין אַ גוטמוטיקן טאָן, האָט ער צו מיר געזאָגט: „דייטשלאַנד, זעט אויס, האָט פאַרט געמאַכט פון דיר אַ שטיקל מענטש. פון וואַנען אָבער ווייסטו, אַז איך האָב פאַרפעלט דיר עפּעס צו זאָגן אָדער באַהאַלט עפּעס אויס פון דיר?"

„דאָס וואָלט פאַרשטאַנען אַפילו אַ הערשל פון פאַר דריי יאָר צוריק און נישט אַ הערשל מעטאַלאָוויעץ מיט זיין אָנגעשטאָפּטן דייטשישן באַגאַזש" — האָב איך טראָציק צוריקגעענטפערט, פאַראַפּראַזירנדיק יאַנעקס אַ פראַזע, וואָס ער האָט געברויכט קעגן מיר.

יאַנעק־יאַנקעלעוויטש האָט זיך צעלאַכט: „לאָמיר, הערשל, רויִק אָפּעסן און הנאה האָבן פון דער באַלעבאָסטעס מאכלים און שפּעטער וועלן מיר וועגן דעם שמועסן".

ווען מיר האָבן פאַרענדיקט דעם מאָלצייט, האָט יאַנעק־יאַנקעלעוויטש ווידער אָנגעהויבן רעדן:

„דו האָסט מיך, הערשל, געפּאַקט. איך האָב טאַקע נאָך געהאַט מיט דיר וועגן וואָס צו רעדן. איך האָב דאָס נישט געטאָן, מחמת כ'האָב געוואָלט זען דעם עפעקט, וואָס מיין שמועס מיט דיר וועט האָבן אויף אונדז ביידן. היות מיין איינדרוק פון דעם היינטיקן שמועס איז טראָץ אַלעם אַ גוטער, וועל איך דיר פאַר אַ קאָמפּאָט געבן צוויי פּילן, איינע אַ זיסע און די צווייטע — אַ ביסל אַ ביטערע.

איך האָב זיך נעכטן געטראָפן מיט די עסדעקעס, געהאַט מיט זיי צו דערליידיקן עטלעכע ענינים, דערונטער אויך די קאָרעספּאָנדענץ מיט די חברים אין דער מאָדלינער פעסטונג. ס.ד.ק.פּ.ל. האָט אַ גוטע פאַרבינדונג מיט דער פעסטונג און דורך זיי גייט דער גרעסטער טייל פון דער בונדישער קאָרעספּאָנדענץ, אַהין און צוריק. ביים שרייבן דאַרפן די חברים אין מאָדלין און מיר אויף דער פריי זיך גוט אָנשטרענגען, אַז דאָס געשריבענע זאָל נישט לייכט דעשיפרירט ווערן. די הויפּט־געפאַר איז נאַטירלעך, אַז די „גריפסן" זאָלן נישט אַריינפאַלן אין די הענט פון די דייטשישע באַאַמטע, אָבער אויך די עסדעקעס דאַרפן עס נישט קענען לייכט לייענען. די אָנגענומענע עטיק איז, אַז קיין שום בריוו טאָר נישט דורך דעם איבערשיקער געלייענט ווערן. אָבער קיין מלאכים און קיין צדיקים זענען נישט אונדזערע עסדע־קעס, און דער חשק צו וויסן וואָס ס'טוט זיך אין קעגנערס פּאַרטיי־טעפּל איז אַ געוווינטלעכער גרויסער. ווען ס'פאַלט אַריין צו אונדז קאָרעספּאָנדענץ וואָס געהערט צו ס.ד.ק.פּ.ל. אָדער צו פּ.פּ.ס.־לעוויצע, באַגייען מיר די זעלבע זינד.

צווישן די חברים, וואָס כ'האָב געטראָפן אויף דער ‚יאַוועקע', זענען געווען אויך דיין לובטשע זאָשקאָ אונשליכט און דיין פּזשיאַטשעל סטאַך זאַטאָרסקי. זיי האָבן

שוין געוווּסט וועגן דיין צוריקקומען קיין וואַרשע און זענען אויך שוין געווען אינפאָרמירט וועגן דיין אַרויסטריט אין מעטאַל־פאַראיין. זאָשקע און סטאַך האָבן זיך וועגן דיר אַ סך נאָכגעפרעגט און דיך געלאָזט גרוסן. געוווּנדערט האָט מיך פון וואַנען זיי וויסן וועגן דיינע אָפּאָזיציע־פּלענער.

זאָשקאַ אונשליכט האָט מיך געהאַלטן אין איין יאָדען און אַריינגעזאָגט אין דער גאַל אַריין: ,אייער הערשל האָט זיך צעבריקעט. ער רעדט רעוואָלוציאָנערע עזות־קייטן אויף אייערע פאַרזאַמלונגען. דער חברה־מאַן האָט פאַרזוכט דעם טעם פון ,ספּאַרטאַקוס־בונד' און ס'וועט אים שוין נישט שמעקן אייער בונדישער קרופּניק. אויב אייער הערשל האָט אין דייטשלאַנד פאַרלוירן כאָטש אַ ביסל פון זיין שינאה צו ס.ד.ק.פּ.ל., וועלן מיר אים האָבן פאַר אַ גאַסט, און אויב ער האָט נאָך אַלץ פיינט די אַסימילאַטאָרישע עסדעקעס, וועט ער זיכער קומען צו אונדז ווען די נייע פּאַרטיי וועט געשאַפן ווערן.

זאָשקע האָט דיר געמאַכט דעם גרעסטן קאָמפּלימענט, וואָס זי איז בכוח צו געבן אַ בונדיסט: ,איך האָב אַלע מאָל געוווּסט, אַז אייער הערשל מעטאַלאָוויעץ וועט אויסוואַקסן אַ גוטער סאָציאַליסט'".

„און וואָס האָסטו, יאַנעק, געזאָגט צו דעם אַלעם?" — האָב איך לאַכנדיק געפרעגט.

„כ'בין איר נישט געבליבן שולדיק קיין ענטפער. כ'האָב זאָשקען געזאָגט, זי זאָל זיך נייען אַ גרויסן בייטל. הערשל מעטאַלאָוויעץ איז טאַקע צוריקגעקומען אַ פאַרברענטער ספּאַרטאַקיסט, אָבער מיט מער וויסן אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע און מיט מער קלאָרקייט וועגן די נאַציאָנאַלע און קולטורעלע באַדערפענישן פון די ייִדישע אַרבעטער. און ווי אַ מוסטער נעמט ער די אָקטאָבער־רעוואָלוציע. אַסימי־לאַציע און אַסימילאַטאָרן האָט הערשל ערשט רעכט איצט פיינט.

אויב די געשאַפענע נייע פּאַרטיי, וועמענס פּלאַטפאָרמע ס'וועט זיכער זיין אַ רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישע, וועט אויך געבן אַ ריכטיקן ענטפער אויף דער ייִדן־פראַגע, וועט מען קענען שטעלן אויפן טאָג־אָרדענונג די פראַגע פון פאַראיי־ניקונג. אָבער אין אייך, עסדעקעס, איז עס בעיקר געווענדט, אַז אַזאַ פאַראייניקונג זאָל פאַרווירקלעכט ווערן. יאָגט אייך נישט נאָך קיין איינצלנעם הערשל אָדער משה, און זוכט נישט צו געווינען אַן איינצלנע בונדישע פלאַצוווקע. זעט בעסער צו שאַפן די באַדינגונגען, אַז די ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג זאָל קענען זיין אַ געהעריקער אָרגאַניזאַציאָנעלער טייל פון דער אַלגעמיינער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין לאַנד".

„בראַוואָ! יאַנעק! דו האָסט מיין פּאָזיציע פאַר זאָשקען בעסער פאַרטיידיקט ווי איך וואָלט עס געטאָן" — האָב איך מיין חבר קאָמפּלימענטירט.

און יאַנעק־יאַנקעלעוויטש האָט ממשיך געווען:

„זאָשקאַ אונשליכט האָט מיך געפרעגט, צי זי קען זיך מיט דיר טרעפן און

צי מיר וועלן דיר דאָס דערלויבן. זי וויל ביי דיר קריגן אינפאָרמאַציעס וועגן דער לאַגע אין דייטשלאַנד. איך האָב זאָשקען געענטפערט, אַז מיר פּאַרווערן נישט קיינעם פון אונדזערע חברים צו האָבן פּריוואַטע שמועסן מיט וועמען זיי ווילן. אויב הערשל מעטאַלאָוויעץ וועט וועלן, קענט איר זיך מיט אים טרעפן.

אויך סטאַך זאַטאָרסקי האָט זייער וואַרעם וועגן דיר גערעדט. שטאַרק געלויבט דיין אַרבעט אין פּרץ־פאַראיין אין בערלין און דיין פּערזענלעכע באַציִונג צו אים, ווען ער איז געקומען קיין בערלין פון האָוועלבערגער קאָנצענטראַציע־לאַגער. זאַטאָרסקי האָט מיר אויך דערציילט, אַז ער איז געווען אַקטיוו ביים אַריינפירן דיך אין פּאָליטישן סאַלאָן פון די ליכטענבוימס און דיך דאָרט באַקאַנט מיט אַ רייע ס.ד.ק.פּ.ל.־טוערס, און אויך מיט קאַרסקין (מאַרכלעווסקי).

זאַטאָרסקי האָט מיך געפרעגט, צי דער בונד וועט דיר דערלויבן צו האַלטן אַ רעפעראַט אין ,וויעדזאַ׳, וואָס איז אַריבער צו ס.ד.ק.פּ.ל. נאָך דער שפּאַלטונג אין פּ.פּ.ס.־לעוויצע אין 1915–16. איך האָב אים געענטפערט, אַז אויב אַזאַ ווענדונג וועט געמאַכט ווערן אָפיציעל צום וואַרשעווער קאָמיטעט פון בונד, וועלן מיר וואָרשיינלעך הערשלען אַזאַ דערלויבעניש געבן, און זאַטאָרסקי האָט אויפן אָרט געמאַכט אַן אָפיציעלע ווענדונג וועגן דיינס אַ רעפעראַט.

איך וועל זיך אָבער דריי מאָל איבערלייגן, צי דער קאָמיטעט זאָל דיר געבן אַ דערלויבעניש צו רעדן אין ,וויעדזאַ׳. כ׳האָב מורא פאַר אַן עין־הרע — האָט יאַנעק געלאַכט — די פּאַניענקעלעך פון ,וויעדזאַ׳, מיינסטנס שילערינס און באַלע־באַטישע טעכטערלעך, זענען איינע שענער ווי די אַנדערע. אַ חוה קען דיך אויסכאַפּן — און הערשל איז קאַפּוט. לאָמיר נישט מאַכן קיין טעות, קיין חוה וועט דיך דאָרטן נישט אויסכאַפּן. אין ,וויעדזאַ׳ וועסטו קיין חוה נישט געפינען אויף קיין רפואה. דאָרט זענען פאַראַן עוועס, יאַדזשעס, זאָשקעס, בראָנקעס, סטעפעס, מאַרטעס, בער־טעס, מאַרילעס און ענלעכע נעמען פון יידישע טעכטער. ווי דעם בונדיסט, וואָס פאַלט אַריין אין זייערע הענטלעך. און איך וויל נישט, אַז דער בונד זאָל דיך פאַרלירן צוליב אַ סטאַשע אָדער אַ פראַניע״ — האָט יאַנעק־יאַנקעלעוויטש געשפּאַסט.

איך האָב יאַנעק־יאַנקעלעוויטשן באַרויִקט: „האָסט נישט וואָס מורא צו האָבן. דער פּאַרטיי־קאָמיטעט קען מיט אַ רויִק געוויסן מיר געבן זיין דערלויבעניש צו גיין רעדן אין דער ,וויעדזאַ׳. וואָס פאַר אַ מציאה וועלן די זאָשקעס און סטעפעס אין מיר כאַפּן? אַ הערשל, אַן איינפאַכן הערשל. אַ געפאַר קען גיכער זיין פאַר די יאַנעקס, יוזעפס, זדזשיסלאַוס, מאַניעקס, וויקטאָרס און זייער גלייכן, (אַן אַלוזיע צו די פאַרגוייִשטע נעמען פון די בונדישע פירערס), אָבער פאַר אַ הערשל?

און איצט, יאַנעק, ווען דו האָסט מיר געבערענגט אַזוי פיל בשורות־טובות און גרוסן פון אַלטע באַקאַנטע און געגעבן מיר די האָפענונג, אַז כ׳וועל האָבן די ערע צו רעדן פאַר די פּאַניענקעלעך פון ,וויעדזאַ׳, אַז די מאַרילעס און די יוסטינעס וואַרטן שוין אויף מיר מיט אָפענע מיילעכלעך צו שרייען בראַוואָ און מיט שיינע

הענטלעך צום אַפּלאָדירן — איז שוין צייט דו זאָלסט מיר דערלאַנגען די ביטערע פּיל אַראָפּצושלינגען״.

„הערשל, דיין צוריק אַריינגיין אינעם װאַרשעװער פּאַרטיי־קאָמיטעט האָט באַגעגנט שװעריקייטן. חבר מעדעם זאָגט זיך אַרויס קעגן דיין אַריינגיין״.

די ידיעה האָט מיך שטאַרק געטראָפן. איך האָב שאַרף אַ זאָג געטאָן: „רעד, יאַנעק, פֿאַר װאָס איז חבר מעדעם קעגן, און װעגן װאָס האַנדלט זיך עס ?״

„אין די לעצטע צװיי טעג — האָט יאַנעק־יאַנקעלעװיטש ממשיך געװען — האָב איך גערעדט כּמעט מיט יעדן מיטגליד פֿונעם װאַרשעװער קאָמיטעט, און אַלע אָן אויסנאַם זענען געװען פֿאַר דעם, אַז דו זאָלסט װערן פֿאַרבעטן צו דער נאָענטסטער זיצונג און פֿאַרנעמען דיין אָרט אינעם פּאַרטיי־קאָמיטעט. אַפֿילו ליטװאַק דער דרוקער, דער רעכטסטער אין קאָמיטעט, װעלכער קען דיך זייער װייניק פֿון דיין פֿריִערדיקער טעטיקייט, האָט געהאַלטן, אַז מען דאַרף דיך איינלאַדן און דו דאַרפֿסט פֿאַרנעמען דיין אָרט. אָן אויסנאַם איז געװען חבר מעדעם. װען כ׳האָב מעדעמען אינפֿאָרמירט, אַז איך קליַיב זיך איינצולאַדן הערשל מעטאַלאָװיעץ װי אַ פֿול־באַרעכטיקטן מיטגליד פֿונעם װאַרשעװער פּאַרטיי־קאָמיטעט, האָט מעדעם אומ־צופֿרידן געענטפֿערט: ,חבר יאַנעק, ס׳פֿעלן אייך, װייזט אויס, באַלשעװיקעס אינעם פּאַרטיי־קאָמיטעט׳?

דאָס קוריאָזע דערביי איז, װאָס װען כ׳האָב עטװאָס שפּעטער, כּלומרשט אין דיין נאָמען געזאָגט מעדעמען, אַז דו קלייבסט זיך אים אָפּצושטאַטן אַ װיזיט, האָט חבר מעדעם אויף דעם פֿריינדלעכסטן אופֿן געענטפֿערט: ,אַדרבא, איך װעל אים גערן אויפֿנעמען. אַ היציקער, אָבער אַ װוילער בחור איז ער דאָך תּמיד געװען. ער ברענגט זיכער אינטערעסאַנטע נייעס פֿון דייטשלאַנד. זאָגט דעם חבר הערשל מעטאַלאָװיעץ, אַז ער קען צו יעדער צייט אַרויפֿקומען צו מיר אין רעדאַקציע אָדער אין שטוב אַריין׳״.

איך האָב יאַנעק־יאַנקעלעװיטשן סאַרקאַסטיש געדאַנקט פֿאַר זיין אַראַנזשירן אין מיין נאָמען אַ װיזיט ביי מעדעמען, און װידער אָנגעהויבן צו באַװייזן, װי גע־רעכט איך בין מיט מיין פּלאַן פֿון אַן אָפּאָזיציע. „איך באַטראַכט מעדעמס קעגנער־שאַפֿט — האָב איך געזאָגט צו מיין עלטערן חבר — װי אַן אַקט פֿון אַ קאָנסעקװענטן מענטשן, פֿון אַ מענשעװיק, װעלכער װיל נישט דערלאָזן, אַז אין װיכטיקע אָנפֿירנ־דיקע פּאַרטיי־אינסטאַנצן זאָלן זיך געפֿינען צילבאַװוסטע לינקע. די װייכהאַרציקע לינקע מיט זייער היפּער־טאָלעראַנץ צו רעכטס און צו די רעכטע מעגן זיך לערנען ביי מעדעמען אָרגאַניזאַציאָנעלע פּאַרטיי־פּאָליטיק״.

יאַנעק־יאַנקעלעװיטש האָט זיך געמאַכט, װי ער װאָלט נישט געהערט מיין טיראַדע און ממשיך געװען זיין רעדן:

„צװיי אויסװעגן זענען פֿאַראַן: איינער — דיך צו פֿאַרבעטן צו דער נאָענטסטער זיצונג און אין דיין אָנװעזנדיקייט בלויז רעגיסטרירן דיין צוריק־אַריינקום אין

קאָמיטעט אויפן סמך פונעם אַלטן מינהג, אַז אויב אַ מיטגליד פונעם קאָמיטעט איז געצוווּנגען צו פאַרלאָזן וואַרשע, ווערט ער נאָך זיין צוריקקומען אויטאָמאַטיש אַ מיטגליד פון קאָמיטעט ביז צו אַ קומענדיקער וואַל־קאָנפערענץ, אָדער דיך נישט פאַרבעטן און מאַכן אַ פאָרמעלן פאַרשלאָג אַריינצונעמען דיך אין באַשטאַנד פונעם קאָמיטעט אויפן סמך פון דערמאָנטן מינהג.

ביידע אויסוועגן געפעלן מיר נישט און כ׳בין נישט גרייט דאָס צו טאָן. מחמת, אַפילו ווען די מערהייט וועט זיך אַרויסזאָגן פאַר דיין אַריינגיין אין קאָמיטעט, און מעדעם וועט זיך אַרויסזאָגן קעגן דעם, און מיט מעדעמען וועט זיך שוין געפינען נאָך עמעצער, וואָס וועט זיך אַרויסזאָגן קעגן, וועט דאָס אַרויסרופן אויך אַ קעגנער־שאַפט ביי אַ טייל פון די פאַרטיי־מיטגלידער צום באַשלוס פונעם קאָמיטעט. אונ־דזערע שאַרפצונגיקע מיכלזאָגס צווישן די רעכטע וועלן שוין געפינען אַ פּאַסיקן שלאָגוואָרט קעגן דיר, וואָס זאָל פאַרמינערן דיין פרעסטיזש, ווי אַ מיטגליד פונעם פאַרטיי־קאָמיטעט, און במילא — דעם פאַרנעם און ווערט פון דיין וויטערדיקער פאַרטיי־טעטיקייט ווי אַ קאָמיטעט־מיטגליד.

מיין אויסוועג איז פאָלגנדיקער: היות ווי אויף דער קומענדיקער זיצונג פונעם וואַרשעווער פאַרטיי־קאָמיטעט שטייט די פראַגע פון קאָאָפּטאַציע, און מיינע קאַנ־דידאַטן זענען שאַיע קאָמאַשנמאַכער (ישעיה זאַמבראָווסקי), משה פראַגער (זיין פאַמיליע־נאָמען געדענק איך נישט) און דער דרוקער־אַרבעטער לעוויט, צוויי לינקע און איינער אַ רעכטער, וועל איך אַנשטאָט שאַיען פאָרלייגן דיך. משה פראַגער, כאָטש נישט קיין איבעריק־פּאַסיקער קאַנדידאַט פאַרן וואַרשעווער פאַרטיי־קאָמי־טעט, וועט נישט אַרויסרופן קיין דיסקוסיע, מחמת פראַגע איז איצט געבליבן אָן אַ דירעקטן פאַרטרעטער. לעוויט איז אַ רעכטער מיט אַ גוטן און אַלטן סטאַזש און האָט אַ גוטן קרעדיט ביי מעדעמען. דיינע קוואַליפיקאַציעס ווי אַ מיטגליד פונעם פאַרטיי־קאָמיטעט זענען אויסער דיסקוסיע, און קיינער, אַפילו נישט מעדעם, וועט נישט שטעלן די פראַגע פון רעכטס אָדער לינקס ווי קוואַליפיקאַציעס צום קאָמיטעט, בפרט ווען ביידע שטרעמונגען אין דער פאַרטיי קריגן אַ גלייכע פאַרטרעטערשאַפט. דאָס איז דער בעסטער אויסוועג אין דער געגעבענער סיטואַציע״.

איך האָב זיך אַנטשיידן אַרויסגעזאָגט קעגן קאָאָפּטאַציע: „כ׳וויל נישט — האָב איך געטענהט צו יאַנעק־יאַנקעלעוויטשן — זיך אַריינרייסן אינעם היכל פון וואַר־שעווער פאַרטיי־קאָמיטעט דורך אַ הינטערטיר, און אַוודאי וועל איך דאָס נישט טאָן אויפן חשבון פון אַן אַלטן פאַרטיי־חבר, וועלכער איז פאַרטייִש טעטיק געווען נאָך אין די צאַרישע צייטן אין אונדזער ווירטשאַפט־אַקציע, געווען איינער פון די, וואָס האָבן געשאַפן און אויסגעבויט דעם פראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די ייִדישע לעדער־אַרבעטער, און איצט, ווען יחיאל ניימאַן און חנינא קראַמאַרסקי האָבן צוליב פּאָליציייִשע רדיפות געמוזט פאַרלאָזן וואַרשע, איז ער דער וויכטיקסטער פאַרטיי־טוער אויפן געביט פון אונדזער לעדער־פאַראיין און צווישן די ייִדישע לעדער־

אַרבעטער. שאַיע קאָמאַשנמאַכער איז טאַקע נישט קיין גלאַנציקער שטערן, ער איז אָבער אַן אָרנטלעכער און גוטער פּאַרטיי־האָרעפּאַשניק. די איצטיקע געלעגנהייט אַריינצוגיין אין באַשטאַנד פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט איז פאַר אים אפשר דער איינציקער שאַנס צו באַקליידן דעם דאָזיקן אַמט. איך וואָלט ווערט געווען אַלע שטעקנס פון דער וועלט, אויב כ׳וואָלט באַגאַנגען אַזאַ עוולה קעגן אַ פּאַרטיי־חבר.

ס׳איז בעסער כ׳זאָל זיך נישט אײַלן מיטן אַריינגיין אין פּאַרטיי־קאָמיטעט. ס׳וועט בעסער זיין, אויב כ׳וועל פאַרנעמען אַן אָרט אין פּאַרטיי־קאָמיטעט דורך נאָרמאַלע וואַלן. איך פאַרזיכער דיר, אַז יעדע אַרבעט, וואָס דער קאָמיטעט און די פּערזענלעך וועלן אויף מיר אַרויפלייגן, וועט דורך מיר אויף דעם געוויסנהאַפטסטן אופן דורכגעפירט ווערן.

איך דערקלער דיר אָבער אָפן און קלאָר — האָב איך אונטערגעשטראָכן יעדעס וואָרט — אַז דעם חבר מעדעמס שטעלונג וועט נישט פאַרשוויגן ווערן. ס׳איז נישט קיין פּערזענלעכער, נאָר אַ פּאַרטיי־ענין. און וויפל ס׳וועט זיין אין מיינע מעגלעכקייטן, וועל איך צווינגען דעם חבר מעדעם, ער זאָל אויף אַן אָפיציעלן אופן באַקאַנט מאַכן פאַר דער פּאַרטיי די מאָטיוון פון זיין קעגנערשאַפט פאַר מיין צוריק אַריינגיין אינעם באַשטאַנד פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט״.

יאַנעק־יאַנקעלעוויטש האָט שאַרף דערווידערט קעגן מיין פאַרנומענער שטעלונג, געהאַלטן, אַז אין די געגעבענע באַדינגונגען און אין די מעגלעכע אומשטענדן, וואָס רוקן זיך אונטער, איז מיין אַנגעהעריקייט צום פּאַרטיי־קאָמיטעט אַ נויטווענדיקייט. ווען ער האָט מיט מיר גאָרנישט געקענט מאַכן, כ׳זאָל מיין שטעלונג ענדערן, האָט ער אַנגעהויבן דריקן, אַז נאָך אין דעם זעלבן טאָג זאָל איך זיך זען מיט מעדעמען: „ס׳איז דאָך נאַטירלעך, אַז נאָך אַן אָפּוועזנדיקייט פון עטלעכע יאָר זאָל אַ יינגערער חבר זיך וועלן זען מיט איינעם פון די וויכטיקסטע פירערס פון דער פּאַרטיי, מיט וועמען מ׳האָט אַ לענגערע צייט מיטגעאַרבעט. דיין וויזיט ביי מעדעמען קען אַ סך ענדערן״.

נאָך לאַנגע אַמפּערנישן האָב איך מסכים געווען אָפּצושטאַטן אַ וויזיט וולאַדימיר מעדעמען נאָך אין דעם זעלבן נאָכמיטאָג.

קריגנדיק מיין הסכמה, האָט יאַנעק־יאַנקעלעוויטש אַ כאַפּ געטאָן זיין מעלאַניק און איז ווי אַ וויכער אַרויס פון דער וווינונג אָן אַ „זיי־געזונט״. עטלעכע מינוט שפּעטער האָט ער זיך אומגעקערט, געעפנט אַ שפּאַרע אין דער טיר און צו מיר אַ געשריי געטאָן: „הערשל, מיטן רעכטן פוס!״

נאָך יאַנעק־יאַנקעלעוויטשעס אַוועקגיין האָט מיך באַהערשט אַ צווייפּאַכיק געפיל: צופרידן געווען בין איך, וואָס מעדעם האָט פאַרנומען אַזאַ אויסגעשפּראָכן פּאָליטישע שטעלונג קעגן מיר און דערמיט מיר געגעבן אַן אַטוט אין קאַמף קעגן רעכטס און די רעכטע: אויפן וועג צום אָרגאַניזאַציאָנעלן באַהערשן די פּאַרטיי

שטעלן זיך די מענשעוויקעס נישט אָפּ פאַר קיין שום זאַך, אַפילו נישט פאַר ברעכן פּאַרטיי־טראַדיציעס. זיי ווילן דערפירן די פּאַרטיי אין פּוילן צום זעלבן מעמד, ווי זייערע מענשעוויסטישע חברים האָבן דערפירט דעם בונד אין רוסלאַנד.

גלייכצייטיק האָט מיך געטאַטשעט אַ פּאַרדראָס, פאַר וואָס די טיר פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט האָט זיך פאַרהאַקט פאַר מיין נאָז. כ׳האָב זיך נעמלעך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז ס׳איז באַקוועמער צו פירן דעם קאַמף קעגן רעכטס, און פאַר דעם, וואָס מ׳האָט צו יענער צייט געגרופן באַלשעוויזם, אויף דער פּאָזיציע פון אַ מיטגליד פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד, איידער פון דער פּאָזיציע פון אַ פּשוטן פּאַרטיי־מיטגליד, און אַפילו פון דער פּאָזיציע פון אַ פּאַרטיי־אַקטיוויסט.

באַהערשט פון די דאָזיקע געפילן, האָב איך פאַרלאָזט די גאַסטפריינדלעכע וווינונג פון ברוכטשע די שניידערין, אַ בונדיסטין נאָך פון דער צאַרישער צייט, און געגאַנגען אָפּשטאַטן אַ וויזיט דעם חבר וולאַדימיר מעדעם.

## אַ וויזיט ביי וולאַדימיר מעדעם

דער וועג פון דער וווינונג פון ברוכטשע די שניידערין צו דעם רעדאַקציע־לאָקאַל פון די „לעבענס־פראַגען" איז אין שטח געווען אַ קליינער, עטלעכע מינוט גאַנג, פאַר מיר אָבער איז דאָס געווען אַ מיילן־לאַנגער וועג.

אין מיר האָט געשטורעמט און געברויזט. כ׳בין געווען בייז אויף זיך פאַר וואָס כ׳האָב יאַנעק־יאַנקעלעוויטשן צוגעזאָגט צו זען זיך מיט מעדעמען און ווידער און אָבער געשטעלט זיך די פראַגע: נאָך וואָס אייגנטלעך גייסטו צו מעדעמען? וואָס איז דער ציל און דער צוועק פונעם דאָזיקן וויזיט? צו דער קאַנאָסע גייסטו דאָך נישט, קיין מחילה פאַר דיינע באַלשעוויסטישע „זינד" וועסטו דאָך נישט בעטן. גייסט דאָך אויך נישט ווערן אַ שתדלן פאַר זיך און בעטן דעם חבר מעדעם צו ענדערן זיין שטעלונג און באַוויליקן מיין אַריינגיין אין באַשטאַנד פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד. קריגן זיך מיט מעדעמען פאַר זיין פאַרנומענער שטעלונג האָט דאָך נישט קיין זין. בפרט ווען דו אַליין אָנערקענסט, אַז פון זיין זייט איז מעדעם קאָנסעקווענט. טאָ נאָך וואָס גייסטו צו מעדעמען? האָסט צוגעזאָגט יאַנעק־יאַנקעלעוויטשן אַזאַ וויזיט צו מאַכן, טאָ איז וואָס? נישט איין מאָל טרעפט אין פּאָליטישן לעבן, אַז אומשטענדן באַוועגן צו ענדערן אַ געגעבענעם צוזאָג.

איך בין אַריין אין אַ קאַוויאַרניע, באַשטעלט אַ קאַווע, אָבער צו דער קאַווע האָב איך זיך נישט צוגערירט. כ׳בין געזעסן און מעדיטירט וואָס ווייטער צו טאָן. נאָך

אַ שווערן אינערלעכן געראַנגל האָב איך באַשלאָסן גיין צו מעדעמען, אויפן אָרט זען, ווי אַזוי זיך צו פאַרהאַלטן און וואָס צו זאָגן.

אין דער רעדאַקציע פון די „לעבענס־פראַגען" האָב איך דעם חבר מעדעם נישט געטראָפן. מ'האָט מיך אינפאָרמירט, אַז מעדעם איז אין זיין פּריוואַטער וווינונג, וואָס געפינט זיך אויפן העכסטן שטאָק פונעם בנין. כ'בין אַרויף די עטלעכע שטאָק שטיגן און אָנגעקלונגען אין מעדעמס וווינונג.

געעפנט די טיר האָט גינאַ מעדעם. מיט אַ פינגער אויף די ליפּן האָט זי געוואָרנט צו זיין שטיל, פאַרמאַכט די טיר הינטער זיך, וואַרעם מיט מיר זיך באַגריסט און געזאָגט, אַז מעדעם שרייבט און „גייט שווער צו קינד". זי ווייסט, אַז מעדעם דערוואַרט מיינס אַ וויזיט און ער האָט געבעטן אַרויפצוקומען אַ ביסל שפּעטער.

אין דער בונדישער אַרבעטער־קיך אויף פּזשעיאַזד 9, עטלעכע שפּאַן פון מע־דעמס פּריוואַטער וווינונג און פון דער רעדאַקציע פון די „לעבענס־פראַגען", האָב איך געטראָפן אַבע פלוג. כ'האָב אים דערציילט וועגן פאַרלויף פון מיין שמועס מיט יאַנעק־יאַנקעלעוויטשן און מיין ווידערווילן צו האָבן אַ פּריוואַטע באַגעגעניש מיטן חבר מעדעם. היות כ'בין שוין ביי מעדעמען געווען, און נישט צוליב מיין שולד אים נישט באַגעגנט, האַלט איך מיין צוזאָג צו יאַנעקן פאַר דערליידיקט און כ'האָב מער נישט בדעה צו גיין מעדעמען וויזיטירן.

אַבע פלוג האָט מיך אָנגעהויבן איבערצייגן, כ'זאָל דווקא יאָ אָפּשטאַטן מעדעמען אַ וויזיט. פון זיינע אַרגומענטן האָט צום מיינסטן אַפּעלירט צו מיר דער פאַלגנדיקער: דאָס נישט וועלן גיין זען מעדעמען איז אַ סימן אָדער פון פּערזענלעכער פּחדנות, אָדער אַ באַנוצן זיך מיט אַן אַדוואָקאַטיש שפּיצל, וואָס אין דעם פאַל מיינט עס נישט בלויז אָפּצונאַרן און צו באַליידיקן יאַנעקן, נאָר אויך זיך אַליין — און איך בין ווידער אַוועק צו מעדעמען אין זיין וווינונג.

די טיר האָט געעפנט וולאַדימיר מעדעם גופא. אויפגענומען האָט מיך מעדעם זייער פריינדלעך: „אַ, חבר הערשל מעטאַלאָוויעץ! ס'קאַצל קומט! אַ גאַסט אין שטעטל! אַבי מ'זעט זיך! קומט, קומט אַריין, חבר הערשל"! — און אַ ברייטער רוסישער שמייכל האָט זיך צעלייגט אויף מעדעמס כאַראַקטעריסטיש פּנים.

פאַרמאַכנדיק הינטער זיך די טיר, האָט מעדעם צו מיר שפּאַסיק אַ זאָג געטאָן: „געהערט, אַז איר פאַרלירט נישט קיין צייט. איר האָט אָנגעהויבן מאַכן ביי אונדז די רעוואָלוציע דורכן מעטאַל־פאַראיין און דורכן גראַסער־קלוב". מיר איז מעדעמס טאָן פון זיין רעדן נישט געפעלן. כ'האָב זיך אַ שאַרפן קער געטאָן און געבליבן שטיין פּנים אל פּנים מיט מעדעמען און פון מיין מויל האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן ווערטער:

„ס'איז בעסער און שענער פאַר אַ יידישן אַרבעטער, אַ בונדיסט, צו מאַכן רעוואָלוציעס, ווי פאַר אַ בונדישן פירער צו ברעכן פאַרטיי־טראַדיציעס. פאַר וואָס

זענט איר, חבר מעדעם, קעגן מיין אַריינגיין אין באַשטאַנד פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט? ווייל כ׳בין אַ באָלשעוויק? איר פרעדיקט דאָך, אַז דער בונד איז מער ווי אַ פּאַרטיי, אַז דער בונד איז די משפּחה פונעם באַוווסטזיניקן טייל פונעם יידישן אַרבעטער־קלאַס, און גלייכצייטיק לייגט איר שטיינער אויפן וועג און איר דערלאָזט נישט אַ בונדישן אַרבעטער צו פאַרנעמען זיין אָרט אין אַ בונדישער אָנפירנדיקער אינסטאַנץ נאָר דערפאַר ווייל ער וויל נישט דאַוונען פון אייער מענ־שעוויסטישן סידור. וואָלט איך געווען אַ מענשעוויסטיש אינטעליגענטל, און נישט הערשל מעטאַלאָוויעץ, וואָלט איך מסתּמא גאָר גוט געטויגט פאַר אייך״ — און כ׳האָב געמאַכט אַ באַוועגונג צו פאַרלאָזן די ווינונג.

די גאַנצע צייט, וואָס איך האָב גערעדט מיט ווערטער, האָב איך שאַרף געקוקט מעדעמען אין פּנים אַריין און גוט באַמערקט זיין אינערלעכע אויפרעגונג. מעדעם איז געשטאַנען מיט דער פלייצע אָנגעשפּאַרט אויף דער פראַמוגע פון דער טיר און זיין פּנים איז געווען פאַרכמורעט. זיין שטערן האָט זיך אומאויפהערלעך גע־רונצלט, די קינבאַקן האָבן לייכט געציטערט. איך בין געווען זיכער, אַז מעדעם וועט ברייט עפענען די טיר און מיך משלח זיין מיט אַ רוסישן „פּאַשאָל וואָן״.

צו מיין איבעראַשונג האָט מעדעם זיך הילכיק צעלאַכט און פון זיין מויל זענען געפאַלן ווערטער, וואָס האָבן אַי געפּלעפּט, אַי געלאַשטשעט מיין געמיט: „דער זעלבער הערשל, טאַטש איוו טאַטש. נישט געביטן זיך אויף אַ יאָטע. געמיינט, אַז אין דייטשלאַנד וועט ער זיך ציוויליזירן. די דייטשן וועלן אים געבן יעדן טאָג אַ קאַלטע וואַנע און אָפּקילן אַ ביסל זיין היציקייט. אָבער פון וואַנען ווייסט איר, אַז איך וויל ברעכן בונדישע טראַדיציעס — איז מעדעמס קול געוואָרן ערנסטער און שאַרפער — און אַז איך בין קעגן דעם, איר זאָלט פאַרנעמען אייער אָרט אין פּאַרטיי־קאָמיטעט? איך האָב אין שפּאַס געפרעגט דעם חבר יאַנעק, צי עס פעלט אים אין וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד אַ באָלשעוויק צום מנין. אין וואַרשע, צום באַדויערן, פעלט נישט דעם בונד פון דעם מין. אָבער קעגן אייך פערזענלעך? — חלילה! — זאָגט דעם חבר יאַנעק, אַז איך בין נישט געווען און בין נישט קעגן דעם, אַז איר זאָלט פאַרנעמען אייער אָרט אין פּאַרטיי־קאָמיטעט״.

איך האָב מעדעמען געענטפערט, נאָך אַלץ אין אַ נישט פריינדלעכן טאָן, אַז איך וועל דאָס יאַנעקן נישט זאָגן. זאָל ע ר אים זאָגן.

„גוט, גוט. איך וועל דאָס שוין זאָגן דעם חבר יאַנעק. הערט אויף, חבר הערשל מעטאַלאָוויעץ, זיך צו ברוגזן. לאָמיר בעסער הערן, וואָס ס׳טוט זיך עפּעס אויף גאָטס גרויסער וועלט, און וואָס מאַכן באַקאַנטע און פריינד״ — און אָננעמענדיק מיך אונטערן אָרעם, אַריינגעפירט אינעם דערבייאיקן גרויסן צימער.

דער שמועס האָט געדויערט אַ לענגערע צייט און אַרומגענומען אַ מאַסע פּראָבלעמען און ענינים פון אַן אַלגעמיינעם פּאָליטישן כאַראַקטער און פונעם בונדישן פּאַרטיי־לעבן.

וולאַדימיר מעדעם איז געווען אַ ווונדערלעכער שמועסער: לייכט, פּריש, שאַרפזיניק און מיט אַ שטשיפּטשע הומאָר. אין מיין געדעכעניש איז דער דערמאָנטער שמועס פאַרבליבן איינער פון די אינטערעסאַנטסטע פון די פּילצאַליקע שמועסן, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו פירן מיט פאַרשיידענע פערזענלעכקייטן פון דער סאָציאַליסטישער וועלט און פונעם פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן אין פּוילן.

ביים סוף פון יענעם שמועס האָב איך מיט עפּעס פאַרטשעפּעט וועגן דער אינפאָרמאַציע, וואָס כ'האָב געהאַט געקריגן פון יאַנעק־יאַנקעלעוויטש, אַז מעדעם איז קעגן מיין צוריק אַריינגיין אין באַשטאַנד פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד, און אַ זאָג געטאָן צו מעדעמען: „חבר מעדעם, ס'איז שוין צייט, איר זאָלט וויסן, אַז ביי ייִדן איז אַ מינהג מער חשוב ווי אַ דין".

וולאַדימיר מעדעם איז געבליבן זיצן ווי פאַרחלשט. זיין פּנים איז געוואָרן אַש־גרוי, די גאָמבע און די קינבאַקן האָבן נערוועזיש געציטערט. כ'בין געווען אונטערן איינדרוק, אַז מעדעם האָט אַ האַרצאַטאַק און כ'האָב אַ געשריי געטאָן: „וואָס איז איך, חבר מעדעם?" ווען כ'האָב זיך אַריבערגעבויגן איבערן טיש, האָב איך פון מעדעמס מויל, דורכגעזייט דורך פאַרשטשעמעטע ציין, דערהערט די ווערטער: „אַ סך פון אייערע מינהגים ווייס איך נאָך אַלץ נישט". כ'בין צוגעלאָפן צו מעדעמען מיטן ציל אים צו העלפן. מעדעם איז שוין געהאַט עטוואָס געקומען צו זיך און מיט אַ זשעסט פון דער האַנט געהייסן צוריקזעצן זיך אויף מיין פּלאַץ, און געזאָגט צו מיר: ס'איז שוין בעסער.

דער וויטערדיקער שמועס האָט זיך נישט געבונדן. וולאַדימיר מעדעם האָט זיך מיט מיר פריינדלעך געזעגנט און צוגעפירט צו דער טיר. ער האָט מיר פאַרזיכערט, אַז אויף דער קומענדיקער זיצונג פונעם פּאַרטיי־קאָמיטעט וועלן מיר זיך ווידער באַגעגענען. ער האָט פאַרלאַנגט, אַז אויף דער קומענדיקער זיצונג פונעם פּאַרטיי־קאָמיטעט זאָל איך אָפּגעבן אַ באַריכט וועגן דער לאַגע אין דייטשלאַנד און געבעטן שטיין מיט אים אין אַ פאַרבינדונג, כּדי ממשיך צו זיין דעם שמועס.

אַ לאַנגע צייט האָב איך נישט געקענט פאַרגעסן די אויבן דערמאָנטע סצענע. ס'האָבן מיך באַאומרויִקט די דער געזונט־צושטאַנד פון מעדעמען, אי דאָס נישט פאַרשטיין דעם זין פון די געהערטע ווערטער. איך האָב דערציילט יאַנעק־יאַנקעלעוויטשן וועגן דעם שווערן איינדרוק, וואָס מעדעמס געזונט־צושטאַנד האָט אויף מיר געמאַכט, אָבער נישט וועגן די ווערטער, וואָס כ'האָב פון מעדעמען געהערט.

מיט אַ צייט שפּעטער, גייענדיק מיט יוזעפן פון איינער פון די בונדישע זיצונגען, האָב איך יוזעפן דערציילט וועגן דעם דערמאָנטן עפּיזאָד און געפרעגט אַ באַשייד אויף מעדעמס דערמאָנטע רייד. יוזעפס ענטפער איז געווען אַ מטושטשער און מיך נישט באַפרידיקט.

אַ מער לאָגישן ענטפער האָב איך געקריגן פון וויקטאָר שולמאַן. בעת איינעם פון מיינע שמועסן מיט וויקטאָר שולמאַנען האָב איך אים דערציילט וועגן דעם

דערמאָנטן פאַרפאַל. וויקטאָר שולמאַן האָט זיך פאַרטראַכט און געגעבן אַזאַ ענטפער:

נאָך דעם ווי מעדעם האָט פאַרעפנטלעכט זיין אַרטיקל „דאָס איז ציוניזם" האָט ש. י. יאַצקאַן רעאַגירט מיט אַן עקלהאַפטן אַרטיקל, וועמענס אינהאַלט ס'איז געווען: וואָס מישט זיך דער גוי אין יידישע עסקים? יאַצקאַנס כוליגאַנישער אַרויסטריט האָט מעדעמען מאָראַליש דערשיטערט און ביי מעדעמען איז צו מערקן אַ פאַרשטאַרקטע פּילעוודיקייט לגבי זיין יידישקייט. אייער זאָג, אַז אַ מינהג ביי יידן איז מער חשוב ווי אַ דין, האָט איר מסתמא געמאַכט אין אַ נישט דעליקאַטער פאָרעם. ביי מעדעמען האָט דאָס געקענט זיך אַסאָציירן מיט יאַצקאַנס אַרויסטריט. מעדעם פאַרטראָגט נישט קיין גראָביאַנסטוואָ פון אַ פּערזענלעכן כאַראַקטער.

וויקטאָר שולמאַנס אויפקלערונג האָט זיך מיר געלייגט אויפן שׂכל. פאַר מיר איז דער ענין געווען פאַרענדיקט און אָפּגעווישט געוואָרן פון מיין זכרון. איצט, שרייבנדיק וועגן יענעם וויזיט ביי וולאַדימיר מעדעם, האָט אין מיין זכרון אויפגעטויכט די דערמאָנטע סצענע, און איך פיל ווי אַ חוב דעם עפּיזאָד צו פאַרצייכענען.

וולאַדימיר מעדעמס פּערזענלעכקייט איז, לויט מיין מיינונג, אַפילו אין פּוילן נישט דערשאַצט געוואָרן, אַ פשיטא אין אַמעריקע. דער פּיקח ה. ד. נאָמבערג איז אָן שום ספק געקרענקט געווען, ווען ער האָט נאָך מעדעמס אַרויסטריט אויף דער אַלייִדישער קולטור־באַראַטונג, אין 1915, געשריבן, אַז זינט דעם טויט פון י. ל. פּרץ, האָט זיך ווידער באַוויזן אַן אָריגינעלע גרויסע פּערזענלעכקייט אינעם יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן.

הגם איך באַטראַכט נישט וולאַדימיר מעדעמען פאַר קיין טעאָרעטיקער, אַפילו נישט פאַרן טעאָרעטיקער פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע אין בונד (די בכורה געהערט, לויט מיין מיינונג, וולאַדימיר קאָסאָווסקין), און מעדעמס אַרבעט וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע האַלט איך נישט פאַר קיין אָריגינעלע, נאָר פאַר אַ נאָכאָמונג פון די טעאָריעס פון די עסטרייכער פערנערסדאָרפער און רודאָלף שפּרינגער (ד"ר קאַרל רענער); און טראָץ מיינע שווערע און ביטערע קאַמפן מיט מעדעמען אין די יאָרן 1918—1921 — האָב איך פאַר מעדעמס פּערזאָן געהאַט דעם גרעסטן אָפּשיי. איך האָב וולאַדימיר מעדעמען געהאַלטן פאַר דעם איינציקן שטאָטסמאַן צווישן די כלערליי פירערס פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין פּוילן, פאַר אַ פּאָליטיקער פון אַ הויכער מדרגה, פאַר אַ פּאָליטישן שרייבער פונעם העכסטן קאַליבער און פאַר דעם גרעסטן אָראַטאָר אין דער יידישער שפּראַך, וואָס איך האָב געקענט. קיינער פון די בונדישע פירערס, נישט אין דער צייט ווען כ'בין טעטיק געווען אין בונד, און נישט שפּעטער נאָך מיין אַרויסטריט פון בונד, איז נישט דערגאַנגען, אין קיין שום פּרט, צו מעדעמס קנעכל. וולאַדימיר מעדעם איז געווען די פּאַסצינירנדיקסטע פּערזענלעכקייט אין דער יידישער אַרבעטער־סביבה אין פּוילן.

איך האַלט פאַר אַ מענטשלעכן חוב און פאַר אַ געזעלשאַפטלעכער פליכט געלעגנהייטלעך צו דערציילן וואָס איך וויס וועגן דער דאָזיקער מערקווערדיקער

און אייגנאַרטיקער פּערזענלעכקייט אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אינעם אַמאָליקן פּוילן.

עטלעכע טעג נאָך מיין וויזיט ביי וולאַדימיר מעדעם האָב איך, ווי אַ פול־באַרעכטיקטער מיטגליד, זיך באַטייליקט אין אַ זיצונג פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד.

## אויף ס'ניי ביים פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן וואַרשטאַט

די גייסטיקע און פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע אַנטוויקלונג, וואָס כ'האָב דורכ־געמאַכט אין דייטשלאַנד, האָט משמעות געלאָזט קענטיקע סימנים. די באַציִונג צו מיר מצד די חברים אין דער באַוועגונג, פון וולאַדימיר מעדעם ביז אַ פּשוטן אַקטי־וויסט, איז געווען אין גאַנצן אַן אַנדערע, ווי זי איז געווען פאַר מיין פאַרלאָזן וואַרשע אין דעצעמבער 1915. איך בין מער נישט באַטראַכט געוואָרן ווי דאָס 17–18־יאָריקער בחורל, וועמען אייגענע און פרעמדע זענען מוחל זאַכן, וואָס מען איז געווינטלעך נישט מוחל קיין געזעלשאַפטלעכן טוער, וועמען מען איז מוחל אַפילו שקאָצישע שטיק; מען האָט זיך אָנגעהויבן באַציִען צו מיר, ווי צו איינעם, פון וועמען מען קען און מען פאַרלאַנגט גוטע און פאַראַנטוואָרטלעכע פּאַרטייִישע און געזעלשאַפטלעכע אַרבעט.

מיט אימפּעט און ענערגיע האָב איך זיך אַריינגעוואָרפן אין דער בונדיש־פּאַרטייִשער און אין דער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. יאַנעק־יאַנקעלעוויטש האָט מיט „אַ ריין געוויסן" אַראָפּגענומען פון זיך אַ היפּש פּעקל פון זיינע פליכטן און זיי אַרויפגעלייגט אויף מיינע פּלייצעס. די „טרויקע" — יאַנעק־יאַנקעלעוויטש, אַבע פלוג און הערשל מעטאַלאָוויעץ — האָבן ביז דער באַפרייונג פון די חברים פון דער מאָדלינער פעסטונג, פאַרגעשטעלט מיט זיך די פּאַקטישע אָנפירונג מיט דער בונדישער טעטיקייט אין וואַרשע. יאַנעק איז געווען דער צענטראַלער נערוו, אַבע און איך — די ספּרוזשינעס.

23 שעה אַ וואָך, מיטוואָך און דאָנערשטיק צו 9 שעה אַ טאָג — פון 8 אין דער פרי ביז 6 אין אָונט, און פרייטיק — ביז איינס אַ זייגער, בין איך באַשעפטיקט געווען ווי אַ מעטאַל־טאָקער אין דער פאַבריק פון איטשע דרייער אויפן גזשיבאָוו נומער 14, גאָטס שעהען — ביים וואַרשטאַט פון די בונדיש־פּאַרטייִשע און פּאָלי־טיש־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן. איך האָב זיך באַטייליקט אין אַ וועלט מיט זיצונגען און פאַרזאַמלונגען, פּאַרטייִשע און פּראָפעסיאָנעלע; אָפּגעהאַלטן אומ־צאָליקע קאָנסולטאַציעס מיט גרופּעס און איינצלנע חברים; פאַרנוצט אַ ים מיט ווערטער און אַרגומענטן אין מיינע רעדעס, רעפעראַטן און דיסקוסיעס, אין דער

בונדישער באַוועגונג און אַפילו מחוץ דער דירעקטער בונדישער איינפלוס־ספערע.

פון מיין טעטיקייט אין די חדשים אויגוסט־נאָוועמבער 1918 איז מיר געבליבן אין זכרון די געשיכטע פונעם שטרייק אין פּאָליאַקעוויטשס טאַבאַק־פאַבריק, די דיסקוסיעס מיט די חברים וולאַדימיר מעדעם, לייזער לעווין און הערשל הימעל־פאַרב, וועגן וועלכע ס'וועט מיר אויסקומען צו דערציילן אין די קומענדיקע קאַפּיטלען, און צוויי אַרויסטריטן — מחוץ דער בונדישער ספערע: אין „וויעדזאַ" און אין „פריינדן־קרייז".

פּאָליאַקעוויטשס טאַבאַק־פאַבריק, דער פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין פון די טאַבאַק־אַרבעטער, און דער שטרייק אין פּאָליאַקעוויטשס פּאַפּיראָסן־פאַבריק — דער אומגעלומפּערטסטער שטרייק, וואָס איך האָב געקענט אין דער געשיכטע פון דער יידישער פּראָפּ. באַוועגונג אין וואַרשע — פאַרדינען, עס זאָל וועגן זיי אַ ביסל גענויער דערציילט ווערן.

די טאַבאַק־פאַבריק פון פּאָליאַקעוויטש אין וואַרשע איז, לויט איר סאָציאַלער סטרוקטור און געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער, געווען אַ יחיד במינו אויפן ווירטשאַפט־סעקטאָר אין דער יידישער סביבה אין פוילן.

די פאַבריק האָט באַשעפטיקט אויסשליסלעך יידישע אַרבעטער. דער נישט־יידישער עלעמענט איז באַשטאַנען פון עטלעכע הויזוועכטער און עטלעכע פּורמאַנעס פון דער עקספּעדיציע. צאָלמעסיק איז די פאַבריק געווען דער גרעסטער יידישער אַרבעטפּלאַץ אויפן שטח פון דער רוסישער אימפּעריע. די עטלעכע הונדערט אַרבעטער זענען באַשטאַנען פון אַן 80 פּראָצענט פרויען און אַ 20 פּראָצענט מענער. די מענער זענען געווען דער קוואַליפיצירטער פּערסאָנאַל: די מעכאַניקערס, וועלכע האָבן באַדינט די פּאַפּיראָסן־ און אַנדערע טאַבאַק־מאַשינען, און מעכאַניקערס, וועלכע האָבן געאַרבעט ביים וואַרשטאַט פאַרריכטנדיק אָדער מאַכנדיק נייע טיילן פאַר די אָפּגענוצטע און קאַליע־געוואָרענע מאַשינטיילן. אויך דאָס ביוראָ־פּערסאָנאַל איז באַשטאַנען אויסשליסלעך פון מענער. די פרויען־אַרבעט איז געווען אַן אומ־קוואַליפיצירטע. די דיספּראָפּאָרציע צווישן די פאַרדינסטן פון די מעכאַניקערס און פון די אומקוואַליפיצירטע אַרבעטערינס, איז געווען אַן אומגעהייער גרויסע. דער פאַרדינסט פון די מעכאַניקערס האָט זיך אָנגעהויבן פון 10 רובל און דער־גאַנגען ביז 25 רובל אַ וואָך פאַר אַ 52־שעהדיקער אַרבעטסוואָך; דער מאַקסימאַל־סטער פאַרדינסט פון אַ פרויען־אַרבעטערין איז געווען 4 רובל אַ וואָך. די אַרבעטס־צייט איז געווען צירקאַ 60 שעה אַ וואָך. קיין פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין, אַ לעגאַלער אָדער אומלעגאַלער, האָבן די אַרבעטער פון פּאָליאַקעוויטשס פאַבריק נישט געהאַט אין דער תקופה פונעם צאַרישן רעזשים. די מעכאַניקערס, די אַריסטאָקראַטיע, האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען, געוווסט, אַז אָן זיי קען די פאַבריק נישט פונקציאָנירן, און אין די אינטערעסן פון דער פאַבריק־דירעקציע איז געלעגן ווי געהעריק מאַ־

טעריעל צו באַפרידיקן דעם דאָזיקן קליינעם שיכט אַרבעטער. די פרויען־אַרבע־טערינס זענען געווען פולשטענדיק שוצלאָז.

אויך געזעלשאַפטלעך האָט פּאַליאַקעוויטשס טאַבאַק־פאַבריק מיט זיך פאַרגע־שטעלט אַן אויסנאַם. די באַשעפטיקטע פרויען־אַרבעטערינס האָבן זיך רעקרוטירט פונעם אָרעמסטן און אָפּגעשטאַנעסטן עלעמענט פון דער יידישער באַפעלקערונג אין וואַרשע און זיי זענען באַטראַכט געוואָרן פאַר קיין נישט איבעריקע צנועות, פאַר בלאַטע מיידן. אין די שוואַרצע רעאַקציע־יאָרן פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען וואַרשע האָט געפלאַגט די מגפה פון די באַנדעס פּרעטענסיע־נעמערס, איז פּאַליאַקעוויטשס פאַבריק געווען אַ נעסט פון די דאָזיקע מנוולים. אַן אַרבעטערין פון פּאַליאַקעוויטשס פאַבריק האָט נישט געקענט חלומען וועגן אַ באַלעבאַטישן שידוך. דער אָרעמסטער באַלעבאַטישער ייִד וואָלט גיכער מסכים געווען זיין טאָכ־טער זאָל ווערן אַ דינסט איידער גיין אַרבעטן אין פּאַליאַקעוויטשס פּאַפּיראָסן־פאַבריק.

פאַרן אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט דער בונד געהאַט אַ צוטריט צו דער דאָזיקער פאַבריק דורך די מעכאַניקערס. געהייסן האָט עס, אַז פּאַליאַקעוויטשס טאַבאַק־פאַבריק געפינט זיך אונטער דער בונדישער השפעה. ס'געדענקט זיך מיר אָבער נישט קיין איין אַרבעטער פון דער דאָזיקער פאַבריק, אַ מאַן אָדער אַ פרוי, וואָס זאָל זיין אַ פּאַרטיי־מיטגליד און אַז ווער פון די אַרבעטער זאָל באַזוכן די בונדישע פּאַרטיי־בערזע. ס'געדענקט זיך אויך נישט, אַז עמעצער פון די אַרבעטער פון פּאַליאַקעוויטשס טאַבאַק־פאַבריק זאָל נאָכן אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה זיך האָבן באַטייליקט אין דער אָרגאַניזירונג פון דער בונדישער ווירטשאַפט־אַקציע, אָדער אַפילו גענאָסן דאָרט ווי אַ קאָנסומענט.

ווען דער בונד האָט זומער 1915 אָרגאַניזירט די לעגאַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, איז דאָס אָרגאַניזירן די אַרבעטער פון פּאַליאַקעוויטשס טאַבאַק־פאַבריק אין אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין נישט געשטאַנען אויפן טאָג־אָרדענונג. דער טאַבאַק־פאַראיין איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין דער צייט פון מיין אָפּוועזנדיקייט. אויף וויפל עס איז מיר באַוווסט, האָבן זיך מיטן אָרגאַניזירן דעם דאָזיקן פאַראיין מתעסק געווען וויקטאָר שולמאַן, יאַנעק־יאַנקעלעוויטש, דוד מייער און יחיאל ניימאַן.

יחיאל ניימאַן איז געווען דער אָנפירער פונעם טאַבאַק־פאַראיין און גלייכצייטיק האָט ער אָנגעהאַלטן דעם אַמט פון סעקרעטאַר אינעם יידישן לעדער־אַרבעטער־פאַראיין. האָבנדיק אַ חוש פאַר פּראָפ.־ענינים, האָט יחיאל ניימאַן פאַרשטאַנען, אַז איינהאַלטן די וויטאַלקייט פון דעם דאָזיקן פאַראיין קען מען נישט אויפן געוויינ־לעכן אופן פון די אַנדערע פּראָפפאַראיינען, נאָר מען מוז אָנווענדן ספּעציפישע מעטאָדן און מיטלען. איינע פון זיינע מיטלען זענען געווען אָפטע פאַרווייל־ונג־אונטערנעמונגען און טאַנצאָוונטן. פיינשמעקערס האָבן פאַראורטיילט יחיאל ניימאַנס מעטאָדן אינעם טאַבאַק־פאַראיין, אָבער טאָן עפּעס קעגן דעם, האָבן זיי נישט

געקענט. יחיאל ניימאַן איז געווען דער פּאַסיקסטער מענטש אויפן געגעבענעם אָמט. זיין פּערזענלעכקייט, דאָס אָנהאַלטן אַ געהעריקע דיסטאַנץ צווישן פריינדלעכקייט און אויטאָריטעט, און דאָס זיין אַ מוסטער פון פּערזענלעכער מאָראַלישקייט, האָט אים געשאַפן אָנזען און פאַרערונג צווישן די מיטגלידערינס פונעם פאַראיין. זיין וואָרט איז געווען פאַר זיי ממש אַ געזעץ.

דער פּעלער פון בונד איז געווען, וואָס ער האָט נישט אַריינגעשיקט אַ צאָל אייגענע זיכערע מענטשן ווי אַרבעטער אין דער פאַבריק, כּדי דערמיט צו פאַר־זיכערן זיך אַ פּאַרטייאישע אָרגאַניזאַציאָנעלע באַזע אין דער פאַבריק און אינעם פאַראיין. דאָס האָט אין בונד זיך נוקם געווען.

בשעת די אַרעסטן, וואָס די דייטשישע אָקופּאַציע־מאַכט האָט דורכגעפירט צווישן די סאָציאַליסטישע אַנטי־מלחמה־טוערס, איז יחיאל ניימאַן געצוווּנגען געווען צו פאַרלאָזן וואַרשע און זיך באַזעצן אין לובלין, אינעם עסטרייכישן אָקופּאַציע־געביט. דער בונדישער אַקטיוו, וואָס איז געבליבן אין וואַרשע, האָט דעם טאַבאַק־פאַראיין נישט געקענט ווי געהעריק באַדינען. אין דער געגעבענער צייט איז אין דער פאַבריק אויסגעבראָכן אַ קאָנפליקט מיט דער פאַבריק־דירעקציע און דער יידישער גרופּע פון ס.ד.ק.פּ.ל. מיט קאַראַלסקין בראָש איז געלונגען צו געווינען דעם טאַבאַק־פאַראיין.

ווען כ׳בין צוריקגעקומען פון בערלין קיין וואַרשע, זומער 1918, האָב איך זיך אָנגעטראָפן מיט אַ שטרייק אין פּאָליאַקעוויטשס פּאַפּיראָסן־פאַבריק, אָנגעפירט פון שכנא קאַראַלסקי. ווען כ׳האָב זיך נענטער באַקאַנט מיט די אומשטענדן און מיט דער פירונג פונעם שטרייק איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן צוליב דער לאַגע, אין וועלכער די אַרבעטערינס פון דער דאָזיקער פאַבריק האָבן זיך געפונען, און פון דעם אופן, ווי אַזוי קאַראַלסקי האָט דעם שטרייק געפירט.

די לאַגע איז געווען אַזאַ:

די דייטשישע אָקופּאַציע־מאַכט האָט געהאַט רעקוויזירט פּאָליאַקעוויטשס טאַ־באַק־פאַבריק און די פאַבריק מאָדערניזירט. דאָס רוב פון די יידישע מעכאַניקערס זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין דייטשלאַנד און זייערע ערטער זענען פאַרנומען געוואָרן דורך עטלעכע פּוילישע מעכאַניקערס פון דער „גאַבלעס״־פּאַפּיראָסן־פאַבריק און אויך מיט אַראָפּגעבראַכטע מעכאַניקערס פון דייטשלאַנד. קאַראַלסקין און זיינע חברים האָט זיך איינגעגעבן אַריינצופירן אַ צאָל פרויען פון זיין פּאַרטייי־שער איינפלוס־ספערע ווי אַרבעטערינס פון דער פאַבריק. דורך דער דאָזיקער גרופּע האָט ער אָפּעריִרט אין פאַראיין און דערפירט צו אַ שטרייק.

די פאָדערונגען, וואָס זענען אַרויסגעשטעלט געוואָרן זענען געווען פאַ קאַראַל־סקאָמו: געפעפּערטע, געזאַלצענע און — אויפן הימל אַ יאַריד. שכנא קאַראַלסקי איז געווען אַ פּראַכטפולער מאַסן־רעדנער, איינער פון די גרעסטע, וואָס כ׳האָב געקענט אין דער געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין פּוילן,

אַ גאַנץ פעיִקער פּאָליטישער שרייבער, אַ רעוואָלוציאָנער אין זיינע רמח־אֵברים, און דערצו, פאַר יענער צייט — אַ זייער שיינער בלאָנדער בחור. ס'איז נישט קיין חידוש, וואָס עס האָט זיך אים איינגעגעבן אין אַ קריזיסצייט פון בונד צו געווינען פאַר זיין ריכטונג די פּאָליטיש נישט איבעריק רייפע פרויען־אַרבעטערינס פון פּאַליאַקעוויטשס פאַבריק. קאַראָלסקי איז אָבער זיין גאַנץ לעבן קראַנק געווען אויף דער מחלה, וואָס לענין האָט שפּעטער אָנגערופן „די קינדער־קראַנקייט פון קאָמור־ניזם". ווי גרויס קאַראָלסקי איז געווען ווי אַ טריבון, אַזוי נישטיק און נעבעכדיק איז ער געווען ווי אַ פּראַקטישער טוער, אַ פּשיטאַ — אויפן געביט פון דער פּראַפ. באַוועגונג. צו יענער צייט איז קאַראָלסקי געווען דער „קייסער" אין דער ייִדישער גרופּע פון ס.ד.ק.פּ.ל. און האָט נישט געהאַט איבער זיך קיין קאָנטראָל. זיין רבי און מנהיג גזשעד־קאַוואַלסקי האָט זיך געפונען אין דער מאָדלינער פעסטונג, די אָנפירונג פון ס.ד.ק.פּ.ל. האָט מיט ייִדישע ענינים נישט שטאַרק זיך אינטערעסירט און דאָס איבערגעלאָזט אויפן באַראַט פון קאַראָלסקין.

אין שטרייק האָבן זיך די מעכאַניקערס נישט באַטייליקט. די פאַבריק־דירעק־ציע איז בכוח געווען צו יעדער מינוט דעם שטרייק צו ליקווידירן. ס'איז נישט שווער געווען אין די הונגער־באַדינגונגען, וואָס האָבן צו יענער צייט געהערשט אין וואַרשע, צו רעקרוטירן ייִדישע און פּוילישע אומקוואַליפיצירטע אַרבעטערינס. די דירעקציע האָט אָבער נישט געוואָלט דעם שטרייק אַליין ליקווידירן און אַרויס־גערופן דעם סינדיק פון בערלין. מיט זיין קומען קיין וואַרשע איז צושטאַנדגעקומען אַן אמתער פּאָליטישער קווי־פּראָ־קוואָ.

דער סינדיק איז געווען איגנאַצי ליכטענבוים, דער ייִנגערער פון די צוויי ברידער, אין וועמענס פּאַלאַץ ס'האָט זיך געפונען דער שוין פון מיר דערמאָנטער פּאָליטישער סאַלאָן. איגנאַצי ליכטענבוים איז געווען אַ ראַדיקאַל־סאָציאַליסטיש געשטימטער מענטש און לאַנגע יאָרן פאַרבונדן געווען מיט די הויפּטפירערס פון ס.ד.ק.פּ.ל., אין זיין פאַמיליע־פּאַלאַץ איז פאַקטיש געשאַפן געוואָרן דער דייטשישער „ספּאַרטאַקוס־בונד". זיינע אַלטע באַקאַנטע פירערס פון ס.ד.ק.פּ.ל. טישקאָ־יאָגיכעס און מאַרכלעווסקי זענען געווען די פאַקטישע אָרגאַניזאַטאָרן און די אָרגאַניזאַציאָ־נעלע פירערס פונעם „ספּאַרטאַקוס־בונד". ווי אַ פאַבריקאַנט פון אַ טאַבאַק־פאַבריק אין בערלין איז איגנאַצי ליכטענבוים געווען אַ מיטגליד פון דער געמיינזאַמער קאָמיסיע פון די מאַשיניסטן און פון די באַלעבאַטים פון דער טאַבאַק־בראַנזשע. פירן פאַרהאַנדלונגען מיט פאַרשטייערס פון אַרבעטער אין קלענערע און אין גרע־סערע סכסוכים איז פאַר אים נישט געווען קיין נייעס. אויף דעם געביט האָט ער געהאַט אַ סך דערפאַרונג און קומענדיק קיין וואַרשע איז ער זיכער געווען, אַז ס'וועט זיך אים איינגעבן אַן שוועריקייטן צו דערליידיקן דעם שטרייק אויפן בעסטן אופן.

באַקענענדיק זיך מיט די פאָדערונגען האָט איגנאַצי ליכטענבוים אַרויסגערופן די שטרייקפירערס. אַנשטאָט צו פאַרהאַנדלען אין אַנטשטאַנענעם קאָנפליקט האָט

קאַראַלסקי פּאַרוואַנדלט די פּאַרהאַנדלונגען אין אַ מיטינג פון זיינע אַנהענגערס, געזידלט די קאַפּיטאַליסטן און דעם סינדיק איגנאַצי ליכטענבוים מיט די ערגסטע ווערטער, און געדראָט ליכטענבוימען, אַז אויף צו מאָרגנס נאָך דער רעוואָלוציע וועט ער הענגען אויף אַ וואַרשעווער אָדער אויף אַ בערלינער גאַסן־לאַמטערנע. דער תּמיד רויִקער, פאַרנעמער און דערפאַרענער אין די ענינים פון דער טאַבאַק־בראַנזשע אין בערלין, האָט קאַראַלסקיס אויפפירונג נישט געקענט פאַרטראָגן, אָפּגעזאָגט זיך מיט קאַראַלסקין צו פאַרהאַנדלען און געהייסן אים אַרויסוואַרפן פונעם האָטעל־צימער.

בקיצור, די אַרבעטערינס, דערזעענדיק, אין וואָס פאַר אַ בלאָטע זיי געפינען זיך, האָבן זיך געווענדט צום בונד ער זאָל איבערנעמען דעם פאַראיין און פאַר־ענדיקן וואָס שנעלער דעם שטרייק. זיי זענען אָבער פון אַבע פלוג אָוועקגעגאַנגען מיט נישט קיין קלאָרן ענטפער. דערוויסנדיק זיך וועגן מיר, אַז אין בערלין האָב איך געאַרבעט ווי אַ מאַשיניסט אין אַ ציגאַרעטן־פאַבריק, האָבן מיך אין אַן אָוונט אָפּגעוואַרט עטלעכע צענדליגג אַרבעטערינס און פאַרלאַנגט, אַז איך זאָל זיך אַריינ־מישן און פאַרענדיקן דעם שטרייק. דאָס איינציקע, וואָס כ׳האָב זיי געקענט ענטפערן, איז געווען, אַז כ׳וועל זייער ענין באַטראַכטן מיט מיינע חברים.

אויך איגנאַצי ליכטענבוים האָט מיך אויפגעזוכט, דערציילט אין וואָס פאַר אַ פּאַסקודנער סיטואַציע ער געפינט זיך און געבעטן, אַז איך זאָל אים העלפן אַרויס־קריכן פון דער לאַגע. מיין ענטפער איז געווען דער זעלבער: כ׳וועל דעם ענין אויפנעמען מיט מיינע חברים.

אויף אַ באַראַטונג פון עטלעכע חברים, צווישן וועלכע ס׳האָט זיך געפונען וולאַדימיר מעדעם, האָב איך פאַרנומען אַ שטעלונג, אַז דער בונד איז מחויב צו העלפן די שטרייקנדיקע אין זייער שווערער לאַגע: ער דאַרף איבערנעמען די אָנ־פירונג פון פאַראיין און פאַרענדיקן דעם שטרייק. איך האָב דערקלערט, אַז איך בין גרייט צו נעמען אויף זיך די דאָזיקע שווערע און פאַראַנטוואָרטלעכע אויפגאַבע. אַבע פלוג און יאַנעק־יאַנקעלעוויטש האָבן געהאַלטן, אַז אין די געגעבענע באַדינ־גונגען מוז זיך דער בונד אויסהיטן אַפילו פון אַ שיין פון אַריינמישונג, ווייל דאָס קען האָבן פאַטאַלע פּאָליטישע רעזולטאַטן אין די קומענדיקע פּאָליטישע געשעענישן, וועלכע ווערן דערוואַרט אין פוילן. אויך וולאַדימיר מעדעם איז געווען גענייגט צו דער מיינונג, אַז דער בונד דאַרף זיך אָפּהאַלטן פון אַריינמישן זיך אין שטרייק, מחמת דאָס אומגליק און די בלאָטע איז אַזוי גרויס, אַז דעם בונד וועט זיך נישט איינגעבן עפּעס וויכטיקס אויפצוטאָן. ער וועט זיך בלויז קאָמפּראָמעטירן אין די אויגן פון די וואַרשעווער יידישע אַרבעטער — און ביי דעם איז עס געבליבן.

די געשעענישן זענען זיך געגאַנגען זייער וועג. קאַראַלסקי איז אַרעסטירט געוואָרן, די שטרייק־אָנפירונג האָבן איבערגענומען מער קאָמפּעטענטע טוערס פון ס.ד.ק.פּ.ל. — סטאַך זאַטאָרסקי, מאַרטאַ, דער רויטער אַנדזשעי. דער שטרייק

איז געווען אַ פֿאַרשפּילטער. אַ דאַנק דער פּערזענלעכער אינטערווענץ פֿון איגנאַצי ליכטענבוים קעגן דער שטעלונג פֿון דער פֿאַבריק־אַדמיניסטראַציע זענען די שטרייקנדיקע געמאַכט געוואָרן צווײ הנחות: אַ פֿאַרקירצונג פֿון דער אַרבעטסצייט אויף 6 שעה אַ וואָך, און נישט אָפּזאָגן קײנעם פֿון דער אַרבעט צוליבן שטרייק.

צי דער בונד וואָלט דעמאָלט געווען געליטן ווען ער נעמט איבער די אָנפֿירונג פֿון שטרייק און פֿון טאַבאַק־פֿאַראיין — בין איך מסופק. אַז דער בונד האָט צוליב דעם אָפּזאָג געליטן אַ שווערע פּאָליטישע מפּלה אין טאַבאַק־פֿאַראיין בשעת די וואַלן צום וואַרשעווער אַרבעטער־ראַט — איז אַ פֿאַקט.

די ווענדונג פֿון סטאַך זאַטאָרסקי צום וואַרשעווער קאָמיטעט פֿון בונד צו דער־לויבן מיר האַלטן אַ רעפֿעראַט אין „וויעדזאַ" — איז אַקצעפּטירט געוואָרן.

די טעמע פֿון מיין רעפֿעראַט איז געווען וועגן דער רעוואָלוציאָנערער וועלט־סיטואַציע און וועגן דער לאַגע אין דייטשלאַנד.

דער לאָקאַל פֿון „וויעדזאַ" איז געווען איבערגעפּראָפּט, בעיקר מיט פּאַניענ־קעלעך, די מערסטע פֿון זיי שילערינס. געקומען זענען אויך אַ רייע גדולים פֿון ס.ד.ק.פּ.ל. און פּ.פּ.ס.־לעוויצע מיט זאַשקאַ אונשליכט און עקשטיין בראָש. דער פֿאַרזיצער האָט מיך פֿאָרגעשטעלט ווי אַ מיטגליד און טוער פֿונעם „ספּאַרטאַקוס־בונד" אין בערלין און ווי אַ לינקער אין בונד אין וואַרשע. מיין רעפֿעראַט האָט פֿאַרמאָגט אַלע גוטע רעוואָלוציאָנערע זאַכן פֿון יענער צייט און אויסגענומען ביי דעם עקזאַלטירטן יונגן עולם.

נאָכן רעפֿעראַט האָט זיך אַנטוויקלט אַ טשיקאַווער מיינונג־אויסטויש, אין פֿראַגעס און אין קורצע רעדעס, כּמעט אַלע אין פּויליש. מיט אַ מאָל שטעלט זיך אויף אַ יונג, זעלטן שיין מיידל פֿון אַ יאָר 17 און פֿרעגט מיך אין אַ נישט העפֿלעכער שפּראַך: „אויב איר זענט אַזאַ רעוואָלוציאָנער, פֿאַר וואָס שטינקט איר ביים בונדישן קרופּניק?" דער גרויסער עולם איז געבליבן געפּלעפֿט. ביי מיר האָט זיך צעשפּילט דער כּעס און מ׳האָט דערוואַרט פֿון מיר דעם אמתן ענטפֿער. כ׳האָב זיך אָבער באַהערשט און רעאַגירט מיט אַ הלצה: „קומט אַהער, יונגע חברטע, אַ ביסל נענטער. איידער איך ענטפֿער, לאָמיך אייך פֿריִער גוט אָנקוקן". דאָס מיידל האָט מיט אַ דרייסטן טראָט זיך דערנענטערט און זי איז געבליבן שטיין קעגן מיר מיט אַן אַרויס־רופֿערישער מינע. „ווען איר וואָלט געווען אַ ביסל קליגער ווי שענער, וואָלט איר געשטעלט אַ מער חכמהדיקע פֿראַגע" — האָב איך צו איר געזאָגט — און די שפּאַ־נונג האָט געפּלאַצט. דער פֿאַרזאַמלטער עולם האָט מיין ענטפֿער אויפֿגענומען מיט אַ שטורעם פֿון אַפּלאָדיסמענטן.

די געשיכטע מיט מיין דערמאָנטער אָפּאָנענטין איז נאָך נישט קיין פֿאַרענ־דיקטע. דאָס מיידל איז מיר אַריין אין אויג, אָבער מיט אַ קנאַפּער הצלחה. מיט עטלעכע יאָר שפּעטער איז זי געוואָרן אַ פֿונקציאָנאַרין פֿון דער קאָמוניסטישער

פּאַרטיי פון פּוילן. אין 1928 האָב איך זי באַגעגנט ווי אַ סטודענטין אין דער לעניןַ־
אַקאַדעמיע אין מאָסקווע, וווּ זי האָט געלערנט צוזאַמען מיט באַלעסלאַוו ביערוט,
דער שפּעטערדיקער פּרעזידענט פונעם פאָלקסדעמאָקראַטישן פּוילן און גענעראַל־
סעקרעטאַר פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין פּוילן. געווען איז דאָס מיידל אַ
שאָטן פון אַ מענטש, זי האָט איבערגעלעבט אַ שווערע פּערזענלעכע טראַגעדיע:
דער מאַן אירער, אַ פּאַרטיי־פונקציאָנאַר, אַ פּאָליאַק, איז דעמאַסקירט געוואָרן ווי
אַ פּראָוואָקאַטאָר, און איינע פון זיינע קרבנות איז געווען זיין אייגענע פרוי.

ליידער געדענק איך נישט איר פּערזענלעכן און נישט איר פּאַרטיי־פּסעוודאָנים.
צי האָט זי איבערגעלעבט דעם פינצטערן סטאַלין־פּעריאָד? אָדער האָט זי זיך
אומגעקערט קיין פּוילן און אומגעבראַכט געוואָרן דורך די היטלער־בעסטיעס?
לעבט זי אפשר? ס'וואָלט זיך זייער געוואָלט וועגן דעם וויסן.

דער „פריינדן־קרייז" איז געווען אַ מין פּריוואַטער קלוב פון עטלעכע צענדליגג
מענטשן, מענער און פרויען, און געהאַט פאַר אַ ציל צו אַנטוויקלען פּערזענלעכע
פריינדשאַפט און אויפצוהייבן דעם קולטור־ניוואָ פון זיינע מיטגלידער. פאַר דעם
צוועק פלעגן אינעם דאָזיקן קרייז אָפּגעהאַלטן ווערן לעקציעס, רעפעראַטן און דיס־
קוסיעס אויף פאַרשיידענע טעמעס.

דער הויפּט־אָנפירער פונעם דאָזיקן קרייז איז געווען אַבע קאַנטאָר, אַ פּאָליציי־
מיליציאָנער. מיט אַ קורצער צייט שפּעטער איז אַבע קאַנטאָר באַקאַנט געוואָרן ווי
דער „וויסער אַבע", אַ טריקאָטאַזש־אַרבעטער פונעם פאַך. אַבע קאַנטאָר איז גע־
וואָרן אַ טוער אין טעקסטיל־פאַראיין, אַ מיטגליד פון בונד. נאָך דער שפּאַלטונג
פון בונד איז ער טעטיק געווען אין קאָמבונד און זיך אַרויסגערוקט ווי אַ באַדייטנ־
דיקער אָנפירנדיקער טוער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פּוילן.

דעם „פריינדן־קרייז" האָבן באַזוכט אַ רייע מיטגלידער און טוערס פון דער
בונדישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „צוקונפט". איך בין פאַרבעטן געוואָרן צו האַלטן
אַ רעפעראַט אויפן דאָזיקן קרייז.

די טעמע פון מיין רעפעראַט געדענקט זיך נישט. ס'האָט משמעות געמוזט זיין
וועגן אַ „היזכער מאַטעריע". כ'געדענק נעמלעך, אַז כ'האָב זיך באַנוצט מיט פלע־
כאַנאָוו, פייערבאַך און העגעל. מיין רעפעראַט האָט נאַטירלעך געהאַט אַ מאַרקסיס־
טישן איינשטעל. קעגן מיינע טעזן און אויספירן איז אַרויסגעטראָטן דער דעמאָלט־
דיקער „צוקונפט"־טוער זאַלאַטאַוו. זאַלאַטאַוו איז דעמאָלט געווען אַן אויסגעשפּראָ־
כענער אַנטי־מאַרקסיסט* און העפטיק אַטאַקירט מיין מאַרקסיסטישן איינשטעל פון
דער געגעבענער טעמע. זאַלאַטאַוו איז אונטערגעהאַלטן געוואָרן אויך פון אַנדערע

* זאַלאַטאַוו איז שפּעטער געוואָרן אַ מאַרקסיסט, אוועק פון דער „צוקונפט" מיט דער „קאָמצוקונפט" און געווען אַן אינטעלעקטועלער טוער אין דער קאָמ. פּאַרטיי פון פּוילן. זיין מעמאָראַנדום צום צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פאַראייניקטער אַרבעטער־פּאַרטיי

רעדנערס. ס׳האָט אויסגעזען, אַז מיין ערשטער אַרויסטריט אין „פריינדן־קרייז״ איז אַן אַדורכפאַל.

אין דער דיסקוסיע האָט גענומען אַ וואָרט אַ מיטלוועקסיקער יונגער־מאַן, וועלכער איז מיר ביז דאַן געווען אומבאַקאַנט. זיין אופן פון רעדן איז געווען אַ טיפיש ישיבה־בחורישער און מיט קנאַפּע רעטאָרישע פעיִקייטן, אָבער מיט גוטע מאַרקסיסטישע ראיות און ער האָט פאַרטיידיקט די טעזן פון מיין רעפעראַט. מיין דערוואַרטע מפּלה האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ נצחון.

מיין רעטער איז געווען שלום הערץ — דער היינט־באַקאַנטער בונדישער היסטאָריקער און זשורנאַליסט י. ש. הערץ־האַרט.

ווען כ׳האָב זיך פאַראינטערעסירט מיטן דאָזיקן חבר, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז נישט קיין פּנים־חדשות אין די בונדישע קרייזן, נאָר איינער פון די אַקטיווסטע טוערס פון „צוקונפט״.

ווען כ׳בין צום צווייטן מאָל געקומען רעדן אויפן דערמאָנטן קרייז, אויף אַ דירעקט־פּאָליטישער טעמע, איז מיר שוין נישט שווער געווען צו מאַכן אַ דערפאָלג־רייכן אַפּעל, אַז דער דאָזיקער קרייז זאָל אָדער ענדערן זיין אַנטי־פּאַרטייִשן כאַראַקטער אָדער זיך פונאַנדערלאָזן און די מיטגלידער זאָלן ווערן אינטעגרירט אין בונד און אין „צוקונפט״.

דער קרייז איז זיך פונאַנדערגעפאַלן און כמעט אַלע מיטגלידער פונעם „פריינדן־קרייז״ זענען געוואָרן טעטיק אין בונד און אין דער קאָם. פּאַרטיי פון פוילן.

## די אָפּאָזיציע

וואָס מער כ׳האָב זיך איינגעבירגערט אין דער בונדישער פּאַרטיי־אַרבעט און געניִער זיך באַקענט מיט די שטימונגען פונעם ברייטן אַרבעטער־עולם, אַלץ מער און אַלץ פאַרעקשנטער איז געוואַקסן דער באַגער צו שאַפן אַן אָרגאַניזירטע פּראָ־באָלשעוויסטישע אָפּאָזיציע אין בונד. די קעגנערשאַפט מצד די לינק־געשטימטע פירנדיקע טוערס האָט מיך געערגערט און גלייכצייטיק געהעמט פון מאַכן אַן איבערגעאיילטן שריט.

די „רעבעליע״ אין דער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע פון בונד האָט זיך קאָנצענטרירט אינעם בויפאַראיין. די הויפּטטוערס פון דאָזיקן פאַראיין: זוסמאַן — איינער פון דער גרופּע „לאָמזשער״, פישער — דער סעקרעטאַר פון פאַראיין, דער אַלטער

פון פוילן, צוזאַמען מיט וואַזשיקס באַרימטער פּאָעמע, זענען געווען דער אידעאָלאָגיש־פּאָליטישער פונדאַמענט פון דער פוילישער „אָקטאָבער־רעוואָלוציע״ אין 1956, וואָס האָט געבראַכט וולאַדיסלאַוו גאָמולקאַן צו דער מאַכט.

משה סטאָליאַר, סענדער מאַלאַזש — אַן אַקטיוויסט פון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „צוקונפט", זענען מוכן־ומזומן געווען צו העלפן שאַפן אַן אָרגאַניזירטע אָפּאָזיציע. דאָס האָט געמיינט הן האָבן צו דער דיספּאָזיציע אַ צאָל אַקטיווע טוערס, הן אַ וויכטיקע פּאָזיציע צום אָפּערירן. איך האָב אָבער מורא געהאַט זיך צו פֿאַרבינדן מיט די דאָזיקע מענטשן. זיי זענען דורך מיר באַטראַכט געוואָרן נישט פֿאַר קיין בונדיסטן און נישט פֿאַר קיין באָלשעוויקעס, נאָר פֿאַר אַנאַרכיזירטע הפקר־פּעטרושקע־מענטשן.

אין מיינע אויגן זענען די דערמאָנטע טוערס פֿונעם בויפֿאַראיין געווען ערגער פֿון די עסדעקעס. די עסדעקעס זענען געווען אַסימילאַטאָרן, אָפֿן געפּרעדיקט אַסימילאַציע ווי אַ לייזונג פֿון אַלע יידישע ענינים, אָבער רעוואָלוציאָנערן און מאַרקסיסטן לכל הדעות. דאַקעגן די טוערס פֿונעם בויפֿאַראיין האָבן געשמעקט מיט הפקרות. זייער „פּאָליטישע פֿילאָסאָפֿיע" איז געווען: היינט שטייט פֿאַרן אַרבעטער־קלאַס די איינציקע אויפֿגאַבע — מאַכן די סאָציאַלע רעוואָלוציע און פֿאַרניכטן דעם קאַפּיטאַליזם מיט די קאַפּיטאַליסטן צוזאַמען. נאַפּליעוואַט מיט די יידישע ענינים. די וועלט וועט נישט אונטערגיין אויב ס׳וועט נישט עקסיסטירן קיין יידיש פֿאָלק — האָט זוסמאַן, דער אידעאָלאָג פֿונעם בויפֿאַראיין, אונטערגעהאַלטן פֿון זיינע אַדיוטאַנטן, אַרגומענטירט בשעת מיינע געשפּרעכן מיט די טוערס פֿונעם בויפֿאַראיין. פֿאַרבינדן זיך מיט די דאָזיקע מענטשן, בפֿרט מאַכן פֿון זיי אַ באַזע פֿון אַן אינערלעכער פּאַרטיי־אָפּאָזיציע, וואָלט מיך געקענט פֿאַרשלעפּן אין אַ פּאָליטישער שאול־תחתיה.

איך האָב געוואָרנט דעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פֿון בונד וועגן דער געפֿאַר, וואָס עס דראָט מצד די פֿירערס פֿונעם בויפֿאַראיין און פֿאַרלאַנגט דורכצופֿירן אַן ענלעכע אָפּעראַציע, ווי די וואָס וויקטאָר שולמאַן האָט אין דעם פֿאַראיין דורכגעפֿירט קעגן ווייסן משה אין דער צייט פֿון אויפֿבוי פֿונעם בויפֿאַראיין: באַזייטיקן עטלעכע מענטשן פֿון דער אָנפֿירונג פֿון פֿאַראיין און באַזעצן די פֿאַרוואַלטונג מיט פֿאַרלאָזלעכע חברים. גלייכצייטיק זאָל דער פּאַרטיי־קאָמיטעט זיך ווענדן צו ס.ד.ק.פּ.ל. מיט דער וואָרענונג, אַז איר יידישער סעקטאָר זאָל זיך נישט קוואַפּען צו דעראָבערן די געגעבענע פֿאַראיין־פֿירערס, וועלכע שטעלן מיט זיך פֿאַר אַן אידעיש און פּאָליטישווילדפֿלייש אין דער מחנה פֿון רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם. קיין גרויסע פּעולה האָבן מיינע פֿאַרשלאָגן נישט געהאַט, זיי זענען אונטערגעשאַצט געוואָרן. יאַנעק־יאַנקעלעוויטש האָט זיך אונטערגענומען „אַ קוק צו טאָן" וואָס דאָרט טוט זיך, און ווען מ׳האָט דעם ענין גענומען ערנסטער, איז שוין געווען צו שפּעט: בשעת די וואַלן צום וואַרשעווער אַרבעטער־ראַט האָט דער בויפֿאַראיין פֿאַרלאָזט דעם בונד, איז געגאַנגען מיטן „לינקן בלאָק" און געוואָרן אַ וויכטיקע פּאָזיציע פֿאַר דער אָקערשט געשאַפֿענער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פֿון פּוילן. פֿישער און סענדער מאַלאַזש זענען שפּעטער געוואָרן קאָמוניסטישע טוערס. זוסמאַן איז

אַוועק אין ראַטן־פאַרבאַנד און צוריקגעקומען ווי אַן עמיסאַר פון אַ סאָוועטישער געהיים־אַגענטור.

די אָרגאַניזאַציאָנעלע פאַרמירונג פון דער ערשטער וואַרשעווער פּאַרטיי־אָפּאָזיציע אין בונד, איז אַנטשטאַנען אַ דאַנק אַ צופאַל. דער אומדירעקטער גורם איז געווען — דער דיכטער דוד איינהאָרן.

כּמעט יעדן שבת פּאַר נאַכט פלעג איך אַרויפקומען אין גראָסער־קלוב אָפּרוען זיך נאָך אַ טאָג שווערער פּאַרטיי־שער און געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. נעמען אין בופעט אַ פּאָרציע שפּייז, אַ קיבעץ טאָן דעם בופעטשיק, דעם יונגן וויצעק — דעם סאַמע רעכטסטן פון די טוערס פון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „צוקונפט", און כאַפּן אַ מוטל מיט חברים: רעדן מיט זיי וועגן וויכטיקע און נישט וויכטיקע אָנגעלעגנהייטן, אַ ביסל רכילות און לשון־הרע.

אין איינעם אַ שבת־פאַרנאַכט בין איך אַרויף אין גראָסער־קלוב, גענומען מיין פּאָרציע שפּייז, אָפּגעקיבעצט וויצעקן ווי ס׳געהערט צו זיין, געקריגן פון אים אַ בייסיקן ענטפער און געלאָזט זיך מיט דער טאַץ שפּייז אין גרויסן זאַל אַריין. קיין אָרט ווו זיך אַוועקצוזעצן איז נישט געווען. שפּאַנענדיק מיט דער טאַץ שפּייז איבערן זאַל האָב איך באַמערקט, אַז אין סאַמע ווינקל לעבן דער עסטראַדע, מיין באַליבטן פּלאַץ אין די אָוונטן ווען ס׳פלעגן פאָרקומען די דיסקוסיע־פאַרזאַמלונגען, איז כּמעט ליידיק אַ טישל, פאַרנומען בלויז פון איין מענטש, וועלכער האַלט אָנגעשפּאַרט די עלנבויגנס אויפן טישל און דעם קאָפּ אין די האַנטפלאַכן, ווי ער וואָלט געזעסן און געדרעמלט. כ׳בין צוגעגאַנגען, אַוועקגעשטעלט די טאַץ אויפן טישל און געוואָלט זיך לאָזן זוכן אַ שטול צום זיצן, נישט לייגנדיק קיין אַכט אויפן מענטש ביים טישל. אַגב, איז ער מיר געווען אומבאַקאַנט. דער אומבאַקאַנטער האָט זיך אַ ריס געטאָן פון זיין זיצפּלאַץ און אַ געשריי געטאָן: „וואָס איז דאָס פּאַר אַ העזה צו שטערן יענעמס רו? ווו זענט איר געבוירן געוואָרן — אין אַ פּושטשע צווישן ווילדע מענטשן? ווו האָט איר זיך אויפגעהאָדעוועט — צווישן בהמות? טראָגט אייך שוין אָפּ פון דאַנען, אויב נישט וואַרף איך דאָס אַלץ אין אייער בהמהשן קאָפּ אַריין"! — און ער האָט אויפגעהויבן די פויסטן ווי אַ באָקסער צו אַ געפעכט. דער מיר אומבאַקאַנטער האָט מיך משמעות דערקענט. ער האָט אַראָפּגעלאָזט די פויסטן און מיט אַ שטימע אָנגעפילט מיט האַס צו מיר געשריגן: „אַ, דאָס זענט איר, דער באַלשעוויסטישער פלוידערזאַק. אַלע זענט איר גלייך איינער צום אַנדערן, די גרויסע ווי די קליינע באַלשעוויסטישע חזירים, אָן טאַקט, אָן דרך־ארץ און אָן דער מינד־סטער באַציִונג צו אַ צווייטן".

כ׳בין געבליבן שטיין ווי אַ פּריטשמיעלעטער. אויף אַזאַ סאָרט אָנגריף אין גראָסער־קלוב האָב איך זיך נישט געריכט. ווען איך בין געקומען צו זיך און געוואָלט געבן דעם אומבאַקאַנטן אַ געהעריקן ענטפער, האָבן חברים, וועלכע האָבן זיך צוליב די געשרייען פאַרזאַמלט אַרום אונדז, מיך אַ נעם געטאָן אונטער די אָרעמס, צוגע־

פירט צו אַ טישל, געבראַכט דאָס טעצל מיט שפּייז און זיך באַמיט מיך צו באַרויִקן.

אויף מיין פראַגע, ווער איז דאָס דער פּאַרשוין, וועלכער דערלויבט זיך צו כוליגאַנעווען אין גראַסער־קלוב, האָבן די חברים מיך אָנגעקוקט מיט שטוינונג: „איר ווייסט נישט ווער דאָס איז? דאָס איז דאָך דער חבר איינהאָרן, דער דיכטער״!

די ידיעה, אַז דער אָנגרייפער איז געווען דער דיכטער דוד איינהאָרן, צו יענער צייט — און נאָך היינט — איינער פון די צוויי מיינע באַליבטסטע ייִדישע דיכטערס, דוד איינהאָרן און לייב ניידוס, האָט מיך נאָך מער שאָקירט. איך האָב געענטפערט די חברים: „ווי קענען אין אַ מענטש זיך געפינען אַזעלכע סתירות — שרייבן אַזעלכע צאַרטע לירישע לידער, און זידלען זיך ווי אַ מאַרק־ייִדענע אין אַזאַ פּלאַץ ווי דער גראַסער־קלוב״?

ביים טישל, צו וועלכן איך בין צוגעזעצט געוואָרן, האָבן זיך געפונען נאָך 4 חברים: קאַשעוווניק, אַ גראַדנער, אַ באַאַמטער אין דער אַדמיניסטראַציע פון די „לעבענס־פראַגען״, לויטן אויסזען — אַ צווילינג־ברודער פון אַ שימפּאַנזע, אָבער מלא וגדוש מיט וויסן (שפּעטער, אַ מיטאַרבעטער פון „עמעס״ אין מאָסקווע. איינער פון די ערשטע סטאַלין־קרבנות); דער איידעלער און עלעגאַנטער האָלאַנד, אַ בייטל־מאַכער, איינער פון די גרינדערס פון לעדער־גאַלאַנטעריע־פאַראיין (געשטאָרבן אין פּאַריז אין 1961 אָדער 1962); אַן אַרבעטער, אַ פּשיזשוע־בייגער (אַ וואַלקער, זיין נאָמען לײדער פאַרגעסן), אַן אַלטער בונדיסט; און דאַדיע, אַן אינטעליגענטער און פעיִקער בחור, איינער פון די וויכטיקסטע טוערס פון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „צוקונפט״, צו יענער צייט דער סעקרעטאַר פונעם ייִדישן לעדער־אַרבעטער־פאַראיין (אין 1919 אַוועק אין ראַטן־פאַרבאַנד. אומגעקומען אין די שלאַכטן אויף אוקראַיִנע). ס'האָט זיך פאַרפירט אַ שמועס צווישן די פינף חברים וועגן דעם אָקערשט פאַרגעקומענעם אינצידענט מיט דוד איינהאָרן. דער שמועס איז אַריבער וועגן אינערלעכע בונדישע פאַרטיי־ענינים און וועגן אַ פאַרטיי־אָפּאָזיציע.

שמועסנדיק אויף דער טעמע פאַרטיי־אָפּאָזיציע, האָט קאַשעוווניק מיר געמאַכט פאָרוווּרפן, אַז איך האָב נישט קיין קוראַזש. אויף דער טריבונע בין איך אַ גאַנצער צעלייגער, אָבער אַז מ'דאַרף ממשותדיק עפּעס טאָן אין קאַמף מיט די רעכטע, קריג איך קאַלטע פיס. אויך די אַנדערע האָבן אויסגעזעצט קעגן מיין פּאַסיוויקייט צו שאַפן אַן אינערלעכע פאַרטיי־אָפּאָזיציע. כ'בין קאַשעוווניקן און די אַנדערע נישט געבליבן שולדיק קיין ענטפער. דער רעזולטאַט פונעם שמועס איז געווען, אַז די פינף שמועסערס האָבן באַשלאָסן צו ווערן די איניציאַטיוו־גרופּע פון אַ פּראָ־באָלשעוויסטישער בונדישער פאַרטיי־אָפּאָזיציע.

חוץ די 5 אָריגינעלע זענען צוגעשטאַנען נאָך 6 חברים: שאַיע קאַמאַשנמאַכער, צו יענער צייט דער וויכטיקסטער טוער אין לעדער־פאַראיין; אַ סטאָליאַר־אַרבע־טער, איינער פון די גרינדערס פונעם פאַראיין, אַ בונדיסט נאָך פון די צאַרישע צייטן, זיין נאָמען האָב איך לײדער פאַרגעסן, ס'געדענקט זיך בלויז, אַז אין די יאָרן

1921–1918 איז ער געװען אין משך פון א קאדענץ א מיטגליד פונעם װארשעװער פארטײ־קאמיטעט פון בונד און נאך דער שפאלטונג — פארבליבן אין בונד; א געװעזענער מעטאל־ארבעטער, אויך זײן נאמען געדענק איך לײדער נישט. ס׳געדענקט זיך אבער װעגן אים פאלגנדיקע פרטים: אין די יארן פון דער ערשטער װעלט־מלחמה איז ער געװען א צײט אין בערלין און א מיטגליד פון י.ל. פרץ־פאראײן און פון דער בונדישער פראקציע. צוריקקומענדיק קײן װארשע, נאך פאר מיר, איז ער געװארן א טרעגער, א װעגעלע־טרעגער. געװען א מיטגליד פון דער קאמבונדישער פראקציע. בשעת דער שפאלטונג געבליבן אין בונד. געװען טעטיק אין טראנספארט־פאראײן, א דאזאר אין דער װארשעװער ייִדישער קהלה, א דער־װײלטער פון דער בונדישער ליסטע. װעגן די איבעריקע דרײ בין איך נישט אבסאלוט זיכער, דעריבער לאז איך זײ ארויס פון דער רשימה.

אויף א באראטונג פון די עלף חברים איז אנגענומען געװארן א מין דעקלא־ראציע: תקופה פון סאציאלער רעװאלוציע. די פאליטישע מלוכה־מאכט דורך ארבעטער, פויערים און סאלדאטן־ראטן. דיקטאטור פון פראלעטאריאט. די באל־שעװיסטישע אקטאבער־רעװאלוציע — דער אנהײב פון דער סאציאלער װעלט־רעװאלוציע. אן אײנהײטלעכע רעװאלוציאנער־סאציאליסטישע פארטײ אין פוילן, אין װעלכער דער ייִדישער סעקטאר זאל זײן ארגאניזירט אין די ראמען פונעם בונדישן ארגאניזאציע־פרינציפ. פירן אין דער פארטײ, אין די ראמען פון פארטײ־דיסציפלין און אויך אויסער דער פארטײ־ספערע, צװישן די פארטײ־מיטגלידער און צװישן די ייִדישע ארבעטער, אן אגיטאציע און פראפאגאנדע פאר די פרינציפן פון רעװאלוציאנערן סאציאליזם.

דאס כאראקטעריסטישע פון דער דערמאנטער אפאזיציע איז געװען, װאס מיטן אויסנאם פון הערשל מעטאלאװיעץ, װעלכער איז געװען א מיטגליד פונעם װאר־שעװער פארטײ־קאמיטעט פון בונד, האט קײנער נישט געהערט צום קרײז פירנדיקע פאליטישע טוערס.

די אפאזיציע האט איר טעטיקײט אנגעהויבן מיט פארעפנטלעכן א רײע דאקו־מענטן: קאשעװניק און דאדיע האבן איבערגעזעצט דאס צו יענער צײט בארימט און פאפולער געװארן ארטיקל פון קלארא צעטקין: „דורך דיקטאטור צו דעמא־קראטיע״. קאשעװניק און איך האבן אנגעשריבן אן ארטיקל אונטער א שרײענדיק קעפל: „דװקא דורך דיקטאטור פון פראלעטאריאט״. אלײן האב איך אנגעשריבן, געניער, דיקטירט, אן ארטיקל װעגן דער מעגלעכקײט און נויטװענדיקײט פון דער נאציאנאל־קולטורעלער אויטאנאמיע אונטער דעם ראטן־סיסטעם.

איך בין געװארן באפולמעכטיקט צו זײן דער אויסערלעכער רעפרעזענטאנט פון דער גרופע און צו פארהאנדלען מיט דער רעדאקציע פון די „לעבענס־פראגן״, אז די צײטונג זאל דרוקן די מאטעריאלן, װאס די גרופע װעט צושטעלן.

װלאדימיר מעדעם האט קאטעגאריש זיך אפגעזאגט צו דרוקן אפילו א שורה,

אַפילו נישט דאָס אַרטיקל פון קלאַראַ צעטקין. מעדעם האָט מאָטיווירט זיין אָפּזאָג מיטן אַרגומענט, אַז אין בונד זענען נישט געווען, נישטאָ, און ס׳וועלן נישט זיין קיין אָרגאַניזירטע פראַקציעס און ער וועט נישט דרוקן קיין שום זאַך, וואָס וועט צו אים דערגיין מצד אַ נישט־אויטאָריזירטער פּאַרטיי־אינסטאַנץ. יחידים, פּאַרטיי־מיטגלידער און אַפילו נישט קיין פּאַרטיי־מיטגלידער, האָבן אַ רעכט צו פּאַרעפנטלעכן זייערס אַן אַרטיקל, אויב די רעדאַקציע געפינט עס פאַר נוצלעך און דרוקפעיק, אָבער פון קיין גרופּעס אָדער פראַקציעס, ווי גוט געשריבן און ווי אַקטועל דאָס מאַטעריאַל זאָל נישט זיין, וועט מען קיין מאַטעריאַלן נישט אָננעמען.

מיט וולאַדימיר מעדעם איז מיר אויסגעקומען צו פירן אַ היפּש ביסל געשפּרעכן וועגן דרוקן די פון מיר צוגעשטעלטע מאַטעריאַלן, אָבער אָן דער מינדסטער פּעולה. מעדעם איז געווען האַרט ווי גראַניט. איין מאָל, בשעת אַ העפּטיקער אַרגומענטאַציע פון מיין זייט, האָט וולאַדימיר מעדעם רעאַגירט מיט פּאָלגנדיקע ווערטער: „איך האָב די פון אייך געבראַכטע מאַטעריאַלן געלייענט. זיי זענען טשיקאַווע און נישט שלעכט אָנגעשריבן. וועגן דרוקן קען קיין רייד נישט זיין. איך וועל זיי אָבער לאָזן אין אַרכיוו. זאָל זיך דערמיט פאַרנעמען אַ קומענדיקער היסטאָריקער".

געפינט זיך אפשר עפּעס פון דעם דערמאָנטן מאַטעריאַל אין דעם בונדישן קורסקי־אַרכיוו? הלוואי.

די ערשטע אָרגאַניזירטע אָפּאָזיציע פון דער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע פון בונד האָט קיין גרויסע זיבן זאַכן נישט אויפגעטאָן, און נישט געהאַט קיין אַריכת ימים. נאָך פאַר דער נאָוועמבער־רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד איז זי זיך צעשוווּמען און נישט איבערגעלאָזט קיין שום שפּורן. ס׳געדענקט זיך נישט, מ׳זאָל זי האָבן ווען עס איז דערמאָנט לגנאי אָדער לשבח. דאָס איינציקע מאָל, וואָס ס׳איז וועגן דעם דאָזיקן עפּיזאָד אין בונד דערמאָנט געוואָרן, איז געווען פון וולאַדימיר מעדעם אויפן בונדישן צוזאַמענפאָר אין קראָקע, פּסח 1920. בשעת זיין רעדע אויפן דערמאָנטן צוזאַמענפאָר האָט וולאַדימיר מעדעם אַ טייל פון זיין רעדע געווענדט דירעקט צו מאיר (חיים) וואַסער, דעם הויפּטפירער פון דער לינקער מערהייט אויפן צוזאַמענפאָר, און געזאָגט האָט מעדעם אומגעפער פאָלגנדיקס: „קוקט אַריין, חבר מאיר, אין אַ שפּיגל, וועט איר דערזען דאָס פּאָליטישע פּנים פון חבר הערשל מעטאַלאָוויעץ, ווען ער האָט פּראָבירט שאַפן אַן אָפּאָזיציע אין דער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע אין 1918. אין אַ יאָר אַרום, אויב איר וועט זיך ווידער איינקוקן אין שפּיגל, וועט איר דערזען דאָס פּנים פון חבר הערשל מעטאַלאָוויעץ פון היינטיקן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר — סיידן איר וועט זיך באַדענקען און קומען צו אונדז".

די סיבה אָדער סיבות, פאַר וואָס די ערשטע אָרגאַניזירטע אָפּאָזיציע אין דער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע פון בונד איז געווען אַ מפּלונג, איז אַ פאַרשיידנאַרטיקע. דאָס אָרט פאַר אַזאַ אָפּהאַנדלונג איז אין אַ סאָציאָלאָגישער שטודיע און נישט אין קיין זכרונות. איך קען זיך אָבער נישט באַפרייען פונעם אינערלעכן דראַנג נישט

צו קאָנסטאַנטירן, אַז דער אינהאַלט פון דער אַנגענומענער דעקלאַראַציע אויף דער באַראַטונג פון די עלף חברים, װעלכע האָבן זיך קאָנסטיטויִרט װי אַ פּראָ־באָלשע־װיסטישע אָפּאָזיציע אין בונד אין װאַרשע סוף אויגוסט אָדער אין דער ערשטער העלפט סעפּטעמבער 1918, איז געװאָרן די פּלאַטפאָרמע פון דער שפּעטערדיקער לינקער פראַקציע אין בונד, און נאָך דער שפּאַלטונג פון דער לינקער פראַקציע יום־כיפור 1921 — דער גרונט־יסוד פון דער קאָמבונדישער פראַקציע אין בונד און פון קאָמבונד װי אַ פּאַרטיי.

דאָס פּיקאַנטע אין דער געשיכטע פון דער אַנטשטייונג פון דער ערשטער פּראָ־באָלשעװיסטישער אָפּאָזיציע אין בונד אין װאַרשע, אונטער דער דייטשישער אָקו־פּאַציע און ערב דעם אויפקום פון דער פּױלישער מלוכה, איז געװען, װאָס זי איז אַנטשטאַנען אַ דאַנק אַ צופאַל. און דער אומדירעקטער גורם איז געװען דער כּפול־שמונהדיקער אַנטי־באָלשעװיק — דער דיכטער דוד אײנהאָרן.

## אַ נאַכט צום געדענקען

עס האָט זיך דערנענטערט דער 7טער נאָװעמבער, דער ערשטער יאָרטאָג פון דער אָקטאָבער־רעװאָלוציע אין רוסלאַנד. אויפן טאָג־אָרדענונג פון װאַרשעװער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד האָט זיך געפונען דאָס פּראָבלעם פון אַ פייערונג. אַ מערהייט איז געװען דערפאַר, אַז דער יאָרטאָג דאַרף דורך דעם בונד פאַרצייכנט װערן. מיינער אַ פאָרשלאָג װעגן אַ גרויסער עפנטלעכער פייערונג לכּבוד דעם ערשטן יאָרטאָג פון דער רעװאָלוציע, איז נאָך לאַנגע און היציקע דעבאַטעס אָפּגעװאָרפן געװאָרן. ס׳איז באַשלאָסן געװאָרן צו אָרגאַניזירן רעפעראַטן װעגן דער אָקטאָבער־רעװאָלוציע אין די ראַמען פון דער פאַרטיי־ספערע — פאַרטיי־גרופּעס און פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. דער מינדערהייט אין קאָמיטעט, די קעגנערס פון דער אָקטאָבער־רעװאָלוציע, איז געגעבן געװאָרן דאָס רעכט פון קאָ־רעפעראַטן אויף די פאַרטיי־גרופּעס.

אין דער דאָזיקער אַקציע בין איך געװען זייער אַקטיװ. ס׳איז מיר צום ערשטן מאָל אויסגעקומען זיך צו באַגעגענען מיט הערשל הימעלפאַרבן, װעלכער איז אָקערשט געהאַט געקומען קיין װאַרשע און באַלד געקריגן אַ נאָמען פון אַ גוטן רעדנער און פון אַ פאַרביסענעם אַנטי־באָלשעװיק. בעת אונדזערע געמיינזאַמע אַרויסטריטן אויף די פאַרטיי־גרופּעס, פאַר און קעגן דער אָקטאָבער־רעװאָלוציע, האָט נישט געפעלט קיין פייערװערק. די אַבסאָלוטע מערהייט פון די בונדישע פאַרטיי־מיטגלידער אין װאַרשע, און אַזוי אויך אויף די פאַראיין־פאַרזאַמלונגען, זענען געװען אויסגעשפּראָכן פאַר דער אָקטאָבער־רעװאָלוציע.

די רעכטע אין דער פּאַרטיי האָבן געזוכט אַ געלעגנהייט עפנטלעך צו דעמאַנ־סטרירן זייער קעגנערשאַפט צו דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, און די פאַרוואַלטונג פון גראָסער־קלוב, וועלכע איז אין איר מערהייט באַהערשט געווען פון דעם סאַמע רעכטסטן פּאַרטיי־עלעמענט, האָט באַשלאָסן איינצואָרדענען אַ רעפעראַט וועגן דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע מיט וולאַדימיר מעדעם ווי דער רעפערענט.

דער דאָזיקער באַשלוס האָט אַרויסגערופן אַליידנשאַפטלעכע דיסקוסיע אויפן וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד. דאָס פּראָבלעם איז געווען, צי קען און מעג אַ פּאַרטיי־סובסטיטוט, למשל, אַן אָנפירונג פון אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַראייך, וואָס באַשטייט פון אַ מערהייט פון פּאַרטיי־בונדיסטן, איינאָרדענען אַן עפנטלעכע אונ־טערנעמונג, וואָס איז אין סתירה צו די באַשלוסן פונעם פּאַרטיי־קאָמיטעט, בפרט דער גראָסער־קלוב, וואָס איז אַ דירעקט פּאַרטייאישע אינסטיטוציע.

פאַרנומען האָב איך אַ שטעלונג, אַז קיין שום פּאַרטיי־גרופּע, אויף וואָס פאַר אַ פּאָזיציע זי זאָל זיך נישט געפינען, האָט נישט קיין רעכט איינצואָרדענען עפנט־לעכע אונטערנעמונגען און צו פירן אַ פּאָליטיק, וואָס איז אין סתירה צו פּאַרטיי־באַשלוסן. כ׳האָב פאָרגעלייגט צו אַנולירן דעם באַשלוס פון דער פאַרוואַלטונג פון גראָסער־קלוב און איינאָרדענען אַ רעפעראַט אין גראָסער־קלוב מיט אַן אָנהענגער פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע ווי אַ רעפערענט.

וואָס שייך די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, איז די איינשטימיקע מיינונג געווען, אַז דער פּאַרטיי־קאָמיטעט קען נישט דירעקט אַנולירן באַשלוסן, מחמת דאָס וואָלט געווען אין אַ קעגנזאַץ צו דער פּאַרטיי־שטעלונג פון נישט פּאַרטייאישקייט און זעלב־שטענדיקייט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. וואָס שייך דעם גראָסער־קלוב, האָט אַ מערהייט זיך אַרויסגעזאָגט, אַז זיין האַנדלונג איז אין סתירה צו דער פּאָלי־טישער און אָרגאַניזאַציאָנעלער פּאָליטיק פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט, אָבער נישט מסכים געווען מיט מיין פאָרשלאָג צו אַנולירן דעם באַשלוס פון דער פאַרוואַלטונג פון גראָסער־קלוב, מחמת דער גראָסער־קלוב איז נישט קיין פּאַרטיי־גרופּע און צום קלוב קענען געהערן אויך אַקטיוויסטן, סימפּאַטיקערס פון בונד. ס׳איז אָנגענומען געוואָרן אַ קאָמפּראָמיס־פאָרשלאָג: דער קאָמיטעט האַלט דעם באַשלוס פון דער פאַרוואַלטונג פון גראָסער־קלוב פאַר אַ פאַרלעצונג פון פּאַרטיי־דיסציפּלין און רעקאָמענדירט ס׳זאָלן זיין צוויי רעפערענטן: די חברים וולאַדימיר מעדעם און הערשל מעטאַלאָוויעץ. די פאַרוואַלטונג פון גראָסער־קלוב האָט אָפּגע־וואָרפן די רעקאָמענדאַציע פון צוויי רעפערענטן מיטן מאָטיוו, אַז די רעפעראַטן אין גראָסער־קלוב זענען תמיד פאַרבונדן מיט דיסקוסיעס און די חברים וועלן קענען דיסקוטירן אויב ס׳וועט זיי עפּעס נישט געפעלן אין מעדעמס רעפעראַט.

מעדעמס אַרויסטריט וועגן דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, וואָס האָט, ווי גע־וויינלעך געדאַרפט פאָרקומען אין אַ שבת אין אָוונט, האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן אינטערעס. די לינקע און די רעכטע האָבן געפּלאַנט אויסצונוצן דעם אָוונט כדי

צו פּראָפּאַגאַנדירן זייער שטעלונג צו דער פאַרגעקומענער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד און צו די אַקטועלע ענינים פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־קלאַס. געוווּסט האָט מען, אַז אויף דעם אָוונט וועט זיין הייס און לעבעדיק.

אין דעם געגעבענעם שבת אין אָוונט איז דער זאַל פון גראָסער־קלוב געווען איבערגעפּאַקט און די טירן זענען געווען ברייט צעעפנט. אין די זייטיקע צימערן און אין די קאָרידאָרן איז מען געשטאַנען קאָפּ אויף קאָפּ. פּרעזידירט האָט פּאַנאַבעריע, אַ לערער, איינער פון די פאַרביסנסטע רעכטע. פון זאַל האָט אַ חבר געמאַכט אַ פאָרשלאָג, אַז היות די פאַרוואַלטונג האָט אָפּגעוואָרפן דעם פאָרשלאָג פונעם פאַרטיי־קאָמיטעט פאַר אַ דואַל־רעפעראַט מיט די חברים וולאַדימיר מעדעם און הערשל מעטאַלאָוויעץ ווי רעפערענטן, ווערט פאָרגעלייגט דער פאַרזאַמלונג צו באַשליסן צו רעסטיטויִרן דעם פאָרשלאָג פונעם פאַרטיי־קאָמיטעט. דאָס מאָל זאָלן נישט פאָרקומען קיין דיסקוסיעס פון רעדנערס פון זאַל. נאָך די רעפעראַטן זעצן פאַר די רעפערענטן די דיסקוסיע. דער קאָ־רעפערענט קריגט 60 פּראָצענט צייט פון דער צייט, וואָס ס'וועט פאַרנעמען דער חבר מעדעם.

דער דאָזיקער פאָרשלאָג האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם מצד די רעכטע, און אַ קעגן־רעאַקציע מצד די לינקע. דעם פאָרזיצערס דערקלערונג, אַז ער וועט דעם פאָרשלאָג נישט שטעלן צום אָפּשטימען, האָט אַרויסגערופן אַזאַ אויפרעגונג, אַז דער פאָרזיצער איז געצוווּנגען געווען צוריקצוציִען זיין באַשלוס. נאָך אַ שאַרפער דיסקוסיע צווישן די רעכטע און די לינקע איז דער פאָרשלאָג געשטעלט געוואָרן צו דער אָפּשטימונג און געקריגן אַ דערדריקנדיקע מערהייט שטימען.

וולאַדימיר מעדעמס רעפעראַט האָט געדויערט אַרום אַנדערטהאַלבן שעה און איז געווען איינע פון מעדעמס וווּנדערלעכסטע עפנטלעכע אַרויסטריטן וואָס איך האָב בייגעוווינט. מיין קאָ־רעפעראַט האָט געדויערט איבער אַ שעה. דער פּאָלעמישער טייל איז נישט געווען קיין איבעריק דעליקאַטער. צווישן מיינע שלאָג־אַרגומענטן איז אויך געווען דער פאָרוווּרף, אַז מעדעם איז אָוועק פון מאַרקסיזם און פּרעדיקט אַ מין עטישן סאָציאַליזם און אַז אַ סך פון זיינע אַרגומענטן שמעקן מיט די טעאָריעס פון דער גרופּע רעליגיעזע סאָציאַליסטן אין עסטרייך.

אין זיין פּאָלעמישן ענטפער איז מעדעם געווען שאַרף אָבער העפלעך. איך דערקען האָב זיך אין מיין דיסקוסיע־וואָרט מיט דער מידה נישט אויסגעצייכנט. אין דער פּאָלעמיק האָב איך אויך ברוטאַל אַטאַקירט דעם אַלטן פירער פון דער עסטרייכישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע וויקטאָר אַדלער, וועלכער האָט אין דער שקיעה פון זיין לעבן איבערגעלעבט אַ שווערע טראַגעדיע צוליב זיין זונס, פרידריך אַדלערס, אַטענטאַט אויפן עסטרייכישן אויסערן־מיניסטער גראַף שטירגגיק.

מיין ברוטאַלער אַרויסטריט קעגן דעם אַלטן וויקטאָר אַדלער, ווען וולאַדימיר מעדעם האָט באַטראַכט פאַרן קלוגסטן און פעִיקסטן פירער פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל און פאַר זיינס אַ לערער, האָט מעדעמען שווער געטראָפן. בשעת זיין

שלוסוואָרט האָט דער עולם געהאַט פאַר זיך גאָר אַן אַנדערן מעדעם, ווי ער האָט אים ביז דעמאָלט געקענט: אַ בייזן, אַ בייסיקן, אַן זיידענע הענטשקעס, אַ מעדעם, וואָס שלאָגט מיט ווערטער ווי דובינעס.

וולאַדימיר מעדעם האָט נישט געהאַט באַוויזן צו פאַרענדיקן זיין שאַרפן קאָנטער־אַטאַק, און ס'איז געשען עפּעס אַזעלכעס, אויף וואָס דער עולם האָט זיך נישט געריכט.

פון דער טיר, וואָס האָט געפירט פון דער קאַנצעלאַריע צו דער טריבונע, איז אַנגעקומען יאַנעק־יאַנקעלעוויטש אין דער באַגלייטונג פון עטלעכע חברים. יאַנעק האָט געמאַכט אַ ברייטן שפּאַן אויף דער טריבונע, איז צוגעגאַנגען פון הינטן אַרום צו מעדעמען, האָט מיט איין האַנט געטרייסלט דעם אַרבל פון רעקל פון מעדעמס רעכטער האַנט און אין דער צווייטער געהאַלטן אַ פּאַפּירל. מעדעם האָט מיט כּעס אַ ריס געטאָן זיין האַנט, אויסגעדרייט זיך און אַ געשריי געטאָן: „אַזוי וויט דערגייט עס שוין, אַז מען באַפאַלט מיך פון הינטן אַרום אויף דער טריבונע פון גראָסער־קלוב און מען לאָזט מיך נישט רעדן". גלייכצייטיק האָט יאַנעק־יאַנקעלעוויטש געשריגן: „חבר מעדעם, חבר מעדעם, אַ רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד!" — און געשטופּט מעדעמען אין פּנים אַריין דאָס פּאַפּירל. די צוויי שטימעס האָבן זיך צונויפגעגאָסן און זיך פאַרוואַנדלט אין אַ נישט פאַרשטענדלעכן געשריי. דער עולם, וואָס האָט זיך געפונען ווייטער פון דער טריבונע, האָט נישט געוווּסט, וואָס דאָ קומט פאָר צווישן די צוויי חברים און געשטוינט קוקנדיק אויף דער טריבונע.

באַנעמענדיק די ידיעה, איז מעדעם געבליבן שטיין ווי פאַרשטאַרט. אַ ווילע שפּעטער האָט זיין קערפּער אויפגעציטערט. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס פּאַפּירל פון יאַנעקס האַנט, אַריינגעשטאָכן אין דעם זיינע אויגן, האַסטיק אַ שפּאַן געטאָן צו דער ראַמפּע פון דער טריבונע און מיט אַ קרעפּטיקער שטימע, אַן איבערגעלאָדענע מיט פרייד, האַלטנדיק דאָס פּאַפּירל אין דער הייך אָנגעהויבן רעדן: „חברים, גליק־לעכע נייעס, אַ רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד. אַ רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד איז אַ רעוואָלוציע אין אייראָפּע. דאָס איז דער סוף פון דער מלחמה. זאָל לעבן די רעוואָ־לוציע אין דייטשלאַנד!". ער איז געבליבן שטיין ווי פאַרגליווערט און געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ פּראַכטפולער סטאַטוע. אַ דונער פון „זאָל לעבן!" האָט פאַרהילכט דעם זאַל.

מיט איין שפּרונג בין איך געווען אויף דער טריבונע. אויסגעשטרעקט אַ האַנט צו מעדעמען און מיט פרייד אַ שאַל געטאָן: „חבר מעדעם, מיר האָבן דערלעבט, מיר האָבן דערלעבט!". מעדעם האָט מיר דערלאַנגט זיין האַנט, אַ פעסטן דריק געטאָן, און געענטפערט: „מיר האָבן דערלעבט, חבר הערשל מעטאַלאָוויעץ" — און אַרומגענומען מיך אויף דעם גרויסרוסישן שטייגער.

דער פאַרזאַמלטער עולם איז געבליבן שטיין ווי פאַרבליפט פון דער פאַרגעקו־מענער סצענע. מיט אַ מאָל האָט אַ דונער געטאָן אַ קול פון עטלעכע הונדערט

שטימען: „בראַוואָ, חבר מעדעם! זאָל לעבן דער בונד!" — און אָנגעהויבן זינגען די בונדישע שבועה און שפּעטער דעם אינטערנאַציאָנאַל.

נאָכן פאַרענדיקן דאָס זינגען איז יאַנעק־יאַנקעלעוויטש צו צום רעדנער־פּולפּיט, אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער האַנט אין שטענדער און אויסגערופן: „דער וואַרשעווער פאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד פאַרלאַנגט פון אייך דיסציפּלין, פאַרטייִשע און רעוואָלוציאָנערע דיסציפּלין. פאַרלאָזט דעם זאַל. פאַרזאַמלט אייך אויפן סקווער אויף דער רימאַרסקע־גאַס לעבן דעם לאָקאַל פון נאַדל־פאַראיין. אויפן וועג גיט איבער די מענטשן וואָס איר וועט באַגעגענען, די ידיעה וועגן דער רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד און רופט זיי צוזאַמען מיט אייך צו פאַרזאַמלען אויפן רימאַרסקע־סקווער. דאָרט וועט איר קריגן ווייטערדיקע אינפאָרמאַציעס. אָבער, חברים, געדענקט: דיסציפּלין און נאָך אַ מאָל דיסציפּלין!". דער עולם האָט ווי אַ שטורעמדיקע לאַווע געלאָזט זיך פון גראָסער־קלוב צום לאָקאַל פון נאָדל־פאַראיין.

די קאַרמעליצקע־גאַס, וווּ ס'האָט זיך געפונען דער לאָקאַל פון גראָסער־קלוב, איז אין דער שפּעטער נאַכט־שעה באַלעבט געוואָרן. די ידיעה וועגן דער רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד האָט ווי אַ בליץ זיך צעטראָגן אין ייִדישן אַרבעטער־קוואַרטאַל, און אויף אַ נישט אויפגעקלערטן פאַר מיר אופן האָבן אַרבעטס־מענטשן געקריגן אויך די ידיעה וועגן אַ צונויפקום אויף רימאַרסקע־גאַס לעבן דעם נאָדל־פאַראיין.

פון דער לינקער זייט פון דער קאַרמעליצקע־גאַס: פון דזשעלנע, פּאַוויע, נייע־קאַרמעליצקע, און פון די ווייטערע גאַסן: סמאָטשע, ניזקע, סטאַווקע, זענען אָנגעקומען מענטשן און געגאַנגען דורך קאַרמעליצקע אין דער ריכטונג צו לעשנאָ און רימאַרסקע. פון קאַרמעליצקע 23, פון דער פּועלי־ציוניסטישער „אַרבעטער־היים", האָט זיך אַרויסגעלאָזט אַ צעכוואַליעט־פריידיקער עולם און געלאָזט זיך אין דער ריכטונג פון דער לעשנאָ־גאַס.

אויפן ראָג לעשנאָ און קאַרמעליצקע איז אויף אַ מיסטקעסטל געשטאַנען משה ציטרינאָווסקי, אַ פּועלי־ציוניסט, מיט עטלעכע טעג פריִער אַנטלאָפן פון דער מאָדלינער פעסטונג און אַ מיר גוט באַקאַנטער פון י. ל. פּרץ־פאַראיין אין בערלין — און האָט גערעדט פאַר אַ געזעמל פון אַ 150 מענטשן. אַ טייל פון די, וואָס זענען געגאַנגען צו דער רימאַרסקע, האָבן זיך אָפּגעשטעלט אַ ווײַלע, דערשמעקט פון וועלכער ריכטונג דער רעדנער איז, און געלאָזט זיך ווייטער.

אין דעם שמאָלן העלדזל פון דער רימאַרסקע־גאַס איז געווען אַ היפּשלעך געדראַנג. אויף דעם סקווערל אַרום דעם פאָנטאַן, פאַרן לאָקאַל פונעם נאָדל־פאַראיין, איז שוין געווען פאַרזאַמלט אַ ריזיקער עולם. ס'איז מיר שווער געווען זיך דורכצושטופּן צום לאָקאַל פונעם נאָדל־פאַראיין. אַרבעטער האָבן מיך דערקענט און געמאַכט פאַר מיר אַ וועג.

דער לאָקאַל פונעם נאָדל־פאַראיין האָט זיך געפונען אויף אַן ערשטן שטאָק און געהאַט אַ גרויסן באַלקאָן, אַ מין ווערענדע. אויפן באַלקאָן איז געשטאַנען בנימין וואַלקער, ווילד געשריגן צום פאַרזאַמלטן עולם און צוגעקלאַפּט מיט זיין שטעקן. די געשרייען און דאָס קלאַפּן מיטן שטעקן האָבן זיך צונויפגעמישט אין אַ גריל־צענדיקער קאַקאָפאָניע. דערזעענדיק מיך, האָט יאַנעק־יאַנקעלעוויטש מיר אַ באַפעל געגעבן: „רעד!" און מיט כּוח אַוועקגעשלעפּט דעם לאָמען בנימין פון דעם רעדנער־פלאַץ.

אַ ווײַלע בין איך געשטאַנען ווי צעחושט און כ'האָב נישט געוווּסט פון וואָס אָנצוהייבן. אין מיין מוח האָט זיך נישט געפונען קיין ברעקל געדאַנק, אין מיין מויל האָט אויסגעפעלט אַ וואָרט. אינסטינקטיוו האָב איך אַ הייב געטאָן דעם קאָפּ צום הימל. דער הימל איז געווען פינצטער־שוואַרץ. גלייכצייטיק האָב איך אַ בליק געטאָן אַראָפּ צום עולם, אָבער נישט געזען קיין מענטשן, געפלעמלט האָט אַן אָנגעצונדן שוועבעלע און פּיטשינקע פונקען פון רויכנדיקע פּאַפּיראָסן, ווי גליוווערעמלעך אין אַ פינצטערער זומערנאַכט. כ'האָב דערפילט דעם אָטעם פון דער גרויסער מענטשן־מאַסע. אַן עלעקטרישער שטראָם איז דורך אין אַלע מיינע אברים. דער מוח איז אויסגעלייטערט געוואָרן, די שטימע — קרעפטיק, און פון מיין מויל האָט אַ פלייץ געטאָן אַ שטראָם פון ווערטער:

„נאַכט, פינצטערע נאַכט, מ'זעט נישט קיין שטערן.
נאַכט, פינצטערע נאַכט, דאָס איז די וועלט, וואָס מיר ווילן און מוזן פאַרניכטן — די וועלט פון גזילה, עקספּלואַטאַציע, קאָלאָניאַלע שקלאַ־פעריי, מלחמות און פּאָגראָמען.
נאָך נאַכט קומט טאָג. ליכטיקער טאָג.
ליכטיק איז די וועלט פון אונדזער מאָרגן —
די וועלט פון פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט.
די וועלט פון יושר, גערעכטיקייט, פון סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער באַ־פרייונג. די וועלט פון סאָציאַליזם.
די וועלט, די ליכטיקע וועלט, וווּ דאָס יידישע אַרבעטנדיקע פאָלק, דער פאַריער צווישן די פאַריער, וועט פאַרנעמען זיין אָרט אין דער פעלקער־משפחה, ווי אַ גלייכער צווישן גלייכע.
די נאַכט פאַרגייט נישט, דער טאָג קומט נישט אויף, איידער ס'באַווייזט זיך דער מאָרגנשטערן.
דער מאָרגנשטערן זענט איר — דער פּראָלעטאַריאַט, די אָרעמע האָרע־פּאַשנע פאָלקסמאַסן, דאָס אַרבעטער־פאָלק — דאָס איז דער כּוח, וואָס קען פאַרניכטן די וועלט פון פינצטערניש און ברענגען די וועלט פון ליכטיקן טאָג.
חברים! דער פּראָלעטאַריאַט אין רוסלאַנד האָט אָנגעצונדן דעם פאַקל

פון דער סאָציאַלער וועלט־רעוואָלוציע, אָנגעצונדן אין מיזרח דאָס ליכט
פון פאָלקס־באַפרייונג. אַ יאָר איז פאַרביי זינט דער באָלשעוויסטישער
רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, און איצט, אין דייטשלאַנד, איז דער מעכטיקער
דייטשישער פראָלעטאַריאַט אַרויס אין קאַמף און פירט דורך די ערשטע
פאַזע פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע אין מערב.

חברים! דער אַרבעטער־קלאַס פון פוילן, דער פּוילישער און דער יידי־
שער, וועט מיט אַן אייזערנער פויסט צעשמעטערן די כאַליערדיקע וועלט,
אין וועלכער מיר האָבן ביז איצט געלעבט און דורכפירן די רעוואָלוציע
ביי אונדז אין לאַנד.

זאָל לעבן די אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד!
זאָל לעבן די רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד!
זאָל לעבן די רעוואָלוציע אין פוילן!
צום קאַמף!
ייִדישע אַרבעטער — אונטער דער פאָן פון בונד״!——

און כ׳האָב אַ זינג געטאָן די ערשטע ווערטער פון אינטערנאַציאָנאַל.

דער פאַרזאַמלטער עולם, וואָס מ׳האָט געשאָצט אין עטלעכע טויזנט מענטשן,
האָט אונטערגעכאַפּט דאָס ליד. די טענער פון אינטערנאַציאָנאַל און פון דער בונ־
דישער שבועה האָבן הויך און ברייט אָפּגעהילכט אין דער פינצטערער נאַכט.

די עקספּראָמט־געהאַלטענע רעדע אין דער נאַכט ווען קיין וואַרשע איז דער־
גאַנגען די ידיעה וועגן דער רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד האָט זיך טיף איינגעקריצט
אין מיין זכרון. פון דעמאָלט אָן בין איך אין שטאַנד איבערצוחזרן די רעדע וואָרט
ביי וואָרט.

נאָכן פאַרענדיקן דאָס געזאַנג האָט יאַנעק־יאַנקעלעוויטש פאַרנומען מיין אָרט
און געגעבן אַ רייע פאַראָרדענונגען פון אַן אָרגאַניזאַציאָנעלן כאַראַקטער.

דער בונדישער אַקטיוו און דער אַקטיוו פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָט
געהאַט אַ באַפעל זיך צו געפינען אין אָדער אַרום דעם רעדאַקציע־לאָקאַל פון די
„לעבענס־פראַגען״.

פון לאָקאַל פון נאָדל־פאַראיין בין איך אַוועק אין דער באַגלייטונג פון יאַנעק־
יאַנקעלעוויטש. מיר זענען אַריין אין דער דרוקעריי. אַ דרוקער האָט יאַנעקן געוויזן
אַן אָפּצוג פון אַן אויפרוף, וואָס וולאַדימיר מעדעם האָט אָנגעשריבן. איבערלייענ־
דיק האָט יאַנעק־יאַנקעלעוויטש געהייסן אָפּהאַלטן מיטן דרוקן ביז זיינס אַ דער־
לויבעניש. אויף די שטיגן פון דער דרוקעריי צום רעדאַקציע־לאָקאַל האָט מיר
יאַנעק־יאַנקעלעוויטש דערקלערט די סיבה פונעם אָפּהאַלט: ס׳פעלט די לאָזונג
פון דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און ס׳איז נייטיק צו מאַכן עטלעכע אויסבעסע־
רונגען אין טעקסט. אויב חבר מעדעם וועט נישט מסכים זיין צו מאַכן די ענדערונ־

געגן, וועט מען מוזן אַרויסגעבן אַ באַזונדערן אויפרוף אין נאָמען פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד.

אַ קורצע באַראַטונג פון עטלעכע נאָענטע חברים אין רעדאַקציע־לאָקאַל האָט אַקצעפּטירט יאַנעקס שטעלונג. אַ גרעסערע גרופּע איז אַריין צו וולאַדימיר מעדעם אין זיין אַרבעטס־צימער. יאַנעק־יאַנקעלעוויטש האָט געוויזן מעדעמען דעם אָפּצוג פונעם אויפרוף און דערציילט, אַז ער האָט געהייסן אָפּהאַלטן דאָס דרוקן, פאַרלאַנגט צו מאַכן ענדערונגען, אין קעגנפאַל, וועט אַרויסגעגעבן ווערן אַן אויפרוף פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט. ער האָט מעדעמען אויפמערקזאַם געמאַכט אויף די פּאָליטישע פאָלגן, וואָס עס קען האָבן דאָס באַוויזן זיך אײנצייטיק פון צוויי בונדישע אויפרופן מיט צוויי באַזונדערע פּאָליטישע אינהאַלטן.

וולאַדימיר מעדעם האָט פּרובירט אַרגומענטירן. יאַנעקן צו הילף זענען געקומען אַבע פלוג, מרדכי שניידער, איך און אַנדערע. מעדעם האָט רעזיגנירט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און אַ זאָג געטאָן: „עס זעט אויס, אַז נישט נאָר פרויען ווערן פאַר־גוואַלדיקט. זאָל שוין היינט זיין ווי איר ווילט. מאַכט, חבר יאַנעק, די אויסבעסערונ־גען און שטעלט אַריין די לאָזונג״. יאַנעק־יאַנקעלעוויטשס ענטפער איז געווען: „די אויסבעסערונגען אין טעקסט וועל איך מאַכן. די לאָזונג שרייבט חבר מעדעם אַליין אַריין״. — און ער האָט אַנגעוויזן מעדעמען אויף וועלכן אָרט די לאָזונג אַריינצושרייבן. וולאַדימיר מעדעם האָט אייגנהענטיק אַריינגעשריבן צווישן די אַנדערע לאָזונגען די ווערטער פון דער לאָזונג: „זאָל לעבן די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט״.

וולאַדימיר מעדעם האָט דערנאָך געמאַכט אַ ווענדונג צו ברענגען וואָס שנעלער אין דער דרוקעריי בונדיסטן־דרוקערס צו דער אַרבעט, און ווער ס׳פילט, אַז ער קען האַלטן אַ פעדער אין האַנט, זאָל זיך אַוועקזעצן העלפן מאַכן אַ נומער „לעבענס־פראַגען״, אַליין עפּעס אָנשרייבן אָדער העלפן מיט איבערזעצונג. די ערשטע אויפ־גאַבע האָבן אויף זיך גענומען אַבע פלוג און מרדכי פייגמאַן. יאַנעק־יאַנקעלעוויטש, קאָשעוואַניק, פּאַנאַבעריע און בערענשטיין האָבן זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ טיש און מעדעם האָט מיט יעדן פון זיי געהאַט אַ קורצן געשפּרעך און אינסטרויִרט וואָס און ווי אַזוי.

כ׳בין געשטאַנען און געקוקט ווי יאַנעק־יאַנקעלעוויטש זיצט איבערגעבויגן איבער אַ לענגלעך שמאָל פּאַסיקל פּאַפּיר, דער מעלאַניק אויפן קאָפּ אַרויפגערוקט, די פעדער לויפט שנעל איבערן ווייסן פּאַפּיר און פילט עס אָן מיט געשריבענע אותיות. ווי מקנא בין איך אים געווען אין יענע מינוטן. אַ דערדריקנדיק געפיל פון הילפלאָזיקייט און בושה האָט געפּרעסט מיין געמיט קוקנדיק ווי ס׳ווערט געשאַפן געשיכטע, ווי ס׳ווערט צוגעגרייט דער ערשטער נומער פון אַ בונדישער טאָגצייטונג, און איך שטיי הילפלאָז, פּאַסיוו, אומפעיִק מיטצוהעלפן, ווייל איך קען נישט שרייבן,

ווייל איך קען נישט אָפּעריר‏ן מיט דער פּעדער. ביטערע רייד האָבן געגרעדט פון מיר — אין מיר — צו מיר: אַ גאַנצער יאַטעבעדאַם ביסטו, אַ פּאַרטיי־שישקע, האָלטסט רעפּעראַטן אויף כּלערליי טעמעס, האַלטסט זיך פאַר אַ בקי פון דער יידישער און דייטשישער ליטעראַטור, פאַר אַ קענער פון פילאָסאָפיע, דו רעדסט און לייענסט פליסיק דייטש, ביסט פליסיק אַפילו ביים דיקטירן, אָבער אַליין מיט די אייגענע הענט עפּעס אָנשרייבן יכולסטו נישט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין דער נאַכט, ווען קיין וואַרשע איז אָנגעקומען די ידיעה וועגן דער רעוואָ־לוציע אין דייטשלאַנד, האָבן די לינק־געשטימטע בונדיסטן צום ערשטן און צום איינציקן מאָל, פּאָליטיש פאַרגוואַלדיקט דעם קנאַידיקסטן און קאָנסעקוועגטסטן אַנטי־באָלשעוויק און קעגנער פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין די רייען פון בונד אין פּוילן — וולאַדימיר מעדעם.



מיינע לעצטע פונקציעס אין דער היסטאָרישער נאַכט (די גענויע דאַטע געדענקט זיך נישט) זענען געווען:

רעקווירירן און באַזעצן דאָס טעאַטער „נאָוואָשטשי" אויף ביעלאַנסקע נומער 5 אין וואַרשע פאַר אַ מאַסן־מיטינג פון בונד אויף זונטיק אין דער פרי;

מאַכן אַ שהחינו אויף די ערשטע קאָפּיעס פונעם ערשטן נומער פון דער דער־שיינענער טאָגצייטונג פון בונד „לעבענס־פראַגען".

די געשעענישן, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן שבת אין אָוונט אין גראָסער־קלוב האָבן זיך געצויגן ביז פאַר טאָג אינעם לאָקאַל פון דער רעדאַקציע „לעבענס־פראַגען". די נאַכט פון שבת אויף זונטיק, ווען ס'איז קיין וואַרשע אָנגעקומען די ידיעה וועגן דער רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד, איז געווען אַ נאַכט צום געדענקען.

## פערטער טייל

# אונטער פוילישער הערשאַפט

## די געבורט פון דער פוילישער מלוכה

מיט אַ קנאַפּער שׂימחה האָט די באַפעלקערונג פון פוילן, די פוילישע און די ייִדישע, אויפגענומען די געבורט פון פוילן ווי אַ מלוכה. אין די גאַסן האָט מען נישט געטאַנצט, נישט געזונגען, נישט געקושט זיך פאַר פרייד און נישט געפּראַוועט קיין הוליאַנקעס.

די באַזיצנדיקע קלאַסן האָבן געציטערט פון שרעק פאַר די רעוואָלוציע־כוואַליעס, וואָס האָבן געשטראָמט פון מיזרח און מערב, און ווען די ערשטע שרעק איז אַריבער, האָבן זיי געפּרוווט מאַכן אַ מלוכה־איבערקערעניש. הגם דאָס האָט זיך זיי נישט איינגעגעבן, איז אָבער אין רעזולטאַט געקומען זייערס אַ מענטש, איגנאַצי פּאַדערעווסקי, ווי פּרעמיער פון פוילן.

מיט אומצוטרוי האָבן די אַרבעטער און די אָרעמע שיכטן פונעם פּויערנטום אויפגענומען די פוילישע מלוכישאַפט. די דעקרעטן פון דער אַ״ג סאָציאַליסטישער רעגירונג האָבן גערעדט וועגן רעפאָרמען אויפן שפּיץ מעסער, וואָס האָבן אַבסאָלוט נישט פאַרענטפערט די נויטן און באַדערפענישן פון די אַרבעטער, פּויערים און אָרעמע פאָלקסמאַסן.

די ייִדישע באַפעלקערונג אין פוילן האָט די פוילישע מלוכה אויפגענומען מיט אַ געפיל פון אומרו. די געשאַפענע רעגירונג מיטן סאָציאַליסט מאָראַטשעווסקי בראָש האָט נישט געגעבן קיין גאַראַנטיע פאַר די ייִדישע בירגערלעכע רעכט, פאַר די נאַציאָנאַלע אינטערעסן און אַפילו פאַר דער פיזישער שוץ פון דער ייִדישער באַפעלקערונג קעגן עקסצעסן און פּאָגראָמען.

די איינציקע, וועלכע האָבן מיט פרייד אויפגענומען די אַנטשטייונג פון דער פוילישער מלוכה איז געווען אַ דינער שיכט פון דער פוילישער באַפעלקערונג, וואָס האָט זיך גרופּירט אַרום יוזעף פּילסודסקי, מיטגלידער און אָנהענגערס פון זיינע מיליטערישע באַטאַליאָנען, וועלכע זענען ביז 1916 געווען באַשטאַנדטייל פון די עסטרייכישע און דייטשישע אַרמייען און נאָכן אויפלייזן די באַטאַליאָנען דורך די דייטשן — געשאַפן אַן אונטערערדישע פּאַראַ־מיליטערישע אָרגאַניזאַציע

אונטערן נאָמען „פוילישע מיליטערישע אָרגאַניזאַציע", פאַרקירצט פּ. אָ. וו. (פּאָלסקאַ אָרגאַניזאַציאַ וווּיסקאָוואַ).

טראַגיש איז געווען די לאַגע פונעם רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישן סעקטאָר פון פוילישן און יידישן אַרבעטער־קלאַס בשעת דער אַנטשטייונג פון דער פוילישער מלוכה. אין דער נאַכט פון שבת אויף זונטיק, ווען ס'איז קיין וואַרשע אָנגעקומען די ידיעה וועגן דער רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד, האָט די פּאָליטישע מאַכט זיך געוואַלגערט אין גאַס. קיין שום מאַכט האָט אין וואַרשע, אין דער הויפּטשטאָט פון פוילן, אין דער דאָזיקער נאַכט נישט עקסיסטירט — נישט קיין מיליטערישע און נישט קיין ציווילע. די אָנפירערשאַפט פונעם רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישן סעקטאָר פון אַרבעטער־קלאַס פון פוילן האָט די געלעגנהייט פאַרפּושט — איז נישט צוגעגרייט געווען פאַר דער עווענטואַליטעט פון דעראָבערן די פּאָליטישע מאַכט אין אַ פּאַסיקן מאָמענט.

לשם געשיכטלעכן אמת דאַרף פאַרציכנט ווערן, אַז בונד איז בשעתו געווען אָרגאַניזאַציאָנעל בעסער צוגעגרייט פאַר דער עווענטואַליטעט פון דעראָבערן די פּאָליטישע מאַכט, איידער די אַנדערע פּאַרטייען פונעם רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליס־טישן סעקטאָר פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין פוילן: ס.ד.ק.פּ.ל. און פּ.פּ.ס.־לעוויצע, וועלכע האָבן לויט זייערע אַרבעטס־געביט, איינפלוס און ווירקונג־ספערע געדאַרפט זיין יענער כוח, וואָס זאָל אין אַ פּאַסיקן מאָמענט איבערנעמען די פּאָלי־טישע מאַכט און פּראָקלאַמירן אַ סאָציאַליסטישע רעפּובליק אין פוילן.

ווי אַן אילוסטראַציע, אַז דער בונד איז בשעתו געווען בעסער צוגעגרייט פאַר דער עווענטואַליטעט פון איבערנעמען די פּאָליטישע מאַכט דורכן רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישן סעקטאָר, ווי ס'זענען געווען ס.ד.ק.פּ.ל. און פּ.פּ.ס.־לעוויצע, קען דינען דער פאַקט, אַז אַן איינציקער פירנדיקער טוער פון בונד, יאַנעק־יאַנקעלע־וויטש, האָט נאָכן דערהאַלטן די ידיעה וועגן דער רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד, אין נאָמען פונעם וואַרשעווער קאָמיטעט פון בונד גערופן די באַגעגנטע אַרבעטער אויף זיין וועג צום בונדישן פּאַרטייקלוב, צום גראָסערקלוב, זיך צו פאַרזאַמלען פאַרן לאָקאַל פון נאַדל־פאַראיין, און אַזאַ פאַרזאַמלונג, מיטן אָנטייל פון עטלעכע טויזנט אַרבעטער, איז פאָרגעקומען אין מיטן דער נאַכט פון שבת אויף זונטיק, און דער רוב אָנטיילנעמערס פון דער מאַסן־פאַרזאַמלונג איז גרייט געווען, אין פאַל מ'וואָלט זיי גערופן, צו נעמען געווער און גלייך בילדן מיליטערישע קאָמפּאַ־טריאַדן.

די טראַגעדיע פון בונד אין יענער נאַכט איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ווי אַן אויסשליסלעך יידישע אָרגאַניזאַציע, האָט בונד נישט געקענט נעמען אויף זיך צו זיין דער, וואָס זאָל, אַפילו אויף דער קירצסטער צייט, איינער אַליין פאַרכאַפּן און איינהאַלטן די פּאָליטישע מאַכט אין פוילן, און אַפילו בלויז אין וואַרשע.

דער תּירוץ פון ס.ד.ק.פּ.ל. און פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע, אַז זייערע וויכטיקסטע

פירערס און פירנדיקע טוערס האָבן זיך געפונען אין דער מאָדלינער פעסטונג, איז אַ קנאַפּע פאַרענטפערונג פאַר דער נישט צוגעגרייטקייט צו דער אויפגאַבע, וואָס די געשיכטע האָט פאַר זיי געשטעלט אין יענער היסטאָרישער נאַכט. אויך די וויכטיקסטע בונדישע פירערס, מיטן אויסנאָם פון וולאַדימיר מעדעם, האָבן זיך דאַן געפונען אין דער מאָדלינער פעסטונג. אין באַזיץ פון ס.ד.ק.פּ.ל. און פּ.פּ.ס.־לעוויצע האָט זיך אויף דער פריי געפונען, קוואַליטאַטיוו, אַ בעסערער אָנפירנדיקער שטאַב, ווי דער בונד האָט געהאַט אין יענער נאַכט, און די דערמאָנטע פּאַרטייען האָבן אין יענער היסטאָרישער נאַכט נישט באַוויזן אַפילו צו אָרגאַניזירן אַ צאָלמעסיק קלענערע פאַרזאַמלונג, ווי דאָס האָט באַוויזן דער בונד.

אָוודאי איז אמת, אַז אַ דאַנק און אונטער דער אָנפירונג פון ס.ד.ק.פּ.ל. און פּ.פּ.ס.־לעוויצע, און עטוואָס שפּעטער דורך דער געשאַפענער קאָמוניסטישער אַר־בעטער־פּאַרטיי פון פּוילן, וואָס איז אַנטשטאַנען נאָך אַ פאַראייניקונג פון די דער־מאָנטע צוויי פּאַרטייען, זענען אין פּוילן, סוף 1918 און אין 1919, פאָרגעקומען וויכטיקע און צאָלרייכע אַרויסטריטן און שווערע קאַמפן פון אַרבעטער און פּויערים קעגן דער נייער פּוילישער ממשלה: די פּויערים־קאַמפן אין לובלינער און הרוביע־שאָווער ראַיאָנען; די ראָלע פון אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַט אין אינדוסטריעלן און אין קוילן־גרובן־ראַיאָן פון זאַגלעמביע־דאָמבראָווסקע אונטער דער פירערשאַפט פון דעם פראַכטפולן אַרבעטער־טוער, דעם סטאַליאַר־אַרבעטער ביטנער; דער אויפ־שטאַנד אין זאַמאָשטש און דאָס פּראָקלאַמירן די זאַמאָשטשער סאָציאַליסטישע רעפּובליק. די צאָלרייכע קאַמפן זענען אָן און פאַר זיך געווען העראָיש און אויך וויכטיק פאַרן רעוואָלוציאָניזירן די אַרבעטער־ און פּויערים־מאַסן אויף להבא, אָבער שוין נישט בכוח געווען צו ענדערן דעם פּאָליטישן רעזשים אין פּוילן.

זונטיק פאַר טאָג האָבן אין גאַס זיך באַוויזן מיטגלידער און אָנהענגערס פון פּ.אָ.וו. און אָנגעהויבן באַהערשן די גאַסן און באַזעצן די וואָקזאַלן, אַנטוואָפענען דייטשישע מיליטער־לייט און קאָנפיסקירן דייטשיש פאַרמעגן, באַזונדערס געווער און לעבעדיקן אינווענטאַר. מ׳האָט גריילעך געקענט זען, אַז הינטער די, וועלכע אָפּערירן אין גאַס, געפינט זיך אַ גוט אָרגאַניזירטער שטאַב, וואָס ווייסט, וואָס ער וויל און ווייסט וואָס ער האַלט פאַר נייטיק — די פּילסודסקי־אָנהענגערס זענען געוואָרן די פּאָליטישע באַלעבאַטים פון וואַרשע און במילא פון גאַנץ פּוילן.

דאָס נישט באַהערשן דורכן רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישן סעקטאָר פונעם אַרבעטער־קלאַס פון פּוילן די פּאָליטישע מאַכט אין דער נאַכט פון שבת אויף זונטיק, אין דער נאַכט ווען די פּאָליטישע מאַכט האָט זיך געוואַלגערט אין גאַס, האָט אין משך פון 20 יאָר זיך ביטער אָפּגערופן אויפן לעבן פון די אַרבעטער און פאָלקסמאַסן אין פּוילן.

# כראַניק

זונטיק אין דער פרי, פּאַקטיש שוין אונטער דער פּוילישער הערשאַפט, האָט דער בונד אין וואַרשע אָפּגעהאַלטן אַ מאַסן־מיטינג אין טעאַטער „נאָוואָשטשי" אויף ביעלאַנסקע 5. דער טעאַטער־זאַל און דער הויף ביים טעאַטער איז געווען געפּאַקט מיט מענטשן. הינטער די קוליסן האָט יאַנעק־יאַנקעלעוויטש אָפּגעהאַלטן אַ באַראַטונג מיט עטלעכע בונדישע פּאַרטיי־אַקטיוויסטן וועגן דעם סדר פונעם מיטינג און וועגן אַ גאַסן־דעמאָנסטראַציע. זיין פאָרשלאָג איז געווען אַז ער, יאַנעק־יאַנקעלעוויטש, עפנט און פּרעזידירט דעם מיטינג. די רעדנערס זאָלן זיין וולאַדימיר מעדעם און הערשל מעטאַלאָוויעץ. מעדעם רעדט העכסטנס 40 מינוט און הערשל מעטאַלאָוויעץ — 20 מינוט. נאָכן מיטינג פאַרמירט זיך אַ דעמאָנסטראַציע און מאַרשירט דורך ביעלאַנסקע, רימאַרסקע, און פאַרקערעוועט זיך צו דער יידישער געגנט. אויב די בונדישע דעמאָנסטראַציע וועט זיך באַגעגענען מיט אַ דעמאָנסטראַציע פון ס.ד.ק.פּ.ל. אָדער פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע, אָדער פון זייערס אַ געמיינזאַמער דעמאָנסטראַציע, — באַמיִען זיך די דעמאָנסטראַציעס צו פּאַראַייניקן. יאַנעק־יאַנקעלעוויטשעס פאָרשלאָגן האָבן נישט אַרויסגערופן קיין דערווידערונג.

פּלוצעם איז געשען אַזעלכעס, אויף וואָס קיינער האָט זיך נישט געריכט: וולאַדימיר מעדעם האָט זיך אָפּגעזאָגט צו רעדן מיט מיר פון איין טריבונע „כ׳וועל מיט קיין באָלשעוויקעס נישט רעדן פון איין טריבונע" — האָט מעדעם דערקלערט. פאַר די אָנטיילנעמערס פון דער באַראַטונג איז דאָס געווען, ווי אַ דונער אין מיטן העלן טאָג. אויף דער פראַגע פון יאַנעק־יאַנקעלעוויטש, צי חבר מעדעמס אָפּזאָג איז קעגן דער פּערזאָן פון חבר הערשל מעטאַלאָוויעץ אָדער קעגן יעדן איינעם פון די לינק־געשטימטע חברים — איז וולאַדימיר מעדעמס ענטפער געווען: „אין פּרינציפּ — קעגן יעדן באָלשעוויק, אָבער חבר הערשל מעטאַלאָוויעץ איז דער אַגרעסיווסטער, און דאָס באַשטימט מיין קאָנקרעטע באַציִונג צו אים".

עס זענען אָנגעקומען הערשל הימעלפאַרב און אַ חבר מיטן נאָמען יוסף איזביצקי, וועמען כ׳האָב געקענט ווי מיכאל פון זיינע צוויי אויפטריטן פאַרן וואַרשעווער בונדישן פּאַרטיי־אַקטיוו, ווינטער 1914—1915, אין דער צייט פונעם צאַרישן רעזשים. דער חבר איז געהאַט אַנטלאָפן פון ווילנע און אויסבאַהאַלטן זיך אין דאַטשע־שטעטל אָטוואָצק. די צוויי חברים זענען צוגעצויגן געוואָרן צו דער באַראַטונג.

ס׳איז נישט געווען קיין צייט פאַר דעבאַטעס און פאַר אינערלעכע פּאַרטיי־מחלוקתן. יאַנעק־יאַנקעלעוויטשס ענטפער וולאַדימירן מעדעמען איז געווען: „וועגן דעם ענין וועלן מיר רעדן אויף אַן אַנדער אָרט" — און צעטיילט אַנדערש די ראָלן. מעדעם און הימעלפאַרב רעדן אין זאַל. גלייכצייטיק ווערט אָפּגעהאַלטן אַ מיטינג אויפן הויף, ווי רעדנערס טרעטן אַרויס די חברים איזביצקי, וועלכער האָט זיך

געהייסן רופן מיכאַלעװיטש (פון דעמאָלט אָן איז דאָס געװאָרן דער נאָמען פונעם בונדישן פירער: בייניש מיכאַלעװיטש), און הערשל מעטאַלאָװיעץ.

כ׳האָב געעפנט דעם הױפּמיטינג, גערעדט עטלעכע מינוט, געגעבן דאָס װאָרט דעם חבר מיכאַלעװיטש און רעזערװירט פאַר זיך דאָס רעדן נאָך מיכאַלעװיטשן. בשעת מיכאַלעװיטש האָט גערעדט, איז צו מיר צוגעקומען אַ חבר מיט אַ מעלדונג פון יאַנעק־יאַנקעלעװיטשן, אַז כ׳זאָל תּיכּף אַרױפקומען אױף דער טעאַטער־בינע. בעת די פּאָר שריט פון הױף צום טעאַטער האָט דער חבר מיר באַװיזן מיטצוטײלן, אַז די עסדעקעס האָבן זיך אַרײנגעריסן אין טעאַטער־זאַל און מאַכן סקאַנדאַלן. װען כ׳בין אַרױף אױף דער טעאַטער־בינע, האָב איך פאַר זיך געהאַט אַזאַ סצענע: װלאַדימיר מעדעם האָט געשריגן צום עולם „לאָזט איך נישט פּראָװאָצירן״! יאַנעק־יאַנקעלעװיטש האָט געקלונגען מיטן גלאָק, און אַ יונגער דרוקער־אַרבעטער, טירמאַן, האָט געשריגן צום עולם: „אין גאַס דעמאָנסטרירט דער פּראָלעטאַריאַט, און איר זיצט דאָ און הערט רעדן אַ קאָנטער־רעװאָלוציאָנער. פאַרלאָזט דאָס טעאַטער און קומט דעמאָנסטרירן מיטן פּראָלעטאַריאַט״.

ס׳איז מיר נישט שװער געװען צו אָריענטירן זיך אין דער סיטואַציע. כ׳האָב געשטעלט זיך פּנים־אל־פּנים מיט טירמאַנען און אַ געשריי געטאָן צו אים: „איר װילט פּראָװאָצירן אַ ברידערקריג?! איך נעם אָן דעם אַרױסרוף. איך װאָרן אײַך, אַז איר װעט ביטער אָפּשניידן״, און אױפן אָרט אָפּגעבאָקן אַ כּפול־שמונהדיקן כּשרן ליגן: „פאַר טאָג איז צו שטאַנד געקומען אַ פּראָװיזאָרישער אָפּמאַך צװישן בונד מיט ס.ד.ק.פּ.ל. און פּ.פּ.ס.־לעװיצע װעגן געמײנזאַמע אַקציע און טאַקטיק, הײַנט אין אָװנט דאַרפן פאַרגעזעצט װערן די פאַרהאַנדלונגען״. מיט אַ שטימע, װאָס האָט מיט איר קראַפט פאַרדעקט דעם פאַרזיצערס גלאָקקלאַנג און מעדעמס הױכע טענער, האָב איך געזאָגט צו טירמאַנען און גלײַכצײַטיק צו די פאַרזאַמלטע: „װער האָט אײַך געשיקט פּראָװאָצירן די פאַרזאַמלונג? אַ פירער פון אײַער פּאַרטײ אָדער װער פון פּ.אָ.װ., װעלכע גראַסירן שױן אין די גאַסן? װער ס׳װיל, קען גלײַך פאַרלאָזן די פאַרזאַמלונג און מיטגיין מיטן דאָזיקן אומפאַראַנטװאָרטלעכן יינגל, װאָס װײסט נישט װער ס׳האָט אים געשלײערט״. און כ׳האָב אַ באַפעל געגעבן טירמאַנען: „שױן פאַרלאָזט דעם זאַל. אין קעגנפאַל װעלן די פאַרזאַמלטע אײַך באַטראַכטן און קענען אײַך האַנדלען, װי מ׳האַנדלט קעגן אַ פּראָװאָקאַטאָר״. טירמאַן מיט די עטלעכע חברים און חברטעס, מיט װעלכע ער איז געקומען, האָבן פאַרלאָזט די פאַרזאַמלונג.

דער מיטינג איז געװען געראַטעװעט. װלאַדימיר מעדעם האָט פאַרגעזעצט זײַן רעדן. יאַנעק־יאַנקעלעװיטש האָט באַפוילן כ׳זאָל בלײַבן אױף דער בינע און פאַר־ענדיקן דעם מיטינג מיט מײנס אַ רעדע. הערשל הימעלפאַרב איז קאָמאַנדירט געװאָרן צו פאַרענדיקן דעם מיטינג אױפן הױף — און איך האָב אױף דעם ערשטן בונדישן מיטינג אונטער פּױלישער הערשאַפט אין טעאַטער „גאָװאָשטשי״, טראָץ

און קעגן דעם ווילן פון וולאַדימיר מעדעם, געדעדט ווי איינער פון די בונדישע רעדנערס און גערופן די פאַרזאַמלטע זיך צו באַטייליקן אין דער פּלאַנירטער גאַסן־דעמאָנסטראַציע.

אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז קיין דעמאָנסטראַציע פון פּוילישע אַרבעטער איז אין דער געגעבענער צייט נישט פאָרגעקומען. ערשט פאַרנאַכטצו איז פאָרגעקומען אַ שטיקל פּוילישע אַרבעטער־דעמאָנסטראַציע אין וואָליע.

אויף דער ערשטער זיצונג פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד מיטן אָנטייל פון די באַפּרייטע חברים פון דער מאָדלינער פעסטונג, איז אויך באַהאַנדלט געוואָרן וולאַדימיר מעדעמס אויסזעצונג קעגן מיר. די חברים, לינקע ווי רעכטע, זענען געווען שאַקירט פון מעדעמס האַנדלונג. יאַנעק־יאַנקעלעוויטש האָט מעדעמען פאַרגעוואָרפן, אַז מיט זיין האַנדלונג האָט ער געשטעלט אין געפאַר דעם פאַרלויף פון מיטינג. איך האָב מעדעמען און צוזאַמען מיט אים די רעכטע ווי אַזעלכע, נישט געשאַנעוועט. וולאַדימיר מעדעם האָט זיך דאָס מאָל אַנטשולדיקט און דערקלערט, אַז קעגן מיר פערזענלעך האָט ער גאָרנישט, און אַפילו געמאַכט קאָמפּלימענטן אויף מיין חשבון.

דאָס איז געווען דער ערשטער, אָבער נישט דער לעצטער פאַל פון וולאַדימיר מעדעמס אָן אָפּזאָג אַרויסצוטרעטן מיט מיר, און אויך מיט עמנואל נאָוואָגרודסקין, אויף איין טריבונע. די פערזענלעכע באַציִונגען צווישן מעדעמען און מיר זענען אָבער פאַרבליבן קאָרעקטע. די קורצע פערזענלעכע שמועסן זענען תּמיד געווען קעגנזייטיק האַרציקע. דערקעגן מיט עמנואל נאָוואָגרודסקין האָט מעדעם נישט אָנגעהאַלטן קיין שום פערזענלעכע באַציִונגען.

וולאַדימיר מעדעמס אָפּזאָגן זיך פון צייט צו צייט אַרויסצוטרעטן מיט מיר אין דער עפנטלעכקייט, האָט מיר קיין שאָדן נישט געבראַכט, אַדרבא, געהאָלפן מיין פּרעסטיזש ווי אַ לינקער אין דער בונדישער פּאַרטיי. וולאַדימיר מעדעם האָט אָבער פאַר זיין אָפּזאָג צו רעדן מיט מיר און מיט עמנואל נאָוואָגרודסקין פון איין טריבונע באַצאָלט אַ טייערן פּרייז.

בשעת וולאַדימיר מעדעם האָט זיך אָפּגעזאָגט אַרויסצוטרעטן מיט מיר און עמנואל נאָוואָגרודסקין אויפן ערשטן־מיי־מיטינג פון 1920 (אָדער 1921) אין וואַרשע, פאַר זיין פאַרלאָזן וואַרשע, איז חנינא קראַמאַרסקי אַוועק צו מעדעמען און אין נאָמען פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד געשטעלט אים אַן אולטימאַטום: צוריקציִען דעם אָפּזאָג אָדער מער נישט אין וואַרשע עפנטלעך אַרויסטרעטן מצד דעם בונד. וולאַדימיר מעדעם האָט אָפּגעזאָגט זיך צוריקצוציִען און איז אין וואַרשע מער עפנטלעך נישט אַרויסגעטראָטן. ביים פאַרלאָזן וואַרשע אויפן וועג קיין אַמעריקע, האָט די וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע פון בונד מיט מעדעמען זיך נישט געזעגנט. אַ שטיקל אָפּשייד־באַנקעט האָט פאַר אים אַראַנזשירט לאַסקאָווסקי, אַ סוחר פון גענשע־גאַס. באַטייליקט אין „באַנקעט" האָבן זיך אַ קליינע צאָל אָנטייל־

נעמערס, אולטראַ־רעכטע. קיין שום מיטגליד פון וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד, אַפילו מצד די רעכטע, האָבן אין דעם פּריוואַטן געזעגענונג־באַנקעט זיך נישט באַטייליקט.

די פּאָליטישע געשעענישן האָבן זיך אַנטוויקלט אין אַ שנעלן טעמפּאָ. ס׳האָבן זיך אָנגעהויפּט פּראָבלעמען, אַלגעמיינע און ייִדישע, און ס׳האָבן זיך אונטערגערוקט אַקציעס, מיט וועלכע דער בונד האָט זיך געמוזט פאַרנעמען.

איך האָב זיך באַגעגנט מיט אַ רייע נייע מענטשן פון אַן אַנפירנדיקן קאַליבער, אַרטיקע און געקומענע פון רוסלאַנד, מיט וועלכע ס׳איז מיר אויסגעקומען פּאַרטייִש צו אַרבעטן, מיט געוויסע פון זיי, שפּעטער, אויך פּראַקטיאַנעל. מיט אייניקע האָט מיך מיט דער צייט פאַרבונדן נאָענטע פערזענלעכע פריינדשאַפט.

איך בין צוריק אַוועק אין פאַבריק אַרבעטן. דער וואַרשעווער שטאַטראַט, אַ געוויילטער פון דער וואַרשעווער באַפעלקערונג אין 1916, האָט, נישט געקוקט אויף די ענדערונגען פון די פּאָליטישע מאַכטן אין פּוילן, ווייטער געפירט זיין טעטיקייט און נאָרמאַל פונקציאָנירט. דער מאַגיסטראַט האָט ביים פאַבריקאַנט פון דער פאַבריק, אין וועלכער כ׳האָב געאַרבעט, געהאַט געמאַכט גרעסערע באַשטעלונגען אויף אַפּאַראַטן פאַר פייערלעשער, די דייטשישע אָקופּאַציע־מאַכט האָט אים געהאַט באַזאָרגט מיט מעששמעלץ צום גיסן, און דער מאַגיסטראַט האָט געפאָדערט די באַשטעלונגען זאָלן דורכגעפירט ווערן צום באַשטימטן טערמין.

די פאַבריק, אין וועלכער איך האָב געאַרבעט, איז געווען די איינציקע אין מיין פאַך, וואָס האָט אָפּערירט שוין אין די ערשטע טעג פון דער פּוילישער הערשאַפט, און געווען בין איך דער איינציקער פון העכערן בונדישן פּאַרטיי־אַקטיוו אין וואַרשע, וואָס איז אין די ערשטע טעג פון דער פּוילישער הערשאַפט געווען באַשעפטיקט ווי אַ לוין־ און פאַבריק־אַרבעטער, און דאָס האָט מיר געגעבן אַ באַזונדערן אַנזען צווישן די ייִדישע אַרבעטער, באַזונדערס צווישן די ייִדישע מעטאַל־אַרבעטער און צווישן בונדישן פּאַרטיי־אַקטיוו. כ׳האָב נישט פאַרפעלט אויסצונוצן מיינע בלויע אַרבעט־קליידער און מיינע פאַרריסטע הענט ווי אַ וואָפן קעגן דעם גרעסטן שונא, וואָס כ׳האָב אין יענער צייט באַטראַכט — קעגן דעם מענשעוויזם און קעגן דער מענשעוויסטיש־געשטימטער בונדישער אינטעליגענץ.

לאַנג האָב איך אָבער נישט געקענט אָפּערירן מיט דעם דאָזיקן אייגנאַרטיקן געווער. כ׳בין פון אַ פאַבריק־אַרבעטער געוואָרן אַ פּאַרטיי־פּראָפעסיאָנאַל, אַ פונקציאָנער פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד — דער ערשטער פונקציאָנער פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד אונטער דער פּוילישער הערשאַפט.

איינע פון די ערשטע און פון די סאַמע וויכטיקסטע אַקציעס איז געווען די וואַל־קאַמפּאַניע צום וואַרשעווער אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַט. וועגן דער דאָזיקער וואַל־קאַמפּאַניע האַלט איך פאַר נייטיק צו דערציילן אין אַ באַזונדער קאַפּיטל.

ס'איז נייטיק געווען צו מאַכן אַ שטיקל אָרדענונג אין דער אָנפירונג פון דער וואַרשעווער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע פון בונד.

אין נאָוועמבער 1918 איז פאָרגעקומען אַ וואַרשעווער בונדישע פּאַרטיי־קאָנ־פערענץ — די ערשטע וואַרשעווער בונדישע פּאַרטיי־קאָנפערענץ אונטער פּוילישער הערשאַפט.

אויף דער דאָזיקער קאָנפערענץ זענען נאַטירלעך געווען רעכטע און לינקע. קיין פאָרמעלע צעטיילונג אויף לינקס און רעכטס איז אָבער נאָך נישט געווען. דאָס אָנטיילנעמען אין דער קאָנפערענץ און דאָס ווילן די מיטגלידער צום וואַרשע־ווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד איז נישט פאַרבונדן געווען מיט פּאָליטישע איינ־שטעלונגען, נאָר מיט פערזענלעכע קוואַליפיקאַציעס. די צעטיילונג אויף רעכטס און לינקס איז אָבער געווען אַ בולטע. די אַבסאָלוטע מערהייט פון די אָנטיילנעמערס פון דער קאָנפערענץ און פון די דערוויילטע מיטגלידער צום פּאַרטייקאָמיטעט איז געווען אויסגעשפּראָכן פאַר דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. זיי האָבן געגלייבט, אַז די רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד וועט אַוועק אויפן וועג פון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, און זייערע האָפענונגען פאַרבונדן מיט דער אָט־אָט קומענדיקער סאָציאַלער רעוואָלוציע אין פּוילן.

אויף דער דאָזיקער קאָנפערענץ איז דער באַקאַנטער בונדישער טוער הערשל הימעלפאַרב צום ערשטן מאָל דערוויילט געוואָרן ווי אַ מיטגליד פון וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד, און דעם דאָזיקן אַמט אָנגעהאַלטן פּערמאַנענט, פון נאָוועמבער 1918 ביז (אויף וויפל איך ווייס) סעפּטעמבער 1939 — ביז צום אויס־בראָך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

פון דער דאָזיקער קאָנפערענץ, נאָוועמבער 1918, ביז דער שפּאַלטונג פון בונד, האַרבסט 1921, האָט זיך אין וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד איינגעשטעלט אַ גרופּע „ווירילּיסטן" — פון שטענדיקע זיך נישט טוישנדיקע קאָמיטעט־מיט־גלידער, רעכטע און לינקע: יוזעף, דוד מייער, הערשל הימעלפאַרב, שפּעטער איז צוגעקומען דינה בלאָנד — פון די רעכטע; מאיר (חיים) וואַסער, יאַנעק־יאַנקעלע־וויטש, עמנואל נאָוואָגרודסקי, (שפּעטער איז אויך צוגעקומען שׂרה שוועבער), יוסף באַסאַק, אַבע פלוג און הערשל מעטאַלאָוויעץ — מצד די לינקע. די דאָזיקע רייע האָט געגילט אין אַלע פאַלן: ביי וואַלן צום שטאָטישן פּאַרטיי־קאָמיטעט, עפנטלעכע און אינערלעכע אַמטן אין דער וואַרשעווער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע, פאַר־שטייערשאַפטן כּלפּי חוץ און ביי די וואַלן צו בונדישע לאַנד־קאָנפערענצן און צוזאַמענפאָרן. אַנדערע חשובע בונדישע פּאַרטיי־טוערס, צווישן זיי: גרשון זיבערט, אַברהם שמויש, נאַטאַן שאַפּראַן און אַנדערע — פון רעכטס; מרדכי שניידער, (מרדכי פייגמאַן), חנינא קראַמאַרסקי און אַנדערע — פון לינקס, זענען געקומען אין באַטראַכט ערשט נאָך דער דערמאָנטער רייע.

אויפֿן טאָג־אָרדענונג פֿונעם בונדישן פּאַרטיי־לעבן האָט זיך געשטעלט דער ענין וואַלן צו דער פּוילישער קאָנסטיטואַנטע. דער צענטראַל־קאָמיטעט פֿון בונד האָט איינשטימיק באַשלאָסן זיך צו באַטייליקן אין די וואַלן צום ערשטן פּוילישן סיים. דער „לינקער בלאָק", און דערנאָך די אַנטשטאַנענע קאָמוניסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי פֿון פּוילן, האָט באַשלאָסן די וואַלן צו בויקאָטירן און רופֿן די מאַסן צו אָנערקענען די אַרבעטער־ און פּויערים־דעלעגאַטן פֿאַר דער איינציקער לעגיטימער פֿאַרשטייערשאַפֿט פֿון פּוילן. די מערהייט פֿון וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פֿון בונד האָט פֿאַרנומען די זעלבע שטעלונג, וואָס ס'האָט פֿאַרנומען די קאָם. פּאַרטיי פֿון פּוילן — צו בויקאָטירן די וואַלן.

צווישן די לינקע מיטגלידער פֿונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פֿון בונד בין איך געווען אַן אויסנאַם. מיין שטעלונג איז געווען: גיין צו די וואַלן פֿון דער קאָנסטיטואַנטע מיטן לאָזונג: „די גאַנצע מאַכט די אַרבעטער־ און פּויערים־ראַטן", רופֿן די יידישע אַרבעטער און פֿאָלקסמאַסן אַקטיוו זיך צו באַטייליקן אין דער וואַל־קאַמפּאַניע, דערוויילן וואָס אַ גרעסערע צאָל בונדישע דעפּוטאַטן און זיי געבן אַן אימפּעראַטיוון מאַנדאַט: פֿריי זיין פֿון וועלכן ס'איז מין פֿאַרלאַמענטאַרישן קרע־טיניזם, פֿירן דעם שאַרפֿסטן קאַמף קעגן דער נייער פּוילישער ממשלה און קעגן דער יידישער רעאַקציע, שפּילן אויפֿן פֿאַרום פֿון דער קאָנסטיטואַנטע און אַרום דער קאָנסטיטואַנטע אַן ענלעכע ראָלע, וואָס אַלעקסינסקי האָט געשפּילט אין דער רוסישער דומע.

פֿאַרטיידיקט האָב איך מיין שטעלונג מיט אַרגומענטן פֿון אַן אַלגעמיין פּאָלי־טישן און פֿון אַ ספּעציפֿיש יידישן כאַראַקטער:

די געשיכטע לערנט, אַז בויקאָטירן פּאָליטישע קאַמפּאַניעס, אַפֿילו אין אַ די־רעקט רעוואָלוציאָנערע סיטואַציע, איז נישט קיין געלונגען געווער אין די הענט פֿון רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטן. דער בויקאָט פֿון דער ערשטער דומע אין רוס־לאַנד מצד די באָלשעוויקעס און בונד און דער בויקאָט פֿון די באָלשעוויקעס צו דער צווייטער דומע איז אַ גוטע לעקציע.

ריכטיק האָבן די באָלשעוויקעס אין רוסלאַנד געהאַנדלט באַטייליקנדיק זיך אין די וואַלן פֿון דער רוסישער קאָנסטיטואַנטע אין דער צייט ווען די אַרבעטער, פּויערים און סאָלדאַטן־ראַטן האָבן נאָך נישט געהאַט דעראָבערט די פּאָליטישע מאַכט. ערשט ווען די פּאָליטישע און מיליטערישע מאַכט איז געווען פֿעסט אין די הענט פֿון די ראַטן, האָבן די באָלשעוויקעס מותּר געווען אויפֿן בורזשואַזן פֿאַר־לאַמענטאַריזם.

גרויסע צאָלן פֿון דער פּוילישער באַפֿעלקערונג באַטראַכטן די אַנטשטייונג פֿון דער פּוילישער מלוכה פֿאַר אַ וויכטיק געשעעניש אינעם לעבן פֿונעם פּוילישן פֿאָלק. קיין שום בויקאָט־רופֿן וועלן נישט העלפֿן אָפּצוהאַלטן די פּוילישע באַפֿעל־קערונג פֿון באַטייליקן זיך אין די וואַלן צו דער קאָנסטיטואַנטע.

מיטן בויקאָט ליפערט אויס דער רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישער סעקטאָר מיט די אייגענע הענט גרויסע צאָלן ראַדיקאַליזירטע פּאַלקסמענטשן אין די הענט פון דער רעאַקציע אין אירע פאַרשיידנאַרטיקסטע פאָרמען: פון קלער ביז דער סאָציאַל־פּאַטריאָטישער פּ.פּ.ס.

די יידישע בורזשואַזיע: די אַסימילאַטאָרן, ציוניסטן, דער קלער, און די נייע פאַרזאָרגערס מיט נח פּרילוצקי בראָש, גרייטן זיך צו אַן אינטענסיווער וואַל־קאַמפּאַניע. מיטן נישט־גיין פון בונד צו די וואַלן גיט ער איבער דער יידישער בורזשואַזיע דעם מאָנאָפּאָל פון יידישער פאָרשטייערשאַפט.

מיין לאַגע איז געווען אַ פּאַסקודנע. אויבן־אויף האָט מיין שטעלונג צו באַטיי־ליקן זיך אין די וואַלן אויסגעזען, ווי כ׳וואָלט געווען מיט די רעכטע. די לינקע מיטגלידער פון פּאַרטיי־קאָמיטעט האָבן מיר דאָס פאָרגעוואָרפן. מיט פאַרדראָס האָט דער וואַרשעווער לינקער פּאַרטיי־אַקטיוו אויפגענומען מיין שטעלונג און ס׳האָבן נישט געפעלט קיין שטעכווערטלעך אויף מיין חשבון: פּאָליטישע משוגעת, משה קאַפּויר, ער וויל שפּילן די ראָלע פון אַן אייגנאַרטיקן טעאָרעטיקער. ס׳האָבן זיך געפונען „גוטע־פריינד", וועלכע האָבן ממזריש אונטערגעוווּנקען: „נישט אומ־זיסט האָט מען אים געמאַכט פאַר אַ פונקציאָנאַר פון צ.ק.". די רעכטע זענען צופרידן געווען פון מיין שטעלונג דער בונד זאָל זיך באַטייליקן אין דער וואַל־קאַמפּאַניע, אָבער דעצידירט אָפּגעוואָרפן מיין פּאָליטישע קאָנצעפּציע פון גיין צו די וואַלן מיט דער לאָזונג: „די גאַנצע מאַכט די אַרבעטער און פויערים־ראַטן".

כ׳בין געווען צווישן האַמער און קאָוואַדלע. כ׳האָב געוווּסט, אַז כ׳בין פּאָליטיש גערעכט, אַז מיין שטאַנדפּונקט איז אַ ריכטיקער, אָבער נישט געוואָלט אַפילו אין דעם מינדסטן פּרט אידענטיפיצירט ווערן מיט די רעכטע, און אין דער זעלבער צייט נישט געקענט זיך אידענטיפיצירן מיט דער שטעלונג פון די לינקע.

צו יענער צייט האָב איך נאַטירלעך נישט געוווּסט, אַז אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פּוילן געפינט זיך אַ גרופּע מיט איינעם פון די גרינדערס און פירערס פון דער קאָמ. פּאַרטיי, וואַלעצקי, בראָש, וועלכע זענען קעגן בויקאָט און פאַר אָנטייל־נעמען אין די וואַלן, און אַז אויך אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון דייטשלאַנד געפינט זיך אַ גרופּע בראָש מיט אַזעלכע פּראָמינענטע פירערס, ווי ראָזאַ לוקסעמ־בורג, ד״ר לעווי, קלאַראַ צעטקין, וואָס איז קעגן בויקאָט און פאַר אָנטיילנעמען אין דער וואַל־קאַמפּאַניע צו דער קאָנסטיטואַנטע אין דייטשלאַנד.

דער קאָנפליקט צווישן צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד מיט דער מערהייט פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט האָט זיך פאַרשאַרפט. דער צ.ק. פון בונד האָט אָרגאַ־ניזירט די וואַל־קאַמפּאַניע אין גאַנצן לאַנד, מיטן אויסנאַם פון כעלעם און כעלעמער ראַיאָן, ווו ס׳איז אָנגעגאַנגען אַ מחלוקה צווישן פּוילן און די אוקראַינער וועגן דער מלוכישער אָנגעהעריקייט פונעם דאָזיקן ראַיאָן. אַגב, אויך די אַנדערע יידישע פּאַרטייען האָבן אין כעלעמער ראַיאָן נישט אַרויסגעשטעלט קיין קאַנדידאַטן. אַז

אויסנאַם זענען געווען די פּועלי־ציון, און זייענדיק די איינציקע יידישע ריכטונג האָבן זיי אויף זייער ליסטע דערוויילט זייערס אַ חבר, ד״ר ראָזענפעלד. דער וואַר־שעווער קאָמיטעט פון בונד האָט אָבער באַשלאָסן צו בויקאָטירן די וואַלן. אין דער דאָזיקער סיטואַציע האָב איך באַשלאָסן בעסער מיטצומאַכן דעם פעלער פון די לינקע — שטעלן זיך מיט די לינקע פון וואַרשעווער קאָמיטעט קעגן צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד — און נישט אידענטיפיצירט ווערן מיט די רעכטע.

דער צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד האָט רעזיגנירט פון אַ וואַל־קאַמפּאַניע אין וואַרשע. איך בין דאָך אָבער געווען אַ פונקציאָנאַר פון צ.ק. און ווי אַזעלכער געדאַרפט מיטהעלפן דעם צענטראַל־קאָמיטעט אין זיין קאַמפּאַניע אויף דער פּראָ־ווינץ. כ׳בין אַוועק צו יוזעפן און אים געמאָלדן, אַז אין די געגעבענע באַדינגונגען רעזיגניר איך פון דער פונקציע ווי אַ פונקציאָנאַר פונעם צענטראַל־קאָמיטעט. נאָך אַ לענגערן שמועס מיטן „אַלטן" האָט מיך יוזעף באַפרייט פון דער פליכט אַנטיילצונעמען אין דער וואַל־קאַמפּאַניע סיי ווי אַ רעדנער און סיי ווי אַן אָרגאַ־ניזאַטאָר, און טראָץ דעם, וואָס בשעת דער וואַל־קאַמפּאַניע האָב איך זיך געפונען אין לאָדזש, שעדלעץ און אין אַנדערע ערטער, ווו די קאַמפּאַניע איז געווען אַ גאַנץ לעבעדיקע, האָב איך מיט קיין פינגער נישט קיין ריר געטאָן צו העלפן דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד אָדער אַן אָרטיקער אָרגאַניזאַציע אין דער דאָזיקער קאַמפּאַניע.

שפּעטער האָט מיר באַנג געטאָן מיין האַנדלונג בשעת דער וואַל־קאַמפּאַניע און כ׳האָב באַטראַכט די אָ האַנדלונג פאַר אַ פעלשונג פון מיין פּאָליטישן געוויסן און אַ קאַפּיטולאַציע פאַר שווערקייטן, פאַר מקריב זיין די איבערצייגונג צוליב טאַקטישע מאָטיוון.

דאָס איז געווען דאָס ערשטע און איינציקע מאָל אין דער צייט פון מיין קאַריערע אין בונד, וואָס כ׳האָב זיך צוריקגעצויגן פון קאַמף פאַר זאַכן, וואָס כ׳האָב געהאַלטן פאַר סאָציאַליסטיש און פּאָליטיש ריכטיק, און באַשלאָסן, אַז אַזעלכעס זאָל זיך מער נישט איבערחזרן.

היסטאָריש גענומען איז אויסער יעדן ספק, אַז די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון פּוילן און די לינקע מערהייט פונעם וואַרשעווער קאָמיטעט פון בונד איז בשעתו באַגאַנגען אַ פּאָליטישן פעלער פון אַ היסטאָרישן באַטייט.

סוף דעצעמבער 1918 איז אין וואַרשע, אין לאָקאַל פונעם גראָסער־קלוב אויף קאַרמעליצקע 29, אָפּגעהאַלטן געוואָרן די ערשטע בונדישע לאַנד־קאָנפערענץ אונ־טער דער פּוילישער הערשאַפט.

די דאָזיקע קאָנפערענץ — איר צוגרייטונג, דער פאַרלויף, די מערסטע פון די אָנטיילנעמערס, די רעפעראַטן און רעזאָלוציעס — זענען פאַרשוווּנדן פון מיין זכרון. ס׳געדענקט זיך בלויז עטלעכע פּרטים און עטלעכע הויכפּונקטן.

די וואַלן פון די דעלעגאַטן זענען פאַרגעקומען נישט לויט פּאָליטישע איינ־שטעלונגען, נאָר לויט פּערזענלעכע קוואַליפיקאַציעס. אין וואַרשע האָבן פיגורירט כּמעט אַלע מיטגלידער פונעם צענטראַל־קאָמיטעט. כ׳בין שוין געווען אַ פונקציאָנאַר פון צ.ק. פון בונד און אין וואַרשע נישט אָנטיילגענומען אין די צוגרייטונגען. ווען כ׳בין צוריקגעקומען קיין וואַרשע, אַ טאָג פאַר דער קאָנפערענץ, בין איך צו מיין דערשטוינונג געוואָר געוואָרן, אַז כ׳בין נישט איינער פון די דערוויילטע וואַרשעווער דעלעגאַטן צו דער פּאַרטיי־קאָנפערענץ, נאָר אַ קאַנדידאַט — דער ערשטער אָדער דער צווייטער אין דער רייע. דאָס איז געווען פאַר מיר אַ ביטערע אַנטוישונג. כ׳האָב זיך געמאַכט פאָרווורפן, פאַר וואָס כ׳האָב מסכּים געווען צו ווערן אַ פונקציאָנאַר פונעם צענטראַל־קאָמיטעט און פאַרנאַכלעסיקט מיין וואַרשע. דעם כּעס האָב איך אויסגעלאָזט צו מיינע נאָענטע לינקע חברים, באַזונדערס צו יאַנעק־יאַנקעלעוויטשן און יוסף באַסאַק, פאָרוואַרפנדיק זיי, אַז מיט זייער טאַקטיק האָבן זיי פון וואַרשע אַריינגעפירט אַ גרויסע צאָל רעכטע דעלעגאַטן, בעת אין די ערטער, ווו כ׳בין געווען, האָב איך זיך באַמיט צו פאַרסירן לינקע ווי דעלעגאַטן צו דער קאָנפערענץ.

האַרט פאַר דער דערעפענונג פון דער קאָנפערענץ האָבן עטלעכע מיטגלידער פונעם צענטראַל־קאָמיטעט, וועלכע האָבן עקס אָפיציאָ געהאַט דאָס רעכט זיך צו באַטייליקן אין דער קאָנפערענץ מיט שטימרעכט, זיך אָפּגעזאָגט פון זייערע וואַר־שעווער מאַנדאַטן און איך און הערשל הימעלפאַרב (און מעגלעך נאָך עמעצער) זענען געוואָרן אַ באַשטאַנדטייל פון דער וואַרשעווער דעלעגאַציע.

די וויכטיקסטע פיגור אויף דער קאָנפערענץ איז געווען וולאַדימיר מעדעם.

מעדעם האָט זיך אויף דער קאָנפערענץ אַרויסגעוויזן פאַר אַ פּאָליטישן פירער פון אַ הויכן קאַליבער, געוווּסט וואָס ער וויל און זיין ווילן דורכגעפירט מיט אַ פעסטער האַנט. האָבנדיק אויף דער קאָנפערענץ אַ מערהייט פון עטלעכע שטימען, האָט מעדעם דיקטירט דער קאָנפערענץ זיין ווילן און דורכגעפירט, וואָס ער האָט געפונען פאַר נייטיק, הן אין אינהאַלט פון די רעזאָלוציעס, הן אין צוזאַמענשטעל פונעם צענטראַל־קאָמיטעט. פון די לינקע האָט ער אַריינגענומען אַן איין־און־איינציקן מענטש: מאיר (חיים) וואַסער, און אַריינגעפירט הערשל הימעלפאַרבן, וועלכער איז אין וואַרשע באַטראַכט געוואָרן פאַר דעם אָראַגאַנטסטן פון די רעכטע, ווי אַ מיטגליד פון צ.ק.

וולאַדימיר מעדעם האָט אויף דער קאָנפערענץ זיך אַרויסגעוויזן ווי אַ פאַר־זיצער פון דער העכסטער מדרגה. די צוויי זיצונגען, וואָס ער האָט געפירט, זענען געווען פּערעכטיקע. קיין בעסערן פאָרזיצער האָב איך אין אַלע יאָרן פון מיין געזעל־שאַפטלעכן לעבן נישט באַגעגנט, אָפילו נישט אין דער קאָמ. באַוועגונג. געווען אַ צאָל גוטע פאָרזיצערס און איינער פון זיי איז אָן שום ספק געווען דער פירער פון בונד יוזעף, דער שטענדיקער פאָרזיצער אויף די בונדישע עפנטלעכע און נישט עפנט־לעכע צונויפקומען. זייער מעלה איז געווען גוטע פאַכמענערישקייט, מעדעם איז

אָבער געווען אַ ווירטואָז. ביי יוזעפן און אַנדערע איז עס געווען בעיקר רוטין; ביי מעדעמען — קאָמפּאָזיציע, אין וועלכער ס'האָט זיך פאַראייניקט אַ חוש פאַר דער שטימונג פון די אָנטיילנעמערס, אַ פעסטע האַנט, פּראַקטפולער זשעסט, אַבסאָ־לוטע אָביעקטיוויטעט און אַ שטשיפּטע הומאָר.

אויף מיר האָט מעדעמס פאַרזיצעריי געמאַכט אַן אומפאַרגעסלעכן איינדרוק. פון דער בונדישער ליטעראַטור האָב איך געקענט דעם פאַרלויף פון דעם אָפּגע־האַלטענעם צוזאַמענפאָר פון דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, פון אַלע אירע פראַקציעס צוזאַמען מיט אַ רייע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס — ס.ד.ק.פּ.ל., בונד, די לעטישע פּאַרטיי — וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין לאָנדאָן, און געוווּסט פון דער ראָלע וואָס וויניצקי (דער דעמאָלטדיקער פּסעוודאָנים פון וולאַדימיר מעדעם) האָט ווי פאַרזיצער געשפּילט אויפן דאָזיקן צוזאַמענפאָר. זיין פאַרזיצעריי אויף דער דערמאָנטער בונדישער קאָנפערענץ איז פאַר מיר, און נישט נאָר פאַר מיר, געווען אַן אַנטפּלעקונג, און איז פאַר מיר געוואָרן אַ מוסטער ווי אַזוי צו פירן אַ פאַרזיץ.

די צייט איז אָבער נישט געווען פאַר מעדעמען. די אָנגענומענע רעזאָלוציעס און דער צוזאַמענשטעל פונעם צענטראַל־קאָמיטעט האָט דערשיטערט די לינקע דעלעגאַטן. יוסף באַסאַק האָט אין נאָמען פון די לינקע וואַרשעווער דעלעגאַטן פאַר־לאַנגט אַ הפסקה, און נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער פונעם פאַרזיצער, פאַרלאָזט דעם זאַל. צוזאַמען מיט יוסף באַסאַקן האָבן פאַרלאָזט אַלע לינק־געשטימטע דעלע־גאַטן און אַנוועזנדיקע לינק־געשטימטע געסט און זיך פאַרזאַמלט אין איינעם פון די צימערן — דאָס איז געווען דער ערשטער לאַנד־קאָקוס* פון די לינקע בונדיסטן אין פוילן.

דער צוזאַמענקום איז געווען אַ שטורמישער און דער רעזולטאַט איז געווען דאָס שאַפן אַ געשלאָסענע און דיסציפּלינירטע פראַקציע — די לינקע פראַקציע, און אַ פאָדערונג, אַז אַן אויסעראָרדנטלעכע קאָנפערענץ, אַ דערווויילטע אויף פּראָ־פּאָרציאָנעלע יסודות, זאָל גערופן ווערן נישט שפּעטער ווי אין משך פון 6 חדשים. אין פאַל אויב די פאָדערונג וועט אָפּגעוואָרפן ווערן — פאַרלאָזן די קאָנפערענץ און זיך צונויפקומען צו באַשליסן וועגן דער ווייטערדיקער האַנדלונג פון דער פראַקציע.

ווען די לינקע האָבן זיך אומגעקערט אין קאָנפערענץ־זאַל, האָט יאַנעק־יאַנקע־לעוויטש אין נאָמען פון דער לינקער פראַקציע געמאַכט אַ פאָרשלאָג צו רופן אַן אויסעראָרדנטלעכע קאָנפערענץ אויף פּראָפּאָרציאָנעלע יסודות. די רעכטע האָבן אויפגעהויבן אַן אַלאַרם. וואָלט וולאַדימיר מעדעם געווען דער פאַרזיצער אויף דער געגעבענער זיצונג, ווייס איך נישט מיט וואָס די זיצונג וואָלט זיך פאַרענדיקט.

---

* קאָקוס: אויפן פּאַרטיי־לשון — אַן ענגער צונויפקום.

דער פּאָרזיצער איז געווען יוזעף און ער האָט פאַרשטאַנען מיט וואָס יאַנעקס פאָר־שלאָג שמעקט, אויב ער זאָל אים שטעלן צום באַהאַנדלען און אָפּשטימען, און דער פאָרשלאָג זאָל דורכפאַלן — אַ שפּאַלטונג וואָלט געווען אומפאַרמיידלעך. יוזעף האָט איבערגעריסן די זיצונג און דערקלערט אַ הפסקה.

נאָך אַן איבעררייס פון עטלעכע שעה האָט די קאָנפערענץ געהאַט פאַר זיך דריי פאָרשלאָגן: רופן אַן אויסעראָרדנטלעכע קאָנפערענץ אויף פּראָפּאָרציאָנעלע יסו־דות; אַריבערגיין איבער יאַנעק־יאַנקעלעוויטשס פאָרשלאָג צום טאָג־אָרדענונג; איבערגעבן דעם פאָרשלאָג פון יאַנעק יאַנקעלעוויטש דעם דערוויילטן צענטראַל־קאָמיטעט צום באַהאַנדלען און צום באַשליסן.

די פאָדערונג פון די לינקע האָט פאַרטיידיקט מאיר (חיים) וואַסער. זיינע אַרגומענטן זענען געווען: די קאָנפערענץ שפּיגלט נישט אָפּ די מיינונג פון דער מערהייט פון די פאַרטיי־מיטגלידער; די רעזאָלוציעס אַנטשפּרעכן נישט די באַדער־פענישן פון דער צייט; דער צוזאַמענשטעל פון צענטראַל־קאָמיטעט דריקט נישט אויס די פּאָליטישע פאַרהעלטענישן פון דער פאַרטיי.

דעם פאָרשלאָג אַריבערצוגיין צום טאָג־אָרדענונג האָט פאַרטיידיקט וולאַדימיר מעדעם מיט די אַ אַרגומענטן: אין בונד עקסיסטירן נישט קיין אָרגאַניזירטע פראַק־ציעס; די קאָנפערענץ איז אַ לעגיטימע, און אַלץ, וואָס ס'איז באַשלאָסן געוואָרן, איז דורכגעפירט געוואָרן אויף אַ געזעצלעך־פאַרטייִישן אופן.

דעם פאָרשלאָג איבערצוגעבן דעם פאָרלאַנג פון די לינקע דעם דערוויילטן צ.ק. האָט פאַרטיידיקט יוזעף. זיינע אַרגומענטן זענען געווען: די קאָנפערענץ האַלט זיך ביים שליסן; דעם חבר יאַנעקס פאָרשלאָג איז געקומען צו שפּעט; דאָס באַהאַנדלען דעם פאָרשלאָג וועט פאַרנעמען צו פיל צייט און אַרויסרופן נישט געוווּנטשענע צעטיילונג אין די פאַרטיי־רייען; דער צ.ק. וועט דעם ענין קענען באַהאַנדלען אויף אַ רויִקן אופן און אָננעמען אַ באַשלוס וואָס זאָל אויסדריקן דעם ווילן און די מיינונג פון די פאַרטיי־מיטגלידער.

יוזעפס פאָרשלאָג איז געווען אַ גלענצנדיקער מאַנעווער פּטור צו ווערן פון דער פאָדערונג פון די לינקע. יוזעף האָט ספּעקולירט דערויף, אַז די, וועלכע וועלן פריִער שטימען פאַרן פאָרשלאָג אַריבערצוגיין צום טאָג־אָרדענונג און נישט באַקו־מען קיין מערהייט, וועלן דערנאָך שטימען פאַר זיין פאָרשלאָג, און אַז זיין פאָרשלאָג וועט, מעגלעך, אַריינברענגען אַ שפּאַלטונג צווישן די לינקע גופא — אַ טייל לינקע וועלן שטימען פאַר זיין פאָרשלאָג אָדער זיך אָפּהאַלטן פון שטימען פאַרן פאָרשלאָג פון אַן אויסעראָרדנטלעכער קאָנפערענץ.

דער דאָזיקער מאַנעווער איז געקרייצט געוואָרן דורך אַ פאָדערונג פון די לינקע, אַז די אָפּשטימונג איבער די דריי פאָרשלאָגן זאָל זיין אַ נאָמענטלעכע — נישט דורך הייבן הענט, נאָר דורך אַ פערזענלעכן אָפּרוף ווי אַזוי יעדער דעלעגאַט שטימט. דער קאָנטער־מאַנעווער פון אַ נאָמענטלעכער אָפּשטימונג איז געווען פון

אַ לעגאַלער פּאַרטיי־פּראָצעדור, נישט אונטערגעוואָרפן קיין אָפּשטימונג, און דער פּאָרזיצער האָט עקס־פּרעזידיאָ נישט געקענט דעם פּאָרשלאָג באַזייטיקן. דער מאַנעווער האָט געהאַט פאַר אַ ציל נישט צו דערלאָזן די מעגלעכקייט צו שטימען פאַר צוויי פאַרשלאָגן איינצייטיק — און צעשפּאַלטן די שטימען פון די רעכטע. און כּך־הווה: אַ מערהייט רעכטע האָבן געשטימט פאַרן פאַרשלאָג אַריבערצוגיין צום טאָג־אָרדענונג, אַ געוויסע צאָל — פאַר איבערגעבן דעם צענטראַל־קאָמיטעט דעם ענין צו באַהאַנדלען. דער פאָרשלאָג פון די לינקע האָב צוליב דעם געקריגן אַ נאָמינעלע מערהייט.

דער אָנגענומענער באַשלוס צו רופן אַן אויסעראָרדנטלעכע קאָנפערענץ אויף פּראָפּאָרציאָנעלע יסודות אין דער סאָמער קירצסטער צייט האָט פאַקטיש צו נישט געמאַכט די באַשלוסן פון דער פאַרטיי־קאָנפערענץ. די האָפערדיקע רעכטע מיט װלאַדימיר מעדעם בראָש, וועלכע האָבן געמיינט, אַז זיי האָבן דעם זיג אין קעשענע, האָבן פאַרלאָזט די פאַרטיי־קאָנפערענץ ווי אַבֵלים נאָך אַ לוויה.

אויף דער טראַדיציאָנעלער בונדישער ליאַמע האָט נישט געהערשט קיין פרייד. אַלע באַמיִונגען פון גרשון זיבערט, הערשל הימעלפאַרב און פון דעם יונגן ראָזען פון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „צוקונפט" צו פאַרווילן די אָנטיילנעמערס פון דער ליאַמע מיט וויצן, לידער און מיט אַ סאַטירישער ליאַמע־צייטונג — האָבן געהאַט אַ קנאַפּע פּעולה.

דער גערانגל פאַר דער פּאָליטישער נשמה פון דער אויסעראָרדנטלעכער קאָנפערענץ האָט זיך אָנגעהויבן פון דער מינוט, ווען די ערשטע קאָנפערענץ פון בונד אונטער פּוילישער הערשאַפט, סוף דעצעמבער 1918, האָט באַשלאָסן צו רופן אַן אויסעראָרדנטלעכע קאָנפערענץ אויף פּראָפּאָרציאָנעלע יסודות אין דער קירצ־סטער צייט.

גלייך נאָך דער פאַרענדיקונג פון דער אויבן דערמאָנטער קאָנפערענץ איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ באַראַטונג מיטן אָנטייל פון די לינקע דעלעגאַטן, אָנוועזנ־דיקע לינק־געשטימטע געסט, און פון אַ גרעסערע גרופּע לינקע פּאַרטיי־ און פּראָפעסיאָנעלע טוערס פון וואַרשע. די באַראַטונג האָט אָנגענומען אַ פּאָליטישע פּלאַטפאָרמע — תּקופה פון סאָציאַלער רעוואָלוציע, סאָוועטן־מאַכט, דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, די אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד — דער אָנהייב פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע — און אויסגעוויילט אַ צענטראַלע אָנפירונג אין באַשטאַנד פון מאיר וואַסער, יאַנעק־יאַנקעלעוויטש, עמנואל נאָוואָגרודסקי, יוסף באַסאַק, אַבע פלוג, הערשל מעטאַלאָוויעץ, מרדכי פייגמאַן, חנינא קראַמאַרסקי, (שפּעטער איז צוגעקומען שׂרה שוועבער) פון וואַרשע, אַלעקסאַנדער (פּ. מינץ) פון לאָדזש און זשאַן (איזאַק גרינבערג) פון מלאַווע.

הגם כּלפּי חוץ און לגבי קעגנערס האָט דער בונד געמאַכט אַן איינדרוק פון אַן

איינהייטלעכער און דיסציפּלינירטער פּאַרטיי, האָבן זינט דער דערמאָנטער באַראַ־טונג ביז דער שפּאַלטונג פון בונד, האַרבסט 1921, אין בונד פּאַקטיש געהויזט צוויי אָרגאַניזאַציעס אונטער איין דאַך: דער אָפיציעלער בונד און די לינקע פראַקציע. די צוויי גרופּירונגען אין בונד האָבן זיך טיכטיק געגרייט צום קאַמף פאַר דעראָבערן אַ מערהייט אויף דער קומענדיקער אויסעראָרדנטלעכער פאַרטיי־קאָנפערענץ.

אין אַלע בונדישע אָרגאַניזאַציעס, אין וואַרשע און אויף דער פּראָווינץ, איז אָנגעגאַנגען אַ לעבעדיקע און אַ היציקע דיסקוסיע אַרום די פּראָבלעמען, וואָס די צייט האָט מיט זיך געבראַכט. די אָרגאַניזאַציעס פון די גרעסערע שטעט האָבן אויס־געוויילט דעלעגאַטן לויט דער צאָל פאַרטיי־מיטגלידער. די קלענערע פּראָווינצער אָרגאַניזאַציעס האָבן געוויילט דעלעגאַטן אויף ראַיאָן־קאָנפערענצן.

אין דער צווישנצייט פון דער ערשטער און צווייטער (אויסעראָרדנטלעכער) קאָנפערענץ זענען אין בונד פון פּוילן צוגעקומען אַ רייע רעכטע טוערס, געקומענע פון רוסלאַנד, וועלכע האָבן זיך אַרויסגערוקט אין פראָנט פונעם בונדישן פּאַרטיי־לעבן: הענריק ערליך, די ברידער וויקטאָר און איזאָלט אַלטער. די צוגעקומענע האָבן אַקטיוו זיך באַטייליקט אין די צוגרייטונגען צו דער אויסעראָרדנטלעכער קאָנפערענץ.

מצד דער לינקער פראַקציע בין איך געווען איינער פון די אַקטיוויסטע און צוזאַמען מיט עמנואל נאָוואָגרודסקי האָב איך זיך פּאַרמאָסטן קעגן וויקטאָר אַלטער און הערשל הימעלפאַרב אויף דער פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג פון דער שטאָט שעדלעץ און אויף דער קאָנפערענץ פון שעדלעצער ראַיאָן, אין לאָמזשע — קעגן ביינוש מיכאַלעוויטשן, אין לאָדזש, צוזאַמען מיט מאיר וואַסער — קעגן וולאַדימיר מעדעם און יוזעפן, אין לובלין, צוזאַמען מיט זשאַנען — קעגן הענריק ערליך און ביינוש מיכאַלעוויטשן, אין ראַדאָם, צוזאַמען מיט שמוליק האַלבערשטאַט — קעגן ביינוש מיכאַלעוויטשן און אַברהם ראַטשפּאַן, אין וולאָצלאַוועק, צוזאַמען מיט עמנואל נאָ־וואָגרודסקי — קעגן הענריק ערליך און הערשל הימעלפאַרב, אויף דער וואַרשעווער ראַיאָן־קאָנפערענץ, צוזאַמען מיט מאיר וואַסער — קעגן וויקטאָר אַלטער און ביינוש מיכאַלעוויטשן. אויך אויף דער אַלגעמיינער וואַרשעווער פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג בין איך געווען איינער פון די רעדנערס מצד דער לינקער פראַקציע.

צו יענער צייט איז די לינקע פראַקציע געווען פּאָליטיש צעמענטירט אַרום די פיר פּונקטן פון דער אידעיִש־פּאָליטישער פּלאַטפאָרמע. אויב ס'זענען געווען מיינונג־פאַרשיידנקייטן אין דער פראַקציע, זענען דאָס געווען פון אַ טאַקטישן כאַראַקטער. ביי די רעכטע האָט געהערשט אַ פּאָליטישער דור־הפלגה.

די רעכטע האָבן זיך באַטראַכט פאַרן „צענטער". אויך וולאַדימיר מעדעם האָט זיך באַטראַכט פאַר אַ צענטריסט אין דער דעמאָלטדיקער קאָנסטעלאַציע אין דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. אינעווייניק פון דעם דעמאָלטדיקן בונד אין פּוילן האָט דער „צענטער" אויסגעזען ווי אַ שאָכברעט אין מיטן שפּיל:

לינקס פון צענטער האָט זיך געפונען איזאָלט, דער עלטערער ברודער פון וויקטאָר אַלטער. איזאָלט האָט לאַנג נישט פאַרבראַכט אין וואַרשע; ער איז אַריין אין דינסט פון אויסלענדישן קאָמיסאַריאַט פון דער סאָוועטישער מלוכה. בעת דעם אַטענטאַט פון אַ ווייסגוואַרדייער אויפן סאָוועטישן דיפּלאָמאַט וואָראָווסקי אין שווייצאַריע איז איזאָלט שווער פאַרוווּנדיקט געוואָרן. זיין ווייטערדיקער גורל איז מיר אומ־באַקאַנט. וויקטאָר אַלטער איז געווען לינקער פון צענטער און רעכטער פון זיין ברודער. דעם צענטער פון „צענטער" האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט: יוזעף, דוד מייער, גרשון זיבערט. רעכטס פון צענטער: הענריק ערליך, בייניש מיכאַלעוויטש, און אויך דער סאַמער רעכטסטער פּאָזיציע: וולאַדימיר מעדעם, וויקטאָר שולמאַן, הערשל הימעלפאַרב, מאַניעק (מאָריצי) אָזשעך, און די לאָדזשער: ישׂראל ליכטענ־שטיין און שמואל מילמאַן.

יעדע פון די „ריכטונגען" האָט געהאַט איר „אייגענעם" צוגאַנג צו די פּאָלי־טישע צייטפּראָבלעמען. דער בונדישער פּאַרטיי־עולם האָט אָנערקענט בלויז צוויי גרופּירונגען: רעכטע און לינקע, און פיגורירט האָבן בלויז צוויי וואַלליסטעס: אַ רעכטע און פון דער לינקער פראַקציע.

בשעת דער וואַל־קאַמפּאַניע האָב איך נישט פאַרפעלט אויסצונוצן די פּאָלי־טישע צעמישעניש ביי די רעכטע ווי אַ כּלי־זין אינעם קאַמף מיט די קעגנערס פון דער לינקער פראַקציע. „זעט, חברים — האָב איך אַרגומענטירט — וואָס עס טוט זיך ביי די רעכטע: אַן אמתער דור־הפלגה. ווייסט איר פאַר וואָס אונדזערע רעכטע חברים, נעכטיקע גוטע פאַרטיי־טוערס און פירערס, גוטע קעמפערס קעגן צאַריזם, זענען דערגאַנגען צו אַזאַ פּאָליטישן מצב? דערפאַר ווייל זיי האָבן פאַרלוירן דעם קאָנטאַקט מיטן אַרבעטער־פאָלק, פאַרלוירן דעם קאָמפּאַס פונעם רעוואָלוציאָ־נערן סאָציאַליזם, זיי פאַרשטייען נישט דעם אימפּעראַטיוו פון דער געשיכטע און האָבן זיך דערשראָקן פאַרן פּראָלעטאַרישן גיגאַנט, וואָס טראָגט דעם נאָמען: סאָציאַלע רעוואָלוציע".

דער אויסגאַנג פון די וואַלן איז געווען אַן אַבסאָלוטער זיג פון דער לינקער פראַקציע. די פּראָפּאָרציע — אַן ערך 70 צו 30. צו דער אויסעראָרדנטלעכער קאָנפערענץ בין איך געקומען ווי אַ דערוויילטער דעלעגאַט פון דער שטאָטישער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע פון ראַדאָם.

דער ניווא פון דער אויסעראָרדנטלעכער קאָנפערענץ פון בונד, פּסח 1919, איז געווען אַ נידעריקער און אַ קאַלירלאָזער. וולאַדימיר מעדעם האָט אויף דער צווייטער קאָנפערענץ נישט געשפּילט אַזאַ ראָלע, ווי אויף דער ערשטער. די רעכטע, מיט זייערע פאַרשיידנאַרטיקסטע ריכטונגען און ניואַנסן, זענען פאַרטראַטן געוואָרן דורך מענטשן, וועלכע זענען נישט דערגאַנגען צו וולאַדימיר מעדעמס קנעכל. די רעפעראַטן פון הענריק ערליך מצד די רעכטע און פון מאיר וואַסער מצד די לינקע זענען געווען פון אַ קנאַפּן קאַליבער. אויך די דיסקוסיעס זענען נישט געווען פון

אַ הויכן ניווא. פּאַקטיש איז אויף דער קאָנפערענץ נישט געווען וואָס צו זאָגן: אַלץ איז שוין געהאַט געזאָגט געווען בעת דער וואַל־קאַמפּאַניע, אויף די שטאָטישע פּאַרטיי־פאַרזאַמלונגען און אויף די ראַיאָן־קאָנפערענצן. אַפילו די פּאָלעמיק איז שוין געווען אַן אויסגעדראָשענע, און די קעגנזייטיקע באַשולדיקונגען און עפּיטעטן — אָפּגעבליאַקעוועטע. פון מיין רעדע געדענק איך בלויז די סאַמע לעצטע ווערטער, אַ פּאַראַפראַזע פון דער טיראַדע פון דער פּיעסע „וועסעלע" (חתונה) פונעם באַרימטן שרייבער וויספּיאַנסקי: „געהאַט האָסטו, כאַם, אַ גאָלדענעם האָרן, געבליבן איז דיר בלויז אַ שטריק". אין דער פאַרענדיקונג פון מיין רעדע האָבן די ווערטער געקלונגען: „געהאַט האָט איר, אַמאָליקע קעמפערס, אַ גאָלדענעם האָרן — די אָקטאָבער־רעוואָלוציע, פאַרבליבן איז אייך בלויז איין אויסוועג: קאַפּיטולירן"! וועגן ניוואָ פון דער קאָנפערענץ איז צווישן די דעלעגאַטן און געסט אַרומגעגאַנגען אַ ווערטל: „נודנע, ווי פּוילישע פליאַקעס".

לעבעדיקער איז אויף דער קאָנפערענץ געוואָרן בעתן באַהאַנדלען און אָפּשטימען די רעזאָלוציעס. די רעכטע האָבן געקעמפּט פאַר יעדן פּאַראַגראַף, פאַר אַ קוצו של יוד, און היפּשלעך פאַרוואָסערט די רעדאַקציע פון די רעזאָלוציעס. ווען ס'איז געקומען צו תּכלית — צום צוזאַמענשטעל פון די צענטראַלע פּאַרטיי־אָרגאַנען: צענטראַל־קאָמיטעט און רעדאַקציע, האָבן די מיינסטע פון די לינקע מיט די הויפּט־פירערס בראָש מורא געקריגן פאַר דער אַחריות און איבערגעגעבן די אָנפירערשאַפט פון דער פּאַרטיי אין די הענט פון די רעכטע.

אויף דער פראַקציע־באַראַטונג, אויף וועלכער ס'איז באַהאַנדלט געוואָרן דער צוזאַמענשטעל פון די צענטראַלע פּאַרטיי־אָרגאַנען, האָבן זיך געשאַפן צוויי שטעלונגען. די ערשטע, אָנגעפירט פון מאיר וואַסער, עמנואל נאָוואָגרודסקי און אַנדערע, האָבן געטענהט, אַז צווישן די לינקע זענען נישטאָ נאָך די פּאַסיקע כּוחות צו פאַרנעמען אַלע הויפּטאַמטן אין צ.ק. און אין דער רעדאַקציע. די לינקע האָבן דורכגעפירט זייער אויפגאַבע דערמיט, וואָס זיי האָבן דערוויילט אַ גרויסע מערהייט צו דער אויסעראָרדנטלעכער קאָנפערענץ, די קאָנפערענץ האָט אָנגענומען די שטעלונג פון די לינקע, און דער בונד פון פוילן איז געוואָרן אַ באַשטאַנדטייל פונעם רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישן סעקטאָר פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. די רעכטע בינדן די באַשלוסן פון דער קאָנפערענץ און זיי וועלן מוזן האַנדלען אין הסכּם מיט די פּאַרטיי־באַשלוסן. די לינקע מיטגלידער פונעם אויסגעוויילטן צענטראַל־קאָמיטעט, אומאָפּהענגיק, צי זיי וועלן זיין אַ מערהייט אָדער אַ מינדערהייט אין צ.ק., וועלן האַלטן אַ שטריק אויפן האַלדז פון די רעכטע און ווען ס'וועט נייטיק זיין — אַ פאַרצי טאָן די שטריק איבער זייער האַלדז.

די צווייטע שטעלונג, פאַרטראָטן דורך יוסף באַסאַק, אַלעקסאַנדער פון לאָדזש און הערשל מעטאַלאָוויעץ, איז געווען פאַר אַ פולשטענדיקער ליקווידאַציע פון רעכטס, נישט בלויז פּאָליטיש, נאָר אויך אָרגאַניזאַציאָנעל. זי האָט אָפּגעוואָרפן

די מיינונג אַז די לינקע פֿאַרמאָגן נישט די געהעריקע כּוחות פֿאַר אַלע נייטיקע צענטראַלע פּאַרטייאַמטן און געפֿאָדערט, אַז דער פּרינציפּ פֿון פּראָפּאָרציע זאָל אָנגעווענדט ווערן ביים צוזאַמענשטעל פֿונעם צענטראַל־קאָמיטעט; עקשנותדיק דערווידערט דאָס אַריינלאָזן אין צ.ק. די געקומענע פֿון רוסלאַנד הענריק ערליך, וויקטאָר איזאַלט אַלטער און ווידערוויילן הערשל הימעלפֿאַרבן, באַצייכענענדיק זיי ווי דעזערטירן פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע; פֿאַרגעלייגט אַ צוזאַמענשטעל פֿון צ.ק. פֿון 9 חברים, 3 רעכטע און 6 לינקע, אין פֿאָלגנדיקן צוזאַמענשטעל: וולאַדימיר מעדעם, יוזעף, ישׂראל ליכטענשטיין, און מיכאַלעוויטש ווי אַ פֿאַרטרע־טער — מצד די רעכטע. פֿון די לינקע — מאיר וואַסער, עמנואל נאָוואָגרודסקי, (יאַנעק־יאַנקעלעוויטש האָט שוין נישט געלעבט), יוסף באַסאַק, אַלעקסאַנדער פֿון לאָדזש, ד״ר פֿענסטערבלוי פֿון כעלם (שפּעטער זיך באַזעצט אין ראַדאָם), זשאַן פֿון מלאַווע, און די וואַרשעווער אַבע פֿלוג, הערשל מעטאַלאָוויעץ און מרדכי פּייגמאַן ווי פֿאַרטרעטערס. אין דער רעדאַקציע — מאיר וואַסער, ד״ר פֿענסטערבלוי און וולאַדימיר מעדעם.

די פֿראַקציע־באַראַטונג האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן די פֿאָרשלאָגן פֿון דער יוסף באַסאַק־גרופּע און דער רעזולטאַט איז געווען, אַז פֿון די לינקע זענען אין צענטראַל־קאָמיטעט אַריין: מאיר וואַסער, עמנואל נאָוואָגרודסקי און דער לאָדזשער פּראָ׳ם־לאַזער זעלמאַנאָוויטש. אַגב, איז דער לעצטער געווען דער איינציקער אַרבעטער אין דערוויילטן צענטראַל־קאָמיטעט. פֿון די רעכטע: וולאַדימיר מעדעם, יוזעף, הענריק ערליך, וויקטאָר אַלטער, מיכאַלעוויטש, און — ווי עס דערקלערט דוד מייער — דוד מייער.

פֿון דעם אויסגעוויילטן צענטראַל־קאָמיטעט אויף דער ערשטער פּאַרטיי־קאָנ־פֿערענץ אונטער פּוילישער הערשאַפֿט זענען אַרויסגעפֿאַלן: הערשל הימעלפֿאַרב און דער לאָדזשער ישׂראל ליכטענשטיין. צי ד״ר פֿענסטערבלוי און שׂרה שוועבער זענען אויף דער אויסעראָרדנטלעכער קאָנפֿערענץ אַריין אין באַשטאַנד פֿונעם צענטראַל־קאָמיטעט אָדער ערשט אַ יאָר שפּעטער אויפֿן קראָקעווער צוזאַמענפֿאָר — איז מיר שווער צו געדענקען.

דער באַרג האָט געבוירן אַ מויז. לויט די אָנגענומענע רעזאָלוציעס האָט דער בונד פֿון פּוילן געדאַרפֿט פֿאַררעכנט ווערן פֿאַר אַ רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישע פּאַרטיי. פּאַקטיש איז די אָנפֿירונג פֿון בונד פֿון פּוילן געלעגן אין די הענט פֿון מענטשן, וועלכע זענען געווען — טייל אָפֿן און טייל קריפּטאָ — קעגן דעם אינהאַלט און קעגן דעם גייסט פֿון די אָנגענומענע פּאַרטיי־באַשלוסן.

אויפֿן טאָג־אָרדענונג פֿון בונדישן פּאַרטיי־לעבן האָט זיך געשטעלט דאָס פּראָ־בלעם פֿון פֿאַראייניקן אין וואַרשע די שפּליטער־פֿאַראיינען, וואָס האָבן זיך געפֿונען אונטער דער השפּעה פֿון פּועלי־ציון און ס.ס.־פֿאַראייניקטע, צענטראַליזירן די

פּראָפעסיאָנעלע יידישע פאַראיינען אין אַ לאַנד־מאַסשטאַב און דערפירן צו אַ פאַראייניקונג פון די יידישע מיט די פּוילישע קלאַסן־פאַראיינען. געדויערט האָט די דאָזיקע אַקציע אַ 8–6 חדשים.

אין וואַרשע האָט די אויפגאַבע זיך נישט איינגעגעבן. פּועלי־ציון און פאַר־אייניקטע האָבן זיך געקלאַמערט אין זייערע שפּליטער־פאַראיינען, ווי אין אַ רעטונג־גאַרטל און נישט געוואָלט איינגיין אויף קיין שום פאַראייניקונג, הגם דער בונד איז גרייט געווען צו מאַכן באַדייטנדיקע אָרגאַניזאַציאָנעלע הנחות. דערפאַר אָבער איז די אַקציע צו צענטראַליזירן די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען געווען אַ געלונגענע.

אין דער ערשטער רייע האָט זיך געהאַנדלט אין צענטראַליזירן די פאַראיינען פון לעדער, נאָדל און טעקסטיל. הגם איך האָב אַקטיוו זיך באַטייליקט אין העלפן אָרגאַניזירן די קאָנפערענצן פון די דערמאָנטע דריי פאַראיינען, איז דער פאַרלויף פון דער אַקציע און דער פאַרלויף פון די קאָנפערענצן פון די געגעבענע פאַראיינען פאַרשוווּנדן פון מיין זכרון. ס׳געדענקט זיך בלויז, אַז מיט די לעדער און טעקסטיל זענען נישט געווען קיין שוועריקייטן. די טעקסטיל־פאַראיינען אין די וויכטיקסטע טעקסטיל־צענטערס: וואַרשע, לאָדזש, ביאַליסטאָק, זענען געלעגן אין בונדישע הענט און ס׳זענען נישט געווען קיין גרויסע שוועריקייטן דורכצופירן דאָס צענטראַ־ליזירן און שאַפן אַ צענטראַלער אָנפירונג. אַן ענלעכע לאַגע איז געווען מיטן לעדער־פאַראיין. די פאַראיינען אין די וויכטיקסטע לעדער־צענטערס: וואַרשע, ראַדאָם, לוקאָוו, ביאַליסטאָק, לובלין, האָבן זיך געפונען אין בונדישע הענט. אויף דער קאָנ־פערענץ פונעם לעדער־פאַראיין בין איך געווען אַ דעלעגאַט און אַ מיטגליד פון דער מאַנדאַט־קאָמיסיע.

פאַר אַן אומגעריכטער און אַן אויסערסט־שווערער סיטואַציע איז דער בונד געשטעלט געוואָרן ערב דער דערעפענונג פון דער קאָנפערענץ פון די נאָדל־פאַר־איינען. די פּועלי־ציון זענען צו דער נאָדל־קאָנפערענץ געקומען ווי פּרעטענדענטן צו אַ גרויסער צאָל נאָדל־פאַראיינען פון דער פּראָווינץ און דערקלערט, אַז זיי פאַרטרעטן אַ מערהייט פון די לאָקאַלע פּראָווינצער נאָדל־פאַראיינען, און ווי זייער פאַרשטייער אַרויסגעשטעלט נ. ניר־ראַפאַלקעס.

צום ערשטן מאָל האָט דער בונד זיך באַגעגנט מיט פּועלי־ציון, ווי מיט אַן ערנסטן קאָנקורענט אויפן פּראָפ. געביט. די פּועלי־ציון האָבן געהאַט שטאַרקע אָטוטן אין זייערע הענט, פאַרמאָגט אַ סך פעסטע פּאָזיציעס: לאָדזש, קעלץ, זאַ־גלעמביע־דאָמבראָווסקע. פאַרן בונד איז נישט מעגלעך געווען אָפּצופּטרן די פּועלי־ציון מיטן תירוץ: סטעמפּעלעך־פאַראיינען, פּיטשעמאָנטשיקע פאַראיינדלעך, ווי די לאַגע איז געווען אין וואַרשע. חוץ דעם איז אין בונד דעמאָלט געווען שטאַרק די טענדענץ פאַר אַ פאַראייניקטער פּראָפ. באַוועגונג אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס און אויפן פראָנט פון דער פּויליש־יידישער פּראָפ. באַוועגונג.

דער פאַרשטייער פון פּועלי־ציון, נ. ניר־ראַפאַלקעס, האָט אַקערשט זיך געהאַט

צוריקגעקערט פון רוסלאַנד קיין וואַרשע. אַן אינטעליגענטער, קלוגער, און אַ דער־פאַרענער פּאָליטיקער, וועלכער קען זיך אויף אַלע קונצן און דריידלעך פון אַ לעגאַל־פּראָצעדורעלן כאַראַקטער און סתם שמד־שטיק — האָט בונד מיט אים געהאַט אַ שווערן לייענען. אַן עלעגאַנט־געקליידעטער, מיט פיינע מאַניערן, אַ רויִקער, אַ שטיל־רעדנדיקער — האָט ניר־ראַפּאַלקעס מיט ווערדע און מיט טאַלאַנט פאַרטראַטן זיינע חברים און פאַרטיידיקט די אינטערעסן פון פּועלי־ציון. די וואַרטזאָגערס מצד בונד: הערשל הימעלפאַרב, שׂרה שוועבער, מרדכי פּייגמאַן פון וואַרשעווער נאָדל־פאַראיין, און דוד מייער ווי דער פאַרטרעטער פון צענטראַל־ביוראָ פון די פּראָפעס־יאָנעלע בראַנזשע־פאַראיינען אין וואַרשע, האָבן מיט ניר־ראַפּאַלקעסן זיך נישט געקענט קיין עצה געבן.

יוזעף האָט איבערגענומען די דיפּלאָמאַטישע אָנפירונג מצד בונד. די פאַר־האַנדלונגען זענען געווען שווערע און לאַנגע. די דערעפענונג פון דער קאָנפערענץ איז אָפּגעלייגט געוואָרן פון טאָג צו טאָג. די געפאַר פון צוויי קאָנפערענצן פון נאָדל־פאַראיינען, אָפּגעהאַלטענע איינצייטיק אין וואַרשע, איז געווען אַן אַקוטע. יוזעפן איז געלונגען צו דערגרייכן אַ פּשרה און צו דערפירן צו אַ פאַראייניקטער קאָנפערענץ.

צו קיין פאַראייניקונג מיט די פּוילישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען איז צו יענער צייט נישט דערגאַנגען. דאָס איז צו שטאַנדגעקומען ערשט אין עטלעכע יאָר אַרום.

האַרבסט 1919.

די וואַלן צום ערשטן סיים איז שוין געווען געשיכטע. דער סיים האָט אָפּעריִרט און פאַרמאַגט הינטער זיך אַ קורצע, אָבער אַ היפּשלעך פּאָסקודנע פאַרגאַנגענהייט. די אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַטן האָבן פּאַקטיש נישט עקסיסטירט. פּ.פּ.ס. האָט גע־שפּאָלטן די ראַטן, פאַרלאָזט די אַלגעמיינע דעלעגאַטן־ראַטן און געמאַכט שבת פאַר זיך. דער וואַרשעווער אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַט האָט אויסגעהויכט זיין נשמה אין אַ פּאַטעטישער גסיסה.

אין פּוילן האָט מען זיך ווידער געגרייט צו וואַלן, דאָס מאָל צו די שטאָטראַטן, אויסגעוויילטע לויט אַ ליבעראַלער וואַל־אָרדינאַציע: אַלגעמיינע, דירעקטע, געהיימע און פּראָפּאָרציאָנעלע. די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון פּוילן האָט זיך וויטער געהאַלטן ביי אַ בויקאָט־טאַקטיק און באַשלאָסן צו בויקאָטירן די וואַלן צו די שטאָטראַטן. דער צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד האָט מיט אַ מערהייט באַשלאָסן צו פירן אַן אינטענסיווע וואַל־קאַמפּאַניע. די צענטראַלע אָנפירונג פון דער לינקער פראַקציע, וועמענס מיטגלידער ס'זענען מיינסטנס גלייכצייטיק געווען מיטגלידער פונעם וואַר־שעווער פאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד און פון דער אָנפירונג פון דער וואַרשעווער לינקער פראַקציע, האָבן נאָכגעפאָלגט די בויקאָט־טאַקטיק פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי און באַשלאָסן צו בויקאָטירן די וואַלן צו די שטאָטראַטן.

די וואַלן צו די שטאָטראַטן זענען געוואָרן אַן ענין, מיט וועלכן די בונדישע פּאַרטיי־מיטגלידער האָבן זיך שטאַרק פאַראינטערעסירט. ס׳האָט זיך אויסגערוקט די צייט ווען דער וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד האָט געדאַרפט באַשליסן וועגן זיין וואַלטאַקטיק. איך האָב באַשלאָסן צו שטיצן דעם צענטראַל־קאָמיטעט און נישט געמאַכט קיין סוד פון מיין שטעלונג. אויף אַ פּראַקציע־באַראַטונג פון די לינקע מיטגלידער פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט בין איך שאַרף אַרויס־געטראָטן קעגן דער בויקאָט־טאַקטיק און קלאָר געמאַכט, אַז כ׳וועל נישט אָפּטרעטן פון מיין שטאַנדפּונקט און אַקטיוו זיך באַטייליקן אין דער וואַל־קאַמפּאַניע אין וואַרשע און אויף דער פּראָווינץ.

אין פאַרגלייך מיט די פאַרהעלטענישן בעת דער וואַל־קאַמפּאַניע צום ערשטן פּוילישן סיים איז מיין אַנטי־בויקאָט־פּאָזיציע ווי אַ לינקער געווען אַ סאָלידערע. מ׳האָט שוין געוווּסט פון דער שטעלונג, וואָס ראָזאַ לוקסעמבורג, מיט אַ רייע אַנדערע קאָמוניסטישע פירערס אין דייטשלאַנד, האָט פאַרנומען בנוגע די וואַלן צו דער קאָנסטיטואַנטע אין דייטשלאַנד. און כאָטש כ׳האָב נישט געוווּסט גענוי, וואָס ס׳טוט זיך אין דער קאָמוניסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי פון פּוילן, האָב איך פון דעסטוועגן גענוג געוווּסט, אַז אויך אין דער קאָמ. פּאַרטיי געפינען זיך אָנהענגערס פון אָנטיילנעמען אין די וואַלן צו די שטאָטראַטן. קענענדיק די שטימונגען פון די ברייטע אַרבעטער־מאַסן, באַזונדערס פון די בונדישע פּאַרטיי־מיטגלידער אין וואַרשע, האָב איך געוווּסט, אַז די פעסטע בויקאָט־שטימונג, וואָס ס׳האָט צווישן זיי געהערשט אין דער צייט פון דער וואַל־קאַמפּאַניע צום סיים, איז היפּשלעך דערשיטערט, און איך האָב מיט דער פולער פאַרע געלאָזט אין גאַנג מיין בינטל פעיִקייטן, רעדנערישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע, צו געווינען די לינק־געשטימטע וואַרשעווער פּאַרטיי־מיטגלידער פאַרן אָנטייל פון בונד אין דער וואַל־קאַמפּאַניע צום וואַרשעווער שטאָטראַט.

אין אַ שמועס מיט מאיר וואַסער האָב איך אים אינפאָרמירט, אַז כ׳וועל פאַר־שלאָגן דעם פּאַרטיי־קאָמיטעט נישט אָנצונעמען קיין באַשלוס, נאָר רופן אַן אַלגע־מיינע פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג און קומען צו דער פאַרזאַמלונג מיט צוויי רעפעראַטן: פאַר און קעגן דעם אָנטייל פון בונד אין די וואַלן צום שטאָטראַט, און די אָפּשטימונג פון די פּאַרטיי־מיטגלידער זאָל זיין אַ געהיימע. היות מיין פאַרשלאָג האָט אין די געגעבענע באַדינגונגען פון פּאַרטיי־לעבן נישט געקענט אָפּגעוואָרפן ווערן צוליב טעכנישע אָדער פּראָצעדורעלע מאָטיוון, האָב איך וואַסערן פאַרגעלייגט צו שטיצן מיין פאַרשלאָג, וואָרעם אין פאַל אויב די לינקע מערהייט פונעם פּאַרטיי־קאָמיטעט וועט קומען צו דער פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג מיט אַ בויקאָט־באַשלוס און די מערהייט פּאַרטיי־מיטגלידער וועט שטימען פאַר אַן אָנטייל אין די וואַלן — וועט דער פּרעסטיזש פונעם פּאַרטיי־קאָמיטעט און פון דער לינקער פראַקציע זיין אַרונטער־געריסן.

מאיר וואַסער האָט זיך באַמיט צו באַוועגן צו ענדערן מיין שטעלונג, געהאַלטן, אַז דער פּאַרטיי־קאָמיטעט דאַרף דווקא קומען מיט אַ באַשלוס צו דער אַלגעמיינער פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג. נישט צוויי רעפעראַטן, נאָר איין רעפעראַט, העכסטנס, געבן די רעכטע אַ קאָ־רעפעראַט, און קאַטעגאָריש אָפּגעוואָרפן מיינס אַ ווענדונג צו געבן מיר אַ קאָ־רעפעראַט ווי אַ לינקער פּראַקציע־דיסידענט אין דעם ענין וואָלן צום שטאָטראַט. מיר זענען זיך צעגאַנגען היפש צעקריגטע.

געפילט האָב איך, אַז אַ מערהייט פון די פּאַרטיי־מיטגלידער, פילנדיק זיך פרייער דורך דער געהיימער אָפּשטימונג, וועלן שטימען פאַר אָנטיילנעמען אין די וואַלן. ס׳איז אָבער נייטיק געווען אַ געהעריקע מאַנעווורירונג סיי אינעם פּאַרטיי־קאָמיטעט און סיי אַרום און אויף דער אַלגעמיינער פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג.

אין איינעם פון מיינע אומצאָליקע שמועסן מיט יוזעפן אויפן וועג צו אונדזערע היימען האָב איך אים פאָרגעלייגט „גיין אַ שטיקל וועג צוזאַמען״, נישט לאָזן אויס־מאַנעווורירן מיינע פאָרשלאָגן. די רעכטע זאָלן אויפן פּאַרטיי־קאָמיטעט זיך האַלטן ־רעזערווירט, עס זאָל אויסזען, אַז דאָס פּראָבלעם בויקאָט איז נישט קיין ענין פון רעכטס־לינקס, און לאָזן דעם פּרינציפּיעלן שטרייט אויספעכטן צווישן מיר און מיינע לינקע פראַקציע־חברים. מיט יוזעפן, פאַר וועמען דער פּאַרטיי־אינטערעס פון בונד איז געווען דער העכסטער געבאָט, האָט מען קיין סך נישט געדאַרפט רעדן, און יוזעף, ווי דער פאָרזיצער אויף דער זיצונג פונעם פּאַרטיי־קאָמיטעט און אויף דער אַלגעמיינער פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג, האָט ווי געהעריק מאַנעווורירט, כ׳זאָל זיין איינער פון די הויפּטרעדנערס.

די פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען אין אַ שבת אין חתונה־זאַל אויף נאָוויניאַרסקע 14 און האָט געדויערט פון 2 אַ זייגער ביי טאָג ביז 9 אין אָוונט. באַטייליקט האָבן זיך כמעט הונדערט פּראָצענט פון די וואַרשעווער פּאַרטיי־מיטגלידער און זעלטן ווער האָט פאַרלאָזט דעם לאָקאַל אין מיטן פון דער פאַרזאַמלונג. די פאַרזאַמלונג איז געווען איינע פון די שטורעמדיקסטע אין דער געשיכטע פון דער וואַרשעווער בונדישער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע. דער רעזולטאַט פון דער געהיימער אָפּשטימונג איז געווען אַן איבערוועגנדיקע מערהייט פאַר אָנטיילנעמען אין די וואַלן.

אויף דער דערמאָנטער פאַרזאַמלונג בין איך שטאַרק אַטאַקירט געוואָרן פוןביידע צדדים, פון רעכטס און פון לינקס, בעיקר — מצד מיינע פראַקציע־חברים. נישט פריער און נישט שפּעטער, אַפילו נישט אין דער צייט פון דער קאַמפּאַניע צום צווייטן בונדישן צוזאַמענפאָר ערב דער שפּאַלטונג, בין איך נישט אַזוי אַטאַ־קירט געוואָרן, ווי אויף דער געגעבענער פאַרזאַמלונג.

גערעדט האָב איך צוויי מאָל און ביידע מאָל נישט געשאַנעוועט די אָנהענגערס פון בויקאָט, נישט געזשאַלעוועט קיין בוכצעס מיינע אָנגרייפערס פון לינקס און פון רעכטס. מיין שלאָג־אַרגומענט איז געווען: אויב די רעוואָלוציאָנערע ייִדישע אַרבעטער דאַרפן אויסקלייבן צווישן דער שטעלונג, וואָס עס פאַרנעמען די פירערס

פון דער לינקער פראַקציע און דער שטעלונג, וואָס עס פאַרנעמט ראָזאַ לוקסעמבורג, איז דער אויסוואַל אַ קלאָרער — מיט ראָזאַ לוקסעמבורג. איך האָב שאַרף אַטאַקירט דעם אַרגומענט פון מאיר וואַסער, אַז ווען ס'האַנדלט זיך אין פּאָליטישן קאָנפליקט צווישן פּ.פּ.ס. און דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, דאַרף דער בונד גיין מיט דער קאָמ. פּאַרטיי. מיין ענטפער איז געווען: אַזוי לאַנג ווי בונד איז געצוווּנגען צו זיין אויסער אַ פּאַראייניקטער רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישער לאַנדפּאַרטיי, טאָר דער בונד זיך נישט נאָכשלעפּן, נאָר פאַרנעמען אַ שטעלונג, וואָס ער האַלט פּאָליטיש פאַר ריכטיק אין די געגעבענע באַדינגונגען. איך גלייב, אַז דער געגעבענער אַרגו־מענט, געפּרעגלט מיט אַ היפּשער דאָזע בונדיש־פּאַרטייִישן שמאַלץ, האָט געהאַט אַ ווירקונג אויף אַ גרויסער צאָל לינק־געשטימטע פּאַרטיי־מיטגלידער צו שטימען קעגן בויקאָט און פאַר אַנטיילנעמען פון בונד אין וואַרשע אין די וואַלן צום שטאָט־ראָט.

דאָס פּראָבלעם איז געווען, ווי אַזוי וועלן האַנדלען די אָנהענגערס פון דער בויקאָט־טאַקטיק נאָך דעם ווי זייער שטעלונג איז דורכגעפאַלן. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז זיי האָבן אויפגענומען דעם אויסגאַנג פון דער אָפּשטימונג אויף דעם רויִקסטן אופן, ווי ס'וואָלט זיי אַראָפּ אַ שטיין פון האַרץ, און מיט דער פולסטער ענערגיע זיך געוואָרפן אין דער אַרבעט. דוד מייער, עמנועל נאָוואָגרודסקי און יוסף באַסאַק (די לעצטע צוויי — אָנהענגערס פון דער בויקאָט־טאַקטיק) האָבן אויפ־געבויט אַ מוסטערהאַפטן טעכנישן וואַל־אַפּאַראַט. דער רעדנער־אַפּאַראַט איז אָן שום ספק געווען דער בעסטער אין דער ייִדישער סביבה אין וואַרשע. אין וואַרשע און אויף דער פּראָווינץ האָב איך גערעדט פון איין טריבונע מיט מעדעם, ערליך, אַלטער, מיכאַלעוויטש, זיבערט, אַזשעך, הימעלפאַרב, און מיט דעם לאָדזשער ישׂראל ליכטענשטיין. און אַזוי אויך עמנואל נאָוואָגרודסקי.

אין וואַרשע בין איך מצד בונד געווען דער הויפּטרעדנער־אָפּאָנענט אויף די פאַרזאַמלונגען פון די אַנדערע פּאַרטייען. וועגן מיינס אַן אַרויסטריט אויף אַ פאַר־זאַמלונג פון דער אַגודת־ישׂראל האָב איך שוין דערציילט אין איינעם פון די קאַפּיט־לען פון מיינע זכרונות. אין זכּרון איז פאַרבליבן אויך אַן עפּיזאָד פון אַ פאַרזאַמלונג פון דער פאָלקספּאַרטיי אין זאַל פונעם ייִדישן טעאַטער אויף דזשעלנע־גאַס.

דער טעאַטער־זאַל איז געווען אַ באַזעצטער, דער עולם — מיינסטנס קליינ־הענדלערס און האַנטווערקערס. גערעדט האָט נח פּרילוצקי. דעם פאַרזיץ האָט געפירט חיים ראַסנער. כ'בין אַרויף אויף דער בינע אין דער באַגלייטונג פון אַ גרופּע חברים און פאַרלאַנגט אַ וואָרט אין נאָמען פונעם וואַל־קאָמיטעט פון בונד נאָך דעם ווי פּרילוצקי וועט האָבן געענדיקט. ראַסנער האָט אָפּגעזאָגט מיין פאַר־לאַנג. ראַסנערן איז געקומען צו הילף ה. ד. נאָמבערג. וועלכער האָט געדאַרפט רעדן נאָך פּרילוצקין. ראַסנער האָט גערעדט מיט תּקיפות, נאָמבערג, וועלכער האָט מיך געקענט, האָט אַפּעלירט צו מיין געוויסן: „נעמט אייך, חבר הערשל, די אַרבע־

טאַרערס און לאָזט פאַר אונדז איבער די אָרעמע ייִדן, זיי זאָלן שטימען פאַר אונדז און נישט פאַר „די אָרטאָדאָקסן". נישט די תּקיפֿות פון ראַסנערן און נישט דאָס אַפּעלירן פון נאָמבערגן האָבן געקענט האָבן אַ פּעולה. כ'האָב קאַטעגאָריש דערקלערט, אַז כ'וועל מיט זייער אָדער אָן זייער הסכּמה רעדן גלייך נאָך פּרילוצקין און פאַראָרדנט עטלעכע פון מײַנע חברים צו ברענגען הילף.

דאָס אַמפּערניש אויף דער בינע האָט געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די פאַרזאַמלטע און ס'איז צו זיי דערגאַנגען אויך די סיבה פון דער אַמפּערניש. פון זאַל האָבן זיך געהערט שטימען: „לאָזט רעדן דעם פאָרשטייער פון בונד". ווען פּרילוצקי האָט געענדיקט, האָב איך געקריגן דאָס וואָרט.

געוווסט האָב איך, אַז צו דעם עולם דאַרף מען רעדן אַנדערש ווי אויף פאַרזאַמלונגען, אויף וועלכע אַרבעטער זענען אַ מערהייט. צו דער דערשטוינונג פון די פאָלקיסטישע פּירערס און צום סורפּריז פון מײַנע אייגענע חברים, איז מיר געלונגען צו געווינען די פאַרזאַמלונג. די פאַרזאַמלטע האָבן מיט אַ ריזיקער מערהייט געשטימט פאַר אַ רעזאָלוציע, וואָס האָט גערופן צו שטימען פאַר דער בונדישער וואַליסטע.

פון דער וואַל־קאַמפּאַניע אויף דער פּראָווינץ האָט זיך אין זכּרון אײַנגעקריצט די וואַל־קאַמפּאַניע צום שטאָטראַט אין זאַמאָשטש.

שיקנדיק מיך קיין זאַמאָשטש האָט יוזעף נישט פאַרפעלט מיך צו וואָרענען: „חבר הערשל, זאַמאָשטש איז אַ קולטורעלע שטאָט. אונדזער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע דאָרט שטייט אויף אַ הויכן ניוואָ און פאַרמאָגט אַ סך אינטעליגענטע כּוחות. אויב איר וועט זיך אין זאַמאָשטש, חלילה, קאָמפּראָמעטירן אָדער אַפילו נישט ווי געהעריק אויסנעמען ביי די חברים אָדער ביי דער שטאָטישער ייִדישער באַפעלקערונג, וועט דאָס איך קאָסטן אַ טייערן פּרייז אין אײַער ווײַטערדיקער פּאַרטיי־קאַריערע. נעמט דאָס גוט אין אַכט".

געפאָרן קיין זאַמאָשטש בין איך מיט געמישטע געפילן פון שרעק און פון זעלבסטזיכערקייט.

די וואַל־קאַמפּאַניע אין זאַמאָשטש האָב איך אָנגעהויבן פון די ערשטע טעכנישע שריט אין און מחוץ דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע פון בונד און זי פאַרענדיקט ערשט נאָך דער וואַל־אָפּשטימונג. געהאַט האָב איך די פולע הילף פון דער אָרטיקער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע, און באַזונדערס פון די חברים לעווין, מאָרגנשטערן און פּידלער. אַ דאַנק זייער הילף האָב איך געהאַט אַ צוטריט אויך צו די פּני פון שטאָט: צו די אַשכּנזיס, פּרצס, געליבטערס, לעווינס און צו די אַנדערע זאַמאָשטשער ייִדישע אַריסטאָקראַטישע פאַמיליעס, און געקריגן די הסכּמה פון איינער אַ דאַמע, אַ ווױלגעלערנטע און מיט אַ גוטן נאָמען אין שטאָט, זי זאָל פיגורירן אויף דער בונדישער וואַליסטע (לײדער, געדענק איך נישט איר נאָמען).

אין זאַמאָשטש איז אָבער מײַן הויקער פון אַ נישט־געענדיקטן אַנאַלפאַבעטיזם,

דאָס נישט קענען אייגנהענטיק שרייבן ייִדיש און דאָס נישט קענען רעדן און שרייבן פויליש, געווען אַן אַבן־נגף, איבער וועלכן כ'בין עלול געווען צו ברעכן האַלדז און נאַקן. מיטן רעדן אין די סאַלאָנען פון די יחסנים איז געווען מיטצודערליידן — כ'האָב גערעדט אַ נישט שלעכטן דייטש, געווען אַ ביסל באַקאַנט מיט דער דייטשי־שער ליטעראַטור און דאָס האָט מיר געגעבן אַ געוויסן פּרעסטיזש. מיט דער שרייב־אַרבעט: אויפרופן, פּלאַקאַטן, צירקולאַרן, האָב איך זיך אַן עצה געגעבן — פאַר־דעקט מיין נישט־קענטעניש פון שרייבן מיטן תירוץ, אַז ס'איז מיר גרינגער און באַקוועמער צו דיקטירן, ווי אַליין צו שרייבן. אַ הילף איז אין דעם פּרט פאַר מיר געווען די מיטאַרבעט פון די חברים לעווין און מאָרגנשטערן — ביידע באַגאַבטע מענטשן מיט אַ פּעדער אין האַנט אין ייִדיש און פויליש. מיט מיינע אַרויסטריטן אויף פאַרזאַמלונגען אינעם לאָקאַל פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן און פאַר גרופּעס אין פּריוואַטע הייזער און אויף אַן עפנטלעכער וואַל־פאַרזאַמלונג מיט דער באַטייליקונג פון די אָרטיקע טוערס, האָב איך קיין זאָרג נישט געהאַט. די צרה איז געווען אין דער דרוקעריי ביים מאַכן קאָרעקטן אָדער ווען כ'האָב געדאַרפט אויף שנעל עפּעס אָנשרייבן, דאָ בין איך געווען הילפלאָז און געדאַרפט אָנווענדן ממזרישע קונצשטיק צו פאַרדעקן מיין אומבאַהאָלפנקייט.

פון דער זאַמאָשטשער אָרגאַניזאַציע האָט יוזעף געקריגן גוטע באַריכטן וועגן מיין אַרבעט. פון מיין זייט האָב איך דעם „אַלטן" געגעבן אַ קאַפּוליער אָנצוהערעניש וועגן מיינע שוועריקייטן, און יוזעף האָט מיר צוגעשיקט אַרטור זיגעלבוים פון כעלעם.

אין פאַרלויף פון די עטלעכע טעג האָבן מיר אַ סך צייט פאַרבראַכט אין שמועסן אויף פאַרשיידענע טעמעס. די טעמע פון מיין אַנאַלפאַבעטיזם האָט פאַרנומען אַן אָנגעזעען אָרט. אַרטור זיגעלבוים האָט מיך געראָטן בעטן אַ לענגערן באַצאָלטן פּאַרטיי־אורלויב אָדער צוריקגיין אין פאַבריק אַרבעטן, אויף אַ צייט פולשטענדיק אָפּרוקן זיך פון יעדער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט און דערלערנען די קונץ פון אייגנהענטיקן שרייבן ייִדיש און רעדן, לייענען און שרייבן פויליש. זיין עצה האָט אין יענער צייט ביי מיר אויסגעקוקט, ווי זי וואָלט געקומען פון אַ מענטש פון אַן אַנדער פּלאַנעט און נישט פון קיין אַקטיוון רעוואָלוציאָנער. איך ווידער האָב געמאַכט שאַרפע קריטישע אָנווענדונגען וועגן זיינע מאַניערן פון אַ געזעלשאַפט־לעכן טוער, פאַרגעוואָרפן נישט־אייגנאַרטיקייט, אַז ער סימולירט, אַז ער איז אַ נאָכ־אַמער און אַן אימיטאַטאָר פון אַנדערע, באַזונדערס פון מעדעמען און פון זיבערטן, דעריבער מאַכט זיין עפנטלעך רעדן נישט קיין איבעריקן איינדרוק, און אויף אַן ערנסטן צוהערער — אַפילו אַ פּריקרען איינדרוק. די אַריינזאָגעכצער איינער דעם אַנדערן זענען אָבער געווען פון אַן אינטים־חברישן כאַראַקטער.

אויף שבת פאַרן וואַלטאָג האָט יוזעף צוגעשיקט נאַטאַן שאַפּראַנען. שאַפּראַן איז אָנגעגאַנגען פאַר אַן אינטעליגענט, אַ קענער פון דער סאָציאַליסטישער

תורה, און פאַר אַ ספּעציאַליסט פון דער פּוילישער שפּראַך. מיר האָבן דעם לעצטן שבת פאַר די וואַלן אָפּגעהאַלטן דריי גרויסע וואַלמיטינגען: 11 אַ זייגער אין דער פרי אין שטאָטישן טעאַטער, 3 אַ זייגער ביי טאָג אין דער שאָפּע פון די פּייערלע־שערס, און אין אָוונט — אין דער גרויסער שול. שאַפּראַן האָט מיט זיינע אַרויסטריטן נישט געהאַט קיין באַזונדערן דערפאָלג — נישט מיט דער אינטעליגענטישקייט בשעת זיינע יידישע רעדעס, און נישט מיט זיין געקינצלטן אַרכאַישן פּויליש. די דריי מיטינגען האָב איך אויסגעטראָגן אויף מיינע פּלייצעס.

אין זיין באַריכט פאַר יוזעפן האָט שאַפּראַן געלויבט מיינע אַרויסטריטן און די אָרגאַניזאַציע פון דער וואַל־קאַמפּאַניע, און דערביי נישט פאַרגעסן אַ לויב צו טאָן זיך גופא: „מיר האָבן זיך גלענצנדיק איינגעטיילט מיט די ראָלן, איך האָב גערעדט פאַר דער אינטעליגענץ און הערשל מעטאַלאָוויעץ — פאַרן ברייטן עולם".

און ווען כ'האָב יוזעפן באַריכט וועגן דער פּאָזיטיווער ראָלע פון אַרטור זיגעל־בוים און פון דעם קנאַפּן ווערט פון שאַפּראַנען, האָט דער „אַלטער" אַ בליץ געטאָן מיט די קלוגע אויגן זיינע און אויף זיין רויקן אופן רעאַגירט מיט עטלעכע ווערטער: „איך האָב עס שוין געוווּסט אָן אייך, פאַרשטאַנען פון שאַפּראַנס באַריכט".

זאַמאָשטש, ווי קען מען דיך פאַרגעסן!

אין די עטלעכע וואָכן, וואָס כ'האָב ווי אַ שליח פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד פאַרבראַכט אין זאַמאָשטש צוצוגרייטן און דורכצופירן די וואַל־קאַמפּאַניע צום אָרטיקן שטאָטראַט, האָב איך זאַמאָשטש ליב געקריגן מיט אַלע ליבשאַפטן: אַ ליבע געפּאָרט מיט רעספּעקט.

כ'האָב ליב געקריגן די אייגנאַרטיקע זאַמאָשטשער אַרכיטעקטור, די פּאַטשע־נעס אויפן מאַרק, דעם וועג צו דער ניישטאָט, דעם שטאָטישן גאָרטן, די אַלטע יידישע שול מיט איר קונע אין פאַליש, דעם נייעם גרויסן מאָדערנעם שטאָט־טעאַטער, די צוויי גראַסאַרטיקע גרויסשטאָטישע רעסטאָראַנען.

כ'האָב ליב געקריגן אַפילו דעם נאָמען ז אַ מ אָ ש ט ש, אַ נאָמען נאָכן גרינדער פון דער שטאָט, דעם פעאָדאַלן פּאָטענטאַט גראַף זאַמויסקי, וועלכער האָט מיט עטלעכע הונדערט יאָר צוריק געבראַכט אַ גרופּע ספרדישע יידן און געגעבן זיי זיין גראַפיש־מאַגנאַטישע פּראָטעקציע, זיי זאָלן אויפבויען די באַלמעלאָכישע און מיסחרשע פּאָטענץ פון דער שטאָט.

ליב זענען מיר געוואָרן די יידן פון זאַמאָשטש מיט זייער אינטעליגענץ און קולטור; די שטאָט מיט יידן, וועגן וועלכער מ'פלעגט זאָגן, אַז נישט לייכט קען מען דאָרט געפינען אַן עם־הארץ.

מיט רעספּעקט האָב איך זיך באַצויגן צו די זאַמאָשטשער יידישע אַריסטאָקראַ־טישע פאַמיליעס, פאַר וועמען דער בליאַסק פון גאָלד האָט געהאַט אַ קנאַפּערן ווערט, ווי דער גלאַנץ פון גייסט, פון וויסן און חכמה.

און ליב געהאט האב איך די לופט פון דער שטאט זאמאשטש, איינע פון די ערשטע שטעט אין פוילן, וואס האט געעפנט א פענצטער און אריינגעלאזט א שטראם לופט פון דער השׂכלה, און אין וועלכער ס׳האבן געדייעט, געלעבט און געווירקט פערזענלעכקייטן פון דער העכסטער מדרגה — אזעלכע פיגורן ווי שלמה עטינגער — דער גרויסער מעדיצינער און דער עלטער־זיידע פון דער מאדערנער יידישער ליטעראטור, ראזא לוקסעמבורג — דער אדלער פון דער אינטערנאציאנאלער סאציאליסטישער באוועגונג, יצחק לייבוש פרץ — דער ליטעראַרישער ריז און דער פאטער פון דער יידישער ליטעראטור, און — אויב כ׳בין זיך נישט טועה — שמעון אשכנזי — דער געניאלסטער היסטאריקער פון פוילן.

מיט דער שטאט זאמאשטש איז פארבונדן א שטיק פון מיין פאליטיש־געזעלשאפטלעכן לעבן.

זאמאשטש איז פאר מיר געווארן א סימבאל פון מיין אויסגעחלומטן פוילן. דער זאמאשטשער אויפשטאנד און די פראקלאמירטע זאמאשטשער רעפובליק אין 1918—1919 איז פאר מיר געווען א לעבעדיקער באווייז, אז ביי געהעריקע באדינגונגען קען דערביישפיל פון זאמאשטשער אויפשטאנד זיך איבערחזרן אין גאנצן לאנד און פארוואנדלען פוילן אין א סאציאליסטישער רעפובליק.

אין דער זאמאשטשער תפיסה, נאך ווי א בונדיסט, האב איך פארבראכט עטלעכע וואכן און זיך באגעגנט מיט די העלדן — פאליאקן און יידן — פון דעם אונטערדריקטן זאמאשטשער אויפשטאנד.

אין זאמאשטש האט מיין רעפעראט „די ראלע פון י. ל. פרץ אינעם יידישן געזעלשאפטלעכן לעבן", געהאלטן אין שטאטישן טעאטער ביים ביידיין פון דער פרץ־משפחה, געקריגן זיין העכסטע אנערקענונג.

אין דער צייט פון מיין קאמוניסטישער טעטיקייט האב איך אין זאמאשטש באדינט איינע פון די אינטערעסאנטסטע און וויכטיקסטע רעוואלוציאנערע אונטערנעמונגען אין דער געשיכטע פון דער קאמוניסטישער פארטיי פון פוילן: א פויערים־קאנפערענץ פון די ראיאנען זאמאשטש, קראסנאסטאוו און טאמאשאוו־לובעלסקי.

היינט איז זאמאשטש יודענריין. די נאצישע בעסטיעס האבן דאס יידישע זאמאשטש חרוב־ונחרב געמאכט. ווער ווייסט, צי ס׳געפינט זיך אפילו א ייד ווי א זכר לחורבן. פון די זאמויסקיס וועט מעגלעך אין דעם דור אדער אין די קומענדיקע דורות אפשר נאך ארויסקומען א פיגור, וואס וועט מיט זיין פערזענלעכקייט באלייכטן דעם הימל פון פוילנלאנד, אבער פון קיין זאמאשטשער יידן וועלן שוין מער קיין ראזא לוקסעמבורגס, קיין פרצס, קיין בונדישע מארגנשטערנס און קיין קאמוניסטישע זישעס און מעכלס נישט ארויסקומען.

זאמאשטש, דיך קען מען נישט פארגעסן!

## די וואַל־קאַמפּאַניע צום וואַרשעווער אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַט

די ערשטע וויכטיקע און גרויסצוגיקע פּאָליטישע אַקציע, וואָס די סאָציאַ־ליסטישע פּאַרטייען פון פּוילן, וועלכע זענען אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אַנגעגאַנגען ווי סאָציאַליסטישע אַנטי־מלחמה־פּאַרטייען: די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון קעניגרייך פּוילן און ליטע (ס.ד.ק.פּ.ל.), די פּוילישע סאָציאַליס־טישע פּאַרטיי־לינקע, (פּ.פּ.ס.־לעוויצע) און דער בונד, האָבן געהאַט דורכצופירן תּיכּף נאָך דער פאַרמירונג פון דער פּוילישער מלוכהשאַפט — איז געווען צו שאַפן אין פּוילן אַ נעץ פון אַרבעטער־ און פּויערים־דעלעגאַטן־ראַטן.

נאָך מיפּולע פאַרהאַנדלונגען און נאָך אַ שווערן דרוק פון די אַרבעטער אין די וויכטיקסטע אינדוסטריע־צענטערס האָבן די אויבן דערמאָנטע פּאַרטייען אַרויפּ־געצוואונגען אויף דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, (פּ.פּ.ס.), וואָס איז געווען דער הויפּט־כּוח פון דער געשאַפענער פּוילישער רעגירונג, אַז זי זאָל זיך באַטייליקן אין שאַפן די אַרבעטער־ראַטן.

אין דער וואַל־קאַמפּאַניע צו די אַרבעטער־ראַטן אין פּוילן האָבן זיך באַ־טייליקט אַלע גרופּירונגען, וואָס האָבן אָפּערירט אויף דער פּוילישער אַרבעטער־גאַס: פּ.פּ.ס., נ.פּ.ר. (נאַציאָנאַלע פּוילישע אַרבעטער פּאַרטיי, אַ רעאַקציאָנערע אַנטי־סאָציאַליסטישע ריכטונג צווישן די פּוילישע אַרבעטער), כ.ד. (קריסטלעכע דעמאָקראַטן, אַ קלעריקאַלע עקספּאָזיטור צווישן די פּוילישע אַרבעטער, אָרגאַניזירט און אָנגעפירט דער עיקר פון גלחים), און ס.ד.ק.פּ.ל. און פּ.פּ.ס.־לעוויצע, וועלכע זענען געגאַנגען אונטערן נאָמען „לינקער בלאָק״.

דער לינקער בלאָק איז נישט געווען קיין טעכנישע וואַל־קאָמבינאַציע, נאָר אַן אידעאָלאָגיש־פּאָליטישע. צום ערשטן מאָל אין דער לאַנגער געשיכטע פון די דאָזיקע פּאַרטייען האָבן זיי נישט געחשבונט וויפל יעדער פון זיי וועט צוליב דער פּאַראייניקונג געווינען מאַנדאַטן אָדער שטימען. אין די פאַבריקן און אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען זענען מצד דעם „לינקן בלאָק״ אַרויסגעשטעלט געוואָרן נאָר אַזעלכע קאַנדידאַטן, וועלכע האָבן מיט זייערע פּערזענלעכע מעלות, און נישט לויט זייער פּאַרטייִישער אָנגעהעריקייט, געהאַט די בעסטע שאַנסן צו געווינען קעגן די קאַנדידאַטן פון די אַנדערע פּאַרטייען. דער „לינקער בלאָק״ איז געווען אַ פונדאַמענטאַלער יסוד פאַר אַן אידעאָלאָגיש־פּאָליטישער צונויפשמעלצונג פאַר דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין פּוילן.

אויפן יידישן אַרבעטער־פראָנט האָבן אין די וואַלן זיך באַטייליקט 4 גרופּירונ־גען: בונד, פּועלי־ציון, ס.ס.־פאַראייניקטע און דער לינקער בלאָק — דער יידישער סעקטאָר פון ס.ד.ק.פּ.ל. און פון די איבערגעבליבענע יידישע טוערס פון פּ.פּ.ס.־לעוויצע.

די וואַלן צום אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַט אין דער יידישער אַרבעטער־סביבה

אין וואַרשע זענען געווען זייער ערלעכע און דורכגעפירט געוואָרן אויפן דעמאָ־קראַטישסטן אופן. נישט פריִער און נישט שפּעטער האָב איך אין די ייִדישע אַר־בעטער־רייען אין פּוילן באַגעגנט אַזעלכע אַבסאָלוט־דעמאָקראַטישע און ערלעכע וואַלן, ווי די וואַלן צום אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַט אין וואַרשע.

די דעמאָקראַטישקייט און ערלעכקייט איז געווען צו פאַרדאַנקען דער וואַל־פּראָצעדור, וואָס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן דורך אַ קאָמיסיע פון די דערמאָנטע 4 גרופּירונגען. עטלעכע פּרטים פון דער וואַל־פּראָצעדור איז כּדאַי צו פאַרצייכענען:

אין די וואַל־פאַרזאַמלונגען נעמען אָנטייל אַלע אַרבעטער פון אַ געגעבענעם פאַך, אָרגאַניזירטע און נישט אָרגאַניזירטע;

די וואַל־פאַרזאַמלונגען קומען אין פּרינציפּ פאָר אין די לאָקאַלן פון די פּראָ־פעסיאָנעלע פאַראיינען, און אין דעם לאָקאַל, וואָס גרופּירט אַרום זיך די גרעסטע מערהייט פון אַ געגעבענער אינדוסטריע;

די וואַל־פאַרזאַמלונגען זענען איינהייטלעכע. למשל, אין די פאַלן פון די אָפּ־שפּליטערס פון די וועש־נייעריגס אונטערן איינפלוס פון די „פאַראייניקטע” און די קירזשנערס און קינדער־קאָנפעקציע אונטער דער השפּעה פון ס.ד.ק.פּ.ל., דאַרפן זייערע וואַל־פאַרזאַמלונגען פאָרקומען צוזאַמען מיט די זעלבע פאַכן פון דער נאָדל־אינדוסטריע אין לאָקאַל פון נאָדל־פאַראיין;

אין פאַל פון אַ טענה מצד איינעם פון די צדדים, אַז דער לאָקאַל פון אַ געוויסן פאַראיין קען דינען ווי אַ מיטל צו פאַוואָריזירן די ריכטונג, וועלכע האָט די השפּעה אינעם געגעבענעם פאַראיין־לאָקאַל, דאַרף די פאַרזאַמלונג אָפּגעהאַלטן ווערן אין אַ נייטראַלן לאָקאַל. כּדי אויסצומיידן אַ מעגלעכן סאַבאָטאַזש אָדער אַ פּאָליטישע קאַץ־און־מויז־שפּיל, דאַרף די פאָדערונג וועגן ענדערן דעם לאָקאַל געשטיצט ווערן וויניקסטנס פון נאָך איינעם פון די צדדים;

אין די פאַבריקן, וואָס האָבן לויט זייער צאָל אַרבעטער דאָס רעכט אַליין צו ווילן דעלעגאַטן, ווערן די וואַלן דורכגעפירט אין די פאַבריקן גופא. אַזעלכע פאַבריקן זענען אויף דער ייִדישער אַרבעטער־גאַס אין וואַרשע געווען — אויב כ׳מאַך נישט קיין טעות — דריי: פּאָליאַקעוויטשס טאַבאַק־פאַבריק, אַראַנאָוויטשס בעטן־פאַבריק, און אַרענדאַזשס פאַבריק פון קנעפּ;

דער דערוויילטער פאָרזיצער דאַרף זיין אַבסאָלוט אָביעקטיוו און קען באַזיי־טיקט ווערן אויפן פאַרלאַנג פון איינעם פון די צדדים, און אַן אַנדערער דאַרף אויסגעוויילט ווערן;

יעדע ריכטונג קריגט דאָס רעכט פון צוויי מאָל רעדן — 20 און 10 מינוט. די רייע איז לויט אַ גורל. דער ערשטער רעדנער איז דער לעצטער. דער פאָרטעטער קריגט אַ האַלבע שעה אויף אַ מאָל. יעדע ריכטונג האָט דאָס רעכט אירע 10 מינוט איבערצוגעבן אַ צווייטער ריכטונג. אין פאַל אויב עס שאַפט זיך אַן אויסנאַם־גרופּע אויף אַ פאַרזאַמלונג — אַן אומפּאַרטייִשע, אַן אַנאַרכיסטישע — אויב זי האָט די

אונטערשטיצונג פון 10 פּראָצענט שטימען אויף אַ פאַרזאַמלונג, קריגט זי דאָס רעכט אַרויסצושטעלן אַן אייגענע קאַנדידאַטן־ליסטע און דאָס רעכט פון אַ פינפטן צד אויף דער געגעבענער פאַרזאַמלונג.

די דאָזיקע וואַל־פּראָצעדור האָט עלימינירט די מעגלעכקייט פון אַ פּאַוואַרי־זאַציע פון וועלכער ס'איז ריכטונג און פאַרזיכערט די דעמאָקראַטישקייט און די ערלעכקייט פון די וואַלן פון דעלעגאַטן צום וואַרשעווער אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַט אין דער יידישער אַרבעטער־סביבה אין וואַרשע.

די וואַל־קאַמפּאַניע אויף דער פּוילישער, און באַזונדערס אויף דער יידישער, אַרבעטער־גאַס, איז געווען אַן אויסערגעוויינלעך לעבעדיקע, אַ שאַרפע און אַ שטורמישע.

אין דער וואַל־קאַמפּאַניע צום וואַרשעווער אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַט אין דער יידישער אַרבעטער־סביבה האָט דער בונד אין וואַרשע אָפּגעהאַלטן אַ קאָלאָסאַלן נצחון. דער בונד האָט געוווּנען מער מאַנדאַטן, ווי אַלע זיינע קאָנקורענטן צוזאַמענ־גענומען.

דעם דאָזיקן נצחון האָט דער בונד בעיקר געהאַט צו פאַרדאַנקען די אַרויסטריטן אויף די וואַל־פאַרזאַמלונגען פון צוויי פון זיינע דעמאָלטדיקע לינקע פּראָ־באָלשע־וויסטישע טוערס: עמנואל נאָוואָגרודסקי און הערשל מעטאַלאָוויעץ. וואָלט איך געשריבן אַ געשיכטלעכע אָפּהאַנדלונג און נישט קיין מעמואַרן, ווו די פאַקטן דאַרפן זיין נישט בלויז ריכטיקע, נאָר אויך פּרעציז־דעטאַלירטע, וואָלט איך גע־צוווּנגען געווען צו בייטן די רייע און שרייבן: הערשל מעטאַלאָוויעץ און עמנואל נאָוואָגרודסקי.

איך ווייס, אַז דאָס באַצייכענען מיין ראָלע אין דעם בונדישן זיג קען קלינגען גוזמאַדיק, גאַווהדיק און זעלבסטבאַרימעריש, אַז דאָס קען אַרויסרופן אַ רעאַקציע מצד די עפּיגאָנען פון בונד פון אַמאָליקן פּוילן. זייער רעאַקציע קען זיין אַ פאַרשיידנ־אַרטיקע, אַ ביטולדיקע — מילא, וואָס דער הערשל מעטאַלאָוויעץ שרייבט דאָרט; אַ זידלדיקע — פאַר דער העזה און חוצפּה צו „פאַלסיפיצירן" בונדישע געשיכטע; און אַ כּלומרשט נאַיוו־תּמעוואַטע — קיין גרעסערע אויפטוערס אויף דער טריבונע, ווי אַ הערשל מעטאַלאָוויעץ און אַפילו אַן עמנואל נאָוואָגרודסקי, האָט דער בונד בשעתו נישט געהאַט? וולאַדימיר מעדעם, ביינוש מיכאַלעוויטש, גרשון זיבערט, הערשל הימעלפאַרב זענען ווי רעדנערס געווען מלופן־קינדער און זיך נישט געקענט פאַרגלייכן מיט די צוויי דערמאָנטע דעמאָלטדיקע בונדישע לינקע טוערס? דאָס וועט אָבער נישט ענדערן דעם פאַקט, אַז דער בונד האָט זיין גלענצנדיקן נצחון געהאַט צו פאַרדאַנקען קודם־כּל די דעמאָלטדיקע בונדישע לינקע טוערס: הערשל מעטאַלאָוויעץ און עמנואל נאָוואָגרודסקי.

לאָמיר די געשיכטע פונעם בונדישן נצחון בשעת דער וואַל־קאַמפּאַניע צום

אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַט אין וואַרשע און מיין חלק אינעם בונדישן זיג דערציילן מיט אַ טאַלק — דערציילן געננו, ווי ס'איז געבליבן פאַרצייכנט אין מיין זכרון.

אין די צוגרייטונגען צו דער וואַל־קאַמפּאַניע צו דעם אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַט אין וואַרשע האָב איך קיין אַנטייל נישט גענומען, און ווען די וואַל־קאַמפּאַניע האָט זיך אָנגעהויבן, בין איך אין וואַרשע בכלל נישט געווען. כ'בין שוין געווען אַ פונקציאָנאַר פון צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד און מיין אָפּעראַציע־געביט איז דעמאָלט געווען ראַדאָם און ראַדאָמער און קעלצער ראַיאָנען.

אין ראַדאָם האָב איך זיך אַקטיוו באַטייליקט אין די צוגרייטונגען צו די וואַלן צום אָרטיקן אַרבעטער־ראַט. אויף וויפל איך געדענק, איז די קאָמיסיע צוצוגרייטן די וואַלן אין ראַדאָם באַשטאַנען פון פאָלגנדיקע מענטשן: וואויטעק־מאַליגאָווסקי, גזשעטשנאַראָווסקי, און דאָס פאַרפאַלק קעלעס־קראַוס — מצד פּ.פּ.ס.; מצד דעם „לינקן בלאָק" — גרושטשינסקי (אין 1928 באַזעצט זיך אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, זיין גורל איז מיר אומבאַקאַנט), דער פאָטאָגראַף שעראַצקי, צוויי פּאַרטיי־פונקציאָנערן, אַן עסדעק און אַ לעוויצאָוויעץ. איינער פון די פונקציאָנערן איז געווען בידאַ, דער שפּעטערדיקער אַמבאַסאַדאָר פון דער פּוילישער דעמאָקראַטישער פאָלקס־רעפּובליק אין עסטרייך און אין מדינת ישראל; מצד בונד — שמוליק האָלבער־שטאַט, אַברהם ראַטשפּאַן, פרידמאַן און הערשל מעטאַלאָוויעץ; מצד די פּועלי־ציון — דוד און זכריה וויינטרויב און טייכמאַן. פון די צ.ד. געדענק איך וואַשקעוויטש, דעם שפּעטערדיקן כאַדעקישן סיים־דעפּוטאַט פון ראַדאָם.

אין איינעם אַ פרימאָרגן האָט פייגענבוים, אַ שניידער, איינער פון די וויכטיק־סטע אַקטיוויסטן פון בונד אין ראַדאָם, באַקומען אַ טעלעגראַמע פון יוזעפן, דעם פירער פון בונד און אָרגאַניזאַציאָנעלן באַלעבאָס פונעם צ.ק. פון בונד, אין וועלכער איך ווער אויפגעפאָדערט תיכּף, מיטן ערשטן צוג, צוריקצוקומען קיין וואַרשע. אין דער טעלעגראַמע איז אויך געזאָגט געוואָרן, אַז אויב כ'געפין זיך נישט אין ראַדאָם, זאָל גלייך געשיקט ווערן אַ חבר אין דעם אָרט, וווּ כ'געפין זיך, כּדי צוריקצוברענגען מיך קיין ראַדאָם און אָפּשיקן קיין וואַרשע. די טעלעגראַמע פון יוזעפן האָט אויף אַלעמען געמאַכט אַ שווערן איינדרוק, אויף מיר — ממש אַ צעשמעטערנדיקן. די ראַדאָמער חברים האָבן די טעלעגראַמע פאַרשטאַנען ווי אַ באַזייטיקונג פון מיין פּאַרטיי־פּאָסטן, אַז איך האָב געמוזט אָפּטאָן אַ זאַך, וואָס איז נישט פּאַסיק פאַר קיין פּאַרטיי־טוער, און יוזעף איז געצוווּנגען מיך צו באַזייטיקן פון מיין פּאַרטיי־אַרבעט אין ראַדאָם אויף אַ דראַסטישן אופן. כ'האָב זיך געבראָכן דעם קאָפּ צו כאַפּן כאָטש אַ פאָדעם פון יוזעפס האַנדלונג, דעם איינציקן ענטפער, וואָס כ'האָב זיך געקענט געבן, איז געווען, אַז כ'באַלשעוויזיר די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס. אַלץ האָט אין מיר געוויינט, ס'האָבן מיך געערגערט און געצייצט די רחמנות־בליקן פון די נאָענטע חברים. אברהם ראַטשפּאַנס טרייסטווערטער

האָבן געהאַט אַ קנאַפּע פּעולה. כ'האָב פאַרפּאַקט מײַן קלומיקל מיט זאַכן, חברים האָבן מיך באַגלייט צו דער באַן און געזעגנט זיך מיט מיר װי מיט אַן אָפּגעשלאָגענער הושענא.

דאָס דעמאָלטדיקע פאָרן מיט דער באַן איז געװען אַן אמתדיק גיהנום. די װאַגאָנען זענען געװען איבערגעפּאַקטע, די שױבן — אױסגעהאַקטע. דאָס איבערזעצן זיך אין דעמבלין, אין צוג װאָס איז געגאַנגען פון לובלין קײן װאַרשע, איז פאַרבונדן געװען מיט לעבנס־געפאַר.

פאַר טאָג בין איך אָנגעקומען קײן װאַרשע, אַװעק אין דער רעדאַקציע פון די „לעבנס־פראַגן", אַרײַן אין צימער װוּ װיקטאָר שולמאַן האָט געאַרבעט, אַװעקגעלײגט זיך אױף דער פּאָדלאָגע מיטן קלומיקל אונטערן קאָפּ און געכאַפּט אַ דרימל. יונג איז מען געװען, אַ גוטער שלאָפער בין איך אַלע מאָל, בין איך געשלאָפן מיט אַ געזונטן שלאָף. אױסטשוכענדיק זיך, האָב איך װיקטאָר שולמאַנען געמאַכט דעם אמתן ברוך־הבא, װי ער װאָלט געװען דער דירעקט שולדיקער פון מײַן צוריקרוף קײן װאַרשע. דער אײדעלער און טאַקטפולער װיקטאָר שולמאַן, דער גוטער פעטער, האָט זיך באַמיט מיך צו באַרויִקן, געטײלט מיט מיר זײַן באַליבטן פרישטיק: טײ מיט פרישע בײגל, און דערצײלט װעגן די שװעריקײטן, װאָס דער בונד האָט אין דער װאַל־קאַמפּאַניע צום אַרבעטער־ראַט אין װאַרשע.

װען כ'האָב דערהערט יוזעפס אָנקומען אין זײַן אַמטיר־צימער, בין איך אַרײַן צו אים מיט אַ געװאַלד, געקלאַפּט מיט די פױסטן אין טיש און געשריגן: „פאַר װאָס האָט איר אַזױ מיאוס געהאַנדלט קעגן מיר? פאַר װאָס האָט איר מיך אַראָפּגענומען פון דער פּאַרטײ־אַרבעט אין ראַדאָם, נישט לאָזנדיק מיר פריִער אַפילו װיסן, אַז כ'װער אַראָפּגענומען און פאַר װאָס כ'װער אַראָפּגענומען? פאַר װאָס האָט איר מיך אַזױ פאַרשעמט אין די אױגן פון די ראַדאָמער חברים? זײ מײנען דאָך, גאָט װײסט, װאָס פאַרא פאַרברעכנס כ'בין באַגאַנגען קעגן דער פּאַרטײ! פאַר װאָס? פאַר װאָס"? — האָב איך געהאַלטן אין אײן פרעגן און שרײַען.

יוזעף האָט רויִק און מעטאָדיש אױפגעהאַנגען זײַן פּאַלטן און קאַפּעליוש, אַװעקגעשטעלט אױף זײַן געהעריקן פּלאַץ דעם שטעקן זײַנעם, אָפּגעמאַסטן מיך פון אױבן ביז אַראָפּ מיט לאַכנדיקע אױגן, געלאָזט מיך געװאַלדעװען — און געשמײכלט ביז כ'בין אַ ביסל מיד געװאָרן. דאַן האָט ער צו מיר אַ זאָג געטאָן: „משוגענער הערשל מעטאַלאָװיעץ, אפשר װעסט שױן גענוג זײַן צו אַװאַנטורעװען און בעסער זיך אַװעקזעצן און רויִק זיך דורכשמועסן"? דער „משוגענער" איז געזאָגט געװאָרן מיט אַזױ פיל טאַטישער האַרציקײט, אַז ס'האָט מיך אַנטװאָפנט, און כ'האָב זיך אַװעקגעזעצט הערן װאָס דער „אַלטער" האָט מיר צו זאָגן, און יוזעף האָט מיר אָט װאָס דערצײלט:

די װאַל־קאַמפּאַניע צום אַרבעטער־ראַט אין װאַרשע איז פאַרן בונד אַװעק זײער נישט גינסטיק. קאַראַלסקי, אין נאָמען פון דער רוסישער באַלשעװיסטישער רעװאָ־

לוציע, רייסט פון אונדז פאַסן. אויף די וואַל־פאַרזאַמלונגען זענען די ביזאיצטיקע אָפּשטימונגען אָפּט מאָל פאַר אונדז פאַטאַלע. אונדזערע חברים קענען זיך מיט קאַראַלסקין — און מיט קאַראַלסקין געפינט זיך תּמיד אַ חברה טומלערס און טומ־לערינס — קיין עצה נישט געבן. די וואַל־פּראָצעדור איז אַזאַ, אַז מיר קענען זיך נישט דערלויבן אויף קיין אָרגאַניזאַציאָנעלע דראַסטישע אַפּוער־מיטלען. דער איינציקער, וואָס גיט זיך מיט קאַראַלסקיס דעמאַגאָגיע אַן עצה, איז דער חבר ראובן (ראובן איז געווען דער דעמאָלטדיקער פּאַרטיי־פּסעוודאָנים פון עמנואל נאָוואָ־גרודסקי). אין דער פּראַקטיק מיינט דאָס, אַז אונדזערע לינק־געשטימטע חברים זענען די יעניקע, וואָס קענען מיט זייער אַרבעט און פעיִקייטן ראַטעווען די סיטו־אַציע. די לינקע האָבן אָבער נישט קיין גוטע מאַסן־רעדנערס חוץ דעם חבר ראובן און איך. איר קענט דאָך עמנואלן, ער הייבט גלייך אָן מיט דער הויכער צע. ער ווערט שנעל הייזעריק און קען עטלעכע טעג נישט אַרויסטרעטן. מיר האָבן באַשלאָסן איך דרינגענדיק אַרויסרופן פון ראַדאָם איר זאָלט אונדז העלפן אין דער קאַמפּאַניע. איך זאָג אייך גאַנץ אָפן, חבר הערשל, די פּאַרטיי לייגט אויף אייך אַ סך האָפענונגען, און קענענדיק אייך, ווייס איך, אַז די פּאַרטיי וועט זיך אין אייך נישט אַנטוישן. מעגלעך, האָט יוזעף צוגעגעבן, אַז די טעלעגראַמע איז געווען נישט ווי געהעריק רעדאַגירט און האָט אַרויסגערופן דעם איינדרוק, וואָס איר האָט מיט אַזאַ כּעס געשילדערט. נאָך היינט וועט אָוועקגעשיקט ווערן אַ בריוו צו דער ראַדאָמער אָרגאַניזאַציע וועגן די מאָטיוון פון אייער אַרויסרוף קיין וואַרשע, און אַז ביי דער ערשטער געלעגנהייט וועט איר צוריקגעשיקט ווערן קיין ראַדאָם.

דער שמועס מיט יוזעפן האָט מיך באַרויִקט. אַ בונדיסט בין איך געווען אַ ראַסאָווער: „דער בונד איז איינער און ווײַטער קיינער". מיין בונד איז אין אַ געפאַר, דאַרף מען אַלץ טאָן און ראַטעווען די סיטואַציע. דער צוטרוי פון צ.ק. פון בונד, אַז איך גראָד, אַ לינקער, ווער באַלאָדן מיט אַזאַ שווערע אויפגאַבע, האָט געשמייכלט מיין אייגנליבע. אָן קווענקלעניש האָב איך געענטפערט, אַז כ׳בין גרייט צו נעמען אויף זיך די אויפגאַבע.

באַהאַנדלענדיק די פּראַקטישע זייט פון מיין אויפגאַבע, האָב איך יוזעפן פאַר־געלייגט, ער זאָל מיך נישט באַשטימען פאַר אַ רעדנער ביז וואַנען כ׳וועל נישט האָבן באַזוכט אַ פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער כ׳וועל הערן רעדן עמעצן פון די רעכטע חברים און אויך עמנואל נאָוואָגרודסקין. יוזעף האָט מיר מיטגעטיילט, אַז ביי טאָג קומט פאַר אַ פאַרזאַמלונג אין נאַדל־פאַראיין און ער וועט שיקן אַהין רעדן מיכאַ־לעוויטשן און נאָוואָגרודסקין.

די וואַל־פאַרזאַמלונג אין נאַדל־פאַראיין איז געווען אַ צאָלמעסיק גרויסע. פאַר־זיצער איז געווען דער דעמאָלט נאָך יונגער בונדישער און פּראָפעסאָר מנחם ראָזענ־בוים, און ער האָט געפירט דעם פאַרזיץ מיט דערפאַרונג, רוטין און טאַקט. דער גורל פון דער רעדנער־רייע איז אויסגעפאַלן: בונד דער ערשטער און דער לינקער

בלאָק דער לעצטער. שלוימקע זוסמאַן פון די „פּאַראייניקטע" האָט זיינע 10 מינוט אוועקגעשענקט דעם בונד.

דער ערשטער רעדנער מצד בונד איז געווען בייניש מיכאַלעוויטש. ער האָט קוים באַוויזן אָנצוהייבן רעדן, און אַ צווישנרוף האָט אַ הילך געטאָן איבערן זאַל: „איר זענט פאַר אָדער קעגן דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד"?! און ווי אויף אַ קאָמאַנדע האָט פון אַלע עקן פון זאַל אַ צאַל שטימען סעקאַנדירט די פראַגע אין פאַרשיידענע וואַריאַציעס: „קעגן אָדער פאַר", „פאַר אָדער קעגן", „ענטפערט קלאָר, אָן בונדישע דריידלעך: איר זענט פאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע אין פוילן, צי קעגן, פאַר די באָלשעוויקעס אָדער מיט די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע מענשעוויקעס?", „פאַר אָדער קעגן", „קעגן אָדער פאַר". דערנאָך איז געקומען אַן אַנדער סעריע פון צווישנרופן: „קרופּניק, בונדישער קרופּניק, גריישטער קרופּניק, קרופּניק! קרופּניק"! די צווישנרופן האָבן זיך געטוישט, אָבער אָנגעהאַלטן אָן אויפהער. בייניש מיכאַלעוויטש, אַ וועטעראַן אין קאַמף קעגן צאַרישן רעזשים און אַ גלענצנדיקער מאַסן־רעדנער, אָבער אַ מענשעוויק און אַ קעגנער פון דער אָק־טאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, האָט טראָץ זיין גרויסן רעדנער־טאַלאַנט, נישט געקענט זיך קיין עצה געבן מיט דער רעוואָלוציאָניזירטער און פּראָ־באָלשעוויס־טישער שטימונג פונעם פאַרזאַמלטן עולם. מיט שוועריקייט האָט ער פאַרענדיקט זיינע 20 מינוט און אַ דערשלאָגענער און פאַרשעמטער פאַרלאָזט די רעדנער־טריבונע.

קאַראַלסקי האָט געהאַט אַ האַלבע שעה צייט צו רעדן און גענומען דעם עולם מיט שטורעם. דער אינהאַלט פון קאַראַלסקיס רעדע איז געווען אומגעפער פאָל־גענדיקער: „דער לינקער בלאָק איז פאַר דער סאָציאַלער וועלט־רעוואָלוציע. איך שווער אין נאָמען פון לינקן בלאָק, אַז מיר וועלן אַלץ טאָן דורכצופירן די פּראָלע־טאַרישע רעוואָלוציע ביי אונדז אין לאַנד. מיר וועלן זיך נישט אָפּשטעלן פאַר קיין שוועריקייטן, נישט רוען ביז וואַנען די גאַנצע מאַכט וועט זיך געפינען אין די הענט פון די אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַטן. מיט דער הילף פון פּראָלעטאַריאַט וועלן מיר אויפן וועג צו דער רעוואָלוציע און נאָך דער רעוואָלוציע צעשמעטערן יעדן שונא". אין זיין רעדע האָט קאַראַלסקי זיך אויך באַנוצט מיטן אַרגומענט „קרופּניק" ווי אַ באַוויז, אַז דער בונד איז נישט קיין רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי.

די פאַרזאַמלטע האָבן שטיל, ווי פרומע יידן בעת אַ שטילער תפילה, און מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם, זיך צוגעהערט צו קאַראַלסקיס רעדע. ס'איז נישט געפאַלן קיין איין צווישנרוף, און ווען קאַראַלסקי האָט געענדיקט, האָט דער זאַל אַ ציטער געטאָן פון די אַפּלאָדיסמענטן.

איך האָב זיך גוט צוגעהערט צו קאַראַלסקיס רעדע — אַגב, איינע פון די בעסטע קאַראַלסקי־רעדעס, וואָס כ'האָב ווען עס איז געהערט — זיך צוגעקוקט צו זיין אופן פון רעדן: צו זיינע באַוועגונגען, זשעסטיקולאַציעס, מאָדעלירונג פון דער שטימע,

איינגעזאַפּט אין זיך די שטימונג פון די פאַרזאַמלטע, אַבסערווירט דעם עולם און זייער רעאַקציע אין פאַרשיידענע מאָמענטן פון קאַראַלסקיס רעדן.

אויך אויף מיר האָט קאַראַלסקיס רעדע געמאַכט אַן איינדרוק. מיין קריטיש אויג האָט אָבער קלאָר געזען די שוואַכע זייטן פון זיין רעדע. מיין מידה און מעטאָד פון אַנאַליזירן געשעענישן האָט נישט פאַרפעלט צו פאַלמעסן קאַראַלסקיס אַרויס־טריט — אַז ס׳פעלט נישט אין זיין רעדע קיין דעמאַגאָגיע און אַז עס שמעקט פון איר אַן אַנאַרכיסטישער ריח. מיין אויספיר איז געווען: נישקשה, כ׳וועל זיך מיט אים אַן עצה געבן. ער וועט ביי מיר נישט נעמען דעם עולם אויפן זיכער מיט דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. מיט אומגעדולד און מיט נייגעריקייט האָב איך געוואַרט אויף דער רעדע פון עמנואל נאָוואָגרודסקי, וועלכער — ווי יוזעף האָט מיר דערציילט — איז דער איינציקער, וואָס גיט זיך מיט קאַראַלסקין אַן עצה.

עמנואל נאָוואָגרודסקי האָט זיין קאָנטער־אַטאַק געפירט פון צוויי פּאָזיציעס: איבערליציטירן זיך אין רעוואָלוציאָניזם, און יידישע נאַציאָנאַלע אינטערעסן. זיין 20 מינוטיקע פּאָלעמישע רעדע האָט געהאַט אַ פּעולה. ביי דער אָפּשטימונג האָט בונד געקריגן אַ מערהייט שטימען. פאַר קיין מפּלה פאַרן לינקן בלאָק און פאַר קאַראַלסקין האָט מען אָבער די אָפּשטימונג נישט געקענט פאַררעכענען.

מיר איז עמנואל נאָוואָגרודסקי רעדע נישט געפעלן. איך האָב עמנואל נאָוואָ־גרודסקין פאַר קיין גוטן, אַ פּשיטא פאַר קיין גלענצנדיקן, רעדנער נישט אָנערקענט. ביז היינט פאַרשטיי איך נישט, פאַר וואָס מ׳האָט אים געקרוינט פאַר אַ גרויסן רעדנער. אַ שרייער, אַ קוויטשער, אַ היסטעריקער, אַ זידלער, אַ באַנוצער פון דעמאַ־גאָגיע פון ביליקסטן סאָרט — איז ער אין מיינע אויגן אויף דער רעדנער־טריבונע געווען אַ נאַכאַלניק און נישט קיין גרויסער רעדנער. אָבער זיינע אַטאַקיר־פּאָזיציעס קעגן לינקן בלאָק אויף דער געגעבענער פאַרזאַמלונג האָב איך אָנערקענט אין תוך פאַר גוטע און צוגעאייגנט זיי ווי אַ באַזע פאַר מיינע קומענדיקע אַנטי־קאַראַלסקי אַרויסטרעטונגען. און אַן אַ שמץ פון גאווה האָב איך זיך געזאָגט, אַז כ׳וועל די דאָזיקע פּאָזיציעס אויסנוצן בעסער פון נאָוואָגרודסקין.

נישט געפעלן איז מיר אויך אין נאָוואָגרודסקיס רעדע זיין באַציִונג צום „בונדישן קראָפּניק". זיין פאַרטיידיקן די בונדישע ווירטשאַפט־אינסטיטוציעס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי אַן אַדוואָקאַט וואָלט פאַרטיידיקט אַ קרימינאַלניק אין געריכט און געזאָגט צום ריכטער: מיין קליענט איז טאַקע אַלץ וואָס דער פּראָקוראָר האָט געזאָגט וועגן אים, אָבער איך בעט אייך, מאַכט נישט קיין גרויס וועזן פון זיין איצטיקן טאַט, ס׳לוינט פּשוט נישט וועגן דעם צו רעדן. אין נאָוואָגרודסקיס רעדע האָט עס געהייסן: רעוואָלוציאָנערן זאָלן זיך פאַרנעמען אין דער איצטיקער צייט מיט אַזעלכע זאַכן, ווי קאָכן קראָפּניק, איז טאַקע נישט פּאַסיק, אָבער וואָס זאָלן מיר נעבעך טאָן, נעמען די קיכן און פאַרמאַכן? לאָמיר עס לאָזן גיין ווי ס׳גייט, די רעוואָלוציע וועט זיך שוין דערמיט פאַרנעמען.

אין מײַנע אויגן איז נאָוואָגרודסקיס פּאָזיציע געווען פּאָליטיש פֿאַלש און פּאַרטייִיש אומוועדריק. איך האָב אין „בונדישן קרופּניק" נישט געזען קיין שום בייז. אַדרבא, איך האָב די בונדישע קיכן, דעם „בונדישן קרופּניק", באַטראַכט פֿאַר אַ וויכטיקער פּאָליטישער אינסטיטוציע, וואָס איז מסוגל אָרגאַניזאַציאָנעל צו קאָנצענטרירן אַרום זיך גרויסע צאָלן אַרבעטער און צו שפּילן אויף איר אייגענעם און אייגנאַרטיקן אופֿן אַ ראָלע אין פּעריאָד פֿון צוגרייטונג צו דער רעוואָלוציע און אַפֿילו בעת דער רעוואָלוציע גופֿא, אָפּגערעדט פֿון איר פּאָזיטיווער ראָלע אין די קאָנקרעטע נויטן פֿון גרויסע מאַסן הונגעריקע אַרבעטער. דעם געשריי „קרופּניק" אין קאַמף קעגן בונד האָב איך באַטראַכט ווי אַ ביליק דעמאַגאָגיש קאַמפּמיטל, פֿאַר אַן אַנאַרכיסטישן איינפֿלוס אויפֿן ייִדישן סעקטאָר פֿון ס.ד.ק.פּ.ל. און אויפֿן ייִדישן סעקטאָר פֿון לינקן בלאָק. איך האָב באַשלאָסן זיך צו באַנוצן מיטן „בונדישן קרופּניק" ווי אַן אָנגרייף־וואָפֿן.

אָנגעגורט און באַוואָפֿנט מיט די — לויט מײַן מיינונג — געהעריקע כּלי־זין, בין איך גרייט געווען צו באַגעגענען קאַראַלסקין אויף די וואָל־פֿאַרזאַמלונגען און אַוועק זיך זען מיט יוזעפֿן צו קריגן אָנווייזונגען, אויף וועלכע פֿאַרזאַמלונגען כ'דאַרף אַרויסטרעטן.

איך האָב יוזעפֿן אָפּגעגעבן אַ גענויען באַריכט פֿון דער ביזגעוווינטער פֿאַרזאַמלונג אין נאָדל־פֿאַראיין. דערציילט אים וועגן מײַנע אײַנדרוקן, אָבסערוואַציעס, אָפּשאַצונגען, און די אויספֿירונגען, וואָס כ'האָב געמאַכט — אַז קאַראַלסקי איז לחלוטין צום באַזיגן, און ווי אַזוי כ'האָב בדעה צו האַנדלען אין דעם ענין „קרופּניק".

געזעגענענדיק זיך מיט יוזעפֿן און קריגנדיק זײַן ברכה, בין איך אַרויף אין דער פֿאַר מיר גאַסטפֿרײַנדלעכער וווינונג פֿונעם דרוקער־אַרבעטער לעוויט, האָב אָפּגערוט זיך אַ ביסל, געגעסן פֿון אַ חברישן אָונטבראָיט און אַ האָפֿערדיקער זיך געגרייט צו מײַן דעביוט אין דער וואָל־קאַמפּאַניע צום וואַרשעווער אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַט.

## ביי די ייִדישע מעטאַל־אַרבעטער

מײַן ערשטער אַרויסטריט אין דער וואָל־קאַמפּאַניע צום אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַט אין וואַרשע האָט געדאַרפֿט זײַן אויף אַ פֿאַרזאַמלונג פֿונעם ייִדישן מעטאַל־אַרבעטער־פֿאַראיין.

כ'בין אַרויף אין לאָקאַל פֿונעם פֿאַראיין אויף נאַלעווקעס 34. דער לאָקאַל איז פֿול געווען מיט אַרבעטער און ס'האָט דאָרט געזשומעט ווי אין אַ בינשטאָק. כ'האָב זיך דורכגערעדט מיט חברים פֿונעם פּאַרטיי־ און פֿאַראיין־אַקטיוו, און געכאַפּט אַ שמועס מיט פּשוטע אַרבעטער, געהערט זייערע מיינונגען וועגן פֿאַרשיידענע ענינים, געשטעלט פֿראַגעס און געהערט זייערע ענטפֿערס, און געענטפֿערט אויף זייערע פֿראַגעס, שאלות און קשיות. כ'בין געוואָר געוואָרן, אַז וולאַדימיר מעדעם איז

דער שפּיצן־קאַנדידאַט אויף דער בונדישער ליסטע אין מעטאַל־פֿאַראיין און איך פֿיגוריר אויפֿן צווייטן אָרט; אַז די ערשטע צוויי פֿאַרזאַמלונגען אין פֿאַראיין האָבן זיך פֿאַרן בונד פֿאַרענדיקט נישט איבעריק גינסטיק: אויף דער ערשטער פֿאַרזאַמלונג האָבן געקעמפֿט וולאַדימיר מעדעם מיט קאַראָלסקין און אויף דער צווייטער — גרשון זיבערט מיט קאַראָלסקין; און אַז די פֿאַרזאַמלונג, אויף וועלכער כ׳דאַרף אַרויסטרעטן, איז פֿון בלעכערפֿאַך.

די פֿאַרזאַמלונג פֿון די בלעכער־אַרבעטער איז געווען אַ גוט באַזוכטע, געקומען זענען אַרום 350 אָנטיילנעמער. געפֿעלט האָבן בלויז איינצלנע פֿאַכמענער. וולאַדימיר מעדעם האָט זיך געפֿונען אין זאַל פֿון דער פֿאַרזאַמלונג. ווי דער שפּיצן־קאַנדידאַט, האָט מעדעם געהאַלטן פֿאַר זײַן חוב בײַצוזײַן אויף יעדער פֿאַרזאַמלונג פֿונעם ייִדישן מעטאַל־פֿאַראיין, אומאָפּהענגיק, צי ער האָט אויף דער פֿאַרזאַמלונג יאָ אָדער נישט געדאַרפֿט אַרויסטרעטן.

אויפֿן וועג צום גרויסן זאַל, וווּ די פֿאַרזאַמלונג איז פֿאָרגעקומען, האָב איך זיך באַגעגנט מיט קאַראָלסקין און מיט הענריק (סטאַך) זאַטאָרסקי, וועלכער איז געווען דער שפּיצן־קאַנדידאַט מצד דעם לינקן בלאָק. סטאַך, מײַן לאַנגיאָריקער פּאַרטייִשער קעגנער און האַרציקער פּערזענלעכער פֿרײַנד, האָט נישט פֿאַרפֿעלט מיר אַרײַנצוזאָגן אין דער גאַל אַרײַן: „כ׳האָב געהערט, אַז מ׳האָט דיך אַראָפּגעבראַכט פֿון דער פּראָווינץ צו העלפֿן היילן די בונדישע ווונדן. ס׳וועט דיר העלפֿן ווי אַ טויטן באַנקעס. מיר פֿליקן די בונדישע פֿעדערן ווי פֿון אַן אָפּגעפּאַרעטער הון״. כ׳האָב דורכגעלאָזט פֿאַרבײַ די אויערן זאַטאָרסקיס שטעכווערטער און אַרײַן אין פֿאַרזאַמלונג־זאַל.

דער פֿאַראיין־סעקרעטאַר האָט געעפֿנט די פֿאַרזאַמלונג. פֿיגורירט האָבן צוויי קאַנדידאַטן פֿאַרן פֿאָרזיצער, יצחק צינאַ מצד דעם בונד און אַן אַנדערער בלעכער־אַרבעטער מצד דעם לינקן בלאָק (דעם נאָמען — פֿאַרגעסן. אַ געוועזענער אַנאַרכיסט, אַן אָנטיילנעמער אין דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. אין די צוואַנציקער יאָרן, איבערלאָזנדיק אַ פֿרוי מיט קינדער, אַוועק אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד. בײַם אויסבראָך פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה זיך געפֿונען אין ביראָ־בידזשאַן. זײַן גורל איז מיר אומבאַקאַנט). צינאַ איז דערוויילט געוואָרן פֿאַר פֿאָרזיצער. די רייע רעדנערס איז לויטן גורל געווען פֿאַר מיר נישט איבעריק גינסטיק; לעוו פֿון פּועלי־ציון, פּרישמאַן פֿון די פֿאַראייניקטע, קאַראָלסקי פֿון לינקן בלאָק און איך פֿון בונד. לעוו און פּרישמאַן האָבן אָפּגערעדט זייערע 20 מינוט און פֿאַרלאָזט די פֿאַרזאַמלונג. דאָס שלאַכטפֿעלד איז געבליבן אָפֿן פֿאַר קאַראָלסקין און מיר.

קאַראָלסקיס אַרויסטריט איז געווען „פּאַ קאַראָלסקאָמו״, מיט אַ סך רעוואָלוציאָנערן טעמפּעראַמענט און האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אויף די צוהערערס. געוווּסט האָב איך, אַז לײַכט וועט מיר נישט אָנקומען צו פֿאַרניכטן קאַראָלסקיס איינפֿלוס. צו מײַן גליק איז קאַראָלסקי באַגאַנגען אַ פֿעלער פֿון דעם מין וואָס באַלע־

באַסטעס מאַכן אַז זיי ווילן זיך אויספּיינען פֿאַר אַ גאַסט: זיי מאַכן דעם קוכן אָדער קוגל עקסטרע גוט, און צו להכעיס קומט עס אַרויס נישט ווי זיי וואָלטן געוואָלט. איך האָב אויסגענוצט קאַראַלסקיס פֿעלער און מיט אַ טראַסק אים אויסגעקנאַקט. געשען איז אָט וואָס.

וויסנדיק אַז אין די בונדישע קרייזן און אין דער ייִדישער אַרבעטער־סביבה אין וואַרשע גיי איך אָן פֿאַר איינעם, וואָס גריבלט זיך אין סאָציאַליסטישער טעאָריע, האָט קאַראַלסקי ביי דער ערשטער באַגעגעניש מיט מיר געוואָלט מיך אויך שלאָגן מיטן געווער פֿון טעאָריע. ער האָט אַנטוויקלט אַ טעזע וועגן אַ מינערווערטיקער ראָלע פֿון ייִדן אין דער עקאָנאָמיע, און פֿאַרפּלאָכטן אַן ס.ד.ק.פּ.ל.יש־ס.ס.ישן קוי־לעטש פֿון דער מינערווערטיקייט פֿון ייִדן ווי פּראָלעטאַריער. מער האָב איך נישט געדאַרפֿט.

צייט האָב איך געהאַט אַ האַלבע שעה צום רעדן, און שפּעטער האָט קאַראַלסקי געהאַט 10 מינוט צייט פֿאַר זיין צווייט וואָרט. גערעדט האָב איך אָבער נישט מער ווי אַ 20 מינוט. עטלעכע מינוט „פֿאָ רעוואָלוציאָנעמור", נישט ווענדיק לאָזן דעם איינדרוק, אַז רעוואָלוציאָניזם איז דער מאָנאָפּאָל פֿון לינקן בלאָק און פֿון קאַראַלסקין, און כ'בין אַריבער אין אַן אַטאַקע. אין אַ קאָנדענסירטער פֿאָרעם איז מיין קאָנטער־אַטאַק רעדע געווען אַזאַ:

— חברים בלעכער־אַרבעטער. איך קען אייך שוין לאַנגע יאָרן, זינט אייער ערשטער פֿאַך־פֿאַרזאַמלונג, זומער 1915, ווען איר האָט באַשלאָסן אַנצושליסן אייער פֿאַך אין מעטאַל־פֿאַראיין. די ייִדישע אָרגאַניזירטע אַרבעטער זענען געווען שטאָלץ מיט אייער באַשלוס. אין מעטאַל־פֿאַראיין זענט איר דאָס שיינדל: אין קליינינקייט, די בלעכער־אַרבעטער מיט זייער טראַדיציע פֿון אָרגאַניזאַציע און רעוואָלוציאָנערע קאַמפֿן. היינט, אויף דער פֿאַרזאַמלונג, בין איך געזעסן און מיין פּנים האָט געפֿלאַמט פֿאַר בושה, כ'האָב געשעמט זיך צוצוקוקן אייער חרפּה, ווי איר זיצט און שווייגט ווען מ'מאַכט פֿון אייך חוזק, און איר אַפּלאָדירט ווען אַ געמלעט אַנטיסעמיטל שפּייט אייך אין פּנים, אַז איר זענט נישט קיין עכטע פּראָלעטאַריער, אַז „אַנטעק פּאַדאַי וואַפּנאַ" איז אַ כּשרער און אמתער פּראָלעטאַריער, און איר, בלעכער־אַרבעטער וועט ערשט נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע זוכה זיין צו ווערן אמתע פּראָלע־טאַריער. וואָס וואָלט איר געזאָגט ווען אַן ערל וואָלט געקומען אויף דער היינטיקער פֿאַרזאַמלונג און געזאָגט, אַז איר זענט נישט קיין עכטע פּראָלעטאַריער? איר וואָלט דאָך אים פֿאַריאָגט ווי דער פֿעפֿער וואַקסט! אָבער דעם רעדנער פֿונעם ייִדישן סעקטאָר פֿון לינקן בלאָק האָט איר געדולדיק אויסגעהערט, און אַפֿילו אַפּלאָדירט.

חברים בלעכער־אַרבעטער. מ'דאַרף דאָך האָבן אָדער אַ קופּערנעם שטערן אָדער זיין אַ פֿאָלנער אידיאָט צו קומען צו אייך און אייך זאָגן, אַז איר זענט נישט קיין עכטע פּראָלעטאַריער. אייך, בלעכער־אַרבעטער, וואָס האָט הינטער זיך הונ־דערטער יאָרן פֿאַך־געשיכטע, ווען לייבער זענען צעסמאָליעט פֿון היץ פֿון דער

אַרבעט זומער אויף די דעכער, ווען מען לונגען זענען צעבערנט פון זאַלצזייער, וועמענס פנימער זענען צעשמיסן פון די ווינטן, רעגנס, האָגלס און שנייען; צו אייך, מיט אייער געשיכטע און טראַדיציע פון קאַמפן, וואָס עס האָבן געפירט אייערע זיידעס און טאַטעס קעגן די פוילישע צעכן וואָס האָבן געוואָלט צורויבן פון די יידישע בלעכער־אַרבעטער דאָס רעכט פון אַרבעט, קאַמפן קעגן צאַריזם, און אייערע אייגענע קאַמפן קעגן צאַרישן טעראָר, קעגן די קאָזאַצקע נאַגייקעס און סאָלדאַטסקע שפּיזן און שווערדן ביים נישט לאָזן זיך אַראָפּטרייבן פון אייער היסטאָרישער בערזע אויפן גזשיבאָוו, אייערע קאַמפן קעגן די בלעכער־פאַבריקאַנטן און ווירטסלייט — צו אייך זאָל מען קומען און זאָגן, אַז איר זענט נישט קיין עכטע פּראָלעטאַריער?

זאָגט דעם חבר קאַראָלסקי, ער זאָל אויפהערן קוואַטשען וועגן אייער מינער־ווערטיקייט. זאָל ער בעסער זען דאָס ווירקלעכע לעבן. זאָל דער חבר קאַראָלסקי מיט זיינע חברים אָנקוקן די מאַזאָליעדיקע 700 הענט פון די בלעכער־אַרבעטער, וועלכע געפינען זיך איצט אין זאַל. זאָל ער זען און קענען די ראָלע פון די יידישע אַרבעטער־מאַסן אין דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, די טויזנטער בונדיסטן, וועלכע האָבן זיך אין דער רעוואָלוציע באַטייליקט און שפּילן איצט אַ ראָלע אין סאָוועטן־לאַנד, און די פולע רעכט, סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע, וואָס די יידישע פאָלקסמאַסן האָבן אַ דאַנק דער רעוואָלוציע זיך אויסגעקעמפט, און אויפהערן רעדן וועגן דער מינערווערטיקייט פונעם יידישן אַרבעטער־קלאַס, קריגן דרך־ארץ פאַרן יידישן אַרבעטער און פאַרן יידישן האַרעפּאַשניק.

איך קען דעם חבר קאַראָלסקי און איך צווייפל נישט, אַז פּערזענלעך איז ער אַ רעוואָלוציאָנער, און קיין פּאָליטישער אידיאָט איז ער זיכער נישט. כאָטש מיר זענען פּאָליטישע קעגנערס, וועל איך אים עפנטלעך מאַכן דעם קאָמפּלימענט, אַז ער איז אַן אויסגעצייכנטער רעדנער, אַז פּערזענלעך מיינט ער די טובה פונעם אַרבעטער־קלאַס. די צרה און דאָס אומגליק איז, וואָס ער איז אויסגעוואַקסן אויפן שמיעטניק פון אַסימילאַציע, מיט פאַראַכטונג צו אַלעם דעם, וואָס האָט צו טאָן מיט יידישע ענינים — מיט דער יידישער שפּראַך, יידישער קולטור און יידישן שטייגער לעבן. און, צי ער וויל, צי ער וויל נישט, איז ער אַן אַגענט פון די פריידיקערס פון אַסימילאַציע צווישן יידן: פון די נוסבוימס, דיקשטיינס, נאַטאַנזאָנס, וואַסער־צוגס און זייער גלייכן, און די פּאַרטיי, צו וועלכער ער געהערט, האָט אין יידישע ענינים אַ פּראָגראַם, וואָס איז ווי צוויי טראָפּנס וואַסער ענלעך צום אַסימילאַטאָרישן פּראָגראַם פון דער יידישער גרויסבורזשואַזיע.

און דערציילט האָב איך וועגן דער באַציִונג פון ס.ד.ק.פּ.ל. צום יידישן אַרבע־טער־קלאַס, וועגן די געשלעגן אין 1913—1914 צווישן די יידישע אַרבעטער מיט די פּוילישע שוסטערס פאַר רעכט אויף אַרבעט אין די מעכאַנישע שיכפאַבריקן, און אַז ס.ד.ק.פּ.ל. איז שולדיק דערין, וואָס די פּוילישע און יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען זענען נאָך נישט קיין פאַראייניקטע. איך האָב געוואָרפן אויפן חשבון

פון די פּאַרטייען פון לינקן בלאָק די באַשולדיקונג, אַז זיי זענען שלעכטע באַל־שעוויקעס, און מיט אַ געהעכערטער שטימע אויסגערופן: די יידישע אַרבעטער, וועלכע קעמפן פאַר זייערע סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע רעכט, גייען אין די פוסטריט פון די דורות העראָישע בלעכער־אַרבעטער.

און כ׳האָב פאַרגעזעצט:

— שטעלט איך פאַר, חברים בלעכער־אַרבעטער, וואָס קען, חלילה, געשען ווען איר זאָלט איבערגעבן אייער גורל אין די הענט פון די קאַראַלסקיס און פון זיין פּאַרטיי. זיי וועלן דאַך אין אַרבעטער־ראַט אין אייער נאָמען פרײַדיקן, אַז יידישע אַרבעטער זענען מינערווערטיקע פּראָלעטאַריער, און גיסן בוימל אויפן אַנטיסע־מיטישן פייער פון די ענפּעראָווצעס, כאַדעקעס און אַנדערע אַנטיסעמיטישע מנוּ־וולים. און אַפילו ביי די סאָציאַליסטיש־געשטימטע אַרבעטער וועט זיך קענען שאַפן אַ שטימונג, אַז יידישע אַרבעטער זענען אַ שלעכטער עלעמענט דורכצופירן מיט זיי די רעוואָלוציע אין פוילן.

און כ׳האָב פאַרענדיקט:

— שיקט די פאַלשע נביאים צו אַלדע רוחות. צעפּטרט נישט קיין איין שטימע פאַר דעם לינקן בלאָק. אַלע פאַר איינעם און איינער פאַר אַלע. אַלע בלעכער־אַרבעטער שטימען פאַר דער ליסטע פון בונד. צום קאַמף, צום זיג! איצט מיט אייערע שטימען, און ווען ס׳וועט נייטיק זיין, און דער בונד וועט אייך רופן — אויף די באַריקאַדן.

חברים, בלעכער־אַרבעטער, אין פּראַגט פון מאַרשירנדיקן קעמפנדיקן יידישן פּראָלעטאַריאַט, אַ זיג פון בונד איז אייער זיג, אייער זיג איז דער זיג פון בונד. זאָל לעבן די באַלשעוויסטישע רעוואָלוציע אין רוסלאַנד! זאָל לעבן די רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד! זאָל לעבן די רעוואָלוציע ביי אונדז אין לאַנד! זאָל לעבן די אַל־וועלטלעכע סאָציאַלע רעוואָלוציע!

וואָס ס׳האָט זיך אָפּגעטאָן אין זאַל נאָכן פאַרענדיקן מיין רעדע — איז מיר שווער צו באַשרייבן. דער זאַל איז צעלייגט געוואָרן פון אַפּלאָדיסמענטן.

קאַראַלסקי האָט גענומען זיין צווייט וואָרט פון 10 מינוט. די אַרבעטער האָבן אים אָבער מער נישט געוואָלט הערן. אומאויפהערלעך באַהאַגלט מיט צווישנרופן, טייל — נישט דרוקפעיקע. מען האָט געקלאַפּט מיט די בענקלעך און געשריגן צום פאַרזיצער: „חבר יצחק, אָפּשטימען, אָפּשטימען״! די אָפּשטימונג איז געווען 3 (לייען און צייל דריי) שטימען פאַרן לינקן בלאָק.

די מפּלה פון קאַראַלסקין איז געווען אַ טאָטאַלע, טויזנט מאָל גרעסער און גורלדיקער, ווי די מפּלה פון בייניש מיכאַלעוויטשן אויף דער פאַרזאַמלונג אין נאָדל־פאַראיין. די בלעכער־פאַרזאַמלונג איז פאַרן לינקן בלאָק געווען ממש אַ קאַטאַסטראָפע, אַ דאַמבע, וואָס האָט פאַרהאַלטן די נצחון־כוואַליע פון לינקן בלאָק אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס אין וואַרשע און אָפּגעשטעלט קאַראַלסקיס

טר:ומפמאַרש אין דער וואַרשעווער יידישער אַרבעטער־סביבה. אויף די ווייטער־דיקע וואַל־פאַרזאַמלונגען אין וואַרשע האָט דער בונד אָנגעהויבן גיין פון איין נצחון צום צווייטן.

דער אויסגאַנג פון די וואַלן ביים בלעכערפאַך האָט ווי אַ בליץ זיך פאַרשפּרייט איבערן לאָקאַל פונעם מעטאַל־פאַראיין. ווען כ׳בין אַרויס פון פאַרזאַמלונג־זאַל און זיך געלאָזט צו דער פאַראיין־קאַנצעלאַריע, האָבן צענדליגער הענט מיך באַגריסט מיטן זיג. די אָנוועזנדיקע אַרבעטער האָבן געמאַכט אַ שפּאַלער פוןביידע זייטן וועג און איך בין — צום ערשטן און איינציקן מאָל אין מיין געזעלשאַפטלעכן לעבן — דורכגעגאַנגען אַ טר:ומפוועג פון אַ זיגער, וועלכער קערט זיך אום פון אַ זיגרייכער מלחמה.

אין דער פאַראיין־קאַנצעלאַריע, אָן אָנגעפּראַפּטע מיט פּאַרטיי־און פאַראיין־אַקטיוויסטן, בין איך אויפגענומען געוואָרן מיט אַ רוישיקער אָוואַציע. וולאַדימיר מעדעם האָט לייטזעליק געשמייכלט מיטן ליבסטן פון זיינע שמייכלען און צו מיר אַ זאָג געטאָן: „חבר הערשל מעטאַלאָוויעץ, איר האָט זיך פיין געספּראָוועט מיטן חברהמאַן" — און נאָך אַ קורצער פויזע צוגעגעבן — „דאָס איז געווען די בעסטע און ראַפינירטסטע דעמאַגאָגישע רעדע, וואָס כ׳האָב ווען עס איז געהערט".

אַ ווײַלע שפּעטער, נאָך דעם דאָזיקן זאָג, איז וולאַדימיר מעדעמס פּנים פאַרכמורעט געוואָרן. זיינע קינבאַקן האָבן לייכט אונטערגעציטערט — אַן אויסערלעכער סימן פון אַן אינערלעכער אומצופרידנקייט. ער האָט מיך אָנגעקוקט שאַרף און דורכדרינגלעך, און זיין פּנים האָט אויף שטום־לשון צו מיר גערעדט: „חבר הערשל מעטאַלאָוויעץ, אַ דאַנק אייך פאַרן זיג וואָס דער בונד האָט אָפּגעהאַלטן, אָבער קיין קניפּ אין בעקל קומט אייך נישט. קיין בונדיסט, אַפילו אַ באַלשעוויזירטער בונדיסט, דאַרף זיך נישט באַנוצן מיט נישט פּאַסיקע מיטלען. דעמאַגאָגיע בלייבט דעמאַגאָגיע, אַפילו ווען זי ווערט באַנוצט מיט די בעסטע און ערלעכסטע כוונות".

פונעם לאָקאַל פון מעטאַל־פאַראיין בין איך אַוועק אין דער קאַוויאַרנע פון פאַן וו. אויף קאַרמעליצקע 15. די קאַוויאַרניע איז באַשטאַנען פון אַ שמאָל לענגלעך געוועלבל און אַ גרויס הינטערצימער מיט די פענצטער צום הויף, און מיט אַ סעפּעראַטן אַריינגאַנג דורכן טויער. דעם אייגנטימער האָט מען גערופן פאַן וו. — אַ זייער אינטעליגענטער און אידעלער יונגער־מאַן. די קאַוויאַרניע איז געווען אַ מין קלוב פאַר די טוערס פונעם העכערן עשעלאָן פון די סאָציאַליסטישע גרופּירונגען אין וואַרשע. שפּעט אין אָוונט, מערסטנס נאָך 11 אַ זייגער, פלעגן אין דער קאַוויאַרניע פון פאַן וו. צונויפקומען זיך די פּאַרטיי־ און פאַראיין־טוערס כאַפּן אַ ביס, אַ טרונק און אַ שמועס. יעדע גרופּע האָט געהאַט אירע רעזערווירטע טישלעך, אָבער נישט איין מאָל האָט געטראָפן, אַז „בלוטיקע שונאים" זאָלן זיצן צוזאַמען און געמיטלעך שמועסן אָדער גאָר מאַכן צווישן זיך אַ שטילן נישט געשריבענעם אָפּמאַך, נישט איין מאָל — אַפילו אָן דעם וויסן פון די העכסטע פּאַרטיי־שפּיצן.

באַזונדערס לעבעדיק זענען די נאַכט־שעהען אין דער קאַווינאַרניע פון פּאַן וו. געווען בעת וואַל־קאַמפּאַניעס און פּאָליטישע און פּאַראיין־אַקציעס.

ווען כ׳בין אָנגעקומען אין דער קאַוויאַרניע פון פּאַן וו., זענען די „שטאַבן״ שוין געווען אין זייער פולן באַשטאַנד. מיין זיג איבער קאַראַלסקין איז געווען די טעמע פון די געשפּרעכן.

ביים בונדישן טישל האָבן זיך געפונען נאָענטע חברים, וועלכע האָבן מיך אויפגענומען מיט האַרציקער פרייד. אויפן וועג צו מיינע חברימס טישל איז מיר אַנטקעגנגעקומען העגריק סטאַך־זאַטאַרסקי מיט געביילטע פויסטן. כ׳בין געווען זיכער, אַז זאַטאַרסקי קלייבט זיך מיר צו דערלאַנגען מיט די פויסטן, אָבער אַנשטאָט קלעפּ, האָט ער אין מיר געוואָרפן ווערטער־פיילן: „מיין נישט, אַז ס׳איז דיר דער בערלינער פּרץ־פּאַראיין, ווו דו האָסט געהאַט צו טאָן מיט זיידענע יונגע־לייט. דאָ וועלן דיר דיינע ממזרישע שטיק וויניק העלפן. דיין היינטיקע דעמאַגאָגישע רעדע וועט דיר נישט אָפּגיין גלאַטיק. מיר וועלן דיך נישט שוינען. פּאַסן וועלן מיר פון דיר רייסן. וואַרט, וואַרט, גרויסער צעלייגער״.

כ׳האָב אַרויפגעלייגט מיינע הענט אויף סטאַכס אַקסלען און אים אַ קיבעץ געטאָן: „יופּיטער, ביסט בייז — אַ סימן אַז דו ביסט אומגערעכט. וואָס האָסטו געמיינט, אַז די וואַל־קאַמפּאַניע וועט אייך גרינג אָנקומען, אַז איר וועט פליקן די בונדישע פעדערן ווי פון אַן אָפּגעפּאַרעטער הון?! דער היינטיקער טאָג איז ערשט אַן אָנהויב פון אייער מפּלה. די לינקע בונדיסטן קלייבן זיך אַ נעם טאָן צו אייך, אויף די פאַרזאַמלונגען וועט מען מיט אייך לערנען בלק, אַז איר וועט די אויגן אייערע נישט קענען אויפהייבן. אייער קאַראַלסקעלע וועט מער נישט אַרויפשפּרינגען טאַנצנדיק אויף דער רעדנער־טריבונע פון די ייִדישע אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען, אַ וואָרף טאָן אין עולם זיין בינטל פּראַזן און אָוועקשטעלן זיך אין אַ פּאָזע פון אַ העלד, וועלכער האָט געמאַכט די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד און געקומען קיין וואַרשע לערנען די ייִדישע אַרבעטער, ווי אַזוי צו מאַכן רעוואָלוציעס, מיט אים ווי דער פירער. דו ביסט אַ ביסל קליגער פון קאַראַלסקין, און ווי מיינעם אַן אַלטער גוטן פריינד ראָט איך דיך, דו זאָלסט זאָגן דיין קאַראַלסקין ער זאָל אויף די וויטערדיקע פאַרזאַמלונגען זיין אַ ביסל קליגער ווי פרימער״ — און כ׳בין אַוועק צום טישל פון מיינע חברים.

דער דערפאָלגרייכער דעביוט האָט מיר דעם קאָפּ נישט פאַרדרייט. כ׳האָב געוווסט, אַז ס׳דערוואַרט מיך אַ לאַנגער און אַ שווערער וועג צו דערפילן די אויפגאַבע, וואָס יוזעף האָט אין נאָמען פון צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד אויף מיר אַרויפגעלייגט, און אַז דער סטראַשונעק פון זאַטאַרסקין צו רייסן פון מיר פּאַסן זענען נישט קיין פוסטע רייד.

באַזונדערס באַאומרויִקט האָט מיך אַ געפיל, אַז עפּעס איז מיט מיין דעביוט נישט אין אָרדענונג. דער עפּיטעט „דעמאַגאָגיע״ אין באַצוג צו מיין ערשטן אַרויס־

טריט, באַצייכנט פון צוויי פון מיר רעספעקטירטע מענטשן, פון וולאַדימיר מעדעם און פון סטאַך־זאַטאַרסקי, הגם בײדע האָבן זיך געפונען אויף דער ליסטע פון מײנע קעגנערס — מעדעם אינעם בונד און זאַטאַרסקי ווי אַ פּאַרטײ־קעגנער — האָט ווי אַ טיטוס־ווערעמל געעגבערט מײן מוח.

נאָך האַלבער נאַכט, אויפן וועג פון דער קאַוויאַרניע פון פּאַן וו. צו מײנע עלטערנס וווינונג, איז דער עפּיטעט „דעמאַגאָגיע" ווי אַ שדל געלאָפן פאַרויס. ער האָט געלאַכט מיר אין פּנים אַרײן און מיט פּאַיאַצישע גרימאַסן, מיט אַ יעכידנע חוזק־געלעכטערל, סקאַנדירט: דע־מאַ־גאָג־יע.

אויפן אויפלײגבעטל אין צימער, וואָס האָט געדינט ווי אַ שלאָפצימער, אין וועלכן ס׳זענען געשלאָפן „דרײ מיטן טאַטן, דרײ מיט דער מאַמען", פאַר אַן עס־צימער און פאַר אַ סאַלאָן, בין איך שעהען־לאַנג געלעגן אַ וואַכער און געטראַכט וועגן די פאַרגעקומענע צוויי פאַרזאַמלונגען, אין נאָדל־ און אין מעטאַל־פאַראײן. די מעלות און חסרונות פון די רעדנערס, פון די בונדישע און פון קאַראַלסקין. ווידער און אָבער האָב איך זיך געפרעגט: פאַר וואָס האָבן מעדעם און זאַטאַרסקי באַצײכנט מײן אַרויסטריט ווי דעמאַגאָגיע? כ׳האָב אַנאַליזירט די רעדע, דורכגעפירט אַ גרינטלעכע ווײוויסעקציע איבערן אינהאַלט און איבערן אופן פון מײן רעדן און נישט געפונען קײן סיבה פאַר וואָס מ׳זאָל די רעדע באַצײכענען פאַר דע־מאַגאָגיע.

דער אויספיר מײנער איז געווען: מעגלעך, אַז כ׳האָב נישט געדאַרפט באַנוצן דעם אויסדרוק „געמלעט אַנטיסעמיטל", אַז טײל שטעלן זענען אפשר געווען צו שאַרף אין אויסדרוק, אָבער קײן דעמאַגאָגיע איז אין דער רעדע נישט פאַראַן. און אויב דו, הערשל מעטאַלאָוויעץ, ווילסט דערפילן די אויפגאַבע צו העלפן דעם בונד אַרויסקריכן פון דער סיטואַציע, אין וועלכער קאַראַלסקי האָט, מיט דער הילף פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, פאַרפּאַקט דעם בונד, מוזסטו אויפ־הערן זיך צו גריבלען און צו פײניקן, אויפהערן צו רעכענען זיך מיט דעם, וואָס דער אָדער יענער זאָגט וועגן דײנס אַן אַרויסטריט — און שלאָגן דעם ייִדישן סעקטאָר פון לינקן בלאָק, שלאָגן קאַראַלסקין מיט אַלע דײנע כּוחות, אַז קײן גאַנצער אבר זאָל בײ אים נישט בלײבן.

אויף צו מאָרגנס נאָך מײן ערשטן אַרויסטריט, בין איך אַרויף אין דער רע־דאַקציע פון „לעבענס־פראַגען" זען יוזעפן און קריגן אינסטרוקציעס. יוזעף האָט מיך אויפגענומען אַ צעשטראַלטער: „כ׳האָב געוווּסט, אַז איר וועט זיך מיטן פלאַקנ־שיסער אַן עצה געבן". צום ערשטן מאָל האָב איך געזען דעם „אַלטן" אין אַן עמאָציאָנעל־צעכראַסטעטן צושטאַנד. יעדער מוסקול פון זײן פּנים האָט געשטראַלט פאַר פרייד, זײנע שליאַכעצקע וואָנסעס האָבן געציטערט פון שׂימחה.

יוזעף האָט מיך געבעטן צו דערצײלן וועגן פאַרלויף פון דער פאַרזאַמלונג און דעם אינהאַלט פון מײן רעדע: „דערצײלט, דערצײלט וואָס ס׳איז פאַרגעקומען".

אין אַ קאָנדענסירטער פֿאָרעם האָב איך יוזעפֿן איבערגעגעבן דעם אינהאַלט פֿון מיין רעדע. נישט פֿאַרפֿעלט צו דערציילן וועגן מיינע גריזשעענישן איבערן עפּי־טעט „דעמאַגאָגיע״ וואָס מעדעם און זאַטאָרסקי האָבן געברענגט צום אויסדרוק, און די אויספֿירונגען וואָס כ׳האָב פֿאַר זיך געמאַכט.

און ווידער האָב איך פֿאַר זיך געהאַט דעם מיר גוט באַקאַנטן יוזעף: אַן ערנסטן, דאָס פּנים לייכט פֿאַרכמורעט, דעם שטערן געקנייטשט פֿון טראַכטן און זאָרגן, די אויגן עטוואָס פֿאַרזשמורעט, די שטימע אַ געלאַסענע און דער טאָן פֿון רעדן ווי פֿון אַ לערער: „חבר הערשל, נעמט אייך נאָר נישט צו שטאַרק איבער מיט אייער נעכטיקן דערפֿאָלג. ס׳איז געווען בלויז אַ שלאַכט. די מלחמה איז נאָך ווייט נישט פֿאַרענדיקט. דער קעגנער איז אַ כיטרער און איז נאָך אַפֿילו נישט ווי געהעריק אָפּגעשוואַכט. אייערע אויספֿירן זענען ריכטיקע און גייט ווייטער אָן מיט דער אַרבעט. אויב איר וועט האָבן האַרצווייטיק, ספֿקות, אָדער סקרופּולן — קומט אַרויף און מיר וועלן זיך אויף אונדזער היימישן שטייגער דורכשמועסן״. און יוזעף האָט מיך איינגעלאַדן מיטצוגיין אויף אַ זיצונג פֿון דער בונדישער וואַל־קאָמיסיע.

די בונדישע וואַל־קאָמיסיע איז באַשטאַנען פֿון: יוזעף, דוד מייער, יאַנעק־יאַנקעלעוויטש, עמנואל נאָוואָגרודסקי, מאיר וואַסער, יוסף באַסאַק, הערשל הימעל־פֿאַרב און גרשון זיבערט. אַ פֿאָרשלאָג מיך צוצוקאָאָפּטירן צו דער קאָמיסיע איז אָן דיסקוסיע איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן. מיינס אַ פֿאָרשלאָג, אַז די קאָמיסיע באַשליסט, אַז די וואַל־קאַמפּאַניע ווערט איבערגעגעבן דורכצופֿירן אויסשליסלעך די לינקע פּאַרטיי־חברים און קיינער פֿון די רעכטע פּירערס און טוערס ווערט נישט באַשטימט פֿאַר קיין רעדנערס אויף די וואַל־פֿאַרזאַמלונגען — איז אָפּגעוואָרפֿן געוואָרן. מאַכנדיק דעם פֿאָרשלאָג, האָב איך געוווּסט, אַז ער וועט נישט אָנגענומען ווערן, אַז דער פֿאָרזיצער, יוזעף, האָט פּראָצעדורעל דאָס רעכט דעם פֿאָרשלאָג נישט צו שטעלן צו דער אָפּשטימונג. געטאָן האָב איך עס צוליב דעמאָנסטראַטיווע טעמים, צו מאַניפֿעסטירן, אַז די רעכטע זענען אין די געגעבענע רעוואָלוציאָנערע באַדינ־גונגען נישט מער קיין וויכטיקער פֿאַקטאָר אינעם בונדישן פּאַרטיי־לעבן.

אין דער פּראַקטיק האָט יוזעף מיין פֿאָרשלאָג קאָנסעקווענט דורכגעפֿירט. אין פֿאַרלויף פֿון דער וואַל־קאַמפּאַניע זענען געווען זעלטענע פֿאַלן ווען ער האָט געשיקט וועמען פֿון די רעכטע פֿאַר רעדנערס, און קיין מאָל נישט אַליין אַרויסגעטראָטן, ווען ער האָט געוווּסט, אַז דער אָפּאָנענט וועט זיין קאָראַלסקי.

מיין צווייטער אַרויסטריט האָט ווידער געדאַרפֿט זיין אין מעטאַל־פֿאַראיין — אויף אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון די מעטאַל־טאָקערס און גיסערס פֿון מעש און בראָנדז פֿון מיין אייגענעם פֿאַך; פֿון אַ פֿאַך, וואָס איז געווען דער רוקנביין פֿונעם יידישן מעטאַל־פֿאַראיין. אָביעקטיוו האָט דער לינקער בלאָק אויף דער פֿאַרזאַמלונג נישט געהאַט קיין גרויסע שאַנסן: דאָס פֿאַך איז געווען אַ בונדישע פֿעסטונג. כ׳האָב אָבער

דעם קעגנער נישט גרינגגעשאַצט, פאַרשטאַנען, אַז נאָך דער געליטענער מפּלה וועט דער קעגנערישער צד זיין ווי געהעריק צוגעגרייט. און כּך־הווה. קאַראַלסקי איז צו דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג געקומען צוגעגרייט מיר צו דערלאַנגען מיט אַ דובינע.

די רייע פון די רעדנערס איז צום גליק אויסגעפאַלן גינסטיק פאַר מיר. איך האָב געדאַרפט רעדן פאַר און נאָך קאַראַלסקין. מיין רעדע איז באַשטאַנען פון אַלע שיינע און גוטע זאַכן אין דער וועלט, מיט קיין איין וואָרט האָב איך נישט דערמאָנט די געשעענישן אויף דער בלעכער־פאַרזאַמלונג, כּדי נישט צו געבן קאַראַלסקין קיין אַטוט קעגן מיר. די פּאָלעמיק האָב איך רעזערווירט פאַר מיין שלוסוואָרט.

קאַראַלסקי האָט קעגן מיר אָנגעווענדט די זעלבע טאַקטיק, וואָס כ׳האָב אָנגעווענדט קעגן אים בשעת מיין ערשטן אַרויסטריט. ער האָט גערעדט אַ ביסל וועגן דער אינטערנאַציאָנאַלער לאַגע, וועגן דער רוסישער רעוואָלוציע און וועגן דער קומענדיקער רעוואָלוציע אין פּוילן. דער טייל פון זיין רעדע איז פאַקטיש געווען אַ דובלירונג פון מיין רעדע. מיט וואַרעמקייט און אין אַן אַפּאָלאָגעטישן טאָן האָט קאַראַלסקי גערעדט וועגן דעם פּראָלעטאַרישן און רעוואָלוציאָנערן סטאַזש פונעם פּאַך מאַשאַנזשניקעס, פון די אָנוועזנדיקע אַרבעטער און פונעם מעטאַל־פאַראיין. דאָס איז געווען אַן אַבסאָלוטער היפוך צו זיין טעאָריע וועגן דער מינערווערטיקייט פונעם יידישן אַרבעטער־קלאַס.

קאַראַלסקיס דובינע איז געווען: דער שׂונא אין די אייגענע רייען. טייטלענדיק מיט אַ פינגער אויף וולאַדימיר מעדעם, וועלכער איז אָנוועזנדיק געווען אויף דער פאַרזאַמלונג, האָט קאַראַלסקי געדונערט: „ווייסט איר וואָס פאַר אַ ראָלע די מענ־שעוויקעס, די צערעטעליס, דאַנס, ליבערס האָבן געשפּילט פאַר און נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע״? — און ער האָט דערציילט וועגן זייער ראָלע — „און אָט איז איינער פון דער חברה, מעדעם, וועלכער טוט די אַרבעט פון דער מענשעוויס־טישער כּנופיה ביי אונדז אין לאַנד און איז דער שפּיצן־קאַנדידאַט פון דער בונ־דישער ליסטע פון מעטאַל־פאַראיין. מעדעם איז נישט בלויז דער ערשטער אויף דער ליסטע פון די בונדישע קאַנדידאַטן אינעם מעטאַל־פאַראיין, נאָר אויך דער הויפּטפירער פונעם בונד פון פּוילן. ווי זשע קענט איר, טאָקערס און גיסערס, דער־לאָזן, אַז די מעדעמס און זייער בונד זאָלן זיין אייערע פאַרשטייערס אין אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראָט, וועלכער דאַרף זיין דער אָרגאַן דורכצופירן די רעוואָלוציע אין פּוילן?״.

און קאַראַלסקי האָט זיך מיט דער דובינע פאַרמאַסטן אויף מיר: „דער חבר הערשל מעטאַלאָוויעץ רעדט שיינע רעוואָלוציאָנערע רייד, אָבער זיינע מעשׂים זענען פּונקט דאָס פאַרקערטע. מיט זיין פאַרטיידיקן דעם בונד, מיט זיין שטיצן די בונדישע וואַליסטעס, מיט זיין הייסן אייך שטימען פאַר מעדעמען ווי דעם שפּיצן־קאַנדידאַט פונעם מעטאַל־פאַראיין, טוט ער דאָס פאַרקערטע, וואָס ער

פּריידיקט. ווער עס שטיצט אָדער דעקט די אינערלעכע שׂונאים פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע ביי אונדז אין לאַנד און אין גאַר דער וועלט, איז זייערס אַ מיטשותּף און דאַרף צוגעצויגן ווערן צו רעוואָלוציאָנערער פאַראַנטוואָרטלעכקייט".

גערעדט האָט קאַראַלסקי דאָס מאָל לאַגיש, קלוג, דירעקט און מיט אַן אויסער־געוויינטלעכן פּאַטאָס, אַזוי אין זיין ערשט וואָרט, און נאָך מער אין זיין צווייט וואָרט, און די צוויי רעדעס האָבן נישט פאַרפעלט צו האָבן אַן איינפלוס אויף די פאַרזאַמלטע. די שטימונג אויף דער פאַרזאַמלונג האָט זיך אַ וויג געטאָן לטובת אים. בשעת זיין רעדן איז ער אָפּט מאָל איבערגעריסן געוואָרן מיט אַפּלאָדיסמענטן און מיט גיגציקע צווישנרופן. ס'איז געווען אַן ערנסטע געפאַר, אַז דער בונד זאָל אויף דער פאַרזאַמ־לונג פונעם פאָך, וואָס איז דער יסוד פון בונדס השפּעה צווישן די יידישע מעטאַל־אַרבעטער, פאַרלירן אַ באַדייטנדיקע צאָל שטימען.

כ'האָב זיך געפונען אין אַ קלעם. אין תּוך גענומען האָט דאָך קאַראַלסקי געזאָגט אויף דער פאַרזאַמלונג דאָס זעלבע, וואָס איך פלעג זאָגן אין בונד. אמת, דעמאָלט נאָך נישט אַזוי שאַרף און צוגעשפּיצט, דאָס איז געקומען אַ ביסל שפּעטער. פון דער אַנדערער זייט בין איך געשטאַנען פאַר דער דילעמע: ווי קען איך דערלאָזן אַפילו צו אַ טיילוויזן דורכפאַל פון בונד אין מיין פאָך? און ס'האָט זיך פאַר מיר געשטעלט דאָס פּראָבלעם: מיט וואָס און ווי אַזוי שלאָגט מען צוריק? כ'האָב באַשלאָסן צו שפּילן וואַ־באַנק, צוריקצושלאָגן מיטן זעלבן געווער, מיט וועלכן קאַראַלסקי האָט געשלאָגן — מיט דער פּערזאָן פון וולאַדימיר מעדעם.

קודם־כּל איז מיר געגאַנגען אין געווינען מער צייט. נאָך קאַראַלסקין האָט יצחק לעוו פון פּועלי־ציון געדאַרפט רעדן זיינע 10 מינוט. דורך אַ פאַרמיטלער האָב איך לעוון געבעטן מיר אָפּצוגעבן זיינע 10 מינוט און צוגעזאָגט צו קאָמפּענסירן אים ביי אַ געלעגנהייט. יצחק לעוו איז געווען אַ גריבענער פּאָליטיקער און איינ־געגאַנגען אויפן מיסחר. צו מיין דיספּאָזיציע האָב איך געהאַט 20 מינוט צייט פאַר אַ פּאָלעמישן קאָנטער־אַטאַק.

דער אינהאַלט פון מיין קאָנטער־אַטאַק־רעדע איז געווען אומגעפער אַזאַ:

חברים, וואָס פאַר אַ ראָלע לייבעלע (טראָצקי) האָט געשפּילט אין דער אָק־טאָבער־רעוואָלוציע און וואָס פאַר אַ ראָלע ער שפּילט היינט ביים פאַרפעסטיקן די רעוואָלוציע — ווייסט איר פונקט אַזוי גוט ווי איך. צי ווייסט דאָס דער חבר קאַראַלסקי, איז ביי מיר אַ גרויסע פראַגע. דעריבער וויל איך אים אין אייער אַנוועזנדיקייט פרעגן: „חבר קאַראַלסקי, איז לעוו טראָצקי געווען און איז געבליבן איינער פון די צוויי הויפּטפירערס פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, און אַז מען רעדט וועגן די הויפּטפירערס פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע, זאָגט מען אין איין אָטעם לענין־טראָצקי? ענטפערט דירעקט: יאָ אָדער ניין, ניין אָדער יאָ. ענטפערט"! — האָב איך צו קאַראַלסקין אַ געשריי געטאָן. קאַראַלסקי איז געפּלעפט געווען פון אַזאַ סאָרט פראַגע און נישט פאַרשטאַנען צו וואָס איך ציל. ער האָט

געענטפערט: „פאר וואס פרעגט איר מיך אזעלכע נארישע פראגעס"? מיין רעפליק איז געווען א שארפע: „ענטפערט נישט, ווי אן אדוואקאט, וואס האט א שלעכטע ספראווע. ענטפערט: יא אדער ניין".

קאראלסקין האב איך קיין מאל נישט באטראכט פאר קיין גרויסן פאליטיקער, נישט ווען מיר זענען געווען פארטיי־קעגנערס און נישט ווען מיר זענען געווען פארטיי־חברים אין דער קאמוניסטישער באוועגונג. אבער קיין קרעטין איז קא־ראלסקי נישט געווען. מיט זיינע קוואליפיקאציעס פון א פאליטיקער האט ער לייכט געקענט קאנקורירן מיט די רענאמירטע בונדישע פארטיי־פירערס. דאס, אגב, האב איך דערפארן ערשט שפעטער, נאכן פארלאזן דעם בונד. קאראלסקי האט אנגעהויבן פארשטיין, אז מיט מיינע פראגעס ציל איך אריינצופירן אים אין א פאסטקע, אבער אין וואס די פאסטקע באשטייט — האט ער נישט באגריפן, און ער האט אויף מיין איבערגעחזרטער פראגע נישט געענטפערט.

כ'האב אים אבער נישט אפגעלאזט: „איך פרעג אייך צום לעצטן מאל. ענטפערט: יא אדער ניין. אויב איר וועט נישט ענטפערן, אדער ווידער געבן אן אויסמיידנדיקן ענטפער, וועל איך אננעמען, אז איר האלט אז מ'דארף טראצקין נישט באטראכטן ווי איינעם פון די צוויי הויפטפירערס. פארשטאנען"?!

קאראלסקי איז געווארן בייז און היסטעריש געשריגן: „יא, יא, יא"!

„גענוג — האב איך א זאג געטאן — איין מאל יא איז גענוג. און מיט דעם דאזיקן 'יא' האט איר, חבר קאראלסקי, זיך אליין פארמישפט און ארויסגעטראגן אייער אורטייל.

טראצקי איז אלע מאל געווען לענינס אן אנטאגאניסט און געקעמפט קעגן לענינען. געווען א גאנצער צי א האלבער מענשעוויק — כ'האב דערציילט וועגן די מיינונג־פארשיידנקייטן צווישן לענין און טראצקי זינט 1903 ביזן אויסברוך פון דער מארץ־רעוואלוציע אין רוסלאנד — ערשט נאך דער מארץ־רעוואלוציע האט טראצקי זיך באגעגנט מיט לענינען אויף איינער אין דער זעלבער פאזיציע, און לענין און טראצקי זענען געווארן א זיווג און דורכגעפירט די ערשטע סאציאלע רעוואלוציע. אין דער זעלבער צייט זענען א רייע באלשעוויקעס, וועלכע זענען אלע מאל געגאנגען מיט לענינען, געווען קעגן דער לענין־פאליטיק פון תיכף דורכפירן די סאציאלע רעוואלוציע אין רוסלאנד.

רעוואלוציע האט זיך איר לאגיק און קיינער וועט נישט שווערן צי דער גאנג פון דער רעוואלוציע אין פוילן וועט נישט אפזענקען די רעוואלוציאנערע פליגל פון א קאראלסקין, פון מיר, אדער פון וועמען פון אייך, פארזאמלטע, און צי חבר מעדעם, דער איצטיקער מענשעוויק, וועט אין פייער פון דער רעוואלוציע נישט איבערגעשמאלצן ווערן אין א צווייטן טראצקי. ערשט אין גאנג פון דער רעוואלוציע, אדער נאך דעם ווי די רעוואלוציע וועט זיין א פאקט, וועט מען קענען וויסן ווער ס'איז געווען און ווער ס'איז דער אינערלעכער שונא, און האנדלען מיט אים לויטן

שטרענגן דין פֿון דער פּראָלעטאַרישער רעװאָלוציע. אויב חבר מעדעם װעט זיך געפֿינען אויף דער אַנדערער זייט פֿון דער באַריקאַדע, װעט איר, דער ייִדישער פּראָלעטאַריאַט, דער בונד פֿון פּוילן, װעלכער האָט אײַך געפֿירט אין קאַמף קעגן צאַריזם, קעגן דער דײַטשישער אָקופּאַציע־מאַכט, אויפֿגעבויט פֿאַר אײַך, דורך אײַך און מיט אײַך, די פּאָליטישע, פּראָפֿעסיאָנעלע און װירטשאַפֿט־אָרגאַניזאַציעס, און גרייט אײַך איצט צו צו דער קומענדיקער רעװאָלוציע ביי אונדז אין לאַנד — זײַן דער יעניקער, װעלכער װעט מאַכן דעם חשבון מיטן חבר מעדעם. אָבער איך און איר, דער ייִדישער אַרבעטער־קלאַס װי אַזעלכער, גלייבט און האָפֿט, אַז דער היסטאָרישער אימפּעראַטיװ פֿון דער רעװאָלוציע װעט דעם חבר מעדעם אָװעקשטעלן אין די פֿאָדערשטע קאַמפּרייען און ער װעט װערן דער פֿירער פֿונעם קעמפֿענדיקן ייִדישן אַרבעטער־קלאַס אין דער קומענדיקער רעװאָלוציע אין פּוילן.

איך װייס נישט, חבר קאַראָלסקי, װער פֿון אײַערע פּוילישע פֿירערס װעט דורך דער געשיכטע אָװעקגעשטעלט װערן אויף דער פּאָזיציע צו זײַן לעניִן פֿון דער רעװאָלוציע אין פּוילן. מיר, ייִדישע אַרבעטער, מיר, בונדיסטן, האָפֿן און גלייבן, אַז דער חבר מעדעם װעט אין גאַנג פֿון דער רעװאָלוציע שטעלן זײַנע גאָטגעבענטשטע טאַלאַנטן — זײַן װוּנדערלעכע רעדנערקראַפֿט, זײַן זעלטענע פֿעדער און זײַנע פֿילפֿאַכיקע פֿעיִקייטן פֿון אַ פּאָליטיקער און פֿון אַ שטאַטסמאַן — צו דער דיספּאָזיציע פֿון דער רעװאָלוציע".

נישט פֿאַרפֿעלט האָב איך אויך אויסצונוצן קאַראָלסקיס אַפּאָלאָגעטיק פֿאַר מײַן פֿאַך, פֿאַר די אַנװעזנדיקע אַרבעטער און פֿאַרן מעטאַל־פֿאַראיין. מיט אַ בייסיקן סאַרקאַזם האָב איך דערציילט װעגן דער פֿאַרזאַמלונג פֿון די בלעכער־אַרבעטער מיט אַ טאָג פֿריִער, אויף װעלכער קאַראָלסקי האָט געפּרײדיקט אַ טעאָריע װעגן מינערװערטיקייט פֿונעם ייִדישן אַרבעטער־קלאַס, און פֿאַרענדיקט:

„חברים, שליידערט צוריק די באַשולדיקונג, אַז דער חבר מעדעם איז דער אינערלעכער שׂונא. זאָגט אַ רעװאָלוציאָנערן, אַ פּראָלעטאַרישן, און אַ ייִדיש־רעװאָלוציאָנער־פּראָלעטאַרישן פֿאַשאַל־װאָן די אומגעבעטענע אַפּאָטראָפּסים. קיין איין שטימע פֿאַרן לינקן בלאָק, אַלע שטימען פֿאַר דער בונדישער ליסטע! אונטער דער פֿאָן פֿון בונד — צום קאַמף, צום זיג"!

מײַן צװייטע רעדע, געהאַלטן מיט אַ סך טעמפּעראַמענט, אַ סך קאַלירפֿולער װי די בלאַסע װערטער, פֿאַרפֿיקסירטע איצט אויף פּאַפּיר, האָבן צעטרייסלט דעם מיראַזש פֿון די קאַראָלסקי־רעדעס, די באַאײַנפֿלוסטע און די װאַקלדיקע — צוריק אַ בייג געטאָן צום בונדישן צד. דער רעזולטאַט פֿון דער אָפּשטימונג איז װידער געװען קאַטאַסטראָפֿאַל פֿאַר קאַראָלסקין. קיין איין איינציקע שטימע, בוכשטעבלעך; קיין איין איינציקע שטימע, איז נישט אָפּגעגעבן געװאָרן פֿאַרן לינקן בלאָק.

געװוּסט האָב איך, אַז די טראַצקי־מעדעם־טעאָריע איז אַ געװעב פֿון שפּינװעבס. נישט נאָר אַזאַ געשולטער און פֿעיִקער רעדנער װי קאַראָלסקי, נאָר יעדער

פּאַרטאַטש, אויב ער וואָלט געהאַט אַ וואָרט נאָך מיר, האָט ער מיט אַ בלאָז געקענט אַ תּל מאַכן פון דער געקינצלטער פאַסטרויקע.

און געוווסט האָב איך, אַז מיט מיין טראָצקי־מעדעם־רעפּליקע האָב איך באַוואָלט יעדן צד, וואָס איז באַטייליקט געווען אין דער פאַרזאַמלונג: דעם רעוואָ־לוציאָניזם, וואָס איז דער אַלפאַ און דער אָמעגאַ פון מיין פּאָליטיש־געזעלשאַפטלע־כער טעטיקייט, האָב איך, כּדי נישט צו פאַרלירן קיין שטימען, אויסגעטוישט אויף אַ ביליקן אָפּאָרטוניזם. מעדעמס מענשעוויזם, דער תּוכן פון זיין פּאָליטיש לעבן, האָב איך אָנגעטאָן אַ באָלשעוויסטישע קאַפּאַטע און אַ רעוואָלוציאָנער שטריימל. פון קאָראָלסקין האָב איך צוגערויבט זיין בלאַנקענדיקע שווערד, אָפּגעטעמפּט די שאַרפקייט און מיט דעם טעמפּן כּלי־זין מערדערלעך געממיתט. פאַר די פאַרזאַמלטע אַרבעטער האָב איך אויפגעבויט אַ פּאָטיאָמקין־בנין, וואָס זיי האָבן אויפגענומען ווי אַ שיין הויז, אין וועלכן זיי דאַרפן וווינען, און ווען כ׳האָב אַריינגעקוקט אין שפּיגל פונעם טראָצקי־מעדעם־פאַרגלייך, האָב איך דערזען אַ קאַריקאַטור פון אַ פּראָלעטאַריש־רעוואָלוציאָנערן פּאָליטיקער, אַ פיזיאָנאָמיע פון אַ ביליקן פּאָלי־טיקאַנער.

געטרייסט האָב איך זיך, און אַנדערע האָבן מיך געטרייסט דערמיט, אַז מיין טאַט איז געווען לשם שמים — צו פאַרהיטן דעם בונד פאַר אַ מפּלה; דעם בונד, וועמען איך האָב בשעתו באמונה שלימה באַטראַכט פאַר דעם איינציקן פאַרשטייער פונעם יידישן פּראָלעטאַריאַט.

וולאַדימיר מעדעם איז אַוועק פון דער פאַרזאַמלונג אַן אויפגערעגטער. דאָס ווערן פון זיין פּערזאָן אַ סוביעקט פאַר דיסקוסיע, דאָס פאַרוואַנדלען אים אין אַ בומעראַנג, מיין אופן פון נעמען אים אין שוץ, דאָס פאַרגלייכן אים מיט טראָצקין, וועמען ער האָט פיינט געהאַט מיט אַ לאַנגיאָריקער שנאה, דאָס פאַרוואַנדלען אים אין אַ מעגלעכן באָלשעוויק — האָט אים טיף געטראָפן און באַליידיקט. וולאַדימיר מעדעם איז מער נישט געקומען אויף די וואַל־פאַרזאַמלונגען פון מעטאַל־פאַראיין, און אַ צייט האָט ער אויסגעמיטן זיך מיט מיר צו באַגעגענען און קוים געענטפערט אויף מיינס אַ באַגריסונג.

די בונדישע וואַל־קאָמיסיע מיט יוזעפן בראָש האָט דעם רעזולטאַט פון דער אָפּשטימונג אויף דער דערמאָנטער מעטאַל־פאַרזאַמלונג אינטענסיוו אויסגענוצט לטובת דער בונדישער פּאָזיציע אין דער וואַל־קאַמפּאַניע.

דער דערפאָלג אויף דער פאַרזאַמלונג פון די מעטאַל־טאָקערס און גיסערס אינעם לאָקאַל פון מעטאַל־פאַראיין איז מיר אַריין אין גרגרת — נישט אַראָפּצו־שלינגען און נישט אויסצושפּייען. מיט עטלעכע יאָר שפּעטער האָט מיין טראָצקי־מעדעם־קאָנצעפּציע שיר נישט גורם געווען צו מיין ליקווידאַציע ווי אַ טוער פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג.

משמעות, אַז עמעצער פון די דריי באַטייליקטע מצד דעם לינקן בלאָק אויף דער דערמאָנטער מעטאַל־פאַרזאַמלונג — קאַראַלסקי, זאַטאָרסקי און דער דעמאָלט יונגער גאָלדשמיד־אַרבעטער גאָלדשלאַג, וועלכער איז שפּעטער אַרויסגעשוואומען ווי אַ טאַלאַנטירטער מאָלער און גראַפיקער (סטאַלינס אַ קרבן) — האָט פאַרצייכנט מיין רעדע, און מיט עטלעכע יאָר שפּעטער איז זי מיר קאָפּויער געקומען.

אויף איינער פון די זיצונגען פון דער קאָמיסיע „קאָמבונד־קאָם. פּאַרטיי פון פּוילן" פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל בעת דעם פּלענום פון קאָמינטערן מיי־יוני 1922 (די קאָמיסיע איז באַשטאַנען פון קאַרל ראַדעק, פּיאַטניצקי און מאַנויִלסקי פון דער אַלסאָוועטישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, און הינטער זיי, ווי ראַטגעבערס, דער דעמאָלטדיקער פּאַרזיצער פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל זינאָוויעוו, פּע־ליקס דזשערזשינסקי, דער דייטש עבערליין און דער טשעך קרייביך; מצד דער קאָם. פּאַרטיי פון פּוילן — פּרוכניאַק און אינזשעניר צישעווסקי, און הינטער זיי קאַראַלסקי, מצד דעם קאָמבונד פון פּוילן, זשאַן [איזאַק גרינבערג] און הערשל מעטאַלאָוויץ [הערש לייב בעקערקונץ], און הינטער זיי, ירחמיאל וויינשטיין, דער געוועזענער לאַנגיאָריקער פירער פון בונד, און דימאַנשטיין, דער קאָמיסאַר פאַר יִדישע ענינים אין סאָוועטן־פאַרבאַנד) — האָט פּרוכניאַק, דעמאָלט אַ מיטגליד פונעם פּרעזידיום פון קאָמינטערן, ציטירט שטעלן פון מיין טראָצקי־מעדעם־קאָנצעפּציע ווי אַ באַווייז, אַז דער קאָמבונד פון פּוילן איז נאָך נישט ווי געהעריק קאָמוניזירט און זיינע פּאָסטולאַטן און פאָדערונגען פאַר דער פאַראייניקונג מיט דער קאָם. פּאַרטיי פון פּוילן דאַרפן נישט באַטראַכט ווערן, ווי פון אַן אויסגע־שפּראָכענעם קאָמוניסטישן צד. דערביי האָט ער אָנגעוויזן אויף מיר ווי דעם אויטאָר פון דער טראָצקי־מעדעם־קאָנצעפּציע.

פּרוכניאַק האָט אויף די זיצונגען פון דער דערמאָנטער קאָמיסיע זיך געפונען אין אַ שווערער לאַגע. ער האָט בשוגג צי במזיד פאַרטיידיקט אַלטע ס.ד.ק.פּ.ל.־רודימענטן אין באַצוג צו יִדישע ענינים און געקריגן פעסטע קלעפּ פון זשאַנען און פון מיר, און נאָך גרעסערע — פון קאַרל ראַדעקן. די ציטאַטן פון מיין דער־מאָנטער רעדע, צוגעשטעלט דורך קאַראַלסקין, האָבן אים געדאַרפט העלפן אין קאַמף קעגן די פאַראייניקונג־פּאָסטולאַטן פון קאָמבונד און פון קאָמינטערן, וואָס איז פעסט געשטאַנען אויף דער זייט פון קאָמבונד קעגן דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פּוילן.

בשעת אַ מיטאָג־הפסקה האָט פּיאַטניצקי פאַרבעטן צו זיך די קאָמבונדישע דעלעגאַציע און מיך געפרעגט, וואָס כ׳האָב צו זאָגן וועגן מיין דערמאָנטער רעדע. איך האָב פּיאַטניצקין ערלעך און אויפריכטיק דערציילט וועגן די אומשטענדן פון מיין געהאַלטענער רעדע און געמאַכט פאָלגנדיקן אויספיר:

„איך בין נישט קיין אַנאַרכיסט און כ׳האָב קיין מאָל נישט געהערט צו קיין אַנאַרכיסטישער גרופּירונג, נאָר צו אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג האָבן געגילט די פּרינציפּן פון טריַיהייט צו

דער באַוועגונג און פון דיסציפּלין, און די דאָזיקע פּרינציפּן זענען ביי די מיט־
גלידער פון בונד אין פּוילן געווען זייער חשוב. איך בין געווען אַ גלויביקער בונדיסט
און אַ דיסציפּלינירטער פּאַרטיי־טוער, טאָ ווי אַנדערש האָב איך אין דעם פּאַל
געקענט האַנדלען צו ראַטעווען דעם בונד, דעמאָלט מיין בונד, פון אַ מפּלה?

ס׳איז אייך, חבר פּיאַטניצקי, באַקאַנט מיין פּאַרגאַנגענהייט: מיין פּראָבאַלשע־
וויזם זינט כ׳בין געוואָרן טעטיק אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, אין בונד, מיין
טעטיקייט אין ספּאַרטאַקוס־בונד אין דייטשלאַנד, מיין באַציִונג צו דער אָקטאָבער־
רעוואָלוציע, מיין ראָלע אין בונד ביז דער שפּאַלטונג. טרייהייט און דיסציפּלין איז
אַן עיקר שבעיקרים פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג און כ׳וואָלט נישט ווערט
געווען צו געהערן צו דער קאָמוניסטישער וועלט־באַוועגונג, אויב כ׳וואָלט נישט
מיטגעבראַכט מיט זיך די צוויי עלעמענטן פון מיין פּאַרגאַנגענהייט.

איך זע נישט וואָס פאַר אַ שייכות ס׳האָט איצט מיין אַמאָליקע רעדע, וואָס דער
חבר פּרוכניאַק האָט בייגעלייגט צום פּראָטאָקאָל. אויב איר האַלט, אַז מיין דאָזיקע
רעדע קען שאַדן דעם קאָמבונד, בין איך גרייט אָפּצוזאָגן זיך פון מיין מאַנדאַט
ווי אַ פּאַרטרעטער פון קאָמבונד פון פּוילן און איבערלאָזן מיין צווייטן חבר פאַרן
איינציקן פּאַרטרעטער, צו זיין טעטיק אין קאָמבונד, און אין פאַל פון אַ פּאַראייניקונג
אין דער קאָמ. פּאַרטיי פון פּוילן — ווי אַ פּשוטער מיטגליד, מיט דער זעלבער
טרייהייט און דיסציפּלין״.

פּיאַטניצקי האָט דערקלערט, אַז ער האָט גאָרנישט אויסצוזעצן קעגן מיר, און
ער מיט ראַדעקן ווילן וועגן דעם ענין איבעררעדן מיט זינאָוויעווען און דזשערזשינ־
סקין — נישט צו אַנערקענען מיין רעדע ווי אַ מאַטעריאַל פאַר דער קאָמיסיע און
אויסצושטרייכן פונעם פּראָטאָקאָל אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות מיט מיין דערמאָנטער
רעדע, און כּך־הווה.

איך האָב מיין טראָצקי־מעדעם־רעפּליקע קעגן קאָראָלסקין אויף איינער פון די
מעטאַל־וואָל־פאַרזאַמלונגען פון די יידישע מעטאַל־אַרבעטער קיין מאָל נישט פאַר־
געסן, און איך באַטראַכט מיין דאָזיקע רעדע פאַר איינער פון די נעגאַטיווסטע עפּיזאָדן
אין מיין פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן.

נאָך דער צווייטער מפּלה אויף דער צווייטער וואָל־פאַרזאַמלונג אין מעטאַל־
פאַראיין איז קאָראָלסקי אין מעטאַל־פאַראיין מער נישט אַרויסגעטראָטן. געקרייצט
שווערדן מיט אים האָב איך אויף אַ צאָל פאַרזאַמלונגען אין פאַרשיידענע פאַראיינען
און אויף די פאַבריק־פאַרזאַמלונגען אין די מעטאַל־פאַבריקן פון אַראַנאָוויטשס
בעטן־פאַבריק און אַרענדאַזשס פאַבריק פון קנעפּ.

אויף דער פאַרזאַמלונג פון אַראַנאָוויטשס בעטן־פאַבריק האָט קאָראָלסקי אין
זיין רעדע געשלאָגן אויף צוויי פּונקטן: אינטערנאַציאָנאַליזם און „קרופּניק״.

אַראַנאָוויטש האָט אין וואַרשע געהאַט צוויי פאַבריקן — איינע אין וואָליע,

אין וועלכער ס׳זענען באַשעפטיקט געווען אויסשליסלעך פוילישע אַרבעטער, און אַ צווייטע אויף דער סמאַטשע־גאַס, אין וועלכער ס׳זענען באַשעפטיקט געווען אַ 90 פּראָצענט ייִדישע אַרבעטער און מ׳האָט דאָרט נישט געאַרבעט אום שבת. די ביידע פאַבריקן האָבן יאָרן לאַנג זיך געפונען אונטערן איינפלוס פון ס.ד.ק.פּ.ל. ערשט זינט 1915 האָט די פאַבריק מיט די ייִדישע אַרבעטער זיך געפונען אונטער דער השפעה פון בונד.

און וואָלט קאַראַלסקי געווען זיך באַנוגנט מיטן אַרגומענט, אַז די דעלעגאַציע פון די ייִדישע אַרבעטער צום אַרבעטער־ראַט דאַרף פּאָליטיש זיין אַן אייניהייטלעכע מיט דער דעלעגאַציע פון דער צווייטער פאַבריק פון די פוילישע אַרבעטער, וואָלט ער אפשר געקענט אויסשפּילן דעם סענטימענט פון אייניקייט פון די ייִדישע מיט די פוילישע אַרבעטער. ער האָט זיך אָבער באַנוצט מיט אַ צווייטן שלאָג־אַרגומענט, מיטן „קרופּניק״, ווי אַ באַווייז פון בונדישן אָפּאָרטוניזם און רעפאָרמיזם — און איז געלאָפן ווי אַ בלינד פערד אין גרוב אַריין.

די אַרבעטער פון אַראַנאָוויטשעס פאַבריק זענען געווען אַרבעטלאָז און געגאַנגען פון די בונדישע ווירטשאַפט־אינסטיטוציעס און ס׳זענען געפירט געוואָרן אונטער־האַנדלונגען מיטן פאַבריק־קאָמיטעט, וואָס האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ לאָקאַלן אַרבעטער־ראַט, צו עפענען אין דער פאַבריק אויף סמאַטשע־גאַס אַ באַשפּייזונג־פּונקט: אַ קיך און אַ ברויטפאַרטייל. קאַראַלסקי האָט וועגן דעם נישט געוווסט — און מיר געגעבן אַן אַטוט אין קאַמף קעגן אים.

אויף שנעל האָב איך זיך אָפּגעפאַרטיקט מיטן פּונקט פון אייניהייטלעכקייט און אינטערנאַציאָנאַליזם און זיך קאָנצענטרירט אויפן פּונקט פון „קרופּניק״, אַוועק־געשטעלט דעם „בונדישן קרופּניק״ אויף אַ הויכן פּיעדעסטאַל פון פּאָליטישער און סאָציאַליסטישער נויטווענדיקייט.

דער רעזולטאַט איז געווען אַ מאַסעווע אָפּשטימונג לטובת דעם בונד און דער אויסוואַל פון די צוויי דעלעגאַטן פון דער בונדישער ליסטע.

פאַר דער וואַל־פאַרזאַמלונג פון די אַרבעטער אין אַרענדאַרשס קנאָפּפאַבריק האָט לייבוש טוכמאַכער, דער נאָמינעלער פאַרזיצער פון ייִדישן מעטאַל־פאַראיין און פאַרזיצער פון פאַבריק־קאָמיטעט פון אַרענדאַרשס פאַבריק, געהאַט מיט מיר אַ געשפּרעך און מיר אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דער ספּעציפישער לאַגע אין זיין פאַבריק — אַז מער פון 80 פּראָצענט אַרבעטער באַשטייען פון פרויען, און אַז קאַראַלסקי קען מיט זיין פיזישער פאַסעסיע מער אויפטאָן ביי די פרויען־אַרבע־טערינס, ווי מיט זיין רעוואָלוציאָנערער פראַזעאָלאָגיע. כ׳בין נישט געווען קיין שפּעטנער בחור, אָבער אין הינזיכט פון סעקסאַפּיל האָט מיך קאַראַלסקי געקענט שלאָגן פינף קעגן איינס.

איך בין אַוועק צו יוזעפן און פאַרגלייגט, אַז מיין פאַרטנער אויף דער פאַר־זאַמלונג אין אַרענדאַרשס קנאָפּפאַבריק זאָל זיין גרשון זיבערט — נישט קיין אַנדע־

רער ווי גרשון זיבערט. דער „אַלטער״ האָט מיך אָנגעקוקט אַ דערשטוינטער: איך זאָל זיך אויסקלויבן ווי אַ פּאַרטנער אַן אויסגעשפּראָכענעם רעכטן? ער האָט מיך אָנגעקוקט, געפרעגט קשיות און קיין געהעריקן ענטפער נישט געקריגן: „נאָך דער פאַרזאַמלונג וועלן מיר וועגן דעם רעדן״ — האָב איך אים געענטפערט.

דאָס שפּיצל מיינס מיט זיבערטן איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זיבערט איז געווען אַ פּראַכטפולער מאַנספּאַרשוין, דער שענסטער אין די בונדישע רייען, און אין הינזיכט פון מענערישער שיינקייט האָט זיבערט געהאַט אַלע טרומפקאַרטן קעגן קאַראַלסקין. חוץ דעם איז זיבערטס נוסח פון רעדן געווען אַ סענטימענטאַלער און ער האָט געקענט מער אַפּעלירן צו די נישט איבעריק פּאָליטיש־אַנטוויקלטע אַרבעטערינס איידער קאַראַלסקיס רעוואָלוציאָנערע פראַזעאָלאָגיע, און אין פאַל פון אַ נויטווענדיקייט, בין איך דאָך אויך דאָ, כּדי זיך צו פאַרמעסטן מיט קאַראַלסקיס פראַזעאָלאָגיע.

פאַרן אָנהייב פון דער פאַרזאַמלונג האָב איך זיך מיט זיבערטן דורכגעשמועסט און איינגעטיילט מיט די ראָלן, אָפּגעמאַכט, ער זאָל זיין דער ערשטער רעדנער און מיט וואָס ער זאָל אָפּערירן.

היות ווי אויף די פאַבריק־פאַרזאַמלונגען האָט נישט געגאָלטן די פּראָצעדור פון דער קאָמיסיע פון די פיר ריכטונגען אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס, האָט דער פאַרזיצער, לייבוש טוכמאַכער, געקענט מאַניפּולירן מיט דער רייע און מיט דער צייט פון די רעדנערס, און איך האָב אַן ריזיקע געקענט לאָזן זיך שלאָגן זיבערטן מיט קאַראַלסקין, און ווי איך האָב עס באַצייכנט: לאָזן די הענער זיך שלאָגן פאַר דער לאָסקע פון דער הון.

מיין סטראַטעגיע האָט געבראַכט די געהעריקע רעזולטאַטן. די צוויי דערווילטע פאַבריק־דעלעגאַטן זענען געווען בונדיסטן.

אַ זייער שווערע אויפגאַבע האָב איך געהאַט אויף דער פאַרזאַמלונג פון די פאַכן זילבערנע בייטל־מאַכערס און גאָלדשמידן.

דאָס פאַך פון זילבערנע בייטלען איז צאָלמעסיק געווען דאָס גרעסטע פאַך אין מעטאַל־פאַראיין מיט אַן איבערוועגנדיקער מערהייט פון פרויען. דאָס פאַך איז געווען אַ ספּעציפיש מלחמה־קאָניונקטור־פאַך און זיך געפונען אין אַ גאַלאָפּירנדיקן ירידה־צושטאַנד. די אַרבעטער זענען געווען פאַרשיידנאַרטיקע: אַ טייל מיט הויכער אינטעליגענץ, וועמען די מלחמה־באַדינגונגען האָבן געבראַכט אין פאַך, און נישט ווייניק צוריקגעשטאַנענע, בעיקר צווישן דעם פרויען־עלעמענט. אויך פּאָליטיש איז דאָס פאַך געווען פאַרשיידנאַרטיק: באַוווּסטזיניקע ציוניסטן, פרומע יידן, מאַנכע אָנ־הענגערס פון ס.ד.ק.פּ.ל. און אַ דינער אָנשפּאַר פון בונד. דאָס צווייטע פאַך, פון די גאָלדשמידן, איז צאָלמעסיק געווען קליין, נישט מער ווי עטלעכע צענדלינג אַרבע־טער, אָבער אַן אינטעליגענטער עלעמענט. בונד און ס.ד.ק.פּ.ל. האָבן אין דעם פאַך געהאַט אַ גוטן אָנשפּאַר.

די וואַל־פֿאַרזאַמלונג איז צאַלמעסיק געווען די גרעסטע פֿון די וואַל־פֿאַרזאַמ־לונגען פֿון מעטאַל־פֿאַראיין און דער רעזולטאַט פֿון דער אָפּשטימונג האָט געקענט משפּיע זיין אויף דער צאָל מאַנדאַטן פֿון בונד און פֿון לינקן בלאָק.

די רעדנערס מצד דעם לינקן בלאָק זענען געווען זאַטאָרסקי און דער יונגער גאָלדשלאַג. געוווּסט האָב איך, אַז זאַטאָרסקי איז נישט קיין רעדנער פֿאַר קיין גרויסן עולם. ער איז אָבער אַ קלוגער מענטש און פֿאַרמאָגט אַן אייזערנע לאָגיק. גאָלדשלאַגן האָב איך קיין מאָל פֿריִער נישט געהערט רעדן, אָבער געוווּסט האָב איך, אַז ער האָט אַ סך פּערזענלעכן חן. כ׳בין געשטעלט געוואָרן פֿאַרן פּראָבלעם, ווי אַזוי צו האַנדלען, וואָס צו זאָגן און ווי אַזוי צו רעדן, און צי יאָ אָדער נישט נעמען זיך עמעצן פֿאַר אַ שותּף, און אויב יאָ — ווּעמען.

נאָך אַ באַראַטונג מיט אייניקע חברים פֿונעם פּאַרטיי־ און פֿאַראיין־אַקטיוו האָב איך באַשלאָסן צו נעמען פֿאַר אַ שותּף אַ יונגן זילבער־בייטל־אַרבעטער, אַ מיטגליד פֿון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „צוקונפֿט‟, און געלאָזט אים אויפֿן ערשטן פֿייער אין דער רעדנער־שלאַכט. געווען איז דאָס אַ יונגער זייער שיינער און באַגאַבטער בחור, מיט אַ זעלטענעם רעדנער־טאַלאַנט, אָבער פֿון די טיפֿן, וואָס זענען תּמיד פֿאַרפֿלאָנטערט מיט ליבע־אַפֿערעס, און נישט געקוקט אויף זייער פֿיינער אויסערלעכער פּרעזענטאַציע און גרויסע פֿעיִקייטן, רופֿן זיי נישט אַרויס צו זיך קיין ערנסטע באַציִונג (כ׳געדענק לײדער נישט זיין נאָמען, ער איז פֿאַר־שווונדן פֿונעם וואַרשעווער האָריזאָנט אין 1920 אָדער 1921).

הגם ביידע רעדנערס פֿונעם לינקן בלאָק זענען נישט געווען קיין גרויסע אָראַ־טאָרן, האָבן זיי זיך אַרויסגעוויזן צו זיין געפֿערלעכע קעגנערס. גאָלדשלאַגס וואַרע־מער טאָן פֿון רעדן און זאַטאָרסקיס לאָגיק האָבן אויף די פֿאַרזאַמלטע געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק.

איך געדענק נישט מיט וואָס פֿאַר אַ קעגן־מיטלען כ׳האָב אָפּערירט אין מיין פּאָלעמיק מיט די רעדנערס פֿון לינקן בלאָק. כ׳געדענק בלויז, אַז ווען ס׳האָט זיך מיר איינגעגעבן אָפּצושוואַכן דעם איינדרוק פֿון זייערע רעדעס און געווינען אַ פּעס־טע מערהייט פֿון דער פֿאַרזאַמלונג פֿאַרן בונד, האָב איך געזאָגט צו די נאָענטע חברים פֿון פֿאַראיין, אַז כ׳מעג גומל בענטשן.

דער רעזולטאַט פֿון דער אָפּשטימונג פֿון דער דערמאָנטער פֿאַרזאַמלונג האָט משפּיע געווען אויף דער פּראָפּאָרציע פֿון דער צעטיילונג פֿון די מאַנדאַטן אין ייִדישן מעטאַל־פֿאַראיין. די פּועלי־ציון און די ס.ס.־פֿאַראייניקטע האָבן נישט באַקומען קיין איין מאַנדאַט. דער בונד האָט באַקומען 8 מאַנדאַטן און דער לינקער בלאָק — 2 מאַנדאַטן. צוזאַמען האָבן די ייִדישע מעטאַל־אַרבעטער געגעבן דעם בונד 12 מאַנדאַטן — 8 אויף די וואַל־פֿאַרזאַמלונגען אין לאָקאַל פֿון פֿאַראיין און 4 פֿון אַראָנאָוויטשס און אַרענדאַזשס פֿאַבריקן. און וואָלט דער רעזולטאַט פֿון די ערשטע צווי פֿאַרזאַמלונגען אין מעטאַל־פֿאַראיין, פֿאַר מיין צוריקקומען קיין וואַרשע, געווען

מער גינציק פאַרן בונד, וואָלט די פּראָפּאָרציע געווען נאָך אַ גרעסערע לטובת דעם בונד.

אין יידישן מעטאַל־אַרבעטער־פאַראיין איז דעם בונדס זיג געווען אַ טאָטאַלער, פּראָפּאָרציאָנעל גרעסער, ווי פון די אַנדערע זיגרייכע פאַראיינען, וואָס האָבן זיך געפונען אונטער דער השפעה פון בונד.

## באַצאָלט אַ חוב, געמאַכט אַ משא־ומתן און געכאַפּט אַ מציאה

נאָך אַ טאָג שווערער פּאַרטיי־פּראַצע בין איך שפּעט אין אָוונט, ווי געוויינטלעך, געזעסן אין דער קאַוויאַרניע פון פאַן וו. און פאַרברענגט מיט חברים. צו מיר איז צוגעקומען יצחק לעוו, דער פירער פון פּועלי־ציון, און געבעטן כ׳זאָל מיט אים זיך אָוועקזעצן ביחידות און דורכשמועסן וועגן אַ געוויסן ענין. יצחק לעוו האָט מיר אָט וואָס געזאָגט:

„די צוויי איך אומבאַקאַנטע ביים פּועלי־ציוניסטישן טישל זענען פירנדיקע טוערס פון פּועלי־ציון אין לאָדזש. איינער איז משה גערשאָנאָוויטש (דער צווייטער, דער ברונעטער איז, דוכט זיך, געווען סקראָבעק, און אַזוי וועל איך אים רופן). מיט ביידע וועט איר זיך באַגעגענען אויף די נאָענטסטע וואַל־פאַרזאַמלונגען. מיט גערשאָנאָוויטשן האָב איך נישט קיין דאגה, ער קען זיך זיין שטעטל באַשטיין. אַ פּראָבלעם איז מיט סקראָבעקן. ער איז אַן אינטעליגענטער, זייער פעיִקער און אויסגעצייכנטער רעדנער, אָבער אַ חולה מסוכן. מיר ווייסן קיין מאָל נישט וואָס ס׳וועט מיט אים געשען אין אַ מינוט אַרום. מיר האָבן אים נישט געוואָלט לאָזן אַרויסטרעטן, ער האָט זיך אָבער איינגעשפּאַרט דווקא אַרויסצוטרעטן אויף די וואַל־פאַרזאַמלונגען אין בונדיש־דאָמינירטע פאַראיינען. מענטשן, וועלכע געפינען זיך אין זיין צושטאַנד (שווערער טובערקולאָז), זענען תמיד אומנאַטירלעך איינגעשפּאַרט און מיר האָבן מיט אים אָפּגעמאַכט, אַז די דערלויבעניש איז נישט מער ווי אויף דריי אַרויסטרעטונגען.

דער חבר האָט צוויי נעווראַלגישע פּונקטן: ער קען נישט סובל זיין אַ פּערזענלעכע באַליידיקונג און קען נישט פאַרטראָגן קיין ברוטאַלן אָנגריף אויפן ציוניזם. איך וויל איר זאָלט וועגן דעם וויסן און טאָן מיר די טובה, אַז ווען איר וועט זיך מיט אים באַגעגענען אויף אַ פאַרזאַמלונג, זאָלט איר אים שוינען.

מצד בונד זענען איצט די צוויי הויפּטרעדנערס אויף די וואַל־פאַרזאַמלונגען עמנואל נאָוואָגרודסקי און איר. צו נאָוואָגרודסקין וואָלט איך מיט אַזאַ ביטע נישט געקומען. כ׳האָב זיך מיט אים געפונען אין איין לאַגער און ווייס וואָס פאַר אַ סימפּאַטישער פאַרשוין ער איז. איך ווייס, אַז איר וועט נישט מוותר זיין אויף קיין בונדישן פּאַרטיי־אינטערעס, איר קענט דעריבער מיר פריִער לאָזן וויסן אויף וואָס פאַר אַ פאַרזאַמלונג דערוואַרט נישט דעם בונד קיין געפאַר מצד פּועלי־ציון און איר וועט אויף דער פאַרזאַמלונג אַרויסטרעטן, און איך וועל מיין חבר אַהינצו

צושיקן. איר וועט פּאַרטייִש גאָרנישט פּאַרלירן און איר וועט דעם קראַנקן חבר טאָן אַ גרויסע טובה, ממש אַ חסד של אמת. זאָגט מיר נישט אָפּ מיין ביטע, חבר הערשל" — האָט יצחק לעוו צו מיר גערעדט אין אַ בעטנדיקן טאָן — „איר זענט דאָך שוין נישט קיין צוציק אין פּאָליטישן לעבן און ווייסט דאָך, אַז מ'קען קיין מאָל נישט וויסן ווען דער גרעסטער קעגנער קען צו נוץ קומען" — דאָס איז געווען אַ קאַפּוליער אַנצוהערעניש אויף דער טובה, וואָס ער האָט מיר געטאָן מיטן אָפּטרעטן זיינע 10 מינוט אויף דער צווייטער פאַרזאַמלונג אין מעטאַל־פאַראיין.

דער משא־ומתן איז געשלאָסן געוואָרן. די טראַנזאַקציע מיט יצחק לעוון האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ גליקלעכן צופאַל.

אויף איינער פון די פאַרזאַמלונגען אין נאָדל־פאַראיין (וועגן דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג וועט ווייטער דערציילט ווערן), אויף וועלכן ס'איז אויך אַרויסגעטראָטן דער קראַנקער לאָדזשער פּועלי־ציוניסט, האָט לעווס אַ טובה, שענקענדיק מיר אַ צווייט מאָל זיינע 10 מינוט, גורם געווען צו דערגרייכן אַ גינציקן וואַלאויסגאַנג פאַרן בונד — אויף אַ וואַל־פאַרזאַמלונג, וואָס האָט געדראָט צו ווערן אַ ווינקלשטיין פון בונדישע וואַל־מפּלות אין בונדישן נאָדל־פאַראיין.

## ביי די נאָדל־אַרבעטער

בשעת דער וואַל־קאַמפּאַניע צום וואַרשעווער אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַט, האָט זיך דער בונד אין נאָדל־פאַראיין געפונען אין אַ פאַסקודנער סיטואַציע. אין דער פערמאַנענטער וואַל־קאָמיסיע פון די פיר ריכטונגען אויף דער וואַרשעווער יידישער אַרבעטער־גאַס האָבן די דריי אַנטי־בונדישע גרופּירונגען: דער לינקער בלאָק, פּועלי־ציון און ס.ס.־פּאַראייניקטע, געשלאָסן אַ נישט געשריבענעם אָפּמאַך צו דע־טראַניזירן דעם בונד פון זיין איינפלוס אין דעם גרעסטן און וויכטיקסטן פראָפעסיאָ־נעלן פאַראיין פון די יידישע אַרבעטער אין וואַרשע. זיי האָבן סאָלידאַריש געהאַנדלט ביים באַשטימען וואָסערע פאַכן עס זאָלן אַנטיילנעמען אין אַ געגעבענער פאַרזאַמ־לונג, געקאָמבינירט, אַז דער צוזאַמענשטעל זאָל זיין נישט צו גינציק פאַרן בונד, און די מאַניפּולאַציעס געגעבן שיינע און מיוחסדיקע נעמען: דאַמען־באַקלייד, מענער־באַקלייד און ענלעכע. זיי האָבן געהאַנדלט לגבי דעם בונד לויט דער באַ־קאַנטער מלחמה־טאַקטיק: באַזונדערס מאַרשירט — צוזאַמען געשלאָגן.

די דאָזיקע סיטואַציע האָט די אָנפירונג פון בונד געגומען זייער ערנסט און אויף דער פאַרזאַמלונג פון דאַמען־באַקלייד דעלעגירט פאַר רעדנערס עמנואל נאָוואָגרודסקי און הערשל מעטאַלאָוויעץ, ווי ראַטגעבערס זענען מיטגעשיקט געוואָרן יאַנעק־יאַנקעלעוויטש און יוסף באַסאַק.

די וואַל־פאַרזאַמלונג פון דאַמען־באַקלייד איז באַשטאַנען פון 4 פאַכן: אַקריי־טשע (דאַמען־מאַנטלען־קאָנפעקציע), דאַמען־פּריוואַט, קירזשנערס און קינדער־קאָנ־פעקציע. דאָס אַקריטשע־פאַך, דער רוקנביין פון נאָדל־פאַראיין האָט פאַרמאָגט אַ

באַדייטנדיקע צאָל פּרויען אַרבעטערינס, „וויקאַנטשאַרקעס" (האַנט־נייערינס), און כאָטש דאָס פאַך איז געווען טראַדיציאָנעל בונדיש, איז פון דעסטוועגן געווען אַ געוויסע געפאַר, אַז אַ טייל פון די אַרבעטער, ספּעציעל פון די פרויען־אַרבעטערינס, זאָל באַאיינפלוסט ווערן פון די רעדנערס פון לינקן בלאָק, באַזונדערס פון קאַראָל־סקין. דאָס דאַמען־פּריוואַט־פאַך איז דאַן געווען אונטער דער השפּעה פון בונד. די אָנפירונג פון פאַך — שטאַרק לינק געשטימט. די קירזשנער און קינדער־קאָנ־פעקציע־פאַכן זענען געווען טראַדיציאָנעל אַנטי־בונדיש. דער בונד האָט געהאַט אַן ערנסטן גרונט מורא צו האָבן פאַרן וואַלאויסגאַנג פון דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג.

אין לאָקאַל פונעם נאָדל־פאַראיין האָט דער בונדישער דעלעגאַציע, וואָס איז, אַגב, באַשטאַנען פון פיר מיטגלידער פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט, דער־וואַרט אַן אומדערוואַרטער שאָק. הערשל הימעלפאַרב האָט געזאָגט: „יאַקום באַמ־בע", כ׳דאַרף נישט קיין אַנדערע רעדנערס. כ׳וועל מיך שטעטל באַשטיק און אַליין דורכפירן די פאַרזאַמלונג. האָק און בראָק — קיין שום ווערטער און אַרגומענטן האָבן נישט געהאָלפן. הערשל הימעלפאַרב האָט פאַרלאָזט דאָס באַראַטונג־צימער, איז אַריין אין זאַל דורכפירן די פאַרזאַמלונג — און רופט מיך קאַאָקניסל.

אַ רוגזהדיקער האָט עמנואל נאָוואָגרודסקי פאַרלאָזט דעם לאָקאַל פונעם נאָדל־פאַראיין. איך בין אים נאָכגעגאַנגען, אָבער מיט כּוח פאַרהאַלטן געוואָרן פון יאַנעק־יאַנקעלעוויטשן און פון אַנדערע חברים. יאַנעק־יאַנקעלעוויטש האָט צו מיר גערעדט באַדאַכטע רייד וועגן דער נויטווענדיקייט פון מיין בלייבן אויף דער פאַרזאַמלונג. איך האָב אים באַהאַגלט מיט פאָרווורפן און באַשולדיקונגען, אַז צוליב זיין ווייכ־האַרציקייט און היפּער־טאָלעראַנץ איז ער מיטשולדיק אין דעם, וואָס די היימישע מענשעוויקעס זענען חוצפּהדיק און דערלויבן זיך אַפילו אָפן צו ברעכן פּאַרטיי־דיסציפּלין. יאַנעקס רייד, אָנגעלאָדענע מיט לאָגיק און געפּאָרט מיט חברשאַפט און פּערזענלעכער פריינדשאַפט, האָבן נישט פאַרפעלט צו האָבן זייער ווירקונג, און צוזאַמען מיט אים און אַנדערע חברים בין איך אַריין אינעם גרויסן זאַל בייצווווינען די פאַרזאַמלונג.

דער קאַמף צווישן בונד און לינקן בלאָק האָט זיך אָנגעהויבן שוין ביי די וואַלן פון אַ פאַרזיצער. די קאַנדידאַטן זענען געווען: ראובן, אַ שניידער (זיין פאַמיליע־נאָמען איז, דוכט זיך, געווען צוקערמאַן) מצד בונד, און דער קליינער שימעלע, אַ קירזשנער — מצד דעם לינקן בלאָק. געזיגט האָט ראובן. די אָפּשטימונג איז געווען אַ פאָרשפּיל פונעם שווערן קאַמף, וואָס איז שפּעטער אָנגעגאַנגען אויף דער פאַרזאַמלונג.

דער ערשטער און דער פערטער רעדנער זענען געווען פון פּועלי־ציון און פון פאַראייניקטע. ביידע רעדנערס זענען געווען לאָדזשער: דער שוין דערמאָנטער קראַנקער פּועלי־ציוניסט סקראָבעק, און דער שפּעטער באַקאַנטער דיכטער און קאָמוניסטישער טוער פּיניע בוקסהאָרן (יולסקי), איינער פון די ערשטע סטאַלין־

קרבנות פון די פירערס און טוערס פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פּוילן.ביידע רעדעס זענען געווען פון אַ באַדייטנדיקן ניוואָ, אָבער גערעדט האָבן זיי צו די בענטשליכט. די פאַרזאַמלטע האָבן זיך מיט זייערע רעדעס קנאַפּ אינטערעסירט. דאָס שלאַכטפעלד איז געבליבן פריי פאַרן בונד און פאַרן לינקן בלאָק.

דער צווייטער רעדנער אין דער רייע איז געווען הערשל הימעלפאַרב. זיין רעדע — אַ טיפּיש הימעלפאַרבישע: אַ לעבעדיקע, קוואַליקע, פאָלקסטימלעכע שפּראַך. אַ וויץ, אַ מעשהלע, אָבער נישט אין צייט און נישט אין אָרט. געפּאַסט האָט די רעדע פאַר אַ וואַלמיטינג צו אַ פאַרלאַמענט אָדער צו אַ שטאָטראַט. אַגב, אַן ענלעכע רעדע האָט הימעלפאַרב געהאַלטן פאַר אַן עולם פון אַ 2000 מענטשן בעת דער וואַל־קאַמפּאַניע צום שטאָטראַט אין ראַדאָם און זיין רעדע איז געווען אַ שטורמישער און פאַרדינטער דערפאָלג, אָבער לחלוטין נישט צוגעפּאַסט צו די וואַלן פון וואַר־שעווער אַרבעטער־ראַט אין אַן עקספּלאָזיווער צייט, און פאַר אַן עולם, וואָס האָט געלעכצט נאָך אַ רעוואָלוציאָנער וואָרט און דערוואַרט פון דערווײלטן אַרבעטער־ראַט צו ברענגען משיחן — דורכצופירן די סאָציאַלע רעוואָלוציע. הערשל הימעל־פאַרבס רעדע איז פאַרהוקעט געוואָרן פון צווישנרופן, און וואָס אויפגערעגטער ער איז געוואָרן, וואָס מער ער האָט אויסגעלאָזט זיין כעס צו די באָלשעוויקעס, צו דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע און צו די רעוואָלוציאָנער־געשטימטע פאַרזאַמלטע אַרבעטער, אַלץ מער איז ער פאַרשריגן געוואָרן און אַלץ ערגער איז געוואָרן די סיטואַציע פון בונד אויף דער פאַרזאַמלונג.

נאָך הימעלפאַרבן האָט גערעדט קאַראַלסקי. זיין רעדע איז געווען אַן אויסגע־צייכנטע. ער האָט געריסן ממש פּאַסן פון בונד און צעשאַטקעוועט הימעלפאַרבן ווי אַ פּראָפעסיאָנעלער שאַטקאַזש שאַטקעוועט קרויט צום זויערן. נישט וויניקער גוט איז קאַראַלסקי געווען אין זיין צווייטער 10־מינוטיקער רעדע.

הימעלפאַרב האָט מיטגעטיילט די דריי אָנוועזנדיקע מיטגלידער פונעם פּאַר־טיי־קאָמיטעט פון בונד, אַז ער מוז און וועט רעדן אויך דאָס צווייטע מאָל — די 10 מינוט. ער וועט קאַראַלסקין שוין איין מאָל דערציילן אַ מעשה. מיט אַ שפּיצל האָט מען אים פאַרנאַרט אין קאַנצעלאַריע־צימער. די קאַנצעלאַריע־טיר איז פאַר־שלאָסן געוואָרן, און איך האָב געדאַרפט זיין דער צווייטער רעדנער מצד בונד.

געוווּסט האָב איך, אַז ס׳דערוואַרט מיך אַן אוממעגלעכע אויפגאַבע. דער פּרומסטער בעל־תפילה האָט צו כל־נדרי נישט געהאַט אַזאַ אימתא דציבורא, ווי איך איידער כ׳בין צוגעטראָטן רעדן. ממש אין דער לעצטער מינוט, איידער כ׳האָב אָנגעהויבן רעדן, בין איך צוגעגאַנגען צו יצחק לעוון, וועלכער האָט געדאַרפט לויט דער רייע זיין דער סאַמע לעצטער רעדנער, און אים געבעטן ער זאָל מיר שענקען זיינע 10 מינוט. לעוו האָט אַן קווענקלעניש אויף דעם ערנהאַפטסטן אופן אָפּגעצאָלט אַ טובה פאַר אַ טובה — און מיר איבערגעגעבן זיינע 10 מינוט. געהאַט האָב איך צו מיין דיספּאָזיציע 20 מינוט צייט צום רעדן און כ׳בין געווען דער לעצטער רעדנער.

דער רעזולטאַט פון דער אָפּשטימונג איז פאַרן בונד געווען אַ גינציקער: דער בונד האָט געקריגן אַ מערהייט שטימען. געווען איז עס אָבער אַ זיג פון דעם מין וואָס מ׳זאָגט: נאָך אַזאַ זיג, און דו ביסט קאַפּוט.

וואָס איך האָב געזאָגט אין מיין 20־מינוטיקער רעדע, איז נישט בכּוח דער זכּרון צו דערציילן. כ׳געדענק נישט קיין איין וואָרט, שוין אָפּגערעדט פון וועלכן ס׳איז אַרגומענט. איך געדענק אָבער אַזוי בולט, ווי ס׳וואָלט איצט געווען, אַז ווען כ׳האָב געענדיקט רעדן, איז נישט געווען קיין איין טרוקענער פּאָדעם אויף מיין לייב, מ׳האָט מיך געקענט אויסדרעגנען, אַזוי פּיטש־נאַס בין איך געווען. אין קאַנצעלאַריע־צימער איז מיר נישט גוט געוואָרן און ס׳האָט געדויערט אַ היפּשע צייט ביז כ׳בין געקומען צו זיך.

הערשל הימעלפאַרבס סקאַנדאַליעזע האַנדלונג האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם אינעם אָנפירנדיקן קרייז פון די בונדישע פּאַרטיי־טוערס. אין בונד איז מען דאַן געוווינט געווען צו דיסציפּלין. אין דער פּאַרטיי האָט מען זיך געקענט די קעפּ אַראָפּרייסן, אָבער אין דרויסן האָבן בונדיסטן געהאַנדלט סאָלידאַריש. אַ באַשלוס פון אַ פּאַרטיי־אינסטאַנץ, פון דער העכסטער ביז דער נידעריקסטער, האָט כּלפּי־חוץ געגילט ווי אַ געזעץ. הערשל הימעלפאַרבס האַנדלונג לגבי דער אָפּיציעלער פּאַרטיי־פאַרשטייערשאַפט צו דער וואַל־פאַרזאַמלונג פון דאַמען־באַקלייד, דאָס איגנאָרירן פּאַרטיי־באַשלוסן און באַליידיקן פּאַרטיי־פאַרטרעטערס, איז געווען עפּעס אַזעלכעס, וואָס די טוערס פון בונד, רעכטע ווי לינקע, האָבן נישט געקענט און נישט געוואָלט טאָלערירן און צוזאַמען פאַראורטיילט הערשל הימעלפאַרבן. אַן אונטערשייד איז געווען נאָר אין דער גראַדאַציע פון דער פאַראורטיילונג. אייניקע: עמנואל נאָוואָ־גרודסקי, חנינא קראַמאַרסקי, מרדכי פייגמאַן, יוסף באַסאַק און איך, האָבן פאַרלאַנגט תּיכּף צו באַזייטיקן הימעלפאַרבן פון נאָדל־פאַראיין. די מערהייט האָט זיך אַרויס־געזאָגט פאַר מאַכן אַ שאַרפן פאַרוואורף. איינשטימיק איז באַשלאָסן געוואָרן אַ צוגאָב: אין פאַל פון אַן איבערחזרונג — אָננעמען די ווייטגייענדיקסטע דיסציפּלינאַרע פאַרטיישטראָף.

הערשל הימעלפאַרב האָט אין נאָדל־פאַראיין בעת דער וואַל־אַקציע צום וואַר־שעווער אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַט נישט געפּראַוועט מער קיין שטיק. אויף די ווייטערדיקע פאַרזאַמלונגען האָט ער שטרענג אָפּגעהיט די פאַראָרדענונגען און באַשלוסן פון די פּאַרטיי־אינסטאַנצן: פונעם פּאַרטיי־קאָמיטעט און פון דער בונ־דישער וואַל־קאָמיסיע.

צו דער צווייטער גרויסער וואַל־פאַרזאַמלונג אין נאָדל־פאַראיין, צו מענער־באַקלייד, זענען פאַר רעדנערס מצד בונד ווידער דעלעגירט געוואָרן עמנואל נאָוואָגרודסקי און הערשל מעטאַלאָוויעץ.

די דאָזיקע פאַרזאַמלונג איז באַשטאַנען פון מענער־פּריוואַט, טראַדיציאָנעל

אונטער בונדישער השפּעה, מיט אַן אַנטוויקלטן און פעיִקן פּאַרטיי־ און פאַך־אַקטיוו, פון מענער־מאַגאַזין (מענער־קאָנפעקציע), צאַלמעסיק אַ גרויס פאַך אָבער פּאָליטיש צעשוווּמען, און פון הויזן־נייערס, מיט אַ היפּשער גראַוויטאַציע צו ס.ד.ק.פּ.ל.

דער אונטערשייד פון די צוויי פאַרזאַמלונגען, פון דאַמען־באַקלייד און מענער־באַקלייד, איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ביי דאַמען־באַקלייד האָט בונד און דער לינקער בלאָק געוווּסט אויף וועמען ער קען יאָ אָדער נישט זיך שטיצן. די אויפגאַבע איז באַשטאַנען נישט צו פאַרלירן פון די אייגענע רייען, געווינען די נישט־דעקלאַרירטע און אַ געוויסע צאָל פון קעגנערישן צד. אויף דער וואַל־פאַרזאַמלונג פון מענער־באַקלייד האָט בונד זיך געשטיצט בלויז אויף מענער־פּריוואַט, דער לינקער בלאָק — אויף אַ געוויסן טייל פון די הויזן־נייערס. די אַבסאָלוטע מערהייט פון די פאַרזאַמלטע איז געווען אַן אומבאַשטימטע און מ׳האָט זיך געדאַרפט שלאָגן, ווי מ׳האָט זיך אויסגעדריקט, פאַר דער נשמה פון יעדן פון די פאַרזאַמלטע.

לויט דער רייע האָט קאַראַלסקי געהאַט די פאַרהאַנט צו רעדן פאַר און נאָך די בונדישע רעדנערס. אין זיין ערשטער רעדע האָט קאַראַלסקי אויפגעשטורעמט די פאַרזאַמלונג, געקנאַטן די שטימונג פון די פאַרזאַמלטע, ווי אַ דערפאַרענער סקולפּטאָר דאָס ליים פאַר זיין שאַפונג.

עמנואל נאָוואָגרודסקי, ווי דער ערשטער רעדנער מצד בונד, איז דאָס מאָל נישט געווען אין קיין געהעריקער פאָרעם. ער האָט געוואָלט אַריינכאַפּן אַלץ אויף אַ מאָל: רעוואָלוציאָניזם, יידישע אינטערעסן, פּאָלעמיק. אין זיין פּאָלעמיק איז ער געווען אומבאַרחמנותדיק און אַראָגאַנט. מיט איין וואָרט: אַ דורכפאַל.

יאַנעק־יאַנקעלעוויטש, וועלכער האָט בייגעוווינט כּמעט אַלע וויכטיקע וואַל־פאַרזאַמלונגען, האָט נאָוואָגרודסקיס רעדע באַצייכנט ווי זיין ערשטע פאַטאַל־שלעכטע רעדע אינעם גאַנג פון דער וואַל־קאַמפּאַניע. ס׳איז פאַר אַלעמען געווען קלאָר, אַז די מפּלה פון בונד אויף דער פאַרזאַמלונג פון מענער־באַקלייד איז אַ געחתמעטע און אַז מיין 10־מינוטיקע רעדע וועט מיט גאָרנישט ענדערן די לאַגע.

איך האָב זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז קיין נאָרמאַלע פּאָלעמיק, ווי שיין כ׳זאָל נישט רעדן און ווי לאָגיש מיינע רייד זאָלן נישט זיין, וועט אין דעם פאַל נישט האָבן קיין גרויסע ווירקונג, בפרט ווען נאָך מיר האָט קאַראַלסקי די מעגלעכקייט צו רעדן זיינע 10 מינוט און אָפּצושלאָגן דעם איינדרוק, וואָס כ׳וועל אפילו עווענטועל מאַכן. אין דעם פאַל מוז מיין קאָנטער־אַטאַק זיין אַ בליציקער און אַזאַ שטאַרקער, אַז ער זאָל מיט איין קלאַפּ צעשמעטערן דעם איינפלוס, וואָס קאַראַלסקי האָט דערגרייכט, און קאַראַלסקי גופא זאָל מער נישט אומשטאַנד זיין צוריקצושלאָגן. ווו נעמט מען אָבער אַזאַ וואָפן?

מיט אַ מאָל האָב איך זיך צעלאַכט מיט אַ שטאַרק געלעכטער, וואָס האָט געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די נאָענטע חברים און פון אַ טייל פון די פאַרזאַמלטע. יאַנעק־יאַנקעלעוויטש האָט בייז אַ בורטשע געטאָן: „וואָס איז דאָס לאַכעניש, וואָס

איז די גערודילע מיט דיר״? שטיקנדיק זיך פון געלעכטער האָב איך יאַנעק־יאַנקע־לעוויטשן געענטפערט: „זאָרג נישט, יאַנעק, דער פלאַקן־שיסער וועט נישט פליקן די בונדישע פעדערן. כ׳וועל קאַראָלסקעלען קיפּן און קיילן, אַז אַ רויך וועט גיין. קאַראָלסקי האָט טאַקע געזאָגט ,האָפּ׳, אָבער כ׳וועל אים נישט לאָזן אַריבערשפּרינגען״.

מײַנע חברים האָבן איך נישט געזאָגט מיט וואָס פאַר אַ געווער כ׳וועל שיסן. פאַר מיר איז דאָס צילברעט געווען קלאָר — כ׳וועל אויסנוצן קאַראָלסקיס אַ לאַפּסוס אין זײַן רעדע. רעדנדיק וועגן די וווינונג־נויטן פון דער אַרבעטנדיקער באַפעלקערונג, האָט קאַראָלסקי פּאַטעטיש אויסגעשריגן: „גייט און רעקווירירט די וווינונגען פון דער בורזשואַזיע. איר האָט מער רעכט צו וווינען אין יענע גאַסן, אויף מאַרשאַל־קאָווסקע און אַלע אויאַזדאָווסקע, ווי די אָנגעפּרעסענע און אָנגעזויפּטע בורזשויען און בורזשויקעס. גייט און רעקווירירט די וווינונגען פאַר אײַך און אײַערע פאַ־מיליעס״! דער אײַנדרוק איז געווען, אַז קאַראָלסקי רופט די פאַרזאַמלטע תיכּף דורכצופירן די רעקוויזיציע.

ווען דער פאַרזיצער האָט מיר געגעבן די צווייטע בונדישע 10 מינוט צום רעדן, בין איך צו דער רעדנער־טריבונע געגאַנגען מיט פעסטע און דרייסטע טריט, מיט אַ זיכערקייט פון אַ זיגער.

בעת דעם אָנהייב פון מײַן רעדן האָבן די אָנוועזנדיקע בונדישע טוערס, מיט יאַנעק־יאַנקעלעוויטש און עמנואל נאָוואָגרודסקי בראָש, געפּלעפּטע זיך צוגעהערט צו מײַן רעדן, געשטוינט און געמיינט, אַז כ׳בין פון זינען אַראָפּ.

דער אינהאַלט פון מײַן רעדע איז געווען אומגעפער אַזאַ:

„חברים און חברטעס, אַרבעטער פון מענער־באַקלייד! לאָמיר אַלע אין איינעם דעם חבר קאַראָלסקי מקבל־פּנים זײַן. לאָמיר אים קרוינען פאַר דעם גרעסטן רעוואָלוציאָנערן פירער פונעם יידישן פּראָלעטאַריאַט און אים געבן אַ דרייפאַכיקן „האָך! האָך! האָך!״. און אַלע ווי איינער, בונדיסטן און אומפּאַרטייִשע, זיך שטעלן אונטער זײַן רעוואָלוציאָנערער קאָמאַנדע. די הייגטיקע רעדע פון חבר קאַראָלסקי וועט פאַרשריבן ווערן אין דער געשיכטע פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג מיט גאָלדענע אותיות. זײַן שאַליקער רוף: גייט, נעמט אָפּ די וווינונגען פון די בורזשויען, רעקווירירט זיי פאַר אײַערע פאַמיליעס, איז אַריין אין אונדזערע הערצער און מיר זענען גרייט גלייך, אונטער חבר קאַראָלסקיס פירערשאַפט, די קאַמפּאַקציע דורכצופירן. שטייט אויף פון אײַערע ערטער, הייבט אויף די רעכטע האַנט צום שווערן, אַז מיר וועלן דעם רוף גלייך אויספירן. רופט דעם חבר קאַראָלסקי אָפּצונעמען די שבועה, און נאָך דעם וועלן מיר פאַרלאָזן דעם זאַל, שטימען וועלן מיר אַן אַנדערש מאָל, אונדזערע שטימען צום אַרבעטער־ראַט וועלן נישט אַנטלויפן. לאָמיר שליסן די רייען אין טשוואָרקעס (אין פירן) און אויפן דיסציפּלינירטסטן אופן, ווי ס׳פּאַסט פאַר רעוואָלוציאָנערע יידישע אַרבעטער, לאָמיר מאַרשירן צו יענע גאַסן. אויפן וועג וועלן מיר אַרייננעמען אין אונדזערע רייען יעדן אַרבעטער,

וואָס וועט וועלן זיך אַנשליסן, אַ ייִד אָדער נישט־ייִד, מיר זענען דאָך רעוואָלוציאָ־נערן און אינטערנאַציאָנאַליסטן, און אונטער דער קאָמאַנדע פון חבר קאַראַלסקי וועלן מיר דורכפירן זיין רוף גלייך צו רעקוויזירן די בורזשויסקע וווינונגען.

אויפשטיין, חברים! צום קאַמף, צום זיג״!

איבערן זאַל איז דורך אַ ציטער. דער עולם איז ספּאָנטאַן אויפגעשטאַנען פון די ערטער. כ׳האָב אַ געשריי געטאָן צו קאַראַלסקין: „חבר קאַראַלסקי, הייבט אייך אויף פון אייער זיצפּלאַץ, שטעלט אייך אין פראָנט פון דער טריבונע, ווי ס׳פּאַסט פאַר אַ קאָמאַנדיר פון אַ ייִדישן פּראָלעטאַריש־רעוואָלוציאָנערן קאַמף־באַטאַליאָן, פירט דורך די שבועה און פירט אונדז צום קאַמף און צום זיג״!

קאַראַלסקי איז געבליבן זיצן ווי צוגעשמידט צו זיין אָרט — און אויף דעם מאָמענט האָב איך ווי געוואָרט.

געוווּסט האָט קאַראַלסקי, אַז כ׳פיר אים אין אַ פּאַסטקע, ער האָט אויך גאַנץ קלאָר געזען, אין וואָס די פּאַסטקע באַשטייט: אַוועקגעשטעלט צו ווערן עפנטלעך אין אַ מצב פון נישט קענען רעאַליזירן זיינע ווערטער אין מעשׂים.

געהאַט האָט קאַראַלסקי דריי אויסוועגן: שפּילן די טראַגי־קאָמעדיע פון אַ קאָמאַנדיר און אויפן וועג נעלם ווערן, דאָס וואָלט געמיינט אויף דעם מיאוסטן אופן קאָמפּראָמעטירן זיין ריכטונג און אַליין ליקווידירט ווערן ווי אַ טוער צווישן די ייִדישע אַרבעטער אין וואַרשע; צוריקציִען זיך, דערקלערן, אַז ער האָט אַזאַ רוף נישט געמאַכט, דאָס וואָלט אים קאָמפּראָמעטירט און לעכערלעך געמאַכט — און די פאַרזאַמלונג איז פּאַר אים אַ פאַרשפּילטע; אָדער גאָרנישט ענטפערן, לאָזן מיך אויסשוימען אין די 10 מינוט צייט וואָס כ׳האָב צום רעדן, און דערנאָך, אין זיין צווייט וואָרט, זיך צערעכענען מיט מיר. קאַראַלסקי האָט אויסגעקליבן דעם דריטן וועג — מער האָב איך נישט געדאַרפט.

מיט דער פולער קראַפט פון אַ יונגן 21—22־יאָריקן מענטשן, אַ פּאַרהעלטעניש־מעסיק געזונטן, האָט די פויסט פון מיין רעכטער האַנט אַ זעץ געטאָן אין טישל פון פּרעזידיום און מיין שטימע האָט אַ דונער געטאָן: „פאַר וואָס שטעלט איר זיך נישט אויף און נעמט נישט איבער די קאָמאַנדע? איר האָט זיך דערשראָקן! וואָס איז געשען מיט אייך, חבר קאַראַלסקי? דער דיבוק פון פּראָצים דרוטשאַזש איז אַריין אין אייך? איר זענט געקומען טשאַקען דעם עולם, אָבער די פאַרזאַמלטע לאָזן זיך נישט נעמען אויף אַ קאַנט! וואָס איז ער — האָב איך זיך געווענדט צו די פאַר־זאַמלטע אַרבעטער — אַ רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־טוער, אָדער אַ פלאָקן־שיסער, ווי דער אַלטער פירער פון בונד, יוזעף, וועלכער איז אייך אַזוי גוט באַקאַנט, רופט אים? וואָס זענט איר, חבר קאַראַלסקי, אַ פאַראַנטוואָרטלעכער אַרבעטער־טוער אָדער אַ פּראַזן־שיסער, ביי וועמען די צונג איז הפקר? כאַפּן יאַלדן אויף דער ווענדקע און אויסנאַרן שטימען זענט איר געקומען, איר האָט אָבער פאַרגעסן, אַז איר זענט נישט אויף די וואָלאָוקעס אויפן פּלאַץ־קערצעלי, נאָר אויף אַ פאַרזאַמלונג

פון רעוואָלוציאָנער־געשטימטע און באַוווסטזיניקע יידישע אַרבעטער, וועמען מ׳קען נישט נעמען אויף פּעוונע און פירן אין באַד אַריין.

און ווייסט איר חברים, פאַר וואָס דער חבר קאַראַלסקי האָט זיך דערלויבט צו שיטן אייך זאַמד אין די אויגן מיטן רעוואָלוציאָנערן רוף: גייט רעקווידירט די בורזשואַזישע וווינונגען? ווייל ער און די ריכטונג צו וועלכער ער געהערט האָט אַלע מאָל געהאַט אַ ביטול־באַציִונג צו די יידישע אַרבעטער־מאַסן, און זיי מיינען, אַז אויף יידישע אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען קען מען פּראָווען די אומפאַראַנטוואָרט־לעכסטע שטיק. חבר קאַראַלסקי וואָלט אויף אַ פּוילישער אַרבעטער־פאַרזאַמלונג זיך נישט דערלויבט אַזאַ פּאָליטישע הפקרות, ווי ער האָט זיך דערלויבט אויף אייער היינטיקער פאַרזאַמלונג״.

און פאַרענדיקט מיין רעדע האָב איך מיטן באַקאַנטן פּיזמון וועגן מאַסנווייז שטימען פאַרן בונד און קיין איין שטימע נישט צו פאַרטאַכלעווען פאַרן לינקן בלאָק.

כּמעט די גאַנצע צייט וואָס כ׳האָב גערעדט זענען די פאַרזאַמלטע געשטאַנען אויף זייערע פּיס און אַ שטילקייט האָט געהערשט, אַז מ׳האָט געקענט הערן דאָס זשומען פון אַ פליג. ווען כ׳האָב געענדיקט, האָט דער שטורעם פון אַפּלאָדיסמענטן אָנגעהאַלטן אַ לאַנגע צייט.

קאַראַלסקי האָט מיט זיין 10 מינוטיקער רעדע קנאַפּ וואָס שוין געקענט אויפ־טאָן. ער איז אָן אויפהער פאַרחוזקט געוואָרן מיט צווישנרופן און שטעכיקע אויס־רופן: „ווו איז מיין נייע וווינונג? אוי, אַ שאָד, כ׳האָב געהאַט אין אויג אַ צאַצקעדיק וווינונגל אין ,יענע׳ גאַסן. די רייכע דירות אין די יידישע גאַסן קען מען שוין יאָ גלייך צונעמען״. ענלעכע קאָמישע און סאַרקאַסטישע אויסרופן האָבן זיך געהערט אָן אַן אויפהער, און דאָס גראָד פון די רייען, פון וועלכער קאַראַלסקי האָט זיך גערעכנט צו קריגן די מיינסטע שטימען. קאַראַלסקיס ביטע צום פאָרזיצער צו פאַר־לענגערן זיין צייט פון רעדן איז דורכן פאָרזיצער אָפּגעוואָרפן געוואָרן. קאַראַלסקי איז אַראָפּ פון דער טריבונע אונטער אַ האַגל פון שפּאָטישע אויסרופן.

דער אויסגאַנג פון די וואַלן פון דער פאַרזאַמלונג פון מענער־באַקלייד איז געווען אַן איבעררעשנדיקער זיג פאַרן בונד און איז געוואָרן די סענסאַציע פון דער וואַל־קאַמפּאַניע.

ווען כ׳בין שפּעט ביי נאַכט געקומען אין דער קאָוויאַרניע פון פּאַן וו., איז דער פאַרלויף פון דער פאַרזאַמלונג און דער רעזולטאַט פון די וואַלן געווען דאָס געשפּרעך ביי די פאַרשיידענע טישלעך.

און ווען כ׳בין צו מאָרגנס אַרויפגעקומען צו יוזעפן, האָב איך שוין פון דער ווייטנס געקענט באַמערקן ווי ביים „אַלטן״ באַהאַלט זיך דער שמייכל אונטער זיינע דיקע וואָנסעס, און דערהערט זיין מיר גוט באַקאַנטע אָנגענעמע שטימע: „איר האָט דעם פּלאַקן־שיסער נעכטן אָרנטלעך צו רעכט געמאַכט״.

די פֿאַרזאַמלונג פֿון די פּרויען־פּאַכן: שניידערינס, װעש־ניייערינס, קאָרסעטן־מאַכערינס און ענלעכע פּרויען־פּאַכן, איז אין מײַן זכרון פֿאַרבליבן נישט צוליב דעם אינהאַלט פֿון די רעדעס, װאָס עמעצער האָט געהאַלטן, מיך אַרײַנגערעכנט, און אויך נישט צוליב דעם רעזולטאַט פֿון די װאַלן — דאָס אַלץ איז אויסגעמעקט פֿון מײַן געדעכעניש, נאָר צוליב די אומשטענדן פֿון דער פֿאַרזאַמלונג, װאָס זענען געבליבן לעבעדיק אין מײַן זכרון.

סוף 1918 האָט זיך אין װאַרשע געיאָװעט אַ פֿרײַער־אומבאַקאַנטע טוערין פֿון ס.ד.ק.פּ.ל. און זי איז איבער נאַכט געװאָרן אַ לעגענדע.

אין די ייִדישע ס.ד.ק.פּ.ל.־קרײַזן האָט מען זיך געשושקעט און געסודעט, און דערציילט װוּנדווירעס װעגן איר ראָלע אין דער אָקטאָבער־רעװאָלוציע, װאָס פֿאַר אַ װאַזשנע שישקע זי איז אין סאָװעטן־פֿאַרבאַנד — אַ קאָפּ פֿון אַ צווייטער ראָזאַ לוקסעמבורג. אין װאַרשע איז זי צײַטװײַליק, און טראָץ דעם, װאָס זי קען נישט קיין ייִדיש (מאַנכע האָבן אַפֿילו געשושקעט זיך, אַז זי איז נישט קיין ייִדישע), האָט זי באַשלאָסן זיך צו באַקענען מיטן ייִדישן אַרבעטער־לעבן און זײַן טעטיק צװישן די ייִדישע אַרבעטער. אַ דאַנק סטאַך זאַטאָרסקי האָב איך זיך באַגעגנט מיט דער דאָזיקער מיסטעריעזער חברטע און זי האָט אויך אויף מיר געמאַכט אַן אײַנדרוק.

ביז הײַנט קען איך זיך ביי זיך נישט באַשליסן, צי זי איז געװען אַ שיינע אָדער אַ נישט־שיינע. און אָפּגעמאַכט, אַז זי איז געװען נישט שיין אין איר שיינקייט און פֿראַכטפֿול שיין אין איר נישט־שיינקייט: נידעריקער פֿון מיטלװוּקס. אַ ברייט־פּלייציקע. אַן עכט־ברונעטע, מיט געדיכטע פּעכשװאַרצע האָר און אַ פּוך אויף דער איבערשטער ליפּ, אַ הויכן לומדישן שטערן, גרויסע בלויליכע אויגן אונטער דיקע אויגנגלעזער, אַן אַליװו אָװאַל פּנים. איר גאַנג האָט עדות געזאָגט, אַז ס׳איז איר נישט פֿרעמד דאָס רייטן אויף אַ פֿערד. זי האָט געמאַכט דעם אײַנדרוק פֿון אַ געמיש פֿון אַ ציגײַנערין און אַ רבישע טאָכטער פֿונעם אײדלסטן און העכסטן יחוס — אַ פֿערזענלעכקייט לכל־הדעות.

װען דאָס איז איז צעגאַנגען נאָך דער באַקאַנטשאַפֿט און מיר האָבן אָנגעהויבן רעדן פֿרײַער — אין דער דײַטשישער שפּראַך, װאָס זי האָט באַהערשט װי אַ געבוירענע דײַטשקע — האָב איך פֿאַר זיך געהאַט אַן אָריגינעלע פֿיגור פֿון אַ סאָציאַליסטישער טוערין, אַן אָנגעלאָדענע מיט װיסן אויף פֿאַרשיידענע געביטן. אויף מײַנס אַ פֿראַגע פֿאַר װאָס זי האָט אויסגעקליבן גראָד די ייִדישע אַרבעטערשאַפֿט װי איר טעטיקייט־געביט, װען ס׳איז איר פֿרעמד די ייִדישע שפּראַך און זי באַהערשט גלענצנדיק די פּוילישע שפּראַך, האָב איך געקריגן אַ שקאַצעװאַטן ענטפֿער: „איר האָט זיך נאָך קיין מאָל נישט געקושט מיט קיין שיקסל? (דאָס װאָרט ‚שיקסל׳ איז געזאָגט געװאָרן מיט אַ נישט־ייִדישן, גיכער מיט אַ רוסישן, אַקצענט) און פֿאַר װאָס פֿרעג איך אײַך נישט פֿאַר װאָס איר קושט זיך דווקא מיט דער און נישט מיט קיין אַנדער מיידל״?

פאַר מיר איז געווען קלאָר, אַז אויב די דאָזיקע עטלעכע און צוואַנציק־יאָריקע חברטע, וואָס האָט פיינט דעם בונד, ווי אַ פרומער ייִד האָט פיינט חזיר, וועט באמת ווערן טעטיק אין דער ייִדישער אַרבעטער־סביבה, וועט זי אַפילו מיט איר נישט קענען קיין ייִדיש, אין וואָס כ'האָב געצווייפלט, ווערן אַ געפאַר פאַרן בונד, אַ סך אַ גרעסערע געפאַר, ווי ס'איז געווען די יונג־פאַרשטאַרבענע פועלי־ציוניסטקע פאַלאַ בער.

איך האָב יוזעפן דערציילט וועגן דער עקזיסטענץ פון דער דאָזיקער טוערין פון ס.ד.ק.פ.ל. און וועגן דער מעגלעכער געפאַר וואָס דראָט דעם בונד מצד דער דאָזיקער חברטע, און ס'איז מיר באַוווסט, אַז זי קלייבט זיך צו מאַכן איר עפנטלעכן דעביוט אויף דער וואַל־פאַרזאַמלונג פון די פרויען־פאַכן אין נאָדל־פאַראיין.

נאָך אַ באַראַטונג מיט אַ רייע חברים פון נאָדל־פאַראיין איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז צו מיין דיספּאָזיציע ווערן צוגעטיילט גרשון זיבערט און אַלאַ סעגאַלאָוויטש, אַ ייִנגערע שוועסטער פונעם ייִדישן דיכטער ז. סעגאַלאָוויטש. פאַרזיצער וועט זיין שׂרה שוועבער.

אַרויסגעוויזן האָט זיך אַז די דערמאָנטע טוערין פון ס.ד.ק.פ.ל. איז צו דער פאַרזאַמלונג נישט געקומען. אַזוי פּלוצעם ווי זי האָט זיך געיאַוועט, אַזוי פּלוצעם איז זי פאַרשוווּנדן. לײדער געדענק איך נישט אונטער וואָס פאַר אַ נאָמען זי האָט בשעתו פיגורירט אין וואַרשע. אין קאָפּ פּלאָנטערט זיך דער נאָמען פלאָראַ, קאָווירן פאַרן דאָזיקן נאָמען וועל איך נישט. מער האָב איך די דאָזיקע פרוי אין ערגעץ נישט באַגעגנט: נישט אין פּוילן, נישט אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, און נישט אין קיין אַנדער לאַנד, ווו ס'איז מיר אויסגעקומען צו באַזוכן אין די יאָרן פון מיין טעטיקייט אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג.

מצד ס.ד.ק.פ.ל. זענען אויף דער וואַל־פאַרזאַמלונג פון די פרויען־פאַכן אַרויס־געטראָטן קאַראַלסקי און מאַרטאַר; מצד בונד — אַלאַ סעגאַלאָוויטש און הערשל מעטאַלאָוויעץ.

פאַר שׂרה שוועבער איז דאָס פרעזידירן אויף דער דערמאָנטער פאַרזאַמלונג געווען איר ערשטער עפנטלעכער אַרויסטריט — דער ערשטער שטאַפּל צו איר קאַריערע אין בונד פון פּוילן.

## ביי די לעדער־אַרבעטער

אין פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די ייִדישע לעדער־אַרבעטער האָט דער בונד געהאַט בייצוקומען צוויי גרויסע שוועריקייטן אויף זיין וועג צו אַ זיג אין די וואַלן צום וואַרשעווער אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַט: אַ וואַלאָפּמאַך צווישן ייִדישן סעקטאַר פונעם לינקן בלאָק מיט אַנאַרכיסטן און אַ פאַרזאַמלונג פון ייִדישע שפּילקאָווע שוסטערס.

צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון דער אָרגאַניזירטער ייִדישער אַרבע־

טער־באַוועגונג אין וואַרשע האָט אַ סאָציאַליסטישע ריכטונג, ס.ד.ק.פּ.ל., געשלאָסן אַן אָפיציעלן אָפּמאַך מיט אַן אַנאַרכיסטישער גרופּע — מיט די אַנאַרכיסטן אין יידישן לעדער־אַרבעטער־פאַראיין — אַן אָפיציעלן וואַלבלאָק צום אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַט.

פאַרן בונד איז דער דאָזיקער וואַלאָפּמאַך געווען אַ שווערער קלאַפּ, פּאָליטיש און אָרגאַניזאַציאָנעל. פּאָליטיש, מחמת אַזאַ אָפּמאַך האָט געגעבן די אַנאַרכיסטן אַ דע־יורע־אָנערקענונג ווי אַ צד אין פּאָליטישן לעבן אין דער וואַרשעווער יידישער אַרבעטער־סביבה; אָרגאַניזאַציאָנעל, מחמת די אַנאַרכיסטן זענען יאָרן־לאַנג געווען די פירערס פונעם גרויסן און וויכטיקן פאַך פון די געגריוועטע שוסטערס, אַ פאַך מיט גרעסערע צאָלן אַרבעטער אין די פאַבריקן. דעם בונד האָט זיך איינגעגעבן אַרויסצושטויסן די אַנאַרכיסטן ווי די זעלבסטהערשערס פון דער פאַך־אָנפירונג, די זענען אָבער געבליבן אַ כּוח, מיט וועלכן מ׳האָט זיך געמוזט רעכענען. דער וואַל־בלאָק האָט געדראָט, אַז דאָס גרויסע און וויכטיקע פאַך זאָל בעת דער וואַל־קאַמפּאַניע צום אַרבעטער־ראַט אַרויסגליטשן זיך פונעם בונדישן איינפלוס און שאַפן אַ מעגלעכקייט פאַר די אַנאַרכיסטן, שוין ווי אַ לעגיטים־אָנערקענטע פּאָלי־טישע גרופּירונג, צוריק איבערצונעמען די אָנפירונג פונעם דאָזיקן פאַך.

דער יידישער לעדער־אַרבעטער־פאַראיין איז טראַדיציאָנעל געווען בונדיש. מיט די פאַכן: קאַמאַשן־מאַכערס, וואַלקערס, גאַרבערס, באַסאַק־מאַכערס, איז נישט געווען קיין גרויסע דאגות. אויף די וואַל־פאַרזאַמלונגען האָט דער פּאַרטיי־אַקטיוו, וואָס איז געווען זייער אַ גוטער, געדאַרפט בלויז צוזעהן, אַז ס׳זאָלן נישט געשען קיין צופעליקע סורפּריזן. ס׳געדענקט זיך אַפילו נישט ווער ס׳האָט באַדינט די וואַל־פאַרזאַמלונגען פון די דערמאָנטע פאַכן. וועגן דער פאַרזאַמלונג פון די שפּיל־קאַווע שוסטערס האָט דער בונד נישט געהאַט קיין אילוזיעס, אַז זיינע פאַרטרעטערס אויף דער פאַרזאַמלונג וועלן אויפטאָן גרויסע זיבן זאַכן. דאָס פּראָבלעם איז געווען די פאַרזאַמלונג פון די געגריוועטע שוסטערס, און צו דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג זענען דעלעגירט געוואָרן עמנואל נאָוואָגרודסקי און הערשל מעטאַלאָוויעץ.

דאָס דעלעגירן די דערמאָנטע צוויי דעמאָלט לינקע בונדישע טוערס האָט חוץ די שוין באַקאַנטע אַלגעמיינע מאָטיוון, געהאַט אויך אַ ספּעציפישן מאָטיוו:ביידע זענען געווען גוט באַקאַנט אינעם לעדער־פאַראיין און ביי די געגריוועטע שוסטערס. נאָוואָגרודסקי האָט אַ צייט געהאַט געאַרבעט ווי סעקרעטאַר פונעם פאַראיין. פאַר מיר איז דער לעדער־פאַראיין, נאָכן מעטאַל־פאַראיין, געווען מיין צווייטע היים אין דער וואַרשעווער בונדישער פּראָפ.־באַוועגונג.

דער אויסוואַל פון אַ פאָרזיצער איז פאַרן בונד אויסגעפאַלן נישט גינציק. ווי פאָרזיצער איז געוויילט געוואָרן דער אַנאַרכיסט מרדכי שוסטער, אַנדערש גערופן — דער שוואַרצער מרדכי, אַ זייער אינטעליגענטער אַרבעטער מיט אַ לאַנגיאָריקער דערפאַרונג פון אַ פּראָפ.־טוער מיט אַ סך פּערזענלעכן איינפלוס אויף זיין פאַך.

אויף דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג איז פּאַקטיש באַזייטיקט געוואָרן די נאָרמאַלע פּראָצעדור. ס׳האָבן חוץ די אָפּיציעלע רעדנערס גערעדט אַ צאָל אַנדערע רעדנערס, אַ־בעטער פון פאַך און מיטגלידער פון דער פאַראיין־פאַרוואַלטונג.

עמנואל נאָוואָגרודסקיס רעדע איז דורך אַלעמען אָנערקענט געוואָרן פאַר אַן אויס־געצייכנטע, אַזוי אויך די רעדעס פון קאַראַלסקי און פון מרדכי שוסטער. די שטימונג פון די פאַרזאַמלטע האָט זיך געהוידעט אַרויף און אַראָפּ, פאַרן בונד און קעגן בונד. נישט קאַראַלסקי און נישט נאָוואָגרודסקי, נאָר דער אַנאַרכיסט מרדכי שוסטער האָט געהאַט דעם איינפלוס אויף די פאַרזאַמלטע, אין דעם פאַל האָט עס געמיינט קעגן בונד. מיין אויפגאַבע ווי דער צווייטער אָפּיציעלער בונדישער רעדנער איז געווען אָפּצושוואַכן דעם איינפלוס פון מרדכי שוסטער.

געוווּסט האָב איך, אַז וואָס שייך צייט, וועט מיך דער פאָרזיצער, דער אַנאַרכיסט מרדכי שוסטער, נישט באַגרענעצן, נישט אָפּשטעלן אין מיטן רעדן, און כ׳האָב נישט געדאַרפט באַגרענעצן זיך מיט די פאָרמעלע 10 מינוט. מיין קאָנטראַטאַק־רעדע קעגן קאַראַלסקין און דער עיקר קעגן שוואַרצן מרדכי, איז געווען אומגעפער אַזאַ:

„חברים, לאָמיר זיך אַדורכשמועסן. מיר האָבן אויף דער היינטיקער פאַרזאַמ־לונג געהערט אַזוי פיל רעוואָלוציאָנערע רייד, אַז די אויערן זענען פול און טויב פון זיי. אַן אמתער חד־גדיא. האָט דער חבר ראובן גערעדט רעוואָלוציאָנער, האָט אים דער חבר קאַראַלסקי איבערגעשטיגן, און דער חבר מרדכי — זייביידן. זענען געקומען די באַטייליקטע חברים אין דער דיסקוסיע, האָבן קאָנקורירט צווישן זיך און פילפּאַכיק איבערגעשטיגן די אָפּיציעלע רעדנערס. לאָמיר בעסער זיך דורכ־שמועסן אויף אַ היימישן אופן, ווי מיר וואָלטן זיך געפונען אין דערביי־קן בופעט־צימער און גערעדט איינער צום אַנדערן צווישן איין ביסן און אַ צווייטן. ס׳איז שוין שפּעט און ס׳איז שוין צייט די פאַרזאַמלונג צו ענדיקן״.

כ׳האָב געפילט, אַז כ׳האָב אָנגעטראָפן אויף אַ פילבאַרן פונקט און געוווּנען די סימפּאַטיע פון די פאַרזאַמלטע, און פאָרגעזעצט:

„ס׳איז געשלאָסן געוואָרן אַ שידוך צווישן דער ריכטונג פון חבר קאַראַלסקי מיט דער גרופּע פון חבר מרדכי, און דער חבר אָשר געפינט זיך אויפן צווייטן אָרט אויף דער ליסטע פונעם יידישן סעקטאָר פון לינקן בלאָק אין לעדער־פאַראיין. ווילן מיר וויסן, וואָס ס׳איז פאַרשריבן אין דער כּתובה און וואָס פאַר אַ נדן מ׳האָט זיך קעגנזייטיק געסילוקט. איז דאָס אַן אידעיִש־פּאָליטישער שידוך אָדער אַ סוח־רישער משא־ומתן, ווו די אַנאַרכיסטן פאַרקויפן זייער אידעיִשע נשמה פאַר אַ מאַנדאַט אָדער צוויי מאַנדאַטן, און דער יידישער סעקטאָר פון לינקן בלאָק שפּייט אויף זיינע מאַרקסיסטישע איינשטעלונגען און וויל אויסנוצן די אַנאַרכיסטן צו כאַפּן שטימען. די געגריוועטע שוסטערס זענען אָבער נישט קיין בלינדע פערד, וואָס מען פירט אַרויס אויפן פערדמאַרק צום קויפן און פאַרקויפן״.

ס׳האָט אָפּגעהילכט אַ צווישנרוף: „פאַר וואָס האָט דער בונד נישט געמאַכט מיטן חבר מרדכי קיין אָפּמאַך״?

„פאַר וואָס? — האָב איך געענטפערט — ווייל מיר, דער בונד, קויפן און פאַרקויפן נישט קיין יידישע אַרבעטער־שטימען. מיר האָבן קיין מאָל נישט געשלאָסן און מיר וועלן נישט שליסן קיין פּאָליטישע אָפּמאַכן מיט אַנאַרכיסטן. אומפּאַרטייאישע אַרבעטער, אויב זיי וועלן זיך פאַרפליכטן אונטערצוּוואַרפן דער דיסציפּלין פון דער בונדישער פראַקציע אין קומענדיקן אַרבעטער־ראַט, וועלן מיר זיי אַרויפנעמען, אָבער אַן אידעיִשער און ערלעכער אַנאַרכיסט וועט אַזאַ התחייבות נישט געבן, קען נישט געבן און טאָר נישט געבן. מיר האַלטן פון קאָלעקטיוויזם, פון קאָלעקטיווער אָרגאַניזאַציע, פון פּאָליטישן קאַמף און פון קאָלעקטיווער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, פון אָנפירערשאַפט, היעראַרכיע און דיסציפּלין, און די אַנאַרכיסטן זענען אידעאָלאָגיש קעגן דעם אַלעמען. האָט איר, חברים, שוין געזען אַ מאָל אין דער פילהאַרמאָניע אָדער אין דער אָפּערע אַן אָרקעסטער אָן אַ דיריגענט? שיין וואָלט די מוזיק אויסגעזען ווען יעדער שפּילער שפּילט אַזוי ווי ער וויל און ווי ס׳גלוסט זיך אים. וואָלט איר געפאָרן אין אַ צוג אָן אַ מאַשיניסט? דער בונד טאָר נישט דערלאָזן, אַז די יידישע אַרבעטער זאָלן זיך געפינען אין אַ לאַגע, וואָס מ׳וז זיך פאַר זיי ענדיקן קאַטאַסטראָפאַל״.

כ׳האָב אויפגעמישט בלעטלעך אַרבעטער־געשיכטע פון די לעצטע 4—5 יאָר, פון די טעטיקייטן פון די ריכטונגען פונעם לינקן בלאָק, פון די אַנאַרכיסטן, און די ראָלע פון בונד, און געמאַכט דעם אויספיר, אַז דער בונד איז געווען די פּאַרטיי, וואָס האָט געפירט די יידישע אַרבעטער צו אָרגאַניזירונג, צום קאַמף און צו זיגן.

גערעדט האָב איך אין אַ לייכטן געמיטלעכן טאָן פון אַ היימישן שמועס, ווי מ׳רעדט זיך דורך צווישן משפּחה־מיטגלידער. די צערייצטקייט אויף דער פאַרזאַמלונג האָט נאָכגעלאָזן, די מידקייט איז לייכטער געוואָרן. מ׳האָט מיך אויסגעהערט מיט אינטערעס און וואַרעמקייט.

ס׳האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן דער פאַקט, אַז מרדכי שוסטער געפינט זיך נישט אויף דער ליסטע פונעם לינקן בלאָק. ס׳האָט זיך געפילט, אַז אין גאַנצן גלאַט זענען נישט די באַציִונגען צווישן אים און די שדכנים פונעם שידוך צווישן דעם לינקן בלאָק מיט דער אַנאַרכיסטישער גרופּע, און מעגלעך אויך מיט דער כתובה און מיט די קעגנזייטיקע מתּנות. און ס׳איז מיר איינגעפאַלן צו נעמען מרדכי שוסטערן אויף זיכער. כ׳האָב צו אים אַ זאָג געטאָן:

„ס׳איז דאָך מאָדנע, וואָס איר, חבר מרדכי, געפינט זיך נישט אויף דער ליסטע פונעם לינקן בלאָק אין לעדער־פאַראיין. ביי מיין גרעסטן רעספּעקט פאַרן חבר אשר, וועט דאָך דער חבר אשר גופא מודה זיין, אַז ער דערגייט נישט צו אייערע קנעכל אין קיין שום הינזיכט, נישט אין תּורה, נישט אין דערפאַרונג און פעיִקייט פון אַן אַרבעטער־טוער, און אַפילו נישט ווי אַ פאַכמאַן, אַז חבר אשר דאַרף נאָך

לאַנג פאָרן כּדי צו דערפאָרן צו דער מדרגה פון אַ מרדכי שוסטער. טאָ פאַר וואָס געפינט איר זיך נישט אויף דער געמיינזאַמער ליסטע פונעם לינקן בלאָק מיט די אַנאַרכיסטן? נישט איך וויל און נישט איך מעג דערציילן די געגריוועטע שוסטערס, פאַר וואָס דער חבר מרדכי געפינט זיך נישט אויף דער דאָזיקער ליסטע. ס׳וואָלט געווען נישט פיין, נישט חבריש און נישט מענטשלעך, איך זאָל אייך אויפפאָדערן עפענטלעך צו דערציילן פאַר וואָס איר פיגורירט נישט אויף דער שותפותדיקער ליסטע. ביי מיין אַבסאָלוטער קעגנערשאַפט צו דער אַנאַרכיסטישער אידעאָלאָגיע און פּאָליטיק ווייסט איר, חבר מרדכי, פון דער דערפאַרונג, אַז כ׳האָב פאַר אייך פערזענלעך אַ סך רעספּעקט, רעספּעקט פאַר אייך ווי אַ מענטש און ווי אַן אינטעליגענטער און פעיִקער אַרבעטער־טוער. ס׳וואָלט געווען פון מיין זייט אַ חוצפּה צו לערנען אייך ווי אַזוי איר זאָלט איצט האַנדלען אויף דער פאַרזאַמלונג. אָבער גלייבט מיר, ווען כ׳וואָלט געווען אויף אייער אָרט און געוווּסט, אַז דער שידוך צווישן לינקן בלאָק מיט אייער גרופּע איז נישט קיין ליבע־שידוך, און אַפילו נישט קיין געלט־שידוך, נאָר בלויז אַ קאָמבינאַציע פון לינקן בלאָק אויסצונוצן די אַנאַרכיסטן קעגן בונד, וואָלט איך רעזיגנירט פונעם פאָרזיצער־אַמט פון דער פאַרזאַמלונג, געדאַנקט די פאַרזאַמלטע פאַרן צוטרוי, וואָס זיי האָבן צו מיר, דערוויילנדיק מיך פאַרן פאָרזיצער פון אַזאַ וויכטיקער פאַרזאַמלונג און כ׳וואָלט געזאָגט די געגריוועטע שוסטערס, זיי זאָלן שטימען ווי עס דיקטירט זיי זייער געוויסן און אינטערעס, פּשוט געזאָגט: שטימט פאַרן בונד, און איך וואָלט רעקאָמענדירט, אַז חבר יצחקל, וועלכער האָט געקראָגן די צווייט־גרעסטע צאָל שטימען, זאָל איבערנעמען דעם פאָרזיץ, פאַרענדיקן די פאַרזאַמלונג און דורכפירן די וואַלן״.

ווען כ׳האָב געענדיקט, איז נישט געפאַלן קיין איין אַפּלאָדיסמענט. אין דעם אָנגעפּאַקטן זאַל מיט עטלעכע הונדערט געגריוועטע שוסטערס האָט געהערשט אַ דערדריקנדיקע שטילקייט. דער עולם האָט איינגעהאַלטן דעם אָטעם און געוואַרט אויף מרדכי שוסטערס רעאַקציע. און וווּנדער איבער וווּנדער: מרדכי שוסטערס ענטפער איז געווען: „איר זענט גערעכט, חבר הערשל מעטאַלאָוויעץ, אַן אָרנטלעכער מענטש דאַרף טאַקע אַזוי האַנדלען״. ער האָט פאַרגעלייגט, אַז דער בונדיסט יצחקל זאָל איבערנעמען דעם פאָרזיץ, פאַרלאָזט זיין אָרט ביים פרעזידיום־טישל און פאַרנומען אַן אָרט צווישן די אַרבעטער אין זאַל.

מרדכי שוסטערס האַנדלונג האָט אויפגערודערט די פאַרזאַמלטע. דער זאַל איז געגאַנגען כאַדאָראַם. יוסף באַסאַק האָט געשיקט אויסגענוצט די סיטואַציע און פאַרנומען דאָס אָרט פון אַ צייטווייליקן פאָרזיצער און געשטאַנען צו קאָפּנס פונעם קליינעם יצחקל ביים אַדורכפירן זיין שווערע אויפגאַבע צו פאַרענדיקן די פאַרזאַמלונג און אַדורכפירן די וואַלן.

דער רעזולטאַט פון די וואַלן ביי די געגריוועטע שוסטערס איז געווען אַ מאַסנהאַפטיק שטימען פאַר דער בונדישער ליסטע.

די ייִדישע שפּילקאָווע שוסטערס, דאָס פאַך פון פּרויען־ און מענער־שיך און מענערישע שטיוול, געמאַכטע אויף פּערזענלעכער באַשטעלונג, איז געווען דאָס איינציקע צווישן די ייִדישע אַרבעטער־פאַראיינען, וואָס איז טראַדיציאָנעל, נאָך פון די צייטן פון צאַרישן רעזשים, געווען אונטער דער השפּעה פון ס.ד.ק.פּ.ל. פּאָליטיש און אָרגאַניזאַציאָנעל, תּמיד צוזאַמען מיט די פּוילישע שוסטער־אַרבעטער.

בעת דער וואַל־קאַמפּאַניע צום וואַרשעווער אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַט האָט דער פּאַרטרעטער פונעם לינקן בלאָק אין דער פּערמאַנענטער קאָמיסיע פון די פיר ריכטונגען אויף דער וואַרשעווער ייִדישער אַרבעטער־גאַס געפאָדערט, אַז דאָס פאַך פון די ייִדישע שפּילקאָווע שוסטערס זאָל זיין אַ באַשטאַנדטייל פונעם ייִדישן לעדער־אַרבעטער־פאַראיין ביים דורכפירן די וואַלאַקציע צום אַרבעטער־ראַט, אַז די פאַכן פון די געגריוועטע שוסטערס מיט די שפּילקאָווע שוסטערס זאָלן האָבן אַ געמיינזאַמע וואַל־פאַרזאַמלונג.

די טענות און אַרגומענטן פון בונד קעגן דעם, אַז די שפּילקאָווע שוסטערס זאָלן ווערן אַ באַשטאַנדטייל פונעם ייִדישן לעדער־אַרבעטער־פאַראיין ביים דורכפירן די וואַלאַקציע צום אַרבעטער־ראַט און קעגן דערלאָזן צו אַ געמיינזאַמער וואַל־פאַרזאַמלונג מיט די געגריוועטע שוסטערס, האָט נישט געהאַט קיין פּעולה. אַ מערהייט פון דער קאָמיסיע האָט געשטיצט דעם לינקן בלאָק. ערשט די שאַרפע אָפּאָזיציע פון דער פאַך־קאָמיסיע פון די געגריוועטע שוסטערס, מיט דער פולער אונטערשטיצונג פון די אַנאַרכיסטן צווישן די געגריוועטע שוסטערס, האָט אָנגענומען אַ צווייטן באַשלוס — אַז דאָס פאַך זאָל האָבן אַן אייגענע פאַרזאַמלונג אין ייִדישן לעדער־אַרבעטער־פאַראיין.

אין שייכות מיט די דאָזיקע באַשלוסן האָט זיך אויף די זיצונגען פון דער פּערמאַנענטער קאָמיסיע אָפּגעשפּילט אַ פּיקאַנטער קווי־פּראָ־קוואָ.

דער בונד, וועלכער האָט זיך געהאַלטן פאַרן פאַרשטייער פונעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט און באַטראַכט די טיילן פון די ייִדישע אַרבעטער, וועלכע זענען נישט מיטן בונד, פאַר צייטווייליק פאַרפירטע, וואָס מ׳דאַרף געווינען, האָט מיט זיין און נעגל געקעמפט נישט צו דערלאָזן די שפּילקאָווע ייִדישע שוסטערס צו אַ געמיינזאַמער וואַל־פאַרזאַמלונג מיט אַנדערע ייִדישע אַרבעטער אין אַ פּראָפפאַראיין, וואָס האָט זיך געפונען אונטער בונדישער השפּעה, און געפאָדערט, אַז די דאָזיקע גרופּע ייִדישע אַרבעטער זאָלן זייער וואַל־פאַרזאַמלונג אָפּהאַלטן אין פאַראיין פון די פּוילישע לעדער־אַרבעטער געמיינזאַם מיט די פּוילישע שוסטער־אַרבעטער, דערקעגן ס.ד.ק.פּ.ל., וואָס האָט אַלע יאָרן און ביי יעדער געלעגנהייט באַשולדיקט און פאַרשריגן דעם בונד אין סעפּאַראַטיזם, האָט געפאָדערט, אַז אַ פאַך פון ייִדישע אַרבעטער, מיטגלידער פון אַ פאַראיין אונטער דער פּאָליטישער השפּעה און אָרגאַניזאַציאָנעלער אָנפירונג פון ס.ד.ק.פּ.ל., זאָל סעפּאַרירט ווערן פון זייערע פּוילישע חברים און פון זייער לאַנגיאָריקן פּראָפפאַראיין, פאַרבינדן זיך מיט אַ ייִדישן און

אַ בונדישן פֿאַראיין, דאָרט אָפּהאַלטן זייער וואַל־פֿאַרזאַמלונג און זייערע שטימען זאָלן פֿאַררעכנט ווערן ווי נאַציאָנאַל־יידישע אַרבעטער־שטימען.

אַ פּאַראַדאָקס? מער ווי דאָס! אַ קוהאַנדל מיט יידישע אַרבעטער־שטימען! יעדער פֿון די צוויי צדדים, אַלטע עטאַבלירטע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, האָט געהאַט אין דער אַדמה אידעאָלאָגיעס, פּראָגראַמען און פּרינציפּן...

איך בין געווען דער פֿאַרטרעטער פֿון בונד אויף דער פֿאַרזאַמלונג פֿון די שפּיל־קאָוווע שוסטערס. ס'איז געווען מיין פֿאַרשלאַג, אַז די בונדישע וואַל־קאָמיסיע זאָל מיך דעלעגירן און כ'האָב נישט געמאַכט קיין סוד פֿון די מאָטיוון פֿון מיין פֿאַרשלאַג: כ'בין געווען נייגעריק צו רעדן פֿאַר אַרבעטער, וועלכע האָבן קיין מאָל פֿריִער נישט געהערט אויף זייערס אַ פֿאַרזאַמלונג אַ בונדישן רעדנער.

כ'האָב זיך מיט קאַראַלסקין געטוישט מיט די ראָלעס. פֿריִער זענען די פּירערס און טוערס פֿון בונד געווען אָנגעשטרענגט נישט צו דערלאָזן, אַז דער לינקער בלאָק מיט קאַראַלסקין בראָש זאָל שעדיקן די בונדישע אינטערעסן אין די בונדיש־דאָמינירטע פֿאַראיינען; דאָס מאָל זענען די פּירערס און טוערס פֿון ס.ד.ק.פּ.ל. געווען באַזאָרגט, אַז דער בונד זאָל, חלילה, נישט באַאיינפֿלוסן אַ צאָל אַרבעטער פֿון די שפּילקאָווע שוסטערס. די שפּילקאָווע שוסטערס זענען טאַקע לאַנגע יאָרן אונטערן איינפֿלוס פֿון ס.ד.ק.פּ.ל. פּאָליטיש און פּראָפּאַראַייניש, וואָקסינירט קעגן אַ פֿרעמדן איינפֿלוס, אָבער אין גאַנצן זיכער קען מען קיין מאָל נישט זיין. מ'קען דאָך נישט וויסן, וואָס דער בונד האָט אין אַרבל און מיט וואָס זייער פֿאַרטרעטער, מיט וועמען מ'האָט שוין געהאַט צו זינגען און צו זאָגן, וועט שיסן אויף דער פֿאַרזאַמלונג. ס.ד.ק.פּ.ל. האָט ווי געהעריק זיך צוגעגרייט צו דער פֿאַרזאַמלונג און איז געקומען אַהין מיטן גאַנצן יידישן שטאַב. ווי אַ דעקאָראַציע האָט מען מיט־גענומען דעם פֿאַרזיצער און סעקרעטאַר, פּרושינסקי, פֿון פּוילישן לעדער־פֿאַראיין.

אין טאָג פֿון דער פֿאַרזאַמלונג האָב איך פֿאַר יוזעפֿן און יאַנעק־יאַנקעלעוויטשן פֿאַרגעלייגט מיין קומענדיקע סטראַטעגיע און טאַקטיק: אָפּערירן דער עיקר מיט יידישע אַספּעקטן. די עלעמענטן פֿון רעוואָלוציאָניזם זענען די שפּילקאָווע שוסטערס גענוג באַקאַנט פֿון זייערע פּילצאַליקע פֿאַרזאַמלונגען, און ווער ס'איז אַ בעסערער רעוואָלוציאָנער, וועט פֿאַר זיי זיין אַ קנאַפּע אַטראַקציע. פֿאַר זיי זענען לחלוטין פֿרעמד די מיינונג־פֿאַרשיידנקייטן צווישן בונד און ס.ד.ק.פּ.ל. אין יידישע ענינים און דאָס וועט קענען האָבן פֿאַר זיי אַ געהעריקן און אַ באַזונדערן אינטערעס. איך האָב פֿאַרלאַנגט אַז מיט מיר זאָל מיטקומען גרשון זיבערט, וועלכער קען די בונ־דישע פּאָזיציע אין די ספּעציפֿיש־יידישע ענינים גוט פֿאַרטיידיקן און אויב ס'וועט נייטיק זיין — זיך באַנוצן מיט דער פּוילישער שפּראַך.

גרשון זיבערט איז גראָד נישט געווען צו דיספּאָזיציע, און צווישן ביי׳ניש מיכאַלעוויטש און הערשל הימעלפֿאַרב האָב איך אויסגעקליבן מיכאַלעוויטשן פֿאַר אַ פּאַרטנער — הימעלפֿאַרב האָט צו גרויסע פֿליגן אין דער נאָז. מיט מיכאַלעוויטשן

וועט מיר גרינגער זיין זיך צו פאַרשטענדיקן אין נישט פאַרויסגעזעענע סיטו־אַציעס.

צו דער פאַרזאַמלונג זענען מיר אַוועק אין דרייען: בייניש מיכאַלעוויטש, יאַנעק־יאַנקעלעוויטש און איך. די פאַרטרעטערס פון פועלי־ציון און פון ס.ס.־פאַראייניקטע זענען נישט געקומען, און דער לינקער בלאָק מיטן בונד האָבן זיך איינגעטיילט מיט דער צייט, יעדער צד — אַ גאַנצע שעה צייט צו זיין דיספּאָזיציע. לויט דער רעדנער־רייע האָט דער לינקער בלאָק געהאַט דעם פאָרצוג פונעם ערשטן און לעצטן רעדנער. נאָך לאַנגע פאַרהאַנדלונגען איז געבליבן, אַז דער בונד קריגט אויף אַ מאָל די גאַנצע שעה צייט, וואָס ער קען צעטיילן צווישן זיינע צוויי אָדער אַפילו דריי רעדנערס. אַן ענלעכע רעכט פון צעטיילן די צייט האָט אויך געהאַט דער לינקער בלאָק.

קאַראָלסקי איז געווען דער ערשטער רעדנער און גערעדט אַ האַלבע שעה צייט. מצד דעם בונד איז דער ערשטער רעדנער געווען מיכאַלעוויטש. נאָכן מאַכן די קאָנווענציאָנעלע רעווערענסן צו די פאַרזאַמלטע, האָט מיכאַלעוויטש אָנגעהויבן זיין רעדע מיט אַ געשיקטן מאַנעווער, וואָס האָט אַרויסגעשלאָגן דעם ווינט פון די זעגלען פון לינקן בלאָק, און פאַרהיט פון אַ מעגלעכן בלאָזש פון צווישנרופן:

„איך זאָג אייך, חברים, גאַנץ אָפן, איך בין נישט באַגייסטערט מיטן גאַנג פון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. איך געהער צו אַן עלטערן דור סאָציאַליסטן. די יוגנט איז אומגעדולדיק. וועגן די ענינים פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַ־ליסטישער באַוועגונג און פון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד וועט רעדן מיין יינגע־רער פּאַרטיי־חבר, דער חבר הערשל מעטאַלאָוויעץ. איך וועל פאַר אייך רעדן וועגן בונד, זיין שטעלונג צו די ספּעציפישע יידישע פּראָבלעמען און וועגן די נויטן און באַדערפענישן פון די יידישע אַרבעטער".

בייניש מיכאַלעוויטשס 30־מינוטיקע רעדע איז געווען אין דעם בעסטן מיכאַ־לעוויטש־נוסח מיט אַן אומגעהויערן טעמפּעראַמענט, מיט אַן עכטן און קוואַלנדיקן פּאַטאָס און ער האָט אָנגעצונדן די פאַרזאַמלטע מיטן פייער פון זיין רעדן.

די צווייטע האַלבע שעה האָב איך אויסגענוצט צו רעדן בעיקר וועגן די ספּעציפישע באַדינגונגען פון די שפּילקאָווע שוסטערס, וועגן זייערע אָפּשטאַמיקע שטעטלעך און זייערע לעבנס־באַדינגונגען אין וואַרשע, וועגן די אויסערסט שווערע און אוממענטשלעכע אַרבעט־באַדינגונגען אין זייערע וואַרשטאַטלעך, אין די גע־וועלבלעך און אין די קעלער־שטובן, און וועגן זייערע פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע באַדינגונגען — וועגן זייער איזאָלאַציע פונעם יידישן אַרבעטער־קלאַס, און גאַר באַזונדערס וועגן דער נישט ווערדיקער באַציִונג און האַנדלונג מצד ס.ד.ק.פּ.ל. לגבי די שפּילקאָווע שוסטערס אין צוזאַמענהאַנג מיט דער וואַל־קאַמפּאַניע צום אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַט.

ביידע רעדעס זענען אָפט מאָל שטאַרק אַפּלאָדירט געוואָרן און האָבן דערגרייכט

זייער ציל: צו צעשלאָגן די רויטן און די פּאַרגליווערטע באַציִונג פון די שפּילקאָווע שוסטערס צו ס.ד.ק.פּ.ל. און צו שאַפן אַ סימפּאַטיע פאַרן בונד.

משמעות, אַז די פּירערס פונעם יידישן סעקטאָר פונעם לינקן בלאָק האָבן דערפילט די שטימונג און אַלאַרמירט הילף. אין מיטן מיין רעדן זענען אין פאַר־זאַמלונג־זאַל אַריינגעקומען אַ רייע ס.ד.ק.פּ.ל.־טוערס פון העכסטן עשעלאָן מיט גזשעד־קאָוואַלסקי און זאָשקאַ אונשליכט בראָש. קאָראַלסקי האָט זיך מיט זאָשקאַ אונשליכט געטיילט מיט זיין צייט, זאָשקאַ אונשליכט האָט גערעדט אין פּויליש און קאָראַלסקי אין יידיש. קיין סך ענדערן די שטימונג האָט זיך זיי נישט איינגע־געבן. דער רעזולטאַט פון דער אָפּשטימונג האָט דעם בונד געגעבן אַ באַדייטנדיקע צאָל שטימען.

אין דער קאָוויאַרניע פון פּאַן וו. האָב איך נישט פאַרפעלט זאַטאָרסקין און קאָראָלסקין אָרנטלעך אַריינצוקיבעצן: „מיט אייערע שפּילקאָווע שוסטערס זענט איר געקומען אין בונדישן לעדער־פאַראיין נאָך ירושה און באַצאָלט קבורה־געלט".

די יידישע לעדער־אַרבעטער, איינשליסלעך די געגריוועטע שוסטערס, און אין אַ געוויסער מאָס אויך די שפּילקאָווע שוסטערס, האָבן צוגעטראָגן אַ גרויסן חלק צום בונדישן וואַל־נצחון בעת דער וואַל־קאַמפּאַניע צום אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַט אין וואַרשע.

## דורכפאַלן און מפּלות

נישט מיט רויזן איז געווען אויסגעצירט דער וועג פון בונד צו זיין נצחון אין דער וואַל־קאַמפּאַניע צום וואַרשעווער אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַט, און נישט מיט קיין רויטן טעפּעך איז געווען אויסגעבעט מיין וועג ווי אַ בונדישער טוער אין דער דאָזיקער קאַמפּאַניע.

דאָס איז געווען אַ שווערער און אָפּט מאָל אַ ביטערער גאַנג, אויף וועלכן ס'האָבן נישט געפעלט קיין שטרויכלונגען, שוועריקייטן, דורכפאַלן און מפּלות.

פון די דורכפאַלן און מפּלות זענען אין זכרון פאַרבליבן די וואַל־פאַרזאַמלונגען פון די בעקערס, בוי און פאַליאַקעוויטשס טאַבאַק־פאַבריק.

דאָס בעקערפאַך און די בעקער־אַרבעטער אין וואַרשע זענען געווען דער חוט־השדרה פון דער וואַרשעווער בונדישער אָרגאַניזאַציע זינט דער אַנטשטייונג פון בונד ווי אַ פּאַרטיי.

אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס אין וואַרשע האָט דאָס בעקערפאַך פאַרנומען אַ ספּעציפיש און חשוב אָרט. דאָס פאַך האָט פאַרמאָגט אַ גוטע אינערלעכע אָרגאַניזאַציע אַפילו אין די צייטן פונעם שווערסטן צאַרישן טעראָר־רעזשים אין די יאָרן 1907—1915. דאָס איז געווען דאָס איינציקע פאַך אין דער יידישער אַרבעטער־סביבה, וווּ אַרבעטלאָזע זענען געווען

אַן אינטעגראַלער טייל, מיט וועלכע מ'האָט זיך געטיילט מיט דער אַרבעט. דער „פּייראַנט״, דאָס צוטיילן די אַרבעטלאָזע אַ נאַכט אָדער צוויי נעכט אַרבעט איז געווען אַ געזעץ פאַר יעדן בעקער־אַרבעטער און געמוזט רעספּעקטירט ווערן דורך די באַלעבאַטים.

אינעם בעקערפאַך האָט קיין מאָל נישט עקסיסטירט קיין אַנטיבונדישע אָפּאָזיציע. די אָפּאָזיציע פון שמאי בעקער, וועלכער האָט געהאַט דאָס בעקערפאַך הינטער זיך, בעת די צוגרייטונגען צום 7טן בונדישן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר, ערב דעם אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז נישט געווען קיין אַנטיבונדישע אָפּאָזיציע, נאָר אויסשליסלעך קעגן געוויסע האַנדלונגען פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד און קעגן דעם פאַרשטייער פון צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד, משה ראַפעס, אין שייכות מיט די וואַלן צום 7טן בונדישן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר.

און אין דעם דאָזיקן בונדיש־דאָמינירטן פאַך האָט בעת דער וואַל־קאַמפּאַניע צום וואַרשעווער אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַט דער בונד געליטן אַ שווערן דורכפאַל.

די בעקער־אַרבעטער און די מערסטע פון זייערע פירערס, מיט שמאי בעקער בראָש, האָבן זיך תמיד געפונען אויף דער ראַדיקאַלער פּאָזיציע אין דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג. די אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט אויף די בעקער־אַרבעטער געהאַט אַ גרויסן איינפלוס. זיי זענען געוואָרן אַ וויכטיקער אָנשפּאַר פאַר די לינקע אין בונד, אָבער געבליבן טראַדיציאָנעל בונדיש. די לאַגע האָט זיך געביטן מיטן צוריקקומען פון בעקער פון שמאי בעקער פון דייטשישן געפאַנגען־לאַגער.

אין די ערשטע טעג פון דער דייטשישער אָקופּאַציע פון וואַרשע, זומער 1915, איז איינע פון די ערשטע דעקרעטן פון דער מיליטערישער אָקופּאַציע־מאַכט געווען אַ פאַראָרדענונג, אַז די אַקטיווע מיליטער־לייט פונעם רוסישן מיליטער, וועלכע זענען צוליב וועלכע ס'איז סיבות געבליבן אין וואַרשע, מוזן זיך תיכף צושטעלן אויף באַשטימטע זאַמלפּונקטן. שמאי בעקער איז געווען אַ דעזערטיר פון דער רוסישער אַרמיי און דאָס קנאַפּע יאָר פון דער מלחמה האָט ער דורכגעלעבט אין שווערע באַדינגונגען פון אומלעגאַלקייט. ער איז געווען זיכער, אַז דאָס רוסישע מיליטער וועט בקרוב אומקערן זיך קיין וואַרשע, און ער האָט באַשלאָסן זיך צוצושטעלן צו די זאַמלפּונקטן און אָפּגעשיקט ווערן קיין דייטשלאַנד. קיין שום אָפּרעדעניש האָבן נישט געהאַט קיין פּעולה, און שמאי בעקער איז אָפּגעשיקט געוואָרן אין אַ דייטשישן מיליטער־געפאַנגען־לאַגער נישט ווייט פון בערלין.

די לאַגער־באַדינגונגען זענען פאַר שמאי בעקער געווען דערטרעגלעכע. אַ גוטער פאַכמאַן, איז ער אין די לאַגערן באַשעפטיקט געווען ביי זיין פאַך. אַ רעגולערע שטיצע פון שפּייז און געלט פונעם בעקער־פאַראיין האָט אים געהאָלפן ביי־קומען די נויט אין די לאַגערן. שמאי האָט נישט פאַרטאַכלעוועט קיין צייט, אויסגעלערנט די דייטשישע שפּראַך און אַ סך געלייענט. דורך פאַרשיידענע וועגן און

אומוועגן איז צו אים דערגאַנגען די לעגאַלע און אומלעגאַלע ליטעראַטור פון די אומאָפּהענגיקע און פון ספּאַרטאַקוס־בונד. פּאָליטיש האָט ער גראַוויטירט צום ספּאַרטאַקוס־בונד און אַקטיוו זיך באַטייליקט אין די רוסישע פּראָ־באָלשעוויסטישע אָרגאַניזאַציעס צווישן די רוסישע מיליטער־געפאַנגענע.

קיין וואַרשע איז שמאַי בעקער צוריקגעקומען אין די ערשטע טעג פון דער פּוילישער הערשאַפט און תּיכּף האָט ער זיך געשטעלט אויף זיין געזעלשאַפטלעכן פּאָסטן אינעם בעקער־פאַראיין. ער האָט פאַרנומען אַ ראַדיקאַלע פּאָזיציע אין די דעמאָלטדיקע ענינים פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, און אַ נעגאַטיווע שטעלונג נישט נאָר צו דער פּאָליטיק פון בונד אין רוסלאַנד, נאָר אויך צו די איינשטעלונגען און פּאָליטישע האַנדלונגען פון דער צענטראַלער אָנפירונג פון בונד אין פּוילן, און אַפילו צו דער פּאָליטיק און האַנדלונגען פון די לינקע אין וואַרשע.

שמאַי בעקער איז נישט געווען קיין טיפּ פון אַ פּאָליטישן הפקר־יונג, נישט קיין ניהיליסט פונעם שניט זוסמאַן פונעם בויפאַראיין. פאַר אים זענען יידישע אַרבעטער־אינטערעסן נישט געווען קיין „באַפּלעוואַט" פונעם מין: „די וועלט וועט נישט אונטערגיין אויב ס'וועט נישט זיין קיין יידיש פאָלק". זיין פיינטשאַפט צו ס.ד.ק.פּ.ל. איז נישט געוואָרן קיין פאַרגאַנגענער רודימענט, און איידער ער האָט זיך דעצידירט, האָט ער דורכגעפירט אַ רייע געשפּרעכן מיט די פירערס און פירנדיקע טוערס פון בונד.

זיין מיינונג וועגן די מענטשן, מיט וועלכע ער האָט געפירט געשפּרעכן, איז געווען אַ שאַרף נעגאַטיווע. אויף אַ לאַפּידאַר־סאַרקאַסטישן אופן האָט ער כאַראַקטעריזירט די פירערס און טוערס פון בונד, מיט וועלכע ער האָט זיך באַגעגנט. יוזעף — „אַ פּאָליטישער בר־מינן זינט 1907"; וולאַדימיר מעדעם — „פאַרמאָגט אַ זילבערן גלעקל אין מויל און אַ גאָלדענע פעדער אין האַנט, צוגעפּאַסט פאַר די דוי־טשע מאַנאַטסהעפטע (אָרגאַן פונעם רעפאָרמיסטישן פליגל פון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע) אָדער פאַר דער וועלט אַם מאָנטאַג" (אַן אָרגאַן פון די דייטשישע בירגערלעכע ראַדיקאַלן און פּאַציפיסטן); עמנואל נאָוואָגרודסקי — „יענער חברה־מאַן, ער איז פּעיִק אויף אַלעם"; וואַסער — „האָט וואַסער אין קאָפּ און טעמפּ ווי אַן אייזל". אַגב, אַן ענלעכע אָפּשאַצונג „אַ טעמפּער קאָפּ" איז געקומען פון דעם יונג־פאַרשטאָרבענעם אַוורעמל שטריקער נאָך זיינס אַ געשפּרעך מיט מאיר (חיים) וואַסער, זומער 1915. אַ געוויסן אָפּשיי האָט שמאַי בעקער געהאַט פאַר יוסף באַסאַק. צו מיר האָט ער געהאַט אַ באַציִונג פון אַן עלטערן פראַטעזשע. מיט יוסף באַסאַקן און מיט מיר האָט ער אָנגעהאַלטן אַ נאָענטן קאָנטאַקט און געפירט אומצאָליקע שמועסן.

פאַר יוזעפן, דעם „כאַזאַין" פון בונד, איז נישט פרעמד געווען די מאַקסימע: קענסטו וועמען נישט געווינען — קויף אים אָפּ. און יוזעף האָט פאַרגעלייגט, מ'זאָל

שמאי בעקער צוקאָאָפּטירן צום וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד. אַזאַ פּאָר־שלאָג איז געמאַכט געוואָרן אויף אַ זיצונג פונעם פּאַרטיי־קאָמיטעט און אָנגענומען געוואָרן מיט אַ באַדייטנדיקער מערהייט. שמאי בעקער האָט בייגעוווינט אַ 2—3 זיצונגען און מער נישט געקומען. ער האָט נישט געמאַכט פאַר יוסף באָסאַקן און מיר קיין סוד אַז ער פירט געשפּרעכן מיט מענטשן פונעם לינקן בלאָק. וועגן קאַראַלסקין האָט ער גערעדט מיט גרינגשאַץ, מיט אַ געוויסן רעספּעקט — וועגן זאַטאַרסקין, און מיט אַ סך אָפּשיי — וועגן געוויסע פירנדיקע פּוילישע טוערס. ער האָט אָבער נישט געוואָלט זאָגן ווער זיי זענען געווען. לויט אַלע וואַרשיינלעכ־קייטן איז צווישן די דאָזיקע טוערס געווען דער אַלטע ד״ר זאַקס.

אין איינעם אַ טאָג האָט שמאי בעקער געלאָזט וויסן יוסף באָסאַקן, אַז זיינע באַציִונגען מיטן בונד זענען פולשטענדיק איבערגעריסן. ער וועט שטיצן דעם לינקן בלאָק אין דער וואַל־קאַמפּאַניע צום וואַרשעווער אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַט. אין ס.ד.ק.פּ.ל. וועט ער נישט אַריינטרעטן. וועגן זיין פּאַרטיי־אָנגעהעריקייט וועט ער באַשליסן נאָך דער גרינדונג פון אַ קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

אין שייכות מיט די וואַלן צום אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַט איז ביי די בעקער־אַרבעטער פאָרגעקומען אַ ויתרוצצו צווישן דער לאַנגיאָריקער פאַרבינדונג און לאָיאַליטעט צום בונד און דעם אויטאָריטעט פון שמאי בעקער ווי דעם פירער פונעם פאַך. שמאי בעקער איז געווען דער אומקוועסטיאָנירטער פירער פון די בעקער־אַרבעטער, דער נישט געקרוינטער קייסער פונעם בעקערפאַך: „יענע זאַכן קען ער מער און בעסער ווי אַ שמענטיליגענט. ער קען געבן און גיט ווען מ׳דאַרף אַ מתנת־יד, אַז צען יוכעס גיסן זיך פון אַלע זייטן. און ווי אַזוי איינצומעלדן און צו מאַכן אַ כפול־שמונהדיקן „מי שברך״ מעגן זיך די יאַטן פונעם אָסטראָווסקי־געסל ביי אים גיין לערנען. שמאי און דער בונד איז ביי די בעקער־אַרבעטער געווען איינס און דאָס זעלבע. מיט אַ מאָל אַזאַ קאָנפוזיע: שמאי און דער בונד געפינען זיך אויף צוויי באַזונדערע קעגנגעזעצטע און זיך באַקעמפנדיקע פּאָזיציעס! ראַדיקאַל־סאָציאַליסטיש געשטימט איז מען, צו דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע איז מען אַ מחותן, פאַר לענינען און טראָצקין וואָלט מען אין פייער געגאַנגען — און גיי קלייב אויס צווישן בונד און שמאי בעקער!

די אָנפירונג פון בונד, די וואַרשעווער און די צענטראַלע, האָבן גוט געוווּסט וועגן דער לאַגע אינעם בעקער־פאַראיין און דער שטימונג ביי די בעקער־אַרבעטער. לאַנג און ערנסט האָט מען דיסקוטירט איבער דער דאָזיקער לאַגע און אָנגענומען אַלע מעגלעכע מיטלען נישט צו פאַרלירן דעם בעקער־פאַראיין. מ׳האָט גערופן באַראַטונגען פון פּאַרטיי־מיטגלידער און סימפּאַטיקערס, אויף וועמענס לאָיאַליטעט מ׳האָט געלייגט האָפענונגען, אָפּגעלייגט די וואַל־פאַרזאַמלונג פון די בעקערס ביז די בונדישע נצחונות אויף אַנדערע אָפּשניטן זענען געווען בולטע און פאַר רעדנערס אויף דער וואַל־פאַרזאַמלונג געשיקט די צוויי לינקע קאַנאָנען, עמנואל נאָוואָ־

גרודסקי און הערשל מעטאַלאָוויעץ, וועלכע האָבן זיך שוין קונה־שם געווען אין דער וואַל־קאַמפּאַניע. באַזונדערס גרויסע האַפענונגען האָט די אָנפירונג פון בונד דאָס מאָל געלייגט אויף נאַוואָגרודסקין, וועלכער איז אַ צייט געווען דער סעקרעטאַר פונעם בעקער־פאַראיין און דאָרט האָט ער אָנגעהויבן זיין בונדישע קאַריערע.

די וואַל־פאַרזאַמלונג פונעם בעקער־פאַראיין האָט געדויערט צוויי טעג, פון 11 אַ זייגער אין דער פרי ביז אַרום 5 פאַר נאַכט. אויף דער פאַרזאַמלונג האָט מען נישט שטרענג אָפּגעהיטן די פּראָצעדור פון רעדן און ס'האָבן גערעדט ווער ס'האָט געוואָלט און וויפל איינער האָט געוואָלט. פיינלעך איז געווען צוצוקוקן צו דער לאַגע פון די רעדנערס פון פּועלי־ציון און ס.ס.־פאַראייניקטע. זיי האָבן גערעדט פאַרן פאַרזיצער און פאַר די ווענט. די בעקער־אַרבעטער האָבן זיי נישט געוואָלט הערן און מאַסנווייז פאַרלאָזן דעם זאַל. מיט קאַראַלסקין איז מיטגעקומען אַ גרויסער שטאַב און דער פירער פון פוילישן באַשפּייז־פאַראיין, אולמאַן, אַ גלענצנדיקער רעדנער און אַ זייער סימפּאַטישער יונגער פּוילישער אַרבעטער־טוער, און צווישן די רעדנערס פונעם לינקן בלאָק האָבן זיך געפונען חוץ קאַראַלסקין אויך אולמאַן און עקשטיין. עקשטיין, אַ סטאָליאַר פון פאַך, איז נישט געווען קיין גרויסער רעדנער, אָבער מיט אַ קרוין פון אַ פאַרמישפּטן צום טויט דורכן צאַרישן רעזשים בעת דער רעוואָלוציע פון 1905–1906, איינער פון די געבילדעטסטע אַרבעטער־טוערס, וואָס די אָ־בעטער־באַוועגונג פון פוילן האָט פון זיך אַרויסגעגעבן. פאַרן לינקן בלאָק האָבן אויך גערעדט עטלעכע בעקער־אַרבעטער מיט שמאי בעקער בראָש, וועלכער איז געווען דער פאַרזיצער פון דער וואַל־פאַרזאַמלונג.

אויך מיט נאַוואָגרודסקין און מיט מיר איז מיטגעקומען אַ גרויסער און סאָלי־דער בונדישער שטאַב. אינעם בונדישן שטאַב האָבן זיך געפונען: יוזעף (דער ערשטער און איינציקער פאַל ווען יוזעף האָט זיך באַטייליקט אין אַ וואַל־פאַרזאַמ־לונג), יאַנעק־יאַנקעלעוויטש, דוד מייער, יוסף באַסאַק, מרדכי שניידער און חנינא קראַמאַרסקי. די לעצטע דריי און אויך עטלעכע בעקער־אַרבעטער האָבן זיך מצד בונד באַטייליקט אין דער דיסקוסיע.

מיט קיין קונצשטיק האָט מען אויף דער בעקער־פאַרזאַמלונג זיך נישט געקענט באַוויזן. ביידע שטאַבן זענען געווען גרייט פאַר יעדער עווענטואַליטעט: דער קאַמף האָט געמוזט אויסגעפּעכט ווערן אויף דער ליניע: בונד — לינקער בלאָק; וועלכע זענען די אונטערשיידן צווישן די צוויי ריכטונגען.

צום שלימזל איז נאַוואָגראַדסקי געווען הייזעריק ווי די וואָנט, און נאָך די ערשטע עטלעכע מינוט פון זיין רעדן האָב איך געמוזט איבערנעמען די ראָלע אויך פונעם ערשטן בונדישן רעדנער און ווערן אינעם ערשטן טאָג פון דער בעקער־פאַרזאַמלונג דער הויפּטשיסער מצד דעם בונד. ערשט אויפן צווייטן טאָג איז נאַוואָגרודסקי עטוואָס פעיִקער געוואָרן זיך צו באַטייליקן אין דער דיסקוסיע, און האָט געטאָן אָרגאַניזאַציאָנעל אַלץ, כדי צו פאַרריכטן דעם בונדס מערכה.

דער רעזולטאַט פון דער וואַל־פאַרזאַמלונג איז געווען אַ גאַמינעלע מערהייט פאַרן בונד. די פּראָפּאָרציע פון די מאַנדאַטן — אומגעפער 3 צו 2 לטובת דעם בונד. די דערוויילטע בונדישע דעלעגאַטן זענען אָבער געבונדן געוואָרן מיט אַן איינשטימיקן באַשלוס, אַז אַלע בעקער־דעלעגאַטן אין אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַט זענען מחויב צו שטיצן די רעוואָלוציאָנערע רעזאָלוציעס און רעוואָלוציאָנערע האַנדלונגען אומאָפּהענגיק פון וואָס פאַר אַ ריכטונג זיי זאָלן נישט קומען. אין דעם פאַל האָט עס געהייסן פּאַקטיש שטיצן דעם לינקן בלאָק אויפן חשבון פון דער בונדישער פּאַרטיי־דיסציפּלין. ווי אַ רעזולטאַט פונעם דאָזיקן באַשלוס האָט איינער פון די בעקער־דעלעגאַטן, דער בונדיסט מלך ציגעלמאַן, דער פאָרזיצער פון דעם בונדיש־דאָמינירטן בעקער־פאַראיין אין די דרייסיקער יאָרן, אין מאָל עפּנטלעך געשטימט אַנדערש ווי ס׳האָט געשטימט די בונדישע פראַקציע. אַגב, איז דאָס געווען איינע פון די צוויי עפנטלעכע בונדישע דיסציפּלין־ברוכן אויפן פאָרום פונעם וואַרשעווער אַרבעטער־ראַט. דער צווייטער פאַל איז געווען מצד דעם מיטגליד פון פּרעזידיום פון אַרבעטער־ראַט יוסף באַסאַק, וועלכער האָט זיצנדיק ביים פּרעזידיום־טיש געשטימט אַנדערש ווי די בונדישע פראַקציע האָט געשטימט.

דער אויסגאַנג פון די וואַלן אינעם בעקער־פאַראיין איז געווען אַ שווערער קלאַפּ פאַרן בונד און אַ ביטערע איבערלעבעניש פאַרן בונדישן העכערן אַקטיוו, באַזונדערס פאַר די לינקע טוערס פון בונד.

הגם בונד האָט איינגעהאַלטן אַ מערהייט אין דער פאַרוואַלטונג און געקריגן מער מאַנדאַטן צום אַרבעטער־ראַט ווי דער לינקער בלאָק, איז די גאָמינעלע מערהייט פון דער פאַרוואַלטונג און די גאַמינעלע מערהייט פון מאַנדאַטן צום אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַט אין דער ביז דאַן שטאַרקסטער און מאַנאַליטישער פעסטונג פון בונד אין וואַרשע, געווען אַ מעמענטאָ מאָרי פאַר דער צוקונפט פון בונד אין בעקער־פאַראיין און ביי די בעקער־אַרבעטער.

אַגב־אורחא, נאָך דער שפּאַלטונג פון בונד, האַרבסט 1921, איז דאָס בעקערפאַך פאַרן בונד געווען פולשטענדיק פאַרלוירן; די קאָמוניסטן האָבן דאָמינירט דעם דאָזיקן פאַראיין. די קליינע בונדישע גרופּע האָט נישט געשפּילט קיין שום ראָלע ווי אַן אַלטערנאַטיווע צו די קאָמוניסטן. די קאָמוניסטישע העגעמאָניע אינעם בעקער־פאַראיין איז געווען אַן אַבסאָלוטע ביז זומער 1930, — ביז צום דערמאָרדן דורך קאָמוניסטן דעם בעקער־אַרבעטער גויערמאַן.

דער רעזולטאַט פון די וואַלן צום וואַרשעווער אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַט ביי די אַרבעטער פון פּאָליאַקעוויטשס פּאַפּיראָסן־פאַבריק איז פאַר מיר געווען פון פאָרויס קלאָר: דער בונד האָט נישט קיין שאַנסן פון דער וואַל־פאַרזאַמלונג צו פּראָפּיטירן. דער בונד האָט אָבער נישט געקענט רעזיגנירן פון אָנטיילנעמען אין דער וואַל־פאַרזאַמלונג; דאָס רעזיגנירן וואָלט געמיינט געבן דער יידישער גרופּע

פון ס.ד.ק.פּ.ל. אַ פּאַטענט אויף פּאָליטישער אַליינהערשאַפט אויפן דאָזיקן וויכטיקן אָפּשניט פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג פון פּוילן. און, אפשר, אפשר האָט די אָנפירונג פון בונד זיך געטראַכט — וועט די פּאַרטרעטער פון בונד אויף דער וואַל־פאַרזאַמלונג דאָך זיך איינגעבן עפּעס צו געווינען, צו געווינען כאָטש איין מאַנדאַט און ברעכן דעם מאָנאָפּאָל פון ס.ד.ק.פּ.ל. אויף דער דאָזיקער אויסנאַמלעך וויכטיקער אַרבעטער־פּלאַצווּקע אין וואַרשע. אויך אין פּאָליטיק קענען דאָך אַ מאָל געשען ניסים.

דער ייִדישער גרופּע פון ס.ד.ק.פּ.ל. איז ממש געגאַנגען אין לעבן נישט צו דערלאָזן דער בונד זאָל האָבן דעם מינדסטן געווינס אויף דער וואַל־פאַרזאַמלונג פון פּאַליאַקעוויטשס טאַבאַק־פאַבריק. די דאָזיקע גרופּע איז געשטאַנען אויפן שוועל צו ווערן דער ייִדישער סעקטאָר פון דער אָט־אָט אַנטשטייענדיקער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פּוילן, און דאָס זיין דער איינציקער פאַרטרעטער פון די אַרבעטער פון פּאַליאַקעוויטשס טאַבאַק־פאַבריק, פון דער גרעסטער טאַבאַק־פאַבריק פון פּוילן, די מאָדערנסטע און אינדוסטריאַליזירטע ייִדישע פאַבריק מיט דער גרעסטער צאָל ייִדישע פאַבריק־אַרבעטער אין פּוילן — איז פאַר זיי געווען פון דער גרעסטער וויכטיקייט. מיט פּאַליאַקעוויטשס טאַבאַק־פאַבריק, מיטן בויפאַראיין, וואָס זיי האָבן געהאַט שוין ביי זיך אין טאַש, און אַ געווינס ביי די געגריוועטע שוסטערס ווי אַ רעזולטאַט פון אַ וואַלאַפּמאַך מיט דער אַנאַרכיסטישער גרופּע אין ייִדישן לעדער־אַרבעטער־פאַראיין, וואָלט דער אָנזען און פּרעסטיזש פון דער ייִדישער גרופּע אויפן גרינדונג־צוזאַמענפאָר פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פּוילן געווען אַ וואָגיקער. אינעם אַרבעטער־ראַט און אין דער ייִדישער אַרבעטער־סביבה וואָלט די אַנטשטאַנענע קאָמוניסטישע פּאַרטיי געקענט פּרעטענדירן צו זיין דער עכטער פּאַרטרעטער פון ייִדישן פּראָלעטאַריאַט, דער רעפּרעזענטאַנט פונעם אינדוסטריעלן און פונעם מער־אינדוסטריאַליזירטן טייל פון ייִדישן אַרבעטער־קלאַס, און אַזוי אַרום שטעמפּלען דעם בונד, ווי דעם פּאַרטרעטער פון דעם אינדוסטריעל־צוריקגעשטאַנענעם, באַלמעלאָכישן און מאַנופאַקטורעלן טייל פון דער פּראָדוקציע אויף דער ייִדישער גאַס, פון די אַרבעטער פון די קליינע וואַרשטאַטן. די ייִדישע גרופּע פון ס.ד.ק.פּ.ל. האָט געטאָן אַל דאָס מעגלעכע זיך צו באַוואָרענען מיט אַן אַבסאָלוטן דערפאָלג אויף דער וואַל־פאַרזאַמלונג פון די אַרבעטער פון פּאַליאַקעוויטשס טאַבאַק־פאַבריק.

די פירערשאַפט פון דער ייִדישער גרופּע פון ס.ד.ק.פּ.ל. האָט גוט געוווּסט, אַז דער שליסל פון זייער זיג ליגט נישט אין אַ געוווּנענעם קאַמף צווישן לינקן בלאָק און בונד, נאָר פון דער שטעלונג, וואָס ס'וועט פאַרנעמען די פאַבריק־אַרבעטערין צעשע, ווענענס וואָרט ס'איז ביי די פאַבריק־אַרבעטערינס געווען ווי אַ געזעץ, און זיי האָבן זי אַרומגענומען מיט אַ קאָרדאָן פון אייגענע מענטשן, וועלכע זיי האָבן אַריינגעפירט אין דער פאַבריק, מיט אַ צאָל מענטשן פון זייער סביבה,

וועלכע האָבן צעשען מיטגענומען אין פאַרשיידענע ערטער: אין דער קולטור־געזעלשאַפט „וויעדזאַ", אין קינאָס, אין טעאַטערס און אויף קאָנצערטן. דאָס דאָזיקע מיידל האָט זיך געפונען געשמייכלט פון דעם אויפזען, וואָס די „אינטעליגענטקעס" וויזן איר אַרויס.

צעשע, „די כוואַצקע מויד", ווי מ'האָט זי גערופן אין די בונדישע קרייזן, איז געווען אַן אייגנאַרטיקער טיפּ אין דער יידישער אַרבעטער־סביבה אין וואַרשע. זי איז געבוירן און אויפגעהאָדעוועט געוואָרן אין דער גרעסטער אָרעמקייט, אין אַ קעלערשטוב אויפן אַסטראַווסקע־געסל. די עלטערן זענען געווען קנאַפּע מקפּידים אויף צניעות און געלעבט אין אַ סביבה פונעם זומפּיקסטן עלעמענט פון דער וואַרשעווער יידישער באַפעלקערונג. אַ געזונטע, אַ פולבלעכע, אַ הויכע, מיט אַ שיין פאַרשייט פּנים, אַ הונדערט פּראָצענטיקע אַנאַלפאַבעטין, איז צעשע פון אירע יינגסטע יאָרן אַריינגעצויגן געוואָרן אינעם זומפּיקן לעבן פון איר סביבה, געווען אַ „כלה" פון איינעם פון די העלדן פון דער באַנדע „פּרעטענסיע־נעמערס" אין איר געגנט, איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט, באַקאַנט געוואָרן אין איר געגנט ווי איינע פון די „בלאַטע מיידן" און געוואָרן אַ קלינעט ביי דער גראָבער כאַנטשע, אַן אַקושערקע, וועלכע האָט זיך פאַרנומען מיט אומלעגאַלע אַבאָרטן.

צו 13 יאָר איז צעשע געוואָרן אַן אַרבעטערין אין פּאַליאַקעוויטשס טאַבאַק־פאַבריק, „פּאַליאַקעוויטשס אַ מיידעלע", פון דער פאַבריק, וואָס איז געווען אַ גאָלד־גרובן פאַר די לומפּיקע באַנדעס פון די פּרעטענסיע־נעמערס און אַנדערע אונטער־וועלט־פאַרשוינען אין די רעאַקציע־יאָרן 1907—1914 אונטערן צאַרישן טעראָר־רעזשים.

דאָס לעבן פון צעשען האָט זיך אָנגעהויבן ענדערן מיט דער מפּלה פון די פּרעטענסיע־נעמערס, נאָך דעם ווי דאָס דאָזיקע פּעסט איז ענדגילטיק אויסגעראָטן געוואָרן דורך דער אָרגאַניזירטער יידישער אַרבעטערשאַפט האַרט פאַרן אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

אַ צייט איז צעשע געווען די געליבטע פון איינעם פון די מעכאַניקערס פון פּאַליאַקעוויטשס פאַבריק — אַ גאַנץ אינטעליגענטער אַרבעטער, וועלכער האָט אויף איר געהאַט אַ גוטן איינפלוס און איר לעבן האָט אָנגעהויבן ווערן מער זויבער. צעשע האָט אָנגעהויבן קריגן אַן איינפלוס אויף די פאַבריק־אַרבעטערינס.

אין 1915, ווען דורכן בונד איז געשאַפן געוואָרן דער יידישער טאַבאַק־אַרבעטער־פאַראיין, זענען די אַרבעטער פון פּאַליאַקעוויטשס טאַבאַק־פאַבריק געוואָרן פּראָפעסיאָנעל אָרגאַניזירט. צעשעס געליבטער איז דורך דער דייטשישער אָקופּאַציע־מאַכט פאַרשיקט געוואָרן קיין דייטשלאַנד און דער טאַבאַק־פאַראיין איז געוואָרן איר לעבן. דאָס אַנאַלפאַבעטישע מיידל איז געוואָרן די פירערין פונעם פאַראיין און האָט אַרויסגעוויזן אַן אויסנאַמלעכן טאַלאַנט פון אַ געבוירענעם פירער. צעשע איז געוואָרן די קייסערינע פון פּאַליאַקעוויטשס טאַבאַק־פאַבריק. איר וואָרט

איז פאַר די אַרבעטערינס פון פּאָליאַקעוויטשס פּאַפּיראָסן־פאַבריק געווען אַ געזעץ, וואָס זיי האָבן אָן שום באַדינגונגען דורכגעפירט.

אין טאַבאַק־אַרבעטער־פאַראיין האָט צעשע געהאַט איבער זיך אַ העכערע מאַכט, וועמען זי האָט זיך אונטערגעאָרדנט מיט לייב־און־לעבן — דעם איינפלוס פון יחיאל ניימאַן.

יחיאל ניימאַן איז געווען דער פירער פונעם טאַבאַק־פאַראיין. ער איז געווען אַן אינטעליגענטער אַרבעטער און אַ פעיִקער אַרבעטער־טוער, איינער פון די אינטעליגענטסטע אַרבעטער־טוערס, וואָס די ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג האָט פון זיך אַרויסגעגעבן. אַ געמיטלעכער, אַן איידעלער אין באַנעמונג, אַ רעפּרעזענטאַטיווער און אַ ציכטיקער אין יעדער הינזיכט, אין דער הלבשה און אין דער מאָראַל (וועגן זיינע פּאָליטישע חסרונות וועט מיר נאָך אויסקומען צו דערציילן), — האָט יחיאל ניימאַן געהאַט אַן אומגעהויערע השפעה אויף די אַרבעטערינס פון פּאָליאַקעוויטשס טאַבאַק־פאַבריק. פאַר צעשען איז יחיאל ניימאַן געווען אַן אַנטפּלעקונג. אַזאַ טיפּ מענטש האָט זי פריִער קיין מאָל נישט באַגעגנט. מיט איר פּרימיטיוון מוח האָט זי נישט געקענט פאַרשטיין, ווי אַזוי אַזאַ שטייגער מאַנספּאַרשוין, וועלכער באַוועגט זיך צווישן אַזוי פיל פרויען, זאָל זיך נישט פאַרשטעפּען מיט קיין איינער אויפן מינדסטן אופן. זי וואָלט אַן אַ פּיפּס צו טאָן געגאַנגען מיט אים אין בעט אַריין, און צו ווערן זיין פרוי איז פאַר איר געווען אַ טרוים, וואָס זי האָט אַפילו נישט געוואָגט צו חלומען. יחיאל ניימאַנס פיזישע און מאָראַלישע ציכטיקייט און זיינע פעיִקייטן מיטן אָנפירן פונעם טאַבאַק־פאַראיין איז געווען די גרעסטע איבעררּאַשונג אין איר לעבן. זי האָט זיך אונטערגעגעבן זיין השפעה אָן שום רעזערוואַציעס. יחיאל ניימאַנס אַ פאַראָרדענונג, אַן אָנווייז, איז פאַר איר, און אַזוי אויך פאַר אַלע מיטגלידער פונעם טאַבאַק־פאַראיין, געווען אַ געזעץ.

די באַדינגונגען אין בונדישן פאַרטיי־לעבן: גרויסע אַרעסטן, יחיאל ניימאַנס אַנטלויפן פון וואַרשע, אַ קנאַפּע און אַ שלעכטע אויפזיכט מצד דעם געבליבענעם בונדישן אַקטיוו אויפן טאַבאַק־פאַראיין, און אומשטענדן אין דער טאַבאַק־פאַבריק גופא, האָבן גורם געווען, אַז קאַראָלסקין זאָל זיך איינגעבן צו געווינען דעם פאַראיין. אַן אומגליקלעך־געפירטער שטרייק דורך קאַראָלסקין האָט מעגלעך געמאַכט, אַז דער בונד זאָל צוריקבאַקומען דעם דאָזיקן פאַראיין. קעגן מיין מיינונג האָט די וואַרשעווער פאַרטיי־אָנפירונג, צוזאַמען מיט וולאַדימיר מעדעם און יאַנעק יאַנקעלעוויטש, זיך אַרויסגעזאָגט קעגן אַריינמישן זיך פון בונד אין שטרייק, און דער טאַבאַק־פאַראיין איז געבליבן אין די הענט פון דער ייִדישער גרופּע פון ס.ד.ק.פּ.ל.. צעשע מיט איר איינפלוס אויף די אַרבעטערינס איז אָבער ווייטער געבליבן דער דאָמינירנדיקער פאַקטאָר אין פּאָליאַקעוויטשס טאַבאַק־פאַבריק. איר שטעלונג און איר שטיצע פאַר וועלכן ס׳איז צד אויף דער וואַל־פאַרזאַמלונג וואָלט דעצידירט וועגן דעם אויסגאַנג פון די וואַל־רעזולטאַטן פון פּאָליאַקעוויטשס פּאַפּיראָסן־פאַבריק.

ווען די אָנפיר־אָרגאַנען פון בונד אין וואַרשע האָבן באַהאַנדלט דעם ענין פון דער וואַל־פאַרזאַמלונג פון די אַרבעטער פון פּאָליאַקעוויטשס טאַבאַק־פאַבריק, האָב איך קאַטעגאָריש זיך אָפּגעזאָגט צו באַדינען די פאַרזאַמלונג און געוועזן קעגן, אַז יאַנעק־יאַנקעלעוויטש זאָל זיך אויך ווען ס'איז אופן באַטייליקן אין דער פאַר־זאַמלונג. איך האָב דערקלערט, אַז די קעגנערשאַפט מצד צעשען קעגן בונד וועט נישט זיין צוליב לינקס און רעכטס, נאָר צוליב דער בונדישער האַנדלונג בעת דעם שטרייק אין פּאָליאַקעוויטשס פאַבריק. איך האָב פאַרלאַנגט תּיכּף אַראָפּצו־ברענגען יחיאל ניימאַנען פון לובלין, ווו ער איז געווען פאַרטיי־יש באַשעפטיקט, ווי דעם יעניקן, וועלכער קען אפשר עפּעס ראַטעווען: יחיאל ניימאַן זאָל זיך זען מיט צעשען פאַר דער פאַרזאַמלונג און באַמי־ען זיך זי צו געווינען לטובת דעם בונד. יחיאל ניימאַן, עמנואל נאָוואָגרודסקי און גרשון זיבערט, וועלכע האָבן זיך נישט געפונען אין וואַרשע בעת דעם שטרייק אין פּאָליאַקעוויטשס פאַבריק, זאָלן זיין די פאַרטרעטערס פון בונד אויף דער וואַל־פאַרזאַמלונג פון די אַרבעטער פון פּאָליאַ־קעוויטשס טאַבאַק־פאַבריק.

מיינע פאָרשלאָגן זענען אונטערגעשטיצט געוואָרן פון טיילעכע חברים, אָבער יוזעף האָט אין דעם פאַל פאַרלוירן זיין מערקווערדיקן חוש פאַר רעאַליטעט, און מיט אַ נישט דערלאָזלעכן פאַרטיי־סנאָביזם אַ זאָג געטאָן: „וואָס? זי, די מוידטשיקסע וועט זיין דער פּוסק־אַחרון אין אַ קאַמף צווישן בונד און די פּעעסדעקעס״?! ער האָט זיך קעגנגעשטעלט מיינע פאָרשלאָגן און געהאַלטן, אַז דווקא איך און יאַנעק־יאַנקעלעוויטש זאָלן זיך באַטייליקן אין דער פאַרזאַמלונג. ס'געדענקען זיך נישט קיין פּרטים. אין זכּרון איז בלויז געבליבן, אַז יאַנעק־יאַנקעלעוויטש, מאיר וואַסער און איך — איך ווי דער הויפּטרעדנער — זענען אַוועק צו דער וואַל־פאַרזאַמלונג פון די אַרבעטער פון פּאָליאַקעוויטשס טאַבאַק־פאַבריק ווי די פאַרטרעטערס פון בונד.

קומענדיק צו דער פאַרזאַמלונג אינעם בנין פון דער פאַבריק, האָבן די פאַר־טרעטערס פון בונד געטראָפן דעם לינקן בלאָק אין זיין פולער קאָמפּגרייטקייט. אין זייער גרויסן שטאַב האָבן זיך אויך געפונען: זאַטאָרסקי און דער רויטער אַנדזשעי — די וועלכע האָבן פאַרענדיקט דעם שטרייק מיט ליכטענבוימען פון בערלין, דעם סינדיק פון דער דורך די דייטשן רעקווויזירטער פאַבריק פון פּאָליאַ־קעוויטשן. קאַראָלסקי האָט זיך אויף דער פאַרזאַמלונג נישט געפונען. די סטראַטעגן פון דער יידישער גרופּע פון ס.ד.ק.פּ.ל. האָבן בכיוון אויסגעמיטן די אָנוועזנדיקייט פון קאַראָלסקין, כּדי נישט צו געבן נאָוואָגרודסקין אָדער מיר קיין שאַנס צו שפּילן אויף דער דודקע פון קאַראָלסקיס פעלערהאַפטן אָנפירן מיטן שטרייק — און דערמיט אַרויסגעוויזן זיך פאַר בעסערע סטראַטעגן און פּסיכאָלאָגן פון די פירערס און טוערס פון בונד.

צעשע האָט די בונדישע דעלעגאַציע אויפגענומען מיט אַ קאַצמוזיק: „זעיץ

גאַר ווער ס'איז דאָ. די בונדזשאַרעס זענען דאָך געקומען"! צו יאַנעק־יאַנקעלעוויטשן האָט זי געביילט די פויסטן: „ווער האָט נאָך אייך געשיקט? אונדזערע שטימעלעך ווילט עץ? אַ מכּה וועט עץ קריגן. ווען מיר זענען געלעגן אין דר'ערד האָט דאָס פּאַצעטל מיטן מעלאַניק מיט אונדז גערעדט טערקיש: מיר וועלן זען, מיר וועלן באַטראַכטן. מיר וועלן רעדן מיט די חברים" — האָט צעשע מיט אַ צעקרימט געזיכט געלאַכט יאַנעק־יאַנקעלעוויטשן אין פּנים אַריין.

ס'איז מיר געגאַנגען פאַר יעדן פּרייז די פאַרזאַמלונג אָפּצולייגן און כ'האָב אָנגעווענדט אַלע מיטלען צעשען צו באַרויִקן. זעענדיק, אַז כ'קען מיט איר גאָרנישט אויפטאָן און כ'קען איר דאָס מויל נישט צומאַכן, האָב איך איר אַריינגעפּליסטערט אַ סוד אין אויער: „צעשע, יחיאל ניימאַן וויל אייך זען. ער איז אין וואַרשע און ליגט מיט 40 גראַד היץ, און ווער ווייסט, צי ער וועט עס איבערהאַלטן. לייגט אָפּ די פאַרזאַמלונג אויף אַן אַנדערש מאָל און גייט זיך זען מיט אים".

צעשע איז געבליבן שטיין ווי אַ פּריטשמיעלעטע, דאָס מענה־לשון איז אָפּגע־האַקט געוואָרן און ווען זי איז געקומען עטוואָס צו זיך, האָט זי צו מיר שטיל אַ זאָג געטאָן: „אַזאַ מאַליער". אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי אין אַ רעזאָלוטנעם טאָן צוגעגעבן: „יאָך וועל נישט גיין און יאָך וועל נישט אָפּלייגן די פאַרזאַמלונג. פאַר אייך, חבר הערשל, וואָלט איך אפשר עפּעס געטאָן, אָבער פאַר אים? — האָט זי מיט אַ ווונק אַ וויז געטאָן אויף יאַנעק־יאַנקעלעוויטשן — אַ מכּה אים אין דער זייט"! און צו די טוערס פון לינקן בלאָק האָט זי אַ געשריי געטאָן: „מאַכטס עס שנעלער, לאָמיך די... (דאָ קומט אַ נישט דרוקפּעיִקער אויסדרוק) מער נישט אָנקוקן"!

די רעדע מיינע איז געווען אַ טרויעריק גענאַנג פון אַ פאַרמישפּטן. מאיר וואַסערס אומבאַהאָלפענע רעדע איז כּסדר איבערגעריסן געוואָרן מיט שפּאָטישע צווישנרופן. צעשעס אַ צווישנרוף: „די בונדזשאַרעס זענען מיט זייערע מעלאַניקעס (אויך מאיר וואַסער האָט בשעתו, ווי יאַנעק־יאַנקעלעוויטש, געטראָגן אַ מעלאַניק־הוט) געקומען ווי צו אַ גויִשן פּאַגזשעב" — איז געווען דער טשוואָק, וואָס האָט צוגענאָגלט דעם בונדישן דורכפאַל.

דער רעזולטאַט פון די וואַלן ביי די אַרבעטער פון פּאָליאַקעוויטשס טאַבאַק־פאַבריק איז פאַרן בונד געווען אַ טאָטאַלע מפּלה.

דער רעזולטאַט פון די וואַלן צום וואַרשעווער אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַט אין בויפאַראייך איז פאַרן בונד געווען די שווערסטע און ביטערסטע מפּלה. ממש מיט ניסים האָט זיך מיר איינגעגעבן צו געווינען פאַרן בונד אַן איינציקן מאַנדאַט. זינט דער וואַל־פאַרזאַמלונג זענען די גאַנץ־גרויסע און אינדוסטריעל־וויכטיקע פּאַכן פון בויסטאָליערס און מאַליערס געווען הערמעטיש פאַרשלאָסן פאַרן בונדישן איינ־פלוס. דער בויפאַראייך, דער ערשטער בראַנזשע־פאַראיין, געשאַפן און דאָמינירט פון בונד, איז געוואָרן די פעסטונג פונעם יידישן סעקטאָר פון דער קאָמוניסטישער

פּאַרטיי פון פּוילן נישט בלויז אין וואַרשע, נאָר אויך אין דער יידישער אַרבעטער־סביבה אין פּוילן. אין משך פון אַ צייט איז דער געשאָפענער אָרגאַן „דער בויאַרבעטער״ געווען דער איינציקער אין דער יידישער שפּראַך אָפיציעזער, האַלב־לעגאַלער אָרגאַן פון דער קאָמ. פּאַרטיי פון פּוילן. די העגעמאָניע פון די קאָמוניסטן ביי די בוי־סטאָליערס און מאַליערס האָט אָנגעהאַלטן ביז צום אויסבראָך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

דער אויסגאַנג פון די וואַלן און דאָס פאַרלירן דעם בויפאַראיין האָט אויפגעטרייסלט די בונדישע אָרגאַניזאַציע, פון דער אָנפירונג ביז צום לעצטן פּאַרטיי־מיטגליד. דער דורכפאַל ביי די בעקערס איז אויפגענומען געוואָרן מיט ווייטיק, אָבער אָן אַ געפיל פון דעפּעטיזם; די מפּלה אין טאַבאַק־פאַראיין איז באַטראַכט געוואָרן, ווי אַ שטראָף פאַר אייגענער זינד; דאָס פאַרלירן דעם בויפאַראיין איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ קאַטאַסטראָפע.

באַזונדערס האָבן זיך געפילט געטראָפן די לינקע בונדישע טוערס. דער בויפאַראיין איז געווען אַ וויכטיקער אָנשפּאַר פאַר די לינקע. יאַנעק־יאַנקעלעוויטש איז געווען דער פאַרטרעטער פונעם פּאַרטיי־קאָמיטעט אין בויפאַראיין און זיינע באַריכטן זענען געווען צופרידנשטעלנדיקע. קורץ פאַר דער וואַל־פאַרזאַמלונג האָט ער צוזאַמען מיט דער פּאַרטיי־גרופּע און מיט די מיטגלידער פון דער פאַראיין־פאַרוואַלטונג געמאַכט דעם פּלאַן פון דער וואַל־פאַרזאַמלונג און צוזאַמענגעשטעלט די בונדישע קאַנדידאַטן־ליסטע. ער האָט נישט געאַנט אַפילו, אַז ער ווערט געפירט אין באָד אַריין, אַז די פירערס פון דער פאַראיין־פאַרוואַלטונג, די מיטגלידער פון דער פּאַרטיי־גרופּע זוסמאַן, פישער א״אַ, האָבן שוין געהאַט אַן אָפּמאַך מיטן לינקן בלאָק, און שוין געווען דעקלאַרירטע מיטגלידער פון ס.ד.ק.פּ.ל., אַז די ליסטע פון לינקן בלאָק איז שוין געווען אַ פאַרטיקע מיט זוסמאַן און פישער בראָש.

כ׳געדענק, אַז כ׳האָב נישט געהאַט קיין איבעריקן חשק צו זיין דער בונדישער שליח־ציבור אויף דער וואַל־פאַרזאַמלונג פונעם בויפאַראיין. מיין פּאַראורטייל קעגן דער אָנפירערשאַפט פונעם בויפאַראיין איז נישט געהאַט געווען פאַרשווונדן. כ׳בין אָבער קעגן מיין ווילן באַשטימט געוואָרן צו זיין איינער פון דער בונדישער דעלעגאַציע, און צוזאַמען מיט עמנואל נאָוואָגרודסקי און יאַנעק־יאַנקעלעוויטש אָוועק באַדינען די וואַל־פאַרזאַמלונג פונעם בויפאַראיין.

די פאַרזאַמלונג איז פאַרגעקומען אין דער „ווינער סאַליע״ — אין דעם רייכן חתונה־לאָקאַל, וואָס האָט זיך געפונען אויפן וועג צווישן די מיראָווסקע האַלעס און דעם זאַקסישן גאָרטן. די פאַרזאַמלונג איז געווען אַ געמיינזאַמע פון אַלע פאַראיין־סעקציעס: בוי־סטאָליערס, מאַליערס, זדונען און אַנדערע. דער גרויסער חתונה־זאַל איז איבערגעפּאַקט געווען מיט אַרבעטער. ווי יעדעס מאָל, ווען כ׳האָב אויף אַ וואַל־פאַרזאַמלונג זיך באַגעגנט מיט קאָראַלסקין אָדער זאַטאָרסקין, האָבן מיר נישט פאַרפעלט איינער דעם אַנדערן אַ קיבעץ צו טאָן. דאָס מאָל בין איך געווען דער

אָנגרייפער. זאַטאָרסקיס ענטפער איז געווען אין דער זיבעטער ריפּ אַריין: „וואָרט, וואָרט, גרויסער צעליגער. מיר וועלן דיר היינט געבן אַזאַ הייסן דוש, אַז דו וועסט קוויטשען פון ווייטיק און נאַקעט אַנטלויפן ווייגענדיק". און געוווסט האָט סטאַך זאַטאָרסקי, וואָס ער רעדט: דער דוש וואָס דער לינקער בלאָק האָט מיר געגעבן איז געווען אַזאַ הייסער, אַז איך בין פון דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג געלאָפן אַן אָפּגעקאַכטער.

מצד דעם בונד בין איך געווען באַשטימט צו רעדן דער ערשטער. לויט דער רייע האָב איך געדאַרפט רעדן פאַר קאַראַלסקין. נאָוואָגרודסקי האָט געזאָלט זיין דער לעצטער רעדנער. נאָרמאַל איז אַזאַ רעדנער־רייע געווען אַ פּאָזיטיווער פאַק־טאָר פאַרן בונד. דאָס מאָל איז עס געווען צום שלימזל.

אָנגעהויבן האָב איך מיין רעדע אומגעפער אַזוי: „חברים בוי־אַרבעטער, מיר זענען זיך נישט קיין פרעמדע איינער דעם אַנדערן, און ס׳וועט זיין אַ פאַרשווענדונג פון צייט איך זאָל זיך פאַר אייך אַוועקשטעלן דעקלאַמירן אַ היפּער־רעוואָלוציאָנערע דרשה. לאָמיר דאָס איבערלאָזן פאַרן חבר קאַראַלסקי, וועמענס הורא־רעדעס און פראַזן אויף די פאַרשיידענע וואַל־פאַרזאַמלונגען זענען שוין גוט באַקאַנט און זענען די וואַרשעווער יידישע אַרבעטער נמאס־ומאוס געוואָרן. יעדער פון אייך ווייסט, אַז אויף דער איצטיקער פאַרזאַמלונג איז נישטאָ קיין איין אָנהענגער פון זיין ריכטונג, פון ס.ד.ק.פּ.ל.; ס׳זענען דאָ אַלטע פּ.פּ.ס.־אָווצעס און אָנהענגערס פון דער היינטיקער פּ.פּ.ס.־לעוויצע, און אַלע קענען גוט דעם בונד. די בוי־סטאָליערס זענען מיטן בונד פאַרבונדן נאָך פון פאַר דער רעוואָלוציע פון 1905. די מאָליערס וועלכע זענען לאַנגע יאָרן געווען פאַרבונדן מיט פּ.פּ.ס. און שפּעטער — מיט פּ.פּ.ס.־לעוויצע, און אַפילו אַלטע קעגנערס פון בונד, ווי למשל די חברים משה מעזריטשער, פיניע און אַנדערע, האָבן געפונען אַ מקום מנוחה אינעם בויפאַראיין, וואָס געפינט זיך אונטער בונדישן איינפלוס און זיי האָבן קיין מאָל נישט דער־ווידערט קעגן די בונדישע אײַשטעלונגען און האַנדלונגען אין פאַראייניקשע און אין פּאָליטישע ענינים. דעריבער וועל איך בעסער רעדן פאַר וואָס באַוווסטזיניקע יידישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער פילן זיך גוט אין דער פּאָליטישער סביבה פון בונד. און רעדן וועל איך וועגן דעם, וואָס טיילט פונאַנדער דעם בונד מיט ס.ד.ק.פּ.ל. און פאַר וואָס איר טאָרט היינט נישט פאַרטאַכלעווען קיין איין שטימע פאַר די יידישע מאָשקעס, פאַר וואָס די בוי־אַרבעטער דאַרפן און וועלן שטימען פאַר דער בונדישער ליסטע צום אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַט".

כ׳האָב זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ רייע פּראָבלעמען פון יידישן אַרבעטער־לעבן און אויפן אונטערשייד אין אויפנעמען און אין לייזן די פּראָבלעמען דורך בונד און דורך ס.ד.ק.פּ.ל.

אין דער גאַנצער צייט, וואָס כ׳האָב גערעדט, האָט דער גרויסער עולם זיך פאַר־האַלטן מיט אַ זעלטענער רויִקייט, און אַ סך מאָל רעאַגירט מיט שטאַרקע אַפּלאָדיס־

מענטן. ווען כ׳האָב צווישן די שבחים פאַרן בונד אַריינגעשאַצט אין נדן, אַז די בעסטע פירערס און טוערס פון פאַראיק, די וויכטיקסטע מיטגלידער פון דער פאַראיק־אָנפירונג, וועלכע זענען גלייכצייטיק אויך בונדיסטן, געפינען זיך ווי קאַנדידאַטן פון דער בונדישער ליסטע און ווערן די פאַרטרעטערס פון די יידישע בוי־אַרבעטער אין קומענדיקן אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַט, בין איך איבערגעשלאָגן געוואָרן דורך דעם „אידעאָלאָג״ פונעם בויפאַראיק, זוסמאַן, מיט אַ צווישנרוף: „ס׳איז נישט אמת״. כ׳האָב רעאַגירט אויפן צווישנרוף אין אַ היציקן און אין אַ הויכן טאָן: „וואָס איז נישט אמת״? זוסמאַנס צוריק־ענטפער האָט ווי אַ האַמער אַ זעץ געטאָן איבער די קעפּ פון דער בונדישער דעלעגאַציע: „איך, דער חבר פישער און די חברים פון דער פאַרוואַלטונג געפינען זיך אויף דער ליסטע פונעם לינקן בלאָק״.

כ׳בין געבליבן שטיין אַ פאַרווירטער מיט אַן אָפן מויל. עמנואל נאָוואָגרודסקיס אַ געשריי: „חבר הערשל, וואַרט אַ מינוט מיט אייער רעדן״, האָט מיר צוריקגע־ברענגט מיין גלייכגעוויכט און כ׳האָב דערהערט ווי נאָוואָגרודסקי שרייט אויף זיינע העכסטע טענער: „איידער חבר הערשל מעטאַלאָוויטש וועט ווייטער רעדן, מוז מען וויסן וואָס פאַר אַ שטינקבאָמבע זוסמאַן האָט געוואָרפן״. און פישער, דער פאַרזיצער, האָט מיט אַ געמאַכטער רויִקייט געענטפערט: „יאָ, ס׳איז אמת, זוסמאַן, איך, און די אַנדערע געפינען זיך אויף דער ליסטע פונעם לינקן בלאָק״.

ס׳האָט זיך אַנטוויקלט אַ טראַגי־קאָמישער דיאַלאָג צווישן עמנואל נאָוואָ־גרודסקי און זוסמאַן:

נ. „ווי אַזוי קומט איר אויף דער ליסטע פון לינקן בלאָק״? ז. „ווער קען וועמען שטערן אַרויפצושטעלן קאַנדידאַטן אויף זייערס אַ ליסטע״? נ. „איר זענט דאָך בונדיסטן, אַקרעדיטירט אויף דער בונדישער פּאַרטיי־ליסטע און איר דאַרפט געהערן צו דער בונדישער פראַקציע. איך פאַרפליכט די בונדישע פּאַרטיי־דיס־ציפּלין. איך פאָדער אייך אויף עפנטלעך צו דערקלערן, אַז איר האָט נישט קיין שייכות מיט דער ליסטע פון לינקן בלאָק״. ז. „דאָס איז נישט קיין פּאַרטיי־פאַר־זאַמלונג און כ׳וועל זיך נישט מיט אייך אויסטענהן וועגן פּאַרטייִישע ענינים״.

ס׳איז פאַר יעדן געווען קלאָר, אַז די זוסמאַנס און פישערס שפּילן אַ צווייִדיי־טיקע ראָלע, און יאַנעק־יאַנקעלעוויטש האָט מיט אַ געשיקטן מאַנעווער דעלעגאַ־ליזירט די פאַרזאַמלונג. „חבר פאַרזיצער — האָט יאַנעק־יאַנקעלעוויטש זיך גע־ווענדט צו פישערן — איר האָט געוווּסט אַז איינע פון אייערע ערשטע אויפגאַבעס ווי אַ פאַרזיצער איז געווען צו דערקלערן וועלכע ריכטונגען ס׳נעמען אָנטייל אין דער היינטיקער פאַרזאַמלונג און איבערלייענען די קאַנדידאַטן־ליסטעס פון די ריכטונגען. איר האָט דאָס בכיוון נישט געטאָן. די פערמאַנענטע וואַל־קאָמיסיע וועט זיך פאַרנעמען מיט דער היינטיקער פאַרזאַמלונג. די פאַרזאַמלונג איז אויפגע־ליזט״ — און ער האָט פאַרלאָזט די פאַרזאַמלונג ביי אַ טויטער שטילקייט. נאָוואָ־

גראדסקי און איך זענען אים נאכגעגאנגען. צוזאמען מיט אונדז האבן איך פארלאזט די פארזאמלונג א צווי מנינים ארבעטער.

די טוערס פון לינקן בלאק האבן די פארזאמלונג פארגעזעצט און די ליסטע פון לינקן בלאק איז „איינשטימיק" אנגענומען געווארן. די פערמאנענטע וואל־קאמיסיע האט א לענגערע צייט זיך פארנומען מיטן ענין „בוי־פארזאמלונג", מיט א מערהייט שטימען סאנקציאנירט די אויפליזונג און נישט באשטעטיקט די דער־ווילטע דעלעגאטן פון לינקן בלאק, אבער אפגעווארפן א בונדישן פארשלאג, אז קיין אנדערע פארזאמלונג זאל מער נישט פארקומען, נאר דער קומענדיקער ארבע־טער־ראט זאל זיך פארנעמען מיטן ענין, און דער ארבעטער־ראט אדער א געהע־ריקער ארגאן פונעם ארבעטער־ראט זאל דורכפירן די וואלן פון דעלעגאטן פונעם בויפאראיין. די פערמאנענטע וואל־קאמיסיע האט געגעבן דאס רעכט די פארמעל עקסיסטירנדיקע פאראיין־פארוואלטונג דורכצופירן נייע וואלן אויף אן אלגעמיינער פארזאמלונג אדער דורך סעקציע־פארזאמלונגען.

מצד דעם בונד איז געטאן געווארן אלץ, וואס ס'איז מעגלעך געווען, צו ראטע־ווען זיין מערכה אויף דער קומענדיקער וואל־פארזאמלונג. ס'איז רעארגאניזירט געווארן די פארטיי־גרופע, מ'האט ארגאניזירט און מאביליזירט דאס הייפל טריי־געבליבענע מיטגלידער. די וואל־פארזאמלונג איז אפגעשטופט געווארן אויף ווייל ס'האט זיך נאר געלאזט, אבער קיין סך אויפטוען איז שוין געווען נישט מעגלעך.

יאנעק־יאנקעלעוויטש, עמנואל נאוואגרודסקי און איך זענען ווידער דעלעגירט געווארן צו דער צווייטער פארזאמלונג פונעם בויפאראיין. נאוואגרודסקי און יאנקע־לעוויטש האבן אויף דער פארזאמלונג ארגאניזאציאנעל געטאן אלץ, וואס זיי זענען ביכולת געווען צו טאן. אין מיינע רעדעס האב איך זיך פארנומען בעיקר מיט דער אפערע פון די פירערס פונעם בויפאראיין און אנגעוויזן, אז אזא סארט פאליטישער שווינדל געשעט צום ערשטן מאל אין דער געשיכטע פון דער לעגאל־עקסיסטירנ־דיקער יידישער ארבעטער־באוועגונג, אז נאר די אמאליקע „ראזלאמאוצעס" זענען פעיק געווען אויף אזעלכע מיאוסע פאליטישע שטיק. איך האב געבייטשט די נעא־פיטן, וואס זייענדיק שוין מיטגלידער פון ס.ד.ק.פ.ל., האבן זיי נישט געהאט דעם מוט צו מעלדן דעם בונד וועגן זייער ארויסטריט און פארמעל זענען זיי נאך גלייכ־צייטיק מיטגלידער פון בונד. כ'האב ארייגעזאגט די געוועזענע טוערס פונעם יידישן סעקטאר פון פ.פ.ס.־לעוויצע און די אקטועלע פירערס פון דער יידישער גרופע פון ס.ד.ק.פ.ל., צו וואס פאר אן אומווערדיקער מדרגה זיי זענען דערגאנגען מיט זייער שפיל קעגן בונד. „זעט — האב איך עמפאטיש אויסגערופן — ווי אזוי ס'האט געהאנדלט שמאי בעקער! ער איז אוועק פון בונד, געמאלדן דעם בונד וועגן זיין ארויסטריט און זיך געשטעלט אין אן אפענעם קאמף, ווי ס'פאסט פאר א רעוואלוציאנערן סאציאליסט. דערקעגן די העלדן פונעם בויפאראיין, צוזאמען מיט די פירערס פון יידישן סעקטאר פון לינקן בלאק, האבן געהאנדלט אויף אן אופן ווי

ס'האַנדלען די טרויעריק־באַוווּסטע דריי־קאָרטן־שפּילערס". איך גלייב, אַז מיינע שאַרפע רייד קעגן די פּירערס פונעם בויפאַראיין, דירעקט קעגן זוסמאַן און פישער, האָבן דעם בונד געמאַכט געווינען דעם איינציקן מאַנדאַט פונעם בויפאַראיין צום וואַרשעווער אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַט.

דער רעזולטאַט פון די וואַלן אינעם בויפאַראיין איז דורך אַלעמען, דורכן בונד גופא און דורך זיינע פאַרשיידנסטע קעגנערס, באַטראַכט געוואָרן פאַר דער שווער־סטער און ביטערסטער מפּלה פונעם בונד אין דער וואַל־קאַמפּאַניע צום וואַרשעווער אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַט.

מיר איז אויסגעקומען אַרויסצוטרעטן אויף צענדלינגער וואַל־פאַרזאַמלונגען, טייל מאָל אויף צוויי און אַ מאָל אויף אויף דריי פאַרזאַמלונגען אַ טאָג: אין בונדיש־דאָמינירטע פאַראיינען, אין פאַראיינען פון פּועלי־ציון, ביי ס.ס.־פאַראייניקטע, אין פּועלי־ציוניסטישן האַנדלס־אַנגעשטעלטע־פאַראיין און פון דער „סטאַוואַזשישעניע", וועלכע האָבן זיך פאַרן בונד פאַרענדיקט מיט זיגן, אומדערפאַלגן, דורכפאַלן און מפּלות.

ס'געדענקט זיך די פאַרזאַמלונג פון די קאַפּעליוש־מאַכערס, הוטן־פּוצערקעס, און בלומען און בלעטער — די איינציקע פאַרזאַמלונג, וואָס איז פאָרגעקומען מחוץ אַ לעגיטימען פאַראיין־לאָקאַל, אין אַ „נייטראַלן לאָקאַל", אין אַ זאַל אויף דלוגע־גאַס, און דעם אָפּשניט, וואָס אויף דער פאַרזאַמלונג האָט געקריגן פּועלי־ציון מיט יצחק לעוון בראָש.

ס'געדענקט זיך דער ביטערער קאַמף מיט די פּועלי־ציון אינעם קעלנער־פאַראיין, אַ פאַראיין וואָס די „פּועלי־ציון" האָבן אויפגעבויט און באַהערשט זינט די רעוואָלוציע־יאָרן פון 1905; דער איינציקער יידישער אַרבעטער־פאַראיין, וואָס האָט לעגאַל עקסיסטירט אונטער דעם צאַרישן רעזשים. מיר האָבן געמאַכט אַן איינבראָך אין דער דאָזיקער פּועלי־ציוניסטישער פעסטונג און געווונען אַ מאַנדאַט פאַרן בונד.

ס'געדענקט זיך די פאַרזאַמלונג פון די שעכטהויז־אַרבעטער, פּוילישע און יידישע, אין שעכטהויז אין פּראַגע, אויף וועלכער עס זענען נישט פאָרגעקומען קיין צווישנפּאַרטייִישע קאַמפן. די קאַנדידאַטן־ליסטע איז אָנגענומען געוואָרן איינ־שטימיק, אַן־בלאָק, און די יידישע שעכטהויז־אַרבעטער, אויף וועלכע די ס.ס.־פאַראייניקטע האָט געהאַט אַ מין מאָנאָפּאָל, האָבן אַרויפגעשטעלט אויף דער גע־מיינזאַמער ליסטע דעם אַמאָליקן שעכטהויז־אַרבעטער פּוטערמאַן. ער האָט אָקערשט זיך אומגעקערט פון יאָרן קאַטאָרגע, ווי אַ פאַרמישפּטער באַיאַוויעץ פון דער פּאַרטיי „דער דריטער פּראָלעטאַריאַט" אין די יאָרן פון דער רעוואָלוציע פון 1905, און איז צוריקגעקומען פון רוסלאַנד אַ רעכטער בונדיסט. נישט צום פאַרגעסן זענען די רעדעס פון דעם פּ.פּ.ס.־אַוויעץ יאַוואָרסקי, דער שפּעטערדיקער פאָרזיצער פונעם וואַרשעווער אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַט און דער אינזשעניר פון צעברעכן דעם

דאָזיקן ראַט, און די צווּי יידישע רעדעס אויף דער דערמאָנטער געמיינזאַמער פֿאַרזאַמלונג פֿון די פּוילישע און יידישע אַרבעטער — פֿון דעם זייער סימפּאַטישן יונג פֿאַרשטאָרבענעם פּרישמאַן (שפּעטער אַן אַנגעזעענער טוער פֿון דער קאָמ. באַוועגונג פֿון פּוילן) און מיינע.

און ס׳געדענקען זיך די צוויי יידישע פֿאַרזאַמלונגען אין פּראַגע, אויף וועלכע מיין בונדישער רעדנער־פּאַרטנער איז געווען אַ יונגער שילער (זיין נאָמען געדענק איך, ליידער, נישט), וועלכער איז טראָץ זיין יונגן עלטער געוואָרן פּאָפּולער צווישן די אַרבעטער אין פּראַגע. אין 1928 האָב איך אים באַגעגנט אין קראָקאָוו ווי אַן אָנגעזעענעם פּראָפעסאָר אויפן קראָקאָווער אוניווערסיטעט.

פֿון די צענדליגער פֿאַרזאַמלונגען זענען אין זכרון פֿאַרבליבן אַ צאָל איינדרוקן און עפּיזאָדן. נאָך איצט, ביים שרייבן די שורות פֿיל איך דאָס וואַרעמע געפֿיל, וואָס האָט מיך באַהערשט נאָך אַ וואַל־פֿאַרזאַמלונג אין דער „סטאַוואָזשישעניע״, ווען נאָך אַ רייע רעדנערס פֿון אַ קאַליבער פֿון קראַסני־ראָטשטאַט, זעליגער, גרשון זיבערט, יאַקוב דוטלינגער, האָב איך געהאַלטן מיין רעדע, די איינציקע רעדע אין יידיש, זענען צו מיר צוגעקומען צוויי שוין קיין גאָר יונגע „סטאַ־וואָזשישאַנקעס״, באַקאַנטע פֿון זייער שׂנאה צו יידיש, און מיך אין דעם שענסטן פּויליש קאָמפּלימענטירט, אַז כ׳האָב „זשאַרגאָן״ גערעדט אַזוי שיין, ווי ס׳האָט אַ מאָל גערעדט דער קליינער לאַזאַרעק (לאַזאַר עפּשטיין).

דער הויפּטקאַמף אין דער וואַל־קאַמפּאַניע צום וואַרשעווער אַרבעטער־דעלע־גאַטן־ראַט איז מצד דעם בונד געפֿירט געוואָרן קעגן דעם יידישן סעקטאָר פֿונעם לינקן בלאָק. די פֿון מיר פֿאַרצייכנטע וואַל־פֿאַרזאַמלונגען: ביי מעטאַל, נאָדל, לעדער, בעקער, אין פֿאַליאַקעוויטשס טאַבאַק־פֿאַבריק און אין בויפֿאַראַיק, זענען געווען די מער כאַראַקטעריסטישע מצד בײדע צדדים: מצד בונד און מצד דעם יידישן סעקטאָר פֿונעם לינקן בלאָק, אין וועלכע כ׳האָב זיך באַטייליקט, און זיי האָבן טיפֿער זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון.

## דער צוזאַמענפֿאָר פֿון בונד אין קראָקע

ביידע צדדים, די לינקע און די רעכטע, האָבן זיך אינטענסיוו געגרייט צום צוזאַמענפֿאָר פֿון בונד אין קראָקע, פּסח 1920, וואָס האָט געזאָלט זיין אַ געמיינזאַמער צוזאַמענפֿאָר פֿון בונד פֿון פּוילן מיט זשעט־פּע־עס (זשידאָווסקאַ פּאַרטיאַ סאָציאַ־ליסטישנאַ), יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, אַנדערש גערופֿן: גאַליציאַנער בונד.

דער וואַלקאַמף אין פּוילן איז געווען אַ שאַרפֿער און אַ ביטערער. די אַרויס־טרעטונגען מצד די פֿירנדיקע לינקע טוערס פֿון בונד איז דורך די לינק־געשטימטע

פּאַרטיי־מיטגלידער פּאַרשטאַנען געוואָרן ווי אַ קאַמף פאַר תּיכּף אָנשליסן דעם בונד אין דעם אָקערשט געשאַפענעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל. דער צעמענט פאַר אַן איינהייטלעכער פראַקציע פון אַלע אַנטי־באָלשעוויסטישע עלעמענטן, פון די רעכטע און פון די פאַרשיידענע שאַטירונגען פונעם אַ״ג צענטער, איז געווען דאָס פאַרמיידן דעם אָנשלוס פון בונד אין קאָמינטערן.

ביידע צדדים האָבן אויף די ראַיאָן־קאָנפערענצן בראָש פון זייערע קאַנדידאַטן־ליסטעס אַרויסגעשטעלט די וויכטיקסטע פיגורן פון זייער ריכטונג. אויף דער קאָנ־פערענץ פונעם וואַרשעווער ראַיאָן האָבן ווי די ערשטע קאַנדידאַטן פיגורירט בייניש מיכאַלעוויטש מצד דער רעכטער־צענטער פראַקציע און הערשל מעטאַלאָוויטץ מצד דער לינקער פראַקציע. דער אויסגאַנג פון דער וואַל־קאַמפּאַניע איבערן לאַנד איז געווען אַן אַבסאָלוטער זיג פון דער לינקער פראַקציע.

אין שייכות מיט דער דערמאָנטער וואַרשעווער ראַיאָן־קאָנפערענץ איז כּדאַי צו פאַרצייכענען צוויי עפּיזאָדן:

אויף דער ליסטע פון דער לינקער פראַקציע האָט פיגורירט אַ יונגער סטודענט פונעם וואַרשעווער פּאָליטעכניקום, אַן איינגעווינער פון פּלאָנסק, בן־גוריונס אַ קרוב, און ער איז דערוויילט געוואָרן ווי אַ דעלעגאַט צום צוזאַמענפאָר. צי ער האָט זיך אין צוזאַמענפאָר באַטייליקט — בין איך נישט זיכער, ער איז שוין דעמאָלט געווען שווער קראַנק אויף טובערקולאָז און אין אַ 3–2 יאָר שפּעטער איז דער בחור אַוועק פון דער וועלט.

דער צווייטער עפּיזאָד איז אַ פּיקאַנטער: איינער פון די פּראָווינציעלע דעלע־גאַטן (פון גאַרוואָלין אָדער פון זשעליכאָוו) איז געווען אַ געוויסער אָגולניק, אַ דענ־טיסט, אַ מענטש מיט וויסן, אינטעליגענץ און פעיִקייטן, אָבער אַ רעכטער שברעכ־טער און אין יידישע ענינים — אַ היפּער־נאַציאָנאַליסט. אין מיין פּאָלעמיק האָב איך אָגולניקן געהאַט פאַרגעוואָרפן, אַז ער איז נישט קיין באַרעכטיקטער דעלעגאַט אויף אַ בונדישער פּאַרטיי־קאָנפערענץ, זיין אָרט איז אין פּרילוצקיס פאָלקספּאַרטיי.

בעת דעם מאַרש פון דער רויטער אַרמיי אויף פּוילן און איר שאַפן אין די ערטער וואָס זי האָט פאַרנומען רעוואָלוציאָנערע קאָמיטעטן — „רעווקאָמען" — האָט די רויטע אַרמיי, זומער 1920, אויך אינעם שטעטל ווו אָגולניק האָט געוווינט, געשאַפן אַ „רעווקאָם". און אָגולניק איז געווען איינער פון די מיטגלידער פונעם רעווקאָם. נאָכן צוריקציִען זיך פון דער רויטער אַרמיי זענען אַ סך מיטגלידער פון די רעווקאָמען אַוועק מיט דער רויטער אַרמיי, און אַזוי אויך אָגולניק.

ווען עמנואל נאָוואָגרודסקי און איך האָבן אין 1921 זיך געפונען אין מינסק אויף דער ליקווידאַציע־קאָנפערענץ פון רוסלענדישן קאָמבונד, האָבן מיר אויף איינער פון די מינסקער גאַסן באַגעגנט דעם דערמאָנטן אָגולניק. מיר האָבן זיך מיט אים האַרציק אַרומגעכאַפּט. זיין רעאַקציע אויף דער באַגעגעניש איז פאַר נאָוואָ־גרודסקין און מיר געווען אַן איבערראַשנדיקע. ער האָט אונדז געזידלט און געמאַכט

מיט דער בלאָטע צו גלייך, פאַרגעוואָרפן, אַז מיר פאַרסאַרכענען די יידישע אַרבע־טער־גאַס אין פוילן מיט בונדישן קאָנטעררעוואָלוציאָנערן שטינקעכץ, אַז מיר באַשווינדלען דעם יידישן אַרבעטער־קלאַס מיט רעוואָלוציאָנערע פראַזן, אַנשטאָט צו רופן די יידישע אַרבעטער צום קאַמף אונטער דער פאָן פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי פון פוילן. נאַוואָגרודסקין האָט ער אָנגעשפּיגן אין פּנים, אויף מיין חשבון האָט ער געזאָגט אַ נישט דרוקפּעיקן עפּיטעט — און איז אַוועק זיין וויטערדיקן וועג. סיי נאַוואָגרודסקי און סיי איך האָבן אויף קיין סעקונדע נישט געצווייפלט, אַז אָגולניק איז דאָס מאָל געווען נישט וויניקער אויפריכטיק און ערלעך אין זיין אַנטיבונדישקייט און קעגן אונדז פּערזענלעך, ווי ער איז געווען אין די פריערדיקע יאָרן ווי אַן אולטראַ רעכטער און יידישער היפּער־נאַציאָנאַליסט.

מיט אַ געמישט געפיל פון צופרידנקייט און שרעק זענען די לינק־געשטימטע דעלעגאַטן פון פוילן געפאָרן צום בונדישן פאַרטיי־צוזאַמענפאָר אין קראָקע; זיי זענען צופרידן געווען, וואָס דער צוזאַמענפאָר וועט זיין אַן אַלפּוילישער און גע־שראָקן זיך פאַר דעם פּאָליטישן איינשטעל פון די גאַליציאַנער דעלעגאַטן.

ווען דער ענין פון אַן איינהייטלעכן בונד פון גאַנץ פוילן איז געשטעלט געוואָרן אויפן טאָג־אָרדענונג פון בונדישן פאַרטיי־לעבן, איז דאָס צוניפגיסן זיך מיט דער זשעט־פּע־עס אין גאַליציע געווען פאַר די אַנפירנדיקע טוערס פון דער לינקער פראַקציע אַ ביין אין האַלדז, נישט אַראָפּצושלינגען און נישט אויסצושפייען. קיינער פון די דאָזיקע טוערס, מיטן אויסנאַם פון שׂרה שוועבער, האָט נישט געהאַט קיין אָנונג, וואָס פאַר אַ פּאָליטישע באַשעפעניש עס איז די זשעט־פּע־עס. מ'האָט געוווּסט, אַז אין גאַליציאַנער בונד זענען פאַראַן אַ סך דאָקטוירים. אַ דאָקטער אין קאָנגרעס־פוילן האָט געמיינט אַ מעדיצינער, אָבער פאַר וואָס זענען עפּעס ביי זיי דאָרטן, אין גאַליציע, פאַראַן אַזוי פיל דאָקטוירים, אין דער צייט ווען אין בונד פון פוילן קען מען מעדיצינערס ציילן אויף די פינגער? — האָבן אַ סך לינקע טוערס פון בונד פון פוילן געפרעגט. און ווען מ'איז געוואָר געוואָרן, אַז די דאָקטוירים זענען גאָר אַדוואָקאַטן, און אין פּוילישן בונד האָט מען אויך אַדוואָקאַטן געקענט ציילן אויף די פינגער, האָט דאָס נאָך מער פאַרשטאַרקט דעם אומצוטרוי צו דער פּאָליטישער און רעוואָלוציאָנערער כּשרות פונעם גאַליצישן בונד.

די אַנטי־פּאַראַיניקונג שטימונג ביי די פירנדיקע לינקע טוערס פון בונד פון פוילן האָט זיך פאַרשטאַרקט צוליב די איינצלנע פירערס פון זשעט־פּע־עס, וועלכע האָבן באַזוכט וואַרשע: דעמביצער, ד"ר גליקסמאַן און פּאַפּיער. זיי האָבן אויף די פירערס און טוערס פון דער לינקער פראַקציע נישט געמאַכט קיין איבעריק גוטן איינדרוק.

דעמביצער, מיט אַ יחוס פון רבנים, אַ סוחר פון בריליאַנטן, האָט אין וואַרשע געהאַט פאַרקאָכט אַ קאַשע, וואָס האָט זיך געשפּירט אויף צען מייל ווייט. אינעם לאָקאַל פון דער בונדישער רעדאַקציע „לעבענס־פראַגען" זאָל מען אים האָבן צוגע־

גנבעט אַ רענצל, און אין הענטל פונעם רענצל זענען געווען פאַרשטעקט ברילִיאַנטן. די אויפרעגונג צווישן די טוערס פון בונד איז געווען אַזאַ גרויסע, אַז מ׳איז קאַפּאַבל געווען דעמביצערן פּשוט צו לינטשן. די געשיכטע איז פאַררריבן געוואָרן. צי מ׳האָט סוף כּל סוף געפונען דאָס רענצל, אָדער דעמביצער האָט מורא געהאַט וועגן דער גנבה צו מעלדן דער פּאָליציי, כּדי נישט אויסצוגעפינען פון וואַנען אין דעם הענטל פונעם רענצל האָבן זיך געפונען ברילִיאַנטן — געדענקט זיך הײַנט נישט.

ד״ר גליקסמאַן, וועגן וועמען מ׳האָט געזאָגט, אַז ער לינקיזירט, האָט געמאַכט אַן אײַנדרוק פון אַ שלימזל. פּאַפּיער, דער רעדאַקטאָר פונעם אָרגאַן „סאָציאַל־דעמאָקראַט״, אָדער אַן ענלעכן נאָמען, מיט אַ סטאַזש פון אַ געוועזענעם אַרבעטער, אַן אויסגעשפּראָכענער רעכטער, האָט געמאַכט אַן אײַנדרוק פון אַ באַנצל פונעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישן אַפּאַראַט פון ערגעץ אַ קלײן דײַטשיש שטעטל. ס׳איז דעריבער קײן וווּנדער נישט געווען, וואָס דאָס צונויפגיסן זיך מיט זשעט־פּע־עס האָט נישט געשמעקט די לינקע בונדישע פירערס און טוערס פון פּוילן.

אָבער אָפּוואַרפן דאָס צונויפגיסן זיך פון בונד פון פּוילן מיטן גאַליציאַנער בונד האָבן די לינקע נישט געקענט. מ׳האָט דאָך נישט געקענט דערלאָזן אַ צושטאַנד, אַז אין דער אויפגעקומענער פּוילישער מלוכה זאָלן זיך געפינען עטלעכע בונדישע פּאַרטייען: פון געוועזענעם קאָנגרעס־פּוילן, פון גאַליציע, פון ביאַליסטאָקער און גראָדנער געגנט און פון ווילנע, וועלכע זענען נאָך נישט געווען קײן אינטעגראַלע טײלן פונעם בונד פון פּוילן, און וועגן די ביאַליסטאָק־גראָדנער און ווילנער אָרגאַניזאַציעס איז באַוווּסט געווען, אַז דער רוב פון די בונדישע פּאַרטיי־מיטגלידער זענען לינק געשטימט. חוץ מזה, וואָלט אָקעגנשטעלן זיך מצד די לינקע קעגן דעם צונויפגיסן זיך מיטן גאַליציאַנער בונד געגעבן די רעכטע אַ שלאָגלאָזונג מיט וועלכן די לינקע וואָלטן נישט געקענט לײַכט זיך אַן עצה געבן. די לינקע האָבן דעריבער געמאַכט אַ גוטע מינע צום בייזן שפּיל און מסכּים געווען אַז דער פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר אין קראָקע זאָל זײַן אַן אײנהײטלעכער פון בונד פון פּוילן — מיט זשעט־פּע־עס.

פאָרנדיק צום צוזאַמענפאָר קײן קראָקע זענען די לינקע דעלעגאַטן געווען צופרידן, וואָס זײ זענען פּטור געוואָרן פון אַ נישט אָנגענעם פּראָבלעם און דער צוזאַמענפאָר וועט זײַן אַן אײנהײטלעכער, אָבער זײ האָבן געשראָקן זיך פאַר די פּאָליטישע קאָנסעקווענצן: די גאַליציאַנער מיט די רעכטע פון פּוילן זאָלן נישט באַהערשן דעם צוזאַמענפאָר.

די אויפנאַמע, וואָס די גאַליציאַנער חברים האָבן אָראַנזשירט פאַר די דעלעגאַטן פון קאָנגרעס־פּוילן איז פאַר די בונדיסטן פון קאָנגרעס־פּוילן, לינקע ווי רעכטע, געווען אַן איבערראַשונג און אַן אַנטוישונג.

איבערראַשט איז מען געווען פון דער רחבות פונעם קהילה־לאָקאַל, ווו דער

צוזאַמענפאַר האָט געדאַרפט פאַרקומען, פונעם לאַקירן די דעלעגאַטן אין פיינע האָטעלן, פון דעם כבוד, וואָס די גאַסטגעבערס האָבן צוגעטיילט און פון דעם כּיבוד, וואָס האָט זיך געפונען אויף די רייך־סערווירטע טישן פאַר די געקומענע דעלעגאַטן.

ווען די איבעררעאַשונג איז אַריבער האָט אַ ביטער געפיל געגומען נאַגן. דאָס געפיל, אַז מיטן צונויפגיסן זיך מיט די גאַליציאַנער וועט דער בונד — דער אַלטער בונד פון אַמאָליקן אַלגעמיינעם אַרבעטער־בונד פון ליטע, פוילן און רוסלאַנד, און דער בונד פון פוילן — פאַרלירן זיין רעוואָלוציאָנערן און סאָציאַליסטישן פּרצוף־פּנים, האָט באַאומרויקט נישט נאָר די לינקע, נאָר אויך אַ סך רעכטע דעלעגאַטן.

דאָס קריגן דעם קהילה־לאָקאַל פאַר אַ צוזאַמענפאַר פון בונד, וואָס אַזוינס וואָלט נישט מעגלעך געווען אין קיין איינער פון די שטעט אין געוועזענעם קאָנגרעס־פוילן, האָט מען באַטראַכט ווי אַ רעזולטאַט פון אַ קאָלאַבאָראַציע צווישן גאַליציאַנער בונד מיט די בורזשואַז־בירגערלעכע קרייזן, און דאָס איז פאַר יעדן בונדיסט פון פוילן, אַ לינקן ווי אַ רעכטן, געווען אַ חטא נישט צום פאַרגעבן.

דאָס איינקוואַרטירן די דעלעגאַטן אין האָטעלן, און נישט ביי חברים, איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ פאַרשווענדונג פון פאַרטייגעלטער און ווי אַ מאָרד איבער דער אינערלעכער פאַרטיי־נאָענטשאַפט, אַ פאַרגוואַלדיקן די מידה פון אינטימער חברשאַפט.

די עלעגאַנטע קליידונג פון די מענער מיט די בלומען אין די לאַצן, און טייל אַפילו אין לאַנגע פראַקן און סמאָקינגס, האָט געמאַכט אַ פריקרען איינדרוק. די עלעגאַנטע קליידונג פון די פרויען, וועלכע האָבן העפלעך באַדינט די געקומענע דעלעגאַטן — אַן עלעגאַנץ וואָס מ׳האָט געקענט זען אין פאָיע פון טעאַטער וויעלקי אין וואַרשע בעת די פּרעמיערעס פון דער וואַרשעווער אָפּערע — האָט געריצט און אָפּגעשטויסן. דאָס רעדן צווישן זיך אויסשליסלעך פויליש, די מענערישע קעגנזייטיקע באַגריסונגען מיט „סערוווּס" און דאָס באַגריסן די דאַמען מיט דעם אַלט פּריצישן „צאַלוּיען ראַנטשקי" (איך קוש די הענט), האָט אויף די דעלעגאַטן פון פוילן געמאַכט אַ שאָקירנדיקן איינדרוק — ווי מ׳וואָלט אַריינגעפאַלן צווישן מענטשן פון אַן אַנדער פּלאַנעטע. מיט ווערטער און אויף שטום־לשון האָט איינער דעם אַנדערן געזאָגט: „מיר זענען אָרנטלעך אַריינגעפאַלן".

באַזונדערס שווער האָבן דאָס אויפגענומען די לינק־געשטימטע דעלעגאַטן, וועלכע זענען מיט איינצלנע אויסנאַמען געווען אַרבעטער, אויפגעהאָדעוועטע אין אָרעמע היימען. צווישן זיך האָבן די לינקע דעלעגאַטן אָנגעהויבן מורמלען אַז ס׳איז בעסער באַצייטנס אָפּצולאָזן דעם שידוך איידער זיך שפּעטער צו גטן.

די שטימונג ביי די לינקע האָט זיך געענדערט ווען ס׳איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן די ערב־צוזאַמענפאַר־באַראַטונג פון די לינקע. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז אויך אין גאַליציאַנער בונד איז פאַראַן אַ טיפע צעטיילונג אין די קאַרדינאַלע ענינים, אַ צעשפּרייטע שער צווישן דער פאַרטיי־אָנפירונג מיט די דאָקטוירים, וועלכע זענען

רעכט, און די אַרבעטער־דעלעגאַטן פֿון די ערטער, וועלכע זענען אין זייער רוב לינק געשטימט. נאָכן מאַכן אַ סך־הכּל האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די לינקע האָבן אויפֿן צוזאַמענפֿאָר אַ סאָלידע מערהייט.

צווישן מיר און די אַנדערע פֿירערס פֿון דער לינקער פֿראַקציע איז דורכגע־לאָפֿן אַ שוואַרצע קאַץ. נאָך אין וואַרשע, פֿאַרן אָפּפֿאָרן צום צוזאַמענפֿאָר, האָבן זיך אַנגעהויבן באַמערקן ערנסטע מיינונג־פֿאַרשיידנקייטן. אויף דער באַראַטונג פֿון דער לינקער פֿראַקציע אין קראָקע ערבֿ דעם צוזאַמענפֿאָר זענען די מיינונג־פֿאַרשיידנקייטן געוועזן בולטע און שאַרפֿע. כ׳האָב פֿאַרלאָזט די לינקע פֿראַקציע־באַראַטונג און געמאַכט שבת פֿאַר זיך — געוואָרן דער אַנפֿאַן־טעריבל פֿונעם פּאַרטיי־צוזאַמענפֿאָר.

ס׳געדענקען זיך די מיינונג־פֿאַרשיידנקייטן אין דריי ענינים: די באַציִונג צו דער פּערזאָן פֿון וולאַדימיר מעדעם, וועגן אַנשלוס אין קאָמינטערן, און וועגן נאָמען פֿון דער פּאַרטיי.

ווילנדיק דעמאָנסטרירן זיין רעוואָלוציאָניזם און גלייכצייטיק אָפּקאָכן זיינס אַ פּערזענלעכן אַנטי־מעדעם־געקעכטס, האָט עמנואל נאָוואָגרודסקי פֿאָרגעלייגט נישט צו דערלאָזן מעדעמען פֿאַרנעמען אַן אָרט אינעם פּרעזידיום פֿון צוזאַמענפֿאָר. מאיר (חיים) וואַסער, דער נאָמינעלער פֿירער פֿון דער לינקער פֿראַקציע, האָט גע־שטיצט נאָוואָגרודסקיס פֿאָרשלאָג. איך בין שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן אַזאַ באַציִונג צו מעדעמען. מיין שטעלונג איז געווען, אַז לגבי וולאַדימיר מעדעם קען מען האַנד־לען אָדער־אָדער: אָדער מ׳האַלט, אַז זיינע פּאָליטישע איינשטעלונגען און זיינע פּאַרטייִשע האַנדלונגען קענען אין בונד נישט טאָלערירט ווערן, דאַן דאַרף געשטעלט ווערן אויפֿן טאָג־אָרדענונג פֿון דער פּאַרטיי דאָס אויסשליסן מעדעמען און זיינע אָנהענגערס פֿון בונד, אָדער מ׳האַלט, אַז מעדעם, זיין ריכטונג און זיינע אָנהענגערס זענען אַן אינטעגראַלער טייל פֿון דער פּאַרטיי, דאַן קען מען נישט און מ׳טאָר נישט מעדעמען איגנאָרירן און באַליידיקן. מ׳דאַרף לגבי אים האַנדלען מיטן פֿולן רעס־פּעקט, וואָס ער האָט זיך פֿאַרדינט. מיט מעדעמס קוואַליטעטן ווי אַ מיטגליד פֿון פּרעזידיום קען קיינער פֿון די רעכטע און צענטריסטן נישט קאָנקורירן. ווי אַ פֿאָר־זיצער איז מעדעם קוואַליטאַטיווער פֿון וועלכן ס׳איז רעכטן אָדער צענטריסט, און זיינע האַנדלונגען, ווי פֿאָרזיצער, קעגן זיינע פּאָליטישע קעגנערס, וועלן זיין אָביעקט־טיווער אַפֿילו פֿון יוזעפֿס. איך האָב פֿאָרגעלייגט אַ פּרעזידיום פֿון 7 פּערזאָן: 4 לינקע, 3 פֿון פֿוילן: יוסף באַסאַק, זשאַן, און פּראַים־לוזער פֿון לאָדזש און אַ גאַליציאַנער, און 3 רעכטע: וולאַדימיר מעדעם, יוזעף און אַ גאַליציאַנער. מיין פֿאָרשלאָג איז דורכגעפֿאַלן. נאָוואָגרודסקיס אַנטי־מעדעם־פֿאָרשלאָג איז אָנגענומען געוואָרן, און וולאַדימיר מעדעם איז נישט געווען קיין מיטגליד פֿון פּרעזידיום פֿונעם בונדישן פּאַרטיי־צוזאַמענפֿאָר אין קראָקע.

די שטעלונג, וואָס די אָנפֿירונג פֿון דער לינקער פֿראַקציע האָט פֿאַרנומען צום

ענין קאָמינטערן, איז פאַרמעל געווען: פאַר אַן אָנשלוס פון בונד אין קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל. דער אינהאַלט פון דער רעזאָלוציע איז אָבער געווען אַזוי פאַרוואַסערט און מיט אַזוי פיל דריידלעך, אַז כ'האָב געזען אַ געפאַר, אַז ווען די געגעבענע רעזאָלוציע זאָל דורכגיין, גיט זי אַ מעגלעכקייט דעם דערווײַלטן צענטראַל־קאָמיטעט צו סאַבאָטירן דעם אָנשלוס פון בונד אין קאָמינטערן. איך בין אַרויסגעטראָטן קעגן דער רעזאָלוציע און פאָרגעלייגט אַ צווייטע: נעמענדיק אין אַכט, אַז דער אַנטשטאַנענער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל איז דער אינטערנאַציאָנאַל פונעם אַלוועלטלעכן רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישן אַרבעטער־קלאַס און ער, און נאָר ער, איז באַרופן דורכצופירן די היסטאָרישע אויפגאַבעס פון רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט; און נעמענדיק אין אַכט אַז די אויסעראָרדנטלעכע קאָנפערענץ פון בונד, פסח 1919, האָט אָנגענומען די פּלאַטפאָרמע פון רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם — תקופה פון סאָציאַלער רעוואָלוציע, סאָוועטן־מאַכט, דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, די אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד — דער אַוואַנגאַרד פון דער סאָציאַלער וועלט־רעוואָלוציע — וואָס איז אין הסכם מיטן פּראָגראַם פון קאָמינטערן, באַשליסט דער צוזאַמענפאָר פון בונד אין קראָקע, פסח 1920, תּיכּף אָנצושליסן דעם בונד אין קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

מיין רעזאָלוציע האָט געקריגן עטלעכע שטימען. די רעזאָלוציע פון דער לינקער פראַקציע־אָנפירונג איז אָנגענומען געוואָרן מיט אַן אַבסאָלוטער מערהייט, ביי אַ קליינער צאָל אָפּגעהאַלטענע. צווישן די אָפּגעהאַלטענע זענען געווען עטלעכע גאַליציאַנער דעלעגאַטן.

דער נאָמען פון בונד איז אָריגינעל געווען: „אַלגעמיינער יידישער אַרבעטער־בונד פון ליטע, פוילן און רוסלאַנד". אָפט איז צום דאָזיקן נאָמען צוגעגאַנגען: „סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פאַרטיי", אָדער לאָקאַל: „סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע". אויך נאָכן אַנטשטיין פון דער פּוילישער מלוכה, האָט דער צולאָג „סאָציאַל־דעמאָקראַטישע" אָפט זיך נאָכגעשלעפּט. די לינקע האָבן באַשלאָסן פּטור צו ווערן פונעם דאָזיקן אַנאַכראָניזם און די פראַגע איז געווען וואָס פאַר אַ נאָמען דער בונד פון פוילן זאָל האָבן. מיין פאָרשלאָג, אַז דער בונד פון פוילן זאָל הייסן: „יידישער קאָמוניסטישער אַרבעטער־בונד פון פוילן — בונד", איז דורכגעפאַלן. די ערשטע פראַקציע־באַראַטונג האָט באַשלאָסן צו לאָזן דעם ענין פאַר שפּעטערדיקע באַראַטונגען.

נאָכן אָפּוואַרפן מיינע פאָרשלאָגן און נאָך אַ היציקן ווערטער־אויסטויש מיט נאָוואָגרודסקין, וואַסערן און אַנדערע האָב איך פאַרלאָזט די פראַקציע־פאַרזאַמלונג.

וויסנדיק, אַז יוזעף וועט זיין פאָרזיצער, האָב איך אים מיטגעטיילט, אַז כ'האָב פאַרלאָזט די לינקע פראַקציע און פאַרלאַנגט פון אים, אַז ער זאָל מיר, עקס־פּרעזידיאַ, צוטיילן דאָס רעכט פון אַ זעלבשטענדיקער ריכטונג מיט די געהעריקע רעכט און פּריווילעגיעס. יוזעף האָט מיך געפרעגט וועגן די מיינונג־פאַרשיידנקייטן, און

געקריגן אַן ענטפער, אַז וועגן דעם וועט ער געוואָר ווערן אויפן צוזאַמענפאָר. יוזעפס ענטפער איז געווען, אַז ער גלייבט נישט ער זאָל קענען נאָכקומען מיין פאַרלאַנג, מחמת מיינע אַ ריכטונג האָט נישט פיגורירט בעת דער וואַל־קאַמפּאַניע. ער האָט אָבער פאַרזיכערט, אַז פון זיין זייט, אויב ער וועט זיין פאַרזיצער פון דער זיצונג, אויף וועלכער כ׳וועל אַרויסטרעטן, וועט ער טאָן דאָס מעגלעכסטע, כ׳זאָל מיין שטאַנדפּונקט קענען ווי געהעריק ברענגען צום אויסדרוק.

מיין אַרויסטריט פון דער פראַקציע איז שנעל באַוווּסט געוואָרן צווישן די דעלעגאַטן פון פוילן. פון פאַרשיידענע זייטן האָט מען מיך געפרעגט וועגן די סיבות פון מיין האַנדלונג. דעם איינציקן, וועמען כ׳האָב דאָס דערציילט, איז געווען וויקטאָר שולמאַן.

פון מיינע געוועזענע פראַקציע־חברים האָב איך געהאַט געברענטע צרות. ס׳איז נישט געווען דער מין באַשולדיקונג, אַפילו פונעם ערגסטן פערזענלעכן כאַראַקטער, וועלכן מען זאָל אויף מיר נישט וואַרפן. דאָס פיינלעכסטע זענען פאַר מיר געווען די פאַרוווּרפן פון מיינע נאָענטסטע חברים און פריינד: יוסף באַסאַק, אַבע פלוג און זשאַן.

למען האמת דאַרף דערציילט ווערן, אַז מאיר וואַסער און שׂרה שוועבער זענען געווען די יעניקע, וואָס נישט נאָר זיי האָבן מיך נישט באַשולדיקט, אַז די סיבה פון מיין האַנדלונג זענען פערזענלעכע מאָטיוון, נאָר אַפילו געפונען אַ זכות פאַר מיר. עמנואל נאָוואָגרודסקי האָט פערזענלעך מיך נישט אָנגעגריפן און נישט געמאַכט קיין פאַרוווּרפן, אָבער געלאָזט דעם אַפּאַראַט אין גאַנג, אַז אַנדערע זאָלן פאַר אים טאָן די שמוציקע אַרבעט.

באַזונדערס אָנגרייפעריש קעגן מיר איז געווען דער לאָדזשער לינקער דעלעגאַט און מיטגליד פון דער צענטראַלער אָנפירונג פון דער לינקער פראַקציע, אַלעקסאַנ־דער (פּ. מינץ). צופעליק האָבן מיר זיך צונויפגעטראָפן ביי איין טישל ביים עסן וועטשערע און ער איז מיר דערגאַנגען אין דער גאַל אַריין. צווישן אונדז איז שיר נישט געקומען צו אַ געשלעג. כ׳האָב געהאַט אַ חשד, אַז זיין הורא־פּאַטריאָטיזם פאַר פראַקציע־איינהייט איז נישט לשם שמים, אַז זיין כּעס אויף מיר נעמט זיך פון דעם, וואָס ער האָט פאַרלוירן אַ שטיצער, וועלכער האָט אים געדאַרפט העלפן אַריינגיין אין באַשטאַנד פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד, צו וועלכן ער האָט זיך געריסן מיט אַלע כּוחות און מיט אַלע מעגלעכע מיטלען. איך האָב אים אויך נישט געשוינט, אַגיטירט די לינקע דעלעגאַטן קעגן דער קאַנדידאַטור פון אַלעק־סאַנדער אין צ.ק., גערעדט וועגן דעם אויך מיט די פירנדיקע טוערס פון דער לינקער פראַקציע, און, ווי כ׳גלייב, היפּשלעך געווירקט צום דורכפאַל פון זיין קאַנ־דידאַטור צום צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד אויפן צוזאַמענפאָר אין קראָקע.

אַלעקסאַנדער איז אָן שום ספק געווען אַ פעיקער, אינטעליגענטער און פּאָליטיש־געשולטער מענטש. דער לאָדזשער פּראָזים־לוזער איז אין פאַרגלייך מיט אים געווען

ווי אַ פליג קעגן אַ העלפאַנט. געהאַט האָט אַלעקסאַנדער אַלע רעכט זיך צו זאָגן, אַז ווי אַ לינקער האָט ער אַ סך מער וואָלאַרן צו זיין אַ מיטגליד פון צ.ק. פון בונד ווי פּראַזים־לוזער. זיינע קוואַליטעטן ווי אַ טוער אין דער אַרבעטער־באַוועגונג האָט אַלעקסאַנדער אַרויסגעוויזן בעת זיין טעטיקייט אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג פון פּוילן. ער האָט געהערט צום קלאַן פון אָנפירנדיקע טוערס און אין אַ רייע פאַלן אַרויסגעוויזן כאַראַקטער. ער איז אימונירט געווען קעגן לינקאַטשישקייט, נישט מיטגעמאַכט דעם טרויעריקן דאָמסקי־פעריאָד און די פּאָליטישע משוגעתן פון דער מינדערהייט־פראַקציע אין דער קאָמ. פּאַרטיי פון פּוילן. זיין פעלער איז געווען, וואָס ער איז געווען מער פּאָליטיקאַנער ווי פּאָליטיקער, מיט אַלע שטיק פון אַ פּאָלי־טיקאַנער. יעדן, וואָס האָט אים געקענט שאָדן אין זיינע אַמביציעס, איז ער גרייט געווען צו דורסן עד חרמה.

אַלעקסאַנדער איז געווען פון די הויפּטקעגנערס פון מיין האַנדלונג ווי אַ דיסידענט פון דער לינקער פראַקציע, און אין משך פון עטלעכע טעג, פאַרן צוזאַמענ־פאָר און אויפן צוזאַמענפאָר, ממש געבערענט מיינע טריט און פאַרביטערט מיין לעבן.

דער צוזאַמענפאָר פון בונד אין קראָקע האָט נישט געמאַכט קיין געשיכטע. דער קענצייכן פון צוזאַמענפאָר איז געווען דער אַמאַלגאַמאַט פון בונד אין פּוילן מיט זשעט־פּע־עס. דער בונד פון פּוילן האָט געקריגן אַן איינפלוס־ספערע אין די אַרבעטער־ישובים פון מערב־ און מזרח־גאַליציע. די אַרויסטרעטונגען פון די פראַטערנאַלע דעלעגאַטן — וואַקס פון ביאַליסטאָק־גראָדנער געגנט און וואָלט פון ווילנע, האָבן מיט זיך געבראַכט די אויסזיכט פון אַ שנעלער פאַראייניקונג אויך פון זייערע געביטן אין אַן איינהייטלעכער אַלפּוילישער פּאַרטיי פון בונד.

דאָס פּרעזידיום פון צוזאַמענפאָר איז באַשטאַנען פון די רעכטע יוזעף און אַ גאַליציאַנער, דוכט זיך ד״ר בראַס, און דער לינקער פּראַזים־לוזער פון לאָדזש, וועלכער האָט אין פּרעזידיום געשפּילט אַ קנאַפּע ראָלע.

די וויכטיקסטע פּונקטן פונעם טאָג־אָרדענונג זענען געווען: די באַציִונג צום קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל און דער נאָמען פון דער פּאַרטיי. די הויפּט־רעפעראַטן פון מאיר (חיים) וואַסער און פון הענריק ערליך זענען נישט געווען קיין גרויסע ווערק. די אַרויסטרעטונגען פון די גאַליציאַנער דאָקטוירים, טייל מיט אַ נאָמען אין די אַדוואָקאַטישע קרייזן, זענען געווען אַ שווערע אַנטוישונג פאַר די דעלעגאַטן פון פּוילן. דער ניוואָ פון זייערע רעדעס איז געווען אַ סך אַ נידע־ריקערער, ווי פון די דעלעגאַטן שוסטערס און שניידערס פון פּוילן. בכלל זענען די רעדעס אין דער דיסקוסיע נישט געשטאַנען אויף אַ גאָר הויכער מדרגה.

צוויי אַרויסטרעטונגען זענען דורך אַלעמען באַטראַכט געוואָרן פאַר אויסגע־צייכנטע: די רעדעס פון חנינא קראַמאַרסקי און פון וולאַדימיר מעדעם. אָבער

ביידע רעדעס האָבן נישט דערגרייכט דעם פּאָליטישן עפעקט, צו וועלכע זיי זענען באַרעכטיקט געווען לויט זייער קוואַליטעט.

חנינא קראַמאַרסקי, אַ קאָמאַשן־מאַכער פונעם פאַך, אַ טוער פון בונד אין וואַרשע נאָך פון די צייטן פון רוסיש־צאַרישן רעזשים, איז נישט געווען קיין אָראַטאָר און נישט קיין ערשטראַנגיקער יידישער אַרבעטער־טוער. ער איז געווען שטאַרק באַגרענעצט אין בילדונג, יידיש און סאָציאַליסטיש וויסן. זיין אָרט אין וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד איז נישט געווען בראַנגירט. אויף די וואַר־שעווער שטאָטישע פּאַרטיי־קאָנפערענצן פלעגט חנינא קראַמאַרסקי יאָ און נישט דערווילט ווערן ווי אַ מיטגליד פונעם פּאַרטיי־קאָמיטעט. ער האָט געהאַט אַמביציעס צו זיין תמיד אין שפּיץ פון דער בונדישער באַוועגונג און קאַפּריזן פון אַ בן־יקירל. אַלע זיינע באַמיִונגען נאָך זיין קומען קיין אַמעריקע, צו שאַפן פאַר זיך אַ פּאָזיציע אין דער אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג, האָבן זיך פאַרענדיקט מיט אַ דורכפאַל. יוזעף און די פירנדיקע טוערס פון דער לינקער פראַקציע האָבן אַלץ געטאָן כדי אים צו דערהאַלטן אויף אַ מדרגה אין דער פּאַרטיי־היעראַרכיע, טייל מאָל אַפילו אויפן חשבון פון אַ מערוווערטיקן און מער פאַרדינסטפולן חבר. חנינא קראַמאַרסקיס ווערטפולער אַרויסטריט אויפן צוזאַמענפאָר פון בונד אין קראָקע איז פאַר אַלע זיינע באַקאַנטע געווען אַ גרויסע איבערראַשונג, דער גרויסער טאָג פון זיין בונדישער קאַריערע.

חנינא קראַמאַרסקיס אַנאַליז פון בונד אין רוסלאַנד, זיין פּאָלעמיק די פּאָליטישע „גאונות" פון אַ ליבער, ערליך, אַבראַמאָוויטש איז געווען אַ גרינטלעכע. זיין קריטיק פון העגריק ערליכס רעפעראַט אויפן צוזאַמענפאָר איז געווען אַ פאַרניכטנדיקע.

זיינע אַרגומענטן, אַז די רעכטע מיט זייערע שותּפים, די כל המינים צענטריסטן, זענען די, וועלכע שפּאַלטן און וועלן שפּאַלטן דעם בונד: זיי האָבן געשפּאָלטן דעם בונד אין רוסלאַנד, געשפּאָלטן דעם בונד אין ווילנע, און זיי וועלן שפּאַלטן דעם בונד אין פּוילן, אויב זיי וועלן זיין אַ מינערווערטיקע מינדערהייט, און אויב זיי וועלן ווערן צוריק אַ מערהייט, וועלן זיי דערפירן די פּאַרטיי צו אַ מעמד, אַז די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער וועלן אין בונד דערשטיקט ווערן — איז געווען שניידיק־שאַרף, מיט איין וואָרט — אויסגעצייכנט.

חנינא קראַמאַרסקי האָט אָבער נישט געקענט און איז נישט פעיִק געווען זיך אַן עצה צו געבן מיט דער מייסטערהאַפטער און מערדערישער אַטאַקע פון מאַניעק (מאָוריצי) אָזשעכס צווישנרופן, סעקונדירטע מיט די צווישנרופן פון דעמביצער פון קראָקע, און ער האָט פאַרענדיקט זיין רעדע אונטער אַ סאַלווע פון געלעכטער פון די פאַרזאַמלטע אין זאַל.

דער אַרויסטריט פון וולאַדימיר מעדעם איז געווען ווי פון אַ פאַרוווּנדיקטן ליוב. ער האָט געביטשט דעם צענטער און די לינקע מיט אַ מייסטערהאַפטן סאַר־קאַזם, געחוזקט פונעם צענטער, אַז ער וויל בלייבן אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע

בתולה מיט אַ כתב און איז אַ קאַפּיטשקע מעוברת מיט אַ לינקעוואַטן ממזר. טייט־לענדיק מיט זיין וויזפינגער און רעדנדיק דירעקט צו מאיר (חיים) וואַסערן האָט ער צו אים אַ זאָג געטאָן:

„קוקט איך אָן אין פּאָליטישן שפּיגל פון חבר הערשל מעטאַלאָוויעץ, און איר וועט דערזען, אַז אייער פּנים איז ענלעך צו הערשלס דעמאָלט, ווען ער האָט אין האַרבסט 1918 פּרובירט שאַפן אַ באָלשעוויסטישע אָפּאָזיציע אין דער וואַרשעווער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע. אין אַ יאָר אָדער אין צווי אַרום, ווען איר וועט אַ קוק טאָן אין דעם זעלבן שפּיגל, וועט איר דערזען, אַז אייער פּאָליטיש פּנים איז ענלעך צום חבר הערשל מעטאַלאָוויעץ אויפן היינטיקן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר. אויף קיין זייטיקע שמאָלע זאַמדיקע וועגן וועט איר מיט אייער פּאָליטישן וואָגן נישט דערפאָרן. איר וועט מוזן גיין אויפן וועג פון באָלשעוויזם, אויף וועלכן עס וויל איך היינט פירן דער חבר הערשל מעטאַלאָוויעץ, אָדער איר וועט מוזן מאַכן אַ האַסטיקן אומקער אויפן ברייטן שליאַך פון סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. קיין אַנדער וועג איז פאַר איך נישטאָ".

וולאַדימיר מעדעמס רעדע איז אויסגעהערט געוואָרן מיט שפּאַנונג. זיין קאָ־לאַמבור אויפן חשבון פון די לינקע: „אויב כ׳וואָלט געוואָלט עפּעס דערגרייכן אויפן היינטיקן צוזאַמענפאָר, וואָלט איך געדאַרפט בלויז זאָגן דאָס פאַרקערטע. וואָס כ׳וויל באמת דערגרייכן" — האָט אַרויסגערופן אַן אויפרודער ביי די לינקע דעלעגאַטן און הילכיקע אַפּלאָדיסמענטן פון די רעכטע און צענטער.

עס איז געווען די איינשטימיקע מיינונג, אַז וולאַדימיר מעדעמס רעדע איז געווען די מייסטערהאַפּטסטע רעדע אויפן צוזאַמענפאָר. דער פּאָליטישער עפעקט איז אָבער געווען אַ מינימאַלער. וולאַדימיר מעדעמס פּאָליטישע פּאָזיציע איז געווען אַזאַ, וועלכע די יידישע אַרבעטער אין פּוילן און דער רוב מיטגלידער פון בונד האָבן בשעתו דעצידירט אָפּגעוואָרפן.

מיין לאַגע פאַר און בעת מיין אַרויסטריט איז געווען אַ זייער שווערע. געהאַט האָב איך קעגן זיך דעם גאַנצן צוזאַמענפאָר: די רעכטע מיטן צענטער און מיין אייגענע לינקע פראַקציע. אין באַטראַכט האָב איך געמוזט נעמען, אַז מיין נאָמינעלע צייט פון רעדן איז 10 מינוט, און יוזעף, דער פּאַרזיצער, איז אַ שווערער בעל־דבר, אַ פּעדאַנט אויפן רעגולאַמין. געוווּסט האָב איך, אַז אויב מיין אַרויסטריט וועט נישט זיין פון אַ מדרגה, וואָס זאָל צווינגען, אין אינהאַלט און אַראַטאָריש, די אַנוועזנדיקע אין זאַל מיך אויסצוהערן — בין איך קאַפּוט, דעמאָלט וועט מיר קיין טאַטער נישט העלפן; מיין בונדישע פּאַרטיי־קאַריערע און מיין ראָלע ווי אַ לינקער איז געענדיקט.

מיט דער הילף פון זשאַנס אַ נאָענטער פריינדין, איינע פון די עלעגאַנטע קראָ־קעווער פּאַניענקעס, וואָס האָבן אויפגענומען און באַדינט די דעלעגאַטן מיט כיבוד אין קהילה־זאַל — אַ שיין און אינטעליגענט מיידל, וועלכע האָט שפּעטער, בימי

קאָמבונד געשפּילט אַ גרויסע ראָלע ווי אַ קאָמבונדישע קוריערין (איר נאָמען לידער פאַרגעסן) — האָב איך זיך איינגעשאַפט אַ געהעריקע ליטעראַטור אין דייטש. אַן אַנגעלאָדענער מיט ביכער בין איך אַרויף אויף דער טריבונע צו האַלטן מיין רעדע פון אַ לינקן דיסידענט.

איינגעטיילט מיין רעדע האָב איך אין פינף טיילן: פאָרוואָרט, באַגרינדונג, פּאָלעמיק, רעזאָלוציע און שלוסוואָרט.

אָנגעהויבן האָב איך מיין רעדע מיט די ווערטער: „חברים, דעלעגאַטן צום ערשטן אַלפּויילישן בונדישן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר. איך גיב זיך אָפּ אַ חשבון פון דער שווערער אויפגאַבע, וואָס כ׳האָב אויף זיך גענומען, ווי אַן איינצלנער און אַן איזאָלירטער פון מיין אייגענער פראַקציע. ביי מיין טיפער פּאָליטישער קעגנער־שאַפט צום חבר וולאַדימיר מעדעם, וועלכער איז אויך אַן איינצלנער אויסער יעדער פראַקציע, מוז איך זיך זאָגן: דו באַזיצסט נישט קיין מינימום פון מעדעמס וואָלאָרן, כדי זיך צו דערלויבן און גיין אַליין, צו זיין איזאָלירט. דיין ווערט — אויב דו פאַרמאָגסט וועלכן ס׳איז ווערט — איז ווי אַ טייל פון אַ קאָלעקטיוו, און נאָר ווי אַ טייל פון אַ קאָלעקטיוו. אויב כ׳האָב זיך דעצידירט צו פאַרלאָזן מיין לינקע פראַקציע און אַרויסצוטרעטן אויף דעם צוזאַמענפאָר ווי אַ יחיד, איז דאָס דערפאַר, מחמת כ׳האַלט, אַז דער הויפּט־ענין פונעם היינטיקן צוזאַמענפאָר, דאָס אָנשליסן דעם בונד פון פּוילן אין קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, איז פון אַזאַ קאָלאָסאַלן באַטייט פאַרן יידישן פּראָלעטאַריאַט און פאַר אונדזער פּאַרטיי, אַז יעדע מיסרע־פּרעזענטאַנץ און יעדע שפּעקולאַציע מיט דעם ענין קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל וועט זיין אַ קאַטאַסטראָפע פאַרן יידישן אַרבעטער־קלאַס און פאַרן בונד פון פּוילן. היות כ׳האָב נישט געקענט מסכים זיין מיט די פירנדיקע חברים פון דער לינקער פראַקציע, ווי דאָס איז געקומען צום אויסדרוק אין רעפעראַט פון חבר מאיר אויפן צוזאַמענפאָר, האָב איך געהאַלטן פאַר מיין חוב, ווי אַן אַרבעטער, ווי אַ בונדיסט, ווי אַ באַלשעוויסטיש־געשטימטער בונדיסט, צו נעמען אויף זיך די אויפגאַבע אוועק־צושטעלן פאַר אונדזער פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר דעם ענין פון אַ תיכפדיקן אָנשלוס פון אונדזער פּאַרטיי אין קאָמינטערן — אַזוי ווי איך פאַרשטיי דאָס. איך גלייב, אַז מיין יחידישער אַרויסטריט וועט דינען דעם אינטערעס פונעם יידישן אַרבעטער־קלאַס און פון אונדזער פּאַרטיי. איך גלייב און האָף, אַז כ׳וועל מיט אַחריות דערפילן מיין שווערע אויפגאַבע״.

דער דאָזיקער אַריינפיר האָט פאַר מיר געוווּנען די סימפּאַטיע פון די אָנוועזנ־דיקע אין זאַל דעלעגאַטן און געסט. די פירערס פון דער לינקער פראַקציע האָבן געמיינט, אַז כ׳וועל אָנהייבן מיין רעדע מיט אַן אַטאַקע אויף דער לינקער פראַקציע און שוין גרייט געווען צו רעאַגירן. אָבער מיין פאָרוואָרט האָט זיי אַנטוואָפנט און די שטימונג אין זאַל האָט געשאַפן די מעגלעכקייט רויק מיך אויסצוהערן בעת דעם באַגרינדונג־טייל פון מיין רעדע.

דעם באַגרינדונג־טייל פון מיין רעדע — פאַר וואָס דיקטאַטור פון פּראָלעטאַר־יאַט, ראַטנמאַכט, באַנקראָט פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, און פאַר וואָס דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל איז די האָפענונג פונעם רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישן אַרבעטער־קלאַס אין גאַר דער וועלט — האָב איך דורכגעפלאָכטן מיט ציטאַטן פון מאַרקס, ענגעלס, ראָזאַ לוקסעמבורג, לענין און טראָצקי, און אויך מיט ציטאַטן פון די אַמאָליקע שריפטן פון קאַוטסקי און פּלעכאַנאָוו. גערעדט האָב איך שוין אַ 12 מינוט, מיט אַ 2 מינוט לענגער, ווי מיין באַמינגעלע רעדנער־צייט און מיין רעדע איז אויסגעהערט געוואָרן אין אַ שטילקייט, אַז מ׳האָט געקענט הערן דאָס זשומען פון אַ פליג.

ווען כ׳בין אַריבער צו פּאָלעמיק, האָט יוזעף מיר אַ וויז געטאָן דעם זייגער און אַ קלאַפּ געטאָן מיטן גלעקל אין טיש, וואָס האָט געמיינט: האָסט נאָך העכסטנס אַ מינוט צייט. כ׳בין בייז געוואָרן, אויסגעדרייט זיך מיטן פּנים צו יוזעפן און צו אים אַ געשריי געטאָן: „איר ווייסט גאַנץ גוט ווי ביטער ס׳איז מיר אויפן היינטיקן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר. זייט נישט קיין אינקוויזיטאָר און לאָזט נישט אַראָפּ די האַק פון רעגולאַמין אויף מיין רעדע, לאָזט מיך ענדיקן, ווי כ׳האָב די רעדע צוגעגרייט פאַרן צוזאַמענפאָר. ווו זאָל איך רעדן, אויב נישט אויף מיינס אַ פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר״? פון זאַל האָט זיך דערהערט אַ קול: „לאָזט דעם יונגן חבר רעדן״! דער רוף איז געקומען פון דעם באַרימטן אַדוואָקאַט לייב לאַנדאַו, וועלכער איז געווען אַ גאַסט אויפן צוזאַמענפאָר. יוזעף האָט אַ רעזיגנירטער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און אַ ביזלעכער צו מיר אַ זאָג געטאָן: „רעדט ווייטער, חבר הערשל״.

מיטן ווייטערדיקן טייל פון מיין רעדע, דעם פּאָלעמישן, האָב איך נישט געהאַט קיין גלאַטן שליטוועגס.

מיטן לינקן צענטער, מיט וויקטאָר אַלטערן, האָב איך עס געמאַכט קורץ און שאַרף: „שאַג ופּעריאַד. דוואַ נאַזאַד״ (אַ שריט פאָרויס צוויי צוריק). אַט מיינט מען, אַז מ׳האָט צו טאָן מיט אַ רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליסט, אָבער באַלד מאַכט דער לינקער צענטריסט אַ „השיבנו־נאַזאַד״ און פאַלט אַריין אין די אָרעמס פון די רעכטע, צו וועלכע ער געהערט באמת. מאַכט פרי׳ער אַן אָרדענונג מיט זיך גופא, קלערט פאַר זיך אַליין אויף אייער אייגענע פּאָזיציע און זאָגט קלאָר, וואָס איר מיינט און ווילט. די יידישע אַרבעטער וועלן זיך באַגיין אָן די פּשטלעך און דריידלעך, וואָס מ׳ווייסט קיין מאָל נישט, וואָס עס איז ווען דער „יאָ״ איז אַ „ניין״, און דער „ניין״ איז קיין מאָל נישט קיין „יאָ״.

אויך מיטן צענטער — האָב איך עס געמאַכט קורץ. אויסדרייענדיק זיך צו יוזעפן האָב איך אַ זאָג געטאָן: „אַזאַ בונד, אַן אַנדער בונד — אַבי אַ בונד. פאַר איך חבר יוזעף איז טאַקע נישט קיין נפקא־מינה וואָס פאַר אַ בונד, אַבי אַ בונד, אָבער אַנדערש איז עס מיט די יידישע אַרבעטער און מיט די מיטגלידער פון אונדזער פּאַרטיי: זיי ווילן וואָס זיי ווייסן און ווייסן וואָס זיי ווילן. און ווען ווילן

זיי אַ סאָציאַליסטיש־רעוואָלוציאָנערן בונד און נישט קיין בונדישן אַנדראָגינוס״.

שאַרף און ברוטאַל איז געווען מיין אָנגריף קעגן רעכטן צענטער. באַזונדערס קעגן דער פּערזאָן פון הענריק ערליך, וועמען כ׳האָב פּיינט געהאַט מיט אַלע פּאָליטישע און מענטשלעכע פיינטשאַפטן פון דער ערשטער מינוט, וואָס כ׳האָב זיך מיט ערליכן באַגעגנט אין וואַרשע, אָנהייב 1919, נאָך זיין אַנטלויפן פון סאָוועטן־פאַרבאַנד.

מיין שאַרף אָנגרייפן דעם רעכטן צענטער, וועלכער האָט געהאַט צו זיין דיספּאָזיציע אַלע אויסגעשפּראָכענע רעכטע, די אָנהענגערס פון וולאַדימיר מעדעם פון פּוילן און פון גאַליציע, און מיין ברוטאַלער אַרויסטריט קעגן ערליכן, האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם ביי די רעכטע און צענטריסטן. ס׳האָבן זיך אַ שאָט געטאָן אַ האָגל פון צווישנרופן, אויף וועלכע כ׳האָב געענטפערט מיט מיין מאַקסימאַלסטער שלאָגפעיִקייט.

צו מיר האָט זיך אַ נעם געטאָן מאָניעק אָזשעך מיט זיין אַרסענאַל פון שפּיציקע מייסטערהאַפטע צווישנרופן, און אָזשעך איז אונטערגעהאַלטן געוואָרן פונעם גאַליציאַנער דעמביצער. עס האָט געדראָט, אַז דער פּרעסטיזש, וואָס כ׳האָב געוווּנען ביים ערשטן טייל פון מיין רעדע, זאָל גיין אין ניוועטש און כ׳זאָל האָבן דעם זעלבן סוף, וואָס חנינא קראַמאַרסקי האָט געהאַט. כ׳האָב באַשלאָסן צו מאַכן אַ קעגן־אָנגריף קעגן אָזשעכן און דעמביצערן. וואָס זאָל זיי שטום מאַכן בעת מיין ווייטערדיקן רעדן.

דער ערשטער קרבן איז געווען דעמביצער. נאָך זיינס אַ צווישנרוף האָב איך צו אים אַ געשריי געטאָן: „העי, ברילליאַנטן־סוחר, אפשר וועט איר אייערע צווישנרופן באַהאַלטן אין הענטל פונעם רענצל, וואָס מ׳זאָל אייך האָבן צוגעגנבעט אין דער רעדאַקציע פון „לעבענס־פראַגען״ און די פאַרקויפט אַ יאָלדישן קונה?! איך פאַרזיכער אייך, וואָלט איך געווען פאַרדעכטיקט אין דער גנבה פון אייער רענצל, וואָלט איך נישט געווען אַזוי איידל ווי די חברים מעדעם און שולמאַן, מיינע פּאָליטישע קעגנערס, אָבער די רעספּעקטפולסטע חברים דאָ אין זאַל, און וואָלט אייך אייערע גאָלדענע ציין אַרויסגעטראַסקעט פון אייער מויל. איך וויל זען, ברילליאַנטן־שמוגלער, איר זאָלט מיר מאַכן נאָך אַן איינציקן צווישנרוף״!

צו מיין איבערראַשונג האָבן די פירערס פון גאַליציאַנער בונד: שרייבער, שולדענפריי און דער לינקער בלום מיך הילכיק אַפּלאָדירט. צי דאָס אַפּלאָדירן איז געווען צוליב שאָדנפרייד, צוליב אַלטע חשבונות מיט דעמביצערן, איז פאַר מיר פאַרבליבן אַ סוד. דעמביצער האָט מיך מער נישט באַלעסטיקט. יוזעף, ווי אַ פאַרזיצער, האָט אָבער געהאַלטן פאַר זיין חוב זיך צו אַנטשולדיקן פאַר דערלאָזן צו אַ פּערזענלעכער באַליידיקונג.

און ווי אַזוי כ׳האָב זיך געספּראַוועט מיט מאָניעק אָזשעך, האָב איך דערציילט אינעם קאַפּיטל זכרונות וועגן מאָניעק (מאָוריצי) אָזשעך: זיין ראָלע פון בונד פון

פוילן, זיין ראָלע ווי פירער פון בונד אונטער דער נאַצישער הערשאַפט און זיין טויט דורך די נאַצישע רוצחים.

נאָכן אָפּפאַרטיקן זיך מיט דעמביצערן און אָושעכן האָב איך רויק ממשיך געווען מיין רעדע און שאַרף אַטאַקירט די לינקע פראַקציע. כ׳האָב איבערגעלייענט די רעזאָלוציע וועגן אַ תיכּפדיקן אָנשלוס אין קאָמינטערן, וואָס כ׳האָב געהאַט פאַרגעלייגט אויף דער ערשטער באַראַטונג פון דער לינקער פראַקציע און פאַר־ענדיקט מיין רעדע אין אַ שטילן מינאָרן טאָן, מיט ווערטער אויסגעוויקטע אין ווייטיק, מיט דברים היוצאים מן הלב:

„דער היינטיקער פאַרטיי־צוזאַמענפאָר איז אַ היסטאָרישער. אויף דער וואָגשאָל ליגט דער גורל פון אונדזער פאַרטיי, פון בונד. אין אייערע הענט, לינק־געשטימטע דעלעגאַטן, ליגט דער גורל פון אונדזער פאַרטיי: צי דער בונד פון פוילן זאָל באַגיין זעלבסטמאָרד, ווי דאָס האָבן געטאָן די ליבערס, זאַסלאַווסקיס, ערליכס, אַבראַמאָ־וויטשעס מיט זייערע העלפערס מיטן בונד אין רוסלאַנד, אָדער דער בונד פון פוילן זאָל זיין אַ ווערדיקער יורש פון די הערלעכע קאַמף־טראַדיציעס פון אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער־בונד פון ליטע, פוילן און רוסלאַנד אין די יאָרן פון פאַר דער רעוואָלוציע פון 1905, בעת דער רעוואָלוציע פון 1905, אין די יאָרן פון דער פינצ־טערער סטאָליפּין־רעאַקציע, אין גייסט פונעם אַנטי־מלחמה־מאַניפעסט פון בונד, פּ.פּ.ס.־לעוויצע און ס.ד.ק.פּ.ל., אין גייסט פון די קאַמפן פון אונדזער פאַרטיי אין פוילן אין די יאָרן פון דער דייטשישער אָקופּאַציע־מאַכט — און איר וועט שטימען פאַר אַ תיכּפדיקן אָנשלוס פון בונד אין קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל. נישט אין די הענט פונעם רעכטן טייל פון אונדזער פאַרטיי ליגט דער גורל פון בונד פון פוילן, נאָר אין אייערע, אין אייערע, אין אייערע״!

ווען כ׳האָב געענדיקט מיין רעדע האָט אין זאַל געהערשט אַ טויטע שטילקייט. ס׳איז נישט געפאַלן קיין איין אַפּלאָדיסמענט. מיט אַ מאָל האָט זיך דערהערט אַ גרילצנדיקער אויסרוף אין דער פוילישער שפּראַך: „גיעך זשיע מוזויעץ, דאָבזשע גאַדאַ״ — אַ שפּאָטישער עפּיטעט אין אַ פאַרגרייזטן פויליש, באַנוצט אויף פוילישע פאַרזאַמלונגען, געצילט צו דערנידעריקן דעם רעדנער. אין אַ פרייער יידישער איבערזעצונג וואָלט דער אויסרוף געקלונגען: „זאָל לעבן דער בעל־דרשן, ער האָט שוין איין מאָל געדברט״. געמאַכט דעם אויסרוף האָט דער לאָדזשער לינקער דעלע־גאַט און מיטגליד פון דער צענטראַלער אָנפירונג פון דער לינקער פראַקציע — אַלעקסאַנדער.

ווי אַ רעאַקציע קעגן אַלעקסאַנדערס אָנגריף, האָט זיך אַ ריס געטאָן פון זיין זיצפּלאַץ אַ יונגער שוסטער־אַרבעטער, אַ דעלעגאַט פונעם שטעטל לאַשיץ לעבן שעדלעץ, אַ דערצויגלינג פונעם יונג־פאַרשטאַרבענעם פלאַמפייערדיקן רעוואָלוציאָ־נער און אַרבעטער־טריבון אַוורעמל שטריקער, און אויף אַ הויכן קול אויסגערופן: „בראַוואָ, חבר הערשל מעטאַלאָוויעץ״! און מיט דינע מאָזאָליעדיקע הענט אַפּלאָ־

דירט מיט אַלע כּחות. צו הילף דעם יונגן שוסטער־אַרבעטער זענען געקומען אַפּלאַדירערס פון די בענק אויף לינקס און — פון דער רעכטער זייט פון זאַל. צווישן די אַפּלאַדירערס פון רעכטס זענען אויך געווען: וולאַדימיר מעדעם, זדזשיסלאַוו מושקאַט, וויקטאָר שולמאַן, דאָקטאָר לייב לאַנדאַו, די געוועזענע פירערס פונעם גאַליציאַנער בונד, די דאַקטוירים שולדענפריי, שרייבער, בראַס און אַנדערע. ווי די אַפּלאַדירערס פון רעכטס האָבן דערקלערט, איז די סיבה פון זייער אַפּלאַדירן געווען, אַז דער כאַראַקטער פון מיין רעדע האָט געדאַרפט אויפרודערן די דעלעגאַטן פון צוזאַמענפאָר קעגן דער געפאַר פון מיין פאַרנומענער שטעלונג, אָבער ווי אַ רעדע האָט זי אין יעדער הינזיכט פאַרדינט רעספּעקט, און נישט קיין פּערזענלעכע באַליידיקונג.

אַגב, האַלט איך פאַר מיין חוב צו פאַרצייכענען, אַז דער דערמאָנטער יונגער שוסטער־אַרבעטער, וואָס האָט דער ערשטער דעמאָנסטראַטיוו אַפּלאַדירט מיין רעדע, איז סוף 1920 אָדער אָנהייב 1921 געווען אַ רעוואָלוציאָנערער און בונדישער מאַרטירער — ער איז בעסטיאַליש דערמאָרדערט געוואָרן אין דער שעדלעצער תּפיסה. ווען די רויטע אַרמיי האָט בעת איר מאַרש אויף וואַרשע באַזעצט זיין שטעטל, איז דער יונגער בונדישער שוסטער־אַרבעטער געוואָרן אַ מיטגליד פון לאָקאַלן רעווקאָם. נאָכן אָפּטרעטן פון דער רויטער אַרמיי, איז ער אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער פּוילישער מיליטער־מאַכט, פאַרשפּאַרט געוואָרן אין אַן איינצל־קאַמער פון דער שעדלעצער תּפיסה, געשטעלט געוואָרן אונטער דער באַשולדיקונג פון די פּאַראַגראַפן 102 און 108 פון רוסישן שטראָפגעזעץ פאַר מלוכה־פאַרראַט און שפּיאָנאַזש, וואָס האָט אין די געגעבענע באַדינגונגען געדראָט מיט טויטשטראָף. אָבער אָנשטאָט צו וואַרטן אויפן אויסגאַנג פונעם פּראָצעס, האָבן די פּוילישע פּילסודסקי־סאָטראַפּן, מיט דער הילף פון קרימינעלע אַרעסטאַנטן אַראָפּגעוואָרפן דעם יונגן בונדיסט פון אַ פירשטאָקיקער הייך אויף דער שטיינערנער פאַדלאָגע פונעם קאַזעמאַט. לײַדער, געדענק איך נישט דעם נאָמען פונעם דאָזיקן יונגן און בראַוון שוסטער־אַרבעטער. מיר איז אויך נישט באַקאַנט, אַז די געשיכטע פון זיין מאַרד זאָל זיך געפינען אין וועלכער ס'איז בונדישער פּובליקאַציע. זאָלן די ווערטער זיין אַ מין לזכּרון פאַר דעם דאָזיקן יונגן רעוואָלוציאָנערן ייִדישן אַרבעטער.

און אָט זענען די קאָמענטאַרן און באַמערקונגען פון חברים וועגן מיין רעדע: וולאַדימיר מעדעם: „די איינציקע אויפריכטיקע לינקע רעדע אויפן צוזאַמענפאָר"; זדזשיסלאַוו (זיגמונד) מושקאַט, דער ייִדישער גוי אָדער פאַרגויישטער ייִד: „אַ פאַנאַטישער באַלשעוויזירטער נאַציאָנאַליסט, אָבער רעדן רעדט ער שיין"; וויקטאָר שולמאַן, וועלכער האָט מיך באַטראַכט פאַר זיין בונדישן וויכאָוואַנעק: „בנים גדלתּי ורוממתּי והם פּשעו בי. קינדער אויפגעהאָדעוועט, און זיי האָבן אין מיר ווידערשפּעניקט"; דאָקטאָר לייב לאַנדאַו, דער אָנגעזעענסטער גאַסט אויפן צוזאַמענפאָר;

„איך בין איבערראַשט געווען צו הערן אַזאַ גרינגלעכע און פּראַכטפולע רעדע פון אַ יונגן יידישן אַרבעטער פון פּוילן״.

און די האַנטדריקן, באַמערקונגען און קאָמענטאַרן, וואָס מ׳קען כולל זיין אין די ווערטער: „כ׳בין מיט אייער שטעלונג נישט מסכים, אָבער אַ רעדע האָט איר געהאַלטן אַן אויסגעצייכנטע״ — האָבן מיך אַרויסגענומען פון דער איזאָלאַציע, אין וועלכער כ׳האָב זיך געפונען זינט מיין אַרויסמאַרש פון דער לינקער פראַקציע, צעשטערט און פאַרניכט דאָס געוועב פון רכילות, לשון־הרע און גיפטיקע אינסי־נואַציעס, מיט וועלכע כ׳בין געווען אַרומגעוועבט, און מיך אָוועקגעשטעלט אויף אַ בכבודיק אָרט אויף דער מאַפּע פון עם צוזאַמענפאָר.

בשעת דער אָפּשטימונג פון די רעזאָלוציעס, ווען די רעזאָלוציע פון דער לינ־קער פראַקציע איז דורכגעפאַלן ווי אַ באַזע, און די רעזאָלוציע איז געשטימט געוואָרן פּאַראַגראַפנווייז, איז דער תוכן פון מיין פאָרגעלייגטער רעזאָלוציע געווען איינע פון די דריי נוסחאות צום פּאַראַגראַף „בונד און קאָמוניסטישער אינטער־נאַציאָנאַל״. דער נוסח פון דער רעכט־צענטער פראַקציע איז געווען אַ ספּעקולאַ־טיווער „דער צוזאַמענפאָר באַשליסט אָפּצולייגן דעם פּונקט פון אַנשליסן דעם בונד אין אַן אינטערנאַציאָנאַל צו אַ צווייטן צוזאַמענפאָר״. דער נוסח פון דער לינקער פראַקציע — אַ מטושטשער: „דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל איז אַ סאָציאַ־ליסטיש־רעוואָלוציאָנערער. דער צוזאַמענפאָר באַפולמעכטיקט דעם דערוויילטן צענטראַל־קאָמיטעט צו פירן פאַרהאַנדלונגען מיטן קאָמינטערן וועגן די באַדינגונגען, וואָס זאָלן דערמעגלעכן דעם בונד צו ווערן אַ מיטגליד פון קאָמוניסטישן אינטער־נאַציאָנאַל״. מיין נוסח: „דער צוזאַמענפאָר באַשליסט תיכף אַנשליסן דעם בונד אין קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל״ האָט געקריגן 8 שטימען. דריי וואָרשעווער: יוסף באַסאַק, חנינא קראַמאַרסקי און מיינע; פון לאָשיצער שוסטער־אַרבעטער; פון אַ דעלעגאַט פון וואָרשעווער ראַיאָן; פון איינעם פון די דעלעגאַטן פון שעדלעץ אָדער שעדלעצער ראַיאָן און פון צווי גאַליציאַנער דעלעגאַטן.

די אָפּשטימונג איז געווען אַ נאָמענטלעכע, לויט די פאַמיליע־נעמען, לויט די פּסעוודאָנימס און לויט דער רייע פון אַלף־בית. די רעכטע און כל־המינים צענ־טריסטן אָן אַן אויסנאַם האָבן געשטימט קעגן דער רעזאָלוציע פון דער לינקער פראַקציע ווען זי איז געשטימט געוואָרן ווי אַ גאַנצע. פאַר מיר האָט לויטן אַלף־בית געשטימט וולאַדימיר מעדעם מיט אַ בייזן „קעגן״. דאַן איז געקומען מיין רייע. מיין ענטפער איז געווען אַ הויכער „קעגן״ — די איינציקע לינקע שטימע קעגן דער רעזאָלוציע פון דער לינקער פראַקציע.

מיין שטימען קעגן דער רעזאָלוציע האָט אַרויסגערופן איבערראַשונג ביי די רעכטע און אַ דערשטוינונג ביי די לינקע. פון די לינקע בענק איז געקומען אַ שאַרפע רעאַקציע, באַגלייט מיט אומפאַריינדלעכע אויסרופן. פון רעכטס דערקעגן איז געקו־מען אַ הויכע אָנערקענונג פאַר מיין מוט און קאָנסעקווענץ. כ׳האָב נישט געוואָלט

דערלאָזן צו אַ מיספאַרשטייען פון מײַן שטימען מצד די רעכטע און פאַרלאַנגט פונעם פאַרזיצער אַ וואָרט צו אַ דערקלערונג. נאָך אַ לענגערער אַמפּעריי מיטן פאַרזיצער האָב איך געקריגן 5 מינוט צײַט פאַר אַ דערקלערונג. כ'האָב זיך אָפּגעגרענעצט פון די רעכטע באַנוצנדיק די באַקאַנטע פראַזע פון אויגוסט בעבעל: „אַז מײַנע שׂונאים לויבן מיך, הייב איך אָן טראַכטן צי כ'בין גערעכט געווען". אויף דער רעאַקציע פון לינקס האָב איך געענטפערט, אַז שטימען, און אַפילו אָפּהאַלטן זיך פון שטימען, פאַר דער פאַרוואָסערטער רעזאָלוציע, ווי דאָס האָבן געטאָן אייניקע לינקע דעלעגאַטן, וואָס שפּילט אַריין אין די הענט פון די רעכטע און גיט אַ מעג־לעכקייט צו מאַנעווורירן און צו סאַבאָטירן דעם אַרײַנטריט פון בונד אין קאָמינטערן, וואָלט פאַר מיר געמיינט בוגד זײַן אין מײַן שטעלונג צום קאָרדינאַלסטן פּראָבלעם פון בונדישן פאַרטיי־לעבן אויפן היינטיקן צוזאַמענפאַר, פאַר וועלכן כ'האָב אַזוי ביטער געקעמפט אין דער פראַקציע און אויפן צוזאַמענפאַר. די ווייטערדיקע גע־שיכטע פון בונד האָט באַוויזן, אַז כ'האָב נישט געמאַכט קיין טעות.

אַ מיינונג־פאַרשיידנקייט צווישן מיר און דער לינקער פראַקציע איז אויך געווען איבערן צווייטן קאָרדינאַלן פּונקט פון טאָג־אָרדענונג פון בונדישן פאַרטיי־צוזאַמענפאַר אין קראָקע — וועגן דעם נאָמען פון דער פּאַרטיי. צוזאַמען מיט אַלע לינקע האָב איך געשטימט קעגן יעדן סימן פון אַ פאַרבינדונג פון בונד מיט „סאָציאַל־דעמאָקראַטיע", אָבער עקשנותדיק בין איך באַשטאַנען, אַז דער נאָמען זאָל זײַן „יידישער קאָמוניסטישער אַרבעטער־בונד". ליידער, האָט אין דעם פאַל עמאָציע גענומען די איבערהאַנט איבער דער קאַלטער פּאָליטישער לאָגיק. איך האָב נישט גענומען אין אַכט די אײַזערנע אַרגומענטאַציע פון די רעכטע און שפּעטער אויך פון די לינקע, אַז מיטן נאָמען „קאָמוניסטישער" שפּילט מען אַריין אין די הענט פון די רעאַקציאָנערע רעגירונג־אָרגאַנען צו דעלעגאַליזירן דעם בונד.

צו אַ מיינונג־פאַרשיידנקייט מיט דער לינקער פראַקציע איז אויפן פאָרום פון צוזאַמענפאַר אויך געקומען וועגן דער קאַנדידאַטור פון וולאַדימיר מעדעם צום צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד. צו דער איבערראַשונג פון די רעכטע און פון צענטער בין איך אַרויסגעטראָטן פאַר מעדעמס קאַנדידאַטור צום צ.ק. מײַנע אַרגומענטן זענען געווען די זעלבע, וואָס כ'האָב געהאַט געבראַכט צום אויסדרוק אויף דער באַראַטונג פון דער לינקער פראַקציע. מעדעם האָט קאַטעגאָריש זיך אָפּגעזאָגט אַרײַנצוגיין אין באַשטאַנד פון צענטראַל־קאָמיטעט.

וולאַדימיר מעדעם האָט געראָטן זײַנע אָנהענגערס צו בילדן צוזאַמען מיט די כּל־המינים צענטריסטן אַן אײַנהייטלעכע פראַקציע, אָבער אַליין איז ער אין דער פראַקציע נישט אַרײַנגעטראָטן. מעדעם און איך זענען געווען די איינציקע צוויי דעלעגאַטן אויפן בונדישן פאַרטיי־צוזאַמענפאַר אין קראָקע אויסער יעדער פראַקציע. בעת איינער פון די גרויסע הפסקות, ווען די פראַקציעס האָבן אָפּגעהאַלטן זייערע

באַראַטונגען, האָבן מיר זיך באַגעגנט אינעם פּאַיע פון קהילה־זאַל. כ׳האָב זיך אַ ווייל געטאָן וועגן דעם אייגנאַרטיקן אינצידענט וואָס די עקסטרעמען האָבן נאָך וואָס געשלאָסן.

דעם לאַנגן קאָרידאָר זענען מיר געגאַנגען שווייגנדיק. אין גרויסן קהילה־זאַל זענען מיר געווען אַליין. איך האָב זיך אָוועקגעזעצט לעבן מעדעמען, און נאָך אַ קורצער שווייגעניש צו אים אַ זאָג געטאָן:

„איר וועט מיר אַנטשולדיקן, חבר מעדעם, מײַן טאַקטלאָזיקייט צו לערנען אײַך הילכות פּאָליטיק, אָבער לויט מײַן מיינונג האָט איר געמאַכט אַ פעלער און געבראַכט אַ גרויסן שאָדן דעם צוזאַמענפאָר דערמיט, וואָס איר האָט זיך איזאָלירט און נישט געשאַפן קיין אויסגעשפּראָכענע רעכטע פראַקציע מיט אײַך אין שפּיץ. אײַער פראַקציע וואָלט צאָלמעסיק געווען די צווייט־גרעסטע נאָך דער לינקער, דאָס וואָלט אײַך געגעבן בעסערע מעגלעכקייטן און נישט געהעמט אײַער צייט צום רעדן. און דער עיקר, ס׳וואָלט געווען מיט וועמען און מיט וואָס צו קעמפן. גלייבט מיר, חבר מעדעם, האָב איך צו אים געזאָגט, אַז אין מײַן אַרויסטריט קעגן די צענטריסטן — קעגן אַלטערן, יוזעפן און ערליכן, האָב איך געהאַט אַ ביטערן טעם אין מויל. מיט אײַך וואָלט דער קאַמף געווען אַ מער אידעאָלאָגיש־פּאָליטישער און אויך אַ מער פּאָליטיש זויבערער. כ׳פיל נאָך איצט דעם גוטן טעם פון דער פּאַרטיי־קאָנפערענץ אין וואַרשע סוף 1918. פאַר וואָס האָט איר זיך איזאָלירט? פאַר וואָס האָט איר נישט געשאַפן אײַערס אַ פראַקציע? איך האָב קיין ברירה נישט געהאַט, אָבער איר״?

וולאַדימיר מעדעמס ענטפער איז געווען אַ לאַקאָניש קורצער: „אפשר זענט איר גערעכט, חבר הערשל״ — און מער האָב איך פון מעדעמען קיין איין וואָרט וועגן דעם ענין נישט געקענט אַרויסקריגן. נאָך אַ לענגערן שוויגן האָט מעדעם צו מיר אַ זאָג געטאָן: „אַ דאַנק אײַך פאַר אײַער אָרנטלעכער האַנדלונג אויף דער באַראַטונג פון דער לינקער פראַקציע, פאַר אָננעמען זיך מײַן קריוודע און פאַרטיידיקן מײַן כּבוד. כ׳האָב קיין מאָל נישט געצווייפלט אין אײַער פּערזענלעכער און פּאָליטישער אָרנטלעכקייט״ — און מעדעם האָט פאַרלאָזט דײַן זיצפּלאַץ.

איך גלייב, אַז וולאַדימיר מעדעמס האַנדלונג, דאָס נישט שאַפן קיין אייגענע פראַקציע און דאָס שפּעטערדיקע אָפּזאָגן זיך צו זײַן אַ מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט איז אַרויסגערופן געוואָרן צוליב זײַן גרייטן זיך צו פאַרלאָזן וואַרשע און באַזעצן זיך אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

נאָך דער פאַרענדיקונג פון צוזאַמענפאָר זענען צו מיר צוגעקומען מאיר (חיים) וואַסער, שׂרה שוועבער און יוסף באַסאַק און פאַרגעלייגט צו ליקווידירן דעם פראַקציאָנעלן סכסוך און באַטייליקן זיך אין דער לעצטער פראַקציע־באַראַטונג פאַרן פונאַנדערפאָרן זיך פון די דעלעגאַטן אויף זייערע ערטער. וואַסער האָט מיט מיר גערעדט אָפענע דיבורים: „צי איר האָט ריכטיק געהאַנדלט מיט אײַער פאַרלאָזן די פראַקציע — וועלן מיר נישט דיסקוטירן. דער צוזאַמענפאָר איז פאַרענדיקט

און די באַשלוסן זענען בינדנדיק ביז אַ צווייטן צוזאַמענפאָר. אויפן צוזאַמענפאָר האָט איר געקענט זיך דערלויבן צו זיין אַליין; אין דער טאָגטעגלעכער אַרבעט וועט דאָס זיין פאַר אייך אוממעגלעך. איר וועט מוזן האָבן די פראַקציע הינטער זיך, און ערלעך גערעדט — דאַרף די פראַקציע אויך אייך האָבן. איר ווייסט גאַנץ גוט, אַז איר זענט איינער פון אונדזערע בעסטע רעדנערס און אַן אייער הילף וועט די פראַקציע אַ סךליידן. פאַרגעסט וואָס ס'איז געווען, די עוולות, וואָס איר האָט אפשר געליטן פון אונדזערע פראַקציע־חברים, און קומט צו דער פראַקציע־באַראַטונג.

נאָך אַ ישוב־הדעת האָב איך זיך אומגעקערט צו דער לינקער פראַקציע און כ'בין געקומען צו דער פראַקציע־באַראַטונג. האָב גענומען אָנטייל אין דער דיס־קוסיע און כ'בין דערווײַלט געוואָרן אין דער צענטראַלער פראַקציע־אָנפירונג, אין וועלכער כ'בין געווען אַ מיטגליד ביז יום־כּיפּור 1921 — ווען די קאָמבונדיסטן האָבן פאַרלאָזן די לינקע פראַקציע און געגאַנגען זייער אייגענעם וועג.

דער בונדישער פאַרטיי־צוזאַמענפאָר אין קראָקע האָט מיך אויסגעמאַטערט פיזיש און פסיכיש.

פאָרנדיק מיט דער באַן קיין וואַרשע, אין דער באַגלייטונג פון אַ צאָל חברים, האָב איך זיך געפילט זייער שלעכט. אין טשענסטאָכאָוו האָט מיך דער טשענסטע־כאָווער דעלעגאַט, אַראָנאָוויטש, אַראָפּגענומען פון דער באַן און מיטגענומען צו זיך אַהיים. אַראָנאָוויטש און זיין פרוי האָבן זיך מיט מיר מתעסק געווען. דעם דאָקטערס דיאַגנאָזע איז געווען, אַז כ'בין אָפּגעשוואַכט; עטלעכע טעג רו און אַ געהעריקע פלעגע וועלן מיך צוריקשטעלן אויף די פיס.

10 טעג האָב איך פאַרבראַכט ביי די אַראָנאָוויטשס. זייער גאַסטפריינדלעכקייט האָט מיך צוריקגעבראַכט צו אַ נאָרמאַלן צושטאַנד. די פרוי אַראָנאָוויטש, אַ שיינע, איידעלע און הויך־אינטעליגענטע פרוי, האָט מיר געוויזן די מערקווערדיקייטן פון טשענסטאָכאָוו. איך האָב פאַרלאָזט זייער וווינונג מיט וואַרעמע געפילן פאַר די דאָזיקע איידעלע און אינטעליגענטע חברים.

דער בונדישער פאַרטיי־צוזאַמענפאָר אין קראָקע, פסח 1920, געהערט צו איינעם פון די הויכפּונקטן אין מיין פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן, צו איינעם פון די דריי הויכפּונקטן פון מיין בונדישער פאַרטיי־קאַריערע: אָנטייל אין דעם שאַפן, אויפבוי און פאַרפעסטיקן פון דער לעגאַלער פראָפעסיאָנעלער באַוועגונג אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס אין וואַרשע; אָנטייל אין דער וואַל־קאַמפּאַניע צום וואַרשעווער אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַט און מיין ראָלע אינעם נצחון פון בונד אין דער דאָזיקער וואַל־קאַמפּאַניע; און מיין ראָלע אויפן בונדישן פאַרטיי־צוזאַמענ־פאָר אין קראָקע.

מיין ראָלע אין דער גרינדונג פון דער לעגאַלער יידישער פראָפ. באַוועגונג

אין וואַרשע, הגם אַן און פֿאַר זיך אַ גאַנץ באַדייטנדיקע, איז אָבער אין פֿאַרגלייך מיט דער פֿון אַנדערע 4 חברים: וויקטאָר שולמאַן, יאַנעק־יאַנקעלעוויטש, אַווּרעמל שטריקער און יוסף באָסאַק, געווען אַ צווייטראַנגיקע. מיין ראָלע אין דער וואַל־קאַמפּאַניע צום וואַרשעווער אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַט האָט מיט זיך געהאַט אימ־פּליקאַציעס פֿון דעמאַגאָגיע, און ווי זאָגט אַ ווערטל: „מיט ערלעכע כּוונות איז אויסגעפּלאַסטערט דער וועג צום גיהנום".

די ראָלע מיינע אויפֿן בונדישן פּאַרטיי־צוזאַמענפֿאַר אין קראָקע, מיין קאַמף פֿאַר דער באָלשעוויזאַציע פֿון בונד, פֿאַר אַ תּיכּפֿדיקן אָנשלוס פֿון בונד אין קאָמו־ניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, איז געווען אַ זעלבשטענדיקע און אַ פֿונדאַמענטאַלע, און לויט מיין טיפֿסטער איבערצייגונג — אין די אינטערעסן פֿון יידישן אַרבעטער־קלאַס אין פּוילן אין יענער צייט.

מיט באַפֿרידיקונג, און אַפֿילו מיט אַ געוויסן שטאָלץ, קוק איך רעטראָספּעקטיוו אויף מיין ראָלע אויפֿן בונדישן פּאַרטיי־צוזאַמענפֿאַר אין קראָקע, פּסח 1920.

## די אויסעראָרדנטלעכע באַראַטונג

די פּאָליטישע געשעענישן אין פּוילן האָבן זיך אַנטוויקלט מיט אַ בליציקער שנעלקייט. די אָנטיילנעמערס פֿונעם בונדישן צוזאַמענפֿאָר אין קראָקע, פּסח 1920, האָבן נישט באַוויזן אָפּצוגעבן זייערע באַריכטן און די בונדישע אָרגאַניזאַציעס זענען געשטעלט געוואָרן פֿאַר נייע פּראָבלעמען און אויפֿגאַבעס.

די פּוילישע אַרמיי, וואָס האָט געהאַט פֿאַרנומען קיִעוו און געשטאַנען ביי די טויערן פֿון סמאָלענסק, האָט אונטער די קלעפּ פֿון דער קאָנטעראָפֿענסיווע פֿון דער רויטער אַרמיי, בהלהדיק, אַ צעשמעטערטע, אַ צעשטויבטע, אַ דעמאָראַליזירטע, מיט אומגעהייערע פֿאַרלוסטן אין געפֿאַנגענע, צוריקגעצויגן זיך אויף מערב. מיט גרויס מי האָט זיך דער פֿראַנצייזישער מיליטערישער מיסיע מיטן גענעראַל וויגאַן בראָש איינגעגעבן צו פֿאַרהאַלטן ביי וואַרשע די רעשטלעך פֿון דער צעשלאָגענער פּוילישער אַרמיי, רעאָרגאַניזירן און אַוועקשטעלן אַרמייטיילן אויף פֿאַרטיידיקונג־פּאָזיציעס.

ס'איז דערקלערט געוואָרן אַן אַלגעמיינע מאָביליזאַציע. אַ גרויסע צאָל בונדישע אַקטיוויסטן זענען מאָביליזירט געוואָרן.

די פּאָליטישע אַטמאָספֿער איז געוואָרן אַ גערדיכטע. אַרעסטן פֿון קעגנערס פֿון דער מלחמה־אַוואַנטורע פֿון יוזעף פּילסודסקי קעגן דער יונגער סאָוועטישער מלוכה זענען פֿאַרגעקומען אומאויפֿהערלעך. די תּפֿיסות אינעם פֿריערדיקן דייטשישן געביט, אין פּאָמערן און אין פּויזנער קאַנט, זענען איבערגעפֿולט געוואָרן מיט קאָמו־

ניסטישע, פראָקאָמוניסטישע און לינק־סאָציאַליסטישע אַרבעטער־טוערס. אין דאָמ־ביע, לעבן קראָקע, איז געשאַפן געוואָרן אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער.

די רדיפות האָבן אויך דעם בונד נישט אויסגעמיטן. צוליב די רדיפות און דער מאָביליזאַציע איז דער בונדישער פּאַרטיי־אַפּאַראַט צעשטערט געוואָרן. דער צענ־טראַל־קאָמיטעט פון בונד האָט מיך באַפרייט פון מיינע פליכטן פון אַמטירנדיקן פונקציאָנאַר פון צ.ק. פון בונד און געגעבן אַ געוויסע סומע, וואָס האָט מיר קוים געקלעקט אויף אַ וואָך חיונה. די קאַסע פון צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד איז געווען אַן אויסגעשעפּטע. די בונדישע טעטיקייט איז געוואָרן אַן אויסגעשפּראָכן אונטער־ערדישע. די אויסערלעכע סימנים פון בונדישער טעטיקייט זענען געווען די צוויי קיכן: אויף פשעיאַזד 9, די רייכערע קיך, ווו מ׳האָט געדאַרפט צאָלן אַ געוויסע סומע פאַרן מיטאָג, און אויף דזשעלנאַ 33, ווו מ׳האָט סערווירט מיטאָגן אָן געלט אָדער פאַר אַ זייער קליינעם אָפּצאָל, ווי אין דער צייט פון ערשטן יאָר פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אונטערן צאַריש־מיליטערישן קריגסרעזשים.

אין די דאָזיקע שווערע באַדינגונגען האָבן די וואַרשעווער מיטגלידער פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד גערופן אַ קאָנספּיראַטיווע באַראַטונג מיטן אָנטייל פון די וואַרשעווער מיטגלידער פון צ.ק. פון די אַנוועזנדיקע אין וואַרשע מיטגלידער פון וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט, פון מיטגלידער פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „צוקונפט", און פון אַ רייע טוערס פון העכערן עשלאָן פונעם פּראָפעסיאָנעלן אַקטיוו.

די באַראַטונג איז אָרגאַניזירט געוואָרן לויט די בעסטע כּללים פון קאָנספּי־ראַציע. באַטייליקט האָבן זיך (איך רעכן אויס די יעניקע, וועלכע איך געדענק גענוי און לויט דער דעמאָלטדיקער פּראָקציאָנעלער צעטיילונג) פאָלגנדיקע חברים:

פון די רעכטע: וולאַדימיר מעדעם, יוזעף, בייניש מיכאַלעוויטש, וויקטאָר שול־מאַן, זדזשיסלאַוו (זיגמונט) מושקאַט, העניק ערליך, וויקטאָר אַלטער, דוד מייער, הערשל הימעלפאַרב, דינה בלאָנד, וויינבערג, דער דענטיסט יאָשקע ליפשיץ, אָדער נאַטאַן שאַפּראַן, אָדער ביידע צוזאַמען.

פון די לינקע: מאיר (חיים) וואַסער, עמנואל נאָוואָגרודסקי, שׂרה שוועבער, יוסף באָסאַק, מרדכי שניידער, הערשל מעטאַלאָוויטץ, חנינא קראַמאַרסקי, אַרטור זיגעלבוים, וועלכער איז געהאַט אַנטלאָפן פון כעלעם אַ באַוואָקסענער מיט באָרד און וואָנסעס און מיט אַ „כּתיבה" (פאַלשער פּאַספּאָרט) פון אַ ייִד פון עטלעכע און פערציק יאָר און פון דעמאָלט אָן געבליבן אַ וואַרשעווער תּושב. די לינקע זענען אויף דער באַראַטונג געווען אַ מערהייט.

די טאָג־אָרדענונג פון דער באַראַטונג איז באַשטאַנען פון צוויי פּונקטן: פאַר־זיכערן אַ סטאַביליטעט פון אַ צענטראַלער פּאַרטיי־אָנפירונג און נעמען שטעלונג צו אַ בריוו פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי פון פוילן. נאָך דער דערעפענונג פון דער באַראַטונג דורך יוזעפן מיט די סקאַרבאָווע

דערפֿעפֿענונג־ווערטער זענען עטלעכע אַנטיילנעמערס פֿון לינקס און פֿון רעכטס, שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן דעם צונויפֿרוף פֿון אַזאַ באַראַטונג אין די געגעבענע באַדינגונגען און האָבן פֿאָרגעוואָרפֿן די אָרגאַניזאַטאָרן פֿון דער באַראַטונג אַ מאַנגל אין פּאַרטיי־פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט, וואָרעם אין פֿאַל פֿון אַ פּאָליציייִשן דורכפֿאַל, וואָלט די פּאַרטיי־אַרבעט געוואָרן פֿולשטענדיק פּאַראַליזירט. יוזעף און דוד מייער האָבן פֿאַרטיידיקט די האַנדלונג, אָבער מיט אַ קנאַפּן דערפֿאָלג.

דער ערשטער פּונקט איז רעפֿערירט געוואָרן דורך יוזעפֿן. אָנווייזנדיק אויף די שווערע באַדינגונגען, אין וועלכע די פּאַרטיי לעבט, אַז די באַדינגונגען וועלן זיך כּסדר פֿאַרערגערן, און אַז ס׳איז דאָ די געפֿאַר אַז פֿאַרן אָפּטרעטן פֿון די פּילסודסקי־חיילות פֿון וואַרשע זאָלן פֿאָרקומען שחיטות אויף סאָציאַליסטישע פּירערס און טוערס — האָט יוזעף פֿאָרגעלייגט, אַז די אָנטיילנעמערס פֿון דער באַראַטונג זאָלן באַטראַכט ווערן ווי אַ באַזע פֿאַר דער פּאַרטיי־אָנפֿירונג — פּרי:ער. נאַטירלעך, די אויסגעוויילטע מיטגלידער פֿונעם צ.ק., און דערנאָך, לויט דער רייע — די אַנוועזנדיקע מיטגלידער פֿונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט, אַנוועזנדיקע מיטגלידער פֿונעם צענטראַל־קאָמיטעט פֿון „צוקונפֿט“ און אַנוועזנדיקע טוערס פֿון די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראייגען. דער דאָזיקער פּונקט האָט נישט אַרויסגערופֿן קיין וועזנטלעכע מיינונג־פֿאַרשיידנקייטן און נאָך אַ קורצער דיסקוסיע פֿון אַ טעכנישן כאַראַקטער איז יוזעפֿס פֿאָרשלאָג איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן.

דער צווייטער פּונקט פֿון טאָג־אָרדענונג האָט אַרויסגערופֿן אַ הייסע דיסקוסיע און אין געוויסע מאָמענטן געמאַכט אַפֿילו אַ פּייַנלעכן איינדרוק.

דער בריוו פֿונעם צענטראַל־קאָמיטעט פֿון דער קאָמוניסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי פֿון פּוילן איז איבערגעגעבן געוואָרן דורכן פֿאַרבינדלער פֿון דער וואַרשעווער געהיימער מיליטערישער קאָמענדאַנטור פֿון דער קאָמוניסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי, ישׂראל גייסט (סאַניק, מאַרילסקי) דער בונדיסטין אסתּר איווינסקאַ. דער אינהאַלט פֿון בריוו איז געווען אומגעפֿער אַזאַ:

נאָכן אַריינקום פֿון דער רויטער אַרמיי קיין וואַרשע ווערט אויפֿגעלייזט די ציטווייליקע רעגירונג, וואָס האָט זיך פֿאָרמירט אין ביאַליסטאָק אין באַשטאַנד פֿון: מאַרכלעווסקי, פֿעליקס דזשערזשינסקי, פֿעליקס קאָן, לעשטשינסקי־לענסקי, פּרוכניאַק און שפּינאַק־יוזעפּאָוויטש (אַ געוועזענער בונדיסט) ווי סעקרעטאַר, און ס׳וועט אין וואַרשע געשאַפֿן ווערן אַ נייע רעגירונג. דעם בונד ווערן צוגעטיילט צוויי ערטער אין דער נייער רעגירונג, אָבער אונטער פֿאָלגנדיקע באַדינגונגען: די צוויי בונדישע קאַנדידאַטן מוזן האָבן הינטער זיך אַ סטאַזש פֿון האָבן געווען אָפֿענע אָנהענגערס פֿון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע בעת ס׳איז פֿאָרגעקומען די אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד און זיי מוזן זיין אַרבעטער, געקומענע פֿון וואַרשטאַט צו דער אַרבעטער־באַוועגונג, און נישט פֿון דער פּראָפֿעסיאָנעלער אינטעליגענץ אָדער פֿון דער האַלב־אינטעליגענץ, ווי האַנדלס־ און ביוראָ־אָנגעשטעלטע, און ענלעכע.

אין דעם בריוו איז אָנגעמערקט געוואָרן, אַז דער צענטראַל־קאָמיטעט פון ק.פּ.ר.פּ. נעמט זיך נישט די רעכט אָנצוווייזן דעם בונד וועמען ער זאָל דעלעגירן, דאָס איז די אויסשליסלעכע רעכט פון בונד גופא. אָבער פאַראַן דאָרט אַ קאַפּוליער אָנצוהערעניש, אַז קענענדיק די אינערלעכע פאַרהעלטענישן אין בונד, וואָלט גע־ווונטשן געווען, אַז די צוויי בונדישע קאַנדידאַטן זאָלן זיין יוסף באַסאַק, אַ מיטגליד פון פּרעזידיום פונעם אַלגעמיינעם אַרבעטער־ראַט אין וואַרשע, און הערשל מעטאַ־לאָוויטש, וועמענס סטאַזש ס׳איז באַקאַנט דעם צ.ק. פון ק.פּ.ר.פּ. סיי פון זיין טעטי־קייט אין לאַנד און סיי פון זיין טעטיקייט אין ספּאַרטאַקוס־בונד אין דייטשלאַנד. אַט די צוויי חברים וועלן זיין ספּעציעל צום אָננעמען פאַר די טוערס פון ק.פּ.ר.פּ. אין דער יידישער אַרבעטער־סביבה.

אין בריוו איז אויך איבערגעגעבן געוואָרן, אַז פּועלי־ציון האָבן געמאַכט אַ ווענדונג וועגן קריגן ערטער אין דער אין וואַרשע פאַרמירטער רעגירונג, און אַז דער ענין איז נאָך נישט באַשלאָסן. דער בונד ווערט געבעטן צו זאָגן זיין מיינונג, צי מ׳זאָל די פּועלי־ציון יאָ אָדער נישט צולאָזן ווי באַטייליקטע אין דער אין וואַרשע געשאַפענער רעגירונג.

אַ צווייטער פּונקט פונעם בריוו איז געווען, אַז דער צ.ק. פון ק.פּ.ר.פּ. גיט דעם בונד דאָס רעכט צו רעקווירירן די רעדאַקציע פון „מאָמענט" פאַרן געברויך פון בונד. די רעדאַקציע פון „היינט" וועט איבערגענומען ווערן פון די יידישע טוערס פון ק.פּ.ר.פּ.

דער בריוו האָט די רעכטע אויף דער באַראַטונג שאָקירט און אויך אַ טייל לינקע האָבן זיך געקרימט. ווען כ׳האָב אָבסערווירט די פּנימער פון די מערסטע רעכטע און פון עטלעכע לינקע, האָט זיך געוואָלט אַרויספּלאַצן מיט אַ געלעכטער. דאָס געהערט שוין אָבער צו בעלעטריסטיק און נישט צו זכרונות.

דער ערשטער אין דער דיסקוסיע איז געווען הערשל הימעלפאַרב. ער איז אַרויס מיט אַן אַטאַקע אויף דער געמיינקייט פון די קאָמוניסטן צו רעדן צום בונד אין אַ טאָן פון אַ באַלעבאָס. ער האָט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר איגנאָרירן דעם בריוו און פאַרטיידיקט אַ שטאַנדפּונקט אַז דער בונד נעמט נישט און וועט נישט אָנטייל־נעמען אין קיין שום רעגירונג, וואָס איז נישט אויסגעוויילט געוואָרן דורך אַלגעמיינע, גלייכע און געהיימע וואַלן. אויף אַ צווישנרוף, אַז זיין שטעלונג איז אין סתירה צו דער אָנגענומענער פּאָליטישער פּלאַטפאָרמע פון דער אויסעראָרדנטלעכער פּאַרטיי־קאָנפערענץ אין 1919 און צו די באַשלוסן פונעם פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר אין קראָקע, האָט דער צווישנרופער געקראָגן אַ טיפּיש הימעלפאַרבישן ענטפער: „ווישט זיך אונטער מיט די באַשלוסן אייער מחילה".

איך בין געווען דער צווייטער אין דער רייע פון די רעדנערס און פאָרגעלייגט אָנצונעמען די פּראָפּאָזיציע פון דער קאָמ. פּאַרטיי, אַריינצוגיין אין אַ פאַרמירטער רעגירונג אין וואַרשע, אַן רעזערוואַציעס. ווי בונדישע דעלעגאַטן אין דער רעגירונג

זאָלן באַשטימט ווערן יוסף באַסאַק און אַבע פלוג, ועלכער איז אָקערשט מאָביליזירט געוואָרן אין דער פוילישער אַרמיי, און ווי זייערס אַ פאַרטרעטער — מרדכי שנײדער.

אויף דער באַראַטונג האָבן זיך פאַרמירט פיר שטעלונגען:

הערשל הימעלפאַרב: דער בונד נעמט נישט קיין אָנטייל אין קיין שום קאָמו־ניסטישער רעגירונג. ער איז געשטיצט געוואָרן מיט ווערטער און בשעת דער אָפּ־שטימונג דורך די חברים וולאַדימיר מעדעם, וויקטאָר שולמאַן, זדזשיסלאַוו מושקאַט, דינה בלאַנד, וויינבערג און פון דעם פאַרטרעטער פון „צוקונפט״.

פון הערשל מעטאַלאָוויעץ: אָננעמען די פּראָפּאָזיציע פון ק.פּ.ר.פּ. אָן רעזער־וואַציעס. ער איז געוואָרן געשטיצט מיט ווערטער און ביי דער אָפּשטימונג דורך די חברים יוסף באַסאַק, מרדכי שנײדער און חנינא קראַמאַרסקי.

פון הענריק ערליך: דער בונד איז גרייט צו באַטייליקן זיך אין אַ רעגירונג, וואָס וועט געוויילט ווערן אָדער דורך אַלגעמיינע און געהיימע וואַלן, אָדער דורך אַ לאַנד־צוזאַמענפאָר פון די אַרבעטער־ און פויערים־ראַטן. ער איז געוואָרן פאַר־טיידיקט און געשטיצט מיט די שטימען פון די חברים יוזעף, מיכאַלעוויטש, דוד מייער און וויקטאָר אַלטער.

פון מאיר (חיים) וואַסער: דער בונד באַשליסט צו נעמען אָנטייל אין דער רעגירונג, וואָס וועט פאַרמירט ווערן אין וואַרשע און פירן פאַרהאַנדלונגען וועגן באַדייטיקן די אולטימאַטיווע צוויי פונקטן, און וועגן דער צאָל ערטער און רעסאָרטן, וואָס דער בונד זאָל פאַרנעמען אין דער רעגירונג. ער איז געוואָרן געשטיצט מיט ווערטער און ביי דער אָפּשטימונג פון די חברים עמנואל נאָוואָגרודסקי, שׂרה שווע־בער און אַרטור זיגעלבוים.

דער רעזולטאַט פון דער אָפּשטימונג איז געווען: די רעזאָלוציע, אַז דער בונד איז מסכים אַריינצוטרעטן אין אַ רעגירונג, וואָס וועט געשאַפן ווערן נאָכן אַריינ־מאַרש פון דער רויטער אַרמיי אין וואַרשע, איז אָנגענומען געוואָרן ווי אַ באַזע. ס׳איז אויך דורכגעגאַנגען דער צוגאָב פון מאיר וואַסער וועגן די אולטימאַטיווע באַדינגונגען.

נאָך דער ענדגילטיקער אָפּשטימונג פון דער מאיר וואַסער־רעזאָלוציע, וואָס האָט געקריגן די שטימען פון די „אינטעליגענטע״ לינקע און פון צענטער, קעגן די שטימען פון די רעכטע און פון די אַרבעטערישע לינקע, האָט די באַראַטונג געהערט פון וולאַדימיר מעדעמען צאָרנדיקע רייד, וואָס האָבן געבייטשט דעם צענטער און די שטיצערס פון מאיר וואַסער:

„איר — האָט מעדעם מיט צאָרן גערעדט צו זיינע חברים פון צענטער — ווילט זיך אַרויפכאַפּן אויפן זיגערישן וואָגן, די באַלעבאַטים פונעם וואָגן ווילן דאָך אָבער אייך נישט האָבן פאַר קיין פּאַסאַזשירן און ווילן נישט צוזאַמען מיט אייך פאָרן אין איין עקיפּאַזש. מיינט איר טאַקע — האָט מעדעם זיך דירעקט געווענדט צו הענריק ערליך — אַז לענינס און טראָצקיס עקספּאָנענטן וועלן פאַרגעסן אייער אַנטי־

באַלשעוויסטישע ראַלע? מילא, וואָלט איר געגאַנגען צו דער קאַנאַסע צו גזשעכן און קראַסנין (בשעתו איינפלוסרייכע פירערס פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פּוילן), וואָלט איך דאָס נאָך פאַרשטאַנען, אָבער מיט אייער אַלטן באַגאַזש ווילט איר מיט אַ קאַפּושאָן אויף אייער קאָפּ זיך אַריינשליכן צווישן די יובלדיקע זיגערס, וואָס קריגן די מאַכט אויף די באַגנעטן־שפּיצן פון די באַלשעוויסטישע זעלנער־האָרדעס״?!

און צו די „אינטעליגענטע לינקע״ האָט מעדעם אַזוי געזאָגט:

„ווי קען מען אַנדערש פאַרשטיין אייער אויסבעסערונג צו חבר הערשל מעטאַ־לאָוויעצס פאָרשלאָג, ווי צו שאַפן פאַר זיך אַ פּערזענלעכע מעגלעכקייט צו זיין די בונדישע קאָמיסאַרן אין דער רעגירונג, וואָס די קאָמוניסטן גרייטן זיך צו שאַפן נאָכן אַריינמאַרש פון דער סאָוועטישער אַרמיי? ווי קען מען פאַר אייך האָבן רעס־פּעקט און ווי קען מען צו אייך האָבן פּאָליטישן און פּאַרטייישן צוטרוי קוקנדיק, ווי איר האָט היינט געהאַנדלט לגבי אייערע אייגענע חברים? האָלט איר טאַקע, אַז די חברים יוסף באַסאַק, וועלכער איז געווען דער פּאַרטיי־רעפּרעזענטאַנט אין פּרע־זידיום פונעם אַרבעטער־ראַט, און הערשל מעטאַלאָוויעץ, וועלכער איז געווען דער פונקציאָנאַר פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי, זענען קוואַליטאַטיוו אָדער לויט זייער מאָראַל נידעריקער פון אייך און זענען נישט אומשטאַנד אָדער נישט ראוי צו רעפּרעזענטירן די לינקע פון דער פּאַרטיי? איך זאָג בפירוש די לינקע פון דער פּאַרטיי, מחמת דער גורל פון אַ הערשל הימעלפאַרב און פון זיינע חברים, מיך אַריינגערעכנט, איז מער ווי פאַרנעפּלט, אַפילו פשוט פּיזיש. אויב דאָס איז דער מאָטיוו, און קיין אַנדערן מאָטיוו קען איך נישט געפינען, פאַר וואָס זשע האָט איר נישט געהאַט דעם מוט צו זאָגן אויף דער היינטיקער פּאַרטיי־באַראַטונג, אַז איר באַטראַכט זיך, און נאָר זיך, פאַר מער ראוי, ווי די חברים יוסף און הערשל, אייערע פראַקציע־חברים און מיטגלידער פון דער אָנפירונג פון אייער פראַקציע״?

וולאַדימיר מעדעם האָט פאַרגעלייגט צו רעווידירן דעם אָנגענומענעם באַשלוס און נאָך אַ מאָל אָפּשטימען די פאַראַנענע פאָרשלאָגן. מעדעמס פאָרשלאָג איז אָפּגע־וואָרפן געוואָרן מיט אַ מערהייט פון איינצלנע שטימען. ביי דער אָפּשטימונג פון מעדעמס פאָרשלאָג האָט ווידער זיך געשאַפן אַ מין איינהייטפראָנט פון די אַרבעטע־רישע לינקע מיט די קאָנסעקווענט רעכטע, און די „אינטעלעגענטישע״ לינקע מיטן צענטער.

דער ענדגילטיקער רעזולטאַט פון דער אָפּשטימונג פון דער אויסעראָרדנטלע־כער באַראַטונג פון בונד, זומער 1920, איבער דעם בריוו פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי פון פּוילן איז געווען אומגעפער פאָלגנ־דיקער:

דער בונד נעמט צו קענטעניש די פּראָפּאָזיציע פון צ.ק. פון ק.פּ.ר.פּ., באַ־שליסט צו באַטייליקן זיך אין דער רעגירונג, וואָס וועט געשאַפן ווערן נאָכן אַריינ־

מאַרש פון דער רויטער אַרמיי קיין וואַרשע, לאָזט פאַר זיך דאָס רעכט צו פאַר־האַנדלען וועגן די אולטימאַטיווע צוויי באַדינגונגען, וועגן דער צאָל פאַרטרעטערס און וועגן די רעסאָרטן פאַר די בונדישע פאַרטרעטערס אין דער רעגירונג.

דאָס, און נאָר דאָס, איז געווען די שטעלונג און דער אינהאַלט פון באַ־שלוס פון בונד אין פוילן אין שייכות מיטן אָנטייל פון בונד אין אַ רעגירונג, וואָס האָט געזאָלט געשאַפן ווערן נאָכן אַריינקום פון דער רויטער אַרמיי קיין וואַרשע. יעדע אַנדערע ווערסיע וועט זיין, בשוגג צי במזיד, אַ פעלשונג פון דער שטעלונג און פונעם באַשלוס, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אויף דער אויסעראָרדנטלעכער באַראַטונג פון בונד, זומער 1920, אין וואַרשע.

## די אויפבוי־אַקציע

נאָכן צוריקטריט פון דער רויטער אַרמיי פון די טויערן פון וואַרשע, אויגוסט 1920, האָב איך — נאָך אַן איבעררייס פון עטלעכע וואָכן, אין וועלכע דער בונד אין פוילן האָט צוליב די רדיפות פונעם פוילישן מלחמה־רעזשים זיך געפונען אין פאַקטישער אומלעגאַלקייט און די טעטיקייט פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד ווי אַ לאַנד־אָנפירונג איז געווען פאַראַליזירט — ווידער איבערגענומען דעם אַמט פון ערשטן פונקציאָנאַר פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד אין פוילן מיט די רעכט און פרעראָגאַטיוון פון אַ פאַרשטייער פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד אין מיינע טעטיקייט־געביטן מחוץ וואַרשע און מחוץ דער שטאָט לאָדזש. וואַרשע איז געווען די רעזידענץ פונעם צענטראַל־קאָמיטעט; לאָדזש האָט זיך נישט גענייטיקט אין קיין פרעמדן פאַליטרוק, געקענט איר שטעטל אַליין באַשטיין און פאַרמאָגט אַ גוטן קוואַליפיצירטן קאַדער פון פירנדיקע טוערס. לזכרון בלויז וויל איך דאָ דערמאָנען עטלעכע נעמען פון די דעמאָלטדיקע פירנדיקע לאָדזשער בונדישע טוערס: ישׂראל ליכטענשטיין, פאָזנאַנסקי, ראַווין, פראַים־לוזער, זעלמאַנאָוויטש, אַלעקסאַנדער ש. מילמאַן, כאַלאַדענקאָ, כאַינאָווסקי, באַומגאַרטען, בינשטאָק, מאַר־גענטאַלער, פישל זילבערבערג, און פון די יינגערע: וואָלף יאַסני, חיים לייב פוקס, מינסקי, מנחם זילבערמאַן.

נאָכן איבערנעמען מיין אַמט ווי אַ פונקציאָנאַר פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד איז אויף מיר אַרויפגעלייגט געוואָרן די אויפגאַבע אויפצובויען די חרוב־געוואָרענע בונדישע אָרגאַניזאַציעס אויפן ריזיקן שטח פון פוילן, וואָס די רויטע אַרמיי האָט געהאַט פאַרנומען. מיט דער דאָזיקער אויפגאַבע איז אויך באַאויפטראָגט געוואָרן אַ צווייטער חבר, לייזער לעווין. לוידער האָט ער נישט באַוויזן זיך אָנצו־וואַרעמען אויף דער ערשטער סטאַנציע פון זיינע טעטיקייט־געביטן, אינעם ראַיאָן

וואַרשע–מלאַווע–פּלאָצק–װלאָצלאַוועק. ער איז געוואָרן צוריקגערופֿן קיין וואַרשע און באַפֿרייט פֿון זיין אַמט. אויף מיר איז אַרויפֿגעלייגט געוואָרן די גאַנצע לאַסט פֿון דער אויפֿבוי־אַקציע.

בעת די רויטע אַרמיי האָט צעשלאָגן די פּוילישע אַרמייען ביים דניעפּער און ביי דער בערעזינע, זיי אַרויסגעיאָגט פֿון קיִעוו און פֿון מינסק און אין אַ בליציקן טריומפֿאַלן מאַרש געיאָגט פֿון מיזרח־זייט איבער די פֿליינען פֿון פּוילן צו די טויערן פֿון וואַרשע, האָט די מיליטערישע קאָמאַנדע פֿון דער יונגער סאָוועטישער מלוכה געשאַפֿן אין די פֿאַרנומענע שטעט, שטעטלעך און דערפֿער ציווילע אַדמיניסטראַטיווע זעלבסט־פֿאַרוואַלטונגען און אויך די נייטיקע שוצאָרגאַנען: מיליץ, טשעקאַ. די אַדמיניסטראַטיווע אָרגאַנען זענען געוואָרן באַצייכנט ווי רעוואָלוציאָנערע קאָמיטעטן און פּאָפּולער אָנגערופֿן: „רעווקאָם". די בונדישע אָרגאַניזאַציע און די לאָקאַלע טוערס פֿון בונד, לינקע און רעכטע, האָבן זיך מאַסנווייז באַטייליקט אין די טעטיקייטן פֿון די רעווקאָמען, איינשליסלעך אין דער מיליץ און אין טשעקאַ. ס'איז מיר צו יענער צייט נישט באַקאַנט געווען קיין איין פֿאַל פֿון אַ בונדישער אָרגאַניזאַציע, וואָס איז אויף דער בונדישער מאַפּע פֿאַרצייכנט געוואָרן ווי אַ רעכטע, אָדער פֿון וועלכן ס'איז פֿון די אָנגעזעענע לאָקאַלע בונדישע טוערס, וועלכע זענען באַקאַנט געווען אַלס עקסטרעם־רעכטע, זיי זאָלן דעמאָנסטראַטיוו זיך אָפּזאָגן פֿון צו באַטייליקן זיך אין די טעטיקייט פֿון די רעווקאָמען. ווי אַ ביישפּיל פֿון דעם אָנטייל פֿון די בונדיסטן, אַפֿילו פֿון די סאַמע רעכטסטע, קען דינען פֿאָלגנדיקער פֿאַל, וועגן וועלכן איך האָב שוין איין מאָל בקיצור דערמאָנט:

אין אַ גרעסער שטעטל פֿון וואַרשעווער ראַיאָן, זשעליכאָוו אָדער גאַרוואָלין (דער זכרון האָט זיך פֿאַרעקשנט און וויל בשום אופֿן נישט פֿעסטשטעלן גענוי דעם נאָמען פֿון שטעטל, אָבער לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן איז דער נאָמען געווען זשעליכאָוו, און מיט דעם דאָזיקן נאָמען, הגם מיט אַ נישט זיכערער פּינקטלעכקייט, וועל איך באַצייכענען דאָס שטעטל) איז אין פֿאַרלויף פֿון יאָרן געווען טעטיק אַ בונדישער טוער, אַגולניק, אַ דענטיסט. אַ פֿעיִקער, ענערגישער און אינטעליגענטער מענטש מיט גרויס ייִדיש און אַלגעמיין וויסן, האָט ער זיין בונדישע טעטיקייט אין זשעליכאָוו אָנגעהויבן נאָך אין די יאָרן פֿון פֿאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין די צייטן פֿונעם רוסישן צאַרישן טעראָר־רעזשים. אין די יאָרן פֿון דער דייטשישער אָקופּאַציע פֿון פּוילן אין דער צייט פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה און שפּעטער אונטער דער פּוילישער הערשאַפֿט, האָט ער אַוועקגעשטעלט זיין שטעטל אויף דער מיזרח־וואַנט פֿון די בונדישע אָרגאַניזאַציעס פֿון פּוילן. אין זשעליכאָוו איז געווען טעטיק אַ גרויסע און אַ גוטע אָרגאַניזירטע בונדישע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע און אַ גוטע אָרגאַניזאַציע פֿונעם יוגנטבונד „צוקונפֿט". ס'זענען געווען טעטיק דריי גוט־אָרגאַניזירטע פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראיינען: אַ גאָדל־פֿאַראיין, אַ לעדער־פֿאַראיין און גוט אָרגאַניזירטע קולטור־אָרגאַניזאַציעס: אָוונט־קורסן, אַ שיינע און גרויסע

ייִדישע ביבליאָטעק און אַפילו אַ פֿאָלקס־אוניווערסיטעט אין מיניאַטור. צו דער בילדונג־ און קולטור־טעטיקייט האָט דער חבר צוגעצויגן די ייִדישע אינטעליגענץ פֿון שטעטל, געוויסע פֿון זיי — אַפֿילו אויסגעשפּראָכענע אַנטיבונדיסטן און אויך עטלעכע ליבעראַל־געשטימטע פֿון דער פּוילישער אינטעליגענץ. אין אַ שבתדיקן אָדער אין אַ יום־טובדיקן טאָג האָט מען אין שטעטל געקענט באַגעגענען גרויסע גרופּעס פֿון בחורים און מיידלעך פֿון די אַרומיקע קלענערע ייִדישע ישובים, וועלכע זענען געקומען הערן לעקציעס און זיך באַטייליקן אין סעמינאַרן. אַ גוטער פֿאַכמאַן ווי אַ דענטיסט און אַ קלוגער און אַ סימפּאַטישער מענטש מיט אַ ברייט האַרץ און אַן אָפֿענער האַנט — האָט דער אַ בונדישער טוער געוווּנען די סימפּאַטיע און דעם רעספּעקט פֿון די איינוווינערס פֿונעם שטעטל, ייִדן און נישט־ייִדן, און אויך פֿון די פּויערים פֿון די אַרומיקע דערפֿער. מ׳האָט דעם חבר מיט ליבשאַפֿט גערופֿן: דער ייִדישער קעניג פֿון זשעליכאָוו.

פּאָליטיש איז דער דאָזיקער בונדישער טוער געווען אַן אולטראַ־רעכטער און אַן עקסטרעמער קולטור־ייִדישיסט. ס׳געדענקט זיך, אַז אויף דער וואַרשעווער ראַיאָן־קאָנפֿערענץ פֿון בונד, אויף וועלכער עס האָבן געדאַרפֿט געווילט ווערן די דעלעגאַטן צום בונדישן פּאַרטיי־צוזאַמענפֿאָר אין קראָקע, פּסח 1920, איז צווישן יוזעפֿן, דעם פּאַרזיצער פֿונעם צענטראַל־קאָמיטעט פֿון בונד אין פּוילן, וועלכער האָט אויך פּרעזידירט די קאָנפֿערענץ, אַליין אַ רעכטער, און מיר, דעם פֿאַרשטייער פֿון דער לינקער פֿראַקציע אויף דער קאָנפֿערענץ, געקומען צו אַ נישט־שריפֿטלעכן און אַפֿילו אַ נישט־מינדלעכן אָפּמאַך: אַ פֿאַרשטענדיקונג מיט געזיכט־סימנים און בליקן, אַז מיר זאָלן צוזאַמען אָננעמען אַלע מעגלעכע מיטלען אַז דער דעלעגאַט פֿון זשעליכאָוו אויף דער קאָנפֿערענץ זאָל נישט געווילט ווערן ווי אַ דעלעגאַט צום פּאַרטיי־צוזאַמענפֿאָר. אַפֿילו פֿאַר יוזעפֿן איז ער געווען צו רעכט און יוזעף האָט מורא געהאַט, אַז זיינס אַן אולטראַ־רעכטער אַרויסטריט אויפֿן צוזאַמענפֿאָר וועט שאַטן ברענגען זיין רעכטצענטריסטישער פֿראַקציע.

ווען די רויטע אַרמיי האָט פֿאַרנומען זשעליכאָוו און די אַרומיקע געגנט, האָט אָט דער בונדישער טוער, אָגולניק, זיך געשאַרט אַרום די ווענט. ער וועט דאָך זיין כּשר־סאָציאַליסטיש געוויסן נישט מטמא זיין מיט מיטאַרבעטן מיט די באָלשעוויקעס, די שונאים פֿון דער מענטשהייט. ס׳האָט נישט לאַנג גענומען, און דער חבר איז געוואָרן טעטיק אין די בילדונג־ און קולטור־אָפּטיילן פֿונעם רעווקאָם און אין אַ קורצער צייט שפּעטער איז ער געוואָרן דער ראָש פֿונעם שטעטלדיקן און ראַיאָנענעם רעווקאָם. ווען די אָפּטיילונגען פֿון דער רויטער אַרמיי אין זיין געגנט האָבן זיך עוואַקויִרט, איז דער געגעבענער חבר אַוועק מיט דער רויטער אַרמיי.

אין די ערשטע וואָכן פֿון 1921 זענען עמנואל נאָוואָגרודסקי און איך בייגעווען און אַקטיוו זיך באַטייליקט אין דער ליקווידאַציע־קאָנפֿערענץ פֿונעם קאָמבונד אין רוסלאַנד, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין מינסק. בשעת אַ מיטאָג־הפסקה זענען מיר,

נאָוואָגרודסקי און איך, אין דער באַגלייטונג פון עטלעכע דעלעגאַטן, געגאַנגען איבער די גאַסן פון מינסק און דערזען אונדז אַנטקעגנקומען יענעם בונדישן טוער. מיר זענען מיט פאַרשנעלערטע טריט אים אַנטקעגנגעגאַנגען מיט פרייד און מיט אויסגעשטרעקטע הענט כּדי אים צו באַגריסן. ער איז שטיין געבליבן, האָט איגנאָרירט אונדזער פריידיקייט, זיך נישט באַגריסט, און געקוקט אויף אונדז מיט פיינטלעכע בליקן. ער האָט זיך אָפּגערוקט אויף אַ דיסטאַנץ און גאַליק־סאַרקאַסטיש אויסגערופן: „איר זענט געקומען צו דער קבורה פון בונד אין רוסלאַנד, זאָגן נאָך אים קדיש? אַ שאָד די טירחה, נישטאָ וואָס מקבר צו זיין. פון אייער בונד עיפּושט שוין זינט דער מאַרץ־רעוואָלוציע און ס'איז נישט געבליבן קיין איין גאַנץ אֵבר, וואָס די חברה־קדישאָ זאָל קענען אַוועקלייגן אויפן טהרה־ברעט" — און ער האָט אַוועקגעשפּאַנט מיט שנעלע טריט.

און לאָמיר געדענקען, אַז דער אָ חבר און אַלטער בונדישער טוער אין פּוילן איז שוין נישט געווען קיין יונגערמאַנטשיק. ער איז שוין געווען אַ מענטש אין די פופציקער, און אָנגעהויבן האָט ער זיין סאָציאַליסטיש־בונדישע טעטיקייט אין זשעליכאָוו נאָך אין די יאָרן פונעם רוסיש צאַרישן טעראָר־רעזשים, ריזיקירנדיק נישט בלויז מיט זיין פּראָפעסיאָנעלער קאַריערע ווי אַ דענטיסט, נאָר אויך מיט זיין פרייהייט און אין פאַרלויף פון לאַנגע יאָרן איז ער טעטיק געווען אין נאָמען פון בונד, פאַרן בונד און לטובת דעם בונד. און ער, מיט זיין פיינטלעכער באַציִונג צום בונד און צו זיין אייגענער פאַרגאַנגענהייט, איז נישט געווען איינער אין מאָסקווע; אַזעלכע ווי ער, געוועזענע בונדיסטן פון פּוילן, פון ליטע און פון רוסלאַנד, וועלכע האָבן זיך געפונען אויפן סאָוועטישן באָדן, זענען געווען אין די שווערע טויזנטער.

ווען די רויטע אַרמיי איז צוריקגעטראָטן פון פּוילן און איבערגעלאָזן הינטער זיך גרויסע שטחים פון מערב־אוקראַיִנע און מערב־ווייסרוסלאַנד, זענען הונדערטער בונדיסטן, פירערס און אַקטיוויסטן, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין די טעטיקייטן פון די רעווקאָמען, איינשליסלעך אין דער מיליץ און אין טשעקאַ, אַוועק צוזאַמען מיט דער רויטער אַרמיי. אַ סך האָבן דערגרייכט דעם סאָוועטישן באָדן, אַ גרויסער טייל פון זיי איז דורך דער דעפענסיווע (פּוילישע געהיים־פּאָליציי) און דורך דער מיליטערישער זשאַנדאַרמעריע אַרעסטירט געוואָרן. די טורמעס זענען איבערגעפּאַקט געוואָרן מיט אַרעסטירטע, באַשולדיקטע לויטן אַרטיקל 108 פון רוסישן צאַרישן־קאָדעקס פאַר פאַרראַט, שפּיאָנאַזש און סאַבאָטאַזש, וואָס אַפילו אין פרידנס־צייטן איז די מינימום־שטראָף געווען 8 יאָר קאַטאָרגע. אַ סך זענען אויף די וועגן און אין טורמעס אומגעבראַכט געוואָרן. גרויסע צאָלן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן, כּדי נישט אַרעסטירט צו ווערן. וואַרשע איז פאַרפלייצט געווען פון חברים און חברטעס, וועלכע האָבן געזוכט אַ שוץ און אַ באַהעלטעניש. נאָך אין די חדשים מיי, יוני און יולי זענען, צוזאַמען מיט אַנדערע רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער און פּויערים־טוערס, אויך אַרעסטירט געוואָרן אַ גרויסע צאָל בונדישע אַקטיוויסטן און פאַרשפּאַרט

געוואָרן אינעם קאָנצענטראַציע־לאַגער דאָמביע נישט ווייט פון דער שטאָט קראָקע און אין די תפיסות פון וורענקי און בידגאָשטש. אַ גרויסע צאָל פונעם בונדישן אַקטיוו האָבן זיך געפונען אין פוילישן מיליטער. נאָכן צוריקטריט פון דער רויטער אַרמיי פונעם ריזיקן שטח פון פוילן, האָט זי איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע וויסטעניש. דאָס יידישע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע לעבן איז געווען טויט. די בונדישע אָרגאַניזאַציעס — חרוב ונחרב.

אין אַזאַ צושטאַנד האָב איך אָנגעהויבן מיין טעטיקייט אין דער אויפבוי־אַקציע אויפצושטעלן די חרוב־געוואָרענע בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין די שטעט און שטעט־לעך פון פוילן. כ׳בין געפאָרן אָן קאָנטאַקטן. נישט איין מאָל האָט זיך פאַר מיין נאָז פאַרהאַקט אַ טיר פון אַ הויז, וואָס איז אַלע יאָרן פריער געווען אַ חברישע און אַ פריינדלעכע שטוב, מיט די ווערטער: „נאָך ער פעלט אונדז דאָ". אין יענעם הויז האָט געפעלט אַ זון, אַ טאָכטער, אַ יונגער־מאַן, און די עלטערן און די יונגע פרוי האָבן נישט געוווּסט, ווו זייערע קינדער אָדער מאַן געפינען זיך. כ׳בין געפאָרן אָן פינאַנציעלע מיטלען. די סומע, וואָס יוזעף האָט מיר געגעבן, האָט געקלעקט זיך צו דערשלעפּן צום ערשטן גרעסערן שטעטל, מינסק־מאַזאָוויעצק. ווו געטאָגט, האָב איך נישט גענעכטיקט, געוואַלגערט זיך אין די אָרעמסטע שטובן. כ׳בין געפאָרן אין וואַגאָנען מיט אויסגעהאַקטע שויבן און מיט פויערישע פורן, גרויסע שטרעקעס געגאַנגען צו פוס און כ׳האָב ממש געשנאָרעט אַ פּאָר מאַרק, כדי אָנצוקומען פון איין פלאַץ צום אַנדערן. אָפט האָב איך היפּשלעך אונטערגעהונגערט. אין דער גאַנצער צייט פון מיין נסיעה האָב איך געהאַט בלויז צוויי עפנטלעכע רעפעראַטן, אין טאָמאַ־שאָוו־מאַזאָוויעצק און אין קרינקי, און זיי זענען גראַד איינגעאָרדנט געוואָרן מיט פּאָמפּע און רעקלאַמע, אין אַ חשובן שטאָטישן לאָקאַל און מיט אויסגעקלעפּטע אַפישן, און געקומען זענען צו די עפנטלעכע רעפעראַטן אויף דער טעמע „י. ל. פרץ און זיין שאַפן", אַן עולם פון נישט קיין צוויי מנינים צוהערערס.

אין די פּאַרטיי־קאָמיטעטן פון די שטאָטישע אָרגאַניזאַציעס פון בונד האָבן מיר אַריינגענומען ממש קינדער, 16—18־יאָריקע יינגלעך און מיידלעך. אין אַ רעסטאַוו־רירטער פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזאַציע אָדער קולטור־אינסטיטוציע, מערסטנטייל אַ צוריק־געעפנטע ביבליאָטעק, האָבן מיר נישט מקפיד געווען אויף קיין בונדישער כשרות, נאָר גענומען יעדן איינעם, וואָס האָט געוואָלט עפּעס טאָן. מיר האָבן זיך געהאַלטןביים פּרינציפּ, וועלכן וויקטאָר שולמאַן האָט אָנגעוועגדט בעת דער אַקציע צו שאַפן די לעגאַל־פונקציאָנירנדיקע יידישע פּראָפעסיאָנעלע אַרבעטער־פאַראיינען אין וואַרשע, אויגוסט 1915: נעמען יעדן איינעם, וועלכער קען און וויל עפּעס טאָן און איינשפּאַנען אים אין דער אַרבעט. נישט וויקטאָר שולמאַן און נישט איך האָבן שפּעטער געהאַט אויף דער דאָזיקער טאַקטיק זיך צו באַקלאָגן. אַ סך פון די יינגלעך און מיידלעך, מיט וועלכע כ׳האָב אָנגעפילט די פּאַרטיי־קאָמיטעטן פון בונד אין די שטעט און שטעטלעך, און פון די פריער אומבאַקאַנטע מענטשן, וועלכע זענען דורך

מיר רעקרוטירט געוואָרן אין די פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס און קולטור־אינסטי־טוציעס, זענען שפּעטער באַקאַנט געוואָרן ווי פּעיִקע טוערס פון בונד און פון יידישן פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן. גענוג צו דערמאָנען בלויז איין נאָמען וואָס איז אין די צוואַנציקער און דרייסיקער יאָרן געוואָרן באַוווסט אין די רייען פון בונד און אין דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט: גאָלדמאַן פון ביאַליסטאָק.

— „די נסיעה צום אומבאַקאַנטן" — אַזוי האָט יוזעף, דער פּאַרזיצער פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד אין פּוילן, וועמען ס'איז פרעמד געווען מליצה, באַ־צייכנט מיין אויפגאַבע אויפצובויען די חרוב־געוואָרענע בונדישע אָרגאַניזאַציעס אויפן ריזיקן שטח פון פּוילן, וואָס איז געהאַט פאַרנומען געוואָרן דורך דער רויטער אַרמיי. ביים געזעגענען זיך האָט יוזעף צו מיר געזאָגט: „איך ווייס וואָס פאַר אַ שווערע אויפגאַבע ס'איז אויף אייך אַרויפגעלייגט געוואָרן און די צרות און מכשולים, וואָס איר וועט האָבן אין דער אויפבוי־אַקציע — אַ סך אַ שווערערע ווי איך האָב געהאַט ביים אויפבויען די בונדישע אָרגאַניזאַציעס נאָך מיין צוריקקומען פון פאַר־שיקונג און געטראָפן דעם חורבן וואָס זובאַטאָוו און די זובאַטאָווטשיקעס האָט געמאַכט אין דער דעמאָלט יונגער בונדישער באַוועגונג. איך ווייס, אַז מען קען זיך אויף אייך פאַרלאָזן און אַז איר וועט זיך אַן עצה געבן מיט די שוועריקייטן" — און ער האָט מיר געווונטשן דערפאָלג.

די אויפבוי־אַקציע האָט געדויערט איבער 10 וואָכן. כ'האָב דורכגעקרייצט פּוילן אין דער לענג און אין דער ברייט, כ'בין דערגאַנגען צו די וויטסטע פּונקטן אין פאַרשיידענע ראַיאָנען, צו וועלכע מ'האָט נאָר געקענט צופאָרן, ווייל צו די וויטערדיקע ערטער האָט מען געמוזט האָבן ספּעציעלע מיליטערישע דערלויבענישן. כ'בין דערגאַנגען ביז בריסק, קאַליש, וולאָצלאַוועק, סאָסנאָוויעץ, אין די ראַיאָנען פון ראַדאָם—קעלץ—לובלין, ביז טאָמאַשאָוו־לובעלסק, ביז ביאַליסטאָק און קרינקי, ביז קראָקע, און דורכגעשפּאַנט מערב־ און מזרח־גאַליציע ביז לעמבערג. אין באָריסלאַוו האָט מיין יידיש־פּראָלעטאַריש געמיט זיך געקוויקט מיט זען דעם אמתן טיפּ פון יידישע פּראָלעטאַריער — אַרבעטער, באַשעפטיקטע ביי די נאַפט־אינסטאַלאַציעס און ראַפינעריעס.

חוץ די פיזישע און מאַטעריעלע שוועריקייטן, וועגן וועלכע כ'האָב שוין גע־שריבן, האָב איך נישט ווייניק געליטן פון יסורים פון אַ מאָראַלישן כאַראַקטער, פון באַליידיקונגען און זילזולים אויף מיין חשבון און אויפן חשבון פון מיין פּאַרטיי, פון בונד. קומסט אַריין אין אַ שטוב, וואָס איז פריִער פאַר דיר געווען פריינדלעך אָפן, און די באַלעבאָסטע, אַ מוטער אָדער אַ יונגע פרוי, באַגעגנט דיך מיט אַ ברוך־הבא: „איר זענט שוין ווידער געקומען ברענגען נייע אומגליקן? איר און אייער פּאַרטיי זענען שולדיק אין מיין אומגליק. איר האָט אונדזערע קינדער (אָדער מאַן), געמאַכט פאַר סאָציאַליסטן, פאַר באָלשעוויקעס, און איצט ווייסן מיר נישט ווו

ס'איז אַהינגעקומען דאָס געביין פון אונדזער זון (טאָכטער אָדער מאַן). טראָגט אייך שוין אָפּ פון דאַנען, אויב איר ווילט נישט, אַז איך זאָל פאַר אייך אויסגיסן מיין שווער און ביטער האַרץ". אַזעלכע אויפנאַמעס אין די פאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך זענען געווען אַ גאַנץ אָפּטע דערשיינונג און גורם געווען גרעסערע יסורים, ווי די פיזישע און מאַטעריעלע שוועריקייטן.

ס'האָבן אויך נישט געפעלט קיין צרות צוליב אַרעסטן. אין פאַרלויף פון דער אויפבוי־אַקציע בין איך עטלעכע מאָל אַרעסטירט געוואָרן. באַזונדערס איינגעקריצט אין מיין זכרון האָבן זיך די אַרעסטן אין סאָקאָלאָוו, שעדלעצער ראַיאָן און אין קרינקי, ביאַליסטאָקער ראַיאָן. כ'האָב געהאַט מיט זיך אַן „אייזערנעם בריוו" פון דער צענטראַל־קאָמיסיע פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין פּוילן, וואָס דער צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד האָט פאַר מיר באַקומען פון די פירערס פון דער צענטראַל־קאָמיסיע. אין דעם בריוו איז געשריבן געווען, אַז איך האָב אַ מאַנדאַט פון דער צענטראַל־קאָמיסיע צו אינספּעקטירן דעם מצב פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און די מלוכישע און מוניציפּאַלע אָרגאַנען ווערן אויפגעפאָדערט נישט צו שטערן מיר אין דער אַרבעט. די בריוו זענען געווען אונטערגעשריבן פון קוואַ־פּינסקי און זשולאַווסקי, דעם פאָרזיצער און דעם גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער צענטראַל־קאָמיסיע — געמען פון מענטשן, וועלכע זענען צו יענער צייט געווען באַקאַנט יעדן קלענסטן באַאַמטן אין פּוילן. קוואַפּינסקי איז געווען דער צאַר פון די פאַרנאַלעס, דאָרף־אַרבעטער. און זשולאַווסקי איז דורך דער פּוילישער פּרעסע באַצייכנט געוואָרן, ווי דער הערשער הינטערן טראָן, דאָס הייסט, אַ מענטש מיט אַזאַ מאַכט, וואָס קען און דיקטירט די באַשלוסן פון דער רעגירונג. דער דאָזיקער בריוו האָט מיר קיין גרויסע נוצן נישט געבראַכט און אין אַ געוויסן פאַל שיר נישט דערפירט צו אַן אומגליק.

נאָך איצט בשעת איך דיקטיר די שורות, ליגט מיר אין מויל דער זיסער טעם פון דער ייִדישער מיצווה פון פדיון־שבויים. מיט שטוינונג און מיט פרייד האָב איך אָבסערווירט די איבערגעגעבנקייט, דעם איפער און די מסירת־נפש פון ייִדן אַרויס־צוראַטעווען אַרעסטירטע פון די שטאָטישע טורמעס און שטעטלדיקע אַרעסטהייזער, פאַרהאַלטענע אונטער דער באַשולדיקונג פון מיטאַרבעטן אין די רעוואָקאַמען. ייִדן פון אַלע שיכטן: עמך־ייִדן, גבירישע בעל־גופים, עלטערע פרומע חסידישע ייִדן, רבנים, הויפּמענטשן פון רבייִשע הויפן, האָבן מסירת־נפשדיק זיך באַטייליקט אין ראַטעווען ייִדן, מיינסטנס יונגע בחורים און מיידלעך, פון דער געפאַר, וואָס האָט אויף זיי געלויערט — לאַנגע, לאַנגע יאָרן תּפיסה. איך אַליין בין געווען אַן אָביעקט פון דער דאָזיקער קרבנות־גרייטקייט און מסירת־נפש. מיין לאַנגע נאָכן אַרעסט אינעם שטעטל סאָקאָלאָוו איז געווען זייער אַ שווערע. דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט, אַ קליינ־שטעטלדיקער פּאָליציייִשער סאַטראַפּ, האָט מיך באַשולדיקט, אַז איך בין אַ באַל־שעוויסטישער שפּיאָן, און פאַר אַן אייזערנעם באַווייז, אַז ער איז גערעכט, האָט ער

אַנגעוויזן אויף מיין פּעלערהאַפּטיקייט פון דער פּוילישער שפּראַך, אַז כ׳קען אַפילו קיין איין וואָרט פּויליש נישט ריכטיק אַרויסרעדן, אַז אַזעלכע מענטשן ווי קוואַ־פּינסקי און זשולאַווסקי וואָלטן נישט געגעבן קיין מאַנדאַט אַ מענטש, וואָס קען נישט קיין וואָרט פּויליש; זיכער קען איך די רוסישע שפּראַך און איך מאַסקיר די דאָזיקע קענטעניש. מיין דאָקומענט איז אַוודאי אַ געפעלשטער. ער האָט מיך געוואָלט אָפּשיקן אין דער דעפענסיווע (פּאָליטישע געהיים־פּאָליציי) אין שעדלעץ. איך ווייס, אַז די, וועלכע האָבן זיך פאַרנומען מיט דער שתדלנות פאַר מיין באַפרייונג, זענען געווען פאַמיליע־מענטשן פונעם סאָקאָלאָווער רבין. וויפל ס׳איז געווען דער באַטרעף פונעם אויסלייזגעלט — האָב איך זיך קיין מאָל נישט דערוווּסט.

איך ווייס, אַז ס׳זענען געווען מסירות, און קרבנות פון די דאָזיקע מסירות זענען אָפט מאָל געווען אומשולדיקע מענטשן. איך אַליין האָב זיך מיט אַזאַ קרבן, אַ חסידישער יונגער־מאַן פונעם שטעטל לוקאָווע, געטראָפן אין האַרבסט 1922 אין דער שעדלעצער טורמע. דאָס זענען אָבער געווען אויסנאַמפאַלן און זיי זענען בטל־בשישים געוואָרן אין דער כוואַליע פון מסירת־נפש, וואָס יידן האָבן אַנגע־ווענדט צו ראַטעווען וועמען ס׳האָט זיך נאָר געלאָזט, אַפילו אַזעלכע, וואָס בעת זייער טעטיקייט אין די רעוווקאָמען האָבן די שתדלנים און די געלטגעבערס קיין האַניק פון זיי נישט געלעקט.

ווען די אויפבוי־אַקציע איז געווען פאַרענדיקט, האָב איך געוווּסט, אַז כ׳האָב מיין אויפגאַבע ווי געהעריק דערפילט, אַז פון דעם פאַרזיי פון דער אויפבוי־אַקציע וועט קומען אַ פּרוכטיקער שניט. אויף מיין צוריקוועגס קיין וואַרשע האָט אין מיר געזונגען די פרייד, די באַפרידיקונג פון אַן אָפּגעטועטער גוטער אַרבעט. ווען כ׳בין אַרויס פון ווינער וואָקזאַל און זיך געלאָזט צו פוס, ווייל אויף קיין טראַמוויי־בילעט האָב איך קיין געלט נישט געהאַט, איבער דער רחבותדיקער מאַרשאַלקאָווסקע־גאַס צו דער נאַוואָליפּיע, צום לאָקאַל פון דער רעדאַקציע פון דער בונדישער טאָגצייטונג, האָב איך זיך אָפּגעשטעלט ביי פּרושינסקיס שאָקאָלאַד־געשעפט, ראָג מאַרשאַל־קאָווסקע און שווינטאָ־קזשיסקע, אַ פּלאַץ וואָס איז שטאַרק פאַרבונדן געווען מיט זכרונות פון מיינע יינגלשע יאָרן, און אַ זונג געטאָן: „חזק, חזק״, ווי איך פלעג דאָס פריידיק טאָן אין מיינע חדר־יאָרן ווען כ׳האָב פאַרענדיקט אַ מסכתא פון דער גמרא.

צוריקגעקומען קיין וואַרשע בין איך אין די פרימאָרגן־שעהען, און ווי געוויינ־לעך נאָך מיינער אַ דערפילטער אויפגאַבע אין אַ פּראָווינצשטאָט, נישט געגאַנגען אַהיים, נאָר אין לאָקאַל פון דער רעדאַקציע פון דער בונדישער טאָגצייטונג, אַריינ־געגאַנגען אין צימער פון וויקטאָר שולמאַן, דעם סעקרעטאַר פון דער צייטונג און האָב געלייגט זיך אָפּרוען אויף דער הילצערנער באַנק, וואָס איז דאָרט געשטאַנען.

כ׳האָב זיך אונטערגעלייגט אַ פּעקל צייטונגען צו קאָפּנס און געדרימלט ביז שולמאַן איז געקומען צו דער אַרבעט. וויקטאָר שולמאַן, דער „גוטער אָנקל״,

ווי איך פלעג אים רופן, פלעגט מיך אויפוועקן און פאַרבעטן צו זיין פרישטיק־מאָלצייט. דאָס מאָל האָט מיך וויקטאָר שולמאַן נישט אויפגעוועקט, נאָר געלאָזט שלאָפן ביז נאָך איינס אַ זייגער ביי טאָג, ווען ער האָט שוין געדאַרפט גיין צו זיך אַהיים אויף מיטאָג. ער האָט פאַר מיר זיך אַנטשולדיקט: „כ׳האָב אייך געמוזט אויפוועקן. איר זענט אַזוי געשמאַק געשלאָפן און נישט געהערט די גערודערס אין מיין צימער, אַז כ׳האָב נישט געהאַט קיין מוט אייך אויפצוועקן. איך וועל אָבער היינט נישט צוריקקומען נאָך מיטאָג און כ׳האָב נישט געקענט אייך לאָזן אַליין אין צימער. איר האָט דאָך נאָך היינט קיין פרישטיק נישט געגעסן”. איך האָב אים מיט אַ געלעכטער געענטפערט, אַז איך האָב אַפילו פאַרגעסן נעכטן צו עסן וועטשערע. „איר האָט גאַרנישט קיין געלט ביי זיך”? האָט שולמאַן מיט שטוינונג געפרעגט. ווי אַן ענטפער האָב איך אַרויסגענומען די קעשענעס פון די הויזן און זיי אויסגעשאָקלט. שולמאַן האָט מיר געגעבן אַ ביסל געלט און געהייסן מיך גיין עסן אַ מיטאָג און אַהיימגיין זיך אויסשלאָפן. כ׳האָב געהאַרכט זיין עצה און געבעטן דער מאַמען, זי זאָל מיך נישט אויפוועקן. כ׳בין אָפּגעשלאָפן מיט איין שאָס פון אַרום דריי אַ זייגער ביי טאָג ביז צו מאָרגנס זיבן אַ זייגער אין דער פרי.

כ׳בין אַוועק אין סעקרעטאַריאַט פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד, און נאָך אַ וואַרעמער באַגריסונג מיט יוזעפן האָב איך אים געמאָלדן, אַז איך בין גרייט אָפּצוגעבן אַ פולן באַריכט פון מיין דערפּילטער אויפגאַבע. כ׳האָב זיך אָנעקגעזעצט און אָנגעהויבן מיין באַריכט. נאָך עטלעכע מינוט האָט יוזעף מיך אָפּגעשטעלט און געזאָגט: „ניין, דאָ איז נישט קיין אָרט פאַר אייער באַריכט, מ׳וועט אונדז צו פיל שטערן. גייט אַרויף צום חבר לעוויט, און איך וועל באַלד נאָכקומען”.

לעוויט איז געווען אַ דרוקער־אַרבעטער און אַן אויסגעצייכנטער גראַווירער, איינער פון די אינטעליגענטסטע יידישע אַרבעטער אַפילו צווישן די אינטעליגענטע יידישע דרוקער־אַרבעטער וואָס איך האָב געקענט, אַן אידעלער און אַ חברישער מענטש. ער איז געווען איינער פון דער גרופּע, וואָס האָט מיט הירש לעקערטן צוגעגרייט און דורכגעפירט דעם אַטענטאַט אויפן ווילנער גובערנאַטאָר פאָן וואַל. ער איז געקומען קיין וואַרשע ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה און געאַרבעט ווי אַ זעצער אין איינער פון די יידישע טאָגצייטונגען. לעוויטס שטוב איז תמיד געווען פאַר מיר אָפן און איך פלעג פאַרברענגען מיט אים און מיט זיין פרוי ביי אַ גלעזל טיי מיט וואַרעניע. ער האָט געוווינט אויף נאַוואָליפּיע 7. אויך וולאַדימיר מעדעם פלעגט זיין אַן אָפטער גאַסט אין לעוויטס שטוב און ביי אַ גלעזל טיי געבן עקספּראָמט זיינע קורצע מינדלעכע עסייען וועגן ליטעראַטור, פּאָעזיע און פילאָסאָפיע.

איך דערלויב זיך דאָ צו מאַכן אַ פּערזענלעכע דיגרעסיע: צו יענער צייט, 1918—1921, בין איך שוין נישט געווען זשעדנע צו הערן רעדן וועגן די דאָזיקע ענינים. כ׳האָב שוין געהאַט געהערט לעקציעס און רעפעראַטן וועגן די דאָזיקע ענינים פון ערשטקלאַסיקע פאַכמענער און לעקטאָרן אין דער שטאַטס־אַקאַדעמיע

אין דאָרטמונד, אין י. ל. פּרץ־פּאַראַין, אין דער הומבאָלד־אַקאַדעמיע, אין דער אַרבעטער־בילדונג־שולע און אויך די אויסגעצייכנטע לעקציעס וועגן קונסט פון סאָניאַ ליבקנעכט, אָבער אַזעלכע ווונדערלעכע אימפּראָוויזאַציעס אין דער פאָרעם פון אַ לייכטן שמועס איבער ליטעראַטור, פּאָעזיע און פילאָסאָפיע פון וולאַדימיר מעדעם ביי אַ גלעזל טיי אין לעוויטס הויז האָב איך קיין מאָל נישט געהערט נישט פריִער און אויך נישט אין מיינע שפּעטערדיקע יאָרן.

יוזעף איז געקומען אין דער באַגלייטונג פון וויקטאָר שולמאַן. „איר וועט אָנהייבן פון אָנהייב, און דער חבר וויקטאָר וועט פּראָטאָקאָלירן אייער באַריכט" — האָט יוזעף געזאָגט. וויקטאָר שולמאַן איז געווען אַ מייסטער שנעל און פּינקטלעך צו פּראָטאָקאָלירן אַלץ וואָס איז געזאָגט געוואָרן, אַפילו יענעמס נאַרישקייטן. ער פלעגט אויף זיין געווייגלעך ערנסטן אופן זאָגן: „נאַרישקייטן זענען די צווייטע זייט פון דער מטבע, און ווען דו ווילסט האָבן אַ ריכטיקן באַגריף וועגן דעם ווערט פון יענעמס רייד, מוזסטו אויך געבן די צווייטע זייט פון יענעמס חכמות". מיין באַריכט און די שמועסן אַרום דעם באַריכט האָט געדויערט פון 9 אַ זייגער אין דער פרי ביז אַרום 5 אַ זייגער פאַר נאַכט מיט אַ קורצן איבעררייס אויף דעם מיטאָג־עסן, מיט וואָס די לעוויטס האָבן אונדז מכבד געווען. ווען מיין באַריכט איז געווען פאַרענדיקט, האָט יוזעף צופיגעגעבן (?) דאָס היפּשע פּעקל פּראָטאָקאָל־פּאַפּירן. ס׳ווילט זיך גלייבן, אַז דער דאָזיקער פּראָטאָקאָל פון מיין באַריכט וועגן דער אויפבוי־אַקציע פון די חרוב־געוואָרענע בונדישע אָרגאַניזאַציעס פון 1920, פּראָטאָקאָלירט פון וויקטאָר שולמאַן, געפינט זיך אומבאַשעדיקט אינעם קורסקי־אַרכיוו אין ניו־יאָרק. „וואָר־שיינלעכקייטן זענען דאָך אַ מאָל אויך רעאַליטעטן" — האָט געזאָגט דער קלוגער פּראָפעסאָר חיים וויצמאַן.

מיין אָפּגעטוענע אַרבעט ביים אויפבויען די חרוב־געוואָרענע בונדישע אָרגאַ־ניזאַציעס נאָכן צוריקטריט פון דער רויטער אַרמיי פון פּוילן, אויגוסט 1920, איז דורך דער בונדישער אָנפירונג פּאָזיטיוו אָפּגעשאַצט געוואָרן. אויף אַ פּלענום פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד אין פּוילן, אין וועלכער כ׳האָב זיך באַטייליקט מיט באַראַטונג־רעכט, ווי אַ פונקציאָנאַר פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד — אין נאָוועמבער 1920 — האָט יוזעף אין זיין באַריכט בעיקר זיך אָפּגעשטעלט אויף דער אויפבוי־אַקציע און מיט וואַרעמקייט גערעדט וועגן מיין ראָלע און וועגן די שווע־ריקייטן אין דער אויפבוי־אַקציע.

די אויפבוי־אַקציע, דאָס אויפבויען די חרוב־געוואָרענע בונדישע אָרגאַניזאַציעס אויפן שטח פון פּוילן וואָס די רויטע אַרמיי האָט געהאַט פאַרנומען, וואָס איז דורך מיר דורכגעפירט געוואָרן אין די חדשים אויגוסט־נאָוועמבער 1920, איז אַלע יאָרן דורך מיר באַטראַכט געוואָרן און ווערט אויך איצט באַטראַכט ווי מיין קרוינראָלע אויפן געביט פון אָרגאַניזאַציע אין מיין פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער קאַריערע.

אין דער ייִדישער געזעלשאַפטלעכקייט, צווישן דער ייִדישער אַרבעטערשאַפט און אויך אין די רייען פון בונד, בין איך אין די יאָרן 1915—1922, באַזונדערס אין די יאָרן 1918—1922, באַטראַכט געוואָרן ווי אַ רעדנער — אַ מאַסן־רעדנער און אַ רעפערענט. ווען מ׳זאָל היינט פרעגן וועגן מיר אַ מענטשן, וואָס איז באַקאַנט מיטן ייִדישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין פוילן אין די דערמאָנטע יאָרן, וועט זיין ענטפער זיין: „אַ גוטער רעדנער". ס׳וועלן אפשר צוקומען צום סוביעקט „רעדנער" סופּער־לאַטיוון, אָבער דער טערמין „רעדנער" וועט זיין די הויפּט־כאַראַקטעריסטיק. זייער ווייניק האָבן געוווּסט וועגן מיינע דירעקט־אָרגאַניזאַציאָנעלע טעטיקייטן און וועגן מיינע פעיִקייטן אויפן געביט פון אָרגאַניזאַציע.

די שפּיצן פון די באַוועגונגען, אין וועלכע איך בין געווען טעטיק אין בונד און אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג פון פוילן האָבן זיך געקענט אויף מיינע פעיִקייטן פון אַן אָרגאַניזאַטאָר און פון אַ פּראַקטישן טוער אויפן אָרגאַניזאַציע־געביט. ס׳איז נישט קיין צופאַל געווען, וואָס דער צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד, מיט יוזעפן בראָש, האָבן מיך אויסגעקליבן און ממש אַרויפגעצוווּנגען אויף מיר צו זיין דער ערשטער פונקציאָנער פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד אין פוילן. אַפילו די נייע אָנפירונג פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פוילן, די סטאַליניסטישע פעלד־פעבלס, ווי כ׳האָב גערופן די דאָזיקע אָנפירונג, וואָס איז געקומען נאָכן סטאַלי־ניסטישן פּוטש, האָט מיך, אַ פּאַרביסענעם קעגנער, געלאָזט צווישן די געציילטע אויף צענטראַלער פּאַרטיי־אַרבעט אין לאַנד און באַקליידט — חוץ מיט אַנדערע אַמטן: מיטגליד פון צענטראַלער אָנפירונג פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג און פון צענטראַלן ייִדישן ביוראָ — אויך מיטן אַמט פון צוגעטיילטן צו דער דיספּאָ־זיציע פונעם לאַנד־סעקרעטאַריאַט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פוילן פאַר ספּעציעלע אויפגאַבעס. דאָס האָט געמיינט אָנצופאַרטרויען מיר די סאַמע דרינגענדיקסטע און שווערסטע אויפגאַבעס פון אָרגאַניזאַציאָנעל־פּראַקטישן כאַ־ראַקטער.

ווען פאַרן צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד אין פוילן האָט אין נאָוועמבער 1918, שוין אונטער פּוילישער הערשאַפט, זיך געשטעלט דאָס פּראָבלעם פון האָבן צו איר דיספּאָזיציע מענטשן, וועלכע זאָלן קענען פאַרטרעטן די מיטגלידער פונעם צענ־טראַל־קאָמיטעט אויפן פּראַקטיש־אָרגאַניזאַציאָנעלן געביט מחוץ פון וואַרשע, האָט יוזעף, דער אַדמיניסטראַטיווער באַלעבאָס פון דער בונדישער באַוועגונג אין פוילן, געהאַט פאַר זיך אַ צעטל פון 6 נעמען, וואָס ער האָט אויסגעקליבן צווישן דעם אַקטיוו פונעם העכערן באַשטאַנד אויף צו פאַרנעמען דעם אַמט פון אַן ערשטן פונקציאָנער פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד אין פוילן מיט רעכטן און פּרע־ראָגאַטיוון פון אַ פאַרשטייער פונעם צענטראַל־קאָמיטעט. דער אויסוואַל איז געווען: הערשל הימעלפאַרב, לייזער לעווין, יוסף באַסאַק (יוסף ליפּשיץ), דער שוואַרצער אַבע (אַבע פלוג), הערשל מעטאַלאָוויעץ און שמואל מילמאַן פון לאָדזש. יוסף און

אַבּע זענען צוליב זייער פּאָזיציע אין דער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע אַראָפּגענומען געוואָרן פונעם צעטל. פאַר וואָס ש. מילמאַן האָט דעם אמט נישט באַקומען, ווייס איך נישט. יוזעפּס פאַוואָריט־קאַנדידאַט איז געווען הערשל הימעלפאַרב, און ער האָט באמת געהאַט אַלע קוואַליפיקאַציעס צו פאַרנעמען דעם דאָזיקן אַמט. אין דער קורצער צייט, וואָס ער האָט זיך געפונען אין וואַרשע, האָט ער באַקומען אַ רעפּוטאַציע נישט נאָר פון אַן ערשטקלאַסיקן רעדנער, נאָר אויך פון אַ גוטן אָרגאַניזאַציאָנעל־פּראַקטישן טוער מיט דערפאַרונג פון אַ פּאַרטיי־פונקציאָנאָר פון בונד אין רוסלאַנד, און דערצו אויך אַ רעכטער. ער האָט אָבער בשום אופן דעם אַמט נישט געוואָלט אָננעמען. פאַרבליבן זענען לייזער לעווין און איך. אויך לייזער לעווין האָט פאַרמאָגט געהעריקע קוואַליפיקאַציעס פאַר דעם אַמט, אָבער יוזעף האָט באַשטימט מיך, דעם אולטראַ־לינקן, איבערצונעמען די דאָזיקע פונקציע. פאַר יוזעפן האָט שיינרעדנעריי און שיינשרייבעריי נישט געמיינט קיין סך. דער עיקר איז פאַר אים געווען דער פּראַקטישער תּכלית, בונדיש־פּאַרטייִשער רוח. איך האָב גראָד דעם אַמט נישט געוואָלט אָננעמען. מיין פּאַרטיי־פּאָזיציע אין וואַרשע איז בשעתו געווען די סאַמע בעסטע: איינער פון די סאַמע פּאָפּולערסטע דריי בונדישע טוערס אין וואַרשע: גרשון זיבערט, עמנואל נאָוואָגרודסקי און הערשל מעטאַלאָוויעץ. איך האָב אין פּאָפּולאַריטעט געהאַט אַ סך יתרונות לגבי די דערמאָנטע חברים. זיי זענען געווען אינטעליגענטן, איך — אַ פּראָלעטאַריער, אַ מעטאַל־טאָקער. אין די בונדישע קרייזן און אין די רייען פון דער פּראָפעסיאָנעל אָרגאַניזירטער ייִדישער אַרבעטערשאַפט אין וואַרשע האָט מען געוווּסט, אַז איך בין מקריב דריי טעג אַרבעט אַ וואָך, און אַז אין דער פרייער צייט און אין די אָוונטן פון די טעג, וואָס איך אַרבעט, בין איך טעטיק פאַר דער אַרבעטער־זאַך. איך בין צו יענער צייט געווען דאָס בן־יקירל פון בונד אין וואַרשע, סיי מצד דער בונדישער פירערשאַפט און סיי מצד די ברייטע שיכטן פון דער ייִדישער אַרבעטערשאַפט אין וואַרשע.

איך שרייב די שורות אָן אַ שמץ פון זעלבסטבאַרימעריי אָדער פון רעקלאַמע, נאָר ווי אַ היסטאָרישן פאַקט.

אויך פּראָפעסיאָנעל, ווי אַ בעל־מלאכה, בין איך פון מיין דעמאָלטדיקער לאַגע געווען גאָר צופרידן. כ׳האָב געאַרבעט נישט מער ווי דריי טעג אַ וואָך אינעם בעסטן וואַרשטאַט פון מיין פאַך. דער באַלעבאָס איז געווען אַ פיינער מענטש, אַ געבילדעטער, מיט הויכע טעכנישע קענטענישן, אַ געענדיקטער אין דער טעכנישער שולע פון ראָטוואַנד אין וואַוועלבערג. ער האָט געהאַט אַ גוט־איינגעאָרדנטן מאָדערנעם וואַרשטאַט, זיך געטיילט מיט מיר מיט זיין מאָדערנסטער דרייבאַנק (טאָקאַרניע) און איז צופרידן געווען, וואָס אין די דריי טעג מאַך איך די נייטיקע פּראָדוקציע־אַרבעט, ער קען זיך דאַן פאַרנעמען מיט דער געשעפטלעכער און אַדמיניסטראַטיווער טעטיקייט פון זיין אונטערנעמונג, און אין די אַנדערע דריי טעג — זיין באַ־

שעפּטיקט ביי פּרעציזע אינסטרומענטן און ווערקצייג. איך האָב נישט געהאַט דעם מינדסטן חשק אָנצונעמען דעם אַמט פון אַ פונקציאָנאַר פונעם צענטראַל־קאָמיטעט און פאַרלאָזן וואַרשע אַפילו אויף איין טאָג, אויסער אַ שבת אָדער אַ יום־טוב־טאָג — צו פאָרן ערגעץ אין אַ גרעסערער שטאָט מיט אַ רעפעראַט, אָדער אויף אַ וואַל־מיטינג.

כ׳בין עטלעכע מאָל אַרויסגערופן געוואָרן צום סעקרעטאַריאַט פונעם צענטראַל־קאָמיטעט, ס׳איז מיר אָנגעבאָטן געוואָרן דער אַמט פון אַ פונקציאָנאַר, און איך האָב כסדר דעם פאָרשלאָג אָפּגעוואָרפן. איין מאָל, בעת מיינעם אַ באַזוך אינעם סעקרע־טאַריאַט האָט יוזעף אַרויסגענומען פונעם אָרון־קודש דעם הייליקן בונדישן שם־המפורש מיטן מיסטישן שם: „צעקאָ״ (צענטראַל־קאָמיטעט) און דערקלערט פייער־לעך: „דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט נאָך אַ מאָל באַשטעטיקט דעם באַשלוס, אַז איר זאָלט איבערנעמען דעם אַמט פון אַן ערשטן פונקציאָנאַר פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד אין פוילן מיט רעכטן און פרעראָגאַטיוון פון אַ פאַרטרעטער פונעם צענטראַל־קאָמיטעט אויף די געביטן, ווו איר וועט זיין טעטיק מחוץ וואַרשע. איר מוזט גלייך פאַרלאָזן אייער אַרבעטפּלאַץ און איבערנעמען דעם אַמט״. קעגן אַזאַ דיקטאַט מיטן שם־המפורש פונעם מיסטעריעזן „צעקאָ״ האָב איך זיך נישט געקענט קעגנשטעלן. הגם דער צוזאַמענשטעל פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד אין פוילן איז שוין פאַר מיר נישט געווען קיין מיסטעריע און אירע מיטגלידער — געהיימענישפולע מענטשן, וואָס מ׳קען נישט זייערע ריכטיקע נעמען און מען טרעפט זיך נישט מיט זיי פּנים אל פּנים, און דאָס וואָרט „צעקאָ״ איז אַ מיטאָס, וועמענס באַפעלן מען מוז אומקאָנדיציאָנעל דורכפירן; איך האָב שוין געוווּסט ווער דער „צעקאָ״ איז און ווער עס זענען די אַפּאָסטאָלן, וועלכע זענען אויסגעוויילט געוואָרן אויף דער בונדישער קאָנפערענץ אין לובלין אין 1917 און כ׳האָב זיך מיט זיי אָפט געטראָפן פּנים אל פּנים; כ׳האָב געוווּסט, אַז ער באַשטייט פון די חברים וולאַדימיר מעדעם, יוזעף, וויקטאָר שולמאַן, דוד מייער, זדזשיסלאַוו (זיגמונט) מושקאַט פון לאָדזש, און חוץ פאַזנאַנסקין, האָב איך אַלעמען געקענט פּערזענלעך. אָבער דער מיטאָס: „דער צעקאָ פון בונד״ האָט נאָך אַלץ געהאַט זיין איינפלוס אויף אַ גרויסער צאָל בונדיסטן, אויף ברייטע קרייזן פון דער פּראָפעסיאָ־נעלער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט און אויף דער יידישער אַרבעטער־מאַסע. איך האָב דאָך יוזעפן נישט געקענט געבן דעם ענטפער, וואָס הערשל הימעלפאַרב האָט אים געגעבן אויף צו באַרעכטיקן זיין אָפּזאָג אָנצונעמען דעם אַמט: „כ׳האָב זיך שוין געַנוג אַרומגעוואַלגערט און געשלאָפן אין פרעמדע בעטן. ס׳איז צייט פאַר מיר חתונה צו האָבן״. און הערשל הימעלפאַרב האָט טאַקע בקרוב חתונה געהאַט און אַ יאָר שפּעטער מזכה געווען דער מענטשהייט און דעם יידישן פאָלק מיט צוויי שיינע און געזונטע יונגאַטשעס. איך בין אויך נישט געווען קיין דוד איינהאָרן, וואָס זאָל וואַגן צו געבן יוזעפן אַזאַ ענטפער ווי ער האָט אים געגעבן.

יוזעף האָט דעם דיכטער דוד אײנהאָרן פֿאַרגעלייגט צו פֿאָרן אין אַ גרויסער שטאָט אין אַ באַשטימטער צייט און דאָרט האַלטן אַ רעפֿעראַט. יוזעף איז פּאַרטייִש געווען שטאַרק פֿאַראינטערעסירט אין דעם אײנהאָרן־רעפֿעראַט אין דער געגע־בענער שטאָט. דוד אײנהאָרן האָט זיך אָפּגעזאָגט צו פֿאָרן האַלטן דעם רעפֿעראַט. ווען יוזעף האָט ביי אים גאָרנישט געקענט פּועלן, האָט ער אַרויסגענומען דעם שם־המפֿורש מיטן שם „צעקאַ", און אַ זאָג געטאָן צו דוד אײנהאָרן: „אין נאָמען פֿון צעקאַ פֿון בונד באַפֿעל איך איך צו פֿאָרן און האַלטן דעם רעפֿעראַט". דוד אײנהאָרן האָט יוזעפֿן שפּאָטיש אָנגעקוקט און געענטפֿערט: „וואָס האָט איר געזאָגט? דער צעקאַ באַפֿעלט מיך? זאָגט אייער צעקאַ, ער זאָל זיך מיט דעם באַפֿעל אונטערווישן דעם הינטן".

אין דער צווייטער העלפֿט פֿון נאָוועמבער 1918 האָב איך אָנגענומען דעם אַמט פֿון אַן ערשטן פֿונקציאָנאַר פֿונעם צענטראַל־קאָמיטעט פֿון בונד אין פּוילן מיט רעכטן און פֿרעראָגאַטיוון פֿון פֿאַרטרעטער פֿונעם צענטראַל־קאָמיטעט. איך האָב פֿאַרלאָזט מיין אַרבעט־וואַרשטאַט פֿון מעטאַל־טאָקעריי און געוואָרן אַ לעגיטימער פּראָפֿעסיאָנעלער רעוואָלוציאָנער.

אין די יאָרן פֿון מיין אַקטיווער פּאָליטישער און געזעלשאַפֿטלעכער טעטיקייט האָבן מיר נישט געפֿעלט קיין גוטע פּראַקטישע אָרגאַניזאַציאָנעלע אַרבעטן און אַפֿילו גוטע אויפֿטוען אויפֿן געביט פֿון אָרגאַניזאַציע, סיי אין בונדישן פּעריאָד און סיי אין קאָמוניסטישן פּעריאָד פֿון מיינע טעטיקייטן. פֿאַר באַזונדערס גוטע אָרגאַ־ניזאַציאָנעלע אויפֿטוען באַטראַכט איך דריי פֿון מיינע בונדישע יאָרן און דריי אין די יאָרן פֿון מיין טעטיקייט אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג אין פּוילן. אין מיין בונדישן פּעריאָד: די אָנפֿירונג און די פֿאַרענדיקונג מיטן שטרייק פֿון די לעדער־אַרבעטער אינעם שטעטל קאָזשעניץ אין פֿעברואַר אָדער מערץ פֿון 1919; דאָס אויפֿשטעלן אַ סטאַבילע בונדישע אָרגאַניזאַציע אין דער שטאָט קעלץ, פֿרילינג אָדער זומער פֿון 1919; און דאָס אָרגאַניזירן דעם צווייטן לאַנד־צוזאַמענפֿאָר פֿון די יידישע לעדער־אַרבעטער־פֿאַראיינען אין פּוילן, זומער 1921. פֿון מיין קאָמו־ניסטישן פּעריאָד: דאָס פּלאַנירן, אָרגאַניזירן און אָנפֿירן מיטן גענעראַל־שטרייק פֿון די טעקסטיל־אַרבעטער אין לאָדזש, אין לאָדזשער און אין פּיעטריקאָווער ראַיאָן, האַרבסט 1928 — דער גרעסטער שטרייק אין דער געשיכטע פֿון טעקסטיל־אַרבע־טער אין די יאָרן 1918—1939; דאָס אָנפֿירן און פֿאַרענדיקן דעם פֿאַרביטערטן שטרייק אין דער הוטע מילאָוויצאַ (אַזוי דאַכט זיך איז געווען דער נאָמען פֿון דער הוטע) אין סאָסנאָוויעץ, זומער 1929; און די אַקציע פֿון די אַרבעטלאָזע אין פּלאָצק, וואָס האָט געדויערט דריי טעג נאָך אַנאַנד מיט גרויסע, שטורמישע גאַסן־דעמאָנ־סטראַציעס און זיך פֿאַרענדיקט מיט אַ סך קרבנות און מיט אַ גרויסן פּראַקטישן זיג, אין יאָר... (איך קען נישט פֿעסטשטעלן די דאַטע. לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן איז די דאָזיקע קאָמוניסטישע אַקציע אין פּלאָצק פֿאָרגעקומען אין זומער 1931).

אָבער קיינע פון די דערמאָנטע אַקציעס, באַזונדער און צוזאַמען, הגם יעדע פון זיי פאַרמאָגט אַן אייגנאַרטיקע און רומפולע געשיכטע און איז פאַרבונדן מיט דער געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג און פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג אין פוילן, קען זיך נישט פאַרגלייכן מיט דער אויפבוי־אַקציע אין 1920 — מיטן אויפבויען די חרוב־געוואָרענע בונדישע אָרגאַניזאַציעס אויפן שטח פון פוילן נאָכן צוריקטריט פון דער רויטער אַרמיי. יעדע איינע פון די דערמאָנטע אַקציעס און גוטע אָרגאַניזאַציאָנעלע אויפטוען זענען דורכגעפירט געוואָרן אין נאָרמאַלע אומשטענדן, מיט די נייטיקע פינאַנציעלע מיטלען און מיט דער הילף פון חברים און פון פאַרטיייִשע און פראָפפאַראייִנישע אָרגאַניזאַציעס און אַפּאַראַטן. אויך די דערמאָנטע אַקציעס אין מיין קאָמוניסטישן פּעריאָד, אונטער שווערע באַדינגונגען פון קאָנספּיראַציע און אונטערערד, זענען פאָרגעקומען אין אַזוי גערופענע נאָרמאַלע באַדינגונגען פון קאָנספּיראַציע און אונטערערד: כ׳האָב געהאַט ווו צו זיין, ווו צו עסן און ווו צו שלאָפן, מיט אַ געוויסער, הגם מינימאַלער, זיכערקייט קעגן אַ מעגלעכן אַרעסט, כ׳האָב געהאַט די נייטיקע פינאַנציעלע פאָנדן, און דער עיקר — כ׳בין נישט געווען „סאָם סאַפּאָזשניק״, געהאַט עמעצן וואָס זאָל מיט מיר מיטאַרבעטן און אין לעבן דורכפירן מיינע באַפעלן און אינסטרוקציעס. אַנדערש איז אָבער געווען מיט דער אויפבוי־אַקציע פון די בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין 1920. דאָס איז געווען די אַרבעט פון אַ יחיד, פון פּערזענלעכער שווערער מי און שווייס און פון גוטער פּראַקטישער אָרגאַניזאַציאָנעלער אַרבעט. און ס׳איז פאַר מיר קיין מאָל נישט געווען קיין ווונדער, פאַר וואָס כ׳האָב אין אַלע יאָרן באַטראַכט און באַטראַכט אויך איצט די אויפבוי־אַקציע פון די חרובע בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין 1920 פאַר דער קרוין פון מיינע טעטיקייטן אויפן געביט פון אָרגאַניזאַציע אין מיין גאַנצער פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער קאַריערע.

## פינפטער טייל

# אין סאָוועטן־פאַרבאַנד

## דער ערשטער באַזוך אין לאַנד פון די סאָוועטן

איך פאָר! איך פאָר באַזוכן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד, דאָס לאַנד פון דער ערש־טער סאָציאַלער רעוואָלוציע! קיין שום כּוח וועט נישט ענדערן מיין באַשלוס, קיין שום שוועריקייטן וועלן מיך נישט צוריקהאַלטן פונעם מאַכן די נסיעה.

די סיבה פון מיין באַשלוס צו באַזוכן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד איז געווען די קריטישע לאַגע, אין וועלכער כ׳האָב זיך געפונען אין שייכות מיט מיין טעטיקייט אין בונד פון פוילן. כ׳בין ווידער געווען אַ בונדישער אַנפּאַן־טעריבל. מיין שטעלונג צו די אַקטועלע ענינים פון פּראָלעטאַרישער טאַקטיק איז ווידער אַ מאָל געווען אין קעגנזאַץ צו דער שטעלונג פון דער לינקער פראַקציע און פון דעם רעכט־צענטריסטישן טייל פון בונד.

די מיינונג־פאַרשיידנקייטן צווישן מיר און די צוויי פראַקציעס, באַזונדער מיט דער לינקער פראַקציע, איז באַשטאַנען אין פאָלגנדיקן:

נאָכן צוריקטריט פון דער רויטער אַרמיי ווייט איבער די עטנישע גרענעצן פון פוילן, און נאָכן פאַרענדיקן די פויליש־סאָוועטישע מלחמה, ווען איך האָב באַזוכט די פּראָווינצשטעט אין דער לענג און אין דער ברייט פון פוילן, מיטן אויסנאַם פון מיזרח־גאַליציע און פון דער מיזרח־זייט פון גראָדנע און ווילנע — האָב איך געמאַכט אַן אָפּשאַצונג וועגן דער ניי־געשאַפענער פּאָליטישער סיטואַציע אין פוילן און כ׳בין געקומען צו באַשטימטע אויספירן:

די רעוואָלוציע אין פוילן איז אָפּגעשטופּט אויף אַן אומבאַשטימטער צייט. אויף די שפּיצן פון די באַגנעטן פון דער רויטער אַרמיי וועט נישט דערגרייכט ווערן די רעוואָלוציע אין פוילן. דאָמסקי, איינער פון די הויפּט־אידעאָלאָגן פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פוילן, איז גערעכט געווען מיט זיין אַרויסטריט אויף די שפּאַלטן פון דער בערלינער „ראָטע פאָנע״ קעגן אַן אַריינמאַרש פון דער רויטער אַרמיי אין צענטראַל־פוילן, און אַז די רויטע אַרמיי דאַרף זיך אָפּשטעלן ביי דער קערזאָן־ליניע. דאָס אַריבערטרעטן די גרענעצן פון דער קערזאָן־ליניע און דאָס דערגיין ביז די טויערן פון וואַרשע האָט אַרויסגערופן אַ כוואַליע פון אַ שאָוויניס־

טישן פּאַטריאָטיזם, וואָס האָט פּאַרכאַפּט גרויסע טיילן פון אַרבעטער, פּויערים און אָרעמע פּאָלקסמאַסן. דאָס אָפּשטעלן דעם גרויספּוילישן שאָוויניזם וועט דויערן אַ לענגערע צייט.

אויך פון מערב איז נישט צו דערוואַרטן קיין דירעקטע הילף ביים דורכפירן די רעוואָלוציע אין פּוילן אין דער גאַנצטסטער צוקונפט. אין אונגאַרן איז די רעוואָלוציע דערטרונקען געוואָרן אין אַ ים פון בלוט. די ראַטן־רעפּובליק אין בייערן איז גרויזאַם ליקווידירט. די פּאָליטישע לאַגע אין דייטשלאַנד איז טאַקע נאָך נישט קיין סטאַביליזירטע, און ס׳קענען נאָך דאָרט פּאַרקומען גרויסע זאַכן, אָבער אַז עס זאָל דערגיין צו אַ טאָטאַלער רעוואָלוציע אויפן שטייגער פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד איז נישט וואָרשיינלעך נאָך דער מיליטערישע מפּלה פון סאָוועטן־פּאַרבאַנד.

דער חוט־המשולש פון דער רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישער אידעאָלאָגיע: תּקופה פון סאָציאַלער רעוואָלוציע, סאָוועטן־מלוכה ווי אַ מוסטער און אַן אַוואַנגאַרד פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע אין גאַר דער וועלט, און דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל ווי דער איינציקער אינטערנאַציאָנאַל פון אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט און שטאַב פון דער אַלוועלטלעכער סאָציאַלער רעוואָלוציע — בלייבט פעלדזנפעסט די אידעאָלאָגישע באַזע פון דער סטראַטעגיע, טאַקטיק און פּאָליטיק פונעם רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט אין אַלע וועלטטיילן, און גאַר באַזונדערס — אין אייראָפּע.

די רעוואָלוציע אין פּוילן ווערט די זאַך פון פּראָלעטאַריאַט, פּויערים און אָרעמע פּאָלקסמאַסן אין פּוילן גופא. דורכפירן די דאָזיקע היסטאָרישע אויפגאַבע דאַרפן די רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין פּוילן, די קאָמוניסטישע פּאַרטיי און דער בונד, צופּאַסנדיק די טאַקטיק און פּאָליטיק צו דער ניי־געשאַפענער פּאָליטישער סיטואַציע אין פּוילן נאָך דער פּאַרענדיקונג פון דער מלחמה. דאָס דאַרף געטאָן ווערן:

א) דורך אַ פּאַרשפּרייטער נעץ מאַסן־אָרגאַניזאַציעס: פּאָליטישע, פּראָפ־פּאַראייניקע, קולטור־געזעלשאַפטן און קאָאָפּעראַטיוון. אַ גאַר וויכטיקע ראָלע דאַרפן שפּילן די פּראָפעסיאָנעלע פּאַראייניקן.

ב) קאַמף פאַר דער דעמאָקראַטיזאַציע פון לאַנד. באַטייליקן זיך און אויס־נוצן יעדע דעמאָקראַטישע אינסטיטוציע: מלוכישע, קאָמונאַלע און געזעלשאַפט־לעכע, ביי ייִדן — אויך די קהילות, אָבער וויכן פון סאָציאַל־דעמאָקראַטישן אָפּאָרטוניזם און פּאַרלאַמענטאַרישן קרעטיניזם.

מיט דער דאָזיקער קאָנצעפּציע בין איך געקומען צו די פירנדיקע בונדישע פּאַרטיי־קרייזן, און קודם־כּל צו דער לינקער פראַקציע.

אויף אַ באַראַטונג פון דער פירנדיקער גרופּע פון דער לינקער פראַקציע אין וואַרשע האָב איך רעפערירט מיין אָפּשאַץ און מיינע אויספירן. מיין אַרויסטריט

האָט אַרויסגערופן דערשטוינונג און אַ שאַרפע רעאַקציע מצד די אַנוועזנדיקע. זייער ביטער איז קעגן מיר אַרויסגעטראָטן עמנואל נאָוואָגרודסקי. אויך אַנדערע רעדנערס האָבן שאַרף אַנגעגריפן מיין קאָנצעפּציע — סיי די אָפּשאַצונג און סיי די אויספירונגען.

בעת איינעם פון אונדזערע שמועסן אויפן וועג צו אונדזערע היימען, האָב איך יוזעפן דערציילט וועגן מיין אָפּשאַץ און אויספירן און וועגן דער רעאַקציע מצד דער לינקער פראַקציע. יוזעף האָט מיין פאַרנומענע שטעלונג באַגריסט: „דאָס איז דאָך, וואָס מיר זאָגן". כ'האָב יוזעפן אָפּגעגאָסן מיט אַ שעפל קאַלט וואַסער מיט מיין אידעאָלאָגישן חוט־המשולש: תקופה פון סאָציאַלער רעוואָלוציע, אַקטאָ־בער־רעוואָלוציע און קאָמינטערן. זיין רעאַקציע איז געווען, אַז ער וועט שטיצן מיינע פּראַקטישע אויספירונגען, אָבער אָפּוואַרפן די אידעאָלאָגישע איינשטעלונג.

דערציילט האָב איך אויך מיין לאַנגיאָריקן אינטימען פריינד און פאַרטייזשן קעגנער הענריק (סטאַך) זאַטאָרסקי, וועלכער איז בשעתו געווען דער הויפּטפירער פונעם יידישן סעקטאָר פון דער קאָמ. פאַרטיי פון פוילן, וועגן מיין פאַרנומענער שטעלונג. מיט זאַטאָרסקין פלעג איך אָפט שמועסן וועגן פאַרשיידענע ענינים, און מיטן אויסנאָם פון נאַציאָנאַל־יידישע פּראָבלעמען זענען צווישן אונדז קיין גרויסע מיינונג־פאַרשיידנקייטן נישט געווען. אויך זיין רעאַקציע איז געווען אַ שאַרף־נעגאַטיווע: „ביסט, ווייזט אויס, משוגע געוואָרן. דער אַלטער מענשעוויסטישער שד פון בונד איז אין דיר אַריין ווי אַ דיבוק".

ביי דער קאָמוניסטישער פאַרטיי פון פוילן און ביי דער לינקער פראַקציע פון בונד האָט זיך אין יענער צייט גאָרנישט געהאַט געענדערט. זיי האָבן פאַרנומען די זעלבע שטעלונגען, וואָס פאַר דעם מאַרש פון דער רויטער אַרמיי. ווייסנדיק, אַז דער פירער פון דער לינקער פראַקציע, מאיר (חיים) וואַסער, האַלט זיך ביי אַ כלל, אַז אין אַלגעמיינע פּאָליטישע ענינים דאַרף מען נאָכפאָלגן די איינשטעלונגען פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי, האָב איך זאַטאָרסקין פאַרגעלייגט צו אָראַנזשירן אַ שמועס מיט זיינע פירנדיקע חברים פון דער קאָמ. פאַרטיי וועגן מיין אָפּשאַצונג און מיינע אויספירן. זאַטאָרסקי האָט מיר אָפּגעזאָגט אַזאַ צונויפטרעף. מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט מיר זאַטאָרסקי געמאָלדן, אַז זיינע חברים ווילן זיך מיט מיר זען און באַשטימט אַ צייט פאַר דער באַגעגעניש.

כ'האָב יוזעפן מיטגעטיילט וועגן דער פאַרשטייענדיקער באַגעגעניש און גע־פרעגט צי ער האָט נישט קעגן, אַז איך זאָל ווי אַ פּריוואַטע פּערזאָן האָבן אַזאַ סאָרט צונויפטרעף מיט פירנדיקע מענטשן פון דער קאָמ. באַוועגונג, וואָס איז צו יענער צייט געווען פיינטלעך איינגעשטעלט לגבי דעם בונד. יוזעפס ענטפער איז געווען: „קיינער שטערט נישט קיין פאַראַנטוואָרטלעכן פאַרטיי־טוער צו האָבן פּריוואַטע שמועסן מיט וועמען ער וויל. סיידן, ס'איז פאַראַן די געפאַר אָדער אַ חשד, אַז דער געגעבענער חבר וועט אונדזערע קעגנערס איבערגעבן אינפאָרמאַציעס וועגן די

אינערלעכע פאַרהעלטענישן אין אונדזער פּאַרטיי אָדער וועגן באַשלוסן און זאַכן, וואָס דאַרפן געהאַלטן ווערן בסוד".

אויפגענומען האָבן מיך דריי וויכטיקע קאָמוניסטישע פּאַרטיי־פירערס: גזשעך־קאָוואַלסקי, וועלכער איז בשעתו געווען אין לאַנד דער פּאַקטישער פּאָליטישער פירער פון דער קאָמ. פּאַרטיי, מאַרטשין (גזשעלשטשאַק), דער אַדמיניסטראַטיווער באַלעבאָס פון דער קאָמ. פּאַרטיי (אַ געוועזענער אַרבעטער) און זשאַרסקי, איינער פון די ערשטע, וועלכע האָבן פאַרלאָזן די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, פּ.פּ.ס., און אַריבער צו די קאָמוניסטן. זאַטאַרסקי האָט איבערזעצט מיין רעפעראַט פון ייִדיש אויף פּויליש. די רעאַקציע פון די פירערס פון דער קאָמ. פּאַרטיי איז פאַר מיר געווען אַ ביטערע פּיל, און געקומען צום אויסדרוק אין אַ לאַקאָנישן ענטפער פון גזשעך־קאָוואַלסקי, וועלכער האָט, אַגב, געקענט אַ גוטן ייִדיש און פאַרשטאַנען יעדעס וואָרט פון מיין רעדע: „גישטאָ וועגן וואָס צו רעדן. אַ נעאָ־רעפאָרמיסטישע קאָנצעפּציע אונטערגעבעט מיט אַ רעוואָלוציאָנערער פראַזעאָלאָגיע".

אַגב, עטלעכע חדשים שפּעטער האָט סיי די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון פּוילן און סיי די לינקע פראַקציע פון בונד פאַרנומען אַן ענלעכע שטעלונג, ווי די, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אין מיינע אָרגאַניזאַציאָנעלע אויספירן.

מיין לאַגע איז נישט געווען קיין פרייַלעכע. כ'האָב גוט געדענקט די ווערטער וואָס וואַסער האָט מיר געזאָגט נאָכן בונדישן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר אין קראָקע, פּסח 1920: „אויפן צוזאַמענפאָר האָט איר זיך געקענט דערלויבן צו שפּילן די ראָלע פון אַ סאַמאָסאַפּאַזשניק, אָבער אין דער טאָג־טעגלעכער אַרבעט וועט איר דאָס נישט קענען טאָן. איר וועט מוזן זיין מיט איינעם פון די צדדים, אין קעגנפאַל וועט איר צעריבן ווערן" — און כ'בין צוריק אַריין אין דער לינקער פראַקציע און אין דער אָנפירונג פון דער פראַקציע.

איצט איז די לאַגע אַן ערגערע. מיט די רעכטע און צענטריסטן וועל איך דאָך אין קיין פאַל נישט גיין. מיין פאַרנומענע שטעלונג קען דורך די לינקע באַטראַכט ווערן, ווי כ'וואָלט בשוגג צי במזיד, געשטעלט זיך אין דינסט פון די רעכטע. מיט דער לינקער פראַקציע קען איך איצט נישט גיין, סיידן, כ'זאָל באַגיין אַ פּאָליטישן כאַראַקירי איבער מיינע איינשטעלונגען, וואָס כ'וועל אין קיין שום פאַל נישט טאָן. שרייען „אַני שלמה", איך בין דער גערעכטער? אַזאַ דאָן־קיכאָט בין איך נאָך נישט. כ'האָב אַלעמען קעגן זיך. שאַפעריש־אַקטיוו אין די געגעבענע פאַרהעלטע־נישן וועל איך נישט קענען זיין — טאָ ווו איז דער אויסוועג?

געהאַט האָב איך דריי אויסוועגן: צוריקגיין אין פאַבריק; אַוועקפאָרן פון פּוילן קיין אויסלאַנד: קיין פּאַריז אָדער אַמעריקע; אַ באַזוך אין סאָוועטן־פאַרבאַנד.

צוריקגיין אין פאַבריק אַרבעטן, מיינט אין די געגעבענע אומשטענדן אָפּזאָגן זיך פון מיין פּאָזיציע ווי אַ פונקציאָנאַר פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד, פון

די מאַנדאַטן ווי מיטגליד פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט און ווי מיטגליד פון דער צענטראַלער און וואַרשעווער אָנפירונג פון דער לינקער פראַקציע אין בונד, וואָס וואָלט פּאַקטיש געמיינט פאַרוואַנדלט צו ווערן אין אַ פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן עובר־בטל.

אַוועקפאָרן פון פוילן קיין אויסלאַנד, קאָנקרעט צו אַ שוועסטער אין אַמעריקע, וואָלט געמיינט איבעררייסן מיטן פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין פוילן און מיטן בונד פון פוילן, וואָס איז מיר בשעתו געווען טייערער, ווי דאָס פּערזענלעכע לעבן, און ווער ווייסט, צי כ׳וואָלט זיך געקענט צופּאַסן אין די פרעמדע באַדינגונגען און זיין פּאָליטיש און געזעל־שאַפטלעך אַקטיוו.

דעם בעסטן אויסוועג האָב איך געזען אין אַ באַזוך אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, פאָרן אַהין אויף אַ געוויסע צייט. דאָס וואָלט אין די געגעבענע פאַרהעלטענישן געווען אַ כּשרער טאָפּ און אַ כּשרער לעפל. כ׳פאָר, הייסט עס, אויף אַ שטודיר־רייזע, אַ קוק טאָן ווי ס׳זעט אויס דער סאָוועטן־פאַרבאַנד נאָכן בירגערקריג און נאָך דער מלחמה מיט פוילן; קריגן ערשטקלאַסיקע אינפאָרמאַציעס וועגן דער סטראַטעגיע און טאַקטיק ביים צוגרייטן און דורכפירן די אָקטאָבער־רעוואָלוציע, פאַר וועלכע פּראָבלעמען שטייט איצט די סאָוועטן־מלוכה, וועגן דעם בונד און קאָמבונד אין סאָוועטן־פאַרבאַנד; דורכלופטערן מיט די אָרטיקע חברים מיין פאַר־נומענע שטעלונג לגבי די ענינים פון פוילן און פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבע־טער־באַוועגונג אין פוילן, און אויפן אָרט דעצידירן צי כ׳זאָל צוריקפאָרן קיין פוילן אָדער בלייבן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד און דאָרט ווערן אַקטיוו אין די ראַמען פון מיינע פעיִקייטן און מעגלעכקייטן. פאָרנדיק אויף אַ באַזוך אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, דאַרף איך זיך נישט אָפּזאָגן פון קיין שום אַמטן און מאַנדאַטן. ס׳איז אַ מין אורלויב, און אויב כ׳קום צוריק, קען איך ווידער פאַרנעמען די צייטווייליק פאַרלאָזטע אַמטן — און איך האָב באַשלאָסן צו פאָרן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד.

מיין באַשלוס און אויך די מאָטיוון פון מיין באַשלוס האָב איך מיטגעטיילט יוזעפן און די פירנדיקע חברים פון דער לינקער פראַקציע. און מערקווערדיק, ביידע צדדים אין דער פּאַרטיי זענען געווען קעגן מיין פאַרלאָזן פוילן אַפילו אויף אַ קורצער צייט. אין מערערע פּריוואַטע שמועסן האָבן יוזעף און וואַסער באַמיט זיך אויף מיר צו ווירקן כ׳זאָל ענדערן מיין באַשלוס, קאָמפּלימענטירט מיין אַרבעט ביים אויפבוי פון די פּראָווינצער בונדישע אָרגאַניזאַציעס, און אָפן מיר געזאָגט, אַז כ׳וועל אויספעלן אין דער פּאַרטיי־אַרבעט. זייערע באַמיִונגען האָבן קיין פּעולה נישט געהאַט. מיין ענטפער איז געווען אַ קאַטעגאָרישער: „כ׳פאָר״.

אַז מיין פּאַרטיי־געוויסן זאָל זיין ריין האָב איך יוזעפן געמאָלדן מיין רעזיגנאַציע ווי פונקציאָנאַר פונעם צענטראַל־קאָמיטעט. עטלעכע טעג שפּעטער האָט מיר יוזעף מיטגעטיילט, אַז דער צענטראַל־קאָמיטעט גיט נישט זיין צושטימונג, אָבער נעמט

צו קענטעניש מיין באַשלוס צו וויזיטירן רוסלאַנד און נעמט נישט אָן מיין רעזיג־נאַציע; דער פּאָסטן איז פאַר מיר אָפן אין פאַרלויף פון 6 חדשים.

אויף דער קאָנפערענץ פון דער וואַרשעווער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע בין איך געווען אַ טראַגיש־פּאַטעטישע פיגור. כ׳בין אַרויסגעטראָטן מיט מיין „אני מאמין״, און ווען כ׳האָב פאַרענדיקט, האָט קיין איין האַנט נישט אַפּלאָדירט. איך האָב צו זיך אַ מורמל געטאָן: „סיק טראַנזיט גלאָריאַ הערשעלוסו״, און געמאָלדן, אַז כ׳נעם אַראָפּ מיין קאַנדידאַטור צום קומענדיקן וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט. קעגן מיין פּאַרנומענער שטעלונג זענען אַרויסגעטראָטן רעדנערס פון ביידע פראַקציעס, אָבער סיי יוזעף און סיי וואַסער האָבן גערעדט פאַר דעם, אַז די קאָנפערענץ זאָל נישט נעמען צו קענטעניש דאָס צוריקציִען פון מיין קאַנדידאַטור און ווידער אויסוויילן מיך אינעם באַשטאַנד פון פּאַרטיי־קאָמיטעט. כ׳בין דערווײלט געוואָרן מיט אַ גרויסער צאָל שטימען.

כ׳האָב געמאַכט פיבערהאַפטע צוגרייטונגען צו מיין אָפּפאָר. מיין ווענדונג, אַז דער וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד זאָל אַסיגנירן אַ סומע געלט פאַר די הוצאות פון דער נסיעה, איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן מיטן מאָטיוו, אַז מען טאָר נישט שאַפן אַזאַ סאָרט פרעצעדענט, אָבער מען האָט מיר פאַרזיכערט, אַז ס׳וועט שוין געשאַפן ווערן די נייטיקע סומע.

מיטן וויסן פון די פּאַרטיי־אינסטאַנצן האָב איך זיך געווענדט צו זאַטאָרסקין, ער זאָל מיר באַזאָרגן אַ פאַרבינדונג מיט אַ גרענעצפּונקט און אַ קאָנטאַקט מיט זייערן אַ פאַרטרעטער אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. זאַטאָרסקי האָט עס דערליידיקט אויפן בעסטן אופן. דער גרענעצפּונקט האָט געדאַרפט זיין אָסטראָוו, וואָלינער געגנט. די קאָנ־טאַקטן זענען געווען אין מינסק, מיט די אָרטיקע חברים סלאַווינסקי און באָגוצקי.

די זיצונגען פונעם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד פלעגן פאָרקומען פרייטיק פאַר נאַכט אין קיכלאָקאַל אויף פּשעיאַזד נומער 9. די לעצטע זיצונג פאַר מיין אָפּפאָר איז פאָרגעקומען פרייטיק פאַר מיטאָג. כ׳האָב זיך געזעגנט מיט די חברים פונעם קאָמיטעט. די געזעגענונג איז געווען אַ האַרציקע. וואַרעם און אין אַ נאָסטאַלגישן טאָן האָט גערעדט יוסף באַסאַק, וועלכער איז געווען מיין קוואַטער ביים ווערן אַ מיטגליד פונעם וואַרשעווער בונדישן פּאַרטיי־קאָמיטעט אויף דער וואַרשעווער פּאַרטיי־באַראַטונג אין פעברואַר 1915, בעת דעם צאַרישן מיליטערישן רעזשים. יוזעפס רעדע איז דאָס מאָל געווען אַ באַזונדערס האַרציקע: „מיר צווייפלען נישט, אַז חבר הערשל מעטאַלאָוויעצס וויזיט אין רוסלאַנד וועט זיין אַ קורצער און בקרוב וועלן מיר אים ווידער זען אויף זיינע פּאַרטיי־פּאָסטנס״. אַפילו הערשל הימעלפאַרב, איינער פון די פאַרביסנסטע אַנטי־באָלשעוויקעס און מיין אַנטאַגאָניסט אויף דער זיצונג פונעם פּאַרטיי־קאָמיטעט, האָט געפונען פאַר זיין חברישן חוב צו זאָגן אַ פּאָר וואַרעמע געזעגענונג־ווערטער וועגן מיין טעטיקייט ווי אַ בונדיסט און פּאַרטיי־טוער.

נאָך דער זיצונג האָט מיר יוזעף פאַרגעלייגט באַגלייטן אים אויפן וועג צו זיין הוים. געגאַנגען זענען מיר אין דרייען, צוזאַמען מיט יוסף באָסאַק. דער אַלטער איז געגאַנגען שווייגנדיק. אויפן סוף פון דער רימאַרסקע־גאַס, אַנשטאָט צו גיין מיט דער גלייכער ליניע, מיט דער זשאַביע־גאַס, האָט יוזעף זיך פאַרנומען רעכטס אין דער עלעקטאָראַלנע, אָפּגעשטעלט זיך ביי אַ גרויס געשעפט פון מענער־קליידער, אַריין אין געשעפט און געהייסן יוספן און מיר מיטגיין נאָך אים. ער האָט געבעטן דעם פאַרקויפער צוצופאַסן פאַר מיר אַן אָנצוג און אַ וואַרעמען פאַלטן, און נאָכן אויסקלייב — באַצאָלט פאַר די קליידער. ביים געזעגענען זיך, האָט יוזעף מיר אָנגעזאָגט אַרויפצוקומען זונטיק אין דער פרי אין פאַרטיי־סעקרעטאַריאַט כדי צו כאַפּן אַ שמועס פאַרן אָפּפאָר.

גייענדיק מיט יוסף באָסאַקן אויפן וועג צו דער ייִדישער געגנט, האָב איך אים אַ פרעג געטאָן: „וואָס איז היינט מיטן אַלטן געשען? אַליין געגאַנגען קויפן מיר קליידער? פאַר וועמענס געלט? ווי קומסטו מיטצוגיין? דיין וועג אַהיים איז דאָך אַן אַנדערער״? יוספס ענטפער איז געווען אַ קורצער: „דער אַלטער האָט באַצאָלט מיט זיין אייגן געלט. נאָך פאַר דער זיצונג האָט ער מיך געהייסן מיטגיין מיט אים״.

כ׳בין שטיין געבליבן אַ געפּלעפּטער. כ׳האָב געקענט יוזעפן שוין לאַנגע יאָרן, געקענט זיין כאַראַקטער, זיין באַציִונג אַפילו צו די וויכטיקסטע מענטשן פון שטאַב און פון אַקטיוו. תּמיד איז ער געווען אַ רויִקער און אַ באַהערשטער. אינערלעך וואַרעם, אָבער אויסערלעך פאָרמעל, קאָרעקט און דיסטאַנטירט. מיט געלטער, פאַר־טייִשע און פּערזענלעכע — נישט צו פרייגיביק; אַ קאַרגער ליטוואַק. זעלטן ווען האָט מען פון אים געהערט אַ קאָמפּלימענט פאַר אָפּגעטוענער פאַרטיי־אַרבעט. און ווען ער האָט שוין יאָ באַוויליקט עמעצן צו קאָמפּלימענטירן, איז דאָס געווען אין געציילטע ווערטער און אויף אַ געצוימטן אופן. אמת, צו מיר האָט דער אַלטער געהאַט אַ געוויסע שוואַכקייט. כ׳בין געווען איינער פון זיינע דריי ליבלינגען: אַבע פלוג, הערשל הימעלפאַרב און איך. ווען ער פלעגט מיר איבערגעבן אַ שווערע פאַרטיי־אויפגאַבע, פלעגט ער פאַרענדיקן זיינע אינסטרוקציעס מיט די ווערטער: „כ׳ווייס, אַז איר וועט זיך אַן עצה טאָן מיט דער אויפגאַבע״, אָדער: „כ׳ווייס, אַז איר וועט אַלץ טאָן פאַר דער פאַרטיי״. די צענדליגער שמועסן אויפן וועג צו אונדזערע היימען זענען תּמיד געווען פון אַן אינטימען כאַראַקטער, ווי עס שמועסן אַ פאָטער און אַ זון, אָדער צווישן אַן עלטערן און אַ ייִנגערן ברודער. אָבער, אַז דער אַלטער אַליין זאָל גיין קויפן פאַר מיר טייערע רייזע־מתּנות און פאַר זיין אייגן געלט — האָב איך זיך נישט געריכט און זיך נישט געקענט פאָרשטעלן. אַ כוואַליע פון פרייד האָט אַ פלייץ געטאָן אין אַלע מיינע אֵברים און כ׳האָב נישט פאַרפעלט צו ברענגען מיין פרייד צום אויסדרוק פאַר מיין עלטערן חבר.

יוסף באָסאַק האָט מיר געקויפט אַ פיינע קאָלעקציע וועש: העמדער, אונטער־וועש, זאָקן, אַ וואַרעמען שאַל און אַ וואַרעם היטל. ער האָט מיך אַריינגעפירט אין

טאַפּאַזס שיכגעשעפּט אויף לעשנאַ־גאַס און געקויפט מיר אַ פּאָר גוטע שטיוול, און פאַרענדיקט מיט אַ פּריוויטיקדיקן מאַלצייט אין דער רעסטאָראַציע אויפן ראָג קאַרמעליצקע און נאַוואַליפּיע. אויף מיין פראַגע ווער ס׳האָט פינאַנצירט דעם איינ־קויף פון די שטיוול און די אַנדערע זאַכן, האָט יוסף באַסאַק געגעבן אַן אויסמיידנ־דיקן ענטפער. מיט אַ צייט שפּעטער בין איך געוואָר געוואָרן, אַז דאָס געלט איז געקומען פון די חברים, מיטגלידער פונעם וואַרשעווער בונדישן פּאַרטיי־קאָמיטעט, לינקע און רעכטע.

מיין נסיעה איז נישט געווען קיין סוד פאַרן בונדישן פּאַרטיי־ און פראָפפאַר־איינישן אַקטיוו. ביים באַגעגענען אַן אַקטיוויסט זענען די סקאַרבאָווע פראַגעס גע־ווען: „ווען פאָרט איר״? אָדער „ווען קומט איר צוריק״?

שבת פאַר מיטאָג האָב איך פאַרבראַכט אינעם יידישן מעטאַל־אַרבעטער־פאַראיין, באַזוכט די בונדישע פּאַרטיי־גרופּע און געזעגנט זיך מיט די פּאַרטיי־חברים און מיטן פאַראיין־אַקטיוו. דער לאַנגיאָריקער סעקרעטאַר פונעם פאַראיין, הענעך (הענעך פראַגער אָדער הענעך בראַנזאָווניק, ווי מ׳האָט אים גערופן), האָט מיר מיטגעטיילט, אַז די פאַראיין־פאַרוואַלטונג האָט אַסיגנירט אַ סומע צו דעקן די קאָסטן פון מיין נסיעה, אַזאַ מיטטיילונג האָב איך אויך געקריגן פון אַ מיטגליד פון דער פאַך־קאָמיסיע פון די מעטאַל־טאָקערס און גיסערס פון מעש — פונעם פאַך, אין וועלכן כ׳בין פריִער געווען באַשעפטיקט, און ווו ס׳איז געשטאַנען דאָס וויגעלע פון מיין פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכער קאַריערע.

אין אָוונט בין איך אַוועק אין דער וווינונג פון יוסף באַסאַק, ווו ס׳זענען פאַר־זאַמלט געווען אַ גרעסערע צאָל פּאַרטיי־חברים, אויך אַ צאָל רעכטע. פון דער אָנ־פירונג פון דער לינקער פראַקציע האָט געפעלט בלויז עמנואל נאָוואָגרודסקי, די פרוי זיינע, סאָניאַ טשעמעלינסקאַ, איז יאָ געווען אָנוועזנדיק.

ווען ס׳איז דערלאַנגט געוואָרן דער כּיבוד, האָט מאיר (חיים) וואַסער מיר דערלאַנגט אַ פּעקל מאַרקן, וואָס איז צו יענער צייט געווען די וואַלוטע אין פּוילן, אויף רייזע־הוצאות. בשעת דעם חברישן שמועס האָט וואַסער איבערגעגעבן צוויי אינפאָרמאַציעס, וואָס האָבן פאַר מיר געהאַט אַ גרויסן באַטייט: אין מינסק ווערט צונויפגערופן אַ קאָנפערענץ פונעם קאָמבונד אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. לויט דער דאַטע, וואָס וואַסער האָט אָנגעגעבן, איז געווען אַ מעגלעכקייט, אַז כ׳זאָל אָנקומען באַצייטנס צו דער קאָנפערענץ; דער צענטראַל־קאָמיטעט באַטראַכט דעם ענין פון שיקן אַ דעלעגאַט צו פאַרהאַנדלען מיטן קאָמינטערן. פון צווישן די שורות פון וואַסערס רייד האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דער שליח וועט זיין עמנואל נאָוואָגרודסקי.

אַ חבר האָט פאַרגעלייגט געבן מיר אַ מאַנדאַט צו רעפּרעזענטירן די לינקע פראַקציע אויף דער קאָנפערענץ אין מינסק. וואַסער האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן, אַז אויף דעם איצטיקן צוזאַמענקום זאָל מען באַהאַנדלען אַ פראַקציאָנעלן ענין. גייענדיק מיט וואַסערן אויפן וועג צו אונדזערע הײמען, האָבן איך אויפגעהויבן דעם

ענין. וואַסערס ענטפער איז געווען: „איר פאָרט אַ ליאַדע טאָג אָפּ, און קיין זיצונג פון דער פראַקציע־אָנפירונג איז נישט מעגלעך צונויפצורופן. פערזענלעך האָב איך נישט קעגן, אַז איר זאָלט זיך באַנוצן מיט אַזאַ מאַנדאַט. ווען איר וועט צוריקקומען קיין וואַרשע וועט מען אייך דערפאַר נאָך אַ מאָל נישט מלע זיין". אין די טעג פאַר מיין אָפּפאָר האָבן די מיטגלידער פון דער אָנפירונג פון דער לינקער פראַקציע: שׂרה שוועבער, יוסף באָסאַק, אַבע פלוג און אַ רייע לינקע אַקטיוויסטן געגעבן מיר דאָס רעכט צו באַנוצן זיך מיט אַזאַ מאַנדאַט.

זונטיק אין דער פרי בין איך אַרויף אין סעקרעטאַריאַט פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד זיך זען מיט יוזעפן פאַרן אָפּפאָר. בשעתן געזעגענונג־שמועס האָט יוזעף געבעטן איבערגעבן אַ פערזענלעכן גרוס אַ רייע לינקע און רעכטע בונדיסטן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד און דערלאַנגט מיר אַ פעקל באַנקנאָטן ווי אַ צוגאָב צו דער סומע, וואָס כ'האָב געקריגן פון מאיר (חיים) וואַסער. ער האָט מיר געגעבן אַ בריוול אין דער פוילישער שפּראַך צום געוועזענעם לערער נוישטאַט, וועלכער איז צו יענער צייט געווען דער פאָרשטייער פון „דזשוינט" אין ווילנער געגנט, און אינעם בריוול האָט ער געשריבן, אַז ער (יוזעף) רעקאָמענדירט נוישטאַטן אַ יונגן און אַ פעיִקן מיטאַרבעטער. דער אינהאַלט פונעם בריוו האָט געהאַט פאַר אַ ציל צו דינען ווי אַ שוצמיטל בעת די באַן־רעוויזיעס פון די פוילישע זשאַנדאַרמען און געהיים־אַגענטן און באַרעכטיקן מיין רייזע קיין ראָוונע, ווילנער געגנט. אַ בריוו, געשריבן אין דער רוסישער שפּראַך, מיט מיקראָסקאָפּישע אותיות אויפן דינסטן ביבעלע־פּאַפּיר האָט יוזעף איינגעראָלט אין אַ דינער ראָלקע, די גרעב פון אַ שפּילקע־קעפּל פון אַ דיקערער שפּילקע, אויפגעטרענט אַ שטיקל פונעם קאָלנער פון מיין נייעם מאַנטל, אַריינגעשטופּט דאָס דין־געראָלעטע בריוול אין דער ברייט פונעם קאָלנער און צוריק פאַרנייט, ווי ער וואָלט געווען אַ געניטער שניידער, מיט שפּייעכץ האָט ער פאַרשמירט דאָס אַריינגענייטע אָרט און מיטן הינטן פאַרפּרעסט דאָס צוגענייטע. זעענדיק מיין פאַרוווּנדערטן בליק, האָט יוזעף שמייכלענדיק אַ זאָג געטאָן: „דאָס איז איינע פון מיינע קאָנספּיראַטיווע טורמע־דערפאַרונגען".

יוזעף האָט מיר אויך פאַרשלייערט אַ מיטפאָרער אין וועג פון וואַרשע ביז מינסק. געווען איז דאָס אַ יונגער חבר, אַ גאַרבער־אַרבעטער פון פאַך, פון שטעטל גריצע (גרויִעץ), אַ פאַראורטיילטער צום טויט הינטער די אויגן פאַר זיין אָנטייל און פאַר זיינע טעטיקייטן אין די שוצאָרגאַנען פון רעוואָקאָם בעת די רויטע אַרמיי האָט געהאַט פאַרנומען זיין שטעטל, אַ 40 קילאָמעטער הינטער וואַרשע. דער צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד האָט נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה, ווי העלפן דעם חבר אַריבערגיין די סאָוועטישע גרענעץ. געבנדיק מיר דעם אַדרעס ווו צו באַגעגענען מיין קאָמפּאַניאָן, האָט יוזעף געהאַלטן פאַר נייטיק מיר צו זאָגן: „חבר הערשל, געדענקט, אַז אויף דעם חברס האַלדז הענגט די פּעטליע פון דער תּליה און איר דאַרפט טאָן אַלץ וואָס איז מעגלעך, אַז דער חבר זאָל בשלום אַריבער די גרענעץ".

אויף מיין פראַגע פאַר וואָס האָט דער צ.ק. זיך נישט געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט די מענטשן פון דער קאָמ. פאַרטיי זיי זאָלן דעם בונדישן חבר אַריבערפעקלען די גרענעץ, האָט יוזעף אַ הייב געטאָן מיט די אַקסלען, ווי איינער זאָגט: וואָס איז דאָ איצט וועגן דעם צו רעדן.

דער אומדערוואַרטער קאָמפּאַניאָן איז מיר נישט געווען צום האַרצן, אָבער קיין ברירה האָב איך נישט געהאַט. כ'האָב דאָך נישט געקענט זאָגן, אַז כ'וויל נישט נעמען אויף זיך אַזאַ קלאַפּאָט און אַזאַ ריזיקע ווען ס'האָט זיך געהאַנדלט אינעם לעבן פון אַ חבר.

געזעגנט זיך מיט יוזעפן, מיט וויקטאָר שולמאַנען און מיט אַנדערע רעדאַקציע־ און אַדמיניסטראַציע־מיטאַרבעטער — האָב איך פאַרלאָזט דעם רעדאַקציע־לאָקאַל פון דער בונדישער טאָגצייטונג און פונעם סעקרעטאַריאַט פון צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד מיט אַ נאָגנדיק געפיל פון בענקשאַפט: וועל איך נאָך אַ מאָל ווידער שפּרייזן אין די צימערן פון דעם דאָזיקן לאָקאַל? וועל איך מיט די מיר נאָענטע מענטשן זיך ווידער אַ מאָל באַגעגענען? מיט האַסטיקע טריט בין איך אַראָפּ פון די שטיגן און געלאָזט זיך איבער די וואַרשעווער גאַסן דערליידיקן די רייזע־צוגרייטונגען.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער, אין דער באַגלייטונג פון צום טויט־פאַרמישפּטן גריצער חבר, האָב איך פאַרלאָזט וואַרשע צו מאַכן מיין ערשטן באַזוך אין דעם לאַנד פון די סאָוועטן.

## די נסיעה

אַ חושכדיקער ווינטערטאָג. אַ געדיכטער נאַסער שניי פאַלט און פאַלט. אַ קאַלטער שניידיקער ווינט בלאָזט פון דער ווייסלזייט, דרינגט דורך די קליידער און שטעכט, ווי מיט נאָדלען, יעדן אבר, און גריזשעט זיך אין אין די ביינער.

די צוגרייטונגען צו דער נסיעה אין סאָוועטן־פאַרבאַנד זענען אַדורך. כ'האָב זיך שוין אָפּגעזעגנט מיט די חברים און מיט דער משפּחה, איבערגעלאָזט דער מאַמען אַ היפּשע סומע פון די געלטער, וואָס כ'האָב דערהאַלטן אויף הוצאות און ס'איז מיר נאָך געבליבן גענוג, אַפילו ווען כ'זאָל דאַרפן באַצאָלן פאַר מיר און פאַר מיין קאָמפּאַניאָן פאַרן שוואַרצן די גרענעץ. קיין חברישע נשמות, אַפילו פון די רעכטע און צענטריסטן, מיט וועמען מען הרגעט זיך אַרום טאָג־איין, טאָג־אויס זינט כ'בין צוריקגעקומען פון דייטשלאַנד, זומער 1918 — קען מען נישט אָפּשאַצן. די חברישע פינאַנציעלע הילף איז פילפאַכיק גרעסער ווי כ'האָב דערוואַרט.

סאָניאַ טשעמעלינסקאַ האָט ערגעץ באַקומען אַ גוטן רוקזאַק און זיך פאַרנומען

מיטן פאַרפּאַקן די זאַכן און מיטן צוגרייטן צידה־לדרך פאַר מיר און פאַר מיין קאַמפּאַניאָן, וועמענס אַפּיעקון זי איז געווען זינט ער האָט זיך באַהאַלטן אין וואַרשע.

ס׳איז געבליבן נאָך צו דערלידיקן אַ באַגעגעניש מיט מיין לאַנגיאָריקן פריינד און פּאַרטייִשן קעגנער, דעם פירער פונעם ייִדישן סעקטאָר פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פּוילן, הענריק (סטאַך) זאַטאַרסקי. זאַטאַרסקי דאַרף מיר געבן די לעצטע אָנווייזונגען, פּאַראָלן און מאַלינעס, אין ראָוונע און אין דעם גרענעצשטעטל אָסטראָוו, און די באַן־בילעטן קיין ראָוונע, פאַר מיר און פאַרן גריצער חבר.

די צייט פון דער באַגעגעניש איז 4 נאָך מיטאָג. דער טרעפפּונקט, אָדער ווי די קאָמוניסטן רופן עס „פּאַדפּונקט", איז דער דורכגאַנג־הויף פון נאַלעווקעס 15 און דזשיקע 12. כ׳בין פּאַרשפּעטיקט אויף עטלעכע מינוט און קריג אַ ברוך־הבא, אַז אַ קאָזאַק וואָלט רויט געוואָרן. סטאַך איז אין דער באַגלייטונג פון אַ פּוילישן חבר. ער זאָגט מיר, וואָס ער האָט מיר צו זאָגן, גיט מיר די באַנבילעטן, אינסטרוירט, כ׳זאָל זיך מיט מיין חבר געפינען אין אַ געוויסער זייט פון וואָקזאַל, און לאָזט מיר וויסן, אַז עטלעכע מינוט פאַרן עפענען די טירן אַרויסצולאָזן די פּאַסאַזשירן צום צוג וועלן צו אונדז צוקומען צוויי באַנטרעגערס, צונעמען דאָס געפּעק, אַרויספירן דורך אַ זייטיקער טיר און איינאָרדענען אין אַ וואַגאָן־קופּע. מ׳דאַרף גאָרנישט באַצאָלן, אַלץ איז אַראַנזשירט. דער פּוילישער חבר וועט אַלץ באַזאָרגן.

דאָס קריגן די באַנבילעטן און דאָס באַזאָרגן אַ פּלאַץ אין אַ וואַגאָן־קופּע איז פון גרויס וויכטיקייט. מענטשן שטייען אָפּ טעג און נעכט אין דער רייע איידער זיי קריגן אַ באַנבילעט. די אויפקויפערס און די מאַכערס הייסן זיך פאַר אַ באַנבילעט באַצאָלן אין טאָג אַריין. דאָס דערשלאָגן זיך אין אַ צוג איז פאַרבונדן מיט סכנות־נפשות און מ׳איז קיין מאָל נישט זיכער, צי מ׳וועט אַריין אין אַ באַנוואַגאָן, און אַז מ׳דערשלאָגט זיך שוין אין אַ וואַגאָן, זענען די שויבן פון די מיינסטע וואַגאָנען אויסגעהאַקט, און דאָס פאָרן מיט דער שנעלקייט פון אַ צוג אין אַ וואַגאָן מיט אויסגעהאַקטע שויבן איז שוין איין מאָל אַ פאַרגעניגן.

דער וואָקזאַל איז אָנגעפּראַפּט מיט מענטשן ווי הערינג אין אַ פּאַס. מיט מי דערשלאָגן מיר זיך אין יענער זייט וואָקזאַל, ווי ס׳איז אָפּגעמאַכט געוואָרן מיט זאַטאַרסקין. עס יאָוועט זיך דער פּוילישער חבר און מיט אַ זשמורע פון אַן אויג פרעגט ער ווו ס׳געפינט זיך מיין קאָמפּאַניאָן. פון מיינס אַ בליק ווייסט ער ווו מיין חבר געפינט זיך. אַלץ גייט ווי ס׳איז אָפּגערעדט.

צוזאַמען געפינען זיך אין קופּע אַ 10 פּאַסאַזשירן. דער קאָנדוקטאָר פאַרשליסט די טיר און הענגט אויף אַ צעטל: רעזערווירט. פון די אָפּגעהאַקטע ווערטער, וואָס דערגייען צו מיר, איז נישט שווער צו פאַרשטיין, אַז מיינע רייזע־קאָלעגן געהערן צו דער סמעטענע פון דער חברותא שמוגלערס. זייערע פּעק מיט סחורות זאָגן עדות, אַז זיי ווערן געפירט נישט בלויז פאַרן וואַלינער מאַרק, נאָר אויך ווייט איבער דער פּוילישער גרענעץ.

איינער פון די פּאַסאַזשירן שפּילט די ראָלע פון אַ „דעלעגאַט״. ער אינפאָרמירט וויפל יעדער איינער דאַרף געבן און נעמט צונויף די געלטער. אַ שטרעקע נאָך וואַרשע קומט אַריין דער קאָנדוקטאָר און שטעמפּלט די בילעטן. דער „דעלעגאַט״ חורשט אָפּ דעם קאָנדוקטאָר. אַ זשאַנדאַר פרעגט אויף פּערזענלעכע דאָקומענטן. מ׳ווייסט, אַז מ׳דאַרף זיך נישט איילן מיטן ווייזן די דאָקומענטן. דער „דעלעגאַט״ זאָגט דעם זשאַנדאַר: אַלץ איז אין אָרדענונג. דער זשאַנדאַר פאַרלאָזט די קופּע און דער קאָנדוקטאָר פאַרשליסט ווידער די טיר פון קופּע. אַזעלכעס חזרט זיך איבער עטלעכע מאָל דורך די לאַנגע שעהען פון דער רייזע. די רייזע קיין ראַוונע איז אַדורך בשלום אָן וועלכע ס׳איז שוועריקייטן.

אין ראַוונע זענען מיר פאַרפאָרן אויף זאַטאַרסקיס רעקאָמענדירטן אַדרעס: אַ קליינע יידישע אַכסניא אין אַ זייטיק געסל. איך גיב דעם אייגנטימער פון דער אַכסניא דעם פיקטיוון נאָמען פונעם סוחר, וואָס האָט מיר אין וואַרשע רעקאָמענדירט זיין „האָטעל״. ס׳פאַלט אַ קורצע פראַגע: „ווי לאַנג רעכנט איר צו שטיין? מער ווי צוויי טעג קענט איר נישט פאַרבלייבן אומגעמאָלדן״. כ׳פרעג אויף אַ באַקאַנטן שטאָטישן דענטיסט. ס׳טוען מיר ווי די ציין און אויף דער באַן האָט מיר אַ ראַוונער סוחר רעקאָמענדירט דעם דענטיסט. דער האָטעלשטשיק גיט אַ מרוטשע דורך די ציין: „אַהאַ, פון גאָטס מדינה״. ער גיט מיר דעם אַדרעס און ווייזט ווו די גאַס געפינט זיך.

צום ערשטן מאָל הער איך די ווערטער „גאָטס מדינה״. מיטן דאָזיקן נאָמען ווערט די סאָוועטישע מדינה באַצייכנט אין וואָלינער גרענעץ־געביט. כ׳וועל זיך מיטן דאָזיקן נאָמען אָפט באַגעגענען.

דער דענטיסט איז דער „קאָנטאַקטמענטש״, וואָס דאַרף באַזאָרגן דאָס פאָרן קיין אָסטראָוו און דאָס אַריבערגיין די גרענעץ. דאָס געשפּרעך צווישן דעם דענטיסט און מיר קומט פאָר אין אַ מין עזאָפּ־שפּראַך. ווען אַ זייטיקער וואָלט זיך צוגעהערט צום געשפּרעך, וואָלט ער געמיינט אַז ס׳רעדן צוויי משוגעים אין אַ משוגעים־הויז:

„פּאַניע דענטיסט — זאָג איך צום קאָנטאַקטמענטש — דער דאָקטער איקס — איך רוף אָן אַ נאָמען פון אַ וואַרשעווער דאָקטער, וואָס דאַרף דינען ווי אַ פּאַראָל־ציכן — האָט מיר רעקאָמענדירט און געגעבן אייער אַדרעס, איר זאָלט מיר אַרויס־נעמען די קראַנקע ציין״. „וויפל״? — פאַלט אַ פראַגע אין אַ שאַרפן טאָן. „צוויי״ — ענטפער איך. „וואָרשׂ! (זאָגסט ליגנט), אייער דאָקטער האָט געהייסן אַרויסנעמען בלויז איין צאָן, פון דער רעכטער זייט, וואָס זשע דרייט איר אַ קאַפּעליוש מיט צוויי ציין? אויב איר ווילט נישט אַרויסנעמען מער ווי איין צאָן נעמט אַרויס דעם צאָן פון דער לינקער זייט. דעם צאָן פון דער רעכטער זייט וועל איך נישט לאָזן אַרויס־נעמען ביז וואַנען דער לינקער צאָן וועט נישט ווערן דערליידיקט״.

דאָס געשפּרעך איז געווען אַ היציקס. נאָך לאַנגע אַמפּעריירען, סטראַשענדיק

אים, אַז איך וועל אים האַלטן פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר נישט דערליידיקן דאָס אַריבער־גיין די גרענעץ פֿון מיין גריצער חבר, האָט ער ענדלעך מסכּים געווען „אַרויסצורייסן אויף איין מאָל ביידע ציין".

אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיטן קאָנטאַקטמענטש, בין איך אַוועק צו נוישטאַטן, דעם פֿאַרשטייער פֿון דער אַמעריקאַנער הילף־אָרגאַניזאַציע אונטערן נאָמען „דזשוינט" און געגעבן אים יוזעפּס רעקאָמענדאַציע־בריוו.

נוישטאַט, אַ קורצזוויקסיקער, אַ זשוואַווער און אַ זייער קלוגער מענטש, אַן אַלטער בונדיסט, האָט מיך אויפֿגענומען זייער פֿריינדלעך. ער האָט מיך געקענט זינט 1915 און געוווּסט מיין פּאַרטיי־יחוס. איבערלייענענדיק יוזעפּס בריוו האָט נוישטאַט אַ צעשמייכלטער צו מיר אַ זאָג געטאָן: „דער זעלבער נח מיט די ביינער". (נח, איז געווען יוזעפּס פּאַרטיי־נאָמען פֿאַר און אין די יאָרן פֿון דער רעוואָלוציע פֿון 1905). נאָך אַ קורצן אויסטויש פֿון ווערטער פֿון אַן אַלגעמיינעם כאַראַקטער, האָט נוישטאַט מיך געפֿרעגט וועגן די סיבות און מאָטיוון פֿון אונדזער, מיינעם און דעם גריצער חברס, פֿאָרן אין „גאָטס מדינה". כ׳האָב דאָך נישט געקענט רעדן וועגן דער ספּעציפֿישער לאַגע, אין וועלכער כ׳האָב זיך געפֿונען אין בונד, און דער־ציילט, היפּשלעך קאָלאָריזירט, אַז איך פֿאָר צו דער קאָמבונדישער קאָנפֿערענץ אין מינסק, און דעם פּולן אמת וועגן דער סיבה פֿונעם פֿאָרן פֿון מיין קאָמפּאַניאָן.

אויף נוישטאַטס פֿראַגע ווו מיר שטייען איין, האָב איך אים געגעבן דעם אַדרעס פֿון דער אַכסניה. „דאָרט איז פֿאַר אייך נישט קיין אָרט — האָט נוישטאַט באַמערקט — און אין דעם הולך — אָנווייזנדיק אויף מיין גאַלאַנטן פּאַלטן — קענט איר פֿאַראַ־דירן אויף דער מאַרשאַלקאָווסקע אין וואַרשע און נישט אויפֿן וועג קיין אָסטראָוו און ביים איבערגיין די גרענעץ". נוישטאַט איז מיט מיר אַוועק אין אַ קראָם, געקויפֿט מיר אַ וואַרעמע קורטקע און אונדז, מיך און מיין קאָמפּאַניאָן, לאָקירט אין אַ פּריוואַטער וווינונג.

די וווינונג איז געווען אויך ביי אַ דענטיסט, אַ גאָר רעכטער מענשעוויק און אַן ס.ס.אָוויעץ, אָדער „פּאַראַיניקטער", ווי די ס.ס. האָט זיך בשעתו גערופֿן.

אין ראָוונע האָב איך פֿאַרבראַכט דריי טעג. דאָס זענען געווען דריי גוט־פֿאַרבראַכטע טעג. דער גאַסטגעבער איז געווען אַ זייער אינטעליגענטער מענטש און די שמועסן מיט אים וועגן כּלערליי ענינים, פּאָליטישע און ייִדישע קולטור־ליטעראַרישע, זענען געווען ביז גאָר אינטערעסאַנט. אינפֿאָרמאַטיוו־אינטערעסאַנט זענען געווען דעם גאַסטגעבערס ידיעות וועגן דעם לעבן און די פֿאַרהעלטענישן אין די שטעטלעך פֿון די גרענעץ־געביטן, פֿון דער ראָלע, וואָס דער „דזשוינט" שפּילט אינעם ווירטשאַפֿטלעכן און קולטור־געזעלשאַפֿטלעכן לעבן פֿון די ייִדישע גרענעץ־ישובים. באַזונדערס אינטערעסאַנט זענען געווען זיינע דערציילונגען וועגן ריזיקן שמוגל אין מענטשן און אין סחורות, וואָס גייט אָן פֿון און קיין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, וועגן די קאָלאָסאַלע געלטער, וואָס ווערן פֿאַרוועַנדעט אויף פּדיון־שבויים — צו

באַפרייען די מענטשן, וואָס ווערן אַרעסטירט ביים אַריבערגיין די גרענעץ פון סאָוועטן־פאַרבאַנד קיין פוילן.

נוישטאַט האָט מיך אַרומגעפירט וויזנדיק די מערקווערדיקייטן פון דער אַלטער וואַלינער שטאָט ראָוונע, באַקאַנט מיך מיט איר היסטאָריאָגראַפיע און מיט דער ווירקלעכקייט. פאַרן אָפּפאָר האָט ער מיר געגעבן אַ באַדייטנדיקע סומע אין מאַרקן און אין סאָוועטישער וואַלוטע, קערענסקעס און רובלס. „אין אייער פאַל קען דאָס אייך אַ מאָל צו נוץ קומען" — האָט נוישטאַט חבריש צו מיר געזאָגט, און מיר האָבן זיך האַרציק געזעגנט.

אין אַ פרימאָרגן האָט אַ בעל־עגלה אונדז געפירט קיין אָסטראָוו. דער אויסרייד פאַר אונדזער פאָרן קיין אָסטראָוו, אין פאַל אויב מיר וועלן פאַרהאַלטן ווערן דורך דער פוילישער פּאָליציי אָדער זשאַנדאַרמעריע, איז געווען, אַז מיר פאָרן באַגעגענען קרובים, וואָס זענען, אָדער דאַרפן אַריבערקומען פון דער אַנדערער זייט. דער וועג איז אַדורך בשלום. אין אָסטראָוו זענען מיר איינגעקוואַרטירט געוואָרן אין אַ געמיינ־זאַמער מאַלינע.

אין וואַרשע האָט מיר זאַטאַרסקי געגעבן אַ נאָמען און אַ פּאַראָל צו אַן אָסטראָ־ווער איינוווינער. כ'האָב געבעטן דעם פורמאַן, ער זאָל מיך שטעלן אין פאַרבינדונג מיט דער געגעבענער פּערזאָן, ווײַל כ'וועל צוליב פּאַרשיידענע סיבות געבן דעם פיקטיוון נאָמען, לאַנצמאַן. „אַזש מיט אים! — האָט דער בעל־עגלה אַ פייף געטאָן — „איר מוזט זיין דער אמתער ,מוילעכער'". (שמוגלער, אָדער קויפער פון געשמוגלטע סחורות) און אין אַ קורצער צייט שפּעטער איז אין דער מאַלינע אַריינגעקומען אַ ייִד פון אַ יאָר 40, פריציש געקליידט פאַר די אָסטראָווער פאַרהעלטענישן, אַ פּראַקט־פולער מאַנפאַרשוין, מיט אַן אופן פון רעדן, ווי פון אַ הויך אינטעליגענטן מענטש.

כ'האָב דעם אָסטראָווער קאָנטאַקטמענטש געזאָגט דעם פּאַראָל און ס'האָט זיך איבערגעחזרט די געשיכטע מיטן ראָוונער דענטיסט. דער אָסטראָווער האָט מיר דערקלערט, אַז ער האָט אַן אָנווייזונג נאָר וועגן מיר. איך האָב אים פאַרגעלייגט יעדע סומע, אָבי אַריבערצופירן מיין קאָמפּאַניאָן איבער דער גרענעץ צוזאַמען מיט מיר. „ס'האַנדלט זיך נישט אין געלט" — איז געווען דער ענטפער פונעם אָסטראָווער קאָנטאַקטמענטש. לאַנג און שווער איז געווען דער שמועס און אַן רעזולטאַט. כ'בין געצוווּנגען געווען צו דערציילן דעם אמת וועגן דעם צושטאַנד, אין וועלכן מיין קאָמפּאַניאָן געפינט זיך און אַפּעלירן צו זיין ייִדיש געוויסן. ערשט נאָך אַ לענגערער קווענקלעניש האָט ער לסוף מסכים געווען אויך דעם חבר מיינעם אַריבערצופירן איבער דער גרענעץ.

מיט עטלעכע יאָר שפּעטער האָט מיר מיינע אַ פריינדין, די לערערין צינאַ רובינס פון סעמיאַטיטש, דערציילט, אַז איר ערשטער לערער־פּאָסטן נאָכן פאַרענ־דיקן דעם ערשטן אַרויסלאָז פונעם ייִדישן לערער־סעמינאַר אין וואַרשע, זומער — האַרבסט 1921, איז געווען אָסטראָוו. פון איר האָב איך זיך דערוווּסט אַט וואָס:

לאַנצמאַן, מיין אַמאָליקער קאָנטאַקטמענטש, איז געווען דער גרעסטער סוחר פונעם שטעטל, האָט פאַרמאָגט אַ ברויטמיל, אַ האָלצטאַרטאַק, געפירט וואַלד־געשעפטן און אַנדערע מיסחרים. ער איז פאַררעכנט געווען פאַרן קייסער פון די גרענעץ־שמוגלערס און געהאַט אין קעשענע די אָרטיקע פּאָליציי, די זשאַנדאַר־מעריע און דאָס גרענעץ־מיליטער.

לאַנצמאַן איז אויך געווען דער וויכטיקסטער געזעלשאַפטלעכער טוער אינעם שטעטל, האָט אויסגעהאַלטן כמעט אויף זיין חשבון די ייִדישע פאָלקסשולע און די אַנדערע קולטור־אינסטיטוציעס און פאַררעכנט געווען פאַר איינעם פון די וויכ־טיקסטע געזעלשאַפטלעכע טוערס אין וואָלינער געגנט.

אין 1922 איז לאַנצמאַן אַרעסטירט געוואָרן דורך דער פּוילישער געהיים־פּאָליציי (דעפענסיווע) און באַשולדיקט געוואָרן ווי דער פירער פון אַ פאַרצווייגטן שפּיאָנאַזש־אַפּאַראַט לטובת דער סאָוועטישער מלוכה, אַז די געלטער פאַר זיינע געשעפטן קומען פון סאָוועטישן שפּיאָנאַזשדינסט. ער איז פאַרמישפּט געוואָרן אויף 8 יאָר שווערער תּפיסה און דער גרעסטער טייל פון זיין פאַרמעגן איז קאָנפיסקירט געוואָרן. צי די באַשולדיקונג איז געווען אַ ריכטיקע אָדער אַ פּראָוואָצירטע, אין די אינטערעסן פון דער דעפענסיווע — האָט די דערציילערין נאַטירלעך נישט געוווּסט.

אין 1928 האָב איך צום דריטן מאָל באַזוכט דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד. איין מאָל בין איך מיטן סעקרעטאַר פון דער פּוילישער סעקציע ביים קאָמוניסטישן אינטער־נאַציאָנאַל, לעאָן פּורמאַן, אַוועק דערליידיקן אַן ענין אין אַן אָפּטייל פון קאָמינטערן, וווּ די מיטאַרבעטער שרייבן נישט קיין תּפילין, נאָר אַנדערע קמיעות פאַר די קאָמו־ניסטישע און פּראָקאָמוניסטישע אונטערערדישע טוערס אין די לענדער פון גאָר דער וועלט.

לעאָן פּורמאַן האָט דעם ענין און מיינע פאָטאָגראַפיעס דערלידיקט מיטן געהילף־פאַרוואַלטער פונעם געגעבענעם אָפּטייל. דער מענטש איז מיר געווען אין גאַנצן אומבאַקאַנט: אַ גרוילעכער, אַן איינגעהויקערטער, האָט ער אויף מיר געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ זקן. ווען ער האָט די פאָטאָגראַפיעס פאַרגליכן מיט מיין פּערזאָן, האָט ער מיך שאַרף אָנגעקוקט און צו מיר אַ זאָג געטאָן: „איר זענט אין 1921 געווען אין אָסטראָוו מיט נאָך אַ יונגן חבר, אַרעסטירט געוואָרן אויף דער גרענעץ, באַפרייט און אַריבערגעפירט געוואָרן אויף דער סאָוועטישער זייט". כ'האָב אַ קוק געטאָן אויף פּורמאַנען מיט אַ פראַגע צי כ'זאָל יאָ אָדער נישט ענטפערן. פּורמאַן האָט געגעבן זיין הסכּמה צו פאַרפירן אַ שמועס.

אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז דער געהילף־פאַרוואַלטער פונעם אָפּטייל פון אויסער־געוויינלעכער וויכטיקייט ביים קאָמינטערן איז מיין אַמאָליקער קאָנטאַקטמענטש פון אָסטראָוו, וועמענס מי און געלט עס האָבן דערפירט צו מיין באַפרייונג נאָכן אַרעסט ביים אַריבערגיין די פּוילישע גרענעץ בעת מיין ערשטן באַזוך אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. פונעם שמועס בין איך געוואָר געוואָרן, אַז אין 1925—1926 איז ער אויס־

געטוישט געוואָרן אויף אַ פּוילישן גלח און זיינט זיין באַפרייונג געפינט ער זיך אין דינסט פון די סאָוועטישע און קאָמינטערנישע אָרגאַנען פאַר ספּעציעלער וויכ־טיקייט.

כ׳האָב מיין אַמאָליקן רעטער פאַרבעטן אויף אַ מאָלצייט אין איינעם פון די דעמאָלט עקסיסטירנדיקע יידישע רעסטאָראַנען אויפן אַרבאַט. ער האָט מיר דער־ציילט פאַרשיידענע זאַכן, וואָס אַ מענטש פון זיין אַרבעט־געביט קען און מעג דער־ציילן. מער האָב איך זיך מיט דעם דאָזיקן מענטשן נישט באַגעגנט.

צו מאָרגנס פאַר טאָג נאָך מיין אָנקומען קיין אָסטראָוו זענען מיר, איך און מיין גריצער חבר, אין דער באַגלייטונג פון אַן אוקראַאינער אָוועק צו דער גרענעץ, וואָס האָט זיך געפונען האַרט ביים שטעטל. דער גרענעצפּונקט איז געווען אַ בריקל איבער אַ שמאָל וואַסער. ס׳איז מיר פאַרזיכערט געוואָרן, אַז אַלץ איז אין בעסטן אָרדענונג. נאָענט צום בריקל זענען, ווי פון אונטער דער ערד, אַרויסגעשפּרונגען עטלעכע מחבלים פון דער גרענעצוואַך און אונדז אַרומגערינגלט. דער אוקראַאינער האָט געלאָזט שטיין מיין קאָמפּאַניאָנס וואַליזע און איז נעלם געוואָרן. מיר זענען פאַרהאַלטן געוואָרן און אָפּגעפירט געוואָרן אין דעם נאָענטסטן „פּאָסטערונעק״.

אויפן פּאָסטערונעק זענען מיר רעווידירט געוואָרן. מען האָט צוגענומען פון אונדז אַלץ, וואָס ס׳האָט זיך געפונען אין אונדזערע טאַשן און די זייגערס, און פאַר־האַלטן דעם באַגאַזש. זיי האָבן אויך לייכט אונטערזוכט דעם מאַנטל מיינעם, וואָס כ׳האָב געטראָגן אויף דער האַנט, און אַריינגעשטופּט אונדז אין אַ קליינער איזאָ־לאַטקע. אין דער איזאָלאַטקע האָב איך מיט די ציין (צו יענער צייט האָט מען נאָך געהאַט יונגע געזונטע ציין) אויפגעטרענט די ערטער, אין וועלכע ס׳זענען פאַרנייט געווען די דאָקומענטן, יוזעפס בריוו צו וויינשטיינען און זאַטאָרסקיס אַ בריוול צו סלאָווינסקי און באָגוצקי — און זיי פאַרניכט.

כ׳האָב זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון פון דער לאַגע, אין וועלכער מיר געפינען זיך. אויף די גרענעץ־געביטן האָט נאָך געהערשט קריגסצושטאַנד. דאָס לאָקירן אונדז אין אַן איזאָלאַטקע און נישט צוזאַמען מיט אַנדערע אַרעסטירטע, האָט קיין גוטס נישט אָנגעזאָגט. כ׳האָב געטראַכט וועגן מיין פאַרטיידיקונג און כ׳בין געקומען צום אויספיר, אַז דער איינציקער תירוץ פאַר מיין וועלן שמוגלען די גרענעץ איז, אַז פון קיִעוו האָב איך געוואָלט ברענגען שמוקזאַכן, גאָלד און בריליאַנטן פון די פאַמיליע־מיטגלידער, וועלכע געפינען זיך נאָך דאָרטן. אויף וויפל דאָס וועט מיר העלפן — האָב איך נישט געוואָלט קלערן. מיין מוח האָט פיבערדיק געזוכט אַ וועג, ווי אַזוי צו לאָזן וויסן מיין אָסטראָווער קאָנטאַקטמענטש וועגן אונדזער אַרעסט, און געלייגט האָפענונגען אויפן אוקראַאינער, וואָס האָט אונדז געפירט צו דער גרענעץ, אַז ער וועט צו וויסן טאָן דעם יעניקן, וואָס האָט אים אַנגאַזשירט דורכצופירן אונדז איבער דער גרענעץ.

ערגער פון מיין לאַגע איז געווען די לאַגע פון מיין קאָמפּאַניאָן. ער איז געזעסן

און געהאַלטן זיין קאָפּ צווישן די פיס און געוויינט. כ׳האָב גוט געוווּסט, אַז די פּעטליע פון דער תּליה אויף זיין האַלדז איז פאַרצויגן, און ס׳פעלט נישט מער נאָר אַז דער תּליון זאָל אָפּרוקן דאָס בענקל פון אונטער זיינע פיס — און זיין יונג לעבן איז פאַרענדיקט. וויפל כ׳האָב זיך באַמיט ער זאָל זיך באַרויקן, מיר זאָלן זוכן אַ תּירוץ פאַר זיין וועלן אַריבערגיין די גרענעץ, האָט דאָס נישט געהאַט קיין פּעולה. ער האָט נישט אויפגעהערט צו העשען, צו שלאָגן זיך מיט די הענט אין קאָפּ. אין מיין הילפ־לאָזיקייט האָב איך זיך אַוועקגעזעצט אויף דער הילצערנער פּאָדלאָגע, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ מיט די פּלייצעס אין דער וואַנט און איינגעדרימלט.

אַ סקריפּ פונעם פאַרזשאַווערטן שלאָס האָט מיך וואַך געמאַכט. אַ זעלנער פון דער גרענעצוואַך האָט געעפנט די טיר און אַ מיטלוווקסיק געפּאַקט יידל איז אַריין אין דער איזאָלאַטקע. ער האָט צוריקגעקריגן די פּאַפּירלעך, וואָס האָבן געדינט ווי פּערזענלעכע דאָקומענטן, די שלייקעס פון די הויזן, וואָס זענען בשעת דער רעוויזיע צוגענומען געוואָרן, און דאָס יידל האָט אונדז געהייסן אויף שנעל צו רעכט מאַכן די קליידער און גיין מיט אים.

מיין קאַמפּאַניאָן איז מיט אַ מאָל געוואָרן דרייסט און בראַוו. ער האָט פאַרלאַנגט, מ׳זאָל אים צוריקגעבן די צוגענומענע זאַכן: דעם זייגער, דאָס געלט און דעם טשע־מאָדאַן. אַן דעם רירט ער זיך נישט פון אָרט. דאָס יידל האָט אים דורכגעבויערט מיט אַ שפּאָטישן בליק און אַ וואָרטשע געטאָן: „איר קענט דאָ בלייבן. די זאַכן, צוזאַמען מיט אייך, וועלן זיך געפינען אין דעם זשאַנדאַרמסקען אָטדיעל״. און צו מיר האָט ער מיט איראָניע אַ זאָג געטאָן: „זאָרגט נישט, אייערע זאַכן וועט איר קריגן צוגעשיקט צו דער באַנסטאַציע אויף יענער זייט״, ער האָט מיר צוגעוואָרפן אַ בליק, ווי איינער זאָגט: אייער שותּף איז שוין איין מאָל אַן אידיאָט און מיט כּעס אַ זאָג געטאָן: „קומט, לאָזט איבער דאָס מלאכל (מלאך אָדער מלאכל האָבן די שמוגלערס אָנגערופן איינעם, וואָס מ׳האָט געדאַרפן אַריבערשוואַרצן די גרענעץ פון פּוילן קיין סאָוועטן־פאַרבאַנד) און לאָמיר הולכן״.

כ׳האָב מיין קאָמפּאַניאָן אַ שטופּ געטאָן צו דער טיר. קיינער האָט אונדז נישט געשטערט דאָס דורכגיין די צימערן, אָנגעפילטע מיט מיליטער פון דער גרענעצוואַך. דאָס שטיקל וועג פונעם פּאָסטערונעק ביז צום בריקל זענען מיר געגאַנגען פאַרויס און דאָס יידל — הינטער אונדז. ביים בריקל האָט זיך נישט געפונען קיין וואַכפּאָסטן און מיר זענען שנעל אַריבער דאָס בריקל.

ס׳איז געווען פאַרמיטאָג־צייט, דער טאָג — אַ העלער און אַ זוניקער, דער פראָסט — אַ 6—10 גראַד: אַ מחיהדיקער ווינטערטאָג. דער אויסשפּרייט פונעם גרויסן ליידיקן שטח איז געווען ווי אַן אויסגעחלומטער אָריענטאַלישער טעפּעך, וואָס גלאַנצט מיט זיין זילבערן געוועב. אַ שמאָלע אויסגעטראָטענע סטעזשקע, וואָס האָט עדות געזאָגט, אַז נישט לאַנג צוריק זענען דורכגעפאָרן פורן און מענטשן זענען געגאַנגען צו פוס, — האָט געפירט צו דער סאָוועטישער ערד. געגאַנגען איז מען

מונטער און זשוואווע, דער וועגפירער — פאַרויס. די פרישע מחיהדיקע לופט און די פראַכטפולע פּאַנאָראַמע האָט געגעבן כּוח און קוראַזש פאַר אַ שנעלן מאַרש.

אָפּגייענדיק אַ היפּשע שטרעקע האָט דער פירער אונדזערער זיך אויסגעדרייט, פאַרנומען אַן אָרט אין דער מיט און דערקלערט: „דאָס איז די נייטראַלע זאָנע. איך גיי מיט אייך ביז צו דעם אָרט, ווו ס'הייבט זיך אָן די טעריטאָריע פון גאָטס מדינה. אין דער זאָנע באַגעגנט מען אַ מאָל אַ פּוילישן אָדער אַ סאָוועטישן קאַוואַ־לעריע־פּאַטרול. קיין געפאַר איז נישטאָ, אָבער אַ מאָל קען מען האָבן אַן אומאָנגענעמלעכקייט און מ'דאַרף וויסן ווי זיך מיט זיי אויסצוטענהן" — און מיר זענען מיטן זעלבן שנעלן מאַרש געגאַנגען ווייטער.

ס'האָט זיך מיר פאַרגלוסט אַ שפּאַס צו טאָן און כ'האָב געפרעגט דעם פירער, וויפל אַ זייגער אין אָוונט וועלן מיר צוריקקריגן אונדזערע זאַכן. דער באַגלייטער האָט אויפגעכאַפּט דעם שפּאַטישן טאָן און ערנסט צוריקגעענטפערט: „יאַטן, איר האָט געהאַט מזל ביי גאָט, וואָס איר שפּרייזט איצט אויף דעם וועג צו גאָטס מדינה. איר — האָט ער אויסגעדרייט זיין פּנים צו מיין זייט און צו מיר אַ זאָג געטאָן: — איר מוזט זיין דער אמתער פויגל, אַז לאַנצמאַן אַליין איז אַוועק אייך אויסקויפן. און וויפל דאָס האָט געקאָסט! אַ ייִדישע טאַכטער וואָלט מען פאַר דעם געלט געקענט מאַכן אַ שיינע חתונה מיט אַ גרויסאַרטיקן אויסשטייער. ס'וואָלט מיך גאַרנישט געאַרט ווען דאָס מלאכל פליט אַריין אין די הענט פון דער זשאַנדאַרמעריע. קיין אידיאָטן דאַרפן די חברים אין גאָטס מדינה נישט האָבן". און ער האָט פאַרגעזעצט: „איר האָט שוין געזען, אַז מ'זאָל אַ טויטן צוריקנעמען פון בית־הקברות? געשטאָרבן, באַגראָבן"!

אַ סלופּ און אַ שילדל אויפן סלופּ האָבן געוויזן, אַז דאָ הייבט זיך אָן די לעגיטימע סאָוועטישע מלוכה. דער וועגפירער האָט זיך אָפּגעשטעלט און דערקלערט אַז נישט ווייט, אַ 2 קילאָמעטער פון דאַנען, געפינט זיך די ערשטע סאָוועטישע באַנסטאַציע. ער האָט מיר געגעבן אַ פּעקל פּוילישע פּאַפּיראָסן מיט עטלעכע שוועבעלעך, פריינד־לעך זיך מיט מיר געזעגנט, געזאָגט אַ דרייגאַרנדיקן „מי־שבּרך" אויפן חשבון אויף מיין קאָמפּאַניאָן — און זיך געלאָזט מיטן וועג, וואָס האָט געפירט צום פּויליש־גרענעצשטעטל אָסטראָוו. מיר האָבן ממשיך געווען אונדזער וועג שוין אויף סאָוועטישער ערד צו דער ערשטער סאָוועטישער באַנסטאַציע.

# אויף סאָוועטישער ערד

מיר שפּאַנען אויף סאָוועטישער ערד.

מײַן קאָמפּאַניאָן, דער יונגער גאַרבער־אַרבעטער פֿון שטעטל גריצע, דער צום טויט־פֿאַרמישפּטער דורך אַ פּוילישן קריגסגעריכט פֿאַר זײַן אַקטיווער טעטיקייט אין די שוצאָרגאַנען פֿון „רעווקאָם" בעת די רויטע אַרמיי האָט זיך געפֿונען אין זײַן שטעטל — איז ווילד געוואָרן פֿון פֿרייד. ער שפּרינגט, האָצקעט, לאַכט, וויינט, זינגט, פֿײַפֿט, שרײַט, הירזשעט ווי אַ פֿערד, וואָס האָט זיך אָקערשט באַפֿרײַט פֿונעם שווערן כאָמעט נאָך אַ לאַנגער און שווערער נסיעה. ער קולאַקעוועט אין דער פּוילישער זײַט און שרײַט אַ מין איבערגעחזרטן רעפֿריין: „כ'האָב אײַך אין דער ערד! איר קענט מיר שוין איצט קושן אין הינטן, איר קענט מיר שיטן זאַלץ אויפֿן עק"! איך פֿאַרשטיי זײַן געמיט און לאָז אים זיך אויסלאָדן.

איך בין אָבער נישט אַזוי פֿריילעך געשטימט. מײַנע שריט זענען נישט מער אַזוי פֿלינק און זשוואַווע. מיך פּלאָגט דער געדאַנק: און וואָס ווײַטער? ווי אַזוי וועל איך זיך דערשלאָגן קיין מינסק, די פּלאַנירטע ערשטע סטאַציע פֿון מײַן רייזע — באַזוך אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד? אָן געלט, אָן קליידונג, און, דער עיקר, אָן דאָקומענטן, וואָס זאָלן באַרעכטיקן מײַן געפֿינען זיך אויף סאָוועטישער ערד? כ'בין זיכער, אַז די קאָמבונדישע קאָנפֿערענץ איז שוין פֿאָרגעקומען, און דאָס באַשווערט נאָך מער די לאַגע.

די ווערטער „קאָמבונד" און „קאָמבונדישע קאָנפֿערענץ" סטימולירן דעם מוח און העלפֿן מיר אויסאַרבעטן אַ סטראַטעגיע און טאַקטיק: כ'וועל אויף דער ערשטער באַנסטאַציע זיך מעלדן צום נאַטשאַלניק פֿון דער „טשעקאַ" און דערציילן, אַז כ'פֿאָר קיין מינסק צו דער קאָמבונדישער קאָנפֿערענץ ווי אַ פּראָקאָמוניסטישער דעלעגאַט פֿון בונד פֿון פּוילן, דערציילן וועגן אַרעסט אויף דער גרענעץ, און דערפֿאַר האָב איך נישט קיין שום דאָקומענטן, געלט און באַגאַזש. כ'וועל פֿאַרלאַנגען, מ'זאָל מיך תּיכף אָפּשיקן מיט אַ ספּעציעלן עטאַפּ דירעקט קיין מינסק צו דער דיספּאָזיציע פֿונעם צענטראַל־קאָמיטעט פֿון קאָמבונד אָדער אין מינסקער טשעקאַ צו דער דיספּאָזיציע פֿון די אָרטיקע חברים סלאַווינסקי אָדער באָגוצקי. און וואָס מער כ'האָב געטראַכט וועגן דעם פּלאַן, אַלץ מער איז ער מיר געפֿעלן, און אַ באַרויִקטער האָב איך גענומען פֿעסטער שפּאַנען צו דער ערשטער סאָוועטישער באַנסטאַציע.

דאָס געפֿיל פֿון אומרו ווערט פֿאַרביטן מיט אַ געפֿיל פֿון פֿרייד. אין אַלע רמח־אבֿרים זינגט אַ קרעפֿטיק געזאַנג פֿון שטאָלץ און זיכערקייט, אַז צו דער סאָוועטישער מלוכה ביסטו אַ שותּף, האָסט אין איר אַ חלק. דער סאָוועטן־פֿאַרבאַנד איז דאָך דאָס ערשטע לאַנד פֿון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, דאָס פֿאָטערלאַנד פֿונעם פּראָלעטאַריאַט פֿון גאָר דער וועלט, און אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד האָסטו מער חלק ווי סתּם אַ פּראָלעטאַריער און אַ סאָציאַליסט, און אַוודאי מער חלק, ווי דער איצטיקער

צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד אין פוילן צוזאַמענגענומען. זיי אַלע זענען דאָך געווען אַנטיבאָלשעוויקעס און געפירט אַ קאַמף קעגן דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. אַפילו מאיר (חיים) וואַסער איז אין בונד נישט געווען קיין פּראָבאָלשעוויק. ערשט נאָכן זיג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט ער זיך געשטעלט אויף דער זייט פון דער סאָוועטן־רעגירונג. דאַקעגן דו ביסט אַ „נאָסטאַיאַשטשער״ פּראָבאָלשעוויק זינט דעם אָנהייב פון דיין פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. מיט די באָלשעוויקעס ביסטו זינט דעם ערשטן טאָג פון דער מאַרץ־רעוואָלוציע. דאָס אינערלעכע געזאַנג פילט אָן מיט פרייד יעדן אָבער — און די פיס שפּאַנען ריטמיש און האַפּערדיק אויף דער סאָוועטישער ערד.

די ערשטע סאָוועטישע באַנסטאַציע איז פאַרברענט. אויפן אָרט פון דער אַמאָ־ליקער באַנסטאַציע איז אויפגעקלאַפּט אַ הילצערן ביידל פאַרן בילעטן־פאַרקויף און אַ פּלאַטפאָרמע פון ברעטער פאַר פאַסאַזשירן און פאַר פּראַכטלאַדונג. ביי דער ראַמפּע שטייען עטלעכע פּראַכטוואַגאָנעס. דאָס קליינע לאָקאָמאָטיוול (אין וואַרשע פלעגט מען אַזאַ סאָרט לאָקאָמאָטיוו רופן „סאַמאָוואַרל״) פאָרעט זיך ביים אָננעמען וואַסער. אויף דער פּלאַטפאָרמע שטייען אַ צוויי צענדלינג מענטשן, אַרומגערינגלט מיט עטלעכע זעלנער פון דער סאָוועטישער גרענעצוואַך און מיט עטלעכע מונדירטע טשעקיסטן. כ׳ווענד זיך צו איינעם פון די טשעקיסטן, ער זאָל מיך פאַרבינדן מיטן נאַטשאַלניק פון „אָסאָבאַי אָטדיעל״. „איוו טשאָם דיעלאָ״ (אין וואָס גייט עס)? קומט אַ פראַגע אין אַ בייזן טאָן. ער הערט נישט מיין ענטפער, שטופּט מיך און מיין גריצער חבר אַריין אין אַ גרופּע פאַרהאַלטענע און שרייט אויס: „אין שעפּעטאָווקע וועט מען זיך שוין פונאַנדערקלייבן״.

דער ערשטער קבלת־פּנים איז נישט קיין פריילעכער. אַ פריקרע געפיל באַ־הערשט מיין געמיט. דאָס דויערט אָבער נישט צו לאַנג, כ׳געפין אַ זכות: שעפּע־טאָווקע איז דאָך די צווייטע באַנסטאַציע, אַ גרויסע סטאַציע. די דאָרטיקע טשעקאַ איז פון אַ גרעסערן און פון אַ מער רעכטלעכן פאַרנעם. דער צוג דאַרף באַלד אָפּגיין. ווי אַנדערש האָט דער טשעקיסט אין אַזעלכע אומשטענדן געדאַרפט האַנדלען? דו וואָלסט אַנדערש געהאַנדלט? אויף דיין שטערן איז דאָך נישט אָנגעשריבן פאַר וואָס און צוליב וואָס דו געפינסט זיך אויף דער ערשטער באַנסטאַציע באַלד לעבן דער פּוילישער גרענעץ. אַוודאי איז דער אופן פון טשעקיסטס רעדן נישט קיין אָנגע־נעמער, אָבער קיין אומגליק איז דאָך דאָס נישט.

קיין שעפּעטאָווקע איז די פאַרטיע פאַרהאַלטענע אָנגעקומען שפּעט אין דער נאַכט. אַלעמען צוזאַמען מיט זייער געפּעק האָט מען אַריינגעפירט אין אַ גרויסער קאַמער אינעם וואָקזאַל־בנין, נישט קיין רעוואידירטע און נישט קיין אויסגעפרעגטע. דער בנין איז אַ ציגלנער, אַ רעסטאַווירטער אָדער אַ ניי־אויפגעבויטער. דער אַרעסט־קאַמער איז אַ גרויסער, דער רעזשים — ווי אין יעדן צייטווייליקן אַרעסט־הויז.

אויף צו מאָרגנס אַרום 8 אין דער פרי האָט זיך אָנגעהויבן דער פאַרהער. דער אַרויסגערופענער האָט מיטגענומען זיין געפעק, דורכגעמאַכט אַ פערזענלעכע און געפעק־רעוויזיע און געשטעלט געוואָרן פאַר אַן אויספאָרשער. די, וועלכע זענען נאָך דער אויספאָרשונג פאַרהאַלטן געוואָרן, זענען לאָקירט געוואָרן אין אַן אַנדער קאַמער, גערופן „פערעסילנע", כּדי איבערגעשיקט צו ווערן קיין זוויל, ווו ס'האָט זיך געפונען אַ צענטראַלע פון דער טשעקאַ און אַ שטאָטישע תּפיסה.

ווען כ'בין געשטעלט געוואָרן פאַרן אויספאָרשער, האָב איך דעם אויספאָרשער דערקלערט, אַז כ'קען אים לײדער נישט געבן קיין שום דערקלערונגען און איך פאַרלאַנג תּיכּף געשטעלט צו ווערן פאַרן נאַטשאַלניק פון „אָסאָבאָי אָטדיעל". ס'איז אַ זייער ערנסטער ענין. אין מיין טערקישן רוסיש האָב איך געהאַלטן אין איין איבער־חזרן: „פּראָשו נאַטשאַלניקאַ, עטאָ סעריאָזנאַ דיעלאָ" (איך בעט דעם נאַטשאַלניק, דאָס איז אַן ערנסטער ענין). אין דער אָפּטיילונג פון דער טשעקאַ האָט מען, משמעות, געהאַט צו טאָן מיט פאַרשיידענע נישט־נאָרמאַלקייטן, און נאָך אַ קורצער אַמפּעריי, האָט מיין אויספאָרשער איבערגעגעבן אַן אַמטירנדיקן טשעקיסט אַ צעטעלע צום נאַטשאַלניק. אַ ווײַלע שפּעטער בין איך גערופן געוואָרן אין דער קאַנצעלאַריע פון נאַטשאַלניק פיליפּאָוו פונעם „אָסאָבאָי פּונקט" פון דער באַן־סטאַציע שעפּעטאָווקע.

די אויפנאַמע איז נישט געווען קיין העפלעכע: „וועגן וואָס גייט עס"? כ'האָב דערציילט וועגן די מאָטיוון פון מיין קומען קיין סאָוועטן־פאַרבאַנד. וועגן דעם אַרעסט און וועגן די סיבות פון מיין חברס אַריבערגיין די גרענעץ, דערפאַר האָבן מיר נישט קיין דאָקומענטן, געלט און באַגאַזש, און פאַרלאַנגט, מ'זאָל אונדז גלייך טראַנספּאָרטירן קיין מינסק, אָן אַ וואָך אָדער מיט אַ וואָך.

צי דער נאַטשאַלניק פון „אָסאָבאָי פּונקט" האָט פאַרשטאַנען, וואָס כ'האָב אים דערציילט אין מיין צעבראָכענעם רוסיש — ווייס איך נישט. ער האָט רויִק אויסגעהערט מיין לאַנגע טיראַדע, געפרעגט צי כ'האָב געענדיקט, אויפגעהויבן זיך פון זיין זיצפּלאַץ און אַרויסגעגאַנגען, היסנדיק די באַאַמטע אין דער קאַנצעלאַריע האַלטן אויף מיר אַן אויג.

כ'האָב אָבסערווירט דעם ערשטן באַגעגנטן העכערן באַאַמטן פון דער אין דער גאָרער וועלט באַרימטער טשעקאַ און געבליבן צופרידן פונעם איינדרוק: אַ מיטלוווּקסיקער, אַ בלאָנדער, אין די צוואַנציקער יאָרן, מיט אַן אָפן רוסיש פּנים, אָנגעטאָן אין אַ רעקל פון אַ סטודענט פון די צאַריש־רוסישע פּאָליטעכנישע שולן. ס'האָט מיך אימפּאָנירט זיין רויִקע האַלטונג בעת מיין לאַנגער טיראַדע.

דער נאַטשאַלניק איז צוריקגעקומען אין דער באַגלייטונג פון אַ טשעקיסט אין אַ מיליטערישער אוניפאָרם. דער געקומענער האָט אין אַ רוגזהדיקן טאָן, אין יִדיש, אַ פרעג געטאָן: „וואָס פאַר אַ געשעפטן האָט איר צום נאַטשאַלניק"? כ'בין שטיין געבליבן אַ געפּלעפטער. דער רוגזהדיקער טאָן האָט מיך אויפגערעגט. יונג איז מען געווען, קיין טעמפּעראַמענט און קוראַזש האָט נישט געפעלט, האָב איך אויף

דעם זעלבן אופן צוריקגעגנטפערט: „וואָס שרייט איר אויף מיר, ווי כ׳וואָלט געווען אַ קאָנטערעוואָלוציאָנערער פאַרברעכער, ווענען מ׳האָט געכאַפּט אויף דער היסער מינוט פון פאַרברעכן? איר ווייסט נישט ווער כ׳בין און וואָס כ׳טו דאָ, און איר באַהאַנדלט מיך, ווי כ׳וואָלט געווען אַ פאַרמישפּטער דורך אַ רעוואָטריבונאַל״. אויפן נאַטשאַלניקס פּנים האָט זיך באַוויזן אַ צופרידענער שמייכל. צי ער האָט עפּעס פאַרשטאַנען פון מיינע רייד — ווייס איך נישט. ער האָט מיט אַ: „לאַדנאָ, לאַדנאָ״ אָפּגעשטעלט די מחלוקה, און שוין אין אַ פריינדלעכן טאָן האָט דער יידישער טשעקיסט צו מיר אַ זאָג געטאָן: „לאָמיר הערן וואָס איר האָט צו דערציילן״.

כ׳האָב אין יידיש דערציילט וועגן די מאָטיוון פון מיין באַזוכן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד, וועגן מיין קאָמפּאַניאָן און וועגן מיין פאַרלאַנג טראַנספּאָרטירט צו ווערן קיין מינסק. כ׳האָב געבעטן, מ׳זאָל מיין גריצער חבר אַריינברענגען און אים אויס־פרעגן. דער יידישער טשעקיסט האָט פאַרצייכנט וואָס כ׳האָב דערציילט און ראַפּאָר־טירט פיליפּאָוון. מ׳איז נאָכגעקומען מיין פאַרלאַנג וועגן מיין קאָמפּאַניאָן. ער איז אויסגעפרעגט געוואָרן דורך דעם זעלבן יידישן טשעקיסט. נאָך דער אויספאָרשונג האָט פיליפּאָוו מיר דערקלערט, אַז ער גלייבט אין דעם וואָס איך און מיין חבר האָבן דערציילט. ער קען אָבער אין דעם פאַל גאָרנישט טאָן און מוז אונדז איבערשיקן קיין זוויל. ער האָט געפרעגט צי איך רייכער, געגעבן מיר אַ זשמעניע מאַכאָרקע, און פאַראָרדנט מ׳זאָל אונדז גלייך באַזאָרגן מיט אַ מיטאָג און מיט אַ פּאַרציע ברויט.

דאָס מיטאָג איז געווען ענלעך צו די מאָלצייטן אין יעדער איבערשיק־טורמע: אַ שטיקל קאַרטאָפל שווימט אַרום אין אַ טייך פון וואַסער און אַ גרויס דאַרף מען פאַנגען מיט אַ פישערנעץ. דאָס ביסל הייסע וואַסער פון דער יושקע אין דער נישט־באַהייצטער קאַמער האָט עטוואָס צעוואַרעמט דעם גוף. די יושקע און די ברויט־פּאַרציע האָבן נישט געשטילט דעם הונגער נאָך אַ 30 שעה נישט טועם זיין קיין קריש ברויט און קיין לעפל געקעכץ.

דאָס גרויסע און פאַרקראַטעטע פענצטער פון דער פּערעסילנער קאַמער האָט זיך געפונען אין פראָנט פון דער פּראַכטראַמפּע און פון דרויסן האָט מען געקענט זען וואָס ס׳טוט זיך אין קאַמער. כ׳בין געזעסן אויף אַ פּלאַץ פון וואַנען מ׳האָט געקענט לייכט אָבסערווירן. כ׳האָב באַמערקט, אַז עמעצער קוקט כסדר אַריין אין פענצטער, און געפילט, אַז כ׳בין דער אָביעקט פון זיין אָבסערוואַציע.

ס׳האָט זיך געעפנט די טיר. פיליפּאָוו מיט אַ יונגן בחור זענען שטיין געבליבן אויף דער שוועל פון דער קאַמער. דער יונגער בחור האָט מיט אַ פינגער אָנגעוויזן אויף מיר און שטיל גערעדט מיטן פּרעדסעדאַטעל פון „אָסאָבאָי אָטדיעל״. אַן אומ־היימלעך געפיל האָט מיך באַהערשט, אַ פּחד פאַר עפּעס אומדערוואַרטס. דאָס געפיל פון אומרו האָט זיך פאַרשטאַרקט ווען אין עטלעכע מינוט שפּעטער בין איך גערופן געוואָרן אין קאַנצעלאַריע פון פּרעדסעדאַטעל פון „אָסאָבאָי פּונקט״. אָבער, ווי שרייבט זיך אין די מעשה־ביכלעך? אַז דער סוף איז גוט, איז אַלץ גוט.

אַריבערטרעטנדיק די שוועל פון דער קאַנצעלאַריע איז דער מיר אומבאַקאַנטער יונגער בחור אַנטקעגנגעגאַנגען מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט: „וואָס מאַכט איר, חבר הערשל מעטאַלאָוויעץ? איר דערקענט מיך?" ווען מיין ענטפער איז געווען אַ קאַטעגאָרישער „ניין", אַז כ'קען אים נישט, האָט ער מיר דערציילט, אַז ער איז אַ לובלינער, האָט געהערט צו דער בונדישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „צוקונפט". ער קען מיך און געדענקט מיך פון מיינע וויזיטן אין לובלין. ער האָט געהערט מיינס אַ ספּעציעלן רעפעראַט פאַר דער יוגנט און אָנגערופן די טעמע פונעם רעפעראַט. ער ווייסט אַפילו וועגן מיין געפינען זיך אין דער זאַמאָשטשער טורמע. אויף מיין פראַגע פון וואַנען ער קומט ווי אַן אייגענער מענטש אין „אָסאָבאַי אָטדיעל", האָט ער שטי־פעריש געענטפערט: „מען שרייבט ספרים". געמיינט האָט עס, אַז ער אַרבעט אין דער סאָוועטישער קאָנטער־ראַזוועדקע. דער לובלינער חבר האָט אין דער שטיל זיך דורכגעשמועסט מיט פיליפּאָוון און פיליפּאָוו האָט פאַראָרדנט, מ'זאָל מיר און מיין גריצער חבר לאָזן פריי אַרומשפּאַצירן אויף דער פּאַסאַזשיר־פּלאַטפאָרמע און אויף דער פּראַכטראַמפּע.

עטוואָס שפּעטער האָט מיר דער געוועזענער לובלינער „צוקונפטיסט" געבראַכט אַ לאַבן שוואַרץ ברויט, אַ שטיק געראַיכערטע סאַדלע, אַ ביסל מאַכאָרקע, אַ ביסל געלן צוקער און צוויי פּאָר דייטשיש־מיליטערישע אונטערוועש. ער האָט זיך חבריש געזעגנט און דערציילט, אַז ער דאַרף די זעלבע נאַכט דורכמאַכן די גרענעצן קיין פּוילן.

מיין תפיסה־רעזשים איז געוואָרן לייכטער. כ'בין אָבער נאָך אַלץ געווען אַן אַרעסטאַנט — אַן אַרעסטאַנט מיט פּריווילעגיעס, וואָס וואַרט אָפּגעשיקט צו ווערן קיין זוויל צו דער דיספּאָזיציע פון דער אָרטיקער טשעקאַ.

אינעם פרימאָרגן אויפן צווייטן טאָג פון מיין זיין אין שעפּעטאָווקע איז צו מיר צוגעקומען פיליפּאָוו און מיטגעטיילט, אַז דער מיליטערישער קאָמענדאַנט וויל מיך זען. ער האָט צוגערופן אַ טשעקיסט און געהייסן מיך פירן אין דער מיליטערישער קאָמענדאַנטור.

די רעזידענץ פון דער מיליטערישער קאָמענדאַנטור האָט זיך געפונען אין אַ באַנוואַגאָן אויף אַ זייטיקער באַנליניע. דער קאָמענדאַנט, באַרצעוויטש, איז געווען אַ פּאָליאַק פון גאַליציע. אַ געוועזענער אָפיציר פון דער עסטרייכישער אַרמיי, גענו־מען אין פלען דורך די רוסן, און זינט דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע — אַקטיוו אין די אינערלעכע און אויסערלעכע קאַמפן ווי אַן אָפיציר פון דער רויטער גוואַרדיע און פון דער יונגער סאָוועטישער אַרמיי. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז די דייטשישע שפּראַך, די איינציקע אייראָפּעישע שפּראַך וואָס כ'האָב בשעתו באַהערשט, איז איצט צו נוץ געקומען פאַר אַ געהעריקן שמועס. מיר האָבן פאַרבראַכט אַ לענגערע צייט אין אַ געשפּרעך וועגן פאַרשיידענע ענינים און באַזונדערס פון אַ פּויליש־פּאָליטישן כאַראַקטער, מיט וועלכע ער איז געווען גוט באַהאַוונט. ער האָט מיך טראַקטירט

מיט אַ מיטאָג פון דער מיליטערישער פעלדקיך, וואָס איז צו יענער צייט געווען דער זעלבער מאָלצייט פאַר אַלע מיליטער־מענטשן — סאָלדאַטן און אָפיצירן, באַזאָרגט מיך מיט אַ ביסל רויכער־מאַטעריאַל, אָבער אָפּגעזאָגט וועלכע ס'איז דירעקטע הילף — דאָס ליגט נישט אין זיין מיליטערישער קאָמפּעטענץ — האָט באַרצעוויטש מיר דערקלערט. ער וועט אָבער געבן זיינס אַ ראַפּאָרט מיט אַ גוטער מיינונג וועגן פאַרלויף פונעם שמועס.

אין שעפּעטאָווקע האָב איך פאַרבראַכט עטלעכע טעג, און צוזאַמען מיט אַ גרעסערער גרופּע פאַרהאַלטענע בין איך אָפּגעשיקט געוואָרן קיין זוויל. אין פּראַכט־וואַגאָן האָבן זיך אויך געפונען צוויי אַרעסטירטע מיליטער־לייט, באַשולדיקטע אין געלט־מאַלווערסאַציעס. איינער פון זיי האָט אויסגענוצט די פאַרנאַכטיקע טונקלקייט, איז אַראָפּגעשפּרונגען פון וואַגאָן און נעלם געוואָרן. דאָס האָט פאַרערגערט די באַציִונג פונעם מיליטערישן קאָנוואָי אויף דער רייזע קיין זוויל.

אין זוויל זענען מיר אָנגעקומען שפּעט ביי נאַכט. אויפגענומען די פאַרטיע אַרעסטירטע האָט אַ יונגער טשעקיסט, אויף וועמענס ליפּן ס'איז נאָך געלעגן דער מאַמעס מילך, אָבער אין אַ פולן אוניפאָרם. ער האָט נישט געמאַכט קיין שהיות און אַלעמען אָפּגעשיקט אין דער שטאָטישער תּפיסה. אויף אַלע פראַגעס און ווענ־דונגען האָט ער געהאַט איין ענטפער: „מ'וועט זיך שוין שפּעטער פונאַנדערקלייבן".

אין דער זווילער תּפיסה האָב איך דורכגעמאַכט די מיר שוין גוט־באַקאַנטע אויפנעם־פּראָצעדור און צוזאַמען מיט מיין גריצער חבר בין איך אַריינגעשטופּט געוואָרן אין אַן איבערגעפּאַקטער קאַמער. כ'בין אַריין אין אַ מין הינערפּלעט, האָב אויסגעזעצט זיך אין אַ ווינקל און פאַרלוירן יעדע פעִיקייט פון טראַכטן, יעדן חשק פון עסן אָדער טרינקען. דער דאַזיקער צושטאַנד האָט אָנגעהאַלטן היפּשע שעהען. ערשט אַרום מיטאָגצייט האָב איך אָנגעהויבן קומען צו זיך און אַלע מיינע אבֿרים האָבן אָנגעהויבן פּראָטעסטירן קעגן דעם צושטאַנד, אין וועלכן כ'האָב זיך געפונען — אַ פּשוטער אַרעסטאַנט אין אַ סאָוועטישער תּפיסה.

אין קאַמער האָב איך זיך באַקענט מיט איינעם פון די אַרעסטירטע, אַ סימפּאַ־טישער ייִדישער יונגער־מאַן און געקריגן פון אים אינפאָרמאַציעס וועגן די תּפיסה־באַדינגונגען און וועגן דער אָרטיקער טשעקאַ. כ'האָב אים געבעטן מיר העלפן אָנ־שרייבן אין רוסיש אַ דרינגענדיקן בריוו צום פּרעדסעדאַטעל פון דער זווילער טשעקאַ. די הילף זיינע איז געווען פון ערשטראַנגיקן באַטייט. ער האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר, דערציילט דעם טורמע־וועכטער מיין פאַרלאַנג און מסתּמא היפּשלעך קאָלאָריזירט מיין ענין און מיין פּערזאָן. עטלעכע מינוט שפּעטער האָט אַן עלטערער טורמע־באַאַמטער מיך און דעם תּפיסה־חבר אַריינגענומען אין דער דיזשורקע, דערלאַנגט פּאַפּיר און אַ בלייפעדער און געהייסן שרייבן די פּאַדאַניע. כ'האָב דיק־טירט אין ייִדיש און מיין תּפיסה־חבר האָט שנעל און פליסיק איבערזעצט אין רוסיש.

ס׳האָט נישט געדויערט קיין צוויי שעה און צוויי מונדירטע טשעקיסטן האָבן מיך און מיין גריצער חבר אָפּגעפירט אין דער געבידע פון דער טשעקאַ. מיר זענען צוגעטיילט געוואָרן צו באַזונדערע אויספאָרשערס. מיין אויספאָרשער איז געווען אַ פּאָלאָניזירטער אוקראַינער. אַ שרייבער האָט פאַרשריבן מיינע פּערסאָנאַליעס און דער אויספאָרשער האָט מיך גענומען אין דער אַרבעט.

די ערשטע פראַגע פון מיין אויספאָרשער איז געווען, וואָס איך ווייס וועגן „דאָמביע״ און וועגן די מענטשן וואָס האָבן זיך געפונען אין דאָמביע — קאָמוניסטן, בונדיסטן און אַנדערע. דאָמביע איז געווען אַ פּוילישער קאָנצענטראַציע־לאַגער, אין וועלכן ס׳זענען פאַרשפּאַרט געוואָרן די קעגנערס פון דער מלחמה־אַוואַנטורע פון יוזעף פּילסודסקי קעגן דער יונגער סאָוועטישער מדינה. כ׳האָב דעם אויספאָרשער דערציילט וואָס כ׳ווייס וועגן דעם געגעבענעם לאַגער און געמאָלן די פּאָליטישע און פיזישע פּאַרטרעטן פון די אַרעסטירטע קאָמוניסטן און בונדיסטן, וועלכע כ׳האָב פּערזענלעך געקענט. דער אויספאָרשער איז פון מיינע רעלאַציעס געווען צופרידן. ס׳האָט זיך נעמלעך אַרויסגעוויזן, אַז ער אַליין האָט זיך געפונען אין דאָמביע און האָט די באַדינגונגען פון לאַגער און פון די מיר באַקאַנטע קאָמוניסטישע און בונדיסטישע פירערס גוט געקענט און באַטראַכט מיינע אינפאָרמאַציעס פאַר אויטענטיש און מיינע מאָטיוון פון מיין געפינען זיך אויף סאָוועטישער טעריטאָריע — פאַר ראַיעלע.

בעת דער אויספאָרשונג איז אַריינגעקומען אַ טשעקיסט אין דער פולער אוניפאָרם. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אין אַ זייט און אויפמערקזאַם זיך צוגעהערט צו די פראַגעס און ענטפערס. קורץ פאַרן פאַרענדיקן די אויספאָרשונג האָט ער פאַרלאָזט דאָס צימער. אַ ווײַלע שפּעטער איז ער צוריקגעקומען מיט אַ צווייטן מונדירטן טשעקיסט. זיי זענען שטיין געבליבן ביים אַריינגאַנג אין צימער. מיין אויספאָרשער האָט זיך אַ ריס געטאָן פון זיין זיצפּלאַץ און סאַלוטירט. דער מיטגעקומענער האָט געענטפערט אויפן סאַלוט, געמאַכט אַ שפּרייז צו מיר, דערלאַנגט מיר אַ האַנט און אין יידיש אַ זאָג געטאָן: „וואָס מאַכט אַ חבר פון פוילן״? און זיך פאָרגעשטעלט: פאָרזיצער פון זווילער קרייז פון דער טשעקאַ, שניירסאָן, „פון די אמתע שניירסאָנס״ — האָט ער לאַכנדיק צוגעגעבן. אויף זיין פראַגע צום אויספאָרשער, ווי ער האַלט מיט דער אויספאָרשונג, האָט שניירסאָן באַקומען אַן ענטפער, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג.

שניירסאָן, דער פאָרזיצער פון טשעקאַ פון זווילער קרייז, איז געווען אין עלטער פון אַ 30 יאָר. אַ מיטלוווקסיקער, אַ שמאָלער און אַ טונקעלער. אַ ברוין פּנים, די האָר און די קליינע וואָנסעלעך — פּעכשוואַרצע — אַ טיפּישער ציגיינער. מיט זיין האַלטונג און אופן פון רעדן האָט ער געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ ישיבה־בחור, וואָס האָט נאָר וואָס פאַרלאָזט די בית־מדרש־באַנק. חכמה האָט ער געהאַט פאַר צען אַנדערע, און אין דעם גאַנץ לאַנגן שמועס מיט מיר אין אַ פּראַקטיקן יידיש,

האָט ער אַרויסגעוויזן אַ זעלטענע ערודיציע אין פאַרשיידענע ענינים און אַן אויס־געצייכנטע אָריענטאַציע אין פוילישע און אין פויליש־ייִדישע ענינים. דער צווייטער קאָנטאַקט מיט אַ הויכן באַאַמטן פון טשעקאַ האָט אויף מיר געמאַכט אַן אומפאַר־געסלעכן איינדרוק.

דער רעזולטאַט פונעם שמועס מיט שנייערסאָנען איז געווען, אַז ער איז מסכּים צו שיקן מיך און מיין גריצער חבר מיט אַ ספּעציעלן עסקאָרט דירעקט קיין מינסק. ער מוז מיך אָבער ביזן אָפּגיין פון אַ צוג צוריקשיקן אין דער זווילער תּפיסה. ס'איז מיר קאַלאָמוטנע געוואָרן אויפן האַרצן. שנייערסאָן האָט משמעות פאַרשטאַנען, וואָס איך מאַך דורך און געהאַלטן זיך אין איין פאַרענטפערן, אַז אַנדערש טאָר ער נישט האַנדלען. אַריינגעמישט האָט זיך דער טשעקיסט, וואָס איז אַנוועזנדיק געווען ביים פאַרהער און געבראַכט שנייערסאָנען צו מיר. ער האָט שנייערסאָנען פאַרגעלייגט דערלויבן אונדז נעמען אויף זיין קוואַרטיר און ער וועט זיין פאַר אונדז פּערזענלעך פאַראַנטוואָרטלעך. שנייערסאָן האָט מסכּים געווען און מיר האָבן פריילעכע פאַרלאָזן די געביידע פון טשעקאַ אין זוויל.

די גוטהאַרציקייט און חברישקייט פונעם טשעקיסט איז נישט געווען קיין צופעליקע. ער איז געווען אַ געוועזענער פּועלי־ציוניסט אין אַ שטעטל אין ראַדאָמער ראַיאָן און מיך גוט געקענט. ער האָט דערציילט וועגן אַן עפנטלעכער דיסקוסיע, וואָס ער האָט געהאַט מיט מיר בעת מיינעם אַן אַרויסטריט אין זיין שטעטל. ווען ער איז אַריינגעקומען אינעם צימער ווו כ'בין אויסגעפאַרשט געוואָרן, האָט ער מיך גלייך דערקענט, צוגעהערט זיך צו דער אויספאַרשונג, איז אַוועק איבערקוקן די פּאַפּירן, וואָס זענען מיר נוגע און דערנאָך געמאָלדן שנייערסאָנען וואָס פאַר אַ פּאַר־שוין ס'געפינט זיך אין „אַסאַבאַי אָטדיעל". שנייערסאָן האָט דורכגעקוקט די פּאַפּירן און איז געקומען מיך זען. ס'זענען נאָך געווען אַנדערע צייטן, די צייט פון דער יונגער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, ווען חברשאַפט און רעספּעקט פאַר אַ רעוואָלוציאָ־נער האָט געשפּילט אַ ראָלע. בימי סטאַלין וואָלט אַזאַ קורטואַזיע און חברשאַפט מצד טשעקיסטן נישט געווען מעגלעך.

די קוואַרטיר פונעם טשעקיסט איז געווען אַן אַלגעמיינע פאַר אַ 6–8 באַאַמטע פון טשעקאַ. כ'בין געווען אונטער אַ דיסקרעטער אויפזיכט. כ'האָב דאָס פאַרשטאַנען און באַרעכטיקט. געווען איז מיר די קאָמפּאַניע ליב און אינטערעסאַנט. אַלע, די ייִדן און נישט־ייִדן, זענען געווען אינטעליגענטע, קלוגע און ווילע יאַטן. עטלעכע טעג האָב איך פאַרבראַכט אין זוויל. חברה האָבן מיך אַרומגעפירט איבערן שטעטל. באַקאַנט מיט די פאַרשיידענע ענינים און פּראָבלעמען, דירעקטע און אומדירעקטע רעזולטאַטן פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע און פון דער פאַרענדיקטער מלחמה מיט פּוילן — און צום ערשטן מאָל האָט זיך פאַר מיר געשטעלט דאָס פּראָבלעם: ייִדן און רעוואָלוציע.

די עקאָנאָמישע לאַגע פון די ייִדן אין שטעטל, די דעקלאַסירונג פונעם רוב

יידן אין שטעטל, זייער מאַטעריעלע שיפלות און הילפלאָזיקייט, האָט געדריקט אויף מיין געמיט. ס'האָט זיך פאַר מיר געשטעלט דאָס פּראָבלעם צי דאַרפן יידן זיין דאָס כפּרה־הינדל פון אַ רעוואָלוציע. כ'בין קיין מאָל נישט געווען און קיין מאָל נישט געוואָרן אומפּילעוודיק אין באַצוג צו די אַקטועלע לעבנסנויטן פונעם יידישן פאָלק, און די ליידן פונעם רוב פון די זווילער יידן, וואָס איך האָב באַטראַכט פאַר אַ מוסטער פונעם לעבנס־מצב פון יידישן פאָלק אויפן שטח פון סאָוועטן־פאַרבאַנד, האָט צעריסן מיין האַרץ און מיין נשמה.

דער וויכּוח מיט זיך האָט לאַנג נישט געדויערט. די עמאָציעס און געפילן זענען באַרויקט געוואָרן. כ'האָב געזען די ליידן פון די יידן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, ווי אַ קאָנסעקווענץ פון דער הונדערטיאָריקער באַשעפטיקונג־לאַגע, אין וועלכער יידן זענען געצווונגען געוואָרן צו לעבן. נאָך דער סטאַביליזאַציע פון דער סאָוועטישער מדינה, נאָכן אַריבערגיין פון רעוואָלוציע און מלחמה צום קאָנסטרוקטיוון אויפבוי, וועלן אויך די דעקלאַסירטע שיכטן פונעם יידישן פאָלק אין סאָוועטן־פאַרבאַנד באַקומען אַ ווירטשאַפטלעכן און מאַטעריעלן תּיקון, און אפשר נאָך אַ גרעסערן ווי דער פּאָליטישער און קולטורעלער, פון וועלכע די יידן געניסן.

אָבער די חשכות פונעם רוב יידן אין זוויל, אָבסערווירט פון דער נאָענט בעת מיין ערשטן באַזוך אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, האָב איך נישט פאַרגעסן, און דאָס האָט נישט איין מאָל געדינט מיר ווי אַ מעמענטאָ נישט איבערצוהאַלטוען דעם רעוואָ־לוציאָנערן ראַדיקאַליזם בנוגע די ענינים פונעם יידישן קליינבירגערטום אין שייכות מיט דער סאָציאַלער רעוואָלוציע אין די לענדער ווו יידן געפינען זיך אין קאָמ־פּאַקטע מאַסן.

פון זוויל זענען מיר אין באַגלייטונג פון צוויי מונדירטע טשעקיסטן אָפּגעשיקט געוואָרן קיין מינסק. מיט דער „אָטפּראַווע" האָט זיך פאַרנומען שנייערסאָן גופא. איינע פון די אינסטרוקציעס דעם קאָנוואָי איז געווען: „טראַקטירט זיי ווי חברים, קומט נאָך זייערע פאַרלאַנגען אויף וויפל דאָס איז מעגלעך, אָבער זשאַלעוועט נישט קיין קויל, אויב ווער פון זיי וועט פּרוּוון אויפן וועג צו אַנטלויפן".

פון זוויל קיין קיִעוו זענען מיר געפאָרן אין אַ טעפּלושקע רעזערווירט פאַר נאַטשאַלסטווע. דער פּראָכטוואַגאָן איז געווען אויסגעשטאַט מיט אַ גוט אייוועלע און מיט בענק. ווען מיר זענען אָנגעקומען קיין קיִעוו איז נאָר וואָס געהאָט אַוועק אַ צוג וואָס פירט קיין מינסק, און די אינפאָרמאַציע איז געווען, אַז נישט פריִער ווי אין אַ דריי טעג אַרום וועט זיין אַן אַנדער צוג.

קיין קיִעוו זענען מיר אָנגעקומען אין מיטן נאַכט. ס'איז נישט געווען קיין אַנדער ברירה, ווי איבערצונעכטיקן אויפן וואָקזאַל. דער וואָקזאַל איז געווען אָנגע־פּראָפּט מיט מענטשן, מיליטערישע און ציווילע, און מיט געפּעק. דער קאָנוואָי האָט אָפּגערייניקט אַ שטיקל פּלאַץ, כּדי מיר זאָלן קענען זיצנדיקערהייט איבערנעכטיקן.

אויף צו מאָרגנס האָב איך פאַרגעלייגט מיינע באַגלייטערס אויפצוזוכן דאָס

זיצאָרט פֿונעם קיִעווער קאָמיטעט פֿון קאָמבונד. אַ לאַנגע צייט האָט געדויערט דאָס זוכן. אויפֿן קרעשטשאַטיק האָט אונדז עמעצער אָנגעוויזן ווו דאָס אָרט געפֿינט זיך.

אין לאָקאַל פֿונעם קאָמבונדישן פּאַרטיי־קאָמיטעט האָבן זיך געפֿונען עטלעכע מענטשן — און געגענעצט. זיי האָבן געמאַכט אַ קנאַפּן ווערן פֿון די אַריינגעקומענע טשעקיסטן און זייערע באַגלייטערס. דער גרויסער זאַל איז געווען אָפּגעלאָזן. ביי אַ טישל איז געזעסן איינגעהויקערט אַ מענטש און געטינגלט מיט אַ פּעדער. געווען איז דאָס יודיצקי. געוואָר ווערנדיק פֿון קאָנוואָי וווהין זיי פֿירן די צוויי פֿאַרשוינען, האָבן יודיצקי און די אַנדערע אָנגעהויבן זיך מיט אונדז צו אינטערעסירן. נאָך אַ קורצן שמועס האָט יודיצקי איבערגענומען די קאָמאַנדע פֿון אַ מכניס־אורח, און אין די עטלעכע טעג וואָס מיר האָבן פֿאַרבראַכט אין קיִעוו אַרויסגעוויזן אַ סך גאַסטפֿריינדלעכקייט. די אַכילה און די משקה איז, אין די מאַטעריעלע באַדינגונגען פֿון יענער צייט, געווען ממש אַ קייסערלעכע. יודיצקי האָט אָנגעבראַכט בעטגעוואַנט און אויסגעבעט אין לאָקאַל פֿון קאָמבונדישן פּאַרטיי־קאָמיטעט קעניגלעכע געלעגערס.

יודיצקי האָט אונדז אויך אַרומגעפֿירט איבער דער שטאָט, דערציילט געשיכטעס פֿון דער רעוואָלוציע, דייטשישער אָקופּאַציע, פֿון די רעזשימען פֿון סקאָראָפּאַדסקי, פּעטלורע, פֿון דער פּוילישער אָקופּאַציע, און פֿונעם צוריקאָפּנעמען דורך דער סאָוועטן־מאַכט די שטאָט קיִעוו.

פֿון יודיצקין בין איך אויך געוואָר געוואָרן, אַז די קאָמבונדישע קאָנפֿערענץ אין מינסק איז נאָך נישט פֿאָרגעקומען.

קיין קאָראָסטין און פֿון קאָראָסטין קיין מינסק זענען מיר געפֿאָרן אין אַ גוטן פּאַסאַזשיר־וואַגאָן. אין מינסק זענען מיר אָנגעקומען שפּעט אין אָוונט. אין לאָקאַל פֿונעם צענטראַל־קאָמיטעט פֿון קאָמבונד האָבן זיך געפֿונען נאָדל, דער פֿירער פֿון דער קאָמבונדישער יוגנט, און זיין פֿרוי. דערוויסנדיק וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, איז נאָדלס פֿרוי אַוועק און געבראַכט אַ מיטגליד פֿונעם צענטראַל־קאָמיטעט. דער צעקיסט האָט געעפֿנט די קאַנצעלאַריע פֿון צ.ק. פֿון קאָמבונד, אַרויסגענומען די שטעמפּלען און אָפּגעשטעמפּלט און אונטערגעשריבן די פּאַפּירן. פֿון שפּייכלער האָט ער אַרויסגענומען אַ פֿלאַש וואָדקע, אַ ברויט, גערויכערטע סאַדלע, און געמאַכט אויף שנעל אַ שטיקל מאָלצייט. ער האָט געגעבן די טשעקיסטן אַ סומע געלט פֿאַר די הוצאות. נאָדל האָט מיך מיטגענומען צו זיך אַהיים איבערצונעכטיקן, דער צעקיסט האָט גענומען מיין גריצער קאָמפּאַניאָן צו זיך — די נסיעה איז געווען פֿאַרענדיקט.

דעם נאָמען פֿונעם מיטגליד פֿון צענטראַל־קאָמיטעט פֿון קאָמבונד, וועלכער האָט מיט זיין אונטערשריפֿט פֿאַרענדיקט די פּעריפּעטיעס פֿון מיין ערשטער רייזע קיין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד — קען איך זיך בשום־אופֿן נישט דערמאָנען. וואָס ס׳געדענקט זיך איז נעמלעך, אַז ער איז געווען פֿון פֿאַך אַ שטעפּער און בעת דעם צאַרישן רעזשים איז ער געווען אַ געוויסע צייט אַ פֿונקציאָנאַר פֿונעם צענטראַל־

קאָמיטעט פון אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער־בונד פון ליטע, פוילן און רוסלאַנד אין אַ געגנט פון ווייסרוסלאַנד. אַ סימפּאַטישער חבר און אין עלטער פון אַ יאָר 35.

די ערשטע נאַכט אין מינסק, אין דער וווינונג פון דער פאַמיליע נאַדל, איז געווען אַ וואַכנאַכט, אַ ים מיט רייד איז פאַרגוצט געוואָרן. די קעגנזייטיקע אינפאָרמאַציעס זענען געווען וויכטיק און אינטערעסאַנט. באַזונדערס אינטערעסאַנט זענען פאַר מיר געווען די אינפאָרמאַציעס אין שייכות מיט דער נאָך נישט אָפּגעהאַלטענער ליקווי־דאַציע־קאָנפערענץ פון רוסלענדישן קאָמבונד, וועגן די אינערלעך־פּאַרטייאישע פאַר־העלטענישן און וועגן די פאַרהאַנדלונגען מיט דער אַלסאָוועטישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. די דערעפענונג פון דער קאָנפערענץ וועט פאָרקומען אין די נאָענטסטע טעג. מ׳וואַרט בלויז אויפן אָנקומען פון ווײַנשטיינען.

אַ טאָג אָדער צוויי טעג שפּעטער איז פון אַ פּאַרטיי־שליחות געקומען יאַנקל לעווין, דער געוועזענער פונקציאָנער אין וואַרשע אין די יאָרן 1914—1915, אין דער צייט פון מיין אויפקום ווי אַ פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכער טוער און איינער פון מיינע ערשטע רבנים אין הילכות פּאַרטייאישער און פּראָפּאַגאַנדיסטישער טעטיקייט, מיט וועמען כ׳האָב זיך אין ווינטער 1915 געזעגנט אין תּפיסה אויף דער דאַנילאָ־וויטשעווסקע־גאַס אין וואַרשע. די באַגעגעניש איז געווען אַ האַרציק־חברישע.

יאַנקל לעווין האָט מיר באַזאָרגט אַ באַקוועמע דירה פאַר דער צייט וואָס כ׳האָב זיך געפונען אין מינסק. די דירה איז געווען ביי ד״ר קאַמינסקי, דער שפּעטערדיקער קאָמיסאַר פאַר געזונט־ענינים אין דער ווייסרוסישער סאָוועטישער רעפּובליק. ד״ר קאַמינסקי איז געווען אַ באַרימטער אויגן־דאָקטער, אָבער אַ קנאַפּער מומחה אין פּאָליטיק.

די אָדיסייע פון וואַרשע ביז מינסק, דער וועג פון מיין ערשטן באַזוך אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, איז געווען פאַרענדיקט. אַ האָפערדיקער, האָב איך געשפּרייזט איבער די מינסקער גאַסן און מיט חדווה געשפּאַנט איבער דער סאָוועטישער ערד.

## די ליקווידאַציע־קאָנפערענץ פונעם קאָמבונד אין רוסלאַנד

אין די יאָרן פון מיין פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט איז מיר אויס־געקומען אָנטיילצונעמען — מיט שטימרעכט, באַראַטונג־רעכט, אָדער ווי אַן אָבסער־וואַטאָר — אין אַ גרויסער צאָל קאָנגרעסן, צוזאַמענפאָרן און קאָנפערענצן פון אַ פאַר־שיידנאַרטיקן כאַראַקטער: פּאַרטייאישע, פּראָפעסיאָנעלע, געזעלשאַפטלעכע און פון קולטור־אָרגאַניזאַציעס, אָבער אַזאַ אידעישע און פּאָליטישע אָרעמקייט, אַזאַ אָביר־נישקייט, און אַזאַ דלות, ווי ס׳האָט געהערשט אויף דער ליקווידאַציע־קאָנפערענץ

פונעם קאָמבונד אין רוסלאַנד, אין מינסק, ווינטער 1921, האָב איך קיין מאָל, נישט פריִער און נישט שפּעטער, בייגעווווינט.

געהאַט האָב איך דעם איינדרוק, אַז אין זאַל פון דער קאָנפערענץ געפינט זיך אַ בר־מינן, וועלכער איז שוין טויט אַ לענגערע צייט און מ׳וויל פונעם מת וואָס שנעלער פּטור ווערן. די לוויה־עטיקעטע פאַרלאַנגט אָבער געוויסע צערעמאָניעס: אַ הספּד, ליבוואָרטער, און ווי אַזוי דעם מת צום שענסטן צו באַגראָבן. אין זאַל געפינען זיך די קרובים פונעם מת און זייער באַציִונג צום טויטן איז אַ פאַרשיידנאַרטיקע. טאַטע־מאַמע און די עלטערע ברידער גיבן זיך קאַלט אָפּ אַ חשבון, אַז דער טויטער איז טויט ווי אַלע טויטע, און אַפילו קיין טאָטער וועט שוין נישט העלפן. מ׳דאַרף אים וואָס שנעלער מקבר זיין און זען, צי ס׳איז פאַרבליבן עפּעס פון דער ירושה איינצוקאַסירן. די בעל־בּכידיקע ווייבער וויינען און קלאָגן: „אַזאַ שיינער מענטש. אויף וועמען לאָזסטו אונדז איבער"? זיי קלאָמערן זיך אין אָרון און ליאַרעמען: „מיר וועלן דיך נישט לאָזן אַוועקנעמען. ביסט נישט טויט, ס׳איז בלויז אַ היגערפלעט". די ציניקערס אין דער משפּחה שמייכלען געהיימעניש־שפּול אונטער, און אָפּט מאָל פּלאַצט ביי זיי דאָס געדולד און זיי פּאָדערן: „אַ סוף זאָל עס נעמען"! גלייכציטיק טראַכטן זיי: געשטאָרבן טאַקע אַן אָרעמאַן, דאָס פאַרמעגן פאַרטאַכלעוועט. אָבער אפשר איז פאַראַן עפּעס געבליבן פון דער אַמאָליקער עשירות וואָס מ׳קען רעאַליזירן?

דאָס איז נישט קיין שאַרזש, נאָר אַ פאָטאָגראַפיע פונעם צושטאַנד, אין וועלכן דער קאָמבונד אין רוסלאַנד האָט זיך געפונען בעת זיין ליקווידאַציע־קאָנפערענץ און פונעם פאַרלויף פון די פאַרהאַנדלונגען אויף דער קאָנפערענץ.

זינט דער מאַרץ־רעוואָלוציע פון 1917 אין רוסלאַנד, האָט דער בונד אין רוסלאַנד זיך געפונען אינעם מענשעוויסטישן לאַגער, און אין דער פּראַקטיק — זיך געפונען צווישן די עקסטרעמסטע קעגנערס פון די באָלשעוויקעס און אָפּט מאָל דעם קאַמף דערפירט צו אַבסורדן. די ייִדישע אַרבעטער האָבן זייער צושטימונג צו דער פּאָליטיק פון די פירערס פון בונד געגעבן מיט די פיס — מאַסנווייז פאַרלאָזט דעם בונד. ס׳איז געבליבן אַ צאָל פירערס מיט קליינע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס. אין 1920 האָבן די געבליבענע רעשטלעך זיך געשפּאָלטן. מיטן סאָציאַל־דעמאָקראַטישן בונד איז אַוועק אַ נישטיק הייפל אינטעליגענץ. דער קאָמבונד האָט זיך פאַראייניקט מיט די לינק־געשטימטע שפּליטערס פון די אַנדערע ייִדישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען: ס.ס., סיימאָווצעס. דער קאָמבונד האָט אין די באַדינגונגען פון דער זיגרייכער אָקטאָבער־רעוואָלוציע וועגעטירט. די פינאַנצן זענען געקומען פון דער סאָוועטישער מלוכה. די קאָנפערענץ אין מינסק, ווינטער 1921, האָט געדאַרפט דורכפירן די לוויה פונעם קאָמבונד אין רוסלאַנד.

דעם הספּד האָט געהאַלטן אסתּר פרומקין, איינע פון די דריי גרעסטע פּרויעןפּערזענלעכקייטן אין דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, מיט

וועלכע כ׳האָב זיך פֿערזענלעך באַגעגנט : ראָזאַ לוקסעמבורג, ווערא קאָסטשעווא, (מאַריאַ קאָשוטסקאַ) און אסתּר פרומקין. לויט מיין מיינונג איז אסתּר פרומקין געווען די גרעסטע פרויען־פּערזענלעכקייט אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין רוסלאַנד צו יענער צייט.

אסתּר פרומקינס הספּד איז געווען אַן אַמאַלגאַמאַט פון פּראָזעאָלאָגיע, אויסגע־הוילט פון וועלכן ס׳איז ערנסטערן אינהאַלט : „מיר גייען אין דער אַלסאָוועטישער קאָמפּאַרטיי מיט אויפגעהויבענע קעפּ. מיר וועלן דאָרט פאַרזעצן אונדזער גלאָררייכן בונדיזם. מיר וועלן קיין מאָל נישט אויפהערן זיין בונדיסטן״. אַפילו איר גרויסער אָראַטאָרישער טאַלאַנט — און די הספּד־רעדע איז פון אַן אָראַטאָרישן שטאַנדפּונקט געווען אַ מייסטערשטיק — האָט נישט געקענט פאַרדעקן די אידעיִש־פּאָליטישע פּוסטקייט פון איר רעדע.

אַגב, מיט עטלעכע יאָר שפּעטער, ערב־פּריילינג 1928, האָב איך זיך מיט אסתּר פרומקין באַגעגנט אין מאָסקווע. זי האָט צו יענער צייט פאַרנומען דאָס אָרט פון דירעקטאָר פונעם מערב־אוניווערסיטעט, ווו ס׳האָבן געלערנט און ס׳זענען אויסגעשולט געוואָרן סאָוועטישע און אויסלענדישע קאַדרען פאַר דער קאָמוניסטי־שער באַוועגונג פאַרן סאָוועטן־פאַרבאַנד און פאַר די אייראָפּעיִשע לענדער. אינעם מערב־אוניווערסיטעט האָט זיך אויך געפונען אַ קאַטעדרע, ווו מ׳האָט געלערנט אין דער יידישער שפּראַך.

כ׳בין נאָר וואָס געהאַט באַפרייט געוואָרן נאָך 5 יאָר שווערער תּפיסה, און איינער פון די ענינים, מיט וועלכע כ׳האָב זיך באַגעגנט אין דער קאַמ. באַוועגונג איז געווען די באַציִונג צום בונד — אַז דער בונד איז געווען אַ ממזר נאָך איידער ער איז געבוירן געוואָרן. איך בין מיט דער שטעלונג נישט מסכּים געווען און דער וויכ־טיקסטער ענין פון מיין שמועס מיט אסתּר פרומקין איז געווען די אָפיציעלע שטע־לונג וועגן דער היסטאָרישער ראָלע פון בונד פון ליטע, פוילן און רוסלאַנד ביז דער מאַרץ־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, און פון בונד אין פוילן ביז דער שפּאַלטונג פון בונד אין פוילן, האַרבסט 1921, וואָס איך האָב באַטראַכט ווי אַ געשיכטלעך פּאָזי־טיווע. אסתּר פרומקין האָט פאַרטיידיקט דעם אָפיציעלן שטאַנדפּונקט. מיר איז געווען דערווידער סיי דער אינהאַלט און סיי דער היסטערישער טאָן פון איר פאַר־טיידיקן די אָפיציעלע שטעלונג, און כ׳בין נישט געווען צו דעליקאַט אין מיין פּאָלעמיק מיט איר. כ׳האָב אויך נישט פאַרפעלט צו דערמאָנען איר הספּד־רעדע אויף דער ליקווידאַציע־קאָנפערענץ פונעם בונד אין מינסק. דער פאַרלויף פונעם שמועס איז געווען אַזאַ שאַרפער, אַז כ׳בין אַוועק פון אסתּר פרומקין אָן אַ „זייַ־געזונט״ און מער מיט איר זיך נישט געוואָלט באַגעגענען. אַלע פּרוּוון פון איר זייט, אויך דורך דער פאַרמיטלונג פון וויינשטיינען, זיך מיט מיר צו באַגעגענען, האָבן נישט געהאַט קיין פּעולה. מער האָב איך זיך מיט אסתּר פרומקין נישט באַגעגנט, וואָס איך באַדויער היינט זייער שטאַרק.

דער באַריכט־רעפּעראַט פון ירחמיאל וויינשטיין איז געווען אַ מוסטער פון פּאָליטיקאַנסטווע. וויינשטיין האָט האָפערדיק גערעדט איבער די פאַרהאַנדלונגען וועגן דער פאַראייניקונג און וועגן די באַדינגונגען פון אַן אַריינטריט פונעם קאָמבונד אין דער אַלסאָוועטישער קאָמ. פאַרטיי. הגם ער האָט געוווּסט, אַז דער קאָמבונד קריגט נישט קיין שום וועזנטלעכע קאָנצעסיע, אַפילו נישט קיין אָרט אינעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער אַלסאָוועטישער קאָמוניסטישער פאַרטיי, אַז אין דער קאָמיסיע מיט וועלכער וויינשטיין האָט פאַרהאַנדלט, זענען בלויז קאַרל ראַדעק און פעליקס דזשערזשינסקי געווען פאַר דעם, אַז מ׳זאָל דעם בונד געבן אַ געוויסע פאַרמעלע סאַטיספאַקציע, און אַז זינאָוויעוו, דער פאַקטישער באַלעבאָס פון דער קאָמיסיע, איז געווען אַפילו קעגן דעם אָנרופן דעם אַריינטריט פון בונד אין דער סאָוועטישער קאָמ. פאַרטיי ווי אַ פאַראייניקונג און האָט פאַרלאַנגט, אַז די מיטגלידער פון קאָמבונד זאָלן ווערן אַריינגענומען נישט אין קאָרפּאָרע, נאָר ווי יחידים. ערשט לענין, צו וועמען ראַדעק און דזשערזשינסקי האָבן זיך געווענדט נאָך אַן אינטערווענץ, האָט מיט זיין אויטאָריטעט אַרויפגעצוווּנגען זינאָוויעוון איינצוגיין אויף אַ פאָרמולע פון אַ פאַראייניקונג.

איך וויל נישט שלעכט פאַרשטאַנען ווערן. ירחמיאל וויינשטיינס פּאָליטיקאַנערישע רעדע אויף דער קאָמבונדישער ליקווידאַציע־קאָנפערענץ אין מינסק, ווינטער 1921, איז נישט קיין מוסטער פאַר מיין כאַראַקטעריסטיק און פאַר מיין פערזענלעכער באַציִונג צו וויינשטיינען. איך באַטראַכט וויינשטיינען פאַר איינעם פון די פעיִקסטע פירערס פון בונד אויפן שטח פון דער אַמאָליקער רוסישער אימפּעריע אונטערן צאַרישן רעזשים און פאַר איינעם פון די פיינסטע פערזענלעכקייטן אין דער יידישער סביבה אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. זיין רעדע אויפן צוזאַמענפאַר פון „געזערד״ נאָכן אַרעסט פון אסתּר פרומקין איז דער לעבעדיקסטער באַוויז פון זיין פּאָליטישער ערנהאַפטיקייט און פון רעוואָלוציאָנערן מוט און אַחריות. מיינע באַגעגענישן מיט ירחמיאל וויינשטיין אין סאָוועטן־פאַרבאַנד האָבן תּמיד אויף מיר איבערגעלאָזט דעם בעסטן איינדרוק. זיין — לאָמיר עס אָנרופן ביים ריכטיקן נאָמען — היפּאָקריטישע רעדע אויף דער ליקווידאַציע־קאָנפערענץ פון קאָמבונד, איז פאַר וויינשטיינען געווען, ווי ער האָט עס פאַר מיר מערערע מאָל שפּעטער אונטערגעשטראָכן, אַ ביטערע נויטווענדיקייט.

קלאָר און בולט האָט דאָס ליקווידאַציע־פּראָבלעם אָוועקגעשטעלט יאַנקל לעווין, דער געוועזענער סטאָליאַר־אַרבעטער און לאַנגיאָריקער פּראָפעסיאָנעלער רעוואָלוציאָנער: נישטאָ קיין אַנדערע ברירה. מיר האָבן פאַרשפּעטיקט דעם צוג פון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. מיר דאַרפן בענטשן דעם גורל, וואָס גיט אונדז אַ לעצטן שאַנס זיך אַריינצוכאַפּן אין צוג און צו פאַרנעמען אַן אָרט — אַפילו אויף נישט קיין באַקוועמען זיצפּלאַץ.

געווען איז אַ קליינע מינדערהייט קעגן דער ליקווידאַציע פון קאָמבונד אין

סאָוועטן־פאַרבאַנד, אַנגעפירט פון העניע גאַרעליק, פערל און פראַנקפורטער. העניע גאַרעליק האָט געהיסטעריעוועט בשעת איר רעדן און נישט פאַרפעלט אַפילו צו חלשן. פערל און פראַנקפורטער, אויב איך בין זיך נישט טועה, לערערס פון פאַך, מענטשן אינטעליגענטע און פעיִקע, האָבן גערעדט זייער סענטימענטאַל וועגן די געשיכטלעכע אויפטוען פון בונד, אָבער נישט באַוויזן צו ברענגען צום אויסדרוק קיין אײן פּאָליטישן אַרגומענט און קיין איין באַווייז פאַר דער וויטערדיקער מעגלעכקייט פון עקסיסטענץ פאַר אַ קאָמבונד אין די ראַמען און באַדינגונגען פון סאָוועטן־פאַרבאַנד.

אין די רעדעס פון די קעגנערס פון ליקווידאַציע זענען געקומען צום אויסדרוק שאַרפע פאַרווורפן אויפן חשבון פון די געוועזענע פירערס פון ס.ס. און סיימאָוועצעס, אַ באַשולדיקונג, אַז זיי זענען דער הויפּט־גורם פון דער ליקווידאַציע פון בונד. אין זיין רעדע האָט דער געוועזענער פירער און אידעאָלאָג פון דער ס.ס., ליטוואַקאָוו, זיך אָפּגערעכנט מיט די באַשולדיקערס אין אַ טאָן און אויף אַן אופן וואָס דער טערמין „ציניזם" וואָלט געווען אַ בלאַסער אויסדרוק פון זיין פּאָלעמיק:

„וואָס ווילט איר פון אונדז, וואָס פאַר אַ טענות האָט איר צו אונדז, געוועזענע ס.ס.אָוועצעס? מיר האָבן דאָך אַלע מאָל געפּריידיקט, אַז דער בונד טויג נישט, אַז ער דאַרף פאַרשווינדן פון דער יידישער אַרבעטער־גאַס, און איצט, אַז מיר האָבן געקריגן אַ מעגלעכקייט צו העלפן דעם בונד ליקווידירן, זאָלן מיר זיך אָפּזאָגן פון אונדזער היסטאָרישער אויפגאַבע"?!

געווען זענען אויף דער קאָנפערענץ אַ רייע באַגריסונגען פון אַ סקאַרבאַוון כאַראַקטער, דערונטער אויך פונעם פּאַרזיצער פון ווייסרוסישן קאָמיסאַרן־ראַט. אַ שטאַרקן איינדרוק האָט געמאַכט די באַגריסונג־רעדע פונעם פאַרשטייער פון קאָמסאָמאָל. דער באַגריסער איז געווען מוניע, אַ יאָט פון אַ יאָר 20, און שוין דעמאָלט אַ מיטגליד פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון קאָמסאָמאָל. גערעדט האָט מוניע אין דער יידישער שפּראַך און געגעבן אַ היסטאָרישן איבערבליק איבער דער פּאָזיטיווער ראָלע פון בונד אין דער צייט פון צאַריזם. מיט אַן אייזערנער לאָגיק האָט ער אָנגעוויזן אויפן אימפּעראַטיוו פון דער ליקווידאַציע פון בונד אין די ראַמען פון סאָוועטן־פאַרבאַנד. מוניעס רעדע איז געווען די אינטערעסאַנטסטע און די שענסטע רעדע אויף דער ליקווידאַציע־קאָנפערענץ פונעם קאָמבונד אין רוסלאַנד.

אויף מוניען האָט מען געלייגט גרויסע האָפענונגען, אים באַטראַכט ווי אַן אויפגייענדיקן שטערן פון אַ פירנדיקן מענטש פונעם יינגערן דור. בשעת די פראַקציע־קאַמפן אין די צוואַנציקער יאָרן אין דער סאָוועטישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי איז מוניע געווען אַן אַקטיווער טראָצקיסט. ער איז אַרעסטירט געוואָרן און אין תפיסה האָט ער אָפּגעגעבן אַן אַנטי־טראָצקי־דעקלאַראַציע. ווען כ'האָב זיך, אין 1928, באַגעגנט מיט מוניען אין מאָסקווע, האָב איך פאַר זיך געהאַט אַ שאָטן פונעם אַמאָליקן ברויזנדיקן, וויברירנדיקן און פעיִקן מוניע: דער קאָפּ אָפּגעגאָלט, דאָס

פּנים אויסגעצערט, פאַרלאָשענע אויגן און קאַזיאָנע רייד. זיין ווייטערדיקער גורל איז מיר אומבאַקאַנט.

כאָטש כ׳האָב זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון פון דער אוממעגלעכקייט און נישט־נייטיקייט פאַר אַ ווייטערדיקער עקסיסטענץ פון בונד אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, אַז ווען כ׳געפין זיך אין רוסלאַנד בשעת און נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, וואָלט איך זיכער שוין לאַנג געהאַט איבערגעריסן מיטן בונד, האָב איך פון דעסטוועגן געשטיצט די מינדערהייט, וואָס איז געווען קעגן דער ליקווידאַציע. מיין אַרגומענט קעגן אַ תיכּפדיקער ליקווידאַציע פון קאָמבונד אין סאָוועטן־פאַרבאַנד איז געווען, אַז די ליקווידאַציע וועט שטערן דער באָלשעוויזאַציע פון בונד אין פוילן און וועט געבן אַ שטאַרק געווער אין די הענט פון די רעכטע פירערס פון בונד אין פוילן. איך האָב פאַרגעלייגט, אַז די קאָנפערענץ זאָל זיך אויפלייזן און באַשטימען אַ המשך אין אַ יאָר אַרום. מיין פאָרשלאָג האָט נישט געהאַט קיין שום אויסזיכט אָנגענומען צו ווערן. ער איז דורךביידע צדדים באַקעמפט געוואָרן און איז נישט געשטעלט געוואָרן צום אָפּשטימען, ווייל קיינער פון די דעלעגאַטן מיט שטימרעכט האָט אים נישט געשטיצט.

אין דער צייט פון מיין רעדע איז אין זאַל אַריינגעקומען עמנואל נאָוואָגרודסקי. נאָוואָגראָדסקי האָט אָפּגעטראָטן אין מינסק אויף זיין רייזע קיין מאָסקווע ווי אַ פאָרשטייער פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד אין פוילן צו פירן פאַרהאַנדלונגען מיטן קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל וועגן אַן אַריינטריט פון בונד אין פוילן אין קאָמינטערן. ער האָט באַוויזן צו זיין אָנוועזנדיק אויף דער קאָמבונדישער קאָנפערענץ. די מעלדונג פון פאָרזיצער פון דער זיצונג, יאַנקל לעווין, וועגן דער אָנוועזנדיקייט פון אַ מיטגליד פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד אין פוילן אויף דער קאָנפערענץ, זיין באַגריסונג, און דאָס נישט זשאַלעווען פון מיין זייט קיין לויבווערטער אויפן חשבון פון עמנואל נאָוואָגרודסקין ווי אַ לינקעזירנדיקער בונדיסט, האָט אַרויסגע־רופן אַ שטאַרקע אָוואַציע ביי די דעלעגאַטן.

אין זיין רעדע איז עמנואל נאָוואָגרודסקי שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן דער ליק־ווידאַציע. דער חילוק צווישן מיין און זיין שטעלונג איז געווען, וואָס מיין שטעלונג איז געווען פון אַ טעכנישן און זיין שטעלונג פון אַ מעריטאָריש־פּרינציפּיעלן כאַ־ראַקטער.

עמנואל נאָוואָגרודסקיס רעדע און פאַרנומענע שטעלונג האָט שוין נאַטירלעך נישט געקענט האָבן קיין שום וואָג און איינפלוס אויפן אויסגאַנג פון דער קאָנפערענץ.

די ליקווידאַציע־קאָנפערענץ פון קאָמבונד אין מינסק, ווינטער 1921, האָט דעם בונד אין רוסלאַנד געפירט צו קבורה אָן מוזיק. די בונדישע שבועה, וואָס איז צום לעצטן מאָל געזונגען געוואָרן, איז געווען אַ קדיש, וועמענס אינהאַלט ס׳איז באַשטאַ־נען פון דעם לאַטייניש ן עפּיגראַם: סיק טראַנסיט גלאָריאַ בונדו.

# מאָסקווע

### כ׳פאָר קיין מאָסקווע

מאָסקווע, מאָסקווע, סאָראָק סאָראָקאָוו (פערציק מאָל פערציק) צערקוועס! אין די קרעמל־מויערן שאַלטעווען די צאַרישע סאַטראַפּן הונדערטער יאָרן. נאָכן עפּענען אַ פענצטער קיין אייראָפּע, אויפבויענדיק פּעטערבורג אויף די ביינער פון צענדליג־גער טויזנטער פּויערים, זעצן פאַר די צאַרישע פאַרטרעטערס אין די קרעמל־מויערן די מאָרד־ און גוואַלט־פּאָליטיק קעגן דער רוסלענדישער באַפעלקערונג.

מאָסקווע — שוידערהאַפטיקער גירוש פון ייִדן סוף פאַריקן יאָרהונדערט. אין דיינע דלת־אמות טאָרן קיין ייִדן, מיטן אויסנאַם פון איינצלנע פּריווילעגירטע, זיך נישט געפינען.

אָבער נישט צו דער מאָסקווע, דער מאָסקווע פון דער פאַרגאַנגענהייט, פאָר איך. כ׳פאָר צו דער נ י י ע ר מאָסקווע, צו דער מאָסקווע, אין וועלכער ס׳געפינט זיך דער שטאַב פון דער וועלט־רעוואָלוציע. אין וועמענס קרעמל־בנינים ס׳געפינט זיך די מלוכישע אָנפירונג פון דער ערשטער פּראָלעטאַרישער סאָציאַלער רעוואָלוציע, פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד מיט לענין און טראָצקי בראָש; צו דער מאָסקווע, צו וועלכער די אויגן פון יעדן רעוואָלוציאָנער זענען געווענדט, פאָר איך!

מיין טרוים צו זען מאָסקווע, זיך צו באַקענען אויפן אָרט מיט דער גלאָררייך־דורכגעפירטער רעוואָלוציע און לערנען מיין ווייטערדיקן וועג פון אַן אַקטיוון רעוואָלוציאָנער — ווערט פאַרווירקלעכט.

### אַ דערשיטערנדיקע דערציילונג

די רייזע פון מינסק קיין מאָסקווע איז אַ באַקוועמע, פאַר יענער צייט ממש אַ קאָמפאָרטפולע. דער סאָוונאַרקאָם, די רעגירונג פון ווייסרוסלאַנד, האָט לגבי דעם קאָמבונד פון רוסלאַנד מקיים געווען די מיצווה פון אַ חסד של אמת: צוגעטיילט עטלעכע פּאַסאַזשיר־פּולמאַן־וואַגאָנען, צו 8 מענטשן אין אַ קופּע, און אָפּגעשיקט דעם קאָמבונדישן פּאָליטישן בר־מינן אויף אַ פּאַראַדנעם אופן קיין מאָסקווע — צו קבורה.

צווישן די 8 מענטשן אין דער קופּע, אין וועלכער כ׳בין לאָקירט, געפינען זיך ירחמיאל ווײַנשטיין, ליטוואַקאָוו און עמנואל נאָוואָגרודסקי. דאָס געמיט פון די נעכטיקע פירערס פון בונד און פון קאָמבונד אין רוסלאַנד איז נישט קיין יום־טובדיקס, ווי ס׳וואָלט געפּאַסט פאַר מחותנים, וועלכע פאָרן צו אַ חתונה פון אַ פאַראייניקונג, נאָר ווי פון אַבלים. מ׳רעדט נישט וועגן די פּראָבלעמען פון פאַר־אייניקונג. מ׳עסט שוואַרץ ברויט מיט געווענדזלטע סאַדלע און מען דערציילט מעשׂיות און עפּיזאָדן פון דער פאַרגאַנגענהייט.

איינע פון די מעשׂיות וואָס ירחמיאל ווײַנשטיין האָט דערציילט, האָט געהאַט

אַ שייכות צום פירער פון בונד י. פּאָרטנאָי. פּאָרטנאָי איז אין אַלגעמיינעם ייִדישן אַרבעטער־בונד פון ליטע, פוילן און רוסלאַנד באַקאַנט געווען אונטערן נאָמען נח, און זינט אויגוסט אָדער סעפּטעמבער 1915 אין פוילן — אונטערן נאָמען יוזעף.

דערציילט האָט ירחמיאל וויינשטיין אַזאַ געשיכטע:

בשעת וולאַדימיר בורצעוו האָט דעמאַסקירט דעם פירער פון דער טעראָריס־טישער אָרגאַניזאַציע פון די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן אַזעף ווי אַ פּראָוואָקאַטאָר, האָט ער גלייכצייטיק דעמאַסקירט אויך אַנדערע פּראָוואָקאַטאָרן פון די פאַרשיידענע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין רוסלאַנד.

בורצעוו האָט צוגעשיקט דעם אויסלענדישן קאָמיטעט פון בונד אין זשענעווע אַ ידיעה, אַז איינער פון די סאַמע וויכטיקסטע מיטגלידער פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד, וועלכער געפינט זיך אין רוסלאַנד, איז אַ פּראָוואָקאַטאָר. בורצעוו האָט נישט אָנגעגעבן קיין נאָמען, נאָר בלויז געשילדערט די טעטיקייט־געביטן פונעם פּראָוואָקאַטאָר. די סימנים האָבן געפירט אויסשליסלעך צו דער פערזאָן פון נח.

פאַר די מיטגלידער פון צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד איז די ידיעה געווען אַ שווערער קלאַפּ. אין נחס הענט זענען יאָרן לאַנג געלעגן אַלע פעדעם פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע. אַ טייל מיטגלידער פונעם צענטראַל־קאָמיטעט, און וויינשטיין גופא, זענען געווען זיינע דירעקטע תלמידים. גלייבן, אַז נח איז אַ פּראָוואָקאַטאָר, האָט מען נישט געוואָלט, איגנאָרירן די באַשולדיקונג, צו יענער צייט, נאָכן דעמאַסקירן אַזעפן און אַנדערע וויכטיקע טוערס אין די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, האָט מען אויך נישט געקענט און נישט געטאָרט. די מיטגלידער פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד האָבן זיך מיט בורצעווס ידיעה און מיטן חשד אויף נחן פשוט געשטיקט — נישט אַראָפּצושלינגען און נישט אויסצושפּייען.

דער צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד האָט דעם ענין נח געמוזט באַטראַכטן און אָננעמען אַ באַשלוס. אויף אַ זיצונג וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין מינסק, אין וועלכער ס'האָבן זיך באַטייליקט די מיטגלידער פון צענטראַל־קאָמיטעט: יודין־אייזענשטאַט, אַבראַמאָוויטש, וויינשטיין און נח, האָט נח געמאַכט אַ דערקלערונג, אַז ער ווייסט וועגן בורצעווס ידיעה און אַז אויף קיינעם חוץ אים קען נישט פאַלן דער חשד. ער האַלט פאַר אונטער זיין כבוד זיך צו פאַרטיידיקן און אויך פאַר אוממעגלעך ווייטער צו באַטייליקן זיך אין דער פּאַרטיי־טעטיקייט — און אָן אַ „זיי געזונט" האָט ער פאַרלאָזט דאָס צימער.

נח איז אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע. געוואָרן אַ לערער אין אַ ייִדישער פּריוואַטער גימנאַזיע און קיינער פון די צענטראַלע טוערס פון בונד האָט מיט אים נישט געהאַט קיין באַציִונגען.

מיט אַ צייט שפּעטער האָט בורצעוו מיטגעטיילט דעם נאָמען פונעם בונדישן פּראָוואָקאַטאָר, געווען איז דאָס מיכל קאַפּלינסקי. די באַציִונג צו נחן האָט זיך נאַטירלעך געענדערט. די מיטגלידער פונעם צענטראַל־קאָמיטעט און פון די פאַר־

טרויוּנג־מענטשן פון צענטראַל־קאָמיטעט פלעגן נחן באַזוכן, זיך מיט אים באַראַטן, קיין אַקטיוון אָנטייל אין דער באַוועגונג האָט אָבער נח מער נישט גענומען. ערשט אין 1913 האָט נח ווידער זיך אָנגעהויבן אינטערעסירן מיט דער באַוועגונג און אין 1914, ווען ס׳זענען געמאַכט געוואָרן די צוגרייטונגען פאַר אַ בונדישן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר אין אַ שטאָט מחוץ די גרענעצן פונעם צאַרישן רוסלאַנד, האָט נח מסכּים געווען זיך צו באַטייליקן אין צוזאַמענפאָר ווי אַ מיטגליד פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד.

דער אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט צעשטערט דאָס צושטאַנד־קומען פון צוזאַמענפאָר. די מלחמה־באַדינגונגען האָבן געשאַפן די נייטיקייט פאַר אַן אויטאָנאָמען קאָמיטעט פאַר פּוילן, דעם „פּוילישן קאָמיטעט״, מיט אַלע רעכטן פון אַ צענטראַלער פּאַרטיי־אָנפירונג פאַר פּוילן. נח איז געשטעלט געוואָרן בראָש פונעם דאָזיקן קאָמיטעט.

דער פּראָוואָקאַטאָר מיכל קאַפּלינסקי איז נישט געווען קיין מיטגליד פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד, ער איז אָבער זינט דער אַנטשטייונג פון בונד געווען דער סאַמע נאָענטסטער און וויכטיקסטער מענטש אַרום דעם בונדישן צענטראַל־קאָמיטעט.

מיכל קאַפּלינסקי איז פון פאַך געווען אַ שלאָסער, טעטיק געווען אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג נאָך פאַרן אַנטשטייך פון בונד, געווען אַ קינסטלער אין דער אומלעגאַלער טעכניק, געפונען קונציקע פּאַרטלען, ווי אַזוי צו טראַנספּאָרטירן אומלעגאַלע ליטעראַטור פון אויסלאַנד און איבערן שטח פון דער צאַרישער מלוכה. ער האָט איינגעאָרדנט געהיימע דרוקערייען פאַרן בונד און פאַר די אַנדערע סאָציאַ־ליסטישע פּאַרטייען, איז געווען אויסגעבונדן און האָט געוווּסט אַלע סודות נישט בלויז פון בונד, נאָר אויך פון די אַנדערע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס. דער צוטרוי צו קאַפּלינסקין איז געווען אַן אייזנפעסטער.

מיכל קאַפּלינסקי איז אַרעסטירט געוואָרן בעת דעם גרויסן אַרעסט אין די ערשטע יאָרן פון דער עקסיסטענץ פון בונד. זובאַטאָוו, דער ראָש פון דער צאַרישער אָכראַנע, האָט געוואָלט מיט איין קלאַפּ ליקווידירן די עקסיסטענץ פון בונד. גלייכ־צייטיק האָט זובאַטאָוו געשאַפן אַ לעגאַלע יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע מיט מאַניע ווילבושעוויטש בראָש, אין וועלכער ער האָט אַריינגעצויגן אויך אַ רייע בונ־דישע טוערס. צווישן די אַרעסטירטע האָט זובאַטאָוו זיך באַמיט צו ווערבירן פּראָ־וואָקאַטאָרן און קאַפּלינסקי איז געוואָרן אַ פּראָוואָקאַטאָר.

נאָכן דעמאַסקירן אים איז קאַפּלינסקי פאַרשוווּנדן. די אָכראַנע האָט אים נישט געלאָזט אויף הפקר, געגעבן אַנדערע דאָקומענטן און איינגעאָרדנט אין אַ רוסישער שטאָט (אין סאַראַטאָוו אָדער אין סאַמאַרע), געגעבן אים געלט צו עפענען אַ קליינעם שלאָסער־וואַרשטאַט און ביז דער מאַרץ־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד אין 1917 געצאָלט אים אַ מאָנאַטלעכן געהאַלט.

קאַפּלינסקיס פרוי, אויך אַ בונדישע טוערין, האָט נישט געגלייבט אין דער באַשולדיקונג און איז מיט קאַפּלינסקין אַוועק אין דער דורך דער אָכראַנע באַשטימטן אָרט פון אויפהאַלט. ערשט נאָך דער מאַרץ־רעוואָלוציע, ווען די אַרכיוון פון דער צאַרישער אָכראַנע זענען געעפנט געוואָרן און צווישן די געפערלעכסטע פּראָוואָקאַטאָרן האָט זיך געפונען דער נאָמען קאַפּלינסקי, האָט זי אים פאַרלאָזט.

קאַפּלינסקי האָט פאַר זיין פרוי זיך מודה געווען, אַז ער איז געווען אַ לאַנג־יאָריקער פּראָוואָקאַטאָר און איר דערציילט, אַז ער האָט דעם בונד נישט געטאָן קיין גרויסע שאָדנס. ער האָט געקענט לייכט פאַרשיטן די בונדישע פירערס, די טראַנספּאָרטן ליטעראַטור און די מערסטע פון די בונדישע געהיימע דרוקערייען, ער האָט עס אָבער נישט געטאָן. פאַרשיט האָט ער הויפּטזעכלעך די טעטיקייטן און די מענטשן פון די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פאַרטייען, פון די מענשעוויקעס און באָלשעוויקעס — „אַ פּראָוואָקאַטאָר מיט אַ בונדיש געוויסן" — האָט וויינשטיין איראָניש באַמערקט.

נאָך דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע איז קאַפּלינסקי אַרעסטירט געוואָרן. ירחמיאל וויינשטיין האָט זיך באַמיט צו האָבן אַ זעונג מיט קאַפּלינסקין אין טורמע. פעליקס דזשערזשינסקי, דער שעף פון טשעקאָ, וויינשטיינס אַ לאַנגיאָריקער פּער־זענלעכער פריינד, האָט וויינשטיינען אָפּגעזאָגט צו געבן די דערלויבעניש. ווען וויינ־שטיין האָט ענדלעך די דערלויבעניש געקריגן און איז אַוועק אין דער שטאָט, ווו קאַפּלינסקי איז געזעסן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ווען די ווייסע אַרמייען האָבן זיך געהאָט דערנענטערט צו דער שטאָט, האָט די אָרטיקע טשעקאָ אויף אייגענער האַנט קאַפּלינסקין דערשאָסן.

ירחמיאל וויינשטיינס דערציילונג האָט מיך דערשיטערט. י. פּאָרטנאָי, דער פירער פון בונד אין פוילן, וועמען כ'האָב זינט יאָרן געקענט אונטערן נאָמען יוזעף, איז פאַר מיר געווען נישט נאָר אַ פירער פון בונד, פון דער פּאַרטיי, צו וועלכער כ'האָב געהערט און געווען דאָרט טעטיק, נאָר אויך אַן עלטערער חבר און אַן אינטימער פּערזענלעכער פריינד. די טראַגעדיע, וואָס יוזעף האָט דורכגעלעבט, שטייענדיק אַ לענגערע צייט אונטער אַ חשד פון פּראָוואָקאַציע, האָט מיר טיף ווי געטאָן.

ביז היינט קען איך אָבער נישט געפינען קיין ענטפער אויף דער פראַגע, פאַר וואָס כ'האָב קיינעם אין פוילן, קיינעם פון מיינע נאָענטסטע חברים אין בונד, אין קאָמבונד און אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג, נישט דערציילט די דערשיטערנ־דיקע געשיכטע, וואָס כ'האָב געהערט פון ירחמיאל וויינשטיין אויפן וועג, אינעם באַנהאָגאָן, וואָס האָט מיך געפירט פון מינסק קיין מאָסקווע.

אַ גוטמאָרגן דיר, מאָסקווע!

פון מינסק קיין מאָסקווע בין איך אָנגעקומען אין אַ פרימאָרגן. דער טאָג האָט זיך געשטעלט אַ זוניקער און אַ לייכט־פּרעסטלדיקער.

אין ביורא פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער מאָסקווער אָרגאַניזאַציע פון קאָמבונד האָט די קאָמאַנדע איבערגענומען דער לעצטער סעקרעטאַר פון דער מאָסקווער קאָמבונדישער אָרגאַניזאַציע, שלאָסבערג, וועלכער איז גלייכצייטיק געווען דער סעקרעטאַר פון דער קאָמסאָמאָל־גרופּע אין דעם אינזשעניר־אָפּטייל פון מאָסקווער אוניווערסיטעט, אין וועלכן ער, שלאָסבערג, האָט געלערנט.

שלאָסבערג איז געווען אַ וואַרשעווער, אַ קאָסטן־מאַכער. נאָכן אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז שלאָסבערג געוואָרן טעטיק אין דער בונדישער ווירטשאַפט־אַקציע. אַ פּראַקטפול־שיינער בחור, אַ באַלעזענער, אַ קלוגער — האָבן מיידלעך אין דער בונדישער אַרבעטער־קיך ממש געפלאַטערט אַרום אים. ער האָט געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון די בונדישע טוערס און איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער בונדישער פּאַרטיי־טעטיקייט. מ׳האָט אים פאַרויסגעזאָגט אַ שנעלע קאַריערע פון אַ בונדישן אַקטיוויסט פון אַ העכערער מדרגה. ער איז אַרעסטירט געוואָרן צוזאַמען מיט מיר בעת דעם דריטן איבערפאַל פון דער צאַרישער אָכראַנע אויף דער בונדישער אַרבעטער־קיך און אַדמיניסטראַטיוו פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר.

די ערשטע אויפגאַבעס פון שלאָסבערגן זענען געווען דאָס באַזאָרגן די געקומענע פון מינסק קיין מאָסקווע מיט וווינונגען און מיט שפּייזקופּאָנען אָדער ווי מ׳האָט עס בשעתו אין מאָסקווע גערופן: „פּאַיאָקן”, און צו באַזאָרגן די אָנטייל־נעמערס פון דער ליקווידאַציע־קאָנפערענץ פון קאָמבונד מיט דעלעגאַטן־קאַרטן ווי דעלעגאַטן מיט באַראַטונג־רעכט צום צענטן קאָנגרעס פון דער אַלסאָוועטישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. מיך האָט שלאָסבערג איינגעלאַדן צו זיך אין וווינונג ווי זיין פּערזענלעכן גאַסט.

ירחמיאל וויינשטיין איז פאַרנומען געווען מיטן דורכפירן דאָס אַריינגיסן זיך פון קאָמבונד אין דער אַלסאָוועטישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און מיט אַראַנזשירן אַ קאָנפערענץ פון פאַרטרעטער פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד אין פּוילן, עמנואל נאָוואָגרודסקי, מיטן פאַרזיצער פונעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, זינאָוויעוו, וועגן אַריינטריט פון בונד אין פּוילן אינעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

פאַר מיין קומען קיין מאָסקווע זענען פון בערלין קיין מאָסקווע אָנגעקומען צוויי בונדיסטן פון פּוילן: אַלעקסאַנדער (פּ. מינץ) און מייסקי.

אַלעקסאַנדער, פון לאָדזש, איז געווען אַ לאַנגיאָריקער דערפאַרענער און פעיקער פּאָליטישער טוער און אַ מיטגליד פון דער צענטראַלער לינקער פראַקציע, וואָס איז פאַרמירט געוואָרן בעת דער ערשטער בונדישער פאַרטיי־קאָנפערענץ אונטער דער פּוילישער הערשאַפט, סוף דעצעמבער 1918. כ׳האָב מיט אַלעקסאַנדערן געהאַט אַ שמועס וועגן די אַקטועלע ענינים פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און וועגן בונד אין פּוילן און געפונען מיט אים אַ געמיינזאַמע שפּראַך

אין אַלע וויכטיקסטע ענינים, באַזונדערס וועגן בונד אין פּוילן. אויף מיין פאַרשלאַג, ער זאָל מיט מיר צוריקפאָרן קיין פּוילן, האָט אַלעקסאַנדער תּיכּף געגעבן זיין הסכּמה. מיר האָבן געשלאָסן אַ מין פּאָליטישן פּאַקט.

מייסקי (צימערמאַן) איז געווען אַ לובלינער. ער האָט אַ צייט געאַרבעט אין דער בונדישער טאָגצייטונג „לעבענס־פראַגען" אין וואַרשע. מייסקי איז געווען אַן עקס־טרעם־רעכטער נאַציאָנאַליסט און אַ היפּשער עקספּערט אין יידישע ענינים. וולאַדימיר מעדעם האָט מייסקין שטאַרק פּראָטעזשירט און פּאַרויסגעזאָגט אַ צוקונפט פון אַ באַגאַבטן זשורנאַליסט. כ'האָב מייסקין געקענט ווי אַ מיטאַרבעטער פון די „לעבענס־פראַגען", אָבער אין וואַרשע נישט געהאַט מיט אים קיין פּערזענלעכע באַציִונגען. פון בערלין קיין מאָסקווע איז מייסקי געקומען ווי אַ קאָמוניסט און זיינע איינשטעלונגען אין די אַלע ענינים, וועגן וועלכע כ'בין געווען פאַראינטערעסירט, זענען פאַר מיר, דעם נאַטאָרישן פּראַבאָלשעוויק אין בונד פון פּוילן, געווען צופרידנשטעלנדיקע. מייסקי האָט מסכּים געווען, אַז זיין אָנוועזנדיקייט אין פּוילן איז אַ נייטיקע.

מייסקי האָט ערגעץ באַקענט אַ מיידל און זי באַטראַכט פאַר זיין קומעדיקער פרוי. דאָס מיידל, ניוטאַ, איז געווען זייער אַ שיינע, אַן אינטעליגענטע און פון אַ רעוואָלוציאָנערן יחוס — געבוירן אין דער בוטירקי־טורמע אין מאָסקווע. די עלטערן אירע, בונדיסטן, זענען אַרעסטירט געוואָרן אין אַ געהיימער דרוקעריי און די מוטער האָט זי געבוירן בעת זי האָט זיך געפונען אין דער מאָסקווער בוטירקי־תּפיסה. ניוטאַ איז אָבער געווען אַ מענשעוויסטקע, ווי אירע עלטערן זענען בשעתּו געווען, און וועגן איר מיטפאָרן קיין פּוילן איז פאַרגעקומען אַ העפטיקער שטרייט.

מייסקי האָט דערקלערט, אַז אָן דעם מיידל פאָרט ער נישט. אַלעקסאַנדער איז געווען דעצידירט קעגן, אויך איך בין נישט געווען באַגייסטערט פון איר מיטפאָרן קיין פּוילן. וויינשטיין האָט זיך שטאַרק איינגעשטעלט פאַר איר, אויך שלאָסבערג האָט זיך פאַר איר איינגעשטעלט און מיך באַוויזן נישט צו מאַכן קיין שטערונגען. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז מייסקי נעמט מיט דאָס מיידל אויף זיין פּערזענלעכער פאַראַנטוואָרטלעכקייט. די צוקונפט האָט באַוויזן, אַז מייסקי, וויינשטיין און שלאָס־בערג זענען געווען גערעכט, און איך האָב קיין מאָל נישט באַדויערט, וואָס כ'האָב זיך געלאָזט אין מאָסקווע איבעררעדן און מסכּים געווען צו איר מיטפאָרן קיין פּוילן.

אַלעקסאַנדער, מייסקי מיט זיין מיידל, און איך האָבן זיך געגרייט צו אַ צוריק־קער קיין פּוילן.

# דער צענטער קאָנגרעס
# פון דער אַלסאָוועטישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי

אין דער עבודה פון יום־כּיפּור ווערט אויף אַ פּראַכטפולן אופן דערציילט וועגן דעם געמיט־צושטאַנד פונעם כּהן־גדול בשעת ער דאַרף אום יום־כּיפּור אַריינגיין אינעם קדשי־קדשים פון בית־המקדש — זיין פּחד פאַר דער מיסטעריע פונעם קדשי־קדשים און זיין פרייד נאָכן אַרויסקומען בשלום פונעם קדשי־קדשים. מיין שטימונג איז געווען אַן ענלעכע ווען כ׳בין צום ערשטן מאָל געגאַנגען אין קרעמל ווי אַ דעלעגאַט מיט באַראַטונג־רעכט צום צענטן קאָנגרעס פון דער אַלסאָוועטישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

ווען כ׳בין צוגעקומען צו איינעם פון די טויערן פון קרעמל, האָב פּרעזענטירט מיין מאַנדאַטן־קאַרטע און איבערגעגעבן דאָס קאַרטל צום אָפיציר פון דער זיכער־קייט־פּאָליציי (טשעקאַ), האָב איך געפילט אַן אינערלעכן אומרו פון דעם וואָס דערוואַרט מיך, אַ פּחד פאַר דער מיסטעריע פון קרעמל. און ווען כ׳האָב צוריקגע־קריגן מיין דעלעגאַטן־קאַרטל, אַ געשטעמפּלטע מיטן רעכט אַריינצוקומען און אַרויס־צוגיין פון דער קרעמל־געביידע צו יעדער צייט בעת דער קאָנגרעס דויערט, דורך דעם זעלבן אַריינגאַנג, און אָנגעהויבן שפּאַצירן אויף די שטעגלעך, וואָס האָבן געפירט צום צאַרישן טראָנזאַל, אין וועלכן דער קאָנגרעס איז פאָרגעקומען, האָט אַ פריידיק געזאַנג פון שטאָלץ און נצחון געזונגען אין אַלע מיינע אבֿרים.

געגאַנגען בין איך אין דער באַגלייטונג פון יולעק מייסקי. ווען כ׳בין מיט אים געטראָטן איבער די מאַרמאָר־שטיגן, וואָס האָבן געפירט צום קאָנגרעסזאַל, האָב איך מייסקין אַ שטאַרק געטאָן מיט דער פויסט אין דער זייט, אַז ער האָט זיך אַזש אַ קרים געטאָן פאַר ווייטיק, און צו אים אַ זאָג געטאָן:

„זעסט, מייסקעלע, דאָ גייט הערשל מעטאַלאָוויעץ, הערשל דער ייִד און מעטאַ־לאָוויעץ דער אַרבעטער, אַ ייִדישער אַרבעטער. ער גייט מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ און מיט פעסטע טריט, ווי דער קרעמל וואָלט צו אים געהערט זינט דור־דורות. צוזאַמען מיט הערשל מעטאַלאָוויעץ גייט מייסקי דער אינטעליגענט — דער ייִדישער אַרבעטער און דער ייִדישער אינטעליגענט. די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע האָט אונדז, דעם ייִדישן אַרבעטער און דעם ייִדישן אינטעליגענט, געמאַכט פאַר שותּפים צו אַלעם, וואָס די רעוואָלוציע האָט געשאַפן: פון אַ וועכטער אין אַ טורמע ביז צום פּרעזידענט פון דער סאָוועטן־מדינה, ווי ס׳איז געווען סווערדלאָוו, און ביז צו טראָצקין דעם וואָיענקאָם. וועסט זען מייסקי — און כ׳האָב אים געגעבן אַ זעץ אין פּלייצע, אַז ער האָט זיך אַ קורטשע געטאָן — מיר וועלן בקרובֿ אַזוי שפּאַצירן אויף די שטיגן פון בעלוועדער״ — און מיט שנעלע טריט האָב איך זיך געלאָזן צום קאָנגרעסזאַל.

מיין טיראַדע אויף די שטיגן, וואָס האָבן געפירט צום אַמאָליקן טראַנזאַל פון די צאַרן איז אויף אַ מיסטעריעזן אופן דערגאַנגען קיין פוילן און אין פאַרשיידענע נוסחאות קורסירט אין די בונדישע און אין די אַרבעטער־קרייזן פון פוילן נאָך איידער כ׳בין צוריקגעקומען קיין וואַרשע, און ווען כ׳בין צוריקגעקומען קיין פוילן איז די דערמאָנטע טיראַדע מיר אַנטקעגנגעקומען מיט אַ „ברוך־הבא״. אין די קאַמפן ערב דער שפּאַלטונג פון בונד האָט די טיראַדע אויפן פאַרשיידנאַרטיקסטן אופן געשפּילט אַ ראָלע אינעם קאַמף צווישן די קאָמבונדיסטן מיטן בלאָק פון די רעכטע.

ווען כ׳בין אָנגעקומען אין קאָנגרעסזאַל האָט דער צענטער קאָנגרעס פון דער אַלסאָוועטישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי שוין געהאַט אָפּגעהאַלטן זיינע סעסיעס זינט דריי טעג, און ווען מייסקי און איך זענען אַריבערגעטראָטן די שוועל פונעם אַמאָליקן צאַרישן טראַנזאַל, ווו דער קאָנגרעס איז פאָרגעקומען, זענען מיר געבליבן שטיין פאַרבליפטע פון דער סצענע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט פאַר אונדזערע אויגן:

אויף דער טריבונע זענען געשטאַנען אַ דריי צענדליג מענטשן, אין פראָנט פון דער טריבונע — לענין און טראָצקי. עס שטייט דער טויזנטקעפּיקער עולם אין זאַל. אַלע שטייען ערנסטע, ווי ביי אַ פייערלעכער צערעמאָניע. טראָצקי און די אין מיליטער־קליידונג אויף דער טריבונע און אין זאַל סאַלוטירן אין אַ מיליטע־רישער פּאָזע.

אין מיטן דעם זאַל איז פאַרמירט אַ פירעק פון בערך אַ דריי הונדערט מענטשן אין כּלערליי קליידונג: אין ציווילע רעקלעך מיט באַשליקעס אויף די העלדזער, אין אָפּגעריבענע וואַטוווקעס, אין פּעלצלעך, אין קאַשקעטן, אין פוטערנע קוטשמעס און טייל אַפילו אין פּילצענע קאַפּעליושן, אַ סך אין פולער מיליטערי־שער קליידונג. אינעם פירעק זענען פאַראַן יוגנטלעכע, יונגע, עלטערע און אויך עטלעכע זקנים. אַלע אין פירעק זענען באַוואָפנט, אַרומגעגאַרטלט מיט אַ מיליטע־רישן פּאַסיק און מיט לעדערנע בייטלען מיט פּאַטראָנעס, די ביקסן ביי דער רעכטער זייט, און זיי שטייען אין פולן מיליטערישן סטרוי.

אַ פאַררעדער זאָגט אַ מין שבועה און די מענטשן פון פירעק סקאַנדירן וואָרט ביי וואָרט. ס׳דאַכט זיך מיר, אַז עטלעכע הונדערט חתנים שטייען אונטער אַ חופּה און זאָגן נאָך וואָרט ביי וואָרט דעם הרי את פונעם מסדר־קדושין.

ווען דער פאַררעדער ענדיקט, געזעגנט זיך לענין מיט דער גרופּע אין געציילטע ווערטער און ווינטשט זיי בשלום זיך אומצוקערן. ס׳פאַלט אַ מיליטערישער באַפעל. די מענטשן פון פירעק פרעזענטירן דאָס געווער און שטרעקן אויס די פרייע האַנט מיט אַ געביילטער פויסט אין דער ריכטונג פון דער טריבונע. די פאַרזאַמלטע, אויף דער טריבונע און אין זאַל, ענטפערן דעם מיליטערישן סאַלוט מיט אַן אויסגע־שטרעקטער פויסט.

כ׳קען זיך נישט אָפּרייסן פונעם בילד, פונעם מיליטערישן קאַמפּסאַלוט און

פונעם סאַלוט פונעם טויזנטקעפּיקן עולם אינעם טראַנזאַל פון די אַמאַליקע צאַרן — און אַ טרער פון געריירטקייט פאַלט אויף מיין געזיכט.

ס׳הערט זיך ווידער אַ באַפעל, און אין מיליטערישער אָרדענונג, צוויי אין אַ רייע, פאַרלאָזן אַ דריי הונדערט באַוואָפנטע מענטשן דעם זאַל פון קאָנגרעס.

אַן ערך אַ דריטל דעלעגאַטן צום צענטן קאָנגרעס פון דער סאָוועטישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי זענען פונעם קאָנגרעסזאַל אַוועק דירעקט אויפן קאַמפּפראָנט אין קראָנשטאַט, ווו אַ טייל מאַטראָסן פונעם באַלטישן פלאָט, אויפגעהעצטע פון עסערן (סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן) און אַנאַרכיסטן, האָבן אויפגעהויבן אַ בונט קעגן דער יונגער סאָוועטישער מלוכה אונטערן לאָזונג: „מאַכט פון די סאָוועטן, נישט פון קאָמוניסטן".

נאָכן פאַרלאָזן פון דער גרופּע באַוואָפנטע דעלעגאַטן, האָט אין זאַל געהערשט אַן אומאָרדענונג און אַ צערודערונג. אַ קלאַפּ אין טיש מיט אַ הילצערנעם קעגנשטאַנד פונעם פאָרזיצער פון דער זיצונג שטילט דעם עולם איין, און דער צוזאַמענפאָר זעצט פאָר זיין אַרבעט.

מייסקי און איך פאַרנעמען זיצפּלעצער אין אַ פּאָזיציע, וואָס גיט אונדז אַ מעגלעכקייט צו זען און צו הערן וואָס עס קומט פאָר אויף דער טריבונע און צו אָבסערווירן די רעאַקציע פון די דעלעגאַטן אין זאַל בעת די פאַרהאַנדלונגען, רעפעראַטן און דיסקוסיעס.

ס׳איז אַ המשך פון דער דיסקוסיע וועגן דער „אַרבעטער־אָפּאָזיציע" (ראַבאָטשאַיאַ אָפּאָזיציאַ). ס׳רעדן אַ צאָל רעדנערס פאַר און קעגן דער אָפּאָזיציע. די רעדנערס קומען פון דער טריבונע און פונעם זאַל. עס רעדן פאַר דער אָפּאָזיציע: ראַזיאַנאַוו, קאַלאַנטאַי, און די פירערס פון דער אָפּאָזיציע — די פירערס פון מאָסקווער פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די מעטאַל־אַרבעטער לעבעדיעוו און איגנאַטאָוו. פון די רעדנערס קעגן דער אָפּאָזיציע איז אין זכרון פאַרבליבן די רעדע פון קאַרל ראַדעק. ראַדעקס אַרויסטריט איז געווען זייער אַ שאַרפער און געהאַט אויך אַ ייִדישן עלעמענט. ראַדעק האָט די אַרבעטער־אָפּאָזיציע פאַרגעוואָרפן, אַז פון זייער אידעיִשער פּלאַטפאָרמע און פון זייער אַגיטאַציע הערט זיך אַ טוכלער ריח פון אַ קריפּטאָ־אַנטיסעמיטיזם און פון אינטעליגענטאָפאָביע. די שלוסווערטער האָבן געהאַלטן שלאַפּניקאָוו פאַר דער אָפּאָזיציע און לענין קעגן דער אַרבעטער־אָפּאָזיציע.

כ׳בין אָנוועזנדיק געווען, מיט מייסקין און אָן מייסקין, אויף אַלע זיצונגען פונעם צענטן קאָנגרעס. מייסקיס אָנוועזנדיקייט האָט מיר אַ סך געהאָלפן. נאָכן פאַרלאָזן אַ זיצונג און טייל מאָל אויך בעת די פאַרהאַנדלונגען, פלעגט מיר מייסקי געבן אין ייִדיש אַ גוטע רעזומע פון די פאַרהאַנדלונגען אויף דער געגעבענער זיצונג, פון די רעפעראַטן און דיסקוסיעס.

ווי באַקאַנט, זענען אויפן צענטן קאָנגרעס פון דער אַלסאָוועטישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין יאָר 1921 באַהאַנדלט געוואָרן אַזעלכע וויכטיקע ענינים ווי:

די אַרבעטער־אָפּאָזיציע, די ראָלע פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן, דער קראָנ־שטאַטער אויפשטאַנד און „נעפּ".

אַ רייע פּרטים זענען פאַרבליבן אין זכרון, באַזונדערס פון די האַנדלונגען פון לענינען. געוויסע פון די פּרטים האָבן מיר געדינט ווי אַ וועגווייזער אין מיין פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

אָט זענען עטלעכע פון די פּרטים:

די הלבשה פון די אַנטיילנעמערס פונעם קאָנגרעס איז געווען זייער אַן אָרעמע און אַ פאַרשיידנאַרטיקע. מיינסטנס האָבן די קליידער געשטאַמט פון אַלטע און געניצעוועטע פון דער אַמאָליקער צאַריש־מיליטערישער קליידונג. די איינציקע דריי מענטשן, וועלכע זענען געווען לייטיש, מ׳קען זאָגן, עלעגאַנט געקליידט, זענען געווען: לענין, טראָצקי און קרעסטינסקי. לענין איז געווען אָנגעטאָן אין אַ נייעם אָדער כמעט נייעם טונקל־גראַנאַטענעם צווייריייעדיקן אַנצוג, אַ שנייוויס העמד, אַ פיין אויסגעבונדענעם קראַוואַט און אַ קורץ פעלצל, אָנגעהאַנגען אויף די פּלייצעס; טראָצקי — אין אַ פיין צוגעשניטענער מיליטערישער טוזשורקע, די שטיוול גלאַנציק אָפּגעפּוצטע; קרעסטינסקי — אין אַ צווייריייעדיקן ברוינעם אַנצוג. ס׳האָט ממש געשניטן ביים האַרצן זעענדיק די אָרעמע קליידונג פון פּרעאָבראַזשענסקין, מיט בוכאַרינען, דעם מחבר פונעם בוך „דער אַלף־בית פון קאָמוניזם", וואָס איז געוואָרן דאָס פּאָפּולערסטע לערנבוך פאַר די רעוואָלוציאָנער־געשטימטע אַרבעטער און פאַר דער רעוואָלוציאָנערער יוגנט, פון פּאָקראָווסקין, דעם באַרימטן מאַרקסיס־טישן פּראָפעסאָר פון געשיכטע אין מאָסקווער אוניווערסיטעט נאָך אין די צייטן פונעם צאַרישן רעזשים, און פון אַנדערע פּראָמינענטע באָלשעוויקעס. אויך פעליקס דזשערזשינסקי, דער פאָרזיצער פון דער באַרימטער „טשעקאַ", איז געווען אָרעמלעך אָנגעטאָן.

געהערט האָב איך אַ גרויסע צאָל רעדנערס, גרויסע אָראַטאָרישע טאַלאַנטן, אָבער דעם שטאַרקסטן איינדרוק האָט אויף מיר געמאַכט לענין. לענין איז נישט געווען קיין שיינרעדנער. אָפט מאָל איז זיין שטימע געווען כריפּעוואַטע, אָבער זיין כוח פון הסברה איז געווען אַ פענאָמענאַלע. בעת לענין האָט גערעדט, האָב איך געהאַט דעם איינדרוק, אַז ער עפנט די מוחות פונעם עולם, רייניקט אויס פון דאָרט די אָנגעזאַמלטע פּלעווע און פּילט זיי אָן מיט לאָגיק, מיט פּשוטער און געזונטער לאָגיק.

און מערקווערדיק, די דריי מענטשן, וועלכע האָבן נאָך לענינען געשפּילט די גרעסטע ראָלע אין סאָוועטן־פאַרבאַנד: טראָצקי, סטאַלין און זינאָוויעוו, האָבן מיט זייערע רעדעס געמאַכט אויף מיר אַ נישט איבעריק גוטן איינדרוק.

טראָצקיס אָראַטאָרישער טאַלאַנט האָט טאַקע געקענט מיטרייסן גרויסע מאַסן פון יעדער אוידיטאָריע, דאָך האָט ער מיך געלאָזט קאַלט. ס׳איז מיר נישט געפעלן זיין פּאָזע, זיין האַלטונג. ס׳האָט פון אים געבלאָזן אַ גרויסהאַלטעריי, אַ מין סנאָביזם.

ווען כ׳האָב טראָצקין געהערט מיט אַ יאָר שפּעטער רעדן אויף אַ פּלענום פונעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל קעגן דעם אולטראַ־לינקן איטאַליענישן קאָמוניסט באָרדיגאַ און קעגן דעם רעכטן ד״ר שמעראַל פון טשעכאָסלאָוואַקיע, האָט דער ערשטער איינדרוק זיך פילפאַכיק פאַרשטאַרקט. טראָץ דעם, וואָס טראָצקי איז בשעתו, אין די יאָרן 1921—1922, געשטאַנען אויף דער העכסטער הייך פון זיין קאַריערע און איך בין דעמאָלט געווען אַ יונגער רעוואָלוציאָנער, האָט טראָצקי אויף מיר געמאַכט אַ נישט־אָנגענעמען איינדרוק.

סטאַלין האָט מיט זיין רעדן געמאַכט אויף מיר דעם איינדרוק פון אַ גרוי מענטשעלע. גרוי אין זיין אופן פון רעדן, אין אינהאַלט פון זיין רעדן און אין זיין האַלטונג. דער דאָזיקער איינדרוק איז מיר פאַרבליבן אויך בעת די שפּעטערדיקע באַגעגענישן מיט סטאַלינען, ווען ער איז געווען דער מושל, דער אַבסאָלוטער הערשער סיי אין דער אָנפירונג פונעם סאָוועטן־פאַרבאַנד, סיי אין דער אינטער־נאַציאָנאַלער קאָמוניסטישער באַוועגונג. דאָס דאָזיקע גרויע מענטשעלע איז געווען דער קֵיִן פון טויזנטער רעוואָלוציאָנערן, פון סאָוועטישע מענטשן און פון אויס־לענדישע רעוואָלוציאָנערע פירערס און טוערס.

זינאָוויעווס אַרויסטרעטונגען האָבן מיך ממש געפּלעפט. זיין קוויטשעדיקע וויבערישע שטימע האָט מיך דענערווירט. זיין פיזיאָגנאָמיע מיטן גרויסן צעפּאַטלטן קאָפּ איז מיר געווען דערווידער. מיינע שפּעטערדיקע באַגעגענישן מיט זינאָוויעוון האָבן געענדערט מיין ערשטן איינדרוק. זיינע קוואַליטעטן ווי אַ פירער פונעם קאָ־מינטערן זענען נאָך די שפּעטערדיקע באַגעגענישן ביי מיר שטאַרק געשטיגן.

מיט אַ געמישט געפיל פון פאַרדראָס און צופרידנקייט האָב איך אויפגענומען דעם אַרויסטריט פון קאַרל ראַדעק קעגן דער אָפּאָזיציע און זיין באַשולדיקונג, אַז פון זייער פּאָליטישער פּלאַטפאָרמע און פון זייער אַגיטאַציע הערט זיך אַ טוכלער ריח פון קריפּטאָ־אַנטיסעמיטיזם. דער פאַקט, אַז קאָמוניסטן, באָלשעוויקעס, קענען באַשולדיקט ווערן אין אַנטיסעמיטיזם, אין אַנטיסעמיטיזם אַפילו אין אַ פאַר־שטעלטער פאָרעם, האָט מיך ממש אויפגעשוידערט. די אַרויסטריטן פון די פירערס פון דער אַרבעטער־אָפּאָזיציע, שלאַפּניקאָוו און אַנדערע, וועלכע האָבן אין זייערע רעדעס מיט צאָרן אָפּגעוואָרפן די אינסינואַציע — ווי זיי האָבן זיך אויסגעדריקט — פון אַנטיסעמיטיזם, האָבן מיך נישט איבערצייגט. כ׳האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז ראַדעקס באַשולדיקונג איז אַ באַזירטע און דאָס האָט מיך געקרענקט און ווייטיק געטאָן. און געפרייט האָט מיך, וואָס אויף אַ קאָמוניסטישן צוזאַמענפאָר צערעמאָניעט מען זיך נישט, און אויב עפּעס איז שלעכט, ברענגט מען עס צום עפנטלעכן אויסדרוק און אַ דאַנק דעם ווערט דאָס שלעכטס באַזייטיקט.

און ווען כ׳טראַכט היינט וועגן דער סאָציאַליסטיש־פאַלשער באַציִונג צו דער יידישער באַפעלקערונג אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, וועגן דעם אָפענעם און קריפּטאָ־אַנטיסעמיטיזם צווישן קאָמוניסטן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד און ביי געוויסע עלעמענטן

אין די קאָמוניסטישע פּאַרטייען אין פאַרשיידענע לענדער, טויכט אויף אין זכרון קאַרל ראַדעקס אַרויסטריט קעגן דער אַרבעטער־אָפּאָזיציע אויפן צענטן צוזאַמענפאָר פון דער אַלסאָוועטישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין 1921 און שלאַפּניקאָווס צאָרנדיקע אַפּעלירונג — און ס׳ווילט זיך שרייען: „אַך, צייטן, צייטן״!

נישט פאַרגעסלעך איז פאַרבליבן אין זכרון די באַציִונג און די האַנדלונג פון לענינען לגבי דער אַרבעטער־אָפּאָזיציע און לגבי די פירערס און טוערס פון דער דאָזיקער אָפּאָזיציע, אָפּשטאַמיקע פון פאַבריק און וואַרשטאַט. לענין האָט געשניטן לעבעדיקע פּאַסן פון דער פּאָליטישער פּלאַטפאָרמע פון דער אַרבעטער־אָפּאָזיציע, דאָס זעלבע — פון דער אינטעליגענץ, וואָס האָט געשטיצט די אָפּאָזיציע, און באַזונדערס שאַרף איז געווען זיין אַטאַקע קעגן ראַזיאַנאָוו; אָבער מיט פּאַרטייִשער פּאַטערלעכקייט האָט לענין געשוינט די פירערס און טוערס פון דער אַרבעטער־אָפּאָזיציע פונעם פּראָלעטאַרישן אָפּשטאַם, שלאַפּניקאָוון אַריינגענומען אין פּרעזידיום פון צענטן צוזאַמענפאָר, פאַרטיידיקט דעם לענינגראַדער פּאַרלאַג קעגן די קריטיקערס פונעם אַרויסלאָזן שלאַפּניקאָווס אַ בוך. לענינס אַרגומענט איז געווען, אַז די שלאַפּניקאָווס דאַרף מען געבן אַ מעגלעכקייט צו שרייבן אַפילו שלעכטע ביכער, כּדי זיי זאָלן זיך אויסלערנען שרייבן גוטע ביכער. די לעבעדיעווס און איגנאַטאָווס דאַרף טאַקע מער נישט אָנפאַרטרויט ווערן אַזאַ פּאָזיציע, ווי ס׳איז די צענטראַלע און דער מאָסקווער לאָקאַל פון מעטאַל־פאַראיין, זיי דאַרפן אָבער קריגן אַקטיווע אַרבעט, וואָס זאָל זיין צוגעפּאַסט צו זייערע פעיִקייטן און זיי זאָלן זיך נישט פילן באַליידיקט און באַעוולט פון די פּאָסטנס, אויף וועלכע זיי ווערן אַוועקגעשטעלט.

גלייכצייטיק מיט דער שאַרפער אַטאַקע קעגן דער אַרבעטער־אָפּאָזיציע, איז לענין אַרויסגעטראָטן מיט אַ פּראָיעקט, וואָס זאָל פאַרמיידן די ווייטערדיקע מעגלעכקייט פון אַן אָרגאַניזירטער אָפּאָזיציע אין דער סאָוועטיש־קאָמוניסטישער פּאַרטיי און אין דער סאָוועטן־מדינה. לענין האָט פאָרגעלייגט צו שאַפן אַ טעאָרעטישן אָרגאַן, אין וועלכן ס׳זאָלן קענען קומען צום אויסדרוק מיינונגען, וועלכע זענען נישט אין הסכּם מיט די קאַנאָניזירטע דאָגמעס אָדער מיט די באַשלוסן צווישן איין פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר און אַ צווייטן.

עס געדענקט זיך לענינס אַן אַרגומענטאַציע:

„אַ פּאַרטיי, אַ מדינה, איז ווי אַ קאָכעדיקער קעסל. ס׳קען זיך מאַכן, אַז די הייצערס לאָדן אָן דעם קעסל מיט צו פיל דאַמף אָדער מיט קנאַפּ הייץ. אַ טעאָרעטישער אָרגאַן, אין וועלכן די פּאַרטיי־ און מלוכה־טוערס, באַזונדערס דער העכערער אַקטיוו, קען ברענגען צום אויסדרוק זייער פּערזענלעכע מיינונג, שפּילט די ראָלע פון די ווענטילן, וועלכע לאָזן אויס דעם צו שטאַרקן דאַמף אין איבערגעהייצטן קעסל און פאַרהיט, אַז דער קעסל זאָל נישט פּלאַצן, אָדער סיגנאַליזירט, אַז דער קעסל איז נישט גענוגנדיק באַהייצט״.

וואס ס׳האט זיך אפגעטאן אויפן צענטן צוזאמענפאר פון דער אלסאוועטישער קאמוניסטישער פארטיי בשעת לענין האט געהאלטן זיין רעפעראט וועגן דער נייער עקאנאמישער פאליטיק, וועגן „נעפ״ — די קאנסטערנאציע, איבערראשונג, דער־שטוינונג, די צווישנרופן — איז נישט פאר מיין פעדער צום שילדערן. מעגלעך, אז אין דער סאוועטישער ליטעראטור געפינט זיך אזא באשרייבונג. אימפאנירט האט מיר לענינס כוח פון הסברה, זיין כוח פון איבערצייגן. די רעזאלוציע פארן נעפ איז נישט אנגענומען געווארן אומקריטיש, ווי ס׳האט זיך געפירט שפעטער, בימי סטאלין, נאר נאך א גרינטלעכער דיסקוסיע און אין דער פולער איבערצייגונג וועגן דער דרינגלעכער נויטווענדיקייט פון א תיכפדיקער ענדערונג אין דער עקאנאמישער פאליטיק, און אז די נייע עקאנאמישע פאליטיק, דער „נעפ״, איז א באוווסטזיניקער אקט פון א שריט צוריק צו צוויי שריט פאראויס.

מיין אנטייל ווי א דעלעגאט מיט בעראטונג־רעכט אויפן צענטן קאנגרעס פון דער אלסאוועטישער קאמוניסטישער פארטיי, פאר־פרילינג 1921, איז געווען איינע פון די וויכטיקסטע און דראמאטישסטע געשעענישן אין מיין פאליטישן און געזעל־שאפטלעכן לעבן און באדייטנדיק בייגעטראגן צו מיין אנטוויקלונג פון א רעוואָ־לוציאנער־סאציאליסטישן ארבעטער־טוער.

דאס אריינגיסן זיך פון קאמבונד אין רוסלאנד אין דער סאוועטישער קאמוניסטישער פארטיי

נאך דעם ווי דער באוואפנטער אטריאד פון די דעלעגאטן צום צענטן קאנגרעס פון דער אלסאוועטישער קאמוניסטישער פארטיי האט פארלאזט דעם קאנגרעסזאל און דער צוזאמענפאר איז אנגעגאנגען מיט זיין רוטינער ארבעט, האט גריגארי זינאוויעוו, א מיטגליד פונעם פאליט־ביורא פון דער אלסאוועטישער קאמוניסטישער פארטיי און פארזיצער פונעם דריטן קאמוניסטישן אינטערנאציאנאל, צוגעשיקט לענינען א צעטעלע. לענין האט עפעס צוגעשריבן און זינאוויעווס צעטעלע דער־לאנגט דעם פארזיצער. דער פארזיצער האט אפגעשטעלט דעם רעדנער און לענין האט מיטגעטיילט די דעלעגאטן, אז די אקערשט אפגעהאלטענע קאנפערענץ פון קאמבונד אין רוסלאנד האט באשלאסן זיך צו פאראייניקן מיט דער קאמוניסטישער פארטיי, אז די אנטיילנעמערס פון דער קאמבונדישער קאנפערענץ באטייליקן זיך שוין אויפן צוזאמענפאר ווי דעלעגאטן מיט בעראטונג־רעכט, און פארבעטן ירחמיאל ווײנשטיינען צו פארנעמען אן ארט אויף דער טריבונע. די דעלעגאטן האבן די מיט־טיילונג אויפגענומען מיט א רוישיקער אוואציע.

בעת דער מיטאג־הפסקה זענען פארגעקומען די פינאלע פארהאנדלונגען. דעם קאמבונד האט רעפרעזענטירט ירחמיאל ווײנשטיין. די פארטרעטערס פון דער אל־סאוועטישער קאמוניסטישער פארטיי זענען געווען: גריגארי זינאוויעוו, פעליקס דזשערזשינסקי און שמעון דימאנשטיין. דעם וויכטיקסטן פונקט, וואס ווײנשטיין

האָט אַרויסגערוקט אין די פֿינאַלע פֿאַרהאַנדלונגען איז געווען, אַז די ייִדישע סעקציע ביי דער קאָמ. פּאַרטיי זאָל האָבן דעם נאָמען בונד. דימאַנשטיין האָט לגבי וויינשטיינס פֿאַרלאַנג פֿאַרנומען אַ מהיכא־תּיתידיקע שטעלונג. דזשערזשינסקי איז געווען דערפֿאַר, מ׳זאָל וויינשטיינען צוליב טאָן און נאָכגעבן זיין פֿאַרלאַנג. זינאָוויעוו האָט זיך אָבער קאַטעגאָריש קעגנגעשטעלט דער דאָזיקער הנחה.

זינאָוויעוו איז עקשנותדיק געווען קעגן יעדער הנחה לגבי דעם בונד. אויף וויינשטיינען האָט זינאָוויעווס האַנדלונג געמאַכט דעם איינדרוק, אַז ער רעכנט זיך אָפּ מיטן בונד פֿאַר די אַלע קריוודעס, וואָס דער בונד האָט אָפּגעטאָן די באָלשעוויקעס אין די יאָרן פֿון פֿאַרן ערשטן וועלטקריג און בעת דער מאַרץ־ און אָקטאָבער־רעוואָלוציע. זינאָוויעוו איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ער האָט אָפּגעזאָגט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי־מיטגלידערשאַפֿט די קאָמבונדיסטן, וועלכע זענען געווען קעגן דער פֿאַראייניקונג פֿונעם קאָמבונד מיט דער סאָוועטישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

זינאָוויעווס שטעלונג האָט אַרויסגעפֿירט דעם רוזקן וויינשטיין פֿון געדולד. אַן אויפֿגערעגטער האָט ער דערקלערט, אַז אויב זינאָוויעוו וועט בלייבן ביי זיין שטעלונג נישט צו געבן אַלע ביז איצטיקע מיטגלידער פֿון קאָמבונד קיין פּאַרטיי־מיטגלידערשאַפֿט, וועט ער, וויינשטיין, פֿונאַנדערלאָזן דעם קאָמבונד אָן אַ פֿאָרמעלער פֿאַראייניקונג. דזשערזשינסקי האָט געשטיצט וויינשטיינען און דער ענין איז אַריבער צו לענינען.

לענין האָט אָפּגעוואָרפֿן זינאָוויעווס שטעלונג לגבי דער פּאַרטיי־מיטגלידערשאַפֿט פֿון די קאָמבונדיסטן, געהייסן אַלעמען אַריינגעמען און געהאַלטן, אַז זינאָוויעוו איז געווען צו האַרב לגבי וויינשטיינען. ער האָט געלאָזט פֿאַלן אַ ווערטל, וואָס וויינשטיין האָט נישט געוווּסט ווי אַזוי דאָס צו באַטראַכטן, ווי אַ קאָמפּלימענט אָדער אַ באַליידיקונג. אַרגומענטירנדיק קעגן זינאָוויעוון, האָט לענין אַ זאָג געטאָן: „די בונדיסטן האָבן זיך תּמיד אויסגעצייכנט מיט גוטער אָרגאַניזאַציע און געווען גוטע פּאָליטישע קרעמערס. מיר דאַרפֿן איצט האָבן אי גוטע אָרגאַניזאַטאָרן אי גוטע רויטע סוחרים״.

אויף דער נאָכמיטאָג־סעסיע האָט לענין מיטגעטיילט די דעלעגאַטן פֿון צענטן אַלסאָוועטישן פּאַרטיי־צוזאַמענפֿאָר, אַז די פֿאַראייניקונג פֿון קאָמבונד מיט דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי איז אַ פֿאַקט. די דעלעגאַטן האָבן די מעלדונג אויפֿגענומען מיט רוישיקע אַפּלאָדיסמענטן.

נאָך אַ 24־יאָריקער עקסיסטענץ האָט דער בונד אין רוסלאַנד אויסגעהויכט זיין נשמה און געוואָרן אַן עלעמענט פֿון געשיכטע.

אויף מיר האָט זינאָוויעווס האַנדלונג און לענינס זאָג אויפֿן חשבון פֿון בונד געמאַכט אַ שווערן איינדרוק. כ׳בין געווען ממש דערשיטערט. כ׳האָב מורא געהאַט, אַז זינאָוויעוו וועט אַזוי האַנדלען אויך בעת די פֿאַרהאַנדלונגען מיטן פֿאַרטרעטער פֿונעם צענטראַל־קאָמיטעט פֿון בונד פֿון פּוילן, און דאַן איז די האָפֿענונג אַריינצופֿירן

דעם בונד פון פוילן אין קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל פאַרפאַלן; קיין שום בונדיסט פון פוילן, אַפילו דער סאַמע לינקסטער, װעט נישט מסכּים זיין זיך אַזױ צו דערני־דעריקן.

כ׳האָב זיך געפילט באַליידיקט פון לענינס באַצייכענען די אייגנשאַפטן פון בונד און פון די בונדיסטן װי פון קרעמערס. אַװדאי איז געװען אַ קאָמפּלימענט לענינס באַצייכענונג, אַז בונדיסטן זענען גוטע אָרגאַניזאַטאָרן, אָבער נישט צוליב דעם בין איך און דער רוב־מנין פון די יידישע אַרבעטער, בונדיסטן, געקומען צום בונד. קאַרל לעגיען, דער גרויסער אָרגאַניזאַטאָר פון די דייטשישע געװערקשאַפטן (פראָ־פעסיאָנעלע פאַראיינען), איז געװען אַ געניאַלער אָרגאַניזאַטאָר, טאָ װאָס פאַר אַ פאַרגלייך איז צװישן אַ רעװאָלוציאָנער־סאָציאַליסטישן בונדיסט מיטן קאַרדינאַל פון רעפאָרמיזם אין דער דייטשישער אַרבעטער־באַװעגונג! איך געהער צום בונד אין פוילן, װייל כ׳באַטראַכט די פאַרטיי װי די פאַרטיי פונעם יידישן פראָלעטאַריאַט און דערפאַר װיל איך, זי זאָל געהערן צום רעװאָלוציאָנערן טייל פונעם װעלט־פראָלעטאַריאַט, צום קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, און נישט דערפאַר װייל בונ־דיסטן זענען גוטע אָרגאַניזאַטאָרן. בונדיזם און קאָמוניזם איז פאַר מיר און פאַר די יידישע אַרבעטער, בונדיסטן, נישט קיין סתירה, נאָר אַן איינהייטלעכקייט און דער בונד איז פאַר מיר נישט קיין פאַרטיי פון פאָליטישער קרעמעריי.

באַליידיקט ביז די טיפסטע טיפעניש פון מיין פראָלעטאַרישער און בונדישער נשמה האָב איך באַשלאָסן צו זוכן אַ געלעגנהייט צו זאָגן דירעקט לענינען װאָס אַ יידישער אַרבעטער, אַ בונדיסט פון פוילן, טראַכט און פילט װעגן זיין קלאַסיפי־קאַציע פון בונד און בונדיסטן. כ׳האָב נישט געמאַכט קיין סוד פאַר װיינשטיינען און פאַר שלאָסבערגן װעגן מיין פאַרדרוס פון זינאָװיעװס האַנדלונגען בעת די פאַר־האַנדלונגען מיט װיינשטיינען און װי טיף געקרענקט און באַליידיקט כ׳בין פון לענינס קלאַסיפיקאַציעס — און געבעטן װיינשטיינען צו שאַפן מיר אַ מעגלעכקייט פאַר אַ באַגעגעניש מיט װלאַדימיר לענין.

װיינשטיין און שלאָסבערג האָבן זיך באַמיט צו מאַכן צו קליינגעלט לענינס זאָג אויפן חשבון פון בונד און פאַרזיכערט, אַז זינאָװיעװס שטעלונג צום בונד אין פוילן, װעלכע איז אַ גרויסע באַװעגונג און װעמענס אָנגענומענע רעזאָלוציעס אויפן לעצטן פאַרטיי־צוזאַמענפאָר זענען פראָקאָמוניסטיש, װעט זיין אין גאַנצן אַן אַנדערע װי ס׳איז געװען זיין שטעלונג לגבי דעם קאָמבונד אין רוסלאַנד.

מיט אומגעדולד האָב איך דערװאַרט די פאַרהאַנדלונגען פון פאַרטרעטער פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד פון פוילן, עמנואל נאָװאָגרודסקי, מיט די פאַר־שטייערס פונעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

**די פאַרהאַנדלונגען פון בונד אין פּוילן מיטן קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל**

עס איז באַשטימט געוואָרן אַ באַגעגעניש פון פאַרשטייער פון בונד אין פּוילן, עמנואל נאָוואָגרודסקי, מיטן פאָרזיצער פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, גרי־גאָרי זינאָוויעוו. צו די קאָנפערענצן מיט די פאַרשטייערס פון קאָמינטערן האָט עמנואל נאָוואָגרודסקי מיטגענומען ירחמיאל ווײַנשטיינען פאַר אַ ראַטגעבער.

כ'האָב נאָוואָגרודסקין פאַרגעלייגט מיטצונעמען ווי באַראַטערס אָדער ווי אָב־סערוואַטאָרן, אַלעקסאַנדערן און מיך. נאָוואָגרודסקי האָט קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט מיין פאָרלאַנג. אַלע מיינע באַמיִונגען, אַרגומענטן, און אַפילו סטראַשונקעס האָבן נישט געהאַט קיין פּעולה. נאָוואָגרודסקיס ענטפער איז געווען, אַז דער צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד אין פּוילן האָט אים, און נאָר אים, באַפולמעכטיקט צו פירן די פאַרהאַנדלונגען, און ער דאַרף נישט און וויל נישט האָבן קיין דירעקטע אָדער אומדירעקטע מיטהעלפערס אָדער עדות חוץ ווײַנשטיינען.

ס'איז דערגאַנגען צו אַ העפטיקער מחלוקה צווישן מיר און עמנואל נאָוואָגרודסקי. כ'האָב אים פאָרגעוואָרפן זיינע חטאת־נעורים: זיין אַמאָליקן מענשעוויזם, זיין מענשעוויסטישן אַנטי־בונדיזם, און אין ווײַנשטיינס אָנוועזנדיקייט איבערגעחזרט וולאַדימיר מעדעמס עפּיטעטן אויף זיין חשבון. נאָוואָגרודסקי האָט זיך געהאַלטן ביי ס'זייניקע: ניין און ניין, ער וועט קיינעם חוץ ווינשטיינען נישט מיטנעמען צו די פאַרהאַנדלונגען מיטן קאָמינטערן.

ירחמיאל ווײַנשטיין האָט אַלעקסאַנדערן און מיך אינפאָרמירט וועגן גאַנג פון די פאַרהאַנדלונגען. ווײַנשטיינס באַריכטן זענען אָבער געווען געצוימטע. מ'האָט געפילט, אַז ער דערציילט נישט אַלץ וואָס ער ווייסט, אַז ווײַנשטיין וויל נישט שעדיקן דעם פּרעסטיזש פונעם פאַרשטייער פון צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד פון פּוילן.

די גרוסן מאַחורי הפרגוד זענען געווען נישט קיין פּאָזיטיווע פאַר נאָוואָגרודס־קין. ווען כ'האָב וועגן די קלאַנגען די דערציילט ווײַנשטיינען, האָט ער נישט אָפּגע־לייקנט און נישט באַשטעטיקט — נאָר קלוגעריש געשמייכלט.

אין איינעם אַ פרימאָרגן באַקומען אַלעקסאַנדער און איך אַ מעלדונג, אַז עמנואל נאָוואָגרודסקי וויל אונדז דרינגענדיק זען. אין אַ צימער פון האָטעל „לוקס", אין וועלכן ס'זענען איינגעקוואַרטירט געווען די דעלעגאַטן און געסט פונעם קאָמוניס־טישן אינטערנאַציאָנאַל, האָבן מיר געטראָפן נאָוואָגרודסקין אין אַ היסטערישן מצב. עמנואל נאָוואָגרודסקי האָט אונדז דערציילט, אַז זינאָוויעוו האָט איבערגעריסן די פאַרהאַנדלונגען. אין האָטעל גיט מען אים אַנצוהערן, אַז ער קען דאָרט מער נישט זיין און ער האָט מורא, אַז ער וועט נישט קריגן קיין פּראָטעקציע אָדער אַ שוואַכע פּראָטעקציע ביים צוריקקערן זיך דורך דער שוואַרצער גרענעץ קיין פּוילן. היות מיר קלייבן זיך אין די נאָענטסטע טעג אָפּצופאָרן קיין פּוילן, לאָזט ער אונדז דערי־

בער וויסן וועגן די איבערגעריסענע פאַרהאַנדלונגען און אין פאַל ווען ס׳זאָל מיט אים געשען אַן אומגליק אויף דער גרענעץ, זאָל דער צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד אין פוילן זיין וואָס שנעלער אינפאָרמירט.

מיר זענען אַוועק צו וויינשטיינען, איבערגעגעבן אים, וואָס נאָוואָגרודסקי האָט אונדז דערציילט און פאַרלאַנגט זיין תּיכּפדיקע אינטערווענץ גאַנץ צו מאַכן דעם ריס צווישן זינאָוויעוון און נאָוואָגרודסקין. מיר האָבן וויינשטיינען נישט געדאַרפט לייגן קיין פינגער אין מויל אַריין, וואָס ס׳קען געשען אויב נאָוואָגרודסקי זאָל אין פוילן דערציילן, אַז זינאָוויעוו האָט איבערגעריסן די פאַרהאַנדלונגען וועגן אַריינטריט פון בונד פון פוילן אינעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס פאַר אַ טריומף־קאָרט דאָס וועט זיין אין די הענט פון די רעכטע און פון די אַזוי גערופענע „לינקע״, וואָס פאַר אַ קאַטאַסטראָפע דאָס וועט זיין פאַר די לינקע בונדיסטן, אָנהענגערס פונעם אַריינטריט פון בונד פון פוילן אינעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

דער אַלטער דערפאַרענער פירער פונעם אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער־בונד פון ליטע, פוילן און רוסלאַנד און פון קאָמבונד פון רוסלאַנד, דער תּמיד רויִקער, באַדאַכטער און זייער קלוגער ירחמיאל וויינשטיין, איז אַריין אין אַ פוריע, געקלאַפּט מיט די פויסטן אין טיש און געשריגן: „וואָס ווילט איר פון מיר? איר האָט שוין נישט געהאַט קיין אַנדערן צו שיקן ווי דעם דאָזיקן חברה־מאַן? אַ מענטש אָן טאַקט און אָן אַ פּאָליטישן פאַרנעם״! און ער האָט חושד געווען דעם פירער פון בונד אין פוילן י. פּאָרטנאָי, זיין אַמאָליקן לערער און לאַנגיאָריקן פריינד, אַז ער האָט בכּיוון געהאָלפן דעלעגירן עמנואל נאָוואָגרודסקין ווי פאַרהאַנדלער מיטן קאָמינטערן, ווייל ער האָט געוווּסט, אַז נאָוואָגרודסקי וועט דערפירן צו פאַרמאַכן די טיר פונעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל פאַרן בונד פון פוילן.

און וויינשטיין האָט דערציילט וואָס פאַר אַ צרות ער האָט זינט דער ער־שטער מינוט וואָס ער איז פאַרבונדן מיט נאָוואָגרודסקיס אויפגאַבע. אַז דער ערשטער טעקסט פון מעמאָראַנדום, וואָס נאָוואָגרודסקי האָט געוואָלט צושטעלן דעם קאָמינטערן אין נאָמען פון בונד פון פוילן, איז געווען אַ לעכערלעכער, געשריבן געוואָרן אין אַ טאָן ווי דער בונד אין פוילן וואָלט געווען דער איינציקער פירער פונעם פּראָלעטאַריאַט פון פוילן און פון בונד איז אָפּהענגיק צי ס׳זאָל יאָ אָדער נישט אין פוילן פאָרקומען אַ רעוואָלוציע; אַז בעת די געשפּרעכן האָט נאָוואָגרודסקי זיך פאַרהאַלטן אויף אַ נישט פּאַסיקן אופן און זינאָוויעוו האָט אַן אויפגערעגטער געפרעגט נאָוואָגרודסקין, צי ער איז געקומען פאַרהאַנדלען וועגן אַריינטריט פון בונד פון פוילן אין קאָמינטערן אָדער בלויז מאַכן אַן אָנשטעל פון אַזעלכע פאַר־האַנדלונגען.

דערציילט האָט אויך וויינשטיין, אַז אין זיינע פּריוואַטע געשפּרעכן מיט זינאָוו־יעוון און אַנדערע מיטגלידער פונעם פּרעזידיום פון קאָמינטערן האָבן זיי נישט באַהאַלטן זייער גרינגשאַץ צו דער פּערזאָן און צו די פּאָליטישע קוואַליטעטן פונעם

פאַרשטייער פון בונד פון פוילן. זינאָוויעוו האָט אים מיט חוזק באַצייכנט ווי אַ פּאָליטיקער פון שניפּישאָק.

מיט דער ענערגיע, וואָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַרן אַלטן בונדישן פירער, האָט וויינשטיין זיך גענומען צו דער אַרבעט פון דערפירן צו באַנייטע פאַרהאַנדלונגען. ער האָט זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט זיין אַלטן פריינד פעליקס דזשערזשינסקי, דעם בשעתו אַלמעכטיקן שעף פון דער טשעקאַ. דזשערזשינסקי און ראַדעק זענען אַוועק צו זינאָוויעוון און פאַרלאַנגט, אַז זינאָוויעוו זאָל פאַרבעטן נאָוואָגרודסקין אויף אַ באַגעגעניש, ס׳זאָל נישט אויסזען, אַז דער קאָמינטערן איז דער, וואָס האָט גורם געווען צו אַן איבעררייס פון די פאַרהאַנדלונגען.

ווי וויינשטיין האָט שפּעטער דערציילט, האָט קאַרל ראַדעק אַ לצנות באַוויזן זינאָוויעוון מסכּים צו זיין אויף אַ המשך פון די פאַרהאַנדלונגען. ראַדעק האָט דערציילט אַזאַ מעשׂה:

— אין זיין געבוירן־שטאָט טאַרנאָוו, אין גאַליציע, איז אַ ייִד, אייראָפּעיִש געקליידט און אַ גאָלעבראָדע, געקומען דאַוונען אינעם חסידים־שטיבל פון אַ טאַרנאָווער רבין און די חסידים האָבן דעם ייִד נישט אַריינגעלאָזט. ווען דער רבי איז דערפון געוואָר געוואָרן, האָט ער אויסגעמוסרט זיינע חסידים פאַר זייער נישט־ריכטיקער האַנדלונג. „אַז אַ ייִד קומט דאַוונען — האָט דער רבי געטענהט — דאַרף מען אים אַריינלאָזן. די חסידים דאַרפן אויף אים משפּיע זיין, ער זאָל ענדערן זיין הלבשה, אָנטאָן אַ זשופּעצע און אַ קאַפּעלאַטש און לאָזן זיך וואַקסן באָרד־און־פּאות. און אויב דער גאָלעבראָדניק וועט בלייבן פאַרעקשנט, האָבן דאָך די חסידישע דאַוונערס תּמיד די מעגלעכקייט אים אַרויסצוּוואַרפן" — האָט דער רבי געגעבן צו פאַרשטיין זיינע חסידים.

אויף דער באַנייטער קאָנפערענץ איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די פאַרהאַנדלונגען זאָלן פאַרגעזעצט ווערן בעת דעם דריטן קאָנגרעס פונעם קאָמינטערן, וועלכער האָט בקרוב געדאַרפט זיך צונויפקומען. זינאָוויעוו האָט נאָוואָגרודסקין אינפאָרמירט, אַז דאָס פּרעזידיום פונעם קאָמינטערן האָט באַשלאָסן צו פאַרבעטן דעם בונד פון פוילן צום דריטן קאָנגרעס פונעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל. מ׳האָט דעם בונד פון פוילן נישט צוגעטיילט קיין קוואָטע פאַר זיין דעלעגאַציע און ער האָפט, אַז די דעלעגאַציע וועט זיין אַ גרויסע מיטן אָנטייל פון די לינקע טוערס אויף אַלע געביטן פון דער בונדישער טעטיקייט אין פוילן. אויב די מניעה צו שיקן אַ גרעסערע דעלעגאַציע וועט זיין אַ מאַנגל פון פינאַנצן, איז דער קאָמינטערן גרייט צו דעקן אַלע הוצאות. זינאָוויעוו האָט אויך פאַרזיכערט נאָוואָגרודסקין, אַז ער וועט האָבן די בעסטע פּראָטעקציע ביים שוואַרצן די גרענעץ קיין פוילן.

איך ווייס נישט, צי זינאָוויעוו גופא אָדער ווער פון זיינע אַדיוטאַנטן האָבן דאָס באַטראַכט פאַר אַ שפּיצל, אָדער ס׳איז געווען איינע פון די פּראָטעקציע־מיטלען לגבי אַ מענטשן, וועלכער איז געקומען צום קאָמינטערן דורך אונטערערדישע וועגן

און דורך אַזאַ וועג געדאַרפט זיך אומקערן אין זיין לאַנד אַריין — אַ פאַקט איז, אַז עמנואל נאָוואָגרודסקיס הלבשה איז פולשטענדיק געענדערט געוואָרן. ער איז באַקליידט געוואָרן אין נייע מלבושים פון קאָפּ ביז די פיס: אַן אַנצוג פון טייערן ענגלישן שטאָף, אַ מאַנטל מיט אַ טייערן פוטערנעם קאָלנער, אַ ברוינער פליושענער באַרסעלינאַ־קאַפּעליוש, נייע שיך און קאַלאָשן — די קאַלאָשן פון דער פירמע טרעאַגולניק פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. עמנואל נאָוואָגרודסקי האָט אין דער געענדערטער קליידונג אויסגעזען ווי אַ רייכער וואַרשעווער סוחר.

באַוואָרנט מיט נייע קליידער און מיט פינאַנציעלער הילף פון קאָמינטערן און מיט דער בעסטער פּראָטעקציע, וואָס איז נאָר מעגלעך געווען ביים שמוגלען די דעמאָלטדיקע סאָוועטיש־פּוילישע גרענעץ, האָט עמנואל נאָוואָגרודסקי פאַרלאָזט מאָסקווע.

אויך מיר, די טראָיקע: אַלעקסאַנדער, מייסקי (מיט זיין מיידל) און איך, האָבן זיך פיבערהאַפט געגרייט צום צוריקפאָרן קיין פוילן און אָנצוהייבן דעם קאַמף, אַז דער בונד פון פוילן זאָל אָננעמען די 21 פונקטן און אַריינטרעטן אינעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

## דער וועג פון מאָסקווע קיין וואַרשע (די טראָיקע)

אין דער צווייטער העלפט מאַרץ 1921 זענען קיין וואַרשע צוריקגעקומען פון זייער ערשטן באַזוך אין סאָוועטן־פאַרבאַנד פיר בונדיסטן פון פוילן: עמנואל נאָוואָגרודסקי, הערשל מעטאַלאָוויעץ, אַלעקסאַנדער און יולעק מייסקי. נאָוואָגרודסקי און הערשל מעטאַלאָוויעץ זענען געפאָרן קיין מאָסקווע פון וואַרשע, אויפן וועג זיך אָפּגעשטעלט אין מינסק און אַקטיוו זיך באַטייליקט אין דער ליקווידאַציע־קאָנפערענץ פון קאָמבונד פון רוסלאַנד. עמנואל נאָוואָגרודסקי איז געפאָרן אין שליחות פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד אין פוילן צו פירן פאַרהאַנדלונגען מיטן קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל וועגן דער מעגלעכקייט פון אָנשליסן דעם בונד פון פוילן אין קאָמינטערן. איך בין געפאָרן מיט דער דעה אַ קוק צו טאָן ווי ס׳זעט אויס דאָס צוגעזאָגטע לאַנד און אין אַ 6 חדשים אַרום אומצוקערן זיך קיין פוילן. אַלעקסאַנדער און מייסקי זענען קיין מאָסקווע געקומען פון בערלין מיטן ציל זיך צו באַזעצן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד.

די דריי בונדיסטן פון פוילן: אַלעקסאַנדער, מייסקי און הערשל מעטאַלאָוויעץ האָבן זיך אין מאָסקווע שנעל פאַרשטענדיקט, געפירט אָפּטע און לאַנגע אַנאַליטישע געשפּרעכן וועגן דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, וועגן דער יונגער סאָוועטן־מדינה, וועגן דער סיטואַציע אין פוילן און וועגן די אינערלעכע

פאַרהעלטעניששן אין בונד פון פוילן. קיין יסודותדיקע מיינונג־פאַרשידנקייטן צווישן זיי זענען נישט געווען — און אַלעקסאַנדער און מייסקי האָבן באַשלאָסן זיך אומ־צוקערן קיין פוילן. ווען די פאַרהאַנדלונגען צווישן עמנואל נאָוואָגרודסקין און דעם קאָמינטערן זענען דורכגעפאַלן, זענען מיר געקומען צום אויספיר, אַז מ׳קען זיך מער נישט פאַרלאָזן אויף דער עקסיסטירנדיקער לינקער פראַקציע פון בונד אין פוילן, נאָר ס׳דאַרף געשאַפן ווערן אַ נייע גרופּירונג, וואָס זאָל זיך שטעלן קלאָר אויף דער פּאָזיציע פון אַנשלוס פון בונד אין קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל און אַז די מיטגלידער פון בונד אין פוילן דאַרפן אַקצעפּטירן די 21 אַריינטריט־באַדינ־גונגען פונעם דריטן קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

די טראַיקע האָט וועגן דעם אינפאָרמירט ווײַנשטיינען און געקריגן זײַן ברכה. ירחמיאל ווײַנשטיין האָט פאַר דעם דריילינג דערקלערט, אַז זיי דאַרפן אויף זיך נעמען די אויפגאַבע צו זײַן די גרינדערס פון אַ גרופּירונג, וואָס זאָל ראַטעווען די היסטאָרישע ראָלע פון בונד, און צוגעזאָגט אַז דער קאָמינטערן וועט גרייט זײַן צו מאַכן דעם בונד פון פוילן וויטגייענדיקע הנחות פון אַ נאַציאָנאַל־ייִדישן כאַראַקטער; אַז דער קאָמינטערן און דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער אַלסאָוועט־ישער קאָמוניסטישער פאַרטיי פירן אַ שטאַרקן קאַמף קעגן נאַציאָנאַל־ניהיליזם. ס׳וועט נייטיק זײַן צו ברענגען פאַר אַ קרבן אַ געוויסע צאָל רעכטע פירערס און טוערס פון פוילן, און אויב ס׳וועט קיין ברירה נישט זײַן, זיך נישט אָפּשטעלן פאַר שפּאַלטן דעם בונד.

דער דריילינג איז געווען פון אַ גוטער קוואַליטעט און איז מסוגל געווען צו דערפילן די אויפגאַבע, וואָס ער האָט זיך געשטעלט נאָכן צוריקקומען קיין פוילן. אַלעקסאַנדער איז געווען אַן אָנגעזעענער טוער פון בונד אין לאָדזש זינט 1915, פאַררעכנט פאַר אַ מענטשן מיט וויסן און מיט אַ גוטער פּאָליטישער אָריענטאַציע, פון תמיד אַ לינקער און אַ רעאַלער קאַנדידאַט אויף דער קאָנפערענץ פון בונד, פּסח 1919, און אויפן צוזאַמענפאָר אין קראָקע, 1920, ווי אַ מיטגליד פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד פון פוילן. יולעק מייסקי איז געווען אַ לובלינער, אַ יוגנט־חבר פונעם גרויסן ייִדישן דיכטער און שרייבער יעקב גלאַטשטיין, און אויך געהאַט פּרעטענזיעס אויף שרייבעריי. פּאָליטיש איז ער געווען אַ רעכטער. נאָך זײַן קומען קיין וואַרשע איז ער געוואָרן אַ מיטאַרבעטער אין דער בונדישער טאָגצײַטונג „לעבענס־פראַגען״. וולאַדימיר מעדעם האָט זיך דערקענט אויף זײַנע זשורנאַליס־טישע און שרייבערישע פעיִקייטן און אים שטאַרק מקרב געווען. כ׳ווייס נישט, וואָס זענען געווען די סיבות פון זײַן פאַרלאָזן וואַרשע און פאָרן קיין בערלין. אין בערלין האָט ער זיך פולשטענדיק באַלשעוויזירט.

פאַר מײַן אָפּפאָר פון מאָסקווע האָט מיר ווײַנשטיין מיטגעטיילט, אַז דער פאַר־זיצער פון קאָמינטערן, זינאָוויעוו, וויל זיך מיט מיר באַגעגענען. כ׳האָב נישט געוווּסט די סיבות און מאָטיוון פאַר אַזאַ אוידיענץ און געהאַט שטאַרק חשק זיך צו

טרעפן מיט זינאָוויעוון. וויינשטיין האָט מיך אָבער געראָטן דאָס נישט צו טאָן. „איר האָט נישט — האָט ער צו מיר געזאָגט — קיין שום מאַנדאַט זיך צו טרעפן מיט אַזאַ פּערזאָן ווי ס׳איז זינאָוויעוו. דער פֿאַקט פֿון אייערס אַ באַגעגעניש מיטן חבר זינאָוויעוו וועט קיין סוד נישט בלייבן און דאָס וועט אייך קענען זייער שטאַרק שאַטן אין אייער אָפּאָזיציאָנעלער אַרבעט אין בונד אין פּוילן״. איך האָב געפֿאָלגט זיין עצה און געבעטן וויינשטיינען ער זאָל געפֿינען אַ פּאַסיקן תּירוץ פֿאַר נישט אָננעמען זינאָוויעווס פֿאַרבעטונג.

ירחמיאל וויינשטיין האָט ליקווידירט די רודימענטן פֿון בונד אין רוסלאַנד און דורכגעפֿירט די פּראַקטישע ליקווידאַציע פֿון קאָמבונד אין רוסלאַנד און אויך די קאַסע פֿון קאָמבונד. ער האָט צעטיילט די איבערגעבליבענע געלטער אויף פֿאַרשיידענע צוועקן און אַ טייל פֿון די געלטער אויך געגעבן די דערמאָנטע פֿיר בונדיסטן פֿון פּוילן.

אַלעקסאַנדער און איך האָבן געקראָגן יעדער אַ סומע אין ווערט פֿון אַ 500 דאָלאַר. מייסקי האָט וואָרשיינלעך געקראָגן אַ ביסל מער. מייסקי, ווי שוין דערמאָנט, איז צוריקגעפֿאָרן מיט אַ יונגער, שיינער, אינטעליגענטער און באַגאַבטער פֿרוי.

מיט דער צוריק־רייזע פֿון די דריי בונדיסטן האָט זיך פֿאַרנומען ירחמיאל וויינשטיין דורכן ווייסרוסישן מלוכה־אַפּאַראַט. דער טראַקט איז געווען: מאָסקווע, מינסק, ווילנע, וואַרשע.

דער ערשטער איז אָפּגעפֿאָרן מייסקי מיט זיין פֿרוי און דער וועג איז פֿאַר אים געווען אַ שנעלער. מיט אונדז, אַלעקסאַנדער און מיט מיר, איז עס נישט צוגעגאַנגען צו גלאַטיק. שוין פֿון דער מינוט פֿון אונדזער פּלאַנירטן אָפּפֿאָר זענען געווען מכשולים און שטערונגען. אין מאָסקווע זענען מיר צוליב עפּעס נייע פּראַצעדורן פֿאַרהאַלטן געוואָרן אויף עטלעכע טעג ביז וויינשטיין האָט פֿאַר אונדז געקריגן דעם נייטיקן „פּראָפּוסק״ און פּלעצער אין אַ וואַיכן (ערשטער־קלאַס) וואַגאָן.

אויפֿן מינסקער וואָקזאַל האָט אונדז אָפּגעוואָרט סלאָווינסקי, אַ מיטגליד פֿון דער ווייסרוסישער רעגירונג און איינער פֿון די הויפּטפֿירערס פֿון טשעקאַ אין מינסק — אַ פּאָליאַק און אַן אינוואַליד פֿונעם בירגערקריג און פֿונעם מאַרש פֿון דער רויטער אַרמיי אויף פּוילן. אין 1929, בעת דעם פּוטש אין צענטראַל־קאָמיטעט פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פֿון פּוילן, ווען אַ מינדערהייט האָט מיט דער הילף פֿון סטאַלינען איבערגענומען די פֿירונג פֿון דער קאָמ. פּאַרטיי פֿון פּוילן, איז סלאָווינסקי געוואָרן איינער פֿון די נייע פֿירערס פֿון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג פֿון פּוילן.

סלאָווינסקי האָט אונדז אַוועקגעפֿירט אויף אַ פֿיינער קוואַרטיר, אָנגעזאָגט, אַז מיר זאָלן זיך נישט אַרומשלייען איבער די גאַסן, ווייל די שטאָט איז פֿאַרפּעסט מיט פּוילישן שפּיאָנאַזש און מיטגעטיילט, אַז דער וועג קיין ווילנע איז פֿאַרבלאָקירט,

אַז מ׳קען אַפילו קיין נאָדל אין קיין סטויג היי נישט דורכפירן, אַז מיר וועלן מוזן בלייבן אויף דער קוואַרטיר ביז ער וועט פאַר אונדז געפינען אַ גוטן וועג אַריבער־געוואָרפן צו ווערן דורך דער גרענעץ. אַ צוויי טעג שפּעטער האָט סלאַווינסקי אונדז אַוועקגעפירט צו דער באַנסטאַציע, באַזאָרגט מיטן נייטיקן „פּראָפּוסק" און מיט זיצפּלעצער אין אַ וואַגאָן און מיטגעגעבן אַ פאַרמאַכטן בריוו מיטן פּריוואַטן אַדרעס צום הויפּטפירער פון דער טשעקאַ אין באַברויסק.

אויפן באַנוואָקזאַל אין באַברויסק האָט אויף אונדז געוואַרט דער פאָרזיצער פון טשעקאַ פון באַברויסקער ראַיאָן און נאָכן קעגנזייטיקן אויסטוישן זיך מיט די פּאַראָלן — אָפּגעפירט אין זיין פּריוואַטער היים.

טשעקאַ־פאָרזיצער פון באַברויסק און באַברויסקער ראַיאָן איז געווען אַ רוס אין עלטער פון אַ יאָר 35, אַ געוועזענער קוואַליפיצירטער מעטאַל־אַרבעטער פון פּוטילאָווער זאַוואָד אין פּעטראָגראַד. ער האָט געהאַט אַ בילדונג־צענזוס פון אַ זעקסקלאַסיקער שטאָטישער שולע און קורסן אין דער פאַכשולע, וואָס די אייגנ־טימערס פון זאַוואָד האָבן עטאַבלירט פאַר די אַרבעטער פון זייער פאַבריק. ער איז געווען אַ קלאַסישער טיפּ מיט יענע מעלות, וואָס ווערן צוגעשריבן דעם רוסישן פאָלק. ער איז געווען אַ באָלשעוויק נאָך פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט אָנטיילגענומען אין דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע און אין די שלאַכטן פון בירגערקריג, פרייוויליק אָנגעשלאָסן זיך אין דינסט פון טשעקאַ נאָכן רוף פון פעליקס דזשער־זשינסקי, אַז אין דער טשעקאַ דאַרפן גיין אַרבעטן די ערלעכסטע און ריינסטע קאָמוניסטן. ער האָט געהאַט אַמביציעס צו ווערן אַ דיפּלאָמאַט.

די פרוי פונעם פאָרזיצער איז געווען מיט אַ 10—12 יאָר יינגער, אַן אָפּשטאַמיקע פון אַ פויליש־פּריצישער פאַמיליע — אַ שיינע, אַ געבילדעטע מיט אַ דעליקאַטער האַלטונג און מיט פיינע מאַניערן. זי האָט, משמעות, געווירקט, אַז דער מאַן אירער זאָל פאַרבייטן זיין קאַריערע אין טשעקאַ און אַנשליסן זיך אין דינסט פון דיפּלאָ־מאַטישן קאָרפּוס.

דורך דעם פּאָרל זענען מיר זייער וואַרעם אויפגענומען געוואָרן. מעגלעך, אַז אין דעם האָט געשפּילט אַ ראָלע דער אינהאַלט פון סלאַווינסקיס בריוו, אין וועלכן ס׳איז וועגן אונדז גערעדט געוואָרן אין הויכע טענער — אַז מיר זענען עמיסאַרן, געשיקטע דירעקט פון צענטראַל־קאָמיטעט פון אַלקפּ(ב) און פון קאָמינטערן אויף אַ וויכטיקער מיסיע קיין פּוילן, און אַז ער איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אונדזער שוץ ביים איבערגיין די גרענעץ ביז צו אַ געזיכערטן פּלאַץ אין פּוילן.

די טעג, וואָס מיר האָבן פאַרבראַכט ביים הויפּטטשעקיסט פון באַברויסק זענען געווען אויסגעפּילט מיט שמועסן. אַלעקסאַנדער האָט מיט אים גערעדט אין רוסיש וועגן פּאָליטיק און דער טשעקיסט האָט דערציילט עפּיזאָדן פון די פאַרשיידענע קאַמפן און אויך וועגן די קאַרפּנקעפּ פון סמאָלני־אינסטיטוט: לענין, טראָצקי און אַנדערע גדולים, ביי וועלכע ער האָט געדינט אין דער שוצגוואַרדיע.

מיט דער פרוי האָט אַלעקסאַנדער גערעדט פּויליש און דייטש. די פרוי איז געווען אַ געבוירענע פּעדאַגאָגין און האָט אויף אַ דעליקאַטן אופן קאָרעקטירט די האַלטונג פון איר מאַן, ביים רעדן, ביים עסן, ביים מאַניפּולירן מיטן געשיר, פאַרריכט אַלעקסאַנדערס פּויליש, וואָס ער האָט, אַגב, גוט באַהערשט, און מיין דייטש פון בערלינער דיאַלעקט און אַקצענט, געמישט מיט אַן אַקצענט פונעם יידישן מוראַנאָוו אין וואַרשע.

אין קעגנזאַץ צו אונדזער געפינען זיך אין מינסק, ווו מיר זענען געווען פּאַקטיש פאַרשפּאַרט אויף דער קוואַרטיר, זענען מיר אין באָברויסק געווען פראַנק און פריי, געקענט גיין און רעדן, ווו מ'האָט געוואָלט און מיט וועמען מ'האָט געוואָלט. „ס'וועט אייך אין באָברויסק קיין עין־הרע נישט שאַטן" — האָט דער אויבערהאַר פון טשעקאַ פון באָברויסק אונדז פאַרזיכערט. מיר האָבן זיך געזען מיט אַ סך מלוכישע און שטאָטישע סאָוועטישע דיגניטאַרן, כמעט אַלע פון זיי — געוועזענע בונדיסטן, און ס'איז אונדז דערציילט געוואָרן, אַז די בונדישע אָרגאַניזאַציע אין באָברויסק איז געווען די ערשטע בונדישע אָרגאַניזאַציע אין רוסלאַנד, וואָס האָט אין פולן צוזאַמענ־שטעל, מיט די פירערס און מיט דער מיטגלידערשאַפט, זיך אָנגעשלאָסן צו די באָלשעוויקעס אַ לאַנגע צייט נאָך פאַר דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע.

אין איינעם אַ פאַרמיטאָג איז דער טשעקיסט געקומען מיט צוויי יידישע יונגע־לייט און אָנווייזנדיק אויף אונדז צו זיי געזאָגט: „דאָס זענען די, וועלכע איר וועט דאַרפן ברענגען קיין באַראַנאָוויטש אין דער פולסטער זיכערקייט. אויב איר וועט נישט ברענגען די פאַראָלן פון די חברים, וועט איר און אייערע שותפים באַצאָלן מיט אייערע קעפּ". די צוויי יונגע־לייט האָבן דאַן מיט אַלעקסאַנדערן און מיט מיר עטלעכע שעה געקנעלט אַ פּרשה שמוגלעריי: אַז אין פאַל פון אַן אומגליק, זאָלן מיר זיך אָנגעבן פאַר גרענעץ־שמוגלערס פון מענטשן און פון ווערטפולע חפצים. זיי האָבן אונדז אויך אויסגעלערנט דעם מינימום פון דעם זשאַרגאָן, מיט וועלכן זיי וועלן זיך עווענטועל באַנוצן אין פאַל פון אַ דורכפאַל. זיי האָבן צוגענומען ביי אונדז כמעט די גאַנצע סומע, וואָס ווינשטיין האָט אונדז געגעבן, דערין אויך אַ דריי הונדערט אַמעריקאַנער דאָלאַרן, וואָס איז געווען זייער שטרענג פאַרבאָטן אַרויסצופירן, געגעבן דעם טשעקיסט אַ קוויטאַנציע אויפן געלט און געהייסן זיין גרייט אין אָוונט 8 אַ זייגער צום אָפּפאָרן.

די לעצטע סעודה ביים שעף פון טשעקאַ איז געווען אַ מלכותדיקע, מיט אַ לחיים און מיט ווינטשעוואַניעס. די גאַסטגעבערין האָט פאַר אונדז צוגעגרייט צוויי גוטע פּעקלעך שפּייז און זיך מיט אונדז געזעגנט אויף אַ ברייטן רוסישן שטייגער.

דער ערשטער מיכשול איז געווען אויפן לעצטן קאָנטראָלפּונקט פון דער גרענעץ־טשעקאַ. זי האָט קאָנפיסקירט כמעט דעם גאַנצן שמוגל וואָס די פיר וואָגנס האָבן מיט זיך געפירט קיין פּוילן. די שמוגלערס האָבן געטענהט, אַז זיי מוזן אַרויספירן די דאָלאַרן און די טייערע חפצים ווי אַ שוצמיטל פאַר אונדזער זיכערקייט. דער

דיספּוט האָט געדויערט ביי אַ צוויי שעה צייט, די טעלעפאָנען האָבן כּסדר געקלונגען פון קאָנטראָלפּונקט קיין באַברויסק און צוריק. און דער סוף איז געווען, אַז די שמוגלערס האָבן צוריקגעקריגן כּמעט אַלץ.

אויף דער פּוילישער זייט זענען מיר דריי מאָל פאַרהאַלטן געוואָרן. אין די ערשטע צוויי פאַלן איז עס אַדורכגעגאַנגען שנעל און גוט. די גרענעצוואַך האָט געקריגן, וואָס זי האָט געדאַרפט, און געלאָזט די פורן ווייטער פאָרן. צום דריטן מאָל איז די לאַגע געווען אַ פּאַסקודנע: אַ יונג סערזשאַנטל האָט זיך איינגעשפּאַרט און נישט געוואָלט נעמען קיין כּאַבאַר. איין פור האָט זיך דורכגעריסן מיט כּוח און אַנטלאָפן אונטער אַ געדיכטער שיסעריי. די, וועלכע האָבן זיך געפונען אין די אַנדערע דריי וואָגנס, זענען געוואָרן אַראָפּגענומען און אויסגעשטעלט אין אַ רייע און ס׳איז ביי זיי צוגענומען געוואָרן אַלץ, וואָס זיי האָבן געהאַט ביי זיך. מיט אַ מאָל האָט זיך דערהערט אַ געשריי: „ויברח״! און די צוויי יונגע־לייט, וואָס האָבן אונדז די גאַנצע צייט געהאַלטן ביי די הענט, זענען מיט אונדז אַנטלאָפן איבער אַן אייזיק־קאַלט וואַסער, וואָס האָט דערגרייכט איבער דער העלפט פון אונדזערע קערפּערס, און צו פוס זענען מיר אַוועק אין דעם נאָענטסטן שטעטל (דער נאָמען פון שטעטל איז, דוכט זיך, געווען קלעצק). אין דעם שטעטל זענען מיר איינקוואַרטירט געוואָרן ביי פיינע ייִדישע מענטשן. אונדזערע קליידער און וועש זענען אויסגעטריקנט געוואָרן און אין אָוונט זענען מיר אָפּגעפאָרן קיין באַראַנאָוויטש.

אין באַראַנאָוויטש האָבן זיך אָנגעהויבן נייע צרות. דער קאָנטאַקטמענטש, וואָס איז צו אונדז געקומען, האָט נאָך אַ געהעריקער קעגנזייטיקער לעגיטימירונג פון די פאַראָלן, אונדז דערקלערט, אַז דער וועג קיין ווילנע איז בלאָקירט און אַז מיר וועלן דאַרפן מאַכן אַן אומוועג דורך סלאָנים קיין ביאַליסטאָק. אין סלאָנים וועט ער אונדז געבן אַ קאָנטאַקט. ער איז גרייט אונדז צו געבן אַ סומע צו קענען זיך דערשלאָגן קיין סלאָנים, אויב מיר וועלן איבערגעבן אונדזערע וועגפירערס די געהעריקע פאַראָלן פאַרן שעף פון טשעקאַ אין באַברויסק. אַלעקסאַנדער האָט געפאָדערט מיר זאָלן צוריקקריגן די פולע סומע, וואָס די וועגפירערס האָבן פון אונדז באַקומען. די יונגע־לייט זענען געקומען, האָבן זיך געשווירן און געוויינט, אַז זיי זענען געבליבן אָן אַ גראָשן, אַז זיי זענען צוליב אונדז בדלות געוואָרן. אַז די גרענעצוואַך האָט געוווּסט אַז ס׳פאָרן וואַזשנע שישקעס, נישט געוואָלט נעמען קיין שום כּאַבאַר, נאָר ברענגען די העכט צו זייער נאַטשאַלסטווע. דריי טעג האָט געדויערט דאָס דאָזיקע דינגעניש. ס׳איז מיר איבערדריסיק געוואָרן אַלעקסאַנדערס דינגען זיך און כ׳האָב אים גע־מאָלדן, אַז איך בין גרייט אָן אים זיך צו לאָזן אין ווייטערדיקן וועג. דער קאָנטאַקט־מענטש, צו וועלכן מיר האָבן געדאַרפט האָבן דעם פולסטן צוטרוי, האָט אונדז אויף זיין באַלשעוויסטיש ערנוואָרט געזאָגט, אַז דאָס וואָס עס זאָגן אונדזערע וועגפירערס איז אַבסאָלוט אמת, און אַז די סומע, וואָס ער לייגט אונדז פאָר פון זיינע געלטער, איז דער מאַקסימום, וואָס ער קען אונדז געבן. ער האָט דערקלערט, אַז אונדזער

אויפהאַלטן זיך אין באַראַנאָוויטש דראַט מיט געפּאַר פאַר אונדזער זיכערקייט. מיר האָבן זיך געלאָזט אין אונדזער ווייטערדיקן וועג.

דער וועג פון באַראַנאָוויטש דורך סלאָנים קיין ביאַליסטאָק איז געווען איין שטיק גיהנום. קיין ביאַליסטאָק זענען מיר אָנגעקומען פאַרהונגערטע, פאַרברודיקטע, באָוואַקסענע און פאַרלייזיקטע.

כ'האָב געוווּסט ווו ס'געפינט זיך אין ביאַליסטאָק דער לאָקאַל פון די פּראָפעס־יאָנעלע פאַראיינען און מיר זענען אַהין אַוועק.

אינעם לאָקאַל פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָבן מיר געטראָפן יאַנקל פּישמאַן פון שעדלעץ, וועלכער איז אַוועק צוזאַמען מיט דער אָפּטרעטנדיקער רויטער אַרמיי און געבליבן שטעקן אין ביאַליסטאָק. ער איז געווען דער סעקרעטאַר פון אײנעם פון די גרויסע ביאַליסטאָקער יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, וואָס האָבן זיך געפונען אונטער דער השפּעה פון בונד. יאַנקל פּישמאַן האָט זיך מיט אונדז פאַרנומען און געשטילט קודם־כּל אונדזער הונגער. אַ ביסל שפּעטער האָט אונדז באַזוכט דער פירער פון בונד אין ביאַליסטאָק, וואַקס, וועלכער האָט זיך נאָך אַלץ געפונען אין אומלעגאַלקייט. אַ חבר האָט גענומען אַ מאָס פאַר נייע קליידער און אַוועקגענומען די מאַנטלען צום רייניקן. מיט די פעקלעך וועש זענען מיר מיט פּישמאַנען אַוועק אין אַ שוויצבאָד און שפּעטער צו אַ פריזירער — און מיר זענען ווידער געוואָרן לייטישע מענטשן.

אין ביאַליסטאָק האָבן מיר פאַרבראַכט צוויי טעג, געקריגן אַ גאַנץ פיינע סומע אויף רייזע־הוצאות און זיך געלאָזט אויפן לעצטן עטאַפּ פון אונדזער רייזע — קיין וואַרשע.

אויף דער סטאַציע לאַפּי — אַ נייע שטרויכלונג: מיר זענען פאַרהאַלטן געוואָרן דורך אַגענטן פון דער פּוילישער געהיים־פּאָליציי און זיך געפונען אין גרויס געפאַר.

די סטאַציע לאַפּי איז געווען טרויעריק באַקאַנט אין פּוילן. לאַפּי איז געווען דער וויכטיקסטער גרענעצפּונקט צווישן פּוילן און דעם מיזרח־געביט און איז באַקאַנט געווען פון די מאָרדן, וואָס זענען דאָרט באַגאַנגען געוואָרן. אין לאַפּי איז דערהרגעט געוואָרן דער יונגער, שיינער, פּיזיש־קרעפטיקער סטודענט, איינער פון די יינגסטע טוערס פון בונד, בערענשטאַק. זיין מיידל בעלאַ, אַ לערערין, איז נאָכן מאָרד פון בערענשטאַקן באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.

אין לאַפּי איז אויך דערהרגעט געוואָרן די סאָוועטישע רויטער־קרייץ־מיסיע, וואָס איז געקומען קיין פּוילן מיט יוליאַן מאַרכלעווסקי בראָש. מאַרכלעווסקי איז אויפגענומען געוואָרן דורכן דעמאָלטדיקן הערשער פון פּוילן יוזעף פּילסודסקי און ס'איז אים גאַראַנטירט געוואָרן די מאַקסימאַלע זיכערקייט דורך דער גרענעץ אין לאַפּי.

אויפן וואָקזאַל אין לאַפּי איז צו אונדז צוגעקומען אַ יידישער מאַכער און פאַר

דעם פּרייז פון די געלטער און חפצים, וואָס מיר האָבן ביי זיך געהאַט, האָט ער אָפּגעמאַכט מיט די אַגענטן צו לאָזן אונדז פאַרזעצן די רייזע קיין וואַרשע.

קיין וואַרשע זענען מיר געקומען נקי, אָן געלט. פונעם פּראַגער וואָקזאַל זענען מיר געגאַנגען צו פוס קיין וואַרשע. אויפן וועג גייענדיק האָב איך צופעליק אין אַ זייטיקער קעשענע געפונען אַ לעבעדיקן אַמעריקאַנער דאָלאַר. מיר האָבן באַשלאָסן אַריינצוגיין צום פּאַן וו. און דאָרט אָפּעסן אַ לייטישן פרישטיק, און אויב ס'וועט עפּעס צופעלן צום באַצאָלן — וועט אונדז דער פּאַן וו. קרעדיטירן.

אין דער קליינער קאַוויאַרניע, אויף קאַרמעליצקע 15, ביים פּאַן וו., וועלכער האָט מיך געקענט לאַנגע יאָרן פון מיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, האָבן מיר אָפּגעגעסן אַ קעניגלעכן פרישטיק, גענומען צוויי פּעקלעך פּאַפּיראָסן און ס'האָט דערויף אַקוראַט געסטייעט דאָס געלט וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט. מיר האָבן אויסגע־שאָקלט די טאַשן, ווי אַ פרומער ייִד צו תשליך, צעשטיפּט זיך און צעזונגען אַן אימפּראָוויזירט געמיינזאַם לידל פון שטראַם־גראַם, מיט אַ רעפריין: „אַך, וואַרשע, וואַרשע, מיר זענען ווידער דאָ״!

## צוריק אין וואַרשע

קיין וואַרשע זענען מיר, אַלעקסאַנדער און איך, אַריין מיטן רעכטן פוס. נאָכן באַצאָלן פאַרן ערשטן פרישטיק, זענען מיר געבליבן אָן אַ פּרוטה ביי דער נשמה, אָבער מזלדיק אין אונדזערע פּאָליטישע אַספּיראַציעס. שוין אינעם ערשטן טאָג פון אונדזער צוריקקער קיין וואַרשע איז אונדז געלונגען צו לייגן אַ פעסטן אידעיִשן, פּאָליטישן און אָרגאַניזאַציאָנעלן פונדאַמענט פאַר אַ פראַנדע אין בונד, אין דער לינקער פראַקציע, צו אַן אַנפשרותדיקן קאַמף פאַר אַנשליסן דעם בונד אין קאָמינ־טערן און פאַר דעם, אַז דער בונד אין פּוילן זאָל אָננעמען די 21 אַריינטריט־באַדינ־גונגען פונעם דריטן קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

שוין ביים קאָנסומירן דעם ערשטן פרישטיק האָט דאָס מזל אַ שיין געטאָן. דער פּאַן וו. האָט אונדז אינפאָרמירט, אַז יולעק מייסקי געפינט זיך אין וואַרשע און געגעבן אונדז דעם אַדרעס פון זיין וווינונג. דער ערשטער געדאַנק איז געווען, אַז אַ שטיקל צייט וועלן מיר קענען ביי מייסקין פינאַנציעל זיך אָנוואַרעמען.

ווען מיר זענען אַריין אין יולעק מייסקיס וווינונג, זענען מיר שטיין געבליבן געפּלעפּטע פון דער „רחבותדיקייט״ און פון דער „קעניגלעכער אויסמעבלירונג״ פון דער דירה: אַ חושכדיק־קליין שמאָל צימערל פון אַ בוידעמשטיבל. די ווענט זענען נישט געפאַרבט געווען פון אַברהם אָבינוס צייטן. דער סופיט איז געווען משופּע־דיק, מיט אַ קליין פענצטערל. די מעבלירונג: אַ סדום־בעטל, אַ שמאָל און אַ קליין

בלעכן בעטל, וואָס איז אַ מאָל מסתמא געווען אַ קינדערבעטל, איז געשטאַנען אין דער לענג פון צימער. צוקאָפּנס פונעם בעטל, ביים פענצטערל, איז געשטאַנען אַ קליין טישל און אַ הינקענדיקע שטול. צופוסנס פון בעטל זענען געשטאַנען צוויי קליינע הילצערנע קעסטלעך פאַר כּלים און שפּייז. אַנטקעגן די קעסטלעך — אַ קליינע פּירקאַנטיקע טאַבורעטקע און אויף דעם — אַ פּרימוס־מאַשינקע. אויף דער וואַנט איבער די קעסטלעך איז געווען צוגעקלאַפּט אַ ברעטל מיט עטלעכע לענגערע טשוועקעס צום אויפהענגען מלבושים. אין דעם קליינעם קאָרידאָרל איז געווען אַ וואַסערקראַן מיט אַ זלעוו און אַ נישט־פאַרמאַכטע אוביקאַציע.

נאָך אונדזער חברישער און פריינדלעכער באַגריסונג האָבן מיר זיך געזעצט אין די ווייכע געבעטע שטולן: איך אויף דער הינקענדיקער שטול, מייסקי אויפן טישל, אַלעקסאַנדער אויף דער טאַבורעטקע און ניוטאַ אויפן בעטל. מיר האָבן אָנגעהויבן אונדזער געשפּרעך מיטן שילדערן דעם פאַרלויף פון אונדזער רייזע. מייסקי האָט דערציילט, אַז דער גאַנצער וועג איז זיי אַדורך אויסגעצייכנט. ערשט פאַרן אָנקומען קיין וואַרשע האָט מיט זיי פּאַסירט אַן אומגליק. צווישן דער באַנ־סטאַציע מאַלקין און וואַרשע האָבן זיך צו זיי צוגעטשעפּעט צוויי אַגענטן פון דער קרימינאַל־פּאָליציי און ס׳האָט געקאָסט אַ סך מי און געלט פון זיי פּטור צו ווערן. אַ סך האָט אים געקאָסט דאָס לעגאַליזירן ניוטאַן, צו שאַפן פאַר איר גוטע לעגאַלע דאָקומענטן, און דאָס איינשאַפן זיך די רחבותדיקע וווינונג מיט דער קעניגלעכער מעבלירונג. זיין בידנע פּרנסה שלאָגט ער זיך פאַרלויפיק אויס פון אַן איבערזעצונג אין יידיש פון בעלשעס אַ בוך, וואָס האָט געהאַט גרויס דערפאָלג אין אייראָפּע. ס׳קען גאַטירלעך, קיין רייד נישט זיין צו קריגן וועלכע ס׳איז פינאַנציעלע הילף פון מייסקין.

דערנאָך איז אונדזער געשפּרעך אַריבער צו תּכלית. אַלעקסאַנדער האָט פאָרגע־לייגט תּיכּף צו שאַפן אַ זעלבשטענדיקע פראַקציע. איך בין געווען קעגן שאַפן אַ פראַקציע אָנגעבנדיק די מאָטיוון פון מיין קעגנערשאַפט. כ׳האָב פאָרגעלייגט, אַז פאַרלויפיק זאָל געשאַפן ווערן אַ פּראָקאָמוניסטישע פראָנדע אין דער לינקער פראַקציע. מייסקי איז געווען מיט מיר איינשטימיק און אַ נאָמען געגעבן די פראָנדע: „אָנשלוס אָדער שפּאַלטונג”.

דער חילוק צווישן אַ פראַקציע און אַ פראָנדע איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס אַ פראַקציע איז אַן אָרגאַניזאַציאָנעלער אָרגאַניזם, מיט מיטגלידער, אָנפירערשאַפט און מיט אָרגאַניזאַציאָנעלער דיסציפּלין. אַ פאַרטיי־פירערשאַפט אָדער אַן אָנפירונג פון אַ געזעלשאַפטלעכער אָרגאַניזאַציע קען אַ מאָל האָבן יורידיש־סטאַטוטאַרע רעכט אויסצושליסן אַ פראַקציע פון אירע רייען, אָדער וויניקסטנס צו צוימען אירע טעטי־קייטן. אַ פראָנדע דערקעגן איז אַ לויזע גרופּירונג פון מענטשן, וועלכע זענען איינ־שטימיק מיט אַ קאָנקרעטער אַקציע. אידעיִשע, פּאָליטישע אָדער געזעלשאַפטלעכע, אָבער אָן אַ פאָרמעלער פירערשאַפט און אָן פאָרמעלער אָרגאַניזאַציאָנעלער דיסצי־

פלין. אַ פראַנדע קען אַ מאָל באַשטיין אַפילו פון אַן איינציקער פּערזאָן. אין דער פראַקטיק האָט אויך אַ פראַנדע אַ מין צענטראַלע אָנפירערשאַפט און אין די מערסטע פאַלן פאַרוואַנדלט זיך אַ פראַנדע אין אַ פראַקציע. אַזעלכעס איז טאַקע געשען מיט דער געשאַפענער פראַנדע אין בונד: מיט אַ דריי חדשים שפּעטער איז זי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פאָרמעלער און אַן אָפיציעלער קאָמבונדישער פראַקציע.

מיר זענען אָנגעקומען קיין וואַרשע אין אַ פרייטיק־אינדערפרי. מיטאָגצייט, נאָכן פאַרלאָזן מייסקיס וווינונג, האָבן מיר זיך געלאָזט אויף אַ שפּאַציר איבער די וואַרשעווער יידישע גאַסן פון נאַלעווקעס — מוראַנאָווער קוואַרטאַל און זיך צוגע־קוקט ווי יידן איילן זיך וואָס שנעלער צו פאַרענדיקן זייערע מסחרים און אַהיימצוגיין צו זייערע משפחות. ס׳האָט נישט געהאַט קיין זין צו באַזוכן די לאָקאַלן פון די פראָפעסיאָנעלע פאַראייניען. פרייטיק איז פאַקטיש געווען דער פאַרטייִשער און געזעלשאַפטלעכער אָפּרוטאָג און די מערסטע לאָקאַלן פון די יידישע פראָפעס־יאָנעלע אַרבעטער־פאַראיינען זענען פרייטיק געווען געשלאָסן. מיר זענען אַוועק אָפּשטאַטן אַ וויזיט צו אַלעקסאַנדערס באַקאַנטע מיידלעך פון לאָדזש, איינע אַ לע־רערין, די צווייטע אַ קראַנקן־שוועסטער, און דאָרט זיך אָפּגערוט, געטרונקען אַ גלאָז טיי און אַלעקסאַנדער האָט ביי זיי געכאַפּט אַ קליינע הלוואה.

כ׳האָב געוווּסט, ווו ס׳קומט פאַר פרייטיק פאַר נאַכט די זיצונג פונעם וואַרשע־ווער קאָמיטעט פון בונד, ווען זי הייבט זיך אָן און ווען אַן ערך זי ענדיקט זיך, געקענט דעם מאַרשרוט פון די מיטגלידער פונעם קאָמיטעט צו זייערע היימען. ס׳איז מיר געגאַנגען אין דעם, קודם־כּל צו באַגעגענען זיך מיט יוסף באַסאַק און מיט דעם שוואַרצן אַבע (אַבע פלוג). כ׳האָב געוווּסט אַז זיי גייען אָפּט צוזאַמען צו זייערע היימען, און פאַרגעלייגט אַלעקסאַנדערן, אַז מיר זאָלן זיך מיט זיי באַגע־גענען און מאַכן אַן אָנשטעל אַז די באַגעגעניש איז אַ צופעליקע.

אונדזער באַגעגעניש איז געווען אַ פריידיקע און דאָס מזל האָט ווידער אַ שיין געטאָן. ביידע זענען דעם אָוונט געווען פריי. יוספס פרוי מיט די קינדער זענען געהאַט אַוועקגעפאָרן וויזיטירן אירע עלטערן און אַבע האָט נאָך געהאַלטן פאַר זיין חתונה. יוסף האָט פאַרגעלייגט מיר זאָלן ערגעץ אַריינגיין עפּעס עסן. כ׳האָב זיך אַ וויצל געטאָן, אַז מיר האָבן נאָך נישט באַוויזן צו פאַרקויפן קיין איין דימענט פון דער קופּע בריליאַנטן, וואָס מיר האָבן אַרויסגעשמוגלט פון דער יונגער סאָוועטן־מלוכה און איר וועט דאַרפן באַצאָלן פאַר אונדזער מאָלצייט.

מיר זענען אַריין אין דער באַקאַנטער וואַרשעווער רעסטאָראַציע פון יאַגאָדע אויף זאַמענהאָף־גאַס און האָבן פאַרנומען אַ טישל אין אַ ווינקל פונעם לעצטן צימער, פאַרצוקט די געשמאַקע פרייטיק־צו־נאַכט־סעודה און זיך צעשמועסט. מיר האָבן דערציילט וועגן די געשעענישן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, וועגן אונדזערע איינ־דרוקן, שטימונגען און פּאָליטישע אויספירן, וואָס מיר האָבן געמאַכט. נאָך עטלעכע שעה שמועסן האָט יוסף פאַרגעלייגט, אַז מיר זאָלן אַלע אַרויף צו אים אין דער

ווינונג און ממשיך זיין דאָס געשפּרעך. און ווידער האָט דער שמועס פאַרנומען עטלעכע שעה. יוסף און אַבע האָבן אָן רעזערוואַציעס אַקצעפּטירט דעם פאָרשלאָג וועגן אַ פּראַנדע און ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז אויף צו מאָרגנס, שבת 5 פאַר נאַכט, זאָלן מיר זיך באַגעגענען אינעם לאָקאַל פון טעקסטיל־פאַראיין צו באַטראַכטן די פּראַקטישע ענינים אין שייכות מיט דער געשאַפענער פּראַנדע אין בונד אין פּוילן.

שבת אין דער פרי האָבן אַלעקסאַנדער און איך באַזוכט די לאָקאַלן פון עטלעכע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, דערונטער אויך דעם מעטאַל־פאַראיין. דער באָדן פאַר אונדזערע פּאָליטישע אַספּיראַציעס איז געווען אַ רייפער; מיר האָבן געוווּסט, אַז ס׳וועט לאַנג נישט דויערן און מיר וועלן האָבן אַ צאָלרייכע גרופּירונג מיט אַ גרויסן איינפלוס אין בונד.

מיטאָגצייט זענען מיר אַרויף אין דער בונדישער אַרבעטער־קיך אויף פּשעיאַזד נומער 9. אַריינקומענדיק אין עסזאַל האָבן מיינע אויגן אויפגעלויכטן פאַר פרייד: כ׳האָב דערזען אַן אומגעריכט געפונענעם אוצר. ביי איין טיש איז געזעסן זשאַן, ביי אַ צווייטן — אַברהם סלושני. דיביידע פּראָווינצער חברים האָבן זיך פון פריער נישט געקענט. ביידע זענען געווען לינקע. זשאַן איז געווען אַ מיטגליד פון דער צענטראַלער אָנפירונג פון דער לינקער פראַקציע. ס׳האָט לאַנג נישט גענומען און די פאַרוואַלטערין פון דער קיך האָט פאַר אונדז פיר געגרייט אַ באַזונדער טישל. מיר האָבן אָבער קיין ערנסטן שמועס אין דעם עסזאַל נישט געקענט פירן און נאָכן עסן זענען מיר אַוועק צום פאַן וו. אין דער קליינער קאָוויאַרנע אויף קאַרמעליצקע 15, אויף אַ גרינטלעכן געשפּרעך.

זשאַן האָט געשטאַמט פונעם שטעטל מלאַווע. אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער צוזאַמען מיט נאָך צוויי פון זיינע יונגע חברים בינעם וואַרשאַווסקי און מלינעק, געשאַפן און אויפגעבויט די בונדישע באַוועגונג אין מלאַווע און אין ראַיאָן. זשאַן האָט געשטאַמט פון אַ באַלעבאַטישער פאַמיליע, דער פאָטער איז געווען אַן אָנגעזעענער ציוניסטישער עסקן. באַטייליקט האָט זיך זשאַן אין אַלע קאָנפערענצן און צוזאַמענפאָרן פון בונד אין פּוילן אונטער דער פּוילישער הערשאַפט און אויך אויפן ערב שפּאַלטונג־צוזאַמענפאָר פון בונד אין דאַנציק, האַרבסט 1921. אין 1919 איז ער געווען טעטיק אין לובלין ווי סעקרעטאַר פון צענטראַל־ביוראָ פון די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און ווי דער פּאָליטישער פירער פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע אין לובלין. ער איז מאָביליזירט געוואָרן ווי אַן אָפיציר אין דער פּוילישער אַרמיי און נאָך דער דעמאָביליזאַציע — געוואָרן אַ סטודענט פון יורי אויפן קראָקעווער אוניווערסיטעט און גלייכצייטיק דער סעקרעטאַר פון צענטראַל־ביוראָ פון די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין קראָקע. זשאַן איז געווען זייער געאַכט אין אַלע קרייזן פון בונד און האָט געהערט צום העכערן אַקטיוו, פון וועלכן ס׳ווערן רעקרוטירט מיטגלידער פאַר אַ צענטראַל־קאָמיטעט.

אַברהם סלושני איז געווען אַ לאַנגיאָריקער טוער פון בונד אין שעדלעץ. נאָך דעם פאַרלאָזן פון דער רויטער אַרמיי די גרענעצן פון פוילן זענען פון שעדלעץ אַוועק די בעסטע טוערס און פירערס פון דער בונדישער שעדלעצער אָרגאַניזאַציע: אַלטשולער, יאַנקל פישמאַן און אַנדערע. אַברהם סלושני און דוד ניימאַרק (אריה) האָבן צוריק אויפגעבויט די בונדישע באַוועגונג אין שעדלעץ. סלושני האָט נישט געהערט צום קאַליבער פון אַ זשאַן, אָבער איז פאַררעכנט געווען פאַר איינעם פון די בעסטע פּראַקטישע טוערס פון בונד אויף דער פּראָווינץ.

אונדזער שמועס מיט זשאַן און סלושני, ביי אַ האַלב טוץ שוואַרצע און ווייסע קאַוועס, האָט אויך געדויערט עטלעכע שעה. אויך זיי האָבן אַן רעזערוואַציעס זיך אַרויסגעזאָגט פאַר דער שטעלונג צו פירן אַ קאַמף פאַר דעם, אַז דער בונד זאָל אָננעמען די 21 אַריינטריט־באַדינגונגען פון קאָמינטערן און פאַר דער נויטווענדיקייט צו שאַפן אַ לינקע פראַנדע אין דער לינקער פּראַקציע.

די באַראַטונג איז באַשטאַנען שוין פון זיבן חברים — אַ גרופּע, מיט וועלכער קיין שום פּאַרטיי און קיין שום אָרגאַניזאַציע וואָלט נישט געהאַט מיט וואָס זיך צו שעמען. די באַראַטונג האָט זיך פאַרנומען מיט אָרגאַניזאַציאָנעלע און פּראַקטישע ענינים און אויך מיט דעם ענין פון מיין רעסטאָוראַציע אויף די אַמטן, וואָס כ׳האָב פאַרנומען פאַר מיין אַפּפאָר קיין סאָוועטן־פאַרבאַנד. אַבע און יוסף האָבן דעם ענין באַטראַכט פאַר אַ נישט וויכטיקן: אין פאַרלויף פון אַ וואָך צייט וועט אַלץ זיין דער־לייזיקט. דעם קומענדיקן פרייטיק וועסטו זיך געפינען צוזאַמען מיט אונדז אויף דער זיצונג פונעם וואַרשעווער קאָמיטעט. איך בין נישט געווען אַזוי אָפּטימיסטיש און מיין פּאָליטישער אינסטינקט האָט מיך נישט אָפּגענאַרט. איך בין באַשטימט געוואָרן צו זיין דער קאָאָרדינאַטאָר, מיט אַנדערע ווערטער: דער גענעראַל־סעקרע־טאַר פון דער געשאַפענער פראַנדע. מייסקי האָט אויף זיך גענומען די אויפגאַבע צו זיין דער קאָרעספּאָנדענט און צו דערליידיקן די נייטיקע שריפטלעכע אַרבעטן. צעגאַנגען זענען מיר זיך אין אַ געהויבענער שטימונג. מיין רעזומע פון דער באַ־ראַטונג איז געווען, אַז מיר האָבן אויף זיך גענומען די אַחריותפולע אויפגאַבע צו ראַטעווען די היסטאָרישע רעוואָלוציאָנערע ראָלע פון בונד און די רעוואָלוציאָנערע טראַדיציעס פונעם יידישן אַרבעטער־קלאַס אין פוילן.

אויפן וועג צו דער ווינונג פון מיינע עלטערן בין איך געגאַנגען אין אַ האַפּער־דיקער שטימונג, אַ צופרידענער פון דער אַרבעט, וואָס אַלעקסאַנדער און איך האָבן אָפּגעטאָן אין פאַרלויף פון צוויי טעג, און אין דער טיפסטער איבערצייגונג, אַז כ׳גיי אויפן ריכטיקן וועג און טו דאָס וואָס איז נייטיק און ריכטיק — און אַ הונגעריקער. צום ערשטן מאָל נאָכן צוריקקום פון מיין ערשטן וויזיט אין סאָוועטן־פאַרבאַנד האָב איך זיך געלייגט שלאָפן אַן אַ וועטשערע.

זונטיק זענען די פּראָווינצער זיך צעפאָרן. אַלעקסאַנדער האָט נישט געזען קיין פינאַנציעלע מעגלעכקייטן זיך אויפצוהאַלטן אין וואַרשע און ער איז אויך נייטיק

געווען אין זיין סביבה אין לאָדזש. איך האָב באַגלייט אַלעקסאַנדערן צום ווינער וואָקזאַל. ס'איז נאָך געווען אַ סך צייט, און מיר זענען אַריין אין „אַ לאַ פּורשעט" כאַפּן אַ ביס און אַ גלאָז טיי.

דער רעסטאָראַן אונטער דעם פראַנצייזישן נאָמען „אַ לאַ פּורשעט" איז געווען אַ יידישער מיט די טיפּישע יידישע מאכלים און איז נאָר וואָס געהאַט געעפנט געוואָרן אויף דער רייכער, אַריסטאָקראַטישער און הויפּטגאַס פון וואַרשע — אויף מאַרשאַלקאָווסקע, נישט ווייט פונעם ווינער וואָקזאַל. די קליענטעלע איז געווען כמעט אויסשליסלעך אַ פּוילישע. די גויים זענען געקומען אין דעם רעסטאָראַן זיך פּאַסמאַקעווען מיט אַ פּאַרציע „ריבי פּאָ זשידאָווסקו", מיט אַ שטיקל מאַרינירטן הערינג אָדער מיט וועמפּלעך, וואָס זענען אין געשמאַק געווען דער היפּוך פון די פּוילישע נודנע פליאַקעס, און אין אַ שבת־אינדערפרי — מיט אַ פּאַרציע טשאָלנט און קוגל, אַ זיסן לאָקשן־קוגל און אַ געפּעפּערטן קאַרטאָפל־קוגל — מאכלים געשמאַקע, וואָס מ'קריגט נישט אַפילו ביי מאַקסימען אין פּאַריז. איך בין צום ערשטן מאָל געווען אין דעם דאָזיקן רעסטאָראַן און זיך נישט געזשאַלעוועט מיטן ביסן נאָך אַ הונגער פון איבער 30 שעה צייט.

מאָנטיק אין דער פרי האָב איך געמאַכט מיין ערשטן וויזיט אין לאָקאַל פון דער רעדאַקציע פון דער בונדישער טאָגצייטונג, די „פאָלקסצייטונג", אויף נאָוואָ־ליפּיע 7. כ'האָב זיך געזען מיט די חברים וויקטאָר שולמאַן און בייניש מיכאַלעוויטש און זיי אָפּגעגעבן אַ גרוס פון מאָסקווע פון זייערס אַן אַלטן באַקאַנטן, פון גרינבערגן, אַ געוועזענער בונדיסט, דער געהילף־קאָמיסאַר פון קאָמיסאַריאַט פאַר קולטור און בילדונג, לונאַטשאַרסקי'ס רעכטע האַנט און פּאַקטישער אָנפירער מיטן קולטור־און בילדונג־וועזן פון סאָוועטן־פאַרבאַנד. דערנאָך בין איך אַריין אין סעקרעטאַריאַט פון צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד.

יוזעף האָט מיך אויפגענומען לויט אַלע כללים פון דיפּלאָמאַטישער העפלעכ־קייט. פאָרמעל איז גאָרנישט געווען וואָס אויסצוזעצן. איך האָב אָבער דערפילט די קאַלטקייט פון יוזעפס באַציִונג צו מיר. ס'איז נישט געווען מער דער גוט־באַקאַנטער יוזעף אין זיין באַציִונג צו מיר. כ'האָב פאַרשטאַנען, אַז עמנואל נאָוואָ־גרודסקי האָט שוין באַוויזן אָנצוצינדן אַן אַנטי־הערשל־מעטאַלאָוויעץ־קנייטל ביי דער בונדישער נאַטשאַלסטווע. ביים אַוועקגיין האָב איך צו יוזעפן אַ זאָג געטאָן: „ווי איך זע, זענט איר אין דער צייט פון מיין אָפּוועזנדיקייט עלטער און קעלטער געוואָרן".

איך בין אַוועק צו דוד מייערן, דעם סעקרעטאַר פון דער וואַרשעווער אָרגאַ־ניזאַציע פון בונד. מיט אים בין איך שוין געווען דירעקטער — איך בין דאָך געווען אינעם וואַרשעווער קאָמיטעט פון בונד אַן עלטערער מיטגליד פון דוד מייערן — און צו אים אַ זאָג געטאָן: „חבר דוד מייער, קומען די זיצונגען פון קאָמיטעט נאָך אַלץ פאָר אויף דעם זעלבן אָרט, אין דעם זעלבן טאָג און אין דער זעלבער צייט"?

דוד מייערס ענטפער איז געווען אַן אויסמיידנדיקער: „מיר וועלן אייך לאָזן וויסן״.

נאָך די וויזיטן ביי יוזעפן און ביי דוד מייערן האָב איך געוווסט, אַז דאָס צוריקבאַקומען די אַמטן, וואָס כ׳האָב פאַרנומען פאַר מיין אָפּפאָר אין סאָוועטן־פאַרבאַנד וועט נישט זיין קיין לייכטער. ס׳האָבן זיך פאַר מיר געשטעלט צוויי פּראָבלעמען: ווו נעמט מען אויף שבת, און אויף וואָס פאַר אַן אופן קען איך צוריק געווינען מיין צענטראַלע פּאָזיציע אין דער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע און דעם אַמט פונעם ערשטן פונקציאָנאַר פון צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד אין פוילן.

כ׳האָב געקענט צוריקגיין צו מיין פאַך אַרבעטן ווי אַ מעטאַל־טאָקער. ס׳איז געווען נישט מער ווי צוויי און אַ האַלב יאָר, ווי כ׳האָב פאַרלאָזט מיין שטעלע אין אַ טאָקער־וואַרשטאַט און כ׳האָב געפילט, אַז ס׳וועט ביי מיר נישט לאַנג נעמען און כ׳וועל ווידער זיין קוואַליטאַטיוו און קוואַנטיטיוו פעיק צו מאַכן אַ גוטן טאָג אַרבעט. כ׳האָב אָבער דעם געדאַנק וועגן צוריקגיין אין פאַבריק אָפּגעוואָרפן. געוווסט, אַז אויב כ׳וועל דאָס טאָן, קען די פּראַגנדע, חלילה, ווערן אַ מפּלונג, און איך קאָן שטייט אויף מיין ווייטערדיקע פּאָזיציע אין בונד. כ׳האָב באַשלאָסן, אַז וואָס ס׳זאָל נישט זיין, וועל איך פון מיין פּאָזיציע נישט אָפּטרעטן און ווייטער פאָרזעצן מיין טעטיקייט אַרום די אויפגאַבעס, וואָס איך און די פּראַגנדע האָבן זיך געשטעלט.

וואָס שייך דעם צווייטן פּראָבלעם, האָב איך באַשלאָסן אָנצוהייבן מיינע פּאַרטייִשע און געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן פון סאַמע אונטן — פון די גרונטיקע אַרבעטער־ און פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס און דורך דעם אויפצווינגען די, וועלכע וועלן מיר שטיין אין וועג, צוריקצוגעבן מיר די אַמטן, וואָס איך האָב מיט שווערער מי דערוואָרבן אין דער בונדישער באַוועגונג.

מאָנטיק אין אָוונט זענען אַלע מאָל פאָרגעקומען די זיצונגען פון דער פאַך־קאָמיסיע פון די מעטאַל־טאָקערס און גיסערס פון מעש. כ׳בין בכיוון אַריינגעקומען צו דער זיצונג אַ ביסל שפּעטלעך. עטלעכע חברים האָבן מיך שוין געהאַט באַגעגנט און אַנדערע — נאָך נישט. די זיצונג איז אויף אַ ווײַלע איבערגעריסן געוואָרן, מ׳האָט זיך מיט מיר באַגריסט און ווען די זיצונג האָט זיך ווידער אָנגעהויבן, האָט דער פאָרזיצער, דער אַלטער פאַכמאַן און לאַנגיאָריקער פאַכטוער, ישראל הערמאַנשטאַט, געמאַכט מיר דעם אָנבאָט איבערצונעמען דעם פאָרזיץ פון דער זיצונג.

איך בין געווען אַ דערוויילטער מיטגליד פון דער פאַך־אָנפירונג זינט שבועות 1914 און איר פאָרזיצער און רעפּרעזענטאַנט זינט דעם אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. נאָך מיין צוריקקומען פון דייטשלאַנד, זומער 1918, האָב איך געהאַט וויניק צייט זיך אָפּצוגעבן מיט ספּעציפישע פאַך־ענינים. כ׳בין געווען דער פאָרזיצער פון אַלע פאַך־פאַרזאַמלונגען און דער נאָמינעלער פאָרזיצער פון דער פאַך־קאָמיסיע, און יעדעס מאָל ווען כ׳פלעג זיך באַטייליקן אין אַ זיצונג, האָט דער פאָרזיצער מיר פאָרגעלייגט איבערצונעמען דעם פאָרזיץ פון דער זיצונג און דעם אָנבאָט האָב איך זעלטן אָנגענומען. דאָס מאָל האָב איך פּשוט געוואָרט אויף אַזאַ

אָנבאָט און אַן דערווידערונג איבערגענומען דעם פאָרזיץ און זיך פאַרפּעסטיקט אויף דער פּאָזיציע פונעם פאָרזיצער פון דער וויכטיקסטער פּאַד־סעקציע אינעם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די ייִדישע מעטאַל־אַרבעטער אין וואַרשע.

אין אַן ענלעכער לאַגע האָב איך זיך געפונען אין דער פאַרוואַלטונג פונעם מעטאַל־פאַראיין. אויך דאָרט האָב איך דורכגעפירט דעם זעלבן מאַנעווער. די זיצונגען פון דער פאַרוואַלטונג פלעגן פאָרקומען יעדן דאָנערשטיק אין אָוונט, אָבער צו דער זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג פון מעטאַל־פאַראיין בין איך שוין געקומען מיט אַ פריער צוגעגרייטן אָרגאַניזירטן פּראָגנט. אין פאַרלויף פון די ערשטע טעג פונעם אַנטשטיין פון דער אָפּאָזיציאָנעלער פראַנדע זענען צו איר צוגעשטאַנען אייניקע וויכטיקע טוערס און מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג: קירש, לייזערל און בעקערמאַן, און ס׳איז אָפּגעמאַכט געוואָרן, אַז אויף דער זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג זאָל ווער פון זיי פאָרשלאָגן, אַז איך זאָל ווידער איבערנעמען דעם אַמט פונעם ערשטן פאָרשטייער פון מעטאַל־פאַראיין אינעם צענטראַל־ביוראָ פון די פּראָפעסיאָנעלע בראַנזשע־פאַראיינען — אַן אַמט, וואָס כ׳האָב פאַרנומען זינט דעם שאַפן פון דער דאָזיקער פּראָפעסיאָנעלער אינסטאַנץ אין אויגוסט 1915 ביז צו מיין אָפּפאָר קיין סאָוועטן־פאַרבאַנד. אַלץ איז אַדורך כּשורה אויף דער זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג פונעם מעטאַל־פאַראיין.

ענלעכס איז פאָרגעקומען שבת אין דער פרי אויף דער בונדישער פּאַרטיי־גרופּע אין מעטאַל־פאַראיין. אויך דאָרט האָב איך רעסטאַווירט מיין נאָמינעלקייט ווי פאָרזיצער פון דער בונדישער גרופּע אין מעטאַל־פאַראיין און געוואָרט מיט אומגעדולד אויף דער פּלענאַרער זיצונג פון צענטראַל־ביוראָ פון די פּראָפעסיאָנעלע בראַנזשע־פאַראיינען. אויב אויך דאָרט זאָל אַלץ אַדורכגיין אָן שוועריקייטן, בין איך ווידער אַ געמאַכטער מענטש מיט אַ פעסטער פּאָזיציע אין דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג אין וואַרשע, מיט וועמען די פּאַרטיי־גדולים און די פראַקציע־פירערס וועלן זיך מוזן רעכענען, און אין מיין קאַמף פאַר דער רעסטאַווראַציע פון די צענטראַלע פּאַרטיי־אַמטן, וואָס כ׳האָב פאַרנומען פאַר מיין אָפּפאָר קיין סאָוועטן־פאַרבאַנד: מיטגליד פונעם וואַרשעווער קאָמיטעט פון בונד, מיטגליד פון דער צענטראַלער און וואַרשעווער אָנפירונג פון דער לינקער פראַקציע און ערשטער פונקציאָנאַר פון צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד אין פּוילן — וועל איך זיך קענען אָנשפּאַרן אויך אויף מיין אייגענעם פּאָליטישן און אָרגאַניזאַציאָנעלן כּוח און פּאָזיציע אין דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג.

אין פאַרלויף פון די ערשטע 8–10 טעג נאָך מיין צוריקקער פון מאָסקווע קיין וואַרשע און דעם שאַפן פון דער פראָנדע האָט די אָנהענגערשאַפט פאַר אַ פּראָקאָמוניסטישער אָפּאָזיציע אין דער לינקער פראַקציע כּסדר געקריגן אַ גרעסערע צאָל אָנהענגערס אין אַלע פּאַרטיי־גרופּעס און צווישן דעם אַזוי גערופענעם אומפּאַרטייִשן אַקטיוו אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, וואָס האָבן זיך געפונען אונטער

דער השפעה פון בונד אין וואַרשע. אָבער גלייכצייטיק האָב איך געשפּירט, אַז עפּעס קאָטלעוועט זיך אַרום מיין פּערזאָן. כ׳בין יעדן טאָג כּמעט געקומען אין סעקרע־טאַריאַט פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד און געפרעגט יוזעפן: „וואָס הערט זיך, ווען וועל איך שוין איבערנעמען דעם אַמט מיינעם״? און יוזעף פלעגט מיך אָפּפּטרן מיט פוילע תּירוצים, און איינעם אַ פרימאָרגן, בעת מיינס אַ וויזיט, ווען כ׳בין געווען מער צודרינגלעך, האָט מיר יוזעף אין אַ בייזלעכן טאָן געענטפערט: „וואָס איז די גראַטשקע? ס׳פעלט אייך אויף אַן אַנבייסן״?

אויף דער זיצונג פונעם צענטראַל־ביוראָ פון די פּראָפעסיאָנעלע בראַנזשע־פאַראיינען, וואָס זענען געווען גלויבנטלעך פאַרגעקומען אין אַ זונטיק־פאַרנאַכט, האָב איך קיין שוועריקייטן נישט געהאַט. כ׳בין געקומען און פּשוט געמאָלדן, אַז די פאַר־וואַלטונג פונעם מעטאַל־פאַראיין האָט מיך ווידער דעלעגירט ווי איר ערשטן פאַר־שטייער אין צענטראַל־ביוראָ. אָבער אויף דער דאָזיקער זיצונג האָבן געפּלאַצט צוויי באָמבעס: אַ דערקלערונג פון יחיאל ניימאַן, איינער פון די פאַרשטייערס פון לעדער־פאַראיין, אַז ער רייסט איבער מיט די רעכטע און שליסט זיך אָן אין די רייען פון די חברים, וועלכע טרעטן אַרויס פאַר דעם, אַז דער בונד זאָל אָננעמען די „21 פונקטן״ און אָנשליסן זיך אינעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל. זיין דער־קלערונג האָט אַרויסגערופן אַן אויפרודער ביי די אָנוועזנדיקע מיטגלידער פון צענטראַל־ביוראָ. עטלעכע האָבן געשריגן צו מיר: „דאָס איז אייער שטיקל אַרבעט! אַז מ׳שמירט פאַרט מען! וויפל האָט מען אייך באַצאָלט, איר זאָלט אַרויסרופן אַ צערודערונג אין די בונדישע רייען״? אַן אָפענע אָנצוהערעניש, אַז כ׳בין פון מאָסקווע געקומען מיט אַ זאַק גאָלד. דוד מייער, דער פאָרזיצער פונעם צענטראַל־ביוראָ זינט אויגוסט 1915, האָט זיך באַמיט איינצושטילן די צערייצטע געמיטער, אָבער אַן דערפאָלג — און די זיצונג האָט זיך פאַרענדיקט אין אַ טומל.

יחיאל ניימאַן האָט אין דער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע פון בונד פאַרנומען אַן אייגנאַרטיק אָרט, און אַן אייגנאַרטיק אָרט האָט ער אויך פאַרנומען אין מיין געזעל־שאַפטלעכן און אין מיין פּערזענלעכן לעבן.

כּיל, ווי מען האָט אים געווייינטלעך גערופן, האָט געשטאַמט פון ראַדאָם. יחיאל ניימאַן האָט געשריבן לידער, וואָס ער האָט, דוכט זיך, קיין מאָל נישט פאַר־עפנטלעכט און בלויז געציילטע יחידים האָבן פון זיי געוווּסט און געלייענט אָדער געהערט אים פאָרלייענען.

אין וואַרשע איז יחיאל ניימאַן געווען באַשעפטיקט ביי אַן אייגנאַרטיק פאַך אין די יאָרן פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה: אַ לעכל־שלייפער ביי לעדער, אַ פאַך, וואָס איז באַשטאַנען פון פינף פּערזאָן: צוויי „פאַבריקאַנטן״ און דריי אַר־בעטער. יחיאל ניימאַן איז געווען דער בעסטער פאַכמאַן, ער האָט זיך אויך גוט פאַרשטאַנען אויף דער קאָמפּליצירטער נייער מאַשין און גוט פאַרדינט ביי זיין אַרבעט.

אייגנאַרטיק איז יחיאל ניימאַן געווען ווי אַן אַרבעטער־טוער. ער איז פֿאַררעכנט געווען פֿאַר איינעם פֿון די בעסטע טוערס אויפֿן געביט פֿון דער פּראָפֿעסיאָנעלער באַוועגונג, פֿאַר איינעם פֿון די בעסטע סעקרעטאַרן פֿון אַ פּראָפֿעסיאָנעלער אַרבע־טער־אָרגאַניזאַציע. מ׳האָט אים אויך געהאַלטן פֿאַר איינעם פֿון די בעסטע קענערס פֿון ליטעראַטור־ און קולטור־ענינים. ער האָט באַהערשט אַחוץ אַ גוטן ייִדיש אויך די פּוילישע און רוסישע שפּראַכן און זייערע ליטעראַטורן.

ער איז געווען אַ ציכטיקער מענטש, ציכטיק אין זיין קליידונג און ציכטיק אין זיין באַציִונג צו מענטשן, מיט וועלכע ער איז געקומען אין אַ געזעלשאַפֿטלעכן באַריר. ער איז אויך געווען זייער רעפּרעזענטאַטיוו ווי אַן אַרבעטער־פֿאַרשטייער סיי אין זיינע פֿאַרהאַנדלונגען מיט באַלעבאַטים און סיי ווי אַ פֿאַרשטייער פֿון בונד אין אַ געזעלשאַפֿטלעכער אָרגאַניזאַציע, ווי ס׳איז למשל געווען די מלוכישע קראַנקן־קאַסע. ער איז געווען דאָס שיינדל פֿון דער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע פֿון בונד און באַליבט געווען אין אַלע קרייזן פֿון דער בונדישער באַוועגונג סיי אין וואַרשע און סיי אין די ערטער אויף דער פּראָווינץ, מיט וועלכע ער איז געקומען אין אַ געזעל־שאַפֿטלעכן קאָנטאַקט.

אויך ביי מיר האָט יחיאל ניימאַן פֿאַרנומען אַן אייגנאַרטיק אָרט — כ׳האָב אים מקנא געווען. דאָס איז געווען דער איינציקער מענטש אינעם גאַנצן פּעריאָד פֿון מיין פּאָליטישער און געזעלשאַפֿטלעכער קאַריערע, וועמען כ׳האָב מקנא געווען, אויף וועמען כ׳בין געווען אייפֿערזיכטיק.

כ׳האָב כילן געקענט זינט דעם אויסבראָך פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה. ער איז צו יענער צייט ביז זומער 1915 נישט געווען אַקטיוו אין דירעקט בונדישער פּאַרטיי־אַרבעט. געוווּסט האָב איך, אַז ער האָט שוין הינטער זיך אַ רעוואָלוציאָנערע בונדישע פֿאַרגאַנגענהייט און אויך איבער אַ יאָר תּפֿיסה אין וואַרשעווער פּאַוויאַק. איך האָב זיך מיט אים נאָענט באַפֿריינדט און די אינטימע פֿריינדשאַפֿט האָט אָנגע־האַלטן אין משך פֿון יאָרן.

מיינע אינטימסטע פּערזענלעכע פֿריינד אין משך פֿון יענע יאָרן זענען געווען יוסף באַסאַק, אַבע פּלוג און יחיאל ניימאַן. יוסף און אַבע זענען געווען קלוגע, פֿעיִקע און קאָמפּעטענטע ייִדישע אַרבעטער־טוערס, געקומענע פֿון וואַרשטאַט. זיי האָבן אויסגעצייכנט פֿאַרשטאַנען אַ סיטואַציע, געקענט גרינגלעך באַהאַנדלען קאָמפּלי־צירטע פּאָליטישע און געזעלשאַפֿטלעכע ענינים און געפֿינען די נייטיקע פּראַקטישע לייזונג צו אַקטועלע ענינים פֿון דער בונדישער באַוועגונג. זיי האָבן אָבער נישט געהאַט קיין נטיה צו רוחניות. יוסף איז נישט געווען, חלילה, קיין עם־הארץ, האָט געקענט גוט לערנען און איז באַהאַוונט געווען מיט דער ייִדישער און מיט דער העברעיִשער ליטעראַטור, אָבער אָן אַן אינטערעס פֿאַר פּראָבלעמען, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין אַקטועלן שייכות מיטן פּאָליטישן לעבן און מיט די טעטיקייטן פֿון בונד. אַבע איז געווען באמת אַ גרויסער חכם, אָבער אַ זייער קנאַפּער תּלמיד־

חכם. מיינע שמועסן מיט די דאָזיקע חברים זענען געווען בעיקר פון פּאָליטישן און אָרגאַניזאַציאָנעלן כאַראַקטער און נישט וועגן טעאָרעטישע ענינים.

אַנדערש זענען אָבער געווען מיינע שמועסן מיט יחיאל ניימאַן. זיי האָבן כמעט שטענדיק געטראָגן אַ רוחניותדיקן כאַראַקטער. כּיל איז אין זיין מהות געווען אַן אינטעלעקטואַל. מיט כּילן פלעג איך אָפט גיין זען אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג אינעם יידישן אָדער אינעם פּוילישן טעאַטער. זיין באַליבט טעאַטער איז געווען „טעאַטער פּאָלסקי״ אונטער שיפּמאַנס דירעקציע. זיין באַליבסטער אַקטיאָר איז געווען יאַ־ראַטש. מיין פּויליש טעאַטער איז געווען טעאַטער „אַטענעום״ און מיין פּוילישער ליבלינג־אַקטיאָר איז געווען סאַמבאָרסקי, אַגב, אַן אַנטיסעמיט. פון די אַקטיאָרן אינעם יידישן טעאַטער איז כּילס ליבלינג געווען זיגמונט טורקאָוו, מיינער איז געווען לאַנדע. מיר זענען אָפט צוזאַמען געגאַנגען אין דער אָפּערע, אויף אַ קאָנצערט אין דער פילהאַרמאָניע. כּיל איז פאַרליבט געווען אין באַכן און אין בעטהאָווענען. מיינע ליבלינגען זענען געווען טשייקאָווסקי און מאָצאַרט.

מיר פלעגן גאַנץ אָפט זיך אָפּרייסן פון דער רוטינער טעטיקייט, זיך פאַרמאַכן אויף עטלעכע שעה אין זיין אַרבעט־צימער אינעם לאָקאַל פונעם יידישן לעדער־אַרבעטער־פאַראיין אויף נאָוואָליפּקי 7 און שמועסן וועגן פאַרשיידענע קולטור־ און ליטעראַרישע ענינים. ער פלעגט עקספּראָמט איבערזעצן לידער פון באַליבטן פּוילישן דיכטער נאָרוויד, איך פלעג רעציטירן פערזן פונעם דייטשישן דיכטער רילקע. ער פלעגט מיר דערציילן וועגן דעם פּוילישן משיחיזם פון טאָוויאַנסקי, איך פלעג ציטירן שטעלן פון ראָזאַ לוקסעמבורגס בריוו פון טורמע אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. ער פלעגט מיר דערציילן וועגן דער גרויסקייט פון די ווערק פון שמעון אשכּנזי איבער דער געשיכטע פון פּוילן, וועגן די ענצי־קלאָפּעדישע ווערק פון פּראָפעסאָר ווילהעלם פעלדמאַן איבער דער פּוילישער ליטע־ראַטור, איך פלעג פאַר אים מסביר זיין די גרויסקייט און טיפקייט פון פרידריך ענגעלס „אַנטי־דירינג״. זיינע פילאָסאָפן זענען געווען קאַנט און שפּינאָזע, מיינע — העגעל און פיכטע.

אָבער נישט בלויז קעגנזאַצן אין מיינונגען זענען צווישן אונדז געווען, נאָר אויך איינשטימיקייטן. מיר האָבןביידע גלייך ליב געהאַט די לידער פון דוד איינ־האָרן און פון לייב ניידוס. מיר האָבן נישט פאַרטראָגן ניטשען און אָטאָ ווייניגער. פּאָליטיש זענען מיר געווען אַנטיפּאָדן, ער אַן אולטראַ־רעכטער און איך אַן אויס־געשפּראָכענער לינקער, און זעלטן ווען איך אונדזערע פּריוואַטע געשפּרעכן באַרירט לויפנדיקע פּאָליטישע ענינים.

און איך האָב אים מקנא געווען און געווען אויף אים איפערזיכטיק.

די סיבה פון מיין קינאה און איפערזוכט איז נישט געווען, וואָס ער איז געווען דער שיינגייסט פון דער בונדישער באַוועגונג. איך בין געווען אין בונד אַ גרעסערער יחסן פון אים, און אין דער בונדישער היעראַרכיע געווען מיט צענדלינגער שטאַפּ־

לען העכער פון אים. די סיבה איז אויך נישט געווען זיין רעפּרעזענטאַטיווקייט. יוסף איז געווען אַ סך מער רעפּרעזענטאַטיוו ווי יחיאל ניימאַן. קיינער האָט אים נישט באַטראַכט פאַר קיין גרויסן בקי אין פּאָליטיק. וואָס שייך ווי אַ טוער אויפן געביט פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, האָב איך זיך געהאַלטן — און מ׳האָט מיך געהאַלטן — פאַר אַ בעסערן טוער פון אים. ער איז געווען, ווי מ׳רופט דאָס אין ענגליש: אַ דעסק־אָפיציר, איך — אַ שלאַכטמאַן, אַ ליניע־אָפיציר, אַ בעסערער אָרגאַניזאַטאָר און אַן אָנפירער פון שטרייקן.

די סיבה פון מיין קינאה און איפערזוכט איז געווען: זיין פעדער. מיט אַ קינאה־דיקער הנאה און מיט אַן איפערזיכטיקן פאַרגעניגן פלעג איך זיך צוקוקן צו זיין שרייבן און ווי אַזוי ער מאַכט אַ נומער „דער לעדער־אַרבעטער״, ווי שנעל און שיין ס׳קומען אַרויס ביי אים די בלעטלעך געשריבענע שריפט פון זיינס אַן אַרטיקל און ווי פאַכמעניש ער רעדאַגירט די צייטשריפט, ווי שיין און ציכטיק ס׳קומט אַרויס יעדער געדרוקטער נומער פונעם אָרגאַן פון די יידישע לעדער־אַרבעטער אין פּוילן.

יחיאל ניימאַן האָט געקענט מיין שוואַכע זייט ביים אָפּעררירן מיט דער פעדער — אַז איך יכול נישט, קען נישט שרייבן אין קיין שום שפּראַך, און ער האָט געפילט די אויבערהאַנט איבער מיר אויפן געביט פון פּשוטער בילדונג, אַז איך מוז זיך באַנוצן צו מיינע שריפטלעכע אויפגאַבעס מיט דער הילף פון אַן אַנדערן.

איין מאָל האָט יחיאל ניימאַן צו מיר אַ זאָג געטאָן: „דער חילוק צווישן מיר און דיר באַשטייט אין דעם, וואָס איך האָב נישט קיין אַספּיראַציעס צו דערגרייכן דעם שפּיץ פון מאַנבלאַן, און ווו איך זאָל נישט זיין, אויב כ׳וועל זיך אויסלערנען די אַרטיקע שפּראַך, וועל איך קענען פאַרנעמען אַן אָרט אין געזעלשאַפטלעכן לעבן און שפּילן די ראָלע פון אַ סעקרעטאַר. דו ווועסט אפשר אַ מאָל דערגרייכן די הויכ־קייטן פון עווערעסט, אָבער האָסט אַלע שאַנסן אַראָפּצופאַלן ביז צו די סאַמע טיפע־נישן, ווייל ס׳פעלט דיר די מעגלעכקייט צו אָפּעררירן מיט דער פעדער. ס׳פעלט דיר דאָס וויסן פון עלעמענטאַרער בילדונג״. ער האָט פאַרגעלייגט, אַז איך זאָל אָננעמען דעם פאָרשלאָג, וואָס וויקטאָר שולמאַן האָט געהאַט געמאַכט צו יוזעפן: די פּאַרטיי זאָל מיר געבן אַ יאָר באַצאָלטן אורלויב און באַזאָרגן די געהעריקע לערערס, וועלכע זאָלן מיך אויף אַ פּאָרסירטן אופן העלפן באַקומען אַ בילדונג־סטאַנדאַרט פון אַן עלעמענטאַרער שולע. בעת אונדזערס אַ צעווערטלען זיך האָב איך אים איין מאָל געזאָגט: „וואַרט, וואַרט, דו נאָך נישט געקרוינטער נאַרוויד פון דער יידישער ליטעראַטור, כ׳וועל דיך נאָך איבערשטייגן מיט טאַלאַנט ביים אָפּעררירן מיט דער פעדער״.

דער אַרויסטריט פון יחיאל ניימאַן אויף דער זיצונג פונעם צענטראַל־ביוראָ פון די פּראָפעסיאָנעלע בראַנזשע־פאַראיינען, אַז ער רייסט איבער מיט די רעכטע און שליסט זיך אָן אין דער גרופּירונג „אָנשלוס אָדער שפּאַלטונג״, איז פאַר מיר געווען נישט בלויז אַן איבעררראַשונג, נאָר ממש אַ סענסאַציע. כ׳האָב זיך געפרייט

מיט דעם אוצר, וואָס יחיאל ניימאַן ברענגט מיט זיך סיי ווי אַ יחיד און סיי מיט זיין אָרגאַניזירטן קאָלעקטיוו פון די יידישע לעדער־אַרבעטער אין פוילן, אָבער גלייכצייטיק האָב איך מורא געהאַט פאַר דעם, וואָס ער קען מיט זיך ברענגען. כ׳האָב נישט געצווייפלט אין זיין ערלעכקייט, דאָס איז געווען אויסער יעדער ספק, כ׳האָב מורא געהאַט פאַר זיין שוואַכן פּאָליטישן רוקנביין און זיין פּחד פאַר תּפיסה. און כ׳האָב זיך אין דעם נישט אָפּגענאַרט. יחיאל ניימאַן האָט געשפּילט אַ קאָלאָסאַלע ראָלע אין דער שפּאַלטונג פון בונד, דער לעדער־פאַראיין איז געוואָרן דער חוט־השדרה פון קאָמבונד, אָבער ביי דער ערשטער געפאַר בעת זיין טעטיקייט פון קאָמבונד אַרעסטירט צו ווערן, האָט ער, פרילינג 1922, אָן אַ „זייגעזונט״ געמאַכט פּליטה פון וואַרשע קיין בערלין.

ס׳זענען געלאָפן טעג נאָך טעג, אַן ערך דריי וואָכן זענען פאַרביי זינט אַלעק־סאַנדער און איך זענען צוריקגעקומען פון אונדזער ערשטן באַזוך פון מאָסקווע. די פּראָגנדע איז ממש געוואַקסן ווי אויף הייוון. די אָנפירונג פון דער וואַרשעווער לינקער פראַקציע איז שוין געווען באַהערשט פון אַ מערהייט פון פּראָגנדיסטן. אויך אין דער בונדישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „צוקונפט״ איז אַנטשטאַנען אַן אָפּאָזיציע און זי האָט זיך פאַרבונדן מיט דער גרופּירונג „אָנשלוס אָדער שפּאַלטונג״. כ׳האָב געהאַט אַלע סיבות צו זיין צופרידן פונעם צושטאַנד אין דער בונדישער אָרגאַני־זאַציע אין וואַרשע און צו זיין צופרידן אויך פון מיין פּערזענלעכער טעטיקייט אין דער פּראָגנדע און אין די טעטיקייטן פונעם מעטאַל־פאַראיין. מיין פּערזענלעכע לאַגע איז אָבער נישט געווען וואָס מקנא צו זיין. די אַטמאָספער אַרום מיר איז כסדר געוואָרן שטיקנדיקער. ס׳האָט זיך געפילט די האַנט פון אַ גוט אָרגאַניזירטער אַקציע קעגן מיר. מיין אויסזיכט איבערצונעמען די פּאַרטייישע אַמטן איז געווען ווייט פון רעאַליזאַציע. און הגם דער קאַמף פאַר מיין רעסטאַווראַציע איז אַריבער־געטראָגן געוואָרן אויף דער גאַס, און זי איז אָפן געפירט געוואָרן דורך אַ גרויסער צאָל פּאַרטיי־מיטגלידער, פונעם אַקטיוו אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און דורך מיטגלידער פון וואַרשעווער קאָמיטעט — איז דאָס נאָך ווייט געווען צו אַ דערפאָלג.

# אַ לעצט געזעגנ

וואַרשע, ערשטער מיי 1921.

טויזנטער און טויזנטער ייִדישע אַרבעטער שטראָמען צום פּלאַץ, ווו ס׳דאַרף פֿאָרקומען דער ערשטער מיי־מיטינג פֿון בונד.

דער פּלאַץ ווערט גערופֿן „פֿאַרן זאַקסישן גאָרטן" און האָט דעם אויסזען פֿון אַ ח. די אייבערשטע ליניע, די שמעלערע, איז דער פּלויט פֿון זאַקסישן גאָרטן — אַ פֿאַרקאָן פֿון אייזערנע שטאַכעטן, פֿאַרפּעסטיקטע אויף אַ הויכן, צעמענטענעם פֿאַסטאַמענט. אין מיטן פֿון פּלויט איז פֿאַראַן אַ הויכער און אַ ברייטער אייזערנער טויער — איינער פֿון די טויערן פֿון זאַקסישן גאָרטן. אין פֿרימאָרגן פֿונעם ערשטן מיי איז דאָס טויער פֿאַרמאַכט פֿאַר באַזוכערס.

די צוויי לענגערע פּאַראַלעלע ליניעס, פֿון רעכטס און לינקס, זענען צוויי שורות פֿון הויכע, געמויערטע הייזער, באַוווינטע בעיקר פֿון פֿאַרמעגלעכע ייִדישע משפּחות.

די עקן פֿון די ליניעס באַגעגענען זיך מיט קווערליניעס — פֿון רעכטס די זשאַביע־גאַס, וואָס ציט זיך ביז צו דער רימאַרסקע־גאַס, און פֿון לינקס די גראַניטשנע־גאַס, וואָס ציט זיך ביז צום פּלאַץ גזשיבאָווסקע, וועלכן ייִדן רופֿן: דער גזשיבאָוו.

דער פֿראָנט איז אָפֿן מיט אַן אויסבליק, וואָס נעמט אַרום דעם גאַנצן שטח „פֿאַרן אייזערן טויער" ביז צו דער ערשטער האַנדלס־האַליע.

די טריבונע פֿאַר די רעדנערס געפֿינט זיך אויף דער רעכטער זייט, האַרט לעבן דעם טראָטואַר און אין דער מיט פֿון גרויסן פֿאַרזאַמלונג־פּלאַץ. די הויך פֿון דער טריבונע איז ווי פֿון אַ פֿאַרטער און זיבן הויכן שטיגן פֿירן צו דער פּלאַטפֿאָרמע. די פּלאַטפֿאָרמע איז גרויס גענוג אַרייַנצונעמען עטלעכע מענטשן און באַקוועם אַפֿילו פֿאַר אַ רעדנער, וועמענס מאַניר פֿון רעדן ס׳איז אַרומצושפּאַצירן בעת מעשׂה, ווי, למשל, פֿון בייניש מיכאַלעוויטש. די פּלאַטפֿאָרמע איז אין דריי זייטן אַרומגענומען מיט אַ באַלוסטראַדע ווי אַ באַלקאָן, דער הינטערשטער טייל איז פֿריי. די טריבונע איז סאָליד געבויט, פֿון אַ גוטן מאַטעריאַל און דורך פֿאַכמעניש־חברישע הענט.

די גאַסן זשאַביע און גראַניטשנע און אויך דער פֿראָנט פֿון אייזערנעם טויער זענען אָפּגעשלאָסן פֿאַרן פֿאַרקער.

פֿון דער ייִדישער געגנט, פֿון די גאַסן נאַלעווקי, גענשע, זאַמענהאָף, קאַרמעליצקע, נאָוואָליפּקע, פּשעיאַזד, רימאַרסקע און אַנדערע, ווו עס קאָנצענטרירן זיך די אַרבעטער אויף די זאַמלפּלעצער פֿון זייערע פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראייִנען, קומט אָן צוג נאָך צוג, מיט הונדערטער און הונדערטער אַרבעטער, אין געשלאָסענע רייען, פֿאַרמירט לויט די סעקציע־אָפּטיילונגען, מיט דער פֿאַרוואַלטונג בראָש און אַרומגענומען מיט אַ שוץ פֿון חברים, מיטגלידער פֿונעם אייגענעם פֿאַראיין. זיי קומען

מיט רויטע פענער, טראַנספּאַראַנטן און פּלאַקאַטן, מיט לאָזונגען פון אַן אַלגעמיינעם און אַן אַקטועלן כאַראַקטער.

איינער נאָך דעם אַנדערן קומען אָן מיט זייערע אייגענע בלאָז־אָרקעסטערס, די בעקערס, דרוקערס, טרעגערס.

קאָלירפול איז דער צוג פון די הויז־אַנגעשטעלטע, פון די יידישע דינסטמיידלעך, אין זייערע בלויע פאַרטעכלעך און רויטע פאַטשיילקעס אויף די קעפּ, מיט לאָזונגען, פאַראַפראַזירטע פון מאָריס ווינטשעווסקיס „אַ בעזעם און אַ קער". אַ שטייגער: „מיר וועלן אויסראַמען דאָס שמוץ פון דער וועלט...

אימפּאָזאַנט איז דער צוג פון דער בונדישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „צוקונפט" מיט זייער צענטראַלער און וואַרשעווער אָנפירערשאַפט.

אָן אומרו רופט אַרויס דאָס פאַרשפּעטיקן זיך פון די צוגן פון די גרענעץ־געביטן פון וואַרשע: פּראַגע, אָכאָטע, פאָוואָנזעק, זיי קומען אָבער אָן בשלום.

יעדער צוג ווערט אויפן פאַרזאַמלונג־פּלאַץ אַריינגעפירט אויף זיין פון פאַרויס־באַשטימטן פּלאַץ דורך איינעם פון די געהילף־קאָמענדאַנטן, ווי ס'ווערט דורך אַ לאָצמאַן אַריינגעפירט אַ שיף אויף איר באַשטימטן פּלאַץ אינעם פּאָרט.

ביי די קליינע סקווערן פאַרן אייזערנעם טויער פאַרמירן זיך די צוויי גרופּעס פון דער אינטעליגענץ: די ערשטע גרופּע באַשטייט פון די מיטגלידער און סימ־פּאַטיקערס פון בונד, פון דער גראָסער־גרופּע פון דער סטאָוואַזשישעניע, דער געזעלשאַפט פון די ביורא־און־האַנדלס־אַנגעשטעלטע, בראָש מיטן מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד, מאיר (חיים) וואַסער.

אין דער צווייטער גרופּע זענען פאַראַן די לערערס, אַרום וועלכע עס זאַמלען זיך אויך אַנדערע יידישע אינטעליגענטן: דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, אינזשענירן, שרייבערס און קינסטלערס. אַן אויפמערקזאַמקייט ציט אויף זיך אַ פאַרמירטע גרופּע לערערינס פון די גמינע (קהילה)־שולן, ווו די אונטעררי‌כט־שפּראַך איז פּויליש, מיט אַ טראַנספּאַראַנט: „די יידישע שפּראַך — אין די שולן פאַר יידישע קינדער!"

די קאָמענדאַנטור ליגט אין די הענט פון מיושבדיקע און דערפאַרענע מענטשן: יוסף באַסאַק, מאַניעק (מאַוריצי) אָזשעך און מיכעלזאָן.

די צאָל אָנטיילנעמערס אין בונדישן ערשטן מיי־מיטינג אויפן פּלאַץ פאַרן זאַקסישן גאָרטן ווערט געשאַצט אין פופצן טויזנט מענטשן — דער גרעסטער מיטינג אין דער געשיכטע פון בונד אין וואַרשע.

אָבער אויך די שונאים האָבן זיך צוגעגרייט. דער זאַקסישער גאָרטן איז פול מיט רייטער־ און פוסגייער־פּאָליציי און מיט אַגענטן פון דער פּאָליטישער און קרימינעלער געהיים־פּאָליציי. די טויערן און די הייף פון די גאַסן זשאַביע און גראַניטשנע, און אויך די פאַרשיידענע בנינים אויפן שטח פאַרן אייזערנעם טויער זענען פול מיט פּאָליציי און געהיים־אַגענטן. רימאַרסקע, פּלאַץ גזשיבאָווסקע און דער פראָנט פון די האַליעס איז אָקופּירט פון עסקאַדראָנען רייטער־פּאָליציי. פון

זייטיקע געסלעך לויפן אַרויס, ווי פאַרסמטע מייז, די סטודענטישע כוליגאַנעס, באַוואָפנטע מיט שטעקנס, אייזנס, אייזערנע הענטשקעס און ענלעכע כוליגאַנישע שלאָג־מכשירים.

דער פאַרזאַמלטער יידישער אַרבעטער־עולם איז באַוווסטזיניק וועגן דער מעגלעכקייט פון אַ פּאָליציייִש־כוליגאַנישן איבערפאַל. ער פאַרהאַלט זיך אָבער מיט אַ זעלטענער רויִקייט און מיט אַ וווּנדערלעכער זעלבסט־דיסציפּלין.

אויפן טראָטואַר פאַר דער טריבונע זענען פאַרזאַמלט די פיר רעדנערס, וואָס דאַרפן אַרויסטרעטן אויפן מיטינג לויט דער ריי: הערשל מעטאַלאָוויעץ, הענריק ערליך, ביניש מיכאַלעוויטש און עמנואל נאָוואָגרודסקי. די אינסטרוקציעס פאַרן פאַרזיצער פון מיטינג, יוסף באַסאַק, איז אַ קלאָרע און אַ שטרענגע: ער האָט דאָס רעכט צו בייטן די ריי פון ערליך און מיכאַלעוויטש, אָבער נישט פונעם ערשטן און לעצטן רעדנער.

יוסף באַסאַק און איך גייען אַרויף אויף דער טריבונע. די אָרקעסטערס שפּילן אויף דעם „אינטערנאַציאָנאַל“ און דער עולם זינגט. טויזנטער שטימען פאַרוואַנדלען זיך אין איין מעכטיק געזאַנג: „דאָס וועט זיין שוין דער לעצטער און אַנטשיידענער שטרייט“.

יוסף באַסאַק עפנט דעם מיטינג אין נאָמען פון וואַרשעווער פאַרטיי־קאָמיטעט פון בונד, אין נאָמען פון צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד אין פוילן און אין נאָמען פון צענטראַל־ביוראָ פון די פּראָפעסיאָנעלע בראַנזשע־פאַראיינען. ער מאַכט פריי פאַר מיר דעם רעדנער־פּלאַץ.

מיין בליק נעמט אַרום די טויזנטער פאַרזאַמלטע יידישע אַרבעטער. אַ וואַלד מיט מענטשלעכע קעפּ, פענער, טראַנספּאַראַנטן און פלאַקאַטן, אַ פּראַכטפולע פּאַנאָראַמע. דאָס האַרץ טיאַקעט פון פרייד און ס'דונערט פון מיר אַרויס די לאָזונג „זאָל לעבן דער ערשטער מיי!“ דער ענטפער פון די טויזנטער פאַרזאַמלטע עכאָט ווייט און ברייט מיט אַ מעכטיקן: „זאָל לעבן דער ערשטער מיי!“ פון אַ ווייטערער ריי. ווו ס'איז פאַרזאַמלט דער פאַראיין פון האָלץ־גאַלאַנטעריע־אַרבעטער דערהערט זיך אַ הויכער אויסרוף: „זאָל לעבן דער בונד!“ די פאַרזאַמלטע כאַפּן אונטער די לאָזונג מיט אַ הילכיקן: „זאָל לעבן דער בונד!“

כ'בין יונג, קעמפעריש, רעוואָלוציאָנער. מיין שטימע איז אַ הויכע, אַ קרעפטיקע, אָן דעם שעטנז פון היסטעריע אָדער געשריי, און זי דערגרייכט — אָן דער מינדעסטער טעכנאָלאָגישער הילף — צו די ווייטסטע רייען פון דעם פאַרזאַמלטן ריזיקן עולם. איך רעד:

פאַר אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, אָן עקספּלואַטאַציע פון מענטש קעגן מענטש, אָן אונטערדריקונג פון פאָלק קעגן פאָלק; פאַר אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַרישער סאָלידאַריטעט, פאַר אַ פאַראייניקונג פון פרייע פעלקער, צווישן וועל־

כע דאָס ייִדישע פֿאָלק וועט פֿאַרנעמען זײַן אָרט ווי אַ גלײַכער מיט גלײַכע; פֿאַר סאָלידאַריטעט פֿונעם אַרבעטער־פֿאָלק פֿון שטאָט און דאָרף פֿון די אַלע פֿעלקער, וואָס באַוווינען דעם שטח פֿון פּוילן: פּאָליאַקן, אוקראַיִנער, ווײַסרוסן, דײַטשן, ליטווינער און ייִדן.

מײַן רעדע ווערט כּסדר איבערגעריסן מיט שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן, מיט הילכיקע „נידערס" און „זאָל לעבנס", אָבער איך האָב נישט באַוויזן צו פֿאַרענדיקן מײַן פֿופֿצן־מינוטיקע רעדע. דאָס טויער פֿון זאַקסישן גאָרטן האָט זיך אַ צעפּראַל געטאָן, און פֿון אַלע זײַטן האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאָנצענטרירטער און אַ קאָמבינירטער אַטאַק פֿון רײַטער־ און פֿוס־פּאָליציי, געהיים־אַגענטן און סטודענטישער כוליגאַנעריע. איך שטיי אויף דער טריבונע, און איך זע, ווי די פֿאַרזאַמלטע מאַסע ווערט צעשניטן אין שטיקער און צעגראַמירט.

אָנטקעגן מיר זיצט אַ פּאָליציאַנט אויף זײַן פֿערד, ער שפּיזט אָן אויף מיר זײַנע רוצחישע שליפּיעס און גרייט זיך צו אַטאַקירן. יוסף באַסאַק גיט מיר אַן אימפּעטדיקן ריס אַוועק פֿון מײַן רעדנערפּלאַץ, וואַרפֿט מיך אַראָפּ דורך דער הינטערשטער אָפֿענער פּלאַטפֿאָרמע און איך פֿאַל אויף די הענט פֿון חברים. אַ מינוט שפּעטער איז די טריבונע שוין צעלייגט פֿון די פֿעסטע קלעפּ פֿון די פּאָליציייִש־פֿערדישע קאָפּיטעס.

אַזוי אַרום בין איך געווען דער איינציקער רעדנער אויף דעם ריזיקן ערשטער־מײַ־מיטינג פֿון בונד אין וואַרשע אין יאָר 1921. מיט אַלע מײַנע חושים האָב איך געפֿילט, אַז כ'האָב מײַן אויפֿגאַבע בשלימות דערפֿילט, אַז כ'בין געווען אַ ווערדיקער שליח־ציבור פֿון די טויזנטער פֿאַרזאַמלטע ייִדישע אַרבעטער אין וואַרשע און פֿון דעם ייִדישן אַרבעטער־קלאַס פֿון פּוילן: פֿון זײַן רעוואָלוציאָנערן קאַמפּסווילן און פֿון זײַנע נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס, פֿון זײַנע שטרעבונגען, פֿאַרלאַנגען, האָפֿענונגען און טרוימען.

און גערעדט האָב איך אויף דער ריזיקער פֿאַרזאַמלונג אַ הונגעריקער: אַ הונגעריקער, אין בוכשטעבלעכן זין פֿון וואָרט, אַ פֿאַרהונגערטער זיבעט טעג און וואָכן. אין עטלעכע שעה שפּעטער האָט מען מיך געפֿונען אויף דער קאַרמעליצקע־גאַס אַ באַוווסטלאָזן, אַ פֿאַרחלשטן פֿון הונגער.

אומגלויבלעך, אָבער אַ פֿאַקט.

וועגן מײַנע פֿינאַנציעלע צרות און מײַן סיסטעמאַטישן הונגער־צושטאַנד האָב איך קיינעם נישט דערציילט, אַפֿילו נישט קיין איינעם פֿון מײַנע אינטימסטע חברים און פֿרײַנד. כ'גלייב, אַז צוויי סיבות האָבן באַווירקט מײַן שווײַגן: די מידה וואָס כ'האָב געירשנט פֿון מײַן מאַמען נישט צו אַנטפּלעקן פֿאַר אַ פֿרעמד אויג דעם מאַטעריעלן דלות, און דאָס האַלטן פֿאַר נידעריקער פֿון מײַן כּבֿוד צו דעמאָנסטרירן מײַן הונגער־צושטאַנד ווי אַן אַרגומענט קעגן די רכילותן, וואָס ס'זענען נישט

צופעליק פאַרשפּרייט געוואָרן אין געוויסע בונדישע פּאַרטיי־קרייזן, אַז אַלעקסאַנדער און איך זענען פון מאָסקווע געקומען אָנגעלאָדענע מיט גאָלד און דאָלאַרן.

דער פאַרלויף פון ערשטן מיי פון יאָר 1921 האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם אין די רייען פון בונד און אויף אַלע שטופעס פון דער בונדישער באַוועגונג אין וואַרשע. ס'זענען דיסקוטירט און שאַרף קריטיקירט געוואָרן אַלע אַספּעקטן פון דעם ערשטן מיי 1921: דער פּאָליציייִש־כוליגאַנישער פּאָגראָם, די קאָמענדאַנטור, דער אינהאַלט פון מיין רעדע און דאָס געפינען מיך אויפן גאַס אַ באַוווסטלאָזן פון הונגער. דאָס לעצטע האָט אַרויסגערופן אַ מאָראַלישן שאָק אין די רייען פון בונדישן פּאַרטיי־ און פּראָפעסיאָנעלן אַקטיוו און אַן אויפרודער צווישן דער מיטגלידערשאַפט אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען.

די גרעסטע מעלה פון דער מיי־דיסקוסיע איז געווען דאָס, וואָס זי האָט אָנגע־הויבן שאַרף צו דיפערענצירן די אינערלעכע מיינונג־פאַרשידנקייטן לגבי דעם קאַרדינאַלן פּראָבלעם: אָנשלוס און שפּאַלטונג. ס'איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן, אַז קיין מערהייט אויף אַ פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר וועלן די אָנהענגערס פאַר אָננעמען די 21 אַריינטריט־באַדינגונגען פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל נישט דער־גרייכן; אַז פריִער צי שפּעטער וועט קומען צו אַ פוזיע צווישן די כּל־המינים רעכטע און אַ טייל פון דער לינקער פראַקציע; אַז אַ שפּאַלטונג אין בונד פון פּוילן איז אומפאַרמיידלעך.

כ'האָב מער נישט געהונגערט. הגם ביז נאָך שבועות האָב איך נאָך אַלץ נישט פאַרנומען קיין פּאַרטיי־ אָדער פאַראיין־פּאָסטן, האָבן מיך חברים און חברטעס געהאַלטן אונטער אָבסערוואַציע און געזאָרגט, אַז עס זאָל מיר גאָרנישט פעלן. וווּנ־דערלעך איז געווען די זאָרג פון חברים, סיי לינקע, סיי רעכטע. אָן מיין וויסן, מחמת כ'בין נאָך אַלץ נישט געווען צוריקגעשטעלט ווי אַ פונקציאָנאַר פון צענטראַל־קאָמיטעט און כ'האָב אָפּגעזאָגט זיך צו נעמען אַ פּרוטה געהאַלט, האָט יוזעף, דער פאָרזיצער פון צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד און דער אַדמיניסטראַטיווער באַלעבאָס פון בונד, צוגעשיקט מיין מוטער אַ טייל פון מיינע נאָמינעלע חודש־שׂכירות, וואָס ער פלעגט איר געבן אין דער צייט ווען כ'בין געווען אַ פונקציאָנאַר און זיך געפונען מחוץ פון וואַרשע.

הגם כ'האָב זינט דעם ערשטן מיי 1921 ביז דער שפּאַלטונג פון בונד האַרבסט 1921 נאָך געטאָן וויכטיקע אַרבעט לטובת דעם בונד, האָב איך באַטראַכט מיין אַרויסטריט אויף דעם ריזיקן ערשטער־מיי־מיטינג פון בונד אין 1921 אין וואַרשע, ווי מיין לעצט געזאָנג אין בונד און פאַרן בונד.

# אינהאַלט

## ערשטער טייל / דייטשישע אָקופּאַציע



## צווייטער טייל / אין דייטשלאַנד

## דריטער טייל / צוריק אין וואַרשע



## פערטער טייל / אונטער פּוילישער הערשאַפט



## פינפטער טייל / אין סאָוועטן־פאַרבאַנד

*

דערמיט ווערט פֿאַרענדיקט דער צווייטער באַנד אַ **וועג אין לעבן** (פֿראַגמענטן פֿון אַן אויטאָביאָגראַפֿיע).

אינעם עזבון פֿון הערשל מעטאַלאָוויעץ זענען נאָך געבליבן זכרונות, וואָס שילדערן דעם מחברס לעבן און טעטיקייט אין די שפּעטערדיקע יאָרן, צווישן אַנדערן בעת דער שפּאַלטונג אין בונד, און דערנאָך — זיין טעטיקייט אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פֿון פּוילן (ק.פּ.פּ.) ביז זיין אַרויסטרעטן פֿון איר.

מיר האָפֿן, אַז אין דער נאָענטער צייט וועט אַרויס אַ ווייטערדיקער באַנד פֿון דער אויטאָביאָגראַפֿיע.